## פון זעלבן מחבר:

**האַטואיי (פּאָעמע)**
136 זייטן
אַרויסגעגעבן פון דער
אידישער קולטור־געזעלשאַפט, האַוואַנער צווייג
האַוואַנאַ, קובאַ, 1931.

**דער גאָלדענער פּאָנטאַן (מעשה׳לעך אין פערזן)**
116 זייטן
פאַרלאַג „האַוואַנער לעבן״
האַוואַנאַ, קובאַ, 1934

**האַטואיי (פּאָעמע) אין שפּאַניש**
96 זייטן
האַוואַנאַ, קובאַ, 1935.

**אידיש אין אַמעריקע מוז גיין באַרג אַרויף**
48 זייטן
א. וו. בידערמאַן פאַרלאַג
פילאַדעלפיע־ניו־יאָרק, 1941

**לידער פון אַ שיפבויער**
114 זייטן
פילאַדעלפיע, 1944.

**אידיש אין אַמעריקע אין ליכט פון מדינת ישראל**
61 זייטן
ניו־יאָרק, 1948

# אידישקייט אין אמעריקע

אַ וועגווייזער צו דעם גייסטיקן אידישן לעבן
אין אַמעריקע אין דער צווייטער העלפט
פון 20טן יאָרהונדערט

פון

אשר פען

בוך איינס

אַרויסגעגעבן פון
ביבליאָטעק — „אידישקייט אין אַמעריקע"
ניו־יאָרק 1958

געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק
פון מיינע ליבע עלטערן

## ר׳ שלום ב״ר משה ז״ל

(הייסין, פּאָדאָליע, 1879 — פילאַדעלפיע, 1956)

## ומרת שיינדל בת ר׳ שמשון ז״ל

(דאַשעוו, קיעוו, 1882 — אַטלאַנטיק סיטי, 1954)

כבד את אביך ואת אמך
(שמות כ׳, י״ב)

# אינהאַלט

## (בוך איינס)


א ר י י נ פ י ר ........ 1


## ערשטער טייל

### וואוהין גייט דאָס אַמעריקאַנער אידנטום ?


קאַפּיטל 1 ........ 31
אידישקייט אין אַמעריקע גייט אונטער און — לעבט אויף; צוויי דערקלערונגען פון דר. לואיס (אליעזר ארי') פינקעלשטיין אין פינף יאָר צייט.

קאַפּיטל 2 ........ 45
דר. שמואל בעלקין: אַ נייער פעריאָד האָט זיך אָנגעהויבן אין אידישן לעבן פון אַמעריקע.

קאַפּיטל 3 ........ 54
דר. נעלסאָן גליק: מיר מוזן פאַנגען די הערצער פון אונזערע קינדער מיט אַמעריקאַנער אידישקייט.

קאַפּיטל 4 ........ 64
ליובאַוויטשער רבי: מיסיע פון אַמעריקאַנער אידנטום איז צו פאַרשטאַרקן אידישקייט אומעטום, אויך אין מדינת ישראל.

קאַפּיטל 5 ........ 74
דר. מרדכי מ. קאַפּלאַן און זיין פּראָגראַם פון פיר פּונקטן פאַר די אַמעריקאַנער אידן.

קאַפּיטל 6 ........ 81
ש. ניגער און זיין גלויבן אין דער צוקונפט פון אידישן לעבן.

קאַפּיטל 7 ........ 89
הרב דר. יוסף דוב סאָלאָווייטשיק: שטאַרקע תורה־יוגנט קען דערציוגן ווערן אין אַמעריקע.

קאַפּיטל 8 ........ 96
הרב דר. שאול ליבערמאַן: יונגער אַמעריקאַנער געבוירענער איד איז אַ וואונדערבאַרער עלעמענט.

קאַפּיטל 9 ........ 104
ראַבאַי מאָרים נ. אייזנדראַט: יוגנט אין רעפאָרם־רייען שטרעבט צו אַ טיפערן אידישן לעבן.

קאַפּיטל 10 ........ 111
דר. משה דייוויס: נייע עפּאָכע צו שעפּן ווידער פון די אַלטע אידישע קוואַלן האָט זיך אָנגעהויבן.

קאַפּיטל 11............................................................................... 119
דער רוף פון הרב דר. לעאָ (אלי') יאָנג צו ראַטעווען אידישע קינדער פון „קיינעמס לאַנד".

קאַפּיטל 12............................................................................... 126
דר. סיימאָן (שלמה) גרינבערג: דער נייער דור טאָר נישט אַנטוישט ווערן אין צוריקקום צו אַלטע אידישע קוואַלן.

קאַפּיטל 13............................................................................... 134
בערנאַרד זעמעל: קאָ־עקזיסטענץ פון די פאַרשידענע אידישע גרופּן אין אַמעריקע איז נויטיק.

קאַפּיטל 14............................................................................... 141
דר. סאלא (שלום) וו. באַראָן: דאָס דערציען אַ קינד אין אידישן גייסט איז שטענדיק געווען די גרעסטע מצוה ביי אידן.

קאַפּיטל 15............................................................................... 152
דר. ש. מאַרגאָשעס' פּאָראויסזעאונג פון „אַמעריקאַנער אידישן יאָרהונדערט".

## צווייטער טייל

### אידישע דערציאונג אויפן סדר היום

קאַפּיטל 16............................................................................... 167
אידן אין אַמעריקע שטרעבן צו פולער אידישקייט אין צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט.

קאַפּיטל 17............................................................................... 174
די אידישע אַמעריקאַנער־געבוירענע עלטערן לעבן איבער אַ שווערן גייסטיקן קריזיס.

קאַפּיטל 18............................................................................... 178
אידן אין אַמעריקע האָבן אויסגעגעבן איבער פופציק מיליאָן דאָלער אַ יאָר אויף אידישער דערציאונג.

קאַפּיטל 19............................................................................... 186
מערסטע אידישע לערער אין אַמעריקע זיינען שוין אַמעריקאַנער געבוירענע.

קאַפּיטל 20............................................................................... 203
דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט פון ניו־יאָרק, זיין געשיכטע און זיינע אויפטוען.

קאַפּיטל 21............................................................................... 222
די אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פאַר אידישער דערציאונג און איר טעטיקייט איבערן גאַנצן לאַנד.

קאַפּיטל 22............................................................................... 239
איבער אַכציק פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע לערנען אין אידישע שולן, צייגט נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג.

קאַפּיטל 23............................................................................... 251
ניו־יאָרקער אויספאָרשונג באַשטעטיקט: פון 80 ביז 85 פּראָצענט אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג.

## דריטער טייל

### שול־באַוועגונגען און שולן מכל המינים

קאַפּיטל 24 ........................................ 285
חדרים און תלמוד תורה'ס אין אַמעריקע, וואו צענדליקער טויזנ־טער קינדער האָבן געלערנט אידישקייט.

קאַפּיטל 25 ........................................ 297
תורה ומסורה האָט געהאָלפן שאַפן 56 ישיבות אין פאַרשידענע שטעט פון אַמעריקע אין ערשטע צען יאָר פון איר עקזיסטענץ.

קאַפּיטל 26 ........................................ 307
מזרחי־דערציאונג קאָמיטעט העלפט גרינדן ישיבות אין די „פאַר־וואָרפנסטע" קהילות.

קאַפּיטל 27 ........................................ 313
קאָנסערוואַטיווע אידן נעמען־אָן מיטלען צו שטאַרקן אידישע דערציאונג פון זייערע קינדער.

קאַפּיטל 28 ........................................ 325
רעפאָרם־אידן האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו אַ בעסערער אידישער דערציאונג.

קאַפּיטל 29 ........................................ 336
רעקאָנסטרוקציע־באַוועגונג זוכט איבערצובויען אידיש לעבן דורך אָרגאַניזירטע אידישע קהילות.

קאַפּיטל 30 ........................................ 349
די פאָלק־שולן און פולע טאָג־שולן פון דער ציוניסטישער אַרבע־טער־באַוועגונג אין אַמעריקע און קאַנאַדע.

קאַפּיטל 31 ........................................ 364
די שולן פון אַרבעטער־רינג דערנענטערן זיך אַלץ מער צו די אַלטע אידישע קוואַלן.

קאַפּיטל 32 ........................................ 376
די שלום עליכם שולן — דער וועג פון עקסטרעם אידיש־וועלטלע־כער קולטור צוריק צו טראַדיציע און ... בית־מדרש.

קאַפּיטל 33 ........................................ 389
פּראָגרעסיווע אידישע שולן (געוועזענע אָרדן־שולן) דערנענטערן זיך אויך צו טראַדיציאָנעלער אידישקייט.

קאַפּיטל 34 ........................................ 401
„אַמעריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם" גרינדעט אייגענע קינ־דער־שולן.

קאַפּיטל 35 ........................................ 413
אידן אין אַמעריקע — פּיאָנערן אויפן געביט פון „ברענגען ליכט" צו בלינדע מענער, פרויען און קינדער.

קאַפּיטל 36 ........................................ 426
אַמעריקאַנער אידן האָבן אויפגעבויט די בעסטע שול אין דער וועלט פאַר טויב־שטומע קינדער.

קאַפּיטל 37 ........................................ 437
צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער פון די פּאָבליק־סקולס קריגן אידיש וויסן דורך „רעליגיעזער שעה".

## פערטער טייל

### פון קינדערגאָרטן ביז אוניווערזיטעט

קאַפּיטל 38 ........ 449
איבער 200 אידישע קינדערגאָרטנס אין ניו־יאָרק און אומגעגנט.
קאַפּיטל 39 ........ 456
געזאַנג און דראַמע האָבן אָנגעהויבן שפּילן וויכטיקע ראָל אין אידישן שול־וועזן.
קאַפּיטל 40 ........ 464
אידישע טענץ געלערנט אין 200 אידישע שולן און אין פּאָבליק־סקולס פון ניו־יאָרק.
קאַפּיטל 41 ........ 473
די בית־יעקב שולן און אַנדערע אידישע טאָג־שולן, וואו עס לערנען בלויז מיידלעך.
קאַפּיטל 42 ........ 481
אידישע האַי־סקול דערציאונג: פאַרשידענע מתיבתא׳ס, מיטל־שולן, מרשליה און אַנדערע שולן.
קאַפּיטל 43 ........ 490
הרצליה — העברעאישע הויכשול, וואָס גרייט צו לערער פאַר הונדערטער העברעאישע שולן.
קאַפּיטל 44 ........ 497
פון אַלע עקן וועלט קומען אידישע קינדער לערנען תורה אין תורה ודעת.
קאַפּיטל 45 ........ 507
אידישער לערער־סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט — העכס־טער וועלטלעכער לער־אַנשטאַלט אין אידיש.
קאַפּיטל 46 ........ 518
העברעאיש און אידישע געשיכטע געלערנט אין מיטל־שולן און קאַלעדזשעס פון ניו־יאָרק און איבערן לאַנד.
קאַפּיטל 47 ........ 529
די מערסטע לערער פון העברעאיש אין אַמעריקאַנער קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן זיינען קריסטן.
קאַפּיטל 48 ........ 539
אידיש און אידישע ליטעראַטור אַלס לימוד אין אַ צאָל העכערע לער־אַנשטאַלטן.
קאַפּיטל 49 ........ 549
די הסתדרות עברית, די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון דער העב־רעאישער קולטור.
קאַפּיטל 50 ........ 557
איוואָ אין ניו־יאָרק — וועלט־צענטער צו זאַמלען מאַטעריאַלן פון אַלע אידישע ישובים.
קאַפּיטל 51 ........ 570
אידישער קולטור־קאָנגרעס איז געוואָרן צענטער פון שעפערישן לעבן אויף אידיש.

קאַפּיטל 52 ........ 582
די צוויי קולטור־אַפּטיילונגען פון דער אידישער אַגענטור אין אַמעריקע.

## פינפטער טייל

### חסידים און ישיבות אין ניו־יאָרק

קאַפּיטל 53 ........ 603
אַמעריקע איז געוואָרן צענטער פון חסידישער אידישקייט אין דער גאַנצער וועלט.

קאַפּיטל 54 ........ 613
דער סאַטמאַרער רבי און די גרויסע אידישע קהילה, וואָס ער האָט אויפגעבויט אין וויליאַמסבורג, ברוקלין.

קאַפּיטל 55 ........ 623
דער קלויזנבורגער רבי און זיין פאַרצווייגטע טעטיקייט אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל.

קאַפּיטל 56 ........ 635
די ליובאַוויטשער זיינען געקומען קיין ניו־יאָרק און האָבן אויס־געשפּרייט זייער טעטיקייט איבער דער גאַנצער וועלט.

קאַפּיטל 57 ........ 648
סאָוועטיש־געבוירענע ליובאַוויטשער ישיבה־בחורים זעצן־פאָר קאַמף פאַר חסידישער אידישקייט אין ניו־יאָרק.

קאַפּיטל 58 ........ 654
ישיבה אין וויליאַמסבורג אויפן נאָמען פון די ספרים פון אַ באַרימטן רב.

קאַפּיטל 59 ........ 662
דער באָבאָווער רבי און די קהילה, וואָס ער האָט אויפגעבויט אין קראַון הייטס, ברוקלין.

קאַפּיטל 60 ........ 672
אַ באַזוך אין דער נייטרער ישיבה, אויף דעם מיליאָנערסקן גוט אין מאַונט קיסקאָ, נ. י.

קאַפּיטל 61 ........ 683
דער בית־מדרש גבוה — די קלעצקער ישיבה — איבערגעפלאַנצט אויף אַמעריקאַנער ערד.

קאַפּיטל 62 ........ 692
מירער ישיבה, געגרינדעט אין 1817 אין מיר, פּוילן, האָט איינ־געאָרדנט איר נייע היים אין ניו־יאָרק.

ביבליאָגראַפיע ........ 705

זוכצעטל פון נעמען און ענינים ........ 717

אַריינפיר (אין ענגליש) ........ vii

אינהאַלט פאַרצייכעניש (אין ענגליש) ........ xxvii

# אינהאַלט
## (בוך צוויי)

### זעקסטער טייל

**ספּרדישע, אַראַבישע און נעגערישע אידן**


קאַפּיטל 63.........................................................................................
ספּרדישע אידן אין אַמעריקע. — אידן פון טערקיי, גריכנלאַנד, יוגאָסלאַוויע, רומעניע, קליין־אַזיע. — אידישע דערציאונג און די זאָרג פאַר דער צוקונפט.

קאַפּיטל 64.........................................................................................
אידן פון סיריע, זייער גרויסע קהילה און מאָדערנער צענטער אין ברוקלין. — זייער אשכנזישער, אַמעריקאַנער־געבוירענער רב. — די גרויסע טאָג־שול, וואָס זיי האָבן אויפגעבויט.

קאַפּיטל 65.........................................................................................
די ערשטע קהילה פון די תימנער אידן אין אַמעריקע. — אידן פון לבנון און אַנדערע אַראַבישע לענדער. — פּראָבלעמען פון זייער יוגנט.

קאַפּיטל 66.........................................................................................
נעגערישע אידן אין ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט. — אידן, וואָס שטאַמען פון שקלאַפן אויף אידישע פּלאַנטאַציעס אין דזשאַמײַקאַ און אַנדערע אינזלען אין די וועסט אינדיעס. —שוהלען פון די נעגערישע אידן אין האַרלעם, ברוקלין און בראָנקס. — קינדער־דערציאונג ביי די נעגערישע אידן.


### זיבעטער טייל

**זומער־קעמפּס און זייער דערציאונגס־טעטיקייט**


קאַפּיטל 67.........................................................................................
איבער טויזנט זומער־קעמפּס פון פאַרשידענע מינים פאַר אידישע קינדער. — זומער־וואַקאַציעס אויסגענוצט צו פאַרשטאַרקן אידישע דערציאונג. — צוריק צו טראַדיציע און מער אידישן אינהאַלט.

קאַפּיטל 68.........................................................................................
די זומער־קעמפּס פון דער אידישער צדקה־פעדעראַציע. — דער עלטסטער אידישער קעמפּ אין אַמעריקע, געגרינדעט אין 1902. — די „עדיוקיישאָנאַל אַליענס" און די „וואַי" אויף דער 92טער גאַס.

קאַפּיטל 69........................................................................................
די סעדזשווין־קעמפּס, געגרינדעט פון צענטראַלן אידישן אינסטי־טוט. — בר־מצוה־פייערונגען אויפן שויס פון דער נאַטור. — פּיאָנערן פון אידישער דערציאונג.
קאַפּיטל 70........................................................................................
זומער־קעמפּס, וואו אידיש איז אַ וויכטיקער טייל פון דער פּראָג־ראַם. — די קינדער־קעמפּס פון ארבעטער־רינג, אידיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד און שלום עליכם פאָלקס־אינסטיטוט. — די בענקשאַפט נאָך אַ אידיש־רעדנדיקער אַטמאָספערע.
קאַפּיטל 71........................................................................................
די „מסד"־קעמפּס און זייער נאַטירלעכע העברעאיש־רעדנדיקע סביבה. — דער „מכון עברי", וואָס גרייט צו יונגע טוער און פירער פון דער העברעאישער באַוועגונג אין אַמעריקע.
קאַפּיטל 72........................................................................................
די „רמה"־קעמפּס פון דער קאָנסערוואַטיווער אידישער באַוועג־גונג, וואו „אַלע" לערנען עטלעכע שעה אַ טאָג. — פּלאַן צו גרינדן צענדליקער „רמה"־קעמפּס אין אַמעריקע און קאַנאַדע.
קאַפּיטל 73........................................................................................
אָרטאָדאָקסישע קינדער־קעמפּס. — קעמפּס פון אגודת ישראל און פון דער מזרחי־באַוועגונג. — זומער־פּלעצער פאַר קינדער פון די אָרטאָדאָקסישע ישיבות. — חסידישע קינדער־קעמפּס.
קאַפּיטל 74........................................................................................
איבער 400 (פיר הונדערט) דעי־קעמפּס. טאָג־קעמפּס ביי ישיבות קטנות. — די הילף, וואָס די אַמעריקאַנער רעגירונג גיט צו די דאָזיקע קעמפּס. — אייגענע פעלדער און וועלדער.

# די דריי העכסטע לער־אַנשטאַלטן פון אידישקייט אין אַמעריקע

## אַכטער טייל

### ישיבה־אוניווערזיטעט און זיינע פאַרשידענע שולן

קאַפּיטל 75........................................................................................
ישיבת רבינו יצחק אלחנן. — אין 10 יאָר צייט האָבן געקראָגן סמיכה פונקט אַזויפיל יונגעלייט, ווי אין די פריערדיקע 50 יאָר. — סמיכה און אַ קאָלעדזש־דיפּלאָמע אין דער זעלבער צייט.
קאַפּיטל 76........................................................................................
דער ישיבה־קאָלעדזש, וואו עס לערנען אידישע סטודענטן פון 15 לענדער. — ישיבה־בחורים, וואָס גרייטן זיך צו ווערן דאָקטוי־רים, דענטיסטן, פיזיקער, לאָיערס א. א. וו.
קאַפּיטל 77........................................................................................
לערער־אינסטיטוט, ערשטער לער־אַנשטאַלט פאַר מאָדערנע אָרטאָ־דאָקסישע דערציער. — צאָל קאַנדידאַטן אויף רעליגיעזע לערער פאַרגרעסערט אויף 100 פּראָצענט.

קאַפּיטל 78...........................................................................
דער שטערן־קאַלעדזש פאַר פּרויען, ערשטער קאַלעדזש פון דעם דאַזיקן מין אין דער גאַנצער אידישער געשיכטע. — קאַלעדזש־מיידלעך מיט תורה־קענטניש. — אינסטיטוט פאַר לערערינס.

קאַפּיטל 79...........................................................................
דער מעדיצין־קאַלעדזש אויפן נאָמען פון דר. אַלבערט איינשטיין. — ישיבה־אוניווערזיטעט באַנייט טראַדיציע פון רמב"ם צו דער־ציען בני תורה און מעדיקער אין דער זעלבער צייט.

קאַפּיטל 80...........................................................................
די „גראַדואירונגס־דיוויזיע" פון ישיבה־אוניווערזיטעט: דריי שולן פון העכערן וויסן. — די בערנאַרד רעוועל און הערי פישעל־שולן.

קאַפּיטל 81...........................................................................
דער מאַטעמאַטישער אינסטיטוט און זיינע גרויסע אויפטוען, וואָס זיינען באַוואוסט איבער דער גאַנצער וועלט. — „סקריפּטאַ מאַטע־מאַטיקאַ".

קאַפּיטל 82...........................................................................
גראַדואיר־שולע, וואָס גרייט־צו לערער פון וועלטלעכע לימודים פאַר ישיבות. — שול געגרינדעט מיט ספּעציעלן פאָנד פון האַלבן מיליאָן דאָלאַר פון דער פאָרד־פונדאַציע.

קאַפּיטל 83...........................................................................
דער חזנים־אינסטיטוט, וואָס גרייט־צו אָרטאָדאָקסישע חזנים מיט טראַדיציאָנעלן אידישן נוסח.

קאַפּיטל 84...........................................................................
די אָפּטיילונג צו באַדינען אידישע געמיינדעס. — שול פאַר סאָציאַלע טוער. — די פּסיכאָלאָגישע קליניק, וואָס פאָרשט פּראָבלעמען פון קינדער אין ישיבה'ס.

קאַפּיטל 85...........................................................................
די האַי־סקולס פאַר אינגלעך. — קורסן, וואו מ'קאָנצענטרירט זיך מערסטנס אויף גמרא.

קאַפּיטל 86...........................................................................
די האַי־סקול פאַר מיידלעך. — מיטלשול אין ברוקלין פאַר מייד־לעך, וואָס גראַדואירן פון ישיבות קטנות.

## ניינטער טייל

### דער אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר אין אַמעריקע

קאַפּיטל 87...........................................................................
אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר — נאַציאָנאַלער צענטער פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט. — די צוויי ספרדישע רבנים, וואָס האָבן אין 1887 געגרינדעט דעם סעמינאַר, כדי צו ראַטעווען אָר־טאָדאָקסישע אידישקייט אין אַמעריקע.

קאַפּיטל 88....................................................................................
דער בית מדרש לרבנים. — מער יונגעלייט פון מיטלקלאַס לער־
נען זיך צו זיין ראַבאַיס. — צוגרייטונגס־קורסן פאַר קאַלעדזש־
סטודענטן, וואָס ווילן לערנען אידישקייט.

קאַפּיטל 89....................................................................................
לערער־אינסטיטוט און קאַלעדזש פון אידישן וויסן. — אָפּמאַך
מיט קאָלאָמביע־אוניווערזיטעט וועגן צוגרייטונג פון העברעאישע
לערער.

קאַפּיטל 90....................................................................................
צוויי שולן, וואו יונגטלעכע און דערוואַקסענע לערנען תורה
לשמה. — „סעמינאַרי־סקול אָוו דזשואיש סטאָדים" און דער
פרויען־אינסטיטוט.

קאַפּיטל 91....................................................................................
סעמינאַר זוכט אידעאַליסטישע יונגעלייט פאַר חזנים און לערער
פון רעליגיעזער און פאָלקס־מוזיק. — אַ קאַלעדזש פון אידישער
מוזיק.

קאַפּיטל 92....................................................................................
דער אינסטיטוט פאַר רעליגיעזע און סאָציאַלע שטודיעס. קאָנ־
פערענץ פאַר מאָראַלע סטאַנדאַרטן. — סעמינאַר זוכט צו באַקע־
נען ברייטע עפנטלעכקייט מיט אייביקע אידישע ווערטן.

קאַפּיטל 93....................................................................................
די ראַבינישע אַסעמבלי — דער פאַרבאַנד פון קאָנסערוואַטיווע
ראַבאַיס פון אַמעריקע און קאַנאַדע. — די שטאַרקע דיסציפּלין,
וואָס הערשט אין די רייען פון קאָנסערוואַטיוון ראַבינאַט.

קאַפּיטל 94....................................................................................
יונייטעד סינאַגאָג — די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון קאָנסער־
וואַטיווע סינאַגאָגן. — אַפיליאירטע אָרגאַניזאַציעס צו פאַר־
שטאַרקן אידישקייט.

קאַפּיטל 95....................................................................................
ביבליאָטעק פון סעמינאַר, גרעסטער אוצר פון אידישע ספרים
און כתב־יד'ן אין דער גאַנצער וועלט. — אַרכיוו גראַטעוועט
פון נאַצישן חורבן.

קאַפּיטל 96....................................................................................
די „נר תמיד" פּראָגראַם, וואָס ווערט באַצייכנט דורך עקספּערטן
אַלס די בעסטע רעליגיעזע ראַדיאָ־פּראָגראַם אין אַמעריקע. — די
טעלעוויזיע־אויפפירונגען.

קאַפּיטל 97....................................................................................
דער אידישער מוזיי אין ניו־יאָרק, וואו עס געפינען זיך גרויסע
קאָלעקציעס פון רעליגיעזע אידישע חפצים.

קאַפּיטל 98....................................................................................
דער אידישער אוניווערזיטעט — אָפּטיילונג פון סעמינאַר אין
קאַליפאָרניע. — קורסן פאַר לערער.

## צענטער טייל

### היברו יוניאָן קאַלעדזש — אידישער רעליגיעזער אינסטיטוט — פּאַראַייניקטע הויכשול פון רעפאָרם־אידנטום אין אַמעריקע


קאַפּיטל 99 ............
פּראָגראַם פון די רעפאָרם־אידן און די ענדערונגען, וואָס זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין רעליגיעזן לעבן פון זייערע קאָנגרעגאַציעס. — רעפאָרם־אידן דערנענטערן זיך צו אַלטע אידישע קוואַלן.

קאַפּיטל 100 ............
צוויי הויכשולן פאַר רעפאָרם־ראַבינער: איינע אין סינסינעטי, די צווייטע — אין ניו־יאָרק. — רעפאָרם־אידן זיינען געווען די ערשטע צו גרינדן רעליגיעזע אידישע הויכשול אין אַמעריקע.

קאַפּיטל 101 ............
רעפאָרם־אידן האָבן געשאַפן ערשטע שול פאַר חזנים אין אַמע־ריקע, וואו מ׳לערנט נוסחאות פון אָרטאָדאָקסן, קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרם. — פאַרלאַג פון חזנישע ווערק.

קאַפּיטל 102 ............
די לערער־קורסן פאַר די רעפאָרם־קאָנגרעגאַציע־קינדער־שולן. — העכערע פאָדערונגען צו די לערער פון רעפאָרם־אידישקייט.

קאַפּיטל 103 ............
„הויז פון לעבעדיקער אידישקייט" — ערשטע ספּעציעלע רעלי־גיעזע אָפּיס־געביידע ביי אַמעריקאַנער אידן.

קאַפּיטל 104 ............
די קאָמיסיע פאַר אידישער דערציאונג ביי די רעפאָרם־אידן. — דער פאַרלאַג פאַר אידישע קינדער־ביכער.

קאַפּיטל 105 ............
די אָונט־קורסן פאַר קריסטלעכע מענער און פרויען, וואָס ווילן זיך מגייר זיין. — ערשטע שול פון דעם דאָזיקן מין אין אידישער געשיכטע.

קאַפּיטל 106 ............
דער אַרכיוו פון היסטאָרישע מאַטעריאַלן און דאָקומענטן פון אי־דישן לעבן אין אַמעריקע ביים היברו אינסטיטוט אין סינסי־נעטי. — קאָלעקציע פון ביכער אויף אידיש. — מיקראָפילמען פון אידישער פּרעסע אויף אידיש, העברעאיש און ענגליש.


## עלפטער טייל

### אידישע יוגנט־באַוועגונגען


קאַפּיטל 107 ............
די יאָנג מען׳ס און יאָנג וווימען׳ס היברו אַסאָסיאיישאָן. — די אידישע קאָמיוניטי־צענטערס. — איבער 12 מיליאָן אידן באַזוכן צענטער־אונטערנעמונגען אין איין יאָר צייט. — פערציק מיליאָן דאָלאַר אין 5 יאָר צייט אויף נייע צענטער־געביידעס.

קאַפּיטל 108 ........................................................................

די בני ברית אָרגאַניזאַציע. — בני ברית, גרעסטער פראַטערנאַלער אָרדן, געגרינדעט אין 1843. — אידישקייט פלוס אַמעריקאַנישקייט.

קאַפּיטל 109 ........................................................................

די נאַציאָנאַלע אידישע יוגנט־קאָנפערענץ. — 300 אידישע יוגנט־גרופן, וואָס שטרעבן צו אָרגאַניזירן אַ אידיש קהילה־לעבן. — די אַרבעט פון דער דזשואיש וועלפעיר־באָארד צווישן דער אידישער יוגנט. — אויפן וועג צו אַן אָרגאַניזירטער אידישער קהילה.

קאַפּיטל 110 ........................................................................

אידישע באָי־סקאַוטס און גוירל־סקאַוטס. — זייער געשיכטע און זייער טעטיקייט. — איבער 120 טויזנט אידישע קינדער אין דער סקאַוט־באַוועגונג אין אַמעריקע.

קאַפּיטל 111 ........................................................................

יאָנג דזשודעאַ, וואָס איז פאַרטראַכט געוואָרן פון דר. י. ל. מאַגנעס אין 1908. — זייער הויפּט־געבאָט — „סוירוויס" — דינען דעם אידישן פאָלק.

קאַפּיטל 112 ........................................................................

די בני ברית הלל פאַונדיישאָן, וואָס וועקט אינטערעס צו אידישקייט ביי צענדליקער טויזנטער סטודענטן אין קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן. — אַלאַרם פון קריסטלעכן ביבל־פּראָפעסאָר האָט געפירט צו גרינדונג פון ריזיקער אידישער יוגנט־באַוועגונג.

קאַפּיטל 113 ........................................................................

די ציוניסטישע פאַראייניקונג פון קאָלעדזש און אוניווערזיטעט־סטודענטן. — די „מנורה"־באַוועגונג, „התקוה"־געזעלשאַפט און די „אבוקה". — די יוגנט־קאָמיסיע ביי דער ציון־אָרגאַניזאַציע.

קאַפּיטל 114 ........................................................................

דזשוניאָר (יוגנט) הדסה — גרעסטע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. — וויכטיקע הילפס־פּראָיעקטן אין ישראל. — באַוואוסטזיניקייט פאַרן אידישן לעבן דאָ אין לאַנד. — די פלוגת עליה. — הנוער הציוני.

קאַפּיטל 115 ........................................................................

די הבונים, די יוגנט פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. — יונגע פּיאָנערן אין אויפבוי פון ישראל און אידיש לעבן אין אַמעריקע. — הכשרה־פּונקטן.

קאַפּיטל 116 ........................................................................

יאָנג איזראַעל — צעירי ישראל — אַמעריקאַנער געבוירענע אָרטאָדאָקסישע יוגנט. — שמירת שבת, מקוה'ס און לערנען תורה. — איבער 500 קינדער־קלובן, וואו „אַרטס ענד קרעפטס" באַשטייט פון מאַכן ציצית, מזוזה־שיידלעך, סדר־קערות.

קאַפּיטל 117 ........................................................................

די צעירי אגודת ישראל, רעליגיעזע אידישע יוגנט, ביי וועמען אידיש איז די הויפּט־שפּראַך. — זיי קענען אידיש, ווייל זיי לערנען תורה אין גייסט פון דער „אַלטער היים".

קאַפּיטל 118 ......................................................................................
די השומר הצעיר באַוועגונג און איר חלוצים־פּראָגראַם. — די חלוצישע פאַרם אין ניו־דזשוירזי. — דער זומער־קעמפּ.

קאַפּיטל 119 ......................................................................................
ביתר — רעוויזיאָניסטישע יוגנט־באַוועגונג, וועלכע האָט קאָמ־בינירט חלוציזם מיט מיליטערישער צוגרייטונג. — די זשאַבאָ־טינסקי אַוויאַציע־שולע, וואָס האָט עקזיסטירט אין די ראַקאָוועים.

קאַפּיטל 120 ......................................................................................
„יונייטעד סינאַגאָג יוטה", „יאַנג פּיפּלס ליג", „על־טי־עף", די יוגנט־צווייגן פון דער קאָנסערוואַטיווער אידישער באַוועגונג. — די „זאָרג פאַר אידישע קינדער פון דריי ביז דרייסיק".

קאַפּיטל 121 ......................................................................................
„ניפטי" — יוגנט־אָרגאַניזאַציע פון רעפאָרם־טעמפּלען, וואָס גיט זיך אָפּ מיט טאָן מצוה'ס אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן. — מצוה־„אקאונט־בוקס" און מצוה־קאָנטעסטן. — זומער־קעמפּס און רייזעס קיין ישראל.

קאַפּיטל 122 ......................................................................................
די בני עקיבא און מזרחי הצעיר — די יוגנט פון דער מזרחי־הפּועל המזרחי באַוועגונג. — פאַרם אין ניו־דזשוירזי, וואָס איז אַ טייל פון „היברו טעאָלאָדזשיקאַל קאַלעדזש" (בית מדרש לתורה) פון שיקאַגאָ. — הכשרה איז טייל פון אַגריקולטור־דע־פּאַרטמענט פון ראַטגערס אוניווערזיטעט.

קאַפּיטל 123 ......................................................................................
די אַמעריקאַנער געבוירענע יוגנט פון אַרבעטער־רינג. — איבער הונדערט צווייגן פון ענגליש־רעדנדיקע „אַדאָפּטירן" אידישע קינ־דער־שולן. — ווילן מער אידישן אינהאַלט אין „סאָציאַליסטישן" פראַטערנאַלן פאָלקס־אָרדן.

קאַפּיטל 124 ......................................................................................
די ענגליש־רעדנדיקע יוגנט פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד. — ענגליש־רעדנדיקע צווייגן פאַרגרעסערט. — אַמע־ריקאַנער געבוירענע יוגנט זוכט אידישן אינהאַלט ביים פאַרבאַנד.

## צוועלפטער טייל

### רעליגיעזער גייסט ווערט פאַרשטאַרקט

קאַפּיטל 125 ......................................................................................
די פאַרשטאַרקטע באַוועגונג פון אידישער דערציאונג פאַר דער־וואַקסענע. — אַ „מורה נבוכים" קליניק. — אַ מנין אויף אַן עראָפּלאַן. — דערוואַקסענע אַמעריקאַנער געבוירענע אידן בענ־קען נאָך טראַדיציאָנעל אידיש וויסן.

קאַפּיטל 126 ..........
רבנישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע. — ראַבאַים און רבנים אַלס פירער פון אַמעריקאַנער אידנטום. — רבנישע קאַוואַלקאַדן. — רייזנדע רבנים, וואָס באַדינען קליינע און פאַרוואָרפענע אידישע געמיינדעס. — די שווערע און קאָמפּליצירטע אויפגאַבן פון אַ רב אין אַמעריקע.

קאַפּיטל 127 ..........
פאַרשידענע „אידישע פּראָפעסיעס". — קרוב צו פופציק טויזנט אידן אין אַמעריקע באַשעפטיקט ביי אידישקייט מכל המינים. — ראַבאַים, לערער, סאָשל־וואָירקערס, דירעקטאָרן, צענטער־באַאַמטע און זייערע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט.

קאַפּיטל 128 ..........
די פאַרצווייגטע פאַרלאַג־טעטיקייט פון רעליגיעזע ספרים, וואָס האָט אויפגעבליט אין אַמעריקע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. — די אינדוסטריע פון שפּילצייג און קאַרדס מיט אַ רעליגיעזן אינהאַלט. — פּרעפאַבריצירטע סוכות און פּרעפאַבריצירטע סינאַגאָגן.

קאַפּיטל 129 ..........
ווי אַזוי די אידישע פּרעסע אויף אידיש שפּיגלט אָפּ דעם צוריקקער צו טראַדיציע און אידישן לעבן אין אַמעריקע. — שרייבער וואָס האָבן געפּרעדיקט אַ גאַנץ לעבן „וועלטלעכקייט", דערזעען ווידער די שיינקייט פון דער אַלטער אייביקער אידישקייט. — אידישע פּרעסע אויף אידיש — דער באַראָמעטער פון דער צייט. — די דעבאַטעס, וואָס ווערן געפירט.

קאַפּיטל 130 ..........
וויכטיקע פאַקטן פון דער אידישער געשיכטע. — אַמעריקאַנער אידישקייט געפּאָרט מיט רעליגיע און ישראל'דיקע אידישקייט געפּאָרט מיט וועלטלעכקייט. — נייע דערשיינונגען אין אידישן לעבן. — די גרויסע ראָל פון אַמעריקאַנער אידנטום אין דעם גייסטיקן לעבן פון אידישן פאָלק. — סך־הכל.

# אַרײַנפיר

„אידישקייט אין אַמעריקע״ — אַ בוך וועגן די ענדע־רונגען אין אַמעריקאַנער אידישן לעבן. — אידישקייט האַלט אויס אַ נייעם עקזאַמען. — אמת׳ן וועגן גייס־טיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע, וואָס מוזן ברייט באַוואוסט ווערן. — פּערזענלעכע דערפאַרונגען, וואָס זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר מאַסן יונגע אידישע פאַמיליעס. — דער שטראָם צו די פאָרשטעט. — דער אהבת ישראל צוגאַנג צו די פאַרשידענע רעליגיעזע און קולטור באַוועגונגען אין אידישן לעבן פון אַמעריקע. — דער צוועק פון בוך.

„אידישקייט אין אַמעריקע״ איז אַ בוך וועגן דעם גייסטיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

„אידישקייט אין אַמעריקע״ איז אַ בוך, וואָס זוכט גאַנץ באַזונדערס צו באַשרייבן די דרייסיגיעריגע אַרבעט און טעטיקייטן צווישן דער יוגנט פון די פאַרשידענע רעליגיעזע און וועלטלעכע אידישע קולטור באַוועגונגען אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע.

„אידישקייט אין אַמעריקע״ איז ניט קיין בוך פון פאַרצווייפלונג און פון טרערן. עס איז אַ בוך פון האָפנונג און מוט; אַ בוך, וואָס זוכט צו באַווייזן, אַז דער גרויסער אידישער ישוב אין די פאַראייניקטע שטאַטן האַלט אויס דעם עקזאַמען פון בויען אַ רייך אידיש לעבן אין דער גרויסער דעמאָקראַטיע, וואָס די פרייע אַמעריקאַנער רעפּובליק שטעלט מיט זיך פאָר.

ניט דורך פאַרשידענע אויסגעטראַכטע טעאָריעס, ראיות און סברות זוכט דאָס דאָזיקע בוך צו באַווייזן, אַז די אַמעריקאַנער אידן האָבן אָנגע־הויבן צו דערוואַכן און בויען דעם מעכטיקן צענטער פון אידישקייט, וואָס דער דאָזיקער ישוב שטעלט מיט זיך פאָר, נאָר דורך פאַקטן און בילדער,

דורך געגוי באַשרייבן די פאַרשידענע גרויסע אידישע לער־אַנשטאַלטן אין אַמעריקע; די פאַרשידענע שול באַוועגונגען; די צאָלרייכע נאַציאָנאַלע און צענטראַלע קערפּערשאַפטן צו פאַרשפּרייטן אידיש וויסן; די פאַרשידענע אידישע יוגנט באַוועגונגען און בכלל די רייכע צאָל גרופּן און גרופּירונגען.

אין משך פון פינף, זעקס יאָר צייט, האָט דער שרייבער פון דעם דאָזיקן בוך זיך אָפּגעגעבן מיט באַזוכן די פאַרשידענע אידישע רעליגיעזע און קולטור אינסטיטוציעס אין ניו יאָרק, וואו עס געפינט זיך די גרעסטע לאָקאַלע אידישע געמיינדע אין אונזער גאַנצער געשיכטע. מיר האָבן באַזוכט די צענטראַלע אָפיסעס פון די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע באַוועגונגען. מיר האָבן געהאַט געשפּרעכן מיט הונדערטער פירער, טוער, לערער, כל׳ערליי עקספּערטן אויפן געביט פון אידישער דערציאונג, רעליגיעזער טעטיקייט און יוגנט באַוועגונגען דאָ אין לאַנד. און וואָס מיר האָבן אויסגעפונען איז דאָס פאָלגנדע: מען דאַרף ניט רעדן, אַז עס וועט ערשט זיין אין דער צוקונפט אַ רייך גייסטיק אידיש לעבן אין אַמעריקע; אַ רייך, גייסטיק אידיש לעבן אין אַמעריקע איז שוין דאָ!

אין אַמעריקע האָבן זיך אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געפונען אַרום דריי טויזנט אידישע שולן פאַר אידישע קינדער, שולן מכל המינים, צווישן זיי נאָענט צו צוויי הונדערט פולע טאָג־שולן, וואָס דאָס מיינט ישיבות קטנות. אין אַמעריקע געפינען זיך די גרעסטע שולן פאַר רבנים און ראַבאַיס, אידישע אוניווערזיטעטן, טעאָלאָגישע סעמינאַרן און קאָלעדזשעס. די גרעסטע אידישע ביבליאָטעקן אין דער גאַנצער געשיכטע פון אידישע פאָלק געפינען זיך אין אַמעריקע. זינט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן אין אַמעריקע זיך געפונען די גרעסטע אידישע געלערנטע און תורה־אויטאָריטעטן. פיל אָנערקענטע אידישע געלערנטע און וויכטיקע רעליגיעזע אידישע פירער זיינען שוין אַמעריקאַנער געבוירענע.

עס איז דאָ אַ פול־רייכע אידישקייט אין אַמעריקע! אָבער אין משך פון צענדליקער יאָרן האָט מען די אַמעריקאַנער אידישקייט געהאַלטן אין איין באַוויינען און אין איין באַקלאָגן. מען האָט אַזוי שטאַרק געוויינט און געקלאָגט, אַז מען האָט אפילו געמאַכט אַ געפערלעכן טעות אין חשבון. מען האָט פאַרשפּרייט די פאַלשע סטאַטיסטיקעס, אַז בלויז 25 אָדער בלויז דרייסיק פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע קריגן וועלכע עס איז אידישע דערציאונג. דאָס הייסט, אַז 70 אָדער 75 פּראָצענט אידישע קינדער בלייבן אָן קיין שום אידישער דערציאונג: זיי וויסן, הייסט עס, אפילו נישט קיין צורת אות! אָבער דאָס איז דאָך ניט אמת. וואָס די פאַרשידענע אויספאָר־

שונגען האָבן געוואָלט זאָגן איז, אַז בלויז אין איין צייט, אין איין געוויסן יאָר, זיינען אַזויפיל און אַזויפיל אידישע קינדער געגאַנגען אין אַן עלעמענטאַרער אידישער שול. דער אמת׳ער אמת אָבער איז, אַז איבער אַכציק און נאָענט צו ניינציק פּראָצענט פון אַלע אידישע קינדער אין אַמעריקע האָבן געקראָגן וועלכע עס איז אידישע דערציאונג אין זייערע עלעמענטאַרע שול־יאָרן. (געניו וועגן דעם דאָזיקן עניך, זע קאַפּיטל וועגן דעם ספּעציעלן שטודיום פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק. דער שרייבער פון „אידישקייט אין אַמעריקע" איז געווען אַ פּערמאַנענטער מיטגליד פון דער דריי יאָריקער אויספאָרשונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון דעם אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט אונטער דער אויפזיכט פון דר. עזריאל טשיפּקין, ע״ה. אַ פּאָטאָסטאַט פון דר. טשיפּקינס באַריכט וועגן דעם, אַז נאָענט צו ניינציק פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע קריגן אַ אידישע דערציאונג ווערט געבראַכט אין יענעם קאַפּיטל. זע אויך קאַפּיטל וועגן נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג איבערן גאַנצן לאַנד, אָנגעפירט פון דר. אָסקאַר יאַנאָווסקי און אוריה צבי ענגעלמאַן, וועלכע ווייזן, אַז קרוב צו 90 פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע קריגן אַ אידישע דערציאונג).

אָבער אין משך פון יאָרן און יאָרן האָט מען געהאַלטן אין איין באַקלאָגן דאָס אַמעריקאַנער אידנטום. אָנשטאָט אַ פּאָזיטיוון צוגאַנג האָט אַלעמאָל געהערשט דער נעגאַטיווער צוגאַנג. סיי דאָ אין אַמעריקע, ביי אונז גופא, סיי אין אויסלאַנד, האָט מען אויף אַ דירעקטן און אומדירעקטן שטייגער ווי איינגעוואָרצלט און פאַרשפּרייט דעם פאַלשן באַגריף, אַז מיט גייסטיקייט האָט דער אַמעריקאַנער איד גאָרנישט ניט צו טאָן, נאָר אַז דער אַמעריקאַנער איד איז גוט בלויז פאַר ביזנעס, פאַר שאַפן געלט, פאַר קאַמפּעינס. כאָטש שאַפן געלט, אָנפירן גרויסע רעטונגס־אַקציעס, אויסשטרעקן אַ ברייטע דערלעכע האַנט און געבן הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן איז אַן־און־פאַר־זיך אַ גרויסע מענטשלעכע מדרגה און אַ סימן פון אַ גאָר הויכער מענטשלעכער קולטור. ווייל די מידה פון „געבן" — איז איינע פון די גאָר פיינסטע שטריכן. דאָך אָבער זיינען וועגן קיין שום גרויסער אידישער געמיינדע ניט פאַרשפּרייט געוואָרן אַזויפיל פאַלשע מיינונגען און באַגריפן, ווי וועגן דעם גרויסן אידישן ישוב אין אַמעריקע. באַזונדערס איז עס אמת, וואָס עס איז שייך וועגן די אויפטוען אויף דעם גייסטיקן געביט. און די דאָזיקע מיס־אינפאָרמאַציע איז גילטיק נישט בלויז פאַר אויסלאַנד, נאָר אויך דאָ, אין אַמעריקע גופא.

דער פעסימיזם איז אָפּט געווען אַ רעזולטאַט דערפון, וואָס די מערסטע מענטשן האָבן אַ שוואַכקייט צו גלאָריפיצירן, צו לויבן ביזן הימל, דעם אַמאָל, די פאַרגאַנגענהייט, די „אַלטע היים״, און קריטיקירן ביטער ביז גאָר דעם היינט, דאָס נייע לאַנד, די נייע אומשטענדן...

עס איז טאַקע אמת, אַז די דערציאונגס אַרבעט צווישן די אידן אין אַמעריקע האָט אָנגעטראָפן אויף פיל גרויסע שוועריקייטן. אָבער מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַז אידישע דערציאונג, אידישקייט אין אַלגעמיין, איז אַלע־מאָל געווען פאַרבונדן מיט שוועריקייטן. דערצו דאַרף מען געדענקען, אַז אידישע דערציאונג אין אַמעריקע איז מערסטנס געווען אַ צוגאָב דערציאונג, ווייל אין אַמעריקע האָבן אידן ענדלעך געקראָגן אַ געלעגנהייט צו שיקן זייערע קינדער אין די זעלבע שולן ווי די רעשט פון דער באַפעלקערונג, צו קריגן אַן אַלגעמיינע וועלטלעכע בילדונג. די אידישע מינדערהייט האָט, נאָך צענדליקער יאָרהונדערטער ליידן אין די פאַרשידענע געטאָס פון אייראָפּע, אַזיע און אַפריקע, ענדלעך אין דער פרייער אַמעריקע, געקראָגן די געלעגנהייט צו געניסן די זעלבע רעכט ווי די מאַיאָריטעט; און די שאַרפע אידישע קעפּ האָבן אָנגעהויבן גאַנץ שנעל זיך אויסצוצייכענען אין די גרויסע אַמעריקאַנער קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן. און נאָך אַ פאַקט מוז מען געדענקען! אין דער פרייער אַמעריקע האָבן אידן צום ערשטן מאָל אין זייער גרויסער געשיכטע געקראָגן אַ געלעגנהייט צו לעבן פריי און אויב איר ווילט האָבן אידן — צום ערשטן מאָל אין זייער געשיכטע — אָנגעטראָפן אויף אַ לאַנד, וואו, אויב זיי וואָלטן עס נאָר געוואָלט, וואָלטן זיי זיך לייכט געקענט אויסמישן מיט דער גרויסער מערהייט און, חלילה, פאַרלוירן גיין! און דאָ דאַרף מען אפילו ניט אויפגעבן די אייגענע רעליגיע אפילו. מען קען זיך אויסמישן און „דהאָט׳ס אָלל״! פאַרטיק! אָבער ניין! די אידן אין אַמעריקע האָבן אויסגעהאַלטן דעם דאָזיקן עקזאַמען! און דאָס איז אפשר צום ערשטן מאָל, וואָס מיר האַלטן אויס אַזאַ פּראָבע! עס איז צום ערשטן מאָל, וואָס דאָס אידישע פאָלק האַלט אויס אַזאַ נסיון! און אין דעם דאָזיקן הינזיכט קען זיך דער אַמעריקאַנער איד מער באַרימען אפילו קעגן דעם אידן פון אַמאָליקן רוסלאַנד אָדער פּוילן אָדער אַן אַנדער לאַנד, וואו אַזוי שנעל ווי אַ יונגער אידישער בחור אָדער אידיש מיידל האָבן זיך אויס־געלערנט גוט רעדן רוסיש אָדער פּויליש, האָבן זיי שוין אָנגעהויבן צו קוקן ווי פון אויבן אַראָפּ אויף די אַנדערע אידן פון דער געמיינדע און אָפּט אָנגעהויבן צו פלירטעווען מיט דער צווייטער זייט... עס איז אַ פאַקט, אַז גראַדע וואָס מער איינגעוואָרצלט דער אידישער ישוב אין אַמעריקע ווערט,

און וואָס גרעסער דער פּראָצענט פון אַמעריקאַנער געבוירענע אידן ווערט אין לאַנד (אַרום אַכציק פּראָצענט), אַלץ מער ווערט פאַרשטאַרקט דער דראַנג צו דער היסטאָריש־טראַדיציאָנעלער אידענטיפיצירונג.

אָט דער דאָזיקער דראַנג האָט אָנגעהויבן צו קריגן אויסדרוק אין די פילע נייע אידישע געמיינדעס, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן אַרום די גרויסע אידישע צענטערן, ווי ניו יאָרק, פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, דיטראָיט, באָסטאָן, קליוולאַנד און אַנדערע שטעט. אין די נייע פאָרשטעטלעך, די אַזוי גערופענע „סאָבוירבס״, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַזעצן צענדליקער און הונדערטער טויזנטער יונגע אידישע פּאָרלעך, וועלכע האָבן זיך אָנגעהויבן צו גרופּירן אַרום די ניי אויפגעבויטע סינאַגאָגן און צענטערס. דאָס אידישע לעבן אין די דאָזיקע געמיינדעס פאָרמירט זיך אין אַ סך פּרטים ענלעך צו דעם אַמאָליקן קליינעם אידישן שטעטל פון יענער זייט ים. יעדע פאַמיליע „מוז באַלאַנגען״ און זיך אָנשליסן אין דעם כלל. כמעט די פולע הונדערט פּראָצענט פון די אידישע קינדער „מוזן״ גיין אין דער אידישער שולע. (די קינדער שול, מערסטענס ביי דער קאָנגרעגאַציע, איז אַ נאָכמיטאָג שול, דריי אָדער פיר מאָל אַ וואָך.) די מערסטע איינוואוינער, די מערסטע פּאָרלעך, זיינען אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן צוגעצויגן געוואָרן צו די אַקטיוויטעטן פון צענטער פון דער געגנט.

דאָס אידישע לעבן אין די אַלץ וואַקסנדע פאָרשטעט, וואו עס האָט זיך אָנגעהויבן צו באַפעסטיקן אַ נייער טיפּ אַמעריקאַנער אידישקייט, האָט זיך אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען פונקט אַרום דער צייט, ווען דאָס אַלט־איינגעפונדעוועטע אידישע לעבן אויף אידיש האָט אָנגעהויבן היפּש אָפּגעשוואַכט צו ווערן און עס האָט אָנגעהויבן אַרונטערצוגיין פון דער בינע יענער גרויסער דור פּיאָנערן, וואָס האָט געהאָלפן שאַפן דאָס קאָלירפול און קרעפטיק אידיש לעבן אין אַמעריקע.

די עפּאָכע פון גרויסן איינפלוס פון דעם אָנקומען אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון די געדיכטע אידישע מאַסן פון מזרח אייראָפּע אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָר פון 19טן יאָרהונדערט און אין אָנהייב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט געפירט דערצו, אַז אין אַמעריקע זאָל אויפקומען אַ ביז גאָר קאָלירפולער און ביז גאָר פאַרשידנאַרטיקער אידישער ישוב. אַ דאַנק דעם אָנקום פון דעם אידיש רעדנדיקן, מזרח אייראָפּעאישן אידנטום, זיינען אין אַמעריקע אויפגעבויט געוואָרן די גרעסטע אידישע לעראַנשטאַלטן, די גרעסטע אידישע הילפס איטסטיטוציעס, די וויכטיקסטע קולטור באַוועגונגען. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ גרויסע פּרעסע אויף אידיש.

אַ גרויסע ליטעראַטור אויף אידיש. אַ טעאַטער, וואָס האָט געהאַט גרויס אָנזען. דער פעריאָד פון אידישער שעפערישקייט אויף אידיש אין אַמעריקע קען פאַררעכנט ווערן אַלס איינער פון די ליכטיקסטע פעריאָדן פון גייסטיקער דערגרייכונג אין דער מאָדערנער אידישער געשיכטע.

דאָס לעבן אין אַמעריקע גייט אָבער אַזוי, אַז די לאַנד־שפּראַך באַהערשט פריער אָדער שפּעטער אַלע איינוואוינער. אידן אין אַמעריקע זיינען גלייכע שותפים צו אַלץ און צו אַלעמען צוגלייך מיט אַלע אַנדערע בירגער אין לאַנד. טראָץ דעם אָבער האָבן אידן, לענגער ווי וועלכע־עס־איז אַנדער נאַציאָנאַליטעט, באַוויזן זיך אָנצוהאַלטן אין דער שפּראַך און קולטור, וואָס זיי האָבן געבראַכט פון יענער זייט ים און באַוויזן צו שאַפן גרעסערע און דויערנדע ווערטן אויף זייער שפּראַך, ווי וועלכעס איז אַנדער פאָלק. זינט אָבער די אידישע מאַסן־אימיגראַציע איז אָפּגעשטעלט געוואָרן ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט די ווירקונגס־ספערע פון דער אידישער קולטור אויף אידיש אָנגעהויבן פאַרקלענערט צו ווערן און מיט דער צייט איז די אידישע מערהייט געוואָרן אַן אַמעריקאַנער געבוירענע און דאָס מיינט שוין במילא אויך, אַזאַ, וואָס רעדט און וואָס לעבט זיך אויס אין דער ענגלישער שפּראַך.

דאָס אידישע לעבן גייט אָבער אין שייכות צו די פאַרשידענע פעריאָדן אין דער אידישער געשיכטע אַזוי ווי די כוואַליעס אין ים. איין פעריאָד וואַקסט אַרויס פון צווייטן, און זיי גיסן זיך אויך אַלע צוזאַמען. און אַזוי כסדר!

די פאַרשידענע עפּאָכעס פון דער אידישער געשיכטע קענען אויך פאַרגליכן ווערן צו די רינגען פון אַ קייט. עס איז אַלץ געקניפּט און געבונדן! און יעדע כוואַליע, יעדער רינג, האָט געהאַט אַ סיבה פאַרן געבוירן ווערן. און גאָרנישט ווערט פאַרלוירן אין דער גייסטיקער געשיכטע פון אידישן פאָלק, אויב נאָר עס האָט אַ געוויסע ווערט, אַ געוויסן איינפלוס און ווירקונג. אַזוי אַרום וויסן מיר לויט דער דערפאַרונג פון איבער צוויי טויזנט יאָר פון אונזערע וואַנדערונגען צווישן די פאַרשידענע פעלקער און קולטורן פון דער וועלט, אַז אויך דער פעריאָד פון אידישער שעפערישקייט אויף אידיש וועט בלייבן ווי אַ רינג אין דער קייט אין דער אייביקייט פון אידישער שעפערישקייט, פון אידישער גייסטיקייט. (זע קאַפּיטל וועגן שמואל ניגער, ע״ה, בוך איינס). דערפאַר זאָגן מיר, אַז אידיש, אידישע שפּראַך, אידישע קולטור אויף אידיש, גייט נישט אונטער און וועט קיינמאָל נישט אונטערגיין! וואָס עס געשעט יאָ אין אידישן לעבן אין אַמעריקע, איז אַ

ווידערהאָלונג פון דעם אייביקן פּראָצעס פון אַ נייער כוואַליע, פון אַ נייעם רינג אין דער קייט פון אידישער אייביקייט! די ווירקונג פון די אויפטועון פון היסטאָרישן פּעריאָד אויף אידיש וועט זיכער לאָזן אַן אייביקן שטעמפּל אויף דעם גאַנג פון אַמעריקאַנער אידישן ישוב.

ווען איין כח הויבט אָבער אָן צו פאַרשווינדן, מוז לויט דעם געזעץ פון דער נאַטור, אַ צווייטער כח פאַרנעמען זיין פּלאַץ. די נאַטור, דער גאַנג פון דער געשיכטע, ווייסן מיר, וויל נישט און קען נישט דולדן קיין וואַקום, קיין ליידיקייט. און אַזוי זעען מיר, ווי ביי דער אָפּשוואַכונג פון גרויסן כח פון אידיש אין אַמעריקע, וואָס איז פאַר יעדן אידיש רעדנדיקן מענטשן געווען ווי אַ לעבנס נוסח, אַ פּולער אידישער סטיל, הויבט אָן אויפצוקומען אַ נייער כח, וואָס דריקט זיך אויס אין דער אידענטיפיצירונג מיט דעם אידישן צענטער, מיט דער סינאַגאָגע, וואו די אויסגעשפּראָכענע רעליגיעזע פאָרם (מעג דאָס זיין אפילו אידישע רעליגיע „אויפן אַמעריקאַנער שטייגער”) הויבט אָן צו שפּילן די דאָמינירנדע ראָלע.

כאָטש עס איז דאָ און עס איז אַלעמאָל געווען אַ שטרענג אָרטאָדאָקסישע אידישקייט אין אַמעריקע, איז עס אָבער אַ פאַקט, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן שאַפן אַ נייער מין רעליגיעזער נוסח דאָ אין לאַנד. אַ רעליגיעזע אידישקייט — געמישט מיט וועלטלעכקייט. פּונקט ווי די וועלטלעכע אידישקייט איז שטענדיק געווען געמישט מיט רעליגיע און טיפער טראַדיציע. אויך די אָרטאָדאָקסישע אידישקייט זעלבסט האָט אָנגעהויבן אָננעמען נייע פאָרמען מיט דעם אויפקום פון מער אַמעריקאַנער געבוירענע אָרטאָדאָקסישע רבנים און מיט דעם אויפקום פון נייע אַמעריקאַנער געבוירענע אָרטאָדאָקסישע אידן.

רעדנדיק אין אַלגעמיין וועגן רעליגיעזער פאָרם אין אידישן לעבן אין אַמעריקע ווילן מיר דאָ אַלס ביישפּיל אונטערשטרייכן, אַז דוקא אין דעם אַזוי גערופענעם וועלטלעכן אידישן סעקטאָר אויף אידיש איז געקומען אַמשטאַרקסטן צום אויסדרוק דער טיפסטער פּראָטעסט קעגן פאַרשוועכונג פון די אייביקע רעליגיעזע אידישע ווערטן! און פאַסירט האָט עס, ווען דער וויכטיקסטער פּראָזע־שרייבער אין דער גאַנצער ליטעראַטור אויף אידיש, שלום אַש, האָט אָנגעהויבן צו שרייבן זיינע אַזוי גערופענע יעזוס ראָמאַנען! און ניט קיין אַנדערער ווי דער „פאָרווערטס”, די אידישע צייטונג, וואָס האָט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט געפּרעדיקט אידישע וועלטלעכקייט, אידישן סאָציאַליזם, האָט געפונען פאַר נויטיק, אָנצוהויבן אַן אַנטשלאָסענעם קאַמף קעגן שלום אַש׳ן פאַר זיין פלירטעווען מיט דער קריסטלעכער וועלט, מיט

דעם קריסטלעכן גלויבן. דער קאַמף קעגן שלום אַש׳ן אויף אידיש איז גע־וואָרן אַזוי שטאַרק, אַז אַש האָט געמוזט אַוועק פון אַמעריקע.

וואָס באַווייזט עס, נאָך דעם, ווי איר טראַכט זיך אַריין אַביסל טיפער אין דעם גאַנצן ענין? עס באַווייזט, אַז דאָס אידישע לעבן אויף אידיש איז בלויז אין דער פאָרם געווען וועלטלעך. סעקולער. אין דער טיפעניש אָבער, אין סאַמע תוכן, איז דאָס אידישע לעבן אויף אידיש, שטענדיק געווען צוגעבונדן צו די אייביקע טראַדיציאָנעל־רעליגיעזע וואָרצלען פון אידיש־קייט. און דאָס אינטערעסאַנטסטע און אפשר אויך פּאַטעטישסטע אין דעם פּעריאָד פון אידישער שעפערישקייט אויף אידיש, איז דער פאַקט, וואָס אויף אידיש אַליין, אויף דער אידישער ליטעראַטור, האָט מען אפילו קיין אײן דור אידן ניט געקענט דערציען. מעג עס זיין אפילו אַ „קליינעם דור״. מיר מיינען קליין אין צאָל. אַלע אידישע שעפער אויף אידיש האָבן אין זייער גייסטיקן באַגאַזש געהאַט די דערפאַרונגען פון לערנען אין חדר, אין ישיבות, און זיי האָבן אַלע איינגעזאַפּט תורה, ווער מער, ווער ווייניקער. אָבער חדר אינגלעך זיינען אַלע געווען אין זייערע קינדער־יאָרן.

און אַזוי זעען מיר, ווי אין די סוף דרייסיקער יאָרן, האָט זיך אָנגע־הויבן אויסצושיילן דער נייער פּעריאָד אין דער אידישער געשיכטע פון אַמעריקע. אָנשטאָט וועלטלעכער פאָרם, אָנשטאָט סעקולערן איינפלוס, האָט זיך באַוויזן דער שטאַרקערער איינפלוס פון דער רעליגיעזער פאָרם! די דאָזיקע דערשיינונג איז מיט דער צייט געוואָרן קענטיק ניט בלויז צווישן אידן, נאָר אויך איבער גאַנץ אַמעריקע, און אויך אין אַנדערע וועלט טיילן. אין דעם פּראָצעס פון דער אָפּשוואַכונג פון דעם מאָדערנעם פּעריאָד פון עקסטרעמע פּאָליטישע באַוועגונגען אין איראָפּע, נאָך דעם שטאַרקן פּעריאָד פון מאַטעריאַליזם אין אַמעריקע, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּעריאָד פון זוכן מער גייסטיקן אינהאַלט, מער אינערלעכע רו. און די ברייטע מאַסן האָבן זיך אָנגעהויבן „צוריקצוקערן צו גאָט״!

און וואָס איר זאָלט ניט זאָגן און וואָס איר זאָלט ניט הערן אָדער לייענען, דער פאַקט איז (ניט קוקנדיק אויף די פאַרשידענע ווידערשפּרעכנדע דערקלערונגען), אַז אידן אין אַמעריקע האָבן אָנגעהויבן צו גיין מאַסנווייז אין די שולן, אין די טעמפּלען, אין די סינאַגאָגן! עס איז שוין מער ניט אמת, אַז די שולן אין אַמעריקע פוסטעווען פרייטיק צו נאַכטס אָדער שבת! ניין! אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט איר פרייטיק צו נאַכטס און שבת געקענט זען געפּאַקטע שולן מיט מתפּללים! איר האָט געקענט זען דאָרטן יונג און אַלט! איר האָט געקענט זען פיל שולן געפּאַקטע

אינגאַנצן מיט אַמעריקאַנער געבוירענע אידן! און ניט נאָר די דאַווענער, נאָר דער רב, דער חזן, די גבאים, דער בעל קורא און אַלע, אַלע זיינען שוין געווען געבוירענע אין אַמעריקע! און דאָס איז אמת געווען ניט בלויז וועגן דער יונגער אָרטאָדאָקסיע, נאָר אויך וועגן די קאָנסערוואַטיווע אידן און אויך וועגן די רעפאָרמירטע. יעדע איינע אויף זיין שטייגער. און אויב פיל האָבן ניט געקענט דאַווענען אין לשון הקודש, האָבן זיי געדאַוונט אין אַ ענגלישער איבערזעצונג. אָבער אַלץ געדאַוונט! עס איז געווען ווי אַ „פאַר־קערטע וועלט". די אידן פון ערשטן און צווייטן דור, וועלכע האָבן דוקא יאָ געקענט דאַווענען, זיינען פריער מערסטנס ניט געגאַנגען אין שול אַריין. דער נייער דור, אָבער, וואָס האָט „ניט געקענט", איז אָבער יאָ געגאַנגען.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַמעריקאַנער אידישקייט! די אַלע, וואָס זיינען געווען געוואוינט צו דעם אידישן לעבנס־שטייגער „פון אַמאָל", ווי למשל אין אַמאָליקן רוסלאַנד, ליטע און פוילן, האָבן, נאַטירלעך, געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געהאַט גענוג וואָס צו קריטיקירן. און קיינער קען נישט זאָגן, אַז עס איז נישט געווען וואָס צו קריטיקירן! עס זיינען דאָ גענוג איבלען, גענוג טעות'ן, גענוג טונקעלע זייטן אין דעם אידישן לעבן פון אַמעריקע! אָבער אַז מען האָט זיך גוט צוגעקוקט, האָט מען געקענט זען, אַז פיל זאַכן האָבן אָנגעהויבן אָנצונעמען אפילו אַ בעסערע פאָרם ווי אַמאָל אין „דער אַלטער היים"! די ישיבות קטנות, למשל, זיינען געווען אַ טיפּ שולן, וואָס איז געוואָרן אַ גרויסער שטאָלץ פאַר דעם אַמעריקאַנער אידנ־טום. צענדליקער טויזנטער אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע קינדער האָבן געקראָגן אַ דערציאונג סיי אין אידישן זינען סיי אין וועלטלעכן זינען פון בעסטן גראַד. און די זעלבע קינדער, וועלכער האָבן געלערנט פיזיקע און כעמיע, האָבן געקענט „אַ בלאַט גמרא" און געקענט אויך רעדן העברעאיש. זיי זיינען געווען אי וועלטלעך גוט געלערנט, אי אין אידישן זינען גוט באַ־האַוונט. און דער פאַקט, וואָס עס האָבן זיך געפונען צענדליקער טויזנטער אַמעריקאַנער געבוירענע עלטערן, וועלכע זיינען געווען וויליק צו שיקן זייערע קינדער אין פולע טאָג שולן, האָט עדות געזאָגט דערויף, וואוהין דער ווינט בלאָזט. עס האָט אויסגעזען, אַזוי ווי עס וואָלט פאָרגעקומען אַ גאַנצע איבערקערעניש אין די גייסטיקע באַגריפן. אַלס אַ מאָדערנער מענטש, אַלס מענטשן, „וואָס האַלטן פון דער מאָדע", האָט מען גאָר באַטראַכט די יעניקע, וועלכע זיינען יאָ געגאַנגען אין שול אַריין דאַווענען און ניט די יעניקע, וועלכע זיינען ניט געגאַנגען, ווי עס איז געווען איינגעפירט אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. און אַזוי אַרום האָט עס אין דער אידי־

שער אַמעריקע, באַזונדערס צווישן די יונגע פּאָרלעך אין די פּאָרשטעט, אָנגעהויבן צו ווערן אַ מאָדע צו גיין אין שול אָריין פרייטיק צו נאַכטס און שבת פּאַמיליעס־ווייז.

עס האָט זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו שאַפן אויך אַ נייער סאָרט אידישע היים אין אַמעריקע. אַ היים, געבויט פון אַמעריקאַנער געבוירענע אידן, וואו רעליגיעזער אידישער אינהאַלט האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַלץ מער און מער אַ חשוב פּלאַץ. דער טראַדיציאָנעלער אידישער שבת, די אידישע ימים טובים, כשרות, האָבן אָנגעהויבן צו קריגן אַ נייע באַדיי־טונג. און דוקא ביי די אינגערע דורות. אַ מזוזה אויף די טירן פון די היימען פון אַמעריקאַנער געבוירענע איז געוואָרן אַן אָפטע דערשיינונג.

## אַ געשיכטע פון אייגענער דערפאַרונג

דאָס וואָס מיר גייען דאָ דערציילן קען אָנגערופן ווערן „אַ געשיכטע פון אייגענער דערפאַרונג וועגן דער נייער אידישקייט אין אַמעריקע". און אָנגעהויבן האָט זיך די געשיכטע טאַקע ביים סאַמע סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און האָט זיך אַריינגעצויגן אין די יאָרן, ווען עס האָט זיך אַנטוויקלט דער נייער פּראָצעס אין דעם אַמעריקאַנער אידישן לעבן. אָבער אידער איך הויב אָן צו דערציילן גענויער וועגן דעם, ווי אַזוי מיין אייגענע פאַמיליע, מיין פרוי און קינדער, און אויך מיינע שוואָגערס און שוועגערינס, אַמעריקאַנער געבוירענע, זיינען אויף אַן אַקטיוון אופן אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם דאָזיקן איבערגאַנגס פּראָצעס פון אַמעריקאַנער אידישקייט, וועל איך אייך איבערגעבן אַ פּאָר פאַקטן פון מיין אייגענעם לעבן, כדי איר — מיינע לייענער — זאָלט האָבן אַ געוויסן באַגריף וועגן דעם ווי אַזוי איך בין אין אַלגעמיין געקומען צו דעם געדאַנק צו שרייבן דאָס דאָזיקע בוך.

געבוירן געוואָרן בין איך קורץ פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה אין אוקראַינע, און אַלס אינגל האָבן מיינע עלטערן געבראַכט מיך און מיינע שוועסטער קיין קובאַ. אין חדר בין איך געגאַנגען בלויז עטלעכע יאָר, ווייל מיט דעם אויפקום פון סאָוועטישן רעזשים איז דער חדר אין דעם נייעם רוסלאַנד פאַרבאָטן געוואָרן. אין קובאַ האָב איך געלעבט אַן עלף, צוועלף יאָר און באַוויזן דאָרטן אויך צו שטודירן אין אוניווערזיטעט פון האַוואַנאַ אויף ציווילן אינזשיניר און אַרכיטעקט. איך האָב אָבער מיין קאַ־ריערע אין אוניווערזיטעט ניט געקענט פאַרענדיקן, ווייל עס האָט אין די אָנהויב דרייסיקער יאָרן אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע קעגן דעם קובאַנער

דיקטאַטאָר מאַטשאַדאָ און דער אוניווערזיטעט איז געבליבן געשלאָסן אויף עטלעכע יאָר צייט, ווייל די סטודענטשאַפט איז געווען אָרגאַניזירט קעגן דער דיקטאַטור. עס איז געווען אין סאַמע קאָך פון אידיש אימיגראַנטישן לעבן אין יונגן אידישן ישוב פון קובאַ און אַזוי שנעל ווי דער אוניווערזי־טעט איז געשלאָסן געוואָרן, האָב איך צוזאַמען מיט אַ פּאָר חברים פון דער „אידישער ליטעראַרישער גרופּע" אין האַוואַנאַ אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן אַרויסגעבן אַן אייגענע אידישע וואָכנצייטונג אין קובאַ. די צייטונג „האַוואַ־נער לעבן" האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אָנהויב 1933 און ביי מיין אַוועק־פאָרן פון קובאַ אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין 1936, האָב איך — דאַן דער איינציקער אייגנטימער און רעדאַקטאָר פון „האַוואַנער לעבן", — פאַר־קויפט דאָס וואָכנבלאַט צו סענדער מ. קאַפּלאַן, וועלכער האָט נאָך אַלס אינגל אָנגעהויבן צו אַרבעטן אין דער צייטונג ווי אַ זעצער. שפּעטער איז קאַפּלאַן באַשטימט געוואָרן אַלס דער ערשטער קאָנסול פון ישראל אין קובאַ. מיין פאָטער — שלום בן משה — איז נאָך פון דער אַלטער היים, אין אונזער שטעטל הייסין, אין פּאָדאָליע, אוקראַינע, געווען איינער פון די וויכטיקסטע כלל טוער. ער האָט געפירט אַ שטענדיקן קאַמף פאַר כשרות, פאַר אַ מקוה און פאַר אַ גוטן מושב זקנים, אַ כשרע קיך פאַר די סאָלדאַטן וכדומה. באַלד נאָך אונזער אָנקומען קיין קובאַ, אין יאָר 1925, איז מיין פאָטער געוואָרן אַקטיוו אין דער האַוואַנער אידישער קהילה, פון וועל־כער ער איז געווען איינער פון די גרינדער און וואו ער האָט געהאָלפן בויען די אָרטאָדאָקסישע שול אין קובאַ „עדת ישראל". מיין פאָטער, ע"ה, איז געווען טעטיק אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע אינסטיטוציעס אין קובאַ. דאָס רוב אָבער פאַר רעליגיעזע הצטרכות'ן.

און איך? זיין איינציקער זון, דער בן יחיד, בין אפילו אין דער שול ניט אַריינגעטראָטן. בלויז יום כפור אַמאָל.

איך דערצייל דאָס אַלץ, כדי אָנצואווייזן, אַז כאָטש איך אַליין קום פון אַן אָרטאָדאָקסישער היים און טראָץ דעם, וואָס מיין פאָטער איז אַלעמאָל געווען אַ וויכטיקער פירער פון דער אָרטאָדאָקסיע, בין איך אָבער דער־צויגן געוואָרן אויף אַ וועלטלעכן שטייגער. דאָס איז זיכער נישט געווען דערפאַר, וואָס מיין פאָטער האָט עס אַזוי געוואָלט. פונקט פאַרקערט. מיין פאָטער האָט געהאַלטן פאַר מיר די בעסטע מלמדים. און איינמאָל, אַ קורצע צייט פאַר אונזער אָפּפאָרן פון סאָוועט רוסלאַנד, האָבן אַ פאַר סאָוועטישע פירער אין אונזער שטעטל אַריינגערופן מיין טאַטן און אים געוואָרנט, אַז אויב ער וועט ווייטער אָנהאַלטן פאַר מיר אַ גמרא מלמד, וועט מען מיין

פאָטער, חלילה, שיסן. (איך האָב אַ צייט געלערנט ביי אַ גמרא מלמד אין געהיים). דער פעריאָד אין אידישן לעבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אָבער הויפּטזעכלעך זיכער געווען אַ פעריאָד פון אידישער וועלטלעכ־קייט אויף אידיש און אין דעם דאָזיקן וועג בין איך אַוועק.

פונקט ווי פיל אַנדערע אידישע קינדער, וואָס זיינען געקומען פון רע־ליגיעזע אידישע היימען, אַזוי בין איך אויך פון מיין טאַטנס היים, וואָס האָט געשוויבלט מיט רעליגיעזער אידישקייט, אַריין אין דער וועלט פון דער מאָדערנער אידישער קולטור אויף אידיש, אין דער וועלט פון דער אַזוי גערופענער אַפּיקורסות. איך מוז אָבער צוגעבן, אַז מיין פאָטער איז אַלעמאָל געווען שטאַרק ליבעראַל און האָט פאַרשטאַנען וואוהין דער ווינט בלאָזט. דערצו נאָך מוז איך צוגעבן, אַז אַלס אַ פּיאָנער פון דער אידישער קולטור און אידישער ליטעראַטור און פרעסע אויף אידיש אין קובאַ האָבן מיינע טאַטע־מאַמע פון מיר געהאַט אַ סך נחת, אפשר נישט ווייניקער, ווי ווען איך וואָלט בלויז געגאַנגען אין „טאַטנס שול אַריין"...

אָבער נישט אין דעם גייט עס! עס גייט אין דעם, וואָס פון אַ רעלי־גיעזער היים בין איך אַוועק צו אַ וועלטלעכער אידישקייט און איצט — אין מיין צייט — פּאַסירט פונקט דאָס פאַרקערטע! אונזערע קינדער — מיין זון און מיין טאָכטער — לויפן פון אַ וועלטלעכער היים צוריק אין שול אַריין! און דאָס, וואָס עס שפּילט זיך אָפּ אין אונזער הויז, פּאַסירט אין טויזנטער, צענדליקער טויזנטער, אידישע היימען איבער גאַנץ אַמעריקע! און עס פּאַ־סירט איצט איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון אַמעריקע, אַז אין די „דזשוניאָר סינאַגאָגן", וואָס עקזיסטירן ביי הונדערטער און ביי טויזנטער שולן, סינאַגאָגן און טעמפּלען, קומען יונגע אינגלעך און מיידלעך אין דער עלטער פון זעקס, זיבן ביז דרייצן יאָר דאַווענען יעדן שבת. (און איר מעגט הערן ווי די דאָזיקע קינדער קענען דאַווענען. און ווי אַזוי זיי מאַכן אַ ברכה ביים אויפרופן צו דער תורה!) דאָס טשיקאַווסטע פון דער דאָזיקער גע־שיכטע איז אָבער דער פאַקט, וואָס אין פיל פאַלן גייען די קינדער אַליין דאַווענען אין שול אַריין, און די עלטערן גייען דוקא נישט. דאָס איז אפילו אמת אין די פאַרשטעט, וואו פיל מענער זיינען שבת נאָך באַשעפטיקט ביי זייערע געשעפטן און זיי גייען אין שול אַריין בלויז פרייטיק צו נאַכטס. די קינדער גייען אָבער שבת. מיט דער צייט אָבער — לויט ווי עקספּערטן זעען איין — וועט עס קומען דערצו, אַז אַלץ מער און מער אידן אין אַמע־ריקע וועלן אָנהויבן צו היטן שבת. אין אַלגעמיין אָבער זעט עס אויס, אַז עס מוז נעמען אַ גאַנצער דור, ביז אַ נייער לעבנסשטייגער וועט איינגע־

שטעלט. און אין אַמעריקע וואַקסן אויף צענדליקער טויזנטער נייע אידן, ביי וועמען שמירת שבת וועט זיין אַ געבאָט פון לעבן!

אָבער צוריק צו אונזער פּערזענלעכער געשיכטע אַלס אילוסטראַציע צו דעם, וואָס עס קומט פאָר אין אידישן לעבן פון אַמעריקע.

פון 1936 ביז 1946 האָב איך געוואוינט אין פילאַדעלפיע, וואו איך האָב ביז דעם אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געאַרבעט אין דער פילאַדעלפיער אידישער טאָג־צייטונג „די אידישע וועלט". אין די יאָרן פון קריג, ביז 1946, האָב איך געאַרבעט אַלס מאַרין־צייכענער, בויענדיק שיפן פאַר דער אַמעריקאַנער נייווי. אין אָקטאָבער 1946 בין איך געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער פון ניו יאָרקער „טאָג", שפּעטער „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל".

ווען מיר האָבן אין יאָר 1946 פאַרלאָזן פילאַדעלפיע, איז אונזער זון ראַני (ראובן) נאָך קיין צוויי יאָר נישט אַלט געווען. אַזוי אַז וועגן זיין דער־ציאונג האָבן מיר נאָך נישט באַדאַרפט זאָרגן. שפּעטער אָבער, ווען ער איז אַלט געוואָרן פינף יאָר, האָבן מיר פאַר זיך געהאַט אַ פּראָבלעם: וואו־הין זאָלן מיר שיקן אונזער אינגעלע? און דאָ וויל איך דערציילן אַ פּאָר פאַקטן וועגן מיין פרוי, סילוויע. אַ געבוירענע אין פילאַדעלפיע, האָט זי געקראָגן די געוויינלעכע אַמעריקאַנער דערציאונג און האָט איינגעזאַפּט אין זיך די אַמעריקאַנער קולטור אין דער פּאָבליק און האַי סקולס פון דער שטאָט קעמדען, ניו דזשוירזי, וואָס ליגט אויף דעם מזרח ברעג פון דעלאַווער טייך, וואָס טיילט אָפּ פילאַדעלפיע פון קעמדען. מיין פרוי באַ־לאַנגט צו דעם ערשטן דור אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע קינדער, וועמענס עלטערן זיינען געווען גאָר, גאָר אייליק אַריינצוגעבן די קינדער וואָס מער אַמעריקאַנישקייט. דער איינפלוס פון דער פּאָבליק סקול און האַי סקול איז אָבער געווען אַזאַ, אַז ווי ווייניק רעליגיע מען זאָל די קינדער דאָרט ביט לערנען, איז דאָך אַ פאַקט, אַז ווען עס קומט צו אַ קריסטלעכן יום טוב פילט זיך אין די פּאָבליק סקולס דער גייסט פון קריסטלעכקייט גאַנץ שטאַרק. דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז מאַסן אידישע קינ־דער, באַזונדערס אין די קלענערע אידישע צענטערן, האָבן געוואוקסט מער וועגן קריסטלעכקייט, ווי וועגן אידישקייט און זינגען האָבן זיי זיכער גע־קענט די קריסטלעכע געזאַנגען, אָבער גאָרנישט קיין אידישע. מיר מיינען רעליגיעזע, טראַדיציאָנעלע אידישע געזאַנגען.

אויסער דעם, האָט מיין פרוי, פּונקט ווי טויזנטער אַנדערע אידישע קינדער, געקראָגן איר אידישע דערציאונג אין אַ אידיש וועלטלעכער שול,

אין אַן אַרבעטער רינג שולע. זי האָט זיך אויסגעלערנט לייענען אידיש. זי רעדט אידיש, ווייל אין דער היים פון אירע עלטערן איז אידיש געווען די הויפּט שפּראַך.

אַלזאָ — ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע, וואוהין זאָלן מיר שיקן לערנען אונזער אינגעלע? האָבן מיר פאַר זיך געהאַט אַ היפּשע פּראָבלעם, ווייל גראַדע אין דער געגנט, וואו מיר האָבן זיך באַזעצט אין מאַנהעטן, טאַקע אויף מאַנהעטן עוועניו, ביי דער 102טער גאַס, אַ בלאָק וועסט פון סענטראַל פּאַרק וועסט (אין דעם הויז, וואו איך האָב געשריבן דאָס דאָזיקע בוך), האָט זיך, אינגאַנצן צוויי בלאָק פון אונז, געפונען די ישיבת אור תורה, וועלכע איז אויך געווען באַקאַנט אַלס די „מאַנהעטן דעי סקול". די דאָזיקע שול, וועלכע איז צוערשט אָנגעפירט געוואָרן פון דר. אַרטור ספּיר און שפּע־טער פון דעם באַקאַנטן פּעדאַגאָג דר. הערמאַן אַקסעלראָד, איז געווען באַ־וואוסט אַלס איינע פון די פירנדע אָרטאָדאָקסישע ישיבות קטנות אין ניו יאָרק און איבער גאַנץ אַמעריקע. אַלזאָ, מיר האָבן געקלערט און געקלערט און דער סוף איז געווען, איר שטעלט זיך שוין אַליין פאָר: מיר האָבן אונ־זער ערשט קינד געשיקט אין דער ישיבה, וואו די אינגלעך מוזן טראָגן אַ טלית קטן, אַ יאַרמולקע, דאַוונען פאַרן אָנהויבן לערנען און אַזוי ווייטער. די ישיבת אור תורה האָט זינט דער צייט אַריינגעבראַכט אַ גאַנצע רעוואָ־לוציע אין אונזער הויז. די אידישע ימים טובים, באַזונדערס חנוכה, פּורים, פּסח, סוכות, שמחת תורה, וואו קינדער שפּילן די הויפּט ראָלע, זיינען גע־וואָרן גאַנצע געשעענישן אין אונזער פאַמיליע.

איך באַשרייב דאָס אַלץ אַזוי גענוי, ווייל דאָס שיקן אונזער אינגל אין דער ישיבה איז געווען פאַר מיין פרוי און פאַר מיר נישט אַזאַ לייכטער באַשלוס! און דעם זעלבן באַשלוס — אין אַ מער אָדער ווייניקער ענלעכער פאָרם — האָבן געמוזט מאַכן טויזנטער טאַטע־מאַמע אין אַמעריקע! פיל פון אונזערע פריינט האָבן ביי אונז געפרעגט: ווי קומט עס? ווי אַזוי וועלן מיר האַנדלען אין שייכות מיט דעם, וואָס מיר שאַפן פאַר אונזערע קינדער אַזאַ פּראָבלעם? איך זאָג קינדער, ווייל ביי אונז איז שפּעטער געבוירן גע־וואָרן אויך אַ מיידעלע — איילין (איר אידישער נאָמען איז חיה גיטע) און מיר האָבן אויך איר געשיקט אין ישיבה. אונזערע פריינט האָבן, פּונקט ווי עס פירט זיך ביי מאָדערנע אידישע עלטערן, זיך שטאַרק געזאָרגט וועגן פּסיכאָלאָגיע, וועגן געבן די קינדער אַ „קאָמפּלעקס" און אַ. וו., אָבער מיר האָבן אונזערע פריינט אויפגעקלערט, אַז עס קען זיין אַזאַ זאַך, אַז פון אַ

וועלטלעכער אידישער היים זאָלן קינדער גיין אין אַ ישיבה און אַז די דאָזיקע „נייע קאָמבינאַציע״ זאָל גאָר זיין אַ גרויסער דערפאָלג...

און מיט דער צייט האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט די פאָלגנדע וויזיע: פונקט ווי מיר — פון פריערדיקן דור (ווי איך האָב שוין פריער טיילווייז אָנגעוויזן), זיינען דערצויגן געוואָרן אין פרומע אידישע הייזער און זיינען אַוועק צו דער אַזוי גערופענער פרייער וועלט, פונקט אַזוי האָט עס אָנגעהויבן צו פּאַסירן פאַר אונזערע אייגענע אויגן, אַז קינדער פון, אַזוי גערופענע, וועלטלעכע היימען רייסן זיך צוריק צו טראַדיציע. און אַז איר טראַכט זיך אַריין אַביסל טיפער, דערזעט איר פּלוצים, אַז אַנדערש האָט עס גאָרנישט געקענט זיין! דער אַזוי גערופענער וועלטלעכער פּעריאָד איז געווען, ווי עס זעט אויס, נישט מער ווי אַן איבעררייס!

און וואָס עס איז גאָר אינטערעסאַנט, איז דער פאַקט, וואָס דאָס צוריקקערן זיך צו טראַדיציע, צו די אַלטע מנהגים און פירונגען, האָט אָנגעהויבן געפעלן צו ווערן מאַסן אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע עלטערן. נאַטירלעך, אַלץ רעלאַטיוו און מען טאָר ניט פאַרגעסן, אַלץ אויף דעם אַמעריקאַנער שטייגער. אָבער טראַדיציאָנעלע אידישקייט איז עס! און פון דער אייגענער דערפאַרונג מוז איך דאָ דערציילן, אַז לאָמיר זאָגן, למשל, מיין פרוי, וועלכע איז געווען באמת באַזאָרגט צוערשט וועגן דעם, ווי אַזוי די ישיבה דערציאונג וועט ווירקן אויף אונזערע קינדער, איז מיט דער צייט געוואָרן גאָר שטאָלץ דערמיט, וואָס סיי אונזער זון, סיי אונזער טאָכטער, קריגן אַן אַלזייטיק וויסן, ניט בלויז אויף ענגליש, נאָר אויך אויף העברעאיש. און זי האָט אויך איינגעזען, אַז ווען איינער קען לייענען העברעאיש, קען ער זיך גאַנץ לייכט אויך אויסלערנען לייענען אידיש. און איך מוז דאָ צוגעבן, אַלס גראַדואירטע פון דער אַרבעטער רינג שולע אין קעמדען און פילאַדעלפיע, איז מיין פרוי געווען גאָר באַזונדערס פאַראינטערעסירט, אַז אונזערע קינדער זאָלן קענען אידיש.

אָבער ניט בלויז מיין פרוי, נאָר מיין גאַנצע משפחה — באַזונדערס די אַמעריקאַנער געבוירענע — זיינען געווען גאָר שטאָלץ דערמיט, וואָס אונזערע קינדער קריגן אַ פולע, טראַדיציאָנעלע אידישע דערציאונג. איך דערצייל די אַלע פאַקטן ווידער אַלס אַן אילוסטראַציע צו דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין אַמעריקע אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. איך אונטערשטרייך — די פון מיין פרוי׳ס צד, די אַמעריקאַנער געבוירענע, ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דוקא דער אַמעריקאַנער געבוירענער דור, דער, וואָס האָט פון אידישקייט געוואוסט אַזוי ווינציק,

האָט זיך ווי געריסן מיט אַ געוויסער מאַגנעטישער קראַפט צו די אַלטע אידישע קוואַלן. אין די ישיבות קטנות, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דווקא אַזאַ ענין ווי אַ בלאַט גמרא האָט אַ גאָר באַזונדערע צוציאונגס־קראַפט פאַר דעם אַמעריקאַנער אידישן קינד. (וועגן דעם ווי אַזוי די אַמעריקאַנער אידי־שע יוגנט איז געוואָרן פאַרקאָכט אין אידישקייט, זע די געשפּרעכן מיט דר. לואיס פינקלשטיין, מיטן ליובאַוויטשער רבי׳ן, דר. שאול ליבערמאַן און דר. דוב יוסף סאָלאָווייטשיק און אַ ריי אַנדערע אידישע פירער, אין בוך איינס).

אַלס אַן אילוסטראַציע צו דעם, וואו און ווי אַזוי עס האָט געהאַלטן מיט אידישקייט אין אַמעריקע, קען באמת דינען מיין משפחה פון מיין פרוי׳ס צד. און אינטערעסאַנט איז עס צוליב דעם, וואָס די דאָזיקע פאַקטן זיינען דוקא ניט פון ניו יאָרק, וואָס איז דער הויפּט צענטער פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, נאָר פון פילאַדעלפיע און אויך פון קעמדען, ניו דזשוירזי. די אַלע מענטשן, וועגן וועלכע איך רעד, זיינען געווען דערצויגענע אין אידישן זינען פון די אַרבעטער רינג שולן. זיי האָבן געקענט אידיש (ניט גאָר קיין סך) — ווער אַביסל מער, ווער אַביסל ווינציקער. וועגן רעליגיעזער אידישקייט איז גאָר קיין רייד ניט געווען. איינער אַ שוואָגער מיינער, האַימען טשעניך, איז געווען אַ האַי־סקול לערער. (ער איז אָבער שפּעטער אַוועק פון לערעריי און אַריין אין פּריוואַטע געשעפטן, כדי צו פאַרגרעסערן זיין איינקונפט.) אָבער אָט דער שוואָגער מיינער, וועלכער האָט שפּעטער זיך קוים אויסגעלערנט אַביסל „דאַוונען פון אָריגינאַל" (דאָס הייסט, פּראָסט און פּשוט זיך אויסגעלערנט אַביסל עברי), איז געוואָרן מיט דער צייט דער פּרעזידענט פון איינער פון די גרעסטע נייע אידישע געמיינדעס ביי פילאַ־דעלפיע! דאָס איז געווען די באַוואוסטע אידישע קהילה פון אָקספאָרד סוירקל, וואו עס האָבן זיך באַזעצט אַרום פערציק טויזנט יונגע אידישע אַמעריקאַנער געבוירענע מענער, פרויען און קינדער. (אין 1952 האָט זיך איבער גאַנץ אַמעריקע געטומלט מיט די אַטאַקעס, וואָס גרופּעס נאַצישע יוגנטלעכע האָבן געמאַכט אויף אידישע קינדער אין אָקספאָרד סוירקל.) די דאָזיקע קהילה איז געשאַפן געוואָרן אין אַ פאָרשטאָט פון פילאַדעלפיע, קורץ נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, דורך די יונגע אידישע קריגס־וועטעראַנען. מיין שוואָגער און זיין פאַמיליע — מיטגייענדיק מיט דעם שטראָם צו „סאָבאָרביא", האָט זיך אויך איינגעהאַנדלט דאָרטן אַ הויז און איז געוואָרן מיט דער צייט אַ „שטאָט־באַלעבאָס". איך האָב באַאָבאַכטעט דעם דאָזיקן פּראָצעס פון מיין שוואָגערס טראַנספאָרמאַציע אין משך פון איבער צען יאָר צייט. און פאַר מיינע אויגן איז דורכגעגאַנגען די פאַר־

וואַנדלונג פון אַ „כמעט אַסימילירטן" אידישן פאַרפאָלק אין אַ פאַמיליע מיט אויסגעשפּראָכענע אידישע אינטערעסן, מיט אַ צוגעבונדנקייט צו דער שול, צום דאַווענען, צו דער רעליגיעזער שול און צו אַלע אַנדערע פאַר־שידענע אַקטיוויטעטן אין און אַרום דער אידישער געמיינדע. אין משך פון די אַלע יאָרן האָבן מיר געמאַכט גאַנץ אָפטע באַזוכן אין פילאַדעלפיער אָקספאָרד סוירקל. עס גלויבט זיך קוים, אָבער עס איז אַ פאַקט! אָבער אין אָקספאָרד סוירקל האָבן די אַמעריקאַנער געבוירענע יונגע אידישע מענער און פרויען און קינדער זיך נישט געקענט דערוואַרטן, ביז זיי וועלן אויפ־בויען זייער אייגענע סינאַגאָגע, זייער אייגענעם צענטער! און אין די דריי, פיר יאָר, וואָס עס האָט גענומען צום בויען די געביידעס פון „אָקספאָרד סוירקל דזשואיש קאָמיוניטי סענטער", האָבן די דאָזיקע יונגע אַמעריקאַנער אידן דערווייל אויפגעשטעלט גרויסע געצעלטן פון לייוונט, פאַלאַטקעס, און דאָרטן געדאַוונט! און פאַר אַ צייטווייליקער שול אין משך פון אַ גאַנץ יאָר האָבן די יונגע אַמעריקאַנער אידן אָפּגעדונגען אַ גאַנצן גאָרן פון אַ געביי־דע אויף דער הויפּט גאַס און פון דאָרטן אָנגעפירט זייער אידישע טעטיקייט. און אין די ימים נוראים האָבן זיי אויך אָפּגעדונגען דעם לאָקאַלן טעאַטער. אַזויפיל דאַווענער האָבן זיי געהאַט! און צוליב דעם, וואָס זיי האָבן זיך ניט געקענט דערוואַרטן ביז זייער אייגענע שול געביידע וועט פאַרענדיקט ווערן, האָבן זיי אין משך פון עטלעכע יאָר אָנגעפירט אַ קינדער שול, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע אָפּטיילונגען! און ווייסט איר וואו די דאָזיקע שול אָפּטיילונגען האָבן זיך געפונען? אין עטלעכע בייסמענטס (קעלערן), ביי אַ צאָל גרעסערע הייזער אין דער געגנט! און ווייסט איר וויפל קינדער עס זיינען געגאַנגען אין דער דאָזיקער שול, אין די קעלערן? איבער טויזנט!

און אָקספאָרד סוירקל איז געוואָקסן און זיך צעוואָקסן און מיט דער צייט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ פירנדע פּאָזיציע אין דעם אַלגעמיינעם אידישן לעבן אין פילאַדעלפיע. איך האָב דאָרט אויך געקענט אַ צאָל איינ־וואוינער, אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך, אַזוי ווי מיין שוואָגער און שוועגערין, אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון דער יונגער געמיינדע, וואו דער קאָמיוניטי צענטער, די סינאַגאָגע, שפּילן די הויפּט ראָלע. עס האָט זיך מיט דער צייט אויך געגרינדעט אַן אַרבעטער רינג שול אין דער געגנט. פאַר אַ געוויסער צייט האָט אויך עקזיסטירט אַ פאַרבאַנד שול, מיט אַ דרייסיק, פערציק קינדער. די דאָזיקע שול האָט זיך אָבער נאָך דריי יאָר עקזיסטענץ געשלאָסן. די יונגע אידן פון אָקספאָרד סוירקלס אידישן געמיינדע צענטער האָבן שוין אויך געהאַט פאַרענדיקט

זייער הויפּט געביידע פאַר 150 טויזנט דאָלער און האָבן אָנגעהויבן צו בויען נייע געביידעס. אָבער זיי האָבן אַלץ געמוזט אויף ימים נוראים אויפשטעלן לעבן זייער הויפּט געביידע אַ גרויסן לייוונטענעם געצעלט פאַר איבער פיר הונדערט דאַווענער. יעדן שבת האָבן זיי געהאַט אַרום דריי, פיר הונדערט דאַווענער און יעדן שבת, — דורכשניטלעך — אַ צוויי, דריי בר מצוה׳ס. זיי האָבן געהאַט צוויי מינים שולן פאַר די קינדער: אַ זונטיק שול פאַר קינדער ביז ניין יאָר — מיט 350 תלמידים, און אַ שול — עטלעכע מאָל אַ וואָך — פאַר אַרום 500 קינדער (פאַר קינדער פון ניין ביזן דרייצן, פערצן יאָר). די דאָזיקע שול איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר דער צווייטער גרעסטער קינדער שול אין גאַנץ פילאַדעלפיע. און די שול האָט באַשעפטיקט צוויי און צוואַנציק (22) אידישע לערער.

איך האָב געשריבן אַזוי באריכות וועגן פילאַדעלפיע, ווייל זעענדיק אָקספאָרד סוירקל האָב איך צוגלייך אויך געזען הונדערטער ענלעכע נייע אידישע געמיינדעס פון אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע יונגע פּאָרלעך. איך בין אויך געווען באַקאַנט מיט די צענדליקער שטעטלעך אַרום ניו יאָרק, וואָס האָבן פאָרמירט דאָס נייע אידישע לעבן אין אַמעריקע, וואָס קאָנצענט־רירט זיך אַרום דער סינאַגאָגע און אַרום דעם אידישן קאָמיוניטי צענטער.

איך מיינער אַ צווייטער שוואָגער — אַ דאָקטאָר מעדיצין — אין אַ קליין שטעטל העדאָנפילד, ניו דזשוירזי, איז אַריינגעצויגן געוואָרן דורך דעם נייעם שטראָם אין אידישן לעבן און די קינדער זיינע זיינען געגאַנגען אין אַ שול ביי דעם לאָקאַלן צענטער און סינאַגאָגע — און די גאַנצע אידי־שע טעטיקייט פון קליינעם שטעטל האָט אָנגעהויבן צו טראָגן אַן אויסגע־שפּראָכענעם רעליגיעזן כאַראַקטער.

אָט די אַלע פערזענלעכע איבערלעבונגען — סיי אין מיין אייגענער פאַמיליע (אין שייכות מיט דער דערציאונג פון אונזערע קינדער), סיי די איבערלעבונגען אין די משפּחות פון אונזערע קרובים און פריינט, זיינען געווען בלויז אַ טייל פון די אַלגעמיינע גייסטיקע ווייטיקן, וואָס איך האָב אין משך פון דעם נאָך־מלחמה פעריאָד דורכגעמאַכט אַלס איד, ווען די אידישע קולטור אויף אידיש איז טייער געווען בלויז אַזוי ווי דאָס לעבן אַליין קען טייער זיין ביי אַ מענטשן.

איך האָב אָפט געטראַכט צו זיך אַליין: אַך, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען עס וואָלט אין אַמעריקע זיך אַנטוויקלט אַ גרויסע מאַסע אידיש־רעדנ־דיקע און אידיש־לייענענדיקע אַמעריקאַנער אידן! אַך ווי גוט עס וואָלט געווען!

און אָפֿט האָב איך אויך געטראַכט, אַז איך וואָלט זיכער מקריב געווען (ווען עמיצער וואָלט עס געבעטן ביי מיר אַלס „גאַראַנטיע״) צען יאָר פֿון מיין לעבן, אַז איך זאָל האָבן אַ פֿול אידיש לעבן אויף אידיש אין אַמעריקע, מיט אַ יוגנט, מיט אַ צוקונפֿט און מיט אַלץ און אַלעמען! אַך, ווי גוט עס וואָלט געווען! איך האָב אין מיין צייט פֿאַרעפֿנטלעכט צוויי בראָשורן וועגן דער דאָזיקער פֿראַגע פֿון אַ פֿולער אידישקייט אויף אידיש אין אַמעריקע („אידיש אין אַמעריקע מוז גיין באַרג אַרויף״, פֿילאַדעלפֿיע, 1941, 48 זייטן, און „אידיש אין אַמעריקע אין ליכט פֿון מדינת ישראל״, ניו יאָרק, 1948, 62 זייטן). אָבער „אידיש אין אַמעריקע״ קען, פּונקט ווי אַלץ אין לעבן, מיט קיין געקינצלטע מיטלען ניט אויפֿבליִען. מיט דער צייט האָב איך אויך איינגעזען, אַז אָנשטאָט צו וויינען און באַוויינען דעם גורל פֿון אידיש און פֿון דער אידישער קולטור אויף אידיש אין אַמעריקע, דאַרף מען גאָר זינגען און באַזינגען די גרויסקייט פֿון דער אידישער קולטור אויף אידיש און רימען איר לאַנג־דויעריקייט און איר וויטאַליטעט, און נישט גיין, חלילה, יעדן טאָג צו אַ גייסטיקער לויה! איך האָב זיך פּלוצים געכאַפּט, אַז אויב איך וועל באַטראַכטן די אידישע קולטור אויף אידיש אַן־און־פֿאַר־זיך אַלס אַ באַזונדערע טייל פֿון אידישן לעבן, וואָס גייט, חלילה, אונטער, מיט דער פֿאַרקלענערונג פֿון דער צאָל אידיש רעדנדיקע מענטשן אין אַמעריקע, דאַן איז מיר זייער, זייער ביטער! ווען אָבער איך הויב אָן צו באַטראַכטן די אידישע קולטור אויף אידיש אַלס אַ טייל פֿון דער אַלגעמיינער אידישער קולטור פֿון דור־דורות, אַלס אַ טייל פֿון דער אייביקער אידישקייט, דאַן ווערט מיר גאָר, גאָר פֿריילעך! מיט מיין אידיש שאַפֿן, מיט מיין אידיש שרייבן, מיט מיין אידישן לעבן אויף אידיש, ווי יעדער אידישער איד, בין איך געוועזן אַ טייל און וועל זיין אַ טייל פֿון אייביקן, אייביקן אידישן לעבן!

אַרויסקומענדיק מיט אָט דעם דאָזיקן איינשטעל, וואָס איז צו מיר געקומען נאָך פֿיל שלאָפֿלאָזע נעכט, וואָס יעדער אידיש פֿילנדער מענטש אויף אידיש האָט דורכגעמאַכט אין אַמעריקע, איז מיר ענדלעך געלונגען צו שאַפֿן אין מיין געדאַנק דאָס אַלגעמיינע בילד פֿון אידישן גייסטיקן לעבן דאָ אין לאַנד. און גראַדע האָט זיך עס אַזוי געמאַכט, אַז פּונקט צום סוף פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען איך בין אָנגעקומען צו אַרבעטן אין דער ניו יאָרקער אידישער צייטונג „דער טאָג״, וואָס איז אין יאָר 1953 פֿאַראייניקט געוואָרן מיט דעם „מאָרגן זשורנאַל״, האָט מיך די רעדאַקציע באַשטימט צו שרייבן אייניקע סעריעס אַרטיקלען וועגן דעם גייסטיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע. די דאָזיקע אַרבעטן האָבן מיך אַזוי פֿאַראינ־

טערעסירט, אַז איך האָב מיט דער צייט זיך אָנגעהויבן צו פּאַרטיפן אַלץ מער און מער אין דער אַנטוויקלונג און אין די נייע ווענדונגען און שטרע־מונגען פון גייסטיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע, באַזונדערס אין ניו יאָרק. און איך האָב אָנגעהויבן צו מאַכן מיין אייגענע אויספאָרשונג, מיין אייגע־נעם שטודיום, וואָס האָט מיר גענומען איבער פינף יאָר צייט.

## וואָס איך באַצוועק מיט דעם בוך „אידישקייט אין אַמעריקע״

אין מיין אייגענער פּרייוויליקער אויפגאַבע צו באַשרייבן דאָס אידישע קולטור־לעבן אין אַמעריקע און די אידישע דערציאונגס אינסטיטוציעס און יוגנט באַוועגונגען, בין איך אָפּט פאַרכאַפּט געוואָרן פון די נייעסן, וואָס איך האָב אַנטדעקט. איך האָב גאָר אָפּט באַוואונדערט די גרויסע אויפטוען פון אַמעריקאַנער אידנטום און צו דער זעלבער צייט אויך באַדויערט, פאַרוואָס מער מענטשן זיינען נישט אינפאָרמירט וועגן די דאָזיקע גרויסע דערגריי־כונגען, וואָס זיינען מערסטענס געקומען צום אויסדרוק דורך די וויכטיקע אינסטיטוציעס, וואָס די אידן אין אַמעריקע האָבן באַוויזן אויפצובויען; ווייל יעדע אינסטיטוציע איז סוף כל סוף די דערגרייכונג פון אַן אויפטו, כאָטש די אינסטיטוציע זעלבסט איז אויך אַן אויפטו אַן־און־פאַר־זיך! אין דעם פּראָצעס פון מיין אַרבעט, זוכנדיק מאַטעריאַל וועגן דער פאַרגאַנגענהייט, גאַנץ באַזונדערס וועגן דער געשיכטע פון דעם 19טן יאָרהונדערט, האָב איך ווי צו זיך אַליין געטראַכט: אַך, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען עמיצער וואָלט אינמיטן 19טן יאָרהונדערט זיך געווען אָוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ בוך מיט פיל איינצלהייטן פון דעם דאַמאָלסטדיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע! ווי גוט עס וואָלט געווען ווען עמיצער וואָלט געווען געשאַפן אַ בוך, אין וועלכן עס זאָלן „אויף איין פּלאַץ״ זיין באַשריבן די וויכטיקסטע אידישע לערן־אינסטיטוציעס, די וויכטיקסטע קולטור־באַוועגונגען און עס זאָל אין אַלגעמיין געגעבן ווערן אַ בליק אויך אין דעם געדאַנקען־גאַנג פון די פירנדע אידישע קולטור פערזענלעכקייטן פון יענער צייט! און אויך איבער־געבן איינצלהייטן וועגן זייערע אידייען און פּלענער. ווי גוט עס וואָלט גע־ווען סיי פאַר די לייענער בכלל און פאַר די שרייבער און פאָרשער פון אידישן לעבן בפרט!

פילנדיק דעם דאָזיקן באַגער פאַר אַ פולער באַשרייבונג פון אידישן לעבן פון אַמאָל, איז אין מיר נאָך שטאַרקער געוואָרן דער דראַנג צו באַ־שרייבן דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע פון היינט, פון דער צייט, אין וועלכער איך לעב! ווייל אויסער דעם, וואָס איך וואָלט וועלן, אַז אין דער

צוקונפֿט זאָלן מענטשן קענען זיך עפּעס דערוויסן פֿון מײַן שרײַבן וועגן דעם, ווי דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע האָט אויסגעזען אינמיטן 20טן יאָרהונדערט, ווײַס איך אויך, אַז פֿיל, פֿיל מענטשן — אפֿילו אידישע שרײַ־בער, וואָס שרײַבן וועגן אידישן לעבן, קענען אָפֿט נישט האָבן די פֿולע אינ־פֿאָרמאַציע וועגן דעם, ווי אַזוי דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע זעט אויס און אין וואָס עס באַשטייט די טעטיקייט פֿון די פֿאַרשידענע אידישע קולטור אינסטיטוציעס. אויך רעליגיעזע פֿירער און קולטור טוער ווייסן מערסטנס ניט גענוי, וואָס עס טוט זיך אין דעם „אַנדערן לאַגער".

אַרבעטנדיק אויף „אידישקייט אין אַמעריקע", האָב איך זיך געשטעלט די אויפֿגאַבע צו ברענגען באַשרײַבונגען פֿון די פֿאַרשידענע אידישע רעלי־גיעזע און קולטור באַוועגונגען דורך האָבן פּערזענלעכע געשפּרעכן מיט די פֿירער און טוער זייערע. איך האָב אויך געלאָזט אָט די פֿאָרם פֿון אינטער־וויואירן מענטשן, פֿון רעדן מיט מענטשן און פֿון פּערזענלעכע באָאַבאַכטונגען און באַשרײַבונגען ווי אַ טייל פֿון דעם בוך, כדי דאָס בוך צו מאַכן וואָס מער שפּאַנענד און אינטערעסאַנט צום לייענען. איך האָב נישט געוואָלט שאַפֿן קיין בוך מיט טאַבעלעס און סטאַטיסטיקעס, כאָטש איך ברענג ציפֿערן און פֿאַקטן. איך האָב אויך, ווי ווײַט מעגלעך, זיך אויסגעהיט פֿון זאָגן מײַנונגען און פֿון אַרויסגעבן אָפּשאַצונגען וועגן די פֿאַרשידענע באַוועגונגען און אינ־סטיטוציעס. איך האָב בלויז געשריבן און באַשריבן — „געשריבן אַ גע־שיכטע", אַ געשיכטע פֿון דעם הײַנטצײַטיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע.

און גייענדיק אַזוי איבער דעם רײַכן גאָרטן פֿון אידישן לעבן אין אַמע־ריקע, פֿון וועלטלעכער אידישקייט צו טראַדיציאָנעל־אָרטאָדאָקסישער און צו חסידישער אידישקייט; דערנאָך צו קאָנסערוואַטיווער אידישקייט און צו די רעפֿאָרם אידן, און אויך צו די רעקאָנסטרוקציאָניסטן און צו אַלע אַנדערע, איז מיר אײַנגעפֿאַלן דער געדאַנק, אַז אין אַ געוויסן הינזיכט האָט מיך ווי דער גורל זעלבסט באַשטימט צו דער דאָזיקער פּריוויליקער מיסיע מײַנער פֿון באַשרײַבן אויף אַן אומפּאַרטייאישן אופֿן דאָס קאָלירפֿולע אידישע לעבן אין דעם דאָזיקן גרויסן ישוב. צו באַשרײַבן אַזוי אומפּאַרטייאיש, ווי עס איז נאָר מעגלעך אַ מענטשן צו זײַן אומפּאַרטייאיש. ווײַל גייענדיק פֿון אידישער וועלטלעכקייט, צו אָרטאָדאָקסיע, צו קאָנסערוואַטיזם און צו רעפֿאָרם — האָבן אַלע זייערע פֿירער געערעדט פֿאַר מיר, נאַטירלעך, אין זייער טיפֿסטער איבערצײַגונג און אין זייער טיפֿסטן גלויבן. איך האָב זיך באַקאַנט, ווי גע־זאָגט, מיט זייערע אינסטיטוציעס, וועלכע איך האָב באַזוכט אַ היפּש ביסל

מאָל. אין משך פון די יאָרן, וואָס איך האָב מיין בוך געשריבן, אין משך פון די יאָרן פון מיין שטודירן דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע, האָב איך אָבער ניט זעלטן געקראַגן דעם איינדרוק און ניט זעלטן אויך געהערט, אַז דער און דער פירער דענקט, אַז בלויז ער און זיין באַוועגונג זיינען גערעכט! איך האָב אָבער מיט דער צייט איינגעזען, אַז פון דעם שטאַנדפּונקט פון ברענגען אַ פולע אומפּאַרטייאישע באַשרייבונג פון אידישן לעבן אין אַמע־ריקע וועט מיין אייגענער צוגאַנג אפשר זיין דער בעסטער סיי פאַר מיר, סיי פאַר מיינע לייענער! און דער דאָזיקער שטאַנדפּונקט איז: אַלע זיינען גע־רעכט! יעדער איינער פון זיין אייגענעם שטאַנדפּונקט! און כל זמן יעדער איינער שאַפט עפּעס פּאָזיטיווס פאַר דעם אַלגעמיינעם אידישן לעבן אין אַמעריקע! און שטודירנדיק יעדע באַוועגונג, יעדער גרופּע באַזונדער, האָב איך איינגעזען, אַז ניט זעלטן האָט איין גרופּע געשאַפן אַזעלכעס, וואָס די צווייטע וואָלט עס ניט געקענט שאַפן! און אַז מען האָט זיך פאַרטיפט אין דער געשיכטע, האָט מען געקענט אויסגעפינען, אַז ערגיץ איז געווען אַ גע־וויסע סיבה, פאַרוואָס יעדער גרופּע האָט זיך געשאַפן און אַנטוויקלט.

איך ווייס אָבער, אַז ווען אַן אָרטאָדאָקסישער איד, למשל, וועט נעמען מיין בוך, וועט ער זיך אפשר וואונדערן און פרעגן: ווי אַזוי קען איין און דער זעלבער איד זען גוטסקייט אין אַלע אידישע לאַגערן? ווי איז עס מעגלעך? ווי אַזוי קען עס געמאָלט זיין? וויל איך דאָ גלייך זאָגן מיט דער גאַנצער איבערצייגונג, וואָס אַ מענטש קען נאָר האָבן, אַז יאָ! עס איז מעג־לעך! אָבער איך וויל דאָ גלייך אונטערשטרייכן, אַז דאָס איז מעגלעך אפשר בלויז פאַר אַ אידן, וואָס איז געוואָרן אַ איד מכל המינים! עס איז מעגלעך פאַר אַ אידן, וואָס האָט צוערשט געקראָגן אַן אָרטאָדאָקסישע דערציאונג און שפּעטער אַ וועלטלעכע און איז זיין גאַנץ דערוואַקסן לעבן באַהערשט פון אַן אַלגעמיינער אהבת ישראל! און דורך די דאָזיקע געפילן פון ליבשאַפט צו אַלע אידן, קען מען זען די שיינקייט פון יעדן מין אידישקייט! מען טאָר אָבער ניט פאַרגעסן, אַז דער מקור, דער סאַמע יסוד, איז די עכטע, די פולע אָרטאָדאָקסישע אידישקייט. די אידישקייט פון דעם אַלטן קוואַל. און דער בעסטער באַוויז, אַז אידישקייט אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַר־שטאַרקן, איז דער פאַקט, וואָס די אָרטאָדאָקסישע אידישקייט האָט אָנגע־הויבן צוצוציען גרויסע צאָלן אַמעריקאַנער געבוירענע אידן.

צום סוף וויל איך זאָגן: איך בין פון דער נאַטור פאַרליבט אין אַלץ וואָס איז אידיש און וואָס אָטעמט מיט אידישער שעפערישקייט! איך בין פאַרליבט אין אידישקייט צוליב דער גרויסער קראַפט פון אידישער

גייסטיקייט און צוליב דעם היסטאָרישן אויסדויער פון אידישן פאָלק! דער־פאַר קען איך זאָגן, אַז איך האָב געפונען אַ סך גוטס און שיינס אין יעדן אידישן ווינקל אין אַמעריקע! איך האָב געפונען שיינע בלומען אין יעדן אידישן גאָרטן! ווייל אין מיינע באַזוכן איבער די פאַרשידענע גרופּן האָב איך זיך אויפגעהויבן אויף די גייסטיקע פליגל פון דעם פאַרשידנאַרטיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע און דערזען די רייכע קאָלירן פון דער פולער שיינקייט, וואָס דער דאָזיקער היסטאָרישער ישוב שטעלט מיט זיך פאָר אין דער גרוי־סער אידישער געשיכטע!

איך האָב אָבער געהאַלטן, אַז ווי קלאָר איך זאָל פון מיין שטאַנדפּונקט ניט זען דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע, טאָר איך זיך בשום אופן ניט פאַרלאָזן בלויז אויף מיין אייגענער מבינות. איך טאָר בשום אופן ניט בויען מיין אָפּטימיזם בלויז אויף מיין אייגענעם אַנאַליז. נאָך אַלעמען בין איך דאָך נישט מער ווי אַן אָבסערוואַטאָר, אַ באַאָבאַכטער פון דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע. און גוט וואָלט געווען — אַזוי האָב איך מיר געטראַכט — ווען איך לאָז זיך אַוועק „צו הערן וואָס מענטשן זאָגן״! און ניט „סתם אַזוי זיך מענטשן״, נאָר טאַקע עקספּערטן, אָנערקענטע לערער און פירער, פּעדאַגאָגן, דענקער, פילאָזאָפן, באַוואוסטע תלמידי חכמים, וועלכע שטייען ביים סאַמע רודער פון דעם אידישן קולטור לעבן אין אַמעריקע!

און ווי זאָגט דאָרט אַ ווערטל: געזעגט און געטאָן! און איך האָב מיך אַוועקגעלאָזט אויף דער אונטערנעמונג מיינער, וואָס האָט זיך מיט דער צייט אַרויסגעוויזן צו זיין אַ גאַנץ קאָמפּליצירטער ענין! ווייל איך האָב אויס־געפונען, אַז אָפטמאָל האָט מען געמוזט וואַרטן חדשים לאַנג, ביז עס איז געלונגען צו האָבן אַ געשפּרעך מיט דעם אָדער יענעם אידישן פירער. אַזוי שטאַרק פאַרנומען זיינען זיי געווען אין זייער אַרבעט ביים אָנפירן די וויכטיקע אידישע דערציערישע אינסטיטוציעס. איך האָב געמוזט אייניקע פון די פירנדע פּערזענלעכקייטן זעען אָדער גאָר שפּעט אין אָוונט, עלף אָדער צוועלף ביינאַכט, און אַנדערע אַזוי פרי ווי אַכט אינדערפרי. מיט אייניקע האָב איך זיך געטראָפן אייניקע מאָל, ווייל דער געשפּרעך האָט זיך פאַרצויגן. איך האָב אָבער מיט דער צייט אויסגעפונען, אַז עס האָט זיך געלוינט! ווייל רעדנדיק מיט די פאַרשידענע געלערנטע פון ישיבה אוניווערזיטעט, פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, פון היברו יוניאָן קאָלעדזש, און פון אידיש־רעדנדיקן, אידיש־וועלטלעכן סעקטאָר, האָט זיך פאַר מיר געעפנט אַ נייע ברייטע וועלט. איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין דאָס אידישע לעבן פיל טיפער און האָב דורך די געשפּרעכן מיט די דענקענדע פירנדע אידן, גע־

קראַגן אַ גוטע געלעגנהייט אַריינצוקוקן אין די גייסטיקע טיפענישן פון דעם גרויסן ישוב אין אַמעריקע. און פון די געשפּרעכן האָב איך אויך אויסגע־פונען, אַז אויך די מערסטע פירנדע פערזענלעכקייטן זיינען זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט מלחמה געווען אָפּטימיסטיש וועגן דעם אויסקוק פון דעם גייסטיקן אידישן לעבן דאָ אין לאַנד. איך וועל קיינמאָל ניט פאַר־געסן, ווי פּראָפעסאָר שאול ליבערמאַן, איינער פון די וויכטיקסטע תלמודיסטן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און פּראָפעסאָר פון תלמוד אין אידישן טעאָ־לאָגישן סעמינאַר, האָט מיר דערציילט, אַז בעת ער איז אָנגעקומען אין יאָר 1940 קיין אַמעריקע, האָט ער געוויינט. ער האָט פאַרגאָסן טרערן ממש, ווען ער האָט דערזען, ווי עס האָט דאַן געהאַלטן מיט אידישקייט אין אַמעריקע און ווי גלייכגילטיק עס האָבן זיך די אידישע יונגעלייט באַצויגן צו דעם לערנען תורה. אָבער זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט מלחמה, זינט דעם נאַצישן חורבן און זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל, איז דער אונטערשייד אַזוי ווי פון טאָג צו נאַכט!

אָט דאָס האָב איך אויסגעפונען פון דר. שאול ליבערמאַן!

און עפּעס ענלעכעס האָט מיר אויך געזאָגט ניט קיין אַנדערער ווי דער ליובאַוויטשער רבי, הרב מנחם מענדל שליט״א שניאורסאָן. אַזאַ סאָרט יוגנט ווי עס איז די אידישע יוגנט פון אַמעריקע האָט דאָס אידישע פאָלק שוין ניט געהאַט פאַר עטלעכע דורות. די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט קען פאַר־גליכן ווערן צו ווייס, ניט־פאַרשריבן פּאַפּיר! די אידישע יוגנט פון אַמעריקע וועט אַרויסגעבן גרויסע אידישע לערנער, גרויסע קענער! אַזוי האָט מיר געזאָגט דער נייער ליובאַוויטשער רבי, וועלכער האָט געהאַט גרויס דער־פאַרונג מיט אידישער יוגנט אין אַ גאַנצער ריי לענדער פון אייראָפּע.

און וואָס האָבן געהאַט צו זאָגן אַזעלכע אָרטאָדאָקסישע פירער ווי הרב יוסף דוב סאָלאָווייטשיק און דר. שמואל בעלקין, פּרעזידענט פון ישיבה אוניווערזיטעט? און אַזאַ פירער ווי דר. מאָריס נ. אייזענדראַט, וועלכער איז אויסגעקליבן געוואָרן אויף זיין גאַנצן לעבן פאַר פּרעזידענט פון דער יוניאָן פון אַמעריקען היברו קאָנגרעגעישאָנס, וואָס דאָס איז דער פאַרבאַנד פון די רעפאָרם טעמפּלען פון גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע, האָט אויך פון דעם רע־פאָרם לאַגער געהאַט צו באַריכטן עפּעס ענלעכעס. „די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט איז טויט ערנסט פאַראינטערעסירט אין אידישקייט. עס האָט זיך אָנ־געהויבן אַ מין „גייסטיקע רעוואָלוציע״ אין דעם רעפאָרם אידנטום. מען רייסט זיך צוריק צו טראַדיציע״ — אַזוי האָט מיר דערקלערט ראַבאַי אייזנדראַט.

און אַזוי כסדר! איך בין געגאַנגען פון איין אידישן פירער צו אַ צווייטן! איך האָב אין די מערסטע פאַלן זיי געשטעלט כמעט איין און די זעלבע פראַגע; אַ פראַגע, וואָס איז אין די דרייסיקער און פערציקער יאָרן געווען גאַנץ פּאָפּולער אויף דער אַמעריקאַנער אידישער גאַס! די פראַגע איז גע־ווען: „וואוהין גייט דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע?" אויף דער דאָזיקער טעמע זיינען געשריבן געוואָרן אין דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע אַנצאָליקע אָפּהאַנדלונגען אין אידיש, אין העברעאיש און אין ענגליש. מען האָט אויך אָפּגעהאַלטן אַ היפּש ביסל סימפּאָזיומס און ווער ווייסט וויפל רעפעראַטן עס זיינען געהאַלטן געוואָרן אין דער אידישער אַמעריקע אויף דער דאָזיקער טעמע!

וואוהין גייט דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע?!

מען האָט פיל גערעדט און מען האָט פיל געשריבן און וואָס מער מען האָט גערעדט און וואָס מער מען האָט געשריבן, אַלץ שווערער איז געוואָרן אויפן האַרצן און אַלץ ערגער האָט מען געפילט. ווייל די שטימונג, דאָס געפיל איז געווען, אַז די אידישע יוגנט אין אַמעריקע וויל זיך אַוועקרייסן, וויל אַוועק פון דעם אַלטן אידישן קוואַל! אָבער „פלוצים" האָט עפּעס פּאַ־סירט! און עס האָבן זיך אָנגעהויבן צו הערן גאַנץ אַנדערע טענער. און כאָטש פיל, פיל זיינען נאָך אַלץ געווען סקעפּטיש און זיך באַצויגן ווי מיט פּאַרדאַכט, האָט מען זיך אָבער אָנגעהויבן צוצוהערן צו דעם נייעם ניגון! און דער נייער ניגון, דער נייער נוסח איז געווען, אַז די אידישע יוגנט אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן אויפצוואַכן!

איך פערזענלעך האָב אויך צווישן די פירנדע אידישע פּערזענלעכקייטן, צווישן די לערער און דערציער, אין משך פון מיין לאַנגיאָריקן שטודיום פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, אָנגעהויבן צו הערן דעם נייעם טאָן! די זעלבע פירער, מיט וועלכע איך האָב גערעדט אין די פערציקער יאָרן, האָבן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אין די פופציקער יאָרן, שוין גערעדט גאָר אַנדערש! אַלס דער בעסטער ביישפּיל אין דעם הינזיכט קענען דינען די צוויי דער־קלערונגען, וואָס עס האָט געמאַכט דר. לואיס פינקלשטיין, קאַנצלער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר; צוויי דערקלערונגען, וואָס ווייזן אַמ׳בולט׳סטן אָן אויף דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין איינע צען יאָר צייט, צווישן 1945 און 1955.

אין מיין זוכעניש צו קריגן אַ פול בילד וועגן דעם גאַנג פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, האָב איך געזוכט זיך צו טרעפן מיט דענקער און לערער ניט בלויז פון איין דור, נאָר פון צוויי דורות. איך האָב געהאַט געשפּרעכן,

למשל, מיט דר. מרדכי מ. קאַפּלאַן, וועלכער איז איבער פופציק יאָר גע־שטאַנען ביים רודער פון אידישער דערציאונג און איך האָב זיך פיל מאָל אויך געטראָפן מיט דר. משה דייוויס, וועלכער איז געווען איינער פון די אינגערע תלמידים פון דעם זעלביקן דר. קאַפּלאַן און האָט שפּעטער פאַר־נומען אין סעמינאַר דעם זעלבן אַמט אַלס הויפּט פון לערער אינסטיטוט ביים אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, וואָס דר. קאַפּלאַן האָט יאָרנלאַנג גע־האַלטן. דר. דייוויס, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן פּראָוואָסט פון סעמינאַר, האָט אָנגעוויזן אויף דעם אָנהויב פון אַ נייער עפּאָכע פון אידישן לעבן אין אַמעריקע.

איך האָב גערעדט מיט פּראָפעסאָרן און דענקער פון די פאַרשידענע רעליגיעזע ריכטונגען און שאַטירונגען, און איך האָב געהאַט אויך פיל באַ־געגענישן, נאַטירלעך, מיט פירנדע פּערזענלעכקייטן אין דעם קולטור־סעק־טאָר אויף אידיש! און אויך דאָ האָב איך אָנגעטראָפן אויף אָפּטימיזם, אויף טיפן גלויבן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די אידישע קולטור אויף אידיש, וועלכע האָט דורכגעמאַכט איר אייגענע גאָלדענע עפּאָכע אין דער צייט פון דער אידישער מאַסן אימיגראַציע, האָט אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט געהאַלטן אין גייען באַרג אַראָפּ. איך האָב אויך גע־האַט אַ צאָל לענגערע באַגעגענישן מיט אַזאַ אַלגעמיינעם טוער אויף דעם געביט פון קולטור און דערציאונג ווי בערנאַרד זעמעל, וועלכער איז איבער זעכציק יאָר צייט געווען אַקטיוו אין אַלע מינים אידישע באַוועגונגען און וועלכער האָט געזאָגט, אַז ביי אים זיינען פאַראַן בלויז צוויי מינים אידן: דיפערענט און אינדיפערענט דזשוס! כל זמן עס איז דיפערענט — פאַר־שידן — איז גוט! שלעכט איז אָבער, ווען אַ איד איז אינדיפערענט! גלייכ־גילטיק!

איך האָב מיט אייניקע פירער געהאַט שמועסן, ווייל זיי זיינען געווען באַקאַנט מיט דער אידישער לאַגע אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד.

נאָך די אַלע געשפּרעכן וואָס איך האָב געהאַט מיט די פירנדע פּער־זענלעכקייטן פונעם היגן אידישן לעבן, קען איך באמת זאָגן: מכל מלמדי השכלתי! איך האָב געלערנט פון אַלעמען! איך האָב געקראָגן פיל נייעם וויסן. איך האָב אָבער אויך געוואָלט זען מיט די אייגענע אויגן, ווי דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע גייט אין די פאַרשידענע דערציערישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס און אין די פאַרשידענע יוגנט באַוועגונגען און אַנדערע צווייגן פון אידישער קולטור טעטיקייט. און איך בין געגאַנגען און געזען און באַשריבן. און דאָס אַלץ איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן

אין אַ באַשרייבונג פון הונדערטער און הונדערטער זייטן. און איך וויל האָפן, אַז דער לייענער וועט האָבן גענוג אינטערעס און גענוג געדולד דורכצו־מאַכן מיט מיר די אינטערעסאַנטע און באַלערנדע עקסקורסיע. איך טו אַלץ, וואָס נאָר מעגלעך, צו שרייבן אַזוי לייכט און אַזוי לעבעדיק ווי נאָר איך קען. און איך וויל ניט דעם לייענער פאַרמאַטערן מיט צופיל ציפערן און טרוקענע פאַקטן.

אַלזאָ, לאָמיר אָנהויבן! און אַט דאָ האָט איר צוערשט מיינע באַגעגענישן מיט אַ צאָל פירנדע אידן אין אידישן לעבן אין אַמעריקע, באַשרייבונגען וואָס שפּיגלען אָפּ ניט בלויז דעם געדאַנקענגאַנג פון די דאָזיקע פּערזענ־לעכקייטן, נאָר אויך זייערע אויפטוען אין די הויכע אינסטיטוציעס, וועלכע זיי העלפן פירן. איך האָב אויך פּרובירט געבן אַ פולע באַשרייבונג פון די דאָזיקע פּערזענלעכקייטן, ווייל אין זייער טעטיקייט שפּיגלט זיך אָפּ אַ שטיק אידיש לעבן אין אַמעריקע און אַזעלכע באַשרייבונגען, האַלט איך, קענען זיין אינטערעסאַנט פאַר די, וואָס ווילן שטודירן דאָס אידישע לעבן אין דער איצטיקער צייט, ווי אויך אין דער צוקונפט.

# וואוהין גייט
# דאָס אַמעריקאַנער אידנטום?



ערשטער טייל

געשפּרעכן מיט רעליגיעזע אידישע פירער און מיט פירנדע פערזענלעכקייטן פון די פאַרשידענע קולטור־דערציערישע אידישע באוועגונגען אין אַמעריקע.

# 1

# אידישקייט אין אַמעריקע גייט אונטער און — לעבט אויף! — צוויי דערקלערונגען פון דר. לואיס פינקלשטיין אין פינף יאָר צייט

**פירער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָט אין 1946 אויפגערודערט די אידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג מיט זיין אַלאַרם, אַז די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט גייט אַוועק פון אידישן פאָלק. — אין 1951 האָט אָבער דר. פינקלשטיין דערקלערט, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ גייסטיקער ווידערגעבורט ביים אַמעריקאַנער אידנטום. — וואָס האָט פּאַסירט אין דעם פּעריאָד פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה ? — אַ „געשפּרעך״, וואָס האָט זיך געצויגן עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד און דינט אַלס צוגאָב צום אַריינפיר פון אונזער אויספאָרשונג פון אידישן לעבן אין אַמעריקע**

עס איז געווען אין פרילינג, 1946, ווען איך האָב זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט דר. לואיס פינקלשטיין, פּרעזידענט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין אַמעריקע. כ׳האָב זיך געטראָפן מיט דר. פינקלשטיין אין זיין סטודיאָ אין דער „דזשייקאָב ה. שיף געביידע״, וואו עס האָבן זיך געפונען די הויפּט אָפיסעס, די ביבליאָטעק און די אַרכיוון פון סעמינאַר. כ׳האָב איך פאַרבראַכט מיט אים אין זיין היים, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, ביי ריווערסאַיד דראַיוו.

וואָס אַזוינס האָט מיך דאַן געבראַכט צו פּראָפעסאָר לואיס פינקלשטיין ? וועגן וואָס האָט זיך עס געהאַנדלט ?

עס האָט מיך געבראַכט צו דר. לואיס פינקלשטיין די כוואַליע פון אידישן געזעלשאַפטלעכן אויפברויז און צערודערונג, וואָס עס האָט דאַן אַרויסגערופן זיין וואָרנונג וועגן דער שמד מגפה, וואָס עס האָט זיך אָנגעי־

הויבן צו פאַרשפּרייטן צווישן דער אידישער יוגנט פון אַמעריקע און זיין אַלאַרם, אַז אידישקייט וועט, חלילה, אינגאַנצן אונטערגיין דאָ אין לאַנד. ער האָט דאַן אויף די דאָזיקע געפאַרן אָנגעוויזן אין אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר די גראַדואירנדע תלמידים פון סעמינאַר און אויך אין אַן עסיי אין דעם העברעאישן וואָכנבלאַט „הדואר", טיטולירט „אָמנם, כן הדבר" (אמת, עס איז ווירקלעך אַזוי).

דר. פינקלשטיין האָט דערציילט וועגן דער גאָר נייער פאָרמע פון שמד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן צווישן די אידן דאָ אין לאַנד! אַ „שמד" אָן אָפיציעלער טויפונג; אַ שמד, לויט וועלכן אידן גיסן זיך „אויטאָמאַטיש" אַריין אין אַנדערע רעליגיעס דורך הייראַט־פאַרבינדונגען מיט קריסטלעכע מענער אָדער פרויען. פיל אַמעריקאַנער געבוירענע אידן זיינען אפילו ניט דורכגעגאַנגען דעם פּראָצעס פון אויפגעבן אידישקייט, ווייל זיי זיינען שוין געווען אַזוי ווייט פון אידישקייט, אַז זיי האָבן געפילט, אַז זיי האָבן אפילו נישט וואָס אויפצוגעבן. מען האָט געהייראַט מיט קריסטן און די קינדער זיינען במילא שוין דערצויגן געוואָרן אַלס ניט־אידן. דר. פינקלשטיין האָט דערציילט וועגן אַ צאָל פאַלן פון אַזעלכע געמישטע הייראַטן. אין איינעם אַ פאַל אַזאַ האָט זיך עס געהאַנדלט וועגן אַ פאָטער און זיין זון, אַ דערוואַקסענער בחור שוין! דער דאָזיקער יונגערמאַן איז געקומען צו זיין טאַטן, ניט וויסנדיק, אַז זיין פאָטער זעלבסט איז אַ איד און אין אַ רואיקער, פריינטלעכער דיסקוסיע האָט דער זון „אַרויסגעזאָגט די מיינונג", אַז היטלער איז געווען גערעכט מיט זיינע „פאַרפאָלגונגען" אויף אידן.

„דאָס, וואָס היטלער האָט ניט געקענט מיט צוואַנג דורכפירן אין אייראָפּע, דאָס ווערט אין אַמעריקע דורכגעפירט „פון זיך אַליין" — האָט דר. פינקלשטיין דאַן געוואָרנט.

„היטלער האָט געקענט אומברענגען מיליאָנען אידן מיט כל'ערליי טייוולאָנישע טויטן! היטלער האָט אָבער ניט געקענט אויסלעשן דאָס הייליקע אידישע גייסטיקע פייער! און עס איז אַ גלאָררייכער פאַקט, וואָס ניט קוקנדיק אויף אַלע טויטלעכע שטראָפן האָבן אידן אין די געטאָס, אין די טויטןלאַגערן אין אָשוויענטשים און טרעבלינקאַ און וואו נאָר ערגיץ אַ נאַצישער גיהנום, אויפגעהאַלטן דעם אייביקן פייער פון דער אידישער טראַדיציע! אָבער דאָ, אין אַמעריקע, גיבן די אידן זיך אונטער גאַנץ לייכט! אָן וועלכן עס איז ווידערשטאַנד! אָן קיין שום קאָנטער־אַטאַקעס בויגט די אידישע יוגנט אָן דעם קאָפּ און זוכט וואָס שנעלער זיך אויסצומישן, פאַרלוירן



דר. לואיס פינקלשטיין
פרעזידענט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר

און פאַרגעסן ווערן צווישן דער גרויסער מאַיאָריטעט" — אַזוי האָט דר. פינקלשטיין דאַן געוואָרנט.

דר. פינקלשטיין האָט דאַן אויך אָנגעוויזן, אַז ניט בלויז רעליגיעזע אידישקייט פאַרשווינדט צווישן דער יוגנט, נאָר אידישקייט אין אַלגעמיין. אידישע קולטור. די אידישע שפּראַך. אידישע ימים טובים. אידישע טראַדיציע. די אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע יוגנט, מערסטנס אין די פאַמיליעס, וואו די עלטערן זיינען שוין אויפן עולם האמת, האָט ניט קיין שום חשק און דראַנג צו וועבן ווייטער דעם גאָלדענעם שנור פון אידישקייט! אַזוי האָט ביטער אָנגעוויזן דער פירער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין פרילינג פון יאָר 1946. ביטער האָט דאַן געקלונגען די וואָרנונג פון דער גרויסער געפאַר, און די אידישע געזעלשאַפטלעכע מיינונג איז געווען שטאַרק אויפגע־רודערט. עס האָט אויסגעזען — אין גייסטיקן זינען — ווי ערב אַ גרויסן מבול! גאָט'ס שטראָף האָט זיך אַרונטערגעלאָזן מיט דעם גאַנצן גזר אויף דעם אידישן פאָלק! אין איין עק וועלט — אין דער אומגליקלעכער, צערי־סענער אייראָפּע — האָט מען אונז פאַרניכטעט פיזיש! פאַרגאַזט און פאַר־ברענט! און אין אַ צווייטן עק וועלט — אין דער גרויסער רייכער אַמעריקע — פאַרניכטעט מען אונז גייסטיק! און וואָס עס איז נאָך ערגער, — מיר פאַר־ניכטן זיך אַליין!

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס בילד אין יאָר 1946!

און עס איז אַוועק אַ יאָר, און נאָך אַ יאָר, און נאָך אַ יאָר. און עס איז געווען אין יאָר 1951, ווען דער זעלביקער דר. לואיס פינקלשטיין, איז „פלוצים" אַרויסגעקומען מיט אַ נייער דערקלערונג, וואָס איז געווען די פולע הונדערט פּראָצענט דער היפּוך פון דער דערקלערונג פון יאָר 1946! אין זיין נייער דערקלערונג, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1951, אין דעם גרויסן אַמעריקאַנער זשורנאַל „טאַים", האָט דר. פינקלשטיין אָנגעוויזן, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקע גייסטיקע דערוואַכונג אין אַמעריקאַנער אידנטום, אַ דערוואַכונג, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט גרויסע טיילן פון דער אידישער יוגנט.

„איך זאָג פאָראויס, אַז אין משך פון 25 יאָר וועט די מערהייט פון די פינף מיליאָן אידן אין אַמעריקע זיך צוריקקערן צו זייער גלויבן און די מערסטע פון זיי וועלן זיין שומרי שבת!" — אַזוי האָט דאַן דערקלערט דער פירער פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט אין אַמעריקע צו דעם „טאַים מע־געזין", וועלכער האָט אין דער וואָך פון 15טן אָקטאָבער געווידמעט דעם שער־בלאַט פון זשורנאַל דר. פינקלשטיינען, מיט אַ בילד פון אים אין קאָלירן,

צוזאַמען מיט אַ „נר תמיד“, דער סימבאָל פון אידישער אייביקייט. „טאַים“ האָט דאָן אויף גאַנצע זעקס זייטן אַרומגערעדט די גייסטיקע דערוואַכונג פון אידנטום אין אַמעריקע.

די ברייטע אידישע עפנטלעכקייט אָבער, די לייענער פון דער אידישער פּרעסע, אין אידיש, אין ענגליש און אין העברעאיש, האָבן נאָך גוט געדענקט די שאַרפע וואָרנונג פון דר. לואיס פינקלשטיין פון 1946, און זיי האָבן זיך ווי געריבן די אויגן, וואונדערנדיק זיך, וואָס אַזוינס עס קומט פאָר ?! אויך די פּראָפעסיאָנעלע אידישע שרייבער, פּובליציסטן און זשור־נאַליסטן מכל המינים, קאָמענטאַטאָרן, אויסטייטשער פון אידישן לעבן דאָ אין לאַנד, האָבן זיך געפּעדערט מיט כל'ערליי קשיות און פראַגן. וואָס קומט פאָר ?! וואָס פּאַסירט ?! וואָס איז געשען ?!

אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, האָט אָנגעהויבן זיך אויסצולייטערן דאָס בילד ! אַזוי ווי אין אַ „צעשניטענער“ רעטעניש, וואָס איז באַקאַנט אין ענג־ליש אַלס „דזשיג־סאָו פּאַזל“, וואו יעדער טייל „באַלאַנגט ערגיץ“, אַזוי האָט דאָס בילד פון אידישן לעבן אין אַמעריקע זיך אָנגעהויבן אויספילן. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן, אַז 1946 און 1951 זיינען געווען דער סוף און דער אָנהויב פון צוויי גרויסע פּעריאָדן פון אידישן לעבן אין אַמע־ריקע. ביידע זיינען ניט „געקומען פּלוצים“, און איינער איז אַרויסגעוואַקסן פון צווייטן. אין די סוף־דרייסיקער און אָנהויב פערציקער יאָרן, ווען דער היטלעריזם האָט געבושעוועט, האָבן יונגע אידן אין אַמעריקע געזוכט זיך אויפצולייזן אינגאַנצן אין „אַמעריקאַניזם“. זייער שטרעבונג איז געווען אַ רעזולטאַט פון צוויי דורות אָדער מער אידישער אימיגראַציע, וואָס האָט גע־זוכט זיך „צופּאַסן“ וואָס מער צו אַמעריקע. אָט די דאָזיקע שטרעבונג האָט געקראָגן איר קלימאַקס אין די יאָרן פון צווייטן וועלט קריג. און אָט וועגן דעם דאָזיקן קלימאַקס האָט עס געוואָרנט דר. פינקלשטיין.

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז די וואָרנונג וועגן „שלעכט“ איז געקומען היפּש שפּעט און די מעלדונג וועגן „גוט“ איז געקומען אַביסל צו פרי — ביידע מעלדונגען זיינען אָבער דערפאַר געווען העכסט דראַמאַטיש און אויפגע־רודערט דאָס אידישע געמיט ! ביידע דערקלערונגען זיינען געווען אַ טייל פון די שאַרפע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אַמעריקאַנער אידישן לעבן אינמיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

און עס איז געווען סוף 1946 און 1947, ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן צוריקצוקערן די אַמעריקאַנער אידישע מלחמה־וועטעראַנען פון די פאַרשיי־דענע פראָנטן אין די פאַרשידענע וועלט־טיילן. עס זיינען צוריקגעקומען

צענדליקער טויזנטער אידישע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך אָנגעזען מיט גרוי־
סע אידישע צרות אין אייראָפּע און די שווערע אידישע טראַגעדיע האָט ווי
אויסגעלייטערט די דאָזיקע ליידנדע אידישע יוגנט פון אַמעריקע. זיי זיינען
צוריקגעקומען — די מאַסן אידישע קריגס־וועטעראַנען — און אָנגעהויבן
זיך איינצואָרדענען און אָנגעפאַנגען צו טראַכטן וועגן זייערע אייגענע פאַ־
מיליעס, אייגענע ווייב און קינדער. אַ גאָר גרויסע צאָל וועטעראַנען האָבן
שוין געהאַט פאַמיליעס מיט יונגע קינדער פון פריער. און ווי פון אונטער
אַ שווערן נעפּל האָט זיך אָנגעהויבן אַרויסצושיילן גאָר אַן אַנדער פּאַנאָ־
ראַמע. עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען אין די מערסטע גרויסע אידישע ישובים
פון אַמעריקע שאַפן נייע, גרויסע געמיינדעס פון יונגע אידישע פאַמיליעס.
די גרויסע ענגשאַפט אין די הויפּט צענטערן האָט געפירט דערצו, אַז די
נייע יונגע אידישע פּאָרלעך זאָלן זיך באַזעצן אין די פּאָרשטעט און אָנהויבן
צו פאָרמירן זייער אייגענעם אַרט לעבן. צו דער זעלבער צייט איז דאָס גאַנצע
אַמעריקאַנער אידנטום ווי עלעקטריזירט געוואָרן פון דער גרויסער דראַמע
און דעם היסטאָרישן קאַמף פאַר דעם אידישן היימלאַנד. עס איז אויפגעקו־
מען מדינת ישראל און די אידישע מאַסן פון אַמעריקע זיינען געוואָרן טיכ־
טיקע שותפים אין דער גרויסער היסטאָרישער געשעעניש.

און „פלוצים", ווי איבערנאַכט, האָט מען „אָנגעהויבן צו רעדן", אַז עס
רודערט זיך „גאַנץ אַנדערש" אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. דער
נייער דור אַמעריקאַנער אידישע עלטערן האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן
פאַר די אייגענע קינדער אַזאַ סאָרט דערציאונג, וואָס זיי אַליין האָבן ניט
געקראָגן. אין די נייע אידישע געמיינדעס האָבן די „נייע" אידישע באַלע־
בעסלעך אָנגעהויבן צו שאַפן אַ אידיש לעבן, וואָס איז מערסטנס קאָנצענט־
רירט אַרום דעם אידישן געמיינדע צענטער און אַרום דער סינאַגאָגע. עס
איז „פלוצים" אויך אויסגעוואָקסן אַ נעץ פון טעגלעכע אָרטאָדאָקסישע טאָג־
שולן, ישיבות קטנות. די אידישע יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן מער פאַראינ־
טערעסירן מיט עכטע אידישע ווערטן. עס האָט אָנגעהויבן ווערן אין „בעסטן
סטיל" און עס איז געוואָרן „פעשאָנעבל", צו זיין טראַדיציאָנעל אידיש, צו
פייערן אידישע ימים טובים און אויך אָפטער צו גיין אין שול אַריין.

און עס האָט זיך אויך אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו בייטן די אַלגעמיינע
אַטמאָספערע, דער גייסטיקער קלימאַט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע.
און דער זעלבער דר. פינקלשטיין, וועלכער האָט אין 1946 אונז געהאַט דער־
ציילט וועגן דעם זון פון אַ געמישטער הייראַט, וואָס האָט פאַר זיין אידישן
פאָטער פאַרטיידיקט היטלערס מעשים, האָט אונז שוין אין 1951 געהאַט צו

דערציילן וועגן אידישע עלטערן, וועלכע זיינען געווען ווי צעטומלט פון אַ גאַנץ נייער דערשיינונג. דער פירער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָט דערציילט וועגן זיינעם אַ פריינט, אַ דערפאָלגרייכער אינדוסטריאַליסט, וועלכער האָט זיך ניט געקענט אָפּוואונדערן פון זיין זון, וועלכער האָט באַ־שלאָסן צו ווערן אַ טעאָלאָג, אַ רעליגיעזער אידישער פאָרשער. און אַ צווייטער יונגערמאַן, דער זון פון אַן אייגנטימער פון אַ גאַנצער נעץ פון פאַר־שידענע קראָמען (טשעין סטאָרס), האָט דערקלערט זיין פאָטער, אַז ער וויל נישט „אָוועק'פּטר'ן" זיין לעבן אין דער געשעפטס־וועלט. ער האָט באַשלאָסן בעסער צו ווערן אַ רב.

„פיל אידישע עלטערן, וועלכע איך קען, זיינען ווי צעטומלט! זיי קענען נישט פאַרשטיין, וואָס עס איז פאָרגעקומען מיט זייערע קינדער!" — אַזוי האָט געהאַט דערציילט דר. פינקלשטיין צו דעם פאָרשטייער פון גרויסן אַמעריקאַנער זשורנאַל. אַ גאָר גרויסער טייל אַמעריקאַנער אידישע קינדער ווילן אידישקייט, מער אידישקייט, און זיי ווילן אַ אידישקייט, וואָס זאָל זיי פאַרפליכטן! זיי ווילן „אַ שווערע אידישקייט", מיט דיסציפּלין, מיט מער אינהאַלט!

זינט אָקטאָבער 1951 זיינען ווידער פאַרביי עטלעכע יאָר און אין משך פון דעם יאָרצענדליק, זינט איך האָב זיך צוערשט באַגעגנט מיט דר. לואיס פינקלשטיין, האָב איך געהאַט פיל געלעגנהייטן זיך צו טרעפן מיט אים. איך האָב געהאַט מיט דעם פירער פון דער גרויסער ראַבינער שולע אין משך פון די דאָזיקע יאָרן אַ גאַנצע ריי געשפּרעכן וועגן דעם מצב פון אידישקייט אין אַמעריקע. אין איינעם אַזאַ געשפּרעך האָב איך אים גע־בעטן, אַז ער זאָל מיר געבן אַ גענויע אויפקלערונג, אַן אַנאַליז פון דער הויפּט־סיבה אין דער ענדערונג צום בעסערן, וואָס איז ממש אַן „איבער־קערעניש", וואָס איז פאָרגעקומען און קומט פאָר אין דער אַמעריקאַנער אידישער יוגנט.

דר. פינקלשטיין האָט מיר אין קורצן דערקלערט דאָס פאָלגנדע: לויט ווי ער זעט איין, איז די יוגנט פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אַ גאַנץ אַנדערע, ווי די יוגנט פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך דעם ערשטן וועלט קריג איז די יוגנט געווען אַ הפקר'דיקע, אַ יוגנט, וואָס האָט געוואָלט בלויז „לעבן אַ גוטן טאָג" און פאַרגעסן זיך. און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די „ספּיק איזי'ס", דער „פּראָהיבישאָן פּעריאָד". דער פּעריאָד פון דער גרויסער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע האָט דאַן דערגרייכט זיין העכסטע מדרגה. די אַמעריקאַנער יוגנט איז געווען ביז גאָר „זיכער" ביי זיך.

די יוגנט פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, די יוגנט ביים אָנהויב פון דער צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט, איז אין אַלגעמיין שוין אַ גאַנץ אַנדערע. עס איז אַ מער ערנסטער דור, האָט דערקלערט מיר דר. פינקלשטיין. עס איז אַ דור, וואָס זוכט און וואָס איז שוין ניט אַזוי זיכער ביי זיך. אין די אַלע טראַגישע שוועריקייטן פון דער אַטאָמישער צייט, האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ נייע וועלט! און ווייל די מענטש־הייט האָט פאַר זיך דערזען די גאָר גרויסע געפאַר פון פולער פאַרניכטונג, האָט די מאַטעריאַליסטישע קאָנצעפּציע, די פילאָזאָפיע פון „אַלץ ווייסן מיר און אַלץ קענען מיר", אָנגעהויבן אָפּגעשוואַכט צו ווערן. אין אַמעריקע, וואו צוליב אונזערע גרויסע טעכנישע מעגלעכקייטן און גרויסער רייכשאַפט, האָט דער מאַטעריאַליזם דערגרייכט זיין העכסטע הויך, האָט זיך אויך אָנגעהויבן אַ שטרעבונג צו מער גייסטיקייט, צו רוחניות'דיקער פאַרטיפונג! און אָט די דאָזיקע דערשיינונג האָט זיך באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָנגעהויבן מערקן צווישן דער אידישער יוגנט. און דר. פינקלשטיין האָט פּראָסט און פשוט אָנגעהויבן צו קומען צו די פּראָפעסאָרן און פאַרלאַנגט צו לערנען מער תורה, מער דיסציפּלין. יאָ! דר. פינקלשטיין האָט מיר דער־ציילט, ווי די בחורים אין דער שול פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט פאַר־לאַנגען פון די פירער פון סעמינאַר מער און מער טראַדיציע, מער און מער געטריישאַפט צו די אַלטע דרכים, מער און מער פון די גאָר אַלטע קוואַלן.

„נאַטירלעך", — האָט מיר געזאָגט דר. פינקלשטיין — „מען טאָר ניט אָננעמען, אַז די ישועה איז שוין געקומען. עס איז אָבער אַ וויכטיקער אָנהויב און אַ גאָר גוטער אָנהויב דערצו!"

דער פירער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָט מיר אויך אָנגעוויזן דערויף, וואָס „ניט קוקנדיק אויף אַלע גליקן", מוז מען אָנערקענען דעם טראַגישן פאַקט, אַז דער פּעריאָד פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז אַ פּעריאָד פון גאָר ווינציקער תורה אין אַמעריקע, ווי מיט אַ פערטל יאָר־הונדערט פריער. דאָס איז פשוט דערפאַר, ווייל אַ גאַנצער דור לומדים, גרויסע לומדים, איז אַוועק פון דער וועלט און דער קוואַל פון אייראָפּעאישער לומדות, וואָס פלעגט שטראָמען קיין אַמעריקע, איז פאַרניכטעט געוואָרן. עס האָט זיך געשאַפן אַ געוויסער טראַגישער וואַקום, אַ ליידיקייט! און שווער, שווער איז דער פאַרלוסט! און דער פאַרלוסט איז פון אַזאַ מין, וואָס וועט קיינמאָל ניט קענען פאַרהיילט ווערן. דאָך אָבער, אַ פאָלק, ווי דאָס לעבן אין אַלגעמיין, מוז ווייטער אָנגיין!

און דאָ איז דר. פינקלשטיין געוועזן ווידער פול מיט גלויבן און אָפּטי־

מיזם! אין שייכות מיט דער צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, האָט דער פירער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר געהאַט דערקלערט פאַר דעם פאַרשטייער פון „טאַים מעגעזין" אין 1951 דאָס פאָלגנדע: „איך האָף, אַז די אידישע געמיינדע אין אַמעריקע וועט פון זיך נאָך אַרויסגעבן אַ שול פון „גרויסע לערנער, לומדים," און וועט זיך דערהויבן צו איר אייגע־נער גייסטיקער הויכקייט אַלס אַ ווירקנדיק פאָלק. אַזאַ געשעעניש, ווען זי וועט פּאַסירן, וועט זי האָבן אַ טיפע ווירקונג סיי אויף אַמעריקע, סיי אויף דער גאַנצער וועלט".

אין יענער אינטערוויו האָט דר. פינקלשטיין אויך דערציילט, אַז ווען ער איז געווען אַ אינגל פון 15 יאָר, אין בראַנזוויל, ברוקלין, האָט ער זיך אַלעמאָל געפרעגט די פראַגע: צוליב וואָס האָט גאָט געדאַרפט ברענגען די אידן קיין אַמעריקע? דר. פינקלשטיין, וועלכער האָט אינגלווייז נאָך געזען, ווי אַזוי דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע גייט אַוועק פון די טראַ־דיציאָנעלע אידישע וועגן, האָט אַלעמאָל זיך געטראַכט: צוליב וואָס? צו־ליב וואָס זיינען אידן געקומען אין דעם דאָזיקן גרויסן און טומלדיקן לאַנד? נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — דערציילט דר. פינקלשטיין, האָט ער אָנ־געהויבן צו קריגן אַ טיילווייזן ענטפער אויף זיין פראַגע, וואָס ער האָט אַלס אַ אינגל געשטעלט. לויט ווי דר. פינקלשטיין האָט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איינגעזען, האָט עס געשלאָגן די גורל'דיקע שעה פאַר די אידן אין אַמעריקע אָנצוהויבן צו פאַרנעמען דאָס באַשטימטע חשובע אָרט ווי אַ גייסטיק־שעפערישער כח אין דער אידישער געשיכטע.

אין זיינע פאַרשידענע אַרויסטרעטונגען האָט דר. פינקלשטיין, אפילו ווען ער האָט געוואָרנט וועגן ערנסטן קריזיס, אַלעמאָל אָנגעוויזן אויף ברייט־פאַרנעמערישע פּלענער ווי אַזוי צו פאַרשטאַרקן אידישקייט אין אַמעריקע. און די פּלענער דר. פינקלשטיינ'ס זיינען אַלעמאָל געווען אין איינקלאַנג מיט דער אידישער ווירקלעכקייט. ווייל דר. פינקלשטיין, אַלס נאָכפאָלגער פון דר. סאלאָמאָן שעכטער און דר. סאַירוס אַדלער, די צוויי פריערדיקע פּרע־זידענטן פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין אַמעריקע, האָט אַלעמאָל גע־זוכט צו אָנערקענען די ווירקלעכקייט אין אַמעריקע, ווי זי איז, און פון די ערגסטע אומשטענדן אפילו אַרויסקריגן דאָס בעסטע. דר. פינקלשטיין האָט אַלעמאָל אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז ווען מען רעדט וועגן אידישן לעבן אין אַמעריקע, טאָר מען עס אין קיין שום פאַל ניט פאַרגלייכן מיט דעם אידישן לעבן פון יענער זייט ים, וואו די אַלגעמיינע אומשטענדן זיינען גע־

ווען אַנדערע, די קולטור אַן אַנדערע און אפילו אונזערע שכנים זיינען גע־ווען אַנדערע, און אויך די צייט איז געווען אַן אַנדערע.

דער ערשטער פונקט פון דר. פינקלשטיינ׳ס פּראָגראַם איז אַלעמאָל גע־ווען אויפצואוועקן און אַנטוויקלען אַ טיפן אינטערעס ביי דער אַמעריקאַנער געבוירענער אידישער יוגנט צו אידישע טראַדיציעס, צו אידישע מנהגים, צו אידישער געשיכטע, צום אידישן גלויבן. דערציען די אידישע יוגנט אַזוי, אַז זי זאָל אויף אַ באַוואוסטזיניקן אופן שטאָלצירן מיט איר אידישקייט.

כדי דאָס צו דערמעגלעכן, דאַרפן אין אַמעריקע צוגעגרייט ווערן אַ־וואָס גרעסערע צאָל ראַבאַיס, לערער, גייסטיקע פירער. ווייל גאָר אַ גרויסער טייל פון דער שולד דערפאַר, וואָס די יוגנט איז ניט גענוג אידיש־באַוואוסט־זיניק, איז דער פאַקט, וואָס עס זיינען פּראָסט און פשוט אין אַמעריקע נישטאָ גענוג פּאַסנדע אידישע וועגווייזער. די אידן, האָט דר. פינקלשטיין אָנגעוויזן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, זיינען די איינציקע רעליגיעזע גרופּע דאָ אין לאַנד, וואָס האָט די קלענסטע צאָל גייסטיקע פירער. ביי אַ קאָנפערענץ, וואָס דער נאַציאָנאַלער פּלאַניר קאָמיטעט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָט אָפּגעהאַלטן אין פעברואַר, 1955, אין מיאַמי ביטש, צוזאַמען מיט דער יוניי־טעד סינאַגאָג אָוו אַמעריקא און דער ראַביניקל אַסעמבלי, זיינען אַרויסגע־געבן געוואָרן פּאָלגנדע ציפערן וועגן דער צאָל גייסטלעכע ביי די פאַרשי־דענע פירנדע רעליגיעס אין אַמעריקע:

פינף און אַ האַלב מיליאָן אידן אין אַמעריקע זיינען באַדינט געוואָרן פון ניט מער ווי פון צוויי טויזנט ראַבאַיס.

פינף מיליאָן פּרעסביטעריאַנער האָבן געהאַט ביין טויזנט גייסטלעכע (מיניסטערס).

אַכט מיליאָן מעטאָדיסטן זיינען באַדינט געוואָרן פון צוויי און צוואַנציק טויזנט „מיניסטערס״.

דרייסיק מיליאָן קאַטאָליקן האָבן געהאַט אַרום דרייסיק טויזנט גלחים.

די זעלבע סטאַטיסטיק איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן אויף דעם פאָלגנדן אופן:

איין גייסטלעכער האָט באַדינט אַרום 550 פּרעסביטעריאַנער.
איין מעטאָדיסטישער מיניסטער האָט באַדינט אַרום 360 מעטאָדיסטן.
איין קאַטוילישער גלח האָט באַדינט יעדע טויזנט קאַטאָליקן.
איין ראַבאַי האָט באַדינט איבער צוויי און אַ האַלב טויזנט אידן.

ווי עס איז צו זען, זיינען די ראַבאַיס געווען פּראָפּאָרציאָנעל אין דער קלענסטער צאָל.

אָבער ווי שלעכט עס איז ניט געווען דער צושטאַנד אין שייכות מיט ראַבאַיס און רבנים, איז די לאַגע אָבער אין שייכות צו לערער געווען אַ פּיל, פּיל ערגערע. דערפאַר האָט דר. פינקלשטיין אַלעמאָל איינגעשלאָסן אין זיינע פּלענער אַ פאַרשטאַרקטע באַוועגונג צו דערציען וואָס מער לערער, וואָס זאָלן קענען פאַרשטאַרקן די אַרבעט אויף דעם אידישן חנוך געביט אין אַמעריקע.

דר. פינקלשטיין האָט אין זיין פּראָגראַם פאַראויסגעזען אַ אידישע דער־ציאונגס סיסטעם, וואו די אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע יוגנט זאָל קענען גאַנץ גוט העברעאיש, רעדן און שרייבן! ווייל דאָס אידישקייט אונזערס דאַרף זיך דרייען אַרום מדינת ישראל אַלס דער צענטראַל פּונקט. פיל ווען אויך קענען אידיש, ווייל אידיש וועט לעבן פיל לענגער, ווי מען דענקט, האָט אַלעמאָל געהאַלטן דר. פינקלשטיין. דאָס אידישע קינד אין אַמעריקע דאַרף, נאַטירלעך, דערצויגן ווערן אין אַ טיפער ליבשאַפט צו דער גרויסער פרייער אַמעריקע פון וואַשינגטאָן, דזשעפערסאָן און לינקאָלן. צו דער זעלבער צייט אָבער דאַרף אין אים איינגעפלאַנצט ווערן אַ הייליקע ליבע צו מדינת ישראל. און אין אָט דער צווייענדיקער ליבע איז גאָרניט ניטאָ קיין ווידער־שפּרוך. פּונקט ווי די צענדליקער מיליאָנען קאַטוילים שווערן אייביקע ליבע צו רוים, פּונקט אַזוי דאַרפן די אידישע קינדער הייליק האַלטן ציון וירושלים, האָט אָנגעוויזן דר. פינקלשטיין.

און אַז דר. פינקלשטיין האָט גערעדט וועגן אַזאַ פּלאַן, וועגן אַזאַ מין קאָמבינאַציע פון אַ פול באַוואוסטזיניקן אידן און אַ פול באַוואוסטזיניקן אַמעריקאַנער, האָט מען אויף אים זיכער געקענט זאָגן, אַז ווער, ווער, נאָר ער רעדט זיכער פון אייגענער דערפאַרונג. ווייל ער, דר. פינקלשטיין, איז געווען אַ געבוירענער דאָ אין לאַנד. און אין זיין גאַנצער פאַרבנרייכער קאַריערע איז ער געווען אַ קאָמבינאַציע פון אידישקייט און אַמעריקאַניש־קייט.

דר. פינקלשטיין איז געבוירן געוואָרן ביים סוף פון 19טן יאָרהונדערט אין סינסינעטי, אין דעם געבורט פּלאַץ פון רעפאָרם אידישקייט, ביי אַ פאָ־טער, וועלכער איז איבער זעכציק יאָר כסדר געווען אַן עכט אָרטאָדאָקסי־שער רב אין אַמעריקע. רש״י פינקלשטיין איז געווען זיין נאָמען. ער האָט יאָרנלאַנג פאַרנומען אַ כסא הרבנות אין בראָנזוויל, ברוקלין. און דאָרט, אין בראָנזוויל, האָט דר. פינקלשטיין פאַרבראַכט זיין יוגנט, דורכמאַכנדיק פּאָבליק סקול, האַי סקול, חדרים, פּריוואַטע רבנים און תלמוד תורה׳ס. ער האָט גראַדואירט פון ניו יאָרקער סיטי קאַלעדזש און פון קאָלאָמביע אוני־

ווערזיטעט און אין 1919 איז ער געוואָרן ראַבאַי, גראַדואירנדיק פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. ער האָט געהאַט אויך אַ צאָל ערן דיגריס, צווישן זיי פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט און פון באָסטאָן אוניווערזיטעט. אין יאָר 1940 האָט פּרעזידענט רוזוועלט איינגעלאַדן דר. פינקלשטיינ׳ען צו פאַרטרעטן דאָס אַמעריקאַנער אידנטום אין אַ ספּעציעלער אינטערנאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט פון פאַרשטייער פון אַלע רעליגיעס אין קאַמף קעגן נאַציזם.

בלויז צוועלף יאָר צייט איז דר. לואיס פינקלשטיין געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער ראַבאַי. ער איז פון 1919 ביז 1931 געווען דער גייסטיקער פירער פון דער קאָנגרעגעישאָן קהילת ישראל, אין די בראָנקס, ניו יאָרק. אָבער גלייך נאָך זיין גראַדואירן אַלס ראַבאַי, איז ער געוואָרן אַ פּראָפעסאָר אין אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר און ער האָט אַלע יאָרן, ווי פאַרנומען ער איז ניט געווען אין זיינע פאַרשידענע מיסיעס, ניט אויפגעגעבן זיינע פאַרשידענע פּראָפעסאָרשיפּ־פּאָזיציעס אין סעמינאַר, אַלץ כדי צו זיין נאָענט צו די צוקונפטיקע גייסטיקע פירער פון אַמעריקאַנער אידנטום.

מיר דערציילן דאָס אַלץ, כדי צו ווייזן, אַז דר. פינקלשטיין האָט געערעדט אין אַלע זיינע פלענער פון אייגענער און פּערזענלעכער דערפאַרונג.

אין זיין פּלאַן, וואָס דר. פינקלשטיין האָט פאָרגעבראַכט אין 1946, און וועגן וועלכן דער שרייבער פון די שורות האָט פאַרעפנטלעכט אַ סעריע אָפּהאַנדלונגען אין דער אידישער פּרעסע פון יענער צייט, האָט דער פירער פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט אָנגעוויזן, אַז עס איז נויטיק איינצואָרדענען צוויי טויזנט נייע קאָנגרעגאַציע־צענטערס אין אַמעריקע. די דאָזיקע צענטערס וועלן דאַרפן באַדינען אויך די קלענערע שטעטלעך און פאַרוואָרפנסטע פּונקטן, וואו נאָר אידן געפינען זיך. דער פּלאַן האָט אויך איינגעשלאָסן אַ גרויסע אידישע שול פאַר געזעלשאַפטלעכע טוער (סאָשל וואָירקערס). דר. פינקלשטיינ׳ס גאַנצע פּראָגראַם האָט זיך אַלעמאָל קאָנצענטרירט אַרום אַן אַלגעמיין־פאַרשטאַרקטער רעליגיעזער אידישקייט אין אַמעריקע, מיט שמירת שבת אַלס צענטראַלער פּונקט.

אין מיינע געשפּרעכן מיט אים, אין 1946, האָט דר. פינקלשטיין געהאַט אָנגעוויזן, אַז כדי צו אַנטוויקלען זיין פּראָגראַם, וואָלט מען דאַרפן האָבן אַ קאַפּיטאַל פון פופצן מיליאָן דאָלער. ער האָט דאַן געהאַט אויך דערקלערט, אַז ער האָפט, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידנטום וועט ענטפערן אויף דעם דרינגנדן רוף פון דער צייט און אָפּשאַצן ריכטיק די געפאַר פון די אָפּגעשוואַכטע פּאָזיציעס פון אידישקייט אין אַמעריקע. אין יאָר 1955 האָט אָבער דער אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר אונטער דער אָנפירערשאַפט

פון דר. פינקלשטיין, צוזאַמען מיט דער ראַביניקל אַסעמבלי און מיט דער יונייטעד סינאַגאָג, אָנגענומען ביי אַ קאָנפערענץ אין מיאַמי אַ פּלאַן צו שאַפן זעכציק (60) מיליאָן דאָלער אין צען יאָר צייט, כדי צו פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פון אידישקייט דאָ אין לאַנד און שאַפן „אַ געמיינדע פון גייס־טיקע שטאַטסלייט" אין אַמעריקאַנער אידנטום. דאָס פּראָקלאַמירן אַן אַקציע פון זעכציק מיליאָן דאָלער פאַר גייסטיקע, פאַר רוחניות׳דיקע צוועקן, איז געווען דער אָנהויב פון אַ ניי קאַפּיטל אין אידישן לעבן פון אַמעריקע. אַ קאַפּיטל פון גרויסע קאַמפּעינס פאַר דערציאונג און פאַרן אויפבוי פון אַ שטאַרקער אידישקייט דאָ אין לאַנד.

דער צוגאַנג אָנצוהאַלטן אידישקייט אין דער נייער וועלט דאַרף רעווי־דירט ווערן אפילו פאַרן עלטערן דור, און ניט בלויז פאַר די נייע דורות. דערפאַר מוז מען באַנוצן אַזעלכע מיטלען איינצופלאַנצן אידישקייט אין אַמעריקע ווי ראַדיאָ, טעלעוויזיע, פילמען, מוזייען, קלובן, אילוסטרירטע ביכער, פיינע זומער פלעצער און אַ. וו., האָט אָנגעוויזן דער פירער פון סעמינאַר, דערקלערנדיק, אַז די דאָזיקע אינסטרומענטן, ווי מיר באַנוצן זיי און ווי מיר ווילן זיי באַנוצן אין דער צוקונפט, מוזן זיין פון דער העכסטער קוואַליטעט, אַמווינציקסטענס ניט נידריקער פון דעם סטאַנדאַרד ביי די ניט־אידן אין אַמעריקע. די פּראָגראַמען אויף דער ראַדיאָ און אויף טעלע־וויזיע מוזן אַמווינציקסטענס זיין פון אַזאַ הויך, אַז אַן אַמעריקאַנער אידיש קינד זאָל זיך ניט נאָר נישט שעמען זיך צוהערן, נאָר זאָל אפילו זיין שטאָלץ מיט די אידישע פּראָגראַמען.

דר. פינקלשטיין האָט אויך געפּלאַנט, אַז עס זאָלן געמאַכט ווערן גרויסע דראַמאַטישע פילמען פון וויכטיקע עפּיזאָדן פון דער אידישער געשיכטע. פילמען פון אומגעפער אַזאַ פאַרנעם ווי די קאַטוילישע בילדער פון בינג קראָסבי, וואָס זיינען געווען די גרעסטע אינספּיראַציע פאַר די קאַטויליקן אין אַמעריקע. די דאָזיקע בילדער דאַרפן אויך האָבן אַן אַלגעמיינעם אַפּיל.

אַלס אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם פּלאַן, האָט דר. פינקלשטיין אין משך פון יאָרן איינגעשטעלט די נאָענטסטע פאַרבינדונגען צווישן אידישן טעאָ־לאָגישן סעמינאַר און דער גרעסטער ראַדיאָ געזעלשאַפט אין אַמעריקע — די נעשאָנאַל בראָדקעסטינג קאָמפּאַני (ען. בי. סי.) און אויך מיט אַ ריי פילם־קאָמפּאַניס אין האָליוואוד, וואו אידישע עקזעקוטיוון האָבן אין משך פון יאָרן געשפּילט אַ הויפּט ראָלע. אַ צאָל פון די העכסטע פילם פּראָדוצי־רער אין האָליוואוד זיינען געשטאַנען נאָענט צום אידישן טעאָלאָגישן סע־מינאַר אין ניו יאָרק און אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע. און אונטער

דער ווירקונג פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר זיינען שפּעטער טאַקע געשאַפן געוואָרן אין האָליוואוד אַ גאַנצע ריי גראַנדיעזע פילמען אויף ביבלישע טעמעס.

דר. פינקלשטיין איז געווען באַוואוסטזיניק וועגן דעם פאַקט, אַז די אידן אין אַמעריקע וואוינען צווישן אַ גרויסער קריסטלעכער מאַיאָריטעט, און ווי זיכער מיר זאָלן נישט זיין ביי זיך מיט אונזער אידישקייט, איז שטענדיק נאָך בעסער ווען אונזערע שכנים, די קריסטן, פאַרשטייען אונז אויך און האָבן אַ באַגריף ניט בלויז וועגן אונזער גלויבן און טראַדיציעס, נאָר אויך וועגן אונז אידן, פערזענלעך. דערפאַר האָט דער פירער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין אַמעריקע אָנגעצייכנט אין זיין פּראָגראַם אַ ריי פונקטן וועגן אַ נאָענטער פאַרשטענדעניש מיט דער קריסטלעכער רעליגיעזער וועלט, ספּעציעל מיט די גייסטלעכע פירער. אַ ספּעציעלער „אינסטיטוט פאַר רעליגיעזע און סאָציאַלע שטודיעס" איז דערפאַר געשאַפן געוואָרן אין אַ ריי שטעט פון אַמעריקע, וואו הונדערטער גייסטלעכע פון פאַרשידענע גלויבנס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען מיט אַ צאָל ראַבאַיס צו לערנען און דיסקוטירן רעליגיעזע פּראָבלעמען. (וועגן די פאַרשידענע שולן און פּראָיעקטן פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר זע בוך צוויי).

דר. פינקלשטיין האָט אַלעמאָל שטאַרק געגלויבט אין דער אידישער יוגנט. דערפאַר האָט ער אַלעמאָל זיך אַרומגערינגלט אין זיין אַרבעט מיט יונגע פירער, וואָס ער האָט אויסגעקליבן צווישן זיינע בעסטע תלמידים אין אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, און זיי איבערגעגעבן די סאַמע וויכטיקע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַמטן אין קאָנסערוואַטיוון אידנטום. זיין פּראָגראַם און פילאָזאָפיע צו אַנטוויקלען אַ שטאַרקע אידישקייט אין אַמעריקע האָט דר. פינקלשטיין סומירט ווי פאָלגט: „מיר מוזן שאַפן אַן אַפּאַראַט, אַ אידישע דערציאונגס סיסטעם, וואָס זאָל איבערצייגן די אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע זין און טעכטער, אַז אידישקייט האָט ניט בלויז אַ פאַרגאַנגענהייט, נאָר האָט אויך אַ צוקונפט. און די בעסטע צוקונפט, סיי פאַר די אידן אין אַמעריקע, סיי פאַר זייער אידישקייט, איז צו העלפן איינער דעם צווייטן! דאָס הייסט: דער איד זאָל אַנטוויקלען די אידישקייט און די אידישקייט זאָל אַנטוויקלען דעם אידן!"

## 2

# דר. שמואל בעלקין: אַ נייער פעריאָד האָט זיך אָנגעהויבן אין אידישן לעבן פון אַמעריקע

**פרעזידענט פון ישיבה אוניווערזיטעט דערקלערט, אַז צוקונפט פון די קומענדיקע הונדערט יאָר פון גרויסן אידישן ישוב אין אַמעריקע הענגט אָפּ דערפון, וואָס די אידן וועלן טאָן אין איבערגאַנגס פעריאָד. — איז קעגן שאַפן בלויז אַ קלאַס פון פּראָפעסיאָנעלע רעליגיעזע אידן. — פאָדערט אַ גרויסע צאָל גוט צוגעגרייטע באַלעבאַטים. — אידן אין אַמעריקע מוזן פּלאַנצן, ניט בלויז איבער־פּלאַנצן. — „מיט די פעדערן פון דער אַלטער היים, קען מען קיין אַמעריקאַנער אידיש לעבן ניט שאַפן". — פּלאַן צו שאַפן אַ לאָו־סקול ביים ישיבה־אוניווערזיטעט.**

„דאָס, וואָס עס וועט געטאָן ווערן פון אַמעריקאַנער אידן אויף דעם אידישן געביט אין דעם איבערגאַנגס־פעריאָד פון צען, פופצן יאָר צייט, וועט באַשטימען דעם גאַנג פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן אויף גאַנצע הונ־דערט יאָר!"

אָט אַזוי האָט פאַר מיר סומירט דעם תמצית פון אַ געשפּרעך מיט אים וועגן דער צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, דר. שמואל בעלקין, פּרעזידענט פון ישיבה אוניווערזיטעט, וועלכער איז אין אַ געוויסער צייט געווען באַקאַנט אַלס דער אינגסטער אוניווערזיטעטן־פּרעזידענט אין לאַנד.

„עס איז אַן איבערגאַנגס־פעריאָד, אַ צייט, ווען איין עפּאָכע אין אידישן לעבן פון אַמעריקע האַלט אין פאַרענדיקט ווערן, און אַ נייע עפּאָכע הויבט זיך אָן!" — אַזוי האָט פאַרגעזעצט דער פירער פון דעם הויכן אָרטאָדאָקסישן לער־אַנשטאַלט זיין געדאַנקען־גאַנג. און באַצויגן האָט זיך דר. בעלקין אויף דעם צייט־אָפּשניט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן באַלד נאָך דער צווייטער

וועלט־מלחמה, ווען עס האָבן זיך אָנגעפאַנגען מערקן בולט׳ע סימנים פון אַ נייער ווענדונג אין אידישן לעבן דאָ אין לאַנד, גאַנץ באַזונדערס צווישן דער יוגנט. און מען דאַרף טאַקע צוגעבן, צווישן יענער אידישער יוגנט, וואָס האָט זיך ערשט געהאַט צוריקגעקערט פון דער מלחמה, פון קריג קעגן נאַציזם און פאַשיזם.

דר. בעלקין איז געזעסן אין זיין עלעגאַנטן אָפיס אין דער הויפּט־געביידע פון ישיבה אוניווערזיטעט, וואו עס איז מיר געלונגען זיך צו טרעפן מיט אים אין איינעם אַ זונטיק, מיטאָגצייט, ווען איך האָב באַשלאָסן צו פאַר־ברענגען אין דער ישיבה אַ גאַנצן טאָג, טאַקע ממש אַ טאָג אַ גאַנצן, זינט עס הויבן זיך אָן די לימודים אינדערפרי ביז זיי ווערן פאַרענדיקט ערשט אָוונטצייט. און צו קריגן דר. בעלקינ׳ען און מיט אים פאַרברענגען כמעט אַ שעה צייט, אָן איבעררייסונגען, מוזט איר וויסן, איז כמעט אַן־און־פאַר־זיך אַליין געווען אַ גאַנצער אויפטו. ווייל דר. בעלקין איז, אויב איר ווילט האָבן אַ פאַרגלייך, און אַ אידישן פאַרגלייך דערצו, געווען שנעל און אויך בליציק ווי קוועקזילבער. און ווען איר האָט זיך באַקענט מיט אים נעענטער און אָב־סערווירט אים פון דער נאָענט, דאַן האָט מען געקענט באַגרייפן אַביסל, פאַרוואָס דער ישיבה אוניווערזיטעט האָט זיך געהאַלטן אין איין אויסשפּרייטן און וואַקסן אין דער הויך און אין דער טיף און ווערן אַן אינסטיטוציע פון צוועלף היכשולן און זיך פאַרמעסטן צו אַ מעדיקל קאַלעדזש, מיט פּלענער צו גיין אַלץ מער און מער פאָראויס.

דר. בעלקין, וועלכער איז אין דער עלטער פון 32 יאָר, אין יוני 1943 באַשטימט געוואָרן אַלס דער פּרעזידענט פון ישיבת יצחק אלחנן, האָט אָנגעפירט אַ פיבערהאַפטע טעטיקייט אַלס דער וועגווייזער פון אַ פולן פאָראויס־מאַרש אין אידישער דערציאונג, וואָס האָט אַריינגעשריבן מיט יעדער נייַ געשאַפענער אינסטיטוציע נייע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון אידישן לעבן אין אַמעריקע.

(אַ גענויע באַשרייבונג פון אַלע שולן פון ישיבה אוניווערזיטעט וועט דער לייענער געפינען אין אַ גאַנצער ריי קאַפּיטלען פון בוך צוויי).

דר. בעלקין איז געפלויגן און געפאָרן, געפאָרן און געפלויגן, היינט־דאָ און מאָרגן־דאָרט. היינט אין ניו יאָרק. מאָרגן אין פילאַדעלפיע. און אָט האָט ער גאָר אָנגעשפּאַרט אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע. און אָט גאָר אין שיקאַגאָ, צי גאָר אין וואַשינגטאָן. און טאָמער איז ער פאַרבליבן אַביסל לענגער אין ניו יאָרק, איז ער „געווען ביזי״, אַרומפאָרנדיק מיט טעקסיס. ווייל דער ישיבה אוניווערזיטעט האָט שוין געהאַט זיך אויסגעשפּרייט אין דריי



דר. שמואל בעלקין
פרעזידענט פון ישיבה־אוניווערזיטעט

טיילן פון גרויס ניו יאָרק, סיי אין מאַנהעטן, סיי אין ברוקלין און סיי אין די בראָנקס. און אפילו אין מאַנהעטן אַליין, איז די הויפּט־היים פון ישיבה אוניווערזיטעט געווען אין וואַשינגטאָן הייטס, אויף אַמסטערדאַם עוועניו און 186טע גאַס, און דער שטערן קאַלעדזש פאַר פרויען האָט זיך געפונעז אויף לעקסינגטאָן עוועניו און 35טע גאַס, אַ שטח פון איבער צען מייל. און איןביידע פלעצער האָט דר. בעלקין באַדאַרפט זיין יעדן טאָג.

עס איז געקומען די צייט, ווען די אידן אין אַמעריקע האָבן געמוזט אָנהויבן צו פלאַנצן, — האָט דר. בעלקין מיר געזאָגט. ביז אין סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אָנגעהאַלטן אַ פעריאָד אין היגן אידישן לעבן, ווען מען האָט געהאַלטן אין איין אַריבערפלאַנצן, אַריבערטראָגן אידישקייט פון דער אַלטער היים. מען האָט געבראַכט אַהער רבנים, לומדים און כל־ערליי אַנדערע פאָרשטייער פון אידישן לעבן און אידישקייט. עס איז אָבער געקומען די צייט, ווען די אַמעריקאַנער אידן האָבן געמוזט זיך כאַפּן, אַז פון אַריבערגעטראָגענע ביימער אַליין וועט קיין גרויסער וואַלד ניט אויפוואַקסן. אייגענע ביימער מוזן פאַרפלאַנצט ווערן. די ביימער וועלן מיט דער צייט שלאָגן וואָרצלען און עס וועט זיך אָנהויבן אַן אייגן שעפעריש אידיש לעבן דאָ אין לאַנד. דר. בעלקין פאַרשטייט נאַטירלעך, אַז דער פאַקט, וואָס אויך די אָרטאָדאָקסישע אידישקייט מוז אָנהויבן זיך צו ווענדן מיט אירע וויכטיקסטע פלענער מיט דעם פּנים אינגאַנצן צו אַמעריקע, איז אַ רעזולטאַט פון דעם שווערן חורבן, וואָס האָט געטראָפן דאָס גרויסע אידנטום אין אייראָפּע אין די יאָרן פון פינסטערן נאַציזם.

אָבער אין אַלגעמיין האָט פאַר מיר דר. בעלקין אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז ער איז ניט קיין גרויסער אָנהענגער פון „אַריבערגעטראָגענע" זאַכן. אימיגראַנטן אין אַלגעמיין, און אידישע אימיגראַנטן גאַנץ באַזונדערס, פלעגן אַריבערברענגען קיין אַמעריקע קישענס, בעטגעוואַנט, און אַנדערע הויז אַרטיקלען. מען האָט געבראַכט יאָרנלאַנג די פעדערן פון דער אַלטער היים און עס האָט גענומען יאָרן, ביז מען האָט זיך געכאַפּט, אַז מיט די אַלע געבראַכטע אַנטיקן קען מען אַן אמת'ע היים, אַן אמת אידיש־אַמעריקאַנער היים, ניט אויפבויען. עס מוז געבוירן ווערן אַ אידישקייט, אַן אָרטאָדאָקסישע אידישקייט, וואָס דאַרף זיין צוגעפּאַסט צו אַמעריקע, האָט דר. בעלקין ווייטער אַנטוויקלט זיין געדאַנק. עס וועט אפשר ניט זיין אַזאַ מין סאָרט אידישקייט, ווי מען איז עס געוואוינט געווען צו האָבן אין דער אַלטער היים, אין אייראָפּע, האָט דר. בעלקין אָנגעדייטעט, אָבער עס וועט זיין אַן אייגענע שאַפונג, אַן אַמעריקאַנער פּראָדוקט. און דאָ האָט דער פירער פון ישיבה

אוניווערזיטעט זיך ווידער באַנוצט מיט דעם ביישפּיל זיינעם פון פלאַנצן:

„מען פלאַנצט. עס ברענגט פּירות. אפשר ניט מיט דעם זעלבן טעם — עס איז אָבער אַן אַמעריקאַנער געוויקס״...

דר. בעלקין האָט מיר אויך דערקלערט, אַז ער האַלט, אַז דער אַמעריקאַנער געבוירענער אידישער דור גייט צום בעסערן. די אידישע קהילה אַלס אַ גאַנצע, פון דעם שטאַנדפּונקט פון יונגן דור, איז פיל, פיל בעסער. דאָס אַלץ איז, נאַטירלעך, אַ פריידיקע דערשיינונג. פון דער צווייטער זייט אָבער בלייבט אַ וואַקום, אַ גרויסע ליידיקייט, וואָס ווערט פאַראורזאַכט מיטן אַוועקגיין פונעם עלטערן דור. דער דור וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט מיט אַלטער אויספּרובירטער אידישקייט און איז געווען דער זייל פון אידישן לעבן דאָ אין לאַנד. און דאָ האָט דר. בעלקין געגעבן אַנטוויקלט זיין אַנ־ווייזונג, אַז די פּאָר צענדליק יאָר נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען אַן איבערגאַנגס צייט, „עי טרענזישאַן פּיריאָד״, ווי ער האָט געניצט דעם אויסדרוק אין ענגליש. עס גייט אַוועק אַ דור פון גרויסער אידישער ווירקונג. אַ נייער דור האָט אָנגעפאַנגען צו פאַרנעמען פירנדע פּאָזיציעס. די אידישע געמיינדע אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן אָנצונעמען אייגנאַרטיקע פאָרמען פון אַן אַמעריקאַנער אידיש לעבן. דערפאַר איז פיל, פיל געווענדט אין דעם, ווי אַזוי עס וועט אַוועקגעשטעלט ווערן דער טראָפּ, ווי אַזוי מיר וועלן אָנשטעלן דעם רודער פון דער אידישער שיף און וואָס אונזערע צילן וועלן זיין.

און דר. בעלקין האָט געהאַלטן פון אַ מאַקסימאַלער פּראָגראַם. זיין ציל איז געווען צו גרייכן וואָס אַ גרעסערע צאָל פון דער אידישער יוגנט אין אַמעריקע מיט אַ פולער אָרטאָדאָקסישער אידישער דערציאונג. דר. בעלקין האָט נישט געהאַלטן, אַז אידישקייט אין אַמעריקע דאַרף זיין „די ביזנעס״ בלויז פון ראַבאַיס און לערער. ער איז אַלעמאָל געווען קעגן שאַפן אַ „קלוירדזשי״, אַ ספּעציעלן קלאַס פון רעליגיעזע פּראָפעסיאָנאַלן. דר. בעלקין׳ס פּלאַן איז געווען געצילט צו דער דערציאונג פון אַ באַדייטנדער צאָל אידישע באַלעבאַטים, וואָס זאָלן זיין גוט צוגעגרייט אין רעליגיעזער אידישקייט, אַזוי אַז זיי, די באַלעבאַטים, זאָלן קענען זיין גוטע מבינים אויפן רב. ווייל אַז דער רב וועט ניט האָבן קיין גוטן באַלעבאָס, קיין עכט־אידישן, וועט דער רב אויך ווערן אויס רב...

דערפאַר האָט געזאָגט דר. בעלקין, אַז די אידישע צוקונפט דאָ אין לאַנד ווענדט זיך אַ סך אין דעם, וואָס די אידן אין אַמעריקע וועלן טאָן אויף דעם געביט פון אַן אינטענסיווער אידישער דערציאונג. דר. בעלקין האָט

געוואוסט נאַטירלעך, פונקט ווי מיר אַלע האָבן עס געוואוסט, אַז אין די ערשטע פופציק יאָר פון אידישן מאַסן לעבן אין אַמעריקע, איז פיל פאַר־נאַכלעסיקט געוואָרן.

און צו טאָן אויף דעם געביט פון פאַרשטאַרקן אידישקייט אין אַמע־ריקע איז אַלעמאָל געווען געגוג. איינער פון די גאָר וויכטיקסטע פונקטן אויף דער טאָג־אָרדענונג, לויט דר. בעלקינ׳ס מיינונג, איז געווען צו שאַפן וואָס מער האַי סקולס אידישע, וועלכע זאָלן זיין אַ פאָרזעצונג פון דעם, וואָס די ישיבות קטנות האָבן אָנגעהויבן. עס איז אַ באַוואוסטער פאַקט, אַז אַ גאָר, גאָר קליינער פּראָצענט פון די קינדער, וואָס זיינען געגאַנגען אין די ישיבות קטנות אין משך פון זיבן, אַכט יאָר צייט כסדר, זיינען אַוועק אין די מתיבתות. אַ גאָר גרויסע צאָל זיינען נאָך דעם ענדיקן די ישיבות קטנות אַוועק אין די געוויינלעכע האַי סקולס, מיטל־שולן פון דער רעגירונג.

דערפאַר האָט געהאַלטן דר. בעלקין, אַז דער „נעקסטער פונקט" אויף דער פּראָגראַם איז „האַי סקולס". און איך מוז מודה זיין, אַז ווען דר. בעלקין האָט עס מיר געזאָגט, בין איך געווען אַ היפּש ביסל איבערראַשט. ווייל אָט איז דר. בעלקין געווען פאַרנומען מיט אָרגאַניזירן דעם מעדיקל קאַלעדזש פון ישיבה אוניווערזיטעט, אַ מעדיצינישע שול אויף דר. איינשטיינ׳ס נאָמען, ווי אויך אַנדערע מעדיצינישע שולן אין באַטרעף פון 25 מיליאָן דאָלער, און עס איז געלונגען אויך צו שליסן אַן אָפּמאַך, אַז די ניו יאָרקער שטאָט רעגירונג זאָל בויען אַ גאַנצע האָספּיטאַל־שטאָט פאַר נאָענט צו פערציק מיליאָן דאָלער לעבן דער ישיבה׳ס מעדיצינישן קאַלעדזש — און דאָ גאָר, אינמיטן, האָט דר. בעלקין געטראַכט וועגן אָנהויבן אַ ברייטע באַוועגונג פאַר ישיבה האַי סקולס. צו קענען זען זאַכן אויף אַזאַ פאַרנעם און קענען גיין פון איין פעלד צו דעם צווייטן מיט אַזאַ פאַרשטענדלעכקייט, בויגעוו־דיקייט און גרייטקייט, צו דעם האָט זיך געפאָדערט אַ גאָר, גאָר באַזונדער טאַלאַנט!

און דר. בעלקין, מוז מען זאָגן, האָט אַ דאַנק דער פּילזייטיקייט פון ישיבת יצחק אלחנן, געהאַט אויך אַ היפּשע דערפאַרונג אויף דעם געביט פון האַי סקולס, רעליגיעזע מיטלשולן. ווייל דער ישיבה אוניווערזיטעט האָט געהאַט אייגענע דריי גרויסע מיטל־שולן. איינע איז געווען די תלמוד׳יקל אַקאַדעמי, וואָס האָט זיך געפונען טאָקע אין דער הויפּט געביידע פון ישיבת יצחק אלחנן, אויף אַמסטערדאַם עוועניו. די צווייטע תלמוד׳יקל אַקאַדעמי איז געווען אין ברוקלין. איןביידע האָבן געלערנט אַרום זעקס הונדערט בחורים. אין ברוקלין האָט זיך אויך געפונען די „סענטראַל ישיבה האַי סקול

פאַר גוירלס״, וואו עס האָבן געלערנט נאָענט צו דריי הונדערט מיידלעך.

שפּעטער איז באַשלאָסן געוואָרן צו ענדערן די נעמען פון די דריי שולן, אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען: „ישיבה יוניווערסיטי האַי סקולס״: נומער 1 — פאַר גוירלס; נומער 2 — פאַר באָיס — מאַנהעטן; נומער 3 — פאַר באָיס — ברוקלין.

אין די האַי סקולס פון ישיבה אוניווערזיטעט האָט מען געלערנט אַלע וועלטלעכע לימודים לויט די העכסטע סטאַנדאַרטן פון די פּאָבליק האַי סקולס. אויסער דעם האָט מען דאָרט אָנגעפירט מיט אַן אינטענסיווער תורה פּראָגראַם אין העברעאיש.

פאַר די אַלע, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט געווען צו זען אַן אמת אידישלעכע יוגנט אין אַמעריקע איז קלאָר, אַז אויב אַן אַמעריקאַנער אידיש קינד זאָל דורכגיין אי אַ ישיבה קטנה, אי אַ מתיבתא, דאָס הייסט אַ האַי סקול, האָט מען דאַן געקענט זיין זיכער, אַז אַזאַ קינד וועט זיין אַ גוט־דערצויגענער און אַ גוט־באַוואוסטזיניקער איד, אין איינקלאַנג מיט די אייביקע קוואַלן פון אידישקייט. און דערפאַר טאַקע האָט עס דר. בעלקין געהאַט אַ פּלאַן אַזאַ פון אַריינוואַרפן זיך מיט זיין גרויסן שוואונג אין דער באַוועגונג פון שאַפן וואָס מער האַי סקולס.

נאָך איינער אַ פּלאַן, וואָס דר. בעלקין האָט געהאַט, איז צו שאַפן אַ לאָו סקול, אַ הויכשול פאַר לאָיערס, אַדוואָקאַטן. אַזאַ פּלאַן איז באַטראַכט געוואָרן אַלס גאָר וויטגרייכנד. ווייל דאָס אַמעריקאַנער אידנטום וואָלט זיכער געקענט געווינען פיל פון דעם, אויב עס וואָלטן אין דער צוקונפט אויפגע־קומען, למשל, אידישע שטאַטסלייט, אַמעריקאַנער געבוירענע, וועלכע זאָלן גרייכן אין פאַרשידענע הויכע רעגירונגס ספערן, אַזש ביז דעם קאָנגרעס, ביזן סענאַט, און זיי זאָלן צו דער זעלבער צייט זיין גוט צוגעגרייט אין טראַדיציאָנעלן אידישן וויסן. פון אַזעלכע אידישע שטאַטסלייט וואָלטן גע־קענט פיל געניסן סיי גאַנץ אַמעריקע בכלל, סיי אידן, אַלס אידן, בפרט! און די מערסטע שטאַטסלייט אין אַמעריקע זיינען פריער געווען לאָיערס.

יאָ! דר. בעלקין האָט געהאַט נאָך פיל גרויסע, פיל אָטעם־פאַרכאַפּנדע פּלענער! און ביי דר. בעלקינ׳ען זיינען גרויסע טרוימען פון נעכטן ווי איבער־נאַכט ממש פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דערווירקלעכקייט פון היינט! ווייל עס איז געווען דר. שמואל בעלקין, וועלכער האָט אין 1945 דערפירט דער־צו, אַז ישיבת יצחק אלחנן זאָל דורך דער רעגירונג פון ניו יאָרק־שטאַט דערקלערט ווערן אַלס אוניווערזיטעט. ווען דר. בעלקין האָט אין יוני 1943 אָפיציעל איבערגענומען די פירערשאַפט פון ישיבת יצחק אלחנן, האָבן זיך

אין דער ישיבה׳ס פּאַרשידענע שולן געלערנט אַן ערך פינף הונדערט תלמידים. צען יאָר שפּעטער האָט ישיבה יוניוואָירסיטי אין אירע פּאַרשידענע שולן געהאַט אַרום צוויי טויזנט פינף הונדערט תלמידים. דער אוניווערזיטעט האָט אויך פאַרמאָגט אויף זיין פאַקולטעט דריי הונדערט פּראָפעסאָרן און געהאַט די רעכט אַרויסצוגעבן 15 פאַרשידענע דאָקטאָר־דיפּלאָמען. און דער מאַרש פאָראויס פון ישיבה אוניווערזיטעט איז אַלץ געווען אַ שטאַרקער. „די ישיבה וואַקסט פון זיך אַליין״ — אַזוי האָט מיר דר. בעלקין דערקלערט אין מיין געשפּרעך מיט אים. און ער האָט מיר דערביי דערמאָנט, אַז שוין אין 1946 האָט ער פאָראויסגעזאָגט, אַז די ישיבה וועט האָבן פינף טויזנט תלמידים און מער!

אויף נאָך אַ זאַך האָט מיר מיט שטאָלץ אָנגעוויזן דר. בעלקין אין זיין אָפיס. ער האָט מיט אַ פינגער געצייגט אויף אַ גרופּע בילדער, וואָס זיינען געהאָנגען אויף דער וואַנט. אַכט בנינים! אַכט געביידעס פון די פאַרשידענע שולן פון ישיבה אוניווערזיטעט. ווען ער איז געקומען צו דער פירערשאַפט אין 1943, האָט ישיבת יצחק אלחנן געהאַט בלויז איין בנין. דר. בעלקין האָט מיר אָנגעוויזן אויף דעם גראַפישן וואוקס פון הויכן לער־אַנשטאַלט ניט כדי, חלילה, זיך צו באַרימען מיט זיינע פערזענלעכע אויפטוען. כאָטש ער האָט אַלע רעכט געהאַט דערצו און עס איז געווען מיט וואָס זיך צו באַרימען. וואָס דר. בעלקין האָט געוואָלט קלאָר אַרויסברענגען, איז ווי שטאַרק די ישיבה איז געוואָקסן אין משך פון די צען יאָר, וואָס דאָס אידי־שע לעבן אין אַמעריקע האָט אָנגענומען אַ בייע ווענדונג.

דר. בעלקין, אַ געבוירענער אין דעם שטעטל סוויסליטש, פּוילן, האָט געלערנט אין די ישיבות ראַדין און מיר. אין דער עלטער פון 17 יאָר האָט ער אין 1928 געקראָגן סמיכה. אַ יאָר שפּעטער איז ער אָנגעקומען קיין אַמעריקע. און דער יונגער אידישער למדן פון פּוילן, דער יונגער רב, איז, קען מען זאָגן, געקומען מיט דעם רעכטן פוס אין דעם גאָט־גע־בענטשטן לאַנד. הרב בעלקין האָט געשטרעבט צו גרייכן הויכע הויכן אויף דעם ברייטן פעלד פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן. און ער איז אַוועק לערנען אויך וועלטלעכע לימודים. און שטודירט האָט דר. בעלקין אין האַרוואַרד אוניווערזיטעט און אין בראַון אוניווערזיטעט. אין 1935 האָט ער גראַדואירט אַלס דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע פון בראַון יוניוואָירסיטי, אין פּראָ־ווידענס, ראָוד איילענד. די גאַנצע צייט האָט הרב בעלקין אויך געגעבן לעקציעס אין תלמוד אין אַ צאָל ישיבות אין ניו־יאָרק.

אין יאָר 1935 איז דר. בעלקין באַשטימט געוואָרן אַלס אינסטרוקטאָר פון דער גריכישער שפּראַך אין ישיבה קאָלעדזש. אין 1936 איז ער אויך

געוואָרן אַ ראש־ישיבה און געלערנט גמרא מיט די סטודענטן אין ישיבת יצחק אלחנן. אין 1937 איז דר. בעלקין באַשטימט געוואָרן צו פאַרנעמען דעם אַמט פון סעקרעטאַר פון פראָפעסאָרן־פאַקולטעט און אינסטרוקטאָר פון העלעניסטישער ליטעראַטור אין דער גראַדיועיט סקול, וואָס איז איצט באַקאַנט אַלס די בערנאַרד רעוועל שול. אין 1939 איז בעלקין באַשטימט געוואָרן אַלס עקזעקוטיווער מיטגליד פון ישיבה קאַלעדזש. ווען דר. בערנאַרד רעוועל, דער ערשטער פרעזידענט און גרויסער בויער פון ישיבת יצחק אלחנן איז פלוצים געשטאָרבן אין יאָר 1940, איז דר. בעלקין נאָמינירט געוואָרן אַלס דיען און אין 1943 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס פולער פרעזידענט.

דר. בעלקין איז געווען אַקטיוו אין פיל געזעלשאַפטלעכע אידישע און אַלגעמיינע אָרגאַניזאַציעס. ער האָט געקענט דאָס אידישע לעבן אין אַלע זיינע פאַזן.

„דער אידישער ישוב אין אַמעריקע איז שוין אַ גרויסער אידישער צענטער. ער קען אָבער ווערן נאָך פיל, פיל גרעסער!” — האָט מיר דר. בעלקין צום סוף פון אונזער געשפרעך געזאָגט. און איינע פון די הויפט עיקרים איז, לויט דר. בעלקינ׳ס אָנשויאונג, אַ פולע אידישע דערציאונג, ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל!

און דאָס שאַפן אַ פולע אידישע דערציאונגס־סיסטעם פון דער ישיבה קטנה ביז אַ פולן אוניווערזיטעט, מיינט ניט זיך צו סעפּאַרירן, זיך אָפּזונדערן פון כלל. פונקט פאַרקערט. עס מיינט גאָר אינטעגראַציע! פאַראייניקונג! דערנעענטערונג צום אמת׳ן, עכטן אַמעריקאַנער אידעאַל, וואָס איז באַגרינדעט אויף די פרינציפּן פון דער תורה! — האָט דר. שמואל בעלקין פאַרענדיקט.

## 3

# דר. נעלסאַן גליק: מיר מוזן פאַנגען די הערצער פון אונזערע קינדער מיט אַמעריקאַנער אידישקייט

**פירער פון רעפאָרם־אידנטום און פרעזידענט פון היברו יוניאָן קאַלעדזש פון סינסינעטי האָט ביים שלוס פון 300 יאָריקן אידישן יובל אָנגעוויזן אויף ברייטער פּראָגראַם צו פאַרשטאַרקן אידישקייט ביים שוועל פון פערטן יאָרהונדערט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. — האָט צוריקגעוויזן באַצייכענונג פון אַמעריקע אַלס „גלות" און געריפן צו אַן ענגן בונד מיט מדינת ישראל. — דר. נעלסאָן גליק האָט אַ העלפט פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין אידישן היימלאַנד און זיך געשאַפן אַ וועלט נאָמען דורך זיינע ביבלישע אויסגראָבונגען. — ניט קיין „פאַרגליווערטע אידישקייט, נאָר אַ ליבעראַלע, מאָדערנע אידישקייט, וואָס קען שטיין אויף אירע אייגענע פיס", איז דר. גליק'ס פראָגראַם.**

עס איז געווען אַ פייערלעכער אָוונט אין קאַרנעגי האָל. סיי די בינע, סיי דער מאַיעסטעטישער זאַל זיינען געווען געפּאַקט מיט דינאַמישער שפּאַנונג. עס איז געווען דער היסטאָרישער צוזאַמענקונפט, וואָס איז פאַררופן געוואָרן דעם ערשטן יוני, 1955, כדי צו שליסן די פייערונגען לכבוד דריי הונדערט יאָר אידיש לעבן אין אַמעריקע. אויף דער בינע האָבן זיך צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אידישן לעבן דאָ אין לאַנד צוזאַמענגעטראָפן די דריי הויפּט פירער פון די דריי הויפּט באַוועגונגען אין אַמעריקאַנער רעליגיעזן אידישן לעבן. דער אָרטאָדאָקסישער צד איז געווען פאַרטראָטן דורך דר. שמואל בעלקין, פרעזידענט פון ישיבה אוניווערזיטעט. דער קאָנסערוואַטי־

ווער צד איז פאַרטראָטן געווען דורך דר. לואיס פינקלשטיין, פרעזידענט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר און דער רעפאָרם צד — דורך דר. נעלסאָן גליק, פרעזידענט פון היברו יוניאָן קאָלעדזש פון סינסינעטי און פון דזשואיש אינסטיטוט אָוו רעלידזשאָן פון ניו יאָרק.

אַלע דריי אידישע פירער האָבן אָנגעוויזן אויף די גרויסע דערגרייכונגען פון אידן אין אַמעריקע אין משך פון די ערשטע דריי הונדערט יאָר און זיי האָבן אָנגעצייכנט די ראשי פרקים פון אַ פּראָגראַם פאַר דעם פערטן יאָרהונדערט.

אויסער די דריי רעליגיעזע פאָרשטייער זיינען געווען נאָך רעדנער, פּראָמינענטע פירער פון אידישן און אַלגעמיינעם לאַגער אין אַמעריקע. יעדער רעדנער האָט, ווי עס פירט זיך, זיך צוגעגרייט צו זאָגן דאָס בעסטע און דאָס פּאַסנדיקסטע לכבוד דעם וויכטיקן מאָמענט. אָבער דר. נעלסאָן גליק, זייענדיק אַ פירער פון דער רעפאָרם באַוועגונג ביי אידן, די באַוועגונג, וואָס האָט געגרינדעט אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט די ערשטע ראַביינער שול און האָט געשפּילט די הויפּט ראָלע אין אַמעריקאַנער אידישן לעבן אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט, האָט, ווי עס זעט אויס, געפילט, אַז פון דעם רעפאָרם לאַגער מוז אויפן היסטאָרישן יובל־אָוונט קומען אַ וואָרט, וואָס זאָל אויסדריקן דעם דראַנג פון דער אידישער אַמעריקע צו דער צוקונפט. ווייל די רעפאָרם אידן זיינען אין אַ געוויסן זינען געווען ווי אַ באַראָמעטער, וואָס ווייזט, אויף ווי ווייט „מען קען אַוועק" פון דער אָנגענומענער אידישער טראַדיציע, פון די אַלטע אידישע מנהגים, און דאָך אַלץ וועלן בלייבן אַ איד, און לויט ווי דר. נעלסאָן גליק זעלבסט האָט, לויט זיינע באַגריפן, אָנגעוויזן, „אַ בעסערער און אַלץ מער פּאַרטיפּטער איד". מיר ברענגען דאָ אַ לענגערן אויסצוג פון יענער רעדע פון דעם פירער פון רעפאָרם אידישקייט אין קאַרנעגי האָל.

דר. נעלסאָן גליק האָט געזאָגט:

„דאָס יאָר, ווען עס איז געפייערט געוואָרן דער 300 יאָריקער יובל, האָט אונז, אַמעריקאַנער אידן, געגעבן די מעגלעכקייט צו זען אין פּערספּעקטיוו ווי לאַנג דויערנדיק און ווי טיף מיר זיינען אַ באַשטאַנדיקער טייל פון אַמעריקע, צו וועמענס פאָרמירונג און כאַראַקטער און ווייטערדיקער אַנטוויקלונג מיר ווידמען זיך שטענדיק און וועלן שטענדיק ווייטער ווידמען, אויף אַ ליידנשאַפטלעכן אופן, אונזער האַרץ, אונזער נשמה, און אונזער גאַנצן כח. דאָ איז אונזער היים, דאָ זיינען אונזערע וואָרצלען, דאָ איז די צוקונפט פון אונזערע קינדער.

„דאָס דאָזיקע יאָר פון פאַרטראַכטן זיך טיפער און פון לערנען, האָט אונז אויך געדינט אַלס אַ געלעגנהייט צו באַגרייפן אויף אַ פאָר־מעלן אופן, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידנטום און אַמעריקאַנער אידיש־קייט זיינען געוואָרן רייף און דערוואַקסן. מיר זיינען שטאָלץ דערמיט, וואָס מיר פילן זיך גרייט צו ענטפערן דעם רוף און צו טראָגן אויף אונזערע פּלייצעס, אין אַ גרעסערער מאָס ווי ווען־עס־איז פריער, די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון אויפהאַלטן און פאַראייביקן אַ דינאַמישע אידישקייט אין אַמעריקע. מיר פאַלן אָבער אַריין אין טיפן טרויער, ווען מיר דערמאָנען זיך דעם חורבן, וואָס עס האָט געטראָפן די גרויסע אידישע צענטערן אין ליטע, פוילן, רוסלאַנד, דייטשלאַנד און אַנדערע טיילן פון אייראָפּע, און די קרבנות, וואָס זיינען געפאַלן פון די טאָטאַלי־טאַרע שחיטות.

„מיר, אַמעריקאַנער אידן, קענען אַמבעסטן דינען אַמעריקע און ישראל, און דער וועלט אין אַלגעמיין, דורך אונזער גוט־דורכגעטראַכטן און טיפן באַוואוסטזיין און שטאָלצער געטריישאַפט צו דעם גלויבן פון אונזערע עלטערן. עס ווערט אַלץ מער און מער וויכטיק פון יעדן שטאַנדפונקט, אַז מיר זאָלן זיין טיף באַוואוסטזיניק וועגן דער הויפּט ראָל, וואָס אונזער גייסטיקע ירושה דאַרף שפּילן אין אונזער טאָג־טעגלעכן לעבן.

„די שטאַרקע נאָענטקייט צווישן דער פילאָזאָפיע פון אידישקייט און די גרונט באַגריפן, אויף וועלכע די אַמעריקאַנער קאָמאָנוועלט איז געבויט געוואָרן, פירן דערצו, אַז מיר זאָלן זיך פילן אין איין און דערזעלבער צייט אומצוטיילבאַר שטאָלץ און נאַטירלעך אידיש פונקט ווי מיר זיינען גליקלעך צו זיין דורך און דורך אַמעריקאַניש."

דאָס איז אַן אויסצוג פון דער רעדע, וואָס מיר ברענגען דאָ, אַזוי ווייט ווי עס איז נאָר מעגלעך, אין אַ געטרייער אידישער איבער־זעצונג. דר. גליק'ס רייד זיינען געווען אַ קלאָרער אָנדייט אויף דער שטרע־מונג אין אַמעריקאַנער אידנטום צו אַ מער פאַרטיפטער און מער באַוואוסט־זיניקער אידישקייט.

אָבער מיט דער איינדרוקספולער רעדע אַליין האָבן מיר זיך, נאַטיר־לעך, ניט באַנוגנט. מיר האָבן געוואָלט וויסן, וואָס דר. נעלסאָן גליק, דער פירער פון אַ גרויסער טייל אַמעריקאַנער אידן פון דריטן און פערטן דור, האָט צו זאָגן וועגן אַ גאַנצער ריי ספּעציפישע פראַגן אין אידישן לעבן פון אַמעריקע. האָבן מיר זיך געטראָפן מיט דעם פירער פון רעפאָרם אידישקייט



דר. נעלסאָן גליק
פרעזידענט פון היברו יוניאָן קאַלעדזש (סינסינעטי)
דזשואיש אינסטיטוט אָוו רעלידזשאָן (ניו־יאָרק)

אויפן פרימאָרגן נאָך דער שליסונג פון דער פייערונג פון די דריי הונדערט יאָר אידיש לעבן אין אַמעריקע. אונזער „צונויפטרעף״ איז באַשטימט גע־וואָרן נאָך מיט וואָכן פריער. האָבן מיר זיך באַגעגנט דעם צווייטן יוני, טרעפט ווען? 8.30 אינדערפרי, אין דעם אַריסטאָקראַטישן פלאַזאַ־האָטעל, אויף סענטראַל פּאַרק סאַוט, וואו דר. גליק פלעגט מערסטנס איינשטיין, ווען נאָר ער איז געקומען פון סינסינעטי אויף אַ באַזוך קיין ניו יאָרק. מיר האָבן זיך געטראָפן ביי פרישטיק און שפּעטער פאָרגעזעצט דעם שמועס אין דר. גליק׳ס וואוינונג. אונזער שמועס איז אָבער געווען אַ מין פאָרזעצונג פון אַ לענגערן אינטערוויו, וואָס איך האָב געהאַט מיט דר. נעלסאָן גליק נאָך אין יאָר 1951, און טאַקע אויך אין חודש יוני. אָבער אויך דעמאָלט, אין יאָר 1951, פּונקט ווי ביי דעם געשפּרעך אין 1955, איז דר. נעלסאָן גליק געווען אָפּטימיסטיש וועגן אידישקייט אין אַמעריקע און וועגן אַמעריקאַנער אידנטום.

„מיר גלויבן אָבער נישט אין קיין פאַרגליווערטער אידישקייט. מיר גלויבן אין אַ אידישקייט, וואָס זאָל קענען שטיין אויף אירע אייגענע פיס. מיר גלויבן, אַז אידישקייט איז גענוג שטאַרק, אַז עס זאָל זיך נישט דאַרפן האַלטן ביי אַ קוצו של יוד און אַז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זאָלן אידן מוזן זיך פירן פּונקט ווי אין מיטלאַלטער!״ — אַזוי האָט פאַר מיר דער־קלערט דער פירער פון דער עלטסטער ראַבינער שול אויף דעם אַמעריקאַ־נער קאָנטינענט.

און דאָ האָט דר. גליק מיר געגעבן אַ משל פון אַ מוטער, וואָס איז אַזוי געטריי איר קינד, אַז זי זאָגט אים אַ דעה אויף יעדער קלייניקייט און מיט איר מישן זיך אויף יעדן שריט און טריט, פירט זי דאָס קינד גאָר איבער. אַזאַ קינד, ווען עס ווערט דערצויגן אין אומצוטרוי און איז שוין אַ דער־וואַקסענער מענטש, האַלט ער זיך נאָך אַלץ אַ וואַקלדיקער און קען ניט פירן קיין געזונטן און קאָנסטרוקטיוון לעבן.

רעפאָרם אידישקייט באַלאַנגט צו די בעסטע טראַדיציעס פון אידישן פאָלק! — אַזוי האָט מיר דערקלערט דר. גליק און ער האָט מיר אָנגע־וויזן, אַז עס זיינען געווען די רעפאָרם אידן, וועלכע האָבן אויף אַ פּיאָנערישן אופן אויסגעטראָטן דעם וועג פאַר וויכטיקע אידישע ווערטן. ער רעכנט אויס אַ גאַנץ צעטל פון אויפטוען: די ראַבינער שול אין סינסינעטי! די „סקול אָוו סעיקרעד מיוזיק״, וואָס איז געווען די ערשטע שול פאַר חזנים אין אַמעריקע. די רעפאָרם אידן האָבן געוויזן און וויזן אַלץ דעם וועג צו די אַנדערע אידישע רעליגיעזע גרופּירונגען אין אַמעריקע, האָט דר. גליק גע׳טענה׳ט. עס זיינען געווען די רעפאָרם אידן, וועלכע האָבן נאָך אין 19טן

יאָרהונדערט אַנטוויקלט דעם פּלאַן, ווי אַזוי עס דאַרפן אין אַמעריקאַנער אידנטום אָרגאַניזירט ווערן די שולן, די סינאַגאָגן, כדי זיי זאָלן ווערן אַ ווירקנדער כח אין דעם געזעלשאַפטלעכן אידישן לעבן, האָט דער רעפאָרם־פירער ווייטער דערקלערט.

דר. נעלסאָן גליק, וועלכער האָט זיך געשאַפן אַ וועלט־נאָמען אַלס איי־נער פון די וויכטיקסטע אַרכעאָלאָגן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט דורך זיינע אויסגראָבונגען אין ארץ ישראל, האָט אַלעמאָל גערעדט גאַנץ באַ־זונדערס מיט גרויס ליידנשאַפט וועגן זיין אַרבעט אַלס אָנפירער פון די ראַבינער שולן אין רעפאָרם אידנטום. און גערעדט האָט ער אַלעמאָל מיט פייער און געזוכט צו איבערצייגן, אין זיין אייגענעם טיפן גלויבן, אַז רעפאָרם אידישקייט איז דער ריכטיקער און בעסטער וועג, אויף וועלכן אידן אין אַמעריקע דאַרפן גיין.

„ווען מיר רעדן וועגן רעפאָרם אידישקייט, רעדן מיר וועגן אַ אידיש־קייט, וואָס איז געטריי צו די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פון אידישן גלויבן, אָבער צוגעפּאַסט צו דער סביבה און אַטמאָספערע פון אַמעריקע" — האָט דר. גליק דערקלערט אין אַ רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר 1500 דעלע־גאַטן ביי דעם 43טן צוויי־יערלעכן צוזאַמענפאָר פון דער „יוניאָן אָוו אַמע־ריקען היברו קאָנגרעגעישאָנס", וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע. ביי יענעם צוזאַמענפאָר האָט דר. גליק אויך גע־האַט דערקלערט, אַז די אַמעריקאַנער אידן קענען נישט אָננעמען דעם גע־דאַנק, אַז אַמעריקע איז „גלות". אָנווייזנדיק, אַז דער היברו יוניאָן קאַלעדזש בפרט און די רעפאָרם אידן בכלל שטייען נאָענט צו מדינת ישראל, האָט דר. נעלסאָן גליק דערקלערט, אַז „דאָס מיינט ניט, אַז די צוקונפט פון אידנ־טום און אידישקייט קען ניט האָבן און וועט נישט פאַרזעצן צו האָבן אַ פרייע און גינסטיקע און נוצלעכע אַנטוויקלונג אין פאַרשידענע לענדער, וואו אידן זיינען נאָר בירגער."

און וויסן האָט מען געוואוסט, אַז ווען דר. נעלסאָן גליק האָט גערעדט אַזעלכע רייד, זיינען דאָס ניט געווען קיין רייד פון איינעם, וואָס איז געווען אַ גאַסט אין אידישן היימלאַנד איין מאָל אָדער צוויי מאָל אָדער אפילו צען מאָל. דר. נעלסאָן גליק האָט מער ווי אַ העלפט פון זיין לעבן פאַרבראַכט אין ארץ ישראל. פון 1923 ביז 1947 איז ער בלויז 3 יאָר צייט געווען אין אַמעריקע. דאָס מיינט: איין און צוואַנציק יאָר אין ארץ ישראל! ווען ער איז אין 1947 באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון היברו יוניאָן קאַלעדזש אין סינסינעטי האָט ער מיט דער אָנפירערשאַפט אויסגענומען אַ תנאי, אַז

ער וועט אָננעמען דעם אַמט בלויז מיט דעם באַדינג, אַז ער זאָל קענען יעדעס יאָר פאַרברענגען דריי חדשים צייט אין הייליקן לאַנד און אָנפירן דאָרט מיט זיינע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען. און די אויסגראָבונגען, וואָס דר. גליק האָט דורכגעפירט זיינען געווען פון אַזאַ פאַרנעם, אַז זיי פאַרכאַפּן די מענטשלעכע פאַנטאַזיע. עס איז געווען דר. גליק, וועלכער האָט אַנט־דעקט די קופּער מינעס פון שלמה המלך און אויך דעם האַפן פון שלמה׳ן. דר. גליק האָט אויסגעפונען פיל פון די וויכטיקסטע פונקטן, וואָס ווערן דערמאָנט אין חומש און האָט אַנטדעקט אַ גאַנצע ריי פאַרשידענע וואַסער סיסטעמען, וואָס זיינען גענוצט געוואָרן אין ארץ ישראל מיט טויזנטער יאָרן צוריק. אין עבר הירדן האָט ער אַנטדעקט איבער טויזנט אוראַלטע פונקטן, און איינער פון זיינע וויכטיקסטע פּראָיעקטן, לויטן אויפטראַג פון דער רע־גירונג פון מדינת ישראל, איז געווען דורכצושטודירן אויף אַן אַרכעאָלאָגישן אופן דעם גאַנצן נגב. דער דאָזיקער פּראָיעקט איז געווען געצילט צו העלפן אויף אַ פּראַקטישן שטייגער אין דער אַנטוויקלונג פון דעם גרויסן פאַר־וואָרלאָזטן טייל פון דער ניי־אויפגעקומענער אידישער מלוכה.

נעמענדיק אין אַכט אַט די אַלע אויפטוען און דעם פאַקט, וואָס דר. נעלסאָן גליק׳ס פּערזענלעך לעבן איז געווען אַזוי ענג פאַרבונדן מיט מדינת ישראל, האָט מען באַטראַכט זיינע רייד גאָר אַנדערש, ווען ער — דער וועלט באַרימטער אַרכעאָלאָג און פירער פון רעפאָרם אידנטום אין אַמעריקע — האָט גערעדט וועגן דער שייכות, וואָס דער אַמעריקאַנער אידישער ישוב און מדינת ישראל דאַרפן האָבן איינער צום אַנדערן.

ביי דער זעלבער קאָנווענשאָן פון די רעפאָרם סינאַגאָגן, וואו דר. נעל־סאָן גליק האָט דערקלערט, אַז אַמעריקע קען דורך די אַמעריקאַנער אידן ניט באַטראַכט ווערן אַלס גלות, האָט אַן אָנגעזעענער רעפאָרם ראַבאַי פון שיקאַגאָ, דר. שמואל ס. האָלענדער, דערקלערט דאָס פאָלגנדע:

„מיר גלויבן, אַז גאָט האָט אַזוי געוואָלט, אַז אַ גרויסער אידישער ישוב זאָל געשאַפן ווערן דאָ אין לאַנד, און אַז פון דער דאָזיקער פאַראייניקונג פון אידישקייט און דעמאָקראַטיע זאָל אַרויסקומען אַ נייער סינטעז פון אַזאַ מין גייסטיקער קוואַליטעט, וואָס וועט באַאיינפלוסן די גאַנצע וועלט.״

און ווי פאַרזעצנדיק דעם דאָזיקן געדאַנק, וועלן מיר דאָ ברענגען נאָך אַן אויסצוג פון דר. גליק׳ס רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן ביים אָפּשלוס פון 300 יאָריקן יובל פון אידישן לעבן אין אַמעריקע.

דר. נעלסאָן גליק האָט אין זיין רעדע געפרעגט:

„וואָס זאָל זיין אונזער פּראָגראַם אַלס אַמעריקאַנער אידן אין אַמע־ריקע און אין דער וועלט פון מאָרגן ?"

און ער האָט גלייך געגעבן דעם ענטפער :

„אַמעריקאַנער אידישקייט מוז מיט פאַרשטאַרקטער קראַפט זוכן צו פאַנגען די הערצער פון אונזערע קינדער, ווען זיי האַלטן אין אויפוואַקסן כדי צו העלפן זיי צו ווערן רייפע בירגער אין אַ פרייער אַמעריקע און אין אַ פרייער וועלט. די רעליגיעזע דערציאונג, וואָס זיי קריגן אַלס אידן דאַרף זיי אויך העלפן, אויף ווי וויט מיר קענען דאָס דערגרייכן, אין זייער אַנט־וויקלונג אַלס גייסטיק־סענסיטיווע און מאָראַליש־שטאַרקע מענטשן, כדי זיי זאָלן קענען אַלס רעליגיעזע אַמעריקאַנער בייטראָגן זייער חלק צום אויפ־האַלטן און פאַרשענערן די ביבלישע אידעאַלן פון אַמעריקע ; די רעליגיעזע דערציאונג, וואָס אונזערע קינדער קריגן, דאַרף זיי מאַכן שטאָלץ אויף דער וואונדערלעכער אידישער קולטורעלער און רעליגיעזער ירושה ; זיי געבן אַ געפיל פון קרובה'שאַפט מיט דעם אידישן כלל און אַ ספּעציעלע אַכטונג פאַר דעם לאַנד און פאַר דעם פאָלק פון ישראל, מיט וועלכע מיר זיינען אַזוי ענג פאַרבונדן. צו זיין אי ליידנשאַפטלעך אַמערי־קאַניש, אי גלייכצייטיק, מיט דעם גאַנצן האַרצן, זיין פאַר ישראל — דאָס איז ניט קיין סתירה"...

דר. גליק, וועלכער איז געווען דער פירער פון דער רעפאָרם באַוועגונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין 19טן יאָרהונדערט אין סינסינעטי, איז טאַקע אַליין אויך געווען אַ געבוירענער אין סינסינעטי, אָהייאָ. ער איז אין דעם וויגעלע פון רעפאָרם אידישקייט געבוירן געוואָרן אין יאָר 1900, ביי על־טערן, וואָס זיינען געקומען פון לעבן קאָוונע. זיין פאָטער און מוטער זיינען אָבער געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע, ווען זיי זיינען נאָך געווען קינדער. אינטערעסאַנט איז איבערצוגעבן דעם פאַקט, אַז דר. גליק'ס אמת'ער נאָמען איז ניט גליק, נאָר רעוועל. דער נאָמען גליק איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער פאַמיליע צוליב לעגאַלע אורזאַכן נאָך אונטער דעם רוסישן צאַר. דר. גליק איז אַ פּלימעניק פון דר. בערנאַרד רעוועל, גרינדער פון דעם אָרטאָ־דאָקסישן ישיבה קאָלעדזש, וואָס איז שפּעטער געוואָרן באַוואוסט אַלס ישיבה יוניווערסיטי.

רעדנדיק וועגן דער עלעמענטאַרער אידישער דערציאונגס סיסטעם פאַר קינדער, איז דר. גליק אַלעמאָל געווען שטאַרק אויסגעשפּראָכן קעגן שאַפן ספּעציעלע פולע טאָג שולן, וואָס דאָס מיינט „פּאַראָקיעל סקולס", אָדער ישיבות קטנות. דאָס שאַפן פון אַזעלכע שולן האָט ער פאַרגליכן צו שאַפן

„מיט די אייגענע הענט״ אַ געטאָ פאַר אידישע קינדער. די פּאַבליק סקול סיסטעם איז צו הייליק, איר ראָל אין דעם אַמעריקאַנער לעבן איז צו גרויס, אַז מיר, אידן, זאָלן אַוועק פון איר, האָט ער דערקלערט. ווען איך האָב אים דערמאָנט, אַז פיל פון די רעפאָרם אידן, וועלכע באַלאַנגען צו די רייכערע עלעמענטן, שיקן זייערע קינדער סיי ווי אין פּריוואַטע שולן, האָט ער מיר געענטפערט, אַז די פּריוואַטע שולן זיינען אָפן פאַר יעדן איינעם, פאַר קינדער פון אַלע גלויבנס. ביי מיין ערשטער באַגעגעניש מיט אים אין יאָר 1951, האָט דר. גליק — רעדנדיק וועגן דער שפּראַך פראַגע, מיר אָנגעוויזן, אַז ער גלויבט, אַז די אידישע דערציאונג דאַרף אין אַמעריקע זיין הויפּטזעכלעך אויף ענגליש. אויף דער לאַנדס־שפּראַך, הייסט עס. אין ישראל דאַרף די אידישע דערציאונג, נאַטירלעך, זיין אויף העברעאיש, האָט ער צוגעגעבן. ביי מיין באַגעגעניש מיט אים אין 1955, האָט ער אָבער שוין דערקלערט, אַז ער גלויבט, אַז די אידישע קינדער אין אַמעריקע דאַרפן קענען אַזויפיל העברעאיש, ווי נאָר מעגלעך. דר. גליק׳ס עטוואָס־געענדערטע מיינונג האָט זיכער אָפּגעשפּיגלט די נייע שטרעמונג אין רעפאָרם אידנטום אין אַמעריקע. אין אַן אויספאָרשונג, וואָס די רעפאָרם פירער האָבן געמאַכט, האָבן 99 פּראָצענט עלטערן זיך אַרויסגעזאָגט דערפאַר, אַז זייערע קינדער זאָלן קענען די העברעאישע שפּראַך.

עס איז ניט ריכטיק די מיינונג, אַז פיל פון די ראַבאַיס אין רעפאָרם אידנטום קומען פון אָרטאָדאָקסישע ישיבות. די גרעסטע מערהייט רעפאָרם פירער קומען פון דער שול אין סינסינעטי. אַ סך רעפאָרם ראַבאַיס זיינען שוין געקומען פון פאַמיליעס, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין דער רעפאָרם באַוועגונג. דר. גליק האָט דערביי זיך אַליין גענומען אַלסביישפּיל, אָנווייזנדיק, אַז זינט ער איז געווען אַ אינגל פון 14 יאָר, איז ער פאַרבונדן מיט דער ראַבינער שול אין סינסינעטי. עס קען זיך טאַקע זיין אמת, אַז אַ רעפאָרם־ראַבאַי קען אפשר ווינציק תלמוד. דאָס איז אָבער ניט דער עיקר, האָט דר. גליק אָנגעוויזן. „אַ ליבעראַלע אידישקייט, באַגרינדעט אויף די אייביקע שיינקייטן פון אידישן גלויבן און אידישער לעבנס־פילאָזאָפיע״ — דאָס איז אונזער אידעאַל, האָט דר. גליק אָנגעוויזן.

דר. גליק, וועלכער האָט צו 23 יאָר גראַדואירט פון היברו יוניאָן קאָלעדזש אַלס רעפאָרם ראַבאַי, האָט פיל שטודירט אין אייראָפּע און אין מיטל מזרח. ער האָט געלערנט אין די אוניווערזיטעטן פון בערלין און היידלבערג און אין דער אַמעריקאַנער שול פאַר אָריענטאַלער פאָרשונג אין ארץ ישראל. אין משך פון צען יאָר, אין דריי פאַרשידענע פעריאָדן צווישן

1932 און 1947, איז ער געווען דער דירעקטאָר פון דער „אַמעריקען סקול פאַר אָריענטאל ריסוירטש" אין ירושלים און אויך אין באַגדאַד.

דר. גליק האָט צווישן זיינע פלענער פאַר דער צוקונפט געהאַט אַ גרויסן פראָיעקט פון שאַפן אַן ענגן בונד צווישן אַמעריקע און ישראל דורך שיקן רעפאָרם ראַבאַיס אויף רעגלמעסיקע שטודיומס קיין מדינת־ישראל. ווי אַ טייל פון דעם דאָזיקן פראָיעקט האָט די רעפאָרם באַוועגונג אָנגעהויבן בויען אין ישראל אַן אייגענע היכשול. עס איז געלונגען דר. גליק'ן צו קריגן אַ דערלויבניש פון דער ישראל רעגירונג צו בויען אַזאַ שול, אין וועלכער עס וועלן קומען רעפאָרם ראַבאַיס פון אַמעריקע זיך צו פאַרטיפן אין אידישן לערנען.

צוליב דעם, וואָס עס איז דאָ אַ טיפערער אינטערעס פאַר אידישקייט אין אַמעריקע, צוליב דעם, וואָס די צאָל רעפאָרם סינאַגאָגן האָט זיך אָנגע־הויבן שטאַרק צו פאַרגרעסערן, זיינען נויטיק געוואָרן מער רעפאָרם ראַ־באַיס, האָט דר. גליק אָנגעוויזן. דערפאַר האָט ער מיר דערקלערט, האָט מען אָנגעהויבן צו נעמען שריט, אַז עס זאָלן מיט דער צייט גראַדויִרן יאָר יערלעך פון פערציק ביז פופציק ראַבאַיס אַ יאָר. דאָס איז פיר און פינף מאָל אַזויפיל ראַבאַיס אַ יאָר, ווי די רעפאָרם אידן פלעגן אַרויסגעבן.

יאָ! די רעפאָרם אידן האָבן אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אָנגעהויבן צו גיין מיט פיל פעסטערע טריט פאָראויס צו פאַרשטאַרקן זייערע פּאָזיציעס אויף אַלע געביטן פון רעליגיעזן און געזעל־שאַפטלעכן אידישן לעבן אין אַמעריקע!

4

# ליובאַוויטשער רבי: מיסיע פון אַמעריקאַנער אידנטום איז צו פאַרשטאַרקן אידישקייט אומעטום, אויך אין ישראל

**רבי מנחם מענדל שליט״א שניאורסאָן, פירער פון חב״ד חסידיזם איבער גאַנצער וועלט, זאָגט אַמעריקאַנער אידן מוזן פירן די קלענערע אידישע געמיינדעס אין אַנדערע לענדער און קאָנטינענטן, אפילו אויך אין ארץ ישראל. — זאָגט, אַז אַמעריקאַנער אידישע יוגנט איז בעסטער מאַטעריאַל פאַר תורה־אידישקייט. — רופט אַמעריקאַנער אידן צו דערפילן די היסטאָרישע מיסיע, וואָס איז אויף זיי אַרויפגעלייגט געוואָרן. — זאָגט, אַז עס וואַקסן גרויסע אידישע לומדים אין אַמעריקע.**

„די אידישע יוגנט אין אַמעריקע איז אַזוי ווי ניט באַרירטע ערד, וואָס לעכצט, אַז מען זאָל זי צעאַקערן. די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט קען אויך פאַרגליכן ווערן צו ניט־פאַרשריבן פאַפיר.״ אַזוי האָט צו מיר געזאָגט דער ליובאַוויטשער רבי מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א, וועלכער איז אויס־געקליבן געוואָרן אַלס דער פירער פון די חב״ד חסידים איבער דער גאַנצער וועלט, נאָך דעם ווי דער רבי יוסף יצחק שניאורסאָן זצ״ל איז נפטר גע־וואָרן אין יאָר 1950. אידישקייט האָט אין אַמעריקע געקראָגן די גרעסטע געלעגנהייט, וואָס זי האָט געהאַט ווען־עס־איז ערגיץ־וואו אין דער וועלט, אין 40 אָדער 50 יאָר, האָט ווייטער פאָרגעזעצט דער ליובאַוויטשער רבי, דערקלערנדיק, אַז דאָס פעלד אין אַמעריקע איז אַזוי גינסטיק פאַר דעם אויפבלי פון תורה, ווי קיינמאָל פריער אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אַמעריקע האָט אַלע מעגלעכקייטן צו ווערן דער גרויסער צענטער פון גייס־טיקן אידישן לעבן איבער דער גאַנצער וועלט און וועט אויך קענען אַרויס־

ברענגען פון דער הי־געבוירענער יוגנט גייסטיקע פירער, לערנער און קע־נער. עס זעען זיך שוין אַזעלכע אידישע לומדים, — האָט דער ליובאַוויטשער דערקלערט.

„עס איז אַ טעות, אויב מיר וועלן באַטראַכטן די צעשפּרייטקייט פון אידישן פאָלק איבער דער גאַנצער וועלט אַלס אַ קאַטאַסטראָפע. דער פאַקט, וואָס אידן זיינען ניט געווען פאַרזאַמלט און קאָנצענטרירט אויף איין פּלאַץ, האָט געפירט דערצו, אַז אין משך פון יאָרהונדערטער פון פּאָגראָמען און פאַרפאָלגונגען זאָלן גרויסע טיילן פון אונזער פאָלק געראַטעוועט ווערן", — האָט דער ליובאַוויטשער אָנגעוויזן. „היטלער, ימח שמו, איז געווען די גרעס־טע געפאַר פאַר אונזער נאַציאָנאַלן קיום צוליב דעם, וואָס אַ גאָר גרויסע טייל פון אונזער פאָלק איז געווען קאָנצענטרירט אין מזרח און צענטראַל אייראָפּע און איז אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט. פון דער צווייטער זייט אָבער, האָט דאָס פאַרזאַמלען זיך פון גרויסע אידישע מאַסן אין איין לאַנד אַלע מאָל געפירט אין דער אידישער געשיכטע צו דעם אויפקום פון גרויסע גייסטיקע צענטערס, פון וועלכע די אַנדערע אידישע ישובים האָבן געקענט ציען זייער גייסטיקע יניקה, זייער אינספּיראַציע, פירערשאַפט און, ווען נויטיק, אויך מאַטעריעלע הילף."

„אונזער געשיכטע אין גלות איז אַן אומאונטערבראָכענע קייט פון דעם אויפקום און פון דעם אונטערגאַנג פון אַזעלכע גייסטיקע צענטערן אין איין לאַנד נאָך דעם צווייטן, פון איין עק וועלט ביז דעם אַנדערן. אין דער צייט, וואָס די אידישע זון הויבט אָן אונטערצוגיין אין איין לאַנד, האָט זי שוין אָנגעהויבן אויפצוגיין אין אַ צווייטן לאַנד. און נאָכדעם, ווי די גרויסע צענטערס אין מזרח אייראָפּע זיינען פאַרניכטעט געוואָרן דורך דעם פאַשיזם און קאָמוניזם, איז אַמעריקע געוואָרן דער צענטראַל פונקט און דער הויפּט־קוואַל פון אידישן קיום. די געטלעכע השגחה האָט עס צוגעגרייט אַ נייע היים פאַר תורה און פאַר אידישקייט דאָ, אין לאַנד, צו דער זעלבער צייט, ווען די פייער פלאַמען האָבן געהאַלטן אין פאַרניכטן די שטאַרקסטע אידישע פעסטונגען פון יענער זייט ים."

אַזוי האָט גערעדט דער ליובאַוויטשער רבי, און ער האָט ווייטער געזאָגט:

„די אידן אין אַמעריקע מוזן אָנערקענען די דאָזיקע הייליקע היס־טאָרישע מיסיע, וואָס די געטלעכע השגחה האָט זיי אָנפאַרטרויט אין דעם קריטישן מאָמענט פון אידישן קאַמף פאַרן קיום. די גרעסטע קאָנצענטרי־רונג פון אונזערע בעסטע כוחות געפינען זיך אין אַמעריקע. מיר מוזן אָנפירן מיט די קלענערע אידישע געמיינדעס אין אַנדערע לענדער און קאָנטינענטן,

אפילו אין ארץ ישראל, וועלכע מוז זיך שטאַרק אָנשפּאַרן אויף אַמעריקאַ־נער הילף פאַר איר עקאָנאָמישן און גייסטיקן קיום.״

אַזוי האָט דערקלערט דער ליובאַוויטשער!

איך בין געזעסן אין דעם פּריוואַטן קאַבינעט פון ליובאַוויטשער רבי׳ן ביז שפּעט, שפּעט ביינאַכט. עס איז שוין געווען נאָענט צו צוועלף, ווען אונזער שמועס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אַרום צען אין אָוונט, האָט זיך פאַרענדיקט. דער פירער פון די ליובאַוויטשער חסידים אין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער וועלט, וועלכער איז דער זיבעטער דור און דירעקטער אָפּשטאַם פון רבי שניאור זלמן פון ליאַדי, זצ״ל, האָט אַרויסגעוויזן גרויס באַ־גייסטערונג פאַר די אַמעריקאַנער אידן בכלל און פאַר דער אַמעריקאַנער געבוירענער אידישער יוגנט בפרט. רבי מנחם מענדל שניאורסאָן, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין ניקאָלאַיעוו, רוסלאַנד, אין יאָר 1902, האָט די מערסטע יאָרן פון זיין לעבן זיך אָפּגעגעבן מיט אַרבעטן צווישן דער אידי־שער יוגנט אין פאַרשידענע לענדער. צוערשט איז עס געווען אין סאָוועט רוסלאַנד, פון וואַנען ער האָט זיך גערעטעוועט אין יאָר 1928. פון 1929 ביז 1933 האָט דער יונגער ליובאַוויטשער זיך געפונען אין דייטשלאַנד, וואו ער האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ ברייטער טעטיקייט צווישן דער דאָר־טיקער אידישער יוגנט. פון 1933 ביז 1942 איז רבי מנחם מענדל שניאורסאָן געווען אין פראַנקרייך, וואו ער האָט זיך כסדר אָפּגעגעבן מיט פאַרשטאַרקן די אידישע גייסטיקע פּאָזיציעס, באַזונדערס צווישן דעם יוגנן עלעמענט. דערפאַר טאַקע האָט ער געהאַט אַ געלעגנהייט צו פאַרגלייכן דעם יונגן אידישן דור אין אַמעריקע מיט די יונגע אידישע דורות אין די אַנדערע לענדער און דער פאַרגלייך האָט עס געפירט דערצו, אַז דער ליובאַוויטשער זאָל זען אַזעלכע גרויסע מעגלעכקייטן פאַר דער גייסטיקער צוקונפט פון אידישן לעבן דאָ אין לאַנד.

דער ליובאַוויטשער האָט אָבער אין אַלע זיינע דערקלערונגען וועגן די גרויסע פליכטן פון אַמעריקאַנער אידנטום אָנגעוויזן, אַז ער וויל, חלילה, ניט, אַז מען זאָל זיינע רייד אָננעמען אַלס מוסר. די ליובאַוויטשער האָבן קיינמאָל ניט געהאַלטן פון בלויז מוסר זאָגן, פון רייד לשם רייד. מעשים! טאַטן! אויפטוען! דאָס איז אַלעמאָל געווען דער ליובאַוויטשער דרך פון יענער זייט ים און דאָס איז אויך געווען דער וועג, אויף וועלכן די ליובאַ־וויטשער זיינען דאָ געגאַנגען, זינט דער פריערדיקער ליובאַוויטשער, רבי יוסף יצחק שניאורסאָן, זצ״ל, איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1940. זינט דאַמאָלס איז אין אַמעריקע אויפגעשטעלט געוואָרן אַ נעץ פון ליובאַוויטשער

ישיבות, וואו עס האָבן געלערנט תורה טויזנטער יונגעלייט, פון וועלכע אַרום אַכציק פראָצענט זיינען געווען אַמעריקאַנער געבוירענע. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע נעץ פון בית־שרה און פון בית־רבקה שולן פאַר מיידלעך. די ליובאַוויטשער האָבן אויך אָנגעהויבן צו שיקן זייערע ישיבה בחורים אין אַ ריי לענדער פון לאַטיין אַמעריקע, וואו עס זיינען געשאַפן געוואָרן אַ צאָל ישיבות אַלס דער אָנהויב פון אַ וואַקסנדער ישיבה באַוועגונג אויך אין יענעם וועלט טייל. עס איז גלייך ביים אָנהויב געשאַפן געוואָרן אַ „מרכז לעניני חנוך״, אַ ספּעציעלע גצזעלשאַפט אויף אָנצופירן מיט פאַרשידענע טעטיקייטן פון אידישער דערציאונג און אויף אַרויסצוגעבן פאַרשידענע טעקסט ביכער צום לערנען אידישקייט מיט דער יוגנט. און ניט בלויז ביכער צום לערנען, נאָר אויך פאַרשידענע מינים ביכלעך פאַר קינדער צום לייענען. אין 1942 האָט דער ליובאַוויטשער געגרינדעט דעם גרויסן קה״ת־פאַרלאַג. די ליטעראַטור, וואָס די ליובאַוויטשער האָבן אַרויס־געגעבן, איז געדרוקט געוואָרן אין העברעאיש, אידיש, ענגליש, פראַנצויזיש און שפּאַניש. פון דעם צעטל שפּראַכן קען מען זען אויף ווי ווייט די ליובאַ־וויטשער האָבן אויסגעשפּרייט זייער איינפלוס, האָבנדיק זייער צענטראַלע אין ניו יאָרק. די פאַרשידענע אויסגאַבן האָבן דערגרייכט די צאָל קאָפּיעס ממש אין די מיליאָנען. די ליובאַוויטשער האָבן אויך געשאַפן אַ פאַרבינדונג מיט די אידישע פאַרמער־געגנטן אין די שטאַטן פון ניו יאָרק, ניו דזשוירזי, קאָנעטיקוט און מאַסאַטשוזעטס. זיי האָבן אויך געשאַפן פאַרשידענע יוגנט גרופּן, אונטער דעם נאָמען מסיבות שבת. ווען דער רבי יוסף יצחק שניאור־סאָן, זצ״ל, איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1940, האָט ער גלייך אַרויס־געגעבן אַ דערקלערונג, אַז ער האָט געמאַכט די רייזע אַהער ניט כדי זיך צו ראַטעווען און פאַרזיכערן זיין עקזיסטענץ, נאָר ווייל ער איז געקומען כדי דורכצופירן אַ הייליקע מיסיע און דאָס איז צו פאַרוואַנדלען אַמעריקע אין אַ תורה צענטער צו פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון די חרובע אידישע גע־מיינדעס פון אייראָפּע. און ווען די ליובאַוויטשער זיינען געקומען קיין אַמעריקע, זיינען זיי געקומען מיט אַ יחוס פון פירערשאַפט און איינפלוס אין אידישן לעבן פון איבער צוויי הונדערט יאָר. דער ערשטער ליובאַווי־טשער רבי, שניאור זלמן פון ליאַדי, זצ״ל, איז געבוירן געוואָרן אין 1745. דער איינפלוס פון די ליובאַוויטשער האָט אין געוויסע צייטן, דורך זייער מסירת־נפש׳דיקער שתדלנות, געגרייכט אַזש די צאַרישע הויפן. די ליובאַ־וויטשער רביים זיינען אַלעמאָל געווען פאַראינטערעסירט צו לינדערן די פיזישע און גייסטיקע נויטן פון די אידישע מאַסן.

ווען דער רבי יוסף יצחק שניאורסאָן, זצ״ל, איז געקומען אין 1940 קיין ניו יאָרק, האָט ער צו זיך גלייך געלאָזט פאַררופן אַרום זעכציק יונגע־לייט, מערסטנס אַמעריקאַנער געבוירענע, וועלכע זיינען געווען תלמידים אין די ליובאַוויטשער ישיבות פון פוילן, באַזונדערס אין אָטוואָצק, און עס איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער יסוד, וואָס האָט אין אַ גאַנץ קורצער צייט באַוויזן, אַז „אויך אין אַמעריקע״ קען מען שאַפן ישיבות, שטאַרקע ישיבות, „אַבי מען וויל נאָר״...

אין זעלבן נוסח, און אויפן זעלבן שטייגער, האָט דער אינגערער ליובאַוויטשער רבי, מנחם מענדל שניאורסאָן, שליט״א, אָנגעפירט און פאַר־געזעצט די ענערגישע טעטיקייט פאַר תורה אידישקייט אין אַמעריקע. און אויסגעשפרייט האָט זיך די טעטיקייט ניט בלויז אין אַמעריקע, אייראָפּע און מדינת ישראל, נאָר אויך איבער אַפריקע און אויסטראַליע. און איידער ער איז נאָך גערופן געוואָרן איבערצונעמען די הויפּט פירערשאַפט, האָט רב מנחם מענדל שניאורסאָן שליט״א זיך אַ סך אָפּגעגעבן מיט חינוך־פראַגן און מיט זיין פאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פון די ישיבות. אינ־טערעסאַנט איז אויך דאָ אָנצואווייזן, אַז אויסער דעם, וואָס ער איז אַ גרויי־סער מלומד אין אידישקייט, איז דער ליובאַוויטשער רבי מנחם מענדל שניאורסאָן אויך אַ גראַדואירטער עלעקטרישער אינזשיניר. ער האָט שטו־דירט אינזשינירייי סיי אין דייטשלאַנד, סיי אין פראַנקרייך און געענדיקט די אינזשינירן־שולע אין דער סאָרבאָן אוניווערזיטעט פון פּאַריז. ער האָט באַהערשט אויך אַ צאָל אייראָפּעאישע שפּראַכן. דער ליובאַוויטשער רבי האָט ניט בלויז געענדיקט אויף אינזשיניר, נאָר ער האָט אַ צייט לאַנג זיך באַשעפטיקט מיט אינזשינירייי, אַלץ כדי צו זיין באַקאַנט גענויער אויך מיט וועלטלעכער וויסנשאַפט. סיי די וועלטלעכע קענטניש, סיי די יונגע יאָרן, האָבן דעם ליובאַוויטשער רבי׳ן אין אַ געוויסן הינזיכט, „ווי צוגע־שפּילט״ אין אַמעריקע. און דער פאַקט איז, אַז די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט האָט כמעט אינסטינקטיוו ווי געפילט, אַז אין רב מנחם מענדל שניאור־סאָן, האָבן זיי געהאַט אַ מענטשן, וואָס פאַרשטייט זיי. און דערמיט האָט זיך אפשר דערקלערט דער פאַקט, וואָס די שטודירנדע יוגנט פון די ניו יאָרקער אוניווערזיטעטן און קאָלעדזשעס פלעגט קומען אַזוי אָפט צום ליובאַוויטשער מיט פאַרשידענע פראַגן וועגן אידישקייט. און דער ליובאַוויטשער, ווי פאַר־נומען ער איז ניט געווען, האָט זיי אַלעמאָל אויפגענומען אויף דעם פריינט־לעכסטן, מען קען אפילו זאָגן, חברישן אופן. עס פלעגן קומען צום ליובאַ־

וויטשער גאַנצע גרופּן פון קאָלאָמביע, פון ניו יאָרק קאַלעדזש, פון סיטי קאַלעדזש און אויך סטודענטן פון די פאַרשידענע ראַבינער סעמינאַרן.

אויפנעמען זיינע באַזוכער פלעגט דער יונגער ליובאַוויטשער שפּעט אין אָוונט און אָפט פלעגט ער אַזוי זיצן אין זיין חדר מיוחד און אויסהערן פאַרשידענע מענטשן ביז העט, העט שפּעט אין דער נאַכט. אָפט ביז נאָך חצות. און כדי צו זען דעם רבי׳ן האָט מען געמוזט מאַכן אַ „באַשטע־לונג״, אַן „אַפּאָינטמענט״ אָפטמאָל צוויי און דריי חדשים פאָראויס. אויב דער ענין איז געווען אַזאַ, וואָס האָט געטראָגן אַ מער דרינגנדן כאַראַקטער, האָט מען געקענט זען דעם רבי׳ן אין אַ צוויי דריי וואָכן אַרום. און אין אַ בויט פאַל האָט מען אים, נאַטירלעך, געקענט זען פיל שנעלער. דער שריי־בער פון די שורות האָט אויף זיין אינטערוויו מיט רבי מנחם מענדל שניאורסאָן געוואַרט נאָענט צו צוויי חדשים צייט.

ווען איך האָב געפרעגט דעם ליובאַוויטשער, וואָס אייגנטלעך אַזוינס ער טראַכט וועגן דער נייער גייסטיקער אויפלעבונג, וואָס האָט זיך געמערקט צווישן דער אידישער יוגנט אין אַמעריקע, האָט ער מיר געענטפערט, אַז די דאָזיקע אויפלעבונג האָט זיך געשאַפן דערפאַר, ווייל מען איז ענדלעך געקומען צו דער אידישער יוגנט מיט דעם, נאָך וועלכן די יוגנט האָט גע־בענקט. ווייל אין משך פון יאָרן און יאָרן האָבן די אידישע מנהיגים אין אַמעריקע פאַרפעלט צו נעמען די אָפענסיווע. אָנשטאָט דעם, איז מען שטענדיק געווען אין דער דעפענסיווע. דער ליובאַוויטשער האָט דערביי אָנגעוויזן, אַז עס איז שוין לאַנג צייט געווען, אַז די אָרטאָדאָקסיע אין אַמע־ריקע זאָל האָבן אָנגענומען די פּאָליטיק פון „גיין צו דער יוגנט״ אָנשטאָט וואַרטן, אַז די „יוגנט זאָל קומען״. אין דער אַלטער היים, וואו אידישקייט איז געווען איינגעוואָרצלט מקדמונים, האָבן די רבנים געקענט זיך פאַר־גינען צו „זיצן אין דער היים״, ווייל די אידן, יונג און אַלט, זיינען געקומען צום רב אָדער צום רבי׳ן, ווען נאָר זיי האָבן באַדאַרפט. אַמעריקע איז אָבער אַ נייער ישוב, ניי און אַנדערש אין פיל הינזיכטן. האָט זיך דער־פאַר געפאָדערט, אַז מען זאָל גיין צו דער יוגנט און זי וועקן און שטאַרקן. און רעדן האָט מען געדאַרפט צו דער אַמעריקאַנער יוגנט אויף „איר איי־גענער שפּראַך״. און דאָס האָבן געטאָן די ליובאַוויטשער, גלייך ווי זיי זיי־נען געקומען קיין אַמעריקע, האָט הרב מנחם מענדל שניאורסאָן אָנגעוויזן. און דער גרויסער דערפאָלג פון דער אָרטאָדאָקסיע אין די לעצטע יאָרן האָט זיך גענומען דערפון, וואָס מ׳האָט גערעדט צו דער יוגנט גראַדע וועגן אַ פולער, עכטער, אמת׳ער אידישקייט. ווייל אַז מען רעדט צו יונגע מענטשן,

ווילן זיי גראָד ניט קיין „לייכטע זאַכן״. שווערקייטן שרעקן זיי ניט אָפּ. און מיט אידישקייט, מיט עכטער אמת׳ער אידישקייט, איז פונקט ווי מיט אַלץ אין לעבן. קיינער האָט ניט ליב, אַז מען גיט אים עפּעס, וואָס איז נישט גאַנץ, וואָס איז ניט עכט. און דאָ האָט הרב מנחם מענדל שניאורסאָן גענוצט דעם אַמעריקאַנער אויסדרוק „פיפטי־פיפטי״. די אַמעריקאַנער יוגנט וויל ניט קיין „פיפטי־פיפטי״ אידישקייט. ווען איר גיט דעם אידישן יונגער־מאַן אַ פולע אידישקייט, זעט ער און פילט, אַז דאָס איז אַן ענין פון „הונ־דערט פּראָצענט״, אַ ראַיעלע סחורה. עס מעג טאַקע זיין אמת, אַז אָפטמאָל קען דער יונגערמאַן נאָך ניט אָננעמען די פולע הונדערט פּראָצענטיקע אידישקייט, נעמט ער דערווייל אָן, לאָמיר זאָגן, פופציק פּראָצענט אָדער אפילו ווייניקער, אָבער ער ווייסט, אַז ער גייט אויף דעם ריכטיקן וועג און ער האָט איינגעהאַנדלט די ריכטיקע סחורה, פון וועלכער עס פעלט אים נאָך פופציק פּראָצענט אָדער מערער.

„ווען עס קומט צו תורה מן השמים איז ניט שייך קיין פשרות״ — האָט דער ליובאַוויטשער דערביי אויסגערופן אויף אַ מין דעפיניטיוון אופן. און ער האָט מיר דערביי אויפגעקלערט זיין דריי פונקטיקע פּראָגראַם אַריבער־צוגעווינען אַלץ גרעסערע טיילן פון אַמעריקאַנער געבוירענע אידן צו פולער אידישקייט. די דריי פונקטן זיינען ווי פאָלגט:

1) גיין צו דער יוגנט.

2) געבן דער יוגנט דעם גאַנצן אמת.

3) אויפגעבן די דעפענסיווע פּאָזיציעס און אַריבער צו אַן אָפענסיווע און אויפגעבן די איינרעדעניש, אַז אידישקייט אין אַמעריקע איז אין אַ שווערן מצב.

רעדנדיק וועגן די מעלות פון דער אידישער יוגנט אין אַמעריקע, האָט דער ליובאַוויטשער מיר געגעבן אַ משל פון אַ מלמד, וואָס האָט איינגעטיילט זיינע תלמידים אין דריי מינים:

1. מתמידים, שאַרפע קעפּ, גוטע לערנער, אַזעלכע וואָס קענען זיך כמעט באַגיין אָן דעם מלמד.

2. שלעכטע תלמידים, פוסטע קעפּ, וועמען דער בעסטער מלמד קען ניט העלפן.

3. תלמידים, וועלכע מען קען נאָך משנה זיין. מען קען זיי פירן און מען קען זיי לערנען. און פון דער דערפאַרונג האָבן די ליובאַוויטשער אויסגעפונען, אַז די אַמעריקאַנער ישיבה בחורים זיינען פון דעם מין וואָס, אַז „איר גיט זיי די אמת׳ע זאַך, האָט איר ביי זיי הצלחה״. און דער דריי־

טער מין איז פאַר דעם אמת'ן לערער און פעדאַגאָג די בעסטע סחורה — אַ תלמיד, וואָס לאָזט זיך פורעמען און באַאיינפלוסן.

דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט דורכצופירן אַ גרויסע היסטאָרישע מיסיע, האָט דער ליובאַוויטשער, רעדנדיק, ווייטער אָנגעוויזן. אַמעריקע איז גרויס געוואָרן אין דער וועלט צוליב דעם, וואָס יעדע עטנישע גרופּע האָט דאָ אין דעם דאָזיקן לאַנד אַרויסגעבראַכט דאָס בעסטע פון זיך און מיט דער פולסטער ענערגיע געבויט און געשאַפן. עס איז אויפגעבויט געוואָרן די גרעסטע עקאָנאָמיע, די גרעסטע ווירטשאַפט, אין דער גאַנצער מענטש־לעכער געשיכטע. אָבער די דאָזיקע ציוויליזאַציע איז געווען באַגרינדעט אויף פּערזענלעכע דערגרייכונגען. צופיל אויפמערקזאַמקייט איז געשענקט געוואָרן צו עגאָאיסטישע שטרעבונגען און אינטערעסן. אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט זיך אָבער אָנגעהויבן דער סוף פון דעם מאַטעריאַליסטישן פעריאָד און עס האָט אָנגעפאַנגען צו קומען אַ סוף צו דער ממשלה פון דאָלער, האָט דער ליובאַוויטשער אַנאַליזירט. עס איז אויך געקומען די צייט, ווען די אידן אין אַמעריקע וועלן זיך מוזן ווידמען מיט דעם גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה צו דער הייליקער מיסיע פון שפּילן די הויפּט ראָלע פון פירער אין תורה אידישקייט ניט בלויז פאַר זיך זעלבסט, פאַר דעם גרויסן אידישן ישוב דאָ אין לאַנד, נאָר פאַר אַלע אַנדערע אידישע ישובים אומעטום. און ווי גייט דאָס אַמעריקאַנער ווערטל: „טשאַריטי בעגינס עט האָום", צדקה, מעשים טובים, מוז מען אָנהויבן מיט זיך אַליין. מיר קענען ניט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַר דער רעשט פון דער אידישער וועלט און בויען נייע צענטערס פון תורה און אידישקייט ערגיץ אַנדערש, אפילו אין ארץ ישראל, אין דער צייט, וואָס דאָ, צווישן אונז, ווערן פיל פון אונזערע ברידער און שוועס־טער פאַרלוירן, וואָס עס איז שייך עכטע אידישקייט.

אַזוי האָט ווייטער דערקלערט דער נייער ליובאַוויטשער רבי. (אַ צאָל פון די דערקלערונגען פון רבי מנחם מענדל שניאורסאָן זיינען מיר צוגע־שיקט געוואָרן פון דעם רבינ'ס אָפיס אין דער פאָרם פון אַ געשפּרעך, וואָס עס האָט מיט דעם ליובאַוויטשער געהאַט גרשון קראַנצלער, אַ חסידישער שרייבער, פּראָפעסער פון טעקסט ביכער, וועלכער איז געווען פּרינציפּאַל פון דער בית יעקב מיטלשול אין ניו יאָרק.)

און גערופן האָט דער ליובאַוויטשער ניט בלויז די אָרטאָדאָקסישע אידן, נאָר אַלע אידן. ווייל עס איז געווען דער כלל מקדמונים ביי די פירער פון די ליובאַוויטשער, ביי די פירער פון חב"ד, וואָס מיינט חכמה, בינה (פאַר־

שטאַנד) און דעת (וויסן), אַז עס איז נישטאָ קיין איין־און־איינציקער איד, וואָס ווי ווייט ער זאָל ניט האָבן אַוועקגעגאַנגען פון דעם צענטער, פון דעם מיטלפּונקט פון אידישקייט, איז נאָך אַלץ אין אים דאָ אַן עכטער אידישער אָדער, אַן אמת „פּינטעלע איד". און אָט דאָס דאָזיקע פּינטעלע, וואָס איז דאָ אין יעדן אידן, מוז אויסגענוצט ווערן פאַר דעם וואוילזיין פון דעם גאַנצן אידישן ישוב אין אַמעריקע און פאַר דעם וואוילזיין פון גאַנצן אידישן פאָלק אומעטום. דער איינציקער וועג, ווי אַזוי דאָס אַמעריקאַנער אידנטום קען דערפילן די גרויסע היסטאָרישע פליכט, וואָס איז אויף דעם אַרויפגעלייגט געוואָרן, איז דורך גיין ממש אויף מסירת נפש פאַרן כלל. יעדער איד מוז אין דער צוקונפט ווערן אַן „איש כללי" אָנשטאָט אַן „איש פּרטי", יעדער איד וועט אין דער צוקונפט מוזן לעבן פיל מער פאַרן כלל, ווי ביז איצט, האָט דערקלערט דער ליובאַוויטשער. עס וועט קומען דערצו, אַז די אידן אין אַמעריקע וועלן ווערן פיל מער אַריינגעצויגן אין דעם אידישן כלל און ווערן אַקטיוו אין דעם רעליגיעזן, געזעלשאַפטלעכן און גייסטיקן לעבן פון זייערע געמיינדעס, ווי ביז איצט, האָט רבי מנחם מענדל שניאורסאָן ווייטער אָנגעוויזן.

אָט אַזוי האָט דער ליובאַוויטשער רבי, הרב מנחם מענדל שניאורסאָן, געזען דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע און גערופן די אַמעריקאַנער אידן זיך צו דערהויבן צו דער גרויסער ראָל, פאַר וועלכער דאָס לעבן אַליין האָט זיי אַוועקגעשטעלט. דער ליובאַוויטשער, מיט זיין בלאַסן מאַטאָוון פּנים, מיט זיין פּעך שוואַרצער באָרד, האָט גערעדט דורכדרינגלעך, אָפּטמאָל אין אַביסל אַ העכערן טאָן, אַנטשלאָסן. ער האָט געפילט, אַז עס איז פאַר אים און פאַר זיינע אַרויסהעלפער באַשטימט געוואָרן צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דער גייסטיקער אויפלעבונג פון די אידן אין אַמעריקע. אַמבעסטן האָט ער אויסגעדריקט פאַר מיר דעם אופן, ווי אַזוי ער זעט דאָס אידישע לעבן דאָ אין לאַנד אין זיין פאָלגנדן זאָג: „אַלע וועלן גיין רעכטער אין דעם זין פון אידישקייט אין אַמעריקע".

5

# דר. מרדכי מ. קאַפּלאַן און זיין פּראָגראַם פון פיר פּונקטן פאַר די אידן אין אַמעריקע

**די סינאַגאָגע, אידישע דערציאונג, דער אידישער צענטער און צדקה. — גרינדער פון רעקאָנסטרוקציאָניסטישער באַוועגונג האָט גערופן צו איבערבויען אַמעריקאַנער אידיש לעבן אין ליכט פון מדינת ישראל. — האָט גערופן צו שותפות'דיקער פּראָגראַם, וואָס קען דערהויבן דאָס אידישע פאָלק צו נייע גייסטיקע הויכן. — דאָס געפיל פון „אַליינקייט" און פון וועלן „באַלאַנגען". — נייער „גייסטיקער ברית", וואָס דר. קאַפּלאַן האָט פאָרגעשלאָגן פאַר אידישער יוגנט.**

פּראָפעסאָר מרדכי מ. קאַפּלאַן איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס איינער פון די וויכטיקסטע מאָדערנע אידישע דענקער און ער האָט פאַרנעמען אַן אָנגעזען פּלאַץ צווישן די רעליגיעזע פילאָזאָפן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט ניט בלויז ביי אידן, נאָר אויך אין דער אַלגעמיינער וועלט. דר. קאַפּלאַן איז געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון יענע טעאָלאָגישע דענקער, וועלכע האָבן די גרויסע פעאיקייט צו דערקלערן די קאָמפּליצירטסטע ענינים אויף דעם פּשוטסטן אופן.

אין אונזער שטודיום וועגן דעם מצב פון אידישקייט אין אַמעריקע האָבן מיר זיך, נאַטירלעך, געווענדט, ווי צו איינעם פון די סאַמע ערשטע, צו פּראָפעסאָר מרדכי מ. קאַפּלאַן, וועלכער איז פאַר איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט געווען באַרימט אַלס איינער פון די הויפּט־פירער פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט אין אַמעריקע. פּראָפעסאָר קאַפּלאַן האָט רעפּרעזענטירט אַ גאַנץ באַזונדער קלאַס אידישקייט, וואָס איז באַקאַנט אַלס די רעקאָנסטרוקציאָניסטישע באַוועגונג, אַ באַוועגונג, וועלכע ער פּערזענלעך האָט געשאַפן און פון וועלכער ער איז געווען דער הויפּט אָנפירער עטלעכע צענדליק

יאָר. דר. קאַפּלאַן האָט געהאַלטן, אַז דאָס אידישע לעבן דאַרף איבערגע־בויט ווערן אויף געזונטע יסודות מיט דער רעאָרגאַניזירטער אידישער קהילה אַלס דער צענטראַל פּונקט. איבערגעבויט ווערן! רעקאָנסטרואירט ווערן! און דערפאַר טאַקע האָט ער די באַוועגונג אָנגערופן „ריקאָנסטראָק־שאָניסט״.

דר. קאַפּלאַנ׳ס אידייען האָבן געהאַט אַ גרויסע נאָכפאָלגערשאַפט צווישן דער אַמעריקאַנער געבוירענער אידישער רעליגיעזער און אויך אַלגעמיינער אינטעליגענץ. דר. ש. מאַרגאָשעס, פירנדער אידישער פּובליציסט אין אידיש און אין ענגליש, האָט אין אַן עסיי צו דעם דריי הונדערט יאָריקן יובל פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, פאַררעכנט דר. מרדכי מ. קאַפּלאַנ׳ען אַלס איי־נעם פון די צען וויכטיקסטע אידישע דענקער, וועלכע האָבן באַווירקט דעם גאַנג פון אידישן לעבן אין אַמעריקע אין די דריי הונדערט יאָר. דר. מאַרגאָשעס׳עס אָפּהאַנדלונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״.

געטראָפן מיט דר. קאַפּלאַנ׳ען האָב איך זיך עטלעכע מאָל. און געהערט האָב איך אים גאַנץ אָפט. אָבער דעם הויפּט שמועס אונזערן האָבן מיר געהאַט ביי דר. קאַפּלאַנ׳ען אין סטודיאָ אין זיין וואוינונג אויף סענטראַל פּאַרק וועסט, ביי דער 101טער גאַס. אגב זיינען מיר יאָרן לאַנג געווען שכנים און איך פלעג דר. קאַפּלאַנ׳ען פון צייט צו צייט טרעפן אין צענטראַל פּאַרק ביי אַ שפּאַציר אָדער גייענדיק פון דער שול זיינער, וואָס איז געווען ניט גאָר וויט פון זיין היים.

אין אונזער געשפּרעך האָט דר. קאַפּלאַן מיר דערציילט, אַז ער האָט אַ צייט לאַנג זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק צו שאַפן אַ מין נייע רעלי־גיעזע שיטה און זיך אָפּשפּאַלטן פון דער קאָנסערוואַטיווער אידישקייט. ער האָט אָבער שפּעטער איינגעזען, אַז עס איז נישט כדאי צו שאַפן נאָך אַ פּערטע גרופּע אַלס צוגאָב צו די דריי עקזיסטירנדע רעליגיעזע גרופּן: אָרטאָדאָק־סישע, קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרמער, און ער האָט באַשלאָסן צו בלייבן ווייטער אין קאָנסערוואַטיוון לאַגער. פּראָפעסאָר קאַפּלאַן האָט אָבער אַלס אַ טייל פון זיין רעקאָנסטרוקציע־אידייע געשאַפן אַ מין מאָדערנע סינאַגאָגע, וואָס איז געווען באַוואוסט אַלס די „סאָסייעטי פאָר די אַדוואַנסמענט אָוו דזשודאַאיזם״. (אַ גענויע אָפּהאַנדלונג וועגן דער דאָזיקער „סאָסייעטי״ ווי אויך מער וועגן דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער באַוועגונג און וועגן דר. קאַפּלאַנ׳ען, וועט דער לייענער געפינען אויף אַן אַנדער פּלאַץ אין זעלבן באַנד.)

פּראָפעסאָר מרדכי מ. קאַפּלאַן איז געווען איינער פון די גאָר ערשטע

פּראָפעסאָרן, וואָס דר. סאָלאָמאָן שעכטער האָט איינגעלאַדן זיך אָנצושליסן אין דעם פאַקולטעט פון דעם באַרימטן „שעכטער סעמינאַר״, וועלכער איז שפּעטער באַוואוסט געוואָרן אַלס דער אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר. פּונקט ווי דר. שעכטער, אַזוי האָט אויך דר. קאַפּלאַן איינגעזען גאָר פרי, אַז אידישקייט אין אַמעריקע מוז דורכמאַכן אַ צופּאַסונגס־פּראָצעס, און כדי צו דערגרייכן אַ געהעריקן דערפאָלג ביי דער אידישער יוגנט פון אַמע־ריקע, דאַרפן די רעליגיעזע אידישע פירער ריכטיק פאַרשטיין די אַמערי־קאַנער אומשטענדן.

דר. קאַפּלאַן האָט פיל גערעדט און פיל געשריבן וועגן דער שייכות פון אַמעריקאַנער אידן צו ארץ ישראל, צו מדינת ישראל. דר. קאַפּלאַן, וועלכער האָט שטאַרק געגלויבט אין דער אידישער צוקונפט אין אַמעריקע, האָט געהאַלטן, אַז זינט דעם ווידערגעבורט פון מדינת ישראל, דאַרף דאָ אונזער גאַנץ אידיש לעבן אָננעמען אַ מער אינטענסיווע שטעלונג לגבי דעם אידישן היימלאַנד. אידן אין אַמעריקע און אין די אַנדערע וועלט־טיילן מוזן אויף דעם שטאַרקסטן אופן אָנערקענען, אַז וואו זיי זאָלן ניט זיין, זיינען זיי גייסטיק פאַרבונדן מיט מדינת ישראל. וואָס קלאָרער און בולט'ער מיר וועלן אָט־דעם פאַקט אָנערקענען און אונטערשטרייכן, אַלץ געזינטער וועט עס זיין פאַר אונז און פאַר די באַציאונגען מיט די לענדער, אין וועל־כע מיר וואוינען. דר. קאַפּלאַן האָט אויך אָנגעוויזן, אַז אין דער הינזיכט דאַרפן מיר האַנדלען גענוי ווי די קאַטאָליקן האַנדלען אין שייכות צו רוים, אָדער ווי די איירישע לגבי אירלאַנד.

די וועלט דאַרף וויסן און פאַרשטיין, אַז אַנדערש קען עס גאָר ניט זיין. מיר טאָרן נישט דערלאָזן, אַז דאָס זאָל ווערן ביי אידן אַ מין שוואַכ־קייט־געפיל, אַן „אינפעריאָריטעט קאָמפּלעקס״. די אַלע רייד וועגן „דואַל לאָיאַלטי״, טאָפּלטע לאָיאַליטעט, וועלן פאַרוואַנדלט ווערן אין פּוסטע רייד, אויב מיר וועלן אָננעמען אַן אַנטשלאָסענע און פעסטע שטעלונג.

דר. קאַפּלאַן האָט געהאַט פאַרטראַכט אַ ברייטן פּלאַן, אַז אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע קינדער זאָלן אין דער עלטער פון 18 אָדער 21 יאָר דורכגיין אַ מין ספּעציעלע צערעמאָניע פון אַ גייסטיקן בונד מיטן פאָלק און לאַנד פון ישראל. עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ מין נייער ברית, אַ גייס־טיקע פאַרבינדונג. ער האָט געהאַלטן, אַז אויב עס זאָל איינגעפירט ווערן אַ נייער צערעמאָניאַל, וואָס זאָל באַצוועקן צו שאַפן אַ בונד, אַ באַוואוסט־זיניקע אייניקייט, צווישן דעם אידישן מענטשן מיט דעם אידישן לאַנד, וועט אַזאַ בונד העלפן פאַרשטאַרקן אידישקייט אומעטום. דר. קאַפּלאַן האָט

געפילט, אַז אַן אַמעריקאַנער אידיש קינד, אונטער די אומשטענדן פון נאָך די מלחמה יאָרן, בלייבט ביים ביסל אידישקייט, ניט וויסנדיק צוליב וואָס און פאַר ווען. דאָס איז אַ אידישקייט וואָס הענגט ווי אַ הויקער אויף די פּלייצעס, דערפאַר איז זיין מיינונג, אַז עס דאַרף צעמענטירט ווערן דער בונד פון עם — פאָלק — „פּיפּל״.

אידן איבער דער וועלט זיינען ניט קיין שטאַט, ניט קיין נאַציע, ניט קיין ראַסע, און אין פילע פאַלן אויך ניט קיין רעליגיע, האָט אַנגעוויזן דר. קאַפּלאַן. ווייל אַט זענען מיר גאָר, גאָר אַ סך פרייע, אַטעאיסטישע, ניט־רע־ליגיעזע אידן, וואָס האַלטן זיך פונדעסטוועגן פאַר גוטע אידן. האַלט דר. קאַפּלאַן, אַז די דעפיניציע „ פּיפּל״ — עם — פאָלק, פּאַסט אונז אַלעמען אַמ־בעסטן. עס דאַרף געשאַפן ווערן אַן ענגע בריק צווישן די אידן פון מדינת ישראל מיט די אידן פון אַמעריקע און פון די אַנדערע לענדער — האָט דערקלערט דר. קאַפּלאַן. אָן אַן ענגען קאָנטאַקט מיט דעם וועלט־אידנטום וועט מדינת ישראל זיין געגליכן צו אַ קליין באַלקאַניש מדינה׳לע. גאָר באַנדערש אָבער וועט זיין, ווען די אידן פון ישראל, די געבוירענע אַריינגערעכנט, וועלן באַגרייפן די וויכטיקייט פון אַן ענגען, ברידערלעכן בונד פון אידן איבער דער גאַנצער וועלט, דאַן וועט מדינת ישראל און עם־ישראל זיין אַ גאָר גרויסע וועלט־מאַכט.

פּראָפעסאָר מרדכי מנחם קאַפּלאַן איז אַלעמאָל געווען אַ גרויסער ליב־האָבער און פאַרערער פון דער אידישער ליטעראַטור און אַ געטרייער לייענער פון דער אידישער פרעסע. ער האָט אַלעמאָל געהאַלטן, אַז די קול־טור אויף אידיש איז אַ ביז־גאָר וויכטיקער כח אויף דער אידישער גאַס און האָט אומגעהויערע גרויסע פאַרדינסטן פאַרן היגן אידישן לעבן. דר. קאַפּלאַן איז געווען אַ שטיצער פון אידישן קולטור־קאָנגרעס און האָט זיך אויך באַטייליקט אין די דעבאַטעס פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַ־וועגונג. ער איז אַלעמאָל געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די פירנדע ציוניסטישע דענקער אין אַמעריקע. עס איז אונזער פליכט צו טאָן אַלץ, וואָס מיר קענען פאַר אידיש און באַפעסטיקן אַזוי פיל ווי מיר קענען נאָר די אידישע פּאָזיציעס, האָט דר. קאַפּלאַן מיר דערקלערט. און דער־כאָר האָבן פאַרנעמען ביי דר. מ. מ. קאַפּלאַן, איינער פון די וויכטיקסטע פּראָפעסאָרן פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, אַ גאָר וויכטיקן פּלאַץ די מיינונגען פון אידישע שרייבער. ער האָט זיך אַלעמאָל צוגעהערט גאָר אויפמערקזאַם צו אַ גאַנצער ריי אידישע דענקער און פּובליציסטן. און אַט צוליב דער דאָזיקער שטעלונג זיינער האָבן פאַרנומען אין דער רעקאָנסטרוק־

ציאָניסטישער באַוועגונג פון דר. קאַפּלאַן אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ די אידישע קונסט, אידישע ליטעראַטור, אידיש טעאַטער.

פּראָפעסאָר קאַפּלאַן איז צוזאַמען מיט דר. י. ל. מאַגנעס געווען צווישן די פירער פון דער באַוועגונג פאַר אַ אידישער קהילה אין ניו יאָרק. אין 1916 האָט דר. קאַפּלאַן געגרינדעט דעם ערשטן אידישן סינאַגאָגע־צענטער אין אַמעריקע, אויף וועסט 86טע סטריט, ניו יאָרק. עס איז געווען דר. קאַפּלאַנ׳ס פּלאַן צו שאַפן אַרום דעם בית התפילה אַ צענטער פאַרן אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, אַ קלוב, אַ שול, פאַר די עלטערן און פאַר די קינדער, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו די אַמעריקאַנער אומשטענדן.

די פיר זיילן, אויף וועלכע דאָס אידישע לעבן דאַרף רעקאָנסטרואירט ווערן, איבערגעבויט ווערן, זיינען: די שול, די סינאַגאָגע — וואָס איז גע־גליכן צום האַרצן; דערציאונג איז דער מוח; דער צענטער, די געזעלשאַפט־לעכע אינסטיטוציע, זיינען די לונגען; און צדקה — דאָס איז דער שפּייז אַפּאַראַט.

אָבער אָט די אַלע אָרגאַנען, די אַלע טיילן, פאָדערן אַ קערפּער, צו וועלכן זיי זאָלן באַלאַנגען. קומט דאָ דער געדאַנק פון דער קהילה, די גע־מיינדע, וואָס מוז און קען אָרגאַניזירט ווערן, האָט אָנגעוויזן דר. קאַפּלאַן.

פּראָפעסאָר קאַפּלאַן האָט אַלעמאָל גע׳טענה׳ט, אַז מיר מוזן זיך אָפּ־געבן מער מיט דער דערציאונג ניט בלויז פון די קינדער, נאָר גאָר אַ סך אויך מיט דער דערציאונג פון די עלטערן. און דאָ קומט אַריין דער פּלאַן פון פּראָפעסאָר קאַפּלאַן, צו שאַפן די „יוניווערסיטיס אָוו דזשודאַאיזם", ענלעך צו דעם אוניווערזיטעט, וואָס דער אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר האָט געגרינדעט אין לאָס אַנדזשעלעס, און וועלכער איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

מיר זיינען אין די טויזנטער יאָרן פון גלות געווען אין דער פרעמד־אָפּט אַ שטאַרקער פאָלק, ווי די פעלקער, ביי וועלכע מיר האָבן געלעבט אין שכנות, האָט אָנגעוויזן דר. קאַפּלאַן. זינט דער עמאַנציפּאַציע אָבער, פאַר די לעצטע 150 יאָר, זינט מיר זיינען „אַרויס אויף דער פריי", קענען מיר זיך ניט געפינען אַלס אַ פאָלק אויפן געהעריקן אופן. מיט דעם ווידער־געבורט פון מדינת ישראל האָט דר. קאַפּלאַן איינגעזען די נייע, גרויסע היס־טאָרישע געלעגנהייט. דורך דעם אויפקום פון מדינת ישראל קענען מיר אַלס אַ פאָלק, אַלס „עם־ישראל", צוריק פאַרשטאַרקט ווערן סיי פיזיש, סיי גייסטיק. אָט דאָס געפיל פון „ניט באַלאַנגען", פון „אַליינקייט", וואָס אַ סך דענקענדיקע אידן פילן, קען פאַרשווינדן! וואו מיר זאָלן ניט בלייבן

וואוינען, קענען מיר בויען אויף פעסטע פונדאַמענטן, וויסנדיק, אַז מיר געהערן גייסטיק אויך צום „עם ישראל״, צום פאָלק, וואָס האָט דאָס ערשטע צווישן אַלע פעלקער אָנערקענט דעם פּרינציפּ פון אוניווערסאַלן פרידן און פון ליבשאַפט צום מענטשן, האָט פאַר מיר דערקלערט דר. קאַפּלאַן.

דר. קאַפּלאַן איז אין 1889, אַלס קינד פון אַכט יאָר, געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע פון סווענציאַן, לעבן ווילנע. זיין פאָטער איז געווען הרב ישראל קאַפּלאַן, דער דיין ביי רב הכולל הרב יעקב יוסף. פּראָפ. קאַפּלאַן האָט פאַרבראַכט זיינע קינדער־יאָרן אויף דער איסט סאַיד. ער האָט גראַדואירט פון סיטי קאַלעדזש, פון קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט און פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. ער איז געווען אויך אַ פּראָפעסאָר אין קאָלאָמביאַ אוניווערזיטעט און פון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים.

פּראָפעסאָר קאַפּלאַן האָט געהאַט פאַרטראַכט אַ נייעם רעווידירטן פּלאַן צו אָרגאַניזירן אַ ברייטע באַוועגונג פאַר אַ רעקאָנסטרוקטיווער אידישקייט, וואו אידישע רעליגיע, דאָס אידישע געמיינדע לעבן, אידישע שרייבער, קינסטלער, אידיש שאַפן זאָלן קריגן נייעם מוט און דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע, אין ישראל און אומעטום זאָל קריגן אַ נייעם קוואַל פון גליק און זעלבסטדערקענטעניש.

# 6

# ש. ניגער און זיין גלויבן אין דער צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע

**שמואל ניגער (טשאַרני), ע״ה, אידישער קריטיקער און פּובליציסט, האָט איינגעזען די וויכטיקע ראָל, וואָס אידישע שאַפונג אויף אידיש שפּילט אין דער אַנטוויקלונג פון דער אַמעריקאַנער אידישקייט. — „וויכטיקע אויפטועו פון היינט, פון דער קעגנוואַרט, וועלן במילא שוין פאַרזאָרגן אַ צוקונפט, אַ מאָרגן" — האָט אַלעמאָל געהאַלטן ש. ניגער. — האָט גערופן צו דערציען אידיש קינד אין אַמעריקע פאַר דעם אַמעריקאַנער אידישן לעבן.**

וואָס איז געווען ש. ניגער׳ס קוק אויף דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע בכלל?

וואָס איז געווען ניגער׳ס מיינונג וועגן די אויסזיכטן אויף דער צוקונפט פון דעם אידישן קולטור לעבן אויף אידיש דאָ אין לאַנד בפרט?

ווי אַזוי וועלן זיך די ביז־איצטיקע אויפטועו פון דער אידישער קולטור אויף אידיש אַריינפּאַסן אין דער אַלגעמיינער אידישער קולטור־פּאַנאָראַמע, וואָס מאַכט דורך די סאַמע דראַסטישע ענדערונגען אין דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע?

וועגן אָט די דאָזיקע אַלע פראַגן האָב איך געהאַט אַ גאַנצע ריי געשפּרעכן מיט דעם באַרימטן אידישן קריטיקער און היסטאָריקער פון דער אידישער ליטעראַטור, ש. ניגער, ע״ה. די געשפּרעכן זיינען פאָרגעקומען ביי אַ גאַנצער ריי באַגעגענישן און זיינען געפירט געוואָרן אין שייכות מיט מיין שטודיום פון אידישן קולטור לעבן דאָ אין לאַנד. ש. ניגער האָט קורץ פאַר זיין אַוועקגיין פון דער וועלט געלייענט דעם מאַנוסקריפּט פון מיין

געשפּרעך מיט אים. ער האָט געמאַכט געוויסע קאָרעקציעס און אויסבעסע־רונגען און מיר געשיקט אַ ספּעציעלן בריוו, באַשטעטיקנדיק דעם אַלגע־מיינעם אינהאַלט פון געשפּרעך.

געטראָפן האָב איך זיך מיט ש. ניגער׳ן, אין שייכות מיט מיינע פראַגן צו אים, אַ פּאָר מאָל. דעם ערשטן לענגערן געשפּרעך האָב איך געהאַט וועגן דעם ענין טאַקע אין ש. ניגער׳ס הויז, וועמענס אַדרעס — 176 סילי סטריט, אין ברוקלין, איז יאָרנלאַנג געווען באַרימט צווישן אַלע אידישע שרייבער און דיכטער איבער דער גאַנצער וועלט. אַהין, אין יענעם לעגענדאַרן אַפּאַרט־מענט פון ש. ניגער׳ן זיינען בלי גוזמא געשיקט געוואָרן יעדעס יאָר הונ־דערטער ביכער אין אידיש, העברעאיש, ענגליש, שפּאַניש, און אין אַלע אַנדערע שפּראַכן אין וועלכע אידן שרייבן. איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע שעה צייט אין דער וואוינונג פון ש. ניגער און פאַרצייכנט די ענטפערס אויף די פאָראויס־צוגעגרייטע פראַגן און אויך אויף די פראַגן, וואָס זיינען אויפ־געקומען אין פּראָצעס פון אונזער שמועס. אַ שמועס, וואָס איז געגאַנגען אין זיג־זאַגן, אַהין און צוריק, דורך פאַרשידענע פּעריאָדן אין דער אַנט־וויקלונג פון אידישן קולטור לעבן אין פאַרשידענע צייטן.

ש. ניגער איז געווען באַוואוסט מיט זיין שטעלונג אין דער „אייביקער דעבאַטע״ וועגן דער צוקונפט פון אידישן קולטור לעבן אויף אידיש. זיין ענטפער איז, אַלעמאָל געווען אַ קורצער און אַ שאַרפער: זאָרגט ניט וועגן דער צוקונפט! זאָרגט בעסער וועגן דער קעגנוואַרט. זאָרגט, פּשוט גערעדט, וועגן היינט, וועט שוין במילא אויך זיין אַ מאָרגן.

ביי איינעם פון מיינע באַגעגענישן מיט ש. ניגער׳ן (דאָס מאָל איז עס געווען אין אַ רעסטאָראַן ניט ווייט פון אידישן לערער סעמינאַר, וואו ניגער האָט געלערנט אידישע ליטעראַטור מיט די צוקונפטיקע אידישע לערער איבער דרייסיק יאָר צייט), האָט מיר דער פירנדער אידישער קריטיקער אילוסטרירט דעם זעלבן געדאַנק וועגן דער צוקונפט פון דער אידישער קולטור אויף אידיש מיט פאָלגנדןביישפּיל: מענטשן, וואָס ווילן לאָזן זייע־רע קינדער אַ ירושה, אַרבעטן און טוען און זיי טוען עפּעס אויף. מענטשן, וואָס לאָזן געוויינלעך אַ ירושה, געבן נאַטירלעך גוט אַכטונג אויף זייערע געשעפטן. פאַרטייטשנדיק אָט דעם געדאַנק אין שייכות מיט קולטור, האָט ש. ניגער אָנגעוויזן, אַז דער עיקר וואָס מיר דאַרפן טאָן, איז שאַפן ממשות׳־דיקעס אויף אידיש, און במילא וועט שוין בלייבן אַ ירושה. אין אַלגעמיין האָט מיר ניגער אויפגעקלערט, האָלט ער אַז קיין שום גייסטיקע ענערגיע ווערט ניט פאַרלוירן, און ער האָט געקוקט מיט זיין אויג אין דער אידישער



ש. ניגער
קריטיקער פון אידישער ליטעראַטור ; פירער און אויסטייטשער
פון אידישער קולטור אויף אידיש (1883—1955)

אייביקייט אַריין. אינטערעסאַנט ביז גאָר איז אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט, אַז דווקא ש. ניגער, אַן אָנגעזעענער כח אין דער וועלט פון אידישן שאַפן אין משך פון איבער צוויי דורות, דווקא ש. ניגער איז קיינמאָל ניט געווען קיין פאַנאַטיקער אין דער שפּראַכן־פראַגע. שוין ביי דער היסטאָרישער טשער־נאָוויצער קאָנפערענץ אין יאָר 1908, ווען אידיש איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַלס אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך פון אידישן פאָלק, און עס האָט זיך דאַן אַנט־וויקלט אַ קאַמף צווישן די אידישיסטן און העברעאיסטן, האָט ש. ניגער שוין דאַן געגומען דעם מיטנוועג. ער האָט אָנערקענט, אַז אידיש דאַרף זיין און איז די שפּראַך פון אידישן רענעסאַנס און אידישער אויפוואַכונג, ער האָט אָבער צו דער זעלבער צייט ניט געלייקנט און ניט באַקעמפט די וויכטיקע פּאָזיציע פון העברעאיש. און געדענקען דאַרף מען, אַז אַט דער סכסוך איז פאָרגעקומען אין סאַמע אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט, ווען דער שפּראַכן־קאַמף איז געווען שאַרף ביז גאָר, באַזונדערס נאָך אין אַמאָליקן רוסלאַנד, ליטע און פּוילן. און אַזוי ביז אינמיטן פון 20טן יאָרהונדערט! ש. ניגער איז ניט אַזאַ וואָס בייט־זיך איבערנאַכט! ער האָט אַלעמאָל געהאַלטן פון דער טעאָריע פון דער שותפות׳דיקייט פון דער קולטור פון אידישן פאָלק אויף פאַרשידענע שפּראַכן. און טאַקע דערפאַר אפשר, וואָס ש. ניגער איז יאָרנלאַנג געווען אַזאַ פירנדע קראַפט אין דער שעפערישער אידישער וועלט אויף אידיש, האָט ער זיך ניט געלאָזט אַריינציען אין דער יאוש־שטימונג, וואָס האָט באַהערשט פיל שעפער פון אידיש אין אַמעריקע. ניגער האָט אַלעמאָל געגלויבט, אַז פּונקט ווי די פאַרשידענע אַנדערע קולטור־עפּאָכעס אויף פאַרשידענע שפּראַכן, אַזוי האָט אויך די עפּאָכע פון אידישער שאַפונג אויף דער אידישער שפּראַך איר גרויס און וויכטיק פּלאַץ אויבנאָן ביי דער מזרח וואַנט פון אידישער גייסטיקער אויפטואונג. און דערפאַר טאַקע האָט ש. ניגער באַוויזן צו ווערן דער לאַנג־יאָריקער פּרעזידענט פון דעם לאַמעד פאָנד פאַר דער אידישער ליטעראַטור איןביידע שפּראַכן — אידיש און העברעאיש — אַ פאָנד, וואָס איז אין יאָר 1945 געגרינדעט געוואָרן פון דעם דעטראָיטער מעצענאַט און קולטור טוער לואיס לאַמעד — און ער האָט געטאָן אַלעס מעגלעכעס כדי צו שאַפן אַ־וואָס־שטאַרקערע דערנעענטערונג צווישן ביידע צווייגן פון דער ליטעראַטור ביים אידישן פאָלק. אין 1941 האָט ש. ניגער, אַלס אַ טייל פון זיין שטאַרקער שטרעבונג צו פאַראייניקן ביידע פּראַקציעס פון דער ליטעראַטור ביי אידן, פאַרעפנטלעכט זיין אינטערעסאַנט בוך „די צווייִשפּראַכיקייט פון אונזער ליטעראַטור“.

אָבער מען דאַרף ניט מיינען, אַז ש. ניגער, וועלכער איז געווען איינער

פון די גאָר ערשטע צו פאַרשטיין וואָס עס קומט פאָר ביי אידן אין אַמע־ריקע, האָט ניט געוואוסט אָדער האָט געוואָלט זיך מאַכן ניט וויסנדיק וועגן דעם, אַז די אידישע קולטור אויף אידיש גייט באַרג אַראָפּ, אָנשטאָט באַרג אַרויף. ש. ניגער האָט עס געוואוסט און נאָך ווי! ניגער האָט גערעדט צו מיר וועגן טרויער און האָט געקענט זאָגן ווערטער, אַפאָריזם־מעסיק, ווער־טער, וואָס מען מוז זיי טיף איבערלעבן, איידער מען זאָגט זיי אַרויס, און אַז מען זאָגט אָט די ווערטער שוין אַרויס, טוען זיי שטאַרק וויי.

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי ביי מיין ערשטער באַגעגעניש מיט דעם באַרימטן אידישן קריטיקער, דאָס איז געווען אין יאָר 1936, אין האַוואַ־נאַ, קובאַ, האָט מיר ש. ניגער אין אַ געשפּרעך געזאָגט: דער ערגסטער טרויער איז דער, וואָס קומט פון אינווייניק. אַ טרויער פון אינווייניק עסט־אויף דאָס לעבן. און ניגער האָט אַלעמאָל געוואוסט, אַז עס איז דאָ אַן אינ־ווייניקסטער טרויער צווישן די שעפער אויף אידיש אין אַמעריקע. ער האָט אָבער אַלץ געטאָן כדי אָט דעם שווערן טרויער ניט צולאָזן. און דער־פאַר האָט ער אַלעמאָל געפּאָדערט מעשים. טאָטן. ממשות׳דיקע אויפטוען.

ביי אַן אַנדער געשפּרעך, אויך אין שייכות מיט דער אידישער קולטור אויף אידיש, האָט מיר ש. ניגער געזאָגט דאָס פאָלגנדע: „דער אומגליק פון אונזער דור איז ניט די טראַגעדיע פון אידישן פאָלק״.

וואָס האָט ש. ניגער געמיינט דערמיט?

געמיינט האָט ער מיר צו זאָגן, אַז אויב אפילו מיר זאָלן אָננעמען, אַז די אידישע קולטור אויף אידיש ווערט אַלץ שוואַכער און שוואַכער און וועט מיט דער צייט מער ניט זיין דער זעלבער שטאַרקער ווירקנדער כוח אין אידישן לעבן אין אַמעריקע, דאַרף מען ניט מיינען, אַז דאָס איז די טראַ־געדיע פון אידישן פאָלק. עס איז אַן אומגליק, אַ גרויסער אומגליק, אָבער בלויז דער אומגליק פון דעם דור, וואָס שאַפט און וויל שאַפן אויף אידיש. און אָט זעען מיר דאָך עס טאַקע פאַר אונזערע אויגן, ווי דער הי־געבוירע־נער דור נעמט זיך עס אפילו ניט צום האַרצן. די הי־געבוירענע פילן אפילו ניט די טראַגעדיע, ווייל זיי ווייסן אפילו ניט מערסטנס, אַז אַזאַ טראַגעדיע שפּילט זיך אָפּ ממש פאַר זייערע אויגן...

ש. ניגער איז אַלעמאָל געווען פול מיט אָפּטימיזם און גלויבן אין דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע. ש. ניגער איז געווען איינער פון די גאָר ווייי־ניקע אידישע שעפער אויף דער אידישער שפּראַך, וואָס האָט דערזען דאָס גרויסע אידישע לעבן, וואָס קומט־אויף דאָ אין לאַנד. און ער האָט אויך איינגעזען די גרויסע ראָלע, וואָס די אידישע קולטור אויף אידיש, די אידי־

שע פּרעסע, דאָס אידיש טעאַטער, דאָס אידישע שול־וועזן, די אידישע לי־
טעראַטור האָבן געשפּילט און וועלן שפּילן אין שאַפן אָט־דאָס נייע אידיש־
אַמעריקאַנער לעבן. און מען דאַרף ניט מיינען, אַז אַמעריקע וועט שאַפן
אַזאַ אידישקייט, וואָס מיר זיינען געווען געוואוינט צו זען אַמאָל אין ליטע
און פּוילן. אויך אין מדינת ישראל ווערט ניט געשאַפן אַזאַ אידיש פאָלק
אָדער אַזאַ אידישקייט ווי עס איז געווען אַמאָל. יעדער צייט האָט זיך איר
אייגענע אידישקייט, איר אייגענעם נוסח, האָט מיר אָנגעוויזן ש. ניגער אין
אונזער גשפּרעך. באַזונדערס נאָך אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט און גאַנץ
באַזונדערס נאָך אין אַמעריקע, ווייל די אומשטענדן זיינען גאָר, גאָר אַנדע־
רע, ווי אין דער אַלטער היים.

פּונקט אַזוי ווי ש. ניגער איז אַלעמאָל געווען אַ גרויסער מאמין אין
דער צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, פּונקט אַזוי האָט ער פאָרמירט
די איבערצייגונג, אַז אידיש וועט בלייבן אַ באַשטענדיקער טייל פון אידישן
לעבן דאָ אין לאַנד. נאַטירלעך האָט ניגער געוואוסט, אַז אידיש וועט אין
דער צוקונפט ניט זיין די אומגאַנגס־שפּראַך פון דער גרעסטער אַמעריקאַנער
אידישער מערהייט. אידיש וועט אָבער בלייבן אין אידישן געזאַנג; אידיש
וועט נאָך פיל געלערנט ווערן פאַר יאָרן און יאָרן אין אידישע שולן און
אויך אין פיל העברעע שולן איבערן לאַנד. ש. ניגער, וועלכער איז געווען
איינער פון די הויפּט קעמפער פאַר אידישער דערציאונג אין אַמעריקע זינט
זיין אָנקומען אַהער אין 1919, האָט אַנטוויקלט דעם געדאַנק, אַז אין די
אידישע שולן דאַרף געפונען ווערן אַ וועג, אַ מעטאָד, ווי אַזוי איינצופלאַנצן
אידיש און אידישקייט אין אידישע קינדער דורך עמאָציאָנעלע איבערלע־
בונגען. אידישע דערציאונג דאַרף פאַרבונדן ווערן מיט פייערונגען, מיט
ימים טובים, מיט דערפאַרונגען, אַזוי אַז עס זאָל ביי די קינדערלעך בלייבן
שפּורן אויף אייביק פון זייער האָבן געלערנט אין אַ אידישער שול.

ניגער האָט יאָרנלאַנג געפּרעדיקט די אידייע, אַז דאָס אידישע קינד
דאַרף דערצויגן ווערן פאַרן אידישן לעבן אין אַמעריקע. וואָס מיינט עס?
עס מיינט, אַז מען דאַרף צופּאַסן די אידישע לימודים צום אידישן לעבן
דאָ אין לאַנד. אַ ליבע צו ציון, אַ ליבע צו ארץ ישראל — יאָ! אָבער מען
טאָר ניט לייגן דעם הויפּט־טראָפ אויף ציון, אויב דאָס קינד וועט בלייבן
אין אַמעריקע. אין אַלגעמיין איז ש. ניגער געווען איבערצייגט, אַז די אַמע־
ריקאַנער אידן דאַרפן שענקען מער אויפמערקזאַמקייט צו די אידישע קול־
טור נויטן דאָ אין לאַנד גופא. רעדנדיק וועגן דערציאונג פון אידישן קינד,

האָט ניגער מיר אָנגעוויזן, אַז אין פאַרשידענע צייטן האָבן פאַרשידענע פראַקציעס און באַוועגונגען אין היגן אידישן לעבן אויסגעטראַכט אַ פיקטיוו, אַ ניט־רעאַל אידיש קינד אין אַמעריקע. מ׳האָט דאָס אידישע קינד גע־שטאָפּט אין געוויסע צייטן מיט סאָציאַליזם, מיט ציוניזם און מיט אַנדערע „איזמען״. די אידישע דערציאונג דאָ אין לאַנד דאַרף מער צוגעפּאַסט ווערן צו די היגע לעבנס־אומשטענדן.

דאָס גייסטיקע אידישע לעבן אין דער צוקונפט אין אַמעריקע האָט ש. ניגער פאַר מיר געשילדערט ווי אַ אידישן קולטור פּלוראַליזם, ווי אַ פריינט־לעכע שותפות, אַ דערנעענטערונג פון די פאַרשידענע סאָרטן אידישקייטן דאָ אין לאַנד. די, וואָס זיינען ניט קיין פאַנאַטיקער, מוזן צוגעבן, אַז עס זיינען פאַראַן פאַרשידענע סאָרטן אידישקייטן, האָט מיר דערקלערט ש. ניגער. פאַר די לעצטע 150 יאָר, איז פאַראַן מער ווי איין סאָרט אידישקייט ביים אידישן פאָלק. ניגער האָט אַלעמאָל געקוקט מיט פיל פאַרשטענדיקונג אויף דער אידישקייט אויף ענגליש און האָט געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף איר. אין זיין געשפרעך מיט מיר האָט ער אָנגעוויזן אויף אַ גאַנצער ריי באַרימטע אידישע פירער אין אידישן לעבן אין אַמעריקע, וואָס זיינען שוין הי־געבוירענע. אין אַלגעמיין האָט ש. ניגער פרי איינגעזען, אַז אַמע־ריקע איז ניט דאָס, וואָס עס איז געווען די אַלטע היים. אידן אין אַמעריקע פילן גאַנץ אַנדערש וועגן דער לאַנד־קולטור ווי אידן אַמאָל אין רוסלאַנד, פּוילן, ליטע אָדער ערגיץ אַנדערש. די אַמעריקאַנער קולטור איז נאָענט דעם אַמעריקאַנער אידן. ער האָט אין איר אַ חלק! אידן האָבן געשאַפן און העלפן שאַפן די אַמעריקאַנער קולטור, עקאָנאָמיש, פּאָליטיש און גייסטיק. צו געוויסע גרויסע טיילן פון דער אַמעריקאַנער קולטור האָבן אידן גאָר אַ גרויסע שייכות, ווי צום ביישפּיל: טעאַטער, פרעסע, מואוויס, ראַדיאָ און טעלעוויזיע. ווען אַן אַמעריקאַנער איד „גייט אַריין״ אין דער אַמעריקאַנער קולטור, גייט ער אַריין ווי אַן אייגענער און ער האָט ניט דאָס געפיל, ווי עס האָט געהאַט דער איד אין דער אַלטער היים, אַז ער גייט אַריין אין אַ פרעמדער קולטור־וועלט. אַזוי, אַז דאָס, וואָס עס פלעגט פון יענער זייט ים באַצייכנט ווערן אַלס אַסימילאַציע, קאָן דאָ, אין אַמעריקע, ניט אַלעמאָל אָנגערופן ווערן מיט דעם זעלבן נאָמען. עס שאַפט זיך דאָ אין אַמעריקע אַ אידישקייט פון אַ נייעם כאַראַקטער און די אַמעריקאַנער געבוירענע אידן זוכן מיט טיפן דורשט נייע אַמעריקאַנער וועגן צו די אַלטע אידישע קוואַלן. אויך דאָס, וואָס מיר האָבן געשאַפן און וועלן נאָך שאַפן אויף אידיש, אויף

דער אידישער שפּראַך, שפּילט און וועט אין דער צוקונפט נאָך מער שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין אָט דער נייער סאָרט אידישער קולטור, וואָס האַלט אין געבוירן ווערן אין אַמעריקע, האָט מיר אָנגעוויזן ש. ניגער.

דער פּעריאָד פון אידישער שאַפונג אויף אידיש אין אַמעריקע וועט קיינמאָל ניט פאַרלוירן גיין. דער פּעריאָד, די עפּאָכע פון אידיש, איז אַ רינג אין דער קייט פון דער אידישער אייביקייט! אַזוי האָט געהאַלטן ש. ניגער!

# 7

# הרב דר. יוסף דוב סאָלאָווייטשיק: שטאַרקע תורה־יוגנט קען דערצויגן ווערן אין אַמעריקע

**ווי גרויס די דאָזיקע יוגנט וועט זיין, ווענדט זיך אין דער אַרבעט, וואָס וועט אַריינגעלייגט ווערן אין דער תורה־דערציאונג באַוועגונג. — „מיר האָבן אָנגעהויבן צו זייען אין האַרבסט, מיר האָבן פאַרשפּעטיקט אויף גאַנצע פופציק יאָר". — אַז מען זאָל וועלן, קען אויך אָרטאָדאָקסישע אידישקייט „אַריין אין דער מאָדע" אין אַמעריקע, זאָגט רב סאָלאָווייטשיק. — עס דאַרף געשאַפן ווערן „אַן אויספיר קאָמיטעט" פון אָרטאָדאָקסישן אידנטום אין אַמעריקע. — יוגנט האָט ליב שטרענגקייט און דיסציפּלין. — רופט צו שאַפן אַ שטאַרקע אָרטאָדאָקסישע מינאָריטעט פון אַמעריקאַנער געבוירענע אידן.**

וואוהין גייט דאָס אַמעריקאַנער אידנטום? וואָס איז די צוקונפט, די גייס־טיקע צוקונפט, פון די אידן אין אַמעריקע? וואָס דאַרף געטאָן ווערן, כדי צו פאַרבעסערן דעם היינט און דעם מאָרגן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, אויף ווי ווייט דאָס ליגט אין מענטשלעכע הענט?

מיט אָט די דאָזיקע און אַ ריי ענלעכע פראַגן, האָבן מיר זיך געווענדט צו הרב דר. יוסף דוב סאָלאָווייטשיק, וועלכער האָט אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה פאַרנומען אַ פּאָזיציע סאַמע אויבן־אָן אין דער וועלט פון תורה ביים אַמעריקאַנער אידנטום. הרב יוסף דוב סאָלאָווייטשיק איז געווען איינער פון די סאַמע אָנגעזעענסטע ראשי ישיבה אין ישיבת יצחק אלחנן. ער האָט אויך אין משך פון יאָרן פאַרנומען די וויכטיקסטע

רבנישע פּאָזיציע אין באָסטאָן, וואו ער האָט אָנגעפירט זינט 1940 מיט אַן אייגענער ישיבה און איז אויך געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע און איינפלוסרייכסטע רעדנער, וואָס דאָס אָרטאָדאָקסישע אידנטום אין אַמעריקע האָט געהאַט אין משך פון יאָרן און יאָרן. הרב סאָלאָווייטשיק׳ס רום איז געוואָקסן גאַנץ שטאַרק און איז אויפגעגאַנגען, קען מען זאָגן, ווי מיט אַ מעטעאָרישער שנעלקייט און ער איז אָנערקענט געוואָרן אַלס גרויסער אויטאָריטעט אין תורה און הלכה. דערפאַר איז עס דעם שרייבער פון די שורות געווען העכסט־אינטערעסאַנט זיך צו טרעפן מיט הרב סאָלאָווייטשיק׳ן און הערן זיינע ענטפערס אויף די פראַגן אין שייכות מיט דעם גייסטיקן לעבן פון די אידן אין אַמעריקע. און געטראָפן האָב איך זיך מיט דעם גאון התורה טאַקע אין ישיבה אוניווערזיטעט, אין אַ נאָכמיטאָג שטונדע, ווען הרב סאָלאָווייטשיק האָט געהאַלטן אין זאָגן אַ שיעור פאַר זיינע תלמידים. צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר געסט, וואָס פלעגן געוויינלעך קומען צוצוהערן זיך צו זיינע חריפות׳דיקע אויסטייטשונגען, האָב איך פאַרנומען אַ פּלאַץ צווישן די ישיבה סטודענטן און זיך צוגעהערט צום שיעור. יעדעס וואָרט אָבער, וואָס הרב סאָלאָווייטשיק האָט געזאָגט, און „געזאָגט" האָט ער פאַר די אַמעריקאַנער געבוירענע תלמידים אויף אידיש, איז פאַרשלונגען געוואָרן פון די יונגע לערנער מיט גרויס נייגער. איך האָב שפּעטער געזען, ווי אַזוי די סטודענטן פאַרערן זייער רבי׳ן. זיי האָבן אים געאַכטעט און געערט און איר האָט געקענט זען, אַז זיי זיינען באמת געווען צופרידן פון דער געלעגנהייט, וואָס זיי קענען לערנען מיט איינעם פון די גדולי הדור. שפּעטער, ווען הרב סאָלאָווייטשיק איז פריי געוואָרן פון זיינע תלמידים, זיינען מיר אַוועק צוזאַמען אויף אַ קורצן שפּאַציר און איך האָב פאַרבראַכט אין דער געזעלשאַפט פון הרב יוסף דוב סאָלאָווייטשיק איבער אַ שעה צייט.

„מיר האָבן פאַרפעלט דעם פרילינג! מיר זייען אין האַרבסט!" — אַזוי האָט מיר דערקלערט הרב סאָלאָווייטשיק. „מיר האָבן אָנגעהויבן פופציק יאָר צו שפּעט!" — האָט דער גאון התורה מיר ווייטער געזאָגט. און פון דעם, וואָס מען האָט שוין באַוויזן צו טאָן אויף דעם געביט פון פאַרזיכערן אַ צוקונפט פאַר תורה־אידישקייט אין אַמעריקע, איז נאָך אַלץ ניט געדרונגען, אַז יהדות האָט זיך שוין דאָ איינגעוואָרצלט, האָט הרב סאָלאָווייטשיק פאַרגעזעצט. אַ איד, וואָס פאַרטראַכט זיך, און איז אַ טיף גלויביקער אָרטאָדאָקסישער איד דערצו, אַזאַ איד איז קיינמאָל ניט קיין פּעסימיסט, נאָר פונקט פאַרקערט: אַ גלויביקער איד איז אָפּטימיסטיש, ווייל דאָס איז דאָך די עצם נאַטור פון אַ גלויביקן אידן. און הרב דר. יוסף דוב סאָלאָווייטשיק גלויבט, אַז מיט



הרב דר. יוסף דוב סאָלאָווייטשיק
ראש ישיבה פון ישיבת רבנו יצחק אלחנן ; פּראָפעסאָר פון תלמוד

איינגעשפּאַרטקייט און ווילן, קען אויך אין אַמעריקע דערצויגן ווערן אַ גאָר באַדייטנדיקע תורה יוגנט, וואָס זאָל האָבן אַ גרויסע ווירקונג אויף דעם היגן אידישן לעבן. הרב סאָלאָווייטשיק האָט אין זיינע אַרבעטן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אויך אין דער אידישער פּרעסע, שרייבנדיק אַ מאָדער־נעם עכט־וועלטלעכן אידיש, אַרויסגעוויזן די טענדענץ פון אַ שטרענגן אָר־טאָדאָקסישן מאַקסימאַליסט, און ער האָט אין מיין געשפּרעך מיט אים מיר אָנגעוויזן, אַז עכטע אָרטאָדאָקסיע איז מעגלעך אויך ביי אַמעריקאַנער גע־בוירענע און „אַבי מיר זאָלן נאָר וועלן״, קען דאָס עצם זיין אַן אָרטאָדאָקסי־שער איד אויך „אַריין אין דער מאָדע״, אפילו אין דער טומלדיקער אַמעריקע, און אפילו אין דעם גרויסן ניו־יאָרק.

„היטן דינים קען זיין מאָדערן! פּראַקטיצירן אָרטאָדאָקסישע אידישקייט קען זיין פּראָגרעסיוו!״ — אָט אַזוי, טאַקע מיט די דאָזיקע ווערטער, האָט הרב סאָלאָווייטשיק דערקלערט זיין קוק אויף דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע. שוועריקייטן, אָנשטרענגונגען, דאָס זיינען זאַכן, וואָס ביי דער יוגנט זיינען זיי קיינמאָל ניט קיין שטער. פּונקט פאַרקערט; יוגנט ווערט אינספּירירט דורך באַריערן און די אַמביציע דורכצופירן די געשטעלטע צילן ווערט ביי דער יוגנט דוקא פון שוועריקייטן אָפט גאָר דערמוטיקט!

מיר דאַרפן זען צו פאַרטיפן יהדות אין אַמעריקע, און כדי דאָס צו טאָן דאַרף דערמוטיקט ווערן דאָס שאַפן פון אַ שטאַרקער אָרטאָדאָקסישער מינאָריטעט. דערפאַר דאַרף עס זיין די אויפגאַבע צו שאַפן וואָס מער ישיבות, וואו עס זאָלן דערצויגן ווערן אידן, וואָס זאָלן קענען לערנען און וואָס זאָלן וויסן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, ווען עס קומט צו תורה אידישקייט. הרב סאָלאָווייטשיק וואָלט, נאַטירלעך, ווען, אַז די מאַיאָריטעט פון דער אידי־שער יוגנט אין אַמעריקע זאָל לערנען אין ישיבות. נעמענדיק אָבער אין אַכט די ספּעציפישע אַמעריקאַנער אומשטענדן, זעט ער איין, אַז די מאַיאָ־ריטעט וועט אין ישיבות ניט גיין. די מאַיאָריטעט אידישע קינדער וועלן גיין אין די פּאָבליק סקולס און האַי סקולס פון דער רעגירונג. הרב סאָלאָ־ווייטשיק האָט זיך, נאַטירלעך, ניט אַריינגעלאָזן צופיל אין אָט דעם דאָזיקן ענין פון דער אַמעריקאַנער שול־סיסטעם, ער האָט אָבער יאָ באַמערקט, אַז לויט ווי ער זעט די לאַגע, וועט די גרעסטע אידישע מאַיאָריטעט בלייבן עם הארצות׳דיק, וואָס עס איז שייך אידישן וויסן. די מאַיאָריטעט וועט בלייבן האַלב אַסימילירט, לויט דר. סאָלאָווייטשיק׳ס איינזען. עס וועט אָבער יאָ עקזיסטירן אַ שטאַרקע מינאָריטעט, אַ מינדערהייט פון רעליגיעזע אידי־שע געלערנטע און תורה טרייע אידן. און אָט דער דאָזיקער פּונקט, זייער אַ

וויכטיקער — ווי גרויס די אידיש־געלערנטע מינאָריטעט זאָל זיין, דאָס ווענדט זיך אין אונז. עס ווענדט זיך וויפל כח און מי מיר וועלן אַריינלייגן, כדי וואָס מער יוגנטלעכע אַריינציען אין דער ישיבה דערציאונג. און דאָ האָט הרב סאָלאָווייטשיק אַ זאָג געטאָן: „וואָס עס איז מעגלעך פאַר אַ מינאָריטעט, קען אויך מעגלעך זיין פאַר אַ מאַיאָריטעט!” דאָס הייסט, אַז הרב סאָלאָווייטשיק שליסט ניט אויס די מעגלעכקייט, אַז אַ מערהייט אידישע קינדער אין אַמעריקע זאָלן אין דער צוקונפט קריגן אַ פולע אידישע טראַדיציאָנעלע דערציאונג.

הרב סאָלאָווייטשיק, וועלכער האָט ווי פאַרכאַפּט די פאַנטאַזיע פון אַמעריקאַנער אידן מיט זיין שטרענגן צוגאַנג און פולער אויטאָריטעט, האָט אין משך פון אונזער געשפרעך, אַלץ גערעדט וועגן דעם, אַז כדי פולע רעליגיעזע אידישקייט „זאָל זיין אַ דערפאָלג” אין אַמעריקע, מוז די אָרטאָדאָקסישע אידישקייט זיין באַוואָפנט מיט אַלע מאָדערנע מיטלען. יהדות דאַרף ווערן מאָדערן אין מאָדערנעם לעבן.

„מיר האָבן אַ תורה, אָבער מיר האָבן ניט קיין אויספיר קאָמיטעט. מיר האָבן ניט קיין „עקזעקוטיוו ברענטש אָון די גאָווערנמענט”, האָט רב סאָלאָווייטשיק מיר געזאָגט, מיינענדיק, אַז מיר האָבן נישט קיין אָרגאַניזירטע אָנערקענטע אויטאָריטעט, וואָס זאָל מאַכן כמעט ווי אָבליגאַטאָריש פאַר די מיטגלידער פון דער אידישער געמיינדע זיך אויפצופירן אין איינקלאַנג מיט דעם אידישן דין. הרב סאָלאָווייטשיק האָט, רעדנדיק וועגן אַן אָרטאָדאָקסישן אויספיר קאָמיטעט אַזוי אַרום געגעבן אָנצוהערן, אַז עס וואָלט געווען נויטיק פאַר דער אָרטאָדאָקסיע צו שאַפן אַ בית דין אין אַמעריקע.

אַלס איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבן אויף דעם חינוך געביט, האָט רב סאָלאָווייטשיק, פונקט ווי דר. שמואל בעלקין, פרעזידענט פון ישיבה אוניווערזיטעט געהאַלטן, איז דאָס שאַפן רעליגיעזע האַי סקולס, וועלכע זאָלן זיין אַ פאָרזעצונג פון די ישיבות קטנות. ווייל אויב די צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין די ישיבות, זאָלן פון די ישיבות קטנות אַוועק אין די רעגירונגס האַי סקולס, דאַן איז די גאַנצע אַרבעט פון די ישיבות קטנות ווי אַרויסגעוואָרפן. ווייל די קינדער פון די ישיבות קטנות פאַרענדיקן זייער לערנען אין דער עלטער פון צוועלף, דרייצן יאָר, און אויב זיי זאָלן וויטער זייער לערנען תורה אויפגעבן ביים אַריינגיין אין אַ רעגירונג האַי סקול, ווערט די קאָסטבאַרע אַרבעט פון זיבן, אַכט יאָר אין דער ישיבה קטנה ווי פאַרלוירן. און ניט בלויז אידישע, נאָר אויך קריסטלעכע פירער אין אַמעריקע האָבן עס שוין פיל מאָל אָנגעוויזן, אַז

גוט געלערנטע מענטשן אויף דעם רעליגיעזן געביט זיינען אַ גרויס געווינס פאַרן לאַנד. און אין דעם האָבן זיך שוין גאָר, גאָר פילע אויך איבער־צייגט, אַז ווען אַ איד איז טיפער באַוואוסטזיניק וועגן זיין אידישקייט און איז אָנגעזאַפּט פון די אַלטע קוואַלן, אַלץ אַ בעסערער איד איז ער און אויך אַ בעסערער אַמעריקאַנער.

הרב סאָלאָווייטשיק האָט גערעדט וועגן ישיבה חינוך פון זיין אייגענער דערפאַרונג אויף דעם געביט פון תורה דערציאונג. ווייל באַלד נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1932 האָט רב סאָלאָווייטשיק זיך פאַראינטע־רעסירט אין אידישן חינוך. אַרום 1940 האָט ער געשאַפן זיין אייגענע ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען אין ראַקסבאָרי, אַ פאָרשטאָט פון באָסטאָן. הרב סאָלאָווייטשיק האָט אָנגעהויבן מיט זיבן קינדער און זיין ישיבה האָט זיך צעוואַקסן מיט אַן ערך דריי הונדערט תלמידים. הרב סאָלאָווייטשיק האָט אָבער געהאַט פיל אויסצוזעצן קעגן דעם הויכן שכר לימוד, וואָס פיל ישיבות קטנות אין אַמעריקע רעכענען. ווי באַוואוסט, האָבן פיל ישיבות קטנות אין ניו יאָרק גערעכנט פון פינף ביז זיבן הונדערט דאָלער אַ יאָר פאַר אַ קינד. פיל אידישע פאַמיליעס האָבן געמוזט מאַכן די שווערסטע אָנשטרענגונגען כדי אויסצוהאַלטן אַ קינד אין אַ ישיבה. אַזאַ עלעמענטאַרע רעליגיעזע דערציאונג אין ניו יאָרק האָט אָפּגעקאָסט אַ פאַמיליע אין די אַכט־ניין יאָר איבער פיר טויזנט דאָלער אַ קינד. רב סאָלאָווייטשיק האָט מיר דערציילט, אַז אין זיין ישיבה האָט ער דאָס העכסטע גערעכנט 175 דאָלער אַ יאָר פאַר אַ קינד, און ער איז געווען צופרידן אויך. ווייל אין פיל פאַלן, האָבן די עלטערן גאָר געפילט, אַז זיי טוען עפּעס גאָר אַ טובה רב סאָלאָווייטשיק׳ן דערמיט, וואָס זיי שיקן זייער קינד אין דער ישיבה. און דעם גרויסן דעפיציט, וואָס רב סאָלאָווייטשיק׳ס ישיבה האָט געהאַט יעדעס יאָר, האָט די ישיבה געמוזט דעקן פון אַ יערלעכן קאַמפּעין.

הרב סאָלאָווייטשיק האָט אין באָסטאָן יאָרנלאַנג אָנגעפירט מיט אַ חברה ש״ס הכללית, וואו עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען פיל לומדים פון באָסטאָן און אומגעגנט צו לערנען תורה. אָבער ניט בלויז אין באָסטאָן, וואו ער איז גע־ווען אַ שטענדיקער תושב, נאָר גראָד אין ניו יאָרק, אין דעם גרעסטן אידישן צענטער אין אונזער גאַנצער געשיכטע, פלעגט הרב סאָלאָווייטשיק מאַכן אַ גרויסן רושם מיט זיינע דרשות און שיעורים. הרב סאָלאָ־ווייטשיק פלעגט אין משך פון יאָר רעדן שבת פאַרן דאַוונען אין דער מוריה שול, אויף בראָדוויי ביי דער 80טער גאַס, און פלעגט צוציען אַ גרויסן עולם. דעם גרעסטן אינטערעס האָט אָבער אַרויסגערופן דער יערלעכער תורה

שיעור, וואָס הרב דר. יוסף דוב סאָלאָווייטשיק פלעגט זאָגן אין בית מדרש פון ישיבת רב יצחק אלחנן אין אָנדענק פון זיין פאָטער, דעם גאון התורה, הרב משה סאָלאָווייטשיק, ז״ל, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1941 אין ניו יאָרק. הרב משה סאָלאָווייטשיק איז אויך געווען אַ ראש ישיבה אין ישיבת יצחק אלחנן. צו הערן סאָלאָווייטשיק׳ס שיעור פלעגט קומען אַ טויזנט קעפּיקער עולם פון אַלע בני תורה אין ניו יאָרק און אומגעגנט. הרב יוסף דוב סאָלאָווייטשיק איז אויך געווען דער מרא דאתרא פון דער ישיבה גבוה אין ספּרינג וואַלי, וואו אַ צאָל גוטע יונגע לערנער פלעגן זיך פאַרטיפן אין תורה.

הרב סאָלאָווייטשיק איז געבוירן געוואָרן אין 1904 אין פּרוזשאַנע, פּוילן, און איז אַן אייניקל פון הרב הגאון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק, וואָס איז גע־ווען אַ ראש ישיבה אין וואָלאָזשין און איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס דער גרעסטער תלמודיסט פון זיין צייט. ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק איז געווען באַ־וואוסט אַלס דער בריסקער רב און איז געווען איינער פון די הויפּט אָרגאַ־ניזירער פון אגודת ישראל. ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1920 אין וואַרשע.

הרב יוסף דוב סאָלאָווייטשיק טראָגט דעם נאָמען פון זיין עלטער זיידן, רב יוסף בער סאָלאָווייטשיק, וועלכער איז געווען דער ערשטער פון פיר דורות באַרימטע רבנים. דער ערשטער גרויסער סאָלאָווייטשיק איז געווען רב אין סלוצק און ברעסט ליטאָווסק און איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר איי־נעם פון די שאַרפסטע תלמודיסטן ביי אידן. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1820 און איז נפטר געוואָרן אין 1892. אין 1889 איז ער געווען אַ מיט־גליד פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט פאַררופן צו באַטראַכטן די לאַגע פון די אידן אין רוסלאַנד. ער איז געווען דער מחבר פון „שאלות ותשובות בית הלוי״, וואָס איז דערשינען אין דריי טיילן.

דער אינגסטער סאָלאָווייטשיק, וועלכער איז פון זיינע פריסטע יאָרן אָן געגאַנגען אין די פוס טריט פון זיינע זיידעס, איז אָבער אויך אַוועק אין די וועלטלעכע לער־אַנשטאַלטן און ער האָט אין יאָר 1930 גראַדואירט פון בערלין אוניווערזיטעט אַלס דאָקטאָר פילאָזאָפיע. צוויי יאָר שפּעטער איז ער געקומען קיין אַמעריקע, וואו ער האָט זיך פאַרטיפט נאָך מער אין לערנען תורה און האָט דאָ אָנגעהויבן צו שטייגן אין ים התלמוד און איז פאַררעכנט געוואָרן צווישן די געציילטע גדולי התורה פון 20טן יאָרהונדערט.

8

# הרב דר. שאול ליבערמאַן: יונגער אַמעריקאַנער געבוירענער איד איז אַ וואונדערבאַרער עלעמענט

**באַרימטער אידישער תלמודיסט דערציילט, ווי ער האָט ממש געוויינט, ווען ער איז אָנגעקומען קיין אַמעריקע אין 1940 און דערזען די דאַמאָלדיקע יוגנט אַרום אים. — די לאַגע האָט זיך אָבער דראַסטיש געביטן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען אַ דור, וואָס איז ווי „גייציק פאַראינטערעסירט" אין אידישקייט. — דר. ליבערמאַן האָט פאָראויסגעזען אַ מעגלעכקייט, אַז אַמעריקאַנער אידנטום זאָל אויך אַרויסגעבן גרויסע למדנים, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די אַמעריקאַנער סביבה איז ניט גינסטיק פאַר אַבסטראַקטן לערנען.**

„דער יונגער אַמעריקאַנער געבוירענער איד איז אַ וואונדערבאַרער עלע־מענט. דער נייער היי־געבוירענער איד, וואָס איז ביי זיך זיכער אַלס אַן אַמעריקאַנער, איז ווי פון דער נאַטור געניגט צו זיין אַ גוטער איד. עס איז דערפאַר גאַנץ לייכט אין אים איינצופלאַנצן אַ ליבע און אַ רעספעקט צו דער תורה". די דאָזיקע דערקלערונג האָט פאַר מיר געמאַכט דר. שאול ליבערמאַן, איינער פון די גרעסטע תלמידי חכמים ביי אידן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וועלכער איז זינט דעם יאָר 1940 געווען פאַרבונדן מיט דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אַלס פראָפעסאָר פון תלמוד און אַלס דיען פון דעם „פאָסט גרעדיועט דעפּאַרטמענט" פון דער ראַבינער שולע ביים סעמינאַר. אין דער דאָזיקער אָפּטיילונג האָבן געלערנט ראַבאַיס, וועלכע האָבן זיך געוואָלט פאַרטיפן ווייטער אין אידישן וויסן.

פראָפעסאָר שאול ליבערמאַן, וועלכער איז אַן אייניקל פון נצי"ב (וואָ־לאָזשינער רב) און אויך אַ נאָענטער קרוב פון חזון איש (די מוטער פון

חזון איש און רב שאול ליבערמאַנ׳ס מוטער זיינען געווען שוועסטער), האָט מיר דערציילט, אַז ווען ער איז אין יאָר 1940 אָנגעקומען קיין אַמעריקע, האָט ער פּראָסט און פּשוט געוויינט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער יוגנט אַרום אים און עס איז אים געוואָרן שטאַרק ביטער אויפן האַרצן. אָבער פאַר די צען, פופצן יאָר זינט 1940 האָט זיך די לאַגע געביטן אַזוי ווי פון טאָג צו נאַכט. און מיט יעדן טאָג ווערט דער ענין אידישקייט אַלץ בעסער, האָט צוגעגעבן דר. שאול ליבערמאַן. און ער האָט מיר דערביי דערציילט, אַז אין אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָבן זיך די יונגעלייט אָנגעהויבן „ווי פון זיך אַליין" פאַרטיפן אין אידישקייט. אָפטמאָל קען מען זען אין סעמי־נאַר סטודענטן, וואָס זיצן פאַרטיפט איבער דער גמרא ביז איינס און צוויי ביינאַכט, ווי „רעגולע" ישיבה בחורים פון אַמאָל, אין דער אַלטער היים...

געטראָפן האָב איך פּראָפעסאָר ליבערמאַנ׳ען אין זיין „אָפיס" אויף דעם זעקסטן פלאָר פון דער גרויסער ביבליאָטעק געביידע פון סעמינאַר. דר. ליבערמאַנ׳ס אָפיס האָט זיך געפונען בשכנות פון דר. לואיס פינקלשטיינ׳ס צימערן. אָבער דר. ליבערמאַן האָט זיין „אָפיס" פאַרוואַנדלט אין אַן אַר־בעטס צימער, אָדער בעסער געזאָגט — „לערן שטיבל". אין די צוויי צי־מערן, וואָס דער סעמינאַר האָט אים אָפּגעגעבן, האָט דר. שאול ליבערמאַן אָנגעזאַמלט אַן אוצר מיט ספרים און ביכער. און דאָ האָט דער באַרימטער געלערנטער געאַרבעט טאָג און נאַכט. ער האָט מיר אפילו דערציילט, אַז ווען ער קומט אינדערפרי פון זיין היים, ניט ווייט פון סעמינאַר, נעמט ער זיך מיט זיין „לאָנטש", כדי ער זאָל ניט דאַרפן איבעררייסן אינמיטן לער־נען און „פאַרלירן" אַ שעה אָדער מער אינדערהיים, ביים עסן. און אַזוי אַרבעטנדיק און לערנענדיק טאָג ווי נאַכט, האָט דר. ליבערמאַן זיך אָפּט געגריבלט איבער די זעלטענע אידישע אוצרות, וואָס געפינען זיך אין דער ביבליאָטעק פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, און פון צייט צו צייט האָט ער איבערראַשט ניט בלויז די ברייטע אידישע וועלט, נאָר אויך די אַלגע־מיינע וועלט, מיט זיינע אַנטדעקונגען און אויפקלערונגען. אַזוי, למשל, האָט דר. ליבערמאַן אַנטדעקט איינע פון די זעלטענע כתב־יד׳ן פון רמב״ם, אַ ווערק וועגן אידישע דינים, וואָס איז געווען פאַרלוירן פאַר דער וועלט איבער זיבן הונדערט יאָר.

אין דעצעמבער 1955 האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג איבערגעגעבן אַ מתנה צו מדינת ישראל די ערשטע אויסגאַבע פון דר. ליבערמאַנ׳ס קאָמ־פילאַציע און פירוש פון דער תוספתא. דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר אין ישראל האָט דר. ליבערמאַנ׳ס ספר איבערגעגעבן צו פרעזידענט יצחק בן צבי.

„עס איז מעגלעך, אַז אין אַמעריקע זאָלן אויסוואַקסן גרויסע אידישע לערנער!״ — אַזוי האָט מיך פאַרזיכערט דר. שאול ליבערמאַן, ווען איך האָב געפרעגט, צי ער גלויבט, אַז אונטער די אַמעריקאַנער אומשטענדן און פון דער יוגנט, וואָס ער האָט געזען פאַר זיך, זאָלן קענען אַרויסקומען גרויסע לערנער פון דעם מין, וואָס אידן האָבן געהאַט אין פאַרשידענע לענדער אין משך פון יאָרהונדערטער פריער. יאָ! האָט געענטפערט דר. ליבערמאַן, עס איז גאַנץ מעגלעך. אָבער מען דאַרף געדענקען, אַז גרויסע לערנער זיינען קיינמאָל ניט געקומען „אין מאַסן״ און עס מוז נעמען צייט, אפילו אונטער די בעסטע אומשטענדן און אין בעסטן גייסטיקן קלימאַט, אַז עס זאָלן אויסוואַקסן גרויסע אידישע מלומדים.

צי איז מעגלעך, אַז אין אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, למשל, זאָל פון צווישן די אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע יונגעלייט אויסוואַקסן אַ גרויסער אידישער לערנער? גאַנץ מעגלעך, האָט מיר געענטפערט פּראָפעסאָר ליבערמאַן. אַזאַ יונגערמאַן קען נאָך דעם, ווי ער האָט גראַדואירט אַלס ראַבאַי, זיך פאַרטיפן אין אידישן לערנען און זיצן על התורה ועל העבודה אַרום פופצן יאָר צייט, טאַקע אין סעמינאַר גופא. דער סעמינאַר וועט אַזאַ יונגערמאַן אויסהאַלטן, אים העלפן, און אַזאַ יונגערמאַן קען אין דער עלטער פון פערציק זיך אַרויסווייזן אַלס אַ גאון בישראל. מען מוז אָבער צוגעבן, אַז אין אַמעריקע פאָדערט זיך, אַז אַזאַ יונגערמאַן זאָל האָבן אַן אויסער־געוויינלעכע ווילנסקראַפט. ווייל מען מוז אָנערקענען, אַז די אומשטענדן אין אַמעריקע זיינען ניט גאָר גינסטיק פאַר אַבסטראַקטן לערנען. אָבער אויך אָט דער דאָזיקער צושטאַנד האָט זיך אָנגעהויבן צו בייטן. אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו באַגרייפן, אַז מען דאַרף זיך אַלץ מערער פאַרטיפן אין גייס־טיקע ווערטן, האָט אָנגעוויזן דער אידישער געלערנטער.

דר. ליבערמאַן האָט מיר דערציילט, אַז געוויינלעך לערנט ער אין די רעגולערע קלאַסן פון דער ראַבינער שולע פון סעמינאַר פיר שעה אַ וואָך. ווען אָבער ער געפינט אויס, אַז אַ יונגערמאַן האָט אויסערגעוויינלעכע פעאי־קייטן און איז אַ מתמיד, גיט ער זיך אָפּ מיט אים גאָר באַזונדערס. גע־וויינלעך לערנט דר. ליבערמאַן מיט דעם גראַדואירנדן קלאַס ראַבאַיס. ווען אָבער ער געפינט אַ זעלטענעם תלמיד, נעמט ער אים גלייך אונטער זיינע פליגל און דער דאָזיקער בחור ווערט ליבערמאַנ׳ס אַ תלמיד פון ערשטן יאָר, וואָס ער טרעט אַריין אין דער ראַבינער שולע פון סעמינאַר.

דער אַמעריקאַנער ראַבינאַט נעמט אַוועק די גאַנצע ענערגיע ביי די יונגעלייט, וואָס ווערן ראַבאַיס, האָט מיר דערקלערט דר. ליבערמאַן. אין



הרב דר. שאול ליבערמאַן

דיען פון בית מדרש לרבנים, אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר;

פּראָפעסאָר פון תלמוד

דער אַלטער היים האָט אַ רב, געווייגלעך, געהאַלטן איין דרשה אַ יאָר. אויב צוויי איז דאָס שוין געווען אַ סך! אָבער דאָ אין אַמעריקע, איז אַ ראַבאַי דער גאַנצער פירער און פאַרוואַלטער און טוער. ער טוט און רעדט אַ סך, דערפאַר בלייבט אים ניט קיין סך צייט צו לערנען און ווער רעדט נאָך פאַרטיפן זיך אין לערנען. דאָך אָבער, האָט דר. ליבערמאַן פאָראויסגעזען די מעגלעכקייט, אַז עס וועט קומען דאָ און דאָרט אַ יונגערמאַן, אַ באַגאַבטער, וואָס וועט פון דער נאַטור ניט זיין קיין גרויסער רעדנער און וועט זיך ניט אויסטויגן צו קיין עקזעקוטיווער ראָלע און ער וועט באַשליסן זיך אָפּצו־געבן מיט לערנען תורה. אַזאַ יונגערמאַן מיט אַ שאַרפן שעפערישן מח קען טאָן פיל גוטעס דער אידישער געמיינדע, האָט אָנגעדייט דר. ליבערמאַן.

דר. ליבערמאַן האָט סוף יאָר 1954 אַרויסגערופן אַ שטאַרקן טומל אין אידישן לעבן פון אַמעריקע מיט דעם צוגאָב צו דער כתובה, וואָס איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן דורך דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. דר. ליבערמאַן האָט די גאַנצע אָריגינעלע כתובה געלאָזט ווי זי איז, ער האָט אָבער צו־געשריבן אין זעלביקן נוסח און טאָקע אין אַראַמעאיש, אַ נייעם פונקט, וואָס האָט געצילט צו פאַרזיכערן, אַז אין פאַל אַ פּאָר פאָלק זוכט זיך צו צעגיין, זאָלן אויסגעמיטן ווערן בזיונות דערביי און דער מאַן זאָל מער ניט קענען אויסנוצן זיין שטאַרקערע פּאָזיציע און מאַכן כלערליי שוועריקייטן פאַר דער פרוי צוריקצוקריגן איר פרייהייט.

דר. ליבערמאַן האָט מיר אין שייכות מיט דעם כתובה ענין אויפגעע־קלערט, אַז ער גלויבט ניט אין ענדערן דינים, און אידן האָבן קיינמאָל ניט געענדערט קיין דינים. אידן האָבן אָבער אַלעמאָל זיך געגעבן אַן עצה, אַז דאָס געזעץ און דאָס לעבן זאָלן גיין צוזאַמען. אַזוי, למשל, איז אין דער תורה שטרענג פאַרבאָטן אידן צו געבן געלט אויף פּראָצענט. אידן אָבער האָבן זיך אַן עצה געגעבן און געשאַפן אַ געזעץ אינמיטן דעם געזעץ און דער פאַקט איז, אַז אידן האָבן אַנטוויקלט אַ גאַנצע פרנסה פון לייען געלט. טעאָרעטיש אָבער האָט עס געהייסן, אַז אידן האָבן ניט געגעבן קיין געלט אויף פּראָצענט.

דר. שאול ליבערמאַן האָט מיר איבערגעגעבן, ווי אַזוי אַ צאָל ראַ־באַיס זיינען געקומען צו אים און אים דערציילט וועגן פיל פאַלן, ווי אידי־שע מענער האָבן אויסגענוצט דעם אידישן דין צום שלעכטן, ווען די פרוי האָט געוואָלט באַפרייט ווערן פון דער הייראַט. אין ניט גאָר זעלטענע פאַלן האָט דער מאַן פאַרלאַנגט אַ היפּשע סומע געלט און די פרוי האָט אָפט ניט

געקענט „זיך אויסקויפן". האָט דר. ליבערמאַן געטראַכט און געטראַכט און אויסגעאַרבעט אַ פונקט, לויט וועלכן דער מאַן פאַרפליכטעט זיך צו באַפרייען די פרוי און צו האַלטן ווירדיק אידישקייט, וואָס עס איז שייך חתונה און גט.

און אַזוי קען עס זיין וואָס עס איז שייך אידישקייט אויף פאַרשידענע געביטן. רעליגיע איז ניט בלויז אַן ענין פון פאַרגעניגן און פאַרווײלונג, האָט אָנגעוויזן דר. ליבערמאַן. אידישקייט איז אויך נישט קיין לייכטער ענין. דער ערגסטער שונא, וואָס אידישקייט האָט אין אַמעריקע, איז איגנאַראַנץ, עם הארצות, אומוויסנקייט. וואָס מער דער אַמעריקאַנער איד וועט לערנען, אַלץ מער וועט ער האַלטן פון אידישקייט. מען קען זאָגן אפילו, אַז דאָס אָפּהיטן אידישקייט וועט זיין אין דירעקטער פּראָפּאָרציע צו זיין וויסן. און דערפאַר טאָקע האָט דער טיפער אידישער דענקער מיר דערקלערט, אַז ער איז אַ גרויסער אָפּטימיסט, וואָס עס איז שייך דעם אַמעריקאַנער אידנטום. ער האָט קיינמאָל ניט אויפגעגעבן די האָפנונג, אַז טראַדיציאָנעלע אידישקייט וועט צוריקקומען אין אַמעריקע. די אידישע יוגנט אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן אַ מין שטאַרקן דראַנג, אַ מין גייציקייט ביים וועלן לערנען אידישקייט. אידישקייט, תורה אידישקייט, וועט פון אַזאַ סאָרט יוגנט פיל געניסן, האָט מיר דערקלערט דר. ליבערמאַן. און כאָטש אין אַמעריקע זיינען דאָ אַ סך עלעמענטן אין טאָג טעגלעכן לעבן, וואָס שטערן יונגעלייט זיך צו פאַרטיפן אין לערנען, זיינען אָבער פון דער צווייטער זייט דאָ פונקט אַזויפיל גוטע סיבות, גוטע אומשטענדן, וואָס מאַכן פאַר אַ לערנער דאָס לערנען פיל לייכטער און באַקוועמער.

דר. ליבערמאַן, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין מאָטעלע, דאָס זעלבע שטעטעלע אין ווייס רוסלאַנד, וואו דר. חיים וויצמאַן, דער ערשטער פרעזידענט פון ישראל איז געבוירן געוואָרן, האָט פאַר מיר אויסגעדריקט זיין גרויס באַגייסטערונג פאַר אַמעריקע. פון דעם שטעטעלע מאָטעלע ביז ניו־יאָרק איז אַ גרויסער מהלך, און דר. ליבערמאַן האָט דעם דאָזיקן וועג דורכגעמאַכט דורך פאַרשידענע וועגן און אומוועגן. ער האָט געלערנט אין דער סלאָבאָדקער ישיבה און שפּעטער אין קיעווער אוניווערזיטעט. פאַר אַ צייט איז ער אפילו געווען אַ סטודענט אויף דעם מעדיצינישן פאַקולטעט. באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער אַוועק קיין ארץ ישראל. ער האָט געלערנט אין ירושלימער אוניווערזיטעט, וואו ער האָט אין 1932 געקראָגן אַ דאָקטאָראַט און איז אין זעלבן ירושלימער אוניווערזיטעט אויך געוואָרן אַ פּראָ־

פעסאָר פון תלמוד. אין 1935 איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס דער דיען פון העררי פישל אינסטיטוט פאַר תלמודישן שטודיום אין ירושלים. אין ארץ ישראל האָט דר. ליבערמאַן אויך געהייראַט אַ טאָכטער פון דעם פירער פון דער אַלוועלטלעכער מזרחי באַוועגונג, רב מאיר לאַנדאָן. דר. ליבערמאַנ׳ס פרוי איז יאָרנלאַנג געווען פאַרבונדן מיט דעם טראַדיציאָנעלן רעליגיעזן חינוך וועזן אין אַמעריקע אַלס דירעקטאָרשע פון די שולמית שולן פאַר מיידלעך אין ברוקלין, ניו יאָרק.

פראָפעסאָר ליבערמאַן האָט מיר אָנגעוויזן, אַז אין זיין אייגענעם פריוואַטן לעבן האָט ער איינגעפירט אַ נייעם מנהג, וועגן וועלכן עס איז אין שולחן ערוך גאָרנישט ניט דערמאָנט אפילו. און דאָס איז אין שייכות צו נייע ימים טובים. יאָ! דר. ליבערמאַן האָט מיר דערקלערט, אַז אין דעם אַלטן צעטל פון ימים טובים, וואָס ער האַלט טייער, האָט ער אַריינגענומען די צוויי אַמעריקאַנער פייערטעג: „פאָרטה אָוו דזשולאַי״ און „טהענקסגיווינג״. אין דעם פערטן יולי, דעם טאָג פון דער אַמעריקאַנער אומאָפּהענגיקייט און אין נאָוועמבער חודש, דער דאַנערשטיק פון דאַנקבאַרקייט — אין די דאָזיקע צוויי פייערטעג האָט דר. ליבערמאַן איינגעפירט אַ מנהג אין זיין הויז פון אויספּוצן זיך, ניט אַרבעטן, עסן אַ יום טוב׳דיקן מאָלצייט און אין אַלגעמיין זיך פירן ווי אין אַ יום־טוב.

דאַנקבאַרקייט איז איינע פון די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פון דער אידישער רעליגיע, פונקט אַזוי ווי לאָיאַליטעט, געטריישאַפט, איבערגעבנקייט. און אידן האָבן פאַרוואָס צו זיין דאַנקבאַר און געטריי צו אַמעריקע, האָט דר. ליבערמאַן מיר אָנגעוויזן. און געזאָגט האָט ער עס אַנטקעגן דעם, וואָס אידן האָבן אין זייער לאַנגער געשיכטע פון וואַנדערונגען קיינמאָל ניט געהאַט אַזאַ גוטע געלעגנהייט צו לעבן פריי און גוט אַלס אידן, ווי דאָ אין אַמעריקע. און דערפאַר טאַקע האָט ער געהאַלטן, אַז דאָ אין אַמעריקע, וועלן אידן נאָך קענען באַווייזן אויפצוטאָן פיל אויף דעם טראַדיציאָנעלן אידישן גייסטיקן געביט.

אָפּגעשטאַטעט דאָס מאָל מיין באַזוך ביי פּראָפעסאָר ליבערמאַנ׳ען האָב איך גראַדע אין דער צייט, ווען עס האָט זיך שטאַרק געטומלט אין ניו יאָרק מיט אַ נייער כוואַליע פון יוגנט פאַרברעכער. איך האָב באַרירט דעם דאָזיקן ענין אין מיין געשפּרעך. דר. ליבערמאַן האָט מיט זיין שאַרפן מח מיר גלייך געגעבן אַ בליציקן טרעפלעכן ענטפער: אָט די דאָזיקע יוגנט־געפאַרקען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ברכה פאַר אַמעריקע! עס איז אמת, אַז עס איז

אַ געפאַר־סיגנאַל, עס איז אָבער אַ סיגנאַל אין צייט! עס איז אַ סיגנאַל, וואָס מאַכט אַמעריקע זיך צו פאַרטראַכטן און זיך צו פאַרטיפן. עס איז אַ סיגנאַל, וואָס טרייבט אַמעריקע אין איר גרויסער רייכשאַפט זיך צו פאַר־אינטערעסירן אין רוחניות, אין גייסט, אין מענטשלעכן דענקען. און דאָס אַלץ העלפט אויך פיל אידישע קינדער אין אַמעריקע אַוועקצוגיין אויף דעם וועג פון די אייביקע אידישע קוואַלן, האָט מיר דער גרויסער קענער פון תלמוד, דר. שאול ליבערמאַן, אָנגעוויזן.

## 9

# ראַבאַי מאָריס נ. אייזנדראַט: יוגנט אין רעפאָרם־רייען שטרעבט צו אַ טיפערן אידישן לעבן

**פרעזידענט פון דער יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגעישאָנס זאָגט „אַמעריקאַנער יוגנט איז טויט־ערנסט פאַראינטערעסירט אין אידישקייט". — רעפאָרם אידישקייט האָט אָנגעהויבן שאַפן צווייטן הויפּט צענטער פאַר אירע טעטיקייטן. — אייזנדראַט'ס פּלאַן פאַר אַ קאַראַוואַן פון „טרעילערס" מיט רייזנדע ראַבאַיס. — „סעילסמען אָוו די ספּיריט". — פּלאַן פאַר אַ „לעיבאָר סינאַגאָג", רעפאָרם טעמפּלען פאַר אידישע אַרבעטער אין פאַרשידענע אינדוסטריעלע צענטערן פון אַמעריקע. — רעפאָרם באַוועגונג ראַטעוועט פיל אידן פאַרן אידישן פאָלק, זאָגט אייזנדראַט.**

די רעפאָרם באַוועגונג צווישן די אידן אין אַמעריקע האָט זיך גאָר היפּש פאַרשטאַרקט אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה. „דער יאָר־צענדליק פון פּראָגרעס" (עי דעקעיד אָוו פּראָגרעס), אַזוי איז אָפיציעל באַ־צייכנט געוואָרן דער באַריכט, וואָס ראַבאַי מאָריס נ. אייזנדראַט, פּרעזידענט פון דער יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגעישאָנס, האָט אָפּגעגעבן פאַר דעם עקזעקוטיוון ראַט אין אָקטאָבער, 1953. ראַבאַי אייזנדראַט האָט דאַן געמאָלדן, אַז די מיטגלידערשאַפט אין די רעפאָרם טעמפּלען האָט זיך פאַר־גרעסערט אויף דריי מאָל אַזויפיל. די צאָל קאָנגרעגעישאָנס האָט זיך פאַר־גרעסערט כמעט אויף די פולע הונדערט פּראָצענט און דער יערלעכער איינ־קונפט, וואָס איז אין 1943 געווען 150 טויזנט דאָלער, איז אין 1953 געוואָקסן אויף איבער אַ מיליאָן מיט 371 טויזנט דאָלער.

ראַבאַי אייזנדראַט האָט פאַרנומען אין דער נאַציאָנאַלער פירערשאַפט פון דער רעפאָרם באַוועגונג אַן אייגנאַרטיקן אָרט. ווייל ביז ער האָט אין

1943 איבערגענומען דעם אַמט פון דער „יוניאָן״, איז דער גאַנג פון דער באַוועגונג געווען הויפּטזעכלעך און אויסשליסלעך פון סינסינעטי און דורך סינסינעטי. עס איז געווען ווי עס וואָלט זיך וועלן פּאַראַפראַזירן "כי מסינ־סינעטי תצא תורה״, סינסינעטי איז געווען דער איינציקער צענטער פון דער רעפאָרמיסטישער תורה. די ראַבינער און די לערער און די גאַנצע פּאַרוואַל־טונג פון דעם פּאַרבאַנד פון רעפאָרם טעמפּלען — אַלץ, אַלץ איז קאָנטראָלירט געוואָרן פון דער אָריגינעלער „הויפּטשטאָט״ פון רעפאָרם אידישקייט אין אַמעריקע. ראַבאַי אייזיק־מאיר וויז האָט עס אַזוי געשאַפן און אַזוי איז עס געגאַנגען פון דור צו דור, אַזש פון 1873 אָן.

אָבער אָט איז געקומען אַן ענדערונג. אַ נייע קראַפט האָט זיך באַוויזן ביי די רעפאָרם אידן אין אַמעריקע. אַ יונגער ראַבאַי, וואָס האָט זיך אויס־געצייכנט אין זיין אַמט אין אַ רעפאָרם טעמפּל אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, פון 1929 ביז 1943, איז פון קאַנאַדע גערופן געוואָרן צוריק קיין אַמעריקע, כדי ער זאָל פאַרנעמען דעם פירנדן אַמט פון דער יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגעישאָנס. און ראַבאַי אייזנדראַט איז „געקומען, געזען און געזיגט״. און זיין דערפאָלג איז געווען אַזוי באַדייטנד ביי די רעפאָרם אידן, אַז די פירער פון דער „יוניאָן״ האָבן אָנגענומען אַ פייערלעכן באַשלוס אין 1952 און באַשטימט ראַבאַי אייזנדראַט'ן אַלס פּרעזידענט פון דער „יוניאָן״ אויף זיין גאַנצן לעבן. פּרעזידענט פון דער „יוניאָן״ איז איינע פון די העכסט באַצאָלטע אַמטן אין אַמעריקאַנער אידנטום.

זינט ער האָט באַוויזן אַריבערצופירן דעם נאַציאָנאַלן אָפיס פון דער „יוניאָן״ קיין ניו יאָרק, האָט דר. אייזנדראַט יעדן יאָר געזוכט אַריינצוברענגען נייע אויפטוען. אין זיינע יערלעכע באַריכטן, וואָס זיינען אין דער פאָרם פון פיין־געדרוקטע בראָשורן, פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן דער ברייטער מיטגלידערשאַפט, האָט ער אַלעמאָל אָנגעוויזן אויף אַ גאַנצער ריי פּלענער. ער האָט באַוויזן צו פּאַראינטערעסירן אַ גאַנץ באַדייטנדע גרופּע יונגע און ענערגישע ראַבאַיס אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד און זיי באַצייכנט מיט דעם שיין קלינגענדן טיטול „סעילסמען אָוו די ספּיריט״, דאָס הייסט גייסטיקע פאַרשטייער, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט פאַרשפּרייטן גייסטיקע ווערטן. אַלס איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס האָט דר. אייזנדראַט זיך געשטעלט צו באַזוכן און שטיין אין נאָענטן קאָנטאַקט מיט די הונדערטער רעפאָרם סינאַ־גאָגן איבערן לאַנד.

„בן שמונים לגבורה״ — אונטער דעם דאָזיקן לאָזונג האָט דר. אייזנדראַט אָפּגעגעבן זיין יערלעכן באַריכט אין 1953, ווען עס איז געוואָרן פּונקט אַכציק

יאָר זינט ראַבאַי אייזיק מאיר ווייז האָט געגרנדעט דעם היברו יוניאָן קאַלעדזש אין סינסינעטי.

„די רעפאָרם באַוועגונג איז אַריין אין איר פעריאָד פון איר גרעסטער שטאַרקייט און דערפאַר פאָדערט זיך, אַז עס זאָלן אויפגעטאָן ווערן אַלץ נייע און גרעסערע זאַכן" — האָט געהאַלטן ראַבאַי אייזנדראַט. און ביי דער צוויי־יערלעכער קאָנווענשאָן פון פאַרבאַנד פון די רעפאָרם קאָנגרעגעישאָנס אין 1955, האָט ראַבאַי אייזנדראַט פאָרגעשלאָגן די פאָלגנדע פיר פונקטן:

1)—עס זאָל געשאַפן ווערן אַ ספּעציעלער פאָנד צו געבן הלוואות אויף בויען נייע רעפאָרם־סינאַגאָגן אין די נייע געמיינדעס, וואָס האָבן זיך געשאַפן אין די פאָרשטעט.

2)—צו שאַפן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פאַר רעליגיעזע אידישע ענינים צו גרייכן די קליינע און סאַמע קלענסטע אידישע ישובים אין אַמעריקע. פאַר דעם דאָזיקן צוועק זאָל אָרגאַניזירט ווערן אַ מין קאַראַוואַן פון „טרעילערס" (וואוינונגען אויף רעדער אין דער פאָרם פון קליינע אויטאָבוסן), מיט אַ גאַנצער בריגאַדע פון רייזנדע ראַבאַיס און לערערס. די „טרעילערס" זאָלן אויך זיין רייזנדע ביבליאָטעקן און פירן מיט זיך אויך אויסשטעלונגען פון רעליגיעזע צערעמאָניעלע חפצים. איינער אַזאַ ראַבאַי איז געווען אַקטיוו אין דער סאַוט. ער איז געשטיצט געוואָרן אין זיין וויכטיקער אַרבעט דורך דער „נאָרט קאַראָליינאַ אַסאָסיאיישאָן אָוו דזשואיש מען". דער דאָזיקער ראַבאַי פלעגט אין אַ „טרעילער" אַרומפאָרן אין די אַרומיקע שטעטלעך, וואו עס האָבן זיך געפונען אַ צאָל אידישע פאַמיליעס און זיי באַדינען מיט אידישקייט. האָט ראַבאַי אייזנדראַט געפלאַנט צו אָרגאַניזירן אַ גאַנצע צאָל אַזעלכע ראַבאַיס מיט „טרעילערס".

3)—עס זאָלן געשאַפן ווערן ספּעציעלע רעפאָרם סינאַגאָגן „פאַר אַרבעטער" אין די אינדוסטריעלע צענטערן פון אַמעריקע, כדי מעגלעך צו מאַכן פאַר אידישע אַרבעטער און אין אַלגעמיין פאַר די ברייטע אידישע מאַסן צו לערנען רעפאָרם־אידישקייט, „אויב זיי ווילן עס". ראַבאַי אייזנדראַט האָט געהאַלטן, אַז עס איז געקומען די צייט פאָפּולער צו מאַכן רעפאָרם אידישקייט אויך „צווישן די מאַסן", הייסט עס.

4)—פאַרשטאַרקן די רעליגיעזע דערציאונג פון די אידישע קינדער דורך שאַפן נייע פּראָיעקטן, מיט וועלכע עס זאָלן צוגעצויגן ווערן נאָך טויזנטער תלמידים און תלמידות אין די לער־אַנשטאַלטן פון די רעפאָרם־אידן אין אַמעריקע. אויך שאַפן מער זומער קעמפּס און מער „אינסטיטוטן" (ספּעציעלע קורסן) פאַר די יוגנטלעכע.



ראַבאַי מאָרים נ. אייזנדראַט
פרעזידענט פון פאַרבאַנד פון רעפאָרם־טעמפּלען אין אַמעריקע

ניט קוקנדיק אויף אַלע זייערע דערפּאָלגן, האָבן די רעפאָרם אידן אָבער אַלעמאָל ניט פאַרגעסן אין זייערע באַריכטן אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט, אַז פון די דריי פירנדע רעליגיעזע אידישע הויפּטבאַוועגונגען אין אַמעריקע: די אָרטאָדאָקסן, קאָנסערוואַטיווע און רעפאָרמער, זיינען זיי — די רעפאָרמער — די שוואַכסטע. אַ סך צו טאָן דערמיט — אַזוי האָבן מיר אייניקע פירער דערקלערט — האָט געהאַט דער פאַקט, וואָס די אידישע רעפאָרם־באַוועגונג האָט זיך שטענדיק געהאַלטן אין אַ געוויסן זינען אין אַ זייט, ווייל זייער הויפּט פונקט איז נישט געווען אין ניו יאָרק, וואָס איז דער צענטער פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. עס האָט דערפאַר געמוזט קומען אַן ענערגישער פירער און מאַכן אָט די אָפּעראַציע, אַז ניו־יאָרק זאָל ווערן אַ רעפאָרם צענטער. דערצו נאָך האָט דאָס לעבן אַזוי געפירט, אַז דר. סטיפען ס. ווייז, אַן אומאָפּהענגיקער טיטאַן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט זיין אייגענער ראַבינער שול אין ניו יאָרק, איז אַוועק פון דער וועלט און עס איז, ווי עס זעט אויס, געווען אַ נאַטירלעכער שידוך, אַז די הויכשול פון ראַבאַי ווייז זאָל זיך פאַראייניקן מיט דעם היברו יוניאָן קאָלעדזש. ראַבאַי אייזנדראַט איז געווען דער ערשטער צו פאַרהאַנדלען מיט ראַבאַי ווייז'ן נאָך ביי זיין לעבן וועגן דער פאַראייניקונג. אַזוי אַרום האָט דאָס רעפאָרם אידנטום געקראָגן שוין אַ נאַטירלעכע צוציאונגס קראַפט אין ניו יאָרק, און ראַבאַי אייזנדראַט האָט דערפאַר געהאַט די פּאַסיקע געלעגנהייט אַריבערפירן דעם צווייטן וויכטיקן פליגל פון רעפאָרם אידישקייט, די אָנפירונג פון דער „יוניאָן", קיין ניו יאָרק. דער דאָזיקער שריט האָט זיך מיט דער צייט אַרויסגעוויזן ניט בלויז אַלס אַ פיזישער, נאָר אויך אַלס אַ גייסטיקער. און עס איז געוואָרן אַזוי, אַז די שטים פון רעפאָרם אידנטום אין אַמעריקע איז געוואָרן אַ צווייענדיקע. די שטימע רעדט אי פון סינסינעטי, אי פון ניו יאָרק. נאַטירלעך איז, אַז אַזאַ קאָמבינאַציע האָט געפירט אויך צו אינווייניקסטע רייבונגען. אָבער וואו זיינען ניטאָ קיין רייבונגען? אַזוי האָט מיר טאַקע געשטעלט אַ פראַגע איינער פון די הויפּט פירער פון רעפאָרם אידנטום! דאָרט וואו עס זיינען דאָ מענטשן, דאָרטן זיינען דאָ פּראָבלעמען. אָבער סוף כל סוף פירט עס אַלץ צום בעסערן. ווייל אָט די דאָזיקע מענטשלעכע פּראָבלעמען ווערן אָפּט פאַרוואַנדלט אין אַן אַמביציעזער טרייב קראַפט. איינער פון די פּלענער אַלס רעזולטאַט פון דער פאַראייניקונג מיט דער שולע פון ראַבאַי ווייז אין ניו יאָרק, איז געווען, אַז יעדער ראַבינער סטודענט ביי די רעפאָרם אידן, זאָל מוזן פאַרברענגען דאָס לעצטע יאָר פון לערנען אין ניו יאָרק. דאָס דאָזיקע יאָר — דאָס זעקסטע יאָר פון לערנען, איז אָנגערופן

געוואָרן אויף ענגליש „קליניקעל יעיר" (דאָס קלינישע יאָר), אַ יאָר פון פּראַקטיק און פעלד־אַרבעט אויפן ראַבינער געביט.

ראַבאַי אייזנדראַט איז פיל אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און באַזוכט די מערסטע רעפאָרם קאָנגרעגעישאָנס סיי אין אַמעריקע, סיי אין קאַנאַדע, ווי אויך אין אַנדערע לענדער. איך האָב זיך געטראָפן אַ פּאָר מאָל מיט דעם רעפאָרם פירער, וועלכער האָט ביי יעדער באַגעגעניש מיט מיר אויסגעדריקט זיין טיפן גלויבן אין אַ פאַרשטאַרקטער אידישקייט אין אַמעריקע.

„די אַמעריקאַנער יוגנט איז טויט ערנסט פאַראינטערעסירט אין אידיש־קייט" — דאָס איז דער איינדרוק, וואָס ראַבאַי אייזנדראַט האָט געהאַט וועגן דעם יונגן אידישן דור פון נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה. דר. אייזנדראַט האָט מיר דערביי דערציילט, ווי די רעפאָרם באַוועגונג האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין אַ פּראָיעקט צו שאַפן זומער קעמפּס פאַר דער יוגנט, מיט אַ גאַנצער ריי דערציערישע פּראָיעקטן און סעמינאַרן וועגן אידישקייט, און די קעמפּס האָבן אַרויסגערופן אַזאַ טיפן אינטערעס, אַז עס איז ווי געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע „גייסטיקע רעוואָלוציע" אין דער רעפאָרם באַוועגונג. עס קומען אין די קעמפּס קינדער פון רעפאָרם היימען און אין די אַכט, ניין זומער וואָכן, וואָס זיי האָבן געגנוג צייט צו פאַראינטערעסירן זיך אין אידישע פּראָבלעמען, זיינען אַ היפּשע צאָל קינדער געוואָרן אַזוי פאַרטיפט אין אידישקייט, אַז אַ צאָל יונגע בחורים האָבן באַשלאָסן אַלס רעזולטאַט פון די קעמפּ־אַקטיוויטעטן זיך צו לערנען אַלס ראַבאַיס.

אויך ראַבאַי אייזנדראַט, פּונקט ווי אַלע אַנדערע רעפאָרם פירער, ווען איר צורעדט זיך מיט זיי, האָט געהאַט אַ גאַנצע ריי גוט פאָרמולירטע טעזיסן, וואָס ער האָט באַנוצט, ווען ער האָט גערעדט וועגן די אויפטוען פון רעפאָרם אידישקייט. די דאָזיקע טעזיסן זיינען פון דעם מין, וואָס מענטשן אין פאַר־שידענע געביטן פון לעבן אַרבעטן אויס אַלס רעזולטאַט פון זייער לאַנג־יאָריקער דערפאַרונג. „די רעפאָרם באַוועגונג איז אַ גוט־אָרגאַניזירטער רעליגיעזער כח, וואָס ראַטעוועט אָפּ מאַסן אידן פאַר דעם אידישן פאָלק און פאַר דעם אידישן גלויבן". אַזוי האָט מיר דערקלערט דר. אייזנדראַט. „שטעלט אייך פאָר" — האָט ער פאַרגעזעצט —„וואָס עס וואָלטן געטאָן פיל אידן פון דריטן און פערטן דור אין אַמעריקע! אידן, וואָס זיינען שוין אינגאַנצן, די פולע הונדערט פּראָצענט אַמעריקאַניזירט. קיין אָרטאָדאָקסישע אידישקייט קענען זיי מער נישט אָנהאַלטן. אַפילו קאָנסערוואַטיווע אידישקייט איז פאַר אַזעלכע אידן היפּש פרעמד. איז געקומען די רעפאָרם אידישקייט און האָט

אַט די דאָזיקע אידן צוריקגעהאַלטן פון אַוועקגיין אינגאַנצן". עס איז אַ וויכטיקער אויפטו, האָט דר. אייזנדראַט אָנגעוויזן.

דר. אייזנדראַט זעלבסט איז אָנערקענט געוואָרן אין זיין אַמט אַלס פירער פון דער „יוניאָן", אַלס איינער פון די עלאָקוועטסטע פאַרשפּרעכער פון רע־פאָרם אידנטום אין אַמעריקע. ער אַליין איז געווען אַ פּראָדוקט פון אַן עכטער היים פון רעפאָרם אידן אין אַמעריקע. ער איז געווען אַ זון פון אַמעריקאַנער געבוירענע עלטערן און זיינע עלטערנ׳ס עלטערן זיינען געווען אידן, וואָס זיינען געקומען פון דייטשלאַנד קיין אַמעריקע. דר. אייזנדראַט האָט מיר די דאָזיקע פאַקטן פון זיין פּערזענלעכן לעבן דערציילט, ווען מיר האָבן געהאַלטן אין שמועסן וועגן דעם, פון וואַנען עס וועלן אין דער צוקונפט קומען די קאַנ־דידאַטן פאַר דעם ראַבינאַט אין רעפאָרם אידנטום. „אַט נעמט מיך אַלסביישפּיל" — האָט מיר דר. אייזנדראַט אַ זאָג געטאָן. „איך קום פון דור דורות רעפאָרם אידן" — האָט ער צוגעגעבן. און עס איז כדאי דאָ אָנצוא־וויזן, אַז אין זיינע באַריכטן האָט דר. אייזנדראַט גאָר אָפט זיך באַנוצט מיט אַ מאמר און אַ פּסוק און אויך מיט אַן עכט פאָלקסטימלעכן אידישן משל. עס איז אינטערעסאַנט צוצוגעבן, אַז דר. אייזנדראַט איז געווען אויך אַ פירער מיט אַן אינטערנאַציאָנאַלער רעפּוטאַציע. ער איז געשיקט געוואָרן אַלס פאָר־שטייער פון אַמעריקאַנער אידנטום צו דער פרידנס קאָנפערענץ אין פּאַריז און איז אויך געווען אַ ראַטגעבער ביי דער קאָנפערענץ אין סאַן פראַנציסקאָ, בעת עס איז געשריבן געוואָרן דער טשאַרטער פון דער יו־ען, די פאַראייניקטע פעלקער אָרגאַניזאַציע.

דר. אייזנדראַט, אַריבערפירנדיק דעם נאַציאָנאַלן אָפיס פון דער יוניאָן אָוו היברו קאָנגרעגעישאָנס פון סינסינעטי קיין ניו יאָרק, האָט אויך געפירט דערצו, אַז די רעפאָרם אידן זאָלן אויפבויען אין ניו יאָרק דאָס „הויז פון לעבעדיקער אידישקייט".

(אַ באַזונדער קאַפּיטל וועגן דעם דאָזיקן הויז זע באַנד צוויי.)

מיט אַנטשלאָסנקייט און ענערגיע — צוגלייך מיט די אַלע אַנדערע צווייגן אין אידישן לעבן פון אַמעריקע — גייען אויך די רעפאָרם אידן אויף זייער אייגענעם שטייגער, פאָראויס!

10

# דר. משה דייוויס: נייע עפּאָכע צו שעפּן ווידער פון די אַלטע אידישע קוואַלן האָט זיך אָנגעהויבן

**פּראָפעסאָר משה דייוויס, פּראָוואָסט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, ווייזט אָן אויף שטאַרקן דראַנג צו אידישקייט. — אידן האָבן פיל געוואונען אין וועלט־לעכער קענטניש זינט פראַנצויזישער רעוואָלוציע, האָבן אָבער היפּש פאַרלוירן אין לערנען תורה. — קריזיס אין מאָדערנער וועלטלעכער קולטור פירט צו פאַרשטאַרקונג אין באַוועגונג צו קאָמבינירן סעקולערן וויסן מיט רעליגיעזער עטישער חכמה און דערפאַרונג, זאָגט דר. דייוויס. — אידישער היסטאָריקער מאַכט אַ דורכ־דרינגלעכן אַנאַליז פון היינט און מאָרגן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע.**

צו דר. משה דייוויס, פּראָוואָסט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, וועל־כער האָט אין דער עלטער פון בלויז עטלעכע און דרייסיק יאָר שוין באַוויזן צו פאַרנעמען אַ פירנדע פּאָזיציע אין דעם אידישן לעבן פון אַמעריקע, בין איך געקומען זוכן אַן ענטפער אויף די אָנגעווייטיקטע פראַגן וועגן דעם היינט און מאָרגן פון גרויסן אַמעריקאַנער אידישן ישוב. דר. דייוויס האָט אויסער זיינע גרויסע פליכטן אין דער היכשול פון קאָנסערוואַטיווער אידיש־קייט אין אַמעריקע זיך גאַנץ באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט שטודירן און שרייבן די געשיכטע פון אַמעריקאַנער אידישן ישוב, און דערפאַר איז עס גאָר באַ־זונדערס געווען אינטערעסאַנט און וויכטיק פאַר דעם שרייבער פון די שורות צו הערן, וואָס דער יונגער אידישער געלערנטער האָט צו זאָגן וועגן דעם גאַנג פון אידישן לעבן אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. דר. דייוויס׳עס

שטודיומס פון דער אַנטוויקלונג פון אַמעריקאַנער אידישן ישוב זיינען גע־וועזן באַזירט אויף גרינטלעכע פאָרשונגען און אָנגעפּאַקט מיט כלערליי פאַק־טישער אינפאָרמאַציע און עס איז דערפאַר געווען אין דייוויס׳עס סטיל זיך צו אַנטזאָגן „פּאָראויסצוזאָגן״ זאַכן, וואָס דאַרפן ערשט פּאַסירן, זאַכן, וואָס קענען יאָ זיין אָדער, פּונקט אַזוי גוט, קענען זיי ניט זיין. אין ענינים פון „טרעפן״, האָט דר. משה דייוויס זיך ניט געוואָלט אַריינלאָזן. אָנשטאָט דעם אָבער, האָט ער פאַר מיר אויף אַ קלאָרן און קאָמפּאַקטן אופן אַנאַליזירט די וויכטיקסטע געשעענישן אין דעם אידישן און אַלגעמיינעם לעבן אין די לעצטע 150 יאָר, — געשעענישן, וואָס האָבן נאָך געהאַט אַלץ אַ ווירקונג אויף דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע פּונקט ווי אויף דעם אידישן לעבן אין אַנדערע לענדער אין דער צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט. אין אונזער געיעג און אין אונזער טאָג טעגלעכער אומצופרידנקייט, געבן מיר אָבער זיך אָפט ניט אָפּ קיין קלאָרן חשבון פון דעם, וואָס עס איז פאָרגע־קומען און קומט נאָך פאָר.

מיר געניסן נאָך היינט־צו־טאָג פון די פרוכט פון דער עמאַנציפּאַציע, פון דער באַפרייאונג, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צום סוף פון 18טן יאָרהונ־דערט מיט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. צו דער זעלבער צייט אָבער צאָלן מיר יעדער, אין ריין אידישן און ריין גייסטיקן זינען, אַ באַדייטנדן פּרייז פאַר דער דאָזיקער גייסטיקער באַפרייאונג! אַזוי האָט פאַר מיר דער־קלערט דר. משה דייוויס אין אונזער געשפּרעך.

די גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציע, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1789 האָט ווי צעריסן די קייטן פון מיטלאַלטער און גערופן צו אויפוואַכונג ניט בלויז דאָס פראַנצויזישע פאָלק, נאָר אַלע אַנדערע פעלקער פון אייראָ־פּע. די אידן, וואָס האָבן יאָרהונדערטער געשמאַכט אין די פינסטערע געטאָס און האָבן ניט געהאַט קיין שום בירגער־רעכט, האָבן ביסלעכוויז אויך אָנגעהויבן צו קריגן גלייכבאַרעכטיקונג אין די לענדער, וואו זיי האָבן זיך געפונען. און מיט דעם צעעפנען די טויערן פון די געטאָס, האָבן אידן זיך אָנגעהויבן אַריינצוגיסן אין דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון לעבן. אידן האָבן אָנגעהויבן לערנען אין די רעגירונגס־שולן, אין די גימנאַזיעס און אוניווער־זיטעטן און די געניאַלע אידישע פעאיקייטן האָבן גאַנץ שנעל אָנגעהויבן זיך אַרויסצואווייזן אויף די פאַרשידענע געביטן פון די מאָדערנע וויסנ־שאַפטן. עס האָט באַדאַרפט נעמען בלויז אַ דור און צוויי, און אינמיטן פון ניינצנטן יאָרהונדערט האָט די וועלט פּלוצים דערזען אַ גאַנצע ריי אידי־



דר. משה דייווים

היסטאָריקער, פּראָוואָסט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר

שע גאונים אויף די געביטן פון פיזיקע, כעמיע, ליטעראַטור, קונסט, מאָ־דערנער פילאָזאָפיע, מאַטעמאַטיק, פּאָליטישער עקאָנאָמיע וכדומה.

אָבער אָט דער דאָזיקער פּראָצעס, אין וועלכן אידישע קינדער האָבן מיט גרויס דורשט זיך צוגעכאַפּט צו די קוואַלן פון מאָדערנער וועלטלעכער קענטניש, האָט געפירט דערצו, אַז פיל פון די בעסטע טאַלאַנטן פון אידישן פאָלק זאָלן אָפּגעווענדט ווערן פון דעם טראַדיציאָנעלן אידישן לערנען. אידי־שע קינדער, די „שאַרפע אידישע קעפּלעך", זיינען מערסטנס געלאָפן אין די קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן, האָט דר. משה דייוויס מיר אָנגעוויזן. און אַזוי איז עס געווען די אַלגעמיינע טענדענץ אין אַ גאַר גרויסער מערהייט, ניט בלויז אין די לענדער פון מערב אייראָפּע, נאָר אויך טיילווייז אין מזרח אייראָפּע און הויפּטזעכלעך אין די אַמעריקאַנער לענדער.

צו וואָס האָט דאָס אַלץ געפירט? עס האָט געפירט דערצו, אַז די טויזנט־יעריקע אידישע טראַדיציע פון „תורה איז די בעסטע סחורה", זאָל גאָר היפּש אָפּגעשוואַכט ווערן ביי די אידישע מאַסן! — האָט דר. משה דייוויס אָנגעוויזן. די אידן אַלס פאָלק האָבן זינט דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פיל געוואונען אין וועלטלעכער קענטניש און האָבן צו דער זעלבער צייט פאַרלוירן אַ היפּש ביסל אין אידישן וויסן.

עס איז אָבער אַנטשטאַנען אַ שאַרפער גייסטיקער קריזיס! די מאָדערנע וויסנשאַפט, די מאָדערנע ציוויליזאַציע, וואָס האָט דערגרייכט איר הויכ־פּונקט אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָט צו דער זעלבער צייט אויך דערגרייכט אַ פּונקט פון אַ היפּשער געפאַר אין דעם געיעג פון דעם דזשעט עראָפּלאַן, אין דעם וויר־וואַר פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע, אין דעם פּאַראַד פון די פאַרשידנסטע טעכנישע דערפינדונגען. דער מענטש איז געבליבן ווי צעטומלט. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ סיטואַציע, וואו דער מאָדערנער מענטש האָט געקענט פאַלן אַ קרבן פון זיין אייגענער פרייהייט. און דאָס איז ניט סתם זיך אַ זאָג! דאָס איז אַ טרעפלעכער אַנאַליז פון דער פּאָזיציע, אין וועלכער דער מאָדערנער מענטש געפינט זיך. און דאָס, וואָס עס האָט אָנגעהויבן זיך צו אַנטוויקלען אין דעם פּעריאָד פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אַ פּראָצעס ניט בלויז אַ ריין אידישער, נאָר מעגלעך אַן אַל־מענטשלעכער. די מאָדערנע מענטשהייט וועט מוזן קומען צו אַ צושטאַנד, וואו עס וועלן קאָמבינירט ווערן די אייביקע אַלטע געבאָטן און פּרינציפּן פון דער אידישער תורה מיט דער מאָדערנער וויסנשאַפט! רעליגיע און וויסן, פילאָזאָפיע און מאָראַל קענען גיין צוזאַמען! אָט דאָס וועט זיין דער

אויפטו פון דער נייער צייט! דער נייער אויפטו גראַדע אין דער צייט, ווען מ׳האָט געשפּאָלטן דעם אַטאָם!

און דר. דייוויס, דער יונגער אידישער געלערנטער, וואָס איז פּונקט אַזוי אַמעריקאַניש, ווי ער איז אידיש, זעט אָט די דאָזיקע אַנטוויקלונג, ווי זי פּאַסירט פאַר אונזערע אויגן. עס אַנטוויקלט זיך אַ סיטואַציע, וואו די גרויסע עטישע דערפאַרונג פון דעם אייביקן אידישן פאָלק וועט ווידער ווערן אַזוי ווי אַן עמוד אש, אַ לייכטנדער, פירנדער טורעם פאַר דער צע־טומלטער וועלט. און גוט איז, וואָס דער גרעסטער אידישער ישוב אין אָט דער דאָזיקער עפּאָכע געפינט זיך טאַקע אין אַמעריקע, וואָס איז אַ לאַנד, וועלכעס איז געבויט געוואָרן מער ווי וועלכעס־עס־איז אַנדער קריסטלעך לאַנד אויף די פּרינציפּן פון תנ״ך. די אידישע יוגנט אין אַמעריקע, וואָס האָט דאָ אַ געלעגנהייט צו געניסן פון אַלץ און פון אַלעמען אויף אַ מער פרייען און רייכן אופן, ווי אין וועלכן־עס־איז אַנדער לאַנד, די דאָזיקע אידישע יוגנט האָט ביסלעכוויז שוין אָנגעהויבן איינצוזען, אַז „כדי צו פאַרשטיין״, דאַרף מען גיין צו די אַלטע אידישע קוואַלן, האָט מיר ווייטער דערקלערט דר. דייוויס.

און ווען דר. משה דייוויס האָט גערעדט וועגן „די אַלטע אידישע קוואַלן״ און זייער איינפלוס אין אַמעריקע, האָט ער גערעדט אַלס אַ מענטש, וואָס האָט יאָרנלאַנג זיך אָפּגעגעבן מיט שטודירן דעם דאָזיקן ענין. אין זיינע ביכער „דאָס רעליגיעזע אידישע לעבן און אינסטיטוציעס אין אַמעריקע״ און „די אַנטוויקלונג פון אַמעריקאַנער אידישקייט״, האָט דר. דייוויס גע־בראַכט אַ גאַנצע ריי אינטערעסאַנטע פאַקטן, ווי אַזוי די סאַמע ערשטע פירער פון דער אַמעריקאַנער רעפּובליק, ווי בענדזשאַמין פרענקלין, טאָמאַס דזשעפערסאָן, דזשאַן עדעמס, האָבן אויף דעם אָפיציעלן שטעמפּל פון דער אַמעריקאַנער רעפּובליק געפּלאַנט אַרויפשטעלן אַ בילד ווי אַזוי די אידן ווערן באַפרייט פון מצרים. עס איז אויך אַ פאַקט, אַז די ערשטע אָנפירער פון אַמעריקע האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט דעם געדאַנק צו מאַכן העברעאיש פאַר דער אָפיציעלער שפּראַך פון לאַנד. דר. דייוויס ברענגט אויך אין איינעם פון זיינע ביכער אַ ריי אילוסטראַציעס, וואָס ווייזן, ווי אַזוי אַ צאָל פון די באַרימטסטע אוניווערזיטעטן אין אַמעריקע, צווישן זיי קאָלאָמביע און יעיל, האָבן אויף זייערע אָפיציעלע עמבלעמען הייליקע העברעאישע אויפשריפטן. נאָך אַ גאָר אינטערעסאַנטער אויפטו פון דר. משה דייוויס צו באַווייזן דעם איינפלוס פון דער ביבל אויף אַמעריקע, איז געווען אַ גרויסע, שיין־אילוסטרירטע מאַפּע, וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט צוזאַמען מיט

זיין פרוי, די יונגע פאָרשערין לאָטי דייוויס. די דאָזיקע מאַפּע איז געווען אַ טייל פון אַ גרויסער אַרבעט צו ברענגען די געשיכטע פון אָרום טוויזנט שטעט און שטעטלעך אין אַמעריקע, וואָס טראָגן נעמען פון חומש. דר. דייוויס און זיין פרוי לאָטי האָבן אַרויסגעשיקט אָנפראַגן צו די מערסטע פון די דאָזיקע פלעצער. זיי האָבן אַלס אָנהויב פון דעם דאָזיקן וויכטיקן פּראָיעקט פאַרעפנטלעכט אין 1954 אַ ליסטע פון 315 נעמען, אויף וועלכע זיי האָבן געפונען אַ באַשטעטיקונג פון די לאָקאַלע שטאָט־פאַרוואַלטונגען וועגן דעם ביבלישן אָפּשטאַם פון די נעמען זייערע.

מיר דערציילן דאָס אַלץ, כדי צו אונטערשטרייכן, אַז ווען דר. משה דייוויס האָט גערעדט וועגן אַמעריקע אין שייכות צו דער ביבל, האָט ער גערעדט ווי אַ פּראָפעסיאָנעלער פאָרשער. אין דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע, אין ישראל און אין אַנדערע לענדער, איז באַגריסט געוואָרן דער וויכטיקער אויפטו פון דר. משה דייוויס, וועלכער האָט אויף אַ טיף באַ־גרינדעטן אופן אָנגעוויזן אויף דעם איינפלוס פון די אַלטע אידישע קוואַלן אויף דער אַלגעמיינער אַמעריקע און אויך אויף דעם וואוקס פון אידישקייט אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

אָבער אויסער די אַלע אויפטוען איז דר. משה דייוויס אי פּריוואַט, אי אַלס אַ פירנדער אידישער געלערנטער געווען אַ גוטער עדות דערויף, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידנטום איז שוין געווען פעאיק אַרויסצוברענגען אירע אייגענע פירער אויך פון צווישן די אינגסטע דורות. ווייל דר. דייוויס איז געווען אַ געבוירענער אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיין גאַנצע דערציאונג, זיין גאַנצער גייסטיקער באַנעם, איז געווען אַן אַמערי־קאַנישער פּראָדוקט, און דערפאַר זיינען זיינע אויפטוען געווען אַ דערמוטי־קונג פאַר די אַלע, וואָס האָבן אפילו אין די יאָרן פון טיפסטן צווייפל אויס־געדריקט זייער האָפנונג און גלויבן אין די פּאָטענציעלע מעגלעכקייטן פון אַמעריקאַנער אידנטום.

דר. דייוויס, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1916 אין ברוקלין, ניו יאָרק, האָט זיין אידישע דערציאונג געקראָגן אין די תלמוד תורה׳ס (וועל־כע זיינען אין די צוואַנציקער יאָרן געווען צווישן די טיכטיקסטע טראַדי־ציאָנעלע אידישע דערציאונגס אַנשטאַלטן), אין אידישן טעאָלאָגישן סעמי־נאַר און אין ירושלימער אוניווערזיטעט. פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָט דר. דייוויס צוערשט גראַדואירט אַלס לערער און אין יאָר 1942 האָט ער געענדיקט די ראַבינער שולע פון סעמינאַר. דר. דייוויס האָט אויך גע־לערנט אַ יאָר צייט אין דעם ירושלימער אוניווערזיטעט און ער איז געווען

דער ערשטער סטודענט פון אַמעריקע צו קריגן אַ דאָקטאָראַט אין דעם העברעאישן אוניווערזיטעט פון ירושלים. אויסער דעם אַלעמען האָט דר. דייוויס שטודירט אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט פון ניו יאָרק.

דר. דייוויס, זייענדיק אַ הונדערט פּראָצענטיקער אַמעריקאַנער אידישער פּראָדוקט, האָט אָבער אַלעמאָל איינגעזען די נויטווענדיקייט פון אַ ביז גאָר נאָענטער גייסטיקער פאַרבינדונג צווישן די אידן פון אַמעריקע און ישראל. רעדנדיק וועגן דעם פאַרשטאַרקטן גייסטיקן בונד, וואָס דאַרף הערשן צווישן ביידע לענדער, האָט דר. דייוויס מיר איינמאָל געזאָגט אַזוי : „איך האָב נישט מורא פאַר דער אַזוי גערופענער „דיואל לאָיאַלטי" (טאָפּלטע לאָיאַליטעט, הייסט עס, וועגן וועלכער עס האָבן פיל גערעדט די קעגנער פון ישראל). קיינער „שרעקט זיך ניט" דערפאַר, אויב אַ קינד האָט ליב אי דעם טאַטן אי דער מאַמען. עס קענען זיין צוויי גרויסע ליבעס פון אָט־אַזאַ־מין אין איין האַרצן. מיר דאַרפן זיך מער שרעקן פאַר די „האַלבע לאָיאַליטעטן", אַזעלכע, וואָס האָבן סתם ניט ליב מיט דעם גאַנצן האַרצן. אַזעלכע, וואָס זיינען אי שוואַכע אידן, אי שוואַכע אַמעריקאַנער, הייסט עס. און אַ מענטש, וואָס האָט אי שטאַרק ליב מדינת ישראל, אי שטאַרק ליב אַמעריקע, אַזאַ מענטש איז אַ גרויס געווינס פאַר ביידע גרויסע אידעאַלן" — האָט דר. דייוויס אָנגעוויזן.

עס איז געווען דר. דייוויס, וועלכער האָט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אָנגעזאָגט וועגן די גרויסע פּלענער, וואָס די קאָנסערוואַטיווע אידישע באַ־וועגונג אין אַמעריקע האָט אויסגעאַרבעט פאַר דער דערנעענטערונג צווישן די אידן פון אַמעריקע און ישראל. איינעם פון די דאָזיקע פּלענער האָט דר. דייוויס געמאָלדן ביי אַ נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון דער יונייטעד סינאַגאָג. דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין דעם, אַז יעדער סטודענט פון קאָנסערוואַטיוון ראַבינאַט זאָל פאַרברענגען אַ יאָר צייט אין דעם ירושלימער אוניווערזיטעט. פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָט דער אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר אָנגע־הויבן צו בויען אַ גאַנצע ריי בנינים אין ירושלים, אַלס אַ טייל פון אַ פּראָיעקט, וואָס איז געווען אויסגערעכנט אויף דריי מיליאָן דאָלער.

דר. דייוויס האָט אין זיין אַנאַליז פון אידיש־אַמעריקאַנער לעבן פאָר־אויסגעזען די אַנטוויקלונג פון אַן אָרגאַניזירטער אידישער געמיינדע, וואָס וועט דאַרפן פילן אויף זיך די גרויסע פאַראַנטוואָרטלעכקייט צו דינען אַלס ביישפּיל פאַר די אַרומיקע שכנים. די נייע אָרגאַניזירטע אידישע געמיינדע וועט דאַרפן זיין אַ מאָראַלישע און אַן עטישע קראַפט און וועט דאַרפן גע־שאַפן ווערן לויט אַ רעליגיעז־עטישן און קולטורעלן איינשטעל. די דאָזיקע גייסטיקע פעדים פון דער אידישער געמיינדע אין אַמעריקע וועלן זיין ענג

פֿאַרבונדן מיט דעם גייסטיקן צענטער פֿון ישראל. די פֿיזישע, די טעכנישע באַציאונג צווישן ניו יאָרק און ירושלים, וועט זיין אַזוי נאָענט, ווי דער קאָנ־טאַקט צווישן ניו יאָרק און שיקאַגאָ אָדער דעטראָיט. מדינת ישראל איז גע־וואָרן, מיט דער הילף פֿון עראָפּלאַן, אויך פֿיזיש, אַ שכן, אַ נעקסט־דאָר׳יקער, פֿון די אידן אין אַמעריקע.

דר. משה דייוויס האָט אויסער זיינע פֿילע טעטיקייטן אין סעמינאַר און אין די מערסטע צווייגן פֿון דער העברעאישער קולטור באַוועגונג אין אַמע־ריקע, זיך הויפּטזעכלעך קאָנצענטרירט אויף דעם פֿאָרשן די געשיכטע פֿון אידן דאָ אין לאַנד. דר. דייוויס איז געווען פּראָפעסאָר פֿון אידישער גע־שיכטע אין דער ראַבינער שולע פֿון סעמינאַר. צוזאַמען מיט דר. אַלען נעווינס, פּראָפעסאָר פֿון אַמעריקאַנער געשיכטע אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, איז דר. דייוויס געווען דער הויפּט אָנפֿירער פֿון דעם אַמעריקאַנער אידישן היסטאָריע צענטער, וואָס דער סעמינאַר האָט געגרינדעט. דר. דייוויס האָט געהאָלפֿן אויסאַרבעטן אַ גראַנדיעזן פּלאַן צו שרייבן די געשיכטע פֿון די וויכטיקסטע אַמעריקאַנער אידישע שטעט און פֿון די דאָזיקע אַלע לאָקאַלע פֿאָרשונגען און באַשרייבונגען שאַפֿן די גרויסע אַלגעמיינע געשיכטע פֿון דריי הונדערט יעריקן אידישן קיבוץ אין אַמעריקע. דער דאָזיקער פּראָיעקט איז פֿינאַנסירט געוואָרן פֿון דעם אידישן נדבן און פֿילאַנטראָפּ לואיס מ. ראַבינאָוויץ, וועלכער האָט געהאָלפֿן שאַפֿן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג ביים יעיל אוניווערזיטעט פֿאַר יודאַאיקאַ.

אַזוי זעען מיר, ווי דער יונגער פֿירער פֿון אידישן טעאָלאָגישן סעמי־נאַר, דר. משה דייוויס, האָט דורך זיין דורכדרינגנדן אויג אין אידישער גע־שיכטע, געזען אויפֿגיין אַ ליכטיקע זון אין דעם העלן מאָרגן פֿון אַ ווייטער־דיקן שעפֿערישן, גייסטיקן לעבן פֿון גרויסן אידישן ישוב אין אַמעריקע.

# 11

# דער רוף פון הרב דר. לעאָ יאַנג צו ראַטעווען אידישע קינדער פון „קיינעמס לאַנד״

אידישע קינדער, וואָס זיינען ניט קיין אידן און ניט קיין קריסטן און דרייען זיך אַרום פאַרלוירענע אין „קיינעמס לאַנד״. — עס ווערט פיל לייכטער אָפּצוהיטן שבת אין אַמעריקע. — אַ טאָג צו פאַרגעסן אַלע איבלען פון דער מאָדערנער ציוויליזאַציע. — דר. יאַנג גיט בעסטע עליות צו דער יוגנט און רעדט פיל צו אידישע פּאָרלעך, וואָס גייען אין זיין שול צו דער חופה. — אידישקייט אָן שום קאָמפּראָמיסן, אָבער צוגעפּאַסט צו אַמעריקאַנער אומשטענדן.

הרב דר. אליהו (לעאָ) יאַנג, וועלכער איז זינט 1922 געווען דער גייסטיקער פירער פון דער אָנגעזעענער אידישער געמיינדע אויף דער וועסט סאַיד, וואָס איז געווען באַוואוסט אונטער דעם נאָמען „דזשואיש סענטער״, אויף דער 86טער גאַס, ניט ווייט פון בראָדוויי, איז געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די פירנדע טעאָרעטיקער פון דער נעאָ־אָרטאָדאָקסיע אין אַמעריקע. ער איז זינט 1926 געווען פאַרבונדן מיט דעם ישיבה אוניווערזיטעט און ער האָט אָפּט אויך געלייענט לעקציעס וועגן אידישקייט און אידישער רעליגיעזער פילאָזאָפיע אין די אוניווערזיטעטן פון האַרוואַרד און יעיל. הרב דר. לעאָ יאַנג איז אויך געווען דער פאַרפאַסער פון פילע ווערק פון טיפן אידישן אינ־האַלט. האָבן מיר דערפאַר זיך געווענדעט צו הרב יאַנג מיט אַ ריי פראַגן וועגן דעם, ווי אַזוי ער זעט די צוקונפט פון אידישקייט און אידישן לעבן אין אַמעריקע. הרב יאַנג האָט אויף אונזער „קלאַסישער פראַגע״ אויב ער איז אָפּטימיסטיש וועגן די אויסזיכטן אויף דער צוקונפט, שנעל און זיכער געענטפערט מיט אַ „יאָ!״ און ער האָט דערביי אונז גלייך אָנגעוויזן, אַז זיין אָפּטימיסטישער בליק נעמט זיך הויפּטזעכלעך דערפון, וואָס די רעליגיעזע

אידישע דערציאונג אין אַמעריקע האָט אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געטאָן אַ גרויסן שפּרייז פאָראויס.

דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט עטלעכע באַגעגענישן מיט הרב דר. לעאָ יאָנג אין זיין סטודיאָ אויף דעם אַכטן גאָרן פון דעם גרויסן אידישן צענטר אויף 131 וועסט 86טע גאַס, ניו יאָרק. הרב יאָנג האָט אין זיין גע־שפּרעך אונטערגעשטראָכן, אַז ער פאַררעכנט די סיסטעם פון די אָרטאָדאָקסישע ישיבות קטנות, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין פיל טיילן פון אַמעריקע, אַלס דער בעסטער אָנשפּאַר פאַר אַ געזונטער אידישקייט אין אַמעריקע. די ישיבות קטנות אַלס אָנהויב און דער כסדר־וואַקסנדער ישיבה אוניווערזיטעט, ישיבת יצחק אלחנן אַלס די קרוין, און אַלע אַנדערע גרויסע ישיבות, שאַפן אין אַמעריקע אַ פעסטן פונדאַמענט פאַרן רעליגיעזן אָרטאָדאָק־סישן געדאַנק, האָט רב יאָנג דערקלערט. און הרב יאָנג, ווען ער האָט גערעדט וועגן אַ פולער אָרטאָדאָקסישער דערציאונג, אָן שום קאָמפּראָמיסן, אָבער דאָך מאָדערן, האָט ער גערעדט פון זיין אייגענער און פערזענלעכער דערפאַ־רונג.

הרב דר. לעאָ יאָנג, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין מעהרן, טשעכיע, האָט געלערנט אין די ישיבות פון אונגאַרן. סמיכה האָט ער געקראָגן פון הרב הגאון דוד האָפמאַן, ז״ל. ער האָט שטודירט אין די אוניווערזיטעטן פון וויִן, בערלין, מאַרבורג, לאָנדאָן און קעמברידזש.

אַלס אַ וויכטיקן צייכן פון דער פאַרשטאַרקונג פון אָרטאָדאָקסישער אי־דישקייט האָט הרב יאָנג פאַררעכנט דעם פאַקט, וואָס די רעליגיעזע יוגנט באַוועגונגען אין אַמעריקע האָבן זיך היפּש צעוואָקסן, ווי למשל, די באַוועגונג פון „יאָנג איזראַעל״ און אַנדערע.

(אַ גענויע באַשרייבונג וועגן דער „יאָנג איזראַעל״ באַוועגונג וועט דער לייענער געפינען אין באַנד צוויי.)

הרב דר. אליהו יאָנג האָט געהאַלטן, אַז די אַלע פאַרשידענע באַצייכע־נונגען, וואָס אידן אין אַלע צייטן גיבן זיך, כדי צו כאַראַקטעריזירן דעם גראַד און סאָרט אידישקייט, צו וועלכן זיי געהערן, באַווייזט בלויז, אַז „עפּעס איז דער מער״ מיט זייער אידישקייט. אַ צייט לאַנג האָט דר. יאָנג זעלבסט זיך באַנוצט מיט אַזעלכע באַצייכנונגען, ווי „נאמן לתורה״, „תורה־טרו דזשוז״ און ענלעכע. אָבער צום סוף איז ער געקומען צו דער איבער־צייגונג, אַז פאַר אַן „אמת־רעליגיעזן״ אידן איז גענוג די באַצייכנונג „איד״ און דאָס אַליין.

— מיר דאַרפן זיך רופן בלויז אידן — און דאָס דאַרף מיינען, לויט הרב



הרב דר. לעאָ יאָנג

גייסטיקער פירער פון אידישן צענטער, פּראָפעסאָר פון ישיבה־אוניווערזיטעט

אליהו יאָנג'ס איינשטעלונג, אַ איד, וואָס איז מקיים אַלע מצוות מעשיות, און פירט אַ אידיש לעבן לויט די עקרי הדת, לויט די גרונט־פאָרשריפטן פון דער תורה.

דר. לעאָ יאָנג האָט געהאַלטן, און מיט רעכט, אַז די אָרטאָדאָקסישע אידישקייט דאַרף זיך פירן אין איינקלאַנג מיט די פרינציפּן פון שיינקייט, ריינקייט און אָרדענונג, וואָס שטימט זיכער מיט די פאָרשריפטן פון דער תורה. רעדנדיק וועגן אָט דעם פונקט, ברענגט מיר דר. לעאָ יאָנג דעם פסוק, וואָס זאָגט: „למען תשכילו בכל אשר תעשון".

דערפאַר טאַקע האָט דר. יאָנג ניט געזען קיין שום קאָנפליקט אין זיין פאָדערונג, אַז די ישיבות קטנות זאָלן זיך ניט האָבן מיט וואָס צו שעמען פאַר די מאָדערנסטע וועלטלעכע סקולס, ווען עס קומט צו ריינקייט, צו שיינקייט און אָרדנונג. דר. יאָנג דערקלערט, אַז די אָרטאָדאָקסישע שול דאַרף זיך פירן אויף אַזאַ שטייגער, וואָס זאָל זיין אין איינקלאַנג מיט דעם אידישן לעבן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. די ישיבה, די אידישע קינדער־שול, דאַרף אין טעכנישן און אין עסטעטישן זינען שטיין אויף דער זעלבער הויך אָדער נאָך העכער ווי די אַמעריקאַנער וועלטלעכע שול.

דר. לעאָ יאָנג האָט געהאַלטן, אַז דאָס לעבן אין אַמעריקע מאַכט עטוואָס לייכטער דעם וועג צו עכטער תורה־אידישקייט. אָט נעמט, למשל, אַזאַ וויכ־טיקן ענין ווי שמירת שבת.

„עס ווערט פיל לייכטער אָפּצוהיטן אידישקייט אין אַמעריקע", האָט דערקלערט פאַר מיר הרב אליהו יאָנג, און ער גיט אָן אַלס וויכטיקסטן ביי־שפּיל דעם פאַקט, וואָס די פינף־טאָגיקע אַרבעטס־וואָך ווערט איינגעפירט כמעט אין אַלע אינדוסטריעס. פאַר אַ אידישן אַרבעטער אָדער אָנגעשטעלטן אין אַזעלכע שטעט ווי ניו יאָרק, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע און אַנדערע גרויסע אידישע צענטערן, איז דאָס האַלטן שבת אַ גאַנץ לייכטער ענין, אויב ער וויל עס נאָר. אין אַלע אינדוסטריעז, וואו די מערסטע אידן זיינען באַשעפטיקט, אַרבעט מען ניט שבת און זונטיק. פאַר געשעפטסלייט אָבער, פאַר אידן, וואָס זיינען אין ביזנעס, באַזונדערס גראָסערילייט, קענדי סטאָרס, א.אַז. וו., איז די לאַגע גאָר ניט געענדערט, האָט באַדויערט הרב יאָנג.

„ווי איז עס מעגלעך צו האַלטן שבת אין דער היינטיקער צייט און נאָך אין אַזאַ שטאָט ווי ניו יאָרק?" האָב איך געפרעגט דר. יאָנג, און ער האָט מיר געענטפערט מיט דערציילן אַן אמת'ע פּאַסירונג, וואָס קען דינען אומדירעקט אַלס ענטפער אויף מיין פראַגע.

דר. יאָנג האָט מיר דערציילט, אַז ער איז אָנוועזנד געווען אויף אַ קאָנ־פערענץ פון וויסנשאַפטסלייט און דענקער אין לאָנדאָן, וועלכע האָבן באַ־טראַכט די אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם פון גרויסער אָנגעשטרענגטקייט, פון שווערן דרוק, אונטער וועלכע דער היינטיקער מענטש לעבט. עס איז אַ לעבן פון אַנגסט, פון אָנגעצויגנקייט, וואָס ברענגט אָפט צו גייסטיקער דער־שעפּטקייט און אויך צו אַ נערוועזן צוזאַמענברוך. די וויסנשאַפטסלייט האָבן געטראַכט און געטראַכט ביז אַ צאָל זיינען געפאַלן אויפן געדאַנק, אַז עס וואָלט געווען ווינטשענסווערט, ווען מען פירט איין איין טאָג אין דער וואָך, ווען דער מענטש זאָל ווי זיך אויסטאָן פון אַלע אָנשטרענגונגען פון אונזער מאַשינאָווער צייט, פון דעם הו־האַ און טומל. פאַרגעסן אין טעלעפאָן, פאַרגעסן אין דער ראַדיאָ, אין די סאָבוויים, באָסעס און אַזוי ווייטער.

„אַך, ווי וואונדערבאַר דאָס וואָלט געווען!" האָבן אייניקע פון די אָנוועזנ־דע וויסנשאַפטסלייט געזאָגט. און דאָ האָט דר. יאָנג זיי דערציילט, אַז די אידן האָבן דעם דאָזיקן געדאַנק געקראָגן נאָך מיט טויזנטער יאָרן צוריק. דאָס איז דאָך דער באַגריף פון אידישן שבת, אַ טאָג פון עכטער, אמת'ער רו; אַ טאָג, ווען דער איד קריגט אַ נשמה יתירה. דאָס איז דאָך איינער פון די הויפּט געבאָטן פון דער הייליקער תורה.

און דר. יאָנג האָט דערציילט, ווי ער פירט זיך און ווי עס פירן זיך גאָר פיל אָרטאָדאָקסישע אידן אין אַמעריקע. דער טעלעפאָן ווערט ניט געענט־פערט פון פרייטיק פאַרנאַכט ביז שבת צו־נאַכטס; מ'הערט ניט קיין ראַדיאָ, מ'גייט צופוס און מען פאַרגעסט אין אַלץ און אַלעמען, וואָס האָט צו טאָן מיט אונזער מאַשין־עפּאָכע. מען רוט. און אָט די דאָזיקע רו איז לעבנס־נויטיק פאַרן היינטיקן מענטש, האָט מיר דערקלערט דר. יאָנג.

שבת, די אייביקע אינסטיטוציע, וואָס סימבאָליזירט אויף אַ הייליקן אופן דעם עכטן באַגריף פון אידישקייט און מענטשלעכקייט, קען מעגלעך ווערן ווידער אַ גרויסער מאָראַלישער פאַקטאָר אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. און די אַלגעמיינע וועלט, אַפילו די קריסטלעכע וועלט, די וועלט פון טעכניק און וויסנשאַפט, וועט מעגלעך דורך פאַרפלאָנטערטע אומוועגן נאָך קומען צום גרויסן אידישן באַגריף פון עכטן רו־טאָג, פון „שבת זאָל זיין!"

דר. יאָנג איז, ווי געזאָגט, געווען דער גייסטיקער פירער פון דעם „אידישן צענטער" אין ניו יאָרק, וואָס איז צוערשט אויפגעבויט געוואָרן פון פּראָפעסאָר מרדכי מ. קאַפּלאַן, איינער פון די הויפּט טעאָרעטיקער און באַ־גרינדער פון דעם געדאַנק פון אַ מאָדערנעם אידישן צענטער, אַרום וועלכן עס זאָל קאָנצענטרירט ווערן דאָס גאַנצע אידישע גייסטיקע און געזעלשאַפט־

לעבע לעבן. אונטער דער פירערשאַפט פון הרב יאַנג איז דער „אידישער צענטער" פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעסטונג פון אָרטאָדאָקסישן אידנטום.

הרב יאַנג האָט מיר דערציילט, אַז זיין שול איז אַלעמאָל געווען געפּאַקט, און אַז פילע פאַמיליעס האָבן באַדאַרפט וואַרטן יאָרנלאַנג כדי צו קענען קריגן די מעגלעכקייט זיך אָנצושליסן אַלס מיטגלידער אין דער שול. די מיטגלידערשאַפט פון דעם צענטער איז געווען אַ גאַנץ פאַרמעגלעכע און האָט באַלאַנגט צום העכערן מיטלקלאַס און אויך צום גאָר רייכן סאָרט אידן.

דר. יאַנג האָט אָפּגעגעבן אַ גרויסן טייל פון זיין צייט צו דער יוגנט. ער האָט מיר דערציילט, אַז פרייטיק־צו־נאַכטס און שבת פרי איז די שול געפּאַקט מיט יוגנטלעכע, ווען ער גיט אָפּ די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט און פיל כבוד. די בעסטע עליות ווערן אָפּגעגעבן צו יונגע מתפּללים, האָט מיר ווייטער דערציילט הרב יאַנג, און די יונגע, הי־געבוירענע דאַוונער נעמען זיך שטאַרק איבער מיט די פּריווילעגיעס, וואָס זיי קריגן.

ווען עס קומט די צייט פאַר אַ יונגער פּאָר חתונה צו האָבן, גיט זיי רב יאַנג ניט קיין חופּה וקידושין, ביז ער פאַרברענגט ניט מיט די חתן־כלה לאַנגע שעה׳ן צייט אין אַ סעריע שמועסן וועגן אידישקייט און וועגן די התחייבות׳ן, וואָס אַ יונג פּאָרפּאָלק טראָגט לגבי דעם אידישן פאָלק און לגבי דער אידי־שער געמיינדע. אָט־די דאָזיקע שמועסן האָבן געבראַכט גאָר אויסערגעוויינ־לעכע רעזולטאַטן. דאָס יונגע פּאָרל גייט צו דער חופּה ווי נאַציאָנאַל־באַ־וואוסטזיניקע אידן, און זייער באַוואוסטזיניקייט העלפט זיי שפּעטער צו ווערן אַקטיווע און געטרייע מיטגלידער פון דער שול, פון דער אָרגאַניזירטער משפּחה פון רעליגיעזער אידישקייט, האָט מיר דערציילט רב יאַנג.

דר. יאַנג איז זינט 1929 געווען אַ מיטגליד פון דער אידישער אַגענטור און איינער פון די אַקטיווסטע טוער פאַר ארץ ישראל אין דער רעליגיעזער אידישער וועלט. אַלס אָנערקענונג פאַר זיין אַרבעט לטובת מדינת ישראל איז לעבן דעם שטעטל חדרה געגרינדעט געוואָרן אַ קינדער־דאָרף אויף הרב אליהו יאַנג׳ס נאָמען. דאָס דאָרף רופט זיך „כפר אליהו".

אין אַן עכטער אידישער דערציאונג האָט הרב אליהו יאַנג געזען דעם שליסל צו אַ דערפאָלגרייכער אידישקייט. אַ אידיש קינד, וואָס קריגט אַן עכטע אידישע דערציאונג, קריגט אַ מין פּאַנצער, אַן אינעווייניקסטע און אויסערלעכע שוץ קעגן דער אַרומיקער וועלט. און דאָ האָט מיר דערקלערט דר. יאַנג זיינע אַן אילוסטראַציע, מיט וועלכער ער האָט געהאַט גרויס דער־פאָלג אין זיינע אידישקייט־לעקציעס אין די וויכטיקסטע אוניווערזיטעטן. די געזעלשאַפט, פון אידישן שטאַנדפּונקט, איז איינגעטיילט אין דריי טיילן.

אַ קריסטלעכער טייל, אַ אידישער טייל, און צווישןביידע — אַ דריטער טייל, וואָס איז אַ מין „קיינעמס לאַנד". דאָס אידישע קינד, וואָס קריגט ניט קיין אידישע דערציאונג און רייסט זיך בלויז צו דער געזעלשאַפט פון דעם קריסט־לעכן טייל, ווערט אָפט באַליידיקט און ווערט געטריבן צוריק. קען דאָס דאָזיקע קינד באמת ניט לויפן מיטן גאַנצן האַרצן צוריק צום אידישן טייל, ווייל עס האָט ניט דעם ריכטיקן געפיל און באַגריף פון באַלאַנגען צו אַן אייגענער, גייסטיקער משפחה, צו אַן אייגענעם קרייז, צו אַן אייגענעם פאָלק. בלייבט אַזאַ קינד שטעקן אין „קיינעמס לאַנד". עס איז ניט קיין קריסט און אויך ניט קיין אמת'ער איד. עס איז אַ צעבראָכענער מענטש, עלנט און איינ־זאַם. גאָר אַנדערש איז אָבער אַ קינד, וואָס קריגט אַ אידישע דערציאונג. אַזאַ קינד קומט צווישן קריסטן מיט אַ געהויבענעם קאָפּ. עס איז אַ זעלבסט־שטענדיקער מענטש — אַזאַ קינד האָט אַלעמאָל זיין אייגענע וועלט, וואָס איז אים באַוואוסט, און אייגן ווי זיין אייגענע מאַמע. אַזאַ קינד בלייבט ניט שטעקן גייסטיק אין „קיינעמס לאַנד".

אידישקייט — אָן קיין שום קאָמפּראָמיסן — אָבער צוגעפּאַסט צום אַמע־ריקאַנער אידישן לעבן — דאָס איז דער תמצית פון הרב יאָנג'ס לעבנס פילאָ־זאָפיע. און אַלס איינער פון די פירער פון אָרטאָדאָקסישן אידנטום איז הרב יאָנג געוועזן האָפנונגספול וועגן דער צוקונפט פון אידישן לעבן דאָ אין אַמעריקע.

## 12

# דר. סאַימאָן גרינבערג: דער נייער דור טאָר ניט אַנטוישט ווערן אין צוריקקום צו אַלטע אידישע קוואַלן

**אידישע פירער האָבן אָנגעהויבן צו זוכן אַ וועג ווי אַזוי אָנצוהאַלטן פלוצימדיקן אינטערעס פון אַמעריקאַניזירטן דור אין טראַדיציאָנעלער אידישקייט. — אידישע דערוואַכונג האָט דערגרייכט אויך האָליוואוד. — באַרימטע פילם פערזענלעכקייטן וואַרפן זיך אַריין מיטן גאַנצן האַרצן אין אידישער טעטיקייט. — אינטערעסאַנטע אויספאָרשונג פון אידישקייט אין האָליוואוד, דורכגעפירט פון ראַבאַי מאַקס נוסבאַום. — דער „פאָסט מאָדערנער איד" וואָס איז געקומען נאָך דעם „מאָדערנעם אידן". — אידישקייט „פון דער סאָסייעטי" און אידישקייט, וואָס מוז אַריינגעבראַכט ווערן אין דער אַמעריקאַנער היים. — געדאַנקען פון צוויי „רייזנדע פאָרשטייער" פון אידישקייט אין אַמעריקע.**

„מיר מוזן טאָן אַלעס, אַז דער דור, וואָס קומט צוריק, זאָל געפינען געַנוג אינטערעס אין די אַלטע אידישע ווערטן!"

אָט די דאָזיקע דערקלערונג האָט פאַר מיר געמאַכט דר. סאַימאָן (שלמה) גרינבערג, וועלכער איז יאָרנלאַנג געווען איינער פון די הויפט־אָנפירער פון קאָנסערוואַטיוון אידנטום אין אַמעריקע און האָט פאַרנומען דעם אַמט אַלס וויצע קאַנצלער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. דר. גרינבערג האָט מיר דערביי אָנגעוויזן, אַז די אידישע פירערשאַפט אין אַמעריקע איז ווי אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר אַ שווערן עקזאַמען דורך

דעם, וואָס דער נייער דור אַמעריקאַנער אידן האָט אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן אַ שטאַרקן באַגער זיך אָנצוהאַלטן אין דער טויזנט־יאָריקער אידישער ירושה. ווייל די פירערשאַפט האָט אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה כמעט פלוצים דערזען פאַר זיך מאַסן יונגע אידישע מענער און פרויען, וועלכע פאַרלאַנגען מער אידישן אינהאַלט, וועלכע ווילן אידישע פירונג, אידישע פאָרם.

עס איז אַ שווערער עקזאַמען! ווייל אין דער אמת׳ן האָבן די יונגע אַמעריקאַנער געבוירענע אידן, סיי אין די איינגעזעסענע אידישע צענטערן פון אַמעריקע, סיי אין די ניי־אויפגעקומענע אידישע געמיינדעס, אין די פאָרשטעט (סאבורבס), אַליין ניט געווּסט, וואָס אַזוינס זיי ווילן. עס איז זיי זעלבסט שווער געווען אפילו אויפצוקלערן, וואָס אַזוינס זיי פאַרלאַנגען, ווייל צו פאַרלאַנגען, צו וועלן, צו שטרעבן, דאַרף מען אויך האָבן אַ געוויסע צוגרייטונג, געוויסע אינפאָרמאַציע! און דאָס האָבן זיי ניט געהאַט. עס האָט געדאַרפט נעמען אַ געוויסע צייט, ביז עס זאָל זיך אויסקריסטאַליזירן, ביז עס זאָל זיך אַנטוויקלען, די פּאַסנדע סיסטעם אָדער מעטאָד, ווי אַזוי די פריער אָפּגעפרעמדטע זאָלן ווערן מיטן גאַנצן האַרצן גייסטיק אַ טייל פון דער נייער, יונגער און פאַרשטאַרקטער אַמעריקאַנער אידישקייט.

אָט דער דאָזיקער שמועס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן מיר און דר. סאַימאָן גרינבערג, צו וועמען איך בין געקומען מיט אַ פּאָר פראַגן אין שייכות מיט אונזער שטודיום פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. און דר. גרינבערג, מוז מען צוגעבן, האָט דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע געקענט גאַנץ נאָענט, סיי צוליב זיין עקזעקוטיווער פאַרבינדונג מיט דעם סעמינאַר, סיי צוליב דעם פאַקט, וואָס ער איז געווען דער אָנפירער פון דעם אידישקייט־אוניווערזיטעט, וואָס דער סעמינאַר האָט אויפגעהאַלטן אין לאָס אַנדזשעלעס, ווי אויך צוליב דעם, וואָס ער איז עטלעכע יאָר צייט געווען דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון דער יונייטעד סינאַגאָג, וואָס דאָס איז דער פאַרבאַנד פון די קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָגן פון אַמעריקע און קאַנאַדע. דר. גרינבערג איז צוליב זיינע פאַרשידענע אַמטן פיל אַרומגעפאָרן איבערן לאַנד און האָט דערפאַר גוט געקענט דאָס אידישע לעבן ניט בלויז פון ניו־יאָרק, נאָר אויך פון דער „פּראָווינץ״.

צוליב דעם, וואָס דר. גרינבערג׳ן פלעגט אָפט אויסקומען צו זיין אין קאַליפאָרניע אין פאַרבינדונג מיט דעם אידישקייט אוניווערזיטעט, האָט ער געמאַכט פיל וויכטיקע פאַרבינדונגען פאַרן סעמינאַר אין האָליוואוד, די

צויבער־שטאַט פון דער אַמעריקאַנער פילם־וועלט. איז מיר געווען גאָר אינטערעסאַנט פרעגן ביי דר. גרינבערג׳ן ווי אַזוי דער דראַנג צו אַ פאַר־שטאַרקטער אידישקייט האָט זיך אָפּגעשפּילט אין האָליוואוד. און דער ענטפער איז געווען ווי דערוואַרטעט. אויך אין האָליוואוד, און מען מעג טאַקע אפשר זאָגן — ערשט טאַקע אין האָליוואוד — האָט זיך באַוויזן אַ באַוואוסטזיניקער שטאָלץ מיט אידישע ווערטן, מיט אידישן אינהאַלט! לויט אַן אויספאָרשונג, וואָס עס איז געמאַכט געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די אידן פון האָליוואוד, וואָס דאָס מיינט די אידישע פילם־סטאַרס, פּראָדיוסערס, שרייבער, דירעקטאָרן, און די העכסטע עקזעקוטיווע באַאַמטע און אויך אייגנטימער פון די גרעסטע פילם־סטודיאָס, זיינען אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געוואָרן מער באַוואוסטזיניק וועגן זייער אידישקייט ווי די אידן פון אַנדערע געמיינדעס אין אַמעריקע.

אָבער איידער מיר גיבן אייך דאָ איבער פאַקטן און ציפערן, וועלן מיר דאָ ברענגען אַ ריי אויסצוגן פון אַן אינטערעסאַנטער און טיף דורכגע־טראַכטער עסיי, געשריבן פון דר. מאַקס אַרצט, וועלכער איז אויך געווען אַ וויצע־קאַנצלער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר און איז געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די פירנדע דענקער פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט. די עסיי פון דר. מאַקס אַרצט איז טיטולירט „אָן ביאינג עי ריעל דזשואיש פּוירסאָן״, וואָס אין אַ פרייער אידישער איבערזעצונג וואָלט עס געהייסן „ווי אַזוי צו זיין אַן אמת׳ער איד״. דר. אַרצט האָט געשריבן:

„עפּעס, וואָס דערמוטיקט זייער, האָט פּאַסירט אין דעם אַמעריקאַנער אידנטום אין די לעצטע פופצן יאָר. אַ נייער טיפּ איד באַווייזט זיך אויף דעם האָריזאָנט. מיר קענען אים אָנרופן „דער פּאָסט־מאָדערנער איד״ אין קעגנזאַץ צו דעם טערמין „מאָדערנער איד״. דער „מאָדערנער איד״ איז דער טיפּ איד, וואָס האָט געהערשט אין די ערשטע 150 יאָר פון דער עמאַנציפּאַציע, און ער איז געווען אַן אומגליקלעכער און צעטומלטער מענטש. ער איז ניט געווען זיכער מיט זיך. ער איז געווען פאַרפאָלגט און דערשלאָגן פון אַ געפיל פון זעלבסט־רחמנות און זעלבסט־פאַראַכטונג. געמאַטערט פון אַנ־טיסעמיטישע דיסקוסיעס פון דער „אידישער פראַגע״, האָט ער זיך זעלבסט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן אַלס „אַ פּראָבלעם, וואָס פאָדערט אַן ענטפער״.

אַזוי האָט דר. אַרצט באַשריבן דעם מאָדערנעם אידן און האָט דערביי אָנגעוויזן, אַז דער מאָדערנער איד האָט זיך אָפּט געיאָגט צו קריגן „סטאַטוס״, פּאָזיציע אין דער מאָדערנער וועלט, און אַלס אַ פּרייז פאַר דעם דאָזיקן „סטאַטוס״ איז ער געווען גרייט אינגאַנצן אָפּצומעקן זיין אייגענעם איך.




**דר. סאַימאָן גרינבערג**

וויצע־קאַנצלער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר ; דירעקטאָר, יוניוואָירסיטי
אָוו דזשודאַאיזם, לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע

און עס איז אויסגעקומען, אַז דער „מאָדערנער איד" האָט פאַרלוירן זיין גאַנצן זעלבסט־רעספּעקט און ער האָט אָם־ענדע געטראַכט זייער ווייניק וועגן זיך אַלס איד.

עס האָט אָבער פּאַסירט עפּעס גאָר איבערראַשענדעס אין אַמעריקע אין דעם פּעריאָד פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווייזט אָן דר. אַרצט. עס איז אויפגעשטאַנען אַ נייער איד, אַ „פּאָסט מאָדערנער איד"! דער דאָזיקער איד איז זיכער ביי זיך. ער שרעקט זיך נישט. ער איז אפילו שטאָלץ דערמיט, וואָס ער האָט שלום געמאַכט מיט זיין אידישקייט! און דר. ארצט גיט איבער אין זיין ענגלישער עסיי, אַז עס דוכט זיך, ווי ער וואָלט הערן אָט די נייע פּאָסט מאָדערנע אידן זינגענדיק „אשרינו מה טוב חלקינו ומה נעים גורלינו!"...

די דאָזיקע דערשיינונג פון דעם „פּאָסט מאָדערנעם אידן", דאָס מיינט דער איד, וואָס איז געקומען צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון דעם פריערדיקן „מאָדערנעם אידן", האָט זיך אויך געמערקט, ווי פריער אָנגע־וויזן, אויך אין האָליוואוד! מיר שרייבן „האָליוואוד" און גראַדע מיט אַן אויסרוף צייכן, ווייל אָט די דאָזיקע שטאָט פון פאַנטאַזיע און פון טעאַטער שפּיל, וואָלט דאָך גאָר לויט אַלע כללים באַדאַרפט זיין די שטאָט, וואו אידן זאָלן זיך אינגאַנצן, חלילה, פאַרגעסן. ווייל וואו נאָך אַזוי ווי אין האָליוואוד, קענען אידן זיך אַזוי גוט און לייכט אויסמישן און אויב זיי זאָלן דאָס וועלן, טאַקע אַוועק, חלילה, אינגאַנצן פון אידישקייט! און דאָס אַוועקגיין קען זיין דאָך אַזוי לייכט און מ׳קען אפילו זאָגן „באַטירלעך". איז זעט איר דאָך! האָט זיך דער „פּאָסט־מאָדערנער איד" באַוויזן גראַדע אויך אין האָליוואוד און נאָך ווי אַזוי. און די וויכטיקסטע אידישע פּער־זענלעכקייטן פון האָליוואוד האָבן זיך אין די נאָך מלחמה־יאָרן אַריינגעוואָרפן מיט דעם גאַנצן האַרצן און מיט דער גאַנצער נשמה אין דער אַרבעט לטובת דעם אידישן כלל. אָבער ניט בלויז צדקה. ניט בלויז רעליף האָט צוגעצויגן די האָליוואודער אידישע באַרימטהייטן צו אידישקייט. נאָר אויך די שול, די סינאַגאָגע און אידישע דערציאונג. אַ גאַנצע ריי אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן דער אידישער קאָלאָניע אין האָליוואוד דערוויסן מיר זיך פון אַן אויספאָרשונג, וואָס עס האָט געמאַכט ראַבאַי מאַקס נוסבאַום, דער גייסטיקער פירער פון טעמפּל ישראל אין האָליוואוד, קאַליפאָרניע. די אויספאָרשונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער ספּעציעלער אויסגאַבע, וואָס דער זשורנאַל „ריקאָנסטראַקשאָניסט" האָט אין נאָוועמבער 1952 אַרויסגעגעבן וועגן דעם אידישן לעבן אין און אַרום לאָס אַנדזשעלעס. ראַבאַי נוסבאַום

דערציילט, ווי אַזוי ער האָט זיך געווענדט מיט אַן אָנפּראַגע צו די אידישע פּראָדיוסערס, עקזעקוטיווע באַאַמטע, אַקטיאָרן, שרייבער און דירעקטאָרן פון די וויכטיקסטע פילם־סטודיאָס וועגן זייערע אידישע אַקטיוויטעטן. אַלע סטודיאָס האָבן געגעבן די פולסטע קאָאָפּעראַציע אין דער אויספאָרשונג. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז 44 פּראָצענט פון אַלע אויסגעפרעגטע האָבן געענטפערט, אַז זיי באַלאַנגען צו אַ שול, צו אַ סינאַגאָגע. 50 פּראָצענט באַלאַנגען צו וועלטלעכע, סעקולערע אָרגאַניזאַציעס. בלויז זעקס פּראָצענט האָבן געענטפערט, אַז זיי באַלאַנגען נישט צו קיין שום אידישער קערפּער־שאַפט. וואָס נאָך האָט די אויספאָרשונג באַוויזן? די אויספאָרשונג האָט באַוויזן, אַז אין האָליוואוד זיינען די אידן מער אַקטיוו אין זייער אידישקייט ווי אין פיל אַנדערע אידישע געמיינדעס. אין לאָס אַנדזשעלעס, למשל, זיינען בלויז צוואַנציק פּראָצענט אידן געווען אַנגעשלאָסן אין אַ שול אָדער סינאַגאָגע.

ראַבאַי נוסבאַום, וועלכער איז געווען פאַרבונדן מיט טעמפּל ישראל אין האָליוואוד זינט 1942, האָט אין זיין אָפּהאַנדלונג דערציילט וועגן דער גרויסער איבערגעגעבנקייט, וואָס הערשט צווישן די מיטגלידער פון זיין טעמפּל, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ היפּשע צאָל פון די באַרימטע נעמען. און ער דערציילט, ווי אַזוי עס איז איינמאָל נאָמינירט געוואָרן פאַר פּרעזידענט איינער פון די וויכטיקסטע מענטשן אין דער גאַנצער מואווי־אינדוסטריע. קיינער האָט ניט געגלויבט אַז ער וועט די פּרעזידענטשאַפט אָננעמען, נאָר ער האָט איבערראַשט די מיטגלידערשאַפט מיט דעם טיפן אינטערעס, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אין זיין אַמט און מיט דער צייט און ענערגיע, וואָס ער האָט אָפּגעגעבן אויף אָנצופירן מיט דעם טעמפּל.

ראַבאַי נוסבאַום דערציילט דאָס אַלץ און באַמערקט, אַז ער וויל ניט מאַכן דעם איינדרוק אַז האָליוואוד איז געוואָרן אַ שטאָט פון טיפער אידישקייט. אָבער ס'איז אַ שטאָט, קען מען מיט זיכערקייט זאָגן, וואָס האָט געוויזן וואוהין דער ווינט בלאָזט און אין וועלכער ריכטונג דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו גיין. דער זעלבער ראַבאַי ברענגט אין זיין באַשרייבונג אַ רעדע פון איינעם פון די באַרימטסטע אידישע שטערן אין דער וועלט פון ראַדיאָ, טעלעוויזיע און פילם. אַ רעדע וועגן אידישער דערציאונג. מיר ברענגען אייניקע אויסצוגן, ווי פאָלגט:

„אָן רעליגיעזע פירער און לערער, אָן דער געטרייער אָפּהיטונג פון אונזער קולטורעלער און רעליגיעזער ירושה, וועט די טראַדיציע פון אידישקייט, מיט וועלכער מיר זיינען אַזוי שטאָלץ, זיכער פאַרשווינדן.

„איך גלויב, אַז קיינער צווישן אונז איז ניט וויליק צו דערלאָזן, אַז אונזערע טראַדיציעס זאָלן אומקומען. איך דענק, אַז מיר אַלע זיינען שטאָלץ אויף אונזער פאַרגאַנגענהייט און האָבן גלויבן אין דער צוקונפט... מיר ווילן זען אונזערע קינדער אויפוואַקסן, פאַרשטייענדיק זייער יחוס און אַז זיי זאָלן אַריינברענגען די בעסטע אידעאַלן פון אונזער רעליגיע אין זייער לעבן אַלס אַמעריקאַנער".

אָט אַזוי האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן וועגן אידישקייט און אידישער דערציאונג אין האָליוואוד. און ראַבאַי נוסבאַום האָט דערציילט אפילו, אַז די אידישע באַוואוסטזיניקייט פון די פירנדע אידן אין דער פילם־אינדוסטריע האָט פיל געהאָט צו טאָן דערמיט, וואָס אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען אויפגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי פון די גרעסטע פילמען אויף ביבלישע טעמעס, צווישן זיי: „דוד און בת־שבע", „שמשון און דלילה", און עס זיינען אויך אָפּגעקויפט געוואָרן די „געשיכטע פון אסתר המלכה", די „געשיכטע פון רות", „יוסף און פוטיפר" און אַ ריי אַנדערע.

אָבער האָליוואוד, ווייזן מיר דאָ ווידער אָן, האָט געקענט דינען בלויז אַלס אַ מין ביישפּיל, וואָס האָט אויף אַ קלאָרן אופן אָנגעוויזן, אַז אפילו די אָפּגעפרעמדסטע האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן. און פונקט אַזוי ווי דער עלטערער דור אין האָליוואוד, אַזוי האָט דער עלטערער דור אין פיל אַנדערע שטעט און שטעטלעך איבער אַמעריקע אָנגעהויבן זיך אויפ־צוכאַפּן ווי פון אַ לעטאַרגישן שלאָף און זוכנדיק מער אידישקייט פאַר די אייגענע קינדער, אָנגעהויבן צו געפינען אויך מער אידישקייט פאַר זיך אַליין.

אויך דר. סאַימאָן גרינבערג האָט מיר אָנגעוויזן, אַז באַרימטע פערזענלעכקייטן פון האָליוואוד האָבן זיך געווענדט צו אים גאַנץ אָפט מיט אָנפראַגן ווי אַזוי צו פייערן ל"ג בעומר, חנוכה און אַנדערע ימים טובים און ווי אַזוי פיל פון זיי האָבן אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָנגעהויבן ווי זיך צו באַרימען מיט די „אַלטמאָדישע" בילדער פון די טאַטע־מאַמע. אַ פאָטער מיט אַ לאַנגער באָרד, אַ מאַמע מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ... די דאָזיקע בילדער זיינען געוואָרן גאָר ווי אַ ניי שיינדל...

אָבער אין האָליוואוד, פונקט ווי אין פיל אַנדערע שטעט פון אַמעריקע, איז די אידישקייט דערווייל מערסטנס נאָך געווען „אַ אידישקייט פון אָרגאַניזאַציע", אַ אידישקייט פון באַלאַנגען, פון אָנשליסן זיך אַלס מיטגליד און אַ. וו.

„עס האָט זיך אָבער אָנגעהויבן צו שפּירן אַ גייסטיקע בענקשאַפט ביי די אידן אין אַמעריקע" — האָט מיר אָנגעוויזן דר. סאַימאָן גרינבערג. „און אָרגאַניזאַציעס זיינען ניט קיין שפּייז פאַר דער נשמה. די אידישקייט מוז אַריינגעבראַכט ווערן אין דער אידישער היים אין אַמעריקע און מוז ווערן אַ טייל פון דער היים" — האָט דר. גרינבערג ווייטער דערקלערט.

און אויך אין זיין גלענצנדער עסיי האָט דר. מאַקס ארצט געזאָגט דאָס פאָלגנדע: „אונזערע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס באַרימען זיך דערמיט, וואָס די צאָל מיטגלידער האָט געשלאָגן דעם גרעסטן רעקאָרד. אידן ווילן געציילט ווערן אַלס אידן. אָבער מיר האָבן דערוויל בלויז אַנטוויקלט „דעם קאָלעקטיוון אידן", דער איד, „וואָס באַלאַנגט"! דער איד, וואָס „צאָלט דיוס"! מיר האָבן אָבער נאָך ניט דעם אידן, וואָס טראָגט אויף זיך אידישע פליכטן, אידישע פּרינציפּן און וועלכער זאָל באמת קענען באַצייכנט ווערן אַלס אַן עכטער איד". און דער רעליגיעזער דענקער ווייזט אָן, אַז אַן אמת'ער איד איז דער, וואָס פירט זיך אין טאָג טעגלעכן לעבן לויט די מאָראַלישע פאָרשריפטן פון דער תורה און וועלכער איז אינספּירירט פון דער אידישער טראַדיציע. הייליקייט, קדושה, דאַרף זיין אַ טייל פון טאָג טעגלעכן לעבן פון אידן אין אַמעריקע. און דר. מאַקס ארצט, דער וויצע קאַנצלער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, דערקלערט דאָס פאָלגנדע: „אַ איד האַלט נישט דערפון, אַז די הייליקייט מוז פאַרקערפּערט ווערן בלויז אין דער סינאַגאָגע. אַ איד וואַרפט זיך אַריין מיט דעם גאַנצן האַרצן אין הייליקייט. ווייל עס איז ניט גענוג פאַר אַ אידן בלויז ליב צו האָבן אידישקייט. אַ איד מוז לעבן אין אידישקייט!"

אמת'ע אידישקייט! גייסטיקע אידישקייט מוז ווערן אַ טייל פון דעם אידן און פון דער אידישער היים אין אַמעריקע! דאָס איז געוועזן דער נייער טאָן, וואָס האָט זיך געהערט אין די רעדעס און שריפטן פון אַ גאַנצער ריי פירער אין אידישן לעבן פון אַמעריקע אין דעם פעריאָד פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

13

# בערנאַרד זעמעל: קאָ־עקזיסטענץ פון די פֿאַרשידענע אידישע גרופּן אין אַמעריקע נויטיק

**געזעלשאַפטלעכער טוער אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג אין משך פון איבער פופציק יאָר האָט שטענ־דיק געהאַלטן, אַז עס איז דאָ געננג פּלאַץ פאַר קאָ־אָפּעראַציע צווישן די פאַרשידענע שטרעמונגען און גרופּן אין אידישן רעליגיעזן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. — ער איז געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון דזשעי־קאָב ה. שיף, לואיס מאַרשאַל, יהודה לייב מאַגנעס. — זיין טעאָריע וועגן „דיפערענט ענד אינדיפערענט דזשויז". — זיין משל וועגן איין־און־דעם־זעלבן שמש, וואָס האָט גערופן אַלע אידן אין די פ אַ ר ש י ד ע נ ע שולן פון שטעטל.**

איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט איז ער געווען צווישן די, וואָס זיינען געשטאַנען אין סאַמע מיטן, אין סאַמע צענטער, פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. ער איז געווען אַקטיוו אויף כלערליי געביטן, הויפּטזעכלעך אָבער האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט אידישער דערציאונג. און אין משך פון איבער פופציק יאָר צייט, בעת ער האָט באַלאַנגט און איז געווען אַקטיוו אין איבער הונדערט פון די וויכטיקסטע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע מכל המינים, האָט ער זיך באַנוצט מיט פיל געדולד און מיט פיל הומאָר, כדי צו קענען צוזאַ־מענברענגען די פאַרשידענע צדדים אין די פאַרשידענע שווערע אַנטוויקלונגס־פעריאָדן פון קאָמפּליצירטן אידישן לעבן דאָ אין לאַנד. און אין די פאַרשידענע

שווערע קאַמפן, אין וועלכע ער איז געווען פאַרוויקלט, הויפּטזעכלעך אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג, אָבער אויך אויף דעם געביט פון ציוניזם און פילאַנטראָפּיע, האָט ער געשאַפן ווערטלעך, פאָרמולעס, וואָס פאַרמאָגן אין זיך די חכמה און דערפאַרונג ממש פון אייביקייטן. איך בין געקומען צו דעם דאָזיקן מענטשן אין טיפן אָוונט פון זיין לעבן, כדי צו פאַרשרייבן דאָס וואָס ער האָט אונז צו זאָגן. אין דעם פּעריאָד פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין דעם צווייטן העלפט פון צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט, ווען דאָס אידישע לעבן גייט דורך אַ מין טראַנספאָרמאַציע־פּראָצעס, קען אונז פיל צונוץ קומען דאָס, וואָס דער דאָזיקער מענטש האָט געלערנט מיט זיין טיפן פאַרשטאַנד אין סאַמע סוף פון 19טן יאָרהונדערט און אין משך פון דער גאַנצער העלפט פון דעם שטורמישן 20טן יאָרהונדערט.

געקומען אין אָפיס פון בערנאַרד זעמעל בין איך אין משך פון פיר וואָכן כסדר, איינמאָל נאָך דעם צווייטן, פיר וואָכנטעג, איין טאָג יעדע וואָך. ניט קוקנדיק אָבער אויף זיין טיפער עלטער, האָט מר. זעמעל מיט שוועריקייטן געקענט האַלטן זיין אָפּגערעדטן „אַפּאָינטמענט", ווייל, אַלעמאָל האָט זיך געמאַכט עפּעס אַן אַנדער צופאַל, און בערנאַרד זעמעל האָט געמוזט אַוועק. קרוב צו אַכציק, האָט מר. זעמעל נאָך געהאַלטן שטאַרק באַשעפטיקט זיין פּריוואַטע סעקרעטאַרשע, וועלכע האָט אים געדינט יאָרנ־לאַנג, אין זיין עקספּאָרט־ביזנעס פון טעקסטילן, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער נידעריקער טייל פון בראָדוויי, ניט ווייט פון קאַנאַל סטריט. די מערסטע „צרות" אָבער האָט די סעקרעטאַרשע, וועלכע האָט גערופן איר באַלעבאָס „מר. בי", געהאַט פון בערנאַרד זעמעל'ס קהל'שע „ביזנעס". ניט קוקנדיק אָבער אויף אַלע שוועריקייטן, איז מיר דאָך געלונגען אַרויס־צוקריגן פון בערנאַרד זעמעל אַ ריי פון זיינע בליציקע געדאַנקען, וואָס קענען אין אַ געוויסן זינען פיל אַרויסהעלפן אין פאַרשטיין דעם גאַנג פון אידישן לעבן אין אַמעריקע.

עס מאַכט ניט אויס, אויב אַ איד איז „אַנדערש", דאָס הייסט, אויב ער באַלאַנגט צו אַזאַ אָדער אַן אַנדער גרופּע אין רעליגיעזן אָדער וועלטלעכן לאַגער, האָט מיר אָנגעוויזן מר. זעמעל. אַ איד קען זיין „אַנדערש" און איז אָפט „אַנדערש". באַזונדערס אין אַמעריקע. דער עיקר אָבער איז, אויב דער איד איז נישט גלייכגילטיק. און אין משך פון אַ האַלבן יאָר־הונדערט, האָט בערנאַרד זעמעל איינגעזען, אַז די ערגסטע איינטיילונג, וואָס קען עקזיסטירן צווישן אידן, איז „דיפערענט דזשוס" און „אינדי־פערענט דזשוס". מיר נוצן דאָ דעם ענגלישן אויסדרוק, ווייל ער ברענגט

— „דיפערענט דזשוס" ! זעמעל־זאָג אַרויס בילדלעך דעם עכט־אָריגינעלן דאָס איז נאַטירלעך אין מאָדערנעם אידישן לעבן. און ביי אידן זיינען אַלעמאָל געווען „דיפערענט דזשוס", פאַרשידענע וואַריאַציעס, אפילו אין דער אַלטער היים. דאָס ערגסטע אָבער איז — „אינדיפערענט דזשוס" ! אידן, וועמען אידישקייט (אידישקייט מכל המינים) גייט גאָרנישט ניט אָן ! קעגן אָט די דאָזיקע אידן, קעגן די גלייכגילטיקע, האָט זעמעל אַלעמאָל געקעמפט. די אַנדערע אידן, די פאַרשידענע גרופּירונגען, האָט ער אַלעמאָל געזוכט צוזאַמענברענגען, וואו נאָר ער האָט געקענט. דערפאַר איז בערנאַרד זעמעל געווען צווישן די ערשטע גרינדער פון די פאַרשידענע תלמוד־תורה׳ס אין ניו־יאָרק, די ערשטע העברעאישע האַי־סקולס, די ערשטע לערער אינסטיטוטן, די ערשטע אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג, די עבריה, דעם אידישן דערציאונגס קאָמיטעט און פון פיל, פיל אַנדערע קערפּערשאַפטן.

אין דער געשיכטע פון דער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע וועט זיכער אַריינגיין אַ מעשה׳לע וועגן זיין שטעטל, וואָס בערנאַרד זעמעל האָט באַרימט געמאַכט בעת זיינע פילע אויפטריטן ביי די פאַרזאַמלונגען און קאָנפערענצן וועגן אידישער דערציאונג. די מעשה איז וועגן דעם שמש, וואָס פלעגט יעדן פרייטיק נאָכמיטאָג רופן די אידן פון דעם שטעטעלע באָלעכאָוו, אין גאַליציע, מיט דעם רוף: „אידן אין שול אַריין!..." דאָס שטעטעלע באָלעכאָוו, וואָס איז געלעגן ניט ווייט פון לעמבערג, האָט געהאַט אַרום פינף טויזנט איינוואוינער, אַ העלפט פון זיי אידן. זיינען געווען אַרום עטלעכע און צוואַנציק שולן, שולעכלעך, בתי־מדרשים, שטיבלעך און מנינים. ווען עס איז אָבער געקומען ערב שבת, איז דער שמש, וועלכער האָט געהאַט אַ שיינע באַסאָווע שטימע, אַרומגעגאַנגען איבער דעם שטעטל און גערופן אַלע אידן „אין שול אַריין". איין שמש! איינער פאַר אַלעמען! דעם שמש האָט ניט געאַרט אין וועלכער שול דער איד גייט, אַבי נאָר מען זאָל גיין...

דעם דאָזיקן משל, און מיט גרויס דערפאָלג, האָט מר. זעמעל אַלעמאָל גענוצט ביי פאַרזאַמלונגען, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פאַראיי־ניקטן פראָנט, אַ פאַראייניקטער אַקציע, לטובת אידישן חינוך. און אין שמועס מיט מיר, האָט מר. זעמעל מיט אַ קלוגן שמייכל צוגעגעבן: „שיין וואָלט מיין שטעטל אויסגעזען, ווען פון די צוואַנציק פלעצער צום דאַווענען וואָלטן אַרויסגעשיקט געוואָרן ערב שבת צוואַנציק פאַרשידענע שמשים און יעדער איינער פון זיי וואָלט געשריען „אידן אין מיין שול אַריין!..."

אַרויסגייענדיק פון אָט דעם שטאַנדפּונקט, האָט מר. זעמעל איינגעטיילט



**בערנאַרד זעמעל**

געזעלשאַפטלעכער טוער, אַקטיוו איבער 50 יאָר אויפן געביט פון
אידישער דערציאונג אין אַמעריקע

אַלע אידן אין נאָך צוויי קאַטעגאָריעס: אין פאַראַנטוואָרטלעכע (ריספּאַנסיבל) און ניט־פאַראַנטוואָרטלעכע (אירעספּאַנסיבל) אידן. אידן, הייסט עס, וואָס זיינען יאָ באַוואוסטזיניק און אידן, וואָס זיינען ניט באַוואוסטזיניק וועגן דער גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט וואָס זייער אידישקייט לייגט אויף זיי אַרויף.

בערנאַרד זעמעל איז יאָרנלאַנג געווען פאַרבונדן אין זיין געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט מיט אַזעלכע אידן ווי דזשייקאָב ה. שיף, לואיס מאַרשאַל, דר. י. ל. מאַגנעס, ישראל אונטערבערג און ריכטער אָטאָ א. ראָזאַלסקי. ער איז געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער ביים גרינדן די ערשטע אידישע קהילה פון ניו־יאָרק אין יאָר 1909, און ביים שאַפן די ערשטע „ביוראָ אָוו דזשואיש עדיוקעישאָן" צוזאַמען מיט דר. שמשון בענדערלי, פּראָפ. ישראל פרידלענדער, הענריעטאַ סזאָלד און אַנדערע. ער האָט אָבער אַלעמאָל געזוכט צו געפינען דעם מיטלוועג און געזוכט אויסצופרעסן די שוועריקייטן, וואָס זיינען צייטנווייז געווען אַ נאַטירלעכע דערשיינונג אין פּראָצעס פון אויפבוי און אַנטוויקלונג. און ווידעראַמאָל מיט דערפאַרונג און לעבנס־חכמה, האָט מיר בערנאַרד זעמעל אָנגעוויזן, אַז אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פונקט ווי אָפט אין פערזענלעכן לעבן, קומט אויס, אַז די שווערע זאַך איז לייכטער צו טאָן ווי די לייכטע. דאָס איז אפשר דערפאַר, ווייל די לייכטע זאַך איז באמת גאָרניט אַזוי לייכט... און מר. זעמעל ברענגט דאָ אַ משל פון פיר זין, וועלכע זיינען אַלע געטריי זייער מאַמע'ן. די מאַמע דאַרף האָבן אַ קלייד. אָבער יעדער זון האַלט, אַז די מאַמע דאַרף האָבן אַן אַנדער מין קלייד. און עס הויבט זיך אָן אַ שפּאַרעניש. און מען טענה'ט און מען רייסט זיך אַרום. דער סוף איז, אַז יעדער איינער פון די זין „אַרבעט אויף זיין דרעס". עס קומט אויס, אַז עס איז „לייכטער" פאַר יעדן איינעם צו טראַכטן וועגן „זיין" קלייד, ווי וועגן „איין פאַראייניקט קלייד" פאַר דער מאַמע'ן...

פון דעם דאָזיקן משל קען מען אויך לערנען עפּעס וועגן דער פאַר־שידנאַרטיקייט אין אידישן לעבן אין אַמעריקע...

בערנאַרד (ברוך) זעמעל, וועלכער איז אינגלווייז געקומען קיין אַמעריקע, האָט אין זיין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט קאָמבינירט דאָס בעסטע, וואָס די אַלטע און די נייע היים, די אַלטע און די נייע וועלט, האָבן געגעבן דעם אידן. בערנאַרד זעמעל איז פון פיל קענער פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן באַצייכנט געוואָרן אַלס דער מענטש, וואָס האָט געדינט ווי אַ פאַרבינדונגס־בריק צווישן די דייטשע אידן, די אַזוי גערופענע „יאַהודים", און די מזרח־איראָפּעאישע אידן. דערפאַר — די נאָענטע פריינטשאַפט

מיט דזשייקאָב ה. שיף, מאַרשאַל, וואַרבורג, לעהמאַן און פיל אַנדערע. און דערפאַר האָט מר. זעמעל מיט זיין גרויסער דערפאַרונג פון צונויפברענגען פאַרשידענע צדדים, פאַרשידענע עקסטרעמען, אַלעמאָל געזאָגט: „עס איז ניטאָ קיין איין פּלאַן פאַר אידן. עס איז ניטאָ קיין „בעסטער פּלאַן". יעדער פּלאַן, וואָס העלפט דער אָדער יענער אידישער גרופּע; יעדער פּלאַן, וואָס ברענגט עפּעס צום אידנטום, איז אַ „גוטער פּלאַן".

דעם ענין פון „אַ מאַקסימום" און פון אַ „מינימום" אין אידישער דערציאונג האָט מר. זעמעל געהאַלטן פאַר זייער וויכטיק. עס ווענדט זיך אָבער וואו און וואָס און ווער. די ישיבה דערציאונג, די מאַקסימום־דערציאונג, איז פאַר אַ מינימום! דאָס הייסט, זי גרייכט אַ קלענערן טייל אידישע קינדער אין אַמעריקע, האַלט מר. זעמעל. דערפאַר אָבער וועט אַ מינימום אידישע דערציאונג זיין פאַר אַ מאַקסימום, פאַר דער גרעסטער טייל אידישע קינדער דאָ אין לאַנד.

און כאָטש ער אַליין איז אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט געווען פאַראינטערעסירט אין ברענגען צו די אידישע קינדער אין אַמעריקע אַ־וואָס־מער אינטענסיווע אידישע דערציאונג, האָט ער אָבער קיינמאָל ניט געוואָלט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט אויך די שוואַכערע פאָרמען פון אידישן חינוך. עס איז בעסער אַביסל ווי גאָרניט! און מען דאַרף פאַרשטיין די אומשטענדן. און קיינער קען גאָר קיינמאָל ניט וויסן, ווען אַביסל קען ברענגען גאָר אַסך! און דאָ האָט מיר מר. זעמעל איבערגעגעבן זיינעם אַ פּערזענלעכן איינדרוק, וואָס ער האָט געהאַט ביים לייענען די לעבנס־געשיכטע פון דעם גרינדער פון פּאָליטישן ציוניזם, דר. טעאָדאָר הערצל. דאָרטן ווערט באַשריבן די טיפע איבערלעבעניש, וואָס הערצל האָט געהאַט פון זיין בר־מצוה פייערונג.

„מען קריטיקירט, מען לאַכט אָפּ פון די אַמעריקאַנער בר־מצוה פייערונגען" — האָט דערביי באַמערקט מר. זעמעל. „קיינער קען אָבער ניט וויסן, אויב מיר וואָלטן געווען געהאַט אַ דר. הערצל, מיט זיין שטאַרקן אידישן געפיל, אויב ניט אָט־אָ־יענע בר מצוה, וואָס איז אויף אייביק געבליבן איינגעקריצט אין הערצל׳ס געדאַנק אין זיינע קינדער יאָרן" — האָט זעמעל ווייטער געזאָגט.

עס איז געווען אין יאָר 1951, ווען די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דר. יהודה פּילטש, האָט באַערט בערנאַרד זעמעל׳ן צו זיינע „פופציק יאָר פון איבערגעגעבענער אָנפירערשאַפט לטובת אידישער דערציאונג אין אַמעריקע". אַ גרויסע

פייערונג איז איינגעאָרדנט געוואָרן. אַ גרויסע צאָל פון די וויכטיקסטע פירער פון פאַרשידענע גרופּן און שיכטן פון אידישן לעבן האָבן זיך פאַראייניקט אָפּצוגעבן כבוד אַ אידן, וואָס האָט פון אַלע געביטן טעטיקייט באַשטימט, אַז דאָס געביט פון אידישער דערציאונג איז דאָס וויכטיקסטע פון אַלע! אָרטאָדאָקסישע אידן, קאָנסערוואַטיווע אידן, רעפאָרם אידן, און אידן פון וועלטלעכן לאַגער, אידיש און העברעאיש, און אידן פון די אַרבעטער פאַראיינען, און הויכע ריכטער און פירער, אַלע, אַלע זיינען געקומען געבן אַנערקענונג צו אַ מענטשן, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דעם טראָפּ פון אידישן לעבן אין אַמעריקע אויף אַ בעסערער אידישער דערציאונג נאָך אַזוי ווייט, ווי אין אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

מר. זעמעל, וועלכער האָט אין זיין יוגנט געלערנט אין דער יצחק אלחנן ישיבה, ווען זי איז נאָך געווען אויף דער איסט־סאַיד, און האָט שפּעטער אויך געלערנט אין אַן אוניווערסיטעט אין ניו־יאָרק, האָט אַלעמאָל גערופן צו פאַרשטאַרקטער אידישקייט דורך קאָאָפּעראַציע דאָרטן, וואו עס לאָזט זיך קאָאָפּערירן. מר. זעמעל׳ס שטעלונג איז ניט נאָר פאַרשטאַנען געוואָרן אין אידישע קרייזן, נאָר אויך אין אַלגעמיין אַמעריקאַנער. זעמעל איז יאָרנלאַנג געווען אַ פאַרמיטלער אין דער גאַרמענט אינדוסטריע און מעיאָר דזשאָן פּאָראָי מיטשעל האָט אים אין 1917 באַשטימט אַלס מיטגליד פון דער קאָמיסיע וועגן אַרבעטסלאָזיקייט.

און אָט דערפאַר טאַקע, וואָס ער האָט אַלעמאָל געזוכט צוזאַמענברענגען פאָרשטייער פון פאַרשידענע לאַגערן אין די אינטערעסן פון אַלע און פאַר דעם וואוילזיין פון אַלעמען, האָט מר. זעמעל אין מיין געשפּרעך מיט אים באַנוצט דעם טערמין: „קאָ־עקזיסטענץ". „מיר מוזן האָבן אַ אידישע קאָ־עקזיסטענץ" — האָט מר. זעמעל דערקלערט. אַ צוזאַמענאַרבעט פון די פאַרשידענע צדדים אין פערטן יאָרהונדערט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע איז נויטיק! אַ צוזאַמענאַרבעט, דאָרט וואו צוזאַמענאַרבעט איז מעגלעך, איז אַ לעבנסגעבאָט לטובת דער גרויסער אידישער געמיינדע אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט! אַזוי האָט געהאַלטן דער דערפאַרענער געזעלשאַפטלעכער טוער בערנאַרד (ברוך) זעמעל!

## 14

# דר. סאַלאָ וו. באַראָן: דאָס דערציען קינדער אין אידישן גייסט איז שטענדיק געווען די גרעסטע מצוה ביי אידן

**אין משך פון טויזנטער יאָרן איז ביי אידישע קהילות די פראַגע פון אידישן חינוך געווען די סאַמע ערשטע אויף דער טאָג־אָרדנונג. — די אידן אין אַמעריקע האָבן געמאַכט ווי אַן איבעררייס אין אָט דעם היסטאָרישן מנהג. — אַמעריקאַנער אידן דערוואַכן אָבער. — די נויטווענדיקייט פון דערציען 500 ערשט־ראַנגיקע אי־דישע פירער. — די נייע פּראָבלעם פון פרייער צייט, ספּאָרט און פאַרווײַלונג ביי אידן.**

עס איז קיין נייעס ניט אין דער אידישער געשיכטע, אַז דער אידישער כלל זאָל זיך שטאַרק זאָרגן פאַר דעם חינוך־פּראָבלעם. אין משך פון טויזנטער יאָרן האָט זיך ביי אידן געפירט, אַז די גאָר ערשטע פראַגע אויף דעם סדר־היום פון יעדער קהילה איז געווען אַ אידישע דערציאונג פאַר דעם אידישן קינד. אין משך פון טויזנטער יאָרן איז ביי אידן צו לערנען אַ אידיש קינד תורה, אי־דישקייט, אידישע מצוות און אידישע טראַדיציע, געווען דער העכסטער געבאָט. אידן האָבן אַזוי חשוב געהאַלטן דאָס דערציען אין אידישקייט דאָס אידישע קינד, אַז פון די תרי״ג מצוות האָט די מצוה פון חינוך זיך פאַר־גליכן אין וויכטיקייט מיט אַלע 612 אַנדערע מצוות צוזאַמענגענומען. דער־פאַר איז עס ניט קיין נייעס, וואָס ענדלעך, הויבן די היגע אידן אָן אויפ־צוואַכן און כאָטש אפילו אויף אַ לאַנגזאַמען אופן קומען זיי צו דעם אַלטן היסטאָרישן אידישן באַוואוסטזיין וועגן דער גרויסער אידישער פאַראַנט־וואָרטלעכקייט, וואָס די אידישע קהילה דאַרף האָבן לגבי דעם אידישן קינד.

אין שייכות מיט אָט דער היסטאָרישער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס אידן האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער געפילט וועגן פירן אויף דעם דרך

הישר דאָס אידישע קינד, איז אינטערעסאַנט צו הערן, וואָס עס האָט געהאַט צו זאָגן פּראָפעסאָר סאַלאָ וו. באַראָן, פּראָפעסאָר פון אידישער געשיכטע, ליטעראַטור און אינסטיטוציעס אין דעם קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. פּראָפעסאָר באַראָן איז געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער אידישער דערציאונג־פּראַגע און די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג האָט געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוגעבן זיינע אַ בראָשור, אַ רעדע, אין וועלכער דער אידישער געלערנטער וויזט אָן אויף דער נייער ווענדונג אין אַמעריקאַנער אידישן לעבן אויף דעם געביט פון אידישן שול־וועזן. פּראָפעסאָר באַראָן, וועלכער האָט פיל געשריבן וועגן אידישע קהילות, וויזט אָן, אַז נאָך מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק זיינען די אידן שוין געווען פיאָנערן אויף דעם געביט פון אַ געצוואונגענער שול־סיסטעם, און אַז די אידן האָבן נאָך אין די אוראַלטע צייטן אַריבערגעשטיגן די דאַמאָלסטיקע הויך־קולטורעלע פעלקער, די רוימער און די גריכן אויף דעם דערציאונגס געביט.

פּראָפעסאָר באַראָן ברענגט פאַקטן אין שייכות מיט אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען, וואָס באַווייזן, אַז מיט 1400 און מיט 1800 יאָר פאַר דער איצטיקער צייט־רעכענונג, דאָס הייסט, מיט אַרום דריי טויזנט און אַכט הונדערט יאָר צוריק איז שוין געווען אַ גוט אַנטוויקלטע שול־סיסטעם אין די לענדער פון מיטעלן מזרח, וואו אידן האָבן געוואוינט. נאָך פון די טעג פון פאַר דעם חורבן בית שני, אין דער צייט, ווען די אידן האָבן פאַרזוכט דעם ערשטן טעם פון לעבן אין גלות און זיין פאַרטריבן פון דעם אייגענעם לאַנד, האָבן די אידישע גייסטיקע פירער פּראָקלאַמירט דעם הייליקן געבאָט פון דער קהילה׳ס פאַראַנטוואָרטלעכקייט, פון דעם יאָך, וואָס דער כלל דאַרף פילן, פאַר דער דערציאונג פון דעם אידישן קינד. דערפאַר איז אויך אַזוי טייער געהאַלטן געוואָרן די מצוה פון אַרויסהעלפן גאָר באַזונדערס אָרעמע אידישע קינדער, אַז זיי זאָלן לערנען תורה און, חלילה, ניט אָפּגעפרעמדט ווערן פון יהדות, פון אידישקייט.

מיר ווייסן יעדער איינער פון אונזער אייגענער דערפאַרונג אין די אידישע ישובים אין אייראָפּע, איידער המן היטלער האָט פאַרטיליקט דאָרט דאָס טיף פאַרוואָרצלט אידיש לעבן, אַז אידן האָבן ביז אין דער לעצטער מינוט זיך געזאָרגט וועגן דער חינוך־פּראַגע. די אידישע געשיכטע וועט גאָר באַזונדערס געדענקען, און מיט גאָלדענע אותיות פאַרשרייבן, די גלאָררייכע קאַפּיטלען, וואָס אידישע לערער און לערערינס האָבן איינגעשריבן אין דער אידישער מאַרטיראָלאָגיע מיט זייער מסירת־נפשדיקער אַרבעט פאַרן אידישן חינוך אין די טויטן־לאַגערן. זיי זיינען שוין, דוכט זיך, געשטאַנען פּנים אל פּנים



דר. סאלאָ וו. באַראָן
היסטאָריקער, פּראָפעסאָר פון אידישער געשיכטע
אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט

מיט דעם מלאך המות, אָבער זיי האָבן ניט אויסגעלאָשן דאָס הייליקע ליכט פון דעם אידישן וויסן, די אייביקע ליכט פון דער אידישער תורה. דר. מאַרק דוואָרזשעצקי אין זיין בוך „ירושלים דליטא אין קאַמף און אומקום" און דער דיכטער א. סוצקעווער, זיי דערציילן אָט די ממש אומגלויבליכע עפּיזאָדן, ווי אַזוי עס זיינען אָנגעפירט געוואָרן קינדער־שולן אין די געטאָס און אין די לאַגערן און ווי אַזוי אידן האָבן אין שאָטן פון טויט ניט געקענט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז שוין! די גאָלדענע קייט פון אידישקייט, דאַרף מער ניט פאַרגעזעצט ווערן!

עס איז אפשר אמת דער זאָג, בלויז טיילווייז אמת, אַז אידישקייט און פרייהייט, אַז אידישע טראַדיציעס און אָפענע טירן אין דער אַרומיקער וועלט, פאַרן זיך ניט אַמבעסטן. דערמיט וויל מען זאָגן, אַז ווען אידן האָבן אַ גע־לעגנהייט צו גיין אין די וועלטלעכע שולן, ווען אידישע קינדער האָבן די פולע פרייהייט צו געניסן פון דער לאַנד־קולטור, דאַן ווערט היפּש אויסגעוועפּט דער אינטערעס און דער דראַנג צו די אַלטע אידישע קוואַלן.

אין אַמעריקע, האָבן מיר שוין פריער אָנגעוויזן, האָבן די אידן אין משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט טאַקע דערפאַר היפּש פאַרנאַכלעסיקט דאָס אידישע חינוך־געביט. אַ דור אַ גאַנצער איז צוליב אָט דער פאַרכאַפּטקייט מיט דעם פרייהייט־געפיל פאַר דעם לאַנדס קולטור, כמעט ווי פאַרלוירן גע־גאַנגען פאַר די אידישע תורה־קוואַלן, פאַר אידישער טראַדיציע, פאַר אידישן וויסן. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז דאָס וואָס די טאַטע־מאַמע׳ס, וועלכע זיינען מערסטנס געקומען פון יענער זייט ים, האָבן כמעט אויף אַ לייכטזיניקן אופן אויפגעגעבן, ווילן דוקא די דערוואַקסענע קינדער צוריק. און אויב דער אַמעריקאַנער דור אידישע עלטערן, וואָס האָט אַליין ניט געקראָגן קיין גע־העריקע אידישע דערציאונג, קען שוין פאַר זיך פיל ניט אויפטאָן, כדי צו קריגן אמת אידישן וויסן, ווילן פיל, פיל פון אָט די הונדערט־פּראָצענטיקע אַמע־ריקאַנער אידן דוקא גוטע אידישקייט פאַר זייערע אייגענע קינדער. יאָ! דאָס וואָס די זיידעס האָבן פאַרנאַכלעסיקט, וועלן מעגלעך די אייניקלעך נאָך גוט־מאַכן!

די טאָג־טעגלעכע פאַקטן פון דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע באַשטע־טיקן אָט־די דאָזיקע ענדערונג צום גוטן. עס איז געווען אין דעם יאָר 1935, ווען עס איז באַריכטעט געוואָרן, אַז אויף עלעמענטאַרער אידישער קינדער דערציאונג ווערט אין אַמעריקע אויסגעגעבן יערלעך די סומע פון נאָענט צו פינף מיליאָן דאָלער, גענוי פיר מיליאָן מיט 900 טויזנט דאָלער. אין יאָר 1956 איז די סומע געשאַצט געוואָרן אין קרוב צו 40 מיליאָן.

די אָרגאַניזירטע אידישע געמיינדעס אין אַמעריקע האָבן ביסלעכווייז אָנ־געהויבן צו באַגרייפן, אַז די אידישע חינוך־פראַגע קען ניט געלייזט ווערן אויף אַ פּריוואַטן אופן און די צאָל קהילות, וואָס באַשטימען אַ טייל פון זייער בודזשעט פאַר אידישער דערציאונג, ווערט גרעסער פון יאָר צו יאָר. אַזוי זעען מיר, אַז אין 1936 האָבן בלויז 29 שטעט באַריכטעט, אַז זייערע לאָקאַלע וועלפעיר (וואוילשטאַנד) און פעדעראַציע פאָנדן האָבן אַסיגנירט געוויסע סומען פאַר אידישער דערציאונג. אין 1947 איז די צאָל אַזעלכע שטעט געוואַקסן צו 53. אין 1936 האָבן די שטאָטישע פאָנדן באַשטייערט עטוואָס איבער 6 פּראָצענט פון זייער אַלגעמיינעם בודזשעט לטובת אידישן חינוך, אין 1947 איז דער פאַרנעם פון זייער צושטייער צום חינוך געשטיגן נאָענט צו 9 פּראָצענט.

עס איז אָבער אַלץ געוואַקסן די פאָדערונג און דער באַוואוסטזיין, אַז די אידישע פאָנדן, באַזונדערס אין די גאָר גרויסע שטעט, מוזן אָנהויבן אַוועקשטעלן די אידישע חינוך־פראַגע אויף דעם סאַמע ערשטן אָרט פון זייער אַרבעט. באַזונדערס איז עס נויטיק אין די פירנדע אי־דישע שטעט. צום גרויסן באַדויערן מוז אָנגעוויזן ווערן, אַז די גרעסטע אידישע קהילה אין אַמעריקע, די גרויסע און מעכטיקע ניו־יאָרק, האָט פון איר אידישער שטאָט־קאָסע געגעבן ניט מער ווי אַרום 700,000 דאָלער אַ יאָר פאַר אידישן חינוך. יאָ, די פעדערעישאָן אָוו דזשואיש פילאַנטראָפּיס האָט גע־געבן פיל וויניקער פּראָפּאָרציאָנעל פאַר אידישן חינוך, ווי אַ גאַנצע ריי אַנדערע אידישע שטעט איבערן לאַנד. אין דעם הינזיכט איז לאָס אַנדזשעלעס פון די ערשטע אידישע קהילות. די לאָס אַנדזשעלעס קהילה גיט איבער 17 פּראָצענט פון איר בודזשעט פאַר דערציאונג. שיקאַגאָ גיט נאָענט צו צען פּראָצענט. פאַראַן אָבער קלענערע קהילות, ווי למשל, ניו הייווען, קאָנעטיקוט, וואָס האָט אַ אידישע באַפעלקערונג פון אַרום 20 טויזנט, גיט די דאָזיקע קהילה איבער 61 פּראָצענט פון איר בודזשעט פאַר אידישן חינוך. מינעאַפּאָליס, סעינט־פּאָול און דע־מאָין גיבן יעדער איבער 31 פּראָצענט.

עס ווערט אָבער פאַרשטאַנען, אַז אויך די אידישע צדקה פעדעראַציע פון ניו־יאָרק האָט אָנגעהויבן צו באַטראַכטן אַ נייעם פּלאַן פון אַוועקשטעלן אידישע דערציאונג אַלס איינעם פון אירע הויפּט־פּונקטן אין איר אַלגעמיינער טעטיקייט. די צדקה־פעדעראַציע האָט אָנגעפירט אַ יערלעכן קאַמפּיין פון אַרום 18 מיליאָן דאָלער.

אָבער נאָך די אַלע „גליקן" איז ריכטיק די אָנווייזונג פון דר. סאַלאָ וו. באַראָן, אַז די אידן אין אַמעריקע האָבן ווי געמאַכט אַן איבעררייס אין דער אַלטער אידישער טראַדיציע פון קהל'שען אינטערעס פאַר חינוך. די אַמערי־

קאָנער אידישע געמיינדעס האָבן אין משך פון יאָרן און יאָרן זיך ווי „אַרויס־געדרייט" פון דער התחייבות, פון דער פאַרפליכטונג, וואָס די אידישע געשיכטע האָט אויף זיי אַרויפגעלייגט. אפילו שויןביים אָנהויב פון דער צווייטער העלפט פון 20 יאָרהונדערט, ווען פאַרשידענע פּאַראייניקטע שטאָט־קאַסעס פון אידישן כלל אין אַמעריקע האָבן געגעבן 4 מיליאָן 505 טויזנט 188 דאָלער אַ יאָר אַלס ביישטייער אויף אידישן חינוך אין לאַנד, ווילט זיך פרעגן, וואָס־פאַר־אַ ווערט האָט עס, ווען איר לייענט, אַז די אַמעריקאַנער אידן האָבן אין יאָר 1949 געזאַמלט איבער 250 מיליאָן דאָלער פאַר געזעלשאַפטלעכע צוועקן און אין יאָר 1950 ווייט איבער 200 מיליאָן דאָלער. פון 250 מיליאָן דאָלער בלויז פיר און האַלב מיליאָן פאַר דערציאונג! נישט מער ווי צוויי פּראָצענט! נאַטירלעך מוזן מיר דערמאָנען אונזערע לייענער, אַז די פאַרשידענע קאָנגרעגיישאָנס און אָרגאַניזאַציעס געבן פאַר אידישער דערציאונג איבער פערציק מיליאָן דאָלער באַזונדער. אָבער דאָ רעדן מיר וועגן די אָרגאַניזירטע פאַראייניקטע קאַסעס, וועלכע מוזן קומען מיט דער ברייטער האַנט און אונטערשטעלן אַ פּלייצע און העלפן שלעפּן דעם וואָגן פון אַ ברייטער אידישקייט־דערציאונג פון די אידישע קינדער אין אַמעריקע. די אַמעריקאַנער אידן מוזן וואָס פריער קומען צוריק צו דעם אַלטן באַגריף, וואָס איז אָנערקענט געוואָרן פון אידישן כלל זינט די צייטן פון דעם תלמוד, אַז אַ בית המדרש, אַ פּלאַץ צום לערנען איז „הייליקער" ווי אַ בית התפילה, אַ פּלאַץ צום דאַווגען. פאַררופנדיק זיך ווידער אויף פּראָפעסאָר באַראָן, וועלן מיר דערמאָנען זיינע אָנווייזונג וועגן איינעם פון די גרויסע רבנים פון מיטלאַלטער, אָשר בן יחיאל, וועלכער האָט געפּסקנט, אַז אויב איינער שאַפט אַ פאָנד אָדער לאָזט אַ ירושה פאַר קהל פאַרן צוועק צו בויען אַ מקום קדוש אָדער בית עלמין, קען קהל אַליין ענדערן צו יעדער צייט דעם באַשלוס פון נדבן און נוצן דאָס געלט פאַר דערציאונגס צוועקן, פאַר חינוך. אפילו אויב דאָס איז קעגן דעם ווילן פון דעם, וואָס האָט דאָס געלט געשאָנקען צו דער געמיינדע. אויב אָבער איינער גיט קהל געלט פאַר דערציאונגס־צוועקן, קען אָט דאָס געלט ניט גענוצט ווערן פאַר קיין שום אַנדער צוועק, ווי בלויז פאַר דערציאונג. אָט דאָס איז געווען די אויסטייטשונג פון רבי אָשר בן יחיאל, וועמענס באַשלוסן זיינען אָפּט געוואָרן ווי דינים אין אידישן לעבן.

דר. סאַלאָ באַראָן, וועלכער איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס איינער פון די וויכטיקסטע אידישע היסטאָריקער, האָט אויך אָנגעוויזן אויף די סיבות, פאַר־וואָס די אידן אין אַמעריקע האָבן אין דער ערשטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין אַלגעמיין ניט דערפילט אויף אַ פאַראייניקטן־אָרגאַניזירטן

אופן זייער פליכט אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג. איינע פון די הויפּט־סיבות, לויט ווי דר. בּאַראָן האָט איינגעזען, איז געווען דער פאַקט, וואָס די אידן זיינען געקומען קיין אַמעריקע פון פאַרשידענע לענדער און פאַרשידענע קולטורן, און די אידישע דערציאונג, וואָס זיי האָבן געוואָלט געבן זייערע קינדער, איז ניט געווען קיין איינהייטלעכע. פאַרשידענע אידן האָבן געהאַט פאַרשידענע באַגריפן וועגן אידישן חינוך. די אידישע אימיגראַנטישע מאַסן אין אַמעריקע האָבן אָבער זיך יאָ געקענט אויף שנעל צונויפרעדן וועגן זייערע פאַרשידענע הילפס־אינסטיטוציעס, ווי האָספּיטעלער, גמילות חסדים, מושב זקנים׳ס און אַ. וו. דאָ זיינען די באַגריפן געווען איין־און־די־זעלבע. אויך וועגן פאַרטיידיקן זייערע געמיינזאַמע אינטערעסן, ווי למשל, קעגן אַנטיסעמעטיזם, זיינען די באַגריפן געווען איין־און־די־זעלבע. דערפאַר זיינען געשאַפן געוואָרן די פאַרשידענע פּאָליטישע אינסטיטוציעס. דאָס זעלביקע האָט אויך פּאַסירט אויף דעם עקאָנאָמישן געביט. עס האָט אָבער געמוזט און עס מוז נאָך אַלץ נעמען צייט פאַר דעם גרויסן אידישן ישוב אין אַמעריקע צו זיין געענוג איינהייטלעך און דערוואַקסן גענוג, כדי אויף אַ פאַראייניקטן געמיינדע־שטייגער העלפן לייזן די שווערע פּראָבלעם פון אידישער דערציאונג.

איך האָב זיך געטראָפן מיט דר. סאַלאָ בּאַראָן אין זיין היים אויף קלערמאָנט עוועניו, ניט ווייט פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. איך האָב אויך געהערט אַ ריי פאָרטראַגן פון דעם אידישן היסטאָריקער, אין וועלכע ער האָט גאָר אָפט באַרירט קאַרדינאַלע פראַגן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. דר. בּאַראָן, וועלכער האָט פיל געשריבן וועגן אַמעריקאַנער אידישן לעבן, האָט אויך אָנגעהויבן זיינעם אַ גרויסן פּראָיעקט פון שרייבן אַ געשיכטע פון אידישן פאָלק פון פיר טויזנט יאָר. די געשיכטע האָט געדאַרפט באַשרייבן דאָס אידישע לעבן ביז דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. און אָט דערפאַר טאַקע, וואָס דר. בּאַראָן האָט געהאַט אַ געלעגנהייט „אַריינצוקוקן" געניוי אין דעם אידישן לעבן פון דור דורות, איז מיר געווען אינטערעסאַנט צו הערן, וואָס עס איז געווען זיין מיינונג וועגן דער צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. צי איז ער געווען פּעסימיסטיש ! פאַרצווייפלט ? אָדער צי איז ער געווען האָפערדיק, אָפּטימיסטיש ?

ווען די פראַגע ווערט אַוועקגעשטעלט „פּעסימיסטיש" אָדער „אָפּטימיסטיש", קען קיין שום באַוואוסטזיניקער אידישער היסטאָריקער ניט זאָגן, אַז ער איז אַ פּעסימיסט. ווייל דער גאַנג פון דער אידישער געשיכטע איז אַזאַ, וואָס ווייזט אָן אויף דער אייביקייט פון דעם אידישן פאָלק צווישן די פעלקער.

און ווען עס קומט צו אַזאַ ענין ווי אידישקייט, אידישער גייסט, האָבן אידן אָנגעהויבן צו וויינען און צו זאָרגן וועגן אידישקייט נאָך אין יענע צייטן, ווען די ערשטע מלכים האָבן אָנגעהויבן צו בויען דאָס אידישע היימלאַנד. די וועלט אַרום, צוערשט באַהערשט פון געצנדינעריי, און שפּעטער פון קריסטנטום און איסלאַם, האָט אַלעמאָל געזוכט צו שטערן דעם אידן אין זיין הייליקער מיסיע. ווען איר לייענט די אידישע געשיכטע, זעט איר ווי אידן זיינען אַמאָל, פּונקט ווי היינט צו טאָג, געווען באַזאָרגט וועגן דער אידישער דערציאונג פון זייערע קינדער, און די זאָרג האָט זיך אָנגעהויבן גלייך מיט דעם ערשטן גלות און גלייך מיט די ערשטע שוועריקייטן פון בויען די ערשטע ישיבה אין יבנה. און אַז איר וועט אריינקוקן אין דער אידישער געשיכטע, וועט איר זען, אַז אין דער גאָלדענער שפּאַנישער עפּאָכע האָבן זיך אידישע פירער באַקלאָגט דערויף, וואָס אידן זיצן אין די שולן און רעדן אָדער שלאָפן, בעת דער רב האַלט זיין דרשה און די פרויען פּוצן זיך צופיל און האָבן אין זינען זיך צו באַרימען מיט זייער צירונג און זייער רייכשאַפט. אָט אַזוי, אָט אַזוי גייט די אידישע געשיכטע. אידן זאָרגן זיך און זיי האָבן זיכער פאַרוואָס צו זאָרגן. אָבער טראָץ אַלע שוועריקייטן און שטיינער אין וועג, שלאָגט זיך די אייביקע אידישקייט דורך, און גייט פאָראויס!

און אין אָט דעם הינזיכט איז מיר אינטערעסאַנט געווען צו הערן פון דר. באַראָן, ווי אַזוי ער זעט — אין געשיכטלעכן אַנאַליז — דעם גאַנג אין דער צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע! און אָט וואָס דר. באַראָן האָט געענטפערט: ער זעט פאָראויס אַ פאַרשטאַרקטע אידישקייט אין אַמעריקע ניט דווקא אין קוואַנטיטעט, ניט דווקא אין דער צאָל, נאָר אין קוואַליטעט, אין דעם מין אידן, אין וועלכן דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע בויטיקט זיך. דר. באַראָן באַמערקט אָבער אין פאָראויס, אַז ער קריטיקירט נישט די יעניקע, וועלכע באַקלאָגן זיך און אַלאַרמירן די אידישע עפנטלעכקייט צוליב „דער קליינער צאָל קינדער", וואָס קריגן אַ ריכטיקע אידישע דערציאונג אָדער צוליב דער קליינער צאָל לערער אָדער קליינער צאָל פאַראינטערעסירטע טוער! אַלץ איז אמת און דער אַלאַרם מעג נאָך זיין שטאַרקער און גרעסער! אָבער עס מוז אָנגעהויבן ווערן אַ באַוועגונג צו רעדן מער וועגן דער קוואַליטעט, וועגן דעם סאָרט אידישע דערציאונג! און דאָ האָט דר. באַראָן געזאָגט דאָס פאָלגנדע: „ווען איך וואָלט געווען זיכער, אַז אין אַ דור שפּעטער, וועלן מיר דאָ אין אַמעריקע האָבן הונדערט ערשט־ראַנגיקע אידישע געלערנטע, למדנים; הונדערט ערשט־ראַנגיקע ראַבאַיס; הונדערט ערשט־ראַנגיקע אידישע לערער; הונדערט ערשט־ראַנגיקע אידישע געזעלשאַפטלעכע טוער און הונ־

דערט ערשט־ראַנגיקע אידישע שרייבער, פובליציסטן און קינסטלער; — דאַן וואָלט איך געפילט זיכער, אַז די אידן אין אַמעריקע האָבן פאַר זיך אַ גרויסע צוקונפט". און דר. באַראָן האָט דערביי אָנגעוויזן, אַז אינגאַנצן וואָלט ער וועלן האָבן פינף הונדערט ערשט־ראַנגיקע פירנדע אידן, וואָס אויף אַ אידישער באַפעלקערונג פון פינף מיליאָן באַטרעפט עס ניט מער ווי איין הונדערטל פון איין פּראָצענט; פונדעסטוועגן, ווען ער זאָל זיין זיכער מיט אַזעלכע 500, וואָלט ער געווען איבערצייגט, אַז דאָס אידנטום אין אַמעריקע האָט פאַר זיך אַ גרויסע אידישע צוקונפט דאָ אין לאַנד. ער וואָלט געווען זיכער, אַז די פינף הונדערט אידישע פירער און דענקער וואָלטן געקענט פירן אויף דעם ריכטיקן אידישן וועג דעם גרויסן אַמעריקאַנער אידישן ישוב.

די אידישע דערציאונג אין אַמעריקע מוז דערפאַר זיך שטעלן אַלס איר ספּעציעלע אויפגאַבע צוצוגרייטן ערשט־ראַנגיקע אידישע פירער. יעדער אידישער לער־אַנשטאַלט, די ישיבות, די סעמינאַרן, די הויכשולן, דאַרפן גאַנץ באַזונדער שענקען אויפמערקזאַמקייט צו די פירנדע אידישע תלמידים. אָבער ניט בלויז מיט אידישע פירער אַליין האָט דר. סאַלאָ באַראָן זיך געוואָלט באַ־נוגענען. ער האָט אָנגעוויזן, אַז פאַר די פינף הונדערט ערשט־ראַנגיקע אידן, איז נויטיק אויך אַ נאָכפאָלגערשאַפט פון אַ צווייטער און דריטער מדרגה. עס זיינען נויטיק נאָך פופציק טויזנט אידישע פירער אין די דאָזיקע צוויי ראַנגען. און פופציק טויזנט אין שייכות צו פינף מיליאָן מיינט בלויז איין פּראָצענט. אָט די דאָזיקע פופציק טויזנט דאַרפן קענען רעדן גוט העב־רעאיש און דאַרפן קענען לייענען און טאַקע זיין פאַראינטערעסירט צו לייענען די העברעאישע ליטעראַטור. נאַטירלעך, די צאָל מעג זיין מער ווי פינף הונדערט און מער ווי פופציק טויזנט. אָבער ווען ער זאָל האָבן בלויז אַזאַ צאָל, וואָלט ער געזען די אידישע צוקונפט אין אַמעריקע אַלס אַ גאָר ליכטיקע, האָט אָנגעוויזן דער אידישער היסטאָריקער. און דערביי האָט ער צוגעגעבן, אַז אין זיינע רייזעס איבער אַמעריקע, האָט ער געקענט עדות זאָגן, אַז עס האָט דאָ אָנגעהויבן אויפצוואַכן די אידישע באַוואוסטזיניקייט.

דר. באַראָן, וועלכער איז אַליין געווען אַ געבוירענער אין דעם שטעטל טאַרנאָוו, אין גאַליציע, האָט זיין יוגנט פאַרבראַכט אין ישיבות און אין דער עלטער פון 15 יאָר איז ער געוואָרן אַ גימנאַזיסט. ער האָט באַוויזן צו שטודירן אין די אוניווערזיטעטן פון קראָקוי און וויען, און צו 22 יאָר האָט ער געקראָגן סמיכה אַלס ראַבינער פון דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר פון וויען. אין יאָר 1926 איז דר. באַראָן איינגעלאַדן געוואָרן צו קומען קיין אַמעריקע אַלס לעקטאָר. ער האָט גאַנץ שנעל געקראָגן אַ גרויסן נאָמען

און אין יאָר 1930 איז דר. באַראָן געריפן געוואָרן זיך אָנצושליסן אין דעם פּראָפעסאָרן־פאַקולטעט פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט אַלס פּראָפעסאָר פון דער געשיכטע פון אידישן פאָלק. צווישן די ווערק פון דר. סאַלאָ וו. באַראָן געפינען זיך דריי בענדער וועגן דער סאָציאַלער און רעליגיעזער געשיכטע פון די אידן.

און אַזוי, מיט די אויגן פון אַ היסטאָריקער, האָט דר. באַראָן געזען אין אַ גאַנץ אַנדער ליכט אויך די פאַרשידענע נייע כאַראַקטעריסטיש־אַמעריקאַנער מאָמענטן אין דעם אידישן לעבן פון אַמעריקע. אַזוי, למשל, האָט דר. באַראָן גאַנץ באַזונדערס געצויגן די אויפמערקזאַמקייט צו דעם פאַקט, וואָס אין אַמעריקע האָבן אידן, צוגלייך מיט דער גאַנצער אַלגעמיינער באַפעלקערונג, געקראָגן מער צייט צום שפּילן, מער צייט צום פאַרווילן זיך. עס איז צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אידישן פאָלק, וואָס אידן קענען צוגלייך מיט ניט־אידן פּראָסט און פּשוט פאַרווילן זיך! צי איז דאָס אַ זינד? צי איז דאָס אַ פאַרברעכן? ווי אַזוי זאָלן מיר רעאַגירן אויף דער דאָזיקער דער־שיינונג פון ריין אידישן שטאַנדפּונקט? און דר. באַראָן באַמערקט טאַקע ריכטיק, אַז „אייניקע פון אונז קענען באַדויערן דעם פאַקט, וואָס אַזויפיל פון אונזערע קינדער זיינען הויפּטזעכלעך פאַראינטערעסירט אין ספּאָרט"! ווייזט טאַקע דר. באַראָן אָן, אַז מיר האָבן רעכט, ווען מיר קריטיקירן די איבערטריבענע פאַראינטערעסירטקייט אין ספּאָרט, ווי, למשל, דערלויבן סטודענטן מיטצובריינגען ראַדיאָס אין האַי סקול, כדי צו הערן דעם רעזולטאַט פון די „וואָירלד סיריס" (דער יערליכער פאַרמעסט פון די פאַרשידענע בעיזבאָל גרופּן פון לאַנד). מיר מוזן אָבער געדענקען, אַז די אַנטוויקלונג פון פאַרשידענע ספּאָרט־שפּילן זיינען אויך געווען אַמאָל אַ גרונט־טייל פון פאַרשידענע גרויסע ציוויליזאַציעס. די גרויסע ציוויליזאַציעס פון די אַמאָ־ליקע רוימער און גריכן האָבן פּראָדוצירט גרויסע פילאָזאָפן, קינסטלער און וויסנשאַפטלער צו דער זעלבער צייט, וואָס זיי האָבן זיך אָפּגעגעבן פיל מיט פאַרשידענע אַטלעטישע שפּילן. די גרויסע באַרימטע אָלימפּישע שפּילן זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דעם אַמאָליקן גריכנלאַנד.

מיר טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז ווען אפילו די אידן וואָלטן געוואָלט נאָכטאָן צוערשט די גריכן און דערנאָך די רוימער, וואָלטן זיי עס ניט געקענט טאָן, ווייזט אָן דר. באַראָן. ווייל עס איז נויטיק געווען אַ שטאַרקע עקאָנאָמישע סיסטעם, וואָס זאָל דערלויבן אַ היפּשן טייל פון דער באַפעלקערונג זיך צו באַטייליקן אין די פאַרשידענע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען. פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָט זיך געפאָדערט, אַז „אימיצער אַנדערש" זאָל טאָן די שווערע

אַרבעט, און סיי די גריכן, סיי די רוימער, האָבן געהאַט אַ גרויסע שקלאַפן סיסטעם. אָבער די אידן האָבן אפילו אין דער צייט פון זייער גרעסטער שפע, פּראָספּעריטי, זיך ניט באַנוצט מיט צופיל שקלאַפן, ווייזט אָן דר. באַראָן. אידן האָבן אַלעמאָל געטאָן די גרעסטע טייל פון זייער אַרבעט אַליין, מיט די אייגענע הענט, און דערפאַר האָבן זיי ניט געהאַט קיין צופיל צייט פאַר ספּאָרט און שפּיל, באַזונדערס, ווען מען נעמט נאָך אין אַכט דעם דראַנג צו לערנען, וואָס האָט שטענדיק געהערשט ביי אידן.

אין דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, און גאַנץ באַזונדערס אין אַמעריקע, זיינען געשאַפן געוואָרן דורך דער טעכניק אָן־אַ־צאָל מעכאַנישע שקלאַפן און אידן, פּונקט ווי ניט־אידן, האָבן געקראָגן אַ סך פרייע צייט. דער מאָדערנער מענטש האָט אַזויפיל פרייע צייט, אַז „דאָס ניט האָבן וואָס צו טאָן" האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַן ערנסטע פּסיכאָלאָגישע פּראָבלעם. און דערפאַר זעען מיר, אַז אויך צווישן אידן איז שפּיל און פאַרוויילונג געוואָרן אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך. סיי צווישן דערוואַקסענע, סיי צווישן דער יוגנט. דערפאַר האָט געראַטן דר. באַראָן, אַז אידישע דערציער און אידישע קולטור־פירער זאָלן נעמען אין אַכט דעם דאָזיקן פאַקט, וואָס אידן האָבן אי צייט, אי מעגלעכקייט פאַר שפּיל, און אָנשטאָט קריטיקירן, בעסער אויסנוצן די דאָזיקע מעגלעכקייט פאַר דערציערישע צוועקן. מען קען קאָמבינירן שפּיל און לערע, אין די פאַרשידענע געמיינדע־צענטערס, אין די פאַרשידענע קלובן, אין די שולן פאַר דערוואַקסענע און אַ. וו.

אין אַלגעמיין איז געווען דער געשיכטלעכער אַנאַליז פון דר. סאַלאָ וו. באַראָן: קאָמבינירן דאָס נייעסטע מיט דעם גאָר אַלטן, פאַראייניקן דעם אַמאָל מיט דעם היינט, און דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע וועט פיל געווינען פון אַזאַ קאָמבינאַציע און פון אַזאַ גייסטיקער שותפות.

## 15

# דר. ש. מאַרגאָשעס פאָראויסזעאונג פון „אַמעריקאַנער אידישן יאָרהונדערט"

**דר. מאַרגאָשעס האָט אָנגעוויזן אין אַ ספּעציעלן אַנאַ־ליז, טיטולירט, „אויף דער שוועל פון פערטן יאָר־הונדערט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע", אַז מען קען אויך דערוואַרטן אַ שעפערישן אידישן פעריאָד אין די פאַראייניקטע שטאַטן אין שייכות מיט חכמת ישראל. — האָט אויך אָנגעוויזן אויף דער קאָנסאָלידאַציע פון אַמעריקאַנער אידישן ישוב און אויף דער נייער אַמעריקאַנער געבוירענער אידישער פירערשאַפט. — אַמעריקאַנער אידישער יאָרהונדערט וועט באַאיינפלוסן אידיש לעבן איבער דער גאַרער וועלט.**

מיט דר. ש. מאַרגאָשעס האָב איך זיך געטראָפן אַזוי אָפט, אַז עס איז ניט שייך צו זאָגן, וויפל מאָל מיר האָבן גערעדט וועגן דעם ענין „א־דישקייט אין אַמעריקע". כמעט יעדעס מאָל אָבער ווען איך האָב באַגעגנט דר. מאַרגאָשעס׳ן און געזען, אַז ער האָט אַביסל פרייע צייט, האָב איך ספּעציעל געזוכט צו פאַרפירן ווייטער און ווידער דעם געשפּרעך וועגן דעם היינט און דעם מאָרגן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. אָט די דאָזיקע צופעליקע געדאַנק־אויסטוישן זיינען אָבער אין משך פון יאָרן געווען ווי רינגעלעך אין אַ קייט פון איין לאַנגן, אינטערעסאַנטן און באַלערנדן שמועס כמעט אויף איין און דער זעלבער טעמע. און ווען די צייט איז געקומען און איך האָב געוואָלט האָבן פאַר מיין בוך אַ קאַפּיטל, אין וועלכן עס זאָלן קומען צום אויסדרוק די געדאַנקען פון דר. מאַרגאָשעס׳ן, וואָלט דוכט זיך אפשר גענוג געווען צו פאַרשרייבן דאָס, וואָס דר. מאַרגאָשעס האָט מיר געזאָגט ביי אונזערע אָפטע באַגעגענישן, סיי אין דער רעדאַקציע פון דער צייטונג, וואו מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט, סיי ביי פאַרשידענע אונטערנעמונגען! דאָך אָבער, האָב איך געטראַכט, אַז ס׳וואָלט זיין באַקוועמער אי פאַר דר.

מאַרגאָשעס׳ן זעלבסט, און בעסער אי פאַר מיינע לייענער, אי פאַר מיין בוך, אַז איך זאָל דעם פירנדן אידישן פובליציסט און דענקער געבן אַ געלעגנהייט אַרויסצוזאָגן זיינע געדאַנקען ביי אַ פאָרמעלער אינטערוויו. אָט פונקט ווי איך האָב עס געטאָן מיט אַלע אַנדערע צענטראַלע פערזענלעכקייטן, מיט וועלכע איך האָב געהאַט אָפיציעלע געשפּרעכן פאַר מיין אַרבעט וועגן אידישקייט אין אַמעריקע — האָב איך זיך דערפאַר טאַקע צוזאַמענגערעדט מיט דעם באַרימטן אידישן שרייבער און איך האָב אין אַ געוויסן פרימאָרגן זיך מיט אים געטראָפן אין זיין אָפיס, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, וואו ער איז געווען איינער פון די הויפּט־פירער. קורץ איז אָבער געווען דאָס מאָל מיין געשפּרעך מיט דר. מאַרגאָשעס׳ן. ווייל עס איז געווען פונקט ערב אַ פייערונג, וואָס דער חודש׳ליכער זשורנאַל „די צוקונפט״ האָט געהאַט דורכגעפירט אין דער פאָרם פון אַ סימפּאָזיום לכבוד די דריי הונדערט יאָר אידיש לעבן אין אַמעריקע. דער סימפּאָזיום איז געווען וועגן דעם, ווי אַזוי דאָס אידישע לעבן וועט דאָ אויסזען אין דער צוקונפט און וואָס פאַר אַ ריכטונג עס וועט אָננעמען. און דערביי האָט דר. מאַרגאָשעס מיר דערציילט, אַז ער האָט פאַר דעם דאָזיקן סימפּאָזיום צוגעגרייט אַ לענגערע אַרבעט, טיטולירט „אויף דער שוועל פון פערטן יאָרהונדערט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע״. דר. מאַרגאָשעס, וועלכער איז יאָרנלאַנג פאַררעכנט געוואָרן אַלס אַ פירנדער פובליציסט פון דער נאַציאָנאַלער אידישער צייטונג „דער טאָג״ און שפּעטער אויך פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״, וואו ער האָט יאָרנלאַנג אויך אָנגעפירט מיט אַ פּאָפּולערן און איינפלוסרייכן טעגליכן קאָלום אין דער ענגלישער שפּראַך, האָט שטענדיק גאָר ווינציק גערעדט וועגן זיינע שרייבערישע אויפטוען.

באַרימט אַלס ציוניסטישער פירער, אַלס געזעלשאַפטלעכער טוער און אַלס עלאָקווענטער רעדנער, סיי אין אידיש, סיי אין ענגליש, איז ער אָבער אַלעמאָל געווען באַשיידן און האָט קיינמאָל ניט גערעדט וועגן זיין פאַרשידנאַרטיקער טעטיקייט. דאָס מאָל אָבער, ווען איך בין געקומען צו דר. מאַרגאָשעס׳ן, האָט ער מיך „אָפּגעשיקט״ אויף דעם „אַדרעס״ פון זיין אַרבעט אין דער „צוקונפט״. דר. מאַרגאָשעס האָט דערביי צו מיר געזאָגט אַזוי: „לייענט איבער די דאָזיקע אַרבעט. איך גלויב, אַז איך גיב דאָרטן אַ סך ענטפערס אויף די פראַגן, וואָס איר האָט מיר געשטעלט. לייענט איבער, און אויב עס וועלן אייך פעלן נאָך אַ פּאָר תשובות, דאַן וועלן מיר זיך ווידער טרעפן און ווייטער רעדן״. איז אַזוי טאַקע געווען! איך

האָב די לאַנגגע עסיי, וואָס האָט פאַרנומען גאַנצע פיר זייטן אין דער „צו־קונפט״, דורכגעלייענט. מער ווי איינמאָל און מער ווי צוויי מאָל. איך האָב די עסיי דורכגעשטודירט. און מוז זאָגן, אַז איך האָב פון דר. מאַרגאָשעס׳עס אַרבעט פיל, פיל געלערנט. און ווען איך האָב שפּעטער זיך געטראָפן מיט דעם חשוב׳ן דאָקטאָר האָב איך אים אויסגעדריקט מיין באַגייסטערונג פאַר זיין טיפן אַנאַליז פון דעם אידישן עבר אין אַמעריקע און אויך פאַר דער וויטזיכטיקייט זיינער אין דעם אידישן עתיד, אין דער צוקונפט. מען מעג מיט אמת׳ער זיכערקייט זאָגן, אַז דר. מאַגאָשעס׳עס אַרבעט איז איינע פון די שענסטע בייטראַגן, וואָס אַ אידישער שרייבער האָט געקענט מאַכן צו דער גרויסער פייערונג פון דריי הונדערט יאָר אידיש לעבן אין אַמעריקע. אַ פייערונג, וואָס האָט אין פאַרשידענע פאָרמען אָנגעהאַלטן אין משך פון סוף יאָר 1954 און דאָס גאַנצע יאָר 1955. דאָך אָבער, ווען מיר האָבן זיך ביידע געטראָפן נאָך מיין לייענען די מוסטער־האַפטע עסיי, האָבן מיר פאַרגעזעצט אונזער „אייביקן געשפּרעך״. און דר. מאַרגאָשעס האָט דאָ און דאָרט אויסגעפּילט איינצלהייטן וועגן זיין קוק אויף דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע.

און איצט אַז מיר האָבן דאָ דערציילט די געשיכטע פון אונזער אָרי־גינעלער אינטערוויו מיט דר. מאַרגאָשעס׳ן, וועלן מיר געבן אַ גאַנצע צאָל אויסצוגן פון דר. מאַרגאָשעס׳עס עסיי, געדרוקט אין דער „צוקונפט״ פון מערץ, 1955. מיר וועלן אָבער די אויסצוגן פון דער ערשטער העלפט פון דער עסיי געבן דאָ און דאָרט אין אונזערע אייגענע ווערטער און אין דער אָרדענונג, לויט ווי עס פּאַסט זיך צו אונזער געשפּרעך מיט דעם פּירנדן אידישן דענקער און פּובליציסט.

דר. מאַרגאָשעס וויזט אין דער ערשטער העלפט פון זיין עסיי אָן אויף זיבן „ראשי פּרקים פון אַ ריי מאַניפעסטאַציעס, וואָס שיילן אַרויס די אַמעריקאַנער אידישקייט, און וואָס האָבן באַווירקט די גאַנצע אידישע אַנטוויקלונג אין אַמעריקע״. די זיבן הויפּט פּונקטן וועגן דער אַנטוויקלונג פון אידישן לעבן אין אַמעריקע זיינען ווי פאָלגט:

1. די אידישע וועלט־אימיגראַציע — די אַמעריקאַנער אידישע באַ־זונדערטקייט האָט זיך אויסגעדריקט קודם־כל אין דער אַלטוועלטלעכקייט פון דער אידישער איינוואַנדערונג, וואָס האָט ניט איר גלייכן ביים קיין שום אומה ולשון, וואָס איז פאַרטראָטן אין דער אַמעריקאַנער אימיגראַציע. די אידישע איינוואַנדערונג איז געווען אַנדערש ווי די אימיגראַציעס פון אַלע אַנדערע פעלקער, וועלכע זיינען געקומען בלויז פון איין לאַנד, ווי



דר. שמואל מאַרגאָשעס
אידיש־ענגלישער פובליציסט, קולטור־טוער און ציוניסטישער פירער

צום ביישפּיל די ענגלענדער, די פראַנצויזן, די איטאַליענער, די רוסן, און אַ. וו. דער אידישער אימיגראַציע שטראָם האָט געהאַט אומצאָליקע קוואַלן און אומצאָליקע לענדער, פון וואַנען ער האָט געפּלייצט קיין אַמעריקע.

2. דער אידישער שמעלץ־טאָפּ — קיין שום אידישער ישוב אין דער גאַנצער אידישע געשיכטע ביז דעם אויפקום פון מדינת ישראל, האָט אין זיך ניט פאַראייניקט און צונויפגעשמאָלצן אַזויפיל פאַרשידנאַרטיקע אידישע שבטים און זיי ניט אינטעגרירט אין אַזאַ קורצער צייט, ווי דאָס האָט געטאָן דער אידישער קיבוץ אין אַמעריקע.

3. אידישע אידענטיטעט — פון אַלע עטנישע עלעמענטן אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט דער אידישער עלעמענט אַרויסגעוויזן דעם שטאַרקסטן ווילן צו דער אויפהאַלטונג פון זיין אידענטיטעט, און אויפהיטן זיין אייגן געשטאַלט. אין דער צייט, וואָס ביי אַנדערע עטנישע מינדערהייטן גרייכט די צאָל פון געמישטע חתונות פון 80 ביז 85 פּראָצענט, באַטרעפט די צאָל פון געמישטע חתונות ביי די אַמעריקאַנער אידן ניט מער ווי פינף ביז צען פּראָצענט.

4. אַמעריקאַנער אידישע ליטעראַטור. — (מיר גיבן דאָ איבער וואָרט אין וואָרט פּונקט פיר פון דר. מאַרגאָשעס׳עס ווערטפולער אָפּשאַצונג פון דער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע אין זיין געלונגענעם „כל התורה כולה על רגל אחת׳דיקן סטיל״). דער דאָזיקער פּונקט לייענט זיך ווי פאָלגט:

„פון אַלע עטנישע גרופּן אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט בלויז דער אידישער קיבוץ באַוויזן צו שאַפן אַ ליטעראַטור פון הויכער קוואַליטעט אין דער אייגענער מוטער־שפּראַך. סיי די דייטשן, סיי די פראַנצויזן, סיי די איטאַליענער, סיי די סקאַנדינאַווער פעלקער, וואָס פאַרמאָגן אַ הויכע קולטור ביי זיך אין דער אַלטער היים, האָבן באַוויזן צו שאַפן אין אַמעריקע ניט מער ווי אַן אָרעמאַנסקע פּעריאָדישע פּרעסע אין דער אייגענער שפּראַך, און אפילו זי האָט זיך בשום אופן ניט געקענט פאַרגלייכן מיט דער פיל־פאַכיקער און קוואַליטאַטיוו־רייכער אידישער פּרעסע, וועגן ליטעראַטור איז שוין אָפּגערעדט. בלויז די אידיש־רעדנדיקע מאַסן האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצופירן אַ פּלעיאַדע פון אידישע וואָרט־קינסטלער, וואָס זייער שאַפן קאָן זיך פאַרגלייכן מיט דעם סאַמע בעסטן אין דער ענגלישער שפּראַך. די דאָזיקע אַמעריקאַנער אידישע שאַפונגס קראַפט, אויב מען זאָל זי מעסטן לויט דער צאָל פון דער אידישער באַפעלקערונג אין לאַנד, האָט איבער־געשטיגן אין משך פון די לעצטע 75 יאָר, די קולטור שאַפונג פון דעם מיליאָניקן אידישן ישוב אין אייראָפּע״.

5. די אידישע אַרבעטער באַוועגונג — קיין אַנדער פאָלק אין אַמעריקע האָט ניט אויפגעבויט אַזאַ אייגענע אַרבעטער באַוועגונג, וואָס האָט אַזוי שטאַרק באיינפלוסט די גאַנצע אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע, ווי די אידן.

6. אידישע צדקה סיסטעם — מען שאַצט אָפּ, אַז די אַמעריקאַנער אידן גיבן אויס אַרום 300 מיליאָן דאָלער אַ יאָר אויף זייער צדקה און רעליגיעזע באַדערפענישן, איינגעשלאָסן די הילף פאַר זייערע ברידער פון יענער זייט ים. אַ פאַרגלייך פון די הוצאות פאַר צדקה פון דעם דורכ־שניטלעכן אַמעריקאַנער אידן מיט די ענלעכע אויסגאַבן פון זיין ניט־אידישן שכן באַווייזן, אַז דער אַמעריקאַנער איד גיט אויס אַרום זעקס מאָל אַזויפיל ווי עס גיט אויס דער דורכשניטלעכער איינוואוינער אין אַמעריקע.

7. די יוסף ראָלע פון דעם אַמעריקאַנער אידנטום — דאָס הייסט, די ראָלע פון דעם „גרויסן ברודער״, וואָס נעמט זיך אָן פאַר זיינע גע־קריוודעטע ברידער, איז באַזירט דער עיקר, אויף דער ראָלע פון אַמעריקע ווי אַן ערשט־קלאַסיקע וועלט־מאַכט. עס איז אַ טייל פון דער אידישער טראַדיציע זיך צו באַנוצן מיט דעם כח פון דער רעגירונג און דעם אידישן איינפלוס אין דער רעגירונג ווי אַ מיטל צו פאַרבעסערן די מערכה פון אידן אין פאַרשידענע לענדער פון דער וועלט.

אַמעריקע׳ס איינשטעלן זיך אויף דער ווערסאַלער שלום קאָנפערענץ פאַר אידישע מינדערהייט רעכט צום סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, און ביי די פאַראייניקטע פעלקער פאַר אַ אידישער מלוכה אין ארץ ישראל, צום סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז געווען דער דירעקטער רעזולטאַט פון דער שטאַרקער פּאָזיציע פון דעם אַמעריקאַנער אידנטום אין דער באַנוצונג פון אידישן איינפלוס פאַר די צוועקן פון וועלט־אידנטום. קיין אַנדער טייל פון דעם אידישן פאָלק איז נישט אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דעם געדאַנק פון אַ הויכער אידיש־היסטאָרישער שליחות ווי דער אידישער קיבוץ אין אַמעריקע.

אָט ביז אַהער האָבן מיר איבערגעגעבן מערסטנס אין אַ פאַרקירצטער פאָרם די זיבן פונקטן פון דר. מאַרגאָשעס׳עס אַנאַליז פון דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע, ווי עס האָט זיך אַנטוויקלט ביז דעם מיטן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. איידער מיר ברענגען אָבער אין פול, וואָרט ביי וואָרט, דר. מאַרגאָשעס׳עס בליק אין דער צוקונפט, ווילן מיר דאָ ברענגען נאָך אַ פּאָר פאַקטן פון זיין רייכער קאַריערע און אינטערעסאַנטן לעבנסוועג. מיר ווילן דאָ ברענגען די דאָזיקע ביאָגראַפישע שטריכן, כדי אונטערצושטרייכן,

אַז ווען דר. מאַרגאָשעס האָט גערעדט אָדער געשריבן וועגן אידישן לעבן אין אַמעריקע, האָט ער עס געטאָן אַלס רעזולטאַט פון זיין פילפּאַכיק וויסן און אַלס רעזולטאַט פון זיין רייכער קענטשאַפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, אין ישראל און פון אַנדערע גרעסערע און קלענערע אידישע ישובים, וועלכע ער האָט באַזוכט אויף זיינע פילע רייזעס איבער דער וועלט.

דר. ש. מאַרגאָשעס איז גאַנץ יונג געקומען קיין אַמעריקע, אין יאָר 1905, פון דעם שטעטל יאָזעפאָוו, אין גאַליציע. אין יאָר 1911 האָט דר. מאַרגאָשעס גראַדואירט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אַלס ראַבאי. אַ יאָר שפּעטער האָט ער גראַדואירט פון קאָלאָמביע מיטן טיטל פון דאָקטאָר פילאָזאָפיע. גלייך פון יאָר 1906 האָט דר. מאַרגאָשעס זיך אָנגעהויבן אָפּצוגעבן מיט זיין זשורנאַליסטישער און פּובליציסטישער טעטיקייט. פון יאָר 1910 ביז 1917 איז דר. מאַרגאָשעס געווען ענג פאַרבונדן מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער ערשטער אידישער קהילה אין ניו־יאָרק. דר. מאַרגאָשעס איז געווען דער דירעקטאָר פון דער אָפּטיילונג צו שאַפן לערנביכער פאַר אידישע קינדער אין דער דיוויזיע פון דערציאונג ביי דער קהילה. שפּעטער איז דר. מאַרגאָשעס געווען פאַרבונדן מיט דער אַמעריקאַנער פעדעראַציע פון אידן פון גאַליציע און פון בוקאָווינע. נאָך שפּעטער איז ער געווען דירעקטאָר פון קרן היסוד אין קאַנאַדע. אין 1924 איז ער געוואָרן דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון „טאָג", אַן אַמט, וואָס ער האָט אָנגעהאַלטן מיט גרויס איינפלוס אין אידישן און אַלגעמיינעם לעבן פון אַמעריקע פילע יאָרן. נאָך שפּעטער איז דר. מאַרגאָשעס געווען פאַרבונדן מיט דעם אידישן וועלט־קאָנגרעס און איז אַרומגעפאָרן אַסך איבער לאַטיין אַמעריקע. דר. מאַרגאָשעס איז געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער באַוועגונג, ער איז געווען אַ מיטגליד פון דער וועלט עקזעקוטיווע פון דער אידישער אַגענטור. ער האָט באַזוכט מדינת ישראל אַזויפיל מאָל, אַז אָפט האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דר. מאַרגאָשעס טיילט זיין צייט צווישן די צוויי וויכטיקסטע אידישע ישובים גלייך אויף גלייך — אָט איז ער ערשט געווען אין ניו־יאָרק און אָט האָט מען געלייענט אַז ער איז אין ירושלים אָדער תל־אביב אָדער גאָר פאַרקערט. און אָט איז ער גאָר אין קאַנאַדע און אָט קומט ער גאָר צוריק פון מעקסיקא צי קובא. און רעדנדיק וועגן קובא, ווילט זיך מיר דאָ דערמאָנען, אַז מיין סאַמע ערשטע באַגעגעניש מיט דר. מאַרגאָשעס'ן איז געווען טאַקע אין האַוואַנאַ, אין די דרייסיקער יאָרן. אָבער האַוואַנאַ, צי בוענאָס איירעס, צי טאָראָנטאָ, אָדער זשענעווע, צי גאָר פּאַריז

אָדער לאָנדאָן, דר. מאַרגאָשעס האָט געקענט די גאַנצע אידישע וועלט, און דערפאַר טאַקע זיינען געווען ביז גאָר אינטערעסאַנט און וויכטיק זיינע טיפע געדאַנקען וועגן דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע, וועגן דעם וואָס עס איז געווען און וועגן דעם, וואָס עס וועט זיין. און דערפאַר טאַקע גיבן מיר דאָ ווידער איבער די פלאַטפאָרמע צו מאַרגאָשעס'ן און מיר לייענען דאָ זיינע אָנווייזונגען וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט געדענקט, אַז דאָס אידישע לעבן וועט אויסזען אין פערטן יאָרהונדערט פון אידישן ישוב אין אַמעריקע:

„האָבנדיק געכאַפּט אַ קוק אויף די הויפּט-טענדענצן און אויך די הויפּט-דערגרייכונגען פון די לעצטע דריי הונדערט יאָר פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, איז שוין מעגלעך צו זען פאַר זיך — כאָטש ווייט ניט קלאָר, — די הויפּט-שטריכן פונעם פּנים פון דער צוקונפט.

„1. קאָנסאָלידאַציע. מיטן אויפהערן פון דער אימיגראַציע — און ס'זעט זיך איצטער ניט פון וואַנען ס'קאָן קומען וועלכע ס'איז באַדייטנדיקע אידישע אימיגראַציע-כוואַליע קיין אַמעריקע אָדער פון וואַנען ס'קאָנען קומען וועלכע עס איז אויסזיכטן אויף אַ פרייערער איינוואַנדערונג — מוז מען זיך ריכטן אויף אַ סך אַ גרעסערער מאָס פון קאָנסאָלידאַציע פון אידישן ישוב אין אַמעריקע ווי מיר האָבן געהאַט אין משך פון די לעצטע 300 יאָר. שוין איצטער, נאָך דעם ווי די אימיגראַציע באַשרענקונג איז אַלט סך-הכל 30 יאָר, איז שוין דער פּראָצענטזאַץ פון אידישע פרעמד-געבוירענע אין לאַנד געזונקען ביז 25 פּראָצענט פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג בשעת דער פּראָצענט-זאַץ פון די הי-געבוירענע איז געשטיגן ביז צו 75 פּראָצענט. מ'קאָן דערפאַר פאָראויסזען אַ מער אָדער ווייניקער האָמאָגענע אידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע, און ניט בלויז לויט בילדונג און קולטור-אויסקוק און אידעאָלאָגיע, נאָר אויך לויט דער קלאַסן-סטרוקטור. די טיפּישע אידישע פאַמיליע, וועט זיך נאָך מער דערנענטערן צו דער טיפּישער אַמעריקאַנער פאַמיליע, און דער עיקר, צו דער גרויס-שטאָטישער אַמעריקאַנער פאַמיליע, וואָרעם דער ראשו ורובו פון אַמערי-קאַנער אידנטום — גאַנצע צוויי-דריטל — וואוינט אין צען אַמעריקאַנער גרויסע שטעט מיט מער ווי אַ מיליאָן באַפעלקערונג. די דאָזיקע אורבאַ-ניזאַציע האָט שוין געלייגט איר שטעמפּל אויפן אַמעריקאַנער אידן און דער דאָזיקער שטעמפּל וועט ווערן נאָך בולטער אין די קומענדיקע יאָרן, און דאָס מיינט, אַז דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער איד וועט בלייבן ביים צוויי-קינדער סיסטעם, וועט געהערן צום מיטלקלאַס, וועט זיין אָדער אַ געשעפטסמאַן אָדער פּראָפעסיאָנאַל, און וועט האָבן אַ קאָלעדזש-בילדונג.

דאָס מיינט אויך אַז עקאָנאָמיש וועט ער שטיין אַביסל העכער פונם אַמעריקאַנער דורכשניט, וואָס איז ניט קאָנצענטרירט אין דער גרויס־שטאָט.

„2. נייע פירערשאַפט. דער הויכער פּראָצענט־זאַץ פון אַמעריקאַנער געבוירענע אין אונזער היגן אידישן ישוב שפּיגלט זיך שוין אָפּ אין דער אידישער פירערשאַפט דאָ אין לאַנד. גענוג אַ קוק צו טאָן אויף דעם מענטשן־מאַטעריאַל וואָס מ׳געפינט ביי די צוזאַמענפאָרן פון „דזשאָינט״, פון „פּאַר־אייניטקן אידישן אַפּיל״ און פון די „וועלפעיר פאַנדס״ כדי צו זען ווי ס׳פיקט זיך אויס אַ נייע אידישע פירערשאַפט אין אַמעריקע. מיט די יאָרן וועט די דאָזיקע נייע פירערשאַפט איבערנעמען די ממשלה איבערן גאַנצן היגן אידישן לעבן. זי וועט זיין אַנדערש פון דער אַלטער פירערשאַפט דערמיט, וואָס זי וועט זיין ווײניקער אָריענטירט אויפן מזרח־אייראָפּעאישן אידישן לעבן וואָס מיר האָבן געבראַכט אַהער פון דער אַלטער היים, און וועט פאַרמאָגן ווינציקער אידישע ידיעות. פון דער אַנדערער זייט וועט זי זיין אַ סך מער אויסגעבונדן מיט דער אַמעריקאַנער סביבה און אַריינגעפּאַסט אין דעם אַמעריקאַנעם סאָציאַל־קולטורעלן קלימאַט און וועט פאַרמאָגן אַ בעסערע סיסטעמאַטישע בילדונג. דער עיקר וועט זי זיך אויסצייכענען פון דער אַלטער פירערשאַפט, מיט איר גרעסערער אידעאָלאָגישער איינהייטלעכקייט און איר פעאיקייט פאַר קאָאָפּעראַציע מיט די איבערגעבליבענע ריכטונגען אין אידישן לעבן.

„3. אידישע שעפערישקייט. די אידישע שעפערישקייט אין אַמעריקע וואָס האָט זיך ביז איצטער אויסגעדריקט אין דער שאַפונג פון אַ אידישער, העברעאישער און ענגליש־אידישער ליטעראַטור, וועט זיך אין דער צוקונפט אויסדריקן, דער עיקר, אין דער שאַפונג פון אַן אַמעריקאַנער חכמת־ישראל. די ראַבאַיס, וואָס וועלן מער ווי פריער זיין די „פּראָפעסיאָנעלע אידן״, אין דעם טאָפּלטן זין וואָס זיי וועלן זיין פּראָפעסיאָנעל געשולט ווי אידישע גייס־טיקע פירער, און אין אַ גרויסער מאָס מיט זיך פאַרטרעטן די אידישקייט פון דעם דורכשניטלעכן אידן, אויסלייזנדיק אים פון זיינע אידישע פליכטן — וועלן זיין די היטער פון אידישער געלערזאַמקייט און אידישער קולטור בכלל. אָבער חוץ די ראַבאַיס וועט זיין אַ קלאַס אידן פון דריטן אָדער פערטן דור, וואָס האָבנדיק דערגרייכט אַ פּונקט פון עקאָנאָמישער אָנגעזעטיקטקייט, וועלן זיך נעמען, — ווי ס׳נעמען זיך אַנדערע אַמעריקאַנער פון דעם זעלבן עקאָנאָמיש אָנגעזעטיקטן קלאַס, — צו אַ באַשעפטיקונג מיט הויך־גייסטיקע ענינים, — אין אונזער פאַל, מיט אידישער געלערזאַמקייט און אידישער קולטור. מיר זעען שוין אַן אָנהייב פון דעם דאָזיקן פּראָצעס אין די אידישע

טעאָלאָגישע סעמינאַרן און אין די סעמיטישע אָפּטיילונגען פון די אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן. דער דאָזיקער פּראָצעס וועט זיך צעוואַקסן אין פאַרלויף פון די יאָרן, און וועט ברענגען דערצו אַז אַמעריקע וועט נאָך פאַרוואַנדלט ווערן, ווי ס׳איז געשען מיט דער אַמאָליקער דייטשלאַנד, אין אַ צענטער פון חכמת־ישראל, וואָס וועט אין זיך איינשליסן דעם וויסנשאַפטלעכן לימוד פון דער אידישער געשיכטע און פון דער אַלטער און נייער אידישער ליטעראַטור אויף אַלע לשונות, — אַריינרעכנענדיק אויך — לשון אידיש און העברעאיש.

„4. די סינאַגאָגע ווי די צענטראַלע אינסטיטוציע. אין דער דאָזיקער סכעמע פון אידישן לעבן אין אַמעריקע זע איך די סינאַגאָגע ווי די צענטראַלע אינסטיטוציע. שוין דער פאַקט אַליין וואָס דער ראַבאַי וועט זיין דער פירער פון דער געמיינדע, וועט געבן דער סינאַגאָגע אַ פירנדיקע ראָלע אין אידישן לעבן. די דאָזיקע דערשיינונג איז שוין צו באַמערקן אין אַ סך פון די קלענערע און מיטעלערע שטעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו די סינאַגאָגע איז דער צענטער פון אידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אָבער וואָס מער דאָס אַמעריקאַנער אידישע לעבן וועט זיך דערנעענטערן צו די קלאַסישע פאָרמען פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט, אַלץ שטאַרקער וועט ווערן די טענדענץ אין אַמעריקאַנער אידנטום אַריינצופּאַסן אידישקייט אין רעליגיעזע ראַמען ווי דאָס טוען אַנדערע אַמעריקאַנער גרופּירונגען מיט זייערע באַזונדערע עטניש־קולטורעלע אייגנטימלעכקייטן. די שטרעבונג צו געווינען די אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכע סאַנקציע פאַר דער באַשטענדיקייט פון אידישקייט אויף דער אַמעריקאַנער ערד, וועט ווירקן ווי נאָך אַן אַנדערער כוח צו געבן דער אַמעריקאַנער אידישקייט אַ רעליגיעזע באַפאַרבונג. אינסטיטוציאָנעל קאָן דאָס אַמבעסטן געטאָן ווערן דורך דער סינאַגאָגע און ס׳מאַכט נישט אויס פון וועלכער אידישער רעליגיעזער ריכטונג. קלאָר איז אָבער אַז כדי די סינאַגאָגע זאָל אין זיך קאָנען אַריינעמען די גאַנצע אידישע קולטור, צוזאַמען מיט אירע וועלטלעכע אַספּעקטן, מוז די דאָזיקע אינסטיטוציע זיין אַ סך ברייטער ווי זי איז איצטער אין איר פאַרנעם, און מוז אויך זיין מער פעאיק זיך צוצופּאַסן צו די נייע לעבנס־באַדינגונגען, ווי ס׳איז, למשל, די אָרטאָדאָקסישע שול. שוין ביים היינטיקן טאָג קומען פאָר אינטערעסאַנטע פּראָצעסן אין אידיש־רעליגיעזן לעבן אין אַמעריקע, צוזאַמען מיט טיפע אידעאָלאָגישע רע־אָריענטאַציעס, — ווי ס׳איז דער פאַל, למשל, מיט דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער שולע פון מ. מ. קאַפּלאַן, — מיטן צוועק צו ברענגען די סינאַגאָגע נענטער אי צום צייטגייסט אי צו דער סאָציאַל־קול־

טורעלער סביבה. ס׳איז צו דערוואַרטן אַז אין פאַרלויף פון דער צייט וועט זיך אויסקריסטאַליזירן אַן אַמעריקאַנער אידנטום, וואָס וועט זיך גייסטיק קאָנצענטרירן אַרום דער מאָדערנער אַמעריקאַנער סינאַגאָגע, וואָס וועט זיין דער קוואַל פונעם גייסטיקן און געזעלשאַפטלעכן אידישן לעבן אין אַמעריקע.

„5. אַמעריקאַנער אידישער יאָרהונדערט. פאַראַן אַ יש אומרים, אַז מיר שטייען ביים אָנהייב פון דעם אַמעריקאַנער יאָרהונדערט, וואָס דאָס מיינט, אַז דער אַמעריקאַנער איינפלוס וועט, אין משך פון די קומענדיקע הונדערט יאָר, באַהערשן די וועלט ניט נאָר עקאָנאָמיש און מיליטעריש נאָר אויך גייסטיק. ס׳איז קלאָר אַז ס׳איז פאַראַן גאָר אַ נאָענטער פאַראַלעליזם צווישן אַמעריקעס וועלט־ראָלע און דער אַמעריקאַנער־אידישער ראָלע אין וועלט־אידנטום. דעם אַמעריקאַנער אידישן ישוב איז, אָן שום ספק, באַשערט אויסצואיבן אַן אַנטשיידנדיקן איינפלוס אויף מדינת ישראל, סיי עקאָנאָמיש, גייסטיק און סיי פּאָליטיש. אין דעם זין קאָן מען אויך זאָגן, אַז די גאַנצע אידישע וועלט וועט פריער אָדער שפּעטער טראָגן אויף זיך דעם חותם פון אַמעריקאַנער אידנטום, וואָס באַטרעפט שוין איצטער מער ווי אַ העלפט פון גאַנצן אידישן פאָלק. פון דער אַנדערער זייט וועט מדינת ישראל שטאַרק באַאיינפלוסן דאָס גאַנצע וועלט־אידנטום, איינגעשלאָסן אויך דאָס אַמעריקאַ־נער אידנטום. אָבער אויף דער דאָזיקער צוויי־זייטיקער בריק וועט, ווי מ׳קאָן שוין זען, דער פאַרקער, וואָס גייט פון אַמעריקע קיין מדינת ישראל, זיין דער שטאַרקסטער. די יוסף ראָלע וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אין די פערציקער יאָרן פון דעם 19טן יאָרהונדערט, וועט ווייטער געשפּילט ווערן אין דעם 20טן און דעם 21טן יאָרהונדערט, און מיט נאָך מער פּראַכט און גלאַנץ.

„צום סוף נאָך צוויי באַמערקונגען:

„די אַמעריקאַנער אידישקייט איז שוין אַ היפּש ביסל אַנדערש פון דער אידישקייט ווי מיר האָבן זי געקאָנט אין מזרח־אייראָפּע; זי וועט זיין אַ סך מער אַנדערש אין דער צוקונפט. ס׳קומט אויף אַן אַמעריקאַנער אידישקייט, וואָס קאָן ניט און טאָר ניט געמאָסטן ווערן מיט די מזרח־אייראָפּעאישע מאָסן, נאָר פאַרקערט, מוז געשאַצט ווערן לויט איר צוגעפּאַסטקייט צו די באַדינגונגען אין דער נייער וועלט.

„בכלל מוזן מיר זיין געוואָרנט קעגן דער אויפפאַסונג, לויט וועלכער אידישקייט בכלל איז אַ סינאָנים פון דער מזרח־אייראָפּעאישער אידישקייט. פיר טויזנט יאָר אידישע געשיכטע ווייזן אויף אַ שפע פון פאַרשידענע אַנטוויקלונגס־פאָרמען פון אידישקייט. אַזוי, למשל, איז די אידישקייט אין

אַלעקסאַנדריע געווען אַן אַנדערע ווי די אידישקייט אין בבל, און זיכער איז זי געווען גאַנץ פאַרשידן פון דער אידישקייט אין שפּאַניע, און שפּעטער אין פוילן. אויב די אַמעריקאַנער אידישקייט איז אַנדערש פון דער דאָזיקער, מיט וועלכער מיר זיינען געווען באַקאַנט אין מזרח־איראָפּע, איז דאָס דערפאַר, ווייל מיר האָבן צו טאָן מיט אַ נייער עוואָלוציע־פאָרם פון אידנטום.

„און נאָך אַ שלוס־באַמערקונג:

„אידישקייט ביים היינטיקן טאָג מוז געזען ווערן אונטער צוויי אַספּעקטן: דעם מלוכה־אַספּעקט און דעם מינדערהייט־אַספּעקט. אין מדינת ישראל שאַפט די אידישע מערהייט אַן אייגענע אידישע מערהייט־קולטור אונטער באַדינגונגען וואָס גלייכן זיך אויס מער אָדער ווייניקער מיט די באַדינגונגען פון אַנדערע קולטור־שאַפנדיקע פעלקער. אין די תפוצות שאַפט די אידישע מינדערהייט אַ אידישע קולטור אַזוי צו זאָגן אין שאָטן פון דער ניט־אידישער מערהייט. אַזוי ווייט ווי מיר קאָנען אַריינקוקן אין דער צוקונפט אַריין וועלן די אידישע געשיכטע און די אידישע קולטור נאָך לאַנג געשאַפן ווערן אונטער די דאָזיקע צוויי אַספּעקטן.

„די מינדערהייט־מערהייט שייכות, וואָס באַשטימט דאָס אידישע לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט אָן שום ספק גרויסע מינוסן וועגן וועלכע ס'איז ניט נויטיק דאָ זיך צו פאַרשפּרייטן; זי האָט אָבער אויך אירע גרויסע פּלוסן. ווארעם אויב מיר שאַפן דאָ אין שאָטן פון אַן אַנדער קולטור, שאַפן מיר אָבער אויך אין שאָטן פון אַ גרויסער קולטור און ווי מיטגלידער פון אַ פרייער געזעלשאַפט. און אויב ס'איז בכלל פאַראַן אַ מעגלעכקייט אַז אונזער אידיש מינדערהייט־לעבן אין דער גרויסער וועלט זאָל האָבן אַ קיום און אַ המשך, גיט אַמעריקע אַזאַ מעגלעכקייט אין שענסטן און ברייטסטן זין, און דאָס איז די גלאָריע פון אַמעריקע און אויך די היסטאָרישע געלעגנהייט פון אַמעריקאַנער אידנטום — די גלאָריע פון זיין אַ פרייע און אָפענע לאַבאָראַטאָריע פאַר באַזונדערע עטנישע קולטור־פאָרמען, און די געלעגנהייט צו וויזן דער וועלט, אַז מיט עקשנות, געפּאָרט מיט שעפערישקייט, קען מען אַרויסברענגען אַ נייע און גאָט־געבענטשטע פרי אויפן אַלטן אידישן בוים — די אַמעריקאַנער אידישקייט."

מיט דעם דאָזיקן אַנאַליז פון דר. ש. מאַרגאָשעס וועגן היינט און מאָרגן פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן, שליסן מיר די ערשטע טייל פון אונזערער לענגערער אַרבעט וועגן „אידישקייט אין אַמעריקע". און איצט — צו די ווייטערע טיילן — אין וועלכע מיר באַשרייבן די אידישע קולטור און דערציאונגס אינסטיטוציעס.

# אידישע דערציאונג
# אויפן סדר היום



צווייטער טייל

די שטרעבונג צו טראַדיציאָנעל־רעליגיעזער אידישקייט פון אַמעריקאַנער געבוירענעם דור. — צענטראַלע חינוך־אָרגאַניזאַציעס. — אויספאָרשונגען וואָס זאָגן אָן גוטע בשורות און רופן אויך צו פאַרריכטן ערנסטע פעלערן.

# 16

# אידן אין אַמעריקע שטרעבן צו פולער אידישקייט אין צווייטער העלפט פון 20טן יאַרהונדערט

דער נייער אינטערעס, וואָס אידן אין אַמעריקע האָבן אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן צו דער פראַגע פון אידישער דערציאונג. — פאַרוואָס אַמעריקאַנער אידן האָבן אין משך פון יאָרן אַזוי פאַרנאַכלעסיקט די אידישע חינוך־פּראָבלעם. — זיי האָבן געבויט דעם גרעסטן אידישן קיבוץ אין דער געשיכטע און פאַרגעסן אין דעם הויפּט־פּרינציפּ פון אידישער אייביקייט. — די פולע פרייהייט פון אַמעריקע און די דעמאָקראַטישע פּאַבליק סקול סיסטעם האָבן ווי פאַרשיכורט דעם אימיגראַנט. — אידן אָבער מוזן האָבן פולע אידישקייט צו זייער אַמעריקאַנישקייט.

עס איז די צווייטע העלפט פון 20טן יאַרהונדערט. סיי אין אידישן, סיי אין אַלגעמיינעם לעבן קומען פאַר די טיפסטע ענדערונגען, וואָס לייגן זייער שטעמפּל אויף דעם גאַנג פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג און מענטשלעכער צוזאַמענלעבונג אויף יאָרנלאַנג. דער אידישער ישוב אין אַמע־ריקע, דער רייכסטער אידישער ישוב, וואָס האָט מיט זיין פאַרנעם און מיט זיין איינפלוס קיין גלייכן ניט צו זיך אין דער גאַנצער אידישער געשיכטע, האָט איצט, אין אָט דעם הרת־עולם׳דיקן פעריאָד, אָנגעהויבן גאָר ערנסט זיך צו פאַר־טראַכטן וועגן דעם אַלטן און אייביקן אידישן פסוק „ושננתם לבניך", — דו זאָלסט לערנען דיינע זין, דיינע קינדער, אַז זיי זאָלן גיין אין דיינע וועגן, אַז זיי זאָלן ציען די גאָלדענע קייט, די קייט פון אידישער טראַדיציע, די שנור פון אידישן וויסן.

דערפאַר ברויזט עס אַזוי אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע מיט דער פראַגע פון אידישער דערציאונג. די חינוך פּראָבלעם, די פּראָבלעם פון געבן דעם אידישן קינד אין אַמעריקע אַ אידישע דערציאונג, ווערט אַלץ מער דרינגענד אַרויפגעשטעלט אויף דער טאָג־אָרדנונג פון דעם געזעל־שאַפטלעכן אידישן לעבן דאָ אין לאַנד. אַ דראַסטישע ענדערונג איז פאָר־געקומען אין דעם באַגריף פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, וואָס איז אין משך פון צענדליקער יאָרן געווען פאַרנומען מיט כל׳ערליי „וועלט־פראַגן״, מיט כל׳ערליי „וועלט־באַוועגונגען״ און שטאַרק, גאָר שטאַרק פאַר־נאַכלעסיקט איינע פון די וויכטיקסטע פּרינציפּן, אויף וועלכע עס איז באַזירט דער סוד פון דער אידישער אייביקייט, און דאָס איז דער פּרינציפּ פון געבן דעם אידישן קינד די בעסטע און די פאַסענדסטע אידישע צוגרייטונג פאַר אַ בעסערן און מער באַוואוסטזיניקן לעבן צווישן די פעלקער פון דער וועלט.

אַ העלפט פון אַ יאָרהונדערט איז זיכער ניט קיין קליינער צייט־אָפּשניט. אין דער דאָזיקער צייט זיינען אידן אין אַמעריקע זיכער ניט געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט. אויב עס איז פיל פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג, האָבן די אידישע אימיגראַנטן פון אייראָפּע, די אידן פון רוסלאַנד, פּוילן, ליטע און רומעניע, דייטשלאַנד און פון אַ ריי אַנדערע לענדער, ניט פאַרלוירן קיין צייט אין קיין „פּוסטע חלומות״, אָדער אין בויען שלעסער אין דער לופטן. דאָס רייכע, דאָס פעסט־פּולסירענדע אידיש לעבן, וואָס איז אַנטוויקלט געוואָרן אויף דעם אַמערי־קאַנער קאָנטינענט, איז זיכער איינער פון די גרעסטע נסים אין דער צוויי טויזנטיעריקער אידישער געשיכטע, וואָס איז אין נסים קיינמאָל אָרים ניט געווען. דער גרעסטער נס באַשטייט אָבער אפשר אין דעם, וואָס פון די הונ־דערטער טויזנטער אידן, וואָס זיינען ווי אַרויסגעקומען פון די געטאָס פון די אָרימע און ווייניק־אַנטוויקלטע לענדער פון מזרח־אייראָפּע, וואו זיי זיינען אויסגעשטאַנען כל׳ערליי רדיפות און פּאָגראָמען, און געווען אָפּט אויסגע־שטעלט צו אַלערליי קראַנקייטן, הונגער און נויט, איז אַרויסגעוואַקסן דער גרויסער אַמעריקאַנער אידישער ישוב, וואָס איז פול מיט געזונטן אימפּעט און אומבאַגרעניצטער ענערגיע און וועלכער האָט באַוויזן פאַר דער ברייטער וועלט, ווי גרויס עס זיינען די אידישע פיאיקייטן, ווי שעפע־ריש עס איז דער אידישער אונטערנעמונגס־גייסט, ווען אידן קריגן די פולע פרייהייט פון אויסדרוק. די וואונדער שטאָט ניו־יאָרק, די וועלט־מעטראָפּאָליע, וואו עס וואוינען, כן ירבו, איבער צוויי מיליאָן אידן, איז זיכער דער בעסטער אויסדרוק פון אידישער אויפבוי־קראַפט, פון אידישער פאַנטאַזיע, פון אידישן

פאַרנעם אין דער גאַנצער געשיכטע פון אידן אין גלות. די גרויסע בראָדוויי, די שטאָלץ פון אַמעריקע און דער צענטער פון דער אַמעריקאַנער קונסט און קולטור וועלט, האָט זיכער פיל צו פאַרדאַנקען איר וועלט־באַרימטקייט צו אידישער אונטערנעמערישקייט און אידישער גאונות. פון קליינע און אָרימע און מיטלאַלטערלעכע שטעטלעך, אַלס אידן פון אַ גאַנץ יאָר, זיינען זיי געקומען אַהער אין דעם פּיאָנערן לאַנד, און זיינען געוואָרן וועלט־מענטשן און האָבן מיט דעם גאַנצן ברען פון זייערע אויסגעהונגערטע נשמות געגעבן דעם פולסטן אויסדרוק צו דעם אידישן גייסט, וואָס איז יאָרהונדערטער לאַנג געווען געפּענטעט דורך די ברוטאַלע רוסישע צאַרן, דורך די עגאָאיסטישע פּוילישע שליאַכטיטשעס און דורך פאַרשידענע מלכים און אַנדערע הערשער. זיי האָבן געשאַפן אינדוסטריעס גאַנצע, שטעט געבויט, מעכטיקע פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונגען געשאַפן.

הונדערטער טויזנטער אידישע אימיגראַנטן זיינען אין משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט געקומען צו די אַמעריקאַנער ברעגעס, און דאָרט וואו זיי האָבן זיך באַזעצט מאַסנוויז, דאָרט האָט אַלץ אָנגעהויבן צו בליען און שטאַרק זיך צו אַנטוויקלען. גאָר אַנדערש איז עס אָבער געווען אין די געגנטן, וואו די מאַסן־איינוואַנדערונג פון אידישע פּיאָנערן איז ניט אָנגעגאַנגען. יענע געגנטן, ווי למשל די „סאַוט", די דרום׳דיקע שטאַטן, זיינען געבליבן עד־היום, הינטערשטעליק און ווייניק אַנטוויקלט, אין פאַרגלייך מיט די מזרח טיילן און שפּעטער אויך מיט די מערב טיילן פון לאַנד. אַ גוטערביישפּיל פון אידישער אויפבוי קראַפט איז שפּעטער אויך געווען מיאַמי, פלאָרידע, וועלכע האָט ווי איבערנאַכט אויפגעבליט אין איינעם פון די רייכסטע פאַרוויילונגס צענטערס אין דער וועלט בלויז אַ דאַנק דעם, וואָס אידן האָבן זיך פלוצים פאַראינטערעסירט אין דעם האַלב טראָפּישן פּונקט ביים ברעג ים.

אָבער דאָך, ניט קוקנדיק אויף דער גרויסער אונטערנעמערישקייט און אפשר טאָקע טיילוויז צוליב דער זעלבער סיבה פון גרויסער פּיאָנערן קראַפט, האָט די גרעסטע אידישע געמיינדע אין דער וועלט, ניט געשאָנקען גענוג אויפמערקזאַמקייט צו דער לעבנסוויכטיקער פראַגע פון אידישער דערציאונג. די הונדערטער טויזנטער אידן זיינען געווען פאַרנומען מיט בויען אַמעריקע, מיט בויען די גרעסטע אידישע געמיינדע אין דער וועלט. זיי האָבן אָבער צו דער זעלבער צייט ניט אינגאַנצן קלאָר באַגריפן, אַז כדי צו צעמענטירן, כדי צו באַפעסטיקן דעם אידישן גייסט, וואָס איז אַזאַ נויטיקער עלעמענט אין דער גליקלעכער קאָמבינאַציע פון אַ אידישן אַמעריקאַנער, דאַרף דאָס אידישע קינד דאָ אין לאַנד קריגן אַ פּאַסנדע אידישע דערציאונג. די עלטערן האָבן

געדענקט פון דער אַלטער היים, ווי זיי אַליין און גאַנצע דורות אידן פאַר זיי, האָבן ניט געהאַט קיין צוטריט צו די רעגירונגס־שולן, צו דער ברייטער דערציאונגס סיסטעם אין די פאַרשידענע לענדער פון איראָפּע. געדענקט האָבן זיי מערסטנס דעם אָפּט פינסטערן נאַסן חדר, מיט דעם בייזן, ניט־זעלטן הונגעריקן רבי׳ן, מיט דער ציג און הינער און דעם רבי׳נס און דער רביצינס גרויסע משפחה קליינוואַרג, אויסגעמישט אַלץ און אַלעס צוזאַמען. איצטער, ווען דאָס אַלץ איז שוין אַ טייל פון דער פאַרגאַנגענהייט, באַזינגט מען אָפּט דעם אַמאָליקן חדר אין אַ נאָסטאַלגישער בענקשאַפט. אָבער די מאַסן אידן, וואָס זיינען פון איראָפּע געלאָפן צוליב פאַרשידענע סיבות קיין אַמעריקע, זיינען געווען גאָר צופרידן צו שיקן זייערע אייגענע קינדער אין די פרייע, דעמאָקראַטישע פּאָבליק סקולס פון די גרויסע און קליינע שטעט איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, וואו נאָר זיי האָבן זיך באַזעצט. אידן זיינען „געווען ביזי״ זיך אַליין אַריינצופּאַסן אין דעם נייעם אַרום, זיך אַליין צו געפינען אין דעם נייעם לאַנד, און זיי זיינען זיכער געווען איבערגליקלעך, וואָס די פרייע אַמעריקע האָט געגעבן זיי די זכיה צו שיקן זייערע אידישע קינדער אין דער זעלבער שול צוגלייך מיט די קריסטלעכע קינדער, צוגלייך מיט אַלעמען.

יעדע נייע ענדערונג, יעדער אומבייט, ווירקט אויף יעדן איינעם פון אונז. ווען איר געוואוינט זיך צו צו אַ הויז און ווערט דערצו צוגעבונדן, איז עס זיכער אַ פיינלעכע איבערלעבונג דאָס ארויסציען זיך פון דער אַלטער היים און דאָס אַריינגיין אין דער נייער וואוינונג. עס נעמט אַ צייט ביז איר געוואוינט זיך צו צו דער נייער סביבה. דער ביישפּיל פון אַריבערציען זיך אין אַ נייער הויז קען נאָך בעסער פאַרשטאַנען ווערן, ווען דאָס אַריבערציען זיך איז פון איין שטאָט אין אַ צווייטער. אַ נייע אומגעבונג, נייע שכנים, נייע פריינט. דער מענטש איז געגליכן צו אַ בוים, וואָס אַז מען נעמט אים אַרויס פון איין פּלאַץ צו אַ צווייטן, פאַרשאַפט עס אים גאָרנישט קיין געזונט. דערפאַר זיינען עס גאָר טיף די ליידן און שאַרף דער שניט, ווען אַ מענטש פאָרט אַריבער פון איין לאַנד אין אַ צווייטן. דער ווייטיק איז זיכער צום פאַרהיילן זיך, ווען די איבערוואַנדערונג קומט פאָר אין די קינדער יאָרן, אין די פריע קינדער יאָרן, איידער די רייפקייט זעצט זיך אַריין אין די כאַראַקטער־שטריכן. דאַן בלייבן ניט קיין זכרונות און אַלע בענקשאַפטן ווערן פאַרווישט אַזוי ווי אַ קינדערישער חלום. אַנדערש איז אָבער, ווען דער אימיגראַנט איז אַ דער־וואַקסענער מענטש. דאַן נעמט עס יאָרן און יאָרן ביז דער איינגעוואַנדערטער באַשליסט ענדלעך אַז דאָס נייע לאַנד איז זיין נייע היים.

איז עס גאַנץ פאַרשטענדלעך, ווען מיר געפינען אויך אין דער אידישער אימיגראַציע קיין אַמעריקע אָט דעם דאָזיקן עלעמענט פון בענקשאַפט. צו דער זעלבער צייט, וואָס אידן האָבן מיט כמעט נערוועזער פיבערישקייט געבויט, האָבן זיי צו דער זעלבער צייט ניט געקענט זיך אָפּגעבן קיין פולשטענדיקן דין־וחשבון ווי אַזוי דאָס אידישע לעבן זאָל דאָ אַוועקגעשטעלט ווערן. אויב עס נעמט חדשים און אפשר אַ פּאָר יאָר זיך צוגעוואוינען צו אַ נייער געגענט, צו אַ נייער שטאָט, נעמט עס זיכער צענדליקער יאָרן פאַר אַ פאָלק זיך צו אַקלימאַטיזירן, זיך איינצולעבן אין אַ נייעם לאַנד. דערצו, ווען דער אומ־בייט איז אַזאַ גרויסער. פון איין קאָנטינענט אין אַ צווייטן. פון איין קלימאַט אין אַן אַנדערן. פון איין קולטור צו גאָר אַן אַנדער קולטור. פון צווישן סלאַוון אַריבער צווישן אַנגלאָ־זאַקסן און פון די קליינע שטעטלעך אַרויס און אין די גרעסטע און טומלדיקסטע וועלט־שטעט אַריין. עס איז באמת אַ נס, וואָס אין אַזאַ אומבייט זאָלן מענטשן ניט אינגאַנצן צעריבן ווערן.

די פאַרשידענע קריטיקער פון דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין אַמעריקע (פאַראַן פיל בייזע קריטיקער צווישן זיי) געבן זיך אפשר ניט אָפּ קיין ריכטיקן חשבון וועגן אָט דעם צופּאַסונגס פּראָצעס, וואָס די אַמעריקאַ־נער אידן האָבן באַדאַרפט דורכמאַכן אין אַזאַ קורצער צייט. זיי רייסן פּאַסן, זיי שמייסן דאָס אידישע לייב, זיי פאַרשאַפן זיך אַליין זיכער ניט ווייניק פּיין, ווייל די מערסטע פון אָט די קריטיקער פון אידישן לעבן זיינען זיכער אויפ־ריכטיק, ווען זיי ווייזן אָן אויף די גרויסע פעלערן און ממש פאַרברעכערישע נאַכלעסיקייטן אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג. זיי פאַרגעסן אָבער, אַז דאָ, אין אַמעריקע, האָבן אידן צום ערשטן מאָל אין דער געשיכטע פון אי־דישער אויסגעשפּרייטקייט, אין דער געשיכטע פון צוויי טויזנטיעריקן אידישן גלות, געקראָגן די פולסטע געלעגנהייט צו לעבן אין פרייהייט און אין גלייכ־הייט. איבער הונדערט און אַכציק יאָר אַלט איז די אַמעריקאַנער דעמאָ־קראַטיע, און דאָס איז נאָך אַלץ די ערלעכסטע און גלאָררייכסטע וועלט־אָרדענונג אין דער געשיכטע פון דער גאַנצער מענטשהייט. טראָץ אַלע חסרונות, און טראָץ אַלע פעלערן, וואָס די, אָדער יענע אַדמיניסטראַציע באַגייט אַמאָל.

זיינען געקומען אידן אין אָט־דעם גרויסן לאַנד און עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז זיי זאָלן מיט דעם שאַרפסטן דורשט זיך צוכאַפּן צו די קוואַלן פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע, צו די קוואַלן פון דער אַמעריקאַנער פרייהייט. עס איז געווען ניט מער ווי נאַטירלעך, אַז די אידן זאָלן וועלן ווערן „מיט לייטן גלייך", זיך וועלן „אַמעריקאַניזירן" און זיך באַהעפטן ווי ווייט

מעגלעך מיט דער אַמעריקאַנישער קולטור־משפּחה. אויך די אידן אין איי־ראָפּע, די אידן אין רוסלאַנד, אין פּוילן, אין רומעניע און זיכער די אידן פון דייטשלאַנד און פראַנקרייך און ענגלאַנד האָבן עס געטאָן און טוען עס, און וועלן עס אויך ווייטער טאָן. דער אונטערשיד איז בלויז אין דעם, וואָס די קליינע צאָל אידן אין רוסלאַנד, וואָס האָבן געוואוינט אין די גרויסע שטעט, האָבן געכאַפּט ברעקלעך פון רייכן טיש, בעת די רוסן, און אפילו אַ טייל פון דער רוסישער אינטעליגענציע, האָבן דעם אידן געהאַסט און אים פאַראַכטעט. ענלעכעס איז, ווי באַוואוסט אויך געווען אין פּוילן, אין רומעניע און אין די קלענערע מזרח־איראָפּעאישע לענדער. דייטשלאַנד, — בפרט די דייטשלאַנד ביז היטלערן — איז אַ קאַפּיטל פאַר זיך אַליין.

איז עס געווען גאַנץ נאַטירלעך פאַר דעם ערשטן דור אידישע אימיגראַנטן, אַז ער זאָל אין זיין גרויסער באַגייסטערונג פאַר אַמעריקע זיך צוכאַפּן צו די קוואַלן פון אַמעריקאַניזם. אויב די נייע אימיגראַנטן האָבן שוין אַליין ניט געקענט באַוויזן זיך אויסצולערנען דעם „ריכטיקן ענגליש", אויב זיי אַליין האָבן צוליב זייער עלטער און צוליב דאגות פרנסה ניט געקענט באַוויזן צו ווערן „ריכטיקע אַמעריקאַנער", האָבן זיי כאָטש געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן האָבן אָט די גרויסע געלעגנהייט צו לערנען פריי אין די רע־גירונגס־שולן, פון גיין „זיך לערנען" צוגלייך מיט אַלע קינדער פון די פאַר־שידענע גרויסע פעלקער פון דער וועלט, און ווערן באַהאַנדלט צוגלייך מיט די קינדער פון דער מאַיאָריטעט, צוגלייך מיט די קינדער פון די איירישע, פון די ענגלענדער, פון די פראַנצויזן, פון די דייטשן, פון די פּאָליאַקן. אַלע זיינען אַמעריקאַנער און די אידן זיינען פּונקט אַזעלכע אַמעריקאַנער ווי אַלע אַנדערע.

אָט די נייע גרויסע געלעגנהייט, וואָס אַמעריקע האָט געגעבן אידישע עלטערן איז געווען דער ערשטער פאַל אין דער מאָדערנער אידישער גע־שיכטע, ווען דאָס אידישע פאָלק האָט צום ערשטן מאָל אין הונדערטער און אפשר טויזנטער יאָרן געקראָגן די רעכט צו שיקן דאָס אידישע קינד אין דער רעגירונגס־שול, ניט דאַרפנדיק דערפאַר אָפיציעל באַצאָלן מיט פאַרפאָל־גונגען, בלבולים, באַליידיקונגען און אָפט אויך מיט זיין אידישקייט. די אַמעריקאַנער פּאָבליק־סקול איז פאָרמעל פריי פון רעליגיעזן איינפלוס.

דאָך אָבער זעען מיר, ווי אין זייער דראַנג צו ווערן אַ טייל פון אַמעריקע, האָבן די אידישע מאַסן אין דעם פרייען לאַנד געמאַכט אַ קאַרדינאַלן טעות. זיי האָבן פאַרנאַכלעסיקט אין משך פון אַ דור, אַ גאַנצן אָדער מער, די אידישע דערציאונג פון די הי־געבוירענע קינדער. די צייט אָבער — זאָגט ערגיץ אַ

פאָלקס־ווערטל — איז דער בעסטער דאָקטאָר, וואָס פאַרהיילט די שווערסטע וואונדן. און אַזוי זעען מיר, ווי אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, האָבן דווקא די אַמעריקאַנער געבוירענע אידן, די וואָס ווייסן אַליין נישט גענוג וועגן אידישקייט, אָנגעהויבן אַ פאַרשטאַרקטן קאַמף פאַר אַ מער טראַדיציאָנעלער, מער אינהאַלטסרייכער אידישער דערציאונג פאַר זייערע קינדער, די קינדער פון ערשטן און צווייטן דור אַמעריקאַנער געבוי־רענע.

## 17

# די אידישע אַמעריקאַנער־געבוירענע עלטערן לעבן איבער אַ שווערן גייסטיקן קריזיס

**דער אַמעריקאַנער געבוירענער אידישער דור, וועלכער האָט אַליין נישט געקראָגן קיין געהעריקע אידישע דער־ציאונג, וויל זיינע אייגענע קינדער דוקא יאָ פירן אויף דעם אידישן דרך. — די אַמעריקאַנער אידישע עלטערן האָבן אָבער ניט גענוג וויסן דערצו. — זיי דאַרפן ערשט ווערן פּיאָנערן אויף אַ געביט פון געפינען אַן אמת'ן אידיש־אַמעריקאַנישן לעבנסוועג.**

די אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו בויען זייערע פאַמיליעס אין די פערציקער און פופציקער יאָרן, ווילן פאַר זייע־רע קינדער אַ אידישע דערציאונג. זיי ווילן אַ אידישע דערציאונג צוליב אַ סך טעמים. איינע פון די סיבות איז זיכער דער פאַקט, וואָס דער אַמעריקאַנער אידישער דור פילט, אַז זיינע עלטערן האָבן אים געגעבן אפשר אַלץ, אָבער זיי האָבן אים נישט געגעבן קיין אייגענעם גייסטיקן באַגאַזש. אָט די אידייען, וואָס דער אידישער אימיגראַנט האָט געבראַכטביים סוף 19טן און אָנהויב 20טן י. ה. פון אייראָפּע, די אידייען פון סאָציאַליזם, אַנאַרכיזם און אַלע אַנדערע איזמען, האָבן אינזינען געהאַט די גאַנצע וועלט, אַזוי ווייט ווי אינדיע און כינע, זיי האָבן אָבער, ליידער, געלאָזט דעם אידישן מענטשן, וואָס איז גע־בוירן געוואָרן אין אַמעריקע, שטייען כמעט אַ גייסטיק־נאַקעטן. די אַמערי־קאַנער געבוירענע, די הי־געבוירענע אידישע טאַטע־מאַמע, זיי האָבן אָבער אַ גאָר אַנדער באַציאונג צו אַמעריקע. אַמעריקע איז זייער געבורטס לאַנד. פאַר די אַמעריקאַנער געבוירענע אידן זיינען אַלע לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס האָבן פאַרבונדן און פאַראייניקט אַזוי איינג און וואַרעם דעם אידישן אי־מיגראַנט דאָ אין לאַנד, אַ זאַך בלויז, וועגן וואָס זיי האָבן עפּעס געהערט, אַ זאַך פון יענער זייט ים, וואָס איז שוין פיזיש אפילו מער ניטאָ. די גרויסע מאַסע אידישע אימיגראַנטן, וואָס איז שוין פון לאַנג „אויסגעגרינט“, האָט זיך היפּש שפּעטלעך געכאַפּט, אַז אידישקייט פאַר די דאָ־געבוירענע קינדער, פאַר די איי־גענע קינדער, וואָס זיינען שוין פאַרהייראַט, וואָלט געוועזן זייער אַ „גוטער

ביסן״. עס איז שוין אָבער צו שפּעט. אָבער נאָך אַלץ ניט צו שפּעט! און אפילו דאָ קען מען גוט באַנוצן דאָס קלוגע ווערטל, אַז „בעסער שפּעטער, ווי קיינ־מאָל״. דערפאַר זעען מיר טאַקע, ווי די זעלבע טוער פון די אַרבעטער רינג און פאַרבאַנד שולן, וועלכע האָבן געהאָלפן פירן די שולן אין אַ „וועלטלעכן״ גייסט, האָבן אָנגעהויבן צו ענדערן דעם פריערדיקן קורס און זיי העלפן פירן זייערע שול־סיסטעמען אויף אַ מער אידיש־טראַדיציאָנעלן שטייגער. עס איז אפשר אמת, אַז די געשעענישן פון צווייטן וועלט־קריג, דאָס אומקומען פון זעקס מיליאָן אידן דורך דעם בלוטיקן נאַציזם און דער אויפקום פון מדינת ישראל, האָבן פיל בייגעטראָגן דערצו. מען קאָן אָבער ניט מינימיזירן דעם פאַקט, וואָס די דאָ־געבוירענע אידישע עלטערן פילן, אַז זיי מוזן האָבן אַ גייסטיקן אָנשפּאַר, אן אמעריקאַנער אידישקייט אַן־און־פאַר־זיך, אַ גייסטיקע היים פאַר זיך און פאַר די קינדער.

אָט דער געפיל פון גייסטיקער נאַקעטקייט פון אַמעריקאַנעם געבוירענעם אידישן דור איז פאַר אַן אייראָפּייאיש־געבוירענעם דענקענדן אידן ניט אַזוי לייכט צו פאַרשטיין. וואָס הייסט עס אַזוינס? וועט ער אייך פרעגן. וואָס הייסט עס אַזוינס פאַר אַ אידן זיין גייסטיק נאַקעט? אַן אייראָפּייאיש געבוירענער איד ווייסט, אַז ער איז אַ איד און „דאַטס אָל״. אַ איד פון אייראָפּע איז געבוירן געוואָרן אין אַ אידישער איינגעפונדעוועטער סביבה. ער איז אויסגעוואַקסן און איינגעזאַפּט „מיט דער מאַמע׳ס מילך״ זיין אידישקייט. ווען אַזאַ איד איז געקומען קיין אַמעריקע איז ער דאָ גלייך אַריין אין אַ אידישער אומגע־בונג. צי דאָס איז געווען די באַוועגונג, צו וועלכער ער האָט באַלאַנגט, צי די חברה אָדער גאָר די לאַנדסמאַנשאַפט. אַזאַ איד, אפילו ווען ער האָט זיך שפּעטער דערווייטערט פון די לאַנדסלייט, האָט ער אַלץ געפילט, אַז „ער באַלאַנגט״, אַז ער געהערט צו דער אָדער יענער גרופּע פון אַרויפגעאַרבעטע, פון די „ריכטיקע אַמעריקאַנער״... עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דווקא דער פרעמד־געבוירענער איד, דער, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַלע שוועריקייטן, אַלע צרות פון דער אימיגראַציע און פון די שווערע אימיגראַציע יאָרן, דוקא אָט דער איד, האָט זיך שטענדיק געפילט און פילט זיך אין אַמעריקע „אייגן״. דער אידישער אימיגראַנט האָט ליב אַמעריקע! ערשטנס — ווייל ער האָט דאָס לאַנד אויסגעקליבן, ער איז, הייסט עס, „ען אַמעריקען ביי טשאָיס״, און, צווייטנס, ווייסט ער טאַקע מיט אַלע זיינע רמ״ח אברים, אַז ער איז געווען אַ פּיאָנער, ער האָט אויף זיינע פּלייצעס, יעדער אויף זיין געביט, געהאָלפן בויען דאָס דאָזיקע וואונדערבאַרע גרויסע לאַנד, דעם דאָזיקן גרויסן היסטאָרישן אי־דישן ישוב.

דער נייער אידישער דור, די קינדער פון מזרח־אייראָפּעאישע אידישע על־טערן, דער נייער דור אידישע באַלעבאַטים, מערסטנס נאָך גאָר יונגע מענטשן, ווי אַזוי פילט אָט דער דור?

נאַטירלעך, אַז איר וועט צוגיין צו איינעם אַזאַ יונגען אידישן מענטשן אין אַמעריקע און אים פרעגן „האו דו יו פיל?" — וועט דער ערשטער נאַטיר־לעכער ענטפער זיין „טענקיו, אַי פיל אָלראַיט!", „ענד האַו דו יו פיל?" — וועט ער אייך מסתמא צוריקפרעגן.

אַז איר וועט אָבער זיך פאַראינטערעסירן (און זיכער האָט איר עס באַ־מערקט אין אייער קינד, אויב ער אָדער זי זיינען פאַרהייראַט) וועט איר זען, אַז עס פעלט עפּעס. אויב נאָר אייערע קינדער זיינען פון דעם טיפּ, וואָס פאַר־טראַכטן זיך, און גאָר גאָר אַ סך אידישע יונגע פּאָרלעך „טראַכטן", ווייסט איר פון די געשפּרעכן זייערע, אַז זיי „פעלט עפּעס". אויב זיי האָבן אין זייער יוגנט באַלאַנגט צו דעם „יאָנג סוירקל ליג", צו די דזשוניאָר ליג׳ס פון די פאַרשידענע לאַנדסמאַנשאַפטן, צי די יאָנג מענ׳ס בענעפישעל סאָסייעטיס, אָדער צו וועלכער עס איז אַנדער גרופּע, פילן זיי אָבער איצט, אַז עס איז ביי זיי געבליבן אַ מין „וואַקום", אַ ליידיקייט, אַ מין תוהו ובוהו. די אַלע גרופּן זיי־נען געווען פון יענעם טיפּ אָרגאַניזאַציעס, וואָס די עלטערן האָבן געבראַכט פון אייראָפּע און וועלכע האָבן קיין טיפע וואָרצלען דאָ ניט געשלאָגן.

טאָ וואָס זשע בלייבט פאַר דעם הי־געבוירענעם אידן? וואָס בלייבט אפילו פאַר דעם, וואָס איז ציוניסטיש געשטימט, וואָס איז ציוניסטיש באַ־וואוסטזיניק, אויב דער גאָר גרעסטער טייל ווייסט, אַז קיין מדינת ישראל וועט מען ניט פאָרן זיך באַזעצן, און אויב מען פאָרט יאָ, איז עס בלויז אויף אַ באַזוך? וואָס בלייבט פאַר אָט די אַמעריקאַנער געבוירענע?

די דאָזיקע פראַגע האָט זיך ווינציק געשפּירט, כל זמן די אַמעריקאַנער געבוירענע זיינען נאָך געווען אַ טייל פון זייערע אייראָפּייאישע טאַטע־מאַמע׳ס הויזגעזינט. דאַן זיינען זיי, אין די קינדער יאָרן און יוגנט יאָרן, מסתמא מיט־געגאַנגען מיט די עלטערן און זיינען געווען אַ טייל פון דעם אימיגראַנטישן לעבן אין אַמעריקע. איצט אָבער, ווען זיי זיינען שוין באַלעבאַטים פאַר זיך, וואָס זאָלן זיי טאָן? און מיר מוזן אַלע פאַרשטיין, אַז די אַמעריקאַנער סביבה איז גאָר אַנדערש, ווי די סביבה אין די לענדער פון אייראָפּע, וואו די פּאַרטייען און פאַרטייעלעך מערן זיך און פּרוכפּערן זיך, שוין פּשוט צוליב דעם אַליין, וואָס די עקאָנאָמישע אומצופרידנקייט רופט אַרויס אויפברויז און שטורעם. דער אַמעריקאַנער געבוירענער איד, ווען ער בלייבט שטיין אויף די אייגענע פיס, ווען ער דאַרף שוין דערציען זיינע אייגענע קינדער, לאָזט

ער זיך, נאַטירלעך, אַוועק אויף דעם וועג פון דער אַמעריקאַנער מערהייט. אַ גאַנצע וואָך מעגן זיי הוליען און טומלען, יעדער איינער אויף זיין שטייגער, קומט אָבער זייער רו־טאָג, ווייסט יעדער אַמעריקאַנער גוט און געגוי און אויף אַ גאָר אויסגעשפּראָכענעם אופן, וואוהין ער באַלאַנגט. די גאָר גרויסע מער־הייט אַמעריקאַנער האָט אַ צענטער, האָט אַ קירך, האָט אַן אַדרעס. די אַמערי־קאַנער מערהייט, די אַמעריקאַנער יונגע פאַמיליעס, די קריסטלעכע יוגנט, זי האָט אָט־דעם וועג גרייט און פאַרטיק איבערגעגומען פון די עלטערן. פאַר זיי איז אָט דער לעבנסוועג געווען אויסגעאַרבעט ווי אַ געלייזטע מאַטעמאַ־טישע פאָרמולע. ליידער אָבער איז פאַר דער אידישער יוגנט אַזאַ וועג ניט געווען כמעט אינגאַנצן אָנגעגרייט און ווען עס איז געקומען פאַר די נייע אַמעריקאַנער אידישע פּאָרלעך „צו גיין אין דער וועלט” און ווערן מיט מענטשן גלייך, דאַן האָבן זיי דערפילט, אָט די יונגע אַמעריקאַנער געבוירענע, אַז זיי דאַרפן ערשט אויף דאָס ניי ווערן פּיאָנערן און אויף דאָס ניי זיך ערשט צופּאַסן. זיי דאַרפן ווערן אידיש־גייסטיקע פּיאָנערן און זיי זיינען ליידער ניט צוגעגרייט דערצו. די יונגע אַמעריקאַנער קענען זייער פּראָבלעם ניט לייזן מיט „וועלטלעכקייט”, מיט אָט דער זעלבער „וועלטלעכקייט”, מיט וועלכער זייערע עלטערן האָבן זיך אַ גאַנץ לעבן געצאַצקעט, געפּוצט. די אַמעריקאַנער געבוירענע אידן מוזן לייזן זייערע פּראָבלעמען בלויז אויף אַ אידיש נאַציאָ־נאַלן אופן. דערפאַר זעט איר טאַקע אין די נייע אידישע געגנטן אַזעלכע גרויסע צענטערס, מיט די גרויסע מגן דוד׳ס, מיט די גאָר פינקלדיקע גרויסע און שרייענדיקע בשר כשר שילדן און אַ. וו. ווייל די יונגע אַמעריקאַנער מוזן זיך אידענטיפיצירן, אי פאַר זיך, אי פאַר דער ברייטער אַמעריקאַנער עפנטלעכקייט, אַלס אידן, און ניט ווי זייערע עלטערן, טאַטעס און זיידעס, וואָס האָבן זיך הויפּטזעכלעך אידענטיפיצירט אַלס אידישע אימיגראַנטן מיט פאַרשידענע „איזמען” און אידעאַלן.

גאָר אַן אַנדער ענין איז עס אָבער, ווען עס קומט צו דער פראַגע פון אידישער דערציאונג. דאָ איז דער געביט שוין אַ דעליקאַטער. די אַמערי־קאַנער געבוירענע אידישע עלטערן ווייסן זיך פּשוט ניט ווי אַזוי צו פאַנאַנדער־קלייבן אין דער פּראָבלעם.

דערפאַר האָט זיך אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין אידישן לעבן פון אַמעריקע געשאַפן אַזאַ לאַגע, וואו די פראַגע פון אידישער דערציאונג איז געוואָרן איינע פון די צוויי, דריי וויכטיקסטע פּראָבלעמען אויף דער געזעלשאַפטלעכער טאָג אָרדנונג. דער יונגער דור עלטערן איז געווען דורשטיק און האָט געוואָלט וויסן אַלץ מער וועגן דעם דאָזיקן קאַרדינאַלן ענין.

# 18

# אידן אין אַמעריקע האָבן אויסגעגעבן אַרום פופציק מיליאָן דאָלער אַ יאָר אויף אידישער דערציאונג

**אויף עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג אַליין האָבן אַמעריקאַנער אידן אויסגעגעבן 40 מיליאָן דאָלער. — יערליכער בודזשעט פון מדינת ישראל פאַר עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג איז אויך געווען אַרום 40 מיליאָן. — אין 1935 האָבן אידן אין אַמעריקע אויסגעגעבן בלויז קרוב צו פינף מיליאָן פאַר אידישן חינוך פון קינדער פון 5 ביז 14. — איבער צען מיליאָן אַ יאָר פאַר העכערער אידישער דערציאונג. — יערליכער פּראָצענט פון אידישע קינדער אין אידישע שולן כמעט געוואָקסן אויף דריי מאָל אַזויפיל ווי אין יאָר 1900.**

וויפל אַ שטייגער דענקט איר האָבן די אַמעריקאַנער אידן אויסגעגעבן אַ יאָר אויף אידישער דערציאונג? מיר שטעלן די דאָזיקע פראַגע און מיר מוזן גלייך מאַכן אַ קליינע באַמערקונג: די ציפער, וואָס מיר וועלן דאָ אָנגעבן, איז אַ היפש־קאָנסערוואַטיווע. מעגליך גאָר אַ היפש־אונטערגעשאַצטע. די ציפער איז אויך ניט קיין הונדערט פראָצענט גענויע, ווייל קיינער האָט נאָך דערוויייל ניט באַוויזן צו זאַמלען אַלע סטאַטיסטישע פאַקטן וועגן די אויסגאַבן פון דעם אידישן חינוך דאָ אין לאַנד, פונקט ווי עס איז דערוויייל נאָך אַלץ ניט דורכגעפירט געוואָרן קיין גענויע אויספאָרשונג וועגן דער צאָל אידן אין אַמעריקע. סיבות פאַרוואָס קיין גענויע ציפערן זיינען ניט פאַראַן, זיינען דאָ אַ היפש ביסל. די הויפּט־אורזאַך איז אָבער די, וואָס דער אידישער דערציאונג־וועזן האָט ערשט אין דער צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט

אָנגעהויבן ערנסט צו גיין אויף דעם וועג פון געזעלשאַפטלעכער אָרגאַני־זירטקייט, און עס איז צו האָפן, אַז מיט דער צייט וועלן די ציפערן זיין געטויערע.

לויט די פאַרשידענע אויסרעכענונגען און לויט די געשפרעכן מיט די פירנדע פערזענלעכקייטן אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג, איז געשאַצט געוואָרן אַז אידן אין אַמעריקע האָבן אויסגעגעבן איבער 50 מיליאָן דאָלער אויף אידישער דערציאונג יעדעס יאָר.

כאָטש היינטיקע צייטן זיינען מיר געוואוינט צו גאָר גרויסע ציפערן, באַזונדערס ביי אונז אין אַמעריקע, וואו מ'האַלט אין איין רעדן וועגן הונדערטער מיליאָנען און ביליאָנען, פונדעסטוועגן איז די ציפער פון פופציק מיליאָן דאָלער אַ גאָר, גאָר היפּשע. באַזונדערס ווען מען נעמט אין אָנבאַטראַכט, אַז די גאָר, גאָר גרעסטע מערהייט אידישע קינדער גייט דאָך אין דער אידישער שול בלויז אַלס צוגאָב. דער פּראָצענט אידישע קינדער, וואָס גייט אין אַ גאַנצער אידישער שול, אין די ישיבות קטנות, איז פּראָפּאָרציאָנעל נאָך אַלץ געוועזן אַ היפּש קליינער (נאָענט צו ביין פּראָצענט).

עס איז געוועזן אין מאַי, 1951, ווען מיר האָבן פאַרעפנטלעכט אין דעם ניו־יאָרקער „טאָג" אונזער ערשטע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם, וויפל די אַמע־ריקאַנער אידן גיבן אויס יעדעס יאָר אויף אידישער דערציאונג. אונזער אָפּהאַנדלונג איז געוועזן באַזירט אויף אַ געשפּרעך, וואָס מיר האָבן דאַן געהאַט מיט דר. אוריה צבי ענגעלמאַן, אָנפירער פון אויספאָרש דעפּאַרט־מענט פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג. צו יענער צייט האָט די צאָל אידישע קינדער אין די פאַרשידענע אידישע שולן דערגרייכט איבער 266 טויזנט. פון די פאַרשידענע אויספאָרשונגען און שטודיעס האָט מען געוואוסט די גענויע צאָל קינדער אין די ישיבות קטנות, אין די שולן, וואו מען לערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך, ווי אויך אין די שולן, וואו מען לערנט בלויז איין מאָל אַ וואָך. מען האָט אויך געוואוסט, וויפל עס קאָסט אָפּ דאָס לערנען אַ קינד אין יעדן טיפּ שול. און אַזוי אַרום איז דר. ענגעלמאַן געקומען צום אויספיר, אַז אידן אין אַמעריקע האָבן אין יאָר 1951 אויסגעגעבן אויף עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג די סומע פון צוואַנציק מיליאָן דאָלער אַ יאָר.

אָבער דאָס אַלץ איז געווען אין 1951.

אין 1956 האָט זיך אָבער דאָס בילד גאָר היפּש געביטן.

און געביטן האָט עס זיך אַ סך צום בעסערן. און דער אונטערשייד פון די ציפערן — סיי אין דער צאָל קינדער, סיי אין דער סומע געלט, איז

געווען דער בעסטער באַווייז ווי שנעל דאָס אידישע דערציאונגס וועזן אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו גיין פּאָראויס!

אין 1950 איז די צאָל קינדער אין די עלעמענטאַרע אידישע שולן געווען, ווי געזאָגט, 266,609.

אין יאָר 1956 איז די אָפּיציעלע ציפער געווען: 399,518.

לויט אַן אַנדער אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, ווידער אונטער דער דירעקציע פון דר. אוריה צבי ענגעלמאַן, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן דאָס פאָלגנדע וועגן דעם צאָל קינדער אין די פאַרשידענע מינים שולן:

| | |
|---|---|
| אין די ישיבות קטנות: | 30.268 |
| אין די שולן עטלעכע טעג אַ וואָך: | 161.193 |
| אין די סאָנדעי סקולס: | 208.057 |

אין אַ צווייטער אויספאָרשונג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז עס האָט אָפּגעקאָסט, דורכשניטלעך, דאָס לערנען אַ קינד אַ יאָר, ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| אין די ישיבות קטנות: | $ 360.00 |
| אין די עטלעכע טאָג אַ וואָך־שולן: | $ 108.00 |
| אין די זונטיק שולן: | $ 35.00 |

ווען איר מאַכט אַ חשבון פון יעדן טיפּ שולן באַזונדער, קומט עס אויס, ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| ישיבות קטנות: | $ 10.896.480 |
| עטלעכע טעג אַ וואָך: | $ 17.408.844 |
| זונטיק שולן: | $ 7.281.995 |
| | $ 35.587.319 |

אין זיין חשבון פון עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג, האָט דר. ענגעלמאַן אויך צוגערעכנט די סומע פון אַרום דריי מיליאָן דאָלער אַ יאָר פאַר דעם אויפהאַלטן פון פאַרשידענע צענטראַלע און לאָקאַלע אידישע דער־ציאונגס אַגענטורן, דאָס אויפהאַלטן פון לערער־אינסטיטוטן, וואו עס ווערן געשולט די לערער פאַר די עלעמענטאַרע שולן, און אַ. וו. דר. ענגעלמאַן האָט, נאַטירלעך, ניט צוגערעכנט די מיליאָנען דאָלער, וואָס אידן אין אַמע־ריקע האָבן יאָר־יערלעך אויסגעגעבן צום בויען נייע צענטערן, נייע און בעסערע שול געביידעס. דאָס איז אַ גאָר אַנדער קאַפּיטל אַן־און־פאַר זיך. אָבער ווי עס זאָל ניט זיין — די אַמעריקאַנער אידן האָבן אויסגעגעבן אַרום פערציק מיליאָן דאָלער אַ יאָר אויף דער אידישער דערציאונג פון קינדער אין עלטער פון 5 ביז 14 יאָר.

אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן, אַז אין זעלבן יאָר — אין 1956 —

האָט אויך מדינת ישראל געהאַט אַן ענליכן בודזשעט פאַר עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג מכל המינים. פערציק מיליאָן דאָלער. עס איז אַ טשי־קאַווער און אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער צופאַל.

עס ווערט געשאַצט, אַז אידן אין אַמעריקע האָבן אויסגעגעבן אַלץ צוזאַמען, אַרום 50,000,000 דאָלער פאַר אידישן חינוך. אויב מיר זאָלן רעכענען, אַז 40 מיליאָן איז אַוועק פאַר עלעמענטאַרער דערציאונג, דאַן קען מען אויך רעכענען, אַז אויף אידישער האַי־סקול און העכערער דערציאונג איז אַוועק אַרום 10 מיליאָן דאָלער. צווישן די ערשטע דריי העכערע אידישע לער־אַנ־שטאַלטן אין אַמעריקע ווערן פאַררעכנט דער ישיבה אוניווערזיטעט, מיט אַלע זיינע שולן און אָפּטיילונגען; דער אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר אין אַמעריקע מיט אַלע זיינע שולן און אָפּטיילונגען און דער פּאַראייניקטער היברו יוניאָן קאָלעדזש — דזשואיש אינסטיטוט אָוו רעלידזשען, פון סינסינעטי און ניו־יאָרק.

צוויי וויכטיקע אידישע לער־אַנשטאַלטן זיינען פאַראַן אין פילאַדעלפיע. זיי זיינען דער דראָפּסי קאָלעדזש און גרעץ קאָלעדזש. אין שיקאַגאָ זיינען דאָ דער קאָלעדזש פון אידישן וויסן, וועלכער גרייט צו לערער, און דער היברו טעאָלאָגישער קאָלעדזש. אין לאָס אַנדזשעלעס איז דאָ דער אוניווערזיטעט פון אידישן וויסן, וואָס איז אַ צווייג פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. אויך אַ טייל פון די ליובאַוויטשער ישיבות ווערן פאַררעכנט אַלס העכערע לער־אַנשטאַלטן. פאַראַן אַ וויכטיקער אידישער לערער קאָלעדזש אין באָסטאָן, ווי אויך דער ראַביניקל קאָלעדזש אין קליוולאַנד, אָהייאָ. און דער באַלטימאָר היברו קאָלעדזש. עס איז פאַראַן די גרויסע ישיבה תורה ודעת, ישיבת יעקב יוסף, די מירער ישיבה, ישיבת חיים בערלין, תפארת ירושלים, ישראל סאַלאַנטער — אַלע אין ניו יאָרק. דער אידישער לערער סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט איז אַן אינסטיטוציע פון העכערער אידישער בילדונג. און ווי באַוואוסט עקזיסטירן העברעאישע האַי־סקולס, פולע טאָג־שולן פאַר דער אידי־שער האַי־סקול יוגנט אין אַ צאָל גרעסערע אידישע צענטערן איבער גאַנץ אַמעריקע. פאַראַן אויך אַ גאַנצע ריי אידישע פאָרש־אינסטיטוטן און היסטאָ־רישע און וויסנשאַפטלעכע געזעלשאַפטן, וועלכע מען קען צורעכענען צו דער גרויסער נעץ אידישע לער אינסטיטוציעס. ווען מען גיט אַ קוק אויף דעם היפשן צעטל פון אָט די אינסטיטוציעס קען מען זיכער קומען צו דער איבער־צייגונג, אַז די סומע פון צען מיליאָן דאָלער יערלעך ווערט אויסגעגעבן אין אָט די קערפּערשאַפטן.

די צען מיליאָן דאָלער פאַר העכערער אידישער דערציאונג זיינען גע־

שאַפן געוואָרן דורך ספּעציעלע געלט אַקציעס און קאַמפּעינס, אָנגעפירט פון די העכערע לער־אינסטיטוציעס זעלבסט.

די סומע פון איבער 30 מיליאָן דאָלער יערלעך פאַר עלעמענטאַרער דערציאונג איז געשאַפן געוואָרן פון די פאַרשידענע קאָנגרעגיישאָנס, צענטערס און אָרגאַניזאַציעס זעלבסט, ביי וועלכע די שולן האָבן זיך געפונען, ווי אויך טיילווייז פון שכר־לימוד. די טענדענץ איז אָבער געווען אַזאַ, אַז די געמיינדע זאָל איבערנעמען דאָס גאַנצע פּראָבלעם פון אידישן חינוך. דאָס וועט אפשר ביט מיינען, אַז די פאַרשידענע קאָנגרעגיישאָנס וועלן דאַרפן געבן ווייניקער פאַר דעם אויפהאַלט פון די שולן. עס איז גאַנץ זיכער, אַז די אויסגאַבן וועלן גאָר נאָך פאַרגרעסערט ווערן. ווייל בעסערע און גרעסערע שולן פאָדערן גרעסערע אויסגאַבן, בעסערע איינריכטונגען, מער און טאַקע אויך בעסער־צוגעגרייטע לערערס. דער אונטערשייד וועט אָבער מערסטנס זיין דערין, וואָס אויב דאָס אידישע שול־וועזן זאָל ווערן מיט דער צייט אַ געזעלשאַפטלעכער ענין, דאַן וועט מער נישט קענען הערשן אַזאַ צעשווימענקייט און אַזאַ לייכטהאַרציקייט, וואָס עס איז שייך צו די רעזולטאַטן פון דער אידישער דערציאונג. ווייל אויב עס וועט מיט דער צייט געשאַפן ווערן אין די מערסטע שטעט איבער אַמעריקע, וואו עס געפינט זיך אַ באַדייטנדע אידישע באַפעלקערונג, אַ פאַראייניקטע אידישע שול־סיסטעם, דאַן וועלן די שולן זיין פאַראַנטוואָרטלעך צו אָט דער נייער דערציאונגס קערפּערשאַפט און זיי וועלן טאָן אַלעס מעגלעכעס צו דערגרייכן די בעסטע רעזולטאַטן, און זען, אַז די פּראָגראַם פון די לימודים זאָל זיין אויף אַ געהעריקער הויך.

מיר ווילן דאָ פאַר אונזערע לייענער אויפקלערן אַ זייער וויכטיקן פּונקט. ווען מיר רעדן וועגן אידישער דערציאונג, מיינען מיר דוקא נישט קיין דערציאונג בלויז אויף אידיש. יאָ, עס איז שוין געקומען, דוכט מיר, די צייט, אַז אפילו די שטאַרקסטע קעמפער פאַר אידיש דאָ אין לאַנד מוזן שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז אידישקייט איז ניט בלויז אידיש. דער פאַקט איז, אַז היפּש ווייניקער ווי 5 פּראָצענט פון אַלע קינדער, וואָס גייען אין וועלכער־עס־איז אידישקייט־שולע, לערנען אין די אידיש־שולן. יאָ, ליידער שוין ווייניקער פון פינף פּראָצענט. די דאָזיקע צאָל איז אַ געפערלעך קליינע און עס וועט זיין פיל געזינטער פאַר דעם קאַמף פאַר אידיש דאָ אין לאַנד, ווען מיר וועלן וואָס פריער זיך דערוויסן די אמת׳ע פאַקטן און זען צו פאַרבעסערן, אויב מעגלעך, די דאָזיקע באמת טרויעריקע לאַגע, איידער זיך איינצורעדן ווער־ווייסט־וואָס פאַר־אַ־גליקן און, ווי דער שטרויס־פויגל, האַלטן דעם קאָפּ פאַרגראָבן אין

זאַמד. די פראַגע פון אידיש צווישן דער יוגנט באַהאַנדלען מיר אין אַ צאָל באַזונדערע קאַפּיטלעך, געווידמעט צו דעם שול־וועזן אויף אידיש.

אין דעם אָפיציעלן רעגיסטער פאַר אידישן חינוך, וואָס איז אין 1951 צום ערשטן מאָל אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַסאָ־סיאַציע פאַר אידישער דערציאונג אונטער דער רעדאַקציע פון דעם עקזע־קוטיוון דירעקטאָר יהודה פּילטש, ווערט אָנגעגעבן, אַז די צאָל אידישע קינדער אין אַמעריקע, וועלכע האָבן אין יאָר 1950 געקראָגן וועלכע עס איז אידישע דערציאונג איז 266,609. די צאָל אידישע קינדער אין עלעמענטאַרן שול עלטער איז אין זעלבן יאָר געווען 634 טויזנט מיט 845. ווען איר וועט אַ רעכן טאָן, וועט איר זען, אַז דער יערליכער פּראָצענט פון די קינדער, וואָס זיינען געגאַנגען אין אַ אידישער שול איז שוין דאַן געווען איבער פערציק. און אַז איר וועט נאָך אַביסל ווייטער אַ שטודיר טאָן, וועט איר איינזען נאָך אַ דערפרייענדע דערשיינונג: דער פּראָצענט פון קינדער, וואָס ווערן געשיקט אין אידישע שולן האַלט זיך אין פאַרגרעסערן ניט בלויז פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר, זינט עס מערקט זיך אַ מין אויפלעבונג אין אידישקייט, נאָר אָט דער פּראָצעס גייט אָן שוין יאָרן און יאָרן. דערפאַר וועט זיין אינטערעסאַנט צו פאַרגלייכן אפילו די איצטיקע צי־פערן, די סטאַטיסטישע פאַקטן פון היינט מיט די סטאַטיסטישע באַריכטן פון צוריק מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט. דר. ענגעלמאַן ברענגט אונז אין זיין אויס־פאָרשונג אַ באַריכט פון יאָר 1900. לויט דער טאַבעלע, וואָס איז פאַרעפנטלעכט אין דעם אידישן דערציאונגס רעגיסטער ווי אויך אין יאָרבוך פון דער „אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע", וועלכע גיט יעדן יאָר אַרויס אַן איבער־זיכט איבער דער לאַגע פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, האָבן אין יאָר 1900 זיך געפונען אַ מיליאָן מיט איבער 58 טויזנט אידן אין אַמעריקע. די צאָל קינדער אין עלעמענטאַרן שול־עלטער, דאָס הייסט, פון 5 ביז 14 יאָר, איז געווען 222 טויזנט מיט 208. די צאָל קינדער פון אָט דעם עלטער, וואָס זיינען געווען רעגיסטרירט אין אידישע שולן איז דעמאָלט געווען 45,000. דאָס איז עטוואָס מער פון 20 פּראָצענט יערלעך. ווען מיר פאַרגלייכן עס מיט דעם פּראָצענט פון היינט צו טאָג, געפינען מיר אויס, אַז דער פּראָצענט אידי־שע קינדער, וואָס קריגן איצט אַ אידישע דערציאונג איז מער ווי צוויי מאָל אַזוי גרויס, ווי מיט 50 יאָר צוריק. די צאָל קינדער, וואָס ווערן געשיקט אין אידישע שולן איז געוואָקסן פיל גרעסער ווי די באַפעלקערונג. די אידישע באַפעלקערונג אין אַמעריקע איז פאַר די לעצטע פופציק יאָר פאַרגרעסערט געוואָרן אויף ווינציקער ווי פינף מאָל. די צאָל קינדער אין די אידישע שולן איז אָבער

פּראָפּאָרציאָנעל פאַרגרעסערט געוואָרן אויף מער ווי אַכט מאָל, און מען מעג זאָגן מערער ווי ניין מאָל, אויב מען זאָל נעמען אין אַכט דעם פאַקט, וואָס מיט פופציק יאָר צוריק האָבן די אידישע פאַמיליעס, ווי אויך פאַמיליעס אין אַל־געמיין, געהאַט מער קינדער. אין יאָר 1900 איז דער פּראָצענט קינדער פון 5 ביז 14 אין שייכות צו דער אַלגעמיינער אידישער באַפעלקערונג געווען 21 פּראָצענט. היינט צו טאָג איז דער פּראָצענט ניט מער ווי 14. ניט קוקנדיק דערויף אָבער גייען היינט מער קינדער פון אָט דעם עלטער אין אידישע שולן. דאָס מיינט, אַז היינט צו טאָג זיינען לויט דעם פּראָצענט מער אידישע פאַמיליעס פאַראינטערעסירט אין געבן זייערע קינדער אַ אידישע דערציאונג, ווי מיט פופציק יאָר צוריק. לויט אַלע פאָראויסזאָגונגען פון די פאַרשידענע שוואַרצזעערס, וואָלט עס דאָך געדאַרפט זיין פונקט פאַרקערט. אָבער דאָס אידישע לעבן טוט אַלעמאָל אָפּ אויף טערקיש די פאַרשידענע שוואַרצזעערס און „לאָגישע באַגרינדער״.

נאָך אַ גאָר וויכטיקער שריט פאָראויס אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג, איז דער פאַקט, וואָס אין אַמעריקע איז די אידישע שול אויך גע־וואָרן אַ שול פאַר מיידלעך. מיר ווייסן אַלע, אַז אין דער אַלטער היים, איז אין איינקלאַנג מיט דער אידישער טראַדיציע, דאָס אידישע וויסן געווען כמעט פאַרשלאָסן פאַר פרויען. אין אַמעריקע אָבער, ווייסן מיר אַלע, אַז די פרוי שפּילט אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָל אין דער אָנפירונג פון דער היים. דער מאַן איז דאָ זיכער מער פאַריאָגט ווי אין דער אַלטער היים. די פאַבריק אָדער די קראָם אָדער דער אָפיס האַלטן צוליב דער אויסגעשפּרייטקייט פון דער גרוי־סער שטאָט דערווייטערט דעם מאַן פון דער היים, אַזוי אַז ער האָט ביז גאָר ווינציק צייט זיך צו זען מיט די קינדער זיינע. די פרוי איז די, וועלכע פאַר־ברענגט די הויפּט צייט מיט דער משפחה, אַזוי אַז די מוטער האָט אַ שטאַרקן איינפלוס אויף דער פאָרמירונג פון דעם כאַראַקטער און אויף די לעבנס באַ־גריפן פון קינד. דערפאַר איז עס זיכער אַ גרויסע דערגרייכונג פון אידישן דערציאונגס־וועזן דאָ אין לאַנד, דער פאַקט, וואָס אַזוי פיל אידישע מיידלעך געניסן פון אַזאַ אָדער אַנדער פאָרם אידישע דערציאונג. לויט דר. ענגעל־מאַנ׳ס טאַבעלן דערוויסן מיר זיך, אַז אין פרילינג פון יאָר 1950 זיינען פון יעדע הונדערט קינדער אין די שולן, וואו מען לערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך, איינשליסנדיק אויך זונטיק, 43 געווען מיידלעך און 57 אינגלעך. אין די סאָנ־דעי סקולס איז דער פּראָצענט פון מיידלעך געווען איבער 54. אין די שולן אָבער, וואו מען לערנט מער פונדאַמענטאַלע אידישע לימודים, איז דער פּראָ־צענט פון מיידלעך אַ פיל קלענערער.

די אַלע ציפערן און פאַקטן האָבן מיר געבראַכט סיי כדי צו געבן אַ פולן, אַלגעמיינעם בילד פון אידישן חינוך אין אַמעריקע, סיי כדי צו באַווייזן די סיבות פאַרוואָס דער בודזשעט פון דער אידישער דערציאונג האָט גע־האַלטן אין איין וואַקסן, און געוואַקסן האָט דער בודזשעט אַלץ מיט מער און מער דראַנג. ווייל ערשט אין 1939 איז באַרעכנט געוואָרן, אַז אויף עלעמענ־טאַרער אידישער דערציאונג האָבן אידן אין אַמעריקע אויסגעגעבן נישט מער ווי פינף מיליאָן דאָלער אַ יאָר. פון פינף מיליאָן ביז פערציק מיליאָן. אַ פאַרגרעסערונג אויף אַכט מאָל אַזויפיל, וואָס דאָס מיינט אויף אַכט הונדערט פראָצענט. עס איז אַ גאַנץ פיינער וואוקס! און לויט ווי עס איז פאָראויסגעזען געוואָרן, וועלן אידן אין אַמעריקע נאָך גרייכן אַזאַ שטופּע, וואו אויף עלע־מענטאַר אידישן חינוך וועט אויסגעגעבן ווערן יערלעך איבער הונדערט מיליאָן דאָלער. און דאָס אַלץ וועט מיינען אידישער חינוך מיט מער פאַר־טיפונג און מער אינהאַלט.

## 19

# מערסטע אידישע לערער אין אַמעריקע זיינען שוין אַמעריקאַנער געבוירענע

**שטאַרקער דוחק אויף אידישע לערער האָט אָנגעוויזן אויף וואַקסענדן אינטערעס אין אידישער דערציאונג. — דער קאַמף צו דערהויבן אידישע לערעריי צו אַ גוט באַצאָלטער פּראָפעסיע. — אידישע לערער אין ניו־יאָרק און אין אַנדערע שטעט. — די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס פון די אידישע לערער. — פרויען אַלס אידישע דערציערינס. — דער וואוקס און די פאַרשידנ־אַרטיקייט פון אידישער לערעריי אין אַמעריקע. — איבער זיבן טויזנט אידישע לערער מכל המינים אין אַמעריקאַנער אידישע שולן.**

עס פעלן אידישע לערער אין אַמעריקע! עס פעלן לערער אין די ישיבות קטנות! עס פעלן לערער אין די נאָכמיטאָג שולן! עס פעלן לערער אין די שולן ביי די פאַרשידענע קאָנגרעגאַציעס! לערער! לערער! לערער! עס פעלן אַלץ מער און מער לערער!

אָט דער דאָזיקער רוף פאַר נייע, גוטע אידישע לערער האָט זיך געהערט גאָר אָפט אין דער אידישער אַמעריקע אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. און וואָס מער אידישקייט האָט אין אַמעריקע אָנגע־הויבן אָנצונעמען אַ כאַראַקטער פון צוריקקערן זיך צו די אַלטע טראַדיציאָנעלע קוואַלן, אַלץ אָפטער און אַלץ הילכיקער האָט זיך געהערט דער רוף: אידישע לערער! וואָס מער און וואָס בעסערע אידישע לערער זיינען נויטיק אין אַלע אידישע געמיינדעס, פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן! און די צאָל אידישע געמיינדעס אין אַמעריקע האָט דערגרייכט צו איבער 880, כן ירבו!

די נויטווענדיקייט פאַר מער און בעסערע לערער האָט זיך היפש פאַר־

גרעסערט אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע צוליב דעם, וואָס זינט די יאָרן פון פינסטערן נאַציזם, ווען עס איז פאַרטיליקט געוואָרן דאָס גרויסע אייראָפּיאישע אידנטום, זיינען די אַלטע קוואַלן, פון וואַנען דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט געשעפּט רעגלמעסיק גייסטיקע קרעפטן, אינגאַנצן פאַרשוואונדן. עס האָט זיך אַזוי אַרום אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע. די אַמעריקאַנער אידן האָבן געמוזט צושטעלן די מערסטע אידישע לערער פון זייערע אייגענע רייען. דער איבערגאַנג פון איין סטאַדיע צו דער צווייטער איז אָבער צוגעגאַנגען גראַדנ־וויז, אַ דאַנק דעם, וואָס זינט דעם אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן ביז אין די אָנהויב פופציקער יאָרן זיינען אַריינגעקומען אַרום דריי הונדערט טויזנט אידן פון אייראָפּע, אַזעלכע, וואָס האָבן באַוויזן זיך צו ראַטעווען ערב דעם נאַציזם און אַזעלכע, וואָס האָבן ממש ווי דורך ניסים באַוויזן איבערצולעבן המן־היטלערן. פון די דאָזיקע „ניי־געקומענע אידן", ווי מען האָט זיי אַ צייט לאַנג גערופן, זיינען אַרויסגעקומען אַ היפּשע צאָל לערער, וואָס זיינען געווען באַשעפטיקט אין די ישיבות קטנות און אין די אַנדערע מינים שולן. עס זיינען געקומען קיין אַמעריקע אויך אַ היפּשע צאָל פּראָפעסיאָנעלע אידישע דערציער פון דייטשלאַנד, פוילן און ליטע.

דאָך אָבער, טראָץ דעם צייטווייליקן צופלוס, האָט זיך אָנגעהויבן אין די פופציקער יאָרן צו פילן אַ שטאַרקער דוחק אין נייע לערער. און די אַמערי־קאַנער געזעלשאַפט פאַר אידישער דערציאונג, וועלכע איז געווען גוט אינ־פאָרמירט וועגן אידישן חינוך איבערן גאַנצן לאַנד, האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין צען יאָר צייט וועלן אין דער אידישער אַמעריקע אויספעלן נישט מער און נישט ווייניקער ווי פינף טויזנט נייע לערער. די זעלבע אויספאָרשער, וועלכע האָבן אַרויסגעבראַכט די דאָזיקע ציפער, האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז אין משך פון די צען יאָר, וועלן, לויט אַלע אויסרעכענונגען צוקומען נישט מער ווי טויזנט לערער. דאָס הייסט, אַז יעדעס יאָר וועלן פעלן פינף הונדערט לערער און צוקומען וועלן יערלעך בלויז אַרום הונדערט. און ווי איר אַליין קענט עס זיך פאָרשטעלן, איז דאָס בילד, וואָס איז געמאָלט געוואָרן, געווען היפּש דערדריקנד! ווייל וואָס וועלן טאַקע די אַמעריקאַנער אידן טאָן? פון וואַנען וועלן אידן נעמען לערער, כדי צו לערנען זייערע קינדער אידישקייט?! און אָט האָט זיך דאָס רעדל גאָר ווי פּלוצים איבערגעדרייט! ווייל אין משך פון יאָרן און יאָרן האָבן אידישע שרייבער אין אַמעריקע געהאַלטן אין איין וויינען און קלאָגן, אַז נישט גענוג אידישע קינדער גייען אין אידישע שולן, און דורך אַן איינגערעדטן געפערלעכן טעות האָט מען געהאַלטן אין איין פאַרשפּרייטן די פאַלשע באַריכטן, אַז בלויז 25 אָדער 30 אָדער 35 פּראָצענט

אידישע קינדער קריגן וועלכע־עס איז אידישע דערציאונג אין אַמעריקע, און אַז זיבעציק פּראָצענט אידישע קינדער קריגן קיין שום דערציאונגס נישט! און דאָ, אינמיטן גאָר, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַלאַרם, אַז עס פעלן לערער! טאָ וואָס האָט פּאַסירט! און וואָס האָט מען טאַקע געפּלאַנט צו טאָן אין שייכות מיט לערער?!

לאָזט זיך אויס, אַז אויך אויף דעם דאָזיקן געביט האָט עס אָנגעהויבן אויסצוזען, אַז עס וועט אַרויסקומען עפּעס גוטעס, עפּעס גאָר פּאָזיטיוועס! ווייל דער פאַקט אַליין, וואָס אידן אין אַמעריקע האָבן אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען זיי האָבן זיך שוין איינגעבירגערט און איינגעאָרדנט, אויפגעהויבן אַן אַלאַרם, אַז זיי פעלט אידישע לערער, איז איינע פון די באמת דערפרייענדע דערשיינונגען! ווייל דאָס פעלן פון לערער באַווייזט, אַז עס איז דאָ אַ דורשט צום וויסן, אַז עס איז דאָ אַ פאַרלאַנג צום לערנען! און די פּראָבלעם פון שאַפן וואָס מער געשולטע און פּאַסנדע לערער פאַר דעם אידישן קינד אין אַמעריקע איז אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַלס איינע פון די סאַמע צענטראַלע פּראָבלעמען אויף דער טאָג־אָרדנונג פון דער אידישער געמיינדע אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אין דעם נייעם אינטערעס צו אידישקייט, צו די טראַדיציאָנעלע אידישע קוואַלן, וואָס אידן אין אַמעריקע, באַזונדערס די יונגע דורות, האָבן אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן, האָבן אין שייכות מיט דעם פּראָבלעם פון צוגרייטן ניִיע אידישע לערער זיך געשאַפן אַ היפּש ביסל שוועריקייטן. און אַלע שוועריקייטן האָבן מערסטנס געשטאַמט פון איין און דעם זעלביקן מקור: און דאָס איז די פינאַנציעלע זייט פון לערעריי! עס קלינגט ממש ווי אַן איראָניע, אָבער עס איז אַ טרויעריקער פאַקט, אַז אין דער רייכער אַמעריקע איז דער לערער געווען איינער פון די סאַמע נידעריקסט־באַצאָלטע מענטשן. און עס איז אַ גוט־באַוואוסטער פאַקט, אַז אין לאַנד, וואו דער מענטש ווערט, ליידער, געשעצט לויט זיין פינאַנציעלן איינקונפט, מוז דער לערער במילא פאַרלירן אין רעספּעקט און פּרעסטיזש, ווייל מען ווייסט עס גוט אויף אויסווייניק, אַז ער באַלאַנגט נישט צו די בעסער באַצאָלטע בירגער. אין דעם היגזיכט האָט מען זיכער געקענט זאָגן, אַז אַזוי ווי עס קריסטלט זיך, אַזוי אידלט זיך עס. ווייל אויך אויף דער אַלגעמיינער גאַס אין אַמעריקע, איז דער לערער געווען איינער פון די נידעריק באַצאָלטע אָנגעשטעלטע. עס האָט ממש געריסן דאָס האַרץ ביי יעדן איינעם, וואָס איז פאַרליבט אין אַמעריקע, צו זען, אַז דאָ, אין דעם טיף־פאַרשטאַנדיקן לאַנד, זאָל מען ניט באַגרייפן, אַז יענע מענטשן, ווועמען עס ווערט אָנפאַרטרויט דאָס טייערסטע וואָס אַ פאָלק

האָט, די קינדער, די יוגנט, אַז יענע מענטשן — די לערער— זאָלן נישט זיין צווישן די גוט־באַצאָלטע און גאָר הויך־געשעצטע. אָבער נישט בלויז אין שייכות צו שכירות זיינען די אידישע לערער געווען אין אַ כמעט ענלעכער פּאָזיציע ווי די לערער אין דער אַמעריקאַנער פּאָבליק סקול, נאָר אויך אין שייכות צו דוחק אין צאָל. עס האָבן אויך שטאַרק אויסגעפעלט לערער אויף דער אַלגעמיינער גאַס. לויט אַן אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן געפעלט יערלעך 100,000 לערער. (אין 1956 זיינען געווען קרוב צו אַ מיליאָן פּאָבליק־ און האַי־סקול לערער אין אַמעריקע.) עס איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די הויפּט־סיבה, פאַרוואָס עס געפינען זיך נישט גענוג בעלנים זיך צו פאַרנעמען מיט לערעריי, איז דאָס, וואָס דער איינקונפט איז ניט גענוג און צוליב דעם ליידט דער פּרעסטיזש פון דעם יעניקן, וואָס ווידמעט זיך צו לערעריי. בעסער באַצאָלטע לערער איז אַזוי אַרום געווען אַ לאָזונג ניט בלויז אויף דער אידישער גאַס, נאָר אויף דער אַלגעמיינער גאַס אין אַמעריקע!

דאָך אָבער איז וויכטיק דאָ אָנצואווייזן, אַז לא אלמן ישראל! און אידישקייט האָט אין דער פּראַקטישער אַמעריקע אָנגעהויבן אויסצוהאַלטן דעם עקזאַמען אויך אויף דעם געביט פון צושטעלן לערער! ווייל אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איבער פופציק פּראָצענט פון אַלע אידישע לערער אין אַמעריקע זיינען שוין געווען אַמעריקאַנער געבוירענע! און דאָ מוז מען דווקא שטאַרק אונטערשטרייכן, אַז טראָץ דעם פאַקט, וואָס אידישע לערעריי איז געווען פון די סאַמע ערגסטע פּרנסות, האָבן הונדערטער און טויזנטער אַמעריקאַנער־געבוירענע אידישע מענער און פרויען באַשלאָסן זיך צו ווידמען צו דער הייליקער אַרבעט פון לערנען אידישקייט מיט אידישע קינדער אין אַמעריקע.

כדי צו פאַראינטערעסירן גרעסערע צאָלן הי־געבוירענע אידישע יוגנט־לעכע איז געפּלאַנט געוואָרן צו פאַרבעסערן אין אַלגעמיין דעם צוגאַנג צו דער אידישער לערער פּראָפעסיע פון די פאַרשידענע הויכשולן, וואו אידישע לערער זיינען צוגעגרייט געוואָרן. איינער פון די פּלענער איז געווען, אַז מען זאָל דאָס שטודירן אויף לערער דערהויבן צו דער זעלבער חשיבות, ווי דאָס לערנען אויף רב. ווייל עס איז באַוואוסט, אַז עס זיינען געמאַכט געוואָרן אַלע סאָרטן פאַרלייכטערונגען פאַר יענע יונגעלייט, וואָס האָבן זיך געווידמעט צו רבנות. מען האָט זיי אָפט געהאָלפן נישט בלויז מיט שכר לימוד, נאָר אויך אין אַלגעמיין מיט אַלעס מעגלעכן דורכצומאַכן די

פינף, זעקס יאָר פון לערנען. אַ צווייטער פּלאַן איז געווען דאָס אויסקלייבן פון די פּייאיקסטע סטודענטן פון די ישיבות קטנות, פון די מתיבתא׳ס און העברעאישע האַי־סקולס און זיי העלפן פינאַנציעל דורכצומאַכן זייער שטודירן אין ישיבה אוניווערזיטעט אָדער אין אידישן טעאָלאָגישן סעמי־נאַר, מיט דעם באַדינג, אַז יעדער גראַדואירטער זאָל זיך פאַרפּליכטן צו זיין דריי יאָר אַ לערער. נאָך אַ פּלאַן איז געווזן, אַז די שטאָטישע אידישע פאָנדן זאָלן בייטראָגן אַ יערליכע סומע צו די פאַרשידענע אָרטיקע אידישע קינדער שולן און פון דעם דאָזיקן פאָנד זאָלן געהעכערט ווערן די שכירות פון אידישע לערער. נאָך איינער פון די פּלענער איז געווען צו ברענגען וואָס מער לערער פון מדינת ישראל.

צו זיין אַ אידישער לערער, מוז ווערן אַ בכבוד׳יקע און געאַכטעטע פּראָפעסיע! דאָס איז געווען דער לאָזונג, אונטער וועלכן עס האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען געווען אַקטיוו אויף דעם געביט פון אידישן חינוך אין אַמעריקע!

אין אונזער אַרבעט וועגן דעם אידישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע, האָט די פּראָבלעם פון אידישע לערער, נאַטירלעך, פאַרנומען אַ גאָר אָנגע־זעען פּלאַץ. אין די סעריעס אַרטיקלען, וואָס דער שרייבער פון די שורות האָט פאַרעפנטלעכט פון צייט צו צייט אין דער אידישער פּרעסע פון ניו־יאָרק, האָבן מיר אויך געהאַט אַ צאָל אָפּהאַנדלונגען וועגן דער אידישער לערער פּראָפעסיע. כדי צו ברענגען אַ צאָל פאַקטן און ציפערן וועגן אידישע לערער אין אַמעריקע, וועלן מיר דאָ אַרויסנעמען עטלעכע טיילן פון צוויי אַרבעטן, וואָס מיר האָבן שוין פריער געהאַט פאַרעפנטלעכט וועגן אידישע לערער אין ניו־יאָרק און אויף דער פּראָווינץ.

פון די דאָזיקע אַרבעטן דערוויסן מיר זיך אָבער אויך, אַז אפילו די פּראָפעסיאָנעלע טוער האָבן געהאַט זייערע באַזונדערע סטאַטיסטיקעס וועגן דער צאָל אידישע לערער סיי אין ניו־יאָרק, סיי אויסער ניו־יאָרק. דאָס אידישע קולטור־לעבן אין אַמעריקע האָט זיך שטאַרק גענויטיקט אין אַ פולער אַלזייטיקער שטודיע פון דער אידישער לערער־פּראָפעסיע דאָ אין לאַנד.

## אידישע לערער מכל המינים אין ניו־יאָרק

אין ניו־יאָרק זיינען פאַראַן אַ גאַנצע ריי לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע אָרגאַ־ניזאַציעס, וועלכע האָבן צו טאָן מיט דער פּראָבלעם פון אידישער לערעריי. ניו־יאָרק האָט אין 1952 פאַרמאָגט 1700 פּראָפעסיאָנעלע אידישע לערער.

500 זיינען געווען באַשעפטיקט אין ישיבות און 120 אין מתיבתא׳ס, וואָס דאָס זיינען די ישיבה האַי סקולס. 725 לערער זיינען באַשעפטיקט אין אַרום 300 נאָכמיטאָג שולן, ביי די קאָנגרעגיישאָנס אָדער ביי די צענטערס. אַרום אַ הונדערט זיינען באַשעפטיקט אין די אַזוי גערופענע נאָכמיטאָג היי־סקולס, ביי קאָנגרעגיישאָנס אָדער צענטערס. אין די אידיש־רעדנדיקע שולן אין ניו יאָרק זיינען באַשעפטיקט אַרום 90 לערער. אַרום 20 לערער זיינען אָנגעשטעלט אין די אידיש־רעדנדיקע מיטל־שולן. פאַראַן אין ניו־יאָרק נאָך אויך פריוואַט אָרגאַניזירטע שולן, וואָס דאָס מיינט ניט מער און ניט ווייניקער ווי אַלטמאָדישע חדרים, און אין זיי זיינען באַשעפטיקט איבער 100 לערער אָדער מלמדים. די דאָזיקע חדרים געפינען זיך אין די בראָנקס, וויליאַמסבורג און בראָנזוויל, מאַנהעטן און קווינס.

די הויפט־אינפאָרמאַציע וועגן דעם צושטאַנד פון דער אידישער לערער פּראָפעסיע אין אַמעריקע, און גאָר באַזונדערס אין ניו יאָרק, האָבן מיר באַ־קומען אין אַ געשפּרעך, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט דר. מנחם מ. עדלשטיין, וועלכער איז ביי דעם אידישן דערציאונגס קאָמיטעט געווען דער דירעקטאָר פון דעם דעפּאַרטמענט פאַר לערער און פּרינציפּעלס פון אידישע שולן מכל המינים. דר. עדלשטיין איז 30 יאָר צייט געווען אַריינגעטאָן אין דער באַוועגונג פון אָרגאַניזירן און אַוועקשטעלן אויף אַ בעסערן מצב די אידישע לערער־פּראָפעסיע. ער האָט געמאַכט אַ גאַנצע ריי שטודיעס פון דער אידישער לערער־פּראָפעסיע און זיינע ציפערן באַציען זיך אויפן יאָר 1952. נאָך אין יאָר 1922 איז דר. עדלשטיין געווען דער סעקרע־טאַר פון דער אַגודת המורים אין אַמעריקע. זינט 1939, ביזן סוף פון זיינע טעג, איז ער געווען פאַרבונדן מיט דעם אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט. אין יאָר 1954 איז אָבער דר. עדלשטיין געשטאָרבן. מיט דעם אַוועקגיין פון דר. עדלשטיין, ע״ה, איז פאַרשוואונדן איינער פון די פאַרדינסטפולע פּיאָנערן פון אידישן חינוך אין אַמעריקע.

אויסער דעם דעפּאַרטמענט פאַר אידישע לערער ביי דעם אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, וואָס איז געווען באַוואוסט אונטער דעם ענגלישן נאָמען „דעפּאַרטמענט פאָר טיטשערס ענד פּרינציפּעלס״, איז אין ניו־יאָרק פאַראַן אויך אַ „היברו טיטשערס יוניאָן״, וועמענס אָפיס עס געפינט זיך אויף 111 פינפטע עוועניו. דאָס איז אַזוי צו זאָגן, די לאָקאַלע אָרגאַניזאַציע פאַר העב־רעאישע לערער. פאַראַן אויך אין ניו יאָרק די „היברו טיטשערס פעדעריי־שאָן״, און אויך ספּעציעלע אָפּטיילונגען פאַר לערער ביי די הויפּט־אָפיסעס פון די אָרטאָדאָקסישע צענטראַלע דערציאונגס אַנשטאַלטן, ווי אויך ביי די קאָנ־

סערוואַטיווע אידן. ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט געפינט זיך אויך אַ ספּעציעלע „באָארד אָוו לאַיסענס", אַן אָפּטיילונג וואָס גיט אַרויס אָפיציעלע דערלויבענישן, וואָס לעגאַליזירט און אנערקענט דעם לערער אַלס פּאַסנד און ראוי זיך צו פאַרנעמען מיט זיין פּראָפעסיע. און דאָ מוזן מיר אויך דערציילן, אַז עס איז ניט אַזוי לייכט פאַר אַ אידישן לערער אַרויסצוקריגן אַ „לאַי־סענס". ציפערן באַווייזן, אַז בלויז 200 אַפּליקאַנטן פון יעדע טויזנט קריגן אַרויס אַ דערלויבעניש צו ווערן פראָפעסיאָנעלע לערער. די „באָארד אָוו לאַיסענס" איז געגרינדעט געוואָרן אין 1929 און עס ווערט געשאַצט אַז בלויז 150 לאַיסענסעס אַ יאָר ווערן אַרויסגעגעבן צו די לערער פון די פאַרשידענע מינים שולן. אַ ספּעציעלער ראַט (באָארד אָוו רעוויו) מיט דער אויפגאַבע אויסצוהערן פאַרשידענע סכסוכים צווישן לערער און שולן, האָט עקזיס־טירט ביים דערציאונגס־קאָמיטעט. צווישן די 21 מיטגלידער פון ראַט האָט זיך געפונען סאָלאָמאָן דינגאָל, רעדאַקטאָר פון „טאָג—מאָרגן זשורנאַל", וויצע־פּרעזידענט פון ראַט.

זינט 1954 איז דער פאַרדינסטפולער פּעדאַגאָג הערי וואָהל געווען דער אָנפירער פון דעפּאַרטמענט פאַר לערער און פּרינציפּאַלס אין אידישן דער־ציאונגס־קאָמיטעט. מר. וואָהל איז געווען פאַרבונדן מיט דעם אידישן דער־ציאונגס־וועזן אין אַמעריקע זינט אַן ערך 1920. איך האָב מיט מר. וואָהל'ן געהאַט גאַנץ אָפטע באַגעגענישן און ער האָט מיר אויפגעקלערט די פאַר־שידענע אייגנאַרטיקע פּראָבלעמען פון דער אידישער לערער־פּראָפעסיע אין אַמעריקע. לויט מר. וואָהל'ס אויסרעכענונג איז אויסגעקומען, אַז אין ניו־יאָרק געפינען זיך אַרום 1500 העברעאישע לערער. אָבער אויך מר. וואָהל האָט ניט אַריינגערעכנט אין צעטל די לערער פון די סאַנדעי־סקולס.

געגנוי די ציפער פון די באַשעפטיקטע ביי אידישער לערעריי אין יאָר 1952 אין ניו־יאָרק איז געווען 1739. (דר. עדעלשטיין האָט ניט אַריינ־גערעכנט אין זיין שטודיום די לערער פון די רעפאָרם־שולן). פון דער דאָזיקער צאָל זיינען 225 פּרינציפּאַלס, מוזיק לערערס, אויפ־זעער, ראַטגעבער, דירעקטאָרן און לערער אין די העכערע לער־אַנשטאַלטן, וואו עס ווערן צוגעגרייט לערער. אין ניו יאָרק זיינען פאַראַן זעקס אַזעלכע העכערע לער־אַנשטאַלטן, וואָס גרייטן צו לערער. דאָס איז דער לערער קאַ־לעדזש ביי דעם ישיבה אוניווערזיטעט; דער לערער אינסטיטוט ביי דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר; דער אידישער לערער סעמינאַר, וואָס ווערט אָנגעפירט דורך דעם אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד צוזאַמען מיט דעם אַרבעטער רינג; דער לערער אינסטיטוט פון די רעפאָרמירטע אידן,

די הרצליה שול פאַר לערער און דער בית המדרש למורות פון ישיבה־אוניווערזיטעט. עס איז אויך דאָ אַ בית יעקב לערער־סעמינאַר פאַר די בית יעקב שולן פאַר מיידלעך.

איבערן לאַנד זיינען געווען נאָך אַכט היכשולן, וואָס האָבן צוגעגרייט לערער. זיי זיינען פאָלגנדע:

גרעץ קאָלעדזש, פילאַדעלפיע.

לערער־אינסטיטוט ביים העברעאישן טעאָלאָגישן קאָלעדזש (בית מדרש לתורה), שיקאַגאָ.

קאָלעדזש פאַר אידישע שטודיעס, שיקאַגאָ.

העברעאישער לערער קאָלעדזש (בית מדרש למורים), באָסטאָן.

העברעאישער לערער אינסטיטוט (בית המדרש למורים), באַלטימאָר.

לערער אינסטיטוט ביי דער יוניווערסיטי אָוו דזשודאַאיזם (מערב צווייג פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין אַמעריקע), לאָס אַנדזשעלעס.

עס האָבן זיך אויך געפונען אינסטיטוטן פאַר העברעאישע לערער אין דעטראָיט און קליוולאַנד.

## אין דער פעדעראַציע פון העברעאישע לערער

וויכטיקע איינצלהייטן וועגן דעם מצב פון דער אידישער לערער פראָפעסיע, באַזונדערס אויף דער פּראָווינץ, האָבן מיר אויסגעפונען פון אַ געשפרעך, וואָס מיר האָבן געהאַט מיטן עקזעקוטיוון דירעקטאָר פון דער „היברו טיטשערס פעדעריישאָן אָוו אַמעריקא״, מר. צבי גלאַטשטיין. דער אָפיס פון אָט דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפונען אין דעם לאָקאַל פון דער הסתדרות עברית, אויף 165 וועסט 46טע גאַס, ניו יאָרק. דער פאַקט וואָס די העברעאישע לערער פעדעראַציע איז געווען „אויף קוואַרטיר״ ביי דער הסתדרות עברית איז ניט קיין צופאַל. דער ערשטער פון די צוויי פונקטן פון דער פּראָגראַם פון דער לערער־פעדעראַציע קלערט אויף גאַנץ שנעל דעם ענין. דער דאָזיקער פונקט זאָגט, אַז די ערשטע אויפגאַבע פון דער „היברו טיטשערס פעדעריישאָן״ איז „צו פאַרשטאַרקן דאָס לערנען פון דער העברעאישער שפּראַך און העברעאישער ליטעראַטור אין די אידישע שולן פון אַמעריקע״. אין אונזער געשפרעך האָט מר. צבי גלאַטשטיין דערקלערט, אַז די פּראָגראַם פון דער לערער־פעדעראַציע איז אַ צווייענדיקע: קולטור און ביזנעס. און ביידע זיינען ווי געקניפּט און געבונדן. די פעדעראַציע פון העברייאישע לערער זוכט צו אָרגאַניזירן די לערער פון די תלמוד תורה׳ס און קאָנגרעגעישאָן סקולס ווי אויך פון די ישיבות אין ספּעציעלע גרופּן און לערער אָרגאַניזאַציעס. די לערער

פעדעראַציע איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1944 און האָט פאַרמאָגט 35 אָפּטיילונגען אין 35 פאַרשידענע פונקטן איבערן לאַנד.

וויפל זיינען דאָ אידישע לערער אין די פאַרשידענע שטעט און שטעט־לעך פון אַמעריקע, אויסער ניו יאָרק? קיין גענויע ציפער איז ניטאָ, אָבער עס ווערט געשאַצט, אַז עס איז פאַראַן אַרום 3,900 לערער. לויט דעם טיפּ שולן ווערן אָט די לערער איינגעטיילט ווי פאָלגט: 400 לערער אין די ישיבות, 1,900 אין די נאָכמיטאָג־שולן, 200 אין די אידיש־רעדנדיקע שולן און 1,400 אין די אַזוי גערופענע „סאָנדעי סקולס".

אין דער צייט, וואָס אויף דער פּראָווינץ איז די לאַגע פון דעם אידישן לערער אָפּטמאָל, וואָס עס איז שייך פינאַנסן אַ בעסערע, איז אָבער דער סטאַנדאַרד פון אידישן לערער אַ שוואַכערער. דער געדאַנק פון צוציען אַמע־ריקאַנער אידישע לערער פון די פּאָבליק סקולס און זיי אויסלערנען בלויז אַ צורת אלף, און אַן שום גרינטלעכן וויסן זיי איבערגעבן אַ קלאַס מיט קינ־דער, איז געבוירן געוואָרן אויף דער פּראָווינץ. עס איז אַ באַוואוסטער פאַקט, אַז אין אַזאַ שטאָט ווי פילאַדעלפיע, וואָס איז איינע פון די דריי, פיר גרעסטע אידישע געמיינדעס אין אַמעריקע, ווערן גענומען לערער פון די פּאָבליק סקולס און עס ווערן זיי איבערגעגעבן קלאַסן מיט קינדער פאַר אידישער דערציאונג. אָפט קענען אָט די לערער קוים מיט צרות איבערלייענען אַ וואָרט אין סידור.

יאָ, עס פעלן אידישע לערער אין ניו יאָרק. ווי שלעכט אָבער עס איז די לאַגע אויף אָט דעם געביט אין ניו יאָרק, האָט דער מצב גאָר קיין גלייכן ניט צו זיך, ווען עס קומט צו דער פּראָווינץ. דאָרט פעלן לערער אומעטום. וואָס ווייטער אַ לערער פאָרט אַוועק פון ניו יאָרק, אַלץ בעסער ווערט ער באַ־לוינט אויף אַ מאַטעריעלן אופן. די מערסטע לערער, וואָס ענדיקן אַ לערער אינסטיטוט אין ניו יאָרק, ווילן פון ניו יאָרק נישט אַוועקפאָרן. די אָבער, וואָס פאָרן יאָ אַוועק און באַשליסן זיך צו פאַרבינדן ניט בלויז צייטווייליק, ווערן אריינגעגלידערט אין דער געמיינדע און זיי קריגן אַ סטאַטוס פון א מין באַלעבאָס אין שטאָט. מיר מיינען ניט בלויז באַלעבאָס פון אַ הויז, נאָר טאַקע אַ מין פירער, אַ מנהיג רוחני.

נאָך אַ פאַקט ווערט באַריכטעט פון דער פּראָווינץ און דאָס האָט שוין צו טאָן מער מיט דעם מעטאָד און מיט דער סיסטעם פון לערנען. עס ווערט באַריכטעט, אַז אין די מערסטע ישיבות ווערט כמעט אינגאַנצן פאַרנאַכלעסיקט דער ענין פון לייגן דעם געהעריקן טראָפּ אויף אויסלערנען דאָס אידישע קינד די העברעאישע שפּראַך — און באַקענען דעם תלמיד אויך מיט דער

העברעאישער ליטעראַטור. די פירער פון דער ישיבה באַוועגונג, און די מערסטע ישיבות זיינען ווי באַוואוסט אָרטאָדאָקסישע, געבן אָפּ זייער גאַנצע צייט צו לערנען די קינדער „מקיים זיין די מצוות״, און ווען די קינדער קומען אַרויס פון דער ישיבה איז זיי אָפּט אינגאַנצן פרעמד דער ענין פון ליטעראַ־טור און די מאָדערנע שאַפונג אין דער העברעאישער שפּראַך. דער דאָזיקער מצב אין שייכות מיט העברעאישער קולטור איז זיכער צום באַדויערן, ווייל סיי די צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, סיי די נויטן פון אַמעריקאַנער אידישן ישוב אין שייכות צו מדינת ישראל הענגען פיל אָפּ אין דעם, אויף ווי ווייט העברעאיש אַלס אַ שפּראַך וועט אָנגענומען ווערן פון די אַמעריקאַנער־געבוירענע אידן. דער לאָזונג פון דער פעדעראַציע פון די העברעאישע לע־רער אין אַמעריקע איז דערפאַר, וואָס מער חלוצים פאַר דער העברעאישער שפּראַך אין אַמעריקע!

ביז אַהערצו — די אויסצוגן פון אַ פּאָר פריער פאַרעפנטלעכטע אַרבעטן וועגן דער אידישער לערער־פּראָפעסיע.

אָבער איידער מיר גייען ווייטער, ווילן מיר דאָ אַביסל מער קלאָר מאַכן דעם ענין וועגן דער צאָל העברעאישע לערער אין אַמעריקע, באַזונדערס אין ניו־יאָרק. קיין גענויע ציפער האָט קיינער, ווי שוין פריער אָנגעוויזן, באמת נאָך ניט געהאַט. אָבער אָט איז די 3־יאָריקע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אַרויסגעקומען מיט אַ באַריכט, אַז אין ניו־יאָרק און אין די אַרומיקע שטעטלעך זיינען באַשעפטיקט 3,340 לערער און פּרינציפּאַלס. אין דער דאָזיקער ציפער גייען שוין אַריין, נאַטירלעך, די לערער פון די „סאָנדעי־סקולס״. אַזוי אַרום, אַז צוזאַמען מיט די 3,900 לערער אויף דער פּראָווינץ קומט אויס, אַז אין אַמעריקע זיינען באַשעפטיקט איבער זיבן טויזנט אידישע לערער. (לויט דער 3־יאָר אויספאָרשונג איז די איינטיילונג פון אידישע לערער און פּרינציפּאַלס אין ניו־יאָרק און אומגעגנט געווען ווי פאָלגט: 817 אין די ישיבות; 1099 אין די נאָכמיטאָג שולן; 132 אין די אידיש־שולן און 1292 אין די זונטיק־שולן.)

און איצט צום אַלגעמיינעם ענין אַרום די הויפּט־פּראָבלעמען פון דער אידישער לערער־פּראָפעסיע אין אַמעריקע.

מיר האָבן זיך שוין אָפּגעשטעלט פריער עטוואָס לענגער אויף דעם ענין פון פינאַנצן, ווייל אויב עס איז אמת דער פסוק, אַז „אם אין קמח, אין תורה״, איז עס אמת אין שייכות מיט דער פאָדערונג פון אַ גוט־באַצאָלטער אידישער לערער פּראָפעסיע אין אַמעריקע. ווייל אויב צו זיין אַן אידישער

לערער אין אַמעריקע דאַרף ווערן אַ פולע וויכטיקע פּראָפעסיע, דאַן דאַרף לערעריי זיך גוט באַצאָלן. ווייל ריכטיק האָט מיר אָנגעוויזן אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון דער פעדעראַציע פון אידישע לערער, ווי פאָלגט: צו זיין אַ אידישער לערער דאַרף ווערן אַזאַ סאָרט פּראָפעסיע, אַז אַ אידישער געזעלשאַפטלעכער טוער, וואָס איז אַקטיוו אויף דעם אידישן חינוך־געביט זאָל פילן, אַז ווען זיין אייגענער זון זאָל וועלן ווערן אַ אידישער לערער, זאָל ער זיך ניט שעמען דערמיט, נאָר זאָל זאָגן: גוט, מיין זון, קענסט ווערן אַ לערער ביי אידן! ווייל איינס איז זיכער, אַז אַזעלכע לערער, בעסער געזאָגט מלמדים, קבצנים אין זיבן פּאָלעס, ווי אַמאָל, דאָס וועלן די אַמעריקאַנער אידן זיכער ניט אויפציען. אָדער עס וועלן זיין גוט באַצאָלטע לערער, אָדער עס וועלן אינגאַנצן, חלילה, קיין לערער נישט זיין.

עס מוז אויך דאָ אָנגעוויזן ווערן, אַז די אידישע לערער פּראָפעסיע האָט אויף אַ נאַטירלעכן אופן אָפּגעשפּיגלט די ענדערונגען אין דעם צוזאַמענשטעל פון דעם אידישן ישוב. ווייל ביים אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך געפילט אַ גאַנץ היפּשער אונטערשייד צווישן אידישע לערער, וואָס האָבן געהאַט אַן אַמעריקאַנער דערציאונג און אידישע לערער, וואָס זיינען אַריבערגעקומען פון אייראָפּע אַלס דערוואַקסענע מענטשן. כאָטש עס איז אמת געווען, אַז די גרעסטע אידעאַליסטן אין דער אידישער לערער פּראָפעסיע זיינען געווען די אייראָפּעאישע משכילים, וועלכע זיינען געקומען קיין אַמעריקע פאַר און באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, פונדעסטוועגן, האָבן די ערשטע גרופּן אַמעריקאַנער דערצויגענע אידישע לערער געפילט, אַז זיי שטעלן פאָר מיט זיך עפּעס אַ באַזונדערן קלאַס. פיל פון די דאָזיקע לערער זיינען געווען צווישן די ערשטע גראַדואירטע פון לערער אינסטיטוט ביים אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר און זיי האָבן אויך געלערנט אין דעם טיטשערס קאַלעדזש אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, וועלכער האָט דאַמאָלט געהאַט אַ צאָל וועלט־באַרימטע דענקער און געלערנטע, צווישן זיי די פּראָפעסאָרן דזשאַן דואי, קילפּאַטריק, טאָרנדאַיק, סטרעיער און אַנדערע. דער טיטשערס קאַלעדזש פון קאָלאָמביע האָט צו יענער צייט אויך איינגעפירט ביים דעפּאַרטמענט פון רעליגיעזער דערציאונג ספּעציעלע קורסן אין אידישער דערציאונג פאַר אַוואַנסירטע סטודענטן. דער פאַקט, וואָס קאָלאָמביע האָט אַנערקענט אידישע דערציאונג אַלס אַ געגנשטאַנד האָט געפירט דערצו, אַז האַרוואַרד יוניווערסיטי און די אוניווערזיטעטן פון שיקאַגאָ און ניו יאָרק זאָלן איינפירן ענלעכע קורסן. אַ צאָל אידישע דערציער, וועלכע זיינען שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס פירער פון אידישן דערציאונגס וועזן אין אַמעריקע, גראַדואירטע

פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר און פון קאָלאָמביע, האָבן צו יענער צייט (אין יאָר 1914) געגרינדעט די „דזשואיש טיטשערס אַסאָסיאיישאָן", מיט אַ מיטגלידערשאַפט פון זיבעציק יונגע מענער און פרויען. די באַאמטע פון דער אַסאָסיאיישאָן זיינען אין 1918 געווען דר. לעאָ ל. האָנאָר, פּרעזידענט און דר. אַלבערט פּ. סקולמאַן, סעקרעטאַר. דער אַדרעס פון דער אָרגאַניזאַציע איז געווען 356 סעקאָנד עוועניו, דער אַדרעס פון דער קהילה.

מיט דער צייט אָבער איז די דאָזיקע פאַראייניקונג פון אַמעריקאַנער דערציִעגנע לערער פאַרשוואונדן. פּשוט דערפאַר, ווייל גאַנץ שנעל האָבן אָנגעהויבן צוצוקומען מער און מער אַמעריקאַנער דערצויגענע אָדער טאַקע אַמעריקאַנער געבוירענע לערער. ווייל פיל פון יענע יונגעלייט, וואָס האָבן געלערנט אויף ראַבאַי אָדער רב, זיינען אַ צייט אויך געווען לערער. אויך די אַריבערגעקומענע פון אייראָפּע האָבן זיך אַמעריקאַניזירט און מיט דער צייט איז די אַגודת המורים העברים געוואָרן די צענטראַלע, אַלץ אַרומ־נעמענדע אָרגאַניזאַציע פון העברעאישע לערער אין ניו יאָרק און אומגעגנט.

די אַגודת המורים האָט געהאַט אויך געוויסע שוועריקייטן מיט די אָרטאָדאָקסישע לערער, וועלכע האָבן אין יאָר 1917 געגרינדעט זייער אייגענע לערער אָרגאַניזאַציע „המוריה", וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו דער מזרחי.

אָבער צוערשט, ווען די אגודת המורים איז געגרינדעט געוואָרן, דאָס איז געווען אין יאָר 1912, האָבן צו איר באַלאַנגט בלויז אייראָפּעאיש געבוירענע העברעאישע לערער. אין יאָר 1918 האָט די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע געציילט אַ מיטגלידערשאַפט פון 160. „הויפּטזעכלעך, פון אימיגראַנטישן משכיל־טיפּ לערער", אַזוי שרייבט וועגן זיי דער פּנקס הקהילה. דער טשערמאַן פון דער עקזעקוטיווע פון אגודת המורים איז געווען קלמן ווהייטמאַן, און דער סעקרעטאַר איז געווען ז. העלער. דער אַדרעס: 307 טרופּ עוועניו, ברוקלין. אין יאָר 1916 — אַזוי גיט איבער דער פּנקס הקהילה דניו־יאָרק — האָט די אגודת המורים דורכגעפירט אַ סטרייק פון העברעאישע לערער אין ניו יאָרק. דער סטרייק האָט געפירט דערצו אַז עס זיינען געהעכערט געוואָרן די שכירות פון די העברעאישע לערער אין אַ צאָל פון די גרעסערע שולן פון יענער צייט, וואָס דאָס מיינט אין אַ צאָל תלמוד־תורה׳ס.

אויף איינעם פון מיינע באַזוכן אין דער אגודת המורים העברים, דאָס איז געווען אין יאָר 1956, (פּונקט מיט פערציק יאָר שפּעטער נאָך דעם ערשטן סטרייק פון העברעאישע לערער), האָט די אגודת המורים געהאַט פאַר זיך אַ כמעט ענלעך פּראָבלעם. די הויפּט־פראַגע איז נאָך אַלץ געווען העכערע

שכירות. איך האָב געהאַט אַ געשפּרעך מיט דעם עקזעקוטיוון דירעקטאָר פון דער אגודה, אליהו זוטא, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1923 און האָט זיך אַלע זיינע יאָרן דאָ אין לאַנד אָפּגעגעבן מיט העברעאישער לערעריי און דערציערישער טעטיקייט. אויך שמואל טובי, אַ פּעדאַגאָג און סעקרעטאַר פון דער היברו טיטשערס יוניאָן, ווי די אגודת המורים האָט זיך גערופן אין ענגליש, האָט זיך באַטייליקט אין דעם געשפּרעך. די אָפּיסעס פון דער אגודת המורים, אויף 111 פינפטע עוועניו, האָבן פאַרנומען פינף צימערן און געזאָגט עדות אויף דעם, אַז דער פאַראיין פון העברעאישע לערער אין ניו־יאָרק איז אויסגעוואַקסן אין אַ היפּשער אָרגאַניזאַציע. אַרום טויזנט מיטגלידער האָט געהאַט די אגודת המורים העברים אין ניו יאָרק. נאָך די אַלע יאָרן, איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן, איז נאָך נישט דערגרייכט געוואָרן אַזאַ צושטאַנד, אַז אַלע העברעאישע לערער זאָלן זיין אָנגעשלאָסן אין זייער אייגענעם פאַראיין, פאַר זייערע אייגענע אינטערעסן. דאָס האָט זיך דער־קלערט דערמיט, וואָס ווען עס איז געקומען צו לערעריי האָבן פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, קאָנגרעגאַציעס און סתם באַלעבאַטים געזוכט צו קריגן מציאות, איינשפּאָרן געלט. דערפאַר האָבן אַלעמאָל זיך געפונען אַזעלכע לערער, וועלכע האָבן באַטראַכט זייער לערעריי אַלס ציטווייליק און זיך געלאָזט אַראָפּדינגען, ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע פון געהאַלט. די אגודת המורים האָט דערפאַר אָנגעפירט אַ העפטיקן קאַמף, אַז די שולן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט זאָלן באַשעפטיקן בלויז אַזעלכע לערער, וואָס האָבן לאַיסענס, אָפיציעלע פאַפּירן פון דעם ספּעציעלן ראַט, וואָס האָט עקזיסטירט ביי דעם אידישן דערציאונגס קאָמיטעט און וואָס האָט אַרויסגעגעבן אָפיציעלע באַשטע־טיקונגען פאַר לערער צו באַשעפטיקן זיך מיט דער פּראָפעסיע. דער ספּעציע־לער ראַט (באָארד אָוו לאַיסענס) איז באַשטאַנען פון אַ גרופּע אָנערקענטע פּעדאַגאָגן און כלל טוער, און פאָרשטייער פון די אָרטאָדאָקסישע און קאָנסער־וואַטיווע דערציאונגס קערפּערשאַפטן. פון די רעפאָרם אידן האָט מען קיין פאָרשטייער נישט אַריינגענומען, ווייל די לערער פון די זונטיק שולן האָט מען אַלס העברעאישע לערער אינגאַנצן נישט אָנערקענט. (פאַר אַ געוויסער צייט האָט אין ניו־יאָרק עקזיסטירט די „דזשואיש רילידזשאָס סקול יוניאָן", וואָס איז באַשטאַנען פון סאָנדעי סקול לערער. די דאָזיקע יוניאָן איז גע־גרינדעט געוואָרן אין 1913).

די אגודת המורים העברים האָט אַרויסגעשטעלט אַ פאָדערונג פון 300 דאָלער אַ יאָר העכערונג פאַר אירע מיטגלידער, נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט דעם פאַקט, אַז די לערער פון די פּאָבליק סקולס פון ניו יאָרק האָבן אין

יאָר 1956 געקראָגן אַ העכערונג פון פינף הונדערט דאָלער אַ יאָר. אויסער דעם, האָט די אגודה געפאָדערט די רעגלמעסיקע 150 דאָלער אַ יאָר הוספה.

איך האָב אויך באַזוכט, אין שייכות מיט מיין שטודיום פון דער אידישער לערער פּראָפעסיע, נאָכאַמאָל און אָבעראַמאָל, די הסתדרות המורים העברים באמריקה. דאָס מאָל האָב איך געהאַט אַ שמועס, אויסער מיט צבי גלאַטשטיין, עקזעקוטיווער דירעקטאָר, אויך מיט דעם פּעדאַגאָג שמעון פאָלאַק, וועלכער איז געווען דער פּרעזידענט פון דער העבּרעאישער לערער פעדעראַציע. אויך דאָ איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן אויף דער הויפּט־סיבה פון דעם קריזיס אין דער העברעאישער לערער פּראָפעסיע: ווי קען זיין גוט? האָט מען מיר דערקלערט, אַז ווען אַ לערער אַרבעט אָפּ ביי זיין פּראָפעסיע 20 יאָר צייט, איז ער ערשט דאַמאָלט באַרעכטיקט צו 5.000 דאָלער אַ יאָר! און אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט אַ פאַמיליע פון פיר פּערזאָן קוים געקענט לעבן „אָנשטענדיק״, אין איינקלאַנג מיט דעם מיטל־קלאַס שטאַנד, פאַר אַכט טויזנט דאָלער אַ יאָר. דערפאַר איז מיר טאַקע אָנגעוויזן געוואָרן אַז אין ניו יאָרק האָבן זיך געפונען אַרום דריי הונדערט לערער, וועלכע האָבן אָנגעהאַלטן צו צוויי שטעלעס. אינדערפרי האָבן זיי געלערנט אין אַ ישיבה קטנה און בייטאָג — אין אַ נאָכמיטאָג שולע, ביי אַ קאָנגרעגאַציע אָדער ביי אַ צענטער. אַ ישיבה־לערער האָט געקראָגן אַ מאַקסימום פון פיר טויזנט דאָלער אַ יאָר און אין אַ נאָכמיטאָג שולע — צווישן צוויי און דריי טויזנט דאָלער. אַזוי, אַז אַזעלכע לערער האָבן געמוזט אַרבעטן עבודת פּרך, כדי צו פאַרדינען צווישן זעקס און זיבן טויזנט דאָלער אַ יאָר. דאָס איז געווען אַן איינקונפט, וואָס געוויסע קאַטעגאָריעס פון אַרבעטער אין שעפער האָבן פאַרדינט אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. (עס זייַנען אויך געווען אַ צאָל לערער, וואָס זיינען אינדערפרי געווען באַשעפטיקט אין אַ רעגירונגס האַי־סקול און פאַרנאַכט האָבן זיי געלערנט אין אַ תלמוד־תורה).

איינע פון די גאָר וויכטיקסטע פאָדערונגען, וואָס די אגודת המורים אין ניו יאָרק און די לערער פעדעראַציע איבערן לאַנד האָבן אַרויסגעשטעלט, איז דאָס שאַפן פון פענסיע פאָנדן, געוויסע פאַרזיכערונגען פאַר די העברעאישע לערער אויף די עלטערע יאָרן. די דאָזיקע פראַגע האָט פאַרנומען אַ סך צייט און ענערגיע ביי די רעגיאָנאַלע און אויך נאַציאָנאַלע צוזאַמענפאָרן פון די העברעאישע לערער. די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פון אידישער דערציאונג, פון וועלכער דר. יהודה פּילטש איז געווען דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר, האָט פיל בייגעטראָגן צו וועקן דעם באַוואוסטזיין פון אידישן לערער אין אַמעריקע צו אָרגאַניזירן אַזוי ווייט ווי נאָר מעגלעך די פּראָפעסיע. אויך

אויף דעם געביט פון אָרגאַניזירן אַ פּענסיע־סיסטעם האָט די אַסאָסיאַציע פיל געזוכט בייהילפיק צו זיין דורך די פאַרשידענע ביוראָס פאַר אידישער דער־ציאונג, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין דער נאַציאָנאַלער אַסאָסיאַציע.

נאָך איינע פון די סיבות, פאַרוואָס עס איז געווען אַ שאַרפער דוחק אין לערער און אויך פאַרוואָס לערער האָבן ניט פאַרדינט גענוג, איז געווען דער פאַקט, וואָס אין די יאָרן פאַר און נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט מען אין די פאַרשידענע נאָכמיטאָג־שולן געלערנט וויניקער שטונדען ווי אַמאָל. אַמאָל פלעגט זיך פירן, אַז אַ לערער האָט געלערנט מיט דריי פאַרשידענע קלאַסן און האָט געלערנט פינף און זעקס שעה אַ טאָג; ער האָט געלערנט, הייסט עס, דריי סעסיעס, ביז אַכט אין אָוונט. שפּעטער האָט זיך אַנטוויקלט אַזאַ סיטואַציע, וואו מען האָט געלערנט מערסטנס ביז אַרום זעקס אַזייגער, און פאַרטיק! דערפאַר האָט מען זיך גענויטיקט אין מער לערער און דערצו נאָך האָבן די קאָנגרעגאַציעס און צענטערן געפּילט, אַז פאַר דריי, פיר שעה לערנען „איז גענוג" דאָס, וואָס דער לערער קריגט. און עס האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן, אַז אין פיל פאַלן האָבן לערער געקראָגן נישט מערער ווי צוויי טויזנט דאָלער אַ יאָר. אַזעלכע לערער זיינען מערסטנס געווען סטודענטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין שטודירן אויף ראַבאַי אָדער אויף אַן אַנדערער „אידישער פּראָפעסיע". צווישן די וויניק־באַצאָלטע לערער האָבן זיך אויך געפונען פיל מיידלעך, וועלכע האָבן אין אַלגעמיין פאַרנומען אַן אָנגעזעען פּלאַץ אין דער אידישער לערער פּראָפעסיע. אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דער פּראָצענט אידישע פרויען לערע־רינס געווען איבער דרייסיק. דער פּראָצענט פרויען אין די פאַרשידענע לערער אינסטיטוטן איז שפּעטער געוואָרן איבער 45. אין אַלגעמיין מוז דאָ אָנגעוויזן ווערן, אַז עס איז צום ערשטן מאָל אין דער אידישער געשיכטע, וואָס אידישע פרויען האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן אַ ביז גאָר וויכטיקע ראָלע אין דער רעליגיעזער אידישער דערציאונג. אין דער אַלטער היים האָט מען ניט געוואוסט פון אַזאַ זאַך, ווי אַ פרוי זאָל לערנען אידישקייט מיט אידישע קינדער. אויב אַזאַ זאַך האָט יאָ אַמאָל פּאַסירט, איז עס געווען אַ גרויסע זעלטענקייט. (דער שרייבער פון די שורות קען טאַקע עדות זאָגן וועגן אַזאַ זעלטענעם פאַל אין זיין געבורטס שטעטל אין אוקראַינע, הייסין, פּאָדאָליע, וואו זיין רבי, ר׳ בן־ציון ריכטער, וואָס איז אויך געווען אַ שוחט, אַ איד אַ תלמיד חכם, האָט איבערגעגעבן צו זיין פרוי די אָנפירונג פון חדר, ווען ער, דער רבי, איז צוגענומען געוואָרן אין דער אַרמיי. די רביצין, לאה׳קע, ווי מען פלעגט זי רופן, האָט געקענט גוט העברעאיש און

אויך לערנען אַ בלאַט גמרא גאַנץ פיין. אָבער דאָס, ווי געזאָגט, איז געווען אַ זעלטענער פאַל). דאָ אין אַמעריקע זיינען אָבער פאַראַן אידישע לערערינס אין די הונדערטער און כאָטש קיין גמרא לערנען זיי ניט, קענען אָבער פיל יאָ גאַנץ גוט תנ״ך און אויך משנה. אַ צאָל פרויען האָבן אויך דערגרייכט צו פאַרנעמען גאַנץ הויכע פּאָזיציעס אַלס עקזעקוטיווע פירער אין פעלד פון אידישער דערציאונג. אַזוי, למשל, האָט דער לערער אינסטיטוט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר געהאַט אַלס רעגיסטראַר און הויפט אָנפירער סילוויע עטענבערג, וועלכע האָט איר העכערע אידישע דערציאונג געקראָגן טאַקע אין סעמינאַר גופא און איז געווען איינע פון די אַקטיווסטע טוער פון דער העברעאישער באַוועגונג אין אַמעריקע. געווען אויך פרויען־פּרינציפּעלס פון שולן און קאָנסולטאַנטן.

די אידישע לערער פּראָפעסיע האָט זיך שטאַרק פאַרצווייגט אין איר וואוקס און אַנטוויקלונג דאָ אין אַמעריקע. ביים אָנפאַנג פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט זיינען אין אַמעריקע געווען בלויז אַרום זיבן מינים באַשעפטי־קונגען פאַר אידישע לערער. מיט דער צייט האָט די וואַריאַציע פון דער לערער פּראָפעסיע דערגרייכט איבער 25. אין יאָר 1900 זיינען געווען לערער אין: 1) עלעמענטאַרע אידישע שולן; 2) נאָכמיטאָג שולן; 3) זונטיק שולן; 4) חדר; 5) ישיבה; 6) פּריוואַטע לערער און 7) פּרינציפּאַלס.

אין דער צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט האָט די אידישע לערער פּראָפעסיע געהאַט די פאָלגנדע וואַריאַציעס: 1) לערער אין נוירסעריס (פּרע־קינדערגאָרטן); 2) קינדער־גאָרטנס; 3) פאונדעישאָן שול (די ערשטע דריי, פיר עלעמענטאַרע שול יאָרן); 4) עלעמענטאַרע שול; 5) פולע טאָג־שול (ישיבה קטנה); 6) נאָכמיטאָג שול; 7) זונטיק שול; 8) מיטל שול (האַי סקול); 9) אידישער קאָלעדזש; 10) העכערע ישיבות און טעאָלאָגישע סעמינאַרן; 11) לערער אינסטיטוטן און לערער סעמינאַרן; 12) דערציאונג פאַר דערוואַקסענע; 13) פּרינציפּאַלס; 14) מוזיק לערער; 15) דראַמאַטיק לערער; 16) טאַנץ לערער; 17) קונסט און האַנט־ווערק (אַרטס ענד קרעפטס); 18) דערציאונגס דירעקטאָר ביי די פאַרשידענע קאָנגרעגאַציעס און צענטערן. אויסער דעם אַלעמען זיינען צוגעקומען אַ גאַנצע ריי פּראָפעסיעס, וואָס זיינען געווען אַ טייל פון דער אַלגעמיינער דערציאונגס באַוועגונג אויף דער אידישער גאַס. דאָס זיינען פאָלגנדע פּראָפעסיעס, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט די פאַרשידענע אידישע דערציאונגס ביוראָס איבערן לאַנד: 1) דערציאונגס ראַטגעבער; 2) עקזעקוטיווער באַאַמטער פון צענטראַלער דערציאונגס־אַגענ־טור; 3) לערער־קריטיקער; 4) פאָרשער פון דערציאונגס וויסן; 5) שרייבער

פון טעקסט ביכער; 6) אויפזעער איבער שולן און 7) אָרגאַניזאַטאָר פון דערציאונג קערפּערשאַפטן פאַר דער געמיינדע.

די פאַרשידנאַרטיקע פאַרצווייגונגען האָבן באַוויזן, ווי עס האָט זיך אַנט־וויקלט דאָס אידישע חינוך־וועזן אין אַלע פאַזן. און מעגן די אייביקע קריטיקער זיין סאַטיריש וויפל זיי ווילן נאָר אַליין, נאָר זיי וועלן זיכער נישט קענען אָפּלייקענען, אַז פיל, פיל איז אויפגעטאָן געוואָרן אויף דעם אידישן דערציאונגס געביט צו מאַכן אידישקייט צוציענד און אינטערעסאַנט פאַר דעם אידישן קינד אין אַמעריקע. ווייל אַנדערש איז די סיטואַציע דאָ פאַר דעם אידישן קינד, וואָס האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז צו ווערן ממש פאַר־ליבט אין אידישקייט. אַ אידיש קינד אין אַמעריקע האָט ניט „געמוזט גיין" אין דער אידישער שול, ווי אַמאָל אין „יוראָפּ", אין קליינעם אידישן שטעטל, וואו אויסער דעם חדר איז אין ערגיץ אַנדערש ניט געווען וואוהין צו גיין, מיטן אויסנאַם פון די „עטלעכע פרייע יאָר" נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה! פיל, פיל איז אויפגעטאָן געוואָרן אין דער אידישער אַמעריקע צום אויפברענגען קאַדרען אידישע לערער, פון קינדער־גאָרטן אָן ביז די באַרימטע אידישע הויכשולן, קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן. און אידישע דערציער זיינען פון ניו־יאָרק גערופן געוואָרן אפילו קיין ירושלים איינצו־שטעלן די מאָדערנסטע לערן־סיסטעמען!

יאָ! עס זיינען נאָך דאָ פיל שוועריקייטן! פיל שטיינער אין וועג! פיל קאַמפן נאָך צו קעמפן און פיל שטרויכלונגען נאָך צו בייקומען! אָבער, אַז מען האָט זיך אַביסל פאַרטיפט אין דעם אַנאַליז פון אידישן לערער־געביט, האָט מען אויך געקענט איינזען, אַז פּראָגרעס איז געמאַכט געוואָרן און אַז מען איז געגאַנגען פאָראויס!

## 20

# דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט פון ניו יאָרק, זיין געשיכטע און זיינע אויפטוען

פאַלשע דערקלערונג פון ניו יאָרקער פּאָליציי קאָמי־שאָנער אין יאָר 1908, אַז אידן שטעלן צו 50 פּראָצענט פון אַלע פאַרברעכער, האָט געפירט צו גרינדונג פון אידישער קהילה און פון ביוראָ פון אידישער דערצי־אונג. — די אויפטוען פון דער ביוראָ און די שפּעטער־דיקע גרינדונג פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט. — אַ מיליאָן דאָלער פאָנד פון אַ אידן פון דער פינפטער עוועניו אויסצופאָרשן אידישע דערציאונג אין ניו־יאָרק. — די פערציק אָפּטיילונגען פון אידישן דער־ציאונגס קאָמיטעט. — „אַ מיניסטעריום" פון אָרגאַני־זירטן אידישן חינוך. — אַלע גרופּירונגען פּאַראַיי־ניקט. — קרוב צו אַ מיליאָן דאָלער רעגירונגס הילף פאַר ישיבות קטנות. — קריטיק אַמאָל און שפּעטער. — באַרג אַרויף.

עס איז געווען אין אָנהויב פון דעם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווען ניו־יאָרק האָט אָנגעהויבן פאַרוואַנדלט צו ווערן מיט אַ בליציקער שנעלקייט אין דעם גרעסטן אידישן קיבוץ, אין דער גרעסטער אידישער קהילה, אין דער מאָדערנער צייט. אין יאָר 1890 זיינען אין ניו־יאָרק געווען בלויז אַרום זעכציק טויזנט אידן. אין 1897 זיינען געווען דריי הונדערט און פופציק טויזנט (350.000), אין 1910 זיינען שוין געווען איבער אַכט הונדערט טויזנט און אין 1914 זיינען שוין געווען אַרום אָנדערהאַלבן מיליאָן אידן אין ניו יאָרק. מיר גיבן דאָ אָן די דאָזיקע ציפער, כדי אַרויסצוברענגען דעם פאַקט, אַז דאָס וואָס עס האָט פּאַסירט אין ניו־יאָרק, (באַזונדערס אין

שייכות צו אידישער דערציאונג), האָט פריער קיינמאָל אין דער גאַנצער געשיכטע ניט פּאַסירט. עס זיינען אָנגעקומען אידן אין די הונדערטער טויזנטער און ממש אין די מיליאָנען, און זיי זיינען אָנגעקומען אין אַ פריי לאַנד, וואו מען האָט זיך געקענט אויסלעבן פראַנק און פריי אַלס איד. האָבן אידן טאַקע, טראָץ אַלע שוועריקייטן פון אימיגראַנטישן לעבן, אָנגעהויבן צו טראַכטן (אין איינקלאַנג מיט די נייע אומשטענדן) וועגן אַ אידישער דער־ציאונג פאַר זייערע קינדער. און עס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט דער צייט צו שאַפן כלערליי תלמוד תורה׳ס, כלערליי שולן און אויך אַ מאַסע חדרים. אידישע דערציאונג אין ניו יאָרק, און אין גאַנץ אַמעריקע בכלל, האָט צו יענער צייט, מער ווי ווען עס איז פריער, אָפּגעשפּיגלט די פאַרשידענע טענדענצן פון די פאַרשידענע גרופּן אידישע אימיגראַנטן, וואָס זיינען געקומען פון פאַרשידענע ווינקלען פון אייראָפּע. אין פילע פאַלן האָבן אַ סך אידן, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שום באַרוף צום לערנען מיט קינדער, זיך אַ נעם געטאָן צו דער מלאכה פון לערערײַ. די פאַראַנטוואָרטלעכקייט, וואָס אַן אַלטמאָדישער רבי האָט געהאַט מיט זיין חדר אין דעם קליינעם הימישן שטעטל, איז אין ניו יאָרק ניט געווען. ווייל מערסטנס האָט מען דעם רבי׳ן ניט געקענט. כדי צו קריגן אַ געוויסן באַגריף וועגן דעם, ווי אַזוי געוויסע חדרים האָבן אויסגעזען אין יענע יאָרן, וועלן מיר איבערדרוקן צוויי שילדן פון אַזעלכע חדרים, וואָס איינער פון די פּיאָנערן פון דער העברעאישער דערציאונג אין אַמעריקע, ישראל קאַנאָוויץ, האָט געזען אויף דער איסט סאַיד צו יענער צייט. מר. קאַנאָוויץ ברענגט דעם טעקסט פון די דאָזיקע שילדן אין דעם ספּעציעלן בוך, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צום דרייסיק יאָריקן יובילײַ פון אגודת המורים פון ניו יאָרק (ספר היובל של אגודת המורים העברים).

אָבער ניט בלויז וועגן די חדרים האָט זיך עס געהאַנדלט. אויך די קליינע תלמוד תורה׳ס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם. מיט דעם וואוקס פון דער ריזיקער ניו יאָרקער אידישער געמיינדע, האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַ נויטווענדיקייט פון אַריינברענגען וועלכע עס איז קאָאָרדינאַציע און סיסטעם אין דעם שנעל וואַקסענדען ישוב. עס האָט זיך אַרום יענער צייט אויך אָנגעהויבן צו פילן די נויטווענדיקייט פון אָרגאַניזירן די אידן פון ניו יאָרק פאַר דעם צוועק פון שיקן הילף צו זייערע ברידער פון יענער זייט ים. ווייל פונקט ביים אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז דאָס וועלט־אידנטום אויפגעשטורעמט געוואָרן פון דעם קישינעווער פּאָגראָם און די אַנדערע שחיטות אויף אידן אין צאַרישן רוסלאַנד און עס

בתור

קוריוז, לשם תיאור ה"חדר" הניו יורקי אחר עשר שנים של פגישתי הראשונה עמו, כדאי לחזור ולהביא כאן העתקה שניה משלט שמצאתי תלוי באותם הימים גם כן על גבי אורווה של סוסים. את הטופס העתקתי אז מלה במלה מתוך השלט, והצגתיו לראוה במאמרי הנ"ל ב"התורן".

> ## חדר
>
> דאַ איז דער בערימטער חדר פון די בעוויסטע פעדאגוגין מיסטר
>
> ### שאבסאוויטש און מיסטר קרימינסקי
>
> עס ווירד אונטעריכטעט פון אלף בית ביז בר מצוה מיט א גרויסארטיגען ספיטש (בר מצוה דרשה) אין ענגיליש אידיש אונד לושן קודש. העברעיש, אידעש שרייבען, עברי, חומש, אין רש"י אין גמרה, תנ"ח, עברת בענגיליש אַדער באידעש און עברת בעברת אל פי דיקדיק לויט נאָך פארלאַנג, אידישע היסטוריעס, רעליגיאָן אלעס אופן היימישען שטייגער מיט זעהר ביליגע פרייזען. קומט אונד איבערצייגט איך.
>
> אויך ווערין היר אידישע און דייטשעשע לעטערס געשריבען קיין יוראָפּ. דאַ ווירד אויך אָבגעשפראכען אין געהיילט א קאנסער וואס די גרעסטע פראפעסארען קענין נישט אויסהיילען.
>
> ### רעווערענד שאבסאוויש בארימטער
> ### מוהל און מסדר קידישין

מוסדות חינוכיים

בבואי לכאן, בשנת תרס"ג, מצאתי כבר גם מוסדות חנוכיים אלימנטריים שנתיסדו בזמנים שונים, והם נתחלקו לד' סוגים: א) בתי ת"ת צבוריים,

האָט אָנגעהויבן רייף צו ווערן די אידייע פון אַן אָרגאַניזירטער אידישער קהילה אין ניו יאָרק. צו יענער צייט (אין יאָר 1908) האָט זיך אויך אַזוי געמאַכט, אַז דער דאַמאָלסטדיקער פּאָליציי קאָמישאָנער פון ניו יאָרק, אַ געוויסער גענעראַל בינגהאַם, איז אַרויסגעקומען מיט אַן עפנטלעכער דער־קלערונג, זאָגנדיק, אַז פופציק פּראָצענט, דאָס הייסט אַ העלפט, פון אַלע פאַרברעכער פון ניו יאָרק, קומען פון אידן. די דאָזיקע באַשולדיקונג האָט אויפגערעגט ביז גאָר די אידישע פירער פון יענער צייט און עס איז באַשלאָסן

ה„חדר" האמריקני

הפגישה הראשונה שלי עם החנוך העברי שבכאן היה ברחוב מדיסון, במזרח העיר ניו יורק. הלכתי לי לתומי, ובעברי לפני איזו אורווה נתקלו עיני בשלט שהיה תלוי מלמעלה על השער, באותיות מטושטשות, וכך היה כתוב עליו:

כעדער

פונם ספעץ מלמד (השם במלואו) לערנט אויס אייער ייגגל פון א"לף ב"ית ביז בר־מצוה מיט א ספיטץ אין אינגעליש און יידיש. עברי מיטן דוקדיג חומש תנ"ח רש"י, זעלטינר בריף שרייבער. צופרידענהייט גאראנטירט.

114

געוואָרן צו שאַפן אַן אָרגאַניזירטע אידישע קהילה, וואָס זאָל קענען רעדן אין נאָמען פון גאַנצן אידישן כלל און שטיין אויף דער וואַך פון די אידישע אינטערעסן. און אַזוי אַרום איז עס אין פעברואַר, 1909, געשאַפן געוואָרן די אידישע קהילה אין ניו יאָרק, פון וועלכער דר. יהודה לייב מאַגנעס איז געווען דער עקזעקוטיווער פּאָרזיצער. אין דער קהילה זיינען צווישן אַנדערע געווען אַקטיוו אַזעלכע אידן ווי הערבערט ה. לעהמאַן, לואיס מאַרשאַל, דזשייקאָב שיף, פעליקס מ. וואַרבורג, צבי הירש מאַסליאַנסקי, איזראַעל אונטערבערג, לעאָן מאָיסעיעף, א. אַנד.

די דאָזיקע קהילה, וועלכע האָט געהאַט איר ערשטע היים אויף 356 סעקאָנד עוועניו, האָט גלייך ביי איר אָנהויב באַטראַכט די פראַגע פון אי־דישער דערציאונג פאַרן אידישן קינד אַלס איינע פון אירע הויפּט אויפגאַבן.

און עס איז גלייך באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פאַר אידישער דערציאונג, וואָס זאָל גלייך דורכפירן אַ גענויע אויספאָרשונג פון דעם צושטאַנד פון אידישן חינוך־וועזן אין ניו יאָרק. און, ווי זאָגט דער פּסוק, געדעדט און געטאָן. און די קאָמיטע האָט דורכגעפירט אַ גענויע אויספאָרשונג, גייענדיק פון גאַס צו גאַס, פון הויז צו הויז, אָנפרעגנדיק ביי יעדער אידישער פאַמיליע וועגן דער אידישער דערציאונג, וואָס די קינדער קריגן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס זיינען דאַמאָלט געווען אַרום 170 טויזנט אידישע קינדער אין ניו יאָרק און אַרום צוויי דריטל האָבן ניט געקראָגן (אין יענעם יאָר) קיין אידישע דערציאונג. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז די מערסטע שולן האָבן זיך געפונען אין די ערגסטע געביידעס און אַז עס איז נויטיק געווען אַ שטאַרקע אַלגעמיינע פאַרבעסערונג אין גאַנצן אידישן חינוך.

עס האָט זיך דאַמאָלסט גאַנץ באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע פון אידישער דערציאונג דר. שמשון בענדערלי, אַ געבוירענער פון צפת, וועלכער האָט געענדיקט אויף דר. מעדיצין אין קאָלאָמביע אוניווער־זיטעט און איז גאַנץ שנעל געוואָרן אַקטיוו אין דער אידישער דערציאונגס באַוועגונג, צו וועלכער ער האָט שפּעטער געווידמעט זיין גאַנץ לעבן.

דזשייקאָב שיף, וועלכער איז געווען איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון אַמעריקאַנער אידנטום, האָט זיך דאַמאָלסט אויך שטאַרק פאַראינטערעסירט מיט דער פראַגע פון אידישער דערציאונג און ער האָט געשאַפן אַ ספּעציעלן פאָנד צו זוכן מיטלען ווי אַזוי צו פאַרבעסערן דאָס אידישע דערציאונגס וועזן אין אַמעריקע. און עס איז אַזוי אַרום באַשלאָסן געוואָרן, לויט דעם פּלאַן פון דר. שמשון בענדערלי, צו שאַפן די ביוראָ פון אידישער דערצי־אונג אין ניו יאָרק. אין דער דאָזיקער ביוראָ זיינען געווען פאַרטראָטן פאַר־שטייער פון אַלע באַוועגונגען און צווייגן אין אידישן לעבן פון יענער צייט. די אָרטאָדאָקסישע אידן, די קאָנסערוואַטיווע, די רעפאָרם אידן און אויך די וועלטלעכע.

דר. בענדערלי האָט אַלס זיינע נאָענטסטע מיטאַרבעטער צוגעצויגן דר. אַלעקסאַנדער דושקין און דר. עזריאל טשיפּקין, ע״ה, וועלכע זיינען שפּעטער פאַררעכנט געוואָרן אַלס פירנדע פּערזענלעכקייטן אויפן געביט פון אָרגאַ־ניזירטער אידישער דערציאונג. דר. שמואל מאַרגאָשעס איז יאָרנלאַנג געווען איינער פון די ערשטע און וויכטיקסטע מיטאַרבעטער אין דער ביוראָ אָוו דזשואיש עדיוקעישאָן.

די ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג איז שנעל געוואַקסן און זי האָט אַנטוויקלט אַ גאַנצע ריי פאַרשידענע אָפּטיילונגען, אין איר פאַרגרעסערטער

היים, וואָס האָט זיך אין יאָר 1918 געפונען אויף 114 פינפטע עוועניו. ביי דער אַכטער יערליכער קאָנפערענץ פון דער קהילה איז אָבער באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרוואַנדלען די ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג אין אַן אומ־אָפּהענגיקער קערפּערשאַפט, און צוליב די פאַרשידענע נייע אנטוויקלונגען אין דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אַלס רעזולטאַט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז די קהילה מיט דער צייט אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ביז זי איז אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען.

צו יענער צייט איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן די אידישע צדקה פעדע־ראַציע פון ניו יאָרק און די פעדעראַציע האָט באַשלאָסן צו שטיצן די פאַר־שידענע עקספּערימענטאַלע שולן, וואָס די ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג האָט אָנגעפירט אין משך פון יאָרן.

עס האָט זיך אָבער אַלץ מער און מער אָנגעהויבן צו רודערן אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג. און אין יאָר 1920 און 1921 איז געגרינדעט געוואָרן אַ נייע קערפּערשאַפט פון געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דזשואיש עדיוקעישאָן אַסאָסיאיישאָן“. צווישן די גרינדער פון דער דאָזיקער קערפּערשאַפט האָבן זיך געפונען דר. יהודה לייב מאַגנעס, איזראַעל אונטערבערג, בערנאַרד זעמעל, ריכטער אָטאָ ראָזאַלסקי און אַ ריי אַנדערע.

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען עס איז אויפגעוואַקסן דער ערשטער אַמערי־קאַנער געבוירענער דור פון דער גרויסער מזרח־אייראָפּעאישער אימיגראַציע, האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַ גאָר נייער און פעסטערער דראַנג צו אַן אויסגעשפּראָכענער אידענטיפיקאַציע מיט רעליגיעזער אידישקייט אין אַמע־ריקע און פון אַלע זייטן האָט מען אָנגעהויבן צו רעדן, אַז עפּעס מער דעצידירנדעס מוז געטאָן ווערן. צו יענער צייט איז עס אָנגעהויבן געוואָרן די ערשטע גרויסע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ריכטער סעמיועל ראָזענמאַן, וועלכער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס איינער פון די נאָענטסטע ראַטגעבער פון רוזוועלט און טרומאַן. די דאָזיקע אויספאָרשונג, אונטער דער פאַכמע־נישער דירעקציע פון דר. יצחק ב. בערקסאָן, אויך איינער פון די פּיאָנערן פון אידישן חינוך אין אַמעריקע, איז געספּאָנסערט געוואָרן פון דער אידישער צדקה פעדעראַציע דורך אַ ספּעציעלן פאָנד פון אַ מיליאָן דאָלער, וואָס איז פאַר דעם דאָזיקן צוועק געגעבן געוואָרן דורך דער פונדאַציע פון קוירנעל מאַיקל פרידסאַם. איידער מיר גייען ווייטער, פילן מיר, אַז עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט איבערצוגעבן אַ צאָל פאַקטן פון דעם לעבן פון דעם

דאָזיקן אידישן קוירנעל, וועלכער איז געווען דער ערשטער איד אין דער געשיכטע פון אַמעריקע צו באַווייליקן אַ סומע פון אַ מיליאָן דאָלער פאַר דער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג דאָ אין לאַנד. מאַיקל (מיכאל) פרידסאָם איז געבוירן געוואָרן אין ניו יאָרק אין 1858. זיין פאָטער, מאָריס פרידסאָם, איז אַ צייט לאַנג געווען אַן איינמאָנער פון רעגירונגס שטייערן אין ניו יאָרק (קאָלעקטאָר אָוו אינטוירנאַל רעווענױ). מאַיקל האָט געלערנט אין די פּאָבליק סקולס פון ניו יאָרק און אין דער מיליטערישער אַקאַדעמיע פון וועסטאָן, מאַסאַטשוזעטס. ביי זיין צוריקקומען קיין ניו יאָרק איז ער אַריינגעטראָטן אין דער ב. אַלטמאַן דעפּאַרטמענט סטאָר אויף דער פינפטער עוועניו. מאַיקל פרידסאָם איז געווען אַ וויטער קרוב פון אַלטמאַנען און ער האָט גאַנץ שנעל אָנגעהויבן צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין דער פאַר־וואַלטונג פון דעם גרויסן געשעפט. ווען ב. אַלטמאַן איז געשטאָרבן אין 1913, איז מאַיקל פרידסאָם באַשטימט געוואָרן אַלס דער פּרעזידענט פון דער רייכער פירמע. פרידסאָם איז אויך געוואָרן דער פאַרוואַלטער פון דער ב. אַלטמאַן פאונדעישאָן און האָט אָנגעהויבן צו שפּילן אַ פירנדע ראָלע אין דער ניו־יאָרקער געזעלשאַפט פון קונסט און קולטור. אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז פרידסאָם געוואָרן דער גענעראַל קוואַרטערמייסטער פון דער גוואַרדיע פון דער שטאָט ניו יאָרק און געקראָגן דעם מילי־טערישן טיטול פון פאָלקאָווניק, וואָס אויף ענגליש מיינט עס קוירנעל.

אין משך פון זיין גאַנצער קאַריערע איז קוירנעל פרידסאָם געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין פאַרבעסערן די אַלגעמיינע אַמעריקאַנער און אויך אידישע דערציאונג. ווען ער איז געשטאָרבן אין ניו יאָרק אין 1931, האָט ער דעם גרעסטן טייל פון זיין פאַרמעגן געלאָזן פאַר קונסט גאַלערייען (אין דעם מעטראָפּאָליטאַן מוזיי פון ניו יאָרק איז דאָ אַ מאַיקל פרידסאָם גאַלערייע און אין ברוקלינער אינסטיטוט פאַר קונסט און וויסנשאַפט איז דאָ אַ פרידסאָם קאָלעקציע). פאַר אידישער דערציאונג האָט די מאַיקל פרידסאָם פאונדעישאָן געגעבן, ווי געזאָגט, די סומע פון אַ מיליאָן דאָלער.

מיר בעטן ביי אונזערע לעזער אַנטשולדיקונג פאַר דערציילן אַביסל לענגער די געשיכטע פון קוירנעל פרידסאָם און זיין ירושה פאַר אידישער דערציאונג, ווייל מיר פילן, אַז דאָס לעבן פון אַזעלכע אידן באַווייזט, ווי טיף איינגעוואָרצלט דאָס פּינטעלע איד איז ביי יעדן אידן. אַ אידישע נשמה איז גאָר ניט צו שאַצן, אַזוי זאָגט אַ אידיש פאָלקס־וואָרט. און אָט זעען מיר, ווי פון דער פינפטער עוועניו, פון אַ „ווייטן" אידן, פון אַ אידישן מיליטער־

מאַן איז געקומען די ערשטע גרויסע ביישטייערונג פאַר אָרגאַניזירטער און פאַרבעסערטער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע.

די רעזולטאַטן פון דער גרויסער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון ריכטער ראָזענמאַן, זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1936, און איינע פון די רעקאָמענדאַציעס איז געווען, אַז עס זאָל געגרינדעט ווערן אַ נייע קערפּערשאַפט פון אידישער דערציאונג, וואָס זאָל אין זיך אַריינעמען די צוויי אַנדערע עקזיסטירנדע דערציאונגס אָרגאַניזאַציעס. עס איז אַזוי אַרום געגרינדעט געוואָרן דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט (דזשואיש עדיוקעישאָן קאָמיטע), וואָס האָט אין זיך אַריינגענומען די ביוראָ פון אידישער דערציאונג און די אידישע דערציאונגס אַסאָסיאַציע (דזשואיש עדיוקעישאָן אַסאָסיאיישאָן). די אידישע צדקה פעדעראַציע האָט אויך אָנגעהויבן איבערצוגעבן צו דעם דעם ניי געשאַפענעם אידישן דערציאונגס קאָמיטעט די ספּעציעלע סובסידיעס, וואָס פלעגן געגעבן ווערן צו אַ צאָל גרעסערע תלמוד תורה׳ס אין ניו־יאָרק.

דער מיליאָן דאָלער, וואָס די מאַיקל פרידסאָם פאונדעישאָן האָט געלאָזן, איז געווען באַשטימט אויף צען יאָר צייט. אַרום הונדערט טויזנט דאָלער אַ יאָר. דערצו האָט דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט געדאַרפט אָנפירן יעדעס יאָר אַן אייגענע אַקציע צו שאַפן די נויטיקע סומען פאַר די לויפנדע אויסגאַבן. אין 1948, ווען דער מיליאָן דאָלער פאָנד איז אויסגעגאַנגען, איז דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט געוואָרן איינער פון די 116 אפיליאירטע אָרגאַניזאַציעס פון דער אידישער צדקה פעדעראַציע.

ווען דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט איז געגרינדעט געוואָרן איז ריכטער סעמיועל ראָזענמאַן געווען פּרעזידענט און דר. אַלעקסאַנדער מ. דושקין, דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר.

די פאָלגנדע צענטראַלע קערפּערשאַפטן פון אידישער דערציאונג פון אַלע ריכטונגען אין ניו־יאָרק האָבן קאָאָפּערירט מיט דעם אידישן דערציאונגס קאָמיטעט: ועד החינוך החרדי (אָרטאָדאָקסיש); יונייטעד סינאַגאָג אָוו גרעיטער ניו יאָרק (קאָנסערוואַטיווע); יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגעישאָנס (רעפאָרם); די היברו פּרינסיפּאַלס אַסאָסיאיישאָן (אָרטאָדאָקסישע און קאָנסערוואַטיווע שולן); די קאָמיסיע פאַר אידישיסטישע שולן און דער אידישער וואוילשטאַנד ראַט (דזשואיש וועלפעיר באָארד).

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, איז דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט אַרויסגעוואַקסן פון די פריערדיקע אָרגאַניזאַציעס און די פּראָגראַם פון דעם נייעם קאָמיטעט איז דעריבער באַשטאַנען פון גיין אין די זעלבע טריט,

וואָס עס האָט אָנגעצייכנט דער פּיאָנער פון אידישן דערציאונגס וועזן, דר. שמשון בענדערלי, און, אויף ווי ווייט מעגלעך, אויסברייטערן און פאַרטיפן די פּראָגראַם.

ביז איצט האָבן מיר אַלץ געשריבן געשיכטע אַרום און וועגן דעם אידישן דערציאונגס קאָמיטעט. מיר האָבן דאָס אַלץ געשריבן, נאָכזוכנדיק אין פּנקסים און פאַרשידענע אויסגאַבן און ביכער, אין פאַרשידענע אַרכיוון און אויך פון געשפּרעכן, וואָס מיר האָבן געהאַט מיט פאַרשידענע טוער און



דר. עזריאל אייזנבערג
עקזעקוטיווו־דירעקטאָר פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט
פון ניו־יאָרק

פירער פון אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין ניו יאָרק. דאָס אָבער, וואָס מיר שרייבן ווייטער, איז אַ רעזולטאַט פון אָנצאָליקע באַזוכן, וואָס אונז איז אויסגעקומען צו מאַכן אין דער געביידע פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט און אין די פאַרשידענע אָפּטיילונגען זיינע. אין אונזער באַשרייבונג פון אידישן קולטור לעבן אין ניו יאָרק אין דער צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט, איז אונז אויסגעקומען צו האָבן אָנצאָליקע געשפּרעכן מיט דר. עזריאל אייזנבערג, וועלכער איז זינט 1949 געוואָרן דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון דעם אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, נאָכדעם ווי אַלעקסאַנדער

דושקין האָט זיך באַזעצט אין ארץ ישראל, אַלס איינער פון די אָנפירער פון העברעאישן אוניווערזיטעט אין ירושלים.

דר. עזריאל אייזנבערג איז איבער 20 יאָר צייט געווען אַקטיוו אַלס עקזעקוטיווער פירער אין אידישער דערציאונג אין סינסינעטי, קליוולאַנד, פילאַדעלפיע און ניו־יאָרק, איידער ער איז געוואָרן דער הויפּט־אָנפירער פון ניו יאָרקער אידישן דערציאונגס קאָמיטעט. דר. אייזנבערג האָט שטודירט אין ניו יאָרק אוניווערזיטעט און אין קאָלאָמביע און האָט גראַדואירט פון לערער אינסטיטוט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל ביכער און האָט פאַרנומען אַ צאָל הויכע אַמטן אין נאַציאָנאַלע אידישע קולטור אינסטיטוציעס.

מיר האָבן אין משך פון עטלעכע יאָר צייט געהאַט אויך אַ געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט די פירער פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט זיין היים אויף 1776 בראָדוויי, ביי דער 57טער גאַס, אין ניו יאָרק. מיר האָבן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן געשריבן, אַז אַ גאַנצע ריי צענטראַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט דעם פאַרנעם און געמאַכט דעם איינדרוק פון גאַנצע מיניסטעריומס. און דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט איז זיכער געווען איינע פון די דאָזיקע אָרגאַניזאַציעס.

דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט פון ניו יאָרק האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט דעם גרעסטן פאַרוואַלטונגס און שטודיר־צענטער פון אָרגאַניזירטער אידישער דערציאונג אין דער מאָדערנער צייט. אַז איר זייט אַריינגעקומען אין דער דאָזיקער געביידע, האָט איר געקענט דורכגיין עטלעכע שטאָק גאַנצע און אַלץ, וואָס איר האָט געזען און געהערט איז געווען חינוך, דער־ציאונג, אידישקייט! איר האָט געזען אָפיסעס, גרעסערע און קלענערע, איינעם נאָך דעם צווייטן, און אַלץ, אַלץ, האָט דאָ געהאַט צו טאָן מיט אידישער דערציאונג! פערציק פאַרשידענע אָפּטיילונגען, פערציק פאַרשידענע דעפּאַרטמענטס, האָט פאַרמאָגט דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט פון ניו יאָרק. און באַשעפטיקט זיינען דאָ געווען אַרום הונדערט אידישע מענער און פרויען, צווישן זיי אַ גאַנצע ריי באַוואוסטע פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך געמאַכט אַ נאָמען אויף דעם אידישן חינוך געביט.

דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט געהאַט אָפּטיילונגען פאַר אידישע שולן, אָנפאַנגענדיק פון קינדער גאָרטן ביז פולע טאָג־שולן, ישיבות קטנות, מתיבתא׳ס און מיטל־שולן (האַי סקולס) און אויך אַ באַזונדערע אָפּטיילונג פון דערציאונג פאַר דערוואַקסענע.

אין שייכות מיט די ישיבות קטנות האָט דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט געשאַפן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג אַרויסצוקריגן פון דער רעגירונג (לאָקאַלע און פעדעראַלע) הילף פאַר די דאָזיקע שולן. ווי באַוואוסט, האָבן פאַרשידענע רעגירונגס אַגענטורן איינגעפירט אַ סיסטעם פון העלפן די פולע טאָג־שולן (פּאָבליק ענד פּאַראָקיעל סקולס) מיט סורפּלוס פּראָדוקטן, ווי פאַרשידענע גרינסן און מילך און אויך מיט באַס טראַנספּאָרטאַציע. האָט די דזשואיש עדיוקעישאָן קאָמיטע באַוויזן אַרויסצוקריגן פאַר די ישיבות קטנות הילף קרוב צו אַ מיליאָן דאָלער אַ יאָר אין ניו יאָרק. די קאָמיטע האָט באַוויזן אַרויפצושטעלן אויף דער רעגירונגס ליסטע פון דער לאָנטש פּראָגראַם די ישיבות קטנות אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט אויך געשאַפן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר געזונט פראַגן און איז געווען באַהילפיק דער רעגירונג אין דורכפירן אַלע בויטיקע געזונטהייט רעגולאַציעס אין די טאָג־שולן ווי אויך אין די אַנדערע אידישע לער־אַנשטאַלטן.

דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט יעדעס יאָר געקראָגן אַ סובסידיע פון דער אידישער צדקה פעדעראַציע פון איבער אַ האַלבן מיליאָן דאָלער און פון דער דאָזיקער סומע זיינען קרוב צו 25 פּראָצענט אַוועקגעגעבן געוואָרן אַלס הילף צו די פאַרשידענע אידישע שול־סיסטעמען. די הילף איז געגעבן געוואָרן כדי צו דערמעגלעכן, אַז וואָס מער קינדער זאָלן קריגן סקאָלערשיפּס, דאָס הייסט אַ רעדוקציע אין שכר לימוד. אַזאַ הילף איז בויטיק געווען גאַנץ באַזונדערס אין פיל ישיבות קטנות, וואו שכר לימוד האָט אָפט באַטראָפן 500 דאָלער אַ יאָר און מער פאַר אַ קינד. דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט אויך געגעבן הילף צו די פאַרשידענע טיפן שולן, כדי צו זיי צו דערמוטיקן אָנצושטעלן קוואַליפיצירטע פּרינציפּאַלס און לערער. שאַפן ביבליאָטעקן. איינפירן ביי די קאָנגרעגאַציע־שולן יוגנטלעכע סינאַגאָגן (דזשוניאָר קאָנגרעגעישאָנס) און אַנדערע סטודענטישע אַקטיווי־טעטן, אָנשטעלן ספּעציעלע לערער פאַר מוזיק, קונסט, דראַמאַטיק און טענץ. די ספּעציעלע הילף פאַר די פאַרשידענע פּראָיעקטן, זיינען געגעבן געוואָרן אויף דריי יאָר צייט, מיט דעם באַדינג אַז נאָך די דריי יאָר זאָלן די דאָזיקע פּראָיעקטן אויסגעהאַלטן ווערן פון די שולן זעלבסט.

דאָ איז וויכטיק אָנצואווייזן, אַז דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט געהאַט גאַנץ באַזונדערע אָפּטיילונגען פון אידישער דראַמע, טעאַטער פאַר קינדער, אידישע טענץ און אידיש געזאַנג, ווי אויך אַן אָפּטיילונג פאַר צייכענונג און מאַלעריי. וועגן די אַלע אָפּטיילונגען, פּונקט ווי וועגן דער

אָפּטיילונג פון אידישע קינדער־גאָרטנס און אויך וועגן דעם דעפּאַרטמענט פון העברעאיש אין די עפנטלעכע האַי־סקולס, האָבן מיר באַזונדערע קאַ־פּיטלען. זע — אינהאַלט פאַרצייכניש און ספּעציעלן זוכצעטל צום סוף פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל.

די פאַרשידנאַרטיקע טעטיקייט פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט האָט אָפּגעשפּיגלט די נייע ווענדונג, וואָס אידישע דערציאונג האָט אָנגענומען אין דער נייער צייט. און אינטערעסאַנט איז דאָ אויך אָנצואווייזן, אַז אין פיל ישיבות קטנות פון דעם מאָדערנעם מין זיינען באַשעפטיקט געוואָרן דראַמע־לערער, געזאַנג און טענץ לערער, און אַ. וו. אויך איניקע חסידישע ישיבות האָבן באַנוצט לערער פון דעם מין.

אין ניו יאָרק און אומגעגנט זיינען געווען אַרום 700 שולן פון פאַרשידע־נעם מין. איבער הונדערט טויזנט קינדער זיינען יעדן יאָר געגאַנגען אין די דאָזיקע שולן. (וועגן די דאָזיקע שולן און וועגן דער צאָל קינדער אין זיי און די פאַרשידענע לימודים — זע באַזונדער קאַפּיטל אין בוך איינס). וואָס מיר ווילן אָבער גאַנץ באַזונדערס אָנווייזן, איז אויף דעם פאַקט, אַז דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט אָנגעהאַלטן באַזונדערע ראַטגעבער פאַר יעדן טיפּ שולן: פאַר די ישיבות קטנות, פאַר די תלמוד־תורה׳ס, קאָנ־סערוואַטיווע שולן, רעפאָרם־סינאַגאָג שולן, אַרבעטער רינג און שלום עליכם שולן און אַ באַזונדערן ראַטגעבער פאַר די פאַרבאַנד־שולן. אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן אַז יודל מאַרק האָט געהאַט דעם אויפזיכט בלויז איבער די אַרבעטער רינג און שלום עליכם שולן. די פאַרבאַנד שולן האָבן געטענה׳ט, אַז זיי זיינען פון אַ גאַנץ אַנדערן מין, ווי די שולן פון אַרבעטער רינג און פון שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט. די פאַרבאַנד שולן האָבן זיך געהאַלטן פאַר העברעאיש־אידישע שולן און ניט פאַר קיין ריין־אידישע שולן, הייסט עס. אַ צאָל געדיכט־באַפעלקערטע אידישע געגנטן האָבן אויך געהאַט ספּעציעלע ראַטגעבער פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, ווי למשל, קווינס, לאָנג איילענד; בראָנקס; פלעטבוש, איסטערן פאַרקוועי, באָראָ פּאַרק, בענסענ־הוירסט אין ברוקלין; און אַ ראַטגעבער אויך אין וועסטשעסטער קאַונטי.

די ראַטגעבער פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט האָבן געמאַכט רעגל־מעסיקע באַזוכן אין די פאַרשידענע שולן פון די פאַרשידענע געגנטן און אָפּגעהאַלטן באַראַטונגען מיט די פּרינציפּאַלס און לערער. אין יעדער שול האָט מען געזוכט אַריינצוברענגען פאַרבעסערונגען און באַרייכערן די שולן סיי אין זייער פיזישער און טעכנישער אויסשטאַטונג, סיי אין דעם אופן פון לערנען. עס זיינען פון צייט צו צייט איינגעאָרדנט געוואָרן סעמינאַרן,

אַקאַדעמישע צוזאַמענקונפטן, פאַר די לערער זעלבסט, כדי צו באַקענען די לערער מיט די גייסטע אידייען און מעטאָדן פון לערנען און אויך אַלגעמיינע פּעדאַגאָגיק.

דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט האָט געשטיצט און אָנגעפירט מיט דער „באָארד אָוו לאַיסענס אָוו היברו טיטשערס און פּרינסיפּאַלס“ און האָט געזוכט איינצופירן אַן אָנגענומענעם סטאַנדאַרד פאַר לערער אין די פאַרשי־דענע מינים שולן, אי כדי צו פאַרבעסערן די אַלגעמיינע אידישע שול־סיסטעם, אי כדי אַוועקצושטעלן אויף אַ פעסטן יסוד די אידישע לערער פּראָפעסיע. עס איז אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָדעקס מיט רעגולאַציעס סיי פאַר לערער, סיי פאַר פּרינציפּאַלס, אָנפירער פון שולן.

אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל פאַר זיך איז געווען די פאַרלעגערישע טעטיקייט פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט. אויף איינעם פון מיינע באַזוכן האָט דר. עזריאל אייזנבערג מיך גענומען ווי אויף אַ מין טור פון די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון קאָמיטעט, און איך בין ממש ווי פאַרכאַפּט געוואָרן פון דער גאַנץ היפּשער דרוקעריי, וואָס דער קאָמיטעט האָט פאַר־מאָגט. דאָ האָבן זיך געדרוקט פאַרשידענע טעקסט ביכער, וואָס די ספּעציעלע טעקסט שרייבער פון קאָמיטעט האָבן געשאַפן. פאַרשידענע אַרבעטס ביכער צום לערנען פאַרשידענע געגנשטאַנדן, פאַרשידענע בראָשורן און פאַמפּלעטן. גאַנצע סעריעס פון גוט געשריבענע און גוט רעדאַקטירטע העברעאישע ביכלעך פאַר קינדער האָט דער דערציאונגס קאָמיטעט אַרויסגעגעבן. דער קאַטאַלאָג פון פאַרלאַג פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט האָט געציילט הונ־דערטער און הונדערטער נומערן. גאַנץ באַזונדערס האָט זיך דער קאָמיטעט ספּעציאַליזירט אין פּראָדוצירן פילמען, לויט וועלכע מען האָט געלערנט די געשיכטע פון די אידישע ימים טובים, חומש, אידישע געשיכטע און די געשיכטע פון פאַרשידענע אידישע אינסטיטוציעס. איבער טויזנט אידישע שולן איבערן לאַנד זיינען געווען צווישן די רעגלמעסיקע אַבאָנענטן פון די דאָזיקע פילמען. דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס דער גרעסטער פּראָדוצירער פון דערציערישע אידישע פילמען אין דער גאַנצער וועלט.

אַ גאָר גרויסער אויפטו פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט אויף דעם פאַרלעגערישן געביט איז אָבער געווען דער קינדער זשורנאַל „וואָירלד אָווער“, וואָס האָט אויף העברעאיש געהייסן „עולם ומלואו“. דער דאָזיקער זשורנאַל האָט געהאַט אַ באַצאָלטע צירקולאַציע פון אַרום הונדערט טויזנט און האָט געהאַלטן אין צוקריגן אַרום צען טויזנט נייע אַבאָנענטן אַ יאָר.

דער זשורנאַל איז אין משך פון די יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געוואָרן אַ היפּשער קוואַל פון איינקונפט פאַר דעם אידישן דערציאונגס קאָמיטעט. רעדאַקטירט געוואָרן איז דער זשורנאַל פון צוויי יונגעלייט: דער צייכענער און מאַלער יחזקאל שלאָס, וועלכער איז געווען אַ געבוירענער פון דווינסק און איז אין יאָר 1940 אָנגעקומען קיין אַמעריקע, און מאָריס עפּשטיין, אַ געבוירענער פון נוּאַרק, ניו דזשוירזי, וועלכער האָט גראַדואירט אַלס העברעאישער לערער פון בית מדרש למורים פון ישיבה אוניווערזיטעט.

די דאָזיקע צוויי אָנפירער פון דעם זשורנאַל האָבן צוזאַמענגעשטעלט די פּעריאָדישע אויסגאַבע אויף אַן אינהאַלטסרייכן אופן און זיי האָבן געגעבן די קינדער צו לייענען אָפּט פיינע שאַפונגען פון העברעאיש און אויך אידיש און דער עיקר געזוכט צו באַקענען דאָס קינד מיט די וויכ־טיקסטע פאַקטן פון אידישן לעבן איבער דער גאַנצער וועלט, סיי פון אַקטועלן, סיי פון געשיכטלעכן אינטערעס. דער זשורנאַל איז געווען רייך אילוסטרירט און האָט געהאַט אויך „קאָמיק סטריפּס״, דאָס הייסט סעריעס אין צייכענונגען און בילדער, פון ביבלישן און היסטאָרישן אינהאַלט. פון צייט צו צייט זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין בוך־פאָרם געקליבענע דערציילונגען און געשיכטעס פון „וואָירלד אָווער״. דער זשורנאַל איז דערשינען יעדע צוויי וואָכן פון נאָוועמבער ביז מאַי חודש איינגעשלאָסן.

דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ צאָל פּראָפעסיאָנעלע אויסגאַבן, ווי דער „פּעדאַגאָגישער בולעטין״ אין אידיש, פאַר די לערער און אָנפירער פון די אידיש־שולן. דער פּעדאַגאָגישער בולעטין, רעדאַקטירט פון יודל מאַרק, איז געווען דער איינציקער זשורנאַל פון זיין מין אין אידיש. עס איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אַן אָפיציעלער אָרגאַן פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, טיטולירט „דזשעי־אי־סי בולע־טין״, וואָס איז געשיקט געוואָרן פריי צו אַלע לערער און טוער פון אידישן שול־וועזן. אויסער דעם איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ צוויי־חודשלעכע אויסגאַבע, טיטולירט „העדלאַין פּאַרעיד״, וואָס האָט דראַמאַטיזירט די וויכטיקסטע אידישע געשעענישן פון דער צייט.

אַ גאַנץ באַזונדערע אָפּטיילונג איז געווען דער דעפּאַרטמענט פון אויס־פאָרשונג און פון עקספּערימענטן. די דאָזיקע אָפּטיילונג איז יאָרנלאַנג אָנגעפירט געוואָרן פון דר. עזריאל טשיפּקין, ע״ה, וועלכער האָט אָנגעהויבן אין 1952 אַ ספּעציעלע אויספאָרשונג פון אידישן דערציאונגס וועזן אין ניו יאָרק און אומגעגנט און איז געשטאָרבן אין 1955, איידער די אויס־פאָרשונג איז פאַרענדיקט געוואָרן.

וואָס עס איז שייך עקספּערימענטירונג האָט דער אידישער דער־ציאונגס קאָמיטעט אַ צייט לאַנג אָנגעהאַלטן אַ ריי מוסטער שולן פאַר קינדער צוזאַמען מיט דעם לערער אינסטיטוט פון ישיבה אוניווערזיטעט, פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, פון דער יוניאָן אָוו אַמעריקאַן היברו קאָנגרעגיישאָנס (רעפאָרם) און פון דער דזשואיש וועלפעיר באָארד. עקס־פּערימענטאַלע שולן און קלאַסן זיינען אויסער דעם אויך אויפגעהאַלטן גע־וואָרן אין קאָאָפּעראַציע מיט פאַרשידענע אַגענטורן צו העלפן קינדער.

אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג וועגן סטאַטיסטיקעס פון אידישן שול־וועזן האָט זיך אָפּגעגעבן מיט צונויפשטעלן אַ דירעקטאָריום פון דעם גאַנצן שול־וועזן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט און אויספאָרשן די פאַרשידענע פאַקטן פון דער באַזוכערשאַפט און פון דעם פינאַנציעלן צושטאַנד פון די שולן, ווי אויך וועגן דעם סאָרט געביידעס, אין וועלכע די שולן געפינען זיך. דער קאָמיטעט האָט אויך געהאַט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג צו עצה'ן די פאַרשיי־דענע שולן וועלכע געביידעס זיי זאָלן בויען.

אַ גאַנץ באַזונדערן אינטערעס האָט דער אידישער דערציאונגס קאָמי־טעט געהאַט אין דער אַנטוויקלונג פון מיטל־שולן (האַי סקולס). עס איז אפילו וועגן דעם דאָזיקן באַזונדערס אָנגעווייטיקטן ענין פאַררופן געוואָרן אַ ספּעציעלע אַסעמבלי. דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט געהאַט אַ גאַנץ באַזונדערן אינטערעס אין דער אידישער האַי סקול באַוועגונג, ווייל איינע פון די וויכטיקסטע פּראָיעקטן פון קאָמיטעט איז געווען די „היברו האַי סקול אָוו גרעיטער ניו יאָרק", וועלכע איז געווען באַוואוסט אונטער דעם נאָמען „מרשליה", און איז באַשטאַנען פון 18 אָפּטיילונגען אין פאַר־שידענע טיילן פון שטאָט. די מרשליה איז געגרינדעט געוואָרן דורך לואיס מאַרשאַל'ן צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי. דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט אויסגעהאַלטן די דאָזיקע שול און איר געגעבן יעדן יאָר איבער זעכציק טויזנט דאָלער. (זע באַזונדער קאַפּיטל וועגן דער מרשליה).

די ערשטע ספּעציעלע גרויסע קאָנפערענץ וועגן מיטל־שול דערציאונג האָט דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט פאַררופן אין יאָר 1951 אונטער דעם לאָזונג פון מער זאָרג פאַר דער אידישער דערציאונג פון אידישע קינדער נאָך דעם בר מצוה־עלטער. די בר מצוה־עלטער איז געווען ווי אַ סיגנאַל, אַז עס דאַרף אָפּגעשטעלט ווערן די ווייטערדיקע דערציאונג פון אידישן קינד. דאָס איז געווען אַ ביטער סאַטירישער זאָג, אָבער אמת איז ער דאָך געווען! ווייל עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַרום ניינציק

פּראָצענט פון יענע אידישע קינדער, וואָס קריגן אַ געוויסע אידישע דער־ציאונג, רייסן איבער אַלע זייערע לימודים אַזוי שנעל, ווי זיי ווערן דרייצן יאָר אַלט. אַן אינטערעסאַנטן עדיטאָריעל האָט דר. עזריאל אייזנבערג, עקזעקוטיווער פירער פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, פאַרעפנטלעכט אין דעם בולעטין פון קאָמיטעט וועגן דעם דאָזיקן ענין. דער עדיטאָריעל איז טיטולירט: „איך חלום אַ חלום". וועגן וואָס האָט דער דירעקטאָר פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט געחלומ'ט? מיר גיבן דאָ דעם אָנהויב און דעם סוף פון דעם דאָזיקן עדיטאָריעל:

„איך חלום אַ חלום...

„איך חלום וועגן דעם, אַז פּופּציק געמיינדעס אויף דעם קאָנטינענט פאַרזאַמלען זיך אין איין און דער זעלבער צייט... פּופציק גרויסע פאַר־זאַמלונגען, פופציק אַסעמבליס וועגן אידישער דערציאונג. צענדליקער טויזנטער מענער און פרויען גיבן זיך הויפטזעכלעך אָפּ מיט אידישער דערציאונג; זיי פאַרזאַמלען זיך אין זייערע געמיינדעס אין אַ באַשטימטן דאַטום — היינטיקס יאָר, קומענדן יאָר, יעדער יאָר, זיך צו באַראַטן און אָנצוהויבן דורכפירן געוויסע פּראָגראַמען פון פאַראייניקטער טעטיקייט. הונדערטער אידישע אָרגאַניזאַציעס באַטראַכטן אין איין און דער זעלבער צייט די פּראָבלעמען פון אידישער דערציאונג נאָך די בר מצוה יאָרן, נאָך דער קאָנפירמאַציע, נאָך דער גראַדואירונג. זיי באַטראַכטן פראַגן פון קולטיווירן נייע פירערשאַפט".

און דר. אייזנבערג פאַרענדיקט זיין עדיטאָריעל, ווי פאָלגט:

„אידישע דערציאונג הויבט סוף כל סוף אָן צו פאַרנעמען דאָס פאַר־דינטע צענטראַלע פּלאַץ אין אידישן לעבן אָנשטאָט דאָס ביז איצטיקע זייטיקע פּלאַץ.

„עס קומען פאָר יערלעכע אַסעמבליס פון אידישער דערציאונג... צוויי יערלעכע רעגיאָנעלע קאָנפערענצן... דריי יערלעכע נאַציאָנאַלע קאָנפערענצן... ניט בלויז פון די ספּעציעלע אָרגאַניזאַציעס און אַגענטורן פון דערציאונג, נאָר פון דער גאַנצער אידישער געמיינדע...

„אַ חלום? ניין! די אינסטרומענטן, מיט וועלכע מיר קענען דאָס אַלץ דורכפירן, זיינען שוין דאָ. זיי וואַרטן. די נויטווענדיקייט פאַר דעם אַלעמען איז דאָ, דאָס וויסן איז דאָ, די מענטשן זיינען דאָ! ווען מיר זאָלן עס נאָר וועלן, איז דאָס אַלץ ניט קיין חלום! ווען מיר זאָלן עס נאָר וועלן!..."

אין שייכות מיט אָט דעם דאָזיקן „חלום", אין שייכות מיט אָט דעם דאָזיקן פּלאַן, האָט דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט אָנגעהויבן צו

פאַררופן יערלעכע אַסעמבליס אין ניו יאָרק, צו וועלכע עס זיינען געלאַדן געוואָרן פאָרשטייער פון אַלע אידישע שיכטן, פון אַלע גרופּירונגען, פון אַלע ריכטונגען. איינע אַזאַ גרויסע אַסעמבלי איז פאַררופן געוואָרן אין שייכות מיט דער אויספאָרשונג פון אידישן דערציאונגס־וועזן אין ניו יאָרק און אומגעגנט.

טראָץ אָבער די אַלע און פיל אַנדערע אויפטוען איז דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט גאַנץ היפש קריטיקירט געוואָרן. הויפּטזעכלעך האָט דער קאָמיטעט אָנגעטראָפן אויף באַדייטנדער קעגנערשאַפט אין די אולטראַ אָרטאָדאָקסישע קרייזן און, אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין די חסידישע קרייזן, וואָס האָבן געשאַפן אַ היפּשע צאָל ישיבות קטנות. אָבער אויך די קעגנערשאַפט און קריטיק צו די אָרגאַניזירטע אַגענטורן פון אידישער דערציאונג האָבן הינטער זיך געהאַט שוין אַ היפּש ביסל געשיכטע. אין זיין בוך „דזשואיש עדיוקעישאָן אין ניו־יאָרק סיטי", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1918, דערציילט דר. אַלעקסאַנדער דושקין, אַז די ביוראָ פון אידישער דערציאונג האָט אין יאָר 1912 שוין אָנגעטראָפן אויף פיל קריטיק פון צוויי זייטן. פון איין זייט האָבן אַסימילאַטאָרישע עלעמענטן באַשולדיקט די ביוראָ, אַז זי העלפט בלויז די אָרטאָדאָקסן, אַז זי זוכט איינצופירן העברעאיש אַלס די שפּראַך פון די אידן אין אַמעריקע און אַז זי דערמוטיקט סעגרעגאַציע פון די אַמעריקאַנער אידן דורך רופן צו אַן אינטענסיווער אידישער דערציאונג. פון דער צווייטער זייט, פון פונקט די קעגנזייטיקע גרופּען, פון די אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן, איז געקומען די באַשולדיקונג, אַז די ביוראָ אָוו דזשואיש עדיוקעישאָן איז נישט גענוג אָרטאָדאָקסיש, אַז די ביוראָ זוכט אַרויפצווינגען אַ נישט־אָרטאָדאָקסישע לערן־פּראָגראַם און דעם שטאַנדפּונקט פון די רעפאָרמער אויף די תלמוד־תורה׳ס, און אַז די ביוראָ איז זעלבסטהערשעריש.

דער ענטפער, וואָס די ביוראָ האָט דאַמאָלט געגעבן, לויט ווי דושקין ברענגט אין זיין עכט אינפאָרמאַטיוון בוך, איז ווי פאָלגט: די ביוראָ זוכט צו דינען אַלע אידן צוגלייך. אַלע קינדער, אַלע אידישע קינדער, זיינען דער ביוראָ טייער. און די ביוראָ האָט ניט קיין „איין און איינציקע אידישקייט". די ביוראָ פון אידישער דערציאונג האָט הויפּטזעכלעך אַלס איר אויפגאַבע אויסצואַרבעטן בעסערע דערציאונגס מעטאָדן, צוגרייטן טעקסט ביכער, אויסאַרבעטן סיסטעמען ווי אַזוי צו פינאַנסירן די שולן, און אַ. וו.

די קעגנערשאַפט צו דער ביוראָ פון אידישער דערציאונג איז אָבער

געווען אַ גאַנץ שאַרפע. עס זיינען געפירט געוואָרן הייסע קאַמפּן, הייסע דעבאַטעס. עס איז געווען אויך דער אָנהויב פון דעם פּעריאָד פון לערנען עברית בעברית, אַ באַוועגונג, פון וועלכער דר. שמשון בענדערלי, דער גרינדער פון דער ביוראָ, איז געווען אַ פּיאָנער. צום סוף איז אין יאָר 1912, ביי דער דריטער יערלעכער פאַרזאַמלונג פון דער ניו יאָרקער קהילה דורכגעפירט געוואָרן אַן אָפּשטימונג, און עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ רעזאָלוציע, וואָס האָט אויסגעדריקט „אומבאַגרעניצטע באַוואונדערונג פאַר דער אַרבעט, וואָס איז געטאָן געוואָרן פון דער ביוראָ אָוו עדיוקעישאָן און צוטרוי צו אירע פירער". עס האָט זיך ביי דער דעבאַטע אין דער קהילה אַרויסגעוויזן, אַז די אָפּאָזיציע צו דער ביוראָ איז געווען גאָר גאָר קליין. (זע דושקין, אידישע דערציאונג אין ניו יאָרק, זייט 115).

אָט דאָס איז, ווי געזאָגט, געשיכטע. אָבער עס האָט אויך אויסגעזען, אַז ווען מען זאָל פאַררופן אַן ענלעכע דעבאַטע וועגן אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, וואָלט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די קעגנערשאַפט איז גאָר מינימאַל. די הויפּט קריטיק איז, ווי געזאָגט, געקומען פון די אולטראַ אָרטאָדאָקסישע קרייזן, ווייל דער אמת איז געווען, אַז אין ניו־יאָרק האָט זיך געשאַפן די נויטווענדיקייט פאַר אַ גאָר באַזונדערער קערפּערשאַפט, וואָס זאָל האָבן צו טאָן בלויז און אויסשליסלעך מיט די ישיבות קטנות, מיט די פולע טאָג־שולן, וואָס זיינען אין זייער גרעסטער מערהייט, כמעט די פולע הונדערט פּראָצענט, געווען ריין אָרטאָדאָקסישע לער־אַנשטאַלטן. די דאָזיקע ישיבות קטנות זיינען געוואָרן דער סאַמע רוקנביין פון דער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע און גאָר אָפט האָט מען געהערט פאַרצווייפלטע אויפרופן, אַז די אָדער יענע ישיבה קטנה האַלט זיך ביים שליסן, האַלט ביים אונטערגיין. עס איז נויטיק געוואָרן דערפאַר צו שאַפן אַ נייעם מין קאָמיטעט, וואָס זאָל האָבן די אויסשליסלעכע אויפגאַבע צו זאָרגן פאַר דעם וואוילזיין פון די דאָזיקע ישיבות קטנות, און אַזאַ קאָמיטעט וואָלט דאַרפן געפירט ווערן טאַקע פון אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן גופא. און לויט ווי די סיטואַציע האָט זיך געהאַלטן אין אַנטוויקלען האָט עס אויסגעזען, אַז אַזאַ קאָמיטעט האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן צו שאַפן.

דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט אָנגעטראָפן אויף קריטיק אויך פון אַנדערע זייטן. עס איז גאַנץ אָפט אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די יערלעכע סומע פון אַ האַלבן מיליאָן אָדער זעקס הונדערט טויזנט דאָלער וואָלט געהאַט אַ בעסערן נוצן, ווען די אידישע צדקה פעדעראַציע וואָלט די געלטער צעטיילט דירעקט צו די פאַרשידענע טיפּן שולן און ניט אויסגעבן דאָס

געלט אויף שולן־באַדינונג דורכן דערציאונגס קאָמיטעט. איז דאָס אָבער אויך אַ טעאָריע וואָס האַלט נישט אויס. דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט אַרויסגעקראָגן פאַר די פאַרשידענע ישיבות קטנות אין רעגירונגס־הילף אַליין קרוב צו אַ מיליאָן דאָלער אַ יאָר. די ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג און שפּעטער דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט, זיינען געווען דער אָנהויב פון אַ באַוועגונג צו וועקן דאָס געוויסן פון אָרגאַניזירטן אידנטום אין אַמעריקע פאַר דער פליכט פון אידישער דערציאונג. פון ניו יאָרק האָט זיך די באַוועגונג פאַרשפּרייט איבער גאַנץ אַמעריקע און אידישע דערציאונג האָט אָנגעהויבן אַוועקגעשטעלט צו ווערן אויף פאָלקס יסודות און די פאַרשידענע אידישע געמיינדעס האָבן אָנגעהויבן צו פאַרגרעסערן זייער פינאַנציעלן בייטראַג צום אידישן חינוך.

די געשיכטע און די אויפטוען פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט אין ניו יאָרק האָט אין אַלגעמיין מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אָפּשפּיגלונג פון אידישן דערציאונגס וועזן אין אַמעריקע אין דער מאָדערנער צייט. און פון אַלע שטאַנדפּונקטן האָט מען געמוזט אָנערקענען, אַז דאָס אידישע דערציאונגס־וועזן אין אַמעריקע האָט אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן אָנגעהויבן צו גיין באַרג אַרויף.

זע פאָלגנדע געניוע באַשרייבונגען אין בוך איינס פון אַ ריי אָפּטיילונגען אין אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט :

1) מרשליה — ערשטע מאָדערנע העברעאישע האַי־סקול אין אַמעריקע.
2) העברעאישע און אידישע געשיכטע אין האַי־סקולס און קאַלעדזשעס פון ניו יאָרק און אומגעגנט.
3) געזאַנג און דראַמע אין אידישן שול־וועזן. — כאָרן און אידישער טעאַטער פאַר קינדער.
4) אידישע טענץ אין אידישע שולן און פּאָבליק־סקולס פון ניו יאָרק.
5) אידישע קינדער־גאָרטנס אין ניו יאָרק און אומגעגנט.

## 21

# די אַמעריקאַנער אסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג און איר טעטיקייט איבערן גאַנצן לאַנד

**דער נאַציאָנאַלער ראַט פאַר אידישער דערציאונג, וועלכער האָט געגרינדעט די אַסאָסיאַציע. — די זאָרג פון די אַמעריקאַנער־געבוירענע און אַמעריקאַנער־דערצויגענע מחנכים פאַר אידישקייט אין אַמעריקע. — די אויספאָרשונגען, וואָס די אַסאָסיאַציע האָט געמאַכט אין פאַרשידענע אידישע געמיינדעס. — די נאַציאָנאַלע קאָנפערענצן פון אידישער דערציאונג, די ערשטע פון זייער מין אין דער גאַנצער געשיכטע פון אַמעריקאַנער אידנטום. — אַ בריוו פון פרעזידענט טרומאַן וועגן דער באַדייטונג פון אידישער דערציאונג, סיי פאַר די אידן בכלל און פאַר אַמעריקע בפרט. — די דעקלאַראַציעס וועגן די פליכטן פון אידישן ישוב צו אידישן חינוך און וועגן די רעכט פון אידישן קינד צו קריגן אַ פולע אידישע דערציאונג.**

עס איז געווען אין יאָר 1925, ווען אַ גרופע קאָלעדזש־גראַדואירטע אידישע דערציער (אַ צאָל פון זיי געבוירענע אין אַמעריקע און אַ צאָל פון זיי געקומענע אַהער אין זייער פריסטער יוגנט) האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציע מיט דעם צוועק צו פאַרבעסערן דעם אידישן חינוך אין אַמעריקע. אין דער דאָזיקער גרופע האָבן זיך געפונען: דר. עזריאל ס. (שלמה) טשיפקין; דר. לעאָ (אליעזר) האָנאָר; דר. יצחק ב. בערקסאָן; דר. אַלעקסאַנדער מ. דושקין; דר. בען ראָזען; דר. עמנואל גאַמאָראַן; דר. שמואל דיניז און אַ ריי אַנדערע.

די דאָזיקע גרופּע יונגע פּראָפעסיאָנעלע אידישע דערציער, וואָס איז אויפגעקומען אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז געשטאַנען אונטער דעם איינפלוס פון אַזעלכע פירנדע פערזענלעכקייטן אין גייסטיקן אידישן לעבן פון אַמעריקע, ווי דר. ישראל פרידלענדער, דר. יהודה לייב מאַגנעס, הענריעטאַ סזאָלד און דר. שמשון בענדערלי, וועלכע האָבן דאַן געזוכט צו שאַפן אַ נייע באַוועגונג אין אַמעריקע אין גייסט פון אַחד העם. הויפּטזעכלעך, כדי דורך אַ פאַרשטאַרקטער אידישער דערציאונג צו וועקן דעם אידישן גייסט ביי די אידישע מאַסן פון אַמעריקע.

די גרופּע יונגע אַמעריקאַנער אידישע דערציער איז אַ צייט לאַנג געווען באַוואוסט אונטערן נאָמען „די בענדערלי באָיס", אויפן נאָמען פון דר. בענדערלי, וועלכער איז פאַררעכנט געווען אַלס דער פּיאָנער פון אָר־גאַניזירטער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. שפּעטער האָט די דאָזיקע גרופּע צוגעצויגן צו זיך אַ צאָל אייראָפּעאישע הויך־געשולטע דערציער, וואָס זיינען דאַן אָנגעקומען קיין אַמעריקע, ווי א. ל. הורוויטש, פּיאָנער פון אידישער דערציאונג אין באָסטאָן; ב. אייזיקס, פון דעטראָיט; דער העברע־אישער פּאָעט און דערציילער ח. א. פרידלאַנד — און עס איז אין מאַי, 1925, געגרינדעט געוואָרן די נייע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „נעשאָנאַל קאָונסיל פאָר דזשואיש עדיוקעישאָן".

אין די עטלעכע צענדליק יאָר פון זיין עקזיסטענץ און אַנטוויקלונג איז דער נאַציאָנאַלער ראַט פאַר אידישער דערציאונג אין אַמעריקע פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ מין העכערער קערפּערשאַפט, אַ מין חברה, צו וועלכער עס באַלאַנגען געקליבענע פערזענלעכקייטן אין דער וועלט פון אידישן חינוך, ווי, למשל, לערער און פּראָפעסאָרן פון די העכערע לער־אַנשטאַלטן, דירעקטאָרן פון ביוראָס פאַר אידישער דערציאונג, פירער פון נאַציאָנאַלע דערציאונגס געזעלשאַפטן, פאַרוואַלטערס און פּרינציפּאַלס פון אָנערקענטע גרעסערע אידישע טאָג־שולן, שרייבער פון אידישע טעקסט ביכער, אַ צאָל ראַבאָיס, דירעקטאָרן פון הלל פונדאַציעס און אַ. וו. אויך אַ קליינע צאָל געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער איבערגעגעבנקייט צום אידישן דערציאונגס וועזן.

מיר דערציילן די אַלע איינצלהייטן וועגן דעם נאַציאָנאַלן ראַט פאַר אידישער דערציאונג, ווייל עס איז געווען דער דאָזיקער קאָונסיל, וועלכער האָט אין יאָר 1937 גענומען אויף זיך די איניציאַטיווע צו שאַפן אַ גאַנץ באַזונדערע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט פון געזעלשאַפטלעכע טוער, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין פאַרשטאַרקן דאָס אידישע דערציאונגס וועזן.

דער פּלאַן איז צוערשט באַשטאַנען אין שאַפן אַן אָפּטיילונג פון באַלעבאַטים ביים קאָונסיל. שפּעטער אָבער האָט זיך דער פּראָיעקט אַנטוויקלט אַזוי, אַז עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן אַ גאַנץ באַזונדערע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפט און עס איז אַזוי אַרום אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ גרינדונגס פאַרזאַמלונג דעם זיבעטן מאַי, 1939, אין אַטלאַנטיק סיטי, וואו עס איז געשאַפן געוואָרן די „אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג״. (אין העברעאיש: החברה למען החינוך העברי באמריקה). אַלס דער ערשטער פּרעזידענט פון דער ניי־געשאַפענער אָרגאַניזאַציע איז דערוויילט געוואָרן מאַרק אייזנער, פּראָמינענטער יוריסט און היוכער רעגירונגס באַאמטער פון ניו יאָרק שטאַט, וועלכער איז יאָרן לאַנג געווען דער פּאָרזיצער פון דעם ראַט פאַר העכערער דערציאונג פון ניו יאָרק סיטי. די ערשטע צוויי דירעקטאָרן פון דער אַסאָסיאַציע זיינען געווען: דר. בען ראָזען און דר. עזריאל ס. טשיפּקין.

סיי דער נאַציאָנאַלער ראַט פאַר אידישער דערציאונג, וואָס איז באַ־שטאַנען פון פּראָפעסיאָנעלע דערציער, סיי די ניי־געגרינדעטע אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג, וואָס איז באַשטאַנען פון געזעלשאַפטלעכע טוער, זיינען געשאַפן געוואָרן קורץ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און קורץ פאַר דעם אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין יענער צייט איז די אידישע אימיגראַציע קיין אַמעריקע געווען אָפּגעשטעלט, אָדער כמעט ווי אָפּגעשטעלט, און עס איז געוואָרן נויטיק צו אָרגאַניזירן און וועקן די אייגענע כוחות פון אַמעריקאַנער אידנטום, כדי צו צעמענטירן דאָס אידישע לעבן דאָ אין לאַנד. דערפאַר האָט די אַסאָסיאַציע אָנגעהויבן אַ פאַרשטאַרקטע באַוועגונג צו שאַפן לאָקאַלע ביוראָס פאַר אידישער דערציאונג אין די פאַרשידענע גרעסערע אידישע געמיינדעס פון אַמעריקע. די דאָזיקע ביוראָס פון אידישער דערציאונג האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאָרמירן אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן. די גרעסטע מערהייט אָבער האָט זיך אָרגאַניזירט נאָך דעם אויפקום פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג. אין די דאָזיקע ביוראָס זיינען מערסטנס אָנגעשלאָסן די פאַרשידענע טיפּן אידישע שולן פון דער באַטרעפנדער שטאָט אָדער געגנט. די צאָל פון די דאָזיקע ביוראָס האָט געגרייכט איבער פופציק און זיי זיינען אַלע געווען אָנגעשלאָסן אין דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פאַר אידישער דערציאונג. די ערשטע ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג איז, ווי באַוואוסט, אָרגאַניזירט געוואָרן אין ניו יאָרק נאָך אין 1910.

אַ גאַנץ באַזונדערע אָפּטיילונג האָט די אַסאָסיאַציע געהאַט, אונטערן

נאָמען „וועסטערן סטייטס רידזשאָן", וואָס האָט איינגעשלאָסן עלף שטעט, וואָס האָבן זיך געפונען צו דער מערב זייט פון מיסיסיפּי.

אין מיינע באַזוכן אין די אָפיסעס פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג, וועלכע האָבן זיך זינט אָנהויב 1956 געפונען אויף 1261 בראָדוויי, ביי דער 32ער גאַס, מאַנהעטן, איז מיר גאָר שווער אָנגעקומען צו טרעפן דר. יהודה פּילטש, וועלכער האָט זינט 1949 פאַרנומען דעם אַמט אַלס עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון דער אַסאָסיאַציע. דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל דר. פּילטש, פול מיט שפּרודלדיקער ענערגיע, האָט זיך די מערסטע צייט געפונען אונטערוועגנס. ער איז אַרומגעפאָרן פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן, איינשליסנדיק אויך קאַנאַדע, רופנדיק פאַרשידענע מיטינגען און קאָנפערענצן, אַלץ מיט דעם צוועק צו פאַרשטאַרקן דאָס אידישע דערציאונגס סיסטעם און פירן צו דער פאַרבעסערונג פון די שוין עקזיסטירנדע שולן, ווי אויך העלפן שאַפן נייע. געקומען אין דער אַסאָסיאַציע בין איך גאָר אָפט אויך אין אירע פריערדיקע אָפיסעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין דער זעלבער געביידע, וואו עס האָט יאָרנלאַנג געהאַט זיין היים דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט, אויף 1776 בראָדוויי, ביי דער 57טער גאַס, אין מאַנהעטן. און פונקט אַזוי שווער, ווי עס איז געווען „צו כאַפּן אין שטאָט" דר. פּילטש'ן, אַזוי איז אויך געווען כמעט ווי אוממעגלעך צו טרעפן אין ניו יאָרק דר. אוריה צבי ענגעלמאַנ'ען, וועלכער איז געוועזן דער הויפּט פון דעם ספּעציעלן דעפּאַרטמענט פאַר פאָרשונג, אינפאָרמאַציע און פּובליקאַציעס, וואָס איז אין יאָר 1945 אָרגאַניזירט געוואָרן ביי דער אַסאָסיאַציע. דער דאָזיקער דעפּאַרטמענט האָט שוין צווישן אַנדערע דורכגעפירט ספּעציעלע שטודיומס פון אידישער דערציאונג אין אַזעלכע שטעט ווי באָפאַלאָ, ניו יאָרק; טאָראָנטאָ, קאַנאַדע; אין עסעקס קאונטי, נוואַרק, ניו דזשוירזי און אומגעגנט; אין ווילמינגטאָן, דעלאַווער; אין בעיאָן, ניו־דזשוירזי; אין פּיטסבורג, פּענסילווייניאַ; אין פּראָווידענס, ראוד איילענד און אין אַ צאָל אַנדערע גרעסערע און קלענערע אידישע געמיינדעס. די דאָזיקע אויספאָרשונגען, אויפן פּלאַץ, פלעגן אָפט דויערן חדשים לאַנג און פון אַ האַלב יאָר ביז גאַנץ יאָר (אין די גרעסערע אידישע צענטערן) און דר. ענגעלמאַן פלעגט אַריינפאָרן אין דער באַטרעפנדער שטאָט און דאָרט אָפּזיצן מאָנאַטן לאַנג, מיט אַ גאַנצן שטאַב לאָקאַלע מיטאַרבעטער. אין די אויספאָרשונגען פלעגן זיך באַטייליקן אַלע אידעאָלאָגישע גרופּן מיט זייערע שולן. דער רעזולטאַט פון די אויספאָרשונגען איז געוועזן, אַז אָפט פלעגן געוויסע קליינע שולן זיך פאַראייניקן. עס פלעגן

אויך אַריינגעצויגן ווערן אַלס מיטבאַטייליקער אין אידישן דערציאונגס וועזן אַזעלכע עלעמענטן, וואָס זיינען פריער געשטאַנען אַביסל פון וויטן און אין אַלגעמיין איז דורך די אויספאָרשונגען געוועקט געוואָרן דער איב־טערעס צו אידישן חינוך. די רעזולטאַטן פון יעדער אויספאָרשונג זיינען דערשינען אין גאַנצע בענדער מיט פאַקטן פון גרויס אינטערעס סיי פאַר די לאָקאַלע טוער, ווי אויך פון אַלגעמיינעם נאַציאָנאַלן אינטערעס.

די אויספאָרשונגען, אָנגעפירט פון דר. ענגעלמאַן, האָבן זיך מיט דער צייט אַרויסגעוויזן אַלס אַזאַ גרינטלעכער אויפטו, אַז די אַמעריקאַנער אַסאָ־סיאַציע האָט אין יאָר 1951 באַשלאָסן דורכצופירן די ערשטע נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג פון אידישע דערציאונג אין גאַנץ אַמעריקע, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דר. אָסקאַר יאַנאָווסקי, פּראָפעסאָר פון געשיכטע אין ניו־יאָרק סיטי קאָלעדזש, און פון דר. אוריה צבי ענגעלמאַן. (אַ באַזונדער קאַפּיטל וועגן דער דאָזיקער אויספאָרשונג קומט באַלד נאָך דער דאָזיקער באַשרייבונג.)

די אַסאָסיאַציע האָט אויך אין 1946 אָרגאַניזירט אַ „דעפּאַרטמענט אָוו פּערסאָנעל״, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט רעקאָמענדירן און געפינען פּאַסנדע אָנפירער און אַדמיניסטראַציע־טוער פאַר די פאַרשידענע דערציאונגס ביוראָס איבערן לאַנד.

אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג איז געשאַפן געוואָרן ביי דער אַסאָסיאַציע אין 1947 כדי צוצוגרייטן, עקזאַמינירן און אָפּשאַצן די פאַרשידענע לערן־מאַטעריאַלן און טעקסט־ביכער פאַר די פאַרשידענע מינים שולן. די אָפּטיי־לונג האָט מיט דער צייט געשאַפן אַ ספּעציעלן דעפּאַרטמענט פאַר „אָדיאָ וויזשואַל מאַטיריעלס״, וועלכע זיינען די מאָדערנע מכשירים פאַר אַן דערפאָלג־רייכן דערציאונגס פּראָצעס. דער דאָזיקער דעפּאַרטמענט אָנגעפירט פון דר. זלמן שלעזינגער, האָט אַרויסגעגעבן די צוויי זשורנאַלן „פּעדאַגאָגישער רעפּאָרטער״ און „אָדיאָ וויזשואַל רעוויו״.

אין די פּעריאָדישע באַריכטן, וואָס די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג האָט ארויסגעגעבן, און גאַנץ באַזונדערס צו אירע יערלעכע צוזאַמענפאָרן, איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף דעם כסדר'דיקן באַרג־אַרויף, וואָס דער אידישער חינוך איז דורכגעגאַנגען אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. די אַסאָסיאַציע האָט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע סעריע פאָרשערישע אַרבעטן, וואָס האָבן פיל געהאָלפן אין אַוועקשטעלן דעם גענויערן (?) אַנאַליז אויף דעם צושטאַנד פון אידישן חינוך אין אַמעריקע. די אַרבעטן, זיינען געווען באַוואוסט אַלס „אינפאָרמאַציע בולעטינען״. איינע

אַזאַ אַרבעט האָט געגעבן אַ פולן באַריכט פון דער רעגיסטראַציע פון די תלמידים אין די אידישע שולן, וועלכע שולן, וועלכע קינדער, עלטער, געשלעכט און אַ. וו. וואָס מען לערנט, ווי לאַנג מען לערנט און אַ. וו. אַן אַנדער בולעטין איז געווען וועגן די ספּעציעלע בייטראַגן, וואָס די פאַרשידענע פעדעראַציעס און וועלפעיר פאָנדן (שטאָטישע קאַסעס) גיבן צו זייערע לאָקאַלע אַקטיוויטעטן פאַר אידישער דערציאונג. אַ באַזונדערער שטודיום איז געמאַכט געוואָרן וועגן די בודזשעטן פון די צענטראַלע אידישע אַגענטורן פאַר אידישער דערציאונג. נאָך אַ שטודיום איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן וועגן די פולע טאָג־שולן (ישיבות קטנות) און וועגן די עלטערן און לערער אָרגאַניזאַציעס ביי די אידישע שולן (פּי־טי־איי). אַ גאָר וויכטיקע אויספאָרשונג איז געמאַכט געוואָרן וועגן דער אידישער לערער פּראָפעסיע. אויסער דעם, האָט די אַסאָסיאַציע אויך פאַרעפנטלעכט יעדעס יאָר אין דעם יאָר־בוך פון אַמעריקאַנער אידישן קאָמיטעט אַ באַריכט וועגן די שטרעמונגען פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, געשריבן פון דר. אוריה צבי ענגעלמאַן.

די אַסאָסיאַציע האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ פּעריאָדישע אויסגאַבע, די „דזשואיש עדיוקעישאַן ניוס לעטער", יעדע 2 חדשים.

אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן, אַז אין 1948 איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלע „קריטיקל קאָמיטע", וועלכע זאָל מאַכן אַ גענויען שטודיום פון די אויפטוען פון דער אַסאָסיאַציע. די קריטישע קאָמיטע, וואָס איז באַשטאַנען פון דר. א. סקולמאַן און לואיס קרעפּט, האָט אין איר באַריכט רעקאָמענדירט, אַז „די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג זאָל דורך דער אידישער עפנטלעכקייט באַטראַכט ווערן אַלס פירנדע קראַפט פון אַ דינאַמישן נאַציאָנאַל־ברייטן פאַרזוך צו אַנטוויקלען אַ ברייט פאַרשפּרייטע פאַרשטענדיקונג און איבערצייגונג וועגן דער וויכטיקייט פון אידישער דערציאונג פאַר דער צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע". באַלד נאָך אָט דעם באַריכט, האָט די אַסאָסיאַציע געשאַפן אַ נייע אָפּטיילונג אונטערן נאָמען „דעפּאַרטמענט אָוו פּראָמאָשאַן ענד אינטערפּרעטיישאַן", כדי אַרויסצוגעבן פאַרשידענע אָנווייזערישע שטודיעס פאַר די פאַרשידענע געמיינדעס אין זייערע אונטערנעמונגען צו שאַפן נייע שול־סיסטעמען. די אַסאָסיאַציע, וועלכע האָט נאָך פון פריער געהאַט איינגעפירט אַ חודש פאַר אידישער דערציאונג אַלס אַ נאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציע פון אַמעריקאַנער אידנטום פאַר אַ פאַרשטאַרקטן אידישן חינוך, האָט פּראָקלאַמירט דאָס יאָר 1950 אַלס „אַ יאָר פון אידישער דערציאונג". עס

איז אויך אָנגעהויבן געוואָרן אַ מין חשבון הנפש פון אונטערציען אַ מין סך הכל וועגן דעם, וואו דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האַלט אינמיטן 20טן יאָרהונדערט אויף דעם געביט פון אידישן חינוך. עס איז דאַן פאַרעפנט־לעכט געוואָרן צום ערשטן מאָל אַ פולער רעגיסטער און דירעקטאָריום פון אַלע אידישע שולן אין גאַנץ אַמעריקע און קאַנאַדע. איך האָב זיך געגומען די מי און איבערגעציילט די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, וואו עס האָבן זיך געפונען שולן פאַר אידישע קינדער, און זייער צאָל איז געווען 640 (זעקס הונדערט און פערציק). אינמיטן צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט האָבן זיך געפונען איבער 2700 (צוויי טויזנט זיבן הונדערט) קינדער שולן, וואו מען האָט געלערנט פאַרשידענע סאָרטן אידישקייט אין אַמעריקע.

דער רעגיסטער פון אידישער דערציאונג האָט אויך ענטהאַלטן אַ גאַנצע ריי אָפּהאַנדלונגען וועגן דער געשיכטע פון אידישער דערציאונג אין משך פון פופציק יאָר, ווי אויך אַ ריי טאַבלען, דיאַגראַמען און אויך פילע ליסטעס און קורצע באַשרייבונגען פון די העכערע אידישע לער־אַנשטאַלטן, ביבליאָטעקן, דערציאונגס ביוראָס און א. וו.

גאָר אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן אויף אַ בריוו, וואָס דער פּרעזי־דענט פון אַמעריקע הערי ס. טרומאַן, האָט געשיקט צו דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע לכבוד דעם יאָר פאַר אידישער דערציאונג. מיר גיבן דאָ איבער דעם פולן אינהאַלט פון דעם דאָזיקן בריוו, וועלכער ווייזט באַכאַמאָל אָן אויף דעם פאַקט, אַז אין אַמעריקע איז דאָ אַ נאַטירלעכער קלימאַט פאַר אידישקייט, ווייל אידישקייט און אַמעריקאַניזם זיינען נאָענטע גייסטיקע קרובים.

פּרעזידענט טרומאַן האָט געשריבן דאָס פאָלגנדע:

„אונטער אונזער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישער סיסטעם, טראָגן אויף זיך די פאַרשידענע קולטורעלע און רעליגיעזע גרופּען אין אונזער פאָלק די שווערע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר דער דערציאונג פון אונזע־רע קינדער. עס איז זייער אויפגאַבע צוצוגעבן צו די לימודים, וואָס די קינדער קריגן אין די פּאָבליק סקולס, די גייסטיקע, עטישע און מאָ־ראַלישע ווערטן און טראַדיציעס, וואָס אַ קינד מוז איינזאַפּן אין זיך, כדי זיך צו אַנטוויקלען אַלס בעסערער סאָרט אַמעריקאַנער בירגער.

„אַט דאָס אַלץ איז די סיבה, פאַרוואָס איך באַגריס אַזוי וואַרעם דאָס דורכפירן פון אַ יאָר פאַר אידישער דערציאונג דורך דער אַמערי־

THE WHITE HOUSE
WASHINGTON

June 5, 1950

Dear Mr. Stavitsky:

Under our American democratic system, the cultural and religious groups in our Nation bear a grave responsibility for the education of our children. Theirs is the task of supplementing the training given by our public schools with instruction in the spiritual, ethical and moral values and traditions which a child must absorb in order to develop as the best kind of American.

It is for this reason that I warmly welcome the observance of Jewish Education Year by the American Association for Jewish Education, and the nationwide campaign to develop increased understanding of, support and enrollment in Jewish education among the Jewish communities of the United States.

At this sober moment in world history, it is important to remember that the ideals of peace and democracy, which peoples throughout the world are struggling to achieve, are in large part drawn from the inspiration of the Prophets. I trust that the program to emphasize throughout 1950 the importance of education in Jewish community life will meet with the success which its high purpose merits.

Very sincerely yours,

Mr. Michael A. Stavitsky,
President,
American Association for Jewish Education,
1776 Broadway,
New York 19, N. Y.

פאָטאָסטאַט פון פּרעזידענט טרומאַנ׳ס בריוו, אין וועלכן ער דריקט־אויס צופרידנקייט דערמיט, וואָס עס איז פּראָקלאַמירט געוואָרן אַ יאָר פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע.

קאָנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג צווישן די אידישע גע־מיינדעס פון אַמעריקע.

„אין דעם דאָזיקן ערנסטן מאָמענט אין דער וועלט־געשיכטע, איז וויכטיק צו געדענקען, אַז די אידעאַלן פון פרידן און דעמאָקראַטיע, וואָס די מענטשהייט איבער דער וועלט זוכט צו דערגרייכן, זיינען אין אַ גרויסן טייל גענומען געוואָרן פון דער אינספּיראַציע פון די נביאים. איך וויל האָפן, אַז די פּראָגראַם, וואָס באַצוועקט צו ציען די אויפ־מערקזאַמקייט פון די אידן אין אַמעריקע צו דער וויכטיקייט פון אידישער דערציאונג, וועט האָבן יענעם דערפאָלג, וואָס איר הויכע אויפגאַבע פאַרדינט.

זייער אויפריכטיק, אייער,

הערי ס. טרומאַן“.

אָט אַזוי האָט געערעדט פרעזידענט טרומאַן אין שייכות מיט דער טראַ־דיציאָנעלער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. און טרומאַנ׳ס רייד זיינען זיכער אויך געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון דער צייט, ווען אויך אין דער אַלגע־מיינער אַמעריקע, אין דער קריסטלעכער וועלט, האָט מען אָנגעהויבן צו שענקען מער אויפמערקזאַמקייט צו רעליגיעזער באַוואוסטזיניקייט, וואָס איז געגאַנגען האַנט אין האַנט מיט אַלגעמיינעם וויסן אין דער צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט. רעליגיע און טראַדיציע האָבן אָנגעהויבן צו גיין זייט ביי זייט מיט וועלטלעכן וויסן און האָבן מער ניט סותר געווען איינער דעם צווייטן.

דער עיקר אָבער, וואָס עס איז שייך אידישקייט, האָט אַזאַ בריוו ווי פרעזידענט טרומאַנ׳ס, ווידעראַמאָל קלאָר באַוויזן, אַז אין אַמעריקע צו זיין אַ גוטער איד, אַ טראַדיציאָנעלער און רעליגיעזער איד, איז געוואָרן אַן ענין מיט וועלכן מען האָט געקענט זיך איבערנעמען, סיי אין דער אי־דישער, סיי אין דער אַלגעמיינער וועלט.

דאָס דורכפירן פון דעם ספּעציעלן יאָר פאַר אידישער דערציאונג, וואָס איז באַגלייט געוואָרן פון ספּעציעלע פאַרזאַמלונגען אין אַ צאָל גע־מיינדעס, ווי אויך פון אַ צאָל פּראָיעקטן אין פאַרשידענע טיילן לאַנד צו פאַרשטאַרקן דעם אידישן חינוך, האָט געשאַפן אין אַלגעמיין אַ גינסטיקע אַטמאָספערע פאַר גרעסערע אונטערנעמונגען, און עס איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן צו פאַררופן די ערשטע נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פאַר אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. צו דער זעלבער צייט, האָט די אַסאָסיאַציע אָרגאַניזירט אַ ספּעציעלן ראַט פון פאָרשטייער פון 21 רעפּרעזענטאַטיווע

אידישע אָרגאַניזאַציעס, כדי דורכצופירן די דאָזיקע קאָנפערענץ, וועלכע איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין יאַנואַר, 1951, אין האָטעל בילטמאָר, אין ניו יאָרק, מיט איבער 1200 דעלעגאַטן פון איבערן גאַנצן לאַנד.

ביי דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ פון אידישער דערציאונג, וואָס איז געווען די ערשטע אין דער גאַנצער דריי הונדערט יעריקער געשיכטע פון די אידן אין אַמעריקע, זיינען אָנגענומען געוואָרן צוויי וויכטיקע באַשלוסן אין דער פאָרם פון ספּעציעלע דערקלערונגען, וואָס קענען באמת באַצייכנט ווערן אַלס היסטאָרישע. איין דערקלערונג איז טיטו־לירט: „סטייטמענט אָן קאָמיוניטי רעספּאָנסיביליטי פאָר דזשואיש עדיו־קעישאָן", וואָס אין היימישן אידיש מיינט עס אַ דערקלערונג וועגן די התחייבות'ן פון דער אידישער קהילה לגבי אידישער דערציאונג. די צווייטע דערקלערונג איז „עי טשאַרטער אָוו די ראַיטס אָוו די דזשואיש טשאַילד", וואָס איז אַן אָפיציעלער דאָקומענט אָדער שריפט וועגן „די רעכט פון אידישן קינד".

די ערשטע דערקלערונג זאָגט צווישן אַנדערן, אין סאַמע אָנהויב, אַז „אַלס אידן, באַשליסן מיר נאָכצופאָלגן די טראַדיציע, וואָס איז פאַרהייליקט געוואָרן פון דורות פון אונזערע פאָרגייער, אַז תלמוד תורה כנגד כלם, אַז דאָס לערנען תורה — אידישע דערציאונג, מוז פאַרנעמען אַ פּלאַץ ביים סאַמע אויבנאָן אין דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט סיי פון די עלטערן, סיי פון דער געמיינדע".

די דעקלאַראַציע זאָגט אויך פאָלגנדעס:

„עס איז אונזער פליכט אַלס אידן און אַלס בירגער פון דער דאָזיקער דעמאָקראַטיע צו שאַפן און געבן די פולע שטיצע פון אונזער געמיינדע, סיי מאָראַליש, סיי פינאַנציעל, צו אַ סיסטעם פון אידישער דערציאונג, וואָס וועט געבן צו אַלע קינדער און יוגנט פון אונזער געמיינדע אַ פולע מעגלעכ־קייט פאַר „סיסטעמאַטישער און ווערטפולער אידישער דערציאונג".

אָט אַזוי האָט גערעדט די דעקלאַראַציע, רופנדיק אַלע אידישע גע־מיינדעס, פירער און אָרגאַניזאַציעס, זיך אַריינצוואַרפן אין דער אַרבעט פאַר אַ פאַרשטאַרקטער אידישער דערציאונג.

גאָר אינטערעסאַנט איז די אָנגענומענע דעקלאַראַציע וועגן די „רעכט פון אידישן קינד".

אין אַריינפיר צו דעם „טשאַרטער" ווערט אָנגעוויזן, אַז אין אַלע צייטן האָבן פאַרשידענע פעלקער, פון די סאַמע פרימיטיווסטע, ביז די סאַמע ציוויליזירטסטע, געזוכט אין יעדן דור איבערצוגעבן די גייסטיקע ירושה

צו דעם אינגערן דור. אין אַמעריקע, זיינען אין פאַרשידענע צייטן געשריבן געוואָרן ספּעציעלע „בילס אָוו ראַיטס", סימבאָלישע דעקלאַראַציעס וועגן די ספּעציעלע רעכט, וואָס קינדער האָבן. די דאָזיקע דעקלאַראַציעס פון די ספּעציעלע רעכט פאַר קינדער זיינען אַ פאַרקערפּערונג פון אַ גרויסן אַמע־ריקאַנער אידעאַל.

די אידישע קינדער פון דעם אידישן קיבוץ אין אַמעריקע האָבן אָבער די רעכט צו פאָדערן אַ גאַנץ באַזונדערע דעקלאַראַציע, האָט אָנגעוויזן די ערשטע קאָנפערענץ פאַר אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. די אַלגעמיינע טשאַרטערס פון אַמעריקאַנער קינד באַציען זיך צו סעקולערע, וועלטלעכע לימודים, וועלכע דאַרפן אינפאָרמירן און צוגרייטן דעם קומענדיקן בירגער. די דאָזיקע אַלע רעכט באַציען זיך צו אידישע קינדער, פּונקט ווי צו די קינדער פון אַלע אַנדערע גרופּעס, וואָס פאָרמירן צוזאַמען אונזער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע, ווייזט אָן דער טשאַרטער, און גיט דערביי צו, אַז דאָס אידישע קינד איז באַרעכטיקט צו פאָדערן געוויסע ספּעציעלע רעכט, אַלס צוגאָב צו די אַלגעמיינע רעכט, וועלכע די אַמעריקאַנער אידישע געמיינדע איז פאַרפּליכטעט צו פאַרזיכערן.

די דאָזיקע רעכט זיינען:

1. אַ פולע דערציאונג, וואָס וועט באַזאָרגן דאָס אידישע קינד מיט געניגנדן וויסן און סימפּאַטישער פאַרשטענדעניש פאַרן לעבן, קאַמף, אידעאַלן, שטרייטן און דערגרייכונגען פון אידישן פאָלק פון דעם אָנפאַנג פון זיין געשיכטע ביז היינט צו טאָג און וואָס וועט אים זעלבסט אויך געבן אַ מעגלעכקייט צו קומען צום אויסדרוק אין דעם אַנטוויקלען און פאַרייכערן די אידישע רעליגיעזע קולטור.

2. צו פאַרשטיין די באַדייטונג פון זיין אַ דערוואַקסענער איד און זיין אַ מיטגליד פון דער אידישער געמיינדע; צו האָבן דעם געפיל, אַז דאָס באַלאַנגען צו דער אידישער געמיינדע, דאָס באַטייליקן זיך אין אירע אַרבעטן און ביישטראָגן צו איר קולטור און אידעאַלן, פאַרשטאַרקט זיין פרייהייט אַלס יחיד און גיט אים אַ פאַרשטענדעניש פאַר זיין פאַרבינדונג מיט די אידן אין אַמעריקע, ישראל און יעדן ווינקל פון דער וועלט.

3. אַ סביבה, אין דער היים, שול, סינאַגאָגע, צענטער, און אין יעדער קערפּערשאַפט, וואו דאָס אידיש קינד וועט פאַרשטאַנען ווערן און געפירט ווערן צו אַ פולערן זעלבסט־אויסדרוק.

4. אַ דערציאונג, וואָס וועט פאַרשטאַרקן אין אים די איבער־

געבונג צו דעמאָקראַטיע אַלס אַ לעבנסוועג, וואָס איז אַמבעסטן אין איינקלאַנג מיט דער אידישער לערע, מיט דעם וואוילזיין פון אַמעריקע און מיט דער ווירדיקייט פון דער מענטשהייט, און וואָס וועט אין אים איינפלאַנצן אַ טיף געפיל פון פאַרוואַנדשאַפט מיט דעם גאַנצן מענטשלעכן מין.

5. אַ דעמאָקראַטישע געמיינדע, אין וועלכער ער זאָל זיך קענען אַנטוויקלען און די געמיינדע זאָל האָבן באַאמטע, וועלכע זאָלן האָבן אַ גוטע גייסטיקע און פראָפעסיאָנעלע צוגרייטונג און וואָס זאָל זיי דער־מעגלעכן צו געבן די געטרייסטע און ווירקזאַמסטע דינסט כדי צו דערגרייכן אַלע אויבנאָנגעצייכנטע צילן.

„כדי דורכצופירן די אַלע פאַרפליכטונגען צו יעדן קינד, פון די פריסטע יאָרן ביז פולער דערוואַקסנקייט, פאַרפליכטעט זיך די אידישע געמיינדע פון אַמעריקע אויף אַ פייערלעכן אופן צו ווידמען אַלע אירע כוחות, פייאיקייטן און מעגלעכקייטן".

אָט דאָס איז די דעקלאַראַציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן ביי דער ערשטער נאַציאָנאַלער אַסעמבלי פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. דער אינטערעס צו אידישן חינוך האָט אַלץ מער אָנגעהויבן צו וואַקסן. עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ פערמאַנענטער אַדוויזאָרי קאונסיל, אַ מין נאַציאָ־נאַלער באַראַטונגס קאָמיטעט מיט פאָרשטייער פון 32 נאַציאָנאַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָט אָנגעהויבן מיטצואַרבעטן מיט דער אַסאָסיאַציע. אָבער איידער מיר גייען ווייטער, ווילן מיר דאָ איבערגעבן נאָך אַ פּאָר איינצלהייטן וועגן דעם ערשטן נאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר פון אידישער דער־ציאונג. אַלע קאָאָפּערירנדע גרופּען אין אידישן לעבן פון אַמעריקע האָבן זיך באַטייליקט. דער שרייבער פון די שורות איז אָנוועזנד געווען אַלס באַאָבאַכטער ביי דער דאָזיקער נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ, וואָס איז דערעפנט געוואָרן אין דעם גרויסן אוידיטאָריום פון ניו־יאָרקער סיטי קאָלעדזש, אויף דער 23טער גאַס, אין מאַנהעטן. אויף דער בינע, ביי דער פייערלעכער דערעפענונג, זיינען צווישן אַנדערע, געזעסן שמואל ניגער, אַלס פאָרשטייער פון אידישן קולטור סעקטאָר און מנחם ריבאַלאָוו, אַלס פאָרשטייער פון העברעאישן קולטור סעקטאָר. אין אַלע פאַרהאַנדלונגען פון דער קאָנפערענץ האָבן די פאָרשטייער פון די שולן אויף אידיש זיך גאַנץ פיין אָנגעזוזן. די אַרטאָדאָקסן, די קאָנסערוואַטיווע און די רעפאָרם־גרופּען זיינען אַלע געווען פאַרטראָטן. אי די מזרחי, אי די אגודה. עס איז געווען אַ פולע אָפּשפּיגלונג פון דעם אַלזייטיקן קולטור־לעבן פון גרויסן אידישן קיבוץ.

אַלס רעזולטאַט פון דעם אַלגעמיינעם אויפשוואונג האָט די „אַסאָ־סיאַציע" אָרגאַניזירט אַ צאָל אַקטיווע מיטגלידער אין אַ „באָארד אָוו פּראָפעשאָנעל קאָנסאַלטאַנטס" און זיי האָבן אָנגעהויבן אויף אַ פּרייוויליקן אופן צו באַזוכן פאַרשידענע שטעט און געבן פּראָפעסיאָנעלע עצות און אָנווייזונגען ווי אַזוי צו שאַפן נייע און בעסערע שולן. אין יאָר 1952 האָבן 16 אַזעלכע פּראָפעסיאָנעלע וואָלונטירן באַזוכט 59 פאַרשידענע אידישע געמיינדעס. רעדנדיק דאָ ווידער וועגן דעם נעשאָנעל קאָונסיל פאַר דזשואיש עדיוקעישאָן, וועלכער האָט געפירט צו דער גרינדונג פון דער אַסאָסיאַציע, איז כדאי אָנצואווייזן, אַז דער קאָונסיל איז געווען דער אָפיציעלער אַמבאַסאַ־דאָר פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, ווען עס איז אויסגעקומען צו רעפּ־רעזענטירן די פּראָפעסיע פון אידישער דערציאונג ביי די צוזאַמענפאָרן פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס. דער קאָונסיל האָט אויך געדינט אַלס פאַרבינדונג צווישן די אידן פון אַמעריקע און ישראל אויף דעם אַלגע־מיינעם געביט פון אידישן חינוך. צוויי וויכטיקע פּעריאָדישע אויסגאַבן האָט דער נאַציאָנאַלער ראַט פאַר אידישער דערציאונג אַרויסגעגעבן. איין אויסגאַבע אין העברעאיש, „שבילי החינוך" (די וועגן פון דערציאונג), וואָס איז דערשינען פיר מאָל אַ יאָר אונטער דער רעדאַקציע פון דעם פּיאָנער פון דער העברעאישער דערציאונג אין אַמעריקע, דר. צבי שאַרפשטיין. און דער צווייטער זשורנאַל, „דזשואיש עדיוקעישאָן", אין ענגליש, וועלכער איז דערשינען דריי מאָל אַ יאָר. שמואל באַראָווסקי, אַקטיוו אין אידישן דערציאונגס־וועזן אין משך פון לאַנגע יאָרן, איז געווען דער טעכנישער אָנפירער פון נאַציאָנאַלן ראַט פאַר אידישער דערציאונג.

אָבער צוריק צו דער אַסאָסיאַציע! נאָך דעם דערפאָלג פון דער ערשטער נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ, איז אין דעצעמבער 1953 באַשלאָסן געוואָרן צו פאַררופן די צווייטע נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פאַר אידישער דערציאונג, וואָס איז פאָרגעקומען אויך אין ניו־יאָרק, אין מערץ 1954. ביי דער דאָזיקער קאָנפערענץ איז אַממערסטנס געקומען צום אויסדרוק די גרויסע נויט, וואָס דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט פּלוצים דערפילט אין שייכות צו לערער. עס איז אויך פיל גערעדט געוואָרן וועגן דער אַלגעמיינער פאַרבעסערונג פון דער אַרבעט אין די פאַרשידענע שולן און אויך וועגן די עלטערן און לערער אָרגאַניזאַציעס. אָבער ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל איז מען געקומען צו דער זעלבער פּראָבלעם: עס פעלן לערער! און אָט פון דער דאָזיקער צווייטער נאַציאָנאַלער קאָנפערענץ איז אַרויסגעוואַקסן אַ גאַר ברייטע אויס־

פאָרשונג, וואָס די אַסאָסיאַציע האָט דורכגעפירט איבער גאַנץ אַמעריקע אין שייכות צו אידישע לערער.

אַלס אַ פאָרזעצונג פון דער גרויסער אויספאָרשונג וועגן לערער, האָט די אַסאָסיאַציע גערופן די דריטע נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון אידישער דערציאונג, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין נאָוועמבער, 1956, אין וואַשינגטאָן. די אַסאָסיאַציע האָט גערופן די אידן אין אַמעריקע צו דער־הויבן די באַשעפטיקונג פון אידישער לערעריי צו אַ גוט באַצאָלטער פראָ־פעסיע, כדי צוצוציען נייע קרעפטן פאַר אידישער דערציאונג. די דאָזיקע קאָנפערענץ איז געספּאָנסערט געוואָרן פון די אָרטאָדאָקסישע, קאָנסערוואַ־טיווע און רעפאָרם גרופּן, ווי אויך פון די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס.



דר. יהודה פּילטש
עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע
פאַר אידישער דערציאונג

אַז איר באַקענט זיך מיט די פאַרשידענע אויפטוען פון דער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, פילט איר, אַז אַ היפּש ביסל איז אָפּגעטאָן געוואָרן זינט איר אָנהויב אין 1939. דאָך אָבער, ווען נאָר עס

איז מיר אויסגעקומען צו רעדן מיט דר. יהודה פּילטש, דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון דער אַסאָסיאַציע זינט 1949, איז ער אַלעמאָל געווען דער שאַרפסטער קריטיקער פון זיין אייגענער אָרגאַניזאַציע. דר. פּילטש האָט אַלעמאָל געזאָגט ביי אונזערע פאַרשידענע געשפּרעכן, אַז דער אמת׳ער קאַמף פאַר אידישער דערציאונג אין אַמעריקע דאַרף ערשט אָנגעהויבן ווערן. דאָס איז טיילוויז אפשר געווען דערפאַר, ווייל פּילטש איז געווען גוט באַהאַוונט אין אַלע דריי לשונות, סיי אין העברעאיש, סיי אין אידיש, סיי אין ענגליש, און געקענט אויך לערנען גאַנץ פיין אַ בלאַט גמרא. דר. פּילטש, אַ געבוירענער פון וואַכנאָווקע, קיעווער גובערניע, אין אוקראַינע, האָט אין אַמעריקע שטודירט אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט און אין אוני־ווערזיטעט פון שיקאַגאָ, ווי אויך אין דראָפּסי קאַלעדזש. דורכגעדרונגען מיט טראַדיציאָנעלער און וועלטלעכער אידישקייט, האָט דר. פּילטש, נאַ־טירלעך געוואָלט אַז די מערסטע אידישע קינדער אין אַמעריקע זאָלן זיין מער באַהאַוונט אין אידישקייט, ווי זיי זיינען עס געווען.

דר. פּילטש, וועלכער איז אויך אַ פּראָפעסיאָנעלן אופן געווען באַשעפ־טיקט ביי אידישער דערציאונג זינט 1932, האָט טאַקע עפנטלעך אויפגעהויבן די פראַגע צו געפינען בעסערע מעטאָדן כדי צו דערגרייכן גרעסערע רעזול־טאַטן פאַרן אידישן חינוך. דר. פּילטש האָט עס אויפגעהויבן די פראַגע וועגן דעם, אַז עס ווערט אפשר צופיל צייט פאַרלוירן ביים לערנען מיט דעם קינד אין דער נאָכמיטאָג־שול אַ שפּראַך, וואָס דאָס קינד וועט, לויט ווי די פּראַקטיק באַווייזט, סיי־ווי־סיי ניט קענען. (די מערסטע קינדער האָבן באַ־זוכט די נאָכמיטאָג־שול בלויז צוויי צי דריי יאָר. אַ מאַקסימום פון 228 שעה אַ יאָר). האָט דר. פּילטש דערפאַר גע׳טענה׳ט, אַז מען וואָלט מיט דעם זעלבן קינד געקענט אין דער גאָר קורצער צייט לערנען אויף ענגליש אידישע געשיכטע, אידישע טראַדיציעס, מנהגים וכדומה. די מערסטע צייט דאַרף מיט די קינדער אין די נאָכמיטאָג־שולן אָפּגעגעבן ווערן אויף אידישקייט און ניט אויף שפּראַך. ווען עס קומט אָבער צו העברעאיש אַלס שפּראַך, דאַן דאַרף מען דאָס קינד בלויז באַקענען, אויף ווי ווייט עס לאָזט זיך, מיט די עלעמענטן פון לשון, וועלכע האָבן אַ היסטאָריש־פונקציאָנעלע באַדייטונג, ווי שבת, יום טוב, רחמנות, צדקה, קידוש וכדומה און אין אַלגעמיין דעם העברעאיש פון סידור, מחזור און אַ. וו.

אָט די פּראָגראַם, האָט דר. פּילטש „געטראַכט אין דער הויך", וואָלט זיך צוגעפּאַסט פאַר דער מערהייט אידישע קינדער, וואָס קריגן וועלכע־עס־איז אידישע דערציאונג. דר. פּילטש באַצייכנט אָט די סיסטעם פון

עלעמענטאַרן אידישן לערנען אַלס „חדרי דרדקי". גאָר אַן אַנדער פּראָגראַם האָט אָבער דר. פּילטש געהאַט פאַר יענע שולן, וואָס ער באַצייכנט אַלס „חדרי תורה". אין די דאָזיקע חדרי תורה, וואו מען זאָל יאָ לערנען אויף אַן אינטענסיוון אופן, גייען אַריין די איבער פערציק טויזנט קינדער פון די ישיבות קטנות און צווישן 35 ביז 40 טויזנט קינדער, וואָס לערנען אין די תלמוד־תורה׳ס און אין די בעסערע נאָכמיטאָג־שולן, וואו מען לערנט פון דריי ביז פינף מאָל אַ וואָך, און אַ קורס פון כאָטש פינף ביז זיבן יאָר צייט.

אָבער אפילו די אומצופרידנקייט און די קריטיק, וואָס מען האָט געהערט אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין שייכות מיט אידישער דערציאונג איז געווען אַן אָנזאָג פון וויכטיקער דערגרייכונג. ווייל ווען די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישע דערציאונג איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1939 האָבן בלויז אַרום 25 פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע געקראָגן יערלעך אַ אידישע דערציאונג. אין 1956 אָבער איז דער יערלעכער פּראָצענט שוין געווען דורכשניטלעך איבער פערציק, און אין די פאַרשטעט האָבן אָפט איבער אַכציק פּראָצענט אידישע קינדער געקראָגן יערלעך אַ אידישע דערציאונג. די צאָל ישיבות קטנות איז אין 1939 געווען בלויז 25 מיט זעקס טויזנט קינדער און אין 1956 — איבער 200 ישיבות מיט איבער פערציק טויזנט תלמידים. יאָ! אידישע דערציאונג אין אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו גיין באַרג אַרויף! און עס האָט זיך אָנגע־הויבן צו פאָדערן אַ בעסערער און טיכטיקער אַפּאַראַט! אידישע דערציאונג איז געוואַקסן און עס זיינען אויך געוואַקסן די אויסגאַבן. אין פּרק ווערט געזאָגט: אם אין קמח אין תורה! און אין אַמעריקע, וואָס איז אי גייסטיק שטאַרק און אי פּראַקטיש־מאַטעריאַליסטיש, פאָדערט זיך אַ סך, אַ סך געלט פאַר אידישער דערציאונג! אַלס ביישפּיל קען טאַקע דינען די אַמעריקאַנער אסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג זעלבסט, וועלכע איז פון איר סאַמע אָנהויב אָן ניט געשטיצט געוואָרן פון קיין שום פעסטע סובסידיעס, און האָט אָנגעהויבן מיט אַ בודזשעט פון פינף טויזנט דאָלער אַ יאָר אין 1939! שפּעטער אָבער האָט די זעלבע אַסאָסיאַציע קוים געקענט אויסקומען מיט אַ יערלעכן בודזשעט פון אַרום צוויי הונדערט טויזנט דאָלער! און אין מיינע געשפּרעכן מיט דר. יהודה פּילטש, האָט ער מיר אָנגעוויזן, אַז וואָס עס איז שייך עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע דאַרף אויסגעגעבן ווערן פון 125 ביז 150 מיליאָן דאָלער אַ יאָר, כדי צו גרייכן די געווינטשטע רעזולטאַטן.

יאָ! די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג איז

אויסגעוואַקסן אין איר פאַרנעם, אין איר שוואונג און אַמביציע. זי איז אפילו פאַרגליכן געוואָרן צו דעם „אָפּיס אָוו עדיוקעישאָן" אין וואַשינגטאָן, די צענטראַלע קערפּערשאַפט פאַר דערציאונגס פּראָבלעמען, וואָס איז אַ טייל פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג. אָבער דער וואוקס פון די אידישע דערציאונגס אָרגאַניזאַציעס איז געווען דער בעסטער אָנדייט, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידנטום פאַרנעמט זיך אויף נייע וועגן. אָנשטאָט צו זאָרגן, ווי פריער, מערסטנס פאַר פיזישע נויטן, אָנשטאָט מערסטנס פילאַנטראָפּיע און פאַרשידענע הילפס אַנשטאַלטן, האָט מען זיך אָנגעהויבן צו פאַרקירעווען אויפן וועג פון גייסטיקע הצטרכות'ן און טאָן אַלץ מער און מער פאַרן אידישן גייסט, פאַר דער אידישער נשמה!

## 22

# איבער אַכציק פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע לערנען אין אידישע שולן, ציינט נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג

פּראָפעסאָר אָסקאַר יאַנאָווסקי, אָנפירער פון ערשטער נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, גיט אַרויס וויכטיקע ציפערן. — איבער 50 יאָר צייט האָט מען אין אַמעריקאַנער אידנטום געהאַלטן אין איין פאַרשפרייטן פאַלשע פאַקטן וועגן אידישן דערציאונגס וועזן. — הויפּט קאַמף דאַרף געפירט ווערן צו האַלטן די קינדער מער יאָרן אין די אידישע שולן און לערנען מיט זיי אויף אַ מער פאַסנדן און גרינטלעכן אופן. — דרייסיק טויזנט פערזאָן האָבן אַרויסגעהאָלפן דורכפירן ריזיקע אויספאָרשונג.

„עס איז קיין צווייפל נישט, אַז איר האַלט זיך נאָך ביי דער אַלט־אָנגענומענער געשיכטע וועגן אידישער דערציאונג אין אַמעריקע — אַז גאָר גרויסע צאָלן אידישע קינדער דאָ אין לאַנד קריגן ניט קיין שום אידישע דערציאונג; אַז קינדער האַלטן זיך פיינטלעך צו דער אידישער שול; אַז די עלטערן האָבן ניט געקראָגן קיין שום אידישע דערציאונג און זיינען נישט פאַר־אינטערעסירט; און אַז געמיינדע־פירער אַרט עס גאָר נישט און זיי זיינען אומפּריינטלעך.

„דאָס אַלץ איז נישט אמת. מיר האָבן אויסגעפונען, אַז 80 (אַכציק) פּראָצענט און מער פון די קינדער קריגן וועלכע־עס־איז אידישע דערציאונג, און דריי פערטל פון זיי האָבן ליב די אידישע שול. די גרעסטע טייל פון די עלטערן האָבן אויך באַזוכט אַ אידישע שול און זיינען פאַראינטערעסירט

אין אידישן חינוך. זיי האָפן, אַז זייערע קינדער וועלן קריגן אַ בעסערע דערציאונג ווי זיי אַליין האָבן געקראָגן. זיי האָבן ליב די אידישע שולן און די לערערס און די לימודים. די געזעלשאַפטלעכע פירער זיינען פון זייער זייט אויך נייגעריק אויסצוברייטערן און פאַרבעסערן דאָס אידישע שול וועזן. ווען מיר מאַכן רעקאָמענדאַציעס, גיבן זיי זייער גוטהייסונג און געפינען די בויטיקע פאָנדן".

אַט דאָס איז אַן אויסצוג פון אַ רעדע, וואָס עס האָט געהאַלטן דר. אָסקאַר י. יאַנאָווסקי, פּראָפעסאָר פון געשיכטע אין סיטי קאָלעדזש פון ניו־יאָרק, וועלכער איז אין יאָר 1952 באַשטימט געוואָרן אַלס דער הויפּט־אָנפירער פון אַן אומאָפּהענגיקער קאָמיסיע צו מאַכן אַן אויספאָרשונג פון אידישן דערציאונגס־וועזן איבער גאַנץ אַמעריקע. זיין רעדע האָט דר. יאַנאָווסקי געהאַלטן דעם 4טען מערץ, 1956, לכבוד דעם פערציק יעריקן יובילייַ פון דער הסתדרות עברית, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין ניו יאָרק. ביי דעם הויפּט טיש און אין דעם פּראַכטפולן זאַל פון האָטעל קאָמאָדאָר, זיינען אָנוועזנד געווען די פירנדע פערזענלעכקייטן פון דער העברעאישער און אַלגעמיין אידישער קולטור־וועלט אין אַמעריקע. דר. יאַנאָווסקי האָט אין זיין אינהאַלטסרייכער רעדע געגעבן אַן איבערבליק איבער דעם האַלבן יאָרהונדערט אידישן לעבן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אָנגעוויזן אויף די גייסטיקע פּראָבלעמען פון ערשטן דור אימיגראַנטן, זייערע קינדער און זייערע אייניקלעך און צום סוף פון זיין רעדע אַרויס־געקומען מיט דער דאָזיקער איבערראַשנדער „נייעס", אַז יאָ! איבער אַכציק פּראָצענט אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג. און יאָ! אידישע קינדער האָבן אין זייער גרעסטער מערהייט ליב די אידישע שול און די אידישע לימודים! און נאָך אַמאָל יאָ! די עלטערן פון די קינדער זיינען פאַראינטערעסירט אין אידישער דערציאונג און ווילן פאַרבעסערן וואָס מער דאָס אידישע שול־וועזן!

און וואָס איז נאָך וויכטיקער איז דער פאַקט, וואָס דר. יאַנאָווסקי האָט געהאַלטן זיין ממש סענסאַציאָנעלע רעדע נאָך דעם, ווי ער האָט פאַר איבער דריי יאָר צייט געהאַט אַ געלעגנהייט אַריינצוקוקן אין די פאַרשידענע באַ־ריכטן פון אידישן דערציאונגס־וועזן אין אַמעריקע, וואָס עס האָט, אונטערן אויפזיכט פון פּראָפעסיאָנעלע טוער געזאַמלט איבערן לאַנד אַ גאַנצע בריגאַדע, אַ גאַנצע אַרמיי ממש, פון טויזנטער אידישע מענער און פרויען, וועלכע האָבן אַרויסגעהאָלפן אין דער דורכפירונג פון דער ערשטער נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג פון אידישן חינוך איבער גאַנץ אַמעריקע. די

אויספאָרשונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַסאָ־סיאַציע פאַר אידישע דערציאונג, האָט צוגעצויגן, לויט ווי עס איז געשאַצט געוואָרן אַרום דרייסיק טויזנט פערזאָן. צווישן זיי ראַבאַיס פון די פאַר־שידענע געמיינדעס, פרינציפאַלס פון שולן, לערער, געמיינדע־טוער, פאַר־זיצער און מיטגלידער פון די שול־ראַטן און אויך פיל תלמידים און זייערע עלטערן. דער דירעקטאָר פון דער נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג איז געווען דר. אוריה צבי ענגעלמאַן, הויפט פון אויספאָרש דעפּאַרטמענט פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישע דערציאונג, וועלכער האָט געקראָגן אַ ספּעציעלן אורלויב, כדי די שטודיע דורכצופירן.



דר. אוריה צבי ענגעלמאַן
דירעקטאָר פון נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע

(דר. ענגעלמאַן איז געווען אַ גראַדואירטער פון דער העברעאישער גימנאַזיע אין ירושלים און האָט שטודירט אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט און אין די אוניווערזיטעטן פון קאַליפאָרניע און באָפאַלאָ. דר. ענגעלמאַן

האָט פיל געשריבן וועגן אידישע דערציאונג און האָט זיך ספּעציאַליזירט אויפן געביט פון חינוך, סאָציאָלאָגיע און סטאַטיסטיק.)

פאַר די מערסטע פון די אָנוועזנדע ביי דעם פייערלעכן באַנקעט פון דער הסתדרות עברית איז די אָפּטימיסטישע דערקלערונג פון דר. יאַנאָווסקי געווען אַ גאָר גרויסע איבערראַשונג. ווייל זיי, פּונקט ווי אַלע אידן אין אַמעריקע, זיינען אַלעמאָל געוואוינט געווען צו הערן די פאַלש־באַגרינדעטע באַהויפּטונג, אַז די גרעסטע מערהייט אַמעריקאַנער אידישע קינדער קריגן אינגאַנצן נישט קיין שום אידישע דערציאונג. און אַמבעסטן, וואָס עס איז געווען באַוואוסט די ברייטע מאַסן איז, אַז בלויז 25, 35 אָדער דאָס העכסטע 40 — פּראָצענט — קריגן אַ אידישע דערציאונג! און דאָ קומט גאָר אַזאַ אָנגע־זעענער פּראָפעסאָר, וואָס איז באַוואוסט מיט זיין זאַכלעכקייט און פּינקט־לעכקייט, און הייסט ממש רעווידירן די ציפערן! ווייל די אַלע אויסרעכענונגען וואָס מען פלעגט פריער פאַרעפנטלעכן, זיינען באמת געווען פאַרפירעריש און פאַלש! ווייל במשך אַ האַלבן יאָרהונדערט האָבן די פאַרשידענע פאָרשער און סטאַטיסטיקער געהאַלטן אין איין אונטערשטרייכן, אַז 25 אָדער 30 אָדער 35 פּראָצענט אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג און נישט מער! און מען האָט ניט אויפגעקלערט גלייך דערביי, אַז כמעט ניינציק פּראָצענט אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג, אָבער זיי לערנען אין דורכשניט דריי יאָר אידישע לימודים. דערפאַר איז אויסגעקומען, אַז ווען מען האָט דורכגעפירט אַן אויספאָרשונג, האָבן זיך אין יענער צייט געפונען אין די אידישע שולן אַרום אַ דריטל פון אַלע אידישע קינדער פון עלעמענטאַרן שול־עלטער און נישט מער! אָבער עס האָט געמוזט קומען אַ דר. יאַנאָווסקי, וועלכער זאָל מיט זיין אויטאָריטעט ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער ברייטער עפנטלעכקייט צו דעם גרויסן טעות, וואָס איז אין משך פון צענדלי־קער יאָרן געמאַכט געוואָרן.

מיט פּראָפעסאָר אָסקאַר יאַנאָווסקי, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער קאַטעדרע פון געשיכטע אין סיטי קאַלעדזש אָוו ניו יאָרק, האָב איך זיך געטראָפן אין זיין אָפיס אין דער הויפּט־געביידע פון קאַלעדזש טאַקע, וואָס געפינט זיך אויף קאָנווענט עוועניו און 139טע גאַס, אין אויבערשטן טייל פון מאַנהעטן. עס איז געווען אין דער צייט ווען טויזנטער סטודענטן פון די פאַרשידענע שולן זיינען געווען פאַרנומען מיט זייערע עקזאַמענעס און קיין רעגולערע קלאַסן זיינען ניט געהאַלטן געוואָרן. דאָך אָבער האָט עס געקאָכט מיט אימפּעט און אויפברויז אין און אַרום דער וועלט־באַרימטער הויכשול. אין דעם לאַנגן קאָרידאָר, וואָס איז באַצירט מיט ריזיקע סטאַטועס פון באַ־

רימטע אַמעריקאַנער און וועלט־פּערזענלעכקייטן, האָט זיך געפילט דער פיבער פון די יונגע בחורים און מיידלעך, וועלכע האָבן זיך געדאַרפט מעלדן צו די פאַרשידענע עקזאַמענס פון טרימעסטער. דר. יאַנאָווסקי האָט מיך צו־ערשט אויפגענומען אין זיין באַשיידענעם אָפיס, וואָס ער האָט געטיילט, ווי דער שטייגער פירט זיך, אין דעם „שטאַרק באַפעלקערטן" סיטי קאַלעדזש מיט נאָך צוויי פּראָפעסאָרן. אַ פּלאַץ, אַ שטיקל מקום מנוחה, איז זייער שווער צו קריגן אין סיטי קאַלעדזש, וואָס האָט אין זיינע רייען צענדליקער טויזנטער סטודענטן. נאָך די פאַרמעלע פּאָר מינוט פון דער באַגעגניש, האָט דר. אָס־קאַר יאַנאָווסקי געפונען פאַר אונזער שמועס אַ רואיק פּלאַץ אין אַ ליידיקן קלאַס צימער און מיר האָבן ביידע זיך אַוועקגעזעצט איינער לעבן צווייטן אויף סטודענטן שטולן, וואָס האָבן אין דער רעכטער זייט אַ סאָרט האַנט־ברעטל, אויף וועלכער די שילער קענען האַלטן אַ בוך אָדער אַ העפט צום שרייבן. און אַט אַזוי טאַקע האָבן מיר געפירט אונזער שמועס נאָענט צו צוויי שעה. און ווער ווייסט ווי לאַנג נאָך מיר וואָלטן געוועזן גערעדט וועגן די פאַרשידענע ענינים אונזערע, ווען עס וואָלטן ניט אָנגעהויבן זיך באַווייזן סטודענטן, פון וועלכע מיר האָבן גאָר אינגיכן אויסגעפונען, אַז אין דעם קלאַס, וואו מיר זיינען די גאַנצע צייט געזעסן, דאַרף גאָר אינגיכן פאָרקומען איינער פון די עקזאַמענס.

און גערעדט האָב איך אין מיין אינטערוויו מיט דעם באַרימטן אידישן פּראָפעסאָר וועגן אַ גאַנצער ריי ענינים. וועגן אידן און אידישקייט און וועגן דער צוקונפט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע און אויך וועגן דער שייכות, וואָס מדינת ישראל וועט האָבן און האָט שוין טאַקע מיט דעם גרויסן אַמעריקאַנער אידישן קיבוץ און מיט אַלע אַנדערע אידישע קיבוצים, קלענערע און גרע־סערע איבער דער וועלט. אָבער דר. אָסקאַר יאַנאָווסקי, וועלכער האָט זיך אין דער אַמעריקאַנער אידישער וועלט אויסגעצייכנט מיט זיין אויספאָרשונג פון די אידישע צענטערס, די „וואַיס", איז דאַן מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן, נוצנדיק אַ אידיש פאָלקס־ווערטל, געוועזן אַריינגעטאָן אין דער נייער גרויסער שטודיע, וואָס דאָס איז געווען די נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג.

דער רוף פאַר דער ערשטער נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע איז פּראָקלאַמירט געוואָרן ביי דער ערשטער נאַ־ציאָנאַלער אידישער דערציאונגס־קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק, אין יאַנואַר חודש 1951 אונטער דער ספּאָנסאָרשיפּ פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג, אָנגעפירט פון דר.

יהודה פּילטש. אין פרילינג פון 1951 איז עס דר. יאַנאָווסקי איינגעלאַדן געוואָרן צו ווערן דער טשערמאַן פון אַ ספּעציעלער קאָמיסיע (אין ענגליש איז עס קאָמישאָן און ניט קאָמיטע), וואָס זאָל אָנפירן מיט אָט דעם גרויסן פּראָיעקט. דר. יאַנאָווסקי דערציילט, אַז איידער ער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג אָנצופירן מיט דער אויספאָרשונג האָט ער געשטעלט די פאָלגנדיקע באַדינגונגען: 1) אַז די אויספאָרשונג זאָל זיין אַ גרינטלעכע, טראָגן אַ וויסנ־שאַפטלעכן כאַראַקטער און זאָל זיין פריי און אומאָפּהענגיק פון וועלכער עס איז אָרגאַניזאַציע, אַריינגערעכנט טאַקע די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג. 2) קיין שום טומל און טאַראַראַם זאָל ניט געמאַכט ווערן אין דער פּרעסע ביז עס וועלן ניט געשאַפן ווערן די נויטיקע פאָנדן, וואָס וועלן פאַרזיכערן דעם גאַנג פון פּראָיעקט. די אַמעריקאַנער אידישע דערציאונג אַסאָסיאַציע האָט צוגעשטימט צו דר. יאַנאָווסקי׳ס צוזאַגנג און ווען עס איז געשאַפן געוואָרן דער נויטיקער פאָנד, וואָס האָט באַטראָפן אַ פּאָר צענדליק טויזנט דאָלער פאַר דעם ערשטן יאָר בלויז, איז די אַרבעט אָנגעהויבן געוואָרן „אויף אַן ערנסט״. דר. יאַנאָווסקי האָט מיר דערציילט, ווי ער האָט זיך גענומען גרויס מי צוזאַמענשטעלן אַ ספּעציעלן קאָמיטעט פון 100 פּראָמינענ־טע פּערזענלעכקייטן, וואָס זאָלן זיין רעפּרעזענטאַטיוו אין אויסדריקן די וויכ־טיקסטע און פאַרשידענע שטאַנדפּונקטן פון אַמעריקאַנער אידנטום. די פאַר־שידענע קאַטעגאָריעס פון אידישער פירערשאַפט, די פאַרשידענע טיילן פון לאַנד, נישט אַריינמישנדיק דירעקט די פאַרשידענע נאַציאָנאַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס אַלס אַזעלכע.

ש. ניגער, אידישער קריטיקער און קולטור־פירער, און אפרים אויער־באַך, דיכטער און פּובליציסט, האָבן רעפּרעזענטירט דעם קולטור סעקטאָר אויף דער אידישער שפּראַך.

נאָך דעם, ווי ס׳איז געשאַפן געוואָרן דער נאַציאָנאַלער קאָמיטעט, האָט דר. יאַנאָווסקי זיך באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט דעם שאַפן פון אַ ספּעציעלן פּראָספּעקט, וואָס פאַרנעמט 22 מאַשין־געשריבענע זייטן, וועלכע זיינען אויס־געפּולט בלויז מיט פראַגן, געפאַסט אין קורצע זאַצן און דאָס אַלץ זיינען שאלות אין שייכות מיט די פאַרשידענע פאַזן אין און אַרום דעם אידישן חינוך דאָ אין לאַנד.

דר. אָסקאַר יאַנאָווסקי׳ס פּראָספּעקט וועגן דער חינוך־אויספאָרשונג איז געלויבט געוואָרן פון פיל אָנערקענטע פּובליציסטן און עקספּערטן אי־בער אידישער דערציאונג. דער פּראָספּעקט איז באַזירט אויף צוויי הויפּט־פּרינציפּן, וואָס פיגורירן אַלס פּונקט איינס און צוויי פון דעם פּראָיעקט.

פונקט איינס: דער צוועק פון דעם שטודיום איז צו באַשטימען אויף ווי ווייט דערציאונג קען אַרויסהעלפן אין אַ מער שעפערישן און מער צופרידנ־שטעלנדיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע.

פונקט צוויי: אַמעריקאַנער אידן זיינען אַן אינטעגראַלער טייל פון דער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע. אַלס אַמעריקאַנער בירגער באַטייליקן זיך אידן צוגלייך מיט אַנדערע אַמעריקאַנער אין דעם פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן פון לאַנד. אַזוי אַרום, אויב מיר ווילן, אַז אידישע דערציאונג זאָל דערגרייכן איר ציל, דאַן מוזן מיר זיך רעכענען מיט די אידישע פאָדערונ־גען אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן זיך אַריינפּאַסן אין דער אַלגעמיינער פּאַנאָראַ־מע פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט.

און אָט־אָ דער פונקט פון אַריינפּאַסן דאָס אידישע דערציאונג־וועזן אין די ראַמען פון דעם בליענדן אַמעריקאַנער אידישן לעבן, פון אויסגעפינען, וואָס אַזוינס עס פעלט אויס דער אידישער דערציאונג דאָ אין לאַנד אין ליכט פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט, אָט דער פונקט איז שטאַרק דיסקוטירט געוואָרן אויף דער ערשטער זיצונג פון דער דערציאונגס קאָמיסיע, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אָנהויב יאַנואַר, 1953, אין דעם אַריסטאָקראַטישן וואַנדערבילט האָטעל, אין ניו יאָרק. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דאָס איז צום ערשטן מאָל, וואָס עס ווערט אונטערגענומען אַן אויספאָרשונג פון אי־דישער דערציאונג מיט אַזאַ צוגאַנג און מיט אַזאַ פּאַרנעם.

דר. אָסקאַר יאַנאָווסקי האָט, ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן, דורכגעפירט די באַרימטע אויספאָרשונג פון אידישע צענטערן און „וואַיס", און האָט דאַן אין יענער היסטאָרישער אויספאָרשונג אריינגעטאָן אַזויפיל אַרבעט, אַז ער האָט געמוזט אויף אַ גאַנץ יאָר זיך באַפרייען פון זיין פּראָפעסאָר־שטעלע פון סי־טי קאָלעדזש און אַרומפאָרן אין הונדערטער אידישע געמיינדעס און שטו־דירן די לאַגע. דר. יאַנאָווסקי'ס אויספאָרשונג, וואָס איז דורכגעפירט גע־וואָרן מיט דער הילף פון דער דזשואיש וועלפעיר באָארד, איז דערשינען אין דער פאָרם פון אַ גרויס בוך און האָט אַריינגעבראַכט אַ גאַנצע רעוואָלוציע אין די אידישע „וואַיס" און קאָמיוניטי צענטערס. זינט יענער אויספאָרשונג זיינען די אידישע צענטערס, וואָס זיינען יאָרנלאַנג געווען כמעט בלויז פאַרוויילונג און ספּאָרט־קלובן, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַוואוסטזיניקע געזעלשאַפטן פון קולטור און אידישקייט. פאַרשטייט זיך, אַז עס קען נאָך פיל אויפגעטאָן ווערן אויף אָט דעם געביט.

וויסנדיק אָט דאָס אַלץ וועגן פּראָפעסאָר יאַנאָווסקי'ס צוגאַנג צו זאַכן און אויך וועגן זיין דערפאַרונג, וואָס ער האָט געהאַט אַלס גאָר נאָענטער

מיטאַרבעטער פון דר. דזשעימס מעקדאָנאַלד, ווען מעקדאָנאַלד איז געווען הױך־קאָמישאָנער איבער דער פּליטים־פראַגע נאָך אין 1935, איז פּיל דערוואַרט געוואָרן פון דער נייער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג. דר. יאַנאָווסקי, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע אַלס קינד פון 10 יאָר פון אַ שטעטל ניט ווייט פון ביאַליסטאָק איז דורכגעדרונגען מיט אידישן און אַלגעמיינעם וויסן. אַלס אינגל אויף דער איסט סאַיד האָט דר. יאַנאָווסקי געלערנט אין דער ישיבה יעקב יוסף. ער האָט אויך געענדיקט דעם לערער אינסטיטוט ביי דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. ער האָט געהאַט אויך דיפּלאָמעס פון סיטי־קאַלעדזש און פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. ער איז אַמאָל אויך געווען אַ העברעאישער לערער.



דר. אָסקאַר יאַנאָווסקי
אָנפירער פון ערשטער נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע

אָט דאָס אַלץ, סיי די פּערזענלעכקייט פון דר. יאַנאָווסקי, סיי די פּערזענלעכקייט פון דר. אוריה צבי ענגעלמאַן און, גאַנץ באַזונדערס, דער גינסטיקער גייסטיקער קלימאַט, וואָס האָט געהערשט אין אַמעריקאַנער אידנטום אין

דער 2טער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט, דאָס אַלץ האָט צוגעגעבן אַ גאָר וויכטיקן כאַראַקטער דער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג. דער־פאַר טאַקע איז דער אָפּרוף אין די מערסטע אידישע געמיינדעס איבערן לאַנד געווען אַ גאָר פריינטלעכער.

אָנגעהויבן האָט זיך די נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג מיט צוויי מוסטער־שטודיעס: אין קליוולאַנד, אָהייאָ, און אין סאוואנא, דזשאָרדזשיאַ. די אויס־פאָרשונג אין קליוולאַנד איז געווען אַ גוטער סיגנאַל. ווייל די אַקטיווסטע געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן זיך אין דער דאָזיקער שטודיע באַטייליקט. דער באַריכט פון דער דאָזיקער אויספאָרשונג איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין אַ באַנד פון צוויי הונדערט זייטן. קארדינאַלע ענדערונגען אין דערציאונגס וועזן פון קליוולאַנד זיינען איינגעפירט געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון דער אויספאָרשונג. אומגעפער די זעלבע רעזולטאַטן זיינען דערגרייכט געוואָרן אין סאוואנא, דזשאָרדשיא, איינע פון די וויכטיקערע אידישע צענטערן אין דער סאַוט.

עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז אין אַמעריקע האָבן זיך געפונען איבער אַכט הונדערט אידישע געמיינדעס פון פאַרשידענער גרויס. האָט די אָנפי־רערשאַפט פון דער אויספאָרשונג באַשלאָסן, אַז אין אַרום צען פּראָצענט פון די אידישע ישובים זאָל די אויספאָרשונג דורכגעפירט ווערן אויפן פלאַץ. די צען פּראָצענט זאָלן מיט זיך פאָרשטעלן אַ דורכשניט פון גאַנץ אַמעריקע בכלל און פון דער אידישער אַמעריקע בפרט. אין דעם שטודיום זיינען אַריין די סאַמע גרעסטע אידישע שטעט און די סאַמע קלענסטע און אויך מיטל־מעסיקע. אַלע טיילן לאַנד, פון צפון, דרום, מזרח, מערב, זיינען אַריינגענומען געוואָרן אין דער אויספאָרשונג. ווען עס איז געמאַכט געוואָרן אַ שטודיע אין אַ געוויסן אידישן צענטער, אין אַ גרעסערער געמיינדע, זיינען שוין אויך אויסגעפאָרשט געוואָרן די פאַרשידענע קליינע פונקטן אַרום דער גרויסער שטאָט. עס זיינען אויך שטודירט געוואָרן די פאַרוואָרפנסטע אידישע פונקטן.

מיר וועלן דאָ ברענגען אַ ליסטע פון אייניקע פון די אידישע געמיינדעס, וואו עס איז געמאַכט געוואָרן די דערציאונגס אויספאָרשונג, כדי צו געבן אַ בילד פון דער פאַרשידנאַרטיקייט פון די געאָגראַפישע פונקטן, וואָס די אויספאָרשער האָבן באַזוכט: אַנאַפּאָליס, מערילענד, מיט אַ באַפעלקערונג פון טויזנט אידן; בעי שאָר, לאָנג איילאַנד, 1860 אידן; אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, 11,000 אידן; לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, 325 טויזנט אידן; ווענטורא, קאַליפאָרניע, 550 אידן; קעמדען, ניו דזשוירזי, 9 טויזנט אידן; מיאַמי, פלאָ־

רידע, 60 טויזנט אידן; ווילימאנטיק, קאָנעטיקוט, 425 אידן; וואַשינגטאָן, דיסטריקט אָוו קאָלאָמביא, 60 טויזנט אידן; מילוואָקי, וויסקאָנסין, 30 טויזנט אידן; דעטראָיט, מישיגען, 72 טויזנט אידן; פאָרט וועין, אינדיאַנאַ, 1200 אידן.

אָט אַזוי כסדר. פון די גרעסטע ביז די קלענסטע. און וויסן דאַרף מען אויך, אַז אין אַ צאָל פון די גאָר גרעסטע אידישע צענטערן, ווי ניו־יאָרק, מיט אַ באַפעלקערונג פון איבער צוויי מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט אידן, און פילאַדעלפיע, מיט איבער אַ פערטל מיליאָן אידן און אין שיקאַגאָ, וואו עס האָבן געוואוינט איבער 350 טויזנט אידן, זיינען דורכגעפירט געוואָרן אייגענע לאָקאַלע אויספאָרשונגען פון אידישער דערציאונג. שטודיעס, מיט וועלכע די נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג האָט זיך געקענט גאַנץ גוט באַנוצן.

די אויספאָרשונג, וואָס איז געפירט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד, האָט אַריינגענומען אַלע פאַזן פון אידישן דערציאונגס־וועזן, ווי פאָלגט: וואָס־פאַר־אַ מין שולן געפינען זיך אין דער שטאָט אָדער שטעטל; וויפל שולן; די צאָל תלמידים; זייער עלטער, ווי לאַנג אַ קינד לערנט אין די שולן; די סיבות, פאַרוואָס אַ קינד פאַלט אַרויס פון דער שול; וואָס לערנט מען אין די שולן; וועלכע זיינען די פּאָפּולערסטע געגנשטאַנדן; פון וועלכע היימען די קינדער קומען; וועלכע אידישע דערציאונג די עלטערן האָבן געקראָגן; ווי אַזוי ווערט די שול פינאַנסירט; וויפל ווערט געגעבן פאַר אידישער דערציאונג דורך דער שטאָטישער אידישער געמיינדע; וויפל און וועלכע לערער; וואָס איז דער מצב פון די לערער; די ראָל פון די לערער אין דער געמיינדע; ווי אַזוי קען מען די עקזיסטירנדע שול אָדער שולן אויס־בעסערן, אַז זיי זאָלן ברענגען בעסערע רעזולטאַטן.

די ערשטע נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, וואָס האָט זיך אין פּרינציפּ אָנגעהויבן ביי דער ערשטער נאַציאָנאַ־לער קאָנפערענץ פון אידישער דערציאונג אין יאַנואַר, 1951, האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו מאַכן אַ שטודיע וועגן דעם, ווי אַזוי די פאַר־שידענע אידישע מינים שולן ווירקן אויף דעם אידישן קינד אין פאָלגנדע דריי הינזיכטן: א) דעם קינדס אַלגעמיינע אַנטוויקלונג און זיין האַרמאָנישע און שעפערישע צופּאַסונג צו דער אַמעריקאַנער ציוויליזאַציע. ב) ווי אַזוי דאָס קינד שאַצט און פאַרשטייט די גייסטיקע אידישע ירושה אין איר מאָדערנעם אויסדרוק און ג) ווי אַזוי די שול העלפט דעם קינד זיך צו אידענטיפיצירן מיט דעם וועלט־אידנטום און מיט מדינת־ישראל.

אַ גאַנץ באַזונדערע טייל פון דער אויספאָרשונג האָט זיך אָפּגעגעבן מיט

אויסגעפינען, וואָס עס איז געווען די שטעלונג פון די גראַדואירטע פון די אידישע שולן, וועלכע האָבן אַלס דערוואַקסענע זיך אָנגעשלאָסן אין די פאַרשידענע רעליגיעזע, סאָציאַלע, פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע אָרגאַני־זאַציעס און וואָס פאַר־אַ פּלאַץ פאַרנעמען זיי אין דער אידישער געמיינדע.

די גרויסע אויספאָרשונג, וואָס איז צוערשט געווען אויסגערעכנט אויף דריי יאָר צייט, און האָט געזאָלט פאַרענדיקט ווערן אין 1955 אָדער 1956, האָט זיך אַ היפּש ביסל פאַרצויגן. יעדער אַרבעט, יעדער גרעסערער פּראָיעקט, שפּרייט זיך געווײנלעך אויס לענגער ווי מען רעכנט אין פאָראויס. אָבער דער הויפּט־אויספיר פון דער נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג איז שוין געווען באַקאַנט. סיי פון דעם גאַנג פון אידישן לעבן אין אַלגעמיין, סיי פון דער גרויסער אויספאָרשונג פון דער אידישער דערציאונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין ניו יאָרק און אומגעגנט און האָט דערציילט וועגן ענלעכע פאַקטן ווי די אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג. וועגן דער דאָזיקער ניו־יאָרקער שטודיע זע קאַפּיטל, וואָס פאָלגט נאָך נאָכדעם. דער עיקר אָבער האָט דר. יאַנאָווסקי׳ס רעדע אַרויסגעגעבן די הויפּט־פאַקטן פון דער נאַציאָנאַלער שטודיע.

און איצט נאָך אַ פּאָר ווערטער וועגן דר. אָסקאַר יאַנאָווסקי׳ס רעדע ביי דער הסתדרות עברית. צום ערשטן מאָל, ווען איך האָב באַזוכט דר. יאַנאָווסקי׳ן אין שייכות מיט דער נאַציאָנאַלער אויספאָרשונג איז עס געווען אין פעברואַר, 1953. די אויספאָרשונג איז דאַן געווען אין איר סאַמע אָנהויב. צום צווייטן מאָל, ווען איך האָב זיך מיט אים געטראָפן אין שייכות מיט דער זעלבער אויספאָרשונג, איז עס געווען אין אָנהויב זומער פון 1956. דר. יאַנאָווסקי איז שוין דאַן געזעסן אין אַ פיל גרעסערן אָפיס. ער איז שוין דאַן געווען דער הויפּט־אָנפירער אין דעם דעפּאַרטמענט פון העכערע לימודים אין סיטי קאָלעדזש. דר. יאַנאָווסקי איז נאָך אַלץ געווען פאַרטאָן אין דער אויספאָרשונג, וואָס איז אין איר דריטן יאָר אָנגעפירט געוואָרן פון אַ פולן שטאַב פאָרשער אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דר. ענגעלמאַן. דר. יאַנאָווסקי האָט גערעדט מיט שטאָלץ וועגן דעם פאַקט, אַז איבער אַכציק פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע קריגן אַ אידישע דערציאונג. ער האָט אָבער אין געשפּרעך מיט מיר, פּונקט ווי אין זיין רעדע פאַר דער הויפּט געזעלשאַפט פון דער העברעאישער קולטור, אָנגעוויזן אויף דעם שוואַכסטן פּונקט פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. דר. יאַנאָווסקי האָט דערקלערט: עס איז טאַקע אמת, אַז איבער אַכציק פּראָצענט קינדער לערנען אין די פאַרשידענע אידישע שולן, די שולן אָבער קענען ניט איינהאַלטן

לאַנג געגוג די דאָזיקע קינדער. זיי בלייבן דאָרט בלויז אַ קורצע צייט און לערנען דאָרט גאָר ווייניק, וואָס האָט אַ שייכות מיט זייער לעבן!

**די קינדער דאַרפן לערנען לענגער אין די אידישע שולן! דאָס מיינט זיי דאַרפן פאַרברענגען מער ווי אַ צוויי, דריי יאָר אין דער אידישער שול! אידישע קינדער דאַרפן אויך נאָך בר־מצוה לערנען אידישקייט! און זיי דאַרפן לערנען אידישקייט, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו זייער טאָג־טעגלעכן לעבן, סיי אַלס אידן, סיי אַלס אַמעריקאַנער!**

**אָט דאָס איז דאָס וויכטיקסטע, וואָס די נאַציאָנאַלע אויספאָרשונג פון אידישקייט האָט שוין באַוויזן אַרויסצוברענגען! נישט זיך אָנהאַלטן ביי דער פאַלשער דאָגמע, אַז ווינציק אידישע קינדער גייען אין די אידישע שולן! פאַרקערט! עס גייען כמעט אַלע אידישע קינדער! דער עיקר אָבער, פאַרוואָס מען דאַרף אַרבעטן, איז, אַז זיי זאָלן לערנען לענגער און בעסער! און אָט די דאָזיקע פאָדערונג, וואָס האָט ענדלעך אָנגעהויבן אַרויסגעבראַכט צו ווערן אויף אַ קלאָרן אופן אין דער ברייטער עפנטלעכקייט, איז געווען אַ גאָר גרויסע דערגרייכונג אַן־און־פאַר־זיך און אויך אַ אָנזאָג דערויף, אַז בעסערע צייטן פאַר דעם גייסטיקן לעבן פון אַמעריקאַנער אידנטום האָבן זיך אָנגעהויבן!**

# 23

# ניו יאָרקער אויספאָרשונג באַשטעטיקט: פון 80 ביז 85 פּראָצענט אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג

**אויך די אויספאָרשונג אין ניו־יאָרק זוכט צו פאַרריכטן דעם שווערן טעות, וואָס איז באַגאַנגען געוואָרן אין משך פון כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט וועגן דעם, אַז אַרום זיבעציק פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע קריגן אינגאַנצן ניט קיין שום אידישע דערציאונג. — איבער זיבן הונדערט אידישע שולן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. — איבער דריי טויזנט אידישע לערער אין און אַרום ניו־יאָרק. — שול געביידעס פאַר איבער 60 מיליאָן דאָלער. — איבער דרייסיק טויזנט עלטערן העלפן אַקטיוו אין אידישן דערציאונגס־וועזן אַלס מיט־גלידער אין די שול פאַרוואַלטונגען און אין די פּי־טי־איי׳ס (עלטערן־לערער געזעלשאַפטן).**

„טייערער אָשר:

„איך האָב געזען אייער באַריכט אין דער היינטיקער אויסגאַבע פון „טאָג—מאָרגן זשורנאַל" און איך דענק, אַז עס איז זייער גוט. איך בין צופרידן, וואָס איר האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פאַר־ריכטן דעם טעות׳דיקן איינדרוק וועגן דער צאָל קינדער, וואָס קריגן אַ אידישע דערציאונג".

אָט דאָס איז דער ערשטער פּאַראַגראַף פון אַ בריוו, וואָס עס האָט געשריבן צו מיר דר. עזריאל ס. טשיפּקין, ע"ה, אין שייכות מיט מיין באַריכט פון זונטיק, דעם 20טן מערץ, 1955, וועגן די רעזולטאַטן פון דער דריי־יאָריקער

**PURPOSE** — *to make a communal inventory and evaluation of current provisions, practices and needs of Jewish Education in New York City*

# THE JEWISH EDUCATION SURVEY IN NEW YORK CITY

1776 Broadway, New York 19, New York • Circle 5-8200



(dictated by phone)
March 21, 1955

Mr. Ascher Penn
50 Manhattan Avenue
New York City

Dear Ascher:

I saw your story in today's issue of the DAY-JOURNAL and think it is very good. I am glad that you took occasion to correct the wrong impression about the number of children who receive a Jewish education.

I don't know whether THE FORWARD has carried anything but I am really grateful to you for the interest you have taken and the cooperation you have extended. I believe that by this time, you may have learned that my interest in this Survey is not caused merely by my involvment in it. It is natural that I should be concerned with what we are doing and what others say about it. I cannot escape my own part in it. But it is important and the report about it is important only because of what it is going to mean, in terms of planning and action. The recommendations made at yesterday's meeting will make a five-to-ten year program to be carried out, if we can interest the people.

I think there is a natural and potential interest in the parents and in the leadership of the schools, but what is lacking is a real community consciousness and organized community effort. That involves thousands of people. That is why the Jewish Press needs to be involved. I think, in serving the cause of Jewish Education, the Jewish Press is serving its own self and the community as a whole.

Thank you again for your assistance. I hope to have the privilege of working together with you in the future.

Cordially,

Israel S. Chipkin

ISC:dfw

בריוו פון דר. עזריאל ס. טשיפּקין, אָנפירער פון אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק, אין וועלכן
ער דריקט אויס צופרידנקייט מיטן באַריכט, וואָס קאָרעגירט די ציפערן וועגן דער צאָל אידישע קינדער, וואָס
קריגן אַ אידישע דערציאונג.

אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. דר. טשיפּקין, וועלכער איז געווען דער אָנפירער פון דער גרויסער אויספאָרשונג, האָט סיי אין זיין בריוו צו מיר, סיי אין אַ ספּעציעלן עדיטאָריעל אין דעם זשורנאַל „דזשואיש עדיוקעישאָן" געצויגן מיט באַזונדער אַנטשלאָסנקייט די אויפמערקזאַמקייט צו דעם פאַקט, אַז די געזעלשאַפטלעכע מיינונג אין אַמעריקע איז יאָרנלאַנג פאַרפירט געוואָרן צוליב דעם ניט־ריכטיקן איינדרוק פון די ציפערן, אַז 25 אָדער 30 אָדער 35 פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע קריגן אַ אידישע דערציאונג.

אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן, אַז ווען איך האָב יענעם זונטיק פאַרנאַכט געבראַכט מיין באַריכט צו דעם נייעס־רעדאַקטאָר פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", דער דיכטער מאיר שטיקער, האָט ער זיך שטאַרק גע־קווייקלט וועגן דעם „קאָפּ" פון באַריכט, וואָס האָט זיך געלייענט: „איבער 80 פּראָצענט אידישע קינדער פון ניו־יאָרק קריגן אַ אידישע דערציאונג".

עס קען נישט זיין! עס איז אוממעגלעך! אַזוי האָט געזאָגט צו מיר מיין קאָלעגע שטיקער, וועלכער „האָט געוואוסט", פּונקט ווי די מערסטע שטאַרק־פאַראינטערעסירטע און אויך ווייניקער פאַראינטערעסירטע אידן אין אַמע־ריקע, אַז „בלויז 25 אָדער 30 פּראָצענט" אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג! אָבער אַכציק פּראָצענט, דאָס איז אוממעגלעך! עס קען נישט זיין! דאָך אָבער, ווען איך האָב אים באַוויזן אויף אַן איילִיקן שטייגער (ווייל אַ ציייטנוג, באַזונדערס די נייעס זייטן, ווערן אַלעמאָל געמאַכט אין איילעניש) אַז יאָ! עס איז טאַקע איבער אַכציק פּראָצענט, האָט ער דעם באַריכט „אונטער פּראָטעסט" און „נעמענדיק אַ טשענס" דאָך אָפּגעדרוקט.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלעס! ערשט אויפן צווייטן טאָג, האָט דער רעדאַקטאָר פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל", ד. ל. מעקלער, וועלכער איז געווען פאַראינטערעסירט אין אידישער דערציאונג און פון צייט־צו־צייט געשריבן וועגן חינוך, מיך ווי אויף אַ פּריינטלעכן אופן אויסגערעדט. „ווי קענט איר זאָגן, אַז איבער אַכציק פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע קריגן אַ אידישע דערציאונג?" — האָט מיין עלטערער קאָלעגע, דוד ל. מעקלער, מיך געפרעגט, ווי וועלנדיק מיך אויס׳מוסר׳ן אַביסל. און וויסן דאַרפט איר, אַז מר. מעקלער איז זינט 1910 געווען אַקטיוו אין אידישן לעבן פון אַמע־ריקע, און, ווי געזאָגט, זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט פראַגן פון אידישער דערציאונג. אינטערעסאַנט איז אויך דאָ אָנצואווייזן, אַז מעקלער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דעם געזעלשאַפטלעכן ראַט ביי דער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. יאָ,

טאַקע פון דער זעלבער אויספאָרשונג, וואָס האָט געפונען פאַר בויטיק אונטערצושטרייכן עטלעכע מאָל דעם פאַקט, אַז איבער אַכציק פראָצענט אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג, און דאָך איז די איינרעדעניש, אַז בלויז אַ דריטל פון אַלע אידישע קינדער אין אַמעריקע האָבן געקראָגן אַ אידישע דערציאונג געוועזן אַזוי שטאַרק, אַז אפילו אַזאַ מענטש ווי מעקלער, האָט זיך ממש נישט געקענט גלויבן, אַז די זאַך איז גאַנץ אַנדערש, ווי מען האָט זיך אַליין איינגערעדט אין משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט. (מיר ברענגען דאָ אַ פאָטאָסטאַט פון באַריכט אין „טאָג־מאָרגן זשורנאַל”.)

# איבער 80 פּראָצענט אידישע קינדער פון ניו יאָרק קריגן אַ אידישע דערציאונג

ספּעציעל צום „טאָג־מאָרגן זשורנאַל”

## פון אָשר פּען

איבער אַכציג פּראָצענט פון די אידישע קינדער פון ניו יאָרק און אומגעגענט קריגען וועלכע־עס־איז אידישע דערציאונג אין זייערע עלעמענטאַרע סקול־יאָרען. די קינדער פאַרברענגען אָבער אין די אידישע שולען נישט מער ווי אַ צוויי־דריי יאָר פון זייערע עלעמענטאַרע סקול־יאָרען. דערמיט דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס יעדעס יאָר געפינען זיך אין די אידישע שולן נישט מער ווי אַרום 30 פּראָצענט פון די אידישע קינדער פון עלעמענטאַרן שול־עלטער, וואָס דאָס איז פון פינף ביז 14 יאָר.

די דאָזיגע פאַקטען זענען אַרויסגעבראַכט געוואָרען נעכטען ביי דער דריטער יערליכער דערציאונגס אַסעמבלי, וואָס איז פאַררופען געוואָרען פון דעם אידישען דערציאונגס קאָמיטעט אין דער „ניו סקול פאַר סאָשל ריסוירטש”, 66 וועסט 12טע גאַס, ניו יאָרק.

ביי דער אַסעמבלי איז פאַרעפענטלעכט געוואָרען אַ גענויער באַריכט וועגן דער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרען פון אידישען דערציאונגס קאָמיטעט מיט דער ספּאָנסאָרשיפּ פון דער פּעדעראַציע פון אידישע פילאַנטראָפּיעס אין משך פון דריי יאָר צייט. די אויספאָרשונג איז געפירט געוואָרען אין די 5 באָראָס פון ניו־יאָרק און אין וועסטשעסטער, סאָפאָלק און נאַסאָו קאַונטיס.

די וויכטיגסטע פאַקטען פון דער אויספאָרשונג זענען:

אין ניו יאָרק און אומגעגענט זענען דאָ 407 טויזענט קינדער פון שול־עלטער. 110 טויזענט פון די דאָזיגע קינדער קריגען היינטיגס יאָר אַ אידישע דערציאונג. די קינדער קריגען מערסטענס זייער אידישע דערציאונג אין דעם עלטער פון 9 ביז 12 יאָר.

עס זענען פאַראַן אַרום 700 אידישע קינדער שולען אין ניו־יאָרק און אומגעגענט. פון יעדע צען שולן זענען 6 אָנגעפירט פון די אָרטאָדאָקסישע גרופּען; צוויי — פון קאָנסערוואַטיווע, איינע פון די רע־

(שלוס אויף זייט 2, קאָלום 3)

אָט אַזוי טיף איינגעקריצט איז געוועזן דער איינדרוק פון „דער קליינער צאָל אידישע קינדער”, וואָס ווערן באַקענט מיט אידישקייט אין אַמעריקע, אַז איר האָט ממש געמוזט קעמפן אויף יעדן שריט און טריט פאַר אַן אַלטן אמת, וואָס איז לײדער, פאַרלייקנט געוואָרן אין משך פון איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט. אפילו די פאַרשידענע מיטגלידער פון דער אויספאָרשונג קאָמיטע האָבן געליטן פון דער פאַלשער איינרעדעניש.

כדי אַרויסצוברענגען נאָך מער דעם פאַקט פון דער פאַלשער איינרעדעניש וועגן דער קליינער צאָל קינדער, וואָס קריגן אַ אידישע דערציאונג אין אַמעריקע, וועלן מיר ברענגען נאָך אַן אינטערעסאַנטן פאַל מיט אַ פּראָמינענטן געזעלשאַפטלעכן טוער, אַ איד אַ משכיל און תלמיד חכם, וועלכער איז געוועזן אַקטיוו פאַר צענדליקער יאָרן אין אידישן קולטור־לעבן פון ניו־יאָרק און זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט אידישער דערציאונג.

זיין נאָמען איז וויליאַם זאַלצמאַן. מר. זאַלצמאַן האָט געהאָלפן אין פיל קולטור פּראָיעקטן, באַזונדערס אויף העברעאיש, און ער איז אויך געווען אַ מיטגליד פון דער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג. און עס איז געווען אויף איינעם פון מיינע באַזוכן אין זיין רייכער היים אויף פּאַרק עוועניו, ווען איך האָב אין אַ שמועס מיט אים באַמערקט, אַז יאָ! איבער אַכציק פּראָצענט אידישע קינדער אין ניו־יאָרק און אויך איבער גאַנץ אַמעריקע קריגן און האָבן געקראָגן אַ אידישע דערציאונג!

„עס קען נישט זיין! איר מאַכט אַ שפּאַס!״ — אַזוי האָט צו מיר געזאָגט מר. זאַלצמאַן. ווי קען עס מעגלעך זיין?! און אויב עס איז אמת, טאָ וואָס־זשע מאַכן מיר שטענדיק אַזאַ טומל, אַז בלויז אַ קליינע צאָל אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג? אַזוי האָט זיך געוואונדערט דער תמימות׳דיקער מר. זאַלצמאַן. און איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז כדי צו באַשטעטיקן מיינע רייד, וועל איך אים צושיקן אַ באַריכט טאַקע פון דער זעלבער אויספאָרשונג, פון וועלכער ער איז אַ מיטגליד. און דערביי האָב איך טאַקע אויך צוגעגעבן מר. זאַלצמאַנען, אַז טראָץ דעם, וואָס די גרעסטע מערהייט אידישע קינדער האָבן געקראָגן און קריגן אַ אידישע דערציאונג אין אַמעריקע, איז עס אַלעמאָל וויכטיק צו שלאָגן טרעוואָגע, צו אַלאַרמירן די עפנטלעכקייט! ווייל וואָס מיר האָבן אַלעמאָל געדאַרפט אונטערשטרייכן און דאַרפן עס שטענדיק נאָך מער אַרויסברענגען, איז דעם קאַרדינאַלן פאַקט, אַז מיר דאַרפן האָבן און מיר פאַרלאַנגען אַ בעסערע, אַ טיפערע, אַ גרינטלעכערע אידישע דער־ציאונג פאַר די אידישע קינדער אין אַמעריקע!

איך האָב אָט די אַלע קלענערע אינצידענטן דערציילט אַלס אַ מין אַריינפיר צו דער געשיכטע פון דער גרויסער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, וואָס איז אין משך פון איבער דריי יאָר צייט אָנגעפירט געוואָרן אין ניו־יאָרק. און כאָטש דער אָפיציעלער נאָמען איז געווען „דריי־יאָריקע אויספאָרשונג״, האָט דער שטודיום זיך געצויגן פון 1951 און האָט זיך נאָך ניט געהאַט באמת פאַרענדיקט אין 1956. עס איז געווען אַ שטודיום וואָס האָט אַרויסגעבראַכט צום ערשטן מאָל גאַנץ וויכטיקע פאַקטן וועגן אַלע פאַזן פון אידישן דערציאונג־וועזן אין דעם גרעסטן אידישן צענטער אין דער גרעסטער אידישער געמיינדע.

אַלס איינער פון די מיטגלידער פון דער „אַדוואַיזאָרי באָאַרד אָוו קאָמיו־נאַל לידערס טו די דזשואיש עדיוקעישאָן סורוועי אָוו ניו־יאָרק סיטי״, האָב איך, אין מיין שטודירן דאָס אידישע לעבן פון אַמעריקע, געהאַט דעם ערשטן מאָל אַ געלעגנהייט זיך נעענטער צו באַקענען מיט כלערליי עכט

אַמעריקאַנער אידן. איך האָב געהאַט צום ערשטן מאָל אַ געלעגנהייט צו זעען, ווי אַזוי אידישע ריכטער און אַנדערע הויכע באַאַמטע, אידן מיט מיליטערישע טיטולן, אידן, וואָס מען פלעגט אַמאָל רופן „יאַהודים", ווייזן אַרויס אַן ערנסטע באַציאונג און אַ טיפן אינטערעס צום ענין אידישקייט בכלל און אידישער דערציאונג בפרט. ווי שוין פריער אָנגעוויזן, איז דר. עזריאל ס. (שלמה) טשיפקין, געווען דער דירעקטאָר, דער הויפט־אָנפירער פון דער אויספאָרשונג, וואָס איז אונטערגענומען געוואָרן פון אידישן דער־ציאונגס קאָמיטעט פון ניו־יאָרק מיט דער פינאַנציעלער שטיצע פון דער פעדעראַציע פון אידישע פילאַנטראָפּיעס.

צוויי מיטגלידער פון דעם העכסטן געריכט, פון דעם סופרים קאָורט פון ניו־יאָרק סטייט, זיינען די גאַנצע צייט געווען שטאַרק אַקטיוו אין דער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג. זיי זיינען געווען דער ריכטער מאַקסימיליאַן מאָס, וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם קאָמיטעט פון געזעלשאַפטלעכע טוער. דשאָסטיס מאָס איז געווען אַזוי אַרום דער הויפט פון דער קאָמיטע, צו וועלכער איך האָב די גאַנצע צייט באַלאַנגט. דער צווייטער ריכטער איז געווען האָנאָראַבל הענרי קלעי גרינבערג, וועלכער איז געווען דער פאָרזיצער פון דער קאָמיטע פאַר אויספאָרשונג, עקספּע־רימענטירונג און אינפאָרמאַציע. נאָך אַ הויכער רעגירונגס באַאַמטער, מיט וועלכן איך האָב געהאַט דעם כבוד מיטצואַרבעטן איז געווען דר. דזשעיקאָב גרינבערג, אַן אָנגעזעענער דערציער אין דער אַמעריקאַנער וועלט, וועלכער האָט יאָרנלאַנג פאַרנומען דעם הויכן אַמט אַלס דעפּיוטי סופּעראינטענדענט פון די רעגירונגס־שולן פון גאַנץ ניו־יאָרק. קוירנעל אַרטור לעוויט, וועלכער איז געווען דער קאַסירער פון דער רעגירונג פון ניו־יאָרק שטאַט, איז געווען אויך אַ מיטגליד פון דעם געזעלשאַפטלעכן קאָמיטעט און איז געקומען גאָר אָפט צו די זיצונגען. און אַזוי אויך אַ גאַנצע ריי טוער פון דער פעדעראַציע, ווי דר. י. עדווין גאָלדוואַסער, ריכטער דניאל גוטמאַן, שמואל ס. שניאורסאָן (שפּעטער, פּרעזידענט פון איד. דערציאונגס קאָמיטעט), און אַ ריי אַנדערע.

פון דער אידישער פרעסע זיינען אין דער אויספאָרשונג געווען פאַר־טראָטן סאָלאָמאָן דינגאָל און ד. ל. מעקלער, ביידע הויפּט־רעדאַקטאָרן פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל" און אויך דר. ש. מאַרגאָשעס פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל". הלל ראָגאָף, רעדאַקטאָר פון „פאָרווערטס" און אַלעקסאַנדער קאַהן, „פאָרווערטס"־פאַרוואַלטער. באָריס סמאָליאַר, רעדאַקטאָר פון דער אידישער טעלעגראַפן אַגענטור איז אויך געווען אַ מיטגליד. אויך לואיס סיגאַל, גענעראַל־סעקרעטאַר פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד.

אָבער גאָר אינטערעסאַנט איז מיר געווען צו זעען, ווי אַזוי אַט־אָ־יענער סאָרט אידן, וואָס מיר זיינען „געוויינלעך" געווען געוואוינט צו קענען אַלס אידן אָפּגעפרעמדטע, אידן, וואָס ווילן פון אידישקייט גאָר קיין סך ניט וויסן, האָבן זיך גאָר, גאָר שטאַרק אינטערעסירט מיט אַלע פּאַזן פון אידישן דערציאונגס וועגן. איך האָב זיי אָפט אָבזערווירט. קיין אידיש האָבן זיי שוין ניט גערעדט און פאַרשטאַנען אידיש האָבן זיי גאָר ווינציק. קיין העברעאיש האָבן די מערסטע פון זיי אויך ניט געקענט. און די העכסטע פּאָזיציעס אין זייערע פאַרשידענע קאַריערעס האָבן זיי זיכער דערגרייכט. אייניקע פון זיי זיינען שוין געווען פון צווייטן און דריטן דור אַמעריקאַנער געבוירענע אידן. דאָך אָבער, האָב איך זיי צענדליקער מאָל געטראָפן ביי די זיצונגען און זיי זיינען מיט אַ מין האַרטנעקיקער איינגעשפּאַרטקייט געזעסן ביי די מיטינגען און זיך געגריבלט און אַריינגעקוקט און שטודירט און געשטעלט פראַגן און געשטעלט פּאָדערונגען און געמאָנט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די גאַנצע אונטערנעמונג, דער גאַנצער שטודיום, איז געווען אַן אָנזאָג אויף דעם אָנהויב פון גאָר, גאָר אַנדערע צייטן פאַר דעם גייסטיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע. און קוקנדיק אויף זיי, האָט זיך מיר ווי אויטאָמאַטיש דערמאָנט די רעדע, וואָס דער לאַנג־יאָריקער אידישער סענאַטאָר און גאָווערנאָר פון ניו־יאָרק, הערבערט ה. לעהמאַן, איינער פון די וויכטיקסטע אידישע שטאַטסלייט אין דער געשיכטע פון אַמעריקע, האָט געהאַלטן. גאָווערנאָר לעהמאַן האָט מיט טרערן אין די אויגן ביי אַ גרויסער אידישער פייערונג געהאַט דערקלערט, אַז ווען ער וואָלט ווידער געקענט אָנהויבן צו לעבן פון אָנהויב־אָן, וואָלט ער זיך זיכער אָפּגעבן מיטן לערנען תורה, כדי צו זיין גוט באַקאַנט מיט די אַלטע אידישע קוואַלן.

דער ערשטער צוזאַמענטרעף פון דער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג איז פאָרגעקומען אין אַ נאָכמיטאָג, אין דעם האַרמאָני קלאָב, וואו עס פלעגן זיך פאַרזאַמלען אידיש־אַמעריקאַנער פירער צו פאַרשידענע וויכטיקע צוזאַמענקונפטן. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן אָט־אָ יענעם אָנהויב, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל זיך באַגעגענט מיט די מערסטע פון די דאָזיקע מענטשן, אַמעריקאַנער אידן, וועלכע זיינען געווען ווי דער אויסגעשריי פון דעם נייעם דראַנג פון דער אידישער אַמעריקע. און זינט יענעם נאָכמיטאָג איז עס אַוועק אַן ענין פון אַרבעט און אינטענסיווער טעטיקייט. אָבער איידער איך גיי ווייטער, וויל איך דאָ אָנווייזן אויף דער באַציאונג, וואָס אָט די אַלע אָנגעזעענע אידן, אַמעריקאַניזירטע, אַמעריקאַנער געבוירענע אידן, האָבן

געהאַט צו דער אידישער פּרעסע אויף אידיש. כאָטש די מערסטע פון זיי האָבן קיין אידישע צייטונג ניט געליינט, האָבן זיי אָבער געהאַט צו איר דעם טיפסטן רעספּעקט און אַ מין אינסטינקטיווע פאַרערונג. עס איז זיי ממש געגאַנגען אין לעבן צו האָבן די שטיצע פון די אידישע צייטונגען. און עס איז געווען אין נאָוועמבער, 1952, ווען דער סופרים קאָורט ריכטער העגרי קלעי גרינבערג האָט אַרויסגעשיקט אַ פּערזענלעכע בריוו צו אַ גאַנצער ריי פאַרשטייער פון דער אידישער פּרעסע, אַז זיי זאָלן זיין זיינע פּערזענלעכע געסט אויף אַ לאָנטשאָן, וואָס ער האָט פאַר זיי אַראַנזשירט אין דעם לאָיערס קלוב אויף 115 בראָדוויי. און עס איז געווען דינסטיק, דעם 24טן נאָוועמבער, ווען דער דאָזיקער מאָלצייט איז פאָרגעקומען. אָנוועזנד, צווישן אַנדערע, זיינען געווען די פאָלגנדע: פון „פאָרווערטס": הלל ראָגאָף, רע־דאַקטאָר; פון „טאָג": מר. מאָריס וויינבערג, אַרויסגעבער; מר. אַרטור דזשעיקאָבס, פאַרוואַלטער און ס. דינגאָל, רעדאַקטאָר. פון „מאָרגן זשורנאַל" (דער „מאָרגן זשורנאַל" האָט נאָך דאַן עקזיסטירט): ד. ל. מעקלער, רעדאַק־טאָר און אַרטור מאַלקענסאָן, פאַרוואַלטער.

די פירער פון דער אויספאָרשונג האָבן געוואָלט די עדיטאָריעלע שטיצע פון דער אידישער פרעסע. זיי האָבן אָבער באַדאַרפט אויך די אידישע צייטונגען צוליב גאָר אַן אַנדער סיבה, ווייל מען איז געווען פאַראינטערעסירט צו קריגן די קאָאָפּעראַציע פון אַלע סאָרטן שולן, ישיבות, תלמוד־תורה׳ס און אַ. וו., און די אידישע פּרעסע האָט פיל געקענט מיטהעלפן אין אַפּעלירן גאָר באַזונדערס צו די אָרטאָדאָקסישע און נייַ־אויפגעקומענע חסידישע לער־אינסטיטוציעס, אַז זיי זאָלן געבן די נויטיקע אינפאָרמאַציע וואָס מען האָט פון זיי פאַרלאַנגט. אויסער דעם, האָבן די פירער פון דער אויספאָרשונג גע־האַלטן, אַז די אידישע פּרעסע איז ווי אַ נאַטירלעכער שותף אין דעם קאַמף צו פאַרבעסערן דעם אידישן חינוך, ווייל וואָס מער אידישקייט אין אַמעריקע, אַלץ מער אינטערעס צו אַלץ וואָס איז אידיש, צו אַלץ, וואָס איז פאַרבונדן מיט דעם אידישן לעבן.

אָבער עס איז נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען אַרויסצוקריגן די פאַרשידענע אינפאָרמאַטיווע פאַקטן פון די פאַרשידענע אידישע שולן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. אייניקע שולן (אמת, אַ גאָר, גאָר קליינער פראָצענט) האָבן זיך איינגאַנצן אָנטזאָגט צו געבן וועלכע עס איז אינפאָרמאַציע. דאָס זיינען געווען אַ צאָל עקסטרעם אָרטאָדאָקסישע שולן. זייער פראָצענט איז אָבער געווען אַזוי קליין, אַז עס לוינט זיך אפילו ניט אָפּצושטעלן אויף דעם דאָזיקן מאָמענט אין דער אויספאָרשונג. וויכטיק איז אָבער יאָ אָנצואווייזן, אַז די

גאַנצע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, סיי אין ניו־יאָרק, סיי איבערן לאַנד איז באַזירט אויף אַ פרייוויליקער באַציאונג צווישן דער אויספאָרשונג קערפערשאַפט און די פאַרשידענע מינים שולן. קיין „מוז״ איז אין דער גאַנצער פּראָצעדורע נישט פאַראַנען. עס איז אַ פראַגע פון קאָאָפּעראַציע. און דאָך מוז מען אָנווייזן, אַז דער רעזולטאַט איז געווען כמעט אַ הונדערט פּראָצענטיקער. דער אינטערעס מצד די שולן איז אָבער אויך אין אַ געוויסן זינען געווען אויסער אַ גייסטיק־קולטורעלער, אויך אַ מאַ־טעריאַליסטישער, אַ מאַטעריעלער.

יעדער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, סיי אויף אַ לאָקאַלן, סיי אויף אַ נאַציאָנאַלן פאַרנעם, האָט אַרויסגעבראַכט וויכטיקע פאַקטן, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף די פאַרשידענע נויטווענדיקייטן, אויף די פאַר־שידענע קריטישע מאָמענטן, אין דעם פעלד פון אידישן חינוך. נאָך יעדער אויספאָרשונג זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן נייע פאָדערונגען, עס זיינען געמאַכט געוואָרן נייע סך־הכל׳ן און די אויפמערקזאַמקייט פון דער ברייטער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט איז געצויגן געוואָרן צו די גרויסע נויטן פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. און טראָץ אַלע שוועריקייטן, טראָץ אַלע קלאָגענישן, טראָץ אַלע לאַמענטאַציעס, האָט מען יעדעס מאָל אָנגעהויבן „צו געבן״ מער און מער אויף אידישער דערציאונג. די פינאַנציעלע פאָנדן זיינען פאַרגרעסערט געוואָרן און די געזעלשאַפטלעכע פאַראַנטוואָרט־לעכקייט פאַרן אידישן חינוך איז פאַרשטאַרקט געוואָרן.

אָבער איידער מיר גייען ווייטער אָן מיט דער געשיכטע פון דער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג פון אידישן חינוך אין ניו־יאָרק און אומגעגנט, ווילן מיר דאָ פאַרגיסן אַ טרער אויף דעם פריציייטיקן טויט פון דר. עזריאל ס. טשיפקין, וועלכער איז געווען דער אָנפירער און הויפּט־אויספירער פון דער גאַנצער אויספאָרשונג. מיר ווייסן אַלע, אַז אין יעדער געזעלשאַפטלעכער אונטערנעמונג, אין וועלכער עס באַטייליקן זיך הונדערטער און אפילו טויזנטער מענטשן, איז אַלעמאָל דאָ איין מענטש, וואָס טראָגט אויף זיינע אייגענע פּלייצעס כמעט דעם גאַנצן עול. דער דאָזיקער מענטש איז די דינאַמאָ, די הויפּט שטויס־קראַפט, וואָס דאַרף דערפירן דעם באַשטימטן פּראָיעקט צו דעם געוואונטשענעם סוף. און אַזוי איז עס אויך געווען ביי דער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, וועלכע איז דורכגעפירט געוואָרן און האָט דערגרייכט איר הויכפּונקט הויפּטזעכלעך אַ דאַנק דער באַמיאונג און אינספּיראַציע פון דר. עזריאל טשיפקין, וועלכער איז איבער פיר צענדליק יאָר געשטאַנען ביי דעם רודער פון אידישן דערציאונגס־וועזן אין אַמעריקע.

דר. טשיפּקין איז געבראַכט געוואָרן פון ווילנע קיין אַמעריקע אַלס קינד פון צוויי יאָר און אַלס יונגערמאַן האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין דער ערשטער קאַדרע פון אַמעריקאַנער דערצויגענע אידישע לערער און עקזעקוטיווע טוער אויפן געביט פון אידישן חינוך.

דר. טשיפּקין איז געווען איינער פון די סאַמע נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון דר. שמשון בענדערלי, וועלכער האָט אין יאָר 1910 געגרינדעט די ערשטע ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק אַלס טייל פון דער דאַמאָלסטדיקער ערשט־אָרגאַניזירטער אידישער קהילה. טשיפּקינ׳ען האָט דר. בענדערלי איבערגעגעבן איינע פון די וויכטיקסטע פּראָיעקטן, און דאָס איז אָנצופירן מיט די ערשטע עקספּעריטמענטאַלע קורסן פאַר אידישע לערער אין אַמעריקע. טשיפּקין איז געווען איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער ערשטער ליגע פאַר אידישער יוגנט אין אַמעריקע און איז געווען איר דערציאונגס־דירעקטאָר פון 1916 ביז 1920. טשיפּקין, שטענדיק טיף פאַר־אינטערעסירט אין דער אידישער יוגנט פון אַמעריקע, האָט אין 1920 אויך אָרגאַניזירט די ישראל פרידלענדער קאָנפערענץ פון אידישע יוגנט־אָרגאַ־ניזאַציעס. אין 1921 איז דר. טשיפּקין באַשטימט געוואָרן אַלס דער רעגיסטראַר פון די פרידלענדער קורסן ביים אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. טשיפּקין האָט געגרינדעט די דאָזיקע קורסן, וועלכע זיינען שפּעטער באַוואוסט געוואָרן אַלס די „סעמינאַרי סקול פאַר דזשואיש סטאָדיס״. די מאָטאָ, דער לאָזונג פון די דאָזיקע קורסן מיט וועלכע טשיפּקין איז געווען פאַרבונדן פון 1920 ביז 1945, איז געווען „תורה לשמה״, לערנען לשם לערנען. טשיפּקין איז אויך געווען איינער פון די גרינדער פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג, פון וועלכער ער איז געווען עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון 1945 ביז 1949. ער איז אויך געווען דער פּרעזיצער פון דער דערציאונגס קאָמיסיע ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע פון 1935 ביז 1940. ער איז אויך געווען דירעקטאָר פון פּרויען אינסטיטוט ביים אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר פון 1934 ביז 1944. ער איז געווען אַ גרינדער פון דער „עבריה״ און פון דער „בית הילד פאַונדעישאָן סקול״. אויך איינער פון די גרינדער פון דער העברעאישער קולטור־פונדאַציע ביי דער ניו־יאָרק יוניווערסיטי. ער האָט פיל געהאָלפן ביי דער גרינדונג פון דער העברעאישער קאַטעדרע. דר. טשיפּקין האָט פאַרעפנטלעכט אַ ריי אַרבעטן, אַלץ אין שייכות מיט אידישער דערציאונג. ער איז אויך געווען דער רעדאַקטאָר פון זשורנאַל „דזשואיש עדיוקעישאָן״. פון 1949 ביזן סוף פון זיין לעבן איז טשיפּקין געווען הויפּט פון פאָרש־דעפּאַרטמענט ביים אידישן דערציאונגס קאָמיטעט.



דר. עזריאל ס. טשיפקין
פיאָנער פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע
(1955 — 1891)

דר. עזריאל שלמה טשיפקין איז געווען אינגאַנצן אַ פּראָדוקט פון דער אידיש־אַמעריקאַנער אַטמאָספערע. זיין דערציאונג האָט ער געקראָגן ביי מלמדים, פּריוואַטע לערער, אין ישיבת עץ חיים און אין אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. ער האָט אויך געלערנט אין ניו־יאָרק סיטי קאָלעדזש און גראַ־דואירט אַלס לערער פון טיטשערס קאָלעדזש פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. טשיפקין האָט אויך שטודירט אין העברעאישן אוניווערזיטעט פון ירושלים.

אָט דאָס איז אין קורצן די ליכטיקע ביאָגראַפיע פון דר. עזריאל ס. טשיפקין, ע״ה. ער איז געווען אַ מענטש פון גרויס ווירדע און אויפ־ריכטיקייט. מען האָט אים געמוזט רעספּעקטירן און פאַרערן. און אַזוי פון זיין פריסטער יוגנט אָן ביזן סוף פון זיינע טעג איז ער געווען פאַרטאָן אין פאַרבעסערן דאָס אידישע דערציאונגס וועזן אין אַמעריקע.

אויף איינעם פון זיינע באַזוכן אין דעם אידישן היימלאַנד איז דר. עזריאל ס. טשיפקין אָבער קראַנק געוואָרן, און צוריקקערנדיק זיך קיין אַמעריקע, איז ער אָפּגעפירט געוואָרן אין דעם מאָנטיפיאָרע שפּיטאָל, אין די בראָנקס, וואו ער איז אין דער עלטער פון 64 יאָר, געשטאָרבן דינסטיק, דעם 25טן אָקטאָבער, אין יאָר 1955. דר. טשיפקין, ע״ה, איז געווען מיינער אַ גאָר, גאָר נאָענטער פריינט. ער איז געווען איינער פון יענע מענטשן, וואָס אַז איר האָט זיי דערקענט גאָר נאָענט, האָבן זיי געלאָזט אויף אייך אַן איינדרוק אויפן גאַנצן לעבן. אין די יאָרן זינט 1946, ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן צו פאַר־אינטערעסירן אין אידישן דערציאונגס־וועזן אין ניו־יאָרק און אין די יאָרן, וואָס איך האָב געשריבן מיין בוך „אידישקייט אין אַמעריקע״, האָב איך זיך באַקאַנט גאָר נאָענט מיט די וויכטיקסטע אַמעריקאַנער אידישע קולטור־פירער און דערציער. דריי גרויסע פריינט מיינע, פון די וויכטיקסטע אידן אין אַמעריקע, האָב איך פאַרלוירן אין דעם גאַנג פון די דאָזיקע יאָרן. דריי גרויסע און געטרייע פריינט, מיט וועלכע איך האָב פיל גערעדט וועגן מיין שווערער אַרבעט, וואָס איך האָב זיך אונטערגענומען צו טאָן. די דאָזיקע פריינט מיינע האָבן מיר אָפט געהאָלפן מיט זייערע וויכטיקע אָנווייזונגען און עצות. די דריי זיינען: שמואל ניגער, דער גרויסער אידישער קריטיקער און היסטאָריקער פון דער אידישער ליטעראַטור, וועלכער איז געווען אַקטיוו אין אידישער דערציאונג פון אַמעריקע איבער דריי צענדליק יאָר. פּנחס גינגאָלד, אידישער דערציער און אָנפירער פון די אידישע פאָלקס־שולן אין אַמעריקע און קאַנאַדע און איינער פון די קאָלירפולסטע פערזענלעכקייטן אין דער פועלי ציון באַוועגונג; און דר. עזריאל טשיפקין, איינער פון די וויכטיקסטע פּיאָנערן פון אַמעריקאַנער אידישער דערציאונג.

אין מיין גאַנג איבער די פאַרשידענע פאַזן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, בין איך געבליבן ווי פאַר׳יתומ׳ט דורך דעם פאַרלוסט פון די דריי גרויסע אידישע קולטור פירער. זייער אַוועקגיין איז געווען אַ גרויסער קלאַפּ פאַרן אידישן לעבן אין אַמעריקע אין אַלגעמיין. פאַר מיר אָבער איז דער דאָזיקער פאַרלוסט געווען ממש אַ פערזענלעכער, אַ גאָר נאָענטער. איך האָב פאַרלוירן דריי לערער, דריי גרויסע לערער, אין סאַמע מיטן פון מיין שווערן וועג...

אָבער דאָס לעבן גייט אָן, ווייל טויט און לעבן זיינען געקניפּט און געבונדן. ווען מען פאַרענדיקט דאָס לייענען פון חמשה חומשי תורה זאָגט מען „חזק, חזק ונתחזק" און מען גייט ווייטער, מען הויבט ווידער אָן פון סאַמע בראשית און אַזוי ציט זיך די גאָלדענע קייט פון אידישן וויסן, פון אידישן לערנען! און אַזוי גייט אויך דאָס לעבן אין אַלגעמיין. און אַזוי איז אויך אַוועק די אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, וואָס האָט געדויערט עטלעכע יאָר און וועלכע דר. עזריאל טשיפּקין האָט אָנגעהויבן און נישט פאַרענדיקט. דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט האָט, נאַטירלעך, די גרויסע אונטערנעמונג פאַרענדיקט אויף אַ געהעריקן אופן און דער שטודיום פון דעם צושטאַנד פון אידישן חנוך אין ניו־יאָרק אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט וועט דינען ווי אַ מאָנומענט אין אָנדענק פון דר. עזריאל שלמה טשיפּקין און די צוקונפטיקע היסטאָריקער פון אידיש לעבן אין אַמעריקע וועלן זיכער דאַנקען דר. טשיפּקינ׳ען פאַר זיין גענויער און טיפער אויספאָרשונג.

איינע פון די גאָר־וויכטיקסטע אויפטוען פון דער דריי־יאָריקער אויס־פאָרשונג פון אידישער דערציאונג, אונטער דר. טשיפּקין, איז דער פאַקט, וואָס דער דאָזיקער שטודיום האָט זיך, צווישן אַנדערן, געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו קאָרעגירן דעם געפערלעכן טעות, וואָס איז געמאַכט געוואָרן צוערשט נאָך אין יאָר 1910 און איז איינגעקריצט געוואָרן „כמעט ווי אויף אייביק" אין זכרון פון אַלע די, וואָס האָבן גערעדט און געשריבן וועגן אידישער דערציאונג אין אַמעריקע בפרט און וועגן דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע בכלל. און דאָס איז דער „וואויל באַקאַנטער טעות" וועגן דעם, אַז בלויז 24 אָדער 25 אָדער 30 פּראָצענט אַמעריקאַנער אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג און מער נישט... דאָס איז אַ טעות, וואָס האָט ווי געשאַפן אַן אייביקן בלבול אויף דעם חשבון פון דעם גייסטיקן אידישן לעבן אין אַמעריקע. עס איז אַ טעות, וואָס האָט ווי באַפעסטיקט די איינרע־דעניש, אַז די אידן אין אַמעריקע האָבן בלויז אינזינען מאַטעריעלע ווערטן, געלט, געלט און ווידער געלט... עס איז אויסגעקומען ווי אידן זעלבסט,

די אידישע פירער, האָבן ווי אויסגערעדט דאָס ערגסטע אין דער וועלט אויף זיך אַליין...

מיר ברענגען דאָ, אַלס אילוסטראַציע צו דער דאָזיקער געפערלעך־פאַלשער איינשטעלונג איינע פון אַ צאָל דיאַגראַמען, וואָס דר. שמשון בענדערלי, דירעקטאָר פון דער ערשטער ביוראָ פון אידישער דערציאונג האָט אין יאָר 1917־1918 געלאָזט אָפּדרוקן אין דעם פנקס הקהילה (קאָמיונאַל רעדזשיסטער). די דיאַגראַמע איז „אין שוואַרץ און ווייס", און דער אמת איז, אַז די דאָזיקע סאָרט דיאַגראַמען האָבן טאַקע אַריינגעבראַכט פיל שוואַרצעס אין דעם אידישן לעבן פון אַמעריקע.

און אויב דר. בענדערלי האָט נישט געפונען פאַר נויטיק אויפצוקלערן

**PROPORTION OF CHILDREN RECEIVING JEWISH INSTRUCTION**




דיאַגראַמע וועגן אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, וואָס האָט אין משך פון צענדליקער יאָרן געגעבן אַ ניט־ריכטיק בילד וועגן דעם מצב פון אידישן חינוך דאָ אין לאַנד.

גענוי וועגן וואָס עס האַנדלט זיך און אָנווייזן, אַז אַרום 24 פּראָצענט אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג בלויז אין דעם און דעם יאָר, אָבער אַז אין משך פון זייערע קינדער־יאָרן קריגן איבער 70 פּראָצענט קינדער (צו יענער צייט) אַ אידישע דערציאונג, האָט ער אָבער נישט באַדאַרפט

349

# THE PRESENT STATUS OF JEWISH RELIGIOUS EDUCATION IN NEW YORK CITY

*By* S. Benderly

*Director, Bureau of Jewish Education*

## Provision for Jewish Education Insufficient

The list of schools, the statistical tables and the graphs in this department of the Register, tell a simple and serious tale. There are in New York City approximately 275,000 Jewish children attending the eight grades of the public school system. Of this large number of children, only 65,000 receive some form of religious and moral instruction at any one time; that is to say, provision is made for only 23.5% of the total, or approximately one child out of four.[1]

What does this fact signify? It means that an enormous number of Jewish boys and girls in this city grow up without any Jewish education.

די ערשטע זייט פון אַ לענגערער אָפּהאַנדלונג אין פּנקס הקהילה, וואו עס ווערט דערקלערט, אַז די גרעסטע מערהייט אידישע קינדער אין ניו־יאָרק קריגן ניט קיין שום אידישע דערציאונג.

טאָן דאָס פאַרקערטע. וואָס האָט דר. בענדערלי יאָ געטאָן? ער האָט דערקלערט נישט מער און נישט ווייניקער, אַז די גאָר גרעסטע מערהייט אידישע קינדער אין ניו־יאָרק וואַקסן אויף אָן קיין שום אידישער דערציאונג. (זע פאָטאָסטאַט פון זייט 349 פון פּנקס הקהילה, וואָס מיר ברענגען דאָ).

דערפאַר זאָגן מיר ווידער, אַז עס קומט דער פולסטער קרעדיט דער נייער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק, פאַר

אַנווייזן איינמאָל, און נאָכאַמאָל, און ווידעראַמאָל אויף דעם פאַקט, אַז ווען מען רעדט וועגן דעם פּראָצענט אידישע קינדער, וואָס קריגן אַ אידישע דערציאונג, מיינט מען בלויז אין איין געגעבענעם יאָר. אין די פאַרשידענע העפטן און אָפּ־דרוקן פון דער נייער אויספאָרשונג ווערט עטלעכע מאָל, אויף פאַרשידענע אופנים, אויפגעקלערט דער דאָזיקער פּונקט. עס איז אַ וויכטיקער פּונקט. אַ פּונקט, וואָס איז אַ חילוק ווי פון טאָג צו נאַכט. (ביי די זיצונגען פון דער אויספאָרשונג איז מיר גאַנץ אָפט אויסגעקומען צו קעמפן, אַז דער דאָזיקער פּונקט זאָל אַרויסגעבראַכט ווערן אין דער עפנטלעכקייט וואָס מער).

מיר ברענגען דאָ אַ פאָטאָסטאַט פון אַ זייטל פון דער אויספאָרשונג, וואָס קלערט אויף דעם ענין פון פּראָצענטן און ווייזט אָן, אַז 80 ביז 85 פּראָצענט אידישע קינדער קריגן אַ אידישע דערציאונג.

It is estimated that about 80% to 85% of the Jewish child population (ages 5 through 14) do attend a Jewish school some time during their school years, except that they stay there for too short a period of time. Survey statistics support the fact that a majority of Jewish pupils, especially those in the Weekday schools, stay for a period of two or three years. Exact figures are not available concerning the proportion of turnover in the schools.

NOTE: The following theoretical figures may help us to understand this estimate.

If, in a particular year, the Jewish child population (ages 5 through 14) is 300,000 and only about 30% of these children are in a Jewish school that year, then there are 70% more children to account for. If the Jewish schools kept this 30% for a period of three years, then during the period of 10 years (that is, the school-age span of these children), three shifts of pupils would have gone through these same schools; i.e., about 90% of the original 300,000 children would have been reached.

דר. שמשון בענדערלי, ע״ה, האָט זיין טעות זיכער נישט געמאַכט מיט אַ כיוון, במזיד, הייסט עס. עס איז געוועזן שוין אַ טענדענץ אַזאַ, אַ טראַ־דיציע, ווילט זיך זאָגן, אַרונטערצורייסן דאָס גייסטיקע אידישע לעבן אין אַמעריקע. און עס האָט זיך, כמעט ווי אויף אַ נאַטירלעכן אופן, אַריינ־געפּאַסט אָט די פעלשונג, אַז איבער זיבעציק פּראָצענט אידישע קינדער קריגן אינגאַנצן נישט קיין אידישע דערציאונג.

דר. בענדערלי איז אַריין אין דער אידישער געשיכטע פון אַמעריקע אַלס איינער פון די וויכטיקסטע פּיאָנערן פון אידישן דערציאונגס־וועזן

דאָ אין לאַנד. און קיינער וויל, חלילה, נישט פאַרמינערן זיינע גרויסע אויפטוען. דאָך אָבער מוז מען אונטערשטרייכן, אַז סיי ער, סיי דר. דושקין, מיט זיין שפּעטערדיקער אויספאָרשונג, סיי אויך די ערשטע גרויסע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין יאָר 1936, זיי אַלע, אַלע, האָבן געהאָלפן צו פאַרוואָרצלען דעם געפערלעכן טעות וועגן דעם, וויפל קינדער עס קריגן אַ אידישע דערציאונג אין אַמעריקע. עס ווייזט זיך אָבער אַרויס, אַז אין משך פון דער גאַנצער ערשטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט, אין די ערגסטע צייטן, האָבן קרוב צו זיבעציק פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע געקראָגן אַ אידישע דערציאונג. און אין צווייטן העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, קריגן שוין פון 85 ביז 90 פּראָצענט אידישע קינדער אַ אידישע דערציאונג. וואָס דר. בענדערלי און דר. דושקין און אויך אַלע אַנדערע פירנדע טוער האָבן באַדאַרפט אָנווייזן פון סאַמע ערשטן טאָג אָן, איז אַז דאָס אידישע דערציאונג־וועזן אין אַמעריקע דאַרף פאַר־טיפט ווערן, פאַרבעסערט ווערן. אידישע קינדער דאַרפן לערנען מער יאָרן אין דער אידישער שול! אָט דאָס האָט באַדאַרפט זיין די פאָדערונג אין 1910, אין 1918 און זיכער אין 1936. אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, האָט זיך דער הימל אָנגעהויבן אויסצולייטערן און דער געפערלעכער טעות האָט אָנגעהויבן פאַרריכט צו ווערן און די פּאַסנדע פאָדערונגען האָבן אָנגע־הויבן אַרויסגעשטעלט צו ווערן. און די וויכטיקסטע פאָדערונג איז און וועט נאָך אויף לאַנגע יאָרן זיין — אַ טיפערע, אַ בעסערע, אַ מער־ערנסטע אידישע דערציאונג פאַרן אידישן קינד אין אַמעריקע!

די אויספאָרשונג איז באַשטאַנען פון נישט מער און נישט ווייניקער ווי פון צוואַנציק פאַרשידענע שטודיעס, וועלכע האָבן געמאָלן, גענוי, מיט ציפערן און פאַקטן, דאָס פולע בילד פון אידישן דערציאונגס־וועזן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. איין שטודיע איז געווען וועגן דער צאָל קינדער אין די פאַרשידענע אידישע שולן און וועגן די ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער צאָל אידן אין די פאַרשידענע טיילן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט. אַן אַנדער שטודיע איז געווען וועגן די פאַרשידענע טיפּן אידישע שולן. נאָך אַן אַנדער שטודיע איז געווען וועגן די פּראָגראַמען און לערן־מעטאָדן אין די שולן. אַ באַזונדער שטודיע וועגן די לערער. אַן אַנדער שטודיע וועגן די פינאַנצן. אַ באַזונדערע שטודיע וועגן די שול־געביידעס. נאָך אַן אַנדער שטודיע וועגן די שול־פאַרוואַלטונגען און די „פּערענט־טיטשערס אַסאָסיאיישאָנס" און אַ. וו.

מר. לואיס ל. רופמאַן, געהילף דירעקטאָר פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, האָט דערפירט די 3 יאָריקע אויספאָרשונג צו איר פולסטן שלוס און פאַרשידענע אויספירונגען.

## דער יום־כפור־מעטאָד

ווי אַזוי האָט מען אויסגעפונען וויפל עס זיינען פאַראַן אידישע קינדער אין ניו־יאָרק און אומגעגנט?

ווי אַזוי געפינט מען אין אַלגעמיין אויס, וויפל עס זיינען פאַראַן אידישע קינדער אין אַמעריקע פון עלעמענטאַרן שול־עלטער, ווען מיר ווייסן, אַז, אין אַמעריקע ווערט נישט געפירט קיין שום רעגיסטראַציע לויט רעליגיע?

ווילן מיר אייך דאָ דערציילן, אויב איר ווייסט עס נאָך נישט פון פריער, אַז כדי אויסצוגעפינען, וויפל עס געפינען זיך אידישע קינדער פון עלעמענ־טאַרן שול־עלטער אין אַ געוויסער שטאָט, ווערט דורך די אידישע פאָרש־אינסטיטוציעס גענוצט דער אַזוי גערופענער יום כפור מעטאָד. ווערט איר דאָך זיכער פרעגן, וואָס דאָס מיינט אַזוינס? וועלן מיר עס אייך פּרובירן אויפקלערן. עס איז געווען אין יאָר 1892, ווען עס איז די אידישע געזעל־שאַפטלעכע טוער אין ענגלאַנד איינגעפאַלן דער געדאַנק, אַז מען זאָל אויסגעפינען וויפל אידישע קינדער עס געפינען זיך אין לאָנדאָן, דורך דעם, וואָס מען וועט אויסגעפינען וויפל קינדער עס האָבן געפעלט יום־כפור אין די פאַרשידענע סקולס. מען האָט דאַן פון דער צאָל תלמידים אַרונטערגערעכנט די דורכשניטלעכע צאָל קינדער, וואָס האָט געפעלט אין אַ געוויינלעכן טאָג און אַזוי אַרום האָט מען אויסגעפונען, וויפל אידישע קינדער עס זיינען געווען אין יענעם יאָר אין לאָנדאָן. אָט דאָס איז דער „יום־כפור מעטאָד". דער דאָזיקער מעטאָד איז באַנוצט געוואָרן אין אַלע אויספאָרשונגען פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. נאַטירלעך, אַז די באָאַרד אָוו עדיוקעישאָן פון די פאַרשידענע שטעט אין אַמעריקע האָט קאָאָפּערירט מיט די אידישע אויספאָרשונגס קאָמיטעס. פון צייט צו צייט איז שוין אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דער דאָזיקער מעטאָד פעסטצושטעלן די צאָל אידישע קינדער איז נישט דער בעסטער און נישט דער סאַמע פאַרלעסלעכסטער, אָבער קיין בעסערע סיסטעם איז ביז איצט דערווייל נאָך נישט דערפונדן געוואָרן.

כדי אויסצוגעפינען די אַלגעמיינע צאָל אידישע קינדער אין עלעמענ־טאַרן שול־עלטער, דאָס הייסט פון פינף ביז פערצן יאָר, איז דורך אידישע סטאַטיסטיקער אויך גענוצט געוואָרן די ציפער פון פופצן פּראָצענט. עס

איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז די טייל אידישע באַפעלקערונג אין דער עלטער פון 5 ביז פערצן באַטרעפט אין דורכשניט פופצן פראָצענט. אַזוי, אַז ווען איר נעמט די אַלגעמיינע צאָל פון אידן אין אַמעריקע, לאָמיר זאָגן 5½ מיליאָן און כפל׳ט עס אויף 15 הונדערטלעך, וועט איר האָבן די ציפער פון אַרום 825 טויזנט. אָט דאָס איז די צאָל אידישע קינדער פון עלעמענטאַרן שול־עלטער, וואָס האָט זיך געפונען אין אַמעריקע אין יאָר 1956.

אין ניו־יאָרק און אומגעגנט, וואו עס האָבן געוואוינט אַרום 50 פראָצענט פון אַלע אידן אין אַמעריקע, האָבן זיך געפונען 415 טויזנט אידישע קינדער אין עלטער פון 5 ביז 14 יאָר.

## 28 פראָצענט אין די 5 באָראָס פון ניו־יאָרק און איבער 59 פראָצענט אין די פאָרשטעט.

ציפערן בייטן זיך און דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע אין שייכות צו אידישקייט בכלל, און צו אידישער דערציאונג בפרט, איז אין דער צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט געגאַנגען מיט אַזאַ טעמפּאָ, אַז מען האָט זיך ממש געמוזט יאָגן מיט דער שנעלקייט פון אַ מאַשין, כדי אָנצויאָגן די געשעענישן. דאָך אָבער, כדי צו געבן אַ בילד פון דעם, וואָס עס איז פאָרגעקומען און קומט פאָר, מוז מען ברענגען ציפערן, כדי צו קריגן אַ ריכטיקן באַגריף. די ציפערן וועלן זיך טאַקע ענדערן. אָבער דאָס פאַר־שריבענע, דאָס פאַרפיקסירטע, וועט בלייבן אַלס אַן עדות פון דעם פאָר־געקומענעם. באַזונדערס נאָך, ווען מיר ברענגען דאָ אַלס אילוסטראַציע און פאַרגלייך די ציפערן פון דער פאַרגאַנגענהייט און ווייזן בולט אַזוי אַרום אָן אויף דער געשעענער ענדערונג.

אַלזאָ: אין לערן־יאָר פון 1955 איז באַריכטעט געוואָרן דאָס פאָלגנדע אין ניו־יאָרק, אין אַלע אירע פינף טיילן: מאַנהעטן, בראָנקס, ברוקלין, סטעטן איילענד און קווינס, זיינען איבער 28 פראָצענט פון די אידישע קינדער געגאַנגען יענעם יאָר אין אידישע שולן. אין די פאָרשטעטלעך פון ניו־יאָרק, וואָס האָבן זיך געפונען אין וועסטשעסטער, נעסאו און סאָפאָלק קאַונטיס, זיינען אין זעלבן יאָר געגאַנגען קרוב צו 60 פראָצענט אידישע קינדער.

אין לערן־יאָר 1956־57 איז די צאָל אידישע קינדער אין די אידישע שולן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט געוועזן איבער 132,000 (הונדערט צוויי און דרייסיק טויזנט). די ציפער, גענוי, לויט ווי עס האָט זיי מיר געגעבן

דער אָפיציעלער סטאַטיסטיקער פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, מר. מאָריס האָראָוויץ, איז געווען 132,016. (מר. האָראָוויץ האָט אויך געמאַכט אַ שטודיע וועגן די פאַרשידענע מעטאָדן אויסצוגעפינען וויפל אידישע קינדער עס לערנען אין די פּאָבליק סקולס).

לויט די פאַרשידענע טיפּן שולן איז דאָס בילד געווען ווי פאָלגט:

54,959 אין די תלמוד תורה׳ס און קאָנגרעגאַציע־שולן, וואו מ׳האָט געלערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך.

21,603 אין די ישיבות קטנות.

46,407 אין די איין־מאָל־אַ־וואָך שולן (סאָנדעי סקולס). אין דער דאָזיקער צאָל זיינען אויך פאַררעכנט געוואָרן די 8000 קינדער פון דער „רעליגיעזער שעה" (רעליס טאַים אין די פּאָבליק סקולס. זע באַזונדער קאַפּיטל וועגן דער דאָזי־קער „שעה").

2,082 אין דער מיטל־שול, וואו מ׳האָט געלערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך.

4,343 אין די מתיבתא׳ס, די ישיבות פון העכערן מין.

2,622 אין די איין־מאָל־אַ־וואָך מיטל־שולן.

## נאָענט צו 700 אידישע שולן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט

די אויספאָרשונג האָט פעסטגעשטעלט, אַז אין יאָר 1956־57 האָבן זיך געפונען קרוב צו 700 (זיבן הונדערט) אידישע קינדער־שולן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. גענוי איז די צאָל שולן געווען 679. די שולן האָבן זיך איינגעטיילט ווי פאָלגט:

456 זיינען געווען תלמוד־תורה׳ס און קאָנגרעגאַציע־שולן, וואו מען לערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך.

89 זיינען געווען ישיבות קטנות.

105 זיינען געווען איינמאָל־אַ־וואָך שולן (סאָנדעי סקולס).

11 זיינען געווען מיטל־שולן, וואו מען לערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך.

18 זיינען געווען מתיבתא׳ס, העכערע ישיבות.

## אַלע אידישע שולן זיינען „רעליגיעזע שולן"

אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט, וואָס דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט, פונקט ווי די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידי־שער דערציאונג, האָבן אין אַלע זייערע אויספאָרשונגען און פּובליקאַציעס

באַצייכנט אַלע אידישע שולן אַלס שולן פון רעליגיעזער אידישער דער־ציאונג. צו דער דאָזיקער באַצייכענונג וועלן צושטימען, נאַטירלעך, אַלע רעליגיעזע אידישע ריכטונגען, סיי די אָרטאָדאָקסישע, סיי די קאָנסערוואַ־טיווע, סיי די רעפאָרם גרופּען. די אידישיסטישע גרופּען, באַזונדערס, לאָמיר זאָגן, די פון אַרבעטער רינג, זיינען נאָך נישט געווען גרייט גלייך צוצושטימען צו אַזאַ טערמין. דער אמת אָבער איז געווען, אַז אויך אַלע אידישיסטישע שולן האָבן זיך דערנעענטערט צו אַ רעליגיעזער אידישער דערציאונג און ביי די פּראָפעסיאָנעלע פאָרשער זיינען די דאָזיקע שולן פאַררעכנט געוואָרן אַלס שולן פון רעליגיעזן אונטערריכט. אין די אויס־פאָרשונגען ווערן די אידיש־שולן באַצייכנט אויך אַלס „לעיבאָר־ליבעראַל סקולס״.

די מערסטע אידישע שולן אין ניו־יאָרק, פּונקט ווי איבערן גאַנצן לאַנד, זיינען געווען צוגאָב־שולן. דאָס הייסט שולן, וואו די אידישע קינדער האָבן געלערנט נאָך דעם, ווי זיי האָבן געענדיקט זייער לערן־טאָג אין דער פּאָבליק סקול. לויט דער אויספאָרשונג איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז 91 פּראָצענט פון די אידישע קינדער פון עלעמענטאַרן שול־עלטער אין ניו־יאָרק גייען אין די פּאָבליק סקולס. אַרום דריי פּראָצענט גייען אין אַלגעמיינע פּריוואַטע שולן, אַרום זעקס פּראָצענט גייען אין די פּריוואַטע אידישע שולן, וואָס דאָס זיינען די ישיבות קטנות.

## ענדערונג אין די וואוינערטער פון דער באַפעלקערונג, „דער מאַרש״ צו די פאָרשטעט.

אויך אין ניו־יאָרק, פּונקט ווי אין די מערסטע גרעסערע אידישע צענטערן, איז זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה פאָרגעקומען אַ באַשטימטע ענדערונג אין די וואוינפלעצער פון דער אידישער באַפעלקערונג. די איגגערע פאַמיליעס און אויך אַ געוויסער טייל פון עלטערן דור, ציען זיך אַריבער אין די פאָרשטעט, אין די אַזוי גערופענע סאָבורבס. עס האָט זיך געמערקט, אַז פון די דריי הויפּט־באָראָס, אין די דריי טיילן ניו־יאָרק: מאַנהעטן, בראָנקס און ברוקלין, ציען זיך מאַסן אידן אַריבער אין פאַרשידענע טיילן לאָנג איילענד. און דורך דעם, וואָס דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט האָט פון צייט צו צייט געמאַכט אַן אויספאָרשונג וועגן דער אידישער קינדער־באַפעלקערונג, האָט מען זיך אויף אַן אומדירעקטן אופן שוין אויך דערוואוסט וועגן דער ענדערונג אין צוזאַמענשטעל פון דער אַלגעמיינער אידישער באַ־

פעלקערונג אין די באַטרעפנדע געגנטן. אַזוי, למשל, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אַז אין יאָר 1935 איז דער פּראָצענט אידישע קינדער אין קווינס, לאָנג איילענד, אין שייכות צו אַנדערע טיילן פון דער אידישער ניו־יאָרק געווען נישט מער ווי פינף און אַ האַלב פּראָצענט. אין יאָר 1951 איז עס שוין געווען 14 פּראָצענט און אין 1954 — קרוב צו 22 פּראָצענט. אין ברוקלין, וואו עס האָבן אין יאָר 1935 זיך געפונען איבער פופציק פּראָצענט פון אַלע אידישע קינדער פון ניו־יאָרק, האָבן צוואַנציק יאָר שפּעטער זיך געפונען בלויז 42 פּראָצענט. אין די בראָנקס, וואו עס האָבן זיך געפונען קרוב צו דרייסיק פּראָצענט, האָבן זיך געפונען בלויז 23 פּראָצענט אין 1955. אין מאַנהעטן, וואו עס האָבן געוואוינט איבער 13 פּראָצענט אידישע קינדער, האָבן 20 יאָר שפּעטער זיך געפונען איבער עלף פּראָצענט. און דער מאַרש צו די פּאָרשטעט האָט זיך נאָך אַלץ געהאַלטן אין פאַרשטאַרקן.

דער דראַנג צו די פּאָרשטעט האָט אויך, לויט ווי די אויספאָרשונג צייגט, פיל פאַרשטאַרקט דעם אינטערעס פון אידישע קינדער אין אידישער דערציאונג. אין די פּאָרשטעט איז די פאַרגרעסערונג אין דער צאָל רעגיסטרירטע אידישע קינדער אין די אידישע שולן געוואַקסן ביז אַרום 60 פּראָצענט. אין די אַנדערע טיילן פון ניו־יאָרק איז דער וואוקס אין דער זעלבער צייט געווען אַרום 30 פּראָצענט. דאָס באַווייזט, לויט ווי די אויספאָרשונג צייגט, אַז אין די פּאָרשטעט האָט זיך אַנטוויקלט אַן אַקטיווער אינטערעס אַרום דער סינאַגאָגע, און אידישע קינדער „מוזן" גיין אין אַ אידישער שול, ווייל איינער ווייסט וואָס ביים צווייטן טוט זיך ווי אין קליינעם שטעטל אַמאָל. אין די פּאָרשטעט האָט זיך אויך אַנטוויקלט אַ נייע גינסטיקע סיטואַציע פאַר דער אידישער שול. די שול־טוער מוזן מער נישט אַרומלויפן „צו קענוועסן", וואָס דאָס מיינט, כמעט ווי „כאַפּן" קינדער פאַר דער אידישער שול. אידישע עלטערן שיקן פרייוויליק די קינדער אין דער שולע אַריין. און די שולן קענען אַזוי אַרום זיך מער קאָנצענטרירן אויף דער פאַרבעסערונג פון די לימודים און אויף דעם פאַרהאַלטן די קינדער אויף אַ פיל לענגערן פּעריאָד אין דער שול.

## פּראָגראַם און מעטאָדן פון לערנען

וואָס איז די פּראָגראַם פון לערנען אין די פאַרשידענע שולן און וועלכע מעטאָדן ווערן באַנוצט ?

אָט די דאָזיקע פראַגע שטעלט די אויספאָרשונג און ענטפערט, ווי פאָלגט: טראָץ דעם אונטערשייד אין אידעאָלאָגיעס און רעליגיעזן שטאַנד־

פונקט, זיינען די פּראָגראַמען אין די פאַרשידענע טיפּן אידישע שולן זייער ענלעך איינער צום צווייטן. דער הויפּט־אונטערשייד איז בלויז וויפל און ווי אַזוי מען לערנט.

די פּראָגראַם איז ווי פאָלגט:

1) דאָס לערנען תורה. אַלע קינדער הויבן אָן מיט לערנען תנ״ך און פיל גייען ווייטער און ווערן באַקענט אויך מיט תלמוד. עס ווענדט זיך בלויז פון וויפל יאָרן זייער קורס באַשטייט און וויפל מאָל אַ וואָך זיי לערנען.

2) דאָס לערנען אידישע מנהגים און דאָס פּייערן שבת און יום־טוב; דאָס קענען דאַוונען און דאָס באַקענט ווערן מיט דעם אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן. (וועגן רעליגיעזע לימודים אין די אַזוי־גערופענע אידיש־וועלטלעכע שולן זע באַזונדערע קאַפּיטלעך וועגן די שולן פון אַרבעטער־רינג, פאַרבאַנד, שלום עליכם פאָלקס־אינסטיטוט און אויך די שולן פון דער „פּראָגרעסיווער״ אידישער באַוועגונג).

3) דאָס לערנען העברעאיש, באַקאַנטשאַפט מיט דער העברעאישער ליטעראַטור פון אַמאָל און היינט.

4) לערנען די געשיכטע פון אידישן פאָלק אין די אַלטע צייטן און אין דער מאָדערנער צייט.

5) דאָס לערנען געאָגראַפיע און געשיכטע פון ישראל פון אַמאָל און היינט.

6) דאָס איינפלאַנצן אין דעם קינד אַ גלויבן אין גאָט און אין דעם געטלעכן ציל אויסצובעסערן און אויסצופיינערן דעם מענטשן, כדי צו שאַפן אַ בעסערע און פיינערע מענטשלעכע אָרדענונג.

די אויספאָרשונג ווייזט ווידעראַמאָל אָן, אַז וויפל דאָס אידישע קינד לערנט זיך אויס, ווענדט זיך הויפּטזעכלעך אין וואָס פאַר אַ טיפּ שול עס גייט. אַמבעסטנס קען מען אורטיילן וועגן דעם, ווען מען ווייסט וויפל שעה׳ן מען לערנט אין יעדער טיפּ שולע.

אין די איינמאָל־אַ־וואָך שולן (סאָנדעי־סקולס) לערנט מען צוויי שעה אַ וואָך אין משך פון 30 ביז 35 וואָכן. דאָס מיינט פון 60 ביז 70 שעה אַ יאָר. אַ קינד גייט אין די דאָזיקע שולן דורכשניטלעך פון זעקס ביז אכט יאָר, זאָגט די אויספאָרשונג.

אין די שולן וואו מען לערנט עטלעכע נאָכמיטאָגס אַ וואָך (דאָס זיינען די קאָנגרעגעישאָנעל סקולס, די תלמוד־תורה׳ס און אויך די אידיש־שולן) לערנט מען פון זעקס ביז 7 און אַ האַלב שעה אַ וואָך אין משך פון אַרום 38 וואָכן אַ יאָר. אין משך פון יאָר לערנט מען אַזוי אַרום פון 285 ביז

300 שעה אין משך פון פינף ביז זעקס יאָר. אין די פולע טאָג־שולן, אין די ישיבות קטנות, לערנט מען זעקס שעה אַ טאָג און מער, אין משך פון אַרום 38 וואָכן אַ יאָר. דאָס טרעפט אָן אַרום 1200 שעה אַ יאָר. דער קורס באַשטייט פון אַרום אַכט יאָר צייט. (אין די ישיבות קטנות האָט מען אויך געלערנט וועלטלעכע לימודים. אַזוי אַז אויף תורה איז אָפּגעגעבן געוואָרן בלויז אַ העלפט פון די 12 הונדערט שעה אַ יאָר. אין די מערסטע ישיבות קטנות האָט מען געלערנט די אידישע לימודים אין דעם ערשטן העלפט פון טאָג, אין די פרימאָרגן שעה׳ן, הייסט עס).

דער מעטאָד פון לערנען איז אין פיל שולן געווען פּראָגרעסיוו און מאָדערן און אין פיל שולן (באַזונדערס אין די חסידישע ישיבות קטנות) איז דער אופן פון לערנען געווען טראַדיציאָנעל, ווי אַמאָל, אַמאָל, אין דער אַלטער היים.

די שפּראַך פון לערנען איז אין די מערסטע שולן געווען אויף ענגליש (באַזונדערס אין די זונטיק־שולן און אין די נאָכמיטאָג־שולן), אין פיל פון די מאָדערנע ישיבות קטנות האָט מען געלערנט עברית בעברית. אין די אידיש־שולן האָט מען אין די העכערע קלאַסן געלערנט אויף אידיש.

## אינגלעך און מיידלעך אין די אידישע שולן

אין פיל שולן האָט ענגליש אָנגעהויבן צו שפּילן די זעלבע ראָל ווי אידיש אַמאָל אין דער אַלטער היים, דאָס הייסט, מען האָט דעם העברעאישן טעקסט פאַרטייטשט אויף דער שפּראַך פון דער היים, אויף מאַמע־לשון. און ענגליש איז זיכער געוואָרן די שפּראַך, וואָס כמעט אַלע הונדערט פּראָצענט אידישע קינדער אין אַמעריקע הערן פון זייערע טאַטע־מאַמע.

לויט ווי די אויספאָרשונג צייגט, איז אַ דריטל פון די קינדער אין די אידישע שולן באַשטאַנען פון מיידלעך און די אַנדערע צוויי דריטל — אינגלעך. די פּראָפּאָרציע ענדערט זיך אָבער לויט דעם טיפּ שולן. אין די איינמאָל־אַ־וואָך שולן, אין די סאָנדעי סקולס, איז די צאָל מיידלעך עטוואָס מער ווי פופציק פּראָצענט. אין די נאָכמיטאָג־שולן, וואו מען לערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך, איז די צאָל מיידלעך אַרום 33 פּראָצענט. אין די פולע טאָג־שולן, אין די ישיבות קטנות, טרעפן די מיידלעך אָן אַרום 25 פּראָצענט. די מערסטע עלטערן האַלטן, אַז אַ פולע, אינטענסיווע אידישע דערציאונג איז מער נויטיק פאַר די אינגלעך. דערצו האָט שכר לימוד אין די ישיבות קטנות און אויך אין פילע נאָכמיטאָג שולן באַטראָפן היפּשע געלטער.

## וויפל קינדער לערנען אין די אידישע מיטל־שולן?

אַ גאַנץ באַזונדער פּראָבלעם האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די אידישע דערציאונג פאַר קינדער אין האַי־סקול עלטער. ווייל אין משך פון צענדליקער יאָרן איז געווען איינגעפירט אין דער אידישער אַמעריקע, אַז אַזוי שנעל, ווי אַ אידיש אינגל איז געוואָרן בר מצוה, האָט זיך פאַרענדיקט זיין גאַנצע אידישע דערציאונג. די בר מצוה פייערונג, צו וועלכן דאָס אינגל האָט זיך געגרייט מיט היפּשן פיבער, איז געווען ווי אַ מין סיגנאַל, אַז עד כאן, און ווייטער נישט! אָבער אין דער צווייטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט האָט זיך אויך אויף דעם דאָזיקן געביט אָנגעהויבן צו רודערן און די דריי־יאָריקע אויספאָרשונג ברענגט אויך גענויע ציפערן וועגן די אידישע מיטל־שולן.

לויט דער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין די פינף באָראָס פון ניו־יאָרק אין יאָר 1935, זיינען בלויז פיר פּראָצענט אידישע קינדער אין דער עלטער פון 14 ביז 17 געגאַנגען אין וועלכער עס איז אידישער מיטל־שול. אין 1952 איז די צאָל געווען איבער זיבן פּראָצענט און אין 1956 — שוין נאָענט צו צען פּראָצענט. אין די פאָרשטעט פון ניו־יאָרק איז די צאָל געווען איבער צוועלף פּראָצענט.

דער דורכשניטלעכער קורס אין די מיטל־שולן איז באַשטאַנען פון פיר יאָר. אין ניו־יאָרק האָט זיך די צאָל אידישע קינדער, וואָס קריגן אַ אידישע מיטל שול־דערציאונג באַזונדערס פאַרגרעסערט צוליב דער היפּשער צאָל מתיבתא׳ס, וואָס זיינען אויפגעקומען אין די פערציקער יאָרן.

## די ענדערונגען אין די פאַרשידענע טיפּן אידישע שולן; 25 טויזנט קינדער גייען אין די ישיבות פון ניו־יאָרק

די אויספאָרשונג ווייזט אָן, אַז גאָר וויכטיקע ענדערונגען זיינען פאָרגעקומען אין דעם אידישן דערציאונגס וועזן אין ניו־יאָרק זינט 1935.

1) די פענאָמענאַלע פאַרגרעסערונג אין דער צאָל פון די פולע טאָג־שולן, וואָס דאָס זיינען די ישיבות קטנות. (אין יאָר 1956 זיינען געווען אין ניו־יאָרק 89 ישיבות קטנות און 18 העכערע ישיבות).

2) די שטאַרקע פאַרקלענערונג אין דער צאָל קינדער, וואָס גייען אין די נאָכמיטאָג (וויקדעי עפטערנון) שולן. דאָס מיינט די פאַרקלענערונג אין דער צאָל פון תלמוד תורה׳ס. עס איז אויך פאָרגעקומען אַ פאַרקלענערונג אין דער צאָל פון די איינמאָל־אַ־וואָך־שולן אין די פינף טיילן פון

ניו־יאָרק. די צאָל פון די דאָזיקע שולן האָט זיך אָבער פאַרגרעסערט אין די פאָרשטעט.

3) אַ גרויסער וואוקס אין דער צאָל פון שולן אונטער דער אויפזיכט פון קאָנגרעגאַציעס און אַ פאַרקלענערונג אין דער צאָל שולן, וואָס זיינען נישט אונטער קאָנגרעגאַציע אויפזיכט.

די אויספאָרשונג ווייזט אָן, אַז אין יאָר 1935 זיינען אין ניו־יאָרק געגאַנגען בלויז איבער 4 טויזנט קינדער אין פולע טאָג־שולן. אין יאָר 1956 זיינען אַרום 25 טויזנט אידישע קינדער געגאַנגען אין די ישיבות קטנות און מתיבתא׳ס פון ניו־יאָרק און אומגעגנט.

## איבער 17 מיליאָן דאָלער אַ יאָר אויף עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק און אומגעגנט

מיר האָבן שוין באַמערקט, אַז ציפערן בייטן זיך! דאָך אָבער איז כדאי צו פאַררעגיסטרירן דעם פאַקט, אַז אויף עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג האָט די אידישע ניו־יאָרק אויסגעגעבן אין 1956 איבער 17 (זיבעצן) מיליאָן דאָלער אַ יאָר. די שנעלקייט מיט וועלכער דאָס אידיש דערציאונגס געביט איז געוואָקסן, איז געווען אַזוי גרויס, אַז כמעט יעדעס יאָר איז דער בודזשעט געשטיגן אין דורכשניט אויף אַ מיליאָן דאָלער.

אין יאָר 1918 איז דער בודזשעט פאַר עלעמענטאַרער אידישער דער־ציאונג געווען אַ מיליאָן מיט 240 טויזנט דאָלער. אין יאָר 1936 — צוויי מיליאָן מיט דריי הונדערט טויזנט.

די זיבעצן מיליאָן זיינען אין 1956 אויסגעגעבן געוואָרן ווי פאָלגט אין שייכות צו די פאַרשידענע טיפּן שולן:

אַרום 39 פּראָצענט פון דער סומע איז אויסגעגעבן געוואָרן אויף די נאָכמיטאָג שולן, אין וועלכע עס האָבן געלערנט איבער 47 פּראָצענט פון די קינדער.

אַרום 52 פּראָצענט פון די געלטער זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אויף די ישיבות קטנות, וואו עס האָבן געלערנט איבער צוואַנציק פּראָצענט פון אַלע אידישע קינדער אין ניו־יאָרק.

עטוואָס מער ווי ניין פּראָצענט פון די זיבעצן מיליאָן דאָלער זיינען אויסגעגעבן געוואָרן אויף די איינמאָל־אַ־וואָך־שולן, וואו עס האָבן געלערנט איבער 33 פּראָצענט פון אַלע קינדער.

כדי צו קריגן אַ געטרייען באַגריף מיט וואָס פאַר אַ שנעלקייט עס איז געוואָקסן דער בודזשעט פאַר אידישער דערציאונג, וועלן מיר אייך דאָ דערציילן, אַז דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט האָט געהאַט אַ „היפּשן טראָבל" ביים אַרויסגעבן די פאַרשידענע אָפּדרוקן פון דער אויספאָרשונג. ווייל ווי געזאָגט, „איידער מען האָט זיך אַ ריר געטאָן", איז געווען אַ חילוק אין אַ מיליאָן אָדער צוויי. אַזוי זעען מיר, ווי אין יאָר 1951—1950, ווען די אויספאָרשונג האָט זיך אָנגעהויבן האָט מען אין די ערשטע באַריכטן, וואָס זיינען ברייט פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין דער פּרעסע, אָנגעזאָגט די פריידיקע נייעס, אַז אויף עלעמענטאַרער אידישער דערציאונג ווערט אין ניו־יאָרק און אומגעגנט אויסגעגעבן די סומע פון דרייצן מיליאָן דאָלער. אָבער פון 1952 ביז 1956 האָט זיך די סומע אַ היפּשן רוק געטאָן אַרויף און דערגרייכט די ציפער פון זיבעצן מיליאָן.

## 3340 לערער אין די אידישע שולן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט

לויט ווי די אויספאָרשונג האָט אַרויסגעבראַכט, זיינען אין 1956 געווען באַשעפטיקט 3340 לערער און פרינציפּאַלס אין די אידישע שולן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט.

פון דער דאָזיקער צאָל זיינען געווען 58 פראָצענט מענער און 42 פראָצענט פרויען. צווישן די פרינציפּאַלס, דאָס הייסט דירעקטאָרן, איז דער פראָצענט פרויען בלויז ניין (9). אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן, אַז אין יאָר 1910, ווען די ערשט־געגרינדעטע אידישע קהילה האָט געמאַכט די ערשטע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, זיינען אין ניו־יאָרק געווען באַשעפטיקט 600 לערער און 650 מלמדים פון פאַרשידענעם קאַליבער, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט פריוואַטע חדרים. אין יאָר 1916 און 1917 ווען דר. אַלעקסאַנדער דושקין האָט געמאַכט זיין שטודיום פון אידישער דערציאונג, זיינען אין ניו־יאָרק געווען אַרום 900 לערער אין די פאַר־שידענע מינים שולן און אַרום טויזנט מלמדים האָבן אָנגעפירט מיט חדרים. אין 1935—1934 זיינען אין ניו־יאָרק געווען קרוב צו 1400 אידישע לערער. פון דער דאָזיקער צאָל זיינען 736 געווען באַשעפטיקט אין שולן, וואו מען האָט געלערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך. פיל פון די דאָזיקע שולן זיינען געווען תלמוד תורה'ס. 326 האָבן געלערנט אין סאָנדעי סקולס. 159 לערער זיינען געווען באַשעפטיקט אין די פולע טאָג־שולן, די ישיבות קטנות, און 159 האָבן געלערנט אין אידיש־שולן. (די שולן פון אַרבעטער־רינג, אידיש

נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, שלום עליכם שולן און שולן פון אינטער־נאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן.)

אין יענער ערשטער אויספאָרשונג, אָנגעפירט פון ריכטער סעמיועל ראָזענמאַן, זיינען נאָך אַריינגענומען געוואָרן די שולן פון דער לינקער באַוועגונג אויף דער אידישער גאַס. אין דער אויספאָרשונג פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען די לינקע אידישע שולן שוין נישט אַריינגענומען געוואָרן. דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט, וואָס ווערט סובסידירט פון דער אידישער צדקה פעדעראַציע האָט אין זיין רעגלמעסיקער טעטיקייט אין אַלגעמיין מער נישט געהאַט אַריינגענומען די, אַזוי גערופענע, קינדער־שולן פון דער אידישער „פראָגרעסיווער באַוועגונג". (וועגן די דאָזיקע שולן זע גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל אין בוך איינס).

(מער וועגן די לערער און פאַרשידענע פּראָבלעמען פון דער אידישער לערער־פּראָפעסיע אין אַמעריקע זע באַזונדער קאַפּיטל אין זעלבן בוך.)

## איבער הונדערט חדרים נאָך אַלץ דאָ אין ניו־יאָרק

אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן, אַז אין דער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אין יאָר 1956 האָבן זיך נאָך אַלץ געפונען אין ניו־יאָרק און אומגעגנט 116 חדרים. זיי האָבן זיך געפונען אין די פאָלגנדע געגנטן: בראָנקס — 51 חדרים; ברוקלין — 61; מאַנהעטן — איין חדר און קווינס — דריי חדרים. די צאָל תלמידים אין די דאָזיקע חדרים האָט דערגרייכט 1915.

## געביידעס פון אידישע קינדער־שולן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט האָבן באַטראָפן איבער זעכציק מיליאָן דאָלער

לויט ווי די דריי־יעריקע אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג האָט אָפּגעשאַצט, האָבן די געביידעס פון די אידישע קינדער־שולן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט באַטראָפן איבער זעכציק מיליאָן דאָלער. עס איז אויך געשאַצט געוואָרן, אַז איבער 51 מיליאָן דאָלער זיינען געווען שוין אָפּגעצאָלט. די מאָרטגעדזשעס, די חובות אויף די געביידעס, האָבן באַטראָפן אַרום ניין מיליאָן דאָלער.

די אויספאָרשונג ווייזט, אַז 63 פּראָצענט פון די שול־געביידעס זיינען געבויט געוואָרן מיט דעם ספּעציעלן צוועק צו זיין קינדער־שולן. אַ צאָל

פון די שולן זיינען אַ טייל פון די סינאַגאָגע־געביידעס, אַנדערע זיינען טיילן פון די צענטערס און אַ צאָל זיינען גאַנץ באַזונדערע שול־געביידעס. כמעט אַלע טאָג־שולן (ישיבות קטנות) האָבן געהאַט זייערע אייגענע בנינים. אַ צאָל שולן האָבן זיך געפונען אין געדונגענע געביידעס, צווישן זיי די מערסטע אידיש־שולן.

די אויספאָרשונג איז געווען אַזוי גענוי, אַז זי האָט אפילו אויסגערעכנט אַלע קלאַס־צימערן און זייער גרויס, וויפל טירן, וויפל פענסטער, די סאָרט באַלייכטונג פון די שול־אוידיטאָריומס, קיכן, עס־צימערן, גימנאַסטיק־זאַלן, שפיל־פּלעצער און אַ. וו. מיר קענען אָבער, ליידער, זיך נישט אַריינלאָזן אין די אַלע וויכטיקע פּרטים. מיר וועלן דאָ בלויז אָנווייזן, אַז די אויס־פאָרשונג האָט אין איר רעזומע אָנגעוויזן, אַז די עקזיסטירנדע געביידעס פאַרענטפערן די בויטן פון אידישן שול־וועזן בלויז אויף 66 פּראָצענט און אַז עס איז נויטיק אויסצוגעבן איבער צוועלף מיליאָן דאָלער, כדי צו ברענ־גען די געביידע־פּראָבלעם צו איר נויטיקער הויך. פון דער דאָזיקער סומע דאַרפן געבויט ווערן נייע שול־געביידעס פאַר ניין מיליאָן דאָלער, צוויי מיליאָן דאַרף גיין פאַרן איבערבוי פון עקזיסטירנדע בנינים און אַ מיליאָן און אַ האַלב צום פאַרריכטן אַ גאַנצע ריי שול־געביידעס.

## איבער דרייסיק טויזנט פּאַטערס און מוטערס אַקטיוו אַרום די אידישע קינדער־שולן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט

איבער 30 טויזנט פּערזאָן, אידישע טאַטעס און מאַמעס, זיינען אַקטיוו אין די ספּעציעלע שול קאָמיטעטן (סקול באָאַרדס) און פּי־טי־איי (פּערענטס טיטשערס אַסאָסיאיישאָן), וואָס האָבן עקזיסטירט ביי די פאַרשידענע אי־דישע קינדער־שולן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט, האָט באַוויזן די אויספאָר־שונג. די ספּעציעלע „סקול באָאַרדס" האָבן געהאַט אַ מיטגלידערשאַפט פון צען ביז פופציק, ציילנדיק דורכשניטלעך פערצן פּערזאָן. פופצן פון יעדע צוואַנציק פּערזאָן זיינען אויסגעקליבן געוואָרן דורך דעם פּרעזידענט פון שול־קאָמיטעט, דורך דעם ראַבאַי, פּרינציפּאַל אָדער לערער, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט דער שול. פופציק פּראָצענט פון די מיטגלידער פון די שול־קאָמיטעטן זיינען שוין געווען אַמעריקאַנער געבוירענע און קאָלעדזש גראַ־דואירטע. אַ העלפט פון די מיטגלידער פון קאָמיטעטן זיינען געווען מענער און אַ העלפט פרויען. פיל פון די ישיבות קטנות זיינען געשטאַנען אונטער דער פירערשאַפט פון באַרימטע רבנישע פּערזענלעכקייטן.

אין די „פּערענטס־טיטשערס אַסאָסיאיישאָנס", די ספּעציעלע געזעל־שאַפטן, אין וועלכע עס זיינען געווען פאַרטראָטן די עלטערן און די לערער און צוזאַמענגעאַרבעט פאַר דער אַלגעמיינער פאַרבעסערונג פון די פאַרשי־דענע שולן, זיינען געווען אַקטיוו אַרום צוואַנציק טויזנט מענער און פרויען אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. די אויספאָרשונג האָט אויך דערקלערט, אַז די דאָזיקע ציפער איז אַ ביז גאָר קאָנסערוואַטיווע. עס איז באַריכטעט געוואָרן, אַז כמעט פופציק פּראָצענט אידישע שולן אין ניו־יאָרק און אומ־געגנט האָבן געהאַט אַ „פּי־טי־איי". איניקע פּי־טי־איי׳ס (די קלענסטע) האָבן געהאַט אַ מיטגלידערשאַפט פון אַרום פערציק. ביי די טאָג־שולן (ישיבות קטנות) האָבן פּי־טי־איי׳ס געציילט ביז אַרום צוויי הונדערט מיטגלידער. איבער אַכציק פּראָצענט פון די פּי־טי־איי׳ס האָבן געהאַט פאָרשטייער פון די „סקול באָאַרדס" (שול קאָמיטעטן אָדער שול־פאַרוואַל־טונגען). די פּי־טי־איי׳ס האָבן אויך אַרויסגעהאָלפן אין שאַפן געלט פאָנדן, אין דורכפירן יום־טוב פייערונגען מיט אַלע שול קינדער, פאַרשידענע צוזאַמענקונפטן פון אַלע עלטערן, איינאָרדענען עקסקורסיעס פאַר די קינדער און אַ. וו.

די מערסטע מיטגלידער פון די פּי־טי־איי׳ס זיינען געווען אַמעריקאַנער געבוירענע און האָבן געקראָגן אַ אידישע דערציאונג, נאַטירלעך, איניקע מער און איניקע ווייניקער.

## געמיינדע מוז העלפן לייזן דעפיציט פון אידישן שול־וועזן; דאָס לערנען מוז פאַרטיפט ווערן

די אויספאָרשונג וואָס האָט געדויערט אַרום פינף יאָר צייט, האָט זיך נישט בלויז באַנוגנט מיט פעסטשטעלן פאַקטן, נאָר האָט אויך נאָך לאַנגע דעבאַטן אין די פאַרשידענע קאָמיטעטן און ביי אַ צאָל קאָנפערענצן, אַרויסגעטראָגן אַ גאַנצע ריי מיינונגען, אָנווייזונגען און רעקאָמענדאַציעס.

ביים אָנהויב פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל האָבן מיר געבראַכט אַן אויסצוג פון אַ באַריכט וואָס מיר האָבן פאַרעפנטלעכט וועגן דער אויספאָרשונג. דער דאָזיקער באַריכט איז געווען טאַקע אין שייכות מיט דער גרויסער מאַסן־פאַרזאַמלונג, וואָס דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט פאַררופן אין דער ניו סקול פאַר סאָשל ריסוירטש, אויף נומער 66 וועסט 12טע גאַס, וואו עס זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אויך די רעקאָמענדאַציעס, וואָס די

אידן פון ניו־יאָרק דאַרפן טאָן, כדי צו פאַרבעסערן דאָס אידישע דערציאונגס וועזן.

צווישן די פאַרשידענע אָנווייזונגען האָט די אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג רעקאָמענדירט דאָס פאָלגנדע:

די אידישע געמיינדע פון ניו־יאָרק זאָל אויף אַ מער אָרגאַניזירטן אופן זיך פאַראינטערעסירן אין אידישן דערציאונגס־וועזן.

עס זאָל געשאַפן ווערן אַ יערלעכער פאָנד פון אַרום אַ מיליאָן דאָלער, צו געבן סקאַלערשיפּס צו קינדער אין די ישיבות קטנות און אויך אין די שולן, וואו מען לערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך.

עס זאָל געשאַפן ווערן אַ „צירקולירנדער פאָנד" פון אַמווינציקסטנס 600.000 דאָלער צו מאַכן הלוואות צו שולן, וועלכע דאַרפן פאַרריכטן זייערע געביידעס. צו דער זעלבער צייט זאָל אויסגעאַרבעט ווערן אַ געוויסער סטאַנדאַרד, ווי אַזוי אַ אידישע שול־געביידע דאַרף אויסזען.

מאַכן אַ גאַנץ באַזונדערן שטודיום פון די שולן, וואו מען לערנט עטלעכע מאָל אַ וואָך.

אַנטוויקלען אַ בעסערע און מער אַקוראַטע סיסטעם ווי עס איז דער באַוואוסטער יום־כפור מעטאָד, כדי אויסצוגעפינען וויפל אידישע קינדער עס געפינען זיך אין ניו־יאָרק און אומגעגנט.

מאַכן אַ גענויערן שטודיום פון דער אידישער לערער־פּראָפעסיע אין ניו־יאָרק און אומגעגנט און פאַרבעסערן אין אַלגעמיין דעם מצב פון אידישן לערער, כדי דער לערער זאָל זיך האַלטן ביי דער שול וואָס לענגער.

אין אַלגעמיין דאַרף מען אַליץ מער און מער אָנהויבן צו טראַכטן וועגן דער קוואַליטעט פון אידישער דערציאונג אָנשטאָט דער קוואַנטיטעט. עס דאַרף געמאַכט ווערן אַ גענויער שטודיום פון די קינדער פון פאַרשידענעם עלטער, און גאַנץ באַזונדערס וואָס עס איז שייך די יאָרן פון בר מצוה צוגרייטונג. אַ גאַנץ באַזונדער שטודיום דאַרף געמאַכט ווערן פון די קינדער פון מיטל־שול עלטער. אַליץ כדי צו פאַרבעסערן און פאַרטיפן די אידישע דערציאונג, וואָס זיי קריגן.

אָט דאָס זיינען אַ ריי פון די וויכטיקסטע רעקאָמענדאַציעס, וועלכע רעדן פאַר זיך אַליין און זאָגן עדות אויף דעם, אַז דאָס אַמעריקאַנער אידנטום האָט אָנגעהויבן באַטראַכטן פיל ערנסטער דעם ענין פון אידישן חינוך.

# שול־באַוועגונגען
# און שולן מכל המינים



דריטער טייל

אָרטאָדאָקסישע, קאָנסערוואַטיווע, רעפאָר־מירטע, העברעאישע, אידישיסטישע, לינקע און עקסטרעם־רעכטע שול־באַוועגונגען און שולן. — אידישע דערציאונג אויף פאַר בלינדע און טויב־שטומע קינדער. — די „רעליגיעזע שעה".

## 24

# חדרים און תלמוד תורה׳ס אין אַמעריקע וואו צענדליקער טויזנטער קינדער האָבן געלערנט אידישקייט

**עס איז געווען אַ צייט, ווען עס האָבן עקזיסטירט אין ניו־יאָרק 500 חדרים. — די תלמוד תורה׳ס אין האַרלעם, וואו עס האָט זיך געפונען די גרעסטע אידישע קינדער־שול אין גאַנץ אַמעריקע. — אַ שפּאַציר אין דער האַרלעמער געגנט און וואָס עס איז געוואָרן פון פיל באַרימטע אידישע לער־אַנשטאַלטן. — די אָפּגעשוואַכטע פּאָזיציע פון דער תלמוד־תורה, וואָס איז יאָרנלאַנג געווען די וויכטיקסטע דערציאונגס־אינסטיטוציע אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. — איבער 40 טויזנט קינדער אין ישיבות.**

דאָס לעבן אין אַמעריקע איז געגאַנגען און גייט אַלץ מיט אַ שנעלן טעמפּאָ און אידן האָבן דאָ דערפאַר דורכגעמאַכט אין זייער געזעלשאַפטלעכן לעבן גאַנץ שנעלע ענדערונגען, צו וועלכע זיי זיינען פון פריער ניט געוואוינט געווען. די הויפּט־פאַקטאָרן אין די דאָזיקע ענדערונגען זיינען געווען צוויי פונדאַמענטאַלע ברכות מיט וועלכע אַמעריקע איז געבענטשט געוואָרן: פריי־הייט און רייכקייט, צוויי ברכות, וועלכע האָבן געגעבן די אידישע אימיג־ראַנטן גרויסע מעגלעכקייטן סיי אויפן סאָציאַלן, סיי אויפן עקאָנאָמישן געביט. אַזוי אַרום האָבן די דאָזיקע סיבות אויך געפירט דערצו, אַז די צוויי עלטסטע אינסטיטוציעס פון דער אידישער דערציאונג — דער חדר און די תלמוד־תורה — זאָלן אין אַמעריקע אָנהויבן פאַרשווינדן און אָנשטאָט זיי זאָלן אויפקומען נייע אינסטיטוציעס. די נייע אינסטיטוציעס זיינען ניט אַלעמאָל געווען די בעסטע, אָבער דאָך, מיט מער פאַרשטאַנד און פיל מער געדולד, האָט עס אויסגעזען, אַז „ענדע גוט — אַלעס גוט!״ — אידישקייט אין

אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו ווערן אַ טייל פון אַמעריקאַנער לעבן, אַן אַמע־ריקאַנער פּראָדוקט!

כמעט אין אַלע לענדער, וואו אידן איז אויסגעקומען צו וואַנדערן, האָט דער חדר געשפּילט די סאַמע וויכטיקסטע ראָלע. די תלמוד תורה איז אויך געווען פון גאָר גרויסער באַדייטונג. דאָ אין אַמעריקע האָט די תלמוד־תורה אָבער מיט דער צייט פאַרנומען דעם סאַמע אויבנאָן אויף דעם געביט פון אינטענסיווער אידישער דערציאונג אין משך פון די ערשטע דריי, פיר צענדליק יאָר פון 20טן יאָרהונדערט. אָבער די בעסערע עקאָנאָמישע לאַגע, וועלכע אידן אין אַמעריקע האָבן פאַרהעלטנעסמעסיק גאַנץ שנעל דער־גרייכט, האָבן נאָך דעם סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געפירט דערצו, אַז די פּאָזיציע פון דער איינגעפונדעוועטער תלמוד תורה זאָל אָפּגעשוואַכט ווערן. הויפּטזעכלעך איז עס געקומען דערפאַר, וואָס טויזנטער אידן האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסצוציען פון די געגנטן אין מאַנהעטן און ברוקלין, וואו די תלמוד תורה׳ס האָבן זיך געפונען און זיך באַזעצן אין ניי־אַנטוויקלטע טיילן פון די בראָנקס און לאָנג איילענד. און אָנשטאָט די תלמוד תורה׳ס, וואָס פלעגן צוציען די קינדער פון אַ גאַנצער געגנט אין דער איסט סאַיד, למשל, צי אין האַרלעם, האָבן זיך אין די נייע געגנטן געשאַפן קינדער־שולן ביי די קאָנגרעגעישאַנס אַלס אַ טייל פון די פּראַכטפולע געביידעס, וואָס די אַרויפגעאַרבעטע אידן האָבן אָנגעהויבן צו בויען אין יענע יאָרן.

אינטערעסאַנט איז, ווי אַזוי עס האָט געשילדערט דעם צושטאַנד פון אידישער דערציאונג אין ניו יאָרק, אין 1918, דר. שמשון בענדערלי, גרינדער און דירעקטאָר פון דער ערשטער ביוראָ פון אידישער דערציאונג אין אַמע־ריקע. אָנווייזנדיק, אַז פון די 275 טויזנט אידישע קינדער פון שול־עלטער, האָבן געקראָגן אַ אידישע דערציאונג בלויז 65 טויזנט יענעם יאָר, דערציילט דר. בענדערלי, אַז אַרום זיבעצן טויזנט קינדער האָבן דאַן געלערנט אין „מיזעראַבעלע, אומגליקלעכע לעכער, וואָס זיינען באַקאַנט אַלס חדרים״. אַזוי האָט געשריבן דר. בענדערלי אויף זייט 350 פון פנקס הקהילה דניו־יאָרק רבתי, פון יאָר 1918—1917. די קהילה איז דאַן אָנגעפירט געוואָרן פון דר. יהודה לייב מאַגנעס. די דאָזיקע חדרים האָבן זיך געפונען „אין קעלערס, אין ליידיקע סטאָרס, אין „מיטינג רומס״, אין די הינטערשטע צימערן פון סאַלונס (טרינק־פלעצער) און אין בוידעם שטיבלעך״.

אַרום צען טויזנט קינדער האָבן צו יענער צייט אויך געקראָגן זייער דערציאונג אין דער היים, ביי פּריוואַטע מלמדים, וואָס פלעגן גיין פון הויז צו הויז, דערציילט דר. בענדערלי.

אויף אַ גאָר קאָלירפולן אופן באַשרייבט די חדרים און די „גייענדיקע מלמדים" פון ניו יאָרק אַ צווייטער פּיאָנער פון אידישער דערציאונג, דר. אַלעקסאַנדער מ. דושקין. טאַקע אין זעלבן פּנקס הקהילה פון יאָר 1917—1918. דר. דושקין דערציילט, אַז עס האָבן זיך צו יענער צייט געפונען פינף הונדערט חדרים אין ניו יאָרק. אָנווייזנדיק, אַז אין די קהילות פון מזרח־אייראָפּע איז דער חדר געווען די אָנערקענטע און וויכטיקסטע לער־אינסטיטוציע פאַרן אידישן קינד, דערקלערט ער, אַז אין דעם אידישן שטעטל האָט יעדער איינער געוואוסט, ווער דער מלמד איז געווען און יעדער האָט געוואוסט דעם סטאַנדאַרד פון חדר, אין וועלכן דאָס קינד איז געגאַנגען. עס איז געווען אַ מין געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל איבערן חדר. און יעדער מלמד אין דער אַלטער היים איז אויף זיין געביט געווען „אַ קענער". באַזונדערס איז עס געווען אמת וועגן די העכערע חדרים, וואו מען האָט געלערנט חומש מיט רש"י און אויך גמרא. אָבער אין ניו יאָרק? ווער האָט געקענט קאָנטראָלירן די חדרים? אַזוי פרעגט דר. דושקין אויף זייט 396 פון פּנקס הקהילה. און ער דערציילט, אַז עס איז געווען אוממעגלעך צו מאַכן אַ שטודיום פון די 500 חדרים און האָבן וועלכן־עס־איז אויפזיכט איבער זיי. זיי זיינען אויפגעקומען אָן שום מעלדונג און פאַרשווינדן פּונקט אַזוי שנעל, נאָך אַ קורצער עקזיסטענץ. די איינציקע מעלדונג איז געווען די שילד אין פראָנט פון הויז, וואָס האָט אָנגעזאָגט, אַז דאָרט ערגעץ געפינט זיך אַ חדר.

עס זיינען געווען אַ באַדייטנדע צאָל אידן, וואָס זיינען געקומען אויף דער עלטער קיין אַמעריקע, און ניט קענענדיק זיך צופּאַסן צו עפּעס אַנדערש, האָבן זיי באַשלאָסן צו עפענען חדרים און לערנען אידישקייט מיט אַמעריקאַנער קינדער. פיל פון זיי זיינען געווען מלמדים אויך אין דער אַלטער היים. אָבער אַ סך חדרים זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון אַזעלכע אידן, וואָס האָבן מיט לערנען קינדער קיינמאָל פריער ניט געהאַט צו טאָן. פיל פון זיי זיינען געווען עמי הארצים, וועלכע האָבן אַ האַלבן טאָג זיך פאַרנומען מיט פּעדלעריי אָדער מיט עפּעס אַ מלאכה און האָבן דעם נאָכמיטאָג אָדער דעם אָוונט אָפּ־געגעבן פאַרן אָנפירן פון חדר, פאַרקויפנדיק זייער קליין ביסל אידיש וויסן צו אַמעריקאַנער אידישע קינדער פאַר דעם פּרייז פון צען ביז 25 סענט אַ וואָך, לערנענדיק מיט דעם קינד טעגלעך פון צען ביז פופצן מינוט. דאָס אַלץ דערציילט דר. דושקין און ער גיט איבער, ווי אַזוי דאָס לערנען פלעגט צוגיין. דער געוויינלעכער אופן איז געווען, אַז אַ גרופּע אינגלעך פלעגט זיך פאַרזאַמלען אין דעם הויז פון זעלבסט־באַשטימטן רבי'ן און וואַרטן מיט דעם גרעסטן אומגעדולד פאַר זייער „נעקסט", פאַר זייער ריי צו „לערנען".

אין דער צייט, וואָס איין אינגל פּלעגט אָפּזאָגן דאָס ביסל עברי פון סידור, ניט פאַרשטייענדיק קיין וואָרט פון דעם, וואָס ער זאָגט, פלעגן די אַנדערע אינגלעך זיך שפּילן ווילד אָדער גאָר פאַרפירן אַ געשלעג.

אַלץ, וואָס דער רבי פלעגט דאַרפן אויסלערנען די אינגלעך איז זאָגן עברי, מאַכן קידוש, אַ פּאָר ברכות און קדיש זאָגן.

סיי דר. דושקין, סיי דר. בענדערלי ווייזן אָן, אַז דער חדר, וועלכער איז געווען גוט אין דער אַלטער היים אין משך פון דור דורות, האָט ניט געקענט בלייבן אין אַמעריקע, ווייל די פּאָבליק סקול מיט איר ברייטן פאַר־נעם האָט געוויזן דעם אידישן קינד, אַז לערנען דאַרף מען אין אַ שיינער אומגעבונג, באַקוועם, ליכטיק און מאָדערן. און טאַקע אויך אויף אַן אָרגאַני־זירטן שטייגער. דערפאַר זיינען עס אין אַמעריקע אויפגעקומען די תלמוד־תורה׳ס, וואו דאָס גאַנצע לערנען איז געווען סיסטעמאַטיש און איז געווען ענלעך צו דער פּאָבליק סקול, די שול פון דער מעכטיקער רעגירונג.

אָבער דער חדר איז ניט אַזוי לייכט פאַרשוואונדן. ניט מיטאַמאָל. נאָר גראַדנוייז, ווי אַלץ אין לעבן, ווי אַלץ אין דער נאַטור. גאַנץ שנעל האָבן די אידן אין ניו יאָרק זיך אָנגעהויבן אַרומצוקוקן און דערזען, אַז דאָס חדר אין אַמעריקע געפינט זיך אָפּט אין אַ נאָך ערגערן צושטאַנד, ווי אין דער אַלטער היים. ווייל די ענגשאַפט אין די אידישע קוואַרטאַלן פון ניו־יאָרק פון יענע צייטן האָט געפירט דערצו, אַז דער „רבי״ מיט זיין חדר זאָלן זיך געפינען אין די ערגסטע פיזישע און סאַניטאַרע באַדינגונגען. אַזוי דערציילן דושקין און בענדערלי, אַז ס׳האָבן צוזאַמען מיט די חדרים זיך אויך באַוויזן די „פריוואַטע מלמדים״. שפּעטער האָבן די פּריוואַטע מלמדים אָנגעהויבן פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון חדר. דאָס הייסט, אַז אַנשטאָט דעם, אַז דאָס קינד זאָל גיין צום רבי׳ן אין חדר, האָט דער רבי אָנגעהויבן צו גיין צום קינד אַהיים. און דאָ ווייזט אָן דר. דושקין, אַז עס איז געווען אויך אַ צאָל, אָבער אַ קליינע צאָל, גאַנץ מאָדערנע לערער, וועלכע פלעגן געבן לעקציעס פאַר אידישע קינדער אין דער היים. אָבער די דאָזיקע גוטע לערער זיינען געווען אין דער מינאָריטעט. די גרעסטע מערהייט איז באַשטאַנען פון די זעלבע מלמדים, וועלכע האָבן פריער געהאַט די חדרים. זייער גאַנצער באַגאַזש איז באַשטאַנען פון אַן אויסגעריבענעם סידור, וואָס זיי פלעגן טראָגן אונטער דעם אָרעם. דער דאָזיקער רבי פלעגט גיין פון טיר צו טיר און ברענגען דעם חדר צו די קינדער אַהיים. דער ציל, דער אינהאַלט און דער מעטאָד איז געווען דער זעלבער. קרוב צו ניין פּראָצענט פון אַלע אידישע קינדער אין ניו־יאָרק — איבער 25 טויזנט — האָבן אין 1918 זיך געלערנט

אין חדרים אָדער ביי פּריוואַטע מלמדים. אָבער דאָס איז שוין געווען דער באַרג אַראָפּ פון דער חדר אינסטיטוציע אין אַמעריקע. ווייל גאָר אַנדערש — פון חדר שטאַנדפּונקט — האָט אויסגעזען דאָס אידישע דערציאונגס בילד ביים אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט. דר. אוריה צבי ענגעלמאַן, אָנפירער פון פּאָרש דעפּאַרטמענט פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פון אידישער דערציאונג, ברענגט אונז אין דעם רעגיסטער און דירעקטאָריום פון אידישער דערציאונג פון יאָר 1951 אַ טאַבעלע, וואָס ווייזט דעם צושטאַנד פון אידישן חינוך אין משך פון אַ האַלבן יאָרהונדערט. פון יאָר 1900 ביז 1950. (ענגעלמאַנ׳ס ציפערן באַציען זיך אויפן גאַנצן לאַנד און נישט בלויז אויף ניו־יאָרק).

אין יאָר 1901 האָבן 45 טויזנט אידישע קינדער געקראָגן אַ אידישע דערציאונג. פון זיי — 9 טויזנט אין חדר און ביי פּריוואַטע מלמדים. ד. ה. 20 פּראָצענט.

אין יאָר 1908 האָבן 100 טויזנט געקראָגן אַ אידישע דערציאונג. איבער 37 טויזנט קינדער זיינען געגאַנגען אין חדר אָדער געלערנט ביי פּריוואַטע מלמדים. ד. ה. 37 פּראָצענט.

אין יאָר 1935, ווען די צאָל קינדער, וואָס האָבן געקראָגן אַ אידישע דערציאונג איז געווען 200 טויזנט, איז די צאָל קינדער אין חדרים און ביי פּריוואַטע לערער געווען 12 טויזנט, וואָס דאָס מיינט 6 פּראָצענט.

יעדע אינסטיטוציע, וואָס איז געווען אַ טייל פון איינעמ׳ס לעבן, רופט אַרויס האַרצווייטיק און בענקשאַפט, ווען זי ווערט אָפּגעשוואַכט און פאַר־שווינדט. אַלס בעסטער ביישפּיל קען אפשר דינען דאָס שטעטל פון דער אַלטער היים, פון וועלכן יעדער אייגער, וואָס האָט נאָר געקענט לויפן, איז אַנטלאָפן, פונדעסטוועגן האָט מען געהאַלטן אין איין באַשרייבן און אין איין באַזינגען דאָס דאָזיקע שטעטל און מען זעט אין דער פאַנטאַזיע דאָס זעלביקע שטעטל בלויז אין ראָזעווע קאָלירן. אַזוי איז עס אויך געווען מיט דעם חדר פון דער אַלטער היים. שרייבער פונדערווייטן באַשרייבן און באַזינגען אין דער אידישער ליטעראַטור אין אַלע שפּראַכן דעם אַלטן רבי׳ן, דעם ליבן חדר, אָבער מען דאַרף בלויז אַריינקוקן אין די באַשרייבונגען, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין דער אַלטער היים גופא (ווען מען האָט די זאַכן געזען אין דער נאָענט און ניט בלויז אין טרוים) אַז מען זאָל זיך דערמאָנען, אַז דער אַמאָליקער חדר איז ניט געווען קיין אינסטיטוציע, וואָס זאָל קענען דינען אַלס מאָדעל פאַר אַ מאָדערנעם לער־אַנשטאַלט.

נאָר וואָס־זשע דען? אידן אין דער אַלטער היים האָבן קיין אַנדער ברירה

ניט געהאַט. נאַטירלעך, דער חדר איז אין ליכט פון דער אידישער גייסטיקייט געווען גרויס און האָט די גרעסטע פאַרדינסטן פאַר דעם אויפהאַלט פון גייסטיקן אידישן לעבן. אָבער ווידעראַמאָל! דער חדר איז געווען אַזאַ ווי ער איז געווען, סיי אין פּאָזיטיוון, סיי אין נעגאַטיוון זינען. און דאָ אין אַמעריקע האָט דער חדר אויך געדינט אַ געוויסן צוועק און האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ, וואָס ער האָט פאַרנומען, ווייל אַזוי האָט עס צו יענעם מאָמענט באַדאַרפט זיין (הויפּטזעכלעך ביים אָנהויב פון דער אידישער מאַסן־אימיגראַציע אין די אַכציקער יאָרן). האָט אָבער אימיצער פון אונזערע מחנכים באַוויינט דעם חדר אין אַמעריקע? האָט אימיצער געהאַט אַ גוט וואָרט פאַר אים צו זאָגן? ס׳טייטש, עס איז דאָך געווען דער זעלבער חדר, וואָס האָט יאָרהונדערטער עקזיסטירט אין אידישן לעבן פון אייראָפּע! טאָ פאַרוואָס האָט מען דעם אונטערגאַנג פון חדר אין אַמעריקע ניט באַקלאָגט?! איז דער ענטפער טיילוויז אַ פּסיכאָלאָגישער און אַ פּראָסט און פּשוט לאָגישער: עס איז אין די בעסערע אַמעריקאַנער עקאָנאָמישע און קולטורעלע אומשטענדן ניט געווען מער קיין פּלאַץ פאַר דעם חדר.

מיר האָבן דאָ אַנטוויקלט די דאָזיקע טעאָריע, ווייל עס איז אונז אויס־געקומען צו הערן אַ סך פאַרביטערונג און אַ סך אַנטוישונג פון פירנדע אידישע דערציער אין אַמעריקע צוליב דעם, וואָס די תלמוד תורה־אינסטיטוציעס זיינען אַרונטער פון זייער גלאָריע און זיי האָבן שוין מער ניט פאַרנומען דעם סאַמע אויבן־אָן! די דאָזיקע מחנכים האָבן אין זייערע געשפּרעכן מיט מיר כמעט ווי מבטל געווען אַלע אַנדערע דערגרייכונגען אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, ווייל — לויט זייער איינשטעלונג — קען זיך גאָרנישט ניט פאַרגלייכן מיט די אויפטוען פון דער תלמוד תורה! איי, ווילט זיך זיי פרעגן, זינט ווען איז עס ביי אידן געוואָרן אַ טראַדיציע, אַז די תלמוד תורה אינסטיטוציע זאָל זיין דער הויפּט־קוואַל פאַר חינוך! די טראַדיציע, די אידישע, האָט דאָך גאָר געפירט אַזוי, אַז אַ תלמוד תורה איז אין דער אַלטער היים געווען בלויז פאַר אָרעמע קינדער. ניט וואָס אָרעמקייט איז, חלילה, אַ שאַנדע, נאָר די מערסטע קינדער אין דער אַלטער היים — דערמאָנען מיר ווידער, זיינען דערצויגן געוואָרן אין דעם פּריוואַטן חדר. אָבער אין אַמעריקע האָבן די אומשטענדן געפירט, אַז די תלמוד תורה זאָל גאָר ווערן דער הויפּט זייל! איז עס אפשר גאָר מעגלעך געווען, אַז עס זאָל זיך האָבן געשאַפן אַ נייער זייל, אַ מער צוגעפּאַסטער צו די נייע אומשטענדן אין אַמעריקע, און דאָס איז — די ישיבה קטנה אָדער די פּריוואַטע קינדער־שול, וואָס לערנט מיט אידישע קינדער פון ניין פרי ביז פיר און פינף

פאַרנאַכט סיי די אידישע, סיי די וועלטלעכע לימודים!

עס איז גאַנץ מעגלעך!

ווייל ווען מען האָט אַנאַליזירט די אומשטענדן, האָט מען געקענט גאַנץ לייכט זען, אַז אין אַ געוויסן זינען האָבן די ביידע, פולע טאָג־שולן זיך בעסער צוגעפּאַסט צו די נייע אומשטענדן פון שוין אַמעריקאַניזירטן אידישן לעבן אין אַמעריקע. די טאָג־שולן, די ישיבות קטנות, האָבן זיך געשאַפן אין געגנטן, וואו עס האָבן געוואוינט פיל אינגערע, אַמעריקאַנער געבוירענע, אידישע פאַמיליעס. די ישיבות־קטנות האָבן געטראָגן אויך דעם כאַראַקטער פון פּריוואַטע קינדער־שולן, „פּראַיוועט סקולס".

די צווייטע סיבה איז דאָס, וואָס אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן אידן טאַקע געוואָלט מער אידישקייט אפילו, ווי עס איז געגעבן געוואָרן אין די תלמוד תורה׳ס. און עס איז כדאי אויך צו דערמאָנען, אַז זינט די תלמוד־תורה׳ס האָבן אָנגעהויבן צו גיין באַרג אַראָפּ, האָבן די ישיבות קטנות אָנגעהויבן צו גיין שנעל באַרג אַרויף. אין יאָר 1935, למשל, זיינען געווען ניט מער ווי איבער 3,000 קינדער אין אידישע טאָג־שולן, און אין יאָר 1957 איז זייער צאָל אין די ישיבות־קטנות געשטיגן איבער 40 טויזנט. ווי אַנדערש וואָלט אויסגעזען דאָס בילד פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע ווען עס וואָלטן געווען 75 טויזנט אידישע קינדער אין די טאָג־שולן און פאַרוואָס אויך ניט הונדערט טויזנט! עס קען מעגלעך זיין, ספּעציעל ווען מען האָט גענומען אין אַכט, אַז דאָס שיקן אַ קינד אין אַ ישיבה קטנה איז געוואָרן אַ מאָדע, אַ זאַך מיט וועלכער אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע עלטערן האָבן שטאָלצירט און זיך איבערגענומען דערמיט. אָבער ניט בלויז צוליב אויסנעמען ביי לייטן האָט מען געשיקט קינדער אין די ישיבות. פיל, פיל אַמעריקאַנער אידישע עלטערן האָבן, ווי געזאָגט, געוואָלט מער אידישקייט. מער אינהאַלט. עכטע אידישקייט.

אָבער עס איז געווען אַ צייט, ווען אין סאַמע צענטער פון דער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, איז געשטאַנען די תלמוד תורה. דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות האָט די דאָזיקע צייט שוין ניט פאַרכאַפּט. ליידער! ליידער! געקומען קיין אַמעריקע פון האַוואַנאַ, קובאַ, ווען די תלמוד תורה איז שוין געווען אַביסל אין אַ זייט. און אין אַלגעמיין האָט מען אין די דרייסיקער יאָרן ניט גערעדט אַזויפיל וועגן חינוך. חינוך, אידישע דערציאונג, איז געוואָרן דער צענטראַל־פּונקט פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, ערשט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ערשט נאָך דעם גרויסן חורבן פון אייראָפּעאישן אידנטום און נאָך דעם אויפקום פון אידישן היימלאַנד!

דאָך אָבער האָט אונז פֿאַראינטערעסירט צו גיין זען די פּלעצער, וואו עס זיינען געשטאַנען די גרויסע אידישע תלמוד־תורה׳ס! די געגנט, וואו עס האָט געקאָכט מיט ברויזנדיק אידיש לעבן אין די קאָליר־פולסטע יאָרן פון דער אידישער מאַסן אימיגראַציע פון מזרח אייראָפּע.

וואוהין זיינען מיר אַוועק?

מיר זיינען אַוועק אין האַרלעם! אין דער געגנט, וואו עס איז אויס־געוואקסן אַ גאָר גרויסער טייל פון דער ניו־יאָרקער אידישער באַפעלקערונג און וואו עס האָבן זיך געפונען אין משך פון צענדליקער יאָרן גרויסע אידישע אינסטיטוציעס, וויכטיקע אידישע אַנשטאַלטן! און דאָ, אין האַרלעם, האָט, ווי באַוואוסט, זיך דאָך אויך געפונען די גרעסטע תלמוד־תורה, וואָס די אידן אין אַמעריקע האָבן אויפגעבויט!

זיינען מיר טאַקע אַוועק צו דעם דאָזיקן היסטאָרישן פּלאַץ, כדי צו באַפרידיקן אונזער נייגעריקייט, אונזער קוריאָזיטעט, וואָס איז געווען געמישט מיט אַ געפיל פון נאָסטאַלגיע און פיינלעכן ווייטיק. ווייל געוואוסט האָבן מיר דאָך אין פאָראויס, אַז דאָס וואָס מיר ווילן זען, וועלן מיר ניט געפינען. ווייל געגאַנגען זען זיינען מיר דאָס וואָס איז שוין מער ניטאָ. מיר זיינען געגאַנגען זען אַ שטיק אידישע בענקשאַפט!

אויף זייט 376 פון פנקס הקהילה דניו־יאָרק פון 1918 לייענען מיר דאָס פאָלגנדע:

„אָפּטאַון תלמוד תורה. (האַרלעם היברו אינסטיטוט). 132 איסט 111טע גאַס. געזעלשאַפטלעכע וואָכנטאָג־שולע. אָרגאַניזירט אין יאָר 1890. דאָס איז די גרעסטע אידישע שול אין אַמעריקע, וואו עס לערנען זיך 1475 אינגלעך. דאָ געפינט זיך אויך איינע פון די עקספּערימענ־טאַלע שולן פאַר מיידלעך אָנגעפירט פון דער ביוראָ אָוו עדיוקעישאָן. סעסיעס: זונטיק פון 9 אינדערפרי ביז 2 בייטאָג און יעדן וואָכנטאָג פון פיר בייטאָג ביז 8.30 אין אָוונט“.

עס איז געווען אין חודש יולי, ווען איך בין גראד געווען אויף מיין וואַקאַציע, און איך בין אַוועק אין איינעם אַ נאָכמיטאָג אויף אַ באַזוך צו דעם פּלאַץ, וואו עס האָט זיך געפונען „די גרעסטע אידישע שול אין אַמע־ריקע“. אין איין־וועגס בין איך שוין דורכגעגאַנגען כמעט גאַנץ האַרלעם, וואו עס האָט אַמאָל געקאָכט מיט היימישער אידישקייט. איך בין דורכ־געגאַנגען אַ גאַנצע ריי געוועזענע שולן, בתי מדרשים. איך בין פאַרביי־געגאַנגען דאָס פּלאַץ, וואו עס האָט זיך אַמאָל געפונען די באַרימטע אוהב צדק שול, וואו יאָסעלע ראָזענבלאַט פלעגט דאַוונען. אויך די געוועזענע

אינסטיטושאנאל סינאַגאָג. פאַרלאָזן, פאַרלאָזן, און פאַרגעסן. אין אייניקע געוועזענע שולן געפינען זיך איצטער קירכעס.

און אָט בין איך אויף איסט 111טע גאַס. עס איז איסט האַרלעם. איך גיי פון דער פינפטער עוועניו זייט און שנייד דורך מעדיסאָן און פאַרק עוועניוס. די געגנט איז פול מיט דער שרעקלעכסטער אָרעמקייט. אָבער איר זעט דאָ קוים אימיצן פון דער נעגערישער באַפעלקערונג. עס איז דאָ פול מיט ניי־געקומענע פון פּאָרטאָ ריקאָ. איר הערט דאָ מערסטנס שפּאַניש און קוים אַ וואָרט ענגליש. עס איז געקומען די נייעסטע פון די נייע אימיגראַציעס. זיי, די פּאָרטאָ־ריקאַנער מאַכן דורך די אַלע שוועריקייטן, וואָס יעדע אימיגראַציע מאַכט דורך ביי איר אָנהויב. און אָט קום איך ענדלעך אָן צום פּלאַץ. איך קוק, איך זוך אַ גרויסן בנין, ווייל אַזאַ שול ווי עס איז געווען די אָפּטאַון תלמוד תורה, וואָס האָט געהאַט איבער צוויי טויזנט קינדער, האָט געמוזט זיין אַ גרויסע געביידע. איך האַלט פאַרריסן דעם קאָפּ און זוך אַ גרויסן מויער. און איך דערזע טאַקע אויף דעם באַשטימטן פּלאַץ אַ מויער, און איבער דעם מויער — אַ גרויסער, אַ שטאַרקער שטיינערנער צלם. יאָ! דער אַלטער בנין איז אַרונטערגעריסן געוואָרן אין 1943 און אַ נייער איז אויפגעבויט געוואָרן אַלס מעמאָריאַל צו אַ קריסטלעכן רעליגיעזן פירער.

איך גיי ווייטער! איך וויל זעען, וואָס עס איז געוואָרן פון דעם בנין, וואו עס האָט זיך געפונען די רבי ישראל סאַלאַנטער תלמוד תורה, אויף 74 איסט 118טע גאַס. דאָ, זאָגט דער פּנקס הקהילה, האָבן זיך געלערנט 460 אינגלעך און 80 מיידלעך. די שול פלעגט לערנען זונטיק פון 9 ביז איינס און אינדערוואָכן פון פיר ביז אַכט. אויך אָוונט־קורסן זיינען דאָ געגעבן געוואָרן. עס איז געווען דאָרט אויך אַ אידישע האַי־סקול און דער בנין האָט, פּונקט ווי די אָפּטאַון תלמוד תורה, געדינט אַלס אַ געזעלשאַפטלעכער קולטור צענטער. דער „סוירקל אָוו דזשואיש טשילדרען“, אַן אָרגאַניזאַציע פאַר אידישע קינדער, וואָס איז דאַן געווען פּאָפּולער, פלעגט זיך דאָ פאַרזאַמלען.

נו, בין איך אָנגעקומען אויף נומער 74 איסט 118טע גאַס. אָבער עס איז דאָרט מער קיין נומער ניט געווען. דער נומער איז איבערגעהיפּערט געוואָרן. אַ ליידיק פּלאַץ האָב איך געטראָפן. די געביידע איז ניטאָ מער. און אין בראָנקס טעלעפאָן־בוך האָב איך געזען, אַז עס עקזיסטירט דאָרט יאָ אַ לער־אַנשטאַלט פאַר אידישע קינדער אויף דעם נאָמען פון ר׳ ישראל סאַלאַנטער. אָבער ניט אַלס תלמוד תורה מער. נאָר אַלס

ישיבה ומתיבתא רבי ישראל סאַלאַנטער. אויך אַן עלעמענטאַרע שול, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „אהבת תורה".

אין שייכות מיט דעם גאַנג פון אידישן לעבן אין פאַרשידענע טיילן פון ניו־יאָרק, נעמען מיר אַרויס אַן אינטערעסאַנטע שטעלע פון אַן אַרטיקל „וואָס איז געוואָרן פון די אנשי'ס אין האַרלעם", געשריבן פון ד. ק. אין דעם זאַמל־בוך „די אידישע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ניו יאָרק", צוגעגרייט דורך דער אידישער שרייבער גרופּע אויף דעם פעדעראַלן שרייבער פּראָ־יעקט, און אַרויסגעגעבן אין יאָר 1938 פון י. ל. פּרץ שרייבער פאַראיין. ד. ק. שרייבט: „אין יאָר 1870, ווען דער עלעוויייטעד פּאַרקער איז איינגע־שטעלט געוואָרן (ביז דער 145טער גאַס), האָבן זיך די אידן פון „דאַון טאַון" אַ לאָז געטאָן אַרויפצו, נאָך „בעדרומס". שפּעטער (1904—1906) ווען די סאָבוועי ליניע איז געצויגן געוואָרן ביז דער 221טער גאַס, זיינען אידן אַוועק העכער. אַזוי אַרום איז בראָנקס געוואָרן דער אידישער ישוב. אין דער צווישן צייט אָבער, פון 1870 ביז אומגעפער 1925, האָט די אידישע האַרלעם געשפּילט אַ וויכטיקע ראָלע".

און אין זיין אַרטיקל, אָנגעפילט מיט בענקשאַפט, באַריכטעט אויך דער שרייבער ד. ק. ווי אַזוי פון די מערסטע „אנשי", פון די מערסטע שולן, לאַנדסמאַנשאַפט־אָרגאַניזאַציעס, איז גאָרניט געבליבן. וואָס ער האָט געזען איז אויך בנינים פון שולן, בתי מדרשים, וואָס זיינען אָדער געווען ליידיק, פּוסט און פאַרלאָזן אָדער פאַרנומען פון קירכעס.

איך בין געגאַנגען איסט און וועסט, נאָרט און סאַוט; מזרח, מערב, צפון, דרום און איך האָב געפונען שפּורן, שפּורן פון אַ לעבן, וואָס איז ניטאָ מער! און דאָרט וואו איך האָב געטראָפן אַ מקום קדוש, וואָס האָט געזוכט נאָך אָנצוהאַלטן די עקזיסטענץ אינמיטן פון אַ פרעמדן ים, איז די פּיין געווען נאָך טיפער. די הילפלאָזיקייט, די פאַרלוירנקייט, האָט ממש געריסן קברים! אַזאַ בילד, וואָס איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער „בית מדרש הגדול דהאַרלעם", וואָס געפינט זיך אויף איסט 105טע גאַס, לעבן פּאַרק עוועניו. אַ ים מיט שפּאַניש־רעדנדיקע אימיגראַנטן פון פּאָרטאָ־ריקאָ. מען זעט קיין איין אידן ניט. און אינמיטן, עלנט און פאַרלאָזן — אַ פּראַכטפולע, אַ שיינע געביידע, מיט קאָלומנעס און טויערן, אין קלאַסישער אַרכיטעקטור. אָבער די געביידע איז געווען שטאַרק אָפּגעלאָזן. די געביידע האָט ווי געוויינט. אין בית מדרש הגדול האָט מען קוים מיט צרות געקענט אַ מנין צוזאַמענקלייבן, האָט מיר דער־ציילט אַ איד אין די טיפע זיבעציקער, וואָס איך האָב דאָרט געטראָפן.

אָבער דאָס אידישע לעבן גייט אָן! איז ניט אין האַרלעם, איז אין אַנדערע טיילן פון ניו יאָרק! דאָס אידישע לעבן איז געווען רייך און פאַר־שידנאַרטיק, פריער, ווען עס האָט זיך קאָנצענטרירט אין האַרלעם און איז געווען נאָך רייכער און נאָך פולבלוטיקער אין די פעריאָדן פון נאָך האַרלעם. און אַזוי איז עס אויך מיט אידישער דערציאונג.

עס איז געווען שטאַרק און קרעפטיק דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע, ווען די תלמוד תורה האָט דערגרייכט איר העכסטע הויך און האָט אַריינ־גענומען צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער אונטער איר דאַך. די תלמוד תורה אָבער, איז אויך אין אַמעריקע אָנגעהויבן געוואָרן אַלס אַ דערציאונגס־אַנשטאַלט פאַר אָרעמע קינדער בלויז.

ביי אייניקע תלמוד תורה׳ס האָבן זיך צוערשט אפילו געגרינדעט מלביש ערומים געזעלשאַפטן, אין וועלכע גוטהאַרציקע פרויען זיינען געווען טעטיק און געזאַמלט געלט פאַר שיך און קליידער פאַר די אָרעמע תלמידים׳־לעך. שפּעטער אָבער האָבן די תלמוד תורה׳ס זיך אַנטוויקלט אין גרעסערע שולן, וואוהין די פאַרשידענע פירנדע באַלעבאַטים, דירעקטאָרן פון די „תלמוד תורה אַסאָסיאיישאָנס" האָבן אָנגעהויבן צו שיקן אויך זייערע קינדער. דער פאַקט איז, אַז די ערשטע תלמוד־תורה׳ס האָבן אפילו ניט גערעכנט קיין שכר לימוד, ווייל מען האָט געהאַלטן, אַז די קינדער, וואָס גייען אין אַ תלמוד תורה קומען פון היימען, וואו מען קען קיין שכר־לימוד ניט צאָלן. פון דעם דאָזיקן מין איז געווען די מחזיקי תלמוד תורה, וועלכע האָט געדינט אַלס אַ מין מוסטער אויף דעם דאָזיקן געביט. די ערשטע מחזיקי תלמוד תורה איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1883 און איז געווען די ערשטע שול פון דעם מין געגרינדעט צו ווערן פון רוסישע אידן און האָט זיך געפונען אויף 225 איסט בראָדוויי. די דאָזיקע תלמוד־תורה האָט אויך געהאַט אַן אָפּטיילונג אויף 68 איסט זיבעטע גאַס. אין יאָר 1918 האָבן אין די צוויי תלמוד תורה׳ס געלערנט 821 אינגלעך און 476 מיידלעך. די מחזיקי תלמוד תורה׳ס אין מאַנהעטן האָבן אָבער אָנגעהויבן צו גיין באַרג אַראָפּ און די איסט סאַיד שול האָט זיך געהאַט פאַראייניקט מיט דעם בית ספר לאומי, אָבער זיי זיינען ביידע מיט דער צייט אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען. געבליבן פון די מחזיקי תלמוד תורה׳ס זיינען בלויז צוויי אין ברוקלין. אויף 225 איסט בראָדוויי, אויפן פּלאַץ פון דער ערשטער מחזיקי תלמוד תורה, האָט זיך געפונען אַ גרויסע בית יעקב שול פאַר מיידלעך.

אויך די דאַון־טאַון תלמוד־תורה אויף 394 איסט האָוסטאָן סטריט,

וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין 1890, און האָט געהאַט אַרום 800 קינדער, איז געווען איינע פון די גאָר געציילטע צו עקזיסטירן און האָט געהאַט נישט מער ווי 300 קינדער. דאָס איז געווען די איינציקע תלמוד־תורה, פון עלטערן מין, וואָס איז געבליבן אין מאַנהעטן. און מאַנהעטן, דאַרפן מיר געדענקען, האָט געהאַט די גרעסטע תלמוד־תורה׳ס אין גאַנץ אַמעריקע.

כאָטש אַ סך, אַ היפּשע צאָל קינדער־שולן האָבן זיך נאָך אַלץ גערופן תלמוד תורה׳ס (פּיל פון זיי האָבן זיך געפונען אין בראָנקס און אין לאָנג איילענד) איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דאָס זיינען שוין ניט געווען מער קיין תלמוד תורה׳ס אין דעם זינען, וואָס אַ תלמוד תורה האָט מיט זיך פאָרגע־שטעלט. זיי האָבן זיך גערופן „תלמוד תורה״ בלויז אַלס אַ מין סענטימענט פון פריערדיקע צייטן. די דאָזיקע „תלמוד תורה׳ס״ זיינען געווען שולן ביי קאָנגרעגאַציעס און דער מעטאָד פון לערנען איז אויך ניט געווען דער זעלבער ווי אין די אַמאָליקע תלמוד תורה׳ס. נאָך אַן אורזאַך, פאַרוואָס די תלמוד תורה׳ס זיינען מיט דער צייט געוואָרן אויסגעשפּילט איז דער פאַקט, וואָס אידישע עלטערן האָבן מער ניט געוואָלט שיקן זייערע קינדער פינף מאָל אַ וואָך לערנען, פון פיר בייטאָג ביז אַכט אין אָוונט און אויך זונטיק, פון ניין ביז איינס. די צייטן זיינען געווען אַנדערע. און די אַמערי־קאַנער־געבוירענע אָדער שטאַרק־אַמעריקאַניזירטע אידישע עלטערן וואָלטן ניט געשיקט זייערע קינדער אויף 25 שעה אַ וואָך לערנען אידישע לימודים נאָך די לאַנגע שעה׳ן אין פּאַבליק סקול, ווי דאָס איז געטאָן געוואָרן מיט יאָרן צוריק. דאָס איז געווען נאָך אַ סיבה, פאַרוואָס עס זיינען אויפגע־קומען די פולע טאָג־שולן, וואו דאָס לערנען איז געווען קאָמבינירט צווישן די אידישע און וועלטלעכע לימודים, און דאָס קינד האָט אין פיל פאַלן געלערנט פיל מער אידישקייט ווי אין דער תלמוד תורה און האָט מער ניט באַדאַרפט גיין אין „אַ צווייטער שול״, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער ערשטער.

די שייכות צווישן חדר און דער תלמוד תורה, און ווי אַזוי די תלמוד־תורה האָט געקראָגן די אויבערהאַנט איבער דעם חדר, איז זיכער איינע פון די גאָר אייגנאַרטיקע קאַפּיטלען אין דער געשיכטע פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. אָבער אַ גאָר נייַ און אינהאַלטסרייך קאַפּיטל אין דער אַנטוויקלונג פון דער אידישער דערציאונג איז דאָס אויפקומען פון די פולע מאָדערנע טאָג־שולן אין אַמעריקע. טאָג־שולן, וואָס האָבן זיך אָפּט געקענט פאַרגלייכן מיט די בעסטע פּריוואַטע שולן אין דעם רייכן לאַנד. אָבער דאָס איז שוין גאָר אַן אַנדער ענין, וועגן וועלכן מיר שרייבן גאַנץ באַזונדערס.

## 25

# תורה ומסורה האָט געהאָלפן שאַפן 56 ישיבות אין פאַרשידענע שטעט פון אַמעריקע אין ערשטע 10 יאָר פון איר עקזיסטענץ

**אָרגאַניזאַציע, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון „תורה און טראַדיציע" האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו העלפן גרינדן ישיבות קטנות אין אַלע באַדייטנדע אידישע ישובים פון אַמעריקע. — אין 1935 איז געווען בלויז איין ישיבה קטנה אויסער ניו־יאָרק. — אין 1957 זיינען אָבער געווען 110 ישיבות אין 73 פאַרשידענע שטעט. — די שטאַרקע באַוועגונג פון „פי־טי־איי'ס", וואָס די תורה ומסורה האָט געשאַפן, כדי צו לערנען די עלטערן, ווי אַזוי צו שאַפן אַ אידיש־טראַדיציאָנעלע היים.**

„תורה ומסורה" — תורה און טראַדיציע, דאָס איז דער נאָמען פון אַ נאַציאָנאַלער אידישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפ־גאַבע צו גרינדן פולע טאָג־שולן, ישיבות קטנות, אין אַלע וויכטיקע אידישע ישובים פון אַמעריקע און קאַנאַדע. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יוני, 1944, אין ניו־יאָרק, האָט אין משך פון די ערשטע צען יאָר פון איר עקזיסטענץ באַוויזן אויפצוטאָן ממש וואונדער־לעכע זאַכן. לויט די פאַרעפנטלעכטע סטאַטיסטיקעס ווערט אָנגעוויזן, אַז „תורה ומסורה" האָט אין די ערשטע 10 יאָר פון איר עקזיסטענץ געהאָלפן גרינדן 56 ישיבות אויסער ניו־יאָרק.

אָט איז דאָס בילד פון די ישיבות קטנות, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען אין מאַי, 1954, צען יאָר נאָך דער גרינדונג פון „תורה ומסורה": אין גאַנץ אַמעריקע — 157 טאָג־שולן. פון זיי — 68 אין ניו־יאָרק. 89 אין פאַר־שידענע שטעט פון לאַנד. גענוי, — די ישיבות געפינען זיך אין 69 פאַרשי־

דענע אידישע געמיינדעס אין 24 פאַרשידענע שטאַטן, ווי אויך אין דער הויפּט־שטאָט פון אַמעריקע, וואַשינגטאָן, וואָס באַלאַנגט צום דיסטריקט אָוו קאָלאָמביע.

די תורה ומסורה, וועלכע האָט גענוצט די סאַמע מאָדערנסטע מיטלען אָנצופירן איר פּראָפּאַגאַנדע פאַר דער גרינדונג פון וואָס מער ישיבות אין אַמעריקע, האָט אָפּגעדרוקט אַ סך אינטערעסאַנטע און גוט באַאַרבעטע אינפאָרמאַציע וועגן דער געשיכטע און וועגן דער אַנטוויקלונג פון דער ישיבה־באַוועגונג אין אַמעריקע. מיר ברענגען דאָ אַ ריי וויכטיקע ציפערן, וואָס רעדן פאַר זיך אַליין.

די ערשטע אידישע טאָג־שול אין אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק, אין יאָר 1730, און האָט געטראָגן דעם נאָמען: „ישיבת מנחת ערב". אויסער די טראַדיציאָנעלע אידישע לימודים, האָט מען דאָרט געלערנט „שפּאַניש, ענגליש, שרייבן און אַריפמעטיק". אַרום 1854 האָבן די אידן אין אַמעריקע שוין געהאַט זיבן טאָג־שולן. אין דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט האָט מען אין אַמעריקע זיך שטאַרק קאָנצענטרירט אויפן אויפבוי פון די עפנטלעכע רעגירונג־שולן און אידן האָבן מערסטנס שוין געבויט בלויז תלמוד תורה'ס און חדרים.

אין 1935 זיינען אין ניו־יאָרק געווען 16 ישיבות קטנות.
אין 1944 — 33 ישיבות.
אין 1948 — 56 ישיבות.
אין 1953 — 68 ישיבות.
אין 1957 — 117 ישיבות.

דאָס אַלץ איז אין ניו־יאָרק. וואָס עס איז שייך די אַנדערע שטעט אין אַמעריקע איז דאָס בילד געווען ווי פאָלגט:
אין 1935 — קיין ישיבה.
אין 1944 — 12 ישיבות.
אין 1948 — 55 ישיבות.
אין 1953 — 89 ישיבות.
אין 1957 — 110 ישיבות.

ווען איר באַקענט זיך מיט אָט די דאָזיקע ציפער, קענט איר זיך באמת ניט העלפן און איר מוזט צושטימען צו דעם, וואָס עס זאָגט זיך אין איינעם פון די אויפרופן פון דעם נאַציאָנאַלן אָפּיס פון דער „תורה ומסורה", אַז „קיין שום אַנטוויקלונג אין דער געשיכטע פון דער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, איז ניט געווען אַזוי אויסערגעוויינלעך און וויכטיק ווי דער

וואוקס פון דער העברעאישער טאָג־שול (היברו דעי־סקול) באַוועגונג אין די לעצטע עטלעכע יאָר". און אַז איר גיט אַ רעכן און גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון פון דעם, וואָס עס קומט פאָר פאַר אונזערע אייגענע אויגן, באַגרייפט איר, אַז דאָס גרינדן פון פולע טאָג־שולן איבער גאַנץ אַמעריקע איז געוואָרן אַן ענין פון אַ מין „מאַסן באַוועגונג". ווייל אין יאָר 1935 איז געווען בלויז איין ישיבה קטנה אין איין שטאָט פון אַמעריקע, אויסער ניו־יאָרק. די דאָזיקע שטאָט איז געווען באַלטימאָר, אויף וועמענס זכות עס איז אויסגעפאַלן נאָך אין די מיטל־דרייסיקער יאָרן צו האָבן אַ ישיבה. אין 1954 האָט אָבער באַלטימאָר שוין געהאַט דריי ישיבות. און איבער גאַנץ אַמעריקע (אויסער ניו־יאָרק) איז די צאָל ישיבות געוואָקסן פון איינער צו 110, וואָס אין מאַטעמאַטיק מיינט עס אַ וואוקס פון איבער עלף טויזנט פראָצענט. אַ היפּשער וואוקס, מען קען ניט זאָגן.

דער נאַציאָנאַלער אָפיס פון דער „תורה ומסורה" האָט זיך צוערשט געפונען אויף 132 נעסאו סטריט. צוליב דעם, וואָס די אַרבעט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע האָט זיך צעוואַקסן, זיינען נויטיק געוואָרן מער אָפיס־צימערן און די „תורה ומסורה" האָט זיך אַריבערגעצויגן אויף 5 ביקמאַן סטריט, אַ געביידע, וואו עס האָבן זיך געפונען די נאַציאָנאַלע אָפיסעס פון דער אגודת ישראל און פון דער צעירי אגודת ישראל. די געגנט ניט ווייט פון ניו־יאָרקער סיטי האָל האָט געהאַט אַ גאַנצע ריי נאַציאָנאַלע אָפיסעס פון די אָרטאָדאָקסישע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמעריקע.

ווען איך האָב איבערגעשיקט צו דר. יוסף קאַמענעצקי, עקזעקוטיוועד דירעקטאָר פון תורה ומסורה, אונזער באַשרייבונג, האָט ער, נאַטירלעך, מיר געמאַכט אַ צאָל נויטיקע אָנווייזונגען און, גאַנץ באַזונדערס זיך אָפּגעשטעלט אויף דער באַמערקונג, אַז די „תורה ומסורה" האָט זיך געפונען אין דער זעלביקער געביידע, וואו די נאַציאָנאַלע אָפיסעס פון דער אגודת ישראל. „מען קען נאָך דערפון אַרויסדרינגען, אַז די תורה ומסורה איז פאַרבונדן מיט דער אגודה" — האָט דר. קאַמענעצקי מיר אָנגעוויזן. „מיר זיינען מיט דער אגודה ניט פאַרבונדן" — האָט ער קאַטעגאָריש דערקלערט.

שפּעטער, ווען איך האָב זיך ווידער אַמאָל געטראָפן מיט דר. קאַמע־נעצקי'ן, און אים געפרעגט פראָסט און פּשוט, פאַרוואָס ער געפינט עס פאַר אַזוי נויטיק צו לייקענען, אַז די תורה ומסורה איז ניט פאַרבונדן מיט דער אגודת ישראל, האָט ער מיר אָנגעוויזן, אַז ער טוט עס דערפאַר, ווייל ער וויל, אַז מען זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל וויסן, אַז די תורה ומסורה איז

אַן אָרגאַניזאַציע צו שאַפן ישיבות פאַר אַלע אידן, און אַז עס אַרבעטן־מיט אין דער תורה ומסורה אי מענטשן פון דער אגודה, אי פון דער מזרחי און הפועל המזרחי, אַלגעמיינע ציוניסטן און אַ. וו. ער וויל ניט, אַז מען זאָל פאַרשפרייטן די ניט־ריכטיקע ידיעה, אַז די „תורה ומסורה״ איז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אונטער דעם איינפלוס פון דער אגודת ישראל.

דער פאַקט, וואָס אַ צאָל פירנדע מיטגלידער פון דער אגודה זיינען פירער פון דער „תורה ומסורה״, דאָס באַוויזט גאָרנישט, האָט מיר דר. קאַמענעצקי אויפגעקלערט. עס זיינען צווישן די טוער אין דער „תורה ומסורה״ פאַראַן מענטשן פון פאַרשידענע גרופּירונגען, אָט איז ער זעלבסט אַ נאַציאָנאַלער וויצע־פּרעזידענט פון הפועל המזרחי — האָט מיר דר. קאַמענעצקי אָנגעוויזן.

עס איז געווען אַ דאָנערשטיק אין חודש מאַי, ווען עס איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען אַ פּאָר שעה צייט אין דעם אָפיס פון דער „תורה ומסורה״ און האָבן אַ שמועס מיט דר. יוסף קאַמענעצקי, וועלכער איז אין 1946 געוואָרן דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר און אָנפירער פון דערציאונגס־דעפּאַרטמענט פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. הרב קאַמענעצקי האָט געלערנט אין ישיבה יצחק אלחנן און האָט אויך גראַדואירט פון דעם לערער קאָלעדזש פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. דר. קאַמענעצקי איז געווען אין משך פון עטלעכע יאָר דערציאונגס־דירעקטאָר פון „אידישן צענטער״ אויף וועסט 86טע גאַס, מאַנהעטן, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון הרב לעאָ יאַנג און ער האָט מיטגעאַרבעט מיט הרב יאַנג ביים צוגרייטן אַ בוך, טיטולירט „אַ מוסטער פּראָגראַם פאַר דער תלמוד תורה״. הרב קאַמענעצקי האָט זיך אַרויסגעצייגט צו ווערן די דינאַמישע קראַפט פון דער תורה ומסורה באַוועגונג, וואָס איז אויפגעקומען אַלס רעזולטאַט פון דעם דראַנג אין אַמעריקאַנער אידנטום צו אַ פולער אידישער דערציאונג.

דר. קאַמענעצקי איז אין די יאָרן פון 1947 ביז 1957 אַרומגעפאָרן אַ שפּאָר ביסל איבער דער לענג און ברייט פון אַמעריקע און באַזוכט פיל, פיל פון די אידישע געמיינדעס, וואו עס איז געווען וועלכער־עס־איז אויסזיכט פאַר דער גרינדונג פון אַ ישיבה קטנה. און אינטערעסאַנט ביז גאָר איז די מאַפּע און די פאַרשידענע דיאַגראַמען, וואָס זיינען געהאנגען גלייך ביי דעם אַריינגאַנג פון די אָפיסעס פון דער „תורה ומסורה״. איר האָט דאָרט געזען פאַרשידענע סימבאָלן, קאָלירטע קעפלעך, וואָס ווייזן אייך אָן, אַז פון באָסטאָן ביז מיאַמי און פון ניו־דזשוירזי ביז קאַליפאָרניע זיינען שוין געווען ישיבות. אָבער ניט כדי צום באַרימען זיך, חלילה, האָט די

תורה ומסורה צוגעגרייט די מאַפּעס און דיאַגראַמען! ניין! ווען איר לייענט זיך אַריין טיפער אין דער אינפאָרמאַטיווער ליטעראַטור פון אָט דער אָרגאַניזאַציע, זעט איר, אַז די פירער האַלטן אין איין האַמערן אויף איין וויכטיקן פונקט, און דאָס איז, אַז עס זיינען פאַראַן פיל, פיל באַדייטנדע אידישע ישובים, וואו עס זיינען נאָך אַלץ ניטאָ קיין ישיבות. און דאָ דערזעט איר פלוצים, און איר מוזט זיי באמת באַוואונדערן: די תורה ומסורה האָט דורכגעפירט אַ גענויע סטאַטיסטיק פון אַלע שטעט אין אַמעריקע, וואו עס



דר. יוסף קאַמענעצקי
עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון תורה ומסורה

געפינט זיך אַ אידישע באַפעלקערונג פון 25 טויזנט און העכער און האָבן ניט קיין ישיבה: אויך פון אַלע שטעט, וואָס פאַרמאָגן אַ אידישע באַפעלקערונג פון צוואַנציק, פופצן, צען און פינף טויזנט און העכער, און האָבן נאָך ניט קיין ישיבה. און דאָס איז נאָך אַלץ ניט גענוג! די תורה ומסורה אָרגאַניזאַציע האָט אויך געמאַכט אַ שטודיום פון אַלע שטעט, וואו עס געפינען זיך פון טויזנט ביז 5 טויזנט אידן און דער רוף איז געווען דער זעלביקער: אויב איר ווילט דערציען גוטע אידן און גוטע אַמעריקאַנער, דאַן גרינדעט ביי

איך אין שטאָט אַ ישיבה און גיט אייערע קינדער אַ פולע, עכט אינטענסיווע אידישע רעליגיעזע דערציאונג!

ווי אַזוי אַרבעט די תורה ומסורה? אַ פאָרשטייער פון נאַציאָנאַלן אָדער רעגיאָנאַלן אָפיס קומט אין אַ שטאָט. עס ווערט גערופן אַ מיטינג פון אַלע צדדים, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין אַ טראַדיציאָנעלער רעליגיעזער אידישער דערציאונג. אָפטמאָל ווערט דערגרייכט אפילו אַ פאַראייניקטער פראָנט פון עלעמענטן אין אידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן וואָס געוויינלעך גייען זיי ניט צוזאַמען, ווייל זיי באַלאַנגען צו פאַרשידענע ציוניסטישע אָדער רעליגיעזע גרופּירונגען. ווען עס קומט אָבער צו דער פראַגע פון אַ פולער אידישער שול און זיי ווייסן, אַז מער ווי איין שול וועלן זיי אין זייער שטאָט ניט קענען שאַפן, דאַן אָרגאַניזירן זיי אַ געמיינזאַמען קאָמיטעט און עס ווערט געלייגט דער פונדאַמענט פאַר אַ פולער טאָג־שול. נאַטירלעך, עס נעמט אַ היפּשע צייט, אַ יאָר אָדער צוויי, איידער די שול הויבט אָן צו פונקציאָנירן. עס ווערן צוערשט אָפּגעהאַלטן אַ ריי קליינע פאַרזאַמלונגען, אָנפאַנגס־אָן טראָגן זיי דעם כאַראַקטער פון „פאַרלאָר מיטינגען" און עס ווערט געשאַפן אַ גענוגענדער פאָנד צו עפענען אַ קינדער גאָרטן און דעם ערשטן און צווייטן קלאַס. אַמאָל איין קלאַס מער, אָדער איין קלאַס ווייניקער. אַזוי איז דאָס געווען אין אַסבורי פאַרק, ניו דזשוירזי, אַזוי איז דאָס געווען אין ספרינגפילד, מאַסאַטשוזעטס און אַזוי איז עס אויך געווען אין אלענטאַון, פענסילווייניאַ, צי אין מאָנטיסעלאָ, ניו יאָרק און אין צענדליקער אַנדערע גרעסערע און קלענערע שטעט פון אַמעריקע.

ווער האָט אָנגעפירט מיט דער באַוועגונג פון דער „תורה ומסורה", וואָס אויף ענגליש טראָגט זי דעם נאָמען „נעשאָנעל סאָסייעטי פאָר היברו דעי סקולס"?

צווישן די גרינדער פון תורה ומסורה האָט זיך געפונען הרב פייוול מענדעלאָוויץ, וועלכער איז געווען איינער פון די הויפּט־בויער פון דער ישיבה באַוועגונג אין אַמעריקע. די וויכטיקסטע רבנים און גדולי תורה פון אַמעריקאַנער אידנטום האָבן זיך געפונען אין דער פירערשאַפט פון אָט דער אָרגאַניזאַציע, צווישן זיי אויך הרב הגאון ר' אהרן קאָטלער, דער מנהל פון בית מדרש גבוה פון לעיקוואוד, ניו דזשוירזי. אַ גאַנצע ריי פון די אַקטיווסטע געזעלשאַפטלעכע טוער אויף דעם געביט פון אָרטאָדאָקסישן אידישן חינוך אין פאַרשידענע שטעט איבערן לאַנד זיינען געווען אַקטיוו אין דער תורה ומסורה באַוועגונג.

די „תורה ומסורה" אָרגאַניזאַציע האָט אין משך פון איר פרוכטבאַרער

עקזיסטענץ אַנטוויקלט אַ גאָר אָריגינעלע אידייע אין איר שטרעבונג צו פאַרשטאַרקן די באַוועגונג פאַר טראַדיציאָנעלער תורה אידישקייט אין אַמעריקע. די אידייע איז באַשטאַנען אין שאַפן אַ שטאַרקע באַוועגונג פון „פי־טי־איי״ס״, וואָס איז אַ פאַרקירצונג פון דעם אַמעריקאַנער נאָמען „פּע־רענטס טיטשערס אַסאָסיאיישאָן״. אָרגאַניזירט געוואָרן איז די „נעשאָנעל אַסאָסיאיישאָן אָוו היברו דעי סקול פּיטי־איי״ס״ אין יאָר 1948. די דאָזיקע אַסאָסיאַציע האָט געהאַט רעגיאָנעלע אָפּטיילונגען אין ניו־ענגלאַנד, אין דער מיד־אַטלאַנטיק געגנט, אין דער מיטלוועסט און אין אַ צאָל אַנדערע געגנטן פון לאַנד. אין 1951 איז צוליב דעם גוטן אויסזיכט אויף דער צוקונפט געעפנט געוואָרן אַ גאַנץ באַזונדערע אָפּטיילונג פון „תורה ומסורה״ אין דאַלאַס, טעקסעס, כדי צו דינען בעסער די נויטן פון דער סאַוט און סאַוט־וועסט.

צוליב וואָס פאַר־אַ צוועק זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן די עלטערן פאַרבאַנדן פאַר די ישיבות?

ניט כדי צו העלפן שאַפן פאָנדן פאַר די שולן. כאָטש דאָס איז אויך וויכטיק. הויפּטזעכלעך זיינען אָבער די עלטערן־אַסאָסיאַציעס געשאַפן גע־וואָרן, כדי צו שטאַרקן די ישיבות גייסטיק און אויך כדי, אין פיל פאַלן, צו געבן לעקציעס און קורסן פאַר די עלטערן גופא, אַז זיי זאָלן שאַפן אַ פּאַסנדע אידיש־טראַדיציאָנעלע היים, וואו די קינדער זאָלן האָבן אַ פאַר־זעצונג פון דער אידישקייט, וואָס מען לערנט זיי אין סקול. יעדן יאָר איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַ נאַציאָנאַלע קאָנווענשאָן פון פאָרשטייער פון די עלטערן פאַראיינען ביי די ישיבות. צו אַזאַ נאַציאָנאַלן צוזאַמענפאָר זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַרום 500 דעלעגאַטן און האָבן דיסקוטירט פאַרשידענע פּראָבלעמען אין שייכות מיט די ישיבות קטנות. איידער עס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער יערלעכער נאַציאָנאַלער צוזאַמענפאָר, זיינען דורכגעפירט געוואָרן רעגיאָנעלע צוזאַמענפאָרן פון די ישיבות אין די פאַרשידענע געגנטן פון לאַנד. די רעגיאָנעלע צוזאַמענפאָרן האָבן געהאָלפן שאַפן אַ משפחה׳דיק געפיל צווישן די ישיבות פון דערבייאיקע שטעט און עס איז אויך פאָרגע־קומען אַן אויסטויש פון אידייען, וואָס האָט געהאָלפן לייכטער מאַכן די פאַרשידענע שול־פּראָבלעמען. די אַסאָסיאַציע פון עלטערן־לערער פאַרבאַנדן ביי דער „תורה ומסורה״ האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן זשורנאַל „די דזשואיש פּערענט״, וואָס איז דערשינען פינף מאָל אַ יאָר. דער זשורנאַל, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פּראָפּאַגאַנדע־מאַטעריאַלן, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט אַרויסגעגעבן, איז געווען אין ענגליש. „תורה ומסורה״ האָט אויך

אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל פאַר קינדער, וואָס האָט געטראָגן דעם העברעאישן נאָמען „עולמנו״ (אונזער וועלט). דער זשורנאַל, וואָס איז געווען רעדאַקטירט פון הרב בערנאַרד מערלינג, איז דערשינען צען מאָל אַ יאָר און האָט געהאַלטן געוויינלעך 16 זייטן. איין זייט איז געווען אין העברעאיש. די אַנדערע זיינען געווען אין ענגליש. דער זשורנאַל איז געווען פיין אילוסטרירט און געבראַכט מעשיות און געשיכטעס וועגן אידישע ימים טובים, אידישע געשעענישן און אַ. וו.

תורה ומסורה האָט אויך געהאַלטן אין אַנטוויקלען אַ פאַרלאַג, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל לערנביכער און אויך ביכלעך צום לייענען. צווישן די לייען־ביכלעך פאַר קינדער האָבן זיך געפונען די „סטאָרי אָוו דהי ווילנא גאון״ און די „סטאָרי אָוו דהי חתם סופר״.ביידע זיינען געווען אין ענגליש. אין קאַטאַלאָג פון פאַרלאַג זיינען אויך אויסגערעכנט געוואָרן ביכלעך וועגן דעם לעבן פון רבי עקיבא, וועגן חפץ חיים, די געשיכטע פון פסח און אַ ריי אַנדערע.

אין אַלע זייערע ווענדונגען, אויפרופן, בראָשורן און דעקלאַראַציעס, האָבן די פירער פון דער „תורה ומסורה״־באַוועגונג אָנגעוויזן דערויף, אַז זיי שטרעבן ניט בלויז דערצו, אַז די ישיבה־באַוועגונג זאָל וואַקסן האָריזאָנטאַל, אין דער ברייט, הייסט עס. זיי טוען אויך אַלץ, וואָס איז אין זייערע מעגלעכקייטן, אַז די ישיבות זאָלן וואַקסן אויך ווערטיקאַל, אין דער הויך און אין דער טיף, קוואַליטאַטיוו, הייסט עס. אין אַ ספּעציעלער ווענדונג צו די אידישע עלטערן איבערן לאַנד, האָט די תורה ומסורה געזאָגט אַזוי: „איר ווייסט, אַז ביים בויען אַ געביידע, אויב איר ווילט גיין העכער און העכער, מוזט איר גיין אַלץ טיפער מיט דעם פונדאַמענט״. די פירער פון תורה ומסורה האָבן אונטערגעשטראָכן ווידעראַמאָל און אָבעראַמאָל, אַז זיי ווילן, אַז אין די ישיבות קטנות זאָל געלערנט ווערן אינטענסיוו, שווער, ערנסט. און כדי צו דערגרייכן אָט דעם ציל, האָט זיך די צענטראַלע פון דער אָרגאַניזאַציע אויך אונטערגענומען איינצופירן אַ בעסערע סיסטעם פון קריגן פּאַסנדע לערער פאַר די טאָג־שולן. פאַר דעם צוועק האָט דער ספּעציעלער אַדמיניסטראַטיווער ראַט פון רבנים ביי דער תורה ומסורה צוזאַמען מיט דער נאַציאָנאַלער פעדעראַציע פון ישיבה־לערער און פּרינציפּאַלס, געשאַפן אַ נאַציאָנאַלע לאַיסענס־באָארד פאַר ישיבה־לערער. אַ ספּעציעלע פּראָגראַם פון פאָדערונגען צו די צוקונפטיקע לערער־קאַנדידאַטן איז אויסגעאַרבעט געוואָרן. די „תורה ומסורה״ האָט אָנגעהאַלטן אַ ספּעציעלע ביוראָ, וואָס האָט געגעבן באַשעפטיקונג צו לערער און פּרינ־

ציפּאַלס און אויך צו אַנדערע באַאַמטע פאַר די ישיבות. די אָרגאַניזאַציע האָט געזוכט אויך צו שאַפן אַ העכערן און איינהייטלעכן סטאַנדאַרד פון לערער אין די טאָג־שולן, אַ פּראָבלעם, זאָגט די תורה ומסורה זעלבסט, וואָס עס איז שוין פון לאַנג צייט געווען צו לייזן.

די תורה ומסורה אָרגאַניזאַציע האָט ביי אירער אַ קאָנווענשאָן אין 1955 אין לעיקוואוד, אָנגענומען אַ באַשלוס מיט אַ רוף צו שאַפן לערער־סעמינאַרן ביי אַלע העכערע ישיבות אין אַמעריקע, כדי צו העלפן לייזן דעם דוחק אין פּאַסנדע לערער פאַר די ישיבות קטנות.

אין יאַנואַר, 1956, האָט „תורה ומסורה" געשאַפן טאַקע אַזאַ לערער־אינסטיטוט. אין דעם ערשטן יאָר האָבן זיך רעגיסטרירט אַרום דרייסיק ישיבה־בחורים, קאַנדידאַטן פאַר לערער. זיי זיינען געקומען פון די פאָלגנדע ישיבות גדולות: תורה ודעת, חיים בערלין, מירער ישיבה, תפארת ירושלים, בית יוסף און אַ צאָל אַנדערע. געלערנט האָט מען דריי מאָל אַ וואָך: זונטיק און דינסטיק און דאָנערשטיק אין אָוונט. דער קורס איז באַשטאַנען פון צוויי יאָר. געלערנט האָט מען די העברעאישע שפּראַך, דקדוק, העברעאיש רעדן, אידישע געשיכטע, מעטאָדן פון לערנען און פּראָבלעמען, וואָס לערער האָבן אין די שולן. אויסער דעם האָבן די סטודענטן פון לערער־אינסטיטוט פּראַקטיצירט לערעריי אין אַ צאָל ישיבות, אַלס אַ טייל פון זייער שטודיום. דער קורס פאַר די צוקונפטיקע לערער איז געגעבן געוואָרן אין ישיבת איסטערן פּאַרקוועי. נאָך דעם ערשטן סעמעסטער זיינען צוגעקומען נאָך 15 קאַנדידאַטן פאַר לערער, אָבער עס זיינען אין דער זעלבער צייט אַרויס־געפאַלן אַ צאָל, און די אַלגעמיינע צאָל סטודענטן איז נאָך אַלץ געווען אַרום דרייסיק. עס איז אויך געפּלאַנט געוואָרן אַ ספּעציעלער קורס פאַר צוגרייטן פּרינציפּאַלס פון ישיבות.

די תורה ומסורה האָט אויך אָרגאַניזירט אַ קאָמיסיע פון פּרינציפּאַלס, אָנפירער פון ישיבות, וועמענס אויפגאַבע עס איז צו שטודירן די דערגרייכונגען אויפן פּעדאַגאָגישן געביט. עס איז אַ פאַקט, אַז אין די מערסטע ישיבות קטנות זיינען די וועלטלעכע, סעקולערע לימודים אַוועקגעשטעלט געוואָרן אויף אַ גאָר הויכער מדרגה. גאָר אָפט — פיל, פיל בעסער ווי אין די רעגירונגס שולן. דערפאַר האָבן די פירער פון תורה ומסורה געשטרעבט, אַז די אידישע לימודים זאָלן אַלץ מער פאַרטיפט און פאַרבעסערט ווערן. און זיי האָבן טאַקע אָנגעוויזן, אַז אויב זיי ווילן אויך ווייטער זיין אַ דערפאָלג, מוז דער „פּראָדוקט" פון די ישיבות קטנות, דער רעזולטאַט, זיין דער בעסטער.

„דער וואוקס פון דער טאָג־שול באַוועגונג שטעלט פאַר אונז אַוועק אַלס אַ גאָר וויכטיקע אויפגאַבע דאָס אונטערוואַרפן אונזער דערציאונגס־סיסטעם צו אַ קריטישן, פיינלעכן אַנאַליז״ — אַזוי האָט געזאָגט די תורה ומסורה אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געפאָדערט פון אירע פירער צו זיין קריטיש צו זיך זעלבסט, כדי צו שאַפן מיט דערפאָלג און פאַראַנטוואָרטלעכקייט פולע טאָג־שולן, ישיבות קטנות, אין אַלע גרעסערע און קלענערע אידישע געמיינדעס פון אַמעריקע.

## 26

# מזרחי דערציאונגס קאָמיטעט העלפט גרינדן ישיבות אין די „פּראָווינצ״ קהילות

**מזרחי האָט געגרינדעט ועד החינוך אין 1939 און איז געווען די ערשטע „צו באַזיגן״ די סאַוט פאַר אַ פולער אידישער דערציאונג. — ישיבות קטנות, פולע טאָג־שולן, געגרינדעט אין אַ צאָל שטעט פון די דרום שטאַטן. — מזרחי האָט געזוכט אויך צו פאַרשטאַרקן די תלמוד־תורה׳ס. — מזרחי ועד החינוך האָט אַנטוויקלט אַ גרויסע פאַרלאַג טעטיקייט. — האָט דורכגעפירט פיאָנערן אַרבעט פאַר מער צוגענגלעכע מעטאָדן צו לערנען גמרא מיט אַמעריקאַנער אידישע קינדער. — ועד החינוך איז אָרטאָדאָקסיש מיט אַ ליבעראַלן צוגאַנג.**

דער נאַציאָנאַלער דערציאונגס־קאָמיטעט פון דער מזרחי באַוועגונג אין אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1939 און גלייך פון אָנהויב אָן האָט ער זיך געשטעלט אַלס זיין אויפגאַבע צו פאַרשטאַרקן רעליגיעזע אָרטאָדאָקסישע אידישע דערציאונג הויפּטזעכלעך „אויף דער פּראָווינץ״. עס איז געווען ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען קיין אַמעריקע זיינען אָנגעקומען צענדליקער וויכטיקע אידישע דערציער פון דייטשלאַנד, פוילן און אַנדערע לענדער פון מזרח אייראָפּע, און נייע ישיבות און שולן פון אָרטאָדאָקסישן כאַראַקטער האָבן אָנגעהויבן אויפצוקומען אין ניו יאָרק און אומגעגנט. ווינציק, גאָר ווינציק, איז אָבער געטאָן געוואָרן אין די אַנדערע אידישע געמיינדעס אין אַמעריקע. האָבן דאָן אַ ריי אַקטיווע טוער פון דער מזרחי באַוועגונג אין ניו־יאָרק פאַרטראַכט דעם פּלאַן צו שאַפן אַ ספּעציעלן דערציאונגס־קאָמיטעט כדי אָנצוהויבן אַ פּלאַנמעסיקע אַרבעט אין די פּאַרוואָרפענע אידישע קהילות פון דער סאַוט און וועסט

און מידלוועסט, וואו מען האָט ביז דאַן אפילו קיינמאָל ניט געחלומ׳ט צו האָבן אַ ישיבה.

און ווי זאָגט דאָרט דאָס ווערטל: געריעדט און געטאָן! אָבער רעדן רעדט זיך, נאַטירלעך, פיל לייכטער ווי עס טוט זיך. עס האָט זיך געפאָדערט פיל פיאָנערישער גייסט, פיל אויסדויער און מוט צו קומען „אינמיטן דעריי־נען" אין אַ שטאָט אַזאַ ווי טשאַטאַנוגא, אין טענעסי, וואָס האָט אַ גאָר קליינע אידישע קהילה, און אָנהויבן די אַרבעט צו גרינדן אַ ישיבה. דערצו דאַרף מען נאָך וויסן, אַז אין טשאַטאַנוגא האָט זיך געפונען איינע פון די אַקטיווסטע קריסטלעכע געזעלשאַפטן, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאַר־שפרייטן „די באַיבל". אַ דאַנק דעם איינפלוס פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט איז אין די פּאָבליק סקולס פון דער שטאָט געלערנט געוואָרן גאַנץ געשמאַק די קריסטלעכע לערע. און צווישן די, וואָס האָבן איינגעזאַפּט די קריסטלעכע דאָגמעס האָבן זיך געפונען אויך אַ היפּש ביסל אידישע קינדער. איז פאַר דעם שרייבער פון די שורות טאַקע געווען גאָר אינטערעסאַנט צו הערן פון מר. איזידאָר מאַרגאָליס, עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון מזרחי׳ס ועד החינוך, ווי אַזוי ער איז צום ערשטן אַריינגעפאָרן קיין טשאַטאַנוגאַ. ווי אַזוי ער איז פאַרפאָרן אין אַ רייכן פּאַלאַץ פון איינעם פון די דאָרטיקע תושבים און ווי אַזוי ער האָט טראָט־ביי־טראָט באַדאַרפט אָנהויבן צו גיין אויפן וועג פון לייגן דעם פונדאַמענט פון דער ישיבה. נאַטירלעך, אַז דער אָרטאָדאָקסישער רב פון דער לאָקאַלער שול איז געווען אַקטיוו אין דער גאַנצער אונטער־נעמונג. עס האָט זיך אָבער געפאָדערט אַ טרייב־קראַפט פון דעם נאַציאָנאַלן צענטער, פון ניו יאָרק, הייסט עס, אַז די לאָקאַלע באַלעבאַטים זאָלן זיך אפילו צוהערן צו אַזאַ „ווילדן" געדאַנק, ווי גרינדן אַן אָרטאָדאָקסישע ישיבה, אַ פולע טאָגשול טאַקע ביי זיי, אַזש אין טשאַטאַנוגאַ, טענעסי. און אַזוי איז עס געוואָרן! אַ מיטינג נאָך אַ מיטינג און דער סוף איז געווען — טשאַטאַנוגאַ האָט שוין געהאַט אַ ישיבה, וואָס האָט געציילט 85 קינדער. און די קהילה פון טשאַטאַנוגאַ, דאַרפט איר וויסן, האָט געציילט ניט מער ווי אַרום פיר טויזנט אידן.

(די געשיכטע וועגן דער ישיבה אין טשאַטאַנוגאַ, טענעסי, ברענגען מיר אַלס אַן אילוסטראַציע, ווי אַזוי די אַרבעט פון גרינדן ישיבות אין דער סאַוט איז צוגעגאַנגען. פון די ניי־געגרינדעטע ישיבות האָבן זיך אייניקע אויך גאַנץ שנעל פאַרמאַכט. פון יאָר צו יאָר האָט זיך דאָס בילד אָפּט געביטן, אָבער די צאָל ישיבות האָט זיך כסדר געהאַלטן אין פאַרגרעסערן.)

די מזרחי באַוועגונג איז געווען די ערשטע, וואָס האָט דורכגעבראָכן

די באַריערן פֿאַר אַ פֿולער אידישער דערציאונג אין דער וויטערער סאַוט. די אַרבעט, ווי געזאָגט, איז ניט געווען קיין לייכטע, אָבער עס זיינען שוין געווען איבער 10 ישיבות אין די דרום שטאַטן פֿון טענעסי, דזשאָרדזשיאַ, קענטאַקי, פֿלאָרידא און אַנדערע. עס זיינען שוין אפילו אָפּגעהאַלטן געוואָרן ספּעציעלע צוזאַמענפֿאָרן פֿאַר אַ פֿולער אידישער דערציאונג אין דער סאַוט. זיבן פֿאַרשידענע שטאַטן פֿון דרום־מזרח ברעג האָבן זיך באַטייליקט אין די דאָזיקע קאָנפֿערענצן.

אָבער ווען די מזרחי־באַוועגונג האָט זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט פֿון אָרגאַניזירטן אידישן חינוך, האָבן געפֿעלט די מינימאַלסטע מיטלען. עס האָבן געפֿעלט פּאַסנדע טעקסט־ביכער, וואָס זאָלן זיין באַהילפֿיק אין די ספּעציעלע באַדינגונגען, וואָס די אַמעריקאַנער אַטמאָספֿערע שטעלט מיט זיך פֿאָר. ווייל מען האָט באַדאַרפֿט אָנהויבן צו לערנען אידישקייט מיט קינדער, ביי וועמען ענגליש איז די הויפּט־שפּראַך. האָבן די גרינדער פֿון דעם ועד החינוך החרדי טאַקע גלייך ביים אָנהויב אָנגעפֿאַנגען צו שאַפֿן אַ פֿאַרלאַג פֿון לערנביכער. און אין די ערשטע 15 יאָר פֿון זיין עקזיסטענץ האָט דער דערציאונגס־קאָמיטעט פֿון דער מזרחי געהאָלפֿן שאַפֿן דרייסיק פֿאַרשידענע לערנביכער. טעקסט־ביכער, וואָס זיינען גענוצט געוואָרן ניט בלויז אין די שולן פֿון דער מזרחי, נאָר אין פֿיל אַנדערע ישיבות קטנות און תלמוד־תורה׳ס. די ביכער הויבן זיך אָן פֿון דעם קינדער־גאָרטן, פֿון געזאַנג און שפּיל, ביז גמרא. צווישן די ביכער האָבן זיך געפֿונען אַ גאַנצע צאָל, וואָס האָבן צו טאָן מיט פֿאַרשידענע אידישע ימים טובים. די ביכער האָבן געקליבענע טעקסטן צום לערנען און צום לייענען. אויך לידער פֿון שבת און יום טוב צום זינגען און שפּילן. אַלע ביכער זיינען נאַטירלעך אין העברעאיש, אָבער די מזרחי האָט זיך אויך באַנוצט אַ סך מיט דער ענגלישער שפּראַך אַלס אַן אַרויסהילף.

דער מזרחי דערציאונגס־קאָמיטעט האָט אין משך פֿון די יאָרן אַנטוויקלט אַ גאַנץ אַקטיוון פֿאַרלאַג, וואָס איז פֿינאַנסירט געוואָרן פֿון אַ ספּעציעלן „לויפֿנדן״ (ריוואַלווינג) פֿאָנד. וואָס מיינט עס? עס מיינט, אַז אַזוי ווי קיין גרויסע גבירים איז מען ניט, ווערט אַרויסגעגעבן אַ ניי לערן־בוך אַזוי שנעל ווי דאָס פֿריערדיקע ווערט פֿאַרקויפֿט. מען קען זאָגן, עס איז אַ פֿאָנד, וואָס איז געקנופּט און געבונדן. ענלעך צו אַ קייט. דער שפּעטערדיקער בוך אָדער ביכער הענגען־אָפּ אין דעם דערפֿאָלג פֿון די פֿריערדיקע. און די מערסטע אויסגאַבן פֿון דער מזרחי זיינען געווען אַ באַדייטנדער דערפֿאָלג. ווייל מען האָט געאַרבעט ביי זיי שווער און מען האָט געטראַכט גענוי וואָס

און ווי אַזוי אַרויסצוגעבן. אייניקע פון די טעקסט־ביכער זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין די טויזנטער עקזעמפּלאַרן. אַזוי, למשל, האָט די מזרחי זיך אונטערגענומען אַרויסצוגעבן אַ גמרא למתחילים מיט גראַפישע אילוסט־ראַציעס און פאַרטייטשונגען אויף מאָדערנעם העברעאיש מיט אַנאַליזן פון יעדן בלאַט באַזונדער. דער פאַרפאַסער פון די דריי בענד פון דער „גמרא פאַר אָנפאַנגער" איז געווען דער פעדאַגאָג דר. מנוח ל. ביאַליק. דער טיטול פון דער אויסגאַבע אין דריי בענדער איז „גמרא מבוארת — למתחילים ולמתלמדים". דער ערשטער באַנד איז דערשינען אין עטלעכע אויפלאַגעס. און דער פאַקט, וואָס עס זיינען פאַרקויפט געוואָרן אַ פּאָר טויזנט עקזעמפּלאַרן פון דער ערשטער אויסגאַבע האָט באַוויזן, אַז עס איז דאָ אַ יונגער דור גמרא־לערנער אין אַמעריקע.

דער אויפטו פון דער מזרחי אויף דעם דאָזיקן געביט איז געווען אַ פּיאָנערישער און עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אויף אַ נייעם מעטאָד ווי אַזוי צו פאַרלייכטערן און מאַכן מער דערפאָלגרייך דאָס לערנען גמרא מיט אַמע־ריקאַנער געבוירענע אידישע קינדער.

דער דערציאונגס־קאָמיטעט פון דער מזרחי האָט אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן מאָנאַטלעכן בולעטין אין דער ענגלישער שפּראַך, וואָס האָט געשילדערט די טעטיקייט פון דער מזרחי־חינוך־באַוועגונג איבערן גאַנצן לאַנד. אין איין נומער פון בולעטין איז געבראַכט געוואָרן אַ באַריכט פון דער יערלעכער דערציאונגס־קאָנפערענץ פון דער מזרחי, וואו עס איז באַריכטעט געוואָרן דאָס פאָלגנדע: די מזרחי האָט אָרגאַניזירט און באַדינט מיט פאַרשידענע דערציאונגס־מאַטעריאַלן און געהאָלפן מיט ראַט און טאַט 60 ישיבות קטנות איבערן לאַנד. 68 תלמוד־תורה׳ס זיינען געווען אָנגעשלאָסן און האָבן זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון דעם נאַציאָנאַלן דערציאונגס קאָמיטעט פון דער מזרחי. אַרום צען טויזנט קינדער האָבן געלערנט אין די פאַרשידענע שולן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער מזרחי־באַוועגונג. 60 ישיבות קטנות (פולע טאָג־שולן) און 124 תלמוד־תורה׳ס אין 38 פאַר־שידענע שטאָטן פון אַמעריקע האָבן זיך באַנוצט מיט איבער 23 טויזנט טעקסט־ביכער, אַרויסגעגעבן פון דעם מזרחי פאַרלאַג. פון 96 פאַרשידענע אידישע קהילות זיינען געקומען ווענדונגען צום נאַציאָנאַלן דערציאונגס קאָמיטעט פון דער מזרחי, אַז מען זאָל זיי צושטעלן לערער.

„עס וואַקסט דער פאַרלאַנג צו באַנוצן זיך מיט אידישע לערער, וואָס קומען פון די ישיבות" — אַזוי האָט באַריכטעט דר. יוסף באבאד, „דיען אָוו מען" פון דעם בית מדרש לרבנים פון שיקאַגאָ ביי דער יערלעכער

דערציאונגס קאָנפערענץ פון דער מזרחי. און דער חינוך־קאָמיטעט האָט דערפאַר טאַקע געהאַט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג צו העלפן ישיבה־לערער צו קריגן די פּאַסנדע שטעלעס און העלפן די פאַרשידענע ישיבות צו קריגן די געהעריקע לערער.

ביי דער זעלבער יערלעכער קאָנפערענץ האָט שלמה קערשטיין, וויצע־פּרעזידענט פון ועד החינוך, פאָרגעלייגט אַ רעזאָלוציע, אין וועלכער עס זיינען גערופן געוואָרן אַלע אידישע עלטערן פון אַמעריקע צו געבן זייערע קינדער אַ מער אינטענסיווע אידישע דערציאונג. עס זיינען אויך גערופן געוואָרן די פאַרשידענע וועלפעיר פאָנדן, די קהל׳שע קאַסעס פון די אידישע געמיינדעס, אַריינצונעמען אין זייער יערלעכן בודזשעט דאָס אידישע שול־וועזן, גאַנץ באַזונדערס די פולע אידישע טאָג־שולן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו שפּילן אַזאַ וויכטיקע ראָל אין אויפהאַלטן די גרונט אמת׳ן פון דער אַמעריקאַנער טראַדיציע. אַן אמת׳ער איד, אַ טיף באַוואוסטזיניקער איד, איז אַן אמת׳ער אַמעריקאַנער, הייסט עס. מר. קערשטיין האָט אין דער רעזאָלוציע אויך געמאָלדן, אַז דער פריערדיקער נאָמען „ועד החינוך החרדי״, וואָס מיינט „אָרטאָדאָקסישער דערציאונגס קאָמיטעט״, איז פאַרביטן געוואָרן אויף דעם נאָמען „ועד החינוך הארצי של המזרחי״. אין ענגליש: מזרחי נעשאָנעל עדיוקעישאָן קאָמיטע. דאָס איז, ווי עס זעט אויס, געטאָן געוואָרן כדי קלאָר צו מאַכן, אַז דער חינוך קאָמיטעט איז פון דער מזרחי און ניט פון דער אגודה, וועלכע האָט איר אייגענע דערציאונג באַוועגונג. דער מזרחי דערציאונגס־קאָמיטעט שטייט נאָענט צו דעם ישיבה אוניווערזיטעט.

כדי צו העלפן די לערער אין דער אַרבעט און קאָאָרדינירן זייער טעטיקייט האָט דער דערציאונגס קאָמיטעט פון דער מזרחי אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע חודש־שריפט אונטער דעם נאָמען „גליוננו״. די שריפט האָט געהאַט אַ צירקולאַציע פון 2.500 קאָפּיעס.

די מזרחי באַוועגונג האָט זיך אויך באַנוצט מיט דעם נייעסטן מיטל צו פאַרשפּרייטן אידישקייט אין אַמעריקע, און דאָס איז געווען דורך פאָנאָגראַף רעקאָרדס. די דאָזיקע פּלאַטן זיינען געווען אויף דער טעמע פון שבת און יום טוב און אויך אויף אַלגעמיינע ביבלישע טעמעס. אַ מוזיקאַלישער רעקאָרד האָט זיך פאַרקויפט אין דורכשניט פון אַרום 3.500 פּלאַטן.

דער מזרחי דערציאונגס־קאָמיטעט איז גליידך פון זיין אָנהויב געשטיצט געוואָרן, נאַטירלעך, פון דער אַלגעמיינער מזרחי באַוועגונג, הפועל המזרחי, פון ועד הרבנים, יאָנג איזראַעל, יוניאָן אָוו אָרטאָדאָקס קאָנגרעגעישאָנס און פון ישיבה־אוניווערזיטעט. צווישן די גרינדער פון ועד החינוך ביי

דער מזרחי האָבן זיך געפונען אַ ריי פירנדע טוער פון דער באַוועגונג, ווי א. ל. געלמאַן, אפרים קאַפּלאַן, גדליה בובליק, הרב יוסף ה. לוקשטיין, דר. פנחס חורגין און אַנדערע.

דער אַלגעמיינער צוגאַנג פון דער מזרחי צו חינוך איז געווען טיף אָרטאָדאָקסיש, אָבער מיט אַ ליבעראַלן צוגאַנג און מיט אַן אַלגעמיינער פאַרשטענדניש פאַר די פאָדערונגען פון דער צייט. די מזרחי באַוועגונג האָט קאָאָפּערירט אַמפּולסטן אויך מיט דער אידישער אַגענטור אין אירע פאַרשידענע פּראָיעקטן צו פאַרשטאַרקן דעם אידישן חינוך צווישן אידן, וואו נאָר זיי געפינען זיך.

# 27

# קאָנסערוואַטיווע אידן נעמען אָן מיטלען צו שטאַרקן אידישע דערציאונג פון זייערע קינדער

**גרעסערע טייל פון קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגאַציעס האָט שוין אָפּגעשאַפט די „סאָנדעי סקולס" פאַר קינדער איבער אַכט יאָר אַלט. — אינגלעך מוזן לערנען אין אידישער שול פון דריי ביז פינף יאָר איידער זיי ווערן בר מצוה. — „סאָנדעי סקולס" עקזיסטירן בלויז פאַר קינדער אונטער אַכט יאָר אַלט. — קאָנסערוואַטיווע באַוועגונג קומט אַרויס לטובת פולע אידישע טאָג שולן און גרינדעט אַ צאָל „סאָלאָמאָן שעכטער דעי־סקולס". — אויספאָרש קאָמיסיע ביי יונייטעד סינאַגאָג פאָדערט אָפּצושאַפן „קאָנפירמעישאַן" צערעמאָניע. —**

ד ר. סאָלאָמאָן (שניאור זלמן) שעכטער, וועלכער איז געווען איינער פון די הויפט זיילן פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט אין אַמעריקע און צווייטער פרעזידענט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָט אין אָנפאַנג פון היינטיקן יאָרהונדערט געוואָרנט די אַמעריקאַנער אידן, אַזוי צו זאָגן: „די הויכע אידישע לער־אינסטיטוציעס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר איין אידן פון יעדער טויזנט. עס זיינען אָבער ניט אָנגענומען געוואָרן די געהעריקע באַוואָרענישן פאַר די אַנדערע ניין הונדערט ניין און ניינציק..."

אַזוי האָט געוואָרנט סאָלאָמאָן שעכטער! און עס איז געווען דער זעל־ביקער דר. סאָלאָמאָן שעכטער, וועלכער האָט עטלעכע יאָר שפּעטער — אין יאָר 1913 — געשאַפן די יונייטעד סינאַגאָג, וואָס דאָס איז די פאַר־אייניקונג פון די קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגאַציעס אין אַמעריקע. די יונייטעד

סינאַגאָג איז געשאַפן געוואָרן מיט דעם צוועק דורכצופירן אין לעבן פיל פון די צילן פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט דאָ אין לאַנד. צווישן די פאַרשידענע קאָמיסיעס אירע און פאַרשידענע אָפּטיילונגען איז געווען די „יונייטעד סינאַגאָג קאָמישאַן פאָר דזשואיש עדיוקעישאַן", וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו באַזאָרגן מיט אידישקייט, מיט אידישער דערציאונג, אַ גאָר באַדייטנדע טייל פון די „ניין הונדערט ניין און נײַנציק". וועלכע דר. שעכטער האָט גערופן נישט צו פאַרנאַכלעסיקן...

אָבער צווישן די קאָנסערוואַטיווע אידן האָט פונקט ווי צווישן דער גרעסטער מערהייט אידן פון אַמעריקע נאָך דאַן ניט געהערשט קיין צו פעסטער דראַנג צו אַ פאַרשטאַרקטער אידישער דערציאונג. עס איז געווען אין די יאָרן פון פאַר און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און די אידן אין אַמעריקע זיינען מערסטנס געווען „ביזי" מיט צופּאַסן זיך צום נייעם לאַנד און מיט „אַמעריקאַניזירן" אי זיך זעלבסט, אי זייערע קינדער. און אין די קאָנסערוואַטיווע אידישע קרייזן האָט מערסטנס געהערשט די איין־מאָל־אַ־וואָך שול, וואָס איז געווען באַוואוסט אַלס די „סאָנדעי סקול". כמעט ביי יעדער קאָנסערוואַטיווער סינאַגאָגע האָט עקזיסטירט אַזאַ שול.

אָבער ביסלעכווייז, ביסלעכוויז, האָט אין דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין די יאָרן פון צווייטן וועלט־קריג און אויך נאָך דעם קריג אַ שטאַרקערער דראַנג צו אידישע ווערטן, צו אידישן אינהאַלט, און צווישן 1945 און 1955 האָט די יונייטעד סינאַגאָג קאָמיסיע פאַר אידישער דערציאונג געהאַט צו באַריכטן גאַנץ דערמוטיקנדע ענדערונגען. עס איז טאַקע נאָך גאַנץ ווייט פון „גוט", אָבער „בעסער" איז עס שוין זיכער געווען. עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז עס האָבן זיך געפונען איבער 500 קינדער־שולן ביי די קאָנסערוואַטיווע אידן אין אַמעריקע.

„אַמווינציקסטנס זיבעציק פּראָצענט פון אַלע קאָנסערוואַטיווע קאָנגרע־גאַציעס, וואָס זיינען אָנגעשלאָסן אין דער יונייטעד סינאַגאָג, האָבן באַזייטיקט די איין־מאָל־אַ־וואָך שול פאַר קינדער איבער אַכט אָדער ניין יאָר אַלט. אויך די אַנדערע קאָנגרעגאַציעס זוכן מיט דער צייט צו באַזייטיקן די „איין־מאָל־אַ־וואָך שולן". אָט אַזוי האָט באַריכטעט אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן לכבוד דעם דריי־הונדערט יאָריקן יובל פון אידישן לעבן אין אַמעריקע דער קולטור דעפּאַרטמענט פון אידישן וועלט קאָנגרעס. דער באַריכט איז אָפּגעגעבן געוואָרן דורך דר. אברהם ע. מילגרוים, וועלכער האָט זינט דעם יאָר 1945 פאַרנומען דעם אַמט אַלס עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון דער יונייטעד סינאַגאָג דערציאונגס קאָמיסיע.

דר. מילגרוים האָט אויך באַריכטעט, אַז אין די מערסטע קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָגן ווערט איינגעפירט, אַז אַ אינגל מוז זיין רעגיסטרירט אין דער שול ביי דער קאָנגרעגאַציע אַמווינציקסטנס דריי יאָר צייט איידער ער ווערט בר מצוה. אין אַ היפשער צאָל שולן האָט מען געפאָדערט פיר יאָר און אין אייניקע — אפילו פינף. עס איז אינגאַנצן אָפּגעשאַפט געוואָרן דער איינפיר, אַז עלטערן זאָלן ברענגען זייער אינגל אַ יאָר פאַר דער בר מצוה און אים לאָזן אויסלערנען אַ פּאָר ברכות און גלייך נאָך דער בר מצוה איז אויס מיט דעם גאַנצן ביסל אידישקייט... די מערסטע „סאַנדעי סקולס" ביי די קאָנסערוואַטיווע אידן זיינען געווען פאַר קינדער אונטער אַכט יאָר אַלט. אָט דער סאָרט סאַנדעי סקולס עקזיסטירט נאָך כמעט ביי אַלע קאָנ־סערוואַטיווע קאָנגרעגאַציעס, זאָגט די אויספאָרשונג, אויסדריקנדיק באַ־דויערונג פאַר דעם דאָזיקן פאַקט.

גלייך ביים אַריינפיר פון זיין אָפּהאַנדלונג האָט דר. מילגרוים אָנגעוויזן אויף דעם באַריכט, וואָס די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דער־ציאונג האָט פאַרעפנטלעכט אין יאָר 1951, וואו עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז איבער 45 פּראָצענט פון אַלע אידישע קינדער, וואָס האָבן געקראָגן אַ אידישע דערציאונג, זיינען געגאַנגען אין די שולן ביי די קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגאַציעס.

גאָר וויכטיק און אינטערעסאַנט איז אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט, אַז אין דער פאָרמולירונג פון די צילן פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט לגבי דער דערציאונג פון זייערע קינדער, האָט די יונייטעד סינאַגאָג דערקלערט, אַז זי איז פאַר די פולע טאָג־שולן, דאָס הייסט פאַר די ישיבות קטנות. דר. מילגרוים, דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון דער קאָנסערוואַטיווער דערציאונגס־קאָמיסיע האָט אפילו געפונען פאַר נויטיק צו דערקלערן, אַז „אַזוי ווי עס הערשט אַ ווייט־פאַרשפּרייטע מיספאַרשטענדעניש, אַז די קאָנסערוואַטיווע באַוועגונג איז בלויז פאַראינטערעסירט אין דער נאָכמיטאָג־שול, איז דערפאַר נויטיק צו ציטירן דער קאָמיסיע'ס אָפיציעלע דערקלערונג אין שייכות מיט דער טאָג־שול".

און דר. מילגרוים ברענגט דעם פאָלגנדן אויסצוג:

„אַ דערמוטיקנדע אַנטוויקלונג אין אידישער דערציאונג איז געווען די פאַרגרעסערונג פון דער צאָל פולע טאָג־שולן. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די נאָכמיטאָג קאָנגרעגאַציע־שול וועט מיט זיך פאָרשטעלן די פונ־דאַמענטאַלע פאָרם פון אידישער דערציאונג אין אונזערע געמיינדעס, מוז אָבער אָנערקענט ווערן די גרויסע ווערט פון די פולע טאָג־שולן. עס איז

פון דער גרעסטער וויכטיקייט, אַז אַ באַדייטנדע מינאָריטעט פון אונזערע קינדער זאָלן געניסן פון דעם סאָרט אידישע דערציאונג, וואָס בלויז אַ גוט געפירטע פולע טאָג־שול קען געבן. דערפאַר איז עס ווינטשענסווערט, אַז קאָנגרעגאַציעס, וואו נאָר עס איז מעגלעך, זאָלן פאַראייניקן זייערע כחות און שאַפן אַזעלכע פולע טאָג־שולן. די גראַדואירטע פון די דאָזיקע שולן וועלן מיט זיך פאָרשטעלן דעם הויפט־רעזערוואואַר פאַר אַ גוט אָנגעפּאָר־מירטער פּראָפעסיאָנעלער און אויך ניט־פּראָפעסיאָנעל'ער פירערשאַפט אין אַמעריקאַנער אידנטום״.

אַזוי האָט גערעדט די הויפּט קערפּערשאַפט פון די קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָגן.

און די דאָזיקע רייד זיינען געווען אַ טייל פון דער נייער ווענדונג אין דעם אידישן לעבן פון אַמעריקע. ווייל דער „איינדרוק״ אָדער „מיספאַר־שטענדעניש״ וואָס האָט געהערשט, איז געווען אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם בילד פון די יאָרן פון פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס זיינען געווען דאַן אַ גאַנץ קליינע צאָל ישיבות קטנות און די קאָנסערוואַטיווע אידישע באַוועגונג איז ניט געווען גאָר שטאַרק פאַראינטערעסירט אין שאַפן פולע טאָג־שולן, צוליב איר טיפן גלויבן אין דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישער פּאַבליק סקול סיסטעם. אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָבער, ווען עס האָבן זיך געשאַפן די ישיבות קטנות ממש אין די צענדליקער יעדן יאָר, האָט זיך געהאַט פאַרשפּרייט דער פאַרלאַנג, אַז עס איז געקומען די צייט, אַז די קאָנסערוואַטיווע אידישע טוער זאָלן גאַנץ ערנסט זיך אַריינוואַרפן אין דער באַוועגונג פון שאַפן אַ מער ליבעראַלע אידישע טאָג־שול, וואָס זאָל זיין מער און מער צוגעפּאַסט צו די אַמעריקאַנער אידישע אומשטענדן. עס איז געווען אויך אמת דער פאַקט, אַז אין אַ צאָל אידישע געמיינדעס, וואו עס זיינען אויפגעקומען ישיבות קטנות, האָבן קאָנסערוואַטיווע ראַבאַיס צוגעלייגט אַ גאַנץ שטאַרקע האַנט ביים אויפבויען די שולן און אַ היפשע צאָל עלטערן פון די קאָנסערוואַטיווע רייען האָבן געשיקט זייערע קינדער לערנען אַ גאַנצן טאָג אין די אָרטאָדאָקסישע פולע טאָג־שולן.

דער שרייבער פון די שורות האָט זיך געטראָפן ביי היפשע עטלעכע געלעגנהייטן מיט דר. משה דייוויס, פּראָוואָסט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמי־נאַר, וועלכער איז געווען איינער פון די פירנדע טעאָרעטיקער פון קאָנסער־וואַטיווער אידישער דערציאונג; אויך מיט ראַבאַי בערנאַרד סעגאַל, דער דירעקטאָר פון דער גאַנצער יונייטעד סינאַגאָג; און אויך מיט דר. אברהם

ע. מילגרוים, פירער פון דער קאָמיסיע פאַר דערציאונג ביי דער יונייטעד סינאַגאָג. אַלעמאָל האָב איך זיי געשטעלט די פראַגע וועגן פולע טאָג־שולן. זיי האָבן זיך אַלעמאָל גוט און געגוי צוגעהערט. עס האָט זיך אָבער געפילט, אַז די אומשטענדן און די צייט זיינען נאָך ניט געווען גינסטיק דערפאַר, אַז דאָס קאָנסערוואַטיווע אידנטום זאָל זיך אַריינוואַרפן „מיט דעם גאַנצן האַרצן" אין דער באַוועגונג פאַר פולע אידישע טאָג־שולן. דר. מילגרוים האָט אָבער אַלעמאָל געפונען פאַר נויטיק אָנצואווייזן, אַז עס האָבן שוין עקזיסטירט פאַר אַ שיינע פאַר יאָר עטלעכע פולע טאָג־שולן ביי קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגאַציעס. איינע אַזאַ שול איז אָנגעפירט געוואָרן פון ראַבאַי ראובן גאָרדיס אין ראַקאָוועי פאַרק, ניו יאָרק. אַ צווייטע שול, ניט קיין אינטענסיווע איז יאָרנלאַנג אָנגעפירט געוואָרן דורך ראַבאַי ישראל לעווענטאַל ביים אידישן צענטער אין ברוקלין. די דאָזיקע שול איז אָבער אָריגינעל אָרגאַניזירט געוואָרן פון אַ גרופּע אידישע עלטערן אין דער געגנט און איז שפּעטער איבערגעגעבן געוואָרן צום צענטער. אויך די ביאַליק־שול אין פלעטבוש, ברוקלין איז פאַררעכנט געוואָרן פאַר אַ פולער טאָג־שול אונטער דעם איינפלוס פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט. אין שיקאַגאָ און אין באַלטימאָר האָבן עקזיסטירט אַ פּאָר פולע קאָנסערוואַטיווע אידישע טאָג־שולן. אין פילאַדעלפיע האָט עקזיסטירט אַ גרויסע עקיבא טאָג־שול אונטער דער ווירקונג פון קאָנסערוואַטיווע אידן.

און אין יאָר 1956 האָט עס זיך שוין אָנגעהויבן גאָר ערנסט צו רודערן אין דער קאָנסערוואַטיווער אידישער באַוועגונג אויף דעם געביט פון פולע אידישע טאָג־שולן אין אַמעריקע. עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אַמביציעזער פּלאַן צו אָרגאַניזירן אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין קאַנאַדע אַ גאַנצע נעץ קאָנסערוואַטיווע אידישע טאָג־שולן אונטער דעם נאָמען פון „סאָלאָמאָן שעכטער דעי־סקולס". איינע אַזאַ סאָלאָמאָן שעכטער שול האָט עקזיסטירט אין קווינס, לאָנג איילענד. אַ צווייטע — אין ברוקלין, ביים איסט מידוואוד דזשואיש סענטער. אויך אין פילאַדעלפיע איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ סאָלאָמאָן שעכטער טאָג־שולע. צוויי שעכטער סקולס האָבן שוין עקזיסטירט אין מאָנטרעאל, קאַנאַדע. אויך אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, און אין פלאָרידע, אין טעקסעס, אין מישיגען, און אין אַ צאָל אַנדערע שטעט פון פאַרשידענע סטייטס איבערן לאַנד זיינען געפּלאַנט געוואָרן ענלעכע פולע טאָג־שולן.

צוליב דער פאַרשטאַרקטער טעטיקייט אויף דעם געביט פון טאָג־שולן, האָט דער דערציאונגס־קאָמיטעט פון דער יונייטעד סינאַגאָג באַשלאָסן צו שאַפן אַ ספּעציעלן דעפּאַרטמענט אויף דעם דאָזיקן געביט און ראַבאַי סעמועל

שעפּלער, אַ גראַדואירטער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין 1952, איז אָנגעשטעלט געוואָרן, כדי אָנצופירן מיט דער טאָג־שולן טעטיקייט. עס איז פאַררופן געוואָרן אין 1957 אַ ספּעציעלע קאָנפערענץ אין אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר צו אַנטוויקלען אַ פּראָגראַם צו העלפן מיט ראַט און טאַט אין דער גרינדונג פון פולע טאָג־שולן. די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דינסטיק, דעם 30טן אַפּריל, און מיטוואָך דעם ערשטן מאַי, און איז געווען דער ערשטער אָפיציעלער צוזאַמענקונפט אין דער קאָנסערוואַטיווער אידישער באַוועגונג אין אַמעריקע אין שייכות מיט פולע אידישע טאָג־שולן אין אַמעריקע.

אַ גרויסע טאָג שול איז אויך געפלאַנט געוואָרן דורך „די רעקאָנסטרוקציאָניסטן" אונטער דער אָנפירונג פון ראַבאַי דזשעק קאָהען, וועלכער איז געווען דער ראַבאַי פון דעם טעמפּל, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון דר. מרדכי מ. קאַפּלאַן. די טאָג־שול אויף דער וועסט־סאַיד איז געפלאַנט געוואָרן אויך אַלס מעמאָריעל און אָנדענק פון דר. עזריאל ס. טשיפּקין, ע"ה.

אַלס אַ לייזונג פון אַ מער פולער און בעסערער אידישער דערציאונג אין די רייען פון קאָנסערוואַטיוון אידנטום האָט דר. משה דייוויס געהאַט פאָרגעשלאָגן אין 1947 אַ גענויען פּלאַן, וואָס ער האָט אָנגערופן „דער לייטער פון אידישער דערציאונג". זיין פּלאַן האָט דר. דייוויס פאָרגעבראַכט ביי דער צוויטער יערלעכער קאָנפערענץ וועגן אידישער דערציאונג, וואָס עס האָט פאַררופן די ראַביניקעל אַסעמבלי. דער „לייטער" האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ פּלאַן צו גרינדן ביי די מערסטע קאָנגרעגאַציעס, „נורסערי סקולס" און קינדער־גאָרטנס. די קינדער־גאָרטנס זאָלן נאָכגעפאָלגט ווערן פון שולן, וואָס זאָלן זיין ענלעך צו דעם בית הילד טיפּ שולע, פון ניו יאָרק, מיט פּראָגרעסיווע דערציאונגס מעטאָדן. די דאָזיקע שולן זאָלן באַצייכנט ווערן מיט דעם טערמין „פאונדעישאָן סקולס", וואו דאָס קינד זאָל לערנען ביז אין דער עלטער פון אַכט יאָר. ביז אַכט יאָר זאָל דאָס קינד, הייסט עס, איינגאַנצן זיך געפונען אונטערן אידישן איינפלוס. פון 8 יאָר און ווייטער זאָל דאָס קינד גיין אין פּאַבליק סקול און לערנען אידישקייט אין אַ נאָכמיטאָג שולע אַמווינציקסטנס דריי מאָל אַ וואָך. דר. דייוויס גייט ווייטער אָן מיט זיין פּלאַן ביז אין די האַי־סקול יאָרן און נאָך ווייטער. אָבער דאָס וויכטיקסטע, וואָס עס איז געווען אין דעם „לייטער" איז דער שטאַפּל: גרינדן ספּעציעלע שולן, וואו דאָס אידישע קינד זאָל געהאַלטן ווערן ביז אין דער עלטער פון אַכט יאָר, איינגאַנצן אונטער אידישן איינפלוס, און מ'זאָל דאָרט איינלערנען מיט דעם יונגן קעפּל אַ היפּש ביסל אידישקייט,



אַ גרופּע קינדערלעך פון קינדער־גאָרטן אין דער סאַלאָמאָן שעכטער טאָג־שול אין קווינס, לאָנג איילאַנד. די שול ווערט אָנגעפירט דורך ראַבאַי ישעיהו דאַרבי, גייסטיקער פירער פון ריגאָ פּאַרק דזשואיש סענטער.

העברעאיש, מנהגים און אַ. וו. דער דאָזיקער פּלאַן האָט אין אַ געוויסן הינזיכט געזאָלט זיין דער ענטפער אויף דעם וואַקסנדן פאַרלאַנג פאַר אַ מער אינטענסיווער אידישער קינדער דערציאונג, אַ פאַרלאַנג פאַר אַ גרעסערער צאָל פולע טאָג־שולן, אויך ביי די קאָנסערוואַטיווע אידן.

אין אַ שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיט דר. מילגרוים אין יאָר 1950, האָט ער פאַר מיר דאַן אויסגעדריקט די מיינונג, אַז אויב עס זאָלן זיך שאַפן געגנוג פאַונדעישאָן שולן ביי די קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגאַציעס, וועלן מיט דער צייט האָפנטלעך אַזעלכע קאָנגרעגאַציעס צובויען נאָך אַ קלאַס און נאָך אַ קלאַס און עס וועלן זיך אַזוי אַרום שאַפן אַ היפּשע צאָל טאָג־שולן אין דער קאָנסערוואַטיווער אידישער באַוועגונג. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז ביים גרינדן טאָג־שולן מוז מען נוצן די זעלבע מעטאָדן, וואָס מען נוצט ביי אַלע שווערע אונטערנעמונגען. מען מוז צולייגן אַ פּלייצע און מען מוז גיין דירעקט צום ציל. אין דעם דאָזיקן הינזיכט האָבן די אָרטאָדאָקסישע אידן באַוויזן, אַז זיי קענען ממש אויפטאָן וואונדער. און

זיי זיינען מערסטנס געווען אַזאַ גרויסער דערפאָלג אויף דעם דאָזיקן געביט, ווייל זיי האָבן געענטפערט אויף דעם רוף פון דער צייט.

וויכטיקע ציפערן און פאַקטן וועגן דעם צושטאַנד פון דערציאונגס־וועזן אין די קאָנסערוואַטיווע רייען זיינען אַרויסגעבראַכט געוואָרן אין אַ ספּעציעלער אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ ספּעציעלער גרופּע, וואָס עס האָט באַשטימט פאַר דעם צוועק די דערציאונגס־קאָמיסיע ביי דער יוניווערסיטעט סינאַגאָג. ראַבאַי ישעיהו דאַרבי, גייסטיקער פירער פון ריגאָ פּאַרק, אין לאָנג איילענד, האָט אָנגעפירט מיט דער אויספאָרש־קאָמיסיע. עס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן ווענדונגען צו 466 קאָנסערוואַ־טיווע קאָנגרעגאַציעס. געענטפערט האָבן בלויז 122. ראַבאַי דאַרבי מוסר'ט אין זיין באַריכט זייער שטאַרק די איבער דריי הונדערט ראַבאַיס, וועלכע האָבן אפילו ניט געפונען פאַר נויטיק צו ענטפערן אויף די פראַגע־בויגנס. ער ווייזט אָבער דערביי אָן, אַז די 122 ענטפערס, שטעלן מיט זיך פאָר אַ גוטן און כאַראַקטעריסטישן דורכשניט פון די קאָנסערוואַטיווע קאָנגרע־גאַציעס איבערן לאַנד. די ענטפערס זיינען געקומען פון 29 שטאַטן, פון דיסטריקט אָוו קאָלאָמביע און אויך פון קאַנאַדע. כמעט ניינציק פּראָצענט פון די געמיינדעס האָבן געענטפערט, אַז זיי האָבן געהעכערט דעם סטאַנדאַרד פון לערנען אין זייערע קינדער שולן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס פאָלגנדע: אין 75 פּראָצענט, אין דריי פערטל פון אַלע שולן, האָט מען געלערנט דריי מאָל אַ וואָך. אין בלויז פופצן פּראָצענט שולן האָט מען געלערנט פיר מאָל אַ וואָך. וואָס עס איז שייך דער צאָל שעה'ן פון לערנען, איז שוין אין פערציק פּראָצענט פון די שולן געלערנט געוואָרן זעקס שעה אַ וואָך. אין 30 פּראָצענט פון די שולן האָט מען געלערנט פיר און האַלב שעה אַ וואָך. אין פיל שולן (צווישן 30 און 40 פּראָצענט) האָט מען אָנגעהויבן איינצופירן אַ שטרענגע רעגולאַציע, אַז מען נעמט ניט אַריין קיין קינדער עלטער פון ניין יאָר. די גרעסטע מערהייט (צווישן 65 און 75 פּראָצענט) האָט ניט אַריינגענומען קיין קינדער עלטער פון 10 יאָר. דאָס האָט אַלץ געהאַט אַ שייכות צו דער שטרעבונג צו פאַרשטאַרקן די אידישע דערציאונג און ניט צו דערלאָזן מער, אַז קינדער זאָלן געבראַכט ווערן אין שול אַ יאָר פאַר דער בר מצוה, ווי דאָס פלעגט פּראַקטיצירט ווערן יאָרנלאַנג. דער דאָזיקער איינפיר איז געווען גילטיק סיי פאַר אינגלעך, סיי פאַר מיידלעך, ווייל די אויספאָרשונג האָט געצייגט, אַז די מיידלעך אין די קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגעישאָנס זיינען צוגעגרייט געוואָרן צו בת מצוה פּונקט אַזוי ווי די אינגלעך צו בר מצוה. דער קורס איז אָבער ניט געווען דער זעלבער,

ווייזט אָן די אויספאָרשונג, צוגעבנדיק, אַז מיט דער צייט וועט ערשט קלאָר ווערן וויפל וויסן אַ מיידל דאַרף האָבן צו דער בת מצוה, וואָס איז ניט אינגאַנצן איינגעבירגערט נאָך אין די קאָנסערוואַטיווע רייען. די מערסטע קאָנסערוואַטיווע שולן האָבן פאַרלאַנגט, אַז אַ קינד זאָל לערנען אידישקייט אַמווינציקסטנס פינף יאָר צייט, איידער עס האָט געקענט גראַדואירן.

גאָר שאַרף איז די אויספאָרשונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון ראַבאַי דארבי, אַרויסגעטראָטן קעגן דער קאָנפירמעישאָן צערעמאָניע, וואָס די רעפאָרם אידן האָבן איינגעפירט און וואָס פיל קאָנסערוואַטיווע קאָנגרע־גאַציעס האָבן אויך פּראַקטיצירט. ראַבאַי דארבי האָט אין זיין באַריכט דערקלערט ווי פאָלגט: „ווען אונזער באַוועגונג איז נאָך יונג געווען און האָט זיך געפונען אין אַ דערציאונג־ווילדערניש, האָט מען אונז געוויזן דעם דאָזיקן אָפּגאָט און מ׳האָט אונז געזאָגט: אלה אלהיך ישראל. איך גלויב, אַז עס איז געקומען די צייט, שוין לאַנג צייט, אַז מיר זאָלן באַטראַכטן דעם דאָזיקן אָפּגאָט און זען, וואוהין ער פירט אונז״. און ראַבאַי דארבי פרעגט די האַרבע שאלה, אָנווייזנדיק, אַז די קאָנפירמעישאָן צערעמאָניע גיט די אידישע מיידלעך אַ געלעגנהייט גלאָריפיצירט צו ווערן דורך איני־וועסטירן בלויז אַ האַלבע שעה ביז צוויי שעה אַ וואָך אָנשטאָט צו לערנען פון פיר ביז זעקס שעה אַ וואָך, ווי די שול ביי די קאָנסערוואַטיווע אידן האָט עס געפאָדערט פאַר בת מצוה. אפילו דער טערמין זעלבסט: „קאָנפיר־מאַציע״ דאַרף אויסגעמעקט ווערן פון אונזער דערציערישן וואָקאבולאר! האָט געפאָדערט ראַבאַי דאַרבי און האָט פאַרענדיקט אין אַ שטרענגען וואָרנענדיקן טאָן: „איך ווידערהאָל, עס איז נישט צו־פרי פאַר אונז זיך אָפּצו־געבן אַן אמת׳ן חשבון הנפש וועגן דער דאָזיקער לעבנסוויכטיקער פראַגע אין אונער דערציאונגס־סיסטעם״.

אָט די דאָזיקע פאָדערונג און דער טיף ערנסטער טאָן האָט באַוויזן, אַז עס איז געקומען די צייט, ווען דאָס אידנטום אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן פיל, פיל ערנסטער צו פאַרטראַכטן וועגן אַ מער גרינטלעכער אידישקייט פאַר דעם יונגען דור.

די אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אַ גאַנץ גרינטלעכן אופן, האָט אויך אָנגעוויזן, אַז אַ דריטל פון אַלע קאָנגרעגאַציעס האָבן געהאַט „נוירסערי סקולס״, דאָס מיינט שולן פאַר גאָר יונגע קינדער, פון פיר און פינף יאָר אַלט. אַרום פערציק פּראָצענט האָבן אויך געהאַט קינדער־גאָרטנס. בלויז פיר קאָנגרעגאַציעס אָבער האָבן געמאָלדן, אַז זיי האָבן איינגעפירט

„פאונדעישאַן סקולס״, דאָס מיינט שולן, וואו קינדער קענען לערנען ביז אין דער עלטער פון אַכט יאָר פינף גאַנצע טעג אַ וואָך.

דער באַריכט האָט אויך געבראַכט אייניקע פאַקטן אין שייכות מיט לערער. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער דוחק אין פּאַסנדע לערער האָט זיך געפילט אומעטום. אַרום זעכציק פּראָצענט פון די קאָנסערוואַטיווע שולן האָבן געמוזט נוצן אויך לערער, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין „לאַיסענס״ אַלס פּראָפעסיאָנעלע דערציערס. דערפאַר האָט די דערציאונגס־קאָמיסיע איינגעפירט אַ ספּעציעלן דעפּאַרטמענט פון געפינען פּאַסנדע לערער פאַר די פאַרשידענע קאָנסערוואַטיווע שולן איבערן לאַנד.

ווי באַוואוסט האָט די דערציאונגס־קאָמיסיע געהאַט אויסגעאַרבעט אַ פּראָגראַם פאַר די קאָנסערוואַטיווע קינדער־שולן, אונטער דעם טיטול: „דערקלערונג פון צילן און סטאַנדאַרדן״. האָט די מערהייט קאָנגרעגאַציעס אָנגעוויזן, אַז זיי זיינען צופרידן מיט דעם סטאַנדאַרד לערנען, וואָס ווערט געפאָדערט. צען פּראָצענט קאָנגרעגאַציעס האָבן דערקלערט, אַז זיי וואָלטן געוועלן, אַז די פאָדערונגען אין דער פּראָגראַם זאָלן זיין נאָך העכערע.

די אָנגעצייכנטע פּראָגראַם איז געווען ווי פאָלגט:

1) אַנטוויקלען און פאַרשטאַרקן דעם קינד׳ס גייסטיקע און עטישע פילבאַרקייט, אַזוי אַז עס זאָל אין זיין שטעלונג און האַנדלונג זיין באַווירקט דורך די רעליגיעזע, עטישע און קולטורעלע טראַדיציעס פון אידישקייט.

2) צו באַוואָפענען דאָס קינד מיט קענטשאַפט פון דער העברעאישער שפּראַך, וואָס איז אומבאַדינגט נויטיק כדי באמת און ריכטיק אָפּצושאַצן דעם גייסט און אינהאַלט פון דער אידישער ירושה און פון דעם רענעסאַנס אין דעם מאָדערנעם ישראל.

3) איינצופלאַנצן דאָס וויסן פון אידישער געשיכטע, ליטעראַטור און קולטור, וואָס איז נויטיק פאַר אַ רייך, באַדייטונגספול און אינטעליגענט אידיש לעבן און כדי אויך מעגלעך צו מאַכן פאַרן קינד צו קענען ריכטיק אָפּשאַצן די בייטראַגן פון אידן און אידישקייט צו דער וועלט־ציוויליזאַציע.

4) אַנטוויקלען אין קינד די פיאיקייט און דעם ווילן צו פּראַקטיצירן די טראַדיציאָנעלע אידישע מנהגים און פייערלעכקייטן אין דער סינאַגאָגע און אין דער היים.

5) צו באַזאָרגן דאָס קינד, אין משך פון זיינע שול־יאָרן, מיט אַ ברייטער ראַם פון גרופּן אַקטיווּויטעטן און פייערונגען, וועלכע זאָלן אים געבן די באַפרידיקונג און אינספּיראַציע פון אַ אידיש לעבן.

6) צו וועקן ביים קינד דעם באַגער פאַרצוזעצן זיינע שטודיעס נאָך דעם פאַרענדיקן די עלעמענטאַרע שול און צו דערמוטיקן די גראַדואַנטן פון די מיטל־שולן, אַז זיי זאָלן פאַרזעצן זייער בילדונג אין די העכערע אַנשטאַלטן פון אידישן לערנען.

7) צו אַנטוויקלען אין דעם קינד אַן אינטערעס און אַ חשק זיך צו באַטייליקן אין אידישע ענינים אויף אַ לאָקאַלן, נאַציאָנאַלן און וועלט־מאַסשטאַב און בייטראָגן זיין חלק צו דער פאַרווירקלעכונג פון דער פראָ־פעטישער וויזיע פון אַ יושר׳דיקער געזעלשאַפט און אַ פאַראייניקטער מענטשהייט.

8) צו געבן דעם קינד אַ באַוואוסטזיין און אַ געפיל פון דער פונדאַ־מענטאַלער האַרמאָניע צווישן די אידעאַלן און טראַדיציעס פון דער אַמערי־קאַנער דעמאָקראַטיע און די אידעאַלן און טראַדיציעס פון אידישקייט, כדי ער זאָל זיין האַרמאָניש אינטעגרירט און זיך פילן גליקלעך אַלס איד, בירגער, און טרעגער פון די גרויסע אַמעריקאַנער און אידישע טראַדיציעס.

די דעקלאַראַציע וועגן די הויפּט־צילן פון דער דערציאונגס סיסטעם ביי די קאָנסערוואַטיווע אידן האָט אויך אָנגעצייכנט אַן אַלגעמיינע פּראָגראַם פון לימודים אין די שולן, ווי פאָלגט:

1) רעליגיעזע איבערצייגונגען און פירונגען.
2) די העברעאישע שפּראַך.
3) תורה (אין דעם ברייטסטן זינען פון וואָרט).
4) געשיכטע פון אידישן פאָלק און זיין ליטעראַטור.
5) ארץ ישראל.
6) אַמעריקאַנער אידישע געשיכטע.
7) קונסט.

די פירער פון קאָנסערוואַטיווער אידישקייט האָבן געוואוסט, אז אונטער די בעסטע אומשטענדן האָבן פון זייערע נאָכמיטאָג־שולן ניט געקענט אַרויס־קומען קיין צו גרויסע לומדים. דערפאַר האָבן זיי אָנגעהויבן אַ שטאַרקע באַוועגונג פאַר זומער־קעמפּס, וואו אַ היפּשע צאָל קינדער, מערסטנס די בעסטע תלמידים אין די קאָנגרעגאַציע־שולן, האָבן פאַרבראַכט זייער וואַקאַ־ציע אין די זומער־פּלעצער, וואו עס איז אָנגעפירט געוואָרן אַן אינטענסיווע סיסטעם פון לערנען אידישקייט.

די דערציאונגס־קאָמיסיע ביי דער יונייטעד סינאַגאָג האָט אויך אַנט־וויקלט אַ שטאַרקע פאַרלאַגס טעטיקייט און אַרויסגעגעבן אין דורכשניט זעקס לערן־ביכער אַ יאָר. אייניקע ביכער, ווי למשל די געשיכטע פון

אידישן פֿאָלק פון דבורה פעסין אין דריי בענדער איז זיך צעגאַנגען יערלעך אין אַרום צען טויזנט קאָפּיעס יעדער באַנד. די קאָמיסיע פלעגט אויך דערקלערן אַ קאָנטעסט צווישן שרייבער צו שאַפן וואָס מער אינטערעסאַנטע און צוציענדע טעקסט־ביכער פאַר די קינדער.

אַלע צווייגן פון דער קאָנסערוואַטיווער אידישער באַוועגונג האָבן אין דעם דראַנג צו פאַרשטאַרקן אידישקייט אין אַמעריקע זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו צעמענטירן די פּאָזיציעס פון אידישער דערציאונג. די ראַביניקל אַסעמבלי האָט דורכגעפירט יערלעכע נאַציאָנאַלע קאָנפערענצן, געווידמעט צו פּראָבלעמען פון אידישן חינוך. ביי די נאַציאָנאַלע צוויי־יערלעכע צוזאַמענפאָרן פון דעם פאַרבאַנד פון די קאָנסערוואַטיווע קאָנגרע־גאַציעס (יונייטעד סינאַגאָג) פלעגן דורכגעפירט ווערן רעגולערע סעסיעס געווידמעט צו דערציאונג. און דער אידישער טעאָלאָגישער סעמינאַר זעלבסט — האָט מיט יעדן יאָר געזוכט אַלץ נייע מיטלען און וועגן ווי אַזוי צוצוציען די בעסטע יוגנט צו טיפערע אידישע שטודיעס.

„מיר זיינען אָפּטימיסטיש וועגן דער צוקונפט" — אַזוי האָט פאַר־ענדיקט דר. מילגרוים זיין באַריכט אין דעם יובל־בוך פון אידישן וועלט קאָנגרעס לכבוד דריי הונדערט יאָר אידיש לעבן אין אַמעריקע.

## 28

# רעפאָרם אידן האָבן אָנגעהויבן זוכן אַ וועג צו אַ בעסערער אידישער דערציאונג

הויפּט אָנפירער פון זייער דערציאונגס־קאָמיסיע האָט אפילו אָנגעוויזן, אַז עס איז ווינטשענסווערט, אַז די רעפאָרם באַוועגונג זאָל שאַפן אַ צאָל פולע טאָג־שולן. — ווילן אָפּשאַפן דעם נאָמען „סאָנדעי סקול" און אים פאַרבייטן מיט „רעליגיעזע שול". — צוגרייטונג צו „קאָנפירמאַציע" פאַרלענגערט אין פיל שולן אויף עטלעכע יאָר. — ערשטע סאָנדעי סקול אין אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן פון אַ באַרימטער אָרטאָדאָקסי־שער אידישער פרוי אין פילאַדעלפיע. — רעפאָרם אידן האָבן געהאַט אַ צאָל טאָג־שולן אין אַמעריקע אין 19טן יאָרהונדערט. — דר. גאַמאָראַן פאָדערט, אַז טאָג־שולן זאָלן ניט בלייבן בלויז ביי אָרטאָדאָקסישע אידן. —

אויך ביי די אידן פון דעם רעפאָרם לאַגער האָט מען זיך אָנגעהויבן צו פאַרטראַכטן ערנסטער וועגן דער פראַגע פון אידישער דערציאונג. אויך דאָ, וואו עס האָט אין משך פון צענדליקער יאָרן געוועלטיקט די „סאָנדעי סקול" און וואו מען האָט זיך באַנוגנט מיט „אידישקייט אויף דעם שפּיץ מעסער", האָט זיך אָנגעהויבן צו רודערן און מען האָט אָנגעהויבן צו נעמען מיטלען, אַז דאָס גאַנצע דערציאונגס וועזן זאָל ווי ווייט מעגלעך אַביסל פאַרטיפט ווערן. כאָטש פון אויבן אויף קלינגט עס כמעט ווי „אומגלויבליך", אָבער אַ פאַקט איז אַ פאַקט! די אידייע פון שאַפן פולע טאָג־שולן פאַר אידישע קינדער האָט אויך אָנגעהויבן „צו באַדערן", צו

באַאומרואיקן אפילו דעם רעפאָרם לאַגער. „נאַטירלעך" — עס האָט נאָך ניט געהאַלטן דערביי, אַז די רעפאָרם אידן זאָלן אויך אָנהויבן צו עפענען פולע טאָג־שולן פאַר זייערע קינדער, וואו מען זאָל לערנען אי די אידישע, אי די וועלטלעכע לימודים. אָבער דער פאַקט זעלבסט, וואָס די רעפאָרם־אידן האָבן אָנגעהויבן צו דעבאַטירן די פראַגע, איז שוין אַן־און־פאַר־זיך געווען אַ באַדייטונגספולע געשעעניש.

אָבער איידער מיר גייען ווייטער, וועט זיין אינטערעסאַנט צו דערציילן, אַז עס זיינען דווקא געווען די רעפאָרם אידן, וועלכע האָבן אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט געהאַט אָנגעפירט מיט עטלעכע פולע אידישע טאָגשולן אין אַמעריקע. ווייל אין פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט זיינען אַלע אידישע קינדער־שולן, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע, געווען פולע טאָג־שולן. ווייל עס איז געווען ערשט אַרום 1860, ווען עס האָט זיך באַפעסטיקט די אַמערי־קאַנער פּאָבליק סקול סיסטעם. אוריה צבי ענגעלמאַן, דער אָנפירער פון דעם פּאָרש־דעפּאַרטמענט פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג דערציילט אין זיינער אַן אַרבעט וועגן די טאָג־שולן אין אַמעריקע, אַז אין 1854 זיינען געווען זיבן פולע אידישע טאָג־שולן. די פּראָטעסטאַנטן האָבן דאַמאָלט געהאַט זעקס און די קאַטויליקן — 17 טאָג־שולן. די זיבן אידישע טאָג־שולן האָבן זיך געפונען אין ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, סינסינעטי, באָסטאָן, באַלטימאָר, אָלבאַני. אין שיקאַגאָ האָט די באַרימטע רעפאָרם געמיינדע „קאָנגרעגעישאָן אנשי מעריב" געהאַט געגרינדעט אַ אידישע פּאַראָקיעל סקול אין 1853, וועלכע האָט עקזיסטירט ביז 1873. אין 1854 האָט דער טעמפּל אנשי אמת, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן אַ געוויסע צייט פון דעם גרינדער פון רעפאָרם־אידישקייט ראַבאַי אייזיק מאיר (יצחק מאיר) וויז, אויך געהאַט געשאַפן אַ אידישע פּאַראָקיעל סקול. אָבער אַזוי שנעל ווי די באַוועגונג פאַר דער פּאָבליק סקול סיסטעם האָט געשלאָגן וואָרצלען האָבן זיך אָנגעהויבן צומאַכן די אידישע טאָג־שולן. אידן, וועלכע האָבן זיך געהאַט אַריינגעוואָרפן מיטן גאַנצן האַרצן אין קאַמף פאַר אַ פרייער רעגירונגס שול סיסטעם, האָבן אָנגעהויבן שיקן זייערע קינדער צוגלייך מיט דער גרעסטער מערהייט אַמעריקאַנער אין די נייע דעמאָקראַטישע לער־אַנשטאַלטן. אָבער די רעפאָרם אידן האָבן אַלץ אָנגעהאַלטן די פּאָזיציע פון אַן אינטענסיווער אידישער דערציאונג. ביסלעכווייז איז די אידישע טאָג־שול פאַרביטן געוואָרן פון שולן, וואו מען האָט געלערנט צוויי מאָל אַ וואָך, שבת און זונטיק. אָבער עס האָט שוין דאַן געהאַט אויך געהערשט די „סאָנדעי סקול" סיסטעם, דאָס הייסט שולן, וואו מען האָט געלערנט

בלויז איין מאָל אַ וואָך, זונטיק. די ערשטע אידישע סאָנדעי־סקול איז געגרינדעט געוואָרן דורך רעבעקאַ גרעטץ, אין יאָר 1838 אין פילאַדעלפיע. אָבער די רעפאָרם אידן האָבן גראדע אויסגעמיטן דאָן די סאָנדעי־סקול סיסטעם. אין אַן אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1882 זיינען 81 (איין און אַכציק) פון דער אַלגעמיינער צאָל פון 91 (איין און ניינציק) אידישע שולן, וועלכע זיינען געווען אונטער רעפאָרם פירערשאַפט, געווען צוויי־מאָל־אַ־וואָך שולן. אין 1886 איז געגרינדעט געוואָרן אין סינסי־נעטי די „היברו סאַבאַט סקול יוניאָן", כדי איינצופירן איינהייטלעכקייט אין די „היברו סאַבאַט סקולס". אין 1903 האָט די דאָזיקע פאַראייניקונג איבער־געגעבן די פירערשאַפט צו דער „יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגיישאָנס" און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, איז פון דער „היברו סאַבאַט סקול" געוואָרן אַ „סאָנדעי סקול".

אַזוי זעען מיר, אַז דווקא אין דעם לאַגער, וואו עס האָט כמעט אין משך פון דער ערשטער העלפט פון 20טן יאָרהונדערט געהערשט אַן אויבנאויפיקע באַציאונג צו אידישער דערציאונג, דוקא דער דאָזיקער לאַגער האָט „זיינער צייט" באַוויזן צו זיין אַן אָנהענגער פון אַ מער גרינטלעכער אידישער דערציאונג. און כאָטש די אידייע פון טאָג־שולן האָט ביי די רעפאָרם־אידן, באַזונדערס ביי די הויפט פירער, אַרויסגערופן אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אַן אומאָפּיציעלן „ניין", פונדעסטוועגן האָט מען שוין וועגן דעם ענין „גערעדט" און דעבאַטירט. אַזוי האָבן מיר געזען אַן אָפּהאַנדלונג אין דעם זשורנאַל „דזשואיש טיטשער", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דער „יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגעישאָנס", וואו די רעפאָרם אידן זיינען גערופן געוואָרן אָנצוהייבן אַ באַוועגונג און שאַפן אייגענע טאָג־שולן. טאָג שולן, וואו מען זאָל לערנען וועלטלעכע לימודים און שענקען פיל אויפמערקזאַמקייט צום לערנען אידישע לימודים אויף אַן אינטענסיוון שטייגער.

און ווייסט איר ווער עס האָט דעם דאָזיקן פאָרשלאַג געמאַכט?

ניט קיין אַנדערער ווי דר. עמנואל גאַמאָראַן, וועלכער איז זינט 1923 געווען דער דערציאונגס־דירעקטאָר פון דער פאַראייניקונג פון אַלע רעפאָרם קאָנגרעגאַציעס פון גאַנץ אַמעריקע. דר. גאַמאָראַן איז נאָך אין יאָר 1923 איינגעלאַדן געוואָרן קיין סינסינעטי, וואו ער האָט איבערגענומען די אָנפי־רערשאַפט פון דער ניי־געגרינדעטער אָפּטיילונג פון דער „יוניאָן" — דער דעפּאַרטמענט פון דערציאונג. צו זיין דרייסיק יאָריקן יובילייַ פון אָנפירן מיט דער דערציאונגס־קאָמיסיע פון רעפאָרם אידנטום איז דר.

גאַמאָראַן וואַרעם באַגריסט געוואָרן פון אַ גאַנצער ריי פירער אין אַמעריי־קאַנער אידנטום, פאַר זיינע גרויסע אויפטועז אויף דעם דערציאונגס געביט. אונטער גאַמאָראַנ׳ס פירערשאַפט האָבן די רעפאָרם אידן באַוויזן צו שאַפן אַ גאָר גרויסע פאַרלאַגס־טעטיקייט פון טעקסט־ביכער פאַר דעם אידישן דערציאונגס־וועזן. אויף דעם געביט פון שאַפן ביכער פון אידישן אינהאַלט פאַר אידישע קינדער אין אַמעריקע האָבן די רעפאָרם אידן, אונטער גאַמאָראַנ׳ס פירערשאַפט, באמת געהאַט פיאָנערישע פאַרדינסטן.

מיר דערציילן דאָס אַלץ דאָ, אויף דעם דאָזיקן פּלאַץ, כדי אַרויסצובורענ־גען די וויכטיקייט פון דעם פאַקט, וואָס גאַמאָראַן „זעלבסט" איז אַרויסגעע־קומען מיט דער פאָדערונג, אַז די רעפאָרם אידן זאָלן זיך באַטראַכטן און אָנהויבן שאַפן אידישע טאָג־שולן פאַר זייערע קינדער. זיין רוף האָט גאַמאָראַן פּראָקלאַמירט נאָך אין יאַנואַר 1951. גאַמאָראַן האָט אָנגעוויזן, אַז די רעפאָרם אידן וואָלטן דאַרפן אָנהויבן שאַפן פולע אידישע טאָג־שולן, ווייל מען דאַרף ניט דערלאָזן, אַז אַלע אידישע טאָג־שולן זאָלן זיין אונטער אָרטאָדאָקסישן און חסידישן איינפלוס. גאַמאָראַן האָט געוואָלט, אַז עס זאָלן אין אַמעריקע זיך אויך געפינען אידישע טאָג־שולן, וואוהין אַ ליבעראַלער איד, אַ רעפאָרם איד, זאָל קענען שיקן זיין קינד לערנען. פאַרוואָס עס דווקא אָנרופן פּאַראָקיעל סקול? פאַרוואָס ניט באַצייכענען אַזאַ שול אַלס „פּראַיוועט סקול", פּריוואַטע שול, הייסט עס! און שיקן אַ קינד אין אַ „פּראַיוועט סקול" איז אין אַמעריקע באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ פּריווילעגיע! דר. גאַמאָראַן האָט אָנגעוויזן די רעפאָרם־אידן, אַז אַמעריקע האָט גאָרנישט קעגן קיינעם, ווען איינער וויל שיקן זיין קינד אין אַ פּריוואַטער שול. אַזעלכע שולן וואָלטן נויטיק געווען פאַר צען פּראָצענט פון די קינדער אין די רעפאָרם רייען, האָט דער דערציאונגס פירער פון רעפאָרם אידנטום אָנגעוויזן. מען טאָר ניט דערלאָזן, אַז די אידישע טאָג־שולן אין אַמעריקע זאָלן זיך דווקא געפינען אין ניט־ליבעראַלע הענט, האָט דר. גאַמאָראַן ווייטער דערקלערט.

יאָ! עס האָט זיך אָנגעהויבן צו רודערן אויף אַן ערנסטן אופן אין דעם רעפאָרם לאַגער! אָבער די רעפאָרם אידן זיינען דערוויל נאָך ניט געגאַנגען אַזוי ווייט ווי די קאָנסערוואַטיווע, וואו די דערציאונגס־קאָמיסיע פון דעם פאַרבאַנד פון קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָגן האָט אָפיציעל אינדאָסירט די אידייע פון פולע טאָג־שולן און גערופן די קאָנגרעגעישאָנס, וואו נאָר עס איז מעגלעך, צו שאַפן אַזעלכע אידישע טאָג־שולן.



ד״ר. עמנואל גאַמאָראַן
דערציאונגס־דירעקטאָר פון פאַרבאַנד פון רעפאָרם־קאָנגרעגיישאָנס
זינט 1923

די טאָג־שולן פראַגע האָט ביי די רעפאָרם אידן געדינט דערוויל אַלס אַ מין אָנרעגונג צו פאַרבעסערן זייערע געוויינלעכע קינדער שולן. אָבער בלויז מיט „פירן אַ דעבאַטע״ האָט מען זיך ניט געקענט באַנוגענען. די צייט און די אַטמאָספערע איז געווען אַזאַ, אַז עס האָבן זיך געפאָדערט מעשים. ווייל לויט אַן אויספאָרשונג, וואָס די רעפאָרם אידן האָבן געמאַכט איבערן גאַנצן לאַנד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די פולע הונדערט פּראָצענט פון די רעפאָרם אידן האָבן געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן קריגן אַ רעליגיעזע דערציאונג. 75 (פינף און זיבעציק) האָבן געוואָלט, אַז זייערע קינדער זאָלן לערנען העברעאיש. און דאָ איז נויטיק צו דערמאָנען, אַז אין משך פון צענדליקער יאָרן האָבן די רעפאָרם אידן געהאַלטן, אַז העברעאיש דאַרפן אידן קענען אין ארץ ישראל. אין די אַנדערע לענדער, וואו זיי זאָלן ניט זיין, דאַרפן אידן דאַווענען אין דער שפּראַך פון לאַנד וואו זיי וואוינען. העברעאיש דאַרף מען „לערנען״ בלויז כדי צו קענען אַ פּאָר פון די

וויכטיקסטע ברכות. (געגוי וועגן דער אויספאָרשונג, זע באַנד צוויי, וועגן רעפאָרם אידישקייט).

נייע ווינטן האָבן אָנגעהויבן צו בלאָזן.

דערפאַר טאַקע האָט מען אין דעם רעפאָרם לאַגער אָנגעהויבן צו זוכן מיטלען ווי אַזוי צו באַזייטיקן ביסלעכווייז די איין־מאָל־אַ־וואָך־שול־סיסטעם און אָנפירן דאָס לערנען פון די אידישע לימודים צוויי מאָל אַ וואָך און מער. און לויט ווי דר. גאַמאָראַן האָט מיר איבערגעגעבן אין זיין געשפרעך מיט מיר, איז אין אַרום 25 ביז 30 פּראָצענט קאָנגרעגעישאָן שולן שוין געלערנט געוואָרן פון צוויי ביז דריי מאָל אַ וואָך. דאָס איז געווען דאָס אַלגעמיינע בילד איבערן לאַנד. אין ניו יאָרק אָבער איז די לאַגע געווען אַנדערש. אין צוואַנציק פּראָצענט פון די שולן האָט מען געלערנט מער ווי איין מאָל אַ וואָך (דאָס מיינט, אַז דורך דעם חודש האָט מען געלערנט אַ פינף אָדער זעקס מאָל). אין צען פּראָצענט האָט מען געלערנט צו צוויי מאָל. אין צען פּראָצענט — דריי מאָל. אין די איבעריקע האָט מען געלערנט איין מאָל — דאָס הייסט זונטיק.

עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז די רעפאָרם אידן האָבן געהאַט אַרום 500 קינדער־שולן און אַרום 110 טויזנט תלמידים. די צאָל שולן איז געווינלעך געווען די זעלבע ווי די צאָל קאָנגרעגעישאָנס. פיל פון די שולן האָבן געהאַט קינדער־גאָרטנס, אייניקע אויך נוירסעריס, פאַר קינדער פון דריי ביז פינף.

די מערהייט רעפאָרם אידן, פיל פון וועלכע זיינען געווען פון צווייטן, דריטן און אפילו פערטן דור אַמעריקאַנער געבוירענע, האָבן אין דער אויספאָרשונג זיך אַרויסגעזאָגט, אַז זיי ווילן אַ אידישע דערציאונג פאַר זייערע קינדער בלויז איין מאָל אַ וואָך. געגוי — 58 פּראָצענט. צוואַנציק פּראָצענט האָבן געוואָלט צוויי מאָל אַ וואָך שולן. אַכט פּראָצענט — דריי טאָגיקע שולן און פיר פּראָצענט — פיר טאָג אַ וואָך. נאָענט צו צען פּראָצענט רעפאָרם אידן האָבן זיך אַרויסגעזאָגט פאַר פולע אידישע טאָג־שולן. די אויספאָרשונג איז דורכגעפירט געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד דורך דער נאַציאָנאַלער פעדעראַציע פון טעמפּל ברידערשאַפטן פון דער רעפאָרם־באַוועגונג. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין אַלגעמיין האָבן אויך די רעפאָרם אידן אָנגעהויבן ביסלעכווייז צוריקצוגיין צו די אַלטע טראַדיציאָנעלע אידי־שע קוואַלן.

אַ גאָר אינטערעסאַנטע און וויכטיקע אויספאָרשונג וועגן דעם צושטאַנד

פון אידישער דערציאונג אין רעפאָרם קרייזן האָט געמאַכט דער רעפאָרם־ראַבאַי ריטשאַרד ס. הערץ, וועלכער האָט אויפגענומען אַ קורס אין דערציאונג אין דעם נאָרטוועסטערן אוניווערזיטעט און האָט אַלס אַ טעזיס פאַר זיין דאָקטאָראַט אין פילאָזאָפיע אויסגעקליבן די טעמע פון אַן אויספאָרשונג פון אידישן חינוך אין די רעפאָרם־קרייזן. דר. הערצ'ס אַרבעט איז שפּעטער פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין בוך־פאָרם דורך דער יוניאָן אָוו אַמעריקען היברו קאָנגרעגעישאָנס. דר. גאַמאָראַן האָט צום בוך געשריבן אַ פאָרוואָרט. אין דעם דאָזיקן בוך ווערט פיל דערמאָנט אַן ענלעכע אויספאָרשונג פון די קינדער־שולן אין דער רעפאָרם באַוועגונג, וואָס דר. גאַמאָראַן האָט געהאַט געמאַכט אין יאָר 1924. דאַמאָלט האָט גאַמאָראַן אויסגעפונען, אַז אין די סאָנדעי־סקולס איז אין דורכשניט געלערנט געוואָרן ניט מער ווי איין שעה מיט 27 מינוט אין וואָך. דר. הערץ דערמאָנט דעם דאָזיקן פאַקט און ווייזט אָן, אַז די צייט פון לערנען איז אין די איין־מאָל־אַ־וואָך שולן פאַר־לענגערט געוואָרן אין דורכשניט אויף צוויי מיט אַ האַלב שעה יעדן זונטיק. דערצו האָט מען אין די רעפאָרם שולן אָנגעהויבן צו פאַרלענגערן די צאָל יאָרן, וואָס האָבן זיך געפאָדערט, כדי צו קריגן קאָנפירמעישאָן. געוויינלעך פלעגט זיך פירן ביי די רעפאָרם אידן, אַז אין עלטער פון 13 זיינען סיי די אינגלעך, סיי די מיידלעך דורכגעגאַנגען אַ מין ספּעציעלע צערעמאָניע, וואָס האָט אָפיציעל זיי פאַרבונדן מיט דעם אידישן פאָלק. האָבן פיל קאָנגרע־גאַציעס אָנגעהויבן איינצופירן, אַז אָנשטאָט ביי דרייצן יאָר זאָל די קאָנ־פירמאַציע דורכגעפירט ווערן ביי פופצן אָדער זעכצן יאָר. דאָס האָט געגעבן דער פירערשאַפט אַ געלעגנהייט „צו פאַרהאַלטן" די קינדער אויף נאָך אַ פּאָר יאָר און זיי אַריינגעבן נאָך אַ ביסל אידיש וויסן. נאָך אַ שטרע־מונג אין די רעפאָרם סינאַגאָגן איז געווען צו פאַרוואַנדלען — אַלץ צוליב דער קאָנפירמאַציע צערעמאָניע אַלס אַ מין אויסרייד — די סאָנדעי־סקול אין אַ צוויי־מאָל־אַ־וואָך שול.

דער פּלאַן אָפּצולייגן די קאָנפירמאַציע ביז פופצן אָדער זעכצן יאָר, האָט זיך אויך גענומען דערפון, וואָס אין די רעפאָרם קרייזן האָט מען גאַנץ שטאַרק אָנגעהויבן צו בענקען נאָך דער אַלטער אידישער בר מצוה פייערונג. אין דער אויספאָרשונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך די טעמפּל ברידערשאַפטן, האָבן 77 (זיבן און זיבעציק) פּראָצענט רעפאָרם־אידן זיך אַרויסגעזאָגט, אַז יאָ! זיי גלויבן אין בר־מצוה. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז אין 92 פּראָצענט פון די רעפאָרם קאָנגרעגאַציעס אין אַמעריקע פּראַקטיצירט מען גאָר יאָ די בר־מצוה פייערונג. און די טענ־

דענץ ביי די רעפאָרם אידן אין יאָרנלאַנג גאָר געווען צו פאַרבייטן בר־מצוה מיט „קאָנפירמעישאָן״.

נאָך אַ גאַנץ אינטערעסאַנטן פאַקט האָט אַרויסגעבראַכט אין זיין בוך דר. ריטשאַרד הערץ. ער האָט אָנגעוויזן, אַז אין די רעפאָרם־קרייזן האָט מען אָנגעהויבן צו נעמען מיטלען צוצוציען די יוגנט אויך נאָך דער קאָנ־פירמאַציע. אין משך פון יאָרן לאַנג האָט מען אין די רעפאָרם קרייזן גע־וואוסט, אַז נאָך דעם, ווי אַ קינד ווערט קאָנפירמירט בלייבט עס ווי אויסער דער סינאַגאָג. ער אָדער זי האָט באַנייט די פאַרבינדונג מיט דער סינאַגאָגע ערשט בעת מען האָט חתונה. די דאָזיקע יאָרן — פון קאָנפירמעישאָן ביז צו דער חתונה — פלעגן באַצייכנט ווערן אַלס די „דעקעיד אָוו עקזאיל״, דער יאָרצענדליק פון פאַרשיקונג, הייסט עס, פון ניט באַלאַנגען. עס זיינען אָבער אויף דעם געביט שוין אָנגענומען געוואָרן מיטלען און אין די מערסטע רעפאָרם געמיינדעס זיינען אַנטוויקלט געוואָרן „פּאָסט קאָנפירמאַציע״ פּראָג־ראַמען. עס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַרשידענע קורסן, יוגנט גרופּען, פאַרשידענע צוציענדע אַקטיוויטעטן, אַרום וועלכע די רעפאָרם יוגנט איז קאָנצענטרירט געוואָרן.

אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצוגעבן די פּראָגראַם, וואָס איז געווען אָנערקענט אַלס אַ סטאַנדאַרד אין די רעפאָרם־שולן פאַר קינדער, כדי „קאָנפירמירט״ צו ווערן, וואָס דאָס מיינט, כדי צו גראַדואירן.

זיין באַקאַנט מיט „באַיבל סטאָריס״ (מעשה׳לעך פון חומש) און מיט טיילן פון חמשה חומשי תורה און אויך פון יהושע, שופטים, שמואל, מלכים, רות, יונה, דניאל, עזרא, נחמיה, און אַ צאָל געקליבענע טיילן פון תהילים.

זיין אַביסל באַקאַנט (פעיר נאַלעדזש) מיט דער אידישער געשיכטע. בלויז אויף אַזויפיל וויפל מען קען לערנען פון די ענגלישע טעקסט־ביכער, וואָס ווערן געלערנט אין די רעפאָרם שולן.

זיין באַקאַנט מיט די וויכטיקסטע מנהגים און צערעמאָניעס פון דער אידישער היים און סינאַגאָגע און פאַרשטיין די פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן פון אידישקייט.

קענען לייענען און איבערזעצן געקליבענע תפילות פון העברעאיש אין דעם סידור, וואָס די יוניאָן האָט אַרויסגעגעבן (יוניאָן פּרייער־בוק).

פאַרשטיין די באַדייטונג און די ראָל וואָס עס שפּילן די אידישע אינסטי־טוציעס אין דער לאָקאַלער, נאַציאָנאַלער און אינטערנאַציאָנאַלער אידישער געמיינדע.

עס איז גאַנץ נאַטירלעך, אַז אין די רעפאָרם שולן זאָלן אַלע לימודים

געלערנט ווערן אין ענגליש. די רעפאָרם אידן זיינען אין זייער דערציאונג סיסטעם געווען הויפטזעכלעך פאַראינטערעסירט אין שאַפן אין משך פון די יאָרן אַ גינסטיקע, אַ וואַרעמע באַציאונג אין זייערע קינדער צו אידישקייט, צו אידישע ווערטן. דאָס איז געווען דער הויפטציל. מיט דער צייט אָבער, האָבן זיך געשאַפן נייע שטרעמונגען אין די רעפאָרם רייען. און לויט ווי דר. הערץ ווייזט אָן אין זיין אויספאָרשונג, וואָס איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין 1953, האָבן זיך די נייע שטרעמונגען געשאַפן אַלס רעזולטאַט דערפון, וואָס עס זיינען אַריינגעקומען אין די רעפאָרם טעמפּלען אַ היפּשע צאָל אידן, וואָס שטאַמען פון קאָנסערוואַטיווע און אויך אָרטאָדאָקסישע קרייזן. די דאָזיקע נייע עלעמענטן האָבן מיט זיך אַריינגעבראַכט ניי געזונט בלוט אין דער רעפאָרם באַוועגונג. זיי האָבן אויף אַן אומבאַוואוסטזיניקן אופן אַריינגעבראַכט מיט זיך אַ מין בענקשאַפט נאָך העברעאיש און דער רעזול־טאַט איז געווען, אַז אין איבער 90 פּראָצענט פון די רעפאָרם־שולן האָט מען געלערנט מיט די קינדער די העברעאישע שפּראַך. ווען דר. גאַמאָראַן האָט געמאַכט זיין אויספאָרשונג פון די רעפאָרם שולן אין 1924, האָבן בלויז 27 (זיבן און צוואַנציק) פּראָצענט פון די קינדער אויפגענומען די העברעאישע שפּראַך.

די נייע אויספאָרשונג האָט אויך באַוויזן, אַז אין די רעפאָרם קרייזן האָט זיך אָנגעהויבן די באַוועגונג אָפּצושאַפן אינגאַנצן דעם נאָמען „סאָנדעי סקול" און אים פאַרבייטן מיט „רעלידזשעס סקול", „רעליגיעזע שול". אָט דער דאָזיקער פאַקט איז געווען פון גרויסער פּסיכאָלאָגישער באַדייטונג. ווייל ער איז געווען איינער פון יענע סימנים, וואָס האָבן אָנגעדייט אויף פּאָזיטיווע ענדערונגען. אינטערעסאַנט איז אויך דאָ צו דערמאָנען אַן אַרטיקל, וואָס דר. גאַמאָראַן האָט פאַרעפנטלעכט אין אַ זאַמלונג, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג וועגן די פאַרשידענע מינים שולן ביי די אידן אין אַמעריקע. דר. גאַמאָראַן, פאַרטרעטנדיק דעם צד פון די רעפאָרם אידן, האָט אָנגעוויזן, אַז די „סאָנדעי סקול", וואָס איז צוערשט באַטראַכט געוואָרן בלויז אַלס אַ ספּעציפישע אינסטיטוציע פון רעפאָרם אידישקייט, איז אויף אַ ברייטן אופן אויך באַנוצט געוואָרן דורך די קאָנסערוואַטיווע אידן און אפילו אויך פון די אָרטאָדאָקסן. דערפאַר — זאָגט דער פירער פון רעפאָרם־דערציאונג — וואָלט געווען בעסער ווען מיר וואָלטן אָנערקענט, אַז די סאָנדעי סקול איז „געקומען צו פאַרבלייבן" און אָנשטאָט בלויז צו רעדן און קריטיקירן,

וואָלט געווען מער לאָגיש צו פאַרבעסערן און פאַרריכטן און אויסנוצן אַמ־פולסטן די מעגלעכקייטן, וואָס די סאָנדעי סקול גיט אונז.

טשיקאַווע איז דאָ געווען אָנצואווייזן, אַז דער אָפּיציעלער אָנפירער פון די קינדער־שולן ביי די די רעפאָרם אידן, דער דירעקטאָר פון זייער דער־ציאונגס־קאָמיסיע, דר. עמנואל גאַמאָראַן איז אַ וואַרעמער, האַרציקער היי־מיש־אידישער מענטש. ער איז געבוירן געוואָרן אין בעלז, בעסאַראַ־ביע. אין דער עלטער פון 12 יאָר איז ער געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע און האָט געלערנט אין ישיבת יעקב יוסף אויף דער איסט סאַיד. ער האָט גראַדואירט אַלס לערער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר און האָט שטודירט אין סיטי קאַלעדזש און אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. ער איז יאָרנלאַנג געווען אַ לערער און אַ טוער אין אידישע אָרגאַניזאַציעס און אין 1923 איז ער געוואָרן דער דערציאונגס־דירעקטאָר פון דער רעפאָרם באַוועגונג.

לויט אַן אויספאָרשונג, וואָס די אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג האָט געמאַכט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איבער 50 פּראָצענט פון אַלע קינדער האָבן געלערנט אין סאָנדעי־סקולס. אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצוגעבן די ציפערן, וואָס אוריה צבי ענגעלמאַן, הויפּט פון פאָרשונגס דעפּאַרטמענט פון דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג, האָט פאַרעפנטלעכט וועגן די סאָנדעי סקולס אין דעם אַמעריקאַנער אידישן יאָרבוך פון 1955. דר. ענגעלמאַן האָט געבראַכט די ציפערן וועגן דעם צושטאַנד פון אידישער דערציאונג אין 195 אידישע געמיינדעס, צווישן זיי די גרעסטע אידישע קהילות. ניו־יאָרק איז אין דער דאָזיקער אויספאָרשונג ניט אַריינגענומען געוואָרן, ווייל ניו־יאָרק האָט דורכגעפירט צו דער זעלבער צייט אַן אייגענע פאָרשונג וועגן דעם דערציאונגס־מצב. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס פאָלגנדע: איבער 54 פּראָצענט פון די סאָנדעי סקולס זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון רעפאָרם אידן. איבער 34 פּראָצענט — פון קאָנסערוואַטיווע און איבער 12 פּראָצענט — פון אָרטאָדאָקסישע אידן. זעקס פּראָצענט זונטיק־שולן זיינען ניט געווען ביי קיין שום קאָנגרעגעישאָנס און נאָענט צו צוויי פּראָצענט סאָנדעי־סקולס זיינען אָנגעפירט געוואָרן בשותפותדיק פון פאַרשידענע קאָנגרעגעישאָנס. אין אייניקע שטעט האָבן אפילו מיטגעאַרבעט אָרטאָדאָקסישע אידן צוזאַמען מיט רעפאָרם־אידן ביים אָנפירן די סאָנדעי־סקול. דאָס האָט פּאַסירט אין קלענערע געמיינדעס, וואו יעדע גרופּע האָט געהאַט אַ גאָר קליינע צאָל קינדער און באַזונדער — פאַר זיך — האָט יעדע גרופּע געקענט גאָר ווינציק אויפטאָן. וועגן דעם דערציילט

ראַבאַי ריטשאַרד הערץ אין זיין בוך „דהי עדיוקעישאָן אָוו דהי דזשואיש טשאַילד״.

מיר ברענגען די אַלע פאַקטן ניט כדי, חלילה, צו שאַפן אַ מין פאַר־טיידיקונג פאַר דער „סאָנדעי סקול״! נאַטירלעך, וואָלטן מיר וועלן, אַז אַלע אידישע קינדער אין אַמעריקע זאָלן קריגן אַ גאָר, גאָר גוטע אידישע דערציאונג און אַז פיל מער קינדער זאָלן גיין אין די פולע אידישע טאָג־שולן. אָבער „וועלן״ איז איין זאַך און „פאַקטן״ זיינען אַ צווייטע זאַך! און דאָס בעסטע וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן אנערקענען, לויט ווי דר. גאַמאָראַן ווייזט אָן, דעם פאַקט, אַז די סאָנדעי־סקול איז „געקומען צו זיין״ און דערביי טאָן אַלעס, כדי צו פאַרבעסערן די סאָנדעי־סקול און זי אויס־ברייטערן אויף עטלעכע מאָל אַ וואָך, ווי דאָס האָבן געטאָן מיט פיל דערפאָלג די קאָנסערוואַטיווע אידן. אָנשטאָט בלויז צו קריטיקירן די רעפאָרם־אידן, דאַרפן מיר זיי וואָס מער העלפן. און גאָר, גאָר אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן, אַז די ערשטע סאָנדעי־סקול אין אַמעריקע איז געשאַפן געוואָרן דוקא פון אָרטאָדאָקסישע אידן און ניט פון קיין רעפאָרמער. יאָ! די באַרימטע אידישע פרוי, רעבעקאַ גרעטץ, וועלכע האָט אין יאָר 1838 געגרינדעט די ערשטע אידישע סאָנדעי סקול אין אַמעריקע, איז געווען אַן עכטע אָרטאָ־דאָקסישע פרוי. זי איז געווען פאַרבונדן מיט דער היסטאָרישער שול „מקוה ישראל״. און די ערשטע סאָנדעי סקול איז געווען אָפן פאַר קינדער פון אַלע גרופּירונגען צו יענער צייט. ערשט שפּעטער האָט די זעלבע רעבעקאַ גרעטץ געהאָלפן די רעפאָרם אידן פון טשאַרלסטאָן, סאַוט קאַראָלאַינאַ, שאַפן זייער אייגענע סאָנדעי־סקול ביי דער קהילה בית אלקים.

יאָ! עס זעט אויס, אַז עס האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן די צייט, אַז די סאָנדעי־סקולס זאָלן קומען נעענטער צום צענטער, צום סאַמע תוך, צום יאָדער פון אידישקייט און אָנשטאָט זיך צו האַלטן בלויז ביים זונטיק, זיך אויסמישן מיט איינעם אָדער צוויי טעג פון דער וואָך, און ווערן מער אינהאַלטסרייך, מער אידישלעך.

## 29

# רעקאָנסטרוקציע־באַוועגונג האָט געזוכט איבערצובויען אידיש לעבן דורך אָרגאַניזירטע אידישע קהילות

די באַוועגונג האָט אַרויסגעבראַכט אַ פּראָגראַם פאַר אַן אָרגאַניזירטן אידישן לעבן. — דר. מרדכי מ. קאַפּלאַן און זיינע תלמידים. — די רעליגיעזע ציוויליזאַציע. — דער נייער סידור און דער חרם אויף דר. קאַפּלאַנ׳ען. — ווי אַזוי דר. קאַפּלאַן האָט אויפגענומען דעם דאָזיקן חרם און די פּראַגע, וואָס ער האָט געשטעלט צום אידישן כלל. — די „סאָסייעטי פאָר דהי אדוועַנסמענט אָוו דזשודאַאיזם" און די קינדער־שול, וואָס זי האָט אויפגעהאַלטן. — ווי אַזוי מען האָט דאָרט געלערנט. — דער איינפלוס פון די רעקאָנסטרוקציאָניסטן אויף דעם אידישן לעבן אין אַמעריקע בכלל און אידישער דער־ציאונג בפרט. —

די רעקאָנסטרוקציאָניסטישע באַוועגונג איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1935 אין ניו יאָרק דורך איר טעאָרעטיקער און הויפּט־אָנפירער דר. מרדכי מ. קאַפּלאַן, וועלכער איז געווען איינער פון די סאַמע ערשטע קאָנסערוואַ־טיווע ראַבאַיס צו גראַדואירן פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר ביים אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. דר. קאַפּלאַן האָט אָבער מיט דעם גאַנג פון די יאָרן געהאַט אַנטוויקלט זיינע אייגענע טעאָריעס וועגן אידישקייט אין אַמעריקע. ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ גאַנצע ריי וויכטיקע ווערק, צווישן זיי זיין הויפּט־שאַפונג „דזשודאַאיזם עז עי סיוויליזעישאַן" (אידישקייט אַלס אַ ציוויליזאַציע), וואָס איז דערשינען אין מאַי, 1934, און האָט גאַנץ שנעל געקראָגן אַ נאָכפאָלגערשאַפט צווישן אַ היפּשער צאָל קאָנסערוואַטיווע

און אויך רעפאָרם ראַבאַיס, ווי אויך צווישן דער אַלגעמיינער אידישער מאָדערנער רעליגיעזער און וועלטלעכער אינטעליגענץ. אין יאַנואַר, 1935, בלויז עטוואָס איבער אַ האַלב יאָר נאָכן דערשיינען פון קאַפּלאַנ׳ס „אידישקייט אַלס אַ ציוויליזאַציע״, האָט זיך שוין געהאַט אָרגאַניזירט אַ גענוג שטאַרקע גרופּע, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן דעם צווייוועכנטלעכן זשורנאַל „ריקאָנסטראַקשאָניסט״, — אַ באַוועגונג, וואָס האָט געטראָגן דעם זעלבן נאָמען ווי דער זשורנאַל, און וואָס אויף אידיש האָט עס געמיינט „איבערבויער״. און דאָ קען מען מיט זיכערקייט זאָגן: כשמו—כן הוא. דער נאָמען האָט גלייך אָנגעזאָגט, וואָס די צילן פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען, און כדי צו געבן אונזערע לייענער דעם ריכטיקן „אַריינפּיר״, וועלן מיר איבער־געבן אַזוי קורץ, אָבער אויך אַזוי קלאָר ווי מעגלעך, די פּראָגראַם פון די רעקאָנסטרוקציאָניסטן.

וואָס האָבן די דאָזיקע „איבערבויער״ געוואָלט איבערבויען?

די פראַגע איז קורץ, און דער ענטפער קען אויך זיין אַ קורצער: זיי האָבן געוואָלט איבערבויען דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע.

אָבער מיר ווייסן, אַז אַזאַ ענטפער איז ניט גענוג. איבערבויען וואָס? און איבערבויען — ווי אַזוי??!

וועלן מיר זיך טאַקע דאָ מוזן אַריינלאָזן אַביסל גענויער אין דער געשיכטע פון די „איבערבויער״ און מיר וועלן דאָ איבערגעבן אַ גאַנצע ריי פּונקטן פון זייער פּראָגראַם.

1) אויפבויען ארץ ישראל אַלס אַ היים ניט בלויז פאַר די אידן, נאָר פאַר דעם אידישן לעבן און פאַר דער אידישער קולטור. אַלס אַ ציוויליזאַציע, בויטיקט זיך אידישקייט אַמווינציקסטנס כאָטש אין איין פּלאַץ אין דער וועלט, וואו עס זאָל באַטראַכט ווערן אַלס די הויפּט־ציוויליזאַציע פאַר אירע מיטגלידער.

2) שאַפן אין אַמעריקע אַ גאַנצע נעץ פון אָרגאַניזירטע אידישע געמיינדעס. עס דאַרף געשאַפן ווערן אַ באַוועגונג פון „איינהייטלעכקייט״, פון „באַלאַנגען״, ווי צו אַ גוט אָרגאַניזירטער משפחה. עס דאַרף דורך אָט די דאָזיקע „אידישע קאָמיוניטיס״ פאַרווירקלעכט ווערן די אידייע, אַז עס איז דאָ אין אַמעריקע אַ פּלאַץ פאַר יעדן אידן, וואָס גלויבט, אַז אידיש לעבן דאַרף פאַרשטאַרקט ווערן און דאַרף פּראָגרעסירן. געמיינדע אָרגאַניזאַציע איז וויכטיק, ווייל בלויז אין דער גוט־אָרגאַניזירטער אידישע געמיינדע קען אַריינגענומען ווערן דאָס אידישע לעבן אויף אַ פולן און גאַנצן שטייגער.

3) די רעקאָנסטרוקציאָניסטן גלויבן, אַז די אידישע רעליגיע איז

דער העכסטער אויסדרוק פון דער אידישער ציוויליזאַציע. די אידישע רעליגיע אין דער מאָדערנער צייט, מוז אָבער וויטאַליזירט ווערן, צוקריגן נייע קראַפט, אין איינקלאַנג מיט די ענדערונגען אין אונזער מאָדערנער וועלט מיט אירע נייע אומגעבונגען, אַנטדעקונגען און דערשיינונגען. עס מוז אָבער עקזיסטירן ביי אידן אַ טאָלעראַנץ צו מיינונגס־פאַרשידנהייטן אין רעליגיעזער אַנדערשדיקייט. עס מוז אָנגענומען ווערן דער געדאַנק פון פאַרשידענע פאָרמולירונגען און אויסטייטשונגען פון אידישער רעליגיע, האַלטן די רעקאָנסטרוקציאָניסטן.

4) אידישע דערציאונג מוז ווערן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער גאַנצער אידישער געמיינדע אין אַמעריקע. דערציען דאָס אידישע קינד אין אידישקייט דאַרף ניט זיין בלויז די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון די עלטערן אָדער פון דער קאָנגרעגיישאָן. דאָס לערנען דאַרף אָבער ניט אינגאַנצן אַוועקגעגעבן ווערן צום וויסן, וואָס עס האָט זיך געטאָן אין דער פאַרגאַנגענהייט. דאָס אידישע קינד מוז אויך וויסן וועגן די פּראָבלעמען וואָס אַ איד האָט אין דער מאָדערנער וועלט, וואָס האַלט זיך אין איין בייטן. אידישע דערציאונג דאַרף העלפן אָנהאַלטן די אייניקייט פון אידישן פאָלק איבער דער גאַנצער וועלט.

5) מער אויפמערקזאַמקייט דאַרף צווישן אידן געשענקט ווערן צו די עסטעטישע ווערטן אין אידישן לעבן. עס דאַרפן מער אַנטוויקלט ווערן אידישע מאלעריי, מוזיק, דראַמע, ליטעראַטור, טענץ און אַרכיטעקטור. די אידישע היים אין אַמעריקע מוז באַצירט ווערן מיט אידישע קונסט שאַ־פונגען. די אַרכיטעקטור פון דער סינאַגאָגע, קאָמיוניטי סענטער און אַנדערע אידישע געביידעס מוזן אָפּשפּיגלען די אַספּיראַציעס, די טרוימען און שטרע־בונגען פון אידישן פאָלק.

6) אידן דאַרפן בייטראָגן צו דער אַנטוויקלונג און צום אויפהאַלט פון דער אַמעריקאַנער דעמאָקראַטישער געזעלשאַפט פון פרייהייט און גערעכ־טיקייט, ווייל דאָס אידישע לעבן איז אָנפּהענגיק, סוף כל סוף, פון דעם לעבן אַרום. אידן דאַרפן קעמפן קעגן פּאָליטישער, סאָציאַלער, עקאָנאָמישער און דערציערישער דיסקרימינאַציע. אידישקייט, אַלס אַ רעליגיעזע ציווי־ליזאַציע, שטרעבט אויפצוהאַלטן די ווירדע פון דער מענטשלעכער נשמה.

כדי זיך צו דערוויסן מער פאַקטן וועגן די אויפטוען און דערגריי־כונגען פון דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער באַוועגונג, האָט דער שרייבער פון די שורות געמאַכט „אַ גאַנצע סעריע" באַזוכן אין די אָפיסעס פון דעם זשורנאַל און פאַרלאַג פון די „איבערבויער" און אויך אין דער „סאָסייעטי

פאַר די אדוועגסמענט אָוו דזשודאַאיזם״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך דר. מרדכי מ. קאַפּלאַן נאָך אין יאָר 1922.

(מער וועגן דר. קאַפּלאַן און אויך וועגן זיינע אידייען זע בוך איינס, אין דער אָפּטיילונג פון געשפּרעכן מיט רעליגיעזע פירער.)

דר. קאַפּלאַן האָט געשאַפן די „געזעלשאַפט פאַר דעם פאָרשריט פון אידישקייט״, כדי צו געבן זיך אַליין און אויך זיינע נאָכפאָלגער אַ געלעגנהיים צו פּראַקטיצירן „נייע פאָרמען אין אידישן לעבן״. די „עס. עי. דזשעי״, ווי עס האָט זיך גערופן די „סאָסייעטי פאָר אַדוועגסמענט אָוו דזשודאַאיזם״, האָט זיך געפונען אין איר אייגענער געביידע אויף נומער 15 וועסט 86טע גאַס ביי סענטראַל פאַרק וועסט. אין דער געביידע, אויף דעם גרונטשטאָק, האָט זיך געפונען די שול אָדער טעמפּל. אויף די אַנדערע גאָרנס האָבן זיך געפונען אַ שול פאַר קינדער, עלעמענטאַרע און האַי־סקול און אויך די אָפיסעס פון דעם רעקאָנסטראָקשאָניסט־זשורנאַל.

סיי אין מיינע שמועסן מיט דר. קאַפּלאַן, סיי אין די שמועסן מיט דר. יודזשין קאָהן, וועלכער איז כמעט פון ערשטן טאָג אָן געווען דער פאַרוואַלטונגס־רעדאַקטאָר פון דעם אָפיציעלן אָרגאַן פון דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער באַוועגונג, איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די פירער פון דער דאָזיקער גרופּע האָבן קיינמאָל ניט געשטרעבט דערצו, אַז דער רעקאָנסטרוקציאָניזם זאָל פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ נייער באַוועגונג אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. דער הויפּט־ציל פון דר. קאַפּלאַן און זיינע תלמידים און מיטאַרבעטער איז געווען צו ווירקן מיט זייערע געדאַנקען און טעאָריעס אויף פירנדע מענטשן אין אידישן לעבן. און לויט ווי עקספּערטן, און אויף ווי ווייט מען קען זאָגן, „אומפּאַרטייאישע״ באָאָבאַכטער פון אידישן לעבן האָבן געהאַלטן, איז דר. קאַפּלאַנ׳ס איינפלוס אויף דער אַנטוויקלונג פון אידישן געמיינדע־לעבן אין אַמעריקע געווען אומגעהויער. דר. ש. מאַרגאָשעס, אַן אָנערקענטער און פירנדער אידישער פובליציסט, אַ ציוניסטישער פירער און אַן אָנגעזעענער רעדאַקטאָר, האָט צו דעם דריי הונדערט יאָריקן יובילייִ פון אידישן לעבן אין אַמעריקע באַצייכנט דר. קאַפּלאַנ׳ען אַלס איינעם פון די צען וויכטיקסטע אידן אין דער גאַנצער דריי הונדערט־יעריקער אידישער געשיכטע. ווען איך האָב, אַ פאַראינטערעסירטער, געפרעגט דר. מאַרגאָשעס׳ן מיט וואָס אַזוינס ער האַלט דר. מ. מ. קאַפּלאַנ׳ען אַלס איינעם פון די צען וויכטיקסטע אידן אין דער גאַנצער אַמעריקאַנער אידישער געשיכטע, האָט ער מיר געענטפערט, אַז צוליב דער פּראָגראַם זיינער פון איבערבויען דאָס אידישע לעבן דאָ אין לאַנד לויט אַ סיסטעם פון אָרגאַניזירטע

אידישע קהילות. און מען מוז צוגעבן, אַז מיט אָט דער דאָזיקער פּראָגראַם האָבן דר. קאַפּלאַן מיט זיינע מיטאַרבעטער געהאַט אַ ווייטן קוק אין דער צוקונפט. דר. קאַפּלאַן איז געווען איינער פון די גאָר ערשטע צו פאַרטראַכטן דעם דאָזיקן געדאַנק פון אָרגאַניזירטע אידישע קהילות און אָנצייכענען אַ פּראָגראַם פאַר זיי.

אין אַ לענגערער אַרבעט צום צוואַנציקסטן יובילײ פון דעם רעקאָנסט־ראַקשאָניסט, געשריבן פון ראַבאַי יודזשין קאָהן, איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז עס איז געווען די רעקאָנסטראַקשאָניסט־גרופּע, וועלכע האָט געשאַפן די אידייע פון אַ „דזשואיש קאָמיוניטי קאונסיל" (אידישער געמיינדע ראַט). דער געמיינדע ראַט איז באַטראַכט געוואָרן אַלס דער ערשטער שריט אויף דעם וועג צו אַן אָרגאַנישער אידישער געמיינדע, לויט ווי די רעקאָנסט־רוקציע־גרופּע האָט עס פאָראויסגעזען, און מען מוז צוגעבן, אַז די אידייע פון אַ אידישן געמיינדע ראַט האָט זיך געהאַלטן אַן פאַרשפּרייטן אין אַמעריקע און איז געוואָרן אַן אָנערקענטע פאָרם פון אָרגאַניזירטער אידישער טעטיקייט.

צווישן די הויפּט־אויפגאַבן, וואָס די רעקאָנסטראַקשאָניסטן האָבן אין זייער אָריגינעלן פּלאַן אָנגעצייכנט פאַר די אידישע געמיינדעס, האָבן זיך געפונען די פאָלגנדע פונקטן:

א) צו אַנטוויקלען און קאָאָרדינירן אידישע דערציאונג, רעליגיעזע, קולטורעלע אַקטיוויטעטן.

ב) צו אַקטיוויזירן די עטישע סטאַנדאַרדן, די עטישע מידות, וואָס זיינען איבערגעגעבן געוואָרן אונז דורך דער אידישער טראַדיציע דורך אָנגעמען ספּעציפישע געזעצן צו רעגולירן די סאָציאַלע און עקאָנאָמישע באַציאונגען אין אידישע אינסטיטוציעס.

ג) אַריינברענגען סטאַביליטעט, אינהאַלט, האַרמאָניע אין דער אידי־שער היים.

ד) אויפהאַלטן אַ פולשטענדיקן רעגיסטער (אַ פּנקס) פון דער אידישער געמיינדע און זאַמלען וויכטיקע פאַקטן און סטאַטיסטיקעס און פאַרשפּרייטן אינפאָרמאַציע וועגן די אידישע געמיינדע אַקטיוויטעטן.

ה) אַנטוויקלען נאַציאָנאַלע אינסטיטוציעס פאַר העכערן אידישן לער־נען און צוגרייטן פּאַסנדע מענטשן פאַר געזעלשאַפטלעכער אידישער דינסט.

און כאָטש די אידייע פון „אָרגאַנישע אידישע געמיינדעס" האָט אָנ־געהויבן צו ווערן פּאָפּולער ביי די אידן אין אַמעריקע, איז אָבער דר. קאַפּ־לאַן'ס וועג ניט געווען קיין גאָר לייכטער. ווייל פּאַסירט האָט מיט דר.

קאַפּלאַנ׳ען אַ גאָר דראַמאַטישע געשעעניש, וואָס ווען זי וואָלט זיך פאַרלאָפן ניט אין אַמעריקע, און נישט אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, וואָלט דר. קאַפּלאַנ׳ס גאַנצער קאַמף געווען אַ פאַרלוירענער. ווייל דעם 12טן יוני, 1945, איז דר. קאַפּלאַן אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם. ביי אַ ספּעציעלער פאַרזאַמלונג, וואָס איז פאַררופן געוואָרן פון דער אגודת הרבנים פון אַמע־ריקע און קאַנאַדע, אין האָטעל מעקאַלפּין, ניו־יאָרק, איז דר. קאַפּלאַן אַריינ־געלייגט געוואָרן אין חרם דערפאַר, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן אַ נייעם סידור. לויט אַ באַריכט, וואָס מיר געפינען אין ניו־יאָרקער „טאָג״, פון 13טן יוני, 1945, ווערט אָנגעוויזן, אַז דער חרם איז אויסגערופן געוואָרן דערפאַר, ווייל „אין דער הקדמה צום נייעם „סידור״ ווערן אָפּגעלייקנט די הויפּט־פּרינציפּן פון דער אידישער רעליגיע: אַז עס איז ניט פאַראַן קיין תחית המתים פון גוף, אַז די תורה איז ניט געגעבן געוואָרן פון גאָט, אויפן באַרג סיני, און אַנדערע עיקרים״. אַן עדה פון 200 רבנים זיינען אַנוועזנד געווען אין האָטעל מעקאַלפּין, ווען עס איז אויסגערופן געוואָרן דער חרם. „אַלע צוויי הונדערט רבנים האָבן זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט דאָס קאַפּיטל „אשרי האיש אשר לא הלך בעצת רשעים״ און עס איז עפנטלעך פאַרברענט געוואָרן דער רעפאָרם סידור״ — אַזוי גיט ווייטער איבער דער באַריכט אין „טאָג״, פון 13טן יוני, 1945.

דר. קאַפּלאַן, וועלכער איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס אַ פירנדער רעלי־גיעזער דענקער ניט בלויז אין דער ליבעראַלער אידישער וועלט, נאָר אויך אין קריסטלעכע טעאָלאָגישע קרייזן, האָט אַלס אַ טייל פון זיין „פּראָגראַם פאַר אידיש לעבן אין דער נייער צייט״, געמאַכט אַ פאַרזוך אַריינצוברענגען „אביסל פרייהייט״ אויך אין דעם רעליגיעזן באַנעם פון דעם אידן אין צוואַנ־ציקסטן יאָרהונדערט. דר. קאַפּלאַן האָט געזוכט צו שאַפן אַ קאָמבינאַציע פון אַלט און ניי. ער האָט זיך געוואָלט האַלטן ביים טראַדיציאָנעלן, ביים רייכן אידישן רעליגיעזן ריטואַל, און צו דער זעלבער צייט האָט ער געוואָלט זיך אויך באַנוצן מיט דער אידייע פון די רעפאָרם־אידן פון אויפ־קלערן אידישע רעליגיע „אין איינקלאַנג מיט די באַגריפן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט״. כאָטש דר. קאַפּלאַן איז אַליין געווען איינער פון די ערשטע קאָנסערוואַטיווע ראַבאַיס אין אַמעריקע, האָט ער אָבער אין זיין פּראָגראַם געוואָלט זיך באַנוצן סיי מיט דער אָרטאָדאָקסישער איינשטעלונג, סיי מיט דער רעפאָרמיסטישער, און סיי מיט דער קאָנסערוואַטיווער. דערפאַר האָט ער געזאָגט צו קירצן דעם סידור (צוערשט דעם שבת׳דיקן און שפּעטער אויך דעם ימים־נוראים׳דיקן), און דערביי האָט ער צו דער זעלבער

צייט אָבער געהאַלטן פון כשרות, פון טלית און תפילין, וועלכע די רעפאָרמער האָבן געהאַט כמעט אינגאַנצן באַזייטיקט. דר. קאַפּלאַן איז געווען אויך שטענדיק אַ גאָר שטאַרקער מאמין אין ארץ ישראל.

און עס איז געווען אין יאָר 1950, ווען די רעקאָנסטרוקציאָניסטישע באַוועגונג האָט אַלס רעזולטאַט פון די אַלע אַנטוויקלונגען און געשעענישן, אַרויסגעגעבן איר „פּראָגראַם פאַר אַ אידישן לעבן היינט צו טאָג". אין דער דאָזיקער פּראָגראַם איז דערקלערט געוואָרן, אַז „אַ רעליגיעזע ציוויליזאַציע איז אַזאַ, וואָס באַטאָנט אַזוי דעם רעליגיעזן אַספּעקט, אַז פאַר דעם הויפּט־צוועק פונם פאָלקס קאָלעקטיוון לעבן ווערט באַטראַכט ניט די דערגרייכונג פון עקאָנאָמישער און פּאָליטישער מאַכט, נאָר די אויסאיידלונג און די דערהויבונג פון מענטשלעכן לעבן". לויט דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער איינשטעלונג איז אויך אויסגעקומען, אַז אפילו אַ סעקולערער, אַ וועלטלעכער איד, קען אויף אַזאַ אופן ניט אויסגעשלאָסן ווערן פון דער „רעליגיעזער ציוויליזאַציע".

אין דער „פּראָגראַם פאַר אידיש לעבן" איז אויך אָנגעוויזן געוואָרן, אַז פאַר פיל אידן האָט דאָס דאַווענען פאַרלוירן דעם אַמאָליקן טעם. דער־פאַר דאַרף דער סידור רעווידירט ווערן. פיל תפילות דאַרפן געקירצט ווערן. פיל האָבן פאַרלוירן דעם מיין פון אַמאָל. עס דאַרף אויך געעפנט ווערן דער סידור, כדי אַריינצונעמען נייע וויכטיקע שאַפונגען. דערפאַר האָט דר. קאַפּלאַן איינגעשלאָסן אין זיין סידור שאַפונגען פון חיים נחמן ביאַליק, פון הלל צייטלין און פון אַ צאָל אַנדערע מאָדערנע שרייבער פון אידישן פאָלק.

קורץ נאָכדעם, ווי דר. קאַפּלאַן איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם, האָט די רעקאָנסטרוקציאָניסטישע באַוועגונג אַרויסגעגעבן אַ פּאַמפלעט, טי־טולירט „עי טשאַלענדש טו פרידאָם אָוו וואָרשיפּ", וואָס אין אידיש וואָלט עס געמיינט „אַן אַרויסרוף צו דער פרייהייט פון דינען גאָט". דער הויפּט־אַריינפיר צו דער „דערקלערונג" איז געשריבן געוואָרן פון איירא אייזענשטיין, וועלכער איז דריי און צוואַנציק יאָר כסדר געווען דער הויפּט־אַרויס־העלפער פון דר. מרדכי קאַפּלאַן. אייזענשטיין איז געווען אַן אייניקל פון איינעם פון די עלטסטע העברעאיש־אידישע שרייבער אין אַמעריקע, יהודה דוד אייזענשטיין, וועלכער איז געווען דער פאַרפאַסער פון צען בענדיקן ענציקלאָ־פּעדישן ווערק „אוצר ישראל", ווי אויך פון „אוצר מדרשים", „אוצר דינים ומנהגים", „אוצר מאמרי חז"ל", „אוצר מאמרי תנ"ך" און פיל אַנדערע וויכטיקע ווערק. איירא אייזענשטיין איז אויך געווען דער איידעם פון דר.

מרדכי קאַפּלאַן. אין זיינע רייד צו די אָרטאָדאָקסישע רבנים, וועלכע האָבן אַריינגעלייגט זיין באַרימטן שווער אין חרם, האָט איירא אייזענשטיין אָנגעוויזן דערויף, אַז די אָרטאָדאָקסישע אידן האָבן מיט זייער אַטאַקע אויף דר. קאַפּלאַנ׳ען, „אָנגעגריפן אַ גאַנצן טייל פון אַמעריקאַנער רעליגיעזן אידנטום, וואָס וויל ניט אויסקלייבן בלויז צו גיין אָדער מיט די אָרטאָדאָקסן, אָדער מיט די, וואָס ווילן אינגאַנצן אַוועק פון טראַדיציע". די רעקאָנסטרוציאָניסטן, וואָס זיינען אָפּט באַצייכנט געוואָרן אַלס דער לינקער פליגל פון די קאָנסערוואַטיווע אידן, ווילן פירן אַ רעליגיעז אידיש־לעבן, נאָר אויף אַ מאָדערנעם טראַדיציאָנעלן שטייגער, האָט אָנגעוויזן ראַבאַי אייזענשטיין און ער האָט צוגעגעבן, אַז „פון דעם שטאַנדפונקט פון די אָרטאָדאָקסן, קען זיין בלויז איין אויסטייטשונג פון אידישקייט, און דאָס איז זייער אייגענער". דר. אייזענשטיין האָט אויך אָנגעוויזן אין זיין ענטפער, אַז עס איז קלאָר, אַז די רעקאָנסטרוקציאָניסטן שטימען ניט איין מיט די אָרטאָדאָקסן. דער נייער סידור איז אַ באַוויז דערצו, האָט ער געזאָגט. און ער ווייזט אָן, אַז די פאַרפאַסער פון דעם נייעם סידור האָבן באַזייטיקט אַזעלכע תפילות ווי וועגן דעם „פערזענלעכן משיח בן דוד" און אַז דאָס „אידיש פאָלק איז אַן אויסדערוויילט פאָלק". דאָס איז געווען אַ פּאַסנדע תפילה אין די צייטן, ווען אַלע פעלקער אַרום זיינען געווען געצנדינער און בלויז די אידן האָבן געגלויבט אין איין גאָט. די רעקאָנסטרוקציאָניסטן האָבן אויך באַזייטיקט אַלע תפילות וועגן דער באַנייאונג פון קרבנות אין בית המקדש. „אידישקייט איז אַלעמאָל געווען אַ לעבעדיקע רעליגיע, אַ גלויבן פון לעבן, און עס דאַרף אַזוי ווייטער און אייביק זיין", האָבן געטענהט דר. קאַפּלאַן און זיינע תלמידים. אַ סך תפילות, אַ סך מנהגים פּאַסן מער זיך ניט פאַר אונזער צייט, דאַרף מען זיי דערפאַר אָפּשאַפן. נייע פירונגען, נייע תפילות מעגן אַריינגעבראַכט ווערן. אַ לעבעדיקע זאַך לעבט, ענדערט זיך און באַנייט זיך, און אַזוי דאַרף אויך זיין מיט אידישקייט, האָבן די „איבערבויער" דערקלערט. און אינטערעסאַנט איז אויך דאָס, וואָס דר. קאַפּלאַן האָט געשריבן אין זעלבן פּאַמפלעט, אַלס ענטפער אויף דעם חרם. עס איז געווען נאָך איידער מדינת ישראל איז פּראָקלאַמירט געוואָרן. גאַנצע דריי יאָר פריער. און דר. קאַפּלאַן ווייזט אָן, אַז די „אָרטאָדאָקסישע רבנים האָבן מיט זייער באַנוצן זיך מיטן חרם אין אונזער צייט באַוויזן, אַז די מערב־אידייע פון רעליגיעזער פרייהייט איז אינגאַנצן פרעמד צום אידנטום און קען קיינמאָל ניט ווערן אַ טייל דערפון". און דר. קאַפּלאַן האָט דאַן — אין 1945 — געשטעלט אויך די פאָלגנדע פראַגע: „וואָס וועט באמת פּאַסירן, אויב ארץ ישראל וועט טאַקע ווערן

אַ אידישע קאָמאָנוועלט און אידן וועלן קריגן פולע אויטאָנאָמיע? דער עפּיזאָד מיט דעם חרם דאַרף אונז אָנרעגן צו דער דרינגענדער נויט פון אויסמיידן די מעגלעכקייט, אַז אַלע אונזערע שוועריקייטן זאָלן קריגן אַן אויסדרוק אין אַ רעליגיעזער מלחמה״. מיר מוזן איבערדערציען, מיר מוזן רעווידירן אונזער צוגאַנג צו רעליגיע, האָט געפּאָדערט דר. מרדכי קאַפּלאַן. און דאָ האָט אָנגעוויזן דער פירער פון די רעקאָנסטרוקציאָניסטן, אַז מיר מוזן אַלע אָנערקענען, אַז אידישע טראַדיציע איז אָפּט באַשטאַנען אויף צוואַנג, אויף דעת הקהל, און אין עקסטרעמע מיטלען אויף חרם, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט דער העכסטער שטראָף. דר. קאַפּלאַן האָט געזאָגט דערפאַר, אַז די רבנים, וועלכע האָבן אים אַריינגעלייגט אין חרם, האָבן לויט זייער באַגריף געהאַנדלט אידישלעך. אין איינקלאַנג מיט דער טראַדיציע, האָבן די דאָזיקע רבנים גאָר אַנדערש ניט געקענט האַנדלען, האָט דר. קאַפּלאַן צוגעגעבן. דערפאַר אָבער האָט ער טאַקע געפּאָדערט, אַז עס זאָלן אַריינגעבראַכט ווערן ענדערונגען אפילו אין דער טראַדיציע, דאָרט וואו ענדערונגען פּאָדערן זיך און אַז אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין דער נייער צייט, זאָל אויך דער פּרינציפּ פון פרייהייט און דעמאָקראַטיע אַריינגעבראַכט ווערן אין רעליגיעזן אידישן לעבן. און איינער פון די הויפּט־פּרינציפּן פון דער רעקאָנסטרוקציאָניסטישער באַוועגונג איז געווען טאַקע דער הויפּט פונקט: טאָלעראַנץ און פאַרשטענדיקונג פאַר אַלע אַנדערע רעליגיעזע גרופּען אין אידישן לעבן. די רעקאָנסטרוקציאָניסטן האָבן גע־טענה׳ט אַזוי: אויב די אידן פּאָדערן פון דער קריסטלעכער וועלט, אַז מען זאָל זיי געבן פולע פרייהייט צו פּראַקטיצירן זייער גלויבן, טאָ ווי קענען די אידן צווישן זיך אַליין זיך אַנטזאָגן צו פּראַקטיצירן פרייהייט און טאָלע־ראַנץ? צי מוזן טאַקע אידן זיין „אַלע ווי איינס״? און צי איז דען פאַראַן בלויז איין וועג צו דינען גאָט?

אָבער די צייט איז זיך געגאַנגען איר וועג און אויך די פאַרשידענע אידישקייטן אין אַמעריקע זיינען זיך געגאַנגען זייער וועג. און די באַוועגונג פון די אידישע „איבערבויער״ האָט ווייטער אַרויסגעגעבן אירע סידורים. זיי האָבן אויך אַרויסגעגעבן אַ מחזור פאַר ראש השנה און יום כפור און אויך אַ הגדה. די הגדה איז געווען טיטולירט: „הגדה של פסח. סדר חדש״, איז געווען אַ היפּשער דערפאָלג און איז דערשינען אין צוועלף אויסגאַבעס.

די רעקאָנסטרוקציאָניסטן האָבן אין זייערע שריפטן אויך אָנגעוויזן, אַז אַמאָל, ווען אידן זיינען געווען איינגעשפּאַרט אין געטאָס, האָבן זיי אַלע גאַנץ לייכט געוואוסט, וואָס אַזוינס עס מיינט צו זיין אַ איד. דורך צוואַנג

זיינען די אידן אָפּגעטיילט געוואָרן פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. זיי האָבן מערסטנס געהאַט זייער אייגענע פּאַרוואַלטונג און געלעבט אין איינקלאַנג מיט זייערע אייגענע דינים און מנהגים. אַלע אידן האָבן געדינט גאָט אויפן זעלבן שטייגער און געהאַט די זעלבע באַגריפן וועגן גאָט, מענטש, נאַטור, געשיכטע און צוקונפט פון אידישן פאָלק. זינט אָבער דער עמאַנצי־פּאַציע, זינט אידן האָבן אָנגעהויבן אין 19טן יאָרהונדערט צו געניסן פון דער פרייהייט אין די לענדער, וואו זיי האָבן זיך געפונען, און זינט אידן האָבן אָנגעהויבן צו טיילן די פּאָליטישע, עקאָנאָמישע און קולטורעלע אינטערעסן פון די פעלקער, צווישן וועלכע זיי לעבן, איז עס געוואָרן פיל, פיל שווערער צו לעבן ווי אַ איד. דער גרויסער גענוס, וואָס אידן האָבן געהאַט אין די געטאָס לעבנדיק אַלס פולע אידן, איז פאַרשוואונדן און אין פילע היגזיכטן איז עס געוואָרן שווערער צו לעבן אין דער פריי אַלס איד, ווי פריער אין דער געצוואונגענער געטאָ.

דערפאַר טאַקע האָבן דר. קאַפּלאַן און שפּעטער אויך דר. אייזענשטיין אָפּגעגעבן אַזויפיל צייט צו דער „סאָסייעטי פאַר די אַדוועגסמענט אָוו דזשו־דאַאיזם״. אין דער דאָזיקער געזעלשאַפט האָבן דר. קאַפּלאַן און זיינע תלמידים געוואָלט אין לעבן דורכפירן אַן עקספּערימענט, ווי אַזוי עס דאַרף, לויט זייער באַגריף, געפירט ווערן דאָס גייסטיקע הויז פון אידנטום, סיי צום דינען גאָט, סיי צום לערנען תורה. דער שרייבער פון די שורות האָט באַזוכט די „סאָסייעטי״ גאַנץ אָפט. די שול איז געווען געבויט אין אַ מאָ־דערנעם סטיל און האָט געאָטעמט מיט קינסטלערישער פּשטות. דער חזן איז געווען איינער פון די בעסטע קענער פון ליטורגישער מוזיק און אויך אַ פיינער זינגער פון ארץ ישראל׳דיקע געזאַנגען, משה נאַטאַנזאָן. דאָס שבת׳דיקע און יום־טוב׳דיקע דאַוונען איז דורכגעפירט געוואָרן איינדרוקספול און פייערלעך. די ימים טובים זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צוזאַמענקונפטן אין דער שול, אין משך פון טאָג און אין אָוונט, פאַר יונג און אַלט.

אָבער די הויפּט־טעטיקייט אין דער „סאָסייעטי פאַר די אַדוועגסמענט אָוו דזשודאַאיזם״ איז קאָנצענטרירט געוואָרן אַרום דער קינדער־שול, וועלכע האָט געהאַט אַרום הונדערט קינדער אין די עלעמענטאַרע קלאַסן און אַרום פופציק אין די העכערע האַי־סקול קלאַסן. אין די עלעמענטאַרע קלאַסן האָבן קינדער אָנגעהויבן צו לערנען אין דער עלטער פון זיבן, אַכט אָדער ניין יאָר. אויב אַ קינד איז אַלט צען יאָר, האָט מען עס שוין ניט אַריינ־גענומען. די רעקאָנסטרוקציאָניסטן האָבן איינגעפירט, אַז אַ קינד האָט געמוזט לערנען אַמווינציקסטנס דריי און אַ האַלב יאָר אין זייער שול, איידער

עס איז געוואָרן בר מצוה אָדער בת מצוה. בת מצוה, פאַר מיידלעך, איז אין דער „סאָסייעטי" אָפּגעהיט געוואָרן אַזוי גוט ווי בר מצוה פאַר אינגלעך. דער איינציקער אונטערשייד איז בלויז געווען דאָס, וואָס בת מצוה זיינען די מיידלעך מערסטנס געוואָרן צו צוועלף יאָר און ניט צו דרייצן. די מיידלעך זיינען צו זייער בת מצוה צוגעגרייט געוואָרן פונקט אַזוי ווי די אינגלעך. אויסער דעם, זיינען אי די אינגלעך, אי די מיידלעך, צוגעגרייט געוואָרן צו דער ספּעציעלער „קאָנפירמאַציע"־צערעמאָניע, וואָס פלעגט דורכגעפירט ווערן אום שבועות. די קאָנפירמאַציע איז געווען באַשטימט פאַר קינדער פון 13 און עלטער און האָט געהאַט צו טאָן מיט דעם, ווי ווייט דער קאָנפירמאַציע־קאַנדידאַט איז געווען אַוואַנסירט אין די אידישע לימודים.

וועגן דער שול ביי דער „סאָסייעטי" האָב איך געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיט ראַבאַי דזשעק קאָהען, וועלכער איז אין 1954 געוואָרן דער פולער פירער פון דער סינאַגאָגע און פון דער קינדער־שול, נאָך דעם ווי ראַבאַי איינזענשטיין האָט זיך איבערגעצויגן קיין שיקאַגאָ, וואו ער האָט איבערגענומען די פירערשאַפט פון דער גרויסער קאָנסערוואַטיווער שול, וואָס איז יאָרנלאַנג אָנגעפירט געוואָרן פון ראַבאַי שלמה גאָלדמאַן, ע"ה. ראַבאַי דזשעק קאָהען איז זינט 1945 געווען פאַרבונדן מיט דער סאָסייעטי פאַר די „אַדווענסמענט אָוו דזשודאַאיזם". אין 1945 איז ער געווען דער דירעק־טאָר פון דער „רעקאָנסטראָקשאָניסט פאַונדעישאָן". אין 1949 איז ער געווען דער דערציאונגס דירעקטאָר פון דער סאָסייעטי. ראַבאַי דזשעק קאָהען איז געווען אַ גראַדואירטער פון דער ראַבינער שולע פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. ער האָט שטודירט אויך אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט און אין ירושלים־אוניווערזיטעט. ער איז געווען אויך אַן אַקטיווער טוער אין דער פּועלי ציון באַוועגונג פון אַמעריקע, וואו ער איז געווען אַ מיטגליד פון נאַציאָנאַלן ראַט.

ראַבאַי קאָהען האָט אין מיינע שמועסן מיט אים מיר אויפגעקלערט, אַז די רעקאָנסטרוקציע באַוועגונג האָט געזוכט אין איר שול צו לערנען מיט די קינדער אידישקייט אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל פאַר זיי זיין אי פאַרשטענדלעך, אי צוגענגלעך. אין די קלאַסן זיינען אָפט געפירט געוואָרן דיסקוסיעס, אין איינקלאַנג מיט דעם עלטער און וויסן פון די קינדער זעלבסט, כדי אין זיי איינצופלאַנצן אַ פאַרשטענדעניש און אַ ליבשאַפט צו דעם, וואָס זיי לערנען. לערנענדיק חומש, למשל, האָבן די רעקאָנסטרוקציע־פירער ניט אויסגעמיטן אויפצוקלערן די קינדער געוויסע שטעלן אַלס לעגענדעס,

וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין פאַלק. די רעקאָנסטרוקציע־באַוועגונג האָט אין איר שול פּראַקטיצירט טעאָריעס, אַז אידישקייט דאַרף געמאַכט ווערן פאַרשטענדלעך און אין אַלגעמיין אָננעמען אַ מאָדערנעם צוגאַנג. דאָס קינד איז געוועזן ווי אַ שותף צום לערנען. און דער רעזולטאַט? ראַבאַי קאָהען האָט זיך פאַר מיר ווי באַרימט מיט די אויפטועז. ניינציק פּראָצענט פון די קינדער אין דער עלעמענטאַרער שול פון דער „סאָסייעטי" זיינען געבליבן לערנען אין האַי־סקול. דאָס איז זיכער אַ גרויסער פּראָצענט, באַזונדערס ווען מען נעמט אין אַכט, אַז אין אַלע אידישע שולן אין אַמעריקע איז די צאָל קינדער אין די האַי־סקולס געווען קוים איבער צען פּראָצענט. די שול ביי דער סאָסייעטי איז געווען אַ נאָכמיטאָג שול און מען האָט געלערנט פון צוויי ביז דריי מאָל אַ וואָך. מ'האָט געלערנט העברעאיש, אידישע געשיכטע, מנהגים, ליטורגישע מוזיק און קונסט. מען האָט אויך געלערנט וועגן די פּראָבלעמען פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. און דער עיקר — אויפקלערונג. וואָס מער אויפקלערונג, כדי דאָס קינד זאָל וויסן, וואָס עס מיינט אַזוינס צו זיין אַ איד; וואָס עס מיינט צו זיין בר מצוה; וואָס עס איז די שיינקייט פון אידישקייט; אידישע ימים טובים; וואָס איז די אידישע מאָראַל און עטיק און וואָס דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע און אין ישראל דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן.

ביי דער סאָסייעטי איז אויך איינגעפירט געוואָרן אַ „פּאָסט גראַדיועיט גרופּ", וואָס איז באַשטאַנען פון די תלמידים, וועלכע האָבן געענדיקט די האַי־סקול און האָבן געוואָלט ווייטער פאָרזעצן זייער שטודיום, מערסטנס אין העברעאיש, תנ"ך און געשיכטע. די סאָסייעטי האָט באַשעפטיקט דריי פולע עלעמענטאַרע לערער און פינף פאַר דער האַי־סקול. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַן אַקטיווע „פּי־טי־איי", אַן אָרגאַניזאַציע פון עלטערן און לערער, וואָס איז געוואָרן אַ וויכטיקער טייל פון דעם צענטער פון דער רעקאָנסטרוקציע־אידישקייט.

די „סאָסייעטי פאַר די אדוועַנסמענט אָוו דזשודאַאיזם" האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט נאָענט צו פיר הונדערט אידישע פאַמיליעס, וועלכע זיינען געווען שטענדיקע מיטגלידער. ביים אויספילן די אַפּליקאַציע פאַר מיטגלי־דערשאַפט, האָט די סאָסייעטי געוואָלט וויסן סיי דעם ענגלישן, סיי דעם העברעאישן נאָמען פון מאַן אָדער פרוי און קינדער. אויך דעם דאַטום פון יאָרטאָג פון דער חתונה (וועדינג אַניוואַווירסאַרי) און אויך די יאָרצייטן פון דער פאַמיליע. די מיטגלידער פון דער סאָסייעטי האָבן אין אַלגעמיין זיך געפילט ווי מיטגלידער פון איין משפּחה. אַ גאַנץ היפּשע צאָל פון דער

אַמעריקאַנער אידישער אינטעליגענץ פון ניו־יאָרק און אומגעגנט האָט באַ־
לאַנגט צו דער „עס־עי־דזשעי״.

„עס איז ניטאָ קיין איין גרופּע אין אידישן לעבן אין אַמעריקע, וואָס
זאָל קענען רעדן אין נאָמען פון אַלעמען! מיר דאַרפן אין אידישן לעבן
זיך צוגעוואוינען צו לעבן בשלום טראָץ דעם, וואָס מיר האָבן פאַרשידענע
מיינונגען״ — אַזוי האָט מיר דערקלערט ראַבאַי דזשעק קאָהען אין אונזער
געשפּרעך. און אָט די דאָזיקע שטרעבונג איז געווען איינע פון די הויפּט־
אויפגאַבן פון דר. קאַפּלאַנ׳ס גאַנג אין אידישן לעבן אין אַמעריקע. און
כאָטש די רעקאָנסטרוקציע־גרופּע איז קיינמאָל ניט געוואָרן קיין „מאַסן־
באַוועגונג״, האָבן אָבער פיל ליבעראַלע עקספּערטן פון אידישן לעבן אין
אַמעריקע צוגעשטימט, אַז די אידייע פון דר. קאַפּלאַנ׳ען, די אידייע פון
דער באַוועגונג פון רעקאָנסטרוקציע, פון איבערבוי, האָט געשלאָגן טיפע
וואָרצלען אין דעם היגן אידישן לעבן, וואָרצלען, וואָס האָבן שוין געבראַכט
און וועלן אין דער צוקונפט ברענגען נאָך מערער נויטיקע פּרוכטן אויף דעם
רייכן אַמעריקאַנער אידישן בוים.

30

# די פֿאָלקס־שולן און פֿולע טאָג־שולן פֿון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג אין אַמעריקע און קאַנאַדע

די פֿאָלקס־שולן, וואָס דער אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פֿאַרבאַנד האָט אָנגעהויבן צו שאַפֿן אין 1910, זיינען געווען די ערשטע שולן אויף דער אידישער שפּראַך אין אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט. — פֿאָלקס־שולן זיינען געווען פּיאָנערן אויפֿן געביט פֿון שאַפֿן לערנביכער אויף אידיש און צוגרייטן מאָדערנע אידישע לערער. — שולן פֿון ציון אַרבעטער באַוועגונג קאָמבינירן אידיש און העברעאיש צוזאַמען מיט וועלט־לעכער און טראַדיציאָנעלער אידישקייט. — די שוועריקייט צו שאַפֿן וועלטלעכע טאָג־שולן אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן. — דער דערפֿאָלג פֿון די פֿולע טאָג־שולן אין קאַנאַדע. —

די אידישע פֿאָלקס־שולן פֿון אַמעריקע, וועלכע זיינען באַקאַנט אַלס די פֿאָלק־שולן פֿון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, זיינען געווען די ערשטע שולן, וואָס די אַזוי גערופֿענע וועלטלעכע אידישע אינטעליגענץ, די אידיש־רעדנדיקע, האָט געגרינדעט דאָ אין אַמעריקע. עס איז געווען אין דעצעמבער חודש פֿון יאָר 1910, ווען דער דאַן נאָך יונגער פֿראַטער־נאַלער אָרדן פֿון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג — דער „פֿאַרבאַנד", האָט צוזאַמען מיט דער פּועלי ציון פּאַרטיי געלייגט דעם פֿונדאַמענט פֿון די ברייט־פֿאַרצווייגטע פֿאָלקס־שולן. די פֿאָלקס־שול באַוועגונג האָט זיך געשאַפֿן אַלס אַ מין קעגנמיטל צו דער דאַמאָלטדיקער שטרעמונג פֿון אַסי־

מילאַטאַרישע און אַנטי־נאַציאָנאַלע ווירקונגען אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. פון איין זייט האָבן די „יאַהודים", די אַלט־געזעסענע און רייכע אידן, געדרופן די ניי־געקומענע צו „אַמעריקאַניזירן זיך", און פאַרגעסן אין זייער ספּעציפישער מזרח־אייראָפּעאישער אידישקייט. פון דער צווייטער זייט האָבן די פירער פון דער סאָציאַליסטישער און אַנאַרכיסטישער באַוועגונג געפירט אַ שטאַרקע פּראָפּאַגאַנדע פאַר אַלוועלטלעכקייט, וואָס האָט געשמעקט מיט דער זעלבער אַסימילאַציע, און די ברייטע אידישע אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט אין יענער צייט געהאַלטן אין וואַקסן דאָ אין לאַנד, איז טאַקע געווען אונטער דער ווירקונג און כמעט אינגאַנצן באַהערשט פון דער „באַפרייאונגס באַוועגונג", וואו אידישע טראַדיציע, אידישקייט אין אַלגעמיין און גאָר באַזונ־דער דער אידישער נאַציאָנאַלער מאָמענט, האָבן ניט געהאַט קיין שום פּלאַץ גאָר. זיינען אָט דאַמאָלט געבוירן געוואָרן די פאָלק־שולן. און ערשט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער — געגוי אין יאָר 1913 — האָט זיך געשאַפן די באַוועגונג פון די שלום עליכם שולן און נאָך פיל שפּעטער — אין 1919 — זיינען אויפגעקומען די ערשטע אַרבעטער רינג שולן אין אַמעריקע.

די ערשטע אידישע פאָלקס־שול, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דעם 10טן דעצעמבער, 1910, האָט זיך געפונען אויף 143 מעדיסאָן סטריט, מאַנהעטן, און האָט זיך גערופן „אידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שול". דער באַשלוס צו גרינדן אידישע שולן איז אָנגענומען געוואָרן ביי דער גרינדונגס־קאָנפערענץ פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ראָטשעסטער, נ. י., אין יוני, 1910. יואל ענטין, פּיאָנער פון אידישן שול־וועזן, איז באַשטימט געוואָרן אַלס דער פּרינציפּאַל פון דער ערשטער אידישער שול אין אַמעריקע. אין אַן אינטערעסאַנטער אַרבעט, פאַרעפנטלעכט אין „שול אַלמאַנאַך", וואָס איז אין יאָר 1935 דערשינען אין פילאַדעלפיע, באַצייכנט יואל ענטין די דאָזיקע אידישע פאָלק־שול אַלס ערשטע, ניט בלויז אין גאַנץ אַמעריקע, נאָר אין דער גאַנצער וועלט. ביז 1910, הייסט עס, האָט אין ערגיץ ניט עקזיסטירט קיין אידישע שול, וואו מען זאָל, אויסער אַנדערע לימודים, אויך לערנען די אידישע שפּראַך און די אידישע ליטעראַטור. די לערער אין דער ערשטער פאָלקס־שול זיינען געווען: חיים ליבערמאַן, קלמן וויטמאַן, לעאָן עלבע, ש. שאַפּיראָ, קאַזשדאַן. צווישן די טוער אַרום דער ערשטער שול האָבן זיך געפונען: דר. חיים זשיטלאָווסקי, דר. נ. סירקין, דר. ד. גלאָבוס, מאיר בראון, ברוך צוקערמאַן, ה. עהרענרייך און אַ ריי אַנדערע.

אין 1917 איז ביי דעם דריטן שולן צוזאַמענפּאָר פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג באַשלאָסן געוואָרן צו ענדערן דעם נאָמען פון „אידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן" אויף „אידישע פאָלקס שולן". דער באַשלוס אָפּצושאַפן דעם נאָמען „ראַדיקאַלע" איז אָנגענומען געוואָרן, ווייל צו יענער צייט איז דער טערמין „ראַדיקאַל" געווען אידענטיפיצירט מיט קאַמף קעגן רעליגיע און מיט די יום־כפור בעלער, וואָס די אַנאַרכיסטן פלעגן דורכפירן אויף דער איסט סאַיד.

נאָך דער ערשטער שול אויף מעדיסאָן סטריט, האָבן זיך אָרגאַניזירט פאָלקס־שולן אין האַרלעם, בראָנזוויל און אין די בראָנקס. אין דעטרויט, אין מילוואָקי און פיטסבורג, האָבן זיך אָרגאַניזירט שולן אין 1912. אין לאָס אַנדזשעלעס — אין 1913 און אין פילאַדעלפיע — אין 1914 און אַזוי כסדר.

די פאָלק־שולן אָדער די פאַרבאַנד־שולן האָבן אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זיך געפונען אין אַ באַזונדערס גוטער פּאָזיציע, וואָס עס איז שייך צו די שטרעמונגען פון אַ גאָר גרויסן, מען קען אפילו זאָגן, איבערוועגנדן טייל פון די אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע עלטערן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן צו זוכן פאַר זייערע קינדער אַ פּאַסנדע, טראַדיציאָנעלע אידישע דערציאונג, וואָס זאָל ניט זיין אין קאָנפליקט מיט זייער אייגענעם לעבנס־שטייגער. צום באַדויערן איז בלויז געווען דער פאַקט, וואָס עס זיינען די גאַנצע צייט ניט גענוצט געוואָרן די פּאַסנדע און ריכטיקע מיטלען צו באַקאַנען די ענגליש־רעדנדיקע אידישע עפנטלעכקייט מיט דער „גייסטי־קער סחורה", וואָס די פאַרבאַנד שולן האָבן צו פאַרקויפן. ווייל ווי מען זאָל ניט זיין פאַרטייאיש צום ענין, קען מען ניט אַוועקגיין פון דעם פאַקט, אַז די פאַרבאַנד־שולן זיינען געווען ממש ווי אַ באַשערטער ענטפער אויף דער אָנגעוויטיקטער פראַגע, וואָס עס האָבן געשטעלט מאַסן אַמעריקאַנער־געבוירענע אידישע עלטערן פון אַזוי גערופענעם אידיש־וועלטלעכן לאַגער: „וואָס פאַראַ סאָרט אידישע דערציאונג זאָלן מיר געבן אונזערע קינדער?"

די פאַרבאַנד־שולן האָבן אַלעמאָל געגעבן דעם ריכטיקן ענטפער אין זייער צוגאַנג צו דער שפּראַכן־פראַגע — אידיש און העברעאיש; אין זייער צוגאַנג צו טראַדיציע און מנהגים; אין זייער שטעלונג צו ישראל.

און וויסן דאַרף מען, אַז די פאָלק־שולן האָבן פון אָנהויב פון זייער עקזיסטענץ איינגעפירט ביידע שפּראַכן: אידיש און העברעאיש. פיל געוויכט איז געלייגט געוואָרן אויף דעם שטודיום פון תנ"ך און אידישע געשיכטע. אידישע און העברעאישע ליטעראַטור. דאָס פראַווען פון ימים טובים.

די אידישע פאָלק־שולן זיינען פון דעם ערשטן טאָג פון זייער עקזיסטענץ געשטאַנען ענג פאַרבונדן מיט דעם קאַמף פאַר אַ נאַציאָנאַלער אידישער היים אין דעם הייליקן לאַנד. אין דער זעלבער צייט אָבער, זיינען די פאָלק־שולן געשטאַנען — צו נוצן אַן אַמעריקאַנער אויסדרוק — מיטביידע פיס אין אַמעריקע. זיי האָבן אָנערקענט די ווירקלעכקייט און געלייגט פיל געוויכט אויף דעם אידישן לעבן דאָ אין לאַנד.

דער פאַקט אַליין, וואָס די שול־סיסטעם פון פאַרבאַנד איז געווען די איינציקע צו אַנטוויקלען אַ נעץ פון אייגענע פולע טאָג־שולן אין אַמעריקע און קאַנאַדע האָט באַוויזן, אַז אָט דער טיפּ אידיש־וועלטלעכע שול האָט ערגעץ אָנגעטראָפן אין פינטל פון דעם מאָדערנעם אידיש־רעדנדיקן אידן אין אַמעריקע.

עס איז שוין יאָרן אין דעם, ווי אַרום דער פאָלק־שול באַוועגונג אין קאַנאַדע האָבן זיך געפונען דריי פולע טאָג־שולן אין מאָנטרעאַל, צוויי אין וויניפּעג און איינע אין טאָראָנטאָ. אויך אין ניו יאָרק איז אין 1947 געגרינדעט געוואָרן די פולע טאָג־שול „כנרת" און צוויי אַנדערע טאָג־שולן פון זעלבן מין זיינען אָנגעהויבן געוואָרן אַרום פאַרבאַנד אין אַנדערע טיילן פון ניו יאָרק. עס איז מעגלעך, אַז אויך אין אייניקע אַנדערע שטעט זאָלן זיך שאַפן אַ פּאָר שולן פון זעלבן מין. („כנרת בית" איז סוף 1954 געעפנט געוואָרן אין די בראָנקס מיט אַ קינדער־גאָרטן און ערשטן קלאַס, און יעדן יאָר איז צוגעקומען אַ נייער קלאַס).

דער „פאַרבאַנד" האָט באַריכטעט, אַז ער האָט פאַרמאָגט אין סך הכל אַרום 70 לער־אינסטיטוציעס, וואו עס האָבן געלערנט איבער 5000 קינדער.

דער הויפּט צענטער פון די אידישע פאָלק־שולן אין די שטאַטן האָט זיך אַלעמאָל געפונען, נאַטירלעך, אין ניו־יאָרק, וואו עס זיינען אין 1957 געווען עלף נאָכמיטאָג־שולן, צוויי מיטל־שולן. די „כנרת אלף" — אַ פולע טאָג־שול און אויך „כנרת בית". און דער אידישער לערער סעמינאַר, וועגן וועלכן מיר שרייבן אין אַ באַזונדער קאַפּיטל, אין זעלבן בוך.

אין ניו־יאָרק האָבן געלערנט אַרום טויזנט קינדער אין די פאַרבאַנד־שולן.

דער צווייטער גרעסטער צענטער פון דער פאָלקס־שול באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך יאָרנלאַנג געפונען אין פילאַדעלפיע, וואו עס זיינען געווען פיר פאָלקס־שולן, איין קינדער־גאָרטן און איין מיטל־שול. שיקאַגאָ איז געווען די דריטע שטאָט מיט אירע פאָלקשולן. דאָ האָבן זיך געפונען 2 פאָלקס־שולן און איין מיטל־שול.

אין יעדער פון די פאָלגנדע שטעט האָט זיך געפונען איין פאָלקס־שול: לאָס אַנדזשעלעס, דעטראָיט, נואַרק, ניו־דזשוירזי; אַטלאַנטיק סיטי; וואַשינג־טאָן; אין סיראַקיוז, ניו־יאָרק און אין ראָטשעסטער, ניו־יאָרק איז די פאָלקס־שול געווען שוין פאַראייניקט מיט דער אַרבעטער רינג שול. אין עקראָן, אָהייאָ, איז די פאָלקס־שול געווען פאַראייניקט מיט דער לאָקאַלער תלמוד־תורה.

אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, האָט די פאָלק־שול באַוועגונג דערגרייכט באמת אַ גאָר הויכע מדרגה. דאָ זיינען געווען דריי פולע טאָג־שולן, צוויי קינדער־גערטנער, פיר פאָלק־שולן, צוויי מיטל־שולן און צוויי שולן פאַר העכערן וויסן. אין וויניפעג זיינען אויך געווען צוויי פולע טאָג־שולן, צוויי קינדער־גערטנער, דריי פאָלק־שולן, דריי מיטל־שולן און איין שול פאַר העכערן וויסן. אין טאָראָנטאָ זיינען געווען צוויי פאָלק־שולן, איין קינדער־גאָרטן, איין מיטל שול. אַ פולע טאָג־שול האָט זיך דאָרטן געעפנט אין 1953. אַזוי אַרום, אַז אין קאַנאַדע האָט די פאָלקס־שול באַוועגונג געהאַט 6 פולע טאָג־שולן, אין וועלכע עס האָבן געלערנט אַרום 14 הונדערט קינדער. נאָך 9 הונדערט קינדער האָבן געלערנט אין די פולע נאָכמיטאָג־פאָלקס־שולן. דאָס מיינט, אַז אין קאַנאַדע האָבן זיך געפונען אַרום 50 פּראָצענט פון אַלע קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין די שולן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג.

די ערשטע „נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע" אידישע שול אין קאַנאַדע איז געגרינדעט געוואָרן אין מאָנטרעאַל אויף דער איניציאַטיוו פון דעם פּיאָנער פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, ה. נאָוואַק — אין יאָר 1911.

(דער בודזשעט פון די פאָלקס־שולן, אַריינגערעכנט די אַכט טאָג־שולן, האָט באַטראָפן אַרום 750 טויזנט דאָלער יערלעך.)

אין די פאָלק־שולן איז געלערנט געוואָרן פינף מאָל אַ וואָך. דאָס הייסט אין די נאָכמיטאָג שעה'ן, ווען די קינדער זיינען באַפרייט געוואָרן פון זייערע לימודים אין די פּאָבליק סקולס. די מערסטע קינדער זיינען געקומען צו די שולן אין דער עלטער פון זיבן און אַכט יאָר. אין די קינדער־גאָרטנס זיינען די קינדער אַריינגענומען געוואָרן אין דער עלטער פון דריי ביז זעקס יאָר. אין די טאָג־שולן איז דער קורס באַשטאַנען פון זיבן יאָר. פיל געוויכט איז געלייגט געוואָרן אין דער פאָלק־שול באַוועגונג אויף דער שטרעבונג צו שאַפן אַ נאַציאָנאַלע סביבה פאַר דעם קינד פון דער פריסטער יוגנט אָן. אַזוי זיינען געשאַפן געוואָרן אַרום די שולן קינדער־קלובן, וואו עס איז געזונגען געוואָרן אין אידיש און העברעאיש. עס זיינען דורכגע־

פירט געוואָרן קבלת שבת און עונג שבת־פייערונגען. עס זיינען אויך דורכ־געפירט געוואָרן זאַמלונגען פאַרן אידישן נאַציאָנאַל פאָנד, פאַרן געווערק־שאַפטן קאַמפּעין און פאַר אַנדערע ישראל צוועקן. פיל פון די גראַדואירטע פון די פאָלק־שולן זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער יוגנט־באַוועגונג פון די פּועלי ציון, וועלכע זוכן צו שאַפן בויער ניט בלויז פאַר דעם אידישן לעבן אין מדינת ישראל, נאָר אויך פאַר דעם רייכן אידישן לעבן דאָ אין אַמעריקע גופא.

די פאָלק־שולן זיינען אָנגעפירט געוואָרן דורך דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, דורך די פּועלי ציון — צעירי ציון, דורך די פּרויען פּיאָנערן און דורך די עלטערן־פאַראיינען. אַרום 700 מיטגלידער פון די פאַרשידענע פאַרבאַנד צווייגן איבערן לאַנד זיינען געווען אַקטיוו אַרום די שולן. די עקסטע אינסטאַנץ פון דער פאָלקס־שול באַוועגונג איז דער שולן־צוזאַמענפאָר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן כמעט יעדעס יאָר. דער צוזאַמענפאָר איז באַשטאַנען פון דעלעגאַטן פון די שול־פאַרוואַלטונגען און פון די לערער פון די שולן ווי אויך פון דעלעגאַטן פון פאַרבאַנד, פּועלי ציון, פון די פּרויען פּיאָנערן, ווי אויך פון די עלטערן־פאַראיינען, וואָס האָבן געטראָגן אין משך פון יאָר דעם הויפּט עול פון דער שול. די שול־קאָנווענשאָן האָט דערוויילט אַ צענטראַלן שול־קאָמיטעט, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דעם גאַנצן שול־וועזן. דער צענטראַלער שול־קאָמיטעט איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ ספּעציעלן דירעקטאָר.

זינט סוף 1953 איז ל. רובינשטיין געווען דער דירעקטאָר פון צענטראַלן קאָמיטעט פון די פאַרבאַנד־שולן. מר. רובינשטיין איז שוין אין די צוואַנצי־קער יאָרן געווען פּרינציפּאַל פון דער פּרץ־שול אין מאָנטעראל און איז אין משך פון איבער 20 יאָר צייט געווען אַ לערער אין די פאָלק־שולן.

אַ סך אידעאַליזם און גאָר אַ סך נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין איז אַריינ־געטאָן געוואָרן אין דער באַוועגונג פון די פאָלקס־שולן אַרום דעם אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, אַ שול־באַוועגונג, וואָס האָט געדינט אַלס אַ מין וועגווייזער פאַר אַלע אַנדערע אידיש־וועלטלעכע שול־באַוועגונגען, וואָס זיינען שפּעטער אויפגעקומען אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. די ערשטע מעטאָדן פון לערנען אידיש אַלס אַ לימוד, אידישע געשיכטע אויף אידיש און אין אַלגעמיין די ערשטע סיסטעם פון אָנפירן מאָדערנע און וועלטלעכע אידישע שולן איז געשאַפן געוואָרן פון דער פאַרבאַנד־שולן־באַוועגונג. אויך די ערשטע לערנביכער אויף דער אידישער שפּראַך זיינען געשאַפן געוואָרן דורך די פאַרבאַנד־שולן. און דאָס אַלץ איז זיכער ניט

געוועזן קיין צופאַל. ווייל דער גאַנצער קאַמף פאַר אַ מאָדערנער וועלטלעכער אידישער שול איז געפירט געוואָרן פון מענטשן, וואָס זיינען געווען צווישן די פירנדע פּערזענלעכקייטן פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג דאָ אין לאַנד, ווי, למשל, דער וועטעראַן פון דעם אידישן שול־וועזן אין אַמעריקע יואל ענטין, וועלכער איז געווען דער ערשטער פּובליציסט אין דער אַמעריקאַנער אידישער פּרעסע, וואָס האָט זיך איבערגעגעבן מיט לייב און לעבן צום קאַמף פאַר אַ מאָדערנער אידישער דערציאונג פאַרן אידישן קינד אין אַמעריקע. ענטינ'ס פייערדיקע אַרטיקלען און רעדעס אויף אָט דעם געביט זיינען אַן־און־פאַר־זיך אַן אינטערעסאַנט און שפּאַנענד קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון אידישער שול־באַוועגונג אין אַמעריקע.

אויך די רעדעס און אַרטיקלען פון דר. חיים זשיטלאָווסקי און פון דר. נחום סירקין, וועלכע האָבן שטאַרק געהאָלפן צו פאָרמולירן די התחייבות'ן, די פאַרפּליכטונגען פון מאָדערנעם דענקענדן אידן וואָס עס איז שייך וועלט, פאָלק און די קומענדיקע דורות, האָבן פיל געווירקט אין אונטערשטרייכן די וויכטיקייט פון דער שול־באַוועגונג, וואָס איז געבוירן געוואָרן אויף אַ פּיאָנערישן אופן אין די רייען פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

און אָט צוליב אָט די אַלע טעמים איז עס זיכער קיין וואונדער נישט, וואָס אין די רייען פון דער פאַרבאַנד־שול באַוועגונג זיינען אויפגעקומען אַ גאַנצע ריי אידעאַליסטישע לערער, וואָס האָבן זיך קונה שם געווען אין דער ברייטער אידישער קולטור־וועלט אין אַמעריקע.

איינער פון זיי, אַ פּעדאַגאָג זיין גאַנצן לעבן, וועלכער איז 33 יאָר צייט געווען פאַרבונדן מיט די פאָלקס שולן און איז פון יאָר 1940 ביז סוף 1953 געווען דער קולטור דירעקטאָר פון פאַרבאַנד און דירעקטאָר פון צענטראַל קאָמיטעט פון די שולן, איז געווען פּנחס גינגאָלד, וועלכער איז אַזוי פּלוצים אַוועקגעריסן געוואָרן פון דער וועלט אין סעפּטעמבער, 1953. דער שרייבער פון די שורות האָט אין משך פון 1953 געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַטראַכטן דורך זיין נאָענטער פאַרבינדונג מיט פּנחס גינגאָלד'ן די אַרבעט פון דעם צענטראַלן אָפיס פון די פאָלקס־שולן. און געדענקען דאַרף מען, אַז אָט די דאָזיקע שולן זיינען געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1910. פון אַריינקוקן טיפער אין די באַריכטן פון אָט די שולן, פון אַרומפאָרן איבער אַ גאַנצע ריי שטעט איבערן לאַנד צו שטודירן דעם מצב פון אָט די שולן, האָט מען נאָך אַלץ געמוזט קומען צום באַשלוס, אַז די אַרבעט אַרום אידישן שול־וועזן אויף אידיש איז נאָך אַלץ געווען אַן אַרבעט פאַר פּיאָנערן, פאַר אידעאַליסטן, פאַר עקשנים. און פּנחס גינגאָלד,

װעלכער איז קיין אַמעריקע געקומען אַלס גאַר יונגער בחור, איז געװען איינער פון די בעסטעביישפּילן פון די דאָזיקע פאַר׳עקשנ׳טע פּיאָנערן, װאָס האָבן זיך גרופּירט און װאָס גרופּירן זיך אַרום די פאַרבאַנד־שולן. אַ געבוירענער אין שטעטל דערעזשין, גראָדנער גובערניע, האָט ער געשטאַמט פון אַ לומדישער משפחה. אינגלװייז האָט ער געלערנט אין דער סלאָבאָדקער ישיבה. דאָ, אין אַמעריקע, האָט ער זיך װייטער אָפּגעגעבן מיט פאַרטיפן זיין אידישן װיסן. ער האָט אָבער אויך ניט פאַרנאַכלעסיקט זיין אַלגעמיינע דערציאונג. ער האָט באַװיזן צו שטודירן אין קאָלאָמביע־אוניװערזיטעט, פון װעלכן ער האָט גראַדואירט אַלס לערער. גינגאָלד איז פון זיין פריסטער יוגנט אָן אַריינגעצויגן געװאָרן אין דער ציוניסטישער באַװעגונג. אין די יאָרן פון דער ערשטער װעלט־מלחמה איז ער געװאָרן איינער פון די גרינדער פון אידישן לעגיאָן און איז געװען אַ לעגיאָנער אין ישראל פון 1918 ביז 1920. פון 1920 ביז 1940 איז גינגאָלד געװען דער סעקרעטאַר־דירעקטאָר פון אידישן לערער־סעמינאַר און פאָלקס אוניװערזיטעט.

אָט דאָס איז אין קורצע שטריכן די לעבנס־ביאָגראַפיע פון פּנחס גינגאָלד, װעלכער האָט אויף זיין אייגענעם און אָריגינעלן אופן באַװירקט די שול־באַװעגונג פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד.

אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצומערקן די נייע טענדענץ, װאָס האָט זיך אַנטװיקלט אין די רייען פון דער פאַרבאַנד שול באַװעגונג איבערן לאַנד און גאַנץ באַזונדערס אין ניו יאָרק, און דאָס איז: צו פאַרגרעסערן די צענטער־באַװעגונג אַרום די שולן. די דאָזיקע טענדענץ האָט זיך אויסגעדריקט אין אָרגאַניזירן ברייטערע צענטער־טעטיקייטן אַרום דער עקזיסטירנדער אָדער געפּלאַנטער קינדער־שול. אָט די דאָזיקע נויגונג איז געװאָרן פּאָפּולערער אין דער טומלדיקער ניו־יאָרק פון יאָר צו יאָר, װאו אין אַ גאַנצער ריי געגנטן פון שטאָט האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן נייע צענטערן אַרום די שולן. װעגן אָט דער דאָזיקער טענדענץ האָט אונז איבערגעגעבן אין אַ געשפּרעך דער סעקרעטאַר פון דעם פאַרבאַנד שול קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, י. מ. בידערמאַן, װעלכער איז אויך געװען איינער פון די פירער פון די ניי־געקומענע אידן אין אַמעריקע. מר. בידערמאַן האָט אָנגעװיזן, אַז די שולן פון פאַרבאַנד האָבן זיך געשטעלט אַלס זייער אויפגאַבע צו פאַרשטאַרקן זייער אַרבעט אין דער טיף. פּראַקטיש גערעדט האָט עס געמיינט: לערנען מיט די קינדער װאָס מער שעה׳ן יעדן טאָג. אין אַלע פאַרבאַנד־שולן אין ניו־יאָרק האָט מען געלערנט פינף מאָל אַ װאָך. ניט געװען דאָ קיין אַזוי־גערופענע „האַלבע



פנחס גינגאָלד

לערער, דערציער און קולטור־טוער, איז 33 יאָר צייט געווען פאַרבונדן מיט די פאָלקס־שולן פון דער ציוניסטישער ארבעטער־באַוועגונג

(1953 — 1892)

שולן״, וואו מען האָט געלערנט בלויז דריי מאָל אַ וואָך, איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן.

(מר. בידערמאַן, וועלכער האָט אָנגעהאַלטן דעם אַמט אַלס סעקרעטאַר פון ניו־יאָרקער פאַרבאַנד שול קאָמיטעט אַכט יאָר צייט, אָנהויבנדיק פון 1949, איז אין מאַי, 1957, אַוועק פון דער דאָזיקער שול־באַוועגונג. די אָנפירונג פון דעם ניו־יאָרקער קאָמיטעט פון די פאָלקס־שולן איז איבער־גענומען געוואָרן פון לעאָן רובינשטיין, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט אַלע פאָלקס־שולן איבערן גאַנצן לאַנד.)

אין דער מיטל־שול פון פאַרבאַנד האָט מען געלערנט צוויי מאָל אַ וואָך, אָבער אַ היפּשע צאָל שעה׳ן. דאָס לערנען איז אַיינגעטיילט געוואָרן ווי פאָלגט: יעדן זונטיק האָט מען געלערנט אין דער געביידע פון אידישן לערער־סעמינאַר, אויף 154 איסט 70טע גאַס, ניו יאָרק, פיר און האַלב שעה. מאָנטיק זיינען זיך צוזאַמענגעקומען די תלמידים פון דער מיטל־שול, וואָס האָבן געוואוינט אין מאַנהעטן און בראָנקס און מען האָט געלערנט פון פיר פאַרנאַכט ביז 7 אין אָוונט. דאָנערשטיק האָבן די תלמידים, וואָס האָבן געוואוינט אין ברוקלין, געלערנט די זעלבע צאָל שעה׳ן אין דער קאָראַלניק פאַרבאַנד שול, וועלכע האָט געהאַט אַן אייגענע געביידע. דער דירעקטאָר די פון דער מיטל־שול איז געווען דער פּעדאַגאָג י. גובקין. צווישן די לימודים, וואָס זיינען דאָרט געלערנט געוואָרן, זיינען אויך אָנגעגעבן געוואָרן משנה, אגדות פון תלמוד און פרקי אבות. צום אָנהויב פון לערן־יאָר פון 1957־1958 איז געמאָלדן געוואָרן, אַז די פאַרבאַנד מיטל־שול האָט זיך פאַראייניקט מיט דער מיטל־שול פון די שלום עליכם שולן.

אויך אין די רייען פון פאַרבאַנד זיינען די מערסטע קינדער שוין געקו־מען פון היימען, וואו עס איז גערעדט געוואָרן הויפּטזעכלעך ענגליש. אַזוי אַרום, אַז די אַרבעט ביים לערנען אידיש אין אַמעריקע איז געוואָרן אַלץ שווערער. אָבער די אַרבעט גייט אָן! און פּונקט ווי אין די אַרבעטער־רינג־שולן און אין די שלום־עליכם שולן זיינען אויך ביים פאַרבאַנד צוגעקומען הי־געבוירענע שול־טוער. די פאַרבאַנד־שולן האָבן אָבער מיט שטאָלץ געקענט זאָגן, אַז אויף דעם געביט פון אַ וועלטלעכער אידיש־טראַדיציאָ־נעלער דערציאונג זיינען זיי געווען די פּיאָנערן, וועלכע האָבן געוויזן דעם וועג פאַר אַ גוטער קאָמבינאַציע פון ביידע שפּראַכן — אידיש און העברעאיש, צוזאַמען מיט טראַדיציע און וועלטלעכקייט.



אַ גאַנץ באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די פאָלקס־שולן פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין די פאַראייניקטע שטאַטן, שטעלט מיט זיך פאָר די גרינדונג פון די טאָג־שולן, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען „כנרת א׳" און „כנרת ב׳". די דאָזיקע צוויי שולן (די ערשטע אין ברוקלין און די צווייטע — אין די בראָנקס) האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט דעם ערשטן פאַרזוך פון דער אידיש־וועלטלעכער באַוועגונג צו גרינדן פולע טאָג־שולן אין די פאַראייניקטע שטאַטן, וואו די עפנטלעכע רעגירונגס־שולע, די פּאָבליק סקול, איז די דאָמינירנדע דערציאונגס אינסטיטוציע פאַר דער גאָר גרעסטער מערהייט פון דער באַפעלקערונג.

ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין דעם אַריינפיר צו אונזער אָפּהאַנדלונג וועגן די פאָלקס־שולן אין אַמעריקע, איז די אַלגעמיינע אידעאָלאָגיע און די פּראָגראַם פון די דאָזיקע שולן, אין אַ געוויסן זינען אַ גאַנץ פּאַסנדער ענטפער צו די בענקענישן, וואָס האָבן זיך געמערקט ביי די אידן אין אַמעריקע נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. ארץ ישראל. מדינת ישראל. העברעאיש. אידיש. טראַדיציע. אידישע מנהגים. דאָס אַלץ האָט די פאָלקס־שול אַנט־האַלטן נאָך פון פריער און דאָס אַלץ האָט די פאָלקס־שול פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג געקענט נאָך מער אויסברייטערן. און דערמיט דערקלערט זיך עס דער פאַקט, וואָס גראַדע די פאָלקס־שולן, און ניט די שולן פון אַרבעטער רינג אָדער פון שלום־עליכם פאָלקס אינסטיטוט, האָבן דערפילט דעם דראַנג פון שאַפן אייגענע טאָג־שולן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

עס איז געווען אין סעפּטעמבער, 1947, ווען עס איז אין ניו־יאָרק געגרינדעט געוואָרן די ערשטע פולע טאָג־שול פון דער ציוניסטישער אַרבע־טער־באַוועגונג. די דאָזיקע שול, געפירט אין דריי שפּראַכן, איז באַוואוסט אונטער דעם נאָמען „אידיש נאַציאָנאַלע טאָג שול כנרת".

כדי זיך צו באַקענען געגנוי מיט דער טעטיקייט פון דער ערשטער כנרת שול אין ניו־יאָרק, וואָס געפינט זיך אויף 1267 איסטערן פּאַרקוועי, האָבן מיר אין איינעם אַ פריייטיק באַשלאָסן אָפּצושטאַטן אַ וויזיט אין אָט דעם דאָזיקן לערן אַנשטאַלט. געפּלאַנט האָבן מיר צו פאַרברענגען ניט מער ווי אַ שעה, אַנדער־האַלבן, אָבער אויסגעלאָזן האָט זיך, אַז אנשטאט איין אָדער צוויי שעה, האָבן מיר פאַרבראַכט כמעט אַ גאַנצן טאָג אין דער דאָזיקער שולע, וואו ענגליש, אידיש און העברעאיש — די דריי שפּראַכן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, הויזן בשלום און מען קען זאָגן ממש אין פריינטשאַפט אונטער איין דאַך.

עס איז געווען אין מאַי, 1952, ווען מיר האָבן געמאַכט אונזער ערשטן באַ־

זוך אין דער כנרת־שול. געטראָפן האָבן מיר דעם דאַמאָלסטדיקן דירעקטאָר פון דער שול, ירחמיאל ווײַנגאַרטן, וואַרטנדיק אויף אונז אין זײַן קלײנעם ציכטיקן אָפּיס, גרייט צו געבן אונז די פולסטע אינפאָרמאַציע און אונז באַהילפיק צו זײַן אויף יעדן מעגלעכן אופן מיט אַלע בויטיקע פאַקטן, וואָס עס איז שייך דעם נעכטן, הײַנט און מאָרגן פון דער שולע. מר. ווײַנגאַרטן האָט אונז אויך אַרומ־געפירט אין די פאַרשידענע קלאַסן און דער שרײַבער האָט געהאַט די געלעגנ־הייט צו פאַרהערן די קינדער און אויסהערן ווי קלײנע אינגעלעך און מיידעלעך, פון 6 און 7 יאָר לײענען סײַ אין אידיש, סײַ אין העברעאיש, און איין שפּראַך שטערט ניט דער צווייטער, נאָר פונקט פאַרקערט — איין שפּראַך העלפט אַרויס אָדער דערגענצט די צווייטע.

אַז איר קומט אַרײַן אין אײנער פון די געבײדעס פון דער כנרת שול אין ברוקלין וואַרפט זיך אײַך גלײַך אין די אויגן דער פאַקט, אַז די דרײַ שפּראַ־כיקייט איז אַ טייל פון טאָג טעגלעכן לעבן אין כנרת שול. די פאַרשידענע אויפשריפטן אויף די טירן, די נעמען פון די אָפּיסעס און פון די קלאַסן, די טירן פון די וואַש־צימערן פאַר אינגלעך און מיידלעך, די קיך און דער קינ־דערגאָרטן, אַלע אויפשריפטן זײַנען אין ענגליש, אידיש און העברעאיש. אַזוי זײַנען אויך די פאַרשידענע לאָזונגען אויף די ווענט און די פּלאַקאַטן.

ביז אין עלטער פון זעקס, זיבן יאָר, דאָס הייסט אין קינדער־גאָרטן און אין די ערשטע צוויי קלאַסן, — איז אונז דערקלערט געוואָרן, — ווערט מיט די קינדער געלערנט בלויז העברעאיש. פון דריטן קלאַס אָן הויבט מען מיט די קינדער אויך אָן צו לערנען אידיש. די זעלבע לערער, וואָס לערנען מיט די קינדער אידיש לערנען מיט זיי אויך העברעאיש. ווען אַ קינד ווייסט ניט דעם טײַטש פון אַ וואָרט, ווערט דאָס העברעאישע וואָרט איבערגעזעצט אויף אידיש און אַזוי אויך פאַרקערט. מיט ענגליש באַנוצט מען זיך, ווען עס קומט צו אידיש־העברעאיש אַלס אַ מין „לעצט מיטל". אידיש אַלס שפּראַך ווערט געלערנט פיר מאָל אַ וואָך צו דרײַ פערטל שעה יעדן טאָג. אָבער אידיש קומט אַרויף אויף דער „טאָג אָרדנונג" גאַנץ אָפט אין משך פון טאָג, ווען מען לערנט מיט די קינדער חומש, געשיכטע אָדער דאַווענען אין סידור. און אַז מיר דערמאָנען שוין דעם ענין סידור, דאַרפן מיר דאָ אָנווייזן, אַז דאַווענען הויבט מען אָן מיט די קינדער אין כנרת פון 4טן קלאַס אָן. די כנרת פירער־שאַפט זוכט אַרײַנצובערענגען די קינדער צו רעליגיע אויף אַ גראַדן אופן, ווען די תלמידים זײַנען שוין אין דער עלטער צווישן 9 און 10 און זיי קענען שוין האָבן אַ באַגריף, וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ווען מען לערנט מיט די קינדער דאַווענען טוען די אינגלעך אָן די היטלען. אַנדערש אָבער פירן זיך די

קינדער אויף ווי אין יעדער אַנדער שול. לויט ווי עס איז מיר דערקלערט געוואָרן, האָבן די קינדער פון כנרת אַ געזונטע, נאָרמאַלע באַציאונג צו רע־ליגיע און צו די רעליגיעזע לימודים, ווייל דער גאַנצער ענין ווערט באַהאַנדלט אויף אַ מין ליבעראַלן, קאָסמאָפּאָליטישן אופן. דאָס דערקלערט זיך אויך אפשר דערמיט, וואָס 95 פּראָצענט פון די עלטערן, וואָס שיקן זייערע קינדער אין דער כנרת שול זיינען „וועלטלעכע" אידן, מערסטנס מיטגלידער אָדער קינדער פון מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג.

אַלע אידישע יום טובים, ווערט מיר אָנגעוויזן, ווערן אין דער כנרת שול געפייערט אויף דעם טראַדיציאָנעלן אידישן אופן. און איך האָב טאַקע אויך געהאַט אַ געלעגנהייט זיך צו באַטייליקן אין אַן עונג שבת, וואָס איז דורכ־געפירט געוואָרן ביי מיין באַזוך. האָט איר געמעגט זען, ווי אַזוי אַ מיידע־לע האָט געבענטשט ליכט און אַלע קינדער האָבן אויף אידיש זיך באַגריסט מיט אַ „גוט שבת" און אַ אינגעלע פון זעלבן קלאַס האָט געמאַכט קידוש און דערנאָך אַ „המוציא" און די מיידלעך האָבן אויף אַ טאַץ אַרומגעטראָגן צו אַלע געסט געבעקס און אויך אַ געטראַנק און דערנאָך האָט מען ערשט געזונגען לידער און זיך משמח געווען. דער עונג שבת איז געווען אַ ספּע־ציעלער, ווייל איין קלאַס האָט פאַרבעטן צו זיך אַ צווייטן קלאַס צוגאַסט.

די כנרת שול ווערט געפירט, נאַטירלעך, אין איר ענגלישער אָפּטיילונג אויף דער זעלבער הויך ווי די אידיש־העברעאישע אָפּטיילונג. אַ גאָר באַזונ־דערס נייע איינפירונג איז אין כנרת די סיסטעם פון ניט געבן איין טייל לימודים פּרעפערענץ קעגן דער צווייטער. דערפאַר פירט זיך אין כנרת, אַז איין טאָג הויבט מען אָן גאַנץ פרי מיט אידישע לימודים און דעם צווייטן טאָג מיט ענגלישע. און אַזוי בייט זיך יעדן טאָג. ווי באַוואוסט ווערט אין פיל אידישע טאָג־שולן פּראַקטיצירט דער מעטאָד פון לערנען די אידישע לימודים אינדערפרי און די ענגלישע נאָכמיטאָג. די כנרת שול דינט אויך אַלס אַ מין לאַבאָראַטאָריע פאַר די סטודענטן פון פעדאַגאָגיק פון ברוקלין קאַ־לעדזש.

געעפנט האָט זיך די די ערשטע כנרת־שול דעם 17טן סעפּטעמבער, 1947, אין איר ערשטער היים אויף 1267 איסטערן פּאַרקוועי. שפּעטער האָט די שול פאַרנומען נאָך איין געביידע דערביי אויף 1271 איסטערן פּאַרקוועי. פון אַ שול מיט בלויז 17 קינדער אין 1947 איז די כנרת־שול אין 1952 שוין געוועזן אַ שול מיט איבער הונדערט קינדער.

דער בודזשעט פון דער כנרת־שול אין ברוקלין איז אַרום 70 טויזנט דאָלער אַ יאָר. דער פולער שכר לימוד פאַר אַ קינד איז 500 דאָלער אַ יאָר.

איבער 50 פּראָצענט פון דעם בודזשעט ווערט געדעקט דורך די עלטערן. נאָענט צו פופציק פּראָצענט מוז געשאַפן ווערן.

---

פון 1952 ביז 1957 איז אַ שפּאַן פון פינף יאָר — און ווען איך האָב ווידער אַריינגעקוקט אין דער „כנרת א״ שול, איז ליידער, ליידער, ניט געווען צו באַריכטן קיין צו גרויסן פּראָגרעס. די צאָל קינדער איז געבליבן כמעט די זעלביקע ווי אין 1952, כאָטש צוויי קלאַסן האָבן שוין גראַדואירט. אין די צען יאָר, וואָס „כנרת א״ האָט באַוויזן צו עקזיסטירן, האָט די דאָזיקע שול, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט גרויס אידעאַליזם און גלויבן, דורכגעמאַכט איין שווערן קריזיס נאָך דעם צווייטן. דער פריערדיקער דירעקטאָר און הויפּט־אָנפירער פון דער שול, ירחמיאל ווייגגארטן, איז אַוועק נאָך אין יאָר 1954. אויף זיין פּלאַץ איז געבראַכט געוואָרן, צוריק פון שיקאַגאָ, דער פאַרדינסטפולער פּעדאַגאָג און טוער פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג, אברהם מייעראָוויטש. אָבער דער קריזיס איז אַלץ פאַרבליבן. „כנרת א״ — האָט מען מיר דערקלערט — שטיקט זיך די גאַנצע צייט, ווייל זי האָט ניט וואו זיך צו צעבליען. די שול פאַרנעמט צוויי קליינע געביידעס, וואָס זיינען פריער געווען צוויי קליינע פּריוואַטע היימען, און קיין גרויסע, אייגענע היים פאַר דער ערשטער „כנרת״ שול האָט זיך נאָך אַלץ ניט געזען. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז אויף דער אידיש־וועלטלעכער גאַס זיינען נאָך אַלץ ניט אויפגעקומען אָט־אָ יענע מעצענאַטן, וואָס זאָלן באמת קענען אונטערשטעלן אַ פּלייצע און געבן מיט דער ברייטער האַנט פאַר אידישן חינוך אויף אידיש און העברעאיש.

פון דער צווייטער זייט אָבער זעען מיר, ווי אין די זעלבע צען יאָר, וואָס „כנרת א״ איז אויפגעקומען, זיינען אויפגעקומען צענדליקער נייע ישיבות קטנות איבער גאַנץ אַמעריקע. און כאָטש ישיבות קטנות מאַכן אויך דורך קריזיסן, און אייניקע ישיבות מאַכן זיך צו, עפענען זיך אָבער אַלץ נייע ישיבות און זייער צאָל האַלט, כן ירבו, אין איין מערן זיך. דאָס באַווייזט אפשר ווידער, אַז פאַר פולער וועלטלעכער אידישער דערציאונג זיינען נאָך אַלץ ניטאָ אין אַמעריקע קיין „אמת׳ע״ בעלנים.

דאָך אָבער — טראָץ אַלע שוועריקייטן — האָט „כנרת א״ צוגעקראָגן צו זיך אין 1954 — אַ חבר: דאָס איז „כנרת ב״. די דאָזיקע שול, אויף 1661 וויקס עוועניו, אין די בראָנקס, האָט שוין געהאַט אַ קינדער־גאָרטן און צוויי קלאַסן. 50 קינדער האָבן זיך שוין געפונען אין „כנרת ב״. פּלענער זיינען שוין אויך אויסגעאַרבעט געוואָרן פאַר „כנרת ג״, וועמענס היים האָט

זיך געפונען אויף דער 15טער גאַס אין בראַיטאָן ביטש, אין ברוקלין. דאָ, ביי דער דאָזיקער שול, איז די פראַגע פון אַ דירה געווען געלייזט כמעט פון אָנהויב אָן. אַ גרופּע טוער, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון נ. איזראַעלאָוו, האָט געשאַפן גלייך פון אָנפאַנג 50 טויזנט דאָלער פאַר אַ געביידע און האָט געפירט אַן אַקציע פאַר נאָך פופציק טויזנט.

מעגלעכקייטן האָבן זיך אויך געזען צו שאַפן אַ כנרת־שול אין דעטראָיט.

ביי די כנרת שולן אין בראַיטאָן ביטש און אין בראָנקס האָבן זיך אויך געשאַפן צענטערס, וואָס האָבן קאָנצענטרירט אַרום זיך די טעטיקייט פון דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג פון דער געגנט.

מיט דעם גאַנג פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, דורך די פאַרשידענע ענדערונגען אין די יאָרן פון דער לעצטער וועלט־מלחמה, וואָלט עס זיכער געווען אַ גאָר גרויסער ביייטראַג, ווען די פּועלי־ציון באַוועגונג: דער אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד, די פרויען פּיאָנערן, די הבונים און די פּועלי ציון פאַרטיי — וואָלטן זיך מיטן גאַנצן האַרצן אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פאַר אידישער דערציאונג און מאַכן די פּראָבלעם פון חינוך פאַר איינער פון זייערע צוויי, דריי וויכטיקסטע אויפגאַבעס.

פונקט אַזוי ווי די גאַנצע באַוועגונג, וואָלט געקענט פיל, פיל טאָן, פאַר די פאָלקס־שולן בכלל און פאַר די כנרת טאָג־שולן בפרט, אַזוי וואָלטן די שולן זיכער געקענט נאָך פיל מער טאָן פאַר דער באַוועגונג. די שולן וואָלטן געגעבן דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג אַ רייכערן אינהאַלט און אַ שטאַרקערן אָנהאַלט פאַר דער צוקונפט!

31

# די שולן פון אַרבעטער רינג דערנעענטערן זיך אַלץ מער צו די אַלטע אידישע קוואַלן

**די אַרבעטער רינג שולן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט די גרעסטע שול־סיסטעם אויף דער אידישער שפּראַך אין אַמעריקע. — די דראַמאַטישע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אָט די שולן, וואָס זיינען צוערשט געווען איינגאַנצן פרעמד צו טראַדיציאָנעלער אידישקייט. — וואָס די אַרבעטער רינג שולן האָבן אויפגעטאָן פאַר די טויזנטער קינדער, וואָס לערנען אין זיי. — נייע אַרבעטער רינג שולן זיינען געבויט געוואָרן פון אַמעריקאַנער געבוירענע עלטערן אין נייע געגנטן אַרום די גרויסע שטעט. — יוגנט פון אַרבעטער רינג גייט קעגן שטראָם.**

אויף דעם זיבעטן גאָרן פון דער צען שטאָקיקער „פאָרווערטס"־געביידע, אויף 175 איסט בראָדוויי, האָט זיך געפונען דער צענטראַלער אָפיס פון די אַרבעטער־רינג שולן, וועלכע האָבן אין יאָר 1954 געפייערט זייער 35־יאָריקן יובילייִ. לויט די אָפיציעלע באַריכטן, וואָס זיינען פון צייט צו צייט פאַר־עפנטלעכט געוואָרן אין דער אידישער פרעסע און לויט דער אינפאָרמאַציע, וואָס מיר האָבן געקראָגן בעת אונזערע באַזוכן אין נאַציאָנאַלן אָפיס, האָבן זיך געפונען אין אַמעריקע אַרום הונדערט אַרבעטער רינג שולן אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד. די מערסטע שולן האָבן זיך, נאַטירלעך, געפונען אין די גרעסערע אידישע צענטערן. ניו יאָרק און פילאַדעלפיע זיינען געווען די פירנדע שטעט מיט דער צאָל א. ר. שולן זייערע.

וויפל קינדער האָבן געלערנט אין די דאָזיקע שולן? — צווישן פינף און זעקס טויזנט. געווען אַ צייט אויך, ווען די אַרבעטער רינג שולן האָבן געהאַט

אַרום זיבן טויזנט תלמידים, אַזוי האָט אונז דערקלערט זלמן יעפּרויקין, דער בילדונגס דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג, מיט וועמען מיר האָבן געהאַט אַ גאַנצע ריי געשפּרעכן אין שייכות מיט דער דאָזיקער שול־באַוועגונג, וואָס האָט הינטער זיך אַ שטורמישע פאַרגאַנגענהייט פון העפּטיקע אידעאָלאָגישע קאַמפן.

אין אונזער נאָטיץ־ביכל, וואו מיר האָבן פאַרצייכנט די הויפּט־פּונקטן פון די אַנצאָליקע געשפּרעכן, וואָס איז אונז אויסגעקומען צו האָבן אין משך פון די לעצטע פיר, פינף יאָר מיט די פאַרשידענע פירער פון כל המינים אידישער דערציאונג איבערן לאַנד, האָבן מיר פאַרשריבן די רייד פון מר. יעפּרויקין אונטער אַ ריי פאַרשידענע דאַטומס. אין יאַנואַר 1951. אין מאַי 1953. אין מערץ 1954. אין מאַי 1955 און אין מאַי 1957. מיר דערמאָנען אָט דעם פאַקט גאָר באַזונדערס, ווייל ביי אונזערע פאַרשידענע באַגעגענישן מיט ז. יעפּרויקינ׳ען, האָט זיך נאָך יעדער אינטערוויו דאָס בילד פון דער אַרבעטער רינג שול באַוועגונג ווי אויסגעקיילעכדיקט; עס איז געוואָרן רונדער, און דער פּראָצעס פון די נאַציאָנאַלע און טראַדיציאָנעל־אידישע ענדערונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער אידישער גאַס אין אַמעריקע האָט געקראָגן אויך אַ טיפערן אויסדרוק אין די באַריכטן פון בילדונגס־דירעקטאָר פון גרעסטן אידישן סאָציאַליסטישן אָרדן אין אַמעריקע — דער אַרבעטער רינג.

ביי אונזער באַזוך אין מר. יעפּרויקינ׳ס אָפיס אין מערץ 1954, האָבן מיר אים געטראָפן אינמיטן רעדאַגירן אַ נייעם לערנבוך פאַר די קינדער פון די אַרבעטער רינג שולן. „דאָס וועט זיין דער בעסטער לערנבוך, וואָס מיר האָבן ווען עס איז געהאַט" — האָט זיך דער אַרבעטסזאַמער פּעדאַגאָג ווי באַרימט פאַר אונז. עס וועט זיין אָנגעפילט מיט אגדות, פול מיט אידישן וויסן פון די אַלטע קוואַלן, האָט אונז מר. יעפּרויקין געזאָגט. אויך אַ פריערדיק לערנבוך, וואָס איז פאַרפאַסט געוואָרן פון ח. בעז און ז. יעפּרויקין, איז געוואָרן היפּש אויסגעפילט מיט דערציילונגען און לידער אויף טעמעס, וואָס האָבן צו טאָן מיט אידישקייט פון אַלטע אידישע מקורות. די ערשטע אויפלאַגע פון בוך, האָט זיך אין 1938 געדרוקט אין 10.500 עקזעמפּלאַרן, די צווייטע אויפלאַגע אין 1945 — אין 6,000 עקזעמפּלאַרן און די דריטע אין 1948 — אין צען טויזנט.

מיר דערציילן אָט די אַלע פאַקטן צוליב דעם, כדי צו ווייזן, וואָס פאַר אַ עוואָלוציע (אָדער צי זאָלן מיר אפשר גאָר זאָגן רעוואָלוציע?) עס איז פאָר־געקומען אין די קרייזן פון אַרבעטער רינג אין שייכות צו אידישער דערציאונג.

ווייל וויסן דאַרפט איר, אַז עס איז געווען אין די ראַמען פון די אַרבעטער

רינג שולן, וואו עס איז געשאַפן געוואָרן אַ לערנביכל מיט מעשיות פון חומש און דער צוזאַמענשטעלער פון ביכל האָט געוואַגט צו פאַרוואַנדלען די עשרת הדברות — די צען געבאָט — אין ניין (9) געבאָט! די דאָזיקע געשיכטע קלינגט אי פאַנטאַסטיש, אי טשיקאַווע, און אַז איר ווילט אפילו — היפש טראַגיש, אָבער זי איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דער צייט אין וועלכער זי איז זיך פאַרלאָפן. און פאַסירט האָט עס אין די סוף צוואַנציקער און אָנהויב דרייסיקער יאָרן. און אפילו אויך דאַמאָלסט האָט אַזאַ „אָפּעראַציע" אויף די עשרת הדברות אַרויסגערופן אַ שטורעם פון פּראָטעסט, און איינער פון די געוועזענע אַרבעטער רינג לערער — משה דוכאָווני — וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ שטענדיקער מיטאַרבעטער אין „מאָרגן זשורנאַל", האָט אויפגע־הויבן אַ טומל אין זיין צייטונג וועגן דער דאָזיקער אומדערהערטער פאַר־שוועכונג פון חומש. דער סוף איז געווען, אַז אין די שפּעטערדיקע אויפ־לאַגעס פון דעם דאָזיקן לערנביכל (אין די פערציקער יאָרן) האָט מען שוין געגעבן די פולע עשרת הדברות.

דער נאָמען פון דעם דאָזיקן ביכל איז „מעשיות און לעגענדעס פון דער אידישער געשיכטע" און דער פאַרפאַסער איז געווען יעקב לעווין. און ווייסט איר פאַרוואָס י. לעווין האָט פון די עשרת הדברות, פון די צען געבאָט, געמאַכט 9? ווייל דאָס ערשטע געבאָט, וואָס זאָגט: „אנכי ד׳ אלוקיך" — „איך בין ד׳ דיין גאָט", איז געווען, ווי עס זעט אויס, „צו שאַרף", צו אָפן, „צו פיל רעליגיעז", פאַר לעווינ׳ען — האָט ער דערפאַר דאָס דאָזיקע געבאָט אינגאַנצן אויסגעלאָזן...

מיר ברענגען דאָ אַ פאָטאָסטאַטישע קאָפּיע פון די צוויי זייטלעך פון יעקב לעווינ׳ס לערנביכל, וועמענס ערשטע אויפלאַגע עס איז דערשינען אין יאָר 1928, געדרוקט דורך דער היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני. אינטערעסאַנט איז אויך אָנצואווייזן, אַז כאָטש דאָס קאַפּיטל אין לעווינ׳ס ביכל טראָגט דעם טראַדיציאָנעלן נאָמען „די צען געבאָט", האָט דאָס אָבער אַלץ ניט געשטערט דעם פאַרפאַסער צו מאַכן פון די צען געבאָט 9 (ניין)...

נאָך מער באַדייטונגספול ווערט דער גאַנצער טרויעריק־טשיקאַווער אָבער כאַראַקטעריסטישער עפּיזאָד מיט די עשרת הדברות אין די אַמאָליקע אַרבעטער רינג שולן, ווען מען נעמט אין אַכט דעם פאַקט, אַז דער פאַרפאַסער פון דעם ביכל — יעקב לעווין — איז געווען איינער פון די אַקטיווסטע לערער אין די אַ. ר. שולן עטלעכע צענדליק יאָר און אויך דער גרינדער פון דער ערשטער אַרבעטער רינג שול אין ניו־יאָרק (אין נאָוועמבער, 1919), די אַמאָל־באַוואוסטע אַ. ר. שול אין האַרלעם.

# טעות אויסבעסערונג אין שייכות מיט קאַפּיטל וועגן די שולן פון אַרבעטער רינג

(קאַפּיטל 31, זייטן 364—375)

מיר ווילן דאָ געבן אַן אויפקלערונג אין שייכות מיט דעם ביכל פון יעקב לעווין „מעשיות און לעגענדעס פון דער אידישער געשיכטע״, אין וועלכן דער פאַרפאַסער האָט פון די עשרת הדברות, פון די צען געבאָט, געמאַכט ניין (9)!

צו יענער צייט, ווען דאָס דאָזיקע ביכל איז דערשינען (דאָס איז געווען אין יאָר 1928), איז געווען ערשט נאָך דער שפּאַלטונג אין די אידישע אַר־בעטער־רייען, און יעקב לעווין איז אַוועק מיט אַ גרויסער צאָל אַרבעטער־רינג־שולן צו דער לינקער באַוועגונג. דאָס ביכל מיט די ניין געבאָט איז באַקעמפט געוואָרן פון דער אַרבעטער־רינג שול־באַוועגונג און עס איז גע־ווען אין דער אָפיציעלער אויסגאַבע פון די א. ר.־שולן, וואו עס זיינען דער־שינען אַ צאָל אַרטיקלען קעגן דעם דאָזיקן ביכל. שפּעטער, אין סוף פון די דרייסיקער יאָרן, איז יעקב לעווין, וועלכער איז געווען דער גרינדער פון דער ערשטער אַרבעטער־רינג־שול, צוריקגעקומען צו די דאָזיקע שולן, ביי וועלכע ער איז געבליבן ביז׳ן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. עס פאַרדריסט אונז באמת, וואָס אין אונזער בוך האָט זיך, צוליב אַ פאַרזען, אַריינגעכאַפּט דער דאָזיקער טעות.

38

# די צען געבאָט.

אינ׳ם דריטן חודש, נאָכדעם ווי די בני־ישראל זײַנען אַרויס פֿון מצרים, זײַנען זיי אָנגעקומען צום באַרג סיני (סינאַי).

האָט משה געזאָגט צום פֿאָלק: „זײַט גרייט צום דריטן טאָג; מאַכט זיך רײן און וואַשט אײַערע קליידער״.

און אויפֿ׳ן דריטן טאָג האָט משה געבראַכט דאָס גאַנצע פֿאָלק צום באַרג סיני. און דער באַרג איז אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט אַ געדיכטן וואָלקן. און עס האָט געדונערט און געבליצט, און אַ שטים ווי פֿון אַ שופֿר (שויפֿער) האָט געהילכט. און דער באַרג האָט געפֿלאַקערט און האָט זיך אינגאַנצן געוויגט און געציטערט. און דאָס פֿאָלק האָט געהערט די דונערן און האָט געזען די בליצן און דעם באַרג, וואָס רייכערט זיך, איז עס פֿאַרציטערט געוואָרן און געשטעלט זיך פֿון דערווײַטן. און משה איז



די בני־ישראל ביים באַרג סיני.



אַרויפֿגעגאַנגען אויפֿ׳ן באַרג צום וואָלקן, פֿון וואַנען עס האָט זיך דערהערט אַ שטימע, וואָס האָט גערופֿן:

זאָלסט זיך ניט מאַכן קיין אָפּגעטער און קיין בילדער, זאָלסט זיך ניט בוקן צו זיי און זאָלסט זיי ניט דינען.

זאָלסט היטן דעם שבת (שאַבעס)־טאָג. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן און דעם זיבעטן טאָג זאָלסטו רוען דו און דײַן קנעכט און דײַן דינסט, און דײַן אָקס און דײַן אייזל און דער פֿרעמדער, וואָס וואוינט בײַ דיר.

זאָלסט ערן דײַן פֿאָטער און מוטער!

זאָלסט ניט שווערן אויף פֿאַלש!

זאָלסט ניט טייטן!

זאָלסט ניט צעלאָזן זײַן!

זאָלסט ניט גנב׳נען (גאַנווענען)!

זאָלסט ניט זאָגן קיין פֿאַלשע עדות (איידעס)!

זאָלסט ניט גלוסטן דעם אָקס, אָדער די שעפּס, אָדער דאָס קלייד, אָדער די פֿרוי פֿון אַ צווייטן.

דאָס זײַנען די געבאָט, וואָס די בני־ישראל האָבן געהערט און באַקומען אויף דעם באַרג סיני.

39

# דער עגל (אייגל).

און משה איז אַרויפֿגעגאַנגען אויף דעם באַרג סיני אויסצוקריצן די צען געבאָט אויף צוויי שטיינערנע טאָוולען. און יהושוע (יעהוישואַ) איז געבליבן וואַרטן אויף אים צופֿוסנס פֿון באַרג. און משה איז פֿאַרבליבן אויפֿ׳ן באַרג פֿערציק טעג און פֿערציק נעכט.

און אַז דאָס פֿאָלק האָט דערזען, אַז משה זאַמט זיך,



אויפֿן בילד אויבן ווערן געזען צוויי זייטלעך פֿון יעקב לעווינ׳ס „מעשיות און לעגענדעס פֿון דער אידישער געשיכטע״, וואו פֿון די עשרת הדברות, פֿון די צען געבאָט, איז געמאַכט געוואָרן 9 (ניין)...

כדי צו קריגן אָבער כאָטש אַ קליינעם באַגריף, ווי אַזוי און צוליב וואָס די שולן פון אַרבעטער רינג זיינען צוערשט געשאַפן געוואָרן, וועלן מיר דאָ ברענגען מיט קליינע פאַרקירצונגען אַן אויסצוג פון אַן אַרטיקל, וואָס דער זעלבער יעקב לעווין האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם יאַנואַר, 1954־נומער פון „קולטור און דערציאונג", דער שול און קולטור זשורנאַל, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער רינג. דער נאָמען פון דער אָפּהאַנדלונג איז „פינף און דרייסיק יאָר אַרבעטער רינג שול".

אָט וואָס יעקב לעווין שרייבט:

„ס'איז געוואָרן 35 יאָר זינט עס האָבן זיך געגרינדעט די ערשטע צוויי אַרבעטער רינג שולן — אין האַרלעם און אין וויליאַמסבורג. און דערנאָך האָבן זיי זיך אָנגעהויבן מערן סיי אין ניו־יאָרק, סיי אין דער פּראָווינץ. זיי זיינען געוואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, און עס האָט זיי ניט געקענט אָפּהאַלטן די שאַרפע קעגנערשאַפט מצד די, וואָס האָבן זיך דאַמאָלט גערעכנט פאַר די גייסטיקע פירערס אויף דער אידישער אַרבעטער גאַס; עס האָבן זיי ניט געקענט אָפּשטעלן די אַלערליי שטע־רונגען און שטרויכלונגען, וואָס עס האָט זיי געלייגט אויפן וועג די אידישע אַרבעטער פּרעסע, וואָס הגם אויף דער אידישער שפּראַך, איז זי דאָך געווען אַסימילאַטאָריש".

און יעקב לעווין שרייבט ווייטער:

„די אידישע שולן, וואָס האָבן דעמאָלט עקזיסטירט, האָבן די אַרבעטער ניט באַפרידיקט: די תלמוד תורה, דער חדר, די ישיבה זיינען געווען רעליגיעזע שולן, וואָס האָבן דערצויגן די קינדער אין רעליגיעזן גייסט, בשעת זיי, די אַרבעטער, זיינען שוין פון דער היים געווען וועלטלעך — אַרעליגיעז אָדער אפילו אַנטי רעליגיעז.

„אָבער ווען דער געדאַנק פון אַ אידישער שול איז נאָך לאַנגע וויכוחים צייטיק געוואָרן ביי די אידישע בונדיסטישע און סאָציאַ־ליסטיש־טעריטאָריאַליסטישע אַרבעטער אין ניו־יאָרק, האָט די נאַציאָ־נאַל ראַדיקאַלע שול זיי ניט צופרידנגעשטעלט: די לעצטע איז געווען ניט נאָר אַ נאַציאָנאַלע שול, נאָך אויך אַ ציוניסטישע. (דערמיט מיינט יעקב לעווין די שולן פון די פּועלי ציון, וועלכע האָבן צוערשט זיך גערופן אידישע נאַציאָנאַל־ראַדיקאַלע שולן און וואָס זיינען שפּעטער באַוואוסט געוואָרן אַלס די שולן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַר־באַנד — א. פּ.) דער גייסט פון דעם לערנען אָדער דערציען די קינדער איז געווען אַ ציוניסטישער. די העברעאישע שפּראַך איז דאָרט געווען

גלייכבאַרעכטיקט מיט דער אידישער, און די פייערונג פון די אידישע ימים טובים איז דאָרט ניט פריי געווען פון רעליגיעזע צערעמאָניעס. און פון סאָציאַליסטישער אָדער אַרבעטער־דערציאונג אין די באַציאָ־נאַלע ראַדיקאַלע שולן זיינען געווען קוים שוואַכע שפּורן".

אָט אונטער אַזעלכע אומשטענדן זיינען עס אויפגעקומען די שולן פון אַרבעטער רינג, וועלכע האָבן מיט זייער דראַמאַטישער אַנטוויקלונג און מיט דער ענדערונג פון זייער איצטיקן צוגאַנג צום אידישן לעבן געקענט דינען אַלס איינער פון די אינטערעסאַנטע ביישפּילן פון דעם צוריקקער צו אידי־שער טראַדיציע, צו דעם אַלטן אידישן מקור, וואָס איז פאָרגעקומען אין אַזאַ אָדער אַנדער פאָרם אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע.

כדי צו ווייזן נאָך אַ קלאָרערן ביישפּיל פון דער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען, וועלן מיר דאָ ברענגען אייניקע אויסצוגן פון אַ פּאַמפלעט אין ענגליש, וואָס איז פאַנאַנדערגעשיקט געוואָרן פון צענטראַלן שול־אָפּיס צו אַלע אַרבעטער־רינג שולן איבערן לאַנד. דער פּאַמפלעט איז באַשטאַנען פון אַכט פיין־אילוסטרירטע זייטלעך און איז געווען טיטולירט „ען אָפּען לעטער טו אָל דזשואיש פּערענטס", דאָס הייסט אַן אָפענער בריוו, אַדרעסירט צו אַלע סאָרטן אידישע עלטערן. אויף זייט פינף פון פּאַמפלעט זאָגט זיך:

„אין די י. ל. פּרץ אַרבעטער־רינג שולן (דער אַרבעטער רינג האָט אין 1952 באַשלאָסן אָנצורופן זיינע שולן אויפן נאָמען פון אידישן קלאַסיקער י. ל. פּרץ) הויבט זיך אָן דאָס שטודירן פון העברעאיש אין דריטן קלאַס. די שפּראַך פון דער ביבל און פון מאָדערנעם ישראל ווערט באַנוצט כדי צו באַרייכערן און פאַרגרעסערן דעם קינד'ס וויסן".

און דער פּאַמפלעט זאָגט ווייטער אין דעם פּונקט פיר רעדנדיק וועגן די ימים טובים: „די פייערונג פון אידישע ימים טובים איז אַן אינטעגראַלער טייל פון דער לערן־פּראָגראַם פון אונזערע שולן". דערביי איז אויף דעם אונטערשטן טייל פון זעלבן זייטל פינף דאָ אַ אילוסטראַציע פון אַ אינגעלע, ווי ער צינדט אָן די חנוכה ליכטלעך און אויף דער לעצטער זייט פון זעלבן „אָפענעם בריוו" ווערט אויסגערעכנט די גאַנצע פּראָגראַם פון די אַרבעטער־רינג שולן. דער ערשטער פּונקט איז אידיש: רעדן, לייענען און שרייבן. דער צווייטער פּונקט, גלייך נאָך אידיש — קומט העברעאיש. דער דריטער פּונקט איז פאַרשטיין אידישע ליטעראַטור. דער פערטער פּונקט — אידישע געשיכטע. און דער פינפטער פּונקט איז די באַדייטונג פון אידישע ימים־טובים. און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק, איז אויף דעם פּאַמפלעט דאָ אַ גאַנץ

באַזונדערער לאָזונג מיט ספּעציעלע שריפט. דער לאָזונג זאָגט: „ווי סע־לעברעיט דזשואיש האָלידעיס״. מיר פייערן אידישע ימים טובים! און טאָמער איז דאָס נאָך אַלץ ניט גענוג, האָט מען אין אייניקע אַרבעטער רינג שולן שוין אויך געלערנט אַ גאַנצע ריי תפילות פאַר שבת און יום טוב און מען גרייט צו אינגלעך צו בר מצוה...

אָט אַזוי גייט דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע און אָט אַזוי זיינען „מיטגעגאַנגען״ די אַרבעטער רינג שולן. נאָך אַ שריט אין דער זעלבער ריכ־טונג האָט מען געקענט זען פון אַ בולעטין, וואָס דער דערציאונגס־דעפּאַרטמענט פון אַרבעטער רינג האָט סוף 1953 אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אין ענגליש אונטער דעם נאָמען „פּערענט׳ס בולעטין״. איז דער ערשטער אַרטיקל אין ערשטן נומער געווען געווידמעט צו דער באַשרייבונג פון חנוכה. דער הויפּט־אַרטיקל אין צווייטן נומער — מערץ 1954 — איז געווען געווידמעט צו פּורים.

די פראַגע פון נייע לערער איז, נאַטירלעך, אויך געווען אַן אָנגעווייטיקטע ביי די אַרבעטער רינג שולן. אַ גאַנצע ריי אידישע שרייבער און דיכטער זיינען געווען צווישן די לערער פון די שולן פון אַרבעטער רינג. עס זיינען אָבער ניט, ליידער, צוגעקומען קיין פיל נייע יונגע אידישע שרייבער און אויך ניט קיין פיל נייע אידישע לערער.

אין אונזער געשפּרעך האָט מיר ז. יעפּרויקין, וועלכער האָט געמאַכט פון צייט צו צייט רייזעס איבערן לאַנד אין שייכות מיט די אַרבעטער־רינג שולן, דערקלערט, אַז עס וואָלטן געקענט געשאַפן ווערן פיל נייע אַרבעטער־רינג שולן אין פאַרשידענע שטעט איבערן לאַנד, ווען ניט דער מאַנגל אין נייע לערער, לערער־פּיאָנערן און ענערגישע טוער.

„גיט מיר 20 נייער לערער, עפן איך 20 נייע שולן איבערן לאַנד״ — האָט מיר מר. יעפּרויקין געזאָגט אויף איינעם פון אַ באַזוך מיינעם. עס פעלן לערער. עס פעלן אויך טוער.

אַזוי, למשל, האָט מיר יעפּרויקין, וועלכער האָט זיך גערופן אויך עפּראָן, דערציילט, אַז אייניקע אַרבעטער־רינג שולן, וועלכע האָבן שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין און מען האָט זיי שוין געהאַלטן פאַר „פאַרפאַלן״, האָבן ווידער אויפגעלעבט מיט גאָר נייע כוחות, ווען עס האָבן זיך באַוויזן נייע טוער, פון צווישן די רייען פון די אַמעריקאַנער געבוירענע עלטערן. אַזאַ פאַל האָט פּאַסירט מיט דער אַרבעטער־רינג שול אין די אמאלגאמייטעד קאָאָפּעראַטיווע הייזער אין די בראָנקס, וועלכע מען האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרמאַכן. די דאָזיקע שול איז שפּעטער געוואָרן איינע פון די שטאַרקסטע

מיט 120 קינדער און הי־געבוירענע טוער. ווען איך האָב באַזוכט מר. יעפרוי־קינ׳ען אין מאַי 1953 האָט ער מיר געהאַט דערציילט וועגן אַ שול אין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, וואָס האַלט זיך ביים פאַרמאַכן. ער האָט מיר אפילו דערציילט דאָן, אַז דער יונגער אַרבעטער רינג צווייג האָט געהאַלטן ביים אונטערגיין צוליב דעם, וואָס די עלטערע עלעמענטן זיינען אָפּגעשוואַכט געוואָרן און ווי באַוואוסט איז דער הויפּט־אינטערעס פון צווייג אָפּט קאָנ־



זלמן יעפרויקין
בילדונגס־דירעקטאָר פון אַרבעטער־רינג, זינט 1921 פאַרבונדן
מיט די אַרבעטער־רינג שולן

צענטרירט געוועזן אַרום דער שול. אויף אונזער באַזוך אין מערץ 1954, האָט יעפרויקין אונז אָפּגעגעבן אַ גאָר אַנדער באַריכט וועגן אַטלאַנטאַ. די יוגנט האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט און ניט נאָר איז די שול אויפגעלעבט געוואָרן, נאָר דער צווייג האָט געקראָגן נייע כוחות און מען טראַכט גאָרניט וועגן אונטערגאַנג, חלילה, נאָר מען האָט גאָר נייע, גרויסע פּלענער. אַן ענלעכער פאַל האָט אויך פּאַסירט אין קליוולאַנד און ענלעכעס האָט פּאַסירט אויך אין אַ ריי אַנדערע שטעט.

גאָר אינטערעסאַנט זיינען געווען די באַריכטן פון די נייע אַרבעטער־רינג שולן, וואָס זיינען אויפגעקומען אין די נייע געגענטן אַרום ניו־יאָרק, וואו עס האָבן זיך באַזעצט די יונגע אידישע פאַמיליעס. אַזוי זיינען אויפגעקומען נייע א. ר. שולן אין פלאַשינג, וואודסאַיד, דזשעקסאָן האַיטס, ראַקאַוועיס און אַנדערע טיילן פון לאָנג איילענד, ווי אויך אין נעסאַו־קאונטי. אויך אין אָקספאָרד סוירקל, אַ נייע אידישע געגנט אין פילאַדעלפיע, איז אויפגעקומען אַ היפּשע אַרבעטער־רינג שול. און אין פילאַדעלפיע, דאַרפט איר וויסן, זיינען געווען 11 אַרבעטער־רינג שולן, און יעדער שול האָט זיך געהאַט איר אייגענע היים. און נאָך אַ וויכטיקן פאַקט איז נויטיק אונטערצושטרייכן און דאָס איז, אַז אומעטום, אין די נייע געגנטן, וואו יונגע אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע עלטערן האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין וואָגן פון דער אַרבעטער־רינג שול באַוועגונג, זיינען זיי געגאַנגען, אַזוי צו זאָגן, קעגן שטראָם. ווייל, ווי באַוואוסט, זיינען די יונגע אידישע עלטערן אין אַלע געגנטן פון די נייע יונגע אידישע ישובים, מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג געווען אַריינגעטאָן אין דעם בויען פון צענטערס מיט סינאַגאָגעס און ראַבאַיס און רעליגיעזע קינדער־שולן. עס האָט זיך געפאָדערט אַ ווילנסקראַפט, איבערצייגונג און גלויבן מצד די אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע עלטערן. אַז זיי זאָלן ביי זיך באַשליסן דורכצוגיין אַלע שוועריקייטן און בויען אַן אַרבעטער־רינג שול אין זייער געגנט, וואָס האָט געטראָגן אַלע כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון אַ מין קליין שטעטל. און דאָך, האָט זיך געמערט די צאָל פון אַזעלכע שול־טוער. מר. יעפּרויקין האָט מיר אויך דערציילט ביי מיין לעצטן באַזוך, אַז דער צענטראַלער שול־אָפיס אין ניו־יאָרק האָט פאַררופן אַ קאָנפערענץ מיט דעם צוועק צו אָרגאַניזירן אַן עלטערן־פאַראיין, וואָס זאָל באַשטיין פון עלטערן שול־טוער. צו דער קאָנפערענץ זיינען געקומען 120 יונגע עלטערן און עס איז מיט דערפאָלג געשאַפן געוואָרן די געפּלאַנטע אָרגאַניזאַציע.

וואָס האָבן געוואָלט אָט די אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע עלטערן?

אין זיין באַריכט צו דער יערלעכער קאָנפערענץ, האָט י. מלאָטעק, עקזעקוטיוו סעקרעטאַר פון דער צענטראַלער שול־פאַרוואַלטונג, געשריבן אין „קולטור און דערציאונג" פון יאַנואַר, 1954, דאָס פאָלגנדע: „זיי (די אַמעריקאַנער געבוירענע עלטערן — א. פּ.) מיידן אויס די שיין אויסגעשטאַטע צענטערס און אַנדערע מינים רעליגיעזע דערציאונגס־אַנשטאַלטן און זיי ווילן דווקא אַן אַרבעטער־רינג שול מיט דעם טראָפּ אויף אידיש, מיט דעם אַקצענט אויף וועלטלעכקייט און אַלוועלטלעכקייט פון אידישן פאָלק".

רעדנדיק וועגן די אויפגאַבן, וואָס די אַרבעטער־רינג שול באַוועגונג שטעלט זיך, האָט אַן אַנדער פּאַמפּלעט פון אַכט גרויסע זייטן, געזאָגט צווישן אַנדערן, דאָס פּאָלגנדע: „די פּרץ־שולן זוכן איבערצוגעבן דעם אידישן קינד די באַדייטונג פון אידישן לעבן, ווי אויך די באַדייטונג פון די דעמאָקראַטישע טראַדיציעס פון אַמעריקע. דער עפּאָס פון דעם אויפקום פון מדינת ישראל פאַרנעמט אויך אַן אָנגעזעען פּלאַץ אין דער פּראָגראַם פון די פּרץ־שולן. עס ווערט אָבער אונטערגעשטראָכן דער שטאַנדפּונקט, אַז דער גורל פון דער מערהייט פון אידישן פאָלק איז צו לעבן צווישן די פעלקער פון דער וועלט, ווי אויך דער פאַקט, אַז אידן האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער געפירט אַ שעפעריש לעבן נאָך איידער מדינת ישראל איז געשאַפן געוואָרן".

אין שייכות מיט דער צאָל שולן באַריכטעט י. מלאָטעק, אַז אין ניו־יאָרק זיינען געווען 37 עלעמענטאַרע שולן, דריי קינדער־גערטנער, צוויי פאָרשול־קלאַסן און איין מיטל־שול. צוזאַמען — 43 דערציאונגס אינסטיטוציעס. דער דירעקטאָר פון דער מיטל־שול איז געווען דער פּעדאַגאָג תנחום בערנשטיין.

וואָס האָט מען געלערנט אין די אַרבעטער־רינג שולן? מיט וואָס איז אַוועקגעגאַנגען אַ קינד פון אָט די שולן?

אַז איר האָט גערעדט מיט די לערער — מיט די מער־אידעאַליסטישע און ווייניקער אַנטוישטע, ווייל שווער, שווער איז געווען דער וועג פון אַ אידישן לערער, באַזונדער אַ לערער אויף אידיש — האָבן זיי זיך באַקלאָגט. די קינדער קענען ניט גענוג אידיש. ווייניק פון זיי קענען באמת רעדן פריי אידיש אָדער באמת לייענען; לייענען לאָמיר זאָגן, אַ צייטונג, אַ בוך. דאָך אָבער האָט איר געטראָפן אין יעדער שטאָט, וואו עס זיינען געווען אַרבעטער־רינג שולן, דאָ און דאָרטן אַן אַמעריקאַנער געבוירענעם אידישן יונגענמאַן אָדער פרוי, וואָס האָבן אייך איבערראַשט מיט זייער נאַטירלעכן אידיש רעדן און לייענען. אָבער ניט דאָס איז געווען דער הויפּט־אויפטו פון אָט די שולן. דער הויפּט־אויפטו איז, וואָס די גראַדואירטע פון די אַרבעטער־רינג שולן, פּונקט ווי די גראַדואירטע פון די שולן פון פאַרבאַנד אָדער פון שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוט — די דאָזיקע גראַדואירטע זיינען אָנגעהויכט מיט דעם אָטעם פון פאָלקסטימלעכער אידישקייט אויף אידיש. זיי איז נאָענט דער אידישער לעבנס־שטייגער. זיי זיינען נאָענט די אידישעליידן און פריידן. און אָט די ווירקונג פון די אַרבעטער־רינג שולן לאָזט זיך פון צייט צו צייט אויך פילן אין די גאָר הויכע ספערן פון אַמעריקאַנער

לעבן, ווען אַ קינד פון די אַרבעטער־רינג שולן שפּאַרט אָן אין די גאָר הויכע רעגירונגס פּענצטער און איבט אויס, אַ דאַנק זיין אידישער דערציאונג, אַ ווירקונג לטובת אַלגעמיינע אידישע אינטערעסן. וועגן אַזעלכע אייניקע אָנגענעם־איבעראַשנדע באַגעגענישן האָט מיר דערציילט דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון אַרבעטער־רינג נחום כאַנין, וועלכער איז געווען איבער 10 יאָר צייט דער בילדונגס דירעקטאָר פון אַרבעטער רינג. כאַנין האָט באַגעגנט געוועזענע תלמידים פון די אַרבעטער־רינג שולן אין הויכע אַמטן אין וואַשינגטאָן און אויך, נאַטירלעך, אין ניו־יאָרק און אָלבאַני, די הויפּט־שטאָט פון ניו־יאָרק סטייט.

צום סוף פון אונזער קאַפּיטל וועגן די אַרבעטער רינג שולן, ווילן מיר דאָ אויך אָנווייזן, אַז זלמן יעפרויקין איז יאָרנלאַנג פאַררעכנט געוואָרן אַלס איינער פון די סאַמע דערפאַרנסטע אידישע דערציער און קענער פון אידישן חינוך אין אַמעריקע. יעפרויקין איז געקומען קיין אַמעריקע פון ליבאַווע, לאַטוויע, אין יאָר 1921 און אין זעלבן יאָר האָט ער זיך פאַרבונדן מיט די שולן פון אַרבעטער רינג. דאָס מיינט, אַז איבער 35 יאָר כסדר איז יעפרויקין געווען אַקטיוו אין דער דאָזיקער שול־באַוועגונג. יעפרויקין איז געווען אַ גראַדואירטער פון אידישן לערער־סעמינאַר אין ריגע און איינער פון די גרינדער פון די אידיש־וועלטלעכע שולן אין לאַטוויע; אידישע שולן, וואָס זיינען אויפגעהאַלטן געוואָרן אַ געוויסע צייט דורך דער רעגירונג. פון 1932 ביז 1952 איז יעפרויקין געווען דער דירעקטאָר פון דער אַ. ר. מיטל־שול און אין 1952 איז ער געוואָרן דער בילדונגס דירעקטאָר פון אַרבעטער רינג.

און איצט — נאָך אַ פּאָר פאַקטן וועגן דער אַרבעטער רינג שול־באַוועגונג: אין די מערסטע שולן זיינען די קינדער געקומען דריי מאָל און אויך פיר מאָל אַ וואָך, פון אַ שעה ביז אַ שעה מיט אַ פערטל יעדעס מאָל. אויף דער פּראָווינץ — 5 מאָל אַ וואָך אין פיל אַרבעטער רינג שולן. מר. יעפרויקין האָט געהאַלטן, אַז עס וואָלט פיל דערגרייכט געוואָרן, ווען מען וואָלט געקענט אויפהויבן אַלע שולן צו זעקס שעה אַ וואָך לערנען. אין אַלגעמיין איז עס געווען יעפרויקינ׳ס טעאָריע צו פאַרגרעסערן און פאַר־בעסערן די עקזיסטירנדע נאָכמיטאָג־שולן אָנשטאָט צו שטרעבן צו שאַפן פולע טאָג־שולן, ווי דאָס האָט געטאָן אין אַ געוויסער מאָס די ציוניסטישע אַרבעטער באַוועגונג (די כנרת שולן) און ווי דאָס האָט אויך פּרובירט די שלום עליכם שול־באַוועגונג. יעפרויקין האָט געהאַלטן, אַז צוליב די באַגרע־ניצטע געלט־מיטלען און צוליב פיל אַנדערע סיבות, וואָלט פיל מער

דערגרייכט געוואָרן דורך פאַרבעסערן די עקזיסטירנדע שולן אַנשטאָט זיך רייסן צו טאָג־שולן.

דער בודזשעט פון די א. ר. שולן איז געווען איבער אַ האַלבן מיליאָן דאָלער אַ יאָר. פון צענטראַלן אָפּיס און פון די ביישטייערונגען פון די פאַרשידענע אַרבעטער־רינג צווייגן איז אַריינגעקומען די סומע פון אַרום 70 טויזנט דאָלער. פון די פאַרשידענע געמיינדע פאָנדן אין אַ צאָל שטעט איבערן לאַנד, האָבן די אַרבעטער רינג שולן געקראָגן סובסידיעס, וואָס האָבן באַטראָפן אַרום 70 (זיבעציק) טויזנט דאָלער. די רעשט פון דעם האַלבן מיליאָן האָבן די שול־פאַרוואַלטונגען געשאַפן אַליין.

דער בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג האָט, נאַטירלעך, אָנגע־פירט אַ פאַרצווייגטע קולטור טעטיקייט צווישן איר מיטגלידערשאַפט פון איבער 70 טויזנט דורך פאָרומס, קאָנצערטן און טעאַטער (די פאָלקסבינע). דער אַרבעטער־רינג האָט אויך געהאַט אַכט באָרן און אַ צאָל זומער־קעמפּס.

אָט דאָס אַלץ איז, מער אָדער ווייניקער, אַ בילד פון דער אַרבעטער־רינג שול־באַוועגונג, וואָס איז מיט דער צאָל שולן געווען די גרעסטע שול־סיסטעם אויף דער אידישער שפּראַך פאַר אידישע קינדער אין אַמעריקע. טראָץ אַלע שוועריקייטן, טראָץ אַלע שטרויכלונגען האָט די דאָזיקע שול־באַוועגונג געהאַט פיל מעגלעכקייטן נאָך צו וואַקסן און וואַקסן, און דווקא צווישן די אַמעריקאַנער געבוירענע.

## 32

# די שלום עליכם שולן — דער וועג פון עקסטרעם אידישער וועלטלעכער קולטור צוריק צו טראַדיציע און... בית מדרש

**די גרינדער פון די ערשטע שלום עליכם שולן האָבן געהאַלטן, אַז די שולן פון די פועלי ציון זיינען צו „נאַציאָנאַל און שאָוויניסטיש". — שלום עליכם שולן האָבן זיך צוערשט באַגרינדעט בלויז אויף דער אידישער שפּראַך און אידישער ליטעראַטור און זיך ניט אָנגעשפּאַרט אויף קיין שום פּראַטערנאַלן אָרדן. — דער צוריקקער צו טראַדיציע. — יצחק בן צבי, פּרעזידענט פון מדינת ישראל, איז געווען איינער פון די ערשטע לערער אין די שלום עליכם שולן אין די בראָנקס. — אַ רעזאָלוציע שוין אויך וועגן בת מצוה'ס. — דר. שלמה סיימאָנ'ס רוף: „צוריק צום בית המדרש".**

עס זיינען געווען די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן (אָנהענגער פון די קולטור־אידייען פון דר. חיים זשיטלאָווסקי), וועלכע האָבן גע͏פירט דערצו, אַז אין אַמעריקע זאָל געשאַפן ווערן אַ גאַנץ באַזונדערער טיפּ אידישע שול, וואו די אידישע שפּראַך, די אידישע ליטעראַטור און די אידישע קולטור אין אַלגעמיין, זאָלן שפּילן די הויפּט־ראָלע. עס איז געווען אין נאָוועמבער, 1913, ווען עס איז אין ניו־יאָרק, אין די בראָנקס, אַרויסגעקומען די ערשטע גרופּע אידישע קולטור־טוער און פאָרמירט אַ שול, וואָס האָט אין איר פּראָגראַם דערקלערט, אַז זי וויל זיין מער וועלטלעך, ווי נאַציאָנאַל. עס איז געווען פונקט דריי יאָר צייט נאָך דעם, ווי עס האָבן זיך אין ניו־יאָרק באַוויזן די ערשטע קינדער־שולן פון דער פועלי ציון באַוועגונג. צו יענער צייט האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן „די דעבאַטע" אַרום דער אידישער

דערציאונגס פראַגע. אַ דעבאַטע, וואָס האָט זיך פאַרצויגן, אין פאַרשידענע פאָרמען, אויף צענדליקער יאָרן. דר. חיים זשיטלאָווסקי, וועלכער איז אין יאָר 1908 געווען איינער פון די איניציאַטאָרן פון דער טשערנאָוויצער אידישער שפּראַך־קאָנפערענץ, האָט אָנגעהויבן די דאָזיקע דעבאַטע. יואל ענטין, וועמען מ'האָט באַצייכנט אַלס „דער פאָטער פון דער אידישער שול״, איז געווען אויך איינער פון די הויפּט־דעבאַטאַנטן. דר. נ. סירקין, צביון, און אַ ריי אַנדערע פירנדע פערזענלעכקייטן, האָבן זיך אויך „באַטייליקט״.

אין די רייען פון דער פועלי ציון באַוועגונג און אין די רייען פון די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן איז אַלץ אָנגעגאַנגען די דעבאַטע, צי מען זאָל לערנען העברעאיש צוגלייך מיט אידיש און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, האָט זיך געשאַפן די נויטווענדיקייט צו גרינדן דעם נייעם טיפּ אידישע שול, וואָס איז שפּעטער באַוואוסט געוואָרן אַלס די שלום עליכם שולן. (צו יענער צייט האָט מען נאָך אפילו „ניט געטראַכט״ וועגן שאַפן שולן ביים אַרבעטער־רינג. די ערשטע אַרבעטער רינג שול איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1919.) די ערשטע שלום עליכם שול האָט זיך געפונען אויף 1387 וואַשינגטאָן עוועניו. עס האָט זיך גאַנץ שנעל געעפנט אַ צווייטע שול אויף 173 איסט 180טע גאַס און אַ דריטע — אויף 500 איסט 150טע גאַס. אַלע דריי שולן זיינען געווען אין די בראָנקס און האָבן גרופּירט אַרום זיך יונגע גרופּען פון אידעאַליסטישע אידישע קולטור־טוער. אין די דריי שולן, לויט ווי דער פּנקס הקהלה גיט איבער, האָבן אין יאָר 1918 געלערנט 105 אינגלעך און 70 מיידלעך. אַ סטאַף פון פינף לערער איז באַשעפטיקט געוואָרן. דר. יחיאל קלינג איז געווען פאָרזיצער פון דעם ניי־געשאַפענעם שול פאַרבאַנד אַרום די שלום עליכם שולן.

אָבער די שלום עליכם שולן זיינען אין די ערשטע דריי יאָר פון זייער עקזיסטענץ געווען באַוואוסט בלויז אונטער דעם נאָמען פון „אומפּאַרטייאישע שולן״. ערשט אין יאָר 1916, ווען דער באַרימטער אידישער שרייבער, שלום עליכם, איז געשטאָרבן, טאַקע אין די בראָנקס, ניו־יאָרק, — האָט איינער פון די ערשטע לערער אין די דאָזיקע שולן, דער שרייבער לעאָן עלבע, — פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל די שול, אין וועלכער ער לערנט, אָנרופן אויף דעם נאָמען פון שלום עליכם. און אַזוי איז עס געבליבן. דער נאָמען האָט זיך ווי צוגעקלעפּט און איז געוואָרן ווי אַ גוטע קמיע פאַר דער דאָזיקער שול און קולטור־באַוועגונג. ליפּע לעהרער, אָנפירער פון דעם פאַרלאַג „מתנות״ און רעדאַקטאָר פון „קינדער זשורנאַל״, האָט אין דעם גרויסן שול־אַלמאַנאַך, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1935 אין פילאַדעלפיע, אַ לענגערע

אַרבעט וועגן דער געשיכטע פון די שלום עליכם שולן און ער דערציילט דאָרט אַ סך אינטערעסאַנטע איינצלהייטן וועגן דער דאָזיקער שול־באַוועגונג. ער גיט אונז איבער, ווי אַזוי אַ גרופּע ענטוזיאַסטישע אידישע קולטור־טוער האָט זיך גרופּירט אַרום דעם שלום עליכם שול איינס, און ווי אַזוי מ׳האָט צוערשט געדונגען און שפּעטער אָפּגעקויפט דאָס הויז אויף נומער 1387 וואַשינגטאָן עוועניו און עס פאַרוואַנדלט אין „קולטור צענטער פון די בראָנקס". עס האָט זיך ביסלעכווייז אויך אַנטוויקלט אַ באַוועגונג פון דערציאונג פאַר דערוואַקסענע, און אין יאָר 1915 האָט זיך געגרינדעט דער אידישער פאָלקס אוניווערזיטעט. אין 1918 האָט לייבוש לעהרער, וועלכער איז צו יענער צייט געווען אַ לערער אין דער שלום עליכם שול נומער דריי, געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז עס זאָל געגרינדעט ווערן אַ צענטראַלע אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל אָנגערופן ווערן „שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט", און דער „פאָלקס אוני־ווערזיטעט" איז געוואָרן אַ טייל פון דעם „אינסטיטוט". (מ. אָלגין, דר. יקותיאל גינזבורג, ב. צ. גאָלדבערג, יודא יאַפע, ש. ניגער, שכנא עפּשטיין, לייבוש לעהרער, קלמן מרמר, חיים שויס זיינען געווען צווישן די לערער פון אוניווערזיטעט). עס האָט זיך דאַן אויך אָרגאַניזירט אַ לערער־ראַט אַרום די שלום עליכם שולן.

די לערער אין דער ערשטער שלום עליכם שול זיינען געווען חיים ליבערמאַן, וועלכער איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס קעמפערישער רעלי־גיעזער פּובליציסט פון „פאָרווערטס", און דער שוין פריער־דערמאָנטער לעאָן עלבע, וועלכער איז באַרימט געוואָרן אין דער ברייטער אידישער וועלט צוליב זיין גרויס קינדער־בוך, באַזירט אויף מעשה׳לעך פון חומש. אינטע־רעסאַנט איז דאָ אויך צו דערמאָנען, אַז דער לערער פון העברעאיש אין דער ערשטער שלום עליכם שול איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי יצחק בן־צבי, וועלכער איז מיט אַרום פערציק יאָר שפּעטער געוואָרן פּרעזידענט פון מדינת ישראל.

ל. שפּיזמאַן, דער פּועלי־ציון פּובליציסט, וועלכער האָט אין יאָר 1955 פאַרעפנטלעכט א צוויי־בענדיקע „געשיכטע פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג אין צפון אַמעריקע", ברענגט אַ גאַנצע ריי וויכטיקע און אינטע־רעסאַנטע פּרטים וועגן דעם אויפקום פון דער שול־באַוועגונג אויף אידיש. שפּיזמאַן דערציילט, ווי אַזוי דער אידישער דיכטער און פּובליציסט אהרן גלאַנץ־לעיעלעס האָט אין דר. חיים זשיטלאָווסקי׳ס זשורנאַל „דאָס נייע לעבן", אין נאָוועמבער, 1913, פאַרעפנטלעכט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט פּרובירט פאָרמולירן דעם חילוק צווישן די שולן פון די סאָציאַליסטן־

טעריטאָריאַליסטן און די שולן פון די פּועלי־ציון. די שולן פון די סאָציאַ־ליסטן־טעריטאָריאַליסטן זיינען מער ראַדיקאַל און די שולן, וואָס די פּועלי־ציון האָבן געשאַפן, זיינען מער נאַציאָנאַל. אין די שולן פון די ס. ט. איז העברעאיש בלויז „אַן אפשר", און אין דעם גרעסטן טייל פון די דאָזיקע שולן לערנט מען אינגאַנצן ניט קיין העברעאיש. (אין 1913 האָבן שוין עקזיסטירט אַ היפּשע צאָל אידישע שולן). אין די שולן, וואו די פּועלי ציון האָבן די השפּעה, הערשט די צוויי שפּראַכן סיסטעם. מען לערנט סיי העברעאיש, סיי אידיש, און אין אַ טייל שולן האָט העברעאיש די בכורה. אַזוי האָט אין יאָר 1913 פאָרמולירט א. גלאַנץ־לעיעלעס דעם אונטערשייד צווישןביידע מינים שולן.

גלאַנץ־לעיעלעס איז אין נאָוועמבער, 1912, געווען איינער פון די גרינ־דער פון דער ערשטער אידישער שול אין שיקאַגאָ. די שול איז געשאַפן געוואָרן פון אַ גרופּע פּועלי ציון, סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן און אָנהענ־גער פון דר. חיים זשיטלאָווסקי. אין 1913 איז גלאַנץ־לעיעלעס געוואָרן דער פּרינציפּאַל פון דער דאָזיקער שול און אויך דער רעדאַקטאָר פון ערשטן קינדער־זשורנאַל אין אידיש, טיטולירט „דער נייער דור". (אין 1914 איז גלאַנץ־לעיעלעס געקומען קיין ניו־יאָרק, וואו ער איז געוואָרן איינער פון די הויפּט־מיטאַרבעטער פון „טאָג" און שפּעטער פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל").
די סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן האָבן אויך געשאַפן אַ קינדער־שול אין ראָטשעסטער און אויך אין סיו סיטי, אייאָווא. שפּעטער זיינען די דאָזיקע אַלע שולן געוואָרן אַ טייל פון דער שלום עליכם שולן־באַוועגונג.

אָט דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן ביז איצט דערציילט, איז אַ טייל פון דער אינטערעסאַנטער געשיכטע פון דעם אויפקום און אַנטוויקלונג פון די שלום עליכם שולן.

פון 1913 ביז 1957 איז אַ קיימא לן פון 44 יאָר. אַ סך וואַסערן זיינען שוין פאַרלאָפן. די צאָל שולן איז געוואַקסן. דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט באַוויזן צו ווערן אַ פּיאָנער אויף אַ צאָל געביטן אין דעם אידישן קולטור לעבן אין אַמעריקע. אונטער דער פירערשאַפט פון לייבוש לעהרער איז דער אינסטיטוט געווען אין יאָר 1919 דער ערשטער אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע צו אָרגאַניזירן אַ זומער־קעמפּ פאַר קינדער. דער קעמפּ איז שפּעטער באַוואוסט געוואָרן אַלס „בויבעריק" און איז געווען פאַררעכנט אויך אין 1957 אַלס איינער פון די בעסטע קינדער־קעמפּס צווישן אידן דאָ אין לאַנד. (אַ גענויע באַשרייבונג פון קעמפּ „בויבעריק" זע אין בוך צוויי).
עס זיינען געווען אויך די שלום עליכם שולן, וועלכע האָבן אין יאָר

1918 אָרגאַניזירט די ערשטע מיטל־שול אויף אידיש. די דאָזיקע שול האָט עקזיסטירט בלויז איין יאָר צייט און איז רעאָרגאַניזירט געוואָרן אין 1923.

אַרום די שלום עליכם שולן איז אין יאָר 1920 אויך געשאַפן געוואָרן דער באַרימטסטער זשורנאַל אין אידיש פאַר קינדער, וואָס האָט טאַקע געטראָגן דעם נאָמען „קינדער זשורנאַל". דער דאָזיקער זשורנאַל איז רעדאַקטירט געוואָרן פון אידישן קריטיקער שמואל ניגער איבער צוויי צענדליק יאָר, און איז געלייענט געוואָרן פון אידישע קינדער איבער דער גאַנצער וועלט. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן דער פאַרלאַג „מתנות", וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַ צאָל פיינע ביכער אין אידיש. פיל פון די ביכער זיינען געווען ספּעציעל פאַר קינדער.

אין זיין אַרבעט אין „שול אַלמאַנאַך", וואָס איז אין יאָר 1935 דערשינען אין פילאַדעלפיע, שרייבט ליפּע לעהרער, אָנפירער פון פאַרלאַג „מתנות" און רעדאַקטאָר פון דעם „קינדער זשורנאַל", אַז אין דעם לערן־יאָר פון 1934—1935 האָט דער שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט פאַרמאָגט 21 עלעמענ־טאַרע שולן, אין וועלכע עס האָבן זיך געלערנט 1,100 קינדער.

מיט איבער 22 יאָר שפּעטער — אין 1957 — האָט זיך דאָס בילד ניט שטאַרק געביטן. ליידער קען מען ניט זאָגן, אַז די צאָל שולן האָט זיך געמערט און אַז די צאָל קינדער האָט זיך פאַרגרעסערט. עס ווערט געשאַצט, אַז אין אַלע שלום עליכם שולן לערנען זיך אַרום טויזנט קינדער. און אַז מ'איז אין איבער צוואַנציק יאָר צייט ניט געגאַנגען אין פאָראויס, מיינט עס, אונטער נאָרמאַלע אומשטענדן, אַז עס איז ניט אַזוי פריילעך. דאָך אָבער איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דער פאַקט, וואָס די שלום עליכם שולן האָבן נאָך געהאַט טויזנט קינדער, איז אַ גוטער באַווייז, אַז די דאָזיקע שולן האָבן געשלאָגן וואָרצלען אין אידישן לעבן פון אַמעריקע.

אין יאָר 1956—1957 האָבן עקזיסטירט 18 שלום עליכם שולן. ביי צען פון די שלום עליכם שולן האָבן זיך געפונען קינדער־גאָרטנס. דערפאַר איז אָפּט געזאָגט געוואָרן, אַז די ש"ע שולן האָבן געהאַט „28 אינסטיטוציעס". 9 (נײַן) פון די דאָזיקע שלום עליכם שולן זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין די יאָרן צווישן 1952 און 1957, אין די פאָרשטעט פון ניו־יאָרק. פון די דאָזיקע שולן האָבן דריי זיך געפונען אין לאָנג איילענד; איין שול — אין מאַונט ווערנאָן, נ. י.; איין שול — אין ריווערדעיל און איין שול — אין סטעטן איילענד, נ. י. די שלום עליכם מיטל־שול, וואָס האָט זיך געפונען אין דער וואַשינגטאָן אירווינג האַי־סקול, אין מאַנהעטן, האָט זיך אינמיטן 1957 פאַראייניקט מיט דער מיטל־שול פון די פאָלקס־שולן פון פאַרבאַנד.

דריי פון די ניי־געשאַפענע שולן זיינען געווען איין־טאָגיקע. איינע — אַ צוויי־טאָגיקע. און דריי זיינען געווען דריי־טאָגיקע.

דער פאַקט, וואָס דער שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוט האָט צוגעשטימט צו שאַפן „איין טאָג אַ וואָך שולן" איז היפש דעבאַטירט געוואָרן אין אידישע קולטור־קרייזן. וואָס מיינט עס? עס מיינט, אַז „מיר שטימען־איין דערצו, אַז מיר זאָלן שאַפן „סאָנדעי סקולס" אויף אידיש!" — האָבן געטענה׳ט איניקע קריטיקער. עס איז אָבער אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די דאָזיקע שולן ווערן געשאַפן שוין פאַרן דריטן דור, פאַר די אייניקלעך פון די ערשטע בויער פון די שלום עליכם שולן. איז עס אפשר טאַקע בעסער צו גרינדן אפילו זונטיק־שולן, איידער גאָר קיין שולן ניט! — איז אָנגעוויזן געוואָרן. אפילו איין טאָג אַ וואָך שולן מיינט דאָך פאָרט נאָך עפּעס, און מ׳קען האָפן, אַז די זונטיק־שולן וועלן שפּעטער אויסגעבעסערט ווערן, אַזוי האָט געטענה׳ט ניט קיין אַנדערער, ווי דער דירעקטאָר פון די שלום עליכם שולן זעלבסט, שאול גוטמאַן, אין אַן אָפּהאַנדלונג, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין די „אידישע קולטור ענינים" פון אידישן וועלט קאָנגרעס, לכבוד דעם יובל פון 300 יאָר אידיש לעבן אין אַמעריקע, אָנווייזנדיק דערביי, אַז דער סטאַנ־דאַרד לערנען דאַרף אַלץ געהאַלטן ווערן גאָר הויך.

פון די אַנדערע צען שלום עליכם שולן האָבן זיך פיר געפונען אין די בראָנקס; פינף — אין ברוקלין און איינע — אין מאַנהעטן. צוויי שלום עליכם שולן האָבן זיך געפונען אין ניו־דזשוירזי. איינע פון זיי אין פערט עמבאָי, וואו די שלום עליכם שול־באַוועגונג האָט געהאַט אַן אייגענע געביידע, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון די אָנהענגער פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, און אַרום וועלכער עס זיינען געווען אַקטיוו די לאָקאַלע אידישע קולטור־טוער.

אויך אין ברוקלין האָט די שלום עליכם שול־באַוועגונג געהאַט אַן אייגענע גרעסערע געביידע, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט דער הילף פון דעם לאַנג־יאָריקן שלום עליכם שול־טוער יעקב דוד בערג, אַ בויער פון הייזער. די דאָזיקע געביידע, וואָס האָט זיך געפונען אויף 2127 — 82טע סטריט, אין בענסענהוירסט, ברוקלין, איז אויפגעבויט געוואָרן דורך י. ד. בערגן, כדי צו פאַרווירקלעכן זיינעם אַ טרוים און שאַפן אַ שלום עליכם טאָג־שול אין ברוקלין. עס איז געווען אַ ספּעציעלע שול־געביידע, מיט שיינע קלאַס־צימערן און אַלע מאָדערנע שול־איינריכטונגען.ליידער אָבער איז דער טרוים ניט מקוים געוואָרן. די שלום עליכם שול־באַוועגונג האָט ניט געקענט באַווייזן אויפצובויען אַ פולע טאָג־שולע. סיבות זיינען געווען

גענוג, און די געביידע האָט, צום באַדויערן, געפּוסטעוועט. וואָס מ׳האָט יאָ באַוויזן אויפצוטאָן, איז שאַפן אַ קינדער־גאָרטן אין דער געביידע, וואָס איז באַשטימט געוואָרן פאַר אַ פולער טאָג־שול.

איינע פון די סיבות, פאַרוואָס עס איז ניט געלונגען דער שלום עליכם שול־באַוועגונג צו שאַפן די געפּלאַנטע טאָג־שול אין ברוקלין איז דער פאַקט, וואָס עס איז אוממעגלעך געווען צו געפינען אַ פּאַסנדן מענטשן, וואָס זאָל „טראָגן די שול אויף זיינע פּלייצעס״, אַלס אָרגאַניזאַטאָר, פאַרוואַלטער און פּרינציפּאַל, — אַזוי האָבן געטענה׳ט די טוער.

אין אַלגעמיין אָבער האָבן די שלום עליכם שולן געפילט אַ מאַנגל אין לערער, פּונקט ווי דאָס האָבן געפילט אַלע מינים שולן אויף דער אידישער גאַס.

איידער מיר גייען ווייטער, ווילן מיר אָנווייזן, אַז די שלום עליכם שול־סיסטעם איז ניט געווען באַגרענעצט בלויז אויף ניו־יאָרק און אומגעגנט. עס זיינען געווען אויך שלום עליכם שולן אין שיקאַגאָ און אין דעטראָיט. דריי אין יעדער פון אָט די שטעט. אָבער די שולן אין דער מידלוועסט זיינען בלויז אידייאיש פאַרבונדן מיט די ניו־יאָרקער שלום עליכם שולן. זיי טוישן זיך אויס מיט פאַרשידענע מאַטעריאַלן. דאָס מיינט, אויך, אַז דער שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט שטעלט צו אַלע פּעדאַגאָגישע אַרבעטן, וואָס ווערן אין דער ניו־יאָרקער צענטראַלע צוגעגרייט.

די שלום עליכם שולן אונטערשיידן זיך פון די אַרבעטער רינג שולן אָדער פון די פאַרבאַנד שולן דערמיט, וואָס זיי זיינען ניט פאַרבינדן און געפינען זיך נישט אונטער דער השפּעה פון וועלכן עס איז אָרדן, ווי דאָס איז דער פאַל מיט די שולן פון פאַרבאַנד אָדער אַרבעטער רינג. אין באַצוג צו לימודים שטייען די שלום עליכם שולן, וואָס עס איז שייך דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור, נעענטער צו די שולן פון אַרבעטער רינג. ווען עס קומט אָבער צו העברייאיש און תנ״ך און טראַדיציאָנעלע ענינים, שטייען די שלום עליכם שולן נעענטער צום אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד.

צוליב אָט די אויבנדערמאָנטע אורזאַכן פון זיין ברייטהאַרציק און כמעט אומפּאַרטייאיש אין באַצוג צו ביידע שפּראַכן און אויך אפשר דערפאַר, וואָס דער נאָמען פון שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט צו טאָן בלויז מיט ליטעראַטור און קולטור, האָט זיך געמערקט אַ היפּשע אַקטיוויטעט פון אַמעריקאַנער געבוירענע עלטערן, וואָס ווילן דווקא דערציען זייערע קינדער אין דעם זעלבן גייסט, אין וועלכע זייערע אייגענע עלטערן האָבן זיי דערצויגן. דאָס מיינט, אַז דער גייסט פון די שלום עליכמ׳ניקעס האָט יאָ געשלאָגן געוויסע וואָרצלען. די דאָזיקע עלטערן — אַמעריקאַנער געבוירענע

אידעאַליסטן פון דער אידישיסטישער קולטור, האָבן זיך אויך אָרגאַניזירט אין אַקטיווע עלטערן־פאַראייניגן אָדער קלובן.

עס איז אויך באַריכטעט געוואָרן דורך די ש״ע־שולן, אַז 85 פּראָצענט פון די עלטערן, וועלכע שיקן זייערע קינדער אין די שלום עליכם שולן, זיינען אַמעריקאַנער געבוירענע. אַליין קענען זיי טאַקע אפשר ניט קיין אידיש, אָפט קענען טאַטע מאַמע ניט אויסרעדן ריכטיק קיין איין וואָרט אפילו אין אידיש, אָבער זיי ווילן דווקא, אַז זייערע קינדער זאָלן יאָ קענען. אין דעם היגזיכט דערנעענטערט זיך שוין אידיש אין אַמעריקע צו העברעאיש. אויך אין דער אַלטער היים האָבן פיל אידן, ווער שמועסט „אידענעס״, ניט געקענט קיין לשון קודש, אָבער דאָס האָט זיכער ניט געשטערט צו דעם, אַז די מאַמעס, וואָס האָבן ניט געקענט קיין עברי, זאָלן ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן יאָ קענען. אָפט האָט דאָס „ניט קענען״ נאָך מער אָנגערעגט די עלטערן צו שיקן זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן יאָ „קענען״...

די שלום עליכם שולן האָבן זיך שוין אַפילו באַנוצט מיט דער ענגלישער פּרעסע און דורך ספּעציעלע אַנאָנסן געפינען אַ צאָל אידישע לערער. דאָס זיינען קאָלעדזש פּרויען, וואָס האָבן געלערנט פריער אין אידישע שולן. אין אַלגעמיין מוז געזאָגט ווערן, אַז די שלום עליכם שולן ווייזן אַרויס אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר די אַמעריקאַנער אידישע פּראָבלעמען און זיי פּאַסן זיך שנעל צו צו די פאָדערונגען פון דער צייט. אַזוי זעען מיר, אַז די שלום עליכם שולן האָבן שוין אפילו אָנגענומען אַ באַשלוס דורכצופירן מיט די מיידלעך די ניי־געבוירענע צערעמאָניע אויך אויף דער אידיש־רעדנדיקער גאַס, און דאָס איז די פייערונג פון „בת מצוה״. גענוי ווי אַט די בת־מצוה־פייערונג וועט פון די שלום עליכמ׳ניקעס דורכגעפירט ווערן, איז ניט אָנגעוויזן געוואָרן, אָבער אַ באַשלוס וועגן דעם איז שוין דאָ. דאָס מיינט נאַטירלעך, אַז בר מצוה׳ס ווערן פון די שלום עליכם שולן שוין דורכגעפירט פון אַ צייט לאַנג. פאַראַן אייניקע שולן, וואוהין עס קומט אַריין אַ ספּעציעלער לערער צוצוגרייטן אַ גרופּע פון צען, פופצן בר מצוה בחורים מיטאַמאָל.

די פּראָגראַם פון די שלום עליכם שולן ווערט פון יאָר צו יאָר רעווידירט און צוגעפּאַסט צו די פאָדערונגען פון דער צייט. איינזעענדיק, אַז פיל פון די קינדער קומען שוין פון היימען, וואו מען הערט גאָר קיין אידיש ניט, וועט דער שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט ביים ערשטן יאָר לערנען נוצן, ווען נויטיק, אַ היפּש ביסל ענגליש. קלאָרער גערעדט, מען וועט זיך אָפּשטעלן מער אויף לערנען מיט דעם קינד אידישן אינהאַלט. שפּראַך, אידיש אָדער

העברעאיש, ווערט אַוועקגערוקט אויף דעם צווייטן פּראַנט, אויב נויטיק. אין אַלגעמיין אָבער נעמען די שלום עליכם שולן אַריין אין זייער פּראָגראַם דאָס לערנען פון ביידע שפּראַכן — אידיש און העברעאיש, תנ״ך, אידישע געשיכטע, אידישע ליטעראַטור, אידיש לעבן אין אַמעריקע און ישראל. אידישע מנהגים און טראַדיציעס. געזאַנג. פאָלקס לידער. פייערונגען פון אידישע יום טובים. יעדן פרייטיק ווערט דורכגעפירט אַן עונג שבת.

און איצט, אַז מיר האָבן שוין געבראַכט אַ צאָל פון די וויכטיקסטע פאַקטן פון דעם אויפקום און פון דער אַנטוויקלונג פון די שלום עליכם שולן, ווילן מיר דאָ אָנווייזן, אַז דוקא אַרום די דאָזיקע שולן האָט זיך אַנטוויקלט אַ היפשע דעבאַטע וועגן זייער אידעאָלאָגישער, וועגן זייער גייסטי־קער צוקונפט. ווייל די שלום עליכם שולן — דאַרפן מיר געדענקען — זיינען געווען דער איינציקער טיפ וועלטלעכע אידישע שולן אין אַמעריקע, וואָס זיינען אידייאיש געווען באַגרינדעט בלויז אויף דער מאָדערנער אידישער קולטור אין אידיש, אויף דער אידישער ליטעראַטור, אויף אידישער שאַפונג אין די פאַרשידענע קונסט געביטן. מיר האָבן שוין פריער אָנגעוויזן, אַז די שולן פון אַרבעטער־רינג און פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד זיינען אין אַ גאַר וויכטיקן הינזיכט געווען אַנדערש, ווי די שלום עליכם שולן, ווייל זיי האָבן — אין צייט פון קריזיס — סיי גייסטיק, סיי פיזיש, זיך געקענט אָנשפּאַרן אויף די מעכטיקע אָרדנס זייערע. די דאָזיקע צוויי מינים שולן זיינען געווען אַ טייל פון אַן אָרגאַניזירטער באַוועגונג, פון אַן אָרגאַניזירטער מאַשין. דערפאַר האָבן זיי געהאַט אַ געוויסע ליניע און עס זיינען — פּסיכאָלאָגיש אפילו — ניט נויטיק געווען אַזויפיל עפנטלעכע דעבאַטעס. זיי זיינען געווען אַ טייל פון אַ באַשטימטער דיסציפּלין. דאָך אָבער איז עס צו דער זעלבער צייט אויך אמת געווען, אַז דער גייסטיקער צושטאַנד אין די שלום עליכם שולן איז אין אַ געוויסן הינזיכט אויך געווען אַן אָפּשפּיגלונג פון די געפילן, וואָס האָבן זיכער געהערשט אין די רייען פון די שולן פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד און אין די רייען פון די שולן פון אַרבעטער רינג.

כדי צו קריגן אַ געוויסן באַגריף פון די דאָזיקע אידייען, ווענלן מיר דאָ געבן אַן אויסצוג פון אַן עסיי, וואָס דער פירער פון די שלום עליכם שולן אין אַמעריקע, שאול גוטמאַן, האָט פאַרעפנטלעכט אין ניו־יאָרקער „טאָג״ פון זונטיק, דעם 7טן דעצעמבער, 1952, צו דעם 40־יאָריקן יובל פון די דאָזיקע שולן.

שאול גוטמאַן שרייבט פאָלגנדעס:

„זייט דער גרינדונג פון די שלום עליכם שולן, זיינען אַ סך וואַסערן און אַ סך בלוט אָפּגעלאָפן. אין 1913, ווען די שולן זיינען געגרינדעט געוואָרן, זיינען מיר געווען דער עיקר אַן אייראָפּעאיש פאָלק. מיר האָבן דאַן געהאַלטן אין מיטן אַ אידישן קולטור־רענעסאַנס, סיי דאָ, סיי אויף יענער זייט ים; מיר האָבן דאַן געגלויבט, אַז דאָ אין אַמעריקע וועלן מיר, אידיש־רעדנדיקע וועלטלעכע אידן, ווערן מיט דער צייט דער רוב מנין פון פאָלק.

„איצט, 40 יאָר שפּעטער, זיינען מיר אַ היפּש ביסל דיסאילוזיאָנירט — אויב ניט קליגער. מיר זיינען געוואָרן אַן אַמעריקאַניש פאָלק און אַ ישראל פאָלק. דער שעפערישער טייל פון אונזער פאָלק — אויסער ישראל — געפינט זיך אין די אַמעריקעס. מיר האָבן איינגעזען, אַז מיר, די וועלטלעכע אידן, זיינען ניט די איינציקע גוטע אידן; אויך ענגליש־רעדנדיקע, און רעליגיעזע אידן זיינען גוטע אידן. מיר האָבן אויפגעגעבן דעם געדאַנק, אַז די אידיש־רעדנדיקע וועלן אַסימילירן די ענגליש־רעדנדיקע אידן אין היגן אידישן קיבוץ.

„אָבער פונקט ווי מיר זיינען געווען צו אָפּטימיסטיש אַמאָל, טאָר מען אויך ניט ווערן צו־שוואַרץ־זעעריש היינט.

„עס דאַכט זיך אפשר דיר, אַז מיר האָבן פאַרשפּילט?\
אומזיסט געאַקערט, אומזיסט געזייט.\
דאָס פעלד פון אונזער לעבן איז זייער ברייט,\
וואָס ס'איז געווען איז גוט געווען;\
ס'גרייכט ווייטער — ווי דאָס אויג קען זען,\
ניטאָ קיין ערלעכער און פאַרשפּילטער קריג".

קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

„וויל מען קוקן אָביעקטיוו אויף די 40 יאָר פון אונזער אידיש־וועלטלעכער דערציאונג, מוז מען מסכים זיין מיט דער דיכטערין, אַז די שפּורן פון אונזער אַרבעט גרייכן ווייטער, ווי דאָס אויג קען זען. מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע — רעדנדיק אויף אַמעריקאַנער לשון — געמאַכט קאַפּיטאַלע אינוועסטירונגען, וואָס הויבן אָן ברענגען פּראָפיטן. אומעטום, וואו מען עפנט נייע אידישע שולן, זעט מען אונזערע תלמידים צווישן די איניציאַטאָרן; אַ דאַנק אונזער אַמע־ריקאַניזאַציע האָבן מיר זיך אויסגעלערנט טאָלעראַנץ צו אַנדערש־דענקנדיקע, און מיר האָבן פאַרלוירן דעם אַמאָליקן עקסטרעמיזם.

מיר זיינען אין אַמעריקע אַזוי טיף אינטעגרירט אין דער קולטור, פּאָליטיק אוןווירטשאַפט פון לאַנד — ווי קיינמאָל ניט אין אונזער געשיכטע — און דאָך בלייבן מיר אידן, הגם מיר זיינען אין תוך אַלע וועלטלעכע אידן — אפילו יענע, וואָס רופן זיך רעליגיעזע אידן. מיר האָבן זיך אויפגעהערט שרעקן פאַר רעליגיע — אָבער, אונזער באַגריף פון רעליגיע איז גאָר אַן אַנדערער, ווי ביי אונזערע זיידעס. ווען זיי האָבן געזאָגט אמונה — האָבן זיי געמיינט דת, געזעץ, חוקים און משפּטים. מיר מיינען מיט רעליגיע, ווי וויליאַם דזשיימס האָט עס דעפינירט: אַלץ וואָס מיר טראַכטן אין אונזער איינזאַמקייט בנוגע ענינים, וואָס מיר קענען ניט משיג זיין מיטן שכל. אָדער ווי דזשאַן דיואי פלעגט דעפינירן רעליגיאָזיטעט — אַ פול־האַרציקן איבער־געבן זיך צו אידעאַלע ווערטן. אויב דאָס איז רעליגיע, דאַן זיינען אויך ניט־גלויביקע רעליגיעז.

„אויך אונזער וועלטלעכקייט האָט דורכגעמאַכט אַן עוואָלוציע אין דער ריכטונג פון טראַדיציאָנעלער אידישקייט — ספּעציעל אין דער שלום עליכם שול, וואו מיר האָבן געפונען אַ באַלאַנס צווישן וועלטלעכער אידישער קולטור ווי: שפּראַך, ליטעראַטור און גע־שיכטע פון איין זייט, און טראַדיציאָנעלע לימודים און פירונגען, ווי: תנ״ך, תפילות, ימים־טובים און עונג שבתים פון דער אַנדערער זייט. אויך אַ סך פון אונזערע היימען זיינען איצט אידישלעכער ווי אַמאָל: מיר פּראַווען סדרים; מיר צינדן חנוכה־ליכט; און זיינען אויך מקבל שבת לויט אַ מאָדערניזירטן ריטואַל.

„ווען מען וואַרפט אַ בליק אויף די אָפּגעגאַנגענע 40 יאָר, מעג מען שטאָלצירן מיט די פּערמאַנענטע ווערטן, וואָס מיר האָבן דאָ געשאַפן. און אַוודאי מוז מען אין זינען האָבן, ווען מען רעדט וועגן די 40 יאָר ירידות און עליות אין אונזער קולטור־ און שול־באַוועגונג, אַז די מאָדערנע אידישע „תנאים און אמוראים״ ווי: זשיטלאָווסקי, י. ל. פּרץ, ליעסין, דובנאָוו, ש. ניגער און אַנדערע, האָבן אויך געשאַפן אַ טראַדיציע — די וועלטלעכע טראַדיציע — וואָס איז ניט ווייניקער ווערטפול פאַר אונז און אונזערע קינדער, ווי די פאַרצייטיקע טראַדיציע פון אַמאָליקע חכמים און גאונים״.

אָבער שאול גוטמאַנ׳ס שטימע איז ניט געווען די איינציקע, וואָס האָט גערעדט וועגן גיין אויף צוריק. דער שאַרפסטער רוף אין דער שלום עליכם שול און קולטור־באַוועגונג צו גיין צוריק — און טאַקע צוריק אין בית־

המדרש איז געקומען ניט פון קיין אַנדערן, ווי פון דר. שלמה סיימאָן, וועלכער איז איבער דרייסיק יאָר צייט געווען איינער פון די סאַמע פראָמינענטסטע טוער און פירער אין דער שלום עליכם באַוועגונג. דר. שלמה סיימאָן איז פופצן יאָר צייט געווען דער פרעזידענט פון שלום עליכם פאָלקס אינסטיטוט. איבער 25 יאָר צייט איז ער געווען אַ מיטגליד פון אינסטיטוט׳ס אַדמיניסטראַציע. 15 יאָר איז ער געווען אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע פון „קינדער זשורנאַל״. און אָט דער זעלביקער דר. סיימאָן איז אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אַרויסגעקומען מיטן רוף: צוריק צו תורה! צוריק צו טראַדיציע! צוריק צו דער „אַלטער אידישקייט״!

דר. סיימאָן, וועלכער האָט פיל געשריבן פאַר דער אידישער שול־באַוועגונג (ער האָט אַרויסגעגעבן אַכט ביכער פאַר קינדער), האָט אויך פאַרעפנטלעכט עטלעכע סעריעס אַרטיקלען און אַ בוך „תוך אידישקייט״, אין וועלכע ער זוכט צו באַווייזן, אַז די, אַזוי גערופענע, וועלטלעכע אידישקייט איז אינגאַנצן אויסגעשפּילט, אויב מען וועט זיך באַצייטנס ניט צוריקקערן צום בית־מדרש. אין זיין בראָשור „דער גורל פון אונזערע אידישיסטישע שולן״ שרייבט דר. שלמה סיימאָן אויף זייט 31 דאָס פאָלגנדע: „אידישקייט איז אַן אידייע, אָבער אַן אידייע, וואָס האָט זיך קאָנקרעטיזירט אין מצוות מעשיות. איך וואָלט געזאָגט, אַז אַ גרופּע, וואָס האַלט ניט פון בית־מדרש, שבת, יום־טוב און היט אָפּ בלויז מילה, אַזאַ גרופּע מוז סוף כל סוף פאַרשווינדן און זיך אַסימילירן. אַ גרופּע, וואָס וויל המשך, מוז נעמען אַ שטעלונג צו די דערמאָנטע יסודות. אָן אַ בית־מדרש קען ניט ניט זיין קיין קהל׳שער לעבן און מ׳האָט ניט קיין גייסטיקע היים וואוהין צו ברענגען די קינדער. אָן וועלכער ס׳איז פאָרמע פון כשרות, קען ניט זיין קיין באַשטימטע אָפּגעזונדערטקייט. אָן שבת און יום־טוב קען ניט זיין קיין אידישע קדושה אין טאָג־טעגלעכן לעבן״.

דר. שלמה סיימאָן האָט אויך פּרובירט פאַרווירקלעכן זיינע אידייען. אין אַ ספּעציעלער דעקלאַראַציע, האָט ער די שלום עליכם שול 15 (174 איסט 51טע גאַס, אין ברוקלין) אָנגערופן בית־הכנסת. די דעקלאַראַציע, דאַטירט דעם זיבעטן יוני, 1953, זאָגט, צווישן אַנדערן, דאָס פאָלגנדע:

„מיר די טוער, טוערינס און מתעסקים אַרום דער שלום עליכם פאָלק־שול 15, האָבן זיך היינט פאַרזאַמלט דאָ צו לייגן דעם ווינקל־שטיין פון אַ נייעם בנין — אַ בנין לדורות.

„מיר האָפן, אַז בעזרת השם, וועט דער בית הכנסת זיין דער

ערשטער פון אַ גאַנצער קייט אידיש־רעדנדיקע קהילות, וואָס וועלן אויפנעמען אידישקייט, ווי די הויפּט טרייב־קראַפט פון זייער לעבן״.

געענוי האָט דר. ש. סיימאָן אפשר טאַקע ניט געוואוסט, וואָס פאַר־אַ מין אידישקייט פּראָגראַם ער וואָלט וועלן דורכפירן, אָבער אין פּראַקטישן זינען האָט ער ביי דער זעלבער שלום עליכם שול 15 געגרינדעט אַ תנ״ך־חברה און ער האָט יעדן זונטיק געלערנט תורה מיט אַ גרופּע אידן, די טוער פון דער שלום עליכם שול. מיט זיין נייעם גאַנג איז דר. סיימאָן זיכער אַוועק ווייט פון די ערשטע בויער פון די שלום עליכם שולן, פאַר וועלכע די פּועלי ציון זיינען אַמאָל געווען שאָוויניסטיש ביז גאָר. יאָ! צייטן בייטן זיך! רעוואָלוציאָנערן זיינען גאָר געוואָרן די, וואָס האָבן גערופן צו „אַלטער אידישקייט״! צוריק צום בית־מדרש! צוריק צו דער תורה!

# 33

# פּראָגרעסיווע אידישע שולן (געוועזענע אַרדן־שולן) דערנעענטערן זיך אויך צו טראַדיציאָנעלער אידישקייט

**זיי פירן דורך פייערונגען לכבוד פורים, חנוכה און פּסח. — אויך „וועלטלעכע" בר מצוה פייערונגען האָבן זיי איינגעפירט. — אָנשטאָט זייער אַמאָליקער פּראָגראַם פון „באַפרייען דאָס קינד פון אַלע מעגלעכע רעליגיעזע גלויבונגען", האָבן די פירער פון דער פּראָגרעסיווער אידישער שול־באַוועגונג שוין געהאַלטן, אַז אפילו קינדער פון פרומע אידישע עלטערן קענען לערנען אין זייערע שולן. — דער קאָמיטעט פאַר פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק און ווי אַזוי די פּראָגרעסיווע שולן זיינען פאַרוואַלטעט געוואָרן איבערן לאַנד. — די שטעלונג צו ישראל, אידיש און העברעאיש.**

אין אונזער אויספאָרשונג „אידישקייט אין אַמעריקע" האָבן מיר זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע אָפּצושפּיגלען די טעטיקייט פון פאַרשידענע גרופּען אויף דעם געביט פון אידישער קינדער־דערציאונג אין אַמעריקע. ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך, האָבן מיר זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו באַשרייבן די דערציאונגס־טעטיקייט פון אַלע, ממש טאַקע פון אַלע פאַרשידענע אידעאָלאָגישע גרופּען, וואָס עקזיסטירן אויף דער אַמעריקאַנער אידישער גאַס. אפילו אויך די יעניקע, וואָס זיינען געשטאַנען מחוץ למחנה פון אידישן כלל. דערפאַר האָבן מיר באַשריבן די טעטיקייט פון די קינדער־שולן פון דעם אַמעריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם און דערפאַר באַשרייבן מיר אויך די טעטיקייט פון דעם „קאָמיטעט פאַר פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג", וואָס האָט זיך געשאַפן אין דער צייט, ווען דער אינטערנאַציאָ־נאַלער אָרבעטער אָרדן האָט זיך געשלאָסן, נאָך אַ ריי שריט פון דער

אַמעריקאַנער רעגירונג. דער „אָרדן", וואָס האָט געהאַט איבער הונדערט טויזנט מיטגלידער, 50 טויזנט אידן צווישן זיי, איז קלאַסיפיצירט געוואָרן אַלס אַ סובווערסיווע, אַלס אַ פּראָ־קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

עס איז געווען ביי אַ קאָנפערענץ, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק אין אָקטאָבער 1950, ווען עס האָבן זיך פאַרזאַמלט פאָרשטייער פון די אָרדן־שולן, וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן איבער צוואַנציק יאָר צייט ביי דער לינקער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, און באַשלאָסן זיך צו דער־קלערן אַלס „אַן אומאָפּהייגיקע, באַזונדערע שול־באַוועגונג" אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. אַזוי ווי דער אָרדן האָט געהאַלטן ביים גע־שלאָסן ווערן, האָבן די שול־פירער באַשלאָסן „אַרויסצוגיין פון אָרדן" און עס איז דאַן אָרגאַניזירט געוואָרן דער „קאָמיטעט פאַר פּראָגרעסיווער אי־דישער דערציאונג" מיט אַ פּלאַן, אַז עס זאָלן „געשאַפן ווערן באַזונדערע שולן" אין יעדער אידישער געמיינדע אין אַמעריקע, וואו נאָר עס וועט זיך געפינען אַ פאַראינטערעסירטע גרופּע עלטערן, וואָס וועלן וועלן אָנהאַלטן אַזאַ שולע. פאַקטיש אָבער, האָט מען די „נייע פּראָגרעסיווע אידישע שולן" ניט באַדאַרפט שאַפן, ווייל זיי האָבן שוין עקזיסטירט פון פריער אַלס אָרדן־שולן. וואָס מען האָט באַדאַרפט טאָן, איז בלויז ענדערן דעם נאָמען פון אָרדן־שולן אויף פּראָגרעסיווע אידישע שולן. און דאָס איז געווען ניט גאָר קיין שווערע אויפגאַבע.

כדי צו קריגן פולע אינפאָרמאַציע וועגן די פּראָגרעסיווע אידישע שולן אין אַמעריקע, האָבן מיר אין אַ געוויסן דאָנערשטיק בייטאָג באַזוכט דעם צענטראַלן אָפיס פון דעם עקזעקוטיוון דירעקטאָר און אָפיציעלן הויפּט־אָנפירער פון די פּראָגרעסיווע אידישע שולן אין אַמעריקע, איטשע גאָלדבערג. מר. גאָלדבערג האָט אונז איבערגעגעבן אַ גאַנצע ריי פאַקטן וועגן דער אַנטשטייאונג פון די פּראָגרעסיווע אידישע שולן, אָט אַזוי ווי זיי האָבן זיך אַנטוויקלט אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין די יאָרן פון דעם קאַלטן קריג צווישן מזרח און מערב.

ציפערן רעדן פאַר זיך אַליין, און אָט וואָס מר. גאָלדבערג האָט אונז איבערגעגעבן וועגן דעם וואוקס פון די פּראָגרעסיווע אידישע שולן. אין יאָר 1950, ווען די שולן זיינען געווען אַ טייל פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן, זיינען געווען צווישן 95 און הונדערט אידישע אָרדן שולן מיט אַרום 6,000 קינדער און 70 לערער. 5 יאָר שפּעטער, אין 1955 הייסט עס, נאָך די פאַרשידענע שוועריקייטן און טראַנספאָרמאַציעס, האָט די צאָל שולן זיך פאַרגרעסערט אויף 120 מיט קנאַפּע זיבן טויזנט קינדער און אַרום הונדערט

לערער. ניו־יאָרק איז געווען דער צענטער פון דער פּראָגרעסיווער אידישער שול־באַוועגונג מיט איבער פופציק קינדער־שולן. לאָס אַנדזשעלעס האָט געהאַט זיבעצן שולן, אָנשטאָט 9 שולן אין יאָר 1950. שיקאַגאָ איז געווען די דריטע שטאָט מיט זיבן שולן און פילאַדעלפיע די פערטע שטאָט — מיט זעקס שולן.

מיט צוויי יאָר שפּעטער, ווען איך האָב ווידער באַזוכט דעם שול־פירער איטשע גאָלדבערג, איז דאָס בילד פון די „פּראָגרעסיווע" שולן שוין געווען עטוואָס אַנדערש. מר. גאָלדבערג האָט מיר איבערגעגעבן, אַז די צאָל שולן גרייכט „אַרום 90". די צאָל קינדער — „אַרום פינף טויזנט". ניו־יאָרק, וואָס האָט אין 1955 געהאַט „איבער פופציק" שולן האָט אין 1957 געהאַט „אַרום 43". נאַטירלעך, עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז אין 1955 האָט איטשע גאָלדבערג אַביסל „איבערגעטריבן" מיט די ציפערן זיינע. דער פאַקט איז אָבער אַ פאַקט: אויך די שולן פון דער לינקער אידישער באַוועגונג האָבן אָנגעהויבן צו פאַרלירן אַ היפּשע צאָל קינדער. פון די צוויי מיטל־שולן, וואָס די לינקע שול־באַוועגונג האָט געהאַט אין ניו־יאָרק, איז אין 1957 באַשלאָסן געוואָרן צו שאַפן איין פאַראייניקטע מיטל־שול.

אָבער ניט בלויז די צאָל קינדער האָט זיך געהאַט געענדערט אין די רייען פון די „פּראָגרעסיווע" אידישע שולן. צווישן 1955 און 1957 האָט זיך אויך געהאַט געענדערט דער נאָמען פון דעם גאַנצן שול־קאָמיטעט.

אין אונזער אַרכיוו, אין דער אָפּטיילונג וועגן די לינקע אידישע שולן, האָבן מיר געפונען אַ צייטונגס־אויסשניט, דאַטירט דעם 15טן סעפּטעמבער, 1955, וואָס האָט אָנגעזאָגט די נייעס, אַז דער „קאָמיטעט פאַר פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג לייזט זיך אויף". און אין דעם נייעס־באַריכט ווערט דערקלערט, אַז דער קאָמיטעט האָט באַשלאָסן זיך אויפצולייזן צוליב דעם, וואָס „דער אינשורענס דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק סטייט האָט געלאָזט וויסן דעם קאָמיטעט, אַז ער באַטראַכט אים ווי אַ טייל פון געוועזענעם לינקן אידישן פראַטערנאַלן פאָלקס אָרדן, און דעריבער פאַלט דער קאָמיטעט (פאַר פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג) אַרונטער אונטער דעם ליקווי־דאַטאָרישער יוריסדיקציע פון דעם ניו־יאָרקער אינשורענס דעפּאַרטמענט".

איך האָב, נאַטירלעך, אויף מיין באַזוך ביי איטשע גאָלדבערג'ן, אים געפרעגט ווי אַזוי דאָס אָרגאַניזירן פון דעם נייעם קאָמיטעט איז צוגעגאַנגען, און מר. גאָלדבערג האָט מיר אויפגעקלערט, ווי פאָלגט: די פאַראינטערעסירטע אַקטיווע טוער פון די „פּראָגרעסיווע" אידישע שולן האָבן געוואַרט ביז דעצעמבער, 1955, ווען זיי האָבן פאַררופן אַ זיצונג און באַשלאָסן צו

גרינדן אַ נייעם קאָמיטעט אונטער דעם נאָמען „סוירוויס ביוראָ פאַר דזשואיש עדיוקעישאָן". דער קאָמיטעט האָט אויך געביטן זיין פריערדיקן אַדרעס און האָט זיך געפונען אויף 1123 בראָדוויי. די פירער פון קאָמיטעט זיינען געווען די וועטעראַנען־לערער פון די דאָזיקע שולן און אויך, ווי געזאָגט, אַ ריי אַקטיווע שול־טוער.

אין אָפיס פון דעם קאָמיטעט פאַר פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג, און שפּעטער אין אָפיס פון דער „סוירוויס ביוראָ פאַר דזשואיש עדיוקעישאָן", האָב איך פאַרבראַכט צו עטלעכע שעה צייט בעת יעדן באַזוך. מר. גאָלדבערג, וועלכער איז געווען ניט בלויז דער דירעקטאָר פון קאָמיטעט, נאָר אויך איינער פון די הויפּט־שרייבער פון די פאַרשידענע ספּעציעלע מימיאָגראַפירטע טעקסטן פאַר די שולן, האָט מיר מיטגעגעבן אַ גאַנצן פּאַק מיט ביכלעך, אַ גאַנצן באַרג מיט דראַמאַטישע סקיצן און היפּש דיקע העפטן מיט אָנווייזונגען צו די לערער, ווי אַזוי די מאַטעריאַלן צו נוצן אין די קלאַס־צימערן. שפּע־טער, אין דער היים, האָב איך די מאַטעריאַלן דורכגעלייענט, ממש דורכ־געשטודירט, און ביסלעכווייז האָב איך איינגעזען, אַז אויך די אידישע שולן פון גאָר לינקן לאַגער האָבן זיך שטאַרק, גאָר שטאַרק דערנענטערט צו טראַדיציאָנעלער אידישקייט. איך האָב עס געזען פון די דיקע העפטן וועגן חנוכה, פּורים און פּסח. איך האָב עס געזען פון די שפּילן פאַר קינדער, פון די לידער און פון די פאַרשידענע אויפגאַבן וואָס די קינדער קריגן.

„אונזערע שולן פייערן חנוכה, פּורים און פּסח" — אַזוי האָט מיך פאַרזיכערט מיט דער עכטער נאַטירלעכקייט איטשע גאָלדבערג, וועלכער האָט בעת זיין לאַנגן שמועס מיט מיר אַריינגעוואָרפן ווערטלעך און פּסוקים, ווי וועלנדיק מיך איבערצייגן, אַז די מענטשן פון דער פּראָגרעסיווער אידישער שול־באַוועגונג קענען זיך אויך אויס אין די שוואַרצע פּינטעלעך...

„יאָ! מיר פייערן אויך בר מצוה מיט אונזערע בר מצוה בחורים" — אַזוי האָט מיך פאַרזיכערט דער פירער פון דער פּראָגרעסיווער שול־באַוועגונג, צוגעבנדיק אָבער אויף שנעל, אַז די בר מצוה פייערונגען זיינען „וועלטלעכע", אָבער ניט קיין רעליגיעזע. איך האָב פון מיין זייט געוואָלט באַמערקן איטשע גאָלדבערג'ן, אַז דער עצם ענין פון בר מצוה האָט דאָך צו טאָן בלויז מיט רעליגיע, אָבער איך האָב ניט געוואָלט זיך אַריינלאָזן אין קיין דיסקוסיעס. און איך מוז צוגעבן, אַז אויך דער פירער פון די פּראָגרעסיווע שולן האָט פון זיין זייט אויך ניט געהאַט קיין שטאַרקן חשק דערצו. ער האָט מיר אָבער גענוי דערקלערט, ווי אַזוי די בר מצוה'ס ווערן

אין דער „פּראָגרעסיווער" באַוועגונג יאָ דורכגעפירט. אַלץ, אַלץ מיט אַנאַנדער, האָט געהאַט דעם זעלבן כאַראַקטער, ווי אַ „רעגולערע" בר מצוה פייערונג. עס זיינען זיך צוזאַמענגעקומען פריינט און משפחה. עס איז געפראַוועט געוואָרן אַ גרויסע סעודה. דער בר מצוה בחור האָט געהאַלטן אַ רעדע, אין אידיש צי אין ענגליש. דער לערער פון דער שול האָט באַגריסט. די טעמע פון די רעדעס איז געווען וועגן דעם, וואָס דער בר־מצוה בחור טרעט אַריין אַלס מיטגליד פון דער אידישער געזעלשאַפט און נעמט אויף זיך אַן עול פון פאַרפליכטונגען צום כלל. דער בר־מצוה בחור האָט געקראָגן מתנות און עס איז געווען פריילעך.

אָט אַזוי האָבן די „פּראָגרעסיווע" געפייערט זייערע בר מצוה׳ס.

„אויב אָבער וועלכע־עס־איז עלטערן פון די פּראָגרעסיווע שולן האָבן געוואָלט, אַז זייערע בר מצוה בחורים זאָלן צוגעגרייט ווערן אויך צו אַ רעליגיעזער בר מצוה, האָבן זיי עס געקענט טאָן. קיינער שטערט זיי ניט" — אַזוי איז מיר דערקלערט געוואָרן אין דעם אָפיס פון קאָמיטעט פאַר פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג.

די פירער פון די פּראָגרעסיווע אידישע שולן האָבן אָבער, ווי עס זעט אויס פאַרגעסן, אַז אין 1935, למשל, האָב זיי געהאַט פאַרעפנטלעכט אַן אַנדער פּראָגראַם. יענע פּראָגראַם איז אָפּגעדרוקט געוואָרן אין גרויסן „שול אַלמאַנאַך", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צום 15־יאָריקן יובילי פון די אַרבעטער־רינג שולן אין פילאַדעלפיע, און אין וועלכן עס איז באַשריבן געוואָרן די „אידישע מאָדערנע שול אויף דער וועלט". ראובן זאַלצמאַן, איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון אָרדן יאָרן לאַנג, האָט אָנגעגעבן פינף פונקטן פון דער דאַמאָלסדיקער פּראָגראַם פון די אָרדן־שולן. פונקט פינף פון יענער שול פּראָגראַם לייענט זיך ווי פאָלגט:

„אַנטי רעליגיעזער מאָמענט. (רעליגיעזע ימים טובים, אָבערגלויבונגען, רעליגיע און קלאַסן קאַמף. אַרבעטער ימים טובים. דער ציל: באַפרייען דאָס קינד פון אַלע מעגלעכע רעליגיעזע גלויבונגען און געוואוינהייטן, אים רייפער מאַכן פאַר מאַטעריאַליסטישער וועלט־אַנשויאונג)". אָט מיט די ווערטער!

וואָס האָבן אָבער געזאָגט די פירער פון די „פּראָגרעסיווע אידישע שולן" אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה?

אין די „פראַגעס און ענטפערס" (אַן אינפאָרמאַטיווער העפט וועגן די „פּראָגרעסיווע שולן"), זייט איינס, זאָגט דער ענטפער אויף פראַגע „ב" אַזוי: „וועלטלעך (סעקולער) מיינט, אַז די שול לערנט די קינדער די

לימודים ניט פון רעליגיעזן, נאָר פון וועלטלעכן שטאַנדפּונקט. דאָס מיינט בשום אופן ניט, אַז די שול איז אַנטי־רעליגיעז״.

מיר גיבן דאָ איבער פראַגע „ג״ און דעם ענטפער:

„ג. פראַגע: וואָלט דאָס געמיינט, אַז אַ קינד פון אַ פרומען אידן קאָן לערנען אין אַ פּראָגרעסיווער שול?

„ענטפער: ניטאָ קיין שום סיבה אין דער וועלט פאַרוואָס ניט. ניטאָ גאָרניט אין דער פּראָגראַם פון דער שול, וואָס זאָל באַליידיקן אָדער אָנרירן די געפילן פון אַ פרומען אידן. אַ פרומער איד, וועלכער זוכט פאַר זיין קינד אַ דערציאונג, וואָס זאָל זיין פּראָגרעסיוו, קען געפינען אַ פּלאַץ אין אונזער שול״.

און איצט, אַז די פריערדיקע שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן האָבן זיך שוין געקענט דעררעדן אפילו דערצו, אַז זיי וואָלטן וועלן האָבן אפילו פרומע אידן אין זייערע שולן, האַלטן מיר, אַז עס איז ניט מער ווי רעכט, אַז מיר זאָלן איבערגעבן זייער דעפיניציע פון דעם, וואָס זיי האָבן געמיינט מיט אַ „פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג״.

מיר דרוקן דאָ איבער פראַגע „ד״ פון די זעלבע „פראַגעס און ענטפערס״.

ד. פראַגע: וואָס מיינט אַ פּראָגרעסיווע אידישע דערציאונג?

„ענטפער: דאָס מיינט אַ דערציאונג, וואָס וועט געבן דעם קינד:

„1. אַ פאַרשטענדעניש און אַ באַקאַנטשאַפט מיט דער רייכער געשיכטע פון אידישן פאָלק און פון אידישן אַרבעטער.

„2. געבן אים אַ געפיל פון נאָענטקייט מיטן לעבן פון זיינע על־טערן און מיטן לעבן פון די אידן איבער דער וועלט.

„3. אַ געפיל פון שטאָלץ און גלויבן אין זיך ווי אַ איד.

אָט דאָס זיינען די ערשטע דריי פון די אַכט פונקטן פון דער פּראָגראַם פון די פּראָגרעסיווע שולן.

אין אַ בריוו, געדרוקט אין אַ פורים־העפט, אַדרעסירט „טייערער חבר לערער״, ווערן די לערער גערופן צו איינאָרדענען אַ פייערלעכן יום טוב, איינלאַדן די עלטערן, זיידעס, באָבעס און די מאכלים דאַרפן „נאַטיר־לעך זיין טראַדיציאָנעל־פורימדיקע״. „פאַר די קינדער דאַרף מען צוגרייטן גראַגערס״ און „גוט וואָלט געווען, אַז דער לערער — אָדער אַ קינד — זאָל לייענען אַ טייל פון דער פורים מעשה, אָדער אפילו אַ טייל פון דער מגילה (ניט די גאַנצע, בשום אופן!)״.

אין חנוכה־העפט, גלייך פון אָנהויב, איז געגעבן געוואָרן אַ פּראָגראַם

ווי צו פייערן דעם יום טוב און אַלס אַריינפיר צו אַ שפּיל, באַארבעט לויט שו׳לום עליכמ׳ס „חנוכה געלט״ ווערט געגעבן דאָס פאָלגנדע בילד:

אַריינפיר: 5 קינדער געקליידט אין קאָסטיומען פון די אותיות „חנוכה״ טאַנצן אַריין אייניקווייז און דעקלאַמירן:



אַ גרופּע קינדער פון די „פּראָגרעסיווע״ אידישע שולן אין ניו־יאָרק בעת זיי האָבן דורכ־געפירט אַ שפּיל און פּאַרטי לכבוד פּורים.

ח — איז פאַר חברשאַפט און ברודערשאַפט צווישן אַלע פעל־קער און אַלע ראַסן.

נ — איז פאַר אַ נײַ לעבן פאַר אונזער פאָלק אין אַלע לענדער.

ו — איז פאַר ווייסע, שוואַרצע, — אַלע גלייך.

כ — איז פאַרן כבוד פון מענטשן, וואָס אַרבעט און שאַפט.

ה — איז פאַר אַ היינט אָן קריג און אָן זאָרגן,
און פאַר אַ פרידלעכן, ליכטיקן מאָרגן.

די פראַגע וועגן די נעגער אין אַמעריקע האָט געהאַלטן שטאַרק באַ־שעפטיקט די פירער פון דער „פּראָגרעסיווער אידישער שול באַוועגונג״. ווייל ניט בלויז אין דעם חנוכה־העפט האָט זיך גערעדט וועגן „ווייסע

און שוואַרצע״, נאָר אויך אין פסח־העפט. אויף דער ערשטער זייט פון פסוז־העפט (די פּראָגרעסיווע שולן האָבן אויך איינגעפירט אַ דריטן סדר) ווערט אין דער אָנווייזונג „ב״, געזאָגט דאָס פאָלגנדע: „רעדנדיק וועגן קנעכטשאַפט, דאַרף מען פאַר די קינדער ספּעציעל דערמאָנען נעגער־שקלאַפעריי אין אַמעריקע, דעם מצב פון די נעגער היינט צו טאָג״.

די פירער פון די פּראָגרעסיווע שולן האָבן נאַטירלעך בלויז געצילט, אַז מען זאָל די קינדער זאָגן, אַז די נעגער אין אַמעריקע גייט פון שלעכט צו ערגער, און ניט פאַרקערט. די „ליניע״ איז געווען, אַז אַמעריקע איז אַ מין גיהנום פאַר דער נעגערישער טייל פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג. די שולן האָבן ניט געזוכט אונטערצושטרייכן, אַז אין אַמעריקע גייען די נעגער דורך אויף אַן עוואָלוציאָנערן אופן דעם וועג צו אַ בעסער און רייך־לעבן. און אין דעם אַלגעמיינעם העפט פון „פראַגן און ענטפערס וועגן די אידישע פּראָגרעסיווע קינדער־שולן״, איז אפילו געשטעלט געוואָרן אַזאַ שאַרפע פראַגע (אויף זייט 2): „פראַגע: מערקט זיך ביי אידישע קינדער שטאַרק דאָס געפיל פון אַנטי־נעגער דיסקרימינאַציע?״ און דער ענטפער איז ווי פאָלגט: „עס פילט זיך ביי אידישע קינדער פּונקט ווי ביי אַלע אַנדערע קינדער. די באַדינגונגען פון גאַנצן לעבן ביי אונז אין לאַנד זיינען אַזעלכע, אַז דאָס קינד איז אויסגעשטעלט צו דיסקרימינאַטאָרישע איינפלוסן און ווירקונגען״.

„די פראַגע פון נעגער דיסקרימינאַציע ווערט פאַרן קינד קלאָר אָוועק־געשטעלט״ — האָבן זיך ווי באַרימט די פּראָגרעסיווע אידישן שולן.

די פּראָגרעסיווע שולן האָבן זיך אויך באַרימט דערמיט, וואָס זיי האָבן געשטעלט דעם טראָפּ צו באַקענען זייערע קינדער מיט דעם אידישן לעבן ניט בלויז אין מדינת ישראל נאָר אויך מיט דעם אידישן לעבן אין אַלע לענדער. די פּראָגרעסיווע שולן האָבן געזאָגט, אַז זיי ווילן אַז זייערע קינדער זאָלן וויסן, אַז ישראל איז אַ גאָר וויכטיקער אידישער צענטער, דערביי אָבער האָבן זיי געוואָלט אונטערשטרייכן, אַז אידן אין אַנדערע לענדער זיינען אויך וויכטיק און אַז דאָס אידישע לעבן אין די אַנדערע לענדער פאַרדינט גרויס אויפמערקזאַמקייט אַן־און־פאַר־זיך.

אויף זייט 10 פון די „פראַגעס און ענטפערס״, גיט די פירערשאַפט פון די „פּראָגרעסיווע שולן״ אַ לענגערע דערקלערונג וועגן זייער שטעלונג צו ישראל. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן אַז די פּראָגרעסיווע שולן האָבן געשטרעבט צו באַקענען דאָס קינד מיט דעם לעבן פון די אידן אין ישראל, אַרויסשטעלן פאַרן קינד דעם העלדישן קאַמף, וואָס די אידן אין ישראל

האָבן געפירט פאַר זייער אומאָפּהענגיקייט, באַקאָנען די קינדער מיט דער געשיכטע פון דער אַנטשטייאונג פון דער מלוכה, מיט דער הילף, וואָס דער ישוב האָט געקראָגן אין זיין קאַמף פאַר אומאָפּהענגיקייט (דאָ דערציילט מען, נאַטירלעך, וועגן די רעדעס, וואָס דער פאָרשטייער פון סאָוועט רוסלאַנד אַנדריי גראָמיקאָ האָט געהאַלטן אין דער פאַראייניקטער פעלקער אָרגאַניזאַציע, בעת דער ישוב האָט געקעמפט קעגן ענגלאַנד, אַ קאַמף, וואָס האָט געפירט צו דער עטאַבלירונג פון דער אידישער מדינה).

און „וואָס איז וועגן העברעאיש אין די פּראָגרעסיווע שולן?"

אָט די דאָזיקע פראַגע האָבן מיר קאָפּירט פון זייט 7 פון „פראַגעס און ענטפערס" פון דעם אָפיציעלן אינפאָרמאַציע־העפט פון דעם קאָמיטעט פאַר פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג. דער ענטפער, וואָס איז געגעבן געוואָרן, איז געווען ווי פאָלגט:

„אין די עלעמענטאַרע שולן ווערט געלערנט בלויז דער העברעאישער עלעמענט, ד. ה. די העברעאישע ווערטער, וואָס ווערן גענוצט אין דעם טאָג־טעגלעכן אידיש, (ווי חלה, שבת, אפשר), אָדער ווערטער, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט געשיכטע־לימוד און מיט די ימים טובים, (ווי המן, אסתר, שלמה, מצה, מכבי) א. אַ. וו. צוזאַמען באַקומען זיך עטלעכע הונדערט ווערטער. אין די מיטל־שולן און אין די הויכקורסן ווערט העברעאיש געלערנט ווי אַ שפּראַך, און די קינדער באַקומען גאַנץ צופרידנשטעלנדיקע ידיעות און קאָנען לייענען און שרייבן קליינע טעקסטן".

אָט דאָס איז וועגן העברעאיש.

דער אַלגעמיינער קוריקולום, די פּראָגראַם פון לימודים, איז אין די פּראָגרעסיווע שולן ווי פאָלגט:

אידיש. אידישע געשיכטע. אידישע ליטעראַטור. סאָציאַלע שמועסן. ביאָגראַפיעס פון אַרבעטער־און־פאָלקס־העלדן. געזאַנג. טאַנצן. דראַמע.

(אין די סאָציאַלע שמועסן זיינען אַריינגענומען געוואָרן פראַגן פון טאָג און גאַנץ אָפט האָבן קינדער גענומען אַ קעגנערישע שטעלונג, ווי די, וואָס די שולן און די לערער זעלבסט האָבן געהאַט אין געוויסע ברענענדע אַקטועלע פּראָבלעמען. אַזוי איז מיר באַריכטעט געוואָרן.)

אויף זייט 8 פון „פראַגעס און ענטפערס" ווערט געזאָגט אין שייכות מיט די סאָציאַלע שמועסן דאָס פאָלגנדע: „געזעלשאַפט קענטניש (סאָשל סטאַדיס, סאָציאַלע שמועסן — א. פּ.) איז אייגנטלעך ניט קיין סאָציאַלער לימוד. עס איז גיכער אַ צאָל אידייעס, וואָס די שול שטרעבט, דורך מעשות, דורך לידער, דורך שמועסן, איבערגעבן דעם קינד".

לויט ווי איטשע גאָלדבערג, דירעקטאָר פון פּראָגרעסיוון אידישן שול־קאָמיטעט, האָט מיר איבערגעגעבן, זיינען פון 95 ביז 98 פּראָצענט פון די קינדער אין די פּראָגרעסיווע שולן, געווען אַמעריקאַנער געבוירענע. זיי זיינען געקומען פון הייזער, וואו אַרום זיבעציק פּראָצענט פון די עלטערן זעלבסט זיינען שוין געווען געבוירענע אין אַמעריקע. דאָס מיינט, אַז די קינדער האָבן אין זייער גרעסטער מערהייט שוין ניט געהערט דאָס אידישע לשון רעדן אין זייער היים. דערפאַר האָבן די פּראָגרעסיווע שולן זיך אָנגעהויבן צו באַנוצן, פּונקט ווי די אַנדערע אידישע וועלטלעכע שולן, וואו מען האָט געלערנט אידיש אָדער העבּרעאיש, מיט מער ענגליש. „דער ציל פון דער שול איז צו העלפן דעם קינד צו פאַרשטיין די שפּראַך און זיך קאָנען אויסדריקן אין איר אַזוי פרײַ ווי נאָר מעגלעך", האָט געזאָגט דער אינפאָרמאַציע העפט פון די שולן, און גיט צו, אַז „נאָך פיר יאָר קאָן דאָס קינד גאַנץ לייכט אָנשרייבן אַן אַרבעט פון אַרום 200 ווערטער. דאָס קינד, וואָס ענדיקט די מיטל־שול, קאָן מיט אַ באַשטימטער לייכטקייט (עס ווענדט זיך אָפּט אין קינד), זיך אויסדריקן סיי מינדלעך, סיי שריפטלעך אין אידיש".

די פּראָגרעסיווע שולן האָבן אויך אָנגעוויזן, אַז זיי ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן פאַרשטיין אידיש, ווייל דורך אידיש קענען זיך פאַרבינדן די אידן פון די מערסטע לענדער פון דער וועלט און ווייל „אידיש איז די הויפּט־שפּראַך פון אידישן פאָלק, די שפּראַך פון אידישן שאַפן אין משך פון די לעצטע קנאַפּע טויזנט יאָר" (קאָפּירט פון זייט 6, פּונקט פינף פון „פּראַגעס און ענטפערס" פון אינפאָרמאַציע העפט פון די פּראָגרעסיווע שולן).

אין די פּראָגרעסיווע שולן האָט מען געלערנט פיר יאָר. אין דער מיטל־שול אויך פיר יאָר. עס זיינען געווען אַרום זיבן מיטל־שולן אין פאַרשידענע טיילן אַמעריקע. אין די מיטל־שולן האָט מען געלערנט צוויי מאָל אַ וואָך. מערסטנס פרייטיק אָוונט און שבת, פון 10 פרי ביז דריי אָדער פיר בייטאָג.

די פּראָגרעסיווע שולן האָבן אויך אָנגעפירט מיט קורסן פאַר לערער און העכערער אידישער בילדונג (סקול פאָר הייער דזשואיש עדיוקעישאָן). עס זיינען געווען דאָרט פון 60 ביז 70 סטודענטן. מען האָט געלערנט ביט ווינציקער ווי פינף מאָל אַ וואָך. פיל פון די לערער אין די פּראָגרעסיווע שולן זיינען געווען אַמעריקאַנער געבוירענע. אַ היפּשע צאָל פון זיי גראַדואירטע פון די אָרדן מיטל־שולן.

אויף זייט 12 פון אינפאָרמאַציע־העפט, איז געשטעלט געוואָרן די פאָלגנדע פראַגע:

„ווער פירט אָן מיט דער פראָגרעסיווער שול?“

און עס איז געגעבן געוואָרן דער פאָלגנדער ענטפער:

„יעדע פראָגרעסיווע שול ווערט אָנגעפירט פון אַן עלטערן פאַראיין אָדער פון אַ שול־פאַראיין, צוזאַמען מיט דעם לערער. זיי זיינען אינגאַנצן פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אויפהאַלטונג און פאַר דער אָנפירונג פון דער שול. די פאַרשידענע פראָגרעסיווע שולן אין יעדער שטאָט פאַרבינדן זיך געוויינלעך אין אַ מין שטאָטישער קערפערשאַפט, וועמענס אויפגאַבע עס איז אָנצופירן פראָפּאַגאַנדע פאַר די שולן, עפענען נייע שולן און טיילמאָל אויך דורכפירן אונטערנעמונגען צו שטיצן די שולן פינאַנציעל. אָט די שטאָטישע קאָמיטעטן באַשטייען, געוויינלעך, פון פאַרטרעטער פון אַלע אידישע פאָלקס אָרגאַניזאַציעס, וועמען דער ענין פון דער פראָגרעסיווער דערציאונג גייט אָן“.

דער קאָמיטעט פאַר פראָגרעסיווער אידישער דערציאונג, וואָס איז באַשטאַנען פון 17 פערזאָן, איז צוערשט געווען אונטער דער פאָרזיצער־שאַפט פון הרב אברהם ביק, וועלכער איז יאָרנלאַנג געווען פאַרבונדן מיט דער לינקער באַוועגונג און איז געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון דער „מאָרגן פרייהייט“. די „פרייהייט“ האָט אָפּגעגעבן פיל פּלאַץ צו באַריכטן וועגן דער פראָגרעסיווער אידישער שול־באַוועגונג און די טעאָרעטישע קאַמפן, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אַרום די דאָזיקע שולן, האָבן געקראָגן אין דער „פרייהייט“ פיל פּלאַץ און פריינטשאַפט.

דער קאָמיטעט פאַר פראָגרעסיווער אידישער דערציאונג האָט צוגעשטעלט צו די פראָגרעסיווע אידישע שולן איבערן לאַנד די פאַרשידענע טעקסטן און אינסטרוקציעס. מר. גאָלדבערג, דער אָנפירער פון קאָמיטעט, האָט געמאַכט רעגלמעסיקע רייזעס איבערן לאַנד, באַזוכנדיק די פאַרשידענע שולן. אין די פאַרשידענע שטעט האָבן די שולן געטראָגן די נעמען פון מענטשן, שרייבער, טוער און נעמען פון די געגנטן, אין וועלכע די שולן האָבן זיך געפונען.

אָבער די אַלע שוועריקייטן און ביטערע קריזיסן, וואָס די פראָגרעסיווע שול־באַוועגונג האָט דורכגעמאַכט, האָבן באַוויזן, אַז דער פונדאַמענט, וואָס איז געלייגט געוואָרן אין משך פון די יאָרן אין די דאָזיקע שולן, איז געווען אַ גאַנץ פעסטער, און האָט זיך ניט געלאָזט אויפטרייסלען פון קיין שום שטורעמס.

די ערשטע אָרדן־שולן, ווי באַוואוסט, האָבן זיך געשאַפן אַלס רעזולטאַט פון אַ שפּאַלטונג אין די אַרבעטער־רינג שולן אין 1926. 17 פון די 26 אַרבעטער רינג שולן, וואָס האָבן דאַן עקזיסטירט אין ניו־יאָרק, האָבן זיך אָפּגעשפּאָלטן און עס איז געשאַפן געוואָרן אַ נייע, צענטראַלע שול־קערפּער־שאַפט אונטער דעם נאָמען „אומפּאַרטייאישע אידישע קינדער־שולן". די נייע „אומפּאַרטייאישע שול באַוועגונג" האָט זיך שנעל צעוואַקסן איבערן לאַנד און אין יאָר 1928 זיינען שוין געווען 60 „אומפּאַרטייאישע" אידישע קינדער־שולן. און אין יאָר 1929 זיינען שוין געווען 80 שולן און באַענט צו 3500 קינדער. עס איז דאַן — אין 1929 — אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער ערשטער שול־צוזאַמענפאָר אין קעמפּ „קינדער־לאַנד" און „עס איז אַוועק־געלייגט געוואָרן אַ פּראָלעטאַרישע באַזע פאַר אונזערע קינדערשולן" — אַזוי האָט דערציילט ראובן זאַלצמאַן אויף זייט 148 אין זעלבן „שול־אַלמאַנאַך" וואו עס איז באַשריבן געוואָרן „די אידישע מאָדערנע שול אויף דער וועלט". אין יאָר 1935 זיינען געווען 144 שולן פון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן מיט אַרום אַכט טויזנט קינדער. קעמפּ „קינדער־לאַנד" איז אין 1935 געווען דער גרעסטער דערפּאָלג אַלס דער „שול און אָרדן־קעמפּ" פון ניו־יאָרק און אומגעגנט, אַזוי האָט דערציילט ראובן זאַלצמאַן אין יאָר 1935 אין זעלבן „אַלמאַנאַך". דער זעלבער קעמפּ (אָבער אונטער אַ נייעם נאָמען) איז מיט איבער 20 יאָר שפּעטער, אין 1957, אַלץ געווען אַ דערפּאָלג אַלס דער קעמפּ פון דער „פּראָגרעסיווער" באַוועגונג.

אַזוי זעען מיר, ווי אויך די פּראָגרעסיווע אידישע שול־באַוועגונג האָט געהאָט צו דערציילן וועגן אַ פאַרצווייגט אידיש לעבן אין אַמעריקע. באַטירלעך, אויף זייער אייגענעם שטייגער. און ווען עס איז געקומען די צייט, און די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט דערזען אַ געפאַר אין דער באַוועגונג, וועלכע האָט געשאַפן און געגרינדעט די דאָזיקע אידישע שולן. האָבן די אָנהענגער פון אָט דער דאָזיקער „פּראָגרעסיווער" אידישער שול־סיסטעם געפונען אין דער גרויסער אַמעריקאַנער פרייהייט — יאָ! פרייהייט! גענוג מעגלעכקייטן כדי אַלץ אָנצוגיין מיט זייערע שולן. און טראָץ אַלע אויפגעבלאָזענע ביטערנישן, האָבן די אָנהענגער פון אָט די שולן — אַזוי ווילט זיך האָפן — דאָך געוואוסט, אַז אַמעריקע איז פאָרט אַמעריקע און אַז זיי, אפשר מער פון פיל אַנדערע — האָבן גענאָסן אַמפולסטן פון דער גרויסער אַמעריקאַנער פרייהייט.

## 34

# „אַמעריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם“ גרינדעט אייגענע קינדער־שולן

**דאָס איז דער זעלבער קאָונסיל, וועלכער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר די אַראַבער קעגן די אינטערעסן פון מדינת ישראל. — „קאָונסיל“ האָט אָנגעהויבן צו גרינדן אייגענע שולן, וואָס האָבן אייגענע שול־ביכער און אייגענע לערער, וועלכע פּרעדיקן אַז אידן זיינען נישט קיין פאָלק. — דעם מאָדערנעם העברעאיש אָנערקענען זיי ניט, נאָר דעם העברעאיש פון סידור און חומש. — אַ באַזוך אין זייער נאַציאָנאַלן אָפיס אין ניו יאָרק און אַ געשפּרעך מיט זייער דירעקטאָר.**

אין אונזער בוך „אידישקייט אין אַמעריקע“, שטרעבן מיר צו געבן אַ פול בילד פון אידישן דערציאונגס־וועזן און פון דער אידישער יוגנט דאָ אין לאַנד. אַ בילד, וואָס זוכט צו באַווייזן, אַז אויך אין אַמעריקע, ווערט פונקט ווי פריער אין אַלע אַנדערע גרעסערע און קלענערע אידישע צענטערס אין דער טויזנט־יאָריקער אידישער געשיכטע, אָנגעפירט אַ קאַמף צו מאַכן זיכער, אַז די גאָלדענע קייט פון טראַדיציאָנעלער אידישקייט וועט זיך אויך ציען ווייטער און ווייטער, פאַר דור דורות. אין דעם דאָזיקן בילד אונזערן זוכן מיר צו ברענגען „אַלע סאָרטן אידישקייטן“, „אַלע סאָרטן“ אידישע דערציאונג. און מיר זוכן איבערצוגעבן דאָס בילד אַזוי אומפּאַר־טייאיש ווי נאָר מעגלעך! און קיינמאָל נישט אַזוי ווי דער קעגנער פון דער אָדער יענער גרופּע זעט עס, בלויז פון זיין אייגענעם ענגען קעגנע־רישן שטאַנדפּונקט, נאָר דוקא, אויב נאָר מעגלעך, אַזוי ווי איינער פון

דער אָדער יענער באַטרעפנדער גרופּע וואָלט עס אַליין, פּערזענלעך, איבערגעגעבן.

מיר מאַכן דאָ די דאָזיקע פאָררעדע, ווייל מיר פילן, נאַטירלעך, אַז ווען עס קומט צו דעם קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם, געפינען מיר זיך, ווי דאָס ענגלישע ווערטל זאָגט „אָן דעליקעיט גראַונד", אויף דעליקאַטער טערי־טאָריע, הייסט עס, ווייל דער „אַמעריקען קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם" מיט זיין קאַמף קעגן מדינת ישראל און קעגן דער ציוניסטישער באַוועגונג און מיט זיין איינשטעלן זיך פאַר די אַראַבער, האָט נאַטירלעך, איבערצייגט די אידישע מאַסן אין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער וועלט, אַז דער דזשו־דאַאיזם־קאונסיל איז אַ באַוועגונג פון שונאי־ציון. באַזונדערס נאָך, ווען מען נעמט אין אַכט, אַז דער קאָונסיל האָט אפילו געוואַגט צו פּראָטעסטירן צו דער אַמעריקאַנער רעגירונג, אַז אַמעריקע האָט זיך באַצויגן „צו פריינטלעך" צו דער אידישער מדינה און אַז עס האָט באַדאַרפט זיין אין די אינטערעסן פון וואַשינגטאָן צו נעמען אַ מער גינסטיקע באַציאונג צו די אַראַבישע לענדער. איי, די אַראַבער זיינען געווען די, וואָס האָבן געמאַכט אַן איבער־וואַזיע אויף ישראל; איי, די אַראַבער האָבן אַ גאַנצן וועלט־טייל פאַר זיך; איי, די אַראַבער האָבן געקראָגן דעם גאַנצן עבר הירדן, וואָס איז איבער פיר מאָל גרעסער ווי מדינת ישראל גופא, און די אידן האָבן נאָך אַלע קאַמפן און מאַטערנישן געקראָגן בלויז אַ צעשניטן שטיק פון הייליקן לאַנד? דאָס פאַרגעסן די דזשודאַאיסטן! אין זייער גאַנצער ליטעראַטור האָבן זיי דער־מאָנט בלויז די קריוודעס, די טענות, וואָס די אַראַבער האָבן! וועגן די תביעות פון אידישן צד, וועגן דעם גרויסן אידישן אומגליק, וועגן די זעקס מיליאָן קדושים, וועגן דעם, אַז אידן קומט זייער היסטאָריש לאַנד, וועגן דעם האָבן ניט געפונען פאַר נויטיק צו רעדן די זעלבע דזשודאַאיסטן! אין זייער ליטעראַטור האָבן זיי אויף פאַרשידענע אופנים די גאַנצע צייט פּרובירט באַווייזן, אַז אַלס אמת'ע „אומפּאַרטייאישע אַמעריקאַנער" האָבן זיי געפונען אפילו פאַר נויטיק צו אינטערווענירן ביים סטייט דעפּאַרטמענט פון אַמעריקע, אַז מער גערעכטיקייט זאָל געגעבן ווערן צו די אַראַבישע לענדער. דער דזשודאַאיזם קאונסיל האָט זיך באַרימט, אַז ער שטייט אויף דער וואַך ניט צו דערלאָזן, אַז די אַמעריקאַנער אידן זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ ציוניסטישן בלאָק, אין דינסט פון אַ פרעמד לאַנד...

יאָ! ווען איר האָט געלייענט אַזעלכע זאַכן וועגן אידן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, נאָך דעם ווי המן־היטלער האָט אומגעבראַכט זעקס מיליאָן אידישע קדושים, נאָך דעם ווי עס איז קעגן אונזער פאָלק באַגאַנגען געוואָרן

דער ברוטאַלסטער אַקט, וואָס איז ווען עס איז באַגאַנגען געוואָרן קעגן וועלכן עס איז פאָלק אין דער גאַנצער מענטשלעכער געשיכטע, האָט איר זיך אייערע אייגענע אויגן ניט געגלויבט. איר האָט זיך געפרעגט, ווי אַזוי האָבן אידן געקענט טאָן אַזעלכע זאַכן? ווי אַזוי האָבן אידן געקענט שרייבן און דרוקן אַזעלכע ווערטער? דאָך אָבער ווייסן מיר, אַז אַזוי האָט עס פּאַסירט. דאָך אָבער ווייסן מיר, אַז פּונקט דאַן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אַנטשיידענער קאַמף פאַר אַ אידישער מדינה, פּונקט דאַן איז אין אַמעריקע געבוירן געוואָרן די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט אַוועקגע־שטעלט עטלעכע טויזנט אידן ווי מחוץ למחנה פון גרויסן כלל.

און מאָדנע, ווי מאָדנע עס איז דער מענטשלעכער שכל, די מענטשלעכע לאָגיק! ווען איר האָט גערעדט מיט די פאָרשטייער פון „אַמעריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם", זיינען זיי געווען איבערצייגט, אַז זיי זיינען גערעכט די פולע הונדערט פּראָצענט. זיי האָבן געזוכט אייך צו באַווייזן, אַז ניט זיי זיינען געווען די פאַרפירטע, נאָר גאָר די גרויסע מערהייט. זיי, די דזשודאַאיסטן, האָבן געגלויבט, אַז זייער סאָרט „אידישקייט" איז דער אמת'ער, דער עכטער.

יאָ! מיר ווייסן, אַז מיר האָבן זיך אַביסל פאַררעדט אין אונזער פאַר־רעדע. מיר פילן אָבער, אַז אָן אַ לענגערער דערקלערונג קענען מיר ניט צוטרעטן צו אונזער באַשרייבונג פון דעם וואָס מיר האָבן געזען און געהערט אויף אונזער באַזוך אין דעם צענטראַלן אָפיס פון דעם אַמעריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם, אין ניו־יאָרק. פּסיכאָלאָגיש גערעדט, מוזן מיר זיך „אַראָפּרעדן פון האַרצן", כדי מיר זאָלן קענען אָנגיין מיט אונזער פאַרזוך צו שרייבן אַזוי געלאַסן ווי מעגלעך, וועגן דער טעטיקייט, וואָס דער קאָונסיל האָט אין יאָר 1952 אָנגעהויבן אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג.

אָבער מיר ווייסן, אַז ווען עס קומט צום „דזשודאַאיזם־קאָונסיל", איז אוממעגלעך פאַר אַ אידן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט צו זיין „אומ־פּאַרטייאיש". ווייל ווען אימיצער שלאָגט דיר איבערן קאָפּ און שפּייט דיר אין פּנים — טאָ ווי אַזוי קען זיין אַ רייד פון אומפּאַרטייאישקייט?! דאָך אָבער ווילן מיר אָנגיין מיט אונזער אַרבעט.

יאָ! אויך דער „קאָונסיל" האָט דערפילט, אַז ער מוז נעמען אַ האַנט אין דער פראַגע פון חינוך, כדי אויף זיין אייגענעם שטייגער זען, אַז „אי־דישקייט אין אַמעריקע זאָל האָבן אַ קיום". נאַטירלעך, אַ אידישקייט פון אַ ספּעציעלן דזשודאַאיסטישן שטייגער.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין אָפיס פון דעם אַמעריקען קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם, וואָס האָט זיך געפונען אויף 201 איסט 57טע גאַס, ביי דער דריטער עוועניו, אַ געגנט פון קונסט־גאַלערעיעס און פון מוזיק אין ניו־יאָרק, האָב איך גלייך דערפילט, אַז אַלץ דאָ איז אַ רעזולטאַט פון ברענענדיקער אַרבעט, פון אַקציע, פון אַמביציעזן פאַרנעם. כאָטש די פירער פון קאונסיל האָבן עס אַלעמאָל פּרובירט פאַרלייקענען, איז עס אָבער אַ פאַקט, אַז דער קאונסיל האָט געהאַט אַ „נעגאַטיווע פּראָגראַם". זיין אַרבעט איז מערסטנס באַשטאַנען און עס איז דעם קאונסיל ממש געגאַנגען אין לעבן, צו אַרבעטן אַקטיוו פּאָליטיש אין וואַשינגטאָן און אין די וויכ־טיקסטע שטעט פון גאַנץ אַמעריקע, קעגן די אינטערעסן פון ישראל. דער קאונסיל האָט אין דער אָפיס־געביידע אויף דער 57טער גאַס, פאַרנומען אַ גאַנצן גאָרן. אויף די ווענט, גלייך ביים אַריינגאַנג און אין קאָרידאָר זיינען געהאַנגען פאַרשידענע פלוג־בלעטער, אויפרופן, ליפלעטס און בראָ־שורן, זשורנאַלן, אַלץ מיט אויפקלערונגען, פראַגן און ענטפערס, וואָס האָבן געזוכט צו באַווייזן, אַז ישראל און די אַמעריקאַנער אידן קערן זיך גאָרנישט ניט אָן, און אַז די פאַרשידענע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין אַמע־ריקע דאַרפן דערקלערט ווערן אַלס „אויסלענדישע אַגענטורן". די דזשודאַאיסטן האָבן די דאָזיקע „חכמה" אויסגעדרייט מיטן גראָבן פינגער, אָנווייזנדיק אַז די ציוניסטישע אַגענטור זעלבסט איז רעגיסטרירט אין וואַשינגטאָן אַלס אַ פאַרשטייערשאַפט פון אַן אויסלענדישער רעגירונג, און אַזוי ווי אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס זיינען אין אַ געוויסן זינען מיטגלידער פון דער ציוניסטישער אַגענטור, וואָלטן זיי דערפאַר זיך אויך באַדאַרפט רעגיסטרירן אַלס רעפּרעזענטאַנצן פון אויסלאַנד. דאָס הייסט שוין אומדירעקט אויך, אַז אַלע ציוניסטן אין אַמעריקע, אַלע פריינט פון ישראל, וואָלטן באַדאַרפט זיך רעגיסטרירן.

עס איז געווען, ווי באַוואוסט דער אַמעריקען קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם, וועלכער האָט אָנגעפירט די פּראָפּאַגאַנדע, אַז דערמיט, וואָס אידן אין אַמעריקע זיינען איבערגעגעבן צו מדינת ישראל, באַגייען זיי דעם גוואַלדיקן פאַרברעכן פון „דאָפּלטער לאָיאַליטעט". פּונקט, הייסט עס, ווי עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן פאַר אַן איירישן ליב צו האָבן און שטאָלצירן מיט אירלאַנד, אָדער פאַר אַן איטאַליענער אָדער סתם אַ קאַטויליק ליב צו האָבן רוים! און דאָ דאַרף מען וויסן, אַז די אייביקע פאַרבינדונג פון אידן, וואו זיי זאָלן נאָר ניט זיין, אַ פאַרבינדונג מיט ארץ ישראל און מיט ירושלים, איז באַוואוסט אַלס איינער פון די שטאַרקסטע גייסטיקע פאַרבינדונגען אין דער

געשיכטע פון דער גאַנצער מענטשהייט. און די שבועה, וואָס די אידן האָבן געגעבן גלייךביים אָנהויב פון גלות בבל, די שבועה פון: על נהרות בבל שם ישבנו — ביי די טייכן פון בבל זיינען מיר געזעסן... אם אשכחך ירושלים, תשכח ימיני... אויב איך וועל דיר פאַרגעסן, ירושלים, זאָל מיין רעכטע האַנט זיך פאַרגעסן צום רירן!

אָבער די אָנהענגער פון אַמעריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם האָבן געהאַלטן, אַז ירושלים איז פונקט ווי יעדער אַנדער שטאָט, און אַז אידן אין אַמעריקע טאָרן ניט האָבן קיין ספּעציעלן געפיל ניט צו ירושלים און ניט צו ציון, ניט צו ארץ ישראל. מיר זיינען אַמעריקאַנער פון אידישן גלויבן. מיר זיינען ניט קיין פאָלק, מיר זיינען אַ רעליגיע! — אַזוי האָבן פּרובירט איינרעדן אי זיך אַליין, אי יענעם — די דזשודאַאיסטן...

און עס איז געווען גאַנץ נאַטירלעך פאַרן קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם צו דערוואַרטן, אַז צווישן זיינע מיטגלידער זאָל זיך, חלילה, „ניט אַריינגנב'ענען" קיין וואַרעם געפיל צו דעם אידישן היימלאַנד.

אין מיין געשפּרעך מיט דעם עקזעקוטיוון דירעקטאָר פון „אַמעריקען קאָונסיל", אַן אַמעריקאַנער אידישער יונגערמאַן מיט דעם נאָמען לעאָנאַרד ר. זוסמאַן, האָב איך אָנגעוויזן אויפן פאַקט, אַז אין דעם דאָזיקן פאַל זיינען דאָך די מיטגלידער פון קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם אין אַ גאָר ערגערער לאַגע ווי די ניט־אידן, ווי „די גוים", הייסט עס. ווייל אָט האָבן מיר דאָך געזען, ווי פּראָמינענטע קריסטן, צווישן זיי — די פיינסטע און וויכטיקסטע פירער פון אַמעריקע — זיינען געוואָרן אָנהענגער פון מדינת ישראל, שטאַרקע פריינט פון דער אידישער מדינה. אַ גאָר גרויסע צאָל פירנדע קריסטן — סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט — זיינען אפילו געווען אַקטיוו אין דעם פּאָליטישן קאַמף פאַר ישראל.

טאָ קען עס ניט פּאַסירן, אַז אַ איד, אַ מיטגליד פון דזשודאַאיזם קאָונסיל זאָל אַמאָל „זיך פאַרגלוסטן" און וועלן פאַרזוכן עטוואָס כאָטש פון „אַביסל, אַ ביסעלע" פריינטשאַפט צו מדינת ישראל? אַזוי האָב איך אויף אַ מין עטוואָס סאַרקאַסטישן אופן געפרעגט.

דער באַאַמטער פון דזשודאַאיזם־קאָונסיל האָט מיך ערנסט אויסגעהערט און נאָך ערנסטער געענטפערט, כאָטש מיט אַ לייכטן שמייכל אויף די ליפּן — אַז ניין! אַזאַ זאַך קען ביי זיי ניט פּאַסירן!

און אָט, אַרויסגייענדיק מערסטנס פון אָט דעם שטאַנדפּונקט, דער עיקרשט פון ניט־זיין־פריינטלעך צו ישראל, האָט דער קאָונסיל אויך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פון גרינדן קינדער־שולן. לויט ווי דער קאָונסיל האָט

געשריבן אין זײַנע באַריכטן, האָבן די קינדער־שולן פון דער דזשוודאַאיזם־באַוועגונג זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ באַדייטנדן דערפאָלג. די ערשטע שול זייערע איז געגרינדעט געוואָרן אין סעפּטעמבער 1952. אין 1957 זײַנען שוין געווען צוועלף שולן. אַרום 900 קינדער האָבן אין די שולן געלערנט. די שולן האָבן זיך, צוו. אַ., געפונען אין האַילענד פּאַרק, אילינאָי; אין סינסי־נעטי, אָהייאָ; אין בירמינגהעם, אַלאַבאַמאַ; אין מילוואָקי, וויסקאָנסין; אין מאַנהעטן, ניו־יאָרק; אין פּיטסבורג, פּענסילווייניאַ; אין סעינט לואיס, מי־זורי און אין וואַיט פּלעינס, ניו־יאָרק. לויט ווי דער אָפּיס פון קאונסיל האָט דערקלערט, איז יעדע פון די שולן אָרגאַניזירט געוואָרן אויף דער איני־ציאַטיוו פון גרופּען עלטערן זעלבסט. די לערער זײַנען מערסטנס מאָבי־ליזירט, „געדרעפּטעד געוואָרן" פון צווישן די עלטערן זעלבסט.

ווער זײַנען געווען די דאָזיקע עלטערן? וואָס פאַר אַ סאָרט אידישקייט האָבן זיי פאַרלאַנגט?

אויף די דאָזיקע פראַגן זײַנען געגעבן געוואָרן ענטפערס אין אַ ספּע־ציעלן מימיאָגראַפירטן בוך פון 50 זײַטן, וואו דער קאונסיל האָט אויפגע־קלערט די צילן פון די „סקולס פאַר דזשודאַאיזם" און האָט אויך אָנגעוויזן, וואָס צו לערנען מיט די קינדער פון קינדער־גאָרטן עלטער אָן ביז 18 יאָר אַלט. אין דעם בוך זײַנען אויסגערעכנט געוואָרן אַלע ביכער, וואָס די תלמידים דאַרפן לערנען און אַ. וו. ביכער, וואָס זײַנען דורכגעגאַנגען די „שטרענגע צענזור" פון דזשודאַאיזם־קאונסיל.

אין דעם אַרײַנפיר איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז אַזוי ווי די מערסטע ווענדונגען צום קאונסיל אָוו דזשודאַאיזם צו „פאַרבעסערן די רעליגיעזע דערציאונג" זײַנען הויפּטזעכלעך געקומען פון רעפאָרם־אידן, איז דערפאַר די גאַנצע דערציאונגס־סיסטעם פון קאונסיל געווען געווענדעט אין דער רעפאָרם־ריכטונג.

טאָמער אָבער זאָרגט איר זיך שטאַרק און נעמט זיך צום האַרצן, וואָס דער „קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם" האָט זיך בלויז דערבאַרעמט איבער די רעפאָרם אידן און האָט געלאָזט, נעבעך, אַלע אַנדערע אידן „שטיין אין דרויסן", איז אין דעם זעלבן בוך גאַנץ ערנסט דערקלערט געוואָרן, אַז אויב גרופּען פון קאָנסערוואַטיווע און אָרטאָדאָקסישע אידן ווילן זיך אויך ווענדן, וועט דער דזשודאַאיזם־קאונסיל זײַן צופרידן נאָכצוקומען זייער פאַרלאַנג און זיי מזכה זײַן פּונקט מיט ענלעכע שולן פאַר די קאָנסערוואַטיווע און אָרטאָדאָקסישע אידישע קינדער.

אויב אָבער איר מיינט, אַז די דזשודאַאיסטן זײַנען געווען צופרידן פון

דער רעפאָרם־אידישקייט, האָט איר אויך אַ טעות. ווייל די דזשודאַאיסטן האָבן אויסגעפונען, אַז, אָ, גאָט! די רעפאָרם אידן אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט, זיינען געווען גאָר עפּעס אַנדערש, ווי דאָס, וואָס זיי זיינען געווען אין 19טן יאָרהונדערט! ווייל אין די לערן־ביכער, וואָס די רעפאָרם־אידן האָבן אַרויסגעגעבן פאַר זייערע שולן, און לערן־ביכער זיינען דאָס געווען גאַנץ גוטע, האָבן די רעפאָרם אידן גענומען אַ פּאָזיטיווע און פריינטלעכע




אַ גרופּע קינדער, וואָס האָבן גראַדואירט פון איינער פון די ערשטע שולן פון דעם אַמעריקען קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם אין האַילענד פּאַרק, אילינאָי.

שטעלונג צו מדינת ישראל. דאָס צו באַשטעטיקן קלינגט אפילו מאָדנע, ווען מען ווייסט, אַז די רעפאָרם־אידן האָבן אַרויסגעגעבן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אַ גאַנצע צאָל פון די וויכטיקסטע פירער ניט בלויז אין דער אַמעריקאַנער ציוניסטישער באַוועגונג, נאָר אין אַלוועלטלעכן ציוניזם! גענוג צו דערמאָנען אַזעלכע נעמען ווי ראַבאַי סטיפען ווייז, דר. אבא הלל סילווער, דר. יהודה לייב מאַגנעס און אַנדערע.

טאָ וואָס־זשע האָבן געזאָגט דערויף די דזשודאַאיסטן?

האָבן זיי דערויף אויך געהאַט אַן ענטפער! זיי איז ניט געפעלן געוואָרן

„די נייע" רעפאָרם־אידישקייט. ביי זיי איז אויסגעקומען, אַז די „נייע" רעפאָרם־אידן זיינען געווען עפּעס פאַררעטער צום אידישן אידעאַל זייערן. און גערופן האָבן די דזשודאַאיסטן צוריק צו דער רעפאָרם־אידישקייט פון יצחק מאיר וויז, וועלכער איז געווען דער אָריגינעלער גרינדער פון דער רעפאָרם־באַוועגונג אין אַמעריקע. ראַבאַי י. מ. וויז האָט נאָך אין יאָר 1857 געהאַט דערקלערט, אַז די תפלה וואָס אידן זאָגן פאַר דער ווידער־אויפלעבונג פון דער אידישער מדינה איז „אַ זינד און איז ניט אידיש". אין זיין סידור „מנהג אמעריקע" האָט ראַבאַי וויז אויסגעשלאָסן תפילות, וואָס רעדן וועגן דער אויפלעבונג פון אידישן היימלאַנד. ראַבאַי יצחק מאיר וויז האָט אויך אַרויסגעוואָרפן פון דער הגדה דעם פסוק „לשנה הבאה בירושלים". דער זעלביקער ראַבאַי וויז האָט געוואָגט אויך אָפן צו פאַרדאַמען דעם גרינדער פון פּאָליטישן ציוניזם, דר. טעאָדאָר הערצל'ען זעלבסט!

אָבער וואָס לערנט אונז דאָס אַלץ?! ערשטנס, אַז די צייט פון 19טן יאָר־הונדערט איז געווען עפּעס אַנדערש! און דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט — נאָך דעם גרויסן אידישן חורבן פון היטלער־פּעריאָד, — איז אויך עפּעס אַנדערש! צווייטנס — און דאָס איז גאָר, גאָר וויכטיק, אַז מיר דאַרפן אַלע ניט נעמען אַזוי ערנסט די דזשודאַאיסטן, נאָר אויב מעגלעך, גאָר רחמנות האָבן אויף זיי! ווייל אָט זעען דאָך די דזשודאַאיסטן אַליין, וואָס עס איז געוואָרן פון די תלמידים פון ראַבאַי יצחק מאיר וויז, וועלכער האָט אַוועקגעגעבן זיינע גרויסע פעאיקייטן און אומדערשעפּלעכע ענערגיע צו קעמפן קעגן אידישע אייביקייטן, קעגן ציון! פון ראַבאַי י. מ. וויז'עס „תורה" איז גאָרניט געוואָרן! און פון זיינע נאָכפאָלגער, פון די רעפאָרם־רייען, זיינען אַרויסגעקומען די שטאַרקסטע קעמפער פאַר ישראל! און דער פּרעזידענט פון דעם היברו יוניאָן קאַלעדזש, וואָס ראַבאַי יצחק מאיר וויז האָט געגרינדעט צוצוגרייטן רעפאָרם ראַבאַיס, איז געווען דר. נעלסאָן גליק, אַ געלערנטער, אַן אַרכעאָלאָג, וואָס איז געוואָרן וועלט־באַרימט צוליב זיינע גרויסע אויפטוען אין מדינת ישראל. און אין אַלגעמיין איז די אַלטע באַוועגונג פון רעפאָרם־אידן געוואָרן גאָר נאָענט פאַרבונדן מיט דעם אויפבוי פון אידישן היימלאַנד.

דאָך אָבער, ניט קוקנדיק אויף דעם אַלעם, האָבן די דזשודאַאיסטן גע־האַלטן אין איין ווידערהאָלן די „חכמה", אַז זיי ווילן אַ אידישקייט פון זעלבן מין, ווי ראַבאַי יצחק מאיר וויז האָט געפּרעדיקט. מיר מוזן דאָ אָבער אויך אָנווייזן, אַז ווען ראַבאַי יצחק מאיר וויז האָט אַזוי שטאַרק געקעמפט קעגן אַ אידישער מדינה, איז די גאַנצע זאַך נאָך געווען ערשט אַן אידייע, און אַמעריקע האָט געהאַלטן ברייט צעעפנט די טויערן פאַר מאַסן אידישע אי־

מיגראַנטן! און פֿאַר די נאַציאָנאַלע אינטערעסן פֿון די אַראַבער האָט דער גרינדער פֿון רעפֿאָרם־אידישקייט זיך קיינמאָל ניט איינגעשטעלט, ווי דאָס האָבן געטאָן די פֿירער פֿון אַמעריקאַנער קאָונסיל פֿאָר דזשודאַאיזם.

אָבער דער „קאָונסיל" האָט זיך ניט בלויז געמישט אין פּאָליטישע ענינים. דער קאָונסיל האָט אויך אַנטוויקלט אַ „טעאָריע", אַז עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי „אידישע" דערציאונג. עס איז דאָ בלויז אַן אַמעריקאַנער רעליגיעזע דערציאונג פֿאַר אַמעריקאַנער פֿון אידישן גלויבן. דערפֿאַר האָבן די דזשודאַאיסטן אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן זייערע אייגענע לערן־ביכער. ווייל אין די לער־ביכער, וואָס זיינען געניצט געוואָרן אפילו אין די רעפֿאָרם־טעמפּלען, זיינען די אידישע קינדער „אינדאָקטרינירט" געוואָרן, פֿאַרסמ׳ט געוואָרן, הייסט עס, מיט פֿאַרשידענע פּאָליטישע, סעקולערע (וועלטלעכע) און נאַציאָנאַליסטישע אידעאָלאָגיעס, אַזוי האָבן עס דערקלערט די דזשודאַ־איסטן אין דער פּראָגראַם פֿון זייער שול־סיסטעם. אפילו „וועלטלעכע ענינים" האָבן זיי אויך ניט געוואָלט אין זייערע קינדער־ביכער. און די אייביקע אידישע בענקשאַפֿט נאָך אַן אייגענער היים איז ביי די קאָונסיל־לייט געווען פֿאַררעכנט פֿאַר אַ סעקולערן, וועלטלעכן ענין. בלויז — „רע־ליגיע". זיי זיינען געווען הייסט עס, פּויפּסטלעכער פֿון פּויפּסט. און ווען זיי האָבן גערעדט וועגן זייער אידישקייט, האָבן זיי געהאַלטן אין איין ווידערהאָלן, אַז זיי ווילן זיך צוריקקערן צום פּעריאָד פֿון די „פּראָפֿעטס", פֿון די נביאים, הייסט עס. די אידישע עטיק, די אידישע מאָראַל — דאָס איז געווען זייער הויפּט־לאָזונג. און זיי האָבן זיך דערפֿאַר פֿאַרנומען צו רעווידירן לויט זייער אייגענער איינשטעלונג די ביכער פֿון אידישער גע־שיכטע, מנהגים און ימים טובים. זיי האָבן אויך געשאַפֿן אַן אייגענעם קינדער־זשורנאַל מיטן נאָמען „גראָאינג אָפּ", וואָס מיינט — „וואַקסנדיק".

ווען זיי האָבן פֿאַרגעסן אַביסל אין זייער „פּאָליטיק" אין שייכות צו מדינת ישראל, האָבן די פֿירער פֿון קאָונסיל פֿאָר דזשודאַאיזם געקענט אָנשלאָגן אפילו אַן ערנסטן טאָן און מען מעג אפילו זאָגן אַן אויפֿריכטיקן טאָן. מיר גיבן דאָ איבער דעם פּונקט צוויי פֿון זייער דערציאונגס־פּראָגראַם, אָט ווי אַזוי ער איז אָפּגעדרוקט אין האַנט־בוך פֿאַר די לערער פֿון די דזשודאַאיסטישע שולן:

„מיר האָפֿן צו מאַכן דעם קינד׳ס פֿאַרבינדונג מיט אידישקייט אָנגענעם און אויפֿהאַלטן די דאָזיקע פֿאַרבינדונג אויף דער ניוואָ פֿון אַ גייסטיקער דערפֿאַרונג. מיר נעמען אין אונזערע שולן אָן אידישקייט אַלס אַ לעבעדיקע, באַלערנדע דערפֿאַרונג. און כאָטש מיר גלויבן,

אַז וויסן און פאַרשטאַנד זיינען וויכטיק, כדי ריכטיק אָפּצושאַצן אַ באַלערנדע רעליגיע, איז עס אָבער נישט אונזער ציל אין די דאָזיקע שולן צו דערציען קיין אַקאַדעמיקער. מירן אויפקלערן דעם דאָזיקן פּונקט אויף אַן אַנדער שטייגער: אונזער ציל איז צו פּרעזענטירן אידישקייט אַלס אַ לעבעדיקן גלויבן, וואָס האַלט זיך נאָך אין פאַר־באַנדערוויקלען, און אויב מען פאַרשטייט דעם גלויבן ריכטיק, קען ער נאָך געבן גייסטיקע שטאַרקייט אין אַ צייט, וואָס האָט ניט קיין גייסטיקע וואָרצלען".

דער קאָונסיל האָט אויך געהאַלטן, אַז מען דאַרף ניט דערציילן קינדער די געשיכטע פון אידישן פאָלק אויף אַן אופן, אַז עס זאָל „מאַכן דעם איינדרוק" אַז בלויז אידן זיינען אין מיטלאַלטער געווען אומגליקלעך, געיאָגט און געפּלאָגט. „מען דאַרף ניט מינימיזירן די טראַגעדיע, וואָס אידן האָבן איבערגעלעבט, מען דאַרף אָבער קלאָר מאַכן, אַז דער אידישער גורל איז געווען ענג פאַרבונדן מיט דעם גורל פון דער וועלט אין וועלכער זיי האָבן געלעבט".

און דער קאָונסיל האָט געזאָגט ווייטער אַזוי, און אַלץ אין די אָנווייזונגען צו די לערער פון די דזשודאַאיסטישע שולן: „כאָטש פיל אידן זיינען געווען מאַרטירער, זיינען אָבער די אידן אַלס גאַנצעס ניט דורכגעגאַנגען דורך דער געשיכטע אונטער דעם צייכן פון מאַרטירערטום און ליידן, ווי אַ געיאָגט און וואַנדערנדיק פאָלק (פּיפּל)". דערביי נוצן די דזשודאַאיסטן דאָס וואָרט פּיפּל אין גענזנפיסלעך, כדי ניט צו מאַכן, חלילה, דעם איינדרוק, אַז זיי האָבן זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ טעות און באַצייכנט די אידן אַלס אַ פאָלק.

און אָט דאָס איז ביים קאָונסיל געווען דער עיקר — צו „באַווייזן" און איינרעדן זיך אַליין, אַז אידן זיינען, הייסט עס, ניט קיין פאָלק. דערביי האָבן זיי זיך אפילו ניט אָפּגעשטעלט פון פאַרשפּרייטן די „טעאָריע" אַז די ליידן פון די אידן זיינען בלויז „אַלגעמיינע" ליידן. דער קאָונסיל האָט עס געזאָגט אַזוי: אידן האָבן געליטן, ווען עס זיינען געווען גרונט־כוחות אין דער וועלט, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט אומזיכערקייטן פאַר אַלע מענטשן. און דער קאָונסיל האָט אונטערשטראָכן טאַקע דאָס וואָרט „אַלע", כדי אידן זאָלן זיך חלילה, ניט איבערנעמען... דער קאָונסיל האָט ניט געוואָלט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי אַ „אידיש פּראָבלעם".

דאָך אָבער, כאָטש פאַר אַן „אונזעריקן" אידן איז עס שווער זיך פאָרצושטעלן, האָבן די פאָרשטייער פון אַמעריקען קאָונסיל פאַר דזשודאַאיזם גערעדט וועגן זיך, ווי וועגן „די אמת׳ע אידן". ערנסט האָבן די קאָונסיל־

לייט אויף זייער אייגענעם אופן גערעדט וועגן די פאַרשידענע אידישע ימים טובים. וועגן לערנען מיט די קינדער „שמע ישראל". וועגן דער שיינקייט פון שבת. וועגן דאַוונען, אַלץ לויטן רעפאָרם־איינפיר. אָבער פאָרט דאַוונען. מיט די קינדער האָט מען געלערנט די ברכות. דעם מאָדער־נעם העברעאיש פון ישראל האָבן זיי ניט אָנערקענט. בלויז דעם לשון קודש פון סידור. די פּראָגראַם זייערע האָט אויך אַריינגענומען געוויסע טיילן פון חומש און די נביאים.

ווען די אינגלעך און מיידלעך, וואָס האָבן געלערנט אין די דזשודאַ־איסטישע שולן, האָבן דערגרייכט די עלטער פון 15 יאָר, האָט מען זיי אָנגע־הויבן צוצוגרייטן צו דער צערעמאָניע פון קאָנפירמאַציע. פון קיין בר־מצוה האָבן די דזשודאַאיסטן, נאַטירלעך, ניט געהאַלטן. דערפאַר האָבן זיי אויך אין דעם דאָזיקן הינזיכט, נאָכגעטאָן די רעפאָרם־אידן „פון אַמאָל" און איינגעפירט די צערעמאָניע פון „איינשווערן", קאָנפירמירן, זייערע קינדער. אָבער ניט, חלילה, אַלס מיטגלידער פון ישראל, פון אידישן פאָלק, שטרייכן אונטער די פירער פון דזשודאַאיזם קאָונסיל, נאָר אַלס מיטגלידער פון דעם אידישן גלויבן, פון דער אידישער רעליגיע. די קאָנפירמאַציע צערעמאָניע איז געוויינלעך דורכגעפירט געוואָרן שבועות אין טעמפּל.

איבער אַכציק רעפאָרם־קאָנגרעגעישאָנס האָבן זיך באַנוצט מיט די מאַטעריאַלן פון אַמעריקען קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם, איז באַריכטעט געוואָרן.

די פירער פון קאונסיל זיינען אין זייער גאַנצער טעטיקייט געווען שטאַרק אַגרעסיוו און זיי האָבן אָרגאַניזירט אַ „נאַציאָנאַלע פּאָבליסיטי קאָמיטע", וואָס האָט געהאַט אָפּטיילונגען אין די וויכטיקסטע שטעט איבערן גאַנצן לאַנד און זיי האָבן געגרייכט די אַלגעמיינע פּרעסע, ראַדיאָ און טעלעוויזיע. אין זייער אַלגעמיינער אַנטי־ציון און שול־טעטיקייט האָבן די דזשודאַאיסטן אפילו איינגעפירט אַ ספּעציעל מימיאָגראַפירט בלעטל אין דער אידישער שפּראַך. אין אַלגעמיין האָבן זיי געשענקט גרויס אויפמערק־זאַמקייט צו דער פּרעסע און פאַר זייערע מיטגלידער געגעבן אַ וועכנטלעכן איבערזיכט פון די אידישע און העברעאישע צייטונגען און זשורנאַלן.

לויט ווי עס איז מיר דערקלערט געוואָרן אויף מיין באַזוך אין נאַ־ציאָנאַלן אָפיס, האָט דער אַמעריקען קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם געהאַט אַרום זעכצן טויזנט מיטגלידער. דער דורכשניטלעכער צוואוקס איז לויט זייער באַריכט, געווען אַרום הונדערט מיטגלידער אַ יאָר. אין 1948, ביים אויפקום פון מדינת ישראל, האָט דער קאונסיל געהאַט פאַרלוירן אַ היפּשע צאָל מיטגלידער. צווישן די פירער פון קאונסיל האָבן זיך אַלעמאָל אויך

געפונען אַ צאָל אידישע מיליאָנערן, אויף וועלכע מען האָט געקענט אפילו „געפינען אַ זכות״ און זאָגן, אַז אפשר זיינען זיי טאַקע ניט פון דעם בעסטן סאָרט אידן, אָבער ביי אידישקייט האָבן זיי זיך פאָרט געהאַלטן... טאַקע אַ מאָדנע סאָרט אידישקייט, אָבער דאָך אידן זיינען זיי. און וואָס די צוקונפט קען ברענגען? — ווער ווייסט! ווייל אָט האָבן מיר דאָך געזען, וואָס עס איז געוואָרן פון ראַבאַי יצחק מאיר ווייז׳עס סאָרט אידישקייט! אויף ער האָט פאַרדאַמט הערצל׳ען, פונקט ווי די דזשודאַאיסטן פון 20טן יאָרהונדערט האָבן פאַרדאַמט דוד בן גוריונ׳ען! און אין דער צוקונפט קען דאָס לעבן נאָך אָפּטאָן די דזשודאַאיסטן אַ שפּיצל און זייערע קינדער קענען נאָך ווערן אמת׳ע פריינט פון ישראל!.. דאָך אָבער ווייסן מיר, אַז ס׳איז שווער, און אפילו ביים בעסטן ווילן איז עס אוממעגלעך צו געפינען אַ זכות, אויף אידן, וועלכע האָבן זיך פאַרנומען מיט אַרבעטן קעגן דער יונגער אידישער מדינה און איר אָנטאָן צרות.

צום סוף, כדי צו פאַרענדיקן ווי ווייט מעגלעך, אין האָפענונגספולן טאָן, אַז די אייביקע אידישקייט וואָס האָט שוין אַלץ געזען, וועט אַלץ איבערלעבן, גיבן מיר דאָ איבער פונקט זעקס פון דער לער־פּראָגראַם פון אַמעריקען קאונסיל פאַר דזשודאַאיזם, וואָס זאָגט דאָס פאָלגנדע:

„מיר גלויבן אין אַמעריקאַנער אידישקייט. דאָס מיינט, אַז מיר גלויבן, אַז די דויערנדע אמת׳ן פון אידישקייט זיינען אוניווערסאַל און אַזוי ווי מיר זיינען אַמעריקאַנער אידן, האָבן מיר די רעכט — און מיר האָבן די גליקלעכע געלעגנהייט דאָס צו טאָן אין אמעריקע — צו נעמען דעם תוכן, די עסענץ — פון די דאָזיקע אוניווערסאַלע אמת׳ן און זיי באַקליידן אין דער רייכשאַפט און צוזאָג און האָפענונגפולקייט פון אונזערע אַמעריקאַנער לעבנס. אַזאַ מין סאָרט פּראָצעס, גלויבן מיר, וועט ברענגען אונזערע קינדער יענעם געפיל פון זיכערקייט און אידענטיפיצירונג מיט דעם אַמעריקאַנער לעבן, וואָס מיר אַלע האַלטן אַלס העכסטער ציל און גרעסטע פּריווילעגיע״.

## 35

# אידן אין אַמעריקע — פּיאָנערן אויפן געביט פון „ברענגען ליכט״ צו בלינדע אידישע מענער, פרויען און קינדער

**די „ניו יאָרק גילד פאַר אידישע בלינדע״, געגרינדעט אין 1914, ערשטע אָרגאַניזאַציע פון דעם דאָזיקן מין ביי אידן אין אַמעריקע. — די אָפּטיילונג פאַר קולטור און פאַרוויילונג. — ווי אַזוי מען פּראַוועט די אידישע ימים טובים מיט די בלינדע און ווי אַזוי עס ווערט געזאָרגט פאַר דער דערציאונג פון בלינדע אידישע קינדער, אָנהויבנדיק פון דריי, פיר יאָריקע בייבים. — לעאָפּאָלד דובאָוו, אַ רב'ס אַ זון, האָט אָרגאַניזירט דעם אידישן ברעיל אינסטיטוט, וועלכער האָט געשאַפן אַ העברעאישן אַלף בית פאַר בלינדע און אַרויסגעגעבן דעם גאַנצן תנ"ך. — אויך סידורים פאַר בלינדע זיינען שוין דאָ און עס ווערט אויך געפּלאַנט אַ פּאָפּולערע אויסגאַבע פון תלמוד פאַר בלינדע אידן. — די אַרבעט, וואָס ברעיל אינסטיטוט טוט פאַר בלינדע אין ישראל. — בלינדע לערער, וואָס גרייטן צו בלינדע אידישע קינדער צו בר מצוה.**

וואָס ווערט געטאָן אין ניו־יאָרק און איבער גאַנץ אַמעריקע לטובת די בלינדע אידישע קינדער און אויך לטובת די דערוואַקסענע בלינדע אידישע מענער און פרויען?

וואָס, למשל, ווערט געטאָן, אַז אַ אידיש אינגל, וואָס איז געבוירן געוואָרן אַ בלינדער, זאָל וויסן, אַז ער איז אַ איד און זאָל טאַקע קריגן וועלכע עס איז אידישע דערציאונג? ווי אַזוי ווערט אַ בלינד אידיש

אינגל צוגעגרייט צו בר מצוה? ווי אַזוי פּראַוועט מען, למשל, אַ סדר פאַר בלינדע אידישע מענער און פרויען? און אין אַלגעמיין, וואָס ווערט געטאָן אין דער אידישער אַמעריקע לטובת די טויזנטער בלינדע אידישע מענער און פרויען, אַז זייער שווערע דאָליע זאָל עטוואָס פאַרלייכטערט ווערן, סיי פיזיש, סיי גייסטיק?

אויף אָט די דאָזיקע און פיל אַנדערע פראַגן האָבן מיר געקראָגן אַן ענטפער אין אַ פּאָר אינסטיטוציעס, וואָס געפינען זיך אין ניו־יאָרק און וועלכע גיבן זיך אָפּ מיט העלפן די אידישע בלינדע, סיי אויף אַ לאָקאַלן, סיי אויף אַ נאַציאָנאַלן און אפילו אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב.

די ערשטע און די עלטסטע אידישע אינסטיטוציע פון דעם מין אין אַמעריקע איז די „ניו יאָרק גילד פאַר דהי דזשואיש בלאַינד", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1914 און האָט זיך געפונען אין איר אייגענער געביידע אויף 1880 בראָדוויי, ביים ראָג פון דער 62טער גאַס. די געביידע איז אַ גאַנץ גרויסע, באַשטייט פון פיר גאָרן און איז געבויט געוואָרן מיט אַ ברייטן פאַרנעם. הויך, אויבן, איבער דער ברייטער טיר, איז אויסגעקריצט אַן אויפשריפט, וואָס בלויז די פאַרשטענדעניש פאַר די טיפע מענטשלעכעליידן האָט אים געקענט צוזאַמענשטעלן. דער אויפשריפט לייענט זיך ווי פאָלגט: „פאַר די אַלע, וועלכע דאַרפן אין אַ וועלט פון אומ־באַשרייבלעכע שיינקייטן, פאַרברענגען אין שטענדיקער פינסטערניש, אָט איז ליכט!" (די ערשטע היים פון דער גילד פאַר אידישע בלינדע האָט זיך געפונען אויף 736 וועסט ענד עוועניו, ניו־יאָרק).

אָט איז ליכט! אַזוי זאָגט די אויפשריפט איבער דעם ברייטן אַריינגאַנג! און די ליגע פאַר אידישע בלינדע זאָגט אין יעדער ווענדונג אירער, אַז אַהער קענען אַריינקומען ניט בלויז אידן, נאָר מענטשן פון אַלע נאַציאָנאַ־ליטעטן! מענטשן פון אַלע ראַסן, מענטשן פון אַלע גלויבנס, מענטשן פון אַלע קאָלירן, קענען קומען אַהער און קריגן הילף, כדי צו דערזעען אין דער פינסטערניש די ליכטיקייט פון דער וועלט...

עטלעכע מאָל בין איך אַריינגעקומען אין דער דאָזיקער געביידע. עטלעכע מאָל בין איך דורכגעגאַנגען פון שטאָק צו שטאָק, פון צימער צו צימער, פון זאַל צו זאַל. און דערזען האָב איך פאַר זיך אַ וועלט אַ גאַנצע, וואו בלינדע מענטשן אַרבעטן, לערנען זיך מלאכות, לייענען, פאַרווײַלן זיך און וואו בלינדע קינדער, פון קינדערגאָרטן־עלטער אָן, הויבן אָן געלערנט צו ווערן, ווי אַזוי צו פירן „אַ נאָרמאַל לעבן", ניט זעענדיק די ליכטיקע שיין.

אָבער איידער מיר דערציילן איך גענוי וועגן דער „ניו יאָרקער גילד

פאַר אידישע בלינדע״, ווילן מיר אייך דאָ אָנווייזן, אַז אין ניו־יאָרק האָט אויך עקזיסטירט זינט 1931 דער אידישער ברעיל אינסטיטוט, וועלכער גיט זיך ספּעציעל אָפּ מיט פאַרשפּרייטן אידישקייט צווישן בלינדע אידן אין אַמעריקע, און גאַנץ באַזונדערס צווישן בלינדע אידישע קינדער.

מיר וועלן אין אונזער באַשרייבונג נאָך באַזונדערס זיך צוריקקערן צו דעם אידישן ברעיל אינסטיטוט. דערווייל אָבער וועלן מיר זיך אַוועקלאָזן אויף אַ טור איבער דער געביידע פון דער ניו־יאָרק גילד פאַר אידישע בלינדע, וועלכע איז, ווי געזאָגט, „אַ וועלט פאַר זיך״. פון דעם פּנקס פון דער אידישער קהילה פון ניו־יאָרק פון יאָר 1917—1918, דערוויסן מיר זיך, אַז שוין דאַן, ביים סאַמע אָנהויב, האָט די גילד געזוכט צו לערנען פאַרשידענע ספּעציעלע מלאכות די בלינדע אידישע מענער און פרויען. געהאָלפן די בלינדע צו קריגן באַשעפטיקונג. געהאָלפן זיי לערנען צו ווערן אַמעריקאַנער בירגער. געהאָלפן זייערע קינדער צו לערנען אַלגעמיינע לימודים און אויך אידיש וויסן.

ווען איך בין צום ערשטן מאָל פאַרבייגעגאַנגען די „ניו־יאָרק גילד פאַר אידישע בלינדע״, האָב איך, ניט וויסנדיק צוערשט, וואָס די דאָזיקע געביידע שטעלט מיט זיך פאָר, באַמערקט אין די פענסטער אַן אויסשטעלונג פון פּרעכטיקע ליאַלקעס. די דאָזיקע ליאַלקעס זיינען געמאַכט געוואָרן אין די העלסטע קאָלירן, און זיי ציען אייך צו מיט עפּעס אַ מאַגנעטישער קראַפט. קוקנדיק אויף זיי, פילט איר עפּעס ווי עמיצער האָט אין די דאָזיקע שטומע באַשעפענישן אַריינגעטאָן שטיקער לעבן. שפּעטער אָבער, ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דער דאָזיקער אינסטיטוציע, און זיך דערוואוסט פון וואַנען די דאָזיקע טראַגישע ליאַלקעס קומען, איז מיר קלאָר געוואָרן די מיסטישע געהיימניש. די דאָזיקע ליאַלקעס זיינען געמאַכט געוואָרן פון בלינדע מענטשן. איך האָב עטלעכע מאָל דורכגעשפּאַצירט די ליאַלקע־פאַבריק אין דער ניו־יאָרקער גילד פאַר אידישע בלינדע. איך האָב געזעען די בלינדע מענער און פרויען, ווי זיי גיבן אַריין זייער גאַנצע בלינדע ליבשאַפט אין זייערע שאַפונגען. קוקנדיק אויף די דאָזיקע אַרבעטער, ווי אַזוי זיי שטייען אין זייער אייביקער פינסטערער וועלט און שמייכלען כמעט אָן אַן אויפהער און מיט זייערע געניטע פינגער האַלטן זיי אין צוקלייבן די פאַרשיידענע טיילן פון די ליאַלקעס, קריגט איר עפּעס אַ גאָר נייעם באַגריף וועגן דער שטאַרקייט און העלדנמוט פון דעם מענטשלעכן מין.

אין דער ניו־יאָרק גילד פאַר אידישע בלינדע האָבן געאַרבעט ביי פאַרשידענע ווערקשטאַטן אַרום צוויי הונדערט מענטשן. פון די דאָזיקע 200

— זיינען איבער 150 — בלינדע. די בלינדע מענער און פרויען אַרבעטן אויך ביי פאַרשידענע שניידערישע מלאכות. אַ גאַנץ באַזונדער פאַך, ביי וועלכן די בלינדע צייכענען זיך אויס, איז דאָס אויסאַרבעטן צירונג. יעדער אַרבעטס־אָפּטיילונג ווערט פאַרוואַלטעט פון אַ צאָל זעעוודיקע מענטשן.

אַ גאַנץ באַזונדער דעפּאַרטמענט איז די אָפּטיילונג פאַר קולטור און פאַר־ווײַלונג, וואו אונטער דער אָנפירערשאַפט פון פּראָפעסיאָנעלע סאָציאַלע גרופּען־אָנפירער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גאַנצע ריי קלובן, ווי: אַ דראַמאַטישער קלוב, אַ כאָר, אַ קלוב פאַר טענץ, אַ קלוב פר דיסקוסיעס און אַ. וו. יעדן מיטוואָך ווערט דורכגעפירט אַן אַלגעמיינער טאַנץ־אָוונט. עס ווערן אויך אָרגאַניזירט עקסקורסיעס. באַזוכן אין פאַרשידענע היסטאָרישע פּלעצער. אין מוזעאומס און אַ. וו. עס ווערט דורכגעפירט אַ טראַדיציאָנעלער יער־לעכער פּורים־באַנקעט. אַזוי ווי חנוכה און קריסטמעס פאַלן אָפּט אויס כמעט אין דער זעלבער צייט, ווערט אין דער ליגע פאַר אידישע בלינדע, וואָס האַלט אָן דעם „נאָן סעקטעריען״ כאַראַקטער, דורכגעפירט אַ קאָמבי־נירטע „חנוכה־קריסטמעס פּאַרטי״. אין דעם הויפּט־זאַל פון דער גילד ווערט אויך יעדן יאָר דורכגעפירט אַ מוסטער סדר.

אין גאַנץ אַמעריקע איז די צאָל בלינדע אין 1957 געווען איבער 320 טויזנט. פון דער דאָזיקער צאָל זיינען צוועלף טויזנט געווען בלינדע אידישע מענער, פרויען און קינדער. די צאָל בלינדע קינדער ביים געבורט איז היפּש פאַרגרעסערט געוואָרן אין דער מאָדערנער צייט, צוליב דעם, וואָס די וויסנשאַפט האָט דערפונדן אַ מיטל ווי אַזוי צו ראַטעווען פּריצייטיק געבוירענע קינדער. מען לייגט די דאָזיקע קינדער, ווי באַוואוסט, אַריין אין אינקובאַטאָרס. מען האָט זיך אָבער געכאַפּט, אַז דער זויער־שטאָף, וואָס די עופה׳לעך אָטעמען אַריין, באַשעדיקט אָפּט זייער זע־קראַפט. די מעדיצין האָט אָנגעהויבן זוכן מיטלען צו פאַרמיידן אַזעלכע אומגליקן, אָבער דאָך איז די צאָל בלינדע קינדער געוואַקסן. די ניו־יאָרקער גילד פאַר אידישע בלינדע האָט דערפאַר באַשלאָסן צו שאַפן אַ פּאָר ספּעציעלע „קינדער נוירסעריס״, וואו די דאָזיקע בלינדע קינדער הויבן אָן אין זייער פריסטער עלטער — פון דריי יאָר און העכער — געלערנט צו ווערן ווי אַזוי צו פירן „אַ נאָרמאַל לעבן״ אין זייער וועלט פון בלינדקייט. אַ ספּעציעלע גרופּע לערערינס איז אויסגעשולט געוואָרן דורך דער גילד, כדי צו לערנען מיט די דאָזיקע קינדער. די דאָזיקע „נוירסעריס״ זיינען באַטראַכט געוואָרן אַלס אַ גאָר וויכטיקער אויפטו פון דער גילד פאַר אידישע בלינדע.

גאָר באַזונדערס שטאָלץ איז די גילד מיט איר ביבליאָטעק, די גרעסטע

פון איר מין אין גאַנץ אַמעריקע און וואָס באַשטייט פון ברעיל ביכער געשריבן מיט דער האַנט. ברעיל איז אַ ספּעציעלע סיסטעם פון שרייבן און דרוקן ביכער מיט ספּעציעלע פּינטעלעך און פּאַסיקלעך, וואָס ווערן אַרויסגעהויבן אויף דעם ספּעציעלן פּאַפּיר, וואָס איז היפּש ווייך און דיק. אַ בלינדער פראַנצויזישער מוזיקער, מיט דעם נאָמען ברעיל, האָט די דאָזיקע סיסטעם דערפונדן. די ביבליאָטעק פון דער גילד איז באַשטאַנען פון איבער פינף טויזנט ביכער און די ביכער ווערן אויסגעליען צו בלינדע, ניט בלויז פון ניו־יאָרק, נאָר פון גאַנץ אַמעריקע און פון קאַנאַדע. די גאַנצע אַרבעט פון שרייבן אָדער „אויסשטעכן" די אותיות אין די ביכער, איז געטאָן געוואָרן פון וואָלונטירן, וועמענס צאָל האָט געגרייכט נאָענט צו צוויי הונדערט. די ליגע פאַר אידישע בלינדע האָט אויך איינגעפירט אַ ספּעציעלע באַדינונג פאַר בלינדע סטודענטן, פּראָפעסאָרן, פאַרשידענע פּראָפעסיאָנאַלן.

די ספּעציעלע באַדינונג באַשטייט אין צוגרייטן ביכער פאַר בלינדע לויט באַשטעלונג. דאָס מיינט, אַז ווען אַ בלינדער סטודענט וויל שטודירן אַ געוויסן לימוד, און עס זיינען ניטאָ קיין טעקסט־ביכער פאַר בלינדע אויף דעם דאָזיקן געביט, וועט די ליגע ספּעציעל פאַר דער דאָזיקער בלינדער פּערזאָן אָנשרייבן דאָס בוך אין ברעיל־שריפט. די ביבליאָטעק פון דער ליגע שטייט אין פאַרבינדונג מיט דער קאָנגרעס־ביבליאָטעק אין וואַשינגטאָן און ווען אַ ניי בוך ווערט געשריבן, געפינט מען צוערשט אויס, אויב אַזאַ בוך עקזיסטירט ניט פון פריער. די ליגע האָט אויך אָנגעהאַלטן אַ ספּעציעלע באַדינונג פון וואָלונטירן פאָרלייענער, וועלכע האָבן געגעבן זייער צייט פריי צו בלינדע סטודענטן, כדי פאַר זיי פאָרצולייענען זייערע לעקציעס. די וואָלונטירן לייענען אויך פאָר פאַר סתם בלינדע מענטשן און ניט בלויז פאַר סטודענטן. מען לייענט אויך פאָר פאַר די בלינדע, וואָס פאַרלאַנגען עס, די טעגלעכע פּרעסע. פאַר די, וואָס פאַרלאַנגען, לייענט מען אויך פאָר פון די אידישע צייטונגען, זשורנאַלן און ביכער.

***

דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט פון אַמעריקע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1931, כדי צום ערשטן מאָל אין דער אידישער געשיכטע צו געבן אַ געלעגנהייט בלינדע אידישע מענער און פרויען, און בלינדע אידישע קינדער, צו געניסן פון דעם אייביקן קוואַל פון אידישן וויסן. דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון לעאָפּאָלד דובאָוו, וועלכער איז בלינד געוואָרן אַלס קינד פון זעקס יאָר, און האָט

שפּעטער זיין גאַנץ דערוואַקסן לעבן געווידמעט צו דעם געדאַנק פון שאַפן אַ אידישקייט־באַוועגונג פאַר בלינדע. לעאָפּאָלד דובאָוו איז געווען אַ זון פון אַ רב און אַלס בלינד אידיש קינד אין צאַרישן רוסלאַנד האָט ער ניט געהאַט די געלעגנהייט צו לערנען אין די צאַרישע שולן פאַר בלינדע. האָט זיין פאָטער דערפאַר אַריבערגעפירט די פאַמיליע קיין ענגלאַנד, און שפּעטער קיין אַמעריקע, וואו לעאָפּאָלד דובאָוו האָט געקראָגן אַ פולע דערציאונג, און האָט שפּעטער אַנטוויקלט דעם געדאַנק פון שאַפן אַ באַוועגונג צו העלפן אידישע בלינדע אין זייער גייסטיקער אַנטוויקלונג. עס האָט זיך איינגעגעבן לעאָפּאָלד דובאָוו׳ן צו פאַראינטערעסירן אַ צאָל געזעלשאַפטלעכע טוער און אַ צאָל פּראָמינענטע רבנים און לערער, און עס איז אַזוי אַרום געשאַפן געוואָרן דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט.

די ערשטע וויכטיקע אונטערנעמונג פון דעם אינסטיטוט איז געווען די גרינדונג פון דער „דזשואיש ברעיל רעוויו", אַ מאָנאַטלעכער זשורנאַל, וועלכער ווערט געדרוקט אין די ספּעציעלע ברעיל צייכנס און אַנטהאַלט געקליבענע אַרטיקלען וועגן אידן און אידישקייט. אייגזעענדיק דעם שנעלן דערפאָלג פון דעם מאָנאַטלעכן זשורנאַל, האָט דער ברעיל־אינסטיטוט באַשלאָסן אין יאָר 1932 צו שאַפן די „דזשואיש ברעיל לאַיברערי", וואָס דאָס מיינט אַ ספּעציעלע ביבליאָטעק פון ביכער פון אידישן אינהאַלט, געדרוקט אין ברעיל. אין 1935 האָט די „דזשואיש ברעיל רעוויו" אָנגעהויבן אַרויס־צוגעבן אַ ספּעציעלע מאָנאַטלעכע ביילאַגע פאַר בלינדע אידישע קינדער, מיט געקליבענע מעשה׳לעך, לידער און באַשרייבונגען פון אידישן אינהאַלט.

אין 1936 האָט דער ברעיל־אינסטיטוט, מיט דער הילף פון אַ גרופּע אידישע געלערנטע, אויסגעאַרבעט אַן אינטערנאַציאָנאַלן העברעאישן אלף בית פאַר בלינדע. דער אלף בית איז געווען בלויז פאַר העברעאיש צוליב די נקודות, וואָס האָט אין דער ברעיל־שריפט געשאַפן גאַנץ באַזונדערע שוועריקייטן. אין 1945 איז געשאַפן געוואָרן אַ באַזונדערער אלף בית אויך פאַר אידיש. גייענדיק אַלץ פאָראויס, האָט דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט דורכגעפירט אַלץ געוואַגטערע פּראָיעקטן. אַזוי אַז אין 1945 האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען אַ ספּעציעלער זשורנאַל פאַר בלינדע מוזיקער און מוזיק־ליבהאָבער. לעאָפּאָלד דובאָוו, דאַרפן מיר דאָ באַמערקן, איז געווען אַ פּראָ־פעסיאָנעלער מוזיקער יאָרן לאַנג. אָבער ערשט אין יאָר 1950 האָט דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט באַוויזן צו דערגרייכן זיין גרעסטן אויפטו און דאָס איז, אַרויסצוגעבן צום ערשטן מאָל דעם גאַנצן תנ״ך אין אָריגינאַל, געדרוקט אין דעם ספּעציעלן העברעאישן שריפט פאַר בלינדע. דער דאָזיקער

אויפטו איז ברייט באַגריסט געוואָרן ניט בלויז אין דער אידישער וועלט, נאָר אויך אין דער קריסטלעכער אַלס אַ גאָר גרויסע דערגרייכונג. אַזאַ צייטונג ווי די „ניו יאָרק טיימס“, וועלכע ווייסט ווי אַזוי אָפּצושאַצן וויכטיקע געשעענישן אין דער געהעריקער פּערספּעקטיוו, האָט דער דאָזיקער דער־שיינונג געשענקט אַ היפּש לאַנגע באַשרייבונג מיט פיל דעטאַלן.



לעאָפּאָלד דובאָוו

גרינדער פון אידישן ברעיל־אינסטיטוט, וועלכער האָט אַנטוויקלט אַ באַוועגונג פון אידישקייט פאַר בלינדע אין אַמעריקע און איבער דער גאַנצער וועלט.

אָבער דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט האָט זיך אויך ניט אָפּגעשטעלט בלויז ביי דער ביבל. אין יאָר 1955 איז צום ערשטן מאָל דערשינען דער ערשטער העברעאיש־ענגלישער סידור פאַר בלינדע. דאָס דאָזיקע סידור אַנטהאַלט דעם גאַנצן דאַוונען פאַר שבת און יום־טוב און באַשטייט פון עלף בענדער. דאָס סידור איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין אָנדענק פון די צוויי גרויסע אידישע געלערנטע דר. לוי גינצבורג און דר. אַלעקסאַנדער מאַרקס, וועלכע זיינען איבער פופציק יאָר געווען פאַרבונדן מיט דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. דער ערשטער גרויסער סידור פאַר בלינדע איז אַרויס־

געגעבן געוואָרן מיט הילף פון דער נאַציאָנאַלער פּרויען ליגע ביי דעם פאַרבאַנד פון קאָנסערוואַטיווע סינאַגאָגן אין אַמעריקע (יונייטעד סינאַגאָג).

די ערשטע פּרויען־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך געשטעלט אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער באַוועגונג צו העלפן פאַרשפּרייטן אידישקייט צווישן די אידישע בלינדע, איז געווען די „נעשאָנאַל פעדערעישאָן אָוו טעמפּל סיסטערהודס", וואָס דאָס איז דער פאַרבאַנד פון די פרויען־גרופּען ביי די רעפאָרם טעמפּלען אין אַמעריקע. די דאָזיקע פרויען האָבן נאָך פאַר דער גרינדונג פון דעם אידישן ברעיל־אינסטיטוט זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען אַ צאָל ביכער, געדרוקט אין ענגלישן ברעיל, ביכער פון אַלגעמיינעם אינ־האַלט, און אויסלייען די ביכער צו בלינדע אידישע מענער און פרויען. אַזוי, אַז ווען לעאָפּאָלד דובאָוו האָט אַנטוויקלט זיין פּלאַן פון אָנהויבן אַרויסצוגעבן אַ ספּעציעלן זשורנאַל פאַר אידישע בלינדע, האָט ער אין די פרויען פון דער אידישער רעפאָרם־באַוועגונג אָנגעטראָפן אויף אַ פריינטלעכן אָפּרוף. דערצו האָט נאָך אַרויסגעהאָלפן מיט ראַט און טאַט אַ פּראָמינענטער רעפאָרם־ראַבאַי מיכאל אַראָנסאָן, פון סינסינעטי, אָהייאָ, וועלכער איז צוריק־געקומען אַ בלינדער פון דער ערשטער וועלט־מלחמה.

פינף יאָר צייט האָט עס גענומען, ביז עס איז צוגעגרייט געוואָרן די ערשטע אויסגאַבע פון תנ"ך אין העברעאיש פאַר בלינדע, וואָס באַשטייט פון איבער דריי טויזנט זייטן אין צוואַנציק בענדער. און וויסן דאַרף מען, אַז די ברעיל־ביכער זיינען מערסטנס פון דעם פאָרמאַט פון די גרויסע טעלעפאָן ביכער און דאָס פּאַפּיר אויף וועלכן זיי זיינען געדרוקט געוואָרן איז באַזונדערס דיק. אָנגעהויבן האָט זיך די אַרבעט פון אַרויסגעבן דעם תנ"ך יאָרן פריער, דורך באַשטימען אַן אינטערנאַציאָנאַלן קאָמיטעט פון פּראָמינענטע אידישע געלערנטע, וואָס זאָלן העלפן אין דער אויסאַרבעטונג פון אַן איינהייטלעכן אַלף בית פאַר אידישע בלינדע. אין יאָר 1936 איז אָנגענומען געוואָרן דער ערשטער אלף בית, וועלכער איז אויסגעפּרובירט געוואָרן אין משך פון עטלעכע יאָר. אין יאָר 1946 איז דער אלף בית, מיט אייניקע ענדערונגען, אָנגענומען געוואָרן אַלס דער אינטערנאַציאָנאַלער העב־רעאישער אַלפאַבעט. דער דאָזיקער אלף בית איז אַ פאָנעטישע אַדאָפּטירונג פון ענגלישן אַלפאַבעט. אַן „עי" איז אַן אַלף. אַ „בי" איז אַ בית. אַ „די" איז אַ דלת. און אַ. וו. כדי ניט צו מאַכן דעם ענין מער קאָמפּליצירט, איז באַשלאָסן געוואָרן צו דרוקן די העברעאישע טעקסטן פאַר בלינדע אין דער זעלבער אָרדענונג ווי ענגליש, דאָס הייסט, פון לינקס צו רעכט.

אין דעם קאָמיטעט, וואָס האָט געהאַט דעם אויפזיכט איבער דער

צוגרייטונג פון תנ״ך פאַר בלינדע, זיינען געווען פאַרטראַטן אַלע אידישע רעליגיעזע גרופּירונגען, ווי פאָלגט: דר. שמואל בעלקין און דר. לעאָ יאָנג פון ישיבה־אוניווערזיטעט; דר. ה. א. גינזבערג און דר. ראָבערט (ראובן) גאָרדיס, פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר; דר. דזשוליאַן מאָרגנשטערן און דר. הערי אָרלינסקי, פון היברו יוניאָן קאָלעדזש; ראַבאַי סטיפען ווייז, ע״ה, פון דזשואיש אינסטיטוט אָוו רעלידזשאָן; דר. אברהם ניומאַן, פון דראָפּסי קאָלעדזש; און דר. טעאָדאָר גאַסטער, הויפּט פון דער העברעאישער דיוויזיע פון דער ביבליאָטעק פון אַמעריקאַנער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן.

אינטערעסאַנט איז דאָ צו דערמאָנען, אַז עס איז געווען איין פרוי, איר נאָמען איז מרס. הערי א. קאָל, פון קליוולאַנד, אָהייאָ, וועלכע האָט איינע אַליין „אויסגעשטאָכן״ די ברעיל אותיות פון דעם גאַנצן העברעאישן טעקסט פון תנ״ך פאַר בלינדע, כדי צו שאַפן די אָריגינעלע מעטאַלענע טאָוולען, פון וועלכע די ביכער זיינען געדרוקט געוואָרן.

כדי צו קריגן אַ גענוי בילד פון דער אַרבעט פון דעם אידישן ברעיל־אינסטיטוט, האָב איך אָפּגעשטאַטעט עטלעכע באַזוכן אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע. אָבער, ליידער, האָב איך דעם גרינדער, לעאָפּאָלד דובאָוו׳ן, שוין ניט באַוויזן צו קענען פּערזענלעך. לעאָפּאָלד דובאָוו, איז אין דער עלטער פון 75 יאָר, געשטאָרבן אין אָקטאָבער, 1955. עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט איז דער ברעיל־אינסטיטוט אַריבערגעפירט געוואָרן פון זיין לאַנגיאָריקער היים, אויף 1846 העריסאָן עוועניו, אין די בראָנקס, וואָס איז צווישן די אידישע בלינדע געווען אַ באַרימטער אַדרעס. די נייע היים פון אידישן ברעיל־אינסטיטוט איז געווען אויף 101 וועסט 55טע גאַס, ראָג זעקסטע עוועניו, עטלעכע טירן פון דעם באַרימטן ניו־יאָרקער סיטי סענטער. דער נייער עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון אידישן ברעיל־אינסטיטוט איז געווען דר. דזשעיקאָב פריד, אַן אַמעריקאַנער געבוירענער יונגער אידישער געלערנטער, וועלכער האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט דע דאָזיקער אַרבעט צוערשט אַלס וואָלונטיר און דערנאָך איז ער אַזוי אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער דאָזיקער נאָבעלער אונטערנעמונג, אַז ער האָט באַשלאָסן צו ווידמען זיך צו איר מיט זיין גאַנצער ענערגיע און אַלע זיינע פעאיקייטן. דר. פריד איז פריער געווען פאַרבונדן מיט דער אַמעריקען דזשואיש קאָמיטע און מיט דעם אידישן קאָנגרעס. ער איז געווען אַ לערער אין אַ צאָל הויכשולן.

די אַרבעט פון דעם אידישן ברעיל־אינסטיטוט איז אויסגעשפרייט געוואָרן ניט בלויז איבער גאַנץ אַמעריקע, נאָר איבער דער גאַנצער וועלט, האָט מיר אויפגעקלערט דר. פריד. גאַנץ באַזונדערס ווערט געשענקט פיל אויפמערק־

זאַמקייט צו מדינת ישראל, וואו עס זיינען דאָ אַ היפּש ביסל אידישע בלינדע און פאַר זיי ווערט עס אין ניו־יאָרק געשאַפן אַ באַדייטנדע ביבליאָטעק פון ביכער אין העברעאיש. די ביבליאָטעק, וואָס דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט האָט געשאַפן, איז די איינציקע און במילא שוין אויך די גרעסטע אין דער גאַנצער וועלט. אַלע ביכער, נאָענט צו טויזנט טיטולן, זיינען פון אידישן אינהאַלט. אַרום צען פּראָצענט פון זיי זיינען אין העברעאיש. די איבעריקע זיינען אין ענגליש. צוליב דעם, וואָס עס איז שווער אויסצולערנען עלטערע מענטשן נייע זאַכן, איז ניטאָ קיין שטאַרקע נאָכפראַגע אויף ברעיל־ביכער אין אידיש. דערפאַר האָט דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט אָבער געשאַפן „רעדנדיקע ביכער" אויף דער אידישער שפּראַך. די דאָזיקע ביכער זיינען באמת פאָנאָגראַף פּלאַטן, רעקאָרדס אויף אידיש. אָבער אין דער פאָרם פון אַ בוך אָדער אַלבאָם. די צוויי אידישע ראַדיאָ־אַנאָנסערס און פאָרלייענער, צבי סקולער און בען באַסענקאָ, האָבן וואָלונטירט און אַריינגעלייענט די ווערק פון שלום עליכם, באַזונדערס די מאָנאָלאָגן פון טוביה דער מילכיקער. עס איז אויך געפּלאַנט געוואָרן צו שאַפן אַזעלכע „רעדנדיקע ביכער" פון די ווערק פון אַ צאָל אַנדערע אידישע שרייבער. עס איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז די נויטווענדיקייט פאַר אַזעלכע רעדנדיקע ביכער אין אידיש איז געוואָרן גרעסער, צוליב דעם, וואָס דער לעבנסשפּאַן פון מענטשן אין די מאָדערנע צייטן איז פאַרלענגערט געוואָרן און במילא איז די צאָל עלטערע מענטשן אויך פאַרגרעסערט געוואָרן.

אָבער הויפּטזעכלעך האָט דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט זיך אָנגענומען הויבן אָפּצוגעבן מיט שאַפן לייען־ביכער און טעקסט־ביכער צום לערנען בלינדע אידישע קינדער אין אַמעריקע אידישקייט. יעדעס יאָר האָט דער ברעיל־אינסטיטוט געשאַפן עטלעכע צענדליק נייע ביכער פאַר בלינדע אידישע קינדער. די העברעאישע לערן־ביכער פאַר אָנפאַנגער ווי „ראשית דעת", „ספרי", „ספר הקריאה", „סידור שלה" זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין ברעיל. אַזוי אויך פיל פון די העברעאישע לייען־ביכלעך, וואָס דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן.

גאָר באַזונדערס איז אינטערעסאַנט די אַרבעט, וואָס דער אינסטיטוט האָט אָנגעפירט אויף דעם געביט פון צוגרייטן בלינדע אידישע אינגלעך צו בר מצוה. פון פאַרשידענע שטעט אין אַמעריקע האָט מען זיך געווענדט צום אינסטיטוט, אַז ער זאָל צושיקן די נויטיקע מאַטעריאַלן פאַר די בר־מצוה בחורים. אינטערעסאַנט איז אויך, אַז די פאַרשידענע סדרות פון דער וואָך, מיט די געהעריקע הפטורה'ס זיינען צוגעגרייט געוואָרן ספּעציעל פאַר

בלינדע. דער אידישער ברעיל־אינסטיטוט האָט באַשעפטיקט עטלעכע לערער פון העברעאישן ברעיל, וועלכע האָבן זיך גאַנץ באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט צוגרייטן אינגלעך צו בר־מצוה.



אַ בילד פון אַ בלינד אידיש אינגל, וועלכער קריגט זיין אידישע דערציאונג דורך דעם אידישן ברעיל־אינסטיטוט.

מיט איינעם אַזאַ לערער האָב איך זיך באַקאַנט אויף אַ גאַנץ נאָענטן אופן. איך האָב אים אויך באַזוכט אין זיין היים. דער נאָמען פון דעם

דאָזיקן לערער איז אליעזר כ״ץ. און ניט בלויז האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען בלינדע אידישע קינדער, נאָר ער האָט אויך פאַרפאַסט אַ ספּעציעל בוך פון העברעאישן ברעיל, סיי פאַר בלינדע, סיי פאַר זעעוודיקע. דאָס מערקווירדיקסטע אָבער אין דעם דאָזיקן פאַל איז געווען דער פאַקט, וואָס אליעזר כ״ץ איז אַליין געווען בלינד, בלינד אויףביידע אויגן. בלינד איז אליעזר כ״ץ געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון אַן אומגליקס־פאַל, וואָס ער האָט געליטן, אַרבעטנדיק אין ירושלים׳ער אוניווערזיטעט. אליעזר כ״ץ איז געקומען זיך היילן אין אַמעריקע און איז שוין דאָ פאַרבליבן. מיט זיין אַרבעט צווישן אידישע בלינדע אין ניו־יאָרק האָט אליעזר כ״ץ אַרויסגערופן צו זיך גרויס פאַרערונג. אליעזר כ״ץ פלעגט גיין איבער די ניו־יאָרקער גאַסן, אָן דער הילף פון אַ הונט. ער פלעגט אַזוי גיין און געבן זיינע לעקציעס צו בלינדע. אויסער דעם האָט אַלעס האָט אליעזר כ״ץ געווידמעט זיין צייט צו אַ גרויסער אונטערנעמונג — צו שאַפן אַ קאָנקאָרדאַנץ איבערן תנ״ך און קלאַסי־פיצירן די פאַרשידענע געגנשטאַנדן, וואָס ווערן דערמאָנט אין חומש.

איינער פון די פּלענער, וואָס דער ברעיל־אינסטיטוט האָט געהאַט, איז געווען איינצופירן אין די אידישע לערער־סעמינאַרן אַ לימוד פון העברע־אישן ברעיל. אַזוי, אַז אַ צאָל אידישע לערער אין אַמעריקע זאָלן קענען אויפן פּלאַץ, אין די שטעט, וואו זיי געפינען זיך, לערנען אידישקייט מיט די לאָקאַלע בלינדע אידישע קינדער.

איינער אַ לערער אַזאַ, וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף דעם געביט פון לערנען אידישקייט מיט בלינדע אידישע מענער און פרויען, און גאַנץ באַזונדערס מיט אידישע קינדער, איז געווען דער באַוואוסטער אידישער סאָציאַלער טוער און פאָרשער וואָלטער דוקאַט. מר. דוקאַט, וועלכער האָט פּיל געשריבן וועגן פאַרשידענע אידישע פּראָפּעסיעס אין אַמעריקע, ווייזט זיך אַרויס, האָט אין משך פון איבער צען יאָר זיך ספּעציאַליזירט אַלס לערער פאַר בלינדע אידישע קינדער אין דעם „ניו יאָרק אינסטיטוט פאַר עדיו־קעישאָן אָוו בלאַינד״, וואָס געפינט זיך אויף 999 פּעלהאַם פּאַרקוועי, אין די בראָנקס. דאָס איז אַ רעגירונגס שול פאַר בלינדע, וואָס טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַ פּאָבליק סקול און האַי סקול, און מען לערנט דאָרט אויך די בלינדע פאַרשידענע פאַסנדע פאַכן. אַרום פערציק אידישע קינדער לערנען אין דער דאָזיקער שול. איין מאָל אַ וואָך ווערט מיט די דאָזיקע קינדער געלערנט אידישקייט לויט דעם זעלבן מוסטער ווי די „רעליסד־טאַים״ (די רעליגיעזע שעה) אין די פּאָבליק סקולס. וואָלטער דוקאַט איז געווען זייער לערער און, לויט ווי ער האָט מיר איבערגעגעבן, זיינען די

בלינדע אידישע קינדער שטאַרק פאַראינטערעסירט אין זייערע אידישע לימודים, וואָס באַשטייען מערסטנס אין באַקענען זיי מיט די פאַרשידענע אידישע ימים טובים, מיט אַ צאָל אידישע דינים און מיט אידישער געשיכטע. פאַר זייער בר מצוה ווערן די קינדער צוגעגרייט גאַנץ באַזונדערס. אינטע־רעסאַנט איז דאָ צו דערמאָנען, אַז וואָלטער דוקאַט האָט אין די וויק־ענדס אויך אָנגעפירט מיט דער רעליגיעזער אַרבעט אין דער היים פאַר בלינדע אידישע מענער און פרויען, וואָס די ניו־יאָרק גילד האָט אויפגעהאַלטן אין יאָנקערס.

סיי מיט די עלטערע אידישע מענער און פרויען, סיי מיט די יונגע אידישע קינדער, ווערן גאַנץ באַזונדערס געפייערט די פאַרשידענע אידישע ימים טובים. איינע פון די סאַמע פּאַטעטישסטע בילדער, וואָס איז מיר אויס־געקומען צו זען, איז ווי די צוויי בלינדע אַמעריקאַנער אידישע אינגעלעך לערנען זיך צו זאָגן די הגדה אין דער ברעיל־שריפט, און מיט זייערע צאַרטע פינגערלעך טאַפּן זיי די אותיות.

יאָ! אידישקייט אין אַמעריקע געפינט אויך דעם וועג אין דער פינסטערניש...

## 36

# אַמעריקאַנער אידן האָבן אויפגעבויט די בעסטע שול אין דער וועלט פאַר טויב־שטומע קינדער

אויך אַ צאָל וויכטיקע אָרגאַניזאַציעס צו העלפן געזעלשאַפטלעך און קולטורעל די טויב־שטומע, האָבן אידן אין אַמעריקע געשאַפן. — אַ באַזוך אין דער „היברו אַסאָסיאיישאָן אָוו דהי דעף". — דריי הונדערט טויב־שטומע אידן „זאָגן" יזכור. — אויף אַן אונטער־נעמונג לכבוד שמחת תורה מיט זעקס הונדערט טויב־שטומע. — די „לעקסינגטאָן סקול פאָר דהי דעף", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אידן אין ניו יאָרק אין 1864. — ווי אַזוי מ'לערנט אידישקייט מיט די טויב־שטומע קינדער. — די מעטאָדן פון דער לעקסינגטאָן שול ווערן אַריבערגעפירט אין שולן פאַר טויב־שטומע איבער דער גאַנצער וועלט און אויך אין מדינת ישראל.

עס איז געווען אום יום כפור, ווען אַרום דריי הונדערט אידן, מענער, פרויען און קינדער, האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעם געמיינדע־הויז פון דער סענטראַל סינאַגאָג, אויף 35 איסט 62טע גאַס, אין מאַנהעטן, און אָפּגעריכט די הייליקסטע אידישע צערעמאָניעס פון אַ גאַנץ יאָר. צו דער זעלבער צייט האָבן זיך נאָך צוויי הונדערט אידן פאַרזאַמלט אין דער ספּעציעלער שול אויף 171 וועסט 85טע גאַס, אויך אין מאַנהעטן, און דורכגעפירט דאָס יום־כפור׳דיקע דאַווענען. איןביידע פאַרזאַמלונגס־פּלעצער האָט מען אָבער ניט געהערט דאָס געוויינלעכע אידישע נאָכזאָגן פון די טראַדיציאָנעלע, אייביקע אידישע תפילות. אין ביידע פלעצער האָט אין דעם הייליקסטן טאָג פון

אַלע טעג געהערשט כמעט אַ פולשטענדיקע שטילקייט. און דאָס איז געווען דערפאַר, ווייל אַלע פאַרזאַמלטע אידן זיינען געווען טויב־שטומע!

איינגעאָרדנט די רעליגיעזע צוזאַמענקונפטן פאַר די טויב־שטומע אידן האָט די ספּעציעלע געזעלשאַפט, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דהי היברו אַסאָסי־איישאַן פאָר דהי דעף", וואָס האָט געהאַט איר אייגענע היים זינט 1950 אויף 171 וועסט 85טע גאַס, אַ צוויי בלאָקס פון בראָדוויי. איך האָב אָפּגעשטאַטעט עטלעכע באַזוכן אין דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען איינע פון די איבער הונדערט אינסטיטוציעס, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פון דער אידישער צדקה־פעדעראַציע אין ניו־יאָרק. איך האָב געהאַט אַ געשפּרעך מיט דער אָנפירערין פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע פאַר טויב־שטומע אידן, מרס. טאַניאַ נעש, וועלכע איז פון די מערסטע אידישע טויב־שטומע אין ניו־יאָרק פאַררעכנט געוואָרן ממש ווי אַ מאַמע. מרס. נעש איז געווען די עקזעקוטיווע דירעקטאָרשע פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר. אויך ביים דאַווגען יום־כפור אין שול איז זי געווען די איבערזעצערין פון די תפילות פאַר די פאַרזאַמלטע מתפללים. נוצנדיק די שפּראַך פון צייכנס האָט זי פאַר דער עדה טויב־שטומע אידן „פאָרגע־לייענט" די וויכטיקסטע תפילות. זי האָט פון דעם מחזור מיט פינגער־צייכנס „פירגעזאָגט" גאַנצע אויסצוגן פון יום־כפור׳דיקן דאַוונען און אויך אויף דעם דאָזיקן ספּעציעלן אופן געזאָגט יזכור מיט די פאַרזאַמלטע.

די „היברו אַסאָסיאיישאָן אָוו דהי דעף" פירט אין משך פון יאָר דורך אַ גאַנצע ריי אונטערנעמונגען פון רעליגיעזן כאַראַקטער. אויסער דאָס יום־כפור׳דיקע דאַוונען, ווערט דורכגעפירט אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער סדר פאַר די טויב־שטומע. עס ווערט געפּראַוועט אויך חנוכה, פורים און שבועות. עס ווערן אויך געפּראַוועט בר מצוה׳ס און חתונות. אַ גאַנצע צאָל לערער ווערן אויסגעהאַלטן, וואָס גיבן זיך גאַנץ באַזונדערס אָפּ מיט לערנען מיט די טויבט־שטומע אידישע קינדער אידישקייט, אָבער אויף אַ גאַנץ באַזונדערן שטייגער, צוגעפּאַסט פאַר די מעגלעכקייטן פון די דאָזיקע קינדער.

אַז איר לייענט צום ערשטן מאָל וועגן אַ פולער שול מיט טויב־שטומע אידן, כאַפּט אייך אַרום ממש ווי אַ ציטער! עס דוכט זיך אייך אויס, אַז עס איז אינגאַנצן אַן ענין פון האַרצווייטיק און פּיין! איר פילט מאָדנע און אויך דערשלאָגן און איר האָט אַ געפיל, אַז וואָס ווינציקער מען רעדט דערפון, אַלץ בעסער! גאָר אַנדערש אָבער הויבט איר אָן צו פילן, ווען איר באַקענט זיך נעענטער מיט דער גאַנצער פּראָבלעם און קומט אַ פּאָר מאָל צווישן די דאָזיקע מענטשן, צווישן די דערוואַקסענע און צווישן די קינדער. ביס־

לעכווייז, ביסלעכווייז הויבט זיך אָן פאַר אייך צו אַנטפּלעקן ממש אַ גאַנץ נייע וועלט.

און אַזוי האָט עס טאַקע פּאַסירט מיט מיר, מיט דעם שרייבער פון די דאָזיקע שורות. איך בין געגאַנגען איין מאָל אין דעם קאָמיוניטי הויז פון די טויב־שטומע און אַ צווייטן מאָל. איך בין געגאַנגען אויף זייערע אַ גרויסער אונטערנעמונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ טאָג נאָך שמחת־תורה. איך בין שפּעטער אַוועק אין אַ פּאָר שולן, דערציאונגס־אַנשטאַלטן פאַר טויב־שטומע; און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, האָט זיך פאַר מיר אַנטוויקלט אַ בילד פון גרויסע, דראַמאַטישע אויפטוען, וואָס די אידן אין אַמעריקע האָבן באַוויזן צו דערגרייכן אין משך פון כמעט אַ גאַנצן יאָרהונדערט אויף דעם געביט פון געבן אַן אַלגעמיינע, און אויך אַ אידישע דערציאונג, צו טויזנטער מענטשן, אויף וועמענס גורל עס איז אויסגעפאַלן דורכצוגיין דאָס לעבן אָן דער מעגלעכקייט צו הערן און אויך ניט קענען רעדן נאָרמאַל. און אויסגעפונען האָב איך, אַז אידן זיינען צווישן די וויכטיקסטע פּיאָנערן אויך אויף דעם דאָזיקן געביט אין אַמעריקע, און אַז אידן האָבן אויפגעבויט, און העלפן אויך אויפהאַלטן, די בעסטע און באַרימטסטע שול פאַר טויב־שטומע קינדער אין גאַנץ אַמעריקע און אין דער גאַנצער וועלט.

אָבער, ווי זאָגט דאָרט ערגיץ אַ באַרימטער „פּסוק" — לאָמיר גיין כסדר! און מיר ווילן אייך צוערשט טאַקע דאָ איבערגעבן אַ פּאָר פאַקטן וועגן גרויסן פאַרוויילונגס־אָוונט, וואָס איך האָב באַזוכט נאָך שמחת תורה. אַן אָוונט, וואָס איך וועל אַזוי שנעל ניט פאַרגעסן. ווייל אויף יענעם אָוונט, וואו עס זיינען אָנוועזנד געווען אַרום זעקס הונדערט טויב־שטומע אידן, פיל פון זיי יונגע מענטשן, בין איך געווען אָן אַן „אָפּיציעלן" באַגלייטער. דער אָוונט איז דורכגעפירט געוואָרן אין דעם „קלוב הויז", אויף 150 וועסט 85טע גאַס, אַ געביידע, וואו עס ווערן אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען און כלערליי צוזאַמענ־קונפטן פון פאַרשידענע אידישע געזעלשאַפטן. איך בין ספּעציעל אָנגעקומען גאָר פרי, כדי צו האָבן אַ געלעגנהייט צו באַאָבאַכטן די פאַרזאַמלטע. און עס איז געווען גאָר אינטערעסאַנט אויסצוגעפינען דאָס, וואָס עס איז נאַטירלעך געווען צו דערוואַרטן. אָבער נאָרמאַלע מענטשן, די, וואָס האָבן אַלע חושים, זיינען פאָרט איבעררעאַשט צו זען, למשל, אַז אַן עדה טויב־שטומע פירט זיך אויף אין אַלע הינזיכטן ווי געוויינלעכע מענטשן. מען לאַכט. מען באַגריסט זיך. מען קושט זיך. מען קלאַפּט זיך אין דער פּלייצע. מען זאָגט וויצן. מען פרעגט זיך נאָך איינער אויפן צווייטן. און יאָ! מען פלירטעוועט! מען זוכט ביי אַ שיין מיידל כאַפּן אַ קוש, אויב עס לאָזט זיך. און איר

באַמערקט די פאַרשידענע מענטשלעכע שוואַכקייטן! ווי למשל, איינער וואָס איז אַ טומלער, טומלט סיי ווי סיי! און אַן עקסטראַווערט און איינער, וואָס „מוז" רעדן הויך, אַזאַ, וואָס אויף ענגליש ווערט ער באַצייכנט אַלס אַ „לאַוד מאַוט", איז אפילו אויף שטום־לשון אויך דאָס זעלבע; ער רעדט אַ סך און רעדט „הויך", כאָטש דאָס אַלץ טוט ער, מאַכנדיק מיט די הענט. פאַראַן צווישן די טויב־שטומע אויך פילע, וואָס זוכן ווי אַמווייניקסטנס צו נוצן די צייכן־שפּראַך. דאָס איז די מאָדערנע מעטאָדע, וואו מען לערנט די דאָזיקע מענטשן אַרויסצוברענגען קלאַנגען. אָבער וועגן דעם, וועלן מיר דערציילן שפּעטער.

אויף דעם אָוונט בין איך געזעסן עטלעכע שעה צווישן די טויב־שטומע. און זעענדיק די אַלע מענטשן רעדן מיט די הענט, האָב איך פּלוצים באַגריפן, אַז עס קען זיך שאַפן אַ סיטואַציע, אין וועלכער אַ נאָרמאַלער מענטש זאָל זיך דערפילן „ניט נאָרמאַל". עס איז די מענטשלעכע שוואַכקייט, דער דראַנג פון דער מאַלפּע, צו וועלן נאָכטאָן דער מאַיאָריטעט. איך בין געזעסן און זיך געהיט, אַז איך זאָל זיך „ניט פאַרראַטן", אַז איך בין אַ רעדעוודיקער. איך האָב אַ פּאָר מאָל לייכט געענטפערט מיט די הענט, ווען עמיצער האָט מיך עפּעס אַ פרעג געטאָן, אויב דאָס פּלאַץ לעבן מיר איז פאַרנומען און אַ צווייטער האָט מיך שפּעטער געבעטן, אַז איך זאָל אָפּהיטן זיין בענקל.

עס איז געווען פאַר מיר ממש אַן איבערלעבעניש צו זען, ווי אַזוי דער אָוונט איז געעפנט געוואָרן. איינער פון די אָנפירער פון דעם אָוונט איז אַרויף אויף דער בינע. באַנוצנדיק זיך מיט די ליכט, האָט מען דעם עולם געגעבן עטלעכע סיגנאַלן, אַז די פאָרשטעלונג הויבט זיך אָן. דער „רעדנער" האָט געעפנט דעם אָוונט מיט אַ קורצער רעדע. ער האָט געמאַכט צייכנס מיט די הענט, מיט די פינגער, זשעסטיקולירט. דער עולם האָט „געהערט מיט די אויגן"... איך האָב דערביי פאַרשטאַנען, אַז דער רעדנער האָט אויך אַריינגעכאַפּט אַ וויץ אינמיטן, ווייל דער עולם האָט זיך שטאַרק צעלאַכט. דער רעדנער האָט „גערעדט" קורץ. ער האָט אַ ווייז געטאָן לינקס און דאָס האָט געמיינט, אַז ער האָט פאַרגעשטעלט דעם צווייטן רעדנער, וועלכער איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע, און מיט אַ נויג פון קאָפּ, געדאַנקט דעם ערשטן רעדנער. דער צווייטער רעדנער האָט עס אויך געמאַכט גאַנץ שנעל. און באַלד האָט מען אָנגעהויבן צו ווייזן אַ פילם, וואָס איז שטיל און ניט קיין רעדנדיקער. די טויב־שטומע האָבן פיל הנאה פון פילמען, ווייל דאָס גיט זיי אַ געלעגנהייט צו פאַרברענגען אַן אָוונט ווי

די מערסטע מענטשן. דעם פילם זעען זיי און קענען דערביי לייענען די אויפשריפטן. אַזוי אַז פאַר די דאָזיקע מענטשן עקזיסטירן ניט קיין „טאָקיס", קיין רעדנדיקע פילמען. די רעדנדיקע מאָווי מוז ווערן ביי זיי אַ שווייגנדיקע, אַ שטילע.

זיי האָבן אויך פיל הנאה פון קונצן־מאַכער און פון מימיקער, וואו די קונסט פון זשעסטיקולאַציע שפּילט אַזאַ גרויסע ראָלע.

די געזעלשאַפט פאַר טויב־שטומע איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק אין יאָר 1912. אין דעם פנקס הקהילה פון יאָר 1918, ווערט אָנגעגעבן, אַז צו יענער צייט האָבן זיך אין ניו־יאָרק געפונען צווישן פיר און פינף טויזנט אידן, וואָס האָבן געליטן אויף דעם געהער. די געזעלשאַפט פאַר טויב־שטומע האָט צו יענער צייט געהאַט איר היים אויף 40־42־44 וועסט 115טע גאַס, אין האַרלעם, וואו עס האָבן זיך דאַן געפונען פיל פון די וויכטיקסטע אידישע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס. שוין דאַמאָלסט האָט די געזעלשאַפט געהאַט אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פאַר די טויב־שטומע, פון וועלכע פיל זיינען נאָך געווען אימיגראַנטן און האָבן אויסער אַלע שוועריקייטן פון אימיגראַנטן־לעבן, געדאַרפט אויך דורכמאַכן די ערשטע יאָרן אין לאַנד אַלס מענטשן מיט אַ מום. דערציילט טאַקע דער פנקס, ווי עס זיינען אַלס לערער אָנגעשטעלט געוואָרן אַנדערע טויב־שטומע, וועלכע האָבן אויף אַ ממש פרימיטיוון אופן, מיט פאַרשידענע זשעסטיקולאַציעס, געזוכט צו לערנען די טויב־שטומע, ווי אַזוי „צו רעדן" כאָטש אַביסל. אַרום 25 פּראָצענט פון די טויב־שטומע זיינען געווען אימיגראַנטן. די אַנדערע 75 פּראָצענט זיינען געווען געבוירענע דאָ אין לאַנד און די מערסטע פון זיי האָבן שוין געקראָגן אַ דערציאונג אין די ספּעציעלע שולן פאַר טויב־שטומע קינדער.

גלייך פון איר אָנהויב אָן האָט די אידישע געזעלשאַפט פאַר טויב־שטומע איינגעפירט פאַרשידענע אָפּטיילונגען סיי פאַר לערנען, סיי פאַר פאַרוויילונג. די דאָזיקע געזעלשאַפט האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט העלפן געפינען באַשעפטיקונג פאַר די דאָזיקע מענטשן, געזוכט פאַר זיי וואוינונגען, געגעבן זיי פאַרשידענע עצות אין פאַרשידענע פאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן, געהאָלפן זיי אין מעדיצינישע אָנגעלעגנהייטן און אַ. וו. ביי דער אידישער געזעלשאַפט פאַר טויב־שטומע עקזיסטירן פאַרשידענע פאַרוויילונגס־קלובן, פאַר מיטגלידער פון פאַרשידענעם עלטער. איינער אַזאַ קלוב פאַר יוגנטלעכע טראָגט דעם נאָמען „העפּי גאָ־לאָקיס", וואָס אין אַ אידישער איבערזעצונג וואָלט עס הייסן „די פריילעכע הפקר־יונגען". אַ צווייטער קלוב רופט זיך

„די מערי־גאָ־ראַונדערס", וואָס מיינט אויך אין אַ פרייער איבערזעצונג, די פריילעכע חברה־לייט. דער ערשטער קלוב איז פון אַזעלכע, וואָס נוצן קלאַנגען ביים רעדן, די צווייטע נוצן בלויז צייכנס, ד. ה. זיי רעדן מיט די הענט. ביים קאָמיוניטי צענטער עקזיסטירט אויך אַ „קאַמעראַ קלוב" פון אַמאַטאָרן פאָטאָגראַפערס. פאַראַן אויך אַ קלוב פון „סקוועער דענסינג". דאָס טאַנצן איז גאָר מערקווירדיק ביי די טויב־שטומע, ווייל די גרעסטע מערהייט פון זיי הערט כמעט אינגאַנצן ניט און זיי האָבן אפילו ניט קיין קלאָרן באַגריף וועגן אַ מוזיקאַלישן קלאַנג. פונדעסטוועגן טאַנצן זיי. ווייל זיי פילן די מוזיק! ווי אַזוי? וועט איר פרעגן. איז דער ענטפער: דורך דער פאָדלאָגע, דורך דעם פלאָר. די מוזיקאַלישע קלאַנגען שלאָגן זיך אָפּ אין דעם פלאָר און די טויב־שטומע פילן די דאָזיקע פאַרשידענע וויבראַציעס און זיי כאַפּן דעם ריטם, דעם קלאַנג. אַזוי למשל, לערנען זיך טויב־שטומע „רעדן" דורך פילן די קלאַנגען מיט די הענט. זיי האַלטן לייכט די פינגער אויפן האַלז פון מענטשן, וואָס רעדט, און יעדער אות שאַפט אַן אַנדער באַוועגונג, ווען דער רעדנדיקער מענטש זאָגט אים אַרויס.

***

**א**ויף לעקסינגטאָן עוועניו, צווישן דער 67טער און 68טער גאַס, אין מאַנהעטן, געפינט זיך בשכנות פון דעם האַנטער קאָלעדזש פאַר מיידלעך, די וועלט־באַרימטע שול פאַר טויב־שטומע קינדער, וואָס איז געווען די ערשטע שולע פון דעם דאָזיקן מין אין גאַנץ אַמעריקע. דער פונדאַמענט פון דער דאָזיקער שול איז געלייגט געוואָרן אין יאָר 1864 דורך אַ אידישן פּאָר פאָלק, וועלכע האָבן געהאַט אַ טאָכטער, וואָס איז געווען אַ טויב־שטומע. דער נאָמען פון דעם דאָזיקן פּאָר פאָלק — מר. און מרס. אייזיק ראָזנפעלד. דערציילט די געשיכטע פון דער דאָזיקער שול, אַז מרס. ראָזנפעלד האָט בשום אופן ניט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז איר קינד וועט קיינמאָל ניט קענען רעדן צו איר, ווי בלויז דורך צייכנס. האָבן מר. און מרס. ראָזנפעלד דאַן געהערט, אַז אין ווינע איז דאָ אַ שולע אַזאַ, וואו מען לערנט טויב־שטומע קינדער צו פאָרמירן קלאַנגען און ווערטער און דער רעזולטאַט איז, אַז די קינדער קענען מיט דער צייט און, נאַטירלעך, מיט היפּשע באַגרעניצונגען, פירן אַ געשפּרעך. האָבן די ראָזנפעלד'ס אָנגעשטעלט פאַר זייער טאָכטער אַ לערער, וואָס האָט שטודירט אין ווינע דעם דאָזיקן מעטאָד, און ווען די רעזולטאַטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר צופרידנשטעליק, האָבן זיי אויפגע־זוכט נאָך אַ צאָל אידישע טויב־שטומע קינדער און פאָרמירט אַ גאַנצן קלאַס,

וואָס איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער ערשטער שול אין אַמעריקע פאַר טויב־שטומע קינדער, וואו מען נוצט דעם אָראַלן מעטאָד, דעם מעטאָד פון רעדן מיט דעם מויל, און ניט מיט די הענט, דורך פינגער־צייכנס, הייסט עס.

די ערשטע היים פון דער דאָזיקער שול איז ביז 1868 געווען אויף 134 וועסט 27טע גאַס. פון 1868 ביז 1870 איז די שול געווען אויף 330 איסט 14טע גאַס. פון 1870 ביז 1881 האָט זיך די שול געפונען אויף בראָדוויי, צווישן דער 44טער און 45טער גאַס, דאָרט וואו עס געפינט זיך איצט דער האָטעל שעראַטאָן אַסטאָר. און זינט 1881 געפינט זיך די דאָזיקע שול אין דער זעלבער געביידע, אויף 904 לעקסינגטאָן עוועניו — אַ מאַסיווער, איינדרוקספולער בנין פון זעקס גאָרן.

אַז איר גייט אַרויף די טרעפּ, וואָס דרייען זיך פוןביידע זייטן, מוזט איר בלייבן שטיין ווי גערירט פון דעם טיף־מענטשלעכן אויפשריפט, וואָס איר לייענט איבער אויף דער הויפּט־טיר פון דער געביידע. דער אויפ־שריפט, באַשיידן און מיט קליינע בוכשטאַבן, זאָגט: „אין דרויסן, פון דער זייט טיר, איז ער אַ טויב קינד; אינווייניק, פון יענער זייט טיר, איז ער אַ קינד". (ווי מיר האָבן דערציילט אין קאַפּיטל וועגן בלינדע, איז אויך אויף דער הויפּט־טיר פון דער „ניו יאָרק גילד פאַר אידישע בלינדע" דאָ אַ טיף־רירנדע אויפשריפט.)

איך בין דורכגעגאַנגען אַ פּאָר מאָל די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער דאָזיקער שול; אויך באַזוכט אַ צאָל קלאַסן פון קינדער פון פאַרשידענעם עלטער און אויך אָנוועזנד געווען אויף אַ פּאָר אַסעמבליס אין דעם הויפּט־זאַל פון דער שול. איך האָב געזען ווי די טויב־שטומע קינדער גייען אַרויף אויף דער בינע און „דערציילן" פאַר די אָנוועזנדע לערער און פאַר די פאַרזאַמלטע קינדער זייערע דערפאַרונגען. יעדעס קינד דערציילט עפּעס. און איך האָב אויך געזען, ווי אַזוי די קינדער קריגן אויסצייכענונגען אַלס אַ גאַנצער קלאַס פאַר אָנהאַלטן אַ גאַנצע וואָך די דיסציפּלין און ניט מאַכן קיין פאַרזוך צו רעדן מיט די הענט, נאָר אָנגיין מיט דער אָנשטרענגונג פון אַרויסברענגען קלאַנגען.

איך בין געזעסן אין אַ קינדער־גאָרטן קלאַס און געזען, ווי אַזוי די לערערין זוכט צו דערקלערן פאַר די קליינע עופה׳לעך, די קלייניקנקע בייבים, וואָס אַזוינס עס מיינט רעדן. ווייל הערן, הערן זיי נעבעך ניט. נעמט די לערערין דעם קינד׳ס הענטעלע און לייגט עס אַרויף אויף אירע ליפּן. אַזוי הויבט דאָס קינד אָן צו באַגרייפן, וואָס אַזוינס עס מיינט „ליפּ רידינג", צו

לייענען אויף די ליפּן, וואָס דער צווייטער מענטש רעדט. עס איז רירנד. עס איז טראַגיש. און ווען איר זעט די דאָזיקע לערער און לערערינס, ווי אַזוי זיי זיינען זיך מוסר נפש, מיט וויפל ליבשאַפט, געדולד און אויס־דויער זיי גייען אָן מיט זייער אַרבעט, קריגט איר ערשט אַ נייעם באַגריף פון דעם, וואָס אַזוינס עס מיינט מענטשלעכע אויפטוען, מענטשלעכע פאַר־שטענדעניש און ליבשאַפט פון איין מענטש צום צווייטן.



די לעקסינגטאָן־שול פאַר טויב־שטומע קינדער וואָס איז געגרינדעט געוואָרן דורך אידן אין ניו־יאָרק.

אין דער לעקסינגטאָן שול לערנען יעדעס יאָר פון 250 ביז דריי הונדערט קינדער. די שול, וואָס האָט ביים אָנהויב זיך געגרינדעט אַלס אַ שול פאַר אידישע קינדער, איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ניט־סעקטאַנ־טישן לער־אַנשטאַלט. און מיט דער צייט איז די צאָל אידישע קינדער אין דער שול געוואָרן ניט מער ווי צוואַנציק אָדער פינף און צוואַנציק פּראָצענט. אין דעם דאָזיקן הינזיכט — פון האָבן ווינציקער שילער — איז ביי דער שול פאַר טויב־שטומע קינדער פאַרבאָרגן אַ גאָר באַזונדערער מיין און אַ טיפע דערגרייכונג. ווייל וואָס קלענער עס זאָל ווערן די צאָל קינדער, וואָס קומען אין די דאָזיקע שולן, אַלץ גרעסער איז דער אויפטו. עס באַווייזט, אַז די מעטאָדן, וואָס ווערן געניצט, ברענגען גוטע רעזולטאַטן. עס באַווייזט אויך, אַז די מאָדערנע געזעלשאַפט האָט אַנטוויקלט בעסערע באַדינגונגען,

וואו די צאָל קינדער, וואָס ליידן פון געהער און כח הדיבור, איז קלענער ווי פריער. ווייל לויט ווי עס איז מיר דערקלערט געוואָרן, זיינען אַ היפּשע צאָל קינדער געוואָרן טויב־שטום אַלס רעזולטאַט פון אַ קראַנקייט, וואָס די מוטער האָט געליטן בעת איר שוואַנגערן אָדער פון אַ קראַנקייט, וואָס דאָס קינד האָט געקראָגן אין די ערשטע פריע יאָרן פון לעבן. די קראַנקייטן פון היינט, איז זיינט יאָ ... פון היוכן פיבער האָבן אַמאָל ניט זעלטן געפירט דערצו, אַז קינדער זאָלן אָנווערן זייער געהער און די פעאיקייט צום רעדן. צווישן אידן אין דער אַלטער היים פלעגן זיך טרעפן טויב־שטומע קינדער אַלס רעזולטאַט דערפון, וואָס עס פלעגן גאַנץ אָפט הייראַטן נאָענטע משפחה־פאַרוואַנדטע, ווי ערשטע קאָזינס און אַ. וו., איז מיר דערקלערט געוואָרן. דאָ, אין אַמעריקע, איז ניט אָנגענומען דער מנהג, אַז נאָענטע משפחה־פאַרוואַנדטע זאָלן זיך משדך זיין. דער מעטאָד פון לערנען די קינדער אַרויסברענגען קלאַנגען, כאָטש די קינדער זעלבסט הערן קיינמאָל ניט דעם קלאַנג, האָט זיך אַרויס־געוויזן פאַר אַזוי דערפאָלגרייך, אַז די שול האָט זינט 1934 זיך אָנגעהויבן צו רופן „לעקסינגטאָן סקול פאָר דהי דעף" אָנשטאָט אַ שול „פאָר דעף־מיוטס", פאַר טויב־שטומע. די שול האַלט, אַז עס איז ניטאָ אַזאַ זאַך ווי טויב־שטומע. בלויז „טויב", הייסט עס.

די לעקסינגטאָן שול איז איינע פון זעקס שולן פאַר טויבע קינדער, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן אונטער דער אויפזיכט פון דעם „ניו יאָרק סטייט עדיוקעישאָן דעפּאַרטמענט". עס ווערט געשאַצט, אַז אין גאַנץ אַמעריקע געפינען זיך איבער צוואַנציק טויזנט טויב־שטומע קינדער. אַרום צוועלף הונדערט פון די דאָזיקע קינדער גייען אין די ספּעציעלע שולן פאַר טויב־שטומע אין ניו־יאָרק.

אין דער לעקסינגטאָן שול, וואָס ווערט אָנגעפירט פון אַ פאַרוואַלטונג, וואָס באַשטייט אין דער גרעסטער מערהייט פון אידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, געפינען זיך זיבן לערער, וואָס לערנען אידישקייט מיט די אידישע קינדער פון דער שול. ביי דער שול געפינט זיך אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דעפּאַרטמענט אָוו רילידזשאָס עדיוקעישאָן", פון וועלכן דער דירעקטאָר איז געווען מיס מילדרעד א. גראָס, אַ פּיאָנערין אויף דעם געביט פון דערציאונג פאַר טויב־שטומע קינדער.

עס איז גאַנץ לייכט צו פאַרשטיין, אַז אויב לערנען אין אַלגעמיין מיט טויב־שטומע קינדער, איז שווער ביז גאָר, איז לערנען אידישקייט מיט אַזעלכע קינדער אַ גאָר, גאָר שווערע אויפגאַבע. און זיכער וואָלט עס פאַר אַלעמען פיל בעסער און לייכטער געווען, ווען עס ווערט צו דער דאָזיקער

הייליקער אַרבעט צוגעצויגן אַ רב אָדער אַ ראַבאַי. וויכטיק איז דאָ אויך אָנצואווייזן, אַז די גאַנצע רעליגיעזע אַרבעט, וואָס איז געטאָן געוואָרן סיי אין די קינדער־שולן, סיי אין דער געזעלשאַפט פאַר טויב־שטומע אידן אויף דער 85טער גאַס, האָט זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון רעפאָרם־אידישקייט. דאָס האָט אפשר היפש צו טאָן מיט דעם פאַקט, וואָס די סענטראַל סינאַגאָג פון 35 איסט 62טע גאַס, האָט זיך געפונען גאָרנישט ווייט פון דער לעקסינגטאָן שול. נאָך אַ זאַך איז מיר אָנגעוויזן געוואָרן, אַז קיין „צופיל אידישקייט" קען מען פון טויב־שטומע אידישע קינדער ניט דערוואַרטן. ווייל געבוג, געבוג שווער, קומט עס אָן צו געבן די דאָזיקע קינדערלעך צו פאַרשטיין ענגליש; טאָ ווי קען מען דערוואַרטן, אַז זיי זאָלן נאָך לערנען העברעאיש, למשל?! איז פון אַן אַנדער שפּראַך אָפּגערעדט. דאָס ביסל אידישקייט, וואָס מען לערנט זיי יאָ אויס, באַשטייט פון באַגריפן, פון בילדער, פון פייערונגען, פון סימבאָלן.

איך האָב גערעדט מיט איניקע לערער, וואָס גיבן זיך אָפּ מיט אויפקלערן די טויב־שטומע אידישע קינדער, וואָס אַזוינס עס מיינט צו זיין אַ איד און וואָס אַזוינס עס איז אידישקייט. איך האָב גערעדט מיט איינער אַזאַ לערערין, אַן אַמעריקאַנער געבוירענע קאָלעדזש־גראַדואירטע יונגע פרוי. איר נאָמען איז בעווערלי וואַרמבענד. זי איז געווען אַ לערערין אין אַ רעגירונגס שולע פאַר טויב־שטומע קינדער, וואָס געפינט זיך אויף 225 איסט 23טע גאַס, אין מאַנהעטן. די דאָזיקע שול איז די גרעסטע פון איר מין אין דער גאַנצער וועלט און עס לערנען דאָרטן 550 קינדער. די דאָזיקע שול איז באַקאַנט אונטער דעם נאָמען "פּי עס 47" און עס ווערן דאָרטן באַשעפטיקט דריי לערער פאַר אידישע רעליגיעזע שטודיעס. בלויז די יעניקע קינדער, וואָס ווילן עס, לערנען רעליגיע. און לערנען לערנט מען ניט אין דער שול גופא, ווייל אין די רעגירונגס־שולן פון אַמעריקע לערנט מען ניט קיין רעליגיעזע לימודים. עס איז פאַראַן אָבער אַ שעה אין דער וואָך (רעליסד טאַים), וואָס ווערט אָפּגעגעבן פאַר רעליגיע, און די קינדער מוזן לערנען אין אַן אַנדער געביידע. אַרום פערציק אידישע קינדער לערנען אידישקייט דורך דער דאָזיקער גרויסער שול.

די מערסטע קינדער, וואָס לערנען אין דער לעקסינגטאָן שול, פאַרברענגען דאָרט די גרעסטע טייל פון זייער קינדהייט און יוגנט, ביז זיי גראַדואירן. אין דער שול געפינען זיך דאָרמיטאָריס, איינגעאָרדנט לויט דער לעצטער באַקוועמלעכקייט. די סטודענטן בלייבן אין דער שול ביז דער עלטער פון 21 יאָר, און ווען זיי גראַדואירן, קומען זיי אין דער ברייטער וועלט צוגעגרייט

מיט אַ גוט־באַצאָלטער מלאכה, וואָס זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אין דער זעלבער שול. די טויב־שטומע זיינען זייער פעאיק צו אַרבעטן מיט זייערע הענט. אין אַלגעמיין, ווען איר אָבזערווירט די דאָזיקע מענטשן, געפינט איר אויס, אַז עס איז דאָ אַן אוצר מיט שיינקייט אין די באַוועגונגען מיט די הענט. די טויב־שטומע האָבן מיט די הענט־באַוועגונגען ממש אַנטוויקלט אַ נייע קונסט, וואָס וואַרט נאָך אויף איר תיקון. די לעקסינגטאָן שול איז מערסטנס אַ שול פאַר מיידלעך. די מלאכות, וואָס מען לערנט דאָרט באַ־שטייען פון מאַכן קליידער (דרעס־מעיקינג), מילינערי (פרויען העטס), בוכ־בינדעריי, קינסטלעכע בלומען, שפּילצייג פאַר קינדער, ווי אויך קענען אַרבעטן ביי פאַרשידענע לייכטע מאַשינען אין פאַרשידענע שווערע אינדוסטריעס.

גאַנץ באַזונדערס איז דאָ אין ניו־יאָרק אַ שול פאַר טויב־שטומע אינגלעך. די דאָזיקע שול געפינט זיך אין ווהאַיט פּלעינס און רופט זיך „ניו יאָרק סקול פאָר דהי דעף״. אויסער די פאַרשידענע לימודים, לערנט מען דאָ מיט די אינגלעך פאַרשידענע פּראָפעסיעס, ווי אינזשינעריי, דרוקעריי, בעקעריי, סטאָלעריי, שניידעריי און שוסטעריי און נאָך אַ ריי מלאכות. די סטודענטן זיינען פון פאַרשידענע נאַציאָנאַליטעטן און רעליגיעס. די סטודענטן גיבן אַרויס זייער אייגענעם זשורנאַל, וואָס זוכט אָפּצושפּיגלען זייערע אינטערעסן און שטרעבונגען. אין איינעם אַזאַ נומער איז מיר געווען אינטערעסאַנט צו לייענען אַ באַשרייבונג פון אַ אידיש אינגל וועגן אַ באַזוך פון די אידישע טויב־שטומע סטודענטן אין דער סינאַגאָגע פון ווהאַיט פּלעינס, לכבוד פורים. אַרום 40 אינגלעך לערנען אידישקייט אין דער דאָזיקער שול.

אין אַלגעמיין ווערט אין אַלע שולן פאַר טויב־שטומע פּראַקטיצירט דער מעטאָד פון פירן די קינדער אויף עקסקורסיעס אין פאַרשידענע פּלעצער און זיי באַקענען וואָס מער מיט דער ברייטער וועלט. אָבער מען קען אויך זאָגן, אַז די „ברייטע וועלט״ קומט אויך צו די דאָזיקע שולן צו זען, ווי אַזוי די אַרבעט גייט דאָ אָן. באַזונדערס אין דער לעקסינגטאָן שול, וואָס גיט זיך אָפּ פאַר יאָרן לאַנג מיט אַנטוויקלען נייע מיטלען, ווי אַמבעסטן צו לערנען מיט די קינדער. די דאָזיקע שול האָט אַנטוויקלט אַ ספּעציעלן געהער אַפּאַראַט, וואָס ווערט גענוצט אין די קלאַסן. פיל געסט פון אויסלאַנד און אויך פון אַמעריקע קומען אָפּט זען די לעקסינגטאָן שול. די לעקסינגטאָן שול גרייט צו אויך לערער פאַר אַנדערע שולן פאַר טויב־שטומע. די ווירקונג פון דער דאָזיקער שול האָט שוין געגרייכט ביז מדינת ישראל, וואו אַ לערער פון דער לעקסינגטאָן שול איז באַשעפטיקט ביים לערנען די ישראל־לערער ווי אַזוי צו נוצן די נייעסטע מעטאָדן.

## 37

# צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער פון די פּאַבליק סקולס קריגן אידיש וויסן דורך „רעליגיעזער שעה"

אַ באַזוך אין דעם אָפיס פון דער „קאָמיטע", וואָס פירט אָן מיט דער שעה. — אַן אַמעריקאַנער געבוירענער רב, אַ זון פון אַן אַמעריקאַנער געבוירענעם פאָטער, איז דירעקטאָר פון דער דאָזיקער פּראָגראַם. — טויזנטער פון די קינדער האָט די „קאָמיטע" פאַראינטערעסירט צו לערנען אין ישיבות און תלמוד תורה'ס. — די „קאָמיטע" פּלאַנט אויך אַ ספּעציעלע רעליגיעזע שעה פאַר די אידישע עלטערן. — צענדליקער טויזנטער מזוזות, ארבע כנפות און סידורים צעטיילט. — אַ ל"ג בעומר פּאַראַד פון איבער פיר טויזנט קינדער אין ברוקלין. — די מסיבות שבת קלובן. — קינדער געראַטעוועט פון מיסיאָנערסקע הענט. — זומער־קעמפּס. — ווי אַזוי די ליובאַוויטשער האָבן געגרינדעט די רעליגיעזע שעה.

אַז איר רופט אָפּ אויפן טעלעפאָן דעם צענטראַלן אָפיס פון דער „נאַציאָנאַלער רעליגיעז שעה", הערט איר אַ שנעלן קורצן ענטפער פון דער סעקרעטאַרשע, אַן ענטפער, וואָס באַשטייט פון איין וואָרט: „קאָמיטע". און אויב אייך איז נאָך ניט באַקענט דער פולער נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס גיט זיך אָפּ מיט אַריינציען וואָס מער אידישע קינדער פון די פּאַבליק סקולס אין דער, אַזוי גערופענער, „רעליגיעזער שעה", דאַן וועלן מיר אייך דאָ אָנגעבן דעם פולן נאָמען פון אָט דער קערפּערשאַפט, און דאָס איז: „קאָמיטע פאָר פוירטערענס אָוו דזשואיש עדיוקעישאָן". אויף מאַמע לשון וואָלט עס געהייסן

„קאָמיטעט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון אידישער דערציאונג". אויף העב־רעאיש אָבער רופט זיך אָט די אָרגאַניזאַציע אָן „ועד החינוך הכשר", דער קאָמיטעט פאַר פאַרשפּרייטונג פון כשר'ער אידישער דערציאונג.

פאַר אַ געוויסער צייט האָט זיך עס אַ היפּש ביסל געטומלט אַרום דער פראַגע פון דער רעליגיעזער שעה, ווען צוויי ברוקלינער איינוואוינער — די אי־דישע פרוי, מרס. עסטאַ גליק און דער פּראָטעסטאַנט טעסים זאַראַך, האָבן מיט זייער קלאַגע קעגן אָט דער דאָזיקער שעה אַזש אָנגעשפּאַרט ביז דעם העכסטן געריכט פון לאַנד. (ווי באַוואוסט, נוצן אויס די קאַטאָליקן זייער ברייט די רעליגיעזע שעה). ביידע קלעגער האָבן געטענה'ט, אַז כאָטש זיי זיינען ניט קעגן רעליגיע, זיינען זיי אָבער געגן דעם, אַז די אַמעריקאַנער פּאָבליק סקול סיסטעם זאָל אויסגענוצט ווערן אַלס א מין אַגענטור צו אָרגאַניזירן רעלי־גיעזן אונטערריכט. די אָפּשטימונג איז, ווי באַוואוסט, געווען לטובת דער רעליגיעזער שעה און זעקס ריכטער פון דעם העכסטן געריכט האָבן גע־פּסק'נט, אַז די פּאָבליק סקולס מעגן, איין מאָל אַ וואָך, באַפרייען די אַלע קינדער, וועמענס עלטערן שטימען איין דערצו, אַ שעה פריער פון זייערע רעגולערע לימודים, כדי די קינדער זאָלן אין אַן אַנדער געביידע, אין אַ שול אָדער געבעט־הויז, פאַרברענגען די דאָזיקע שעה אין רעליגיעזע לימודים. (עס ווערט געשאַצט, אַז איבער צוויי מיליאָן קריסטן, מערסטנס קאַטויליקן, נוצן אויס די „רעליסד טאַים" (באַפרייטע צייט) צו לערנען רעליגיע מיט די קינדער פון די פּאָבליק סקולס).

כדי אויסצוגעפינען אַלע איינצלהייטן אַרום דער באַוועגונג פון דער אידי־שער רעליגיעזער שעה אין ניו יאָרק, זיינען מיר אין איין שיינעם פרימאָרגן אַוועק אין דעם אָפיס פון „קאָמיטעט פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון אידישער דערציאונג", וואָס געפינט זיך אויף 694 איסטערן פּאַרקוויי, אין ברוקלין, און געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט דעם עקזעקוטיוו דירעקטאָר, הרב יעקב יהודה העכט.

געגרינדעט געוואָרן איז די „שעה" צופעליק, אין יאָר 1941, אַלס אַ טייל פון דעם אַלגעמיינעם פּלאַן, וואָס דער ליובאַוויטשער רבי, יוסף יצחק שניאורסאָן, זצ"ל, האָט דאַן פאַרטראַכט כדי צו פאַרשטאַרקן דעם רעליגיעזן חינוך אין אַמעריקע. לויט דעם דאָזיקן פּלאַן האָבן ליובאַוויטשער ישיבה בחורים זיך אַרויסגעלאָזן אין די צענדליקער איבער די אידישע געגענטן אין ברוקלין און אָנגעהויבן פּראָסט און פּשוט צו „קלאַפּן אין די טירן" און „קענ־ווען", זוכן קינדער פאַר אידישער דערציאונג. אַ שווערער און אַ לאַנגזאַמער פּראָצעס, — האָבן זיך גאַנץ שנעל אויך איבערצייגט די ליובאַוויטשער חסידים!

און זיי האָבן זיך ווי דורך אַ צופאַל פונקט דאַן דערוואוסט, אַז עס איז דאָ אין אַמעריקע אַזאַ זאַך ווי אַ „רעליגיעזע שעה", וואָס דאָס מיינט, אַז די רעגי־רונג דערלויבט, מיט דער צושטימונג פון די עלטערן, נאַטירלעך, אַז קינדער זאָלן איינמאָל אַ וואָך באַפרייט ווערן מיט אַ שעה פריער פון סקול, כדי צו לערנען רעליגיע. האָט דער ליובאַוויטשער רבי, וועלכער האָט ווי באַוואוסט



הרב יעקב יהודה העכט
אָנפירער פון דער „רעליגיעזער שעה"

באַוויזן, אַז זיינע חסידים קענען אפילו אין אַמעריקע שאַפן אַ גרויסע נעץ פון ישיבות, זיך גלייך אָנגעכאַפּט אין אָט דעם געדאַנק, און עס איז ווי איבער־נאַכט געשאַפן געוואָרן די אידישע רעליגיעזע שעה. נאַטירלעך, עס טוט זיך נישט אַזוי לייכט, ווי עס רעדט זיך. און פיל, פיל אַרבעט האָט מען געדאַרפט אַריינטאָן, כדי צו דערפירן דערצו, אַז מען זאָל קענען באַריכטן, אַז אין די ערשטע צען יאָר זיינען דורך דער רעליגיעזער אידישער שעה אין ניו־יאָרק דורכגעגאַנגען 42 טויזנט קינדער. עס איז אויסגערעכנט געוואָרן, אַז דורכ־

שניטלעך האָבן אַרום 6 טויזנט קינדער באַזוכט יערלעך די רעליגיעזע אידישע שעה פון „ועד החנוך הכשר״ אין ניו־יאָרק.

איך בין געזעסן אַ פּאָר שעה אין דעם טומלדיקן אָפיס פון דעם ענער־גישן עקזעקוטיוון דירעקטאָר פון דער אידישער רעליגיעזער שעה, הרב יעקב יהודה העכט, וועלכער איז אַן אַמעריקאַנער געבוירענער יונגערמאַן (געבוירן אין 1923) און ביי אים אויסגעפרעגט די פּרטים וועגן דעם, ווי אַזוי די אַרבעט ווערט אָנגעפירט. און עס נעמט ניט לאַנג און עס ליגט פאַר מיר אויפן טיש אַ גאַנצער באַרג ממש מיט פאַרשידענע בריוו און קאַרטלעך און פּאַמפלעטן, אַלץ „באַטירלעך״ געשריבן און געדרוקט אין ענגליש, און אַלץ צוזאַמען שטעלט מיט זיך פאָר די פּראָפּאַגאַנדע ליטעראַטור, וואָס די „קאָמיטע״ באַנוצט ביים איינרעדן די אידישע עלטערן, אַז זיי זאָלן צושטימען דערצו, אַז זייער קינד פון פּאָבליק סקול זאָל איינמאָל אַ וואָך, אין אַ באַשטימטן טאָג, אַוועק פון דער שול מיט איין שעה פריער, כדי צו לערנען „אידישע רעליגיע״. די „קאָמיטע״ האָט אָפּגעדרוקט אַזאַ פאָרם־בריוו, אַדרעסירט צו די עלטערן. די דאָזיקע בריוו ווערן צעטיילט ביי דער אָדער יענער שול, וואָס די קאָמיטע באַשטימט, אַז זי וויל דאָרט עפענען אַ רעליגיעזע שעה. די בריוו ווערן גע־געבן צו די קינדער, מערסטנס ווען זיי גייען שוין אַהיים פון דער שול. צוזאַמען מיט דעם בריוו געפינט זיך אַ ספּעציעל קאַרטל, וואָס די עלטערן ווערן געבעטן אויסצופילן, אויב זיי שטימען איין, אַז זייער קינד זאָל באַפרייט ווערן אויף דער באַשטימטער שעה. ווען די „קאָמיטע״ קריגט אַ גענוגענדע צאָל קינדער פון אַ פּאָבליק סקול, דאַן האָט זי שוין גרייט אַ באַשטימטע צאָל לערער און אַרויסהעלפער, וואָס פירן דורך די רעליגיעזע שעה איין מאָל אַ וואָך. ביי דער רעליגיעזער אידישער שעה ווערן באַשעפטיקט פון 150 ביז 200 פּערזאָן. 80 פּראָצענט פון די באַשעפטיקטע לערער און אַרויסהעלפער זיינען מענער. דער טערמין „אַרויסהעלפער״ איז זייער אַ וויכטיקער, ווייל אין דער צייט, וואָס אַ לערער דאַרף אין משך פון איין שעה איין מאָל אַ וואָך האַלטן, צום ביישפּיל, 100 פּאָבליק סקול קינדער אין איין זאַל אויף אַ גאַנצער שעה צייט, דאַרף מען צו דער זעלבער צייט האָבן עטלעכע אַרויסהעלפער, וואָס זאָלן פּראָסט און פּשוט „האַלטן אָרדנונג״. די לערער און די אַרויסהעלפער צו די לערער קומען פון די פאַרשידענע אידישע רעלי־גיעזע שולן פאַר מיידלעך, ווי אויך פון די פאַרשידענע ישיבות, פּונקט אַזוי ווי פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, ניו יאָרק יוניווערסיטי, ברוקלין און האַנ־טער קאַלעדזש און א. וו.

די מערסטע קינדער, וואָס זיינען געקומען צו דער רעליגיעזער

אידישער שעה, האָבן זיך געפונען אין ברוקלין. עס זיינען געווען פּאָבליק־סקולס אין ברוקלין, ווי די פּי. עס. 202, למשל, וואו 400 אידישע קינדער גייען צו דער נאַציאָנאַלער רעליגיע שעה, וואָס ווערט דורכגעפירט אין דער קאָנגרעגיישאָן „דרכי צדק". 12 לערער און אַרויסהעלפער ווערן באַשעפטיקט אין דער „שעה" דאָ. אין דער פּאָבליק סקול 131, אין באָראָ פּאַרק גייען 275 קינדער צו דער רעליגיעזער שעה, וואָס ווערט דורכגעפירט אין דער קאָנ־גרעגיישאָן „תפארת ישראל". אין דער פּאָבליק סקול 153 אין איסט פלעט־בוש גייען 220 קינדער צו דער שעה אין בית מדרש הגדול. פון דער פּאָבליק סקול 144 גייען 200 קינדער אין דער שערי צדק שול, אין ברוקלין, צו דער „שעה". אין אַלע סקולס ווערט די רעליגיעזע שעה דורכגעפירט אין איין און דער זעלבער צייט: פון צוויי ביז דריי בייטאָג.

לויט אַ באַריכט פון יוני 1953, פון דער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג, וואָס דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט פון ניו־יאָרק האָט געמאַכט, איז די רעגיסטראַציע פון דער רעליגיעזער אידישער שעה אין ניו־יאָרק און אומגעגנט געווען ווי פאָלגט:

| | |
|---|---|
| אין מאַנהעטן: | 467 |
| אין בראָנקס: | 833 |
| אין ברוקלין: | 6,416 |
| אין קווינס: | 549 |
| אין ריטשמאָנד: | 49 |
| | 8,314 |

די דאָזיקע ציפער נעמט שוין אָבער אַריין אויך די איבער צוויי טויזנט אידישע קינדער פון פאַרשידענע פּאָבליק סקולס, וועלכע האָבן באַזוכט אַ רעליגיעזע אידישע שעה אין פאַרשידענע תלמוד תורה׳ס און קאָנגרעגאַציע שולן.

וואָס לערנט מען אין דער אידישער רעליגיע שעה? — שטעל איך אַ פראַגע הרב העכט, וואָס טראָגט אַ פלאַם־פייערדיקע באָרד, און איז שוין דער צווייטער דור אַמעריקאַנער געבוירענער, ווייל הרב העכט׳ס פאָטער איז שוין אויך אַ געבוירענער דאָ אין לאַנד. הרב העכט ענטפערט מיר גאַנץ שנעל, אַז זיי ווייסן, די פירער פון אָט דער שעה, אַז דאָס, וואָס זיי טוען־אויף איז אַ מינימום, אָבער אַ מינימום איז זיכער בעסער ווי גאָרנישט, איבערהויפּט נאָך, ווען דער מינימום קען פירן און פירט טאַקע אָפט צו מער און מער און גאָר אָפט אפילו צו אַ מאַקסימום. און עס דערציילט מיר

הרב י. י. העכט, אַז אַ גאַר, גאַר היפּשע צאָל פון די קינדער פון די פּאָבליק סקולס, וואָס קומען צו דער אידישער רעליגיעזער שעה, ווערן אַזוי פאַר־אינטערעסירט אין אידישע ענינים, אַז זיי ווערן גאַנץ שנעל תלמידים פון נאָכמיטאָג שולן, פון תלמוד־תורה׳ס און אַ היפּשע צאָל אויך פון ישיבות. אין די ערשטע צען יאָר האָט די „קאָמיטע" אַריינגעצויגן 400 אידישע קינדער אין ישיבות, תלמוד־תורה׳ס און סעמינאַרן, ווערט באַריכטעט.

די רעליגיעזע שעה ווערט דורכגעפירט בלויז אין דער פאָרם פון רעדן צו די קינדער. די לערער האָבן אַ ספּעציעל צוגעגרייטן מאַטעריאַל וועגן די פאַרשידענע יום טובים, וועגן די וויכטיקסטע עפּיזאָדן אין דער אידישער געשיכטע און די וויכטיקסטע מאָמענטן אין אידישן רעליגיעזן לעבן. די דורכשניטלעכע עלטער פון די קינדער וואָס קומען צו דער אידישער רע־ליגיעזער שעה איז פון 6 ביז 16. און ווען אַ קינד גייט דורך אָט די דאָזיקע „שעה" אַ פּאָר יאָר, בלויז איין שעה אַ וואָך, ווייסט אַזאַ קינד אַלע ברכות, אַ היפּש ביסל דינים, ווייסט די באַדייטונג און ווייסט ווי צו פּייערן די אידישע יום טובים און איז היפּש באַקענט מיט דער אידישער געשיכטע. די „שעה" ווערט דורכגעפירט, ווי געזאָגט, אויף אַן אופן, אַז עס זאָל ווי אַמווינציקסטנס דער־מאָנען אין אַ סקול, אין אַ לערן צימער. די דערפאַרונג פון די פירער פון דער שעה האָט באַוויזן, אַז דער גרעסטער דערפאָלג ווערט דערגרייכט, ווען די אַרבעט ווערט דורכגעפירט אין דער פאָרם פון אַ מין לעקציע, אָדער אַ סעסיע פון דערציילן געשיכטעס און מעשה׳לעך. די גאַנצע אַרבעט ווערט געפירט אין ענגליש און אין די צוגעגרייטע מאַטעריאַלן ווערן אפילו די ברכות און אַלע אַנדערע רעליגיעזע טעקסטן איבערגעגעבן אין ענגלישער שריפט (העברעאיש, אויסגעלעגט פאָנעטיש אין ענגליש).

די „קאָמיטע" פירט אויך אָן צווישן אָט די פּאָבליק סקול־קינדער ספּע־ציעלע אַקציעס צו פאַרשפּרייטן אידישע רעליגיעזע חפצים, ווי מזוזות, ארבע כנפות, סידורים, און אויך תפילין און אַנדערע סאָרט רעליגיעזע חפצים. די קאָמיטע באַריכטעט, אַז זי האָט צעטיילט איבער אַ האַלבן מיליאָן קאָפּיעס אָדער איינסן פון רעליגיעזער ליטעראַטור. אין אירע באַריכטן שטרייכט מיט רעכט אונטער די „קאָמיטע", אַז איר גאַנצע אַרבעט קריגט אַ פּיל גרעסערע באַדייטונג, ווען מען באַגרייפט, אַז צענדליקער טויזנטער אידישע קינדער, וואָס זיינען אין די ערשטע יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה דורכ־געגאַנגען די רעליגיעזע שעה, וואָלטן אינגאַנצן ניט געהאַט קיין באַגריף און געטריע אינפאָרמאַציע וועגן אידישקייט, ווען ניט דער פאַקט, וואָס זיי זיינען אַריינגעצויגן געוואָרן צו הערן די לעקציעס פון אָט דער דאָזיקער שעה.

דאָ מוז אויך צוגעגעבן ווערן, אַז די פּאַרוואַלטונגען פון די פאַרשידענע פּאַב־ליק סקולס האָבן אויך אַן אינטערעס, אַז די קינדער, וואָס ווערן באַפרייט פאַר דער שעה, זאָלן טאַקע באַזוכן די רעליגיעזע לעקציעס און ניט פאַר־טאַכלעווען ערגיץ אָט די צייט אין ווער ווייסט וואָס. איז טאַקע איינגעפירט געוואָרן אַ סיסטעם, לויט וועלכער יעדער קינד, וואָס קומט צו דער „שעה", קריגט יעדעס מאָל אַ קאַרטל, וואָס באַשטעטיקט די אָנוועזנהייט ביי דער רע־ליגיעזער לעקציע.

דער קאָמיטעט פאַר „כשר'ן חינוך" האָט אין משך פון זיין עקזיסטענץ אַנטוויקלט אַ גאַנצע ריי פאַרשידענאַרטיקע טעטיקייטן אַרום דער „רעלי־גיעזער שעה". עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ צאָל געגנטן, גאַנץ באַזונדערס אין ברוקלין, „שבת קלובן", און פיל פון די קינדער, וואָס פלעגן לערנען אַ גאַנצע וואָך אין די פּאָבליק־סקולס, פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין די שולן און פאַרברענגען אין שבת'דיקע געזאַנגען, אין שפּאַצירן צוזאַמען, און אויך אין הערן שמועסן וועגן אידן און אידישקייט. די דאָזיקע קלובן זיינען געוווען באַוואוסט אַלס „מסיבות שבת" און הרב יעקב יהודה העכט איז געווען דער פאָרזיצער פון דער דאָזיקער באַוועגונג. די זעלביקע קינדער פון די מסיבות שבת פלעגן אויך איינמאָל אין יאָר אָדער מער געפירט ווערן אויף עקסקורסיעס אין די אַרומיקע פּאַרקן, און פאַרברענגען מיט זייערע מדריכים אין פאַרשידענע שפּילן און ספּאָרט פאַרמעסטונגען. אַ גאָר איינ־דרוקספולער פּאַראַד פלעגט דורכגעפירט ווערן לכבוד ל״ג בעומר אויך מיט דער באַטייליקונג פון טויזנטער קינדער פון דער רעליגיעזער אידישעד שעה. די ליובאַוויטשער חסידים האָבן מיט דער דאָזיקער ריזיקער ל״ג בעומר דעמאָנסטראַציע צוגעצויגן גרויס אויפמערקזאַמקייט צו זיך מצד דער ברייטער אידישער עפנטלעכקייט. אין איינער אַזאַ ל״ג בעומר פייערונג האָבן זיך באַטייליקט איבער פיר טויזנט קינדער. דער ליובאַוויטשער רבי האָט די קינדער באַגריסט. אַ ספּעציעלער פילם איז גענומען געוואָרן.

אַזוי ווי אידישע זומער־קעמפּס זיינען אין אַמעריקע געוואָרן אַ גאָר וויכטיק מיטל אויפן געביט פון אידישן חינוך, האָט אויך די „נאַציאָנאַלע קאָמיטע פאַר דער פאַרשטאַרקונג פון אידישער דערציאונג" געגרינדעט אין 1952 איר ערשטן קעמפּ „אמונה", וואָס האָט זיך געפונען אין גרינפילד פּאַרק, ניו־יאָרק. דער דאָזיקער ערשטער קעמפּ איז געווען בלויז פאַר מיידלעך. הונדערטער קינדער האָבן יעדעס יאָר פאַרבראַכט אין דעם דאָזיקן קעמפּ יעדן זומער. פיל פון די קינדער האָבן געקראָגן זייער וואַקאַציע פאַר

אַ טיילוויזן פּרייז אָדער אינגאַנצן פריי. די „קאָמיטע״ האָט אויך אָרגאַניזירט אַן „אינסטיטוט״ צוצוגרייטן אָנפירער פון אידישע זומער־קעמפּס.

די קאָמיטע האָט אויך אויסגעשפּרייט איר טעטיקייט, כדי צו ברענגען אידישע דערציאונג, אידיש וויסן, צו אידישע קינדער, וואָס קענען צוליב זייער פיזישן צושטאַנד, ניט פאַרלאָזן זייער היים אָדער דעם האָספּיטאַל. ספּעציעלע לערער זיינען אָנגעשטעלט געוואָרן, כדי צו באַזוכן אַזעלכע קינדער און צו זיי ברענגען דאָס אידיש וויסן, וואו נאָר זיי געפינען זיך. די קאָמיטע האָט יעדעס יאָר צעטיילט טויזנטער איינסן אין אידישקייט־ליטעראַטור, שפּילצייג און אויך אַנדערע מתנות, מערסטנס פון אידישן אינהאַלט, צו אידישע קינדער אין די האָספּיטאַלס.

עס איז אויך געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע „בית אסתר געזעלשאַפט״, וועמענס צוועק עס איז געווען צו אָרגאַניזירן פאַרוויילונגען פון אידישן אינהאַלט פאַר אידישע קינדער, וואָס זיינען פיזיש פאַרקריפּלט. די „קאָמיטע״ האָט אויך געהאַט אַ פּלאַן צו גרינדן אַ ספּעציעלן צענטער פאַר די דאָזיקע אידישע קינדער. אויך פאַר גייסטיק קראַנקע אידישע קינדער האָט די „קאָמיטע״ געזוכט צו זאָרגן, העלפנדיק זיי דורך פּראָפעסיאָנעלע פּסיכיאַטרישע עצות און אָנווייזונגען אין זייער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג, און גאַנץ באַזונדערס, אַזוי ווייט ווי מעגלעך, זיי העלפן אין זייער אידיש וויסן.

די „קאָמיטע״ האָט אויך אין יאָר 1955 אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן איר טעטיקייט אַזש ביז מדינת ישראל און אָנגעהויבן אַן אַקציע צו העלפן אָרימע אידישע קינדער פון אַריינפאַלן אין די הענט פון מיסיאָנערן. פאַר דעם דאָזיקן צוועק האָט די „קאָמיטע״ אויך אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן צו בויען אַן אייגענעם צענטער אין אידישן היימלאַנד.

די רעליגיעזע שעה האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ וועכנטלעכער ראַדיאָ־פּראָגראַם, אויף וועלכער הרב יעקב יהודה העכט פלעגט האַלטן יעדן פרייטיק פּלאַם־פייערדיקע רעדעס אין אידיש וועגן די אויפגאַבן פון „כשרן חינוך״ און וועגן דעם „אַנטי שמד קאַמפּעין״, וואָס זיין אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעפירט. די אַנטי שמד אַקציע איז באַשטאַנען אין פאַרמיטלען אין אַלע מעגלעכע פאַלן, אַז אידישע מיידלעך אָדער אידישע יונגעלייט זאָלן ניט הייראַטן מיט קיין קריסטן. די דאָזיקע אַקציע איז געווען אַ וויכטיקע טייל פון דער אַרבעט פון „ועד החינוך הכשר״.

די אידישע רעליגיעזע שעה ווערט אויסגעהאַלטן דורך אַ יערלעכן קאַמ־פּעין. דער יערלעכער בודזשעט, וואָס איז צוערשט געווען אַרום 50 טויזנט דאָלער, האָט שפּעטער באַטראָפן אַרום 150 טויזנט דאָלער. אַקטיוו איז אין

דער רעליגיעזער שעה אויך אייניקע יאָר געווען הרב אברהם דוב העכט, אַ ברודער פון הרב יעקב יהודה העכט, וואָס איז אויך געווען אַ פירער ביי די אידן פון סיריע. (עס זיינען געווען אין דער זעלבער העכט־פאַמיליע זעקס ברידער. און אַלע פון זיי רבנים, טעטיק אין דעם אידישן לעבן פון אַמעריקע). הרב יעקב יהודה העכט איז געבוירן געוואָרן אין בראַנזוויל, ברוקלין, און געלערנט צוערשט אין ישיבת רבי חיים בערלין, דערנאָך אין מתיבתא תורה ודעת און שפּעטער אין ישיבת תומכי תמימים, פון די ליובאַוויטשער, וואו ער האָט אין 1945 געקראָגן סמיכה אויף רבנות. הרב י. י. העכט איז געווען אויך דער גייסטיקער פירער פון איינער פון די גרעסטע שולן אין איסט פלעטבוש, די קאָנגרעגעישאָן און ישיבה רבי מאיר שמחה הכהן.

אינטערעסאַנט איז, אַז ווען איך האָב געפרעגט אויב די „קאָמיטע" האָט זיך באַטייליקט אין דעם קאַמף פאַר דער רעליגיעזער שעה אין ניו יאָרק סטייט, אין שייכות מיט דער קלאַגע אין געריכט, האָט מען מיר געענטפערט, אַז ניין! די שטעלונג פון די ליובאַוויטשער איז ניט „צו קעמפן" מיט דער רע־גירונג, נאָר אויסנוצן יעדע געלעגנהייט צו פאַרשפּרייטן אידישקייט. אויב די „שעה" וואָלט פאַרבאָטן געוואָרן, דאַן וואָלטן די ליובאַוויטשער געפונען אַנ־דערע וועגן צו פאַרשפּרייטן אידישקייט, איז מיר דערקלערט געוואָרן. די ליו־באַוויטשער נוצן אויס די רעליגיעזע שעה ניט בלויז פאַר די פּאָבליק סקול קינדער, נאָר אויך פאַר דעם צוועק צו שאַפן מנהיגים, לערער און גוטע רעד־נער. די רעליגיעזע שעה, האָט די „קאָמיטע פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון חינוך הכשר" אויסגעפונען, איז אַ וואונדערבאַרע לאַבאָראַטאָריע. די הונדער־טער רעליגיעזע יונגעלייט און מיידלעך, וואָס ווערן באַשעפטיקט אַלס לערער, האָבן אין דער „שעה" אַ גוטע פּלאַטפאָרמע פאַר זיך און פאַר זייערע פעיאיקייטן. און אָט די פּלאַטפאָרמע ווערט אויסגענוצט אין פולן זינען פון וואָרט. די „קאָמיטע" אַרבעט אויך אויף אַ גראַנדיעזן פּלאַן איינצופירן אַ רע־ליגיעזע שעה ניט בלויז פאַר קינדער, נאָר טאַקע אויך פאַר די עלטערן. פאַ־ראַן טויזנטער, צענדליקער טויזנטער אידישע עלטערן, וואָס זיינען אינגאַנצן אומבאַקאַנט מיט די הויפּט פּרינציפּן פון אידישקייט. פּלאַנט די קאָמיטע איינ־צופירן אין דער זעלבער פאָרם, אָבער אין אָוונט אַ ספּעציעלע „רעליס טאַים" שעה פאַר די טאַטעס און מאַמעס, אַז זיי זאָלן איין מאָל אַ וואָך זיך אָפּרייסן פון זייערע באַשעפטיקונגען און קומען הערן אַ לעקציע — רעגל־מעסיק וועגן יהדות און אידישע מנהגים און טראַדיציעס.

# פון קינדערגאָרטן ביז אוניווערזיטעט

פערטער טייל

קינדערגאָרטנס, געזאַנג, דראַמע און טענץ, די סאַמע מאָדערנסטע מיטלען אין אידישן חינוך. — שולן און תורה־מוסדות וואָס דינען אַלס מוסטער. — אידישע לימודים אין קאַ־לעדזשעס און אוניווערזיטעטן. — הסתדרות עברית, איווא, קולטור־קאָנגרעס און אידישע אַגענטור, צענטראַלע קערפּערשאַפטן צו פאַרשטאַרקן אידישע קולטור.

## 38

# איבער 200 אידישע קינדער־גאַרטנס אין ניו־יאָרק און אומגעגנט

**אין זעקס יאָר צייט האָט זיך די צאָל קינדערגאָרטנס פאַרגרעסערט אין ניו יאָרק אויף פיר מאָל אַזויפיל. — די מערסטע קינדערגאָרטנס טראָגן אַ רעליגיעזן כאַראַקטער. — די ספּעציעלע עונג שבת צערעמאָניעס און די פייערונגען פון ימים טובים. — דורך וואָרט און שפּיל האָט מען איינגעפּלאַנצט אידישקייט ביי טויזנטער אידישע קינדער פון די פריסטע יאָרן אָן. — די קינדער־גאָרטנס ביי די שולן פון אַרבעטער רינג, פאַרבאַנד און שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוט. — ערשטער אידישער קינדערגאָרטן אָרגאַניזירט אין ניו־יאָרק אין יאָר 1882.**

איינע פון די גרעסטע איבערראַשונגען, וואָס איך האָב באַגעגנט אין מיין אויספאָרשונג פון דעם אידישן דערציאונגס־וועזן אין אַמעריקע און גאַנץ באַזונדערס אין ניו־יאָרק, איז פאַרבונדן מיט דעם קינדער־גאָרטן געביט. איך פיל, אַז איך מוז דאָ ביים סאַמע אָנהויב פון דעם קאַפּיטל וועגן די קינדער־גאָרטנס, דערציילן דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד, וואָס גיט זיכער אַ ריכטיק בילד וועגן דעם, ווי עס האַלט מיט אידישער דערציאונג ביים יונגען דור אַמעריקאַנער אידישע עלטערן.

פאַסירט האָט עס אין אַ פאַרמיטאָג, דאָנערשטיק, דעם 8טן אַפּריל, 1954. איך האָב געהאַט אַ באַגעגעניש מיט דער ראַטגעבערין (קאָנסאָלטענט) פון „קינדער גאָרטן און נוירסערי דעפּאַרטמענט" פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, האכנאלקא ל. וויינער, אין איר אָפּיס אויף 1776 בראָדוויי, ניו־יאָרק.

„וויפל אידישע קינדער־גאָרטנס זיינען פאַראַן אין ניו־יאָרק?" — האָב איך מיר אַזוי אַ פרעג געטאָן ביי מרס. וויינער. און דער ענטפער, וואָס זי

האָט מיר אויף אַ געלאַסענעם אופן געגעבן, האָט מיך ווי אַ טראָג געטאָן פון בענקל ממש.

„אַרום צוויי הונדערט״ — האָט זי מיר געזאָגט.

„צוויי הונדערט?״ — האָב איך איבערגעפרעגט, ווי שטאַמלענדיק. איך האָב זיך ניט געגלויבט מיינע אויערן. אָבער די „גנעדיקע פרוי״ (נוצנדיק דאָס לשון פון די שפּאַנענדע ראָמאַנען) האָט מיט אַ שמייכל, ניט פאַרשטייענדיק מיין איבערראַשונג, מיך געלאַסן פאַרזיכערט:

„יאָ! צוויי הונדערט!״

און דאָ פיל איך, אַז איך מוז פאַר מיינע לייענער אויפקלערן פאַרוואָס אָט די דאָזיקע ציפער האָט מיך אַזוי איבערראַשט.

און מעשה שהיה כך היה. עס איז געווען אין יאַנואַר חודש, 1948, ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט די קינדער־גאָרטן אָפּטיילונג פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, אויף 1776 בראָדוויי. דאַן האָב איך געהאַט אַ געשפּרעך מיט מרים העלער, וועלכע האָט אין משך פון עטלעכע יאָר פאַרנומען דעם אַמט פון ראַטגעבערין איבער קינדער־גאָרטנס און נוירסע־ריס. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, ווי דאַן, אין אָנהויב פון 1948 האָב איך מיט פרייד באַריכטעט אין דער ניו־יאָרקער אידישער פּרעסע, מיט דעם טאָן, אַז „כאָטש עס איז שווער צו גלויבן, נאָר דאָך איז עס אַ פאַקט״, אַז אין ניו־יאָרק און אומגעגנט געפינען זיך 52 אידישע קינדער־גאָרטנס. און דאַן, אין 1948, האָט מען דערקלערט דעם שנעלן וואוקס פון אידישע קינדער־גאָרטנס מיט דעם פאַקט, וואָס אַ היפּשע צאָל אידישע פרויען זיינען אין די אָנהויב פערציקער יאָרן אַריינגעצויגן געוואָרן אין די מלחמה־אינדוסטריעס, אין די פאַרשידענע אָפיסעס פון די שוץ־פאַבריקן, און דערפאַר האָבן זיך געשאַפן די קינדער־גאָרטנס, כדי, הייסט עס, די מוטערס זאָלן קענען זיין פריי אַ היפּשן טייל פון טאָג און קענען אַזוי אַרום העלפן אין דער שוץ־פּראָגראַם פון לאַנד.

אָבער עס זיינען איבער זעקס יאָר פאַראיבער. און איך האָב באַשלאָסן אָפּצושטאַטן „פאַר יוצא וועגן״ (אַזוי האָב איך זיך געטראַכט), נאָך אַ וויזיט אין דער אָפּטיילונג פאַר קינדער־גאָרטנס פון דערציאונגס־קאָמיטעט. ביי זיך אין האַרצן בין איך אָבער געווען כמעט זיכער, אַז איך האָב די נויטי־קע ציפער פון פריער. 52 קינדער־גאָרטנס. אפשר — אַזוי האָב איך ביי זיך אַ טראַכט געטאָן, — זיינען צוגעקומען אַ פּאָר, אפשר נאָך צען אָדער צוואַנציק. און אפשר איז די צאָל קינדער־גאָרטנס אין די נאָך־מלחמה־יאָרן גאָר קלענער געוואָרן!

און דאָ — שטעלט זיך טאַקע פאַר מיין פריידיקע איבעררעשונג — העך איך מיטאַמאָל די ציפער „צוויי הונדערט".

יאָ! אַזוי גייט עס! דאָס אידישע דערציאונגס־וועזן מאַרשירט פאָראויס אין אַמעריקע! ווילט זיך אויסרופן.

און ווען איך האָב זיך נאָכגעפרעגט, מיט וואָס אַזוינס האָט זיך עס דערקלערט, וואָס עס האָט אַזאַ שנעלן וואַקס געטאָן די צאָל קינדער־גאָרטנס ביי אידן אין ניו־יאָרק, האָט מען מיר דערקלערט קלאָר און שאַרף: דאָס איז דערפאַר, ווייל די יונגע אידישע עלטערן ווילן געבן זייערע קינדער אַ בעסערע אידישע דערציאונג גלייך פון די פריסטע יאָרן אָן. עס איז געווען אָבער נאָך אַ וויכטיקע סיבה, און דאָס איז שוין אַ פּראָזאַאישער ענין: די מערסטע אידישע פרויען פון מיטל־קלאַס האָבן ניט געהאַט קיין גענוגנדע הויז־הילף און זיי האָבן עס געפונען פאַר זייער באַקוועם צו שיקן דאָס קינד אין אַ קינדער־גאָרטן, וואו עס האָט זיך געפונען אונטער דער בעסטער אויפ־זיכט און אַזוי אַרום האָט די מידע מוטער געקענט איבערכאַפּן דעם אָטעם. דער דאָזיקער פאַקט איז געווען גאָר אמת אין פאַמיליעס, וואו עס איז געווען, לאָמיר זאָגן, אַ קינד פון פיר, פינף יאָר און עס איז צוגעקומען אַ ניי־געבוירן קינד. דאַן איז עס געווען דער בעסטער אויסוועג (אויב די פאַמיליע האָט ניט געקענט באַווייזן אָנצושטעלן אַ מענטשן, קריגן אַ דינסט אין הויז, הייסט עס) צו שיקן דאָס עלטערע קינד אין אַ קינדער־גאָרטן און די יונגע מוטער האָט אַזוי אַרום געקענט אי אַכטונג געבן בעסער אויף דעם נייעם קינד, אי פירן דאָס הויז.

ווי עס זאָל אָבער ניט זיין, דער פאַקט איז אַ פאַקט: אין 1954 זיינען געווען אַרום 200 אידישע קינדער־גאָרטנס אין ניו־יאָרק און אין וועסטשעסטער, נעסאו און סאָפאָלק קאָונטיס. פון די צוויי הונדערט קינדער־גאָרטנס האָבן זיך 34 געפונען אין מאַנהעטן, 22 אין די בראָנקס, 66 אין ברוקלין און 26 אין קווינס. אין ריטשמאָנד האָבן זיך געפונען 6. די איבעריקע האָבן זיך געפונען אין די אַרומיקע פאָרשטעט פון ניו־יאָרק, אין וועסטשעסטער, ווי ניו־ראָשעל, וויהאַיט פּלעינס, מאַרמאַראָנעק, יאָנקערס און אַ. וו. אויך אין נעסאַו און סאָפאָלק קאָונטיס, אין אַזעלכע שטעטלעך ווי גרעיט נעק, גלען קאָוו, לאורענס, בעי שאָר, לעוויטטאָון און אַ. וו.

אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ניט די „גאַנצע געשיכטע". אין יוני, 1957, ווען מיר האָבן זיך ווידער געווענדעט צום אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, כדי פעסטצושטעלן די צאָל קינדער־גאָרטנס אין ניו־יאָרק און אומגעגנט, האָבן מיר אויסגעפונען, אַז די צאָל איז ווידער געשטיגן. דאָס מאָל האָט

די צאָל קינדער־גאָרטנס דערגרייכט 226. אָבער ניט בלויז די צאָל איז געוואָרן אַ נייע, נאָר אויך די אָנפירערין פון דעם קינדער גאָרטן דעפּאַרט־מענט איז געווען אַ נייע. איר נאָמען — אסנת ראָזנבערג, אַ דערפאַרענע אידישע דערציערין, וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט לערעריי פון יונגע קינדער זינט 1929. מרס. ראָזנבערג, וועלכע איז געווען אַ גראַדואירטע פון דער הרצליה און פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, איז, צווישן אַנדערן, געווען 12 יאָר צייט אַ לערערין פון קינדער פון ערשטן קלאַס אין דער ישיבה דפלעטבוש. מרס. ראָזנבערג האָט אונז איבערגעגעבן אַ ליסטע פון די קינדער־גאָרטנס, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן מיט דער הילף פון דעם סטאַטיסטיקער פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, מר. מאָריס האָראָוויץ. די ליסטע גיט אָן די צאָל קינדער־גאָרטנס לויט די פאַרשידענע שולן, ביי וועלכע זיי עקזיסטירן, ווי פאָלגט:

20 ביי קאָנגרעגאַציע־שולן
2 ביי ניט־קאָנגרעגאַציע שולן
15 ביי אידיש־שולן
77 ביי איינמאָל אַ וואָך רעפאָרם שולן
7 ביי פינף מאָל אַ וואָך רעפאָרם שולן
105 ביי פולע טאָג־שולן, ישיבות קטנות

226 קינדער־גאָרטנס.

אַ צאָל פון די נייע קינדער־גאָרטנס האָבן זיך געפונען אין וויליאַמסבורג, ביי די חסידישע ישיבות, וואָס זיינען אויפגעקומען אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. איך האָב באַזוכט אַ היפּשע צאָל פון אָט די קינדער־גאָרטנס. ווען עס קומט צו די אינגלעך, פון פיר ביז זעקס יאָר, זיינען די קינדער־גאָרטנס פון די חסידישע ישיבות געווען מער ענלעך צו די אַלט־באַקאַנטע חדרים. גאַנץ אַנדערש איז אָבער אין די קינדער־גאָרטנס פאַר מיידלעך, וואָס האָבן עקזיסטירט אויך אין וויליאַמסבורג. דאָ זיינען די לע־רערינס געווען מער מאָדערן און האָבן אָנגעפירט די אַרבעט ווי אין די מערסטע קינדער־גאָרטנס אין פאַרשידענע טיילן שטאָט.

אין די מערסטע קינדער־גאָרטנס זיינען קינדער אַריינגעקומען צווישן ניין און האַלב נאָך ניין אינדערפרי. זיי זיינען געבליבן דאָרט ביז דריי בייטאָג, 4 טעג אַ וואָך: מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך און דאָנערשטיק. פרייטיק האָט מען געלערנט ביז איינס אָדער אַביסל שפּעטער צוליב דעם, ווייל עס איז ערב שבת. די פּראָגראַם אַ גאַנצע וואָך איז געווען ווי פאָלגט: פון ניין ביז 10 מינוט

נאָך נײַן: באַגריסונג און פרימאָרגן תפילה. פון 9.10 ביז 9.20 דיסקוסיע און פּלאַנירונג פון טאָג. פון 9.20 ביז 10.20 אַרבעטס צייט: קלעפּן זאַכן פון קליי, מאָלן, בויען און אַ. וו. פון 10.30 ביז 11 זאַפט טרינקען און צובייסן. העברעאישע שפּילן, אַ מעשה׳לע אין העברעאיש, געזאַנג. פון 11 ביז 11.45 שפּיל אין דרויסן. פון 11.50 ביז 12.45 וואַשן זיך, גרייטן זיך צום לאָנטש. לאָנטש. 12.45 ביז 1.10 געשיכטעס. מערסטנס וועגן אידישע העלדן און ימים טובים. פון 1.10 ביז 2.00 רו־פּעריאָד. יעדער קינד האָט זיך געהאַט זיין אייגן בעטל, מיט אַן אויפשריפט, אַז עס באַלאַנגט צו אים. די לערערין האָט געזונגען די קינדער לידעלעך אָדער דערציילט זיי אַ שיין מעשה׳לע ביים אָנהויב אָדער צום סוף פון דער רו־צייט. אָפט האָט די לערערין פאָרגעשפּילט פאַר די קינדערלעך באַליבטע רעקאָרדירונגען. 2.00 ביז 2.15 מילך טרינקען. דאַן האָט די לערערין געפירט מיט די קינדער אַ קורצן שמועס וועגן דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. די קינדער פאַרווײַלן זיך מיט פאַרשידענע שפּילן ביי די טישלעך אָדער אויפן דיל. זיי גרייטן זיך צו גיין אָדער פאָרן אַהיים.

פרייטיק איז אַ ספּעציעלער פייערטאָג אין די מערסטע אידישע קינדער־גאָרטנס. פרייטיק ווערט דורכגעפירט אַן עונג שבת.

דער עונג שבת גייט מערסטנס אַזוי:

אַלע קינדער באַטייליקן זיך אין דער פייערונג. דער הויפּט־צימער איז דעקאָרירט. אַ לאַנגער שבת־טיש ווערט פאָרמירט פון עטלעכע קלענערע טישלעך. אויבן אָן ליגט די חלה צוגעדעקט מיט אַן אויסגענייט טיכל און עס פינקלען די שבת־ליכט. איין קינד ווערט אויסגעקליבן אַלס „אַבא״ (פאָטער) און אַן אַנדער קינד אַלס „אמא״ (מוטער). דאָס מיידעלע (יעדן פרייטיק — אַן אַנדערס) בענטשט ליכט. דאָס אינגעלע, דער אבא, מאַכט קידוש. אַלע קינדער צוזאַמען מאַכן אַן המוציא, מען טיילט צוקערקעס אָדער ראָזשינקעס און לעקעך און מען זינגט ספּעציעלע געזאַנגען. און אַזוי אַרום ווערן די קינדער פון די סאַמע פריסטע יאָרן אַריינגעפירט אין טראַדיציאָנעלער אידישקייט. נאַטירלעך, אַז ווען עס קומט חנוכה, פורים און פסח זיינען די קינדער וואָכנלאַנג אין פאָראויס פאַרנומען מיט אַרבעטן אויף פאַרשידענע יום־טוב׳דיקע זאַכן. פורים — מאַכט מען גראַגערס און מאַסקעס. חנוכה האָט מען צו טאָן מיט חנוכה־לעמפּלעך, דריידלעך און די מכבים. פסח איז הימל און ערד און די פיר קשיות און חד גדיא און אַ. וו. אין די מערסטע קינדער־גאָרטנס זיינען די ווענט

באַהאַנגען מיט די מאַלערייען פון די קינדער. אַ סך פון די בילדער האָבן צו טאָן מיט אידישקייט.

פון די 226 קינדער־גאָרטנס אין ניו־יאָרק און אומגעגנט זיינען געווען אַ 15, וואָס זיינען אָנגעפירט געוואָרן טיילווייז אויף דער אידישער שפּראַך. דריי פון די דאָזיקע קינדער־גאָרטנס זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון אַר־בעטער־רינג, וועלכער האָט פאַרמאָגט צוויי פון די שענסטע קינדער־גערטנער אין די קאָאָפּעראַטיווע הייזער אין די בראָנקס. איין קינדער־גאָרטן איז אָנגעפירט געוואָרן פון ניי־געקומענע אידן און האָט געטראָגן דעם נאָמען „מיכל קלעפּפיש קינדער־גאָרטן" ביי שול 10 אַרבעטער־רינג, אויך אין די בראָנקס.

דער אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד האָט געהאַט צוויי קינדער־גערטנער אין ניו־יאָרק און ביידע האָבן זיך געפונען ביי די „כנרת"־שולן. איינער אין ברוקלין און דער צווייטער אין די בראָנקס. די קינדער־גאָרטנס ביי דער כנרת זיינען געווען דריי שפּראַכיקע. מען האָט באַקענט די קינדער ניט בלויז מיט ענגליש און העברעאיש, נאָר אויך מיט אידיש. דער שלום־עליכם פאָלק אינסטיטוט האָט געהאַט 10 קינדער־גערטנער. צוויי פון זיי זיינען געווען פולע. דאָס הייסט, מען האָט אין זיי געלערנט פינף מאָל אַ וואָך. אין די אַנדערע — פון איין טאָג ביז דריי טעג אַ וואָך. אין די איין־טאָגיקע קינדער־גערטנער האָט מען געלערנט דריי שעה צייט. אין אַלע שלום עליכם קינדער־גערטנער האָט מען געלערנט מיט די קינדער אין דער ענגלישער און אידישער שפּראַך. אינטערעסאַנט איז דאָ אויך אָנצואווייזן, אַז אין אַלע חסידישע קינדער־גאָרטנס, אין וויליאַמסבורג און אין אַנדערע טיילן פון ניו־יאָרק, איז די הויפּט־אומגאַנגס שפּראַך געווען אידיש. ביי די חסידישע קינדער אין אַמעריקע איז אידיש די טאָג־טעגלעכע שפּראַך פּונקט ווי אין דער אַלטער היים אַמאָל.

אין דער גרעסטער צאָל קינדער־גאָרטנס, וואו מען האָט געלערנט פינף מאָל אַ וואָך, איז דער שכר־לימוד געווען אַ גאַנץ הויכער. פון פיר הונדערט דאָלער אַ יאָר און מער. כמעט קיין שום סקאָלערשיפּס, דאָס מיינט רעדוקציעס אין שכר לימוד, זיינען ניט געגעבן געוואָרן אין די מערסטע קינדער־גאָרטנס. אַן אויסנאַם זיינען געווען די חסידישע קינדער־גאָרטנס אין וויליאַמסבורג. די מערסטע קינדער־גאָרטנס זיינען אַזוי אַרום געווען בלויז פאַר קינדער פון מיטל־קלאַס און העכער. אויסנאַמען פאַר אַ קלענערן שכר לימוד זיינען געמאַכט געוואָרן אין גאָר, גאָר ווייניק פאַלן. אין די קינדער־גאָרטנס, וואו מען האָט געלערנט דריי מאָל אַ וואָך, איז דער שכר־לימוד געווען קלענער,

נאַטירלעך. די מערסטע קינדער זיינען געבראַכט און אָפּגעפירט געוואָרן אַהיים אין ספּעציעלע באַסעס, וואָס יעדער שול האָט באַשעפטיקט.

צום סוף, ווילן מיר דאָ אויך איבערגעבן אַ צאָל אינטערעסאַנטע איינצלהייטן אין שייכות מיט דער געשיכטע פון די קינדערגאָרטנס ביי די אידן אין אַמעריקע. עס איז אַ פאַקט, אַז ביז אין יאָר 1937, האָט מען די צאָל אידישע קינדערגאָרטנס, סיי אין ניו־יאָרק, סיי אויסער ניו־יאָרק, געקענט אָנציילן ממש אויף די פינגער. ערשט מיט דעם אויפקום פון די ישיבות קטנות האָט זיך די צאָל קינדערגאָרטנס אָנגעהויבן צו צעוואַקסן. דער ערשטער קינדערגאָרטן ביי אַ ישיבה קטנה אויסער ניו־יאָרק, איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין יאָר 1938. און פון 1938 ביז 1955 האָט די צאָל ישיבה־ קינדער־גאָרטנס אויסער ניו־יאָרק דערגרייכט 62.

אויך אין ניו־יאָרק האָט די צאָל קינדערגאָרטנס זיך צעוואָקסן ערשט אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה מיטן אויפקום פון די ישיבות קטנות. סיי אין ניו־יאָרק, סיי איבער גאַנץ אַמעריקע, האָט כמעט יעדע ישיבה קטנה אַ קינדערגאָרטן. און אין אַלגעמיין האָבן אַלע אידישע דערציאונגס־באַוועגונגען אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן קינדערגאָרטנס.

דער ערשטער קינדערגאָרטן איז אין ניו־יאָרק געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1882 (אַנדערע קוואַלן זאָגן 1888 און 1892) דורך דער „היברו פרי סקול אַסאָסיאיישאָן", אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אַרום 1864 דורך די אידן פון אָפּטאַון, כדי צו באַקעמפן די מיסיאָנערן, וואָס האָבן צו יענער צייט אָנגעהויבן צו ווערן אַקטיוו אויף דער אידישער איסט סאַיד. דער קינדער־גאָרטן האָט אָבער געטראָגן מערסטנס אַ פילאַנטראָפּישן כאַראַק־טער און האָט זיך אָנגערופן „דעי נוירסערי". מערסטנס פלעגן אַהין געבראַכט ווערן די קינדער פון אָרעמע היימען, וועמענס מוטערס האָבן געאַרבעט לאַנגע שעה'ן אין די סוועט־שעפּער. אַרום 1918 האָבן זיך געפונען אַרום 16 דעי־נוירסעריס אין ניו־יאָרק. אויך אין אַנדערע שטעט האָבן זיך געפונען אַזעלכע „דעי נוירסעריס", אויסגעהאַלטן פון פאַרשידענע וואוילטעטיקע אָרגאַניזאַציעס. אין משך פון טאָג פלעגט מען, נאַטירלעך, אויך לערנען מיט די קינדערלעך. אָבער קיין קינדערגאָרטנס פון ריין־דערציערישן כאַראַקטער זיינען דאָס ניט געווען. ערשט אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַוויזן די מאָדערנע קינדערגאָרטנס אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע. און אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, מיט דעם וואוקס פון די טראַדיציאָנעלע טאָג־שולן, האָט דער אידישער קינדערגאָרטן אָנגעהויבן צו שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דעם אויפקום פון אַ פאַרשטאַרקטער טראַ־דיציאָנעלער אידישקייט דאָ אין לאַנד.

## 39

# געזאַנג און דראַמע האָבן אָנגעהויבן שפּילן וויכטיקע ראָל אין אידישן שול־וועזן אין אַמעריקע

אידישע לידער־ביכער זיינען פאַרקויפט געוואָרן אין צענדליקער טויזנטער קאָפּיעס. — פיל שולן אין ניו־יאָרק האָבן אָנגעהויבן באַשעפטיקן פּראָפעסיאָנעלע געזאַנג לערער. — צווישן זיי אויך אולטראַ אָרטאָדאָקסישע ישיבות. — אויך פּראָפעסיאָנעלע לערער פון טעאַטער־שפּיל זיינען באַשעפטיקט געוואָרן. — יערלעכער פעסטיוואַל פון געזאַנג מיט דער באַטייליקונג פון כאָרן פון צענדליקער שולן. — טראַדיציאָנעלע און רעליגיעזע געזאַנגען שטאַרק פּאָפּולער. — אידישער טעאַטער פאַר קינדער אין ניו יאָרק איז געוואָרן אַ זעלבסטשטענדיקע אינסטיטוציע.

געזאַנג און דראַמע, אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, האָבן זינט די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אָנגעהויבן צו פאַרנעמען אַ גאָר אָנגעזעען אָרט אין די אידישע קינדער־שולן פון ניו־יאָרק און אויך פון אַנדערע גרעסערע שטעט אין אַמעריקע. דער ניו־יאָרקער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט האָט גלייך ביים אָנהויב פון די פערציקער יאָרן איינגעפירט ספּעציעלע אָפּטיילונגען אויף די דאָזיקע צוויי געביטן. דער צושטאַנד איז מיט דער צייט שוין געווען אַזאַ, אַז אפילו אַ היפּשע צאָל פון די אולטראַ־אָרטאָדאָקסישע ישיבות האָבן איינגעפירט ספּעציעלע שעה׳ן אין משך פון דער וואָך, וואָס זיינען אויסשליסלעך געווען געווידמעט צו געזאַנג.

דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט אַ ספּעציעלן געשפּרעך מיט דעם מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר הערי קופּערסמיט, וועלכער איז זינט 1940 געווען פאַרבונדן מיט דעם דערציאונגס קאָמיטעט פון ניו־יאָרק אַלס דער דירעקטאָר פון מוזיקאַלישן דעפּאַרטמענט. אַלס באַווייז דערפון, אויף ווי



הערי קופּערסמיט

מוזיקער און קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער פירט אָן מיט דעם מוזיקאַלישן דעפּאַרטמענט אין אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט.

וויט עס איז געוואָקסן דער אינטערעס צו געזאַנג אין די אידישע שולן פון אַמעריקע, קען דינען די צאָל קאָפּיעס, אָפּטמאָל גאַנץ קאָסטבאַרע, וואָס זיינען פאַרקויפט געוואָרן פון די פאַרשידענע לידער־זאַמלונגען, וואָס די מוזיק־אָפּטיילונג פון דערציאונגס־קאָמיטעט האָט אַרויסגעגעבן. אַ קאַטאַלאָג פון די מוזיק־פּובליקאַציעס האָט אויסגערעכנט איבער 50 פאַרשידענע אויסגאַבן, אייניקע גאָר גרויסע, אַנדערע קלענערע. די מוזיק איז געווען פון רעליגיעזן, טראַדיציאָנעלן, ליטורגישן כאַראַקטער און אויך פּאַטריאָטישע און חלוצישע געזאַנגען פון ישראל און פאַרשידענע פאָלקס־לידער, וואָס אידן זינגען. איין בוך אַזאַ אונטער דעם נאָמען „סאָנגס אָוו זייאָן" (לידער פון ציון), וואָס איז

אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1942, האָט זיך פאַרקויפט אין איבער 30 טויזנט קאָפּיעס (אָנדערהאַלבן דאָלער אַן עקזעמפּלאַר). דער בוך איז באַשטאַנען פון אַרום 200 זייטן. דאָס דאָזיקע לידער־בוך איז דערשינען מיט דער מיטהילף פון דער יוגנט־קאָמיסיע ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע און איז געווען צוזאַמענגעשטעלט און רעדאַקטירט פון הערי קופּערסמיט. אַ צווייט בוך, פון גרויסן פאָרמאַט, פון איבער 450 זייטן, אויך רעדאַקטירט פון הערי קופּערסמיט, איז באַשטאַנען פון 265 פאַרשיידענע לידער פון אידישן פאָלק. דאָס בוך האָט געטראָגן דעם נאָמען „סאָנגס ווי סינג" (אין העברעאיש „ולשוננו רנה") און האָט זיך פאַרקויפט פאַר פינף דאָלער מיט 75 סענט אַן עקזעמפּלאַר. מיר דערמאָנען דאָ ספּעציעל די פּרייז, כדי אָנצואווייזן, אַז דאָס בוך איז געווען אַ גאַנץ טייערס, און ניט קוקנדיק דערויף, האָבן זיך פאַרקויפט איבער זיבן טויזנט קאָפּיעס און די נאָכפראַגע אויף דער דאָזיקער לידער־זאַמלונג האָט געהאַלטן אַלץ אין שטייגן. אַ גאָר גרויסע טייל פון די לידער־אויסגאַבן פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט זיינען געווען אויף טעמעס פון שבת און יום טוב און זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין דער פאָרמע פון אַ סעריע פון זיבן דינע ביכלעך, וואָס האָבן זיך צוערשט פאַרקויפט פאַר ווייניקער ווי צען סענט און שפּעטער פאַר צוועלף סענט אַ שטיק. דאָס ביכל וועגן שבת האָט ענטהאַלטן 47 לידער. וועגן סוכות און שמחת תורה — 30 לידער. חנוכה — 32. פּורים — 30. חמשה עשר בשבט — 49 לידער. פּסח — 31. ל"ג בעומר און שבועות — 12. די לידער זיינען אין העברעאיש, אידיש און ענגליש. און דער דערפאָלג פון די אויסגאַבן איז געווען אַזוי גרויס, אַז זיי האָבן זיך פאַרקויפט אין די צענדליקער טויזנטער קאָפּיעס.

דער אָרגאַניזירטער אופן פון אַריינברענגען דאָס אידישע ליד אין דער אידישער שול האָט געפירט דערצו, אַז אין ניו יאָרק האָבן הונדערטער אידישע שולן אָנגעהויבן צו באַשעפטיקן פּראָפעסיאָנעלע לערער פון אידישן געזאַנג. עס זיינען געווען אַכציק שולן, וואו פּראָפעסיאָנעלע אידישע מוזיק־לערער זיינען געווען אָנגעשטעלט. אויסער דעם האָבן צענדליקער יונגע חזנים געלערנט געזאַנג אין די ניו־יאָרקער אידישע שולן. די דאָזיקע לערער און חזנים האָבן געקראָגן ספּעציעלע סערטיפיקאַטן, אָפיציעלע גוטהייסונגען פון דעם „באָארד אָוו לאַיסענסעס" פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט. דער זעלבער ראַט וואָס האָט אַרויסגעגעבן „לאַיסענסעס" צו העברעאישע לערער. אַרום עטלעכע און דרייסיק לערער זיינען אויך געווען באַשעפטיקט ביים

לערנען אידיש געזאַנג אין די סאַנדעי סקולס פון די רעפאָרם אידן. די אַלע ציפערן זיינען אין שייכות מיט ניו־יאָרק און אומגעגנט.

אַ גאָר גרויסער טייל פון דער געזאַנג־טעטיקייט אין די אידישע שולן איז געווידמעט געוואָרן צו די אידישע קינדער גלייך ביים אָנפאַנג פון זייער שטודיום. דאָס קומט פאָר, ווען די קינדער מאַכן זייערע ערשטע טריט פון קריגן אַ אידישע דערציאונג אין די קינדער־גאָרטנס, וועלכע האָבן געציילט אין ניו־יאָרק איבער 200. יאָ! דאָס אידישע ליד האָט אָנגעהויבן צו קלינגען גאַנץ מוטיק אין דער פאַרשטאַרקטער דערציאונגס טעטיקייט פון אידישן שול־וועזן אין אַמעריקע. געזאַנג איז אָבער אויך אַ וויכטיקער טייל פון דעם דראַנג צו פאַרשטאַרקן דעם אינטערעס אין טראַדיציאָנעלער רעליגיעזער אידישקייט. זמירות, קידוש, אַ גאַנצע ריי תפילות און חזנישע לידער זיינען געוואָרן גאַנץ פּאָפּולער אין טויזנטער, טויזנטער אידישע הייזער אין אַמעריקע, וואו די עלטערן — די אַמעריקאַנער געבוירענע — האָבן די געזאַנגען און לידער ניט געקענט. די קינדער, אָבער, די אַמעריקאַנער געבוירענע, האָבן זיך אויסגעלערנט די לידער אין די ישיבות קטנות, אין די תלמוד תורה׳ס און אויך אין אַ ריי אַנדערע שולן, וואָס זיינען אַוועק אויף דעם אידישן טראַדיציאָנעלן וועג.

די הויפּט־טעטיקייט פון אידיש טראַדיציאָנעלן געזאַנג האָט, באַטירלעך, געקראָגן דעם העכסטן אויסדרוק אין די כאָרן, וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן אין אַ גרויסער צאָל אידישע שולן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט. די דאָזיקע כאָרן זיינען געוואָרן אַ וויכטיקע אינסטיטוציע, ווייל זיי האָבן באַשיינט די רעגלמעסיקע שמחות, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן פון די שולן. שמחות לכבוד די פאַרשידענע ימים טובים ווי חנוכה, פּורים און פּסח און אויך ביי די גראַדואירונגס צוזאַמענקונפטן ביים סוף פון לערן־יאָר. דער שרייבער פון די שורות האָט בייגעוואוינט אַ צאָל אַזעלכע פייערונגען און דאָס טראַדיציאָנעלע אידישע ליד האָט געקלונגען גאַנץ מונטער ביי די יוגנטלעכע כאָרן, וועלכע האָבן דורכגעפירט גאַנץ פיין צוזאַמענגעשטעלטע אָפּערעטעס אויף ביבלישע טעמעס, באַגלייט פון שיין געזאַנג אין העברעאיש, אידיש און ענגליש. געזאַנג איז געוואָרן — דורך די כאָרן און אויך דורך דעם קלאַסן־זינגען — אַזאַ וויכטיקער טייל פון דער אַלגעמיינער לערן־פּראָגראַם, אַז אַ צאָל ישיבות, אָרטאָדאָקסישע און קאָנסערוואַטיווע, האָבן געפונען פאַר נויטיק צו באַשעפטיקן אַ פולן לערער אויסשליסלעך פאַר אידישער נגינה.

צוליב דעם, וואָס די אידישע מוזיק איז געוואָרן אַזוי וויכטיק אַלס געגנ־שטאַנד, איז אין דעם ניו־יאָרקער אידישן שול־וועזן איינגעפירט געוואָרן אַ

יערלעכער געזאַנג פעסטיוואַל, וואָס איז געווען אַ מין פייערלעכע דעמאָנסטראַציע פון די געזאַנג דערגרייכונגען פון די פאַרשידענע שולן. אַרום 1500 קינדער האָבן זיך יעדן יאָר באַטייליקט אין די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן.

אויסער ניו־יאָרק זיינען געווען מוזיק אָפּטיילונגען ביי די ביוראָס פון אידישער דערציאונג אין די פאָלגנדע שטעט: פילאַדעלפיע, שיקאַגאָ, לאָס־אַנדזשעלעס און מיאַמי, פלאָרידע.

די אָפּטיילונג פאַר דראַמע אין ניו־יאָרקער אידישן קאָמיטעט איז טיטולירט געוואָרן אין ענגליש „סקול דראַמאַטיקס דעפּאַרטמענט". די דאָזיקע אָפּטיילונג האָט זיך זינט 1942 געפונען אונטער דער אָנפירערשאַפט פון שמואל י. ציטראָן, וועלכער איז פונקט ווי דער אָנפירער פון געזאַנג דעפּאַרטמענט, הערי קופּערסמיט, געווען אַ גראַדואירטער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. מר. ציטראָן איז אויך געווען דער פאַרוואַלטער פון דעם אידישן טעאַטער פאַר קינדער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט אין יאָר 1945.

דער דראַמע דעפּאַרטמענט ביים דערציאונגס־קאָמיטעט האָט געזוכט צום שאַפן דראַמאַטישע מעטאָדן צו פאַרלייכטערן דאָס לערנען אַ ריי געגנשטאַנדן, וואָס האָבן צו טאָן מיט אידישער געשיכטע, רעליגיעזע דערפאַרונגען, מנהגים און אַ. וו. דערפאַר זיינען פאַרפאַסט געוואָרן אַ גאַנצע ריי דראַמאַטיזאַציעס, אין ענגליש, העברעאיש און אידיש, וואָס האָבן אַרויסגעבראַכט וויכטיקע עפּיזאָדן אין דער אידישער געשיכטע, ווי למשל, וועגן דעם לעבן פון דר. חיים וויצמאַן, וועגן פּראָפעסאָר זלמן וואַקסמאַן, דער ווילנער גאון, דוד מאַרקוס, אליעזר בן יהודה, חנה סענעש און פילע, פילע אַנדערע. אויך אויף טעמעס פון אידישן לעבן אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער. אַ מימיאָגראַפירטער קאַטאַלאָג פון די שפּילן, אָפּערעטעס, כאָראַלע פאַרלעזונגען און קורצע דראַמעס, פאַרן געברויך פון די שולן, האָט אויסגערעכנט עטלעכע הונדערט פאַרשידענע נומערן. אַ ספּעציעלע סעריע, וואָס איז פיל גענוצט געוואָרן אין די שולן, איז אָנגערופן געוואָרן מיט דעם נאָמען „העדלאַין פּאַרעיד" (אַ פּאַראַד פון צייטונגסקעפּלעך) און איז מערסטנס געשריבן געוואָרן פון ש. י. ציטראָן. די דאָזיקע סעריע האָט, נאַטירלעך, געהאַט צו טאָן מיט געשעענישן פון אידישן אינטערעס. אַ היפּשער טייל פון די מאַטעריאַלן איז אויך גענוצט געוואָרן פאַר קינדער־ראַדיאָ־פּראָגראַמען. אַ צאָל פון די „העדלאַין פּאַרעיד" שפּילן זיינען איבערגעזעצט געוואָרן אין אידיש און זיינען דערשינען אין דעם „פּעדאַגאָגישן בולעטין", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער קאָמיסיע פאַר אידישע שולן, אונטער דער רעדאַקציע

פון יודל מאַרק. די „העדלאַין פאַרעיד"־שפּילן זיינען דערשינען אין זיבן בענדער.

פּונקט ווי אין שייכות מיט מוזיק, אַזוי אויך אין שייכות מיט דראַמע, האָט דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט געטאָן אַ וויכטיקע פּיאָנערישע



שמואל י. ציטראָן
אָנפירער פון דראַמע־אָפּטיילונג ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט און פאַרוואַלטער פון אידישן טעאַטער פאַר קינדער.

אַרבעט דורך שאַפן אַ גאַנץ רייכע ליטעראַטור אויףביידע געביטן. עס איז אויך דערשינען אַ בוך פון גרויס פאָרמאַט, רעדאַקטירט פון ש. י. ציטראָן מיט 58 שפּילן פאַרן גאַנצן יאָר. דאָס בוך האָט אַנטהאַלטן 654 זייטן און האָט זיך פאַרקויפט פאַר $7.50.

דראַמע איז געוואָרן אַ גאָר וויכטיקער געגנשטאַנד אין די אידישע קינדער־שולן אויף אַזאַ ערנסטן אופן, אַז אַרום 40 שולן האָבן באַשעפטיקט פּראָפעסיאָנעלע דראַמאַטישע לערער. אייניקע שולן האָבן אפילו אָנגעהויבן אָנצופירן מיט אייגענע קליינע טעאַטערס פאַר קינדער.

(סיי העררי קופּערסמיט, אַלס הויפּט פון מוזיקאַלישן דעפּאַרטמענט פון

אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, סיי ש. י. ציטראָן, אַלס הויפּט פון דעם דראַמע־דעפּאַרטמענט, האָבן פיל בייגעטראָגן ביים צוגרייטן און צושטעלן לערער אויף די צוויי אויבנדערמאָנטע געביטן צו די פאַרשידענע ישיבות און אַנדערע מינים שולן.)

אַ ביז־גאָר וויכטיקע דערגרייכונג פון דעם דראַמע דעפּאַרטמענט ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט איז געווען דער קינדער־טעאַטער, וואָס האָט אַרויסגערופן ערנסטן אָנזען מיט זיינע פיינע אויפפירונגען. דער נאָמען פון דעם דאָזיקן טעאַטער איז „דזשואיש טיאייטער פאָר טשילדרען“, און אַז איר טראַכט זיך אַריין אין נאָמען, דערוויסט איר זיך, אַז דאָס איז ניט קיין טעאַטער פון קינדער, נאָר אַ טעאַטער פאַר קינדער. דאָס מיינט, אַז דער דאָזיקער טעאַטער באַשטייט פון דערוואַקסענע אַקטיאָרן, אָפטמאָל אויך גאַנץ באַוואוסטע. ווען עס איז אָבער געקומען צו קינדער־ראָלן, זיינען גענומען געוואָרן קינדער פון פאַרשידענע שולן.

די מערסטע אויפפירונגען פון טעאַטער פאַר קינדער זיינען געווען אין ענגליש, אָבער עס זיינען אויך אויפגעפירט געוואָרן איניקע דראַמאַטיזאַציעס אין העברעאיש, אַ דאַנק דער פאַרמיטלונג און פינאַנציעלער הילף פון דער הסתדרות עברית. פאַרהאַנדלונגען זיינען אויך געפירט געוואָרן מיט דעם אידישן קולטור קאָנגרעס אין ניו־יאָרק, אַז עס זאָלן געגעבן ווערן אויפפי־רונגען אויף אידיש. אַליין פאַר זיך, איז אָבער געווען דער באַשלוס פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט אָנצופירן דעם קינדער־טעאַטער אין דער שפּראַך, וואָס איז צוגענגלעך צו דער גרעסטער מערהייט אידישע קינדער אין אַמעריקע, און דאָס איז ענגליש.

די מערסטע שפּילן, וואָס זיינען אויפגעפירט געוואָרן זיינען געווען אויף ביבלישע און היסטאָרישע טעמעס. אַ פּאָר פון זיי זיינען געווען באַאַרבעט לויט די טעקסטן פון דעם קלאַסיקער פון דער אידישער ליטעראַטור י. ל. פּרץ. איניקע פון די דראַמעס פון ניו־יאָרקער אידישן קינדער־טעאַטער זיינען שפּעטער אויפגעפירט געוואָרן אויף אידיש פון דעם קינדער־טעאַטער ביי דער ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג אין לאָס אַנדזשעלעס.

דער דערפאָלג פון אידישן טעאַטער פאַר קינדער איז געווען אַזוי באַדייטנד גרויס אין ניו־יאָרק, אַז עס האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלע באַזונדערע קערפּערשאַפט אונטער דעם נאָמען „פריינט פון אידישן טעאַטער פאַר קינ־דער“. און דער טעאַטער איז דערקלערט געוואָרן אַלס אַ גאַנץ באַזונדערע אינסטיטוציע ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט. עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז אַרום צען טויזנט קינדער פון די אידישע שולן אין ניו־יאָרק האָבן יעדן

יאָר בייגעוואוינט די אויפפירונגען פון אידישן טעאַטער פאַר קינדער. אַ צאָל אָנגעזעענע דראַמאַטורגן פון מדינת ישראל און אַמעריקע האָבן זיך אויך פאַראינטערעסירט מיט דעם דאָזיקן פּיאָנערישן קינדער־טעאַטער און געשריבן ספּעציעלע דראַמעס פאַר זיין רעפּערטואַר.

ביים קינדער טעאַטער האָט אויך עקזיסטירט אַ ספּעציעלע קאָמיסיע פון פאַראינטערעסירטע אידישע לערער — איבער הונדערט אין צאָל — וועלכע האָבן געהאָלפן ברייטער צו אַנטוויקלען די טעטיקייט פון דער דאָזיקער וויכטיקער דערציערישער אינסטיטוציע. דער דאָזיקער אידישער טעאַטער פאַר קינדער איז געווען דער איינציקער פון זיין מין אין דער גאַנצער וועלט.

## 40

# אידישע טענץ געלערנט אין 200 אידישע שולן און אין פּאַבליק סקולס פון ניו יאָרק

**אידישע פאָלקס־טענץ און טענץ פון מדינת ישראל זיינען געוואָרן אַ לימוד אין די מערסטע אידישע שולן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט. — ניו־יאָרקער פּאַבליק־סקול סיסטעם האָט איינגעפירט אָפיציעל אידישע טענץ אין דער לער־פּראָגראַם. — אויך אין האַי־סקולס האָט מען געלערנט טענץ פון אידישן פאָלק. — דבורה לאַפּסאָן, דירעקטאָרשע פון טאַנץ אָפּטיילונג פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט פון ניו־יאָרק, איז געווען די פּיאָנערשע אויף דעם געביט פון אידישער טאַנץ־דערציאונג. — דר. בענדערלי איז געווען דער ערשטער איינצוזען וויכטיקייט פון טאַנץ אַלס מיטל אין קאַמף פאַר אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. — אידיש־רעדנדיקע שולן זיינען געווען פּיאָנערן אין איינפירן טענץ אַלס טייל פון לער־פּראָגראַם.**

די פאָלקס־טענץ, וואָס אידן האָבן אין משך פון יאָרהונדערטער געשאַפן אין פאַרשידענע לענדער פון דער וועלט ווי אויך די טענץ פון מדינת ישראל, זיינען געוואָרן אַ טייל פון אידישן דערציאונגס־וועזן אין אַמעריקע זינט דעם אָנהויב פון די „פערציקער יאָרן”, ווען עס איז ביי דעם אידישן דער־ציאונגס קאָמיטעט געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר אידישע טענץ. די צאָל אידישע שולן, וואו מען האָט געלערנט מיט די קינדער אידישע טענץ, האָט דערגרייכט איבער צוויי הונדערט. אָבער ניט בלויז אין די אידישע שולן פון פאַרשידענעם כאַראַקטער האָט מען געלערנט די פאַרשידענע טענץ פון דעם אידישן פאָלק! אויך אין דער פּראָגראַם

פון דער אַלגעמיינער ניו־יאָרקער פּאָבליק סקול־סיסטעם איז איינגעשלאָסן געוואָרן אָפיציעל דאָס לערנען פון אידישע טענץ. און אויב דאָס איז נאָך ניט גענוג, האָבן פיל פּאָבליק־סקולס און אויך האַי־סקולס אין פאַר־שידענע טיילן פון אַמעריקע אָנגעהויבן איינצושליסן אין זייער אַלגעמיינער טאַנץ־פּראָגראַם פאַרשידענע אידישע און ישראל׳דיקע טענץ נומערן.

עס מעג טאַקע זיין אמת, אַז פיל בייגעטראָגן צום אינטערעס אין אידישן טאַנץ האָט דאָס אויפקומען פון דער אידישער מדינה. אָבער פּונקט אַזוי איז עס געווען אמת, אַז גאָר, גאָר פיל בייגעטראָגן צו אָט דער דער־וואַכטער אידישער טאַנץ־קונסט האָט די פּיאָנערשע פון אידישן טאַנץ, דבורה לאַפּסאָן, וועלכע האָט מיט איר גרויסן טאַלאַנט און אומערשעפּלעכער ענערגיע באַוויזן, צוזאַמען מיט דער טעכנישער מיטהילף פון ניו־יאָרקער אידישן־דערציאונגס־קאָמיטעט, צו שאַפן ממש אַ גאָר אייגנאַרטיקע באַוועגונג צו וועקן דאָס געפיל פאַר אידישע טענץ. ווייל קיינמאָל פריער איז אין דער געשיכטע פון אידישער דערציאונג ניט געשאַפן געוואָרן אַזאַ אָרגאַניזירטער חשק פון אויסטאַנצן אַ אידיש פריילעכס, אַ האָראַ, אַ שער, אָדער אַן אימפּראָ־וויזירטן טאַנץ אויף אַ ביבלישער טעמע, ווי דאָס האָט באַוויזן צו דערגרייכן דאָס אידישע שול־וועזן אין ניו־יאָרק דורך די ספּעציעלע יערלעכע טאַנץ־פעסטיוואַלן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט איבער הונדערט אידישע קינדער־שולן.

איך האָב געזען אידישע קינדער טאַנצן. אידישע קינדער פון ישיבות און פון וועלטלעכע שולן. איך האָב געזען אַ טאַנץ, וואו אַ פּאָר צענדליק מיידעלעך, אָנגעטאָן אין אָריענטאַלישע קליידער, האָבן טאַנצנדיק געזונגען אַ תימנער ניגון: „כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים״... איך האָב געזען „וועלטלעכע״ אידישע טענץ. איך האָב געזען מאַסן קינדער טאַנצן די האָראַ און אַנדערע פריילעכע טענץ און איך האָב באַגריפן, פּונקט ווי פיל פאַר מיר און פיל נאָך מיר וועלן באַגרייפן, אַז גרויס, גרויס איז די ווירקונג, וואָס אַ אידישער ניגון אין אַ טאַנצנדיקער פאָרם האָט אויף דעם געביט פון אידישן חינוך דאָ אין לאַנד.

איך בין געזעסן אין דער קליינער סטודיאָ פון דבורה לאַפּסאָן אין איינעם אַ שיינעם פרימאָרגן פון חודש יוני און אויסגעהערט פאַרשידענע איינצלהייטן וועגן די דערגרייכונגען פון דער טאַנץ־אָפּטיילונג פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט. און דבורה לאַפּסאָן האָט אונז דערציילט, ווי אַזוי זי האָט געמוזט אָנהויבן פון סאַמע אָנהויב אָן. ניט נאָר איז ניט געווען קיין אויסגעפּלאַנטע פּראָגראַם פאַר אידישן טאַנץ אַלס לימוד אין אַ קינדער־שול, נאָר עס זיינען

ניט געווען קיין טעקסטן און קיין שום צוגעגרייטע לערן־מאַטעריאַלן. און אויב דאָס איז נאָך ווייניק, זיינען ניט געווען אויך קיין לערערס פון אידישן טאַנץ. אין די מערסטע אידישע שולן איז מען זיך באַגאַנגען אינגאַנצן אָן אידישע טענץ. געלערנט אַביסל טאַנצן האָט מען גראַדע אין די אידיש־רעדנדיקע שולן. אָבער ניט קיין ספּעציעל אידישע טענץ, נאָר קלאַסישע. קיין ספּעציעלע טענץ־לערער זיינען ניט געווען אין די אידישע שולן.

בעת מיין געשפּרעך מיט איר, האָט דבורה לאַפּסאָן, מיט ניט ווייניק שטאָלץ, מיר דערציילט, אַז אַ דאַנק דעם שטאַרקן אינטערעס צו אידישע טענץ אין די אידישע שולן איז אין ניו־יאָרק אויפגעקומען אַ נייע פּראָפעסיע: לערער פון אידישן טאַנץ. ווי גרויס איז געווען זייער צאָל? עס זיינען געווען אַרום 50 שטענדיקע טאַנץ־לערער. די מערסטע פון זיי זיינען געווען יונגע אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע מיידלעך און פרויען, אַ צאָל פון זיי אויך מענער, וועלכע זיינען געווען אָדער פּראָפעסיאָנעלע טענצער אויף דער בינע, אָדער זיי זיינען געווען אַלגעמיינע טאַנץ־אינסטרוקטאָרן. אַנדערע מענער זיינען געווען לערער פון אידישע טענץ בלויז אַלס אַ „טיילוויזע באַשעפטיקונג" (פּאַרט טאַים דזשאַב). די לערער האָבן געקראָגן פון זיבן ביז 20 דאָלער פאַר אַ סעסיע פון צוויי שעה לערנען אידישע טענץ. דער דורכשניטלעכער לערער האָט באַדינט אַרום דריי שולן. איניקע האָבן אָנגעהאַלטן בלויז איין שול, אַנדערע אָבער — אַזויפיל ווי פינף, זעקס שולן.

כדי צו שאַפן מער לערער פון אידישן טאַנץ האָט דער אידישער דער־ציאונגס־קאָמיטעט איינגעפירט ספּעציעלע טאַנץ קורסן אונטער דער אָנפירונג פון דבורה לאַפּסאָן, וועלכע איז געווען די ערשטע אַרויפצופירן דעם אידישן טאַנץ, דעם אידישן פאָלקס־טאַנץ, אויף דער אַלגעמיינער בינע אין אַמעריקע. אַ היפּשע צאָל פון די לערער פון אידישן טאַנץ זיינען פריער געווען אינסטרוק־טאָרן פון אַלגעמיינע טענץ און כדי זיי צו מאַכן פאַר „אמת'ע" אידישע טאַנץ־לערער, האָט מען מיט זיי געמוזט איינלערנען דעם באַדייט פון די אידישע טענץ און אידישע מנהגים. ווייל פיל פון די טענץ, וואָס זיינען געלערנט געוואָרן מיט די אידישע קינדער אין אַמעריקע, האָבן געהאַט צו טאָן מיט די פאַרשידענע אידישע ימים טובים. עס זיינען געווען טענץ לכבוד חנוכה, פּורים, פּסח, שבועות, ראש השנה, יום־כפּור און שמחת תורה. לכבוד יום־כפּור, האָט מיר דערציילט דבורה לאַפּסאָן, האָט זי פאַרפאַסט אַ טאַנץ, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „אבינו מלכינו". „חנוכה לאַטקעס" — איז אַ טאַנץ לכבוד חנוכה. „פּורים־שפּיל" איז אַ טאַנץ לכבוד פּורים. אַ פּסח־טאַנץ איז געווען אויף דער טעמע פון „לשנה הבאה בירושלים". עס איז אויך געווען אַ

טאַנץ־פאַנטאַזיע וועגן אליהו הנביא און אַ אינגעלע, וואָס וואַרט אויף אים און ווערט אַנטשלאָפן. אַ טאַנץ „סלינו", ווי אַזוי מען טראָגט ביכורים אויף שבועות, די מתנות פון פעלד, די ערשטע גרינסן.

אַזוי ווי טאַנץ איז אין אַלגעמיין אַ דעמאָנסטראַטיווער ענין, איז דאָס לערנען פון אידישע טענץ אין די אידישע שולן פון ניו־יאָרק און אומגעגנט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסער יערלעכער דעמאָנסטראַציע, וואָס איז צושטאַנד געקומען איין מאָל אַ יאָר צווישן פורים און פסח אויף אַ גאָר



דבורה לאַפּסאָן
אידישע טענצערין, וועלכע פירט אָן מיט דער באַוועגונג פאַר אידישע טענץ אין שולן פון אַמעריקע.

פייערלעכן שטייגער. די דאָזיקע טאַנץ־דעמאָנסטראַציע איז געווײנלעך דורכגעפירט געוואָרן אין דעם גרויסן זאַל פון דער „בידל טרעידס סקול" — די שול פון די נאָדל געווערקשאַפטן. אַרום 1500 שול־קינדער האָבן זיך באַטייליקט אין יעדן איינעם פון אָט די טאַנץ־פעסטיוואַלן. איין פעסטיוואַל אַזאַ איז געווען אויף דער טעמע „אידישע פאָלקס־טענץ אין משך פון יאָרהונדערטער". אַ צווייטער איז געווען אויף דער טעמע פון „300 יאָר אידיש לעבן אין

אַמעריקע". נאָך אַן אַנדער פעסטיוואַל איז געווען „ביבלישע טענץ". אויף די טאַנץ־פעסטיוואַלן פלעגט אויך דורכגעפירט ווערן אַ פאַרמעסט צווישן די פאַרשידענע שולן, ווער עס וועט זיך אויסצייכענען מיט דעם אָריגינעלסטן טאַנץ. דער קאָנטעסט איז דורכגעפירט געוואָרן צווישן 10 פאַרשידענע גרופּען, וועלכע האָבן זיך צוגעגרייט אין משך פון אַ געוויסער צייט. באמת איינדרוקספול און רירנד איז געווען צו זען ווי איבער טויזנט אידישע קינדער טאַנצן אַלע צוזאַמען אַ ביבלישן אָדער אידיש־פאָלקסטימלעכן טאַנץ...

אין די מערסטע אידישע טאָג־שולן איז געגעבן געוואָרן אַ פולער קורס פון אידישע טענץ, האָט מיר דערציילט דבורה לאַפּסאָן. די איינציקע טאָג־שולן, וואו טענץ זיינען ניט געלערנט געוואָרן, האָט מיר באַמערקט מיט אַ קלוגן שמייכל מרס. לאַפּסאָן, זיינען געווען די טאָג־שולן, וואו עס האָבן געלערנט בלויז אינגלעך. מיר שטעלן זיך פאָר, אַז איר שטויסט זיך שוין אַליין אָן, וואָס פאַר אַ טאָג־שולן דאָס זיינען. יאָ, דאָס זיינען געווען די אולטראַ־אָרטאָדאָקסישע, די חסידישע ישיבות, וואו עס האָבן געלערנט בלויז ישיבה־בחורים. און עס איז געווען נאַטירלעך, אַז אין אַזעלכע שולן זאָלן ניט קומען קיין לערערינס צו לערנען טאַנצן די קינדער. אָבער אַ פאַקט איז, אַז ווען עס איז געקומען צו חסידישע טענץ, האָבן אַלע טאַנץ־לערער זיך עפּעס געקענט לערנען פון די ישיבה־בחורים, וועלכע האָבן ניט בלויז שאַרפע קעפּ צו לערנען תורה, נאָר אויך פלינקע און שטאַרקע פיס צום טאַנצן... וואו זיי לערנען זיך אָבער אויס די טענץ זייערע, ווייסט איין גאָט אַליין... דער פאַקט אָבער איז, אַז זיי קענען און נאָך אַ פאַקט איז, אַז חסידישע טענץ זיינען געווען זייער פּאָפּולער אין אַ גאַנץ גרויסער צאָל שולן.

עס איז געווען אין יאָר 1941, האָט דערציילט אונז די פּיאָנערין פון אידישן טאַנץ אין אַמעריקע, ווען עס איז געמאַכט געוואָרן אַ ווענדונג צו דער באָארד אָוו עדיוקעישאָן, צום דערציאונגס ראַט פון ניו־יאָרק, אַז עס זאָלן אַריינגענומען ווערן אין דער אָפיציעלער טאַנץ־פּראָגראַם פון די ניו־יאָרק פּאָבליק־סקולס אויך אידישע טענץ. דער ניו־יאָרקער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט האָט די ווענדונג געמאַכט און דבורה לאַפּסאָן האָט זיך געטראָפן מיט פרוי לאָרעטאַ סי. רייען, די אָנפירערין פון טאַנץ דעפּאַרטמענט, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער אָפּטיילונג פאַר פיזישער קולטור (פיזיקעל טרעינינג דעפּאַרטמענט) פון דער באָארד אָוו עדיוקעישאָן און עס זיינען גענומען געוואָרן די ערשטע שריט פון איינפירן אידישע טענץ אין דער פּראָגראַם פון דער ניו־יאָרקער פּאָבליק־סקול סיסטעם. דבורה לאַפּסאָן איז דאַן איינגעלאַדן געוואָרן צו געבן איר ערשטן קורס (קאָרס אין טרעינינג) פאַר די טאַנץ־לערער פון די

פּאַבליק־סקולס. איבער פופציק לערער האָבן זיך באַטייליקט. מרס. לאַפּסאַן האָט דאַן אין משך פון טעלעכע יאָר כסדר געגעבן לעקציעס און קורסן פון אידישע טענץ פאַר די פּאַבליק סקול־לערער. די לעקציעס זיינען געגעבן געוואָרן ביי די יערלעכע לערער קאָנפערענצן אין די פינף באָראָס פון ניו־יאָרק: אין די בראָנקס, ברוקלין, מאַנהעטן, קווינס און סטעטן איילענד. די מאַנהעטן קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין האַרלעם און מרס. לאַפּסאַן האָט אויסגעקליבן די „האָרא״ צו אילוסטרירן פאַר די לערער, ווי אַזוי עס זעט אויס אַ פּיאָנערן טאַנץ פון מדינת ישראל. אין דער האָרא האָבן זיך באַטייליקט פיל נעגערישע קינדער. אין קווינס איז די קאָנפערענץ אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אַ פּאַבליק סקול פון אַ דייטשער געגנט און קינדער פון דייטשער אָפּשטאַמונג האָבן געטאַנצט אידישע טענץ. אין ברוקלין איז עס געווען אין אַן איטאַליענישער געגנט און אין די בראָנקס — אין אַ אידישער.

דער רעזולטאַט פון דער גאַנצער אַרבעט?

דער אידישער דערציאונגס קאָמיטעט האָט אויסגעפירט, אַז אין די ניו־יאָרקער פּאַבליק־סקולס זיינען צוזאַמען מיט די טענץ פון די פאַרשיי־דענע פעלקער אויך געלערנט געוואָרן די טענץ פון אידישן פאָלק און אין דעם אָפיציעלן טעקסט־בוך פון דער ניו־יאָרקער פּאַבליק סקול סיסטעם זיינען שוין אויך אָפיציעל אַריינגענומען געוואָרן אידישע טענץ.

מיר מוזן דאָ אויך אָנווייזן, אַז אידישע טענץ זיינען גאָר שטאַרק פּאָפּולער געוואָרן אין די ניו־יאָרקער האַי־סקולס, וואו עס איז איינגעפירט געוואָרן דער לימוד פון דער העברעאישער שפּראַך. און דאָ איז גאָר אינטערעסאַנט צו דערציילן וועגן דער שותפות, וואָס הערשט אויף דעם געביט פון דער העברעאישער שפּראַך און אידישע טענץ אין דער לאַפּסאַן פאַמיליע. אין אונזער בוך באַשרייבן מיר גאַנץ באַזונדער די טעטיקייט פון יהודה לאַפּסאַן, אָנפירער פון דעם ספּעציעלן דעפּאַרטמענט פאַר העברעאיש אין די האַי־סקולס פון ניו־יאָרק און אַנדערע גרויסע שטעט פון אַמעריקע. ווי איר שטויסט זיך שוין אַליין אָן, זיינען דבורה לאַפּסאַן און יהודה לאַפּסאַן שותפים ניט בלויז אין זייער קולטור אַרבעט, נאָר אויך אין טאָג טעגלעכן לעבן. זיי זיינען מר. און מרס. לאַפּסאַן און זייערע אָפיסעס האָבן זיך געפונען גאַנץ נאָענט איינער פון צווייטן אין דער צענטראַלער געביידע פון ניו־יאָרקער אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט.

דבורה לאַפּסאַן, שטאַרק אַמביציעז אויף דעם געביט פון פאַרשפּרייטן דעם אידישן טאַנץ, האָט ווי עס זעט אויס, זיך ניט באַנוגענט בלויז מיט די אידישע שולן און פּאַבליק־סקולס פון ניו־יאָרק, נאָר זי האָט אויך געפונען

אַ וועג ווי אַזוי צו באַקענען מיט אידישע טענץ די שולן אַזש פון די מערב און מיטל־מערב טיילן פון לאַנד. אין משך פון עטלעכע זומערן האָט מרס. לאַפּסאָן געגעבן אַ קורס אין אידישע טענץ אין דעם „קאַלעדזש אָוו די פּאַסיפיק", וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון סאַן פראַנציסקאָ. איבער 500 לערער פון 17 פאַרשידענע שטאַטן, נאָענט צום מערב־ברעג, האָבן זיך פאַרזאַמלט כדי צו קריגן אַן אינטענסיוון זומער־קורס אין פאַרשידענע טענץ. און דבורה לאַפּסאָן האָט פאַר די לערער אין דעם פּאַסיפיק קאַלעדזש אויפ־געקלערט די געשיכטע פון די פאַרשידענע טענץ פון דעם אידישן פאָלק. און די איבער 500 לערער פון זייער זייט זיינען אַזוי אַרום געוואָרן די פאַר־שפרייטער פון אידישע טענץ אין הונדערטער אַמעריקאַנער סקולס אין די וויטסטע טיילן פון אַמעריקע.

אָבער אויך דאָס איז ניט אַלץ נאָך, וואָס דבורה לאַפּסאָן האָט אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון אידישן טאַנץ אין אַמעריקע. זי האָט אויסגעפונען, אַז מען קען אויך אַריינברענגען אידישע טענץ אין די קרייזן פון די הונ־דערטער „פאָלק דענס סאָסייעטיס", געזעלשאַפטן פאַר פאָלקס־טענץ, וואָס זיינען געוואָרן פּאָפּולער אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. טויזנטער, צענדליקער טויזנטער דערוואַקסענע, צווישן 20 און 45 און אויך עלטער, האָבן מיט אַ מין ווילדן ברען זיך אַ וואָרף געטאָן צום פאָלקס־טאַנץ, צו „סקווער דענסינג". האָט דבורה לאַפּסאָן איינגעזען, אַז אַ גאַנצע ריי אידישע פאָלקס־טענץ און אויך אַ ריי טענץ פון ישראל פּאַסן זיך אַריין אין אָט דער נייער מאָדע, וואָס איז גאָרניט געווען אַזוי ניי. האָט זי אָרגאַניזירט קורסן פון אידישע טענץ פאַר אינסטרוקטאָרן, וואָס האָבן אָנגעפירט מיט די „פאָלק דענס סאָסייעטיס" און ווי איר שטעלט זיך שוין פאָר, האָט מען אויך דאָרטן שויך געלערנט אידישע טענץ.

אויסער דעם, וואָס דבורה לאַפּסאָן האָט אַליין פיל געטאַנצט אויף די פאַרשידענע בינעס פון דער וועלט און אינטערפּרעטירט די טענץ פון אידישן פאָלק פאַר פאַרשידענע פעלקערשאַפטן, האָט זי פיל געשריבן וועגן אידישע טענץ. אין אירע אָפּהאַנדלונגען האָט מרס. לאַפּסאָן אַרויסגעוויזן גרויס פאַרשטענדעניש פאַר איר אויפגאַבע און זי האָט געגעבן אונז אויף דעם קלאָרסטן אופן צו פאַרשטיין די ראָל, וואָס דער אידישער טאַנץ האָט פאַר־נומען אין דעם פעלד פון אידישער דערציאונג. מרס. לאַפּסאָן האָט אויך אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע האָט אָנגע־נומען נייע פאָרמען. די אַלע פאָלקסטימלעכע וועגן, וואָס די אימיגראַנטישע אידישע פאָלקס־מאַסן האָבן אַריבערגעבראַכט מיט זיך אין די ערשטע פאַר

צענדליק יאָר פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָבן אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן. די כאַראַקטעריסטישע שטריכן פון דער אידישער פאָלקס־גרופּע, די שטריכן, וואָס האָבן געקראָגן אויסדרוק אין שפּראַך און קולטור אויף דער אידישער איסט סאַיד, ווערן ביסלעכווייז אַ זאַך פון דער פאַרגאַנגענהייט. דערפאַר, האָט געזאָגט דבורה לאַפּסאָן, אין אַן אָפּהאַנדלונג, וואָס זי האָט פאַרעפנטלעכט אין „רעקאָנסטראָקשאָניסט" פון דעצעמבער 1951, קען דער אידישער טאַנץ פיל באַהילפיק זיין אין באַקענען דאָס אַמעריקאַנער אידישע קינד מיט די טראַדיציעס און מנהגים פון אידן אין פאַרשידענע לענדער. אַלס אילוסטראַציע צו איר געדאַנק, האָט מרס. לאַפּסאָן געבראַכט אַזעלכע ביישפּילן ווי דער „ברוגז טאַנץ", „די שער", וואָס שילדערט דאָס אידישע משפחה לעבן אין מזרח אייראָפּע. און אַזעלכע טענץ, ווי „היינט איז פורים, ברידער", „שלח מנות", „דער פלאַקס טאַנץ", „פּאַטש טאַנץ", „טשערקאַסאיא" — דאָס זיינען אַלץ טענץ, וואָס דערציילן וועגן אידישן לעבן אין אַמאָליקן רוסלאַנד, פּוילן, ליטע און רומעניע. די פּאָפּולערע הארא טענץ מים, מים (וואַסער, וואַסער), שיר השירים, עצמות היבישות, און פיל אַנדערע — זיי באַקענען די אידישע קינדער מיט די אַלטע קוואַלן פון אידישן פאָלק פון אַמאָל און היינט. מרס. לאַפּסאָן ווייזט אונז ווייטער אָן, ווי דורך די טענץ באַקענען זיך די קינדער אויך מיט פיל נייע ווערטער, סיי אין אידיש, סיי אין העברעאיש און דער עיקר — זיי ווערן אָנגעשעפּט מיט אידישער גייסטיקייט, מיט אַ ליבשאַפט צום אידישן ניגון, מיט אַ פאַרוואַנדשאַפט, אַ נאָענטקייט, צו דער אידישער פאָלקס נשמה...

אין איר שרייבן, האָט דבורה לאַפּסאָן ניט פאַרגעסן, אין דער ווירקונג, וואָס עס האָט געהאַט אויף איר דער פּיאָנער פון אידישן דערציאונגס־וועזן אין אַמעריקע, דר. שמשון בענדערלי, וועלכער איז געווען דער שעפער פון דער ביוראָ אָוו דזשואיש עדיוקעישאָן. דר. שמשון בענדערלי — דערציילט מרס. לאַפּסאָן — איז עס געווען דער פאָטער פון געדאַנק, אַז דער אידישער טאַנץ קען פיל באַהילפיק זיין אין דעם קאַמף פאַר אַ בעסערער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע. 10 יאָר צייט האָט דבורה לאַפּסאָן מיטגעאַרבעט מיט דר. בענדערלי'ן און זי האָט אונטער זיין אויפזיכט דורכגעפירט די ערשטע עקספּערימענטן פון אידישן טאַנץ פאַר דער אידישער שול. שפּעטער, ווען די „דזשואיש עדיוקעישאָן ביוראָ" האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער „דזשואיש עדיוקעישאָן קאָמיטע" איז דבורה לאַפּסאָן געוואָרן די אָנפירערין פון ספּעציעלן טאַנץ־דעפּאַרטמענט ביים דערציאונגס קאָמיטעט. פאַר איר וויכטיקער מיסיע האָט דבורה לאַפּסאָן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ גליקלעכע

קאָמבינאַציע אין איר דערציאונג. כאָטש זי איז געווען אַן אַמעריקאַנער געבוירענע, האָט זי געקראָגן אַ פולע אידישע צוגרייטונג. זי האָט גראַדואירט פון די שלום עליכם שולן. אידיש האָט זי גערעדט ווי אַ געבוירענע „פון יענער זייט". אויך אין העברעאיש איז זי געווען גוט באַהאַוונט. דאָס אַלץ — און נאַטירלעך, איר גרויסער טאַלאַנט אַלס מוזיקערין און טענצערין — האָט איר געגעבן די מעגלעכקייט צו שאַפן פאַר זיך אַ גאָר באַזונדער פּלאַץ אין דער וועלט פון אידישער דערציאונג.

דבורה לאַפּסאָן האָט פיל פון די טענץ, ממש אין די הונדערטער — טענץ וואָס זיינען געלערנט געוואָרן אין די הונדערטער אידישע קינדער־שולן — אַליין באַאַרבעט. זי האָט אויך געמאַכט אַ גאַנצע צאָל רייזעס אין פאַרשידענע וועלט־טיילן, כדי צו שטודירן פאַרשידענע אידישע טענץ. זי האָט שטודירט די טענץ פון אידן אין איראָפּע, ווי אויך די טענץ פון די אַמאָליקע שפּאַנישע אידן. זי האָט אויך אַרויסגעגעבן עטלעכע ביכער מיט אידישע טענץ און האָט געהאָלפן שאַפן אַ גאַנצע אָפּטיילונג ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט צו רעקאָרדירן, צו מאַכן פאָנאָגראַף־פּלאַטן, פון די פּאָפּולערסטע טענץ ביי אידן.

יאָ! דבורה לאַפּסאָן, האָט זיך אונטערגענומען אַ גרויסע אויפגאַבע! אַן אויפגאַבע פון ברענגען אידישקייט צו אידישע קינדער, דורך אידישע טענץ. ווען מען באַקענט זיך מיט דעם רעקאָרד פון אירע אויפטוען, זעט מען איין, אַז זי איז געווען גאָר דערפאָלגרייך אין איר מיסיע. זי איז אָבער געווען דערפאָלגרייך אַ גרויסן טייל צוליב דעם, וואָס זי איז געקומען פּונקט אין דער צייט, ווען דער באַוואוסטזיין פאַר אַן אָרגאַניזירטן אידישן לעבן אין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן צו שטאַרקן. די אַרבעט פון דבורה לאַפּסאָן, איינצופירן דעם אידישן טאַנץ אַלס אַ לימוד אין די שולן, און דער דעפּאַרטמענט פאַר אידישן טאַנץ ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט אין ניו־יאָרק, זיינען אַ רעזולטאַט פון דער אַלגעמיינער אויפוואַכונג פאַר אַ פולן אידישן לעבן אין אַמעריקע.

# 41

# די בית־יעקב שולן און אַנדערע אידישע טאָג־שולן אין אַמעריקע, וואו עס לערנען בלויז מיידלעך

אויך די ליובאַוויטשער, סאַטמאַרער און קלויזנבורגער האָבן געשאַפן פולע טאָג־שולן פאַר מיידלעך. — די שולמית־שול און די מיטלשול פאַר מיידלעך פון ישיבה אוניווערזיטעט. — ערשטער אידישער קאַלעדזש פאַר מיידלעך אין גאַנצער אידישער געשיכטע, געגרינדעט אין אַמעריקע. — אַמעריקאַנער אידן עפענען אַ ניי קאַפּיטל אין אידישן לעבן דורך דערציען דורות אידישע פרויען, וואָס זיינען געלערנטע סיי אין תורה, סיי אין וועלט־לעכן וויסן. — מער מיטל־שולן פאַר מיידלעך נויטיק.

איינע פון די סאַמע דראַמאַטישסטע דערשיינונגען אויף דעם געביט פון אידישער דערציאונג אין אַמעריקע אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז דאָס אויפקומען פון אַ גאַנצער ריי פולע טאָג־שולן — עכט אָרטאָדאָקסישע ישיבות — וואו עס האָבן געלערנט בלויז מיידלעך. עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז איבער זיבן טויזנט תלמידות האָבן געלערנט אין די דאָזיקע טאָג־שולן, פון וועלכע זיי האָבן גראַדואירט, אָנגעזאַפּטע מיט טראַ־דיציאָנעלן אידישן וויסן, ניט ווייניקער, ווי די ישיבה־בחורים, וואָס האָבן געלערנט אין די ישיבות. אויסער דעם, דאַרף מען אויך געדענקען, אַז אין די „געמישטע" ישיבות, וואו עס האָבן געלערנט אינגלעך און מיידלעך צוזאַמען, איז די צאָל מיידלעך געווען איבער 30 פּראָצענט. (אין די 227 ישיבות־קטנות האָבן געלערנט איבער פערציק טויזנט קינדער). חוץ דעם איז דער פּראָצענט מיידלעך אין די קרוב דריי טויזנט אידישע קינדער־שולן מכל

המינים אין אַמעריקע אויך אין דורכשניט איבער 40 פּראָצענט. דערצו קומט נאָך צו דער וויכטיקער פאַקט, וואָס אַמעריקע איז דאָס ערשטע לאַנד אין דער גאַנצער געשיכטע פון אידישן פאָלק, וואו עס איז געגרינדעט געוואָרן אַ ספּעציעלע הויכשול, אַ ספּעציעלער קאָלעדזש — אויסשליסלעך און בלויז פאַר מיידלעך (דער שטערן קאָלעדזש ביים ישיבה־אוניווערזיטעט). אַזוי, אַז אין אַלגעמיין זען מיר אַ דערשיינונג, אין שייכות צו אידישער רעליגיעזער און אַלגעמיין־וועלטלעכער דערציאונג פון מיידלעך, וואָס איז זיכער אַ גאַנץ ניי קאַפּיטל אין דעם לעבן פון אידישן פאָלק. די אידישע אַמעריקע האָט אָנגעהויבן צו דערציען יונגע אידישע פרויען, וואָס זיינען הונדערט פּראָצענט מאָדערנע אַמעריקאַנער אידישע טעכטער און צו דער זעלבער צייט זיינען זיי אויך אָנגעזאַפּט מיט אידישן וויסן, מיט תורה און גאָר אָפּט אויך מיט דער אַלגעמיין מאָדערנער העברעאישער שפּראַך און קולטור.

צווישן די ספּעציעלע שולן פאַר מיידלעך אין אַמעריקע פאַרנעמען אַ גאָר וויכטיק פּלאַץ די בית יעקב שולן, וואָס האָבן זיך געהאַט אַנטוויקלט אין פּוילן אויף אַ גרויסן שטייגער אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות און זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן צוזאַמען מיט דעם גרויסן פּוילישן אידנטום אין די שוואַרצע היטלער־יאָרן. אין פּוילן האָבן אין 1935 עקזיסטירט אַרום 200 בית יעקב שולן פאַר מיידלעך. די שולן, וואָס זיינען שפּעטער געשטאַנען אונטער דער אויפזיכט פון דער אגודת ישראל, זיינען געגרינדעט געוואָרן פון אַ אידישער פרוי מיטן נאָמען שרה שענירער, אַ טאָכטער פון אַ חסידישער פאַמיליע, וועלכע איז געוואָרן אַ נייטאָרין, כדי זיך צו דערנערן. אָנגעהויבן האָט זי די באַוועגונג פון די בית יעקב שולן בלויז מיט 25 קינדער אין אַ צימערל פון איר וואוינונג אין קראָקע, אין יאָר 1915. די באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן שנעל צו צעוואַקסן, און עס זיינען אויפגעקומען בית יעקב שולן פאַר מיידלעך אין פאַרשידענע טיילן פּוילן, ליטע, לאַטוויע און אין אונגאַרן. שרה שענירער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1935 און איז באַוויינט געוואָרן פון טויזנטער פון אירע פרומע תלמידות איבער גאַנץ אייראָפּע און אויך אין אַנדערע לענדער.

אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען קיין אַמעריקע, און גאַנץ באַזונדערס קיין ניו־יאָרק, אַריבערגעקומען אַ צאָל פון שרה שענירערס תלמידות, און עס זיינען אויך דאָ, דורך אַ צאָל פאַר׳עקשנ׳טע קעמפער פאַרן תורה־חינוך, אויפגעבויט געוואָרן אַ צאָל בית־יעקב שולן. אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע און אויך קאַנאַדע האָבן זיך

געפונען אַרום צוואַנציק בית־יעקב שולעס, וואו עס האָבן געלערנט איבער 6 טויזנט מיידלעך. (דער נייער הויפּט־צענטער פון די בית־יעקב לער־אַנשטאַלטן פאַר מיידלעך האָט זיך געשאַפן אין מדינת ישראל, וואו עס האָבן עקזיסטירט אַרום הונדערט בית־יעקב שולן, אַלס אַ טייל פון חינוך עצמאי אין דער אידישער מדינה. איבער צען טויזנט מיידלעך האָבן געלערנט אין די דאָזיקע שולן).

די בית יעקב שולן אין אַמעריקע האָבן אין דער גרעסטער מערהייט זיך געפונען אין ניו־יאָרק, און הויפּטזעכליך טאַקע אין ברוקלין. אין ברוקלין האָבן זיך אויך געפונען אַ צאָל שולן פאַר מיידלעך, וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן פון די ליובאַוויטשער (די בית רבקה שולן), פון די סאַטמאָרער און פון די קלויזענבורגער. דעם סאַטמאָרער רבינ׳ס שולן פאַר מיידלעך האָבן געטראָגן דעם נאָמען „בית רחל״, אַ נאָמען נאָך דעם רבינ׳ס אַ פאַר־שטאָרבענער טאָכטער. אויך דער קלויזענבורגער רבי האָט זיינע שולן פאַר מיידלעך אַ נאָמען געגעבן נאָך זיינער אַ טאָכטער, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס.

אין ברוקלין האָט זיך אויך געפונען די באַרימטע שולמית שול פאַר מיידלעך, ווי אויך די ישיבה־יוניווערסיטי האַי־סקול פאַר מיידלעך, וואָס איז געווען די איינציקע מאָדערנע אָרטאָדאָקסישע מיטשול פאַר תלמידות, וועלכע האָבן גראַדויִרט פון די מער מאָדערנע אָרטאָדאָקסישע ישיבות קטנות.

דער הויפּט־כח פון די ישיבות פאַר מיידלעך איז נאָך אַלץ אָבער געלעגן אין די בית יעקב שולן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן אויסצושפּרייטן אויך אין אַנדערע שטעט, אויסער ניו־יאָרק. בית יעקב שולן פאַר מיידלעך האָבן זיך געפונען, אויסער ניו־יאָרק, אויך אין פילאַדעלפיע, אין באַלטימאָר, אין וואַשינגטאָן און אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע. עס זיינען אויך געווען בית־יעקב שולן אין קליוולאַנד און אין דעטראָיט.

פיל פאַקטן וועגן די בית יעקב שולן אין אַמעריקע האָבן מיר געקראָגן פון הרב אברהם ניוהאַוז, וועלכער איז געווען איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון די בית יעקב שולן אין אַמעריקע גלייך פון אָנהויב פון זייער גרינדונג דאָ אין לאַנד. הרב ניוהאַוז איז דער פּרינציפּאַל פון דער גרויסער בית יעקב שול, וואָס געפינט זיך אין דער ריזיקער פּאָבליק־סקול געביידע אויף 125—129 העיוואָרד סטריט, אין דער וויליאַמסבורגער געגנט פון ברוקלין. די דאָזיקע שול, וואו עס לערנען קרוב צו טויזנט קינדער, האָט זיך פריער געפונען אויף 257 דיוויזשאָן סטריט, אין אַן ענגער, אַלטער געביידע. שפּעטער

האָט די שטאָט־רעגירונג איבערגעגעבן צו דער בית יעקב שול אין ברוקלין די ריזיקע פּאַבליק סקול געביידע פאַר אַ ביז גאָר ביליקן פּרייז.

אויך אויף דער איסט סאַיד האָט די ניו־יאָרקער שטאָט־רעגירונג איבער־געגעבן אַ ריזיקע פּאַבליק־סקול געביידע פאַר דער אסתר שיינפעלד בית־יעקב האַי־סקול פאַר מיידלעך. די שול־געביידע געפינט זיך אויף ברום און רידזש גאַסן און קען אַריינגעמען ביז אַרום צוויי טויזנט מיידלעך — איז באַריכטעט געוואָרן.

טראָץ דעם אַלעמען אָבער, וואָס עס האָט זיך אָנגעהויבן צו מערן די צאָל אידישע רעליגיעזע שולן פאַר מיידלעך, האָט זיך אָבער געמערקט אַן אַלץ וואַקסנדע בויטוועדיקייט אין ספּעציעלע מיטלשולן, אין ספּעציעלע אידישע האַי־סקולס פאַר מיידלעך. דאָס איז דערפאַר, וואָס די מערסטע מתיבתא׳ס, וואָס האָבן עקזיסטירט, זיינען געווען באַשטימט בלויז פאַר אינגלעך, וואָס האָבן געענדיקט די ישיבות קטנות. ווען אַ מיידל האָט אָבער גראַדואירט פון אַ ישיבה קטנה, האָט זי געהאַט בלויז אַ צוויי, דריי האַי־סקולס פון וועלכע אויסצוקלייבן. דאָס זיינען געווען די האַי־סקול ביים ישיבה־אוניווערזיטעט; די האַי־סקול ביי דער ישיבה רמז, וואָס ווערט אָנגעפירט פון הרב יוסף לוקשטיין, און די האַי־סקול פון דער ישיבה־דפלטבוש. דערפאַר איז גאַנץ באַזונדערס נויטיק געוואָרן צו שאַפן אַ צאָל ישיבה־האַי־סקולס פאַר מיידלעך אָדער אפילו אַ צאָל געמישטע ישיבה־האַי־סקולס, וואו סיי די אינגלעך, סיי די מיידלעך זאָלן לערנען צוזאַמען, ווי דאָס איז דער פאַל אין ישיבה דפלעטבוש און אין רמז.

אַ היפּשע צאָל מיידלעך אין ניו־יאָרק האָבן, ענדיקנדיק אַ ישיבה קטנה, אויך פאָרגעזעצט זייער לערנען אָדער אין דער „הרצליה״, אָדער אין דער „מרשליה״, אָדער אין די שולן פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר.

מיט די מיידלעך פון די פרומע, חסידישע ישיבות איז אָבער קיין פּראָבלעם ניט געווען. „אונזערע מיידלעך וועלן אויסוואַקסן ביי אונז״ — אַזוי האָט מיר מיט זיכערקייט געזאָגט אַ פירער פון דער ערשט־געגרינדעטער שול פאַר מיידלעך פון די קלויזענבורגער. דאָס מיינט, אַז די קלויזענבורגער האָבן געפּלאַנט צו האָבן אויך אַ האַי־סקול פאַר מיידלעך, פּונקט ווי דאָס האָבן אויך געהאַט די בית יעקב שולן.

איך בין געזעסן אין דעם אָפיס פון הרב אברהם ניוהאַוז, וועלכער איז ביז 1940 געווען דער אָנפירער פון דער יבנה מיטלשול אין קאָוונע, און מיט אים געהאַט אַ שמועס וועגן דער פּראָגראַם פון די בית יעקב שולן. חומש, דערקלערט מיר דער רעליגיעזער דערציער, איז דער הויפּט לימוד

פאַר די מיידלעך. פּונקט אַזוי ווי אין די מענערשע אָרטאָדאָקסישע ישיבות, פּונקט אַזוי ווי ביי די צעירי אגודת ישראל, אַזוי לערנט מען אויך אין די מיידלשע בית יעקב ישיבות, חומש פאַרטייטשט אויף אידיש. די פירער פון אָט דער שול באַוועגונג האַלטן, אַז דורך דעם דערגרייכן זיי צוויי זאַכן: ערשטנס — ווערט אָנגעהאַלטן די טראַדיציע פון היימישן לערנען און צווייטנס לערנען זיך די מיידלעך אויף אַן אומדירעקטן אופן אויך אויס די אידישע שפּראַך. אידיש איז דאָס בעסטע מיטל צו פאַרבינדן די קינדער מיט דעם עלטערן דור, דערקלערט מיר הרב ניוהאוז. אפילו די אַמעריקאַנער געבוירע־נע עלטערן, וואָס קענען אַליין ניט רעדן גוט אידיש, פאַרשטייען אָבער גאַנץ היפּשלעך די אידישע שפּראַך און דאָס אידיש, וואָס די קינדער פון די אַמע־ריקאַנער געבוירענע לערנען זיך אויס אין דער ישיבה מיינט אויך פיל פאַר אָט די אָפּגעפרעמדטע עלטערן, ווייזט מיר אָן דער ישיבה־פירער. (עס איז געווען שרה שענירער, וועלכע האָט ביים גרינדן די בית יעקב שולן, איינ־געפירט דאָס רעדן און לערנען אויף אידיש. אידיש — האָט די הייליקע פרוי געהאַלטן — איז איינס פון די בעסטע מיטלען צו אָנהאַלטן טראַדי־ציאָנעלע אידישקייט).

אויסער חומש ווערט מיט די מיידלעך געלערנט געשיכטע, די העברעאישע שפּראַך, דינים, ביאָגראַפיעס פון אידישע פערזענלעכקייטן א. אַ. וו. די בית־יעקב שול־סיסטעם שליסט איין אויסער עלעמענטאַרע שולן אויך מיטל־שולן און פאַרמאָגט אויך אַן אייגענעם לערער־סעמינאַר, וואו עס ווערן צו־געגרייט די לערערינס פון די בית־יעקב שולן. אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצוא־ווייזן, אַז דער גאַנצער לערער־פּערסאָנאַל פון אָט די ישיבות פאַר מיידלעך באַשטייט בלויז פון פרויען. קיין איין מאַן, אינפאָרמירט מיר רב ניוהאוז, געפינט זיך ניט צווישן די לערער. דערפאַר אָבער זיינען די פּרינציפּאַלס בלויז און אויסשליסלעך מענער.

נאָך אַ גאָר אינטערעסאַנטער פאַקט פון די ישיבות פאַר מיידלעך איז דאָס, וואָס צווישן די איבער 6,000 תלמידות געפינען זיך איבער 100 מיידלעך, וואָס קומען פון די פאַרשידענע לענדער פון לאַטיין אַמעריקע. פאַראַן אין די בית־יעקב ישיבות מיידלעך פון מעקסיקאָ, קובאַ, קאָלאָמביע און אויך ווייטערע שפּאַניש־רעדנדיקע מקומות. דער סטייט דעפּאַרטמענט גיט גאַנץ לייכט אַרויס וויזעס פאַר אַזעלכע קינדער, וועמען אידן פון ווייטע ישובים געפינען פאַר נויטיק צו שיקן אַהער קיין ניו־יאָרק צו לערנען תורה. אַזוי זעען מיר איצט אַ גאָר נייע דערשיינונג אין דעם מאָדערנעם אידישן לעבן: אידישע טעכטער ווערן פון באַקוועמע און זיכער גאַנץ־פאַרמעגלעכע היימען אַוועק־

געשיקט אין דער ווייטער פרעמד, כדי צו לערנען לויט דער אַלטער אידישער טראַדיציע. דאָס איז אפשר איינער פון די בעסטע באַווייזן, אַז רעליגיעזע אידישקייט הויבט אָן צו שלאָגן טיפע וואָרצלען אין דעם אידישן מאַסן־לעבן, ניט בלויז אין צפון־אַמעריקע, נאָר שוין אויך אין די אַנדערע לענדער פון אַמעריקאַנער קאָנטינענט.

עס איז געווען גאָר, גאָר אינטערעסאַנט פאַר דעם שרייבער פון די שורות, ווען הרב ניוהאוז האָט אים איינגעלאַדן צו באַזוכן אייניקע פון די קלאַס צימערן אין דער גרויסער מיידלשער ישיבה. עס איז געווען ממש אומגלויב־לעך צו הערן ווי מיידלעך פון דער ערשטער אָנפאַנגער גרופּע, פון קינדער־גאָרטן עלטער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן לערנען ערשט מיט אַ דריי, פיר חדשים צוריק, האָבן געוואוסט גאַנץ גענוי אַ גאַנצע ריי ברכות, ווי צו בענטשן ליכט, וואָס עס מיינט אַזוינס שבת קודש, די נעמען פון די אבות און אמהות און ענלעכע זאַכן. די זעלבע קינדער האָבן אויך באַוויזן, אַז זיי קענען לייענען אַ גאַנצע צאָל ווערטער אין העברעאיש, זינגען העברעאישע לידער. גאָר טשיקאַ־איז פאַר דעם שרייבער געווען צו הערן אַ קליין מיידעלע צו דערקלערן איר לערערין, וועלכע האָט איר אָנגערופן „פוירל", אַז איר נאָמען איז ניט „פוירל" נאָר פּערעלע. אַן אַנדער מיידעלע האָט די לערערין אָנגערופן ביילע דוואָשע. אָט די קליניקייטן באַווייזן, אַז אין אָט די אָרטאָדאָקסישע ישיבות פון „על־טערן שניט" הערשט אַן עכט אידישער גייסט, דער גייסט, וואָס דאָס קליינע מיידעלע האָט אויף איר אומשולדיקן אופן אַזוי גוט אויסגעדריקט, ווען זי האָט באַמערקט דער לערערין, אַז איר נאָמען איז פּערעלע און ניט פּוירל, וואָס איז אַזוי פאַראַמעריקאַניזירט און האָט ניט דעם זעלבן „אידישן טעם"...

אויסער די צוויי שולן אין וויליאַמסבורג האָבן זיך געפונען אויך בית־יעקב שולן פאַר מיידלעך אין באָראָ פּאַרק, אין בראַנזוויל, אין איסט ניו־יאָרק, אין בראָנקס. אויך אויף 225 איסט בראָדוויי, ניט ווייט פון די אידישע רעדאַקציעס, געפינט זיך אַ גאָר גרויסע בית יעקב ישיבה פאַר מייד־לעך. די דאָזיקע ישיבה ווערט אָנגעפירט פון דעם אידישן דערציער הרב י. גאַרבער. קרוב צו טויזנט מיידלעך לערנען אין דער דאָזיקער בית־יעקב שול, וועלכע האָט אויך אַ גאָר גרויסע האַי־סקול, וועגן וועלכער מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט. איינע פון די וויכטיקסטע אויפטואונגען פון די אידישע אָרטאָדאָקסישע פולע טאָג־שולן פון דעם מער היימישן מין איז דער פאַקט, אַז אָט די שולן נעמען אַריין אַ גאַנץ היפּשן פּראָצענט קינ־דער פון גאָר, גאָר אָרעמע היימען און געבן די דאָזיקע קינדער אַ פולע דערציאונג אָפּט אָן אַ סענט געלט. די בית־יעקב ישיבות פאַר מיידלעך האָבן

באַפּרייט איבער פערציק פּראָצענט פון זייערע תלמידות כמעט אינגאַנצן פון שכר לימוד. בלויז אַרום 20 פּראָצענט פון די קינדער צאָלן דעם פולן שכר לימוד, וואָס באַטרעפט עטלעכע און צוואַנציק דאָלער אַ חודש. די איבעריקע 40 פּראָצענט צאָלט בלויז אַ טיילווייזן שכר לימוד. דערפאַר מוזן די בית יעקב שולן פירן אַ שטענדיקן קאַמפּעין, אין וועלכן עס שפּילן אַ היפּשע ראָל די בית יעקב פּושקעס, וואָס געפינען זיך אין אַ באַדייטנדיקער




די בית יעקב שול אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, וואָס געפינט זיך אין אַ בנין פון אַ געוועזענער פּאַבליק סקול.

צאָל אידישע היימען, וועלכע האַלטן פאַר נויטיק צו געבן זייערע רעגעל־מעסיקע באַשטייערונגען. מען דאַרף אויך געדענקען, אַז אַ גאַר גרויסע צאָל פון די קינדער און אויך יוגנטלעכע קריגן אַ וואַרעמען לאַנטש אין די בית־יעקב שולן, אַזוי אַז די אויסגאַבן זיינען גאַנץ היפּשע. אַ גאַנצע ריי פון די בית יעקב שולן האָבן אויך „באַס סוירוויס". די קינדער, וואָס וואוינען אַביסל וויט פון שול ווערן יעדן טאָג געבראַכט און אָפּגעפירט אַהיים דורך די ספּעציעלע באַסעס. די שטאָט רעגירונג העלפט אַ היפּש ביסל אַרויס אין אָט דער

באַס באַדינונג. די בית יעקב שול באַוועגונג פאַרמאָגט אויך אַן אייגענעם זומער־קעמפּ, וואו פיל פון די בית יעקב ישיבה־תלמידות פאַרברענגען זייער זומער־וואַקאַציע אין אַן עכטער אָרטאָדאָקסישער אידישער אַטמאָספערע. דער בית יעקב קעמפּ געפינט זיך אין פערנדעיל, ניו־יאָרק, און יעדן זומער ווערט דאָרטן אָפּגעהאַלטן די יערלעכע קאָנפערענץ וועגן די ישיבות פאַר מיידלעך. צו די קאָנפערענצן קומען זיך צונויף אַלע מנהלים, די פּרינציפּאַלס און זיי דיסקוטירן די פאַרשיידענע פּראָבלעמען פון זייער שול־באַוועגונג.

אינטערעסאַנט איז אויך צו וויסן, אַז צווישן די ישיבה מיידלעך, וואָס האָבן שוין גראַדואירט פון די בית יעקב שולן, געפינט זיך אַ היפּשע צאָל, וואָס פאַרנעמען לערער־פּאָזיציעס אין די מיידלשע ישיבות. פאַראַן שוין אין די קינדער־גאָרטנס פון די בית יעקב שולן קינדער פון געוועזענע בית־יעקב סטודענטקעס. אין אַלע אָרטאָדאָקסישע לערן־אַנשטאַלטן, וואו עס לערנען אויך מיידלעך, ווערט געלייגט דער טראָפּ אויף דעם פאַקט, אַז עס ווערן דערצויגן „כשר'ע אידישע טעכטער", וועלכע וועלן זיין אַ פאַסנדער שידוך פאַר ישיבה בחורים, צוקונפטיקע רבנים, וואוילקענעוודיקע יונגעלייט און סתם פיינע באַלעבאַטים.

די דאָזיקע וואוילקענעוודיקע אידישע טעכטער זיינען אויך געוועזן אַן אָנזאָג אויף אַ נייער ווענדונג אין טויזנטער, טויזנטער אידישע היימען אין אַמעריקע. אידישע היימען, וואו טראַדיציאָנעלע אידישקייט וועט האָבן אַ ביז גאָר פעסטן אָנהאַלט...

42

# אידישע האַי־סקול דערציאונג אין אַמעריקע; די פאַרשידענע מתיבתא׳ס, די מרשליה און אַנדערע מיטלשולן

**די אינטערעסאַנטע געשיכטע, ווי אַזוי עס איז געגרינ־דעט געוואָרן די ערשטע מאָדערנע העברעאישע מיטל־שול אין אַמעריקע — די מרשליה. — די מתיבתא׳ס, וואָס זיינען אויפגעקומען אין די יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. — די פאַרשידענע מיטלשול־קלאַסן ביי אַ ריי שול־סיסטעמען, ביי אַ צאָל הויכע לער־אינסטי־טוציעס, ביי תלמוד תורה׳ס, קאָנגרעגאַציעס, צענטערס. — נייע שול־ביכער מוזן צוגעגרייט ווערן, כדי אָפּצו־שפיגלען דאָס נייע אידישע לעבן אין אַמעריקע.**

עס איז געווען אין יאָר 1910, בעת עס איז געגרינדעט געוואָרן די ביוראָ פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק, ווען די אידישע געזעלשאַפטלעכע פירער האָבן זיך געכאַפּט, אַז עס עקזיסטירט אינגאַנצן ניט ביי די אַמערי־קאַנער אידן קיין שום מאָדערנע העברעאישע שול פון האַי־סקול כאַראַקטער. ישיבות האָבן, נאַטירלעך, שוין געהאַט עקזיסטירט דאָ. אויך אַ היפּשע צאָל תלמוד תורה׳ס. אָבער קיין מאָדערנע העברעאישע העכערע שולע — דאָס בישט! צו יענער צייט האָט אויף דער אַלגעמיינער אַמעריקאַנער גאַס זיך שוין אויך געהאַט אָנגעהויבן די באַוועגונג פון גרינדן וואָס מער האַי־סקולס, כדי צו העכערן דעם סטאַנדאַרד פון דערציאונג ביי די אַמעריקאַנער מאַסן, וואָס פלעגט זיך געוויינלעך ענדיקן מיט פּאָבליק־סקול בילדונג.

אָבער צו גרינדן אַ העברעאישע האַי־סקול — דאָס איז דעמאָלט

— אין 1910, ניט געווען אַזאַ לייכטער ענין. די תלמוד תורה׳ס צו יענער צייט פלעגן באַשטיין פון זעקס, זיבן יאָר לערנען, און די קינדער, מערסטנס אייראָפּעאיש־געבוירענע, פלעגן אָנהויבן לערנען אין דער עלטער פון זעקס, אַזוי אַז ביז דרייצן יאָר פלעגט זיך דאָס גאַנצע אידישע לערנען פאַרענדיקן. קיין שום אָפיציעלע גראַדואירונגען פלעגן אין די תלמוד תורה׳ס ניט דורכ־געפירט ווערן. די אינגלעך פלעגן, געווײנלעך, לערנען ביז בר־מצוה און אַרויס פון דער שול און — פאַרטיק! האָט די ביוראָ פון אידישער דערציאונג, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון דר. שמשון בענדערלי, דאַן באַשלאָסן צו גרינדן די ערשטע העברעאישע האַי־סקול אין ניו־יאָרק — דאָס איז געווען אין יאָר 1913 — און עס איז דאַן געשלאָסן געוואָרן אַן אָפּמאַך מיט צוויי פון די עלטסטע תלמוד תורה׳ס אין ניו־יאָרק, אַז זיי זאָלן אָפיציעל גראַדואירן אַ קלאַס און מיט די דאָזיקע צוויי גראַדואירטע תלמוד תורה קלאַסן איז עס געשאַפן געוואָרן דער „בית הספר העברי הגבוה של ניו יורק רבתי״, וואָס איז אין ענגליש באַוואוסט געוואָרן אַלס די „היברו האַי סקול אָוו גרעיטער ניו יאָרק״. אין יאָר 1915 איז די דאָזיקע שול אָפיציעל פאַרזיכערט געוואָרן אַלס אַן אינסטיטוציע פון מיטעלן אידישן לערנען, ווען עס האָט גראַדואירט די ערשטע גרופּע אידישע האַי־סקול סטודענטן. דאָס איז זיכער געווען אַ היסטאָרישער קלאַס אין דער געשיכטע פון דער העברעאישער מאָדערנער דערציאונג אין אַמעריקע.

אין שייכות מיט דער אַנטשטייאונג פון דער ערשטער העברעאישער מיטל־שול אין אַמעריקע האָט אונז איבערגעגעבן אַ צאָל אינטערעסאַנטע פאַקטן איינער פון די פּיאָנערן פון העברעאישן שול־וועזן דאָ אין לאַנד, דר. ישראל קאַנאָוויץ. דר. קאַנאָוויץ איז געווען איינער פון די גרינדער פון דעם „בית ספר עברי גבוה״. ער דערציילט דאָס פאָלגנדע:

„אין יאָר 1911 האָבן די פּרינציפּאַלס פון 8 גרעסערע תלמוד־תורה׳ס אין גרעיטער ניו־יאָרק געגרינדעט די „אגודת המנהלים״, מיט דער באַטיי־ליקונג פון דר. י. אייזיק בלאוסטאָן, פּרעזידענט פון „סענטראַל באָארד אָוו דזשואיש עדיוקעישאָן״ און דר. ש. בענדערלי, דירעקטאָר פון דער „ביוראָ אָוו דזשואיש עדיוקעישאָן״. אָט דאָס זיינען די אַכט תלמוד־תורה׳ס: איסט־סאַיד — דאון־טאַון תלמוד תורה, מחזיקי תלמוד תורה, תלמוד תורה „שערי שמים״. ברוקלין־בראָנזוויל תלמוד תורה, פּענסילוויניע עוו. תלמוד תורה, מעזעריל סט. תלמוד תורה. יאָרקוויל־אַפּטאון תלמוד תורה, סאַלאַנטער תלמוד תורה.

„מיר האָבן דאַן איינגעפירט אַן איינהייטלעכן פּראָגראַם אין אונזערע תלמוד תורה׳ס, מיט דער צושטימונג פון די דירעקטאָרן.

„אין יאָר 1912 האָט די אגודת המנהלים דורכגעפירט אַ פאַראייניקטע גראַדואירונג פון די תלמידים פון די אַכט תלמוד תורה׳ס (חגיגת סיום מאוחדת) אין וואַשינגטאָן אירווינג האַי־סקול. דאַן האָבן מיר זיך געווענדעט צו דער „ביוראָ אָוו דזשואיש עדיוקעישאָן״ צו גרינדן אַ העברעאישע האַי־סקול (בית ספר עברי גבוה) פאַר די מסיימים פון די תלמוד תורה׳ס. ביי אַ ספּעציעלער זיצונג מיט דר. ש. בענדערלי איז אויסגעאַרבעטט געוואָרן דער פּלאַן פאַר דעם „בית ספר גבוה״, איינער פון אונזערע חברים, יוסף בראַגין, ע״ה, איז איינשטימיק דערוויילט געוואָרן אַלס מנהל פון בית הספר הגבוה.

„מיר האָבן אָרגאַניזירט צוויי צענטערס פאַר דער האַי־סקול, וועלכע איז געפירט געוואָרן דורך דער ביוראָ אָוו עדיוקעישאָן: אין דער דאַון־טאַון תלמוד־תורה פאַר די קינדער פון דער איסט סאַיד און ברוקלין, און אין דער אַפּטאַון תלמוד־תורה — פאַר די קינדער פון יאָרקוויל און בראָנקס״.

אָבער עס איז דער דאָזיקער ערשטער העברעאישער האַי־סקול באַשערט געווען גאָר אינגיכן צו קריגן אַ גרויסן שטויס פאָראויס און אין דער זעלבער צייט אויך קריגן אַ נייעם נאָמען, וואָס האָט ווי אָנגעריסן אויף דער אידישער גאַס אין ניו־יאָרק און איז פאַרבליבן מיט דער דאָזיקער פּיאָנערן אינסטיטוציע אויף צענדליקער יאָרן לאַנג. און געשען איז עס צוליב דעם, וואָס די ביוראָ פון אידישער דערציאונג האָט זיך דאַן אויך געהאַט פאַראינטערעסירט מיט אַ נייעם געביט פון אידישער דערציאונג — און דאָס איז אידישקייט פאַר מיידלעך. געפירט האָט זיך ביים אָנהויב פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אין דער אידישער אַמעריקע, אַז מיידלעך האָט מען פאַרנאַכלעסיקט, ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע פון אידישן חינוך, אָט ווי דאָס איז געווען דער מנהג אין דער אַלטער היים אין משך פון הונדערטער יאָרן. האָט די ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג געגרינדעט דריי צוגרייטונגס־שולן פאַר אידישע מייד־לעך. צו יענער צייט — אַזוי דערציילט די אידישע דערציאונגס ביוראָ זעלבסט — האָבן די אידישע פאָלקס־שולן אויך געהאַט געגרינדעט אַ ספּע־ציעלע שולע פאַר מיידלעך. עס האָט זיך הייסט עס נאָך ניט געפירט, אַז מיידלעך און אינגלעך זאָלן לערנען צוזאַמען. און עס איז געווען אין יאָר 1917, ווען דער אידישער פילאַנטראָפּ, לואיס מאַרשאַל, וואָס איז געווען שטאַרק אַקטיוו אויף דעם אידישן דערציאונגס געביט, האָט זיך אויך פאַראינטערעסירט אין דער פּראָבלעם פון אידישער דערציאונג פאַר מיידלעך, און ער האָט דאַן עטאַבלירט דעם „פלאָרענס מאַרשאַל מעמאָריעל פאָנד״,

אויפן נאָמען פון זיין פרוי, און עס איז געשאַפן געוואָרן „די פלאָרענס מאַרשאַל היברו האַי סקול". עס האָט ניט גענומען לאַנג און די מערסטע אידישע שולן און תלמוד תורה'ס האָבן אָנגעהויבן איינצופירן פּאַראַלעלע קלאַסן פאַר מיידלעך. דאָס הייסט אין יעדער שול — די זעלביקע קלאַסן, אָבער באַזונדער — פאַר אינגלעך, און באַזונדער — פאַר מיידלעך. גאַנץ שנעל האָבן די מיידלעך זיך אַרויסגעוויזן צו זיין פלייסיקערע סטודענטן ווי די אינגלעך, און עס האָט גענומען נאָך שנעלער און די פּאַראַלעלע קלאַסן זיינען פאַרשוואונדן. און עפּעס ענלעכעס האָט אויך פּאַסירט ביי דער ביוראָ פון אידישער דערציאונג. די העברעאישע האַי־סקול פאַר אינגלעך און די פלאָרענס מאַרשאַל העברעאישע האַי־סקול פאַר מיידלעך זיינען אויך געוואָרן איינס און געבליבן איז דער פאַרקירצטער נאָמען „מרשליה" (מאַרשאַליאַ).

כדי אויסגעפינען, ווי עס האַלט מיט דער מרשליה האַי־סקול, איבער פערציק יאָר נאָך איר גרינדונג, און איבער פערציק יאָר נאָך דעם, ווי עס האָט גראַדואירט איר ערשטער קלאַס, האָט דער שרייבער פון די שורות באַזוכט דעם צענטראַלן אָפיס פון דער מרשליה, וואָס האָט זיך געפונען אין ניו־יאָרק אין דער זעלבער געביידע, וואו עס האָבן זיך געפונען אַלע אָפיסעס פון דעם קאָמיטעט פון אידישער דערציאונג. מיר האָבן געהאַט אַ פּאָר שמועסן מיט ראַבאַי דזשאָרדזש (יוסף צבי) ענדע, וועלכער איז געווען דער אָנפירער פון דעפּאַרטמענט פון העברעאישער האַי־סקול דערציאונג ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט און אויך פּרינציפּאַל פון אַלע אָפּטיילונגען פון דער מרשליה. (סוף 1957 האָט דער פּעדאַגאָג מתתיהו מאָסענקיס איבער־גענומען די פירערשאַפט פון דער מרשליה, נאָך דעם, ווי רב ענדע איז באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון אַ גרויסער קינדער־שול אין אַ פאָרשטאָט פון ניו־יאָרק). וועגן דער מרשליה האָבן מיר אויך גערעדט מיט דר. עזריאל אייזענבערג, עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, אָן מיר האָבן זיך אין איינוועגס שוין אויך דערוואוסט פיל אינטערע־סאַנטע איינצלהייטן וועגן דעם, ווי אַזוי די פאַרשידענע סטאַדיעס פון דער אַנט־וויקלונג פון אידישן לעבן אין ניו־יאָרק שפּיגלען זיך אָפּ אין דעם אידישן שול־וועזן. עס זיינען געווען צייטן, ווען די מרשליה האָט געהאַט פון 1000 ביז 1500 סטודענטן. דאָס איז געווען אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען די תלמוד־תורה'ס האָבן דורכגעמאַכט זייער בלי' פּעריאָד און פיל קינדער פלעגן פון דער תלמוד־תורה גלייך אַריין אין דער מרשליה און פאָרזעצן זייער שטודיום. צו יענער צייט אָבער האָבן אידן אָנגעהויבן זיך אַריבערצוציען אין נייע געגנטן און עס זיינען געשאַפן געוואָרן די נאָכמיטאָג־שולן ביי די נייע קאָנגרעגאַציעס.

עס איז דאַן אויך געקומען די עקאָנאָמישע דעפּרעסיע און דאָס אידישע שול־וועזן איז פּונקט ווי אַלץ דאַן אין אַמעריקע, געפאַלן אַן אומדירעקטער קרבן און „די מרשליה״ איז היפּש אָפּגעשוואַכט געוואָרן צוגלייך מיט אַלע אַנדערע אידישע לער־אַנשטאַלטן.

אָבער די מרשליה האָט נאָך אַלץ געהאַט עלף אָפּטיילונגען אין פאַר־שידענע טיילן פון ניו־יאָרק, וואו עס האָבן געלערנט איבער 350 סטודענטן און סטודענטקעס. דריי אָפּטיילונגען האָבן געהאַט צו פיר קלאַסן. זיבן האָבן געהאַט צו צוויי קלאַסן און איין אָפּטיילונג האָט געהאַט איין קלאַס. די עלטער פון די סטודענטן איז געווען פון צוועלף ביז 17. די מרשליה אָפּטיילונגען האָבן זיך געפונען אין בראָנקס, ברוקלין און אין פאַר ראַקאַוועי. דאָס לערנען איז אָנגעפירט געוואָרן דריי מאָל אַ וואָך. צוויי מאָל אין די וואָכן־טעג אין די פאַרנאַכטיקע שעה׳ן און איין מאָל זונטיק — פון אינדערפרי ביז נאָכמיטאָג. זונטיק זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אַ פּאָר הונדערט סטודענטן פון די מרשליה שולן אין דער וואַשינגטאָן אירווינג האַי־סקול, אויף אירווינג פּלעיס, ביי יוניאָן סקווער, אין מאַנהעטן, און עס זיינען דאָרט אָנגעפירט געוואָרן קלאַסן אין משך פון פיר, פינף שעה. די מרשליה האָט געהאַט אַלע אירע אָפּטיילונגען אין צענטערס, שולן, בתי מדרשים.

די מרשליה האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ גרויסן העברעאישן כאָר, וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען יעדן זונטיק נאָכמיטאָג, טאַקע אין זעלבן צענטראַלן פאַרזאַמלונגס פּלאַץ, אין דער וואַשינגטאָן אירווינג האַי־סקול, וואָס האָט געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָלע ביי דער סאַמע גרינדונג פון דער ערשטער העברעאישער מאָדערנער מיטל־שול אין אַמעריקע.

בלויז אַרום 5 פּראָצענט פון די קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין די מרשליה־שולן האָבן געענדיקט ישיבות קטנות. 95 פּראָצענט זיינען געקומען פון די פאַרשידענע נאָכמיטאָג־שולן. 70 פּראָצענט פון די מרשליה־סטודענטן זיינען געקומען פון היימען, וואָס זיינען געווען אָנגעשלאָסן אין אָרטאָדאָקסישע קאָנגרעגעישאָנס. 30 פּראָצענט זיינען געקומען פון היימען וואָס האָבן באַ־לאַנגט צו קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגעישאָנס. אָבער אַלע קינדער האָבן געשטאַמט פון הייזער, וואָס זיינען געווען טיף פאַרוואָרצלט אין אידישער טראַדיציע, איז באַריכטעט געוואָרן.

דאָס לערנען אין מרשליה איז באַשטאַנען פון חומש מיט רש״י, נביאים, העברעאישע ליטעראַטור, שרייבן, דקדוק, געשיכטע, אגדות, שולחן ערוך, משנה, און פון גמרא בלויז טיילן פון בבא מציעא.

די מרשליה, וועלכע איז געווען אַ פּיאָנער אויף דעם געביט פון סעקונ־

דערער אידישער דערציאונג אין אַמעריקע, האָט געהאַלטן הויך די פאָן פון איר פּיאָנערישער טראַדיציע און געזוכט אַריינצוברענגען נייקייטן אין אידישן דערציאונגס־וועזן אין אַמעריקע. אַ גאָר אינטערעסאַנטע געשיכטע, אין שייכות מיט די ענדערונגען אין אידישן לעבן, האָט מיר דערציילט ראַבאַי ענדע אין פאַרבינדונג מיט די נייע לערן־ביכער, וואָס האָבן געמוזט געשאַפן ווערן פאַר די נייע אידישע סטודענטן. די אַלע טעקסט־ביכער, וואָס זיינען אַרויסגעגעבן געוואָרן אין די ערשטע עטלעכע צענדליק יאָר פון אידישן מאַסן לעבן אין אַמעריקע, האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס ניט פּאַסנד פאַר די נייע דורות. די מערסטע געשיכטעס אין די לערן־ביכער זיינען געווען וועגן אָרעמע אידן, וועגן הונגעריקע, וועגן שעפער און אַ. וו. מיט איין וואָרט, דאָס זיינען געווען ביכער, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דאָס אידישע אימיגראַנטן־לעבן. קיינער שעמט זיך חלילה ניט מיט אימיגראַציע! פּונקט פאַרקערט! אָבער די ביכער צילן אָפּצושפּיגלען דאָס טעגלעכע לעבן פון אידישן קינד, פון אידישן יוגנט־לעבן. אין די צוואַנציקער און דרייסיקער יאָרן האָט דאָס אידישע קינד אין אַמעריקע גאַנץ גוט געוואוסט, וואָס עס מיינט אַ שאַפּ, אַ סטרייק, אָרעמקייט, ענגשאַפט און אַ. וו. אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט האָט זיך אָבער דאָס בילד פון אידישן לעבן אין אַמעריקע היפּש געענדערט און עס איז געוואָרן די אויפגאַבע פון די צוגרייטער פון די נייע טעקסט־ביכער צו זען, אַז אין די ביכער זאָל זיך אָפּשפּיגלען דאָס נייע סאָרט לעבן פון די אידן אין אַמעריקע. די נייע טעקסטן האָבן געהאַט געשיכטעס וועגן העלפן מענטשן! העלפן קראַנקע! העלפן עמיצן אין מדינת ישראל! העלפן בויען די אידישע מדינה!

מרשליה אָדער „די היברו האַי־סקול אָוו ניו יאָרק" האָט זיך אין איר פּיאָנערישער טראַדיציע געשטעלט נאָך אַן אויפגאַבע, און דאָס איז געווען אַ גאָר וויכטיקע אויפגאַבע: צו ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דער אידישער עפנטלעכקייט צו פאַרשטאַרקן די אַרבעט אַרום דער אידישער האַי־סקול באַוועגונג, וואָס איז שטאַרק פאַרנאַכלעסיקט געוואָרן אין משך פון יאָרן. ווייל בלויז פון 7 ביז 10 פּראָצענט פון אַלע קינדער, וואָס האָבן געקראָגן אַ אידישע דערציאונג, האָבן פאָרגעזעצט זייער לערנען אין די אידישע מיטל־שולן. עס איז נויטיק געווען ביז גאָר, אַז אידישע קינדער זאָלן לערנען אידישקייט ביז אין דער עלטער פון 17 און 18 יאָר. עס איז נויטיק און וויכטיק!

פון 1914 ביז 1957 — איז אַ קיימא לן פון 43 יאָר — און, טראָץ אַלע חסרונות, פעלערן און דורכפאַלן — האָט דאָס אידישע שול־וועזן מכל המינים אין אַמעריקע געהאַט צו פאַרצייכענען היפּשע אויפטוען אויך אויפן געביט

פון מיטלשול־דערציאונג. מיר זאָגן: מיטשול, וואָס דאָס מיינט האַי־סקול, און וואָס אין דער אַלטער היים האָט עס געהייסן: גימנאַזיע! און אַז מען זאָגט „גימנאַזיע", קריגט דער גאַנצער ענין גאָר אַן אַנדער באַדייטונג פאַר די אַלע וואָס געדענקען און וויסן, וואָס אַזוינס גימנאַזיע האָט געמיינט אין אייראָפּע. ווייל בלויז אַ גאָר קליינע צאָל געקליבענע און פּריווילעגירטע אידישע קינדער האָבן געקענט גיין אין גימנאַזיע. און אפילו, ווען עס איז געקומען צום חדר, זיינען ניט אַלע אידישע קינדער געבליבן לערנען אין העכערן חדר אָדער ישיבה, נאָך דעם, ווי זיי זיינען געוואָרן בר־מצוה. און אפילו אין אַמעריקע, איז דער ענין האַי־סקול געוואָרן „אַ מוז" ערשט אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. דערפאַר דאַרפן מיר געדענקען, אַז אויב דאָס אידישע שול־וועזן האָט אָנגעטראָפן און טרעפט נאָך אַלץ אָן שוועריקייטן אויפן געביט פון אידישע האַי־סקולס, איז עס אפשר גאָר נאַטיר־לעך געוועזן די דאָזיקע שוועריקייטן צו דערוואַרטן. מיט מער געדולד אָבער און מער פאַרשטענדיקונג, קען מען איינזען דעם פאַקט, אַז די אַלגעמיינע אידישע אַטמאָספערע אין אַמעריקע איז שוין אַזאַ, אַז מ'האָט געקענט פאַר־אויסזען די צייט, ווען אַ גאָר היפשער פּראָצענט אידישע קינדער וועלן פאָרזעצן זייער אידישן שטודיום אויך נאָך דעם, ווי זיי ווערן בר־מצוה. און זיכער איז געוועזן דערפרייענד דער פאַקט, וואָס די צאָל אידישע מיטל־שולן, אידישע האַי־סקולס, מתיבתא'ס האָט זיך היפש צעוואָקסן אין די איבער פערציק יאָר זינט די מרשליה איז געבוירן געוואָרן.

לויט אַ ספּעציעלן שטודיום, וואָס איז אין 1957 פאַרעפנטלעכט געוואָרן דורך „תורה ומסורה", האָבן אין אַמעריקע זיך געפונען אַרום פופציק פולע רעליגיעזע אידישע מיטל־שולן, מתיבתא'ס. עס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן, אַז ווען עס איז געקומען צו די ישיבות קטנות, איז די צאָל קינדער, וואָס האָבן פאָרגעזעצט זייער שטודיום אין דעם העכערן שטאַפּל פון אידישן וויסן, געווען 5 מאָל אַזוי גרויס, ווי אין אַלע אַנדערע טיפּן אידישע שולן. אין אַלגעמיין איז גערעכנט געוואָרן, אַז אַרום פערציק טויזנט אידישע קינדער האָבן שוין געלערנט אין אידישע האַי־סקולס.

צווישן די פולע טאָג־שולן פון דער האַי־סקול קאַטעגאָריע, האָבן זיך אין ניו־יאָרק, צווישן אַנדערע, געפונען די פאָלגנדע מתיבתא'ס, אַ גאַנצע ריי פון זיי באַרימטע אידישע לער־אַנשטאַלטן:

מתיבתא תורה ודעת; רבי יעקב יוסף מתיבתא; מתיבתא תפארת ירושלים; פאַראייניקטע ליובאַוויטשער ישיבה האַי־סקול; מתיבתא רבי שלמה קלוגער; רמז האַי־סקול; ישיבה אוניווערזיטעט האַי־סקול;

מתיבתא רבי חיים בערלין; מתיבתא ישיבה דפלעטבוש; חתן סופר האַי־סקול; מתיבתא חפץ חיים; מתיבתא אברהם צבי, ישיבה דבראַיטאָן; ישיבה רבי שמשון ר. הירש און אַ גאַנצע ריי מתיבתא׳ס פון די חסידישע לער־אַנשטאַלטן פון די סאַטמאַרער, קלויזנבורגער, צעלעמער און אַ ריי אַנדערע.

די אַלע אויבנדערמאָנטע ישיבות גדולות האָבן זיך געפונען אין ניו־יאָרק, וואו לויט אַן אויספאָרשונג פון דעם אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט האָבן צוואַנציק פראָצענט קינדער פון די ישיבות קטנות פאָרגעזעצט זייער לערנען אין די ישיבות גדולות. כמעט פופציק פראָצענט פון אַלע קינדער, וואָס האָבן פאָרגעזעצט זייער אידיש שטודיום נאָך די בר־מצוה יאָרן, זיינען געווען די ישיבה־תלמידים און תלמידות.

„די קינדער, וואָס לערנען אין אידישע שולן אין ניו־יאָרק, קריגן אַ מער אינטענסיווע אידישע דערציאונג אין פארגלייך מיט די קינדער אין די ניו־יאָרקער פאָרשטעט און אין פאַרגלייך מיט אַלע אַנדערע שטעט איבערן לאַנד״ — האָט געזאָגט דער ענדגילטיקער באַריכט פון דער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק און אומגעגנט. און דערמיט האָט די אויספאָרשונג, נאַטירלעך, געמיינט די קרוב דרייסיק טויזנט אידישע קינדער, וואָס האָבן געלערנט אין די ניו־יאָרקער ישיבות.

מתיבתא׳ס האָבן זיך אויך געפונען אין די פאָלגנדע שטעט פון אַמעריקע:

לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע; האַרטפארד, קאָנעטיקוט; די הויפּט־שטאָט וואַשינגטאָן; מיאַמי ביטש, פלאָרידע; שיקאַגאָ, אילינאָי; באַלטימאָר, מערילענד; ראָקסבורי, מאַסאַטשוזעטס; דעטראָיט, מישיגען; עליזאַבעט, ניו־דזשוירזי; קליוולאַנד, אָהייאָ; פילאַדעלפיע, פענסילווייניא.

די נאָכמיטאָג־מיטל־שולן זיינען געווען אַ קאַפּיטל פאַר זיך. אין ניו־יאָרק זיינען אויסער דער מרשליה האַי־סקול געווען די „הרצליה״ (וועגן וועלכער מיר שרייבן גאַנץ באַזונדער אין זעלבן בוך); די מיטלשול־אָפּטיילונג (מכינה) פון שטערן קאַלעדזש פאַר פרויען פון ישיבה אוניווער־זיטעט; דער פּרוזדור פון לערער אינסטיטוט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר; די „קווינס היברו האַי סקול״ מיט אָפּטיילונגען אין דזשאַמעיקאַ, לאַורעלטאָן און פאַרעסט הילס, אַלע אין לאָנג איילענד; די בראָנקס דזשוניאָר היברו האַי־סקולס מיט פינף אָפּטיילונגען אין פאַרשידענע טיילן בראָנקס; די פּאַרק־טשעסטער דזשוניאָר היברו האַי־סקול און די לאָנג איילענד היברו האַי־סקול. אויסער דעם האָבן די שול־סיסטעמען פון אַרבעטער־רינג, אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט און די „פּראָגרעסיווע״ געהאַט זייערע נאָכמיטאָג־מיטלשולן.

אין אַ גאַנצער ריי תלמוד־תורה׳ס און ביי אַ גאַנצער ריי קאָנגרעגאַציעס האָבן עקזיסטירט מיטלשול־קלאַסן, סיי אין ניו־יאָרק, סיי איבערן גאַנצן לאַנד. און ווען מ׳האָט אַלץ צוזאַמענגענומען האָט זיך געשאַפן אַ גאַנץ איינדרוקספול בילד פון באַדייטנדע אויפטוען. ווייל יעדע מתיבתא, יעדע שול פון העכערן אידישן לערנען, האָט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ העראָאיש קאַפּיטל פון דראַמאַטישע אויפטוען אין אידישן לעבן פון אַמעריקע. דאָך אָבער ווייסן עס אַלע, אַז מער און נאָך מער מוז אויפגעטאָן ווערן אויפן געביט פון אידישע האַי־סקולס, פון אידישע מיטלשולן. ווייל כדי צו פאַר־זיכערן אַ גייסטיקע אידישע צוקונפט אין אַמעריקע, איז לעבנסוויכטיק, אַז מער אידישע קינדער זאָלן זיך ערנסט פאַרטיפן אין העכערן אידישן לערנען.

## 43

# הרצליה — העברעאישע הויכשול, וואָס גרייט צו העברעאישע לערער פאַר הונדערטער שולן אין אַמעריקע

„הרצליה" — אַ פעסטונג פון דער העברעאישער קולטור, וואָס האָט קאָנצענטרירט אַרום זיך אַ גאַנצע ריי פון די העברעאישע קולטור טוער אין משך פון צענדליקער יאָרן. — הרצליה האָט געהאַט אַן אייגענע העברעאישע ראַדיאָ־סטאַנציע, וואָס איז געווען די איינציקע פון איר מין אין אַמעריקע. — אויך אַ העברעאישער טעאַטער האָט עקזיסטירט ביי הרצליה, וועלכע האָט אויך אָנגעפירט מיט אַן אייגענער האַי־סקול. — ראַדיאָ פון אַמעריקאַנער רעגירונג „וואָיס אָוו אַמעריקא" האָט געבראָדקעסט אַ העברעאישע פראָגראַם פון „הרצליה". —

דער העברעאישער לערער־אינסטיטוט „הרצליה" איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1921 צוערשט בלויז מיט דעם צוועק צו זיין אַ העברעאישע האַי־סקול. עס האָט אָבער גענומען בלויז צוויי יאָר צייט און די פירער פון „הרצליה" האָבן איינגעזען די נויטווענדיקייט פון גרינדן ביי דעם „בית ספר הגבוה הרצליה" אויך אַ לערער־אינסטיטוט, און מיט דער צייט איז הרצליה באַקאַנט געוואָרן אַלס „בית מדרש למורים הרצליה" און האָט געקראָגן אַן אָנגעזעענעם נאָמען אויף דעם געביט פון צוגרייטן לערער פאַר דעם העברע־אישן און רעליגיעזן שול־וועזן אין אַמעריקע.

איך האָב באַזוכט מער ווי איין מאָל די היים פון דער „הרצליה", וואָס האָט זיך געפונען אויף 314 וועסט 91טע גאַס, אין מאַנהעטן. די געביידע —

פיר שטאָק הויך — איז געווען ספּעציעל געבויט פאַר דערציערישע צוועקן און האָט געהאַט צען גאַנץ באַקוועמע און ליכטיקע קלאַס־צימערן, אַ ריי פיינע אָפיסעס, אַ גרויסע ביבליאָטעק און אַ היפּשן אָודיטאָריום. אויך אַן אייגענע „קאַפעטעריע", אַ פּלאַץ פאַר די סטודענטן וואו „צו כאַפּן אַ בייס", האָט עקזיסטירט ביי דער „הרצליה".

כמעט יעדן מאָל, ווען נאָר איך האָב באַזוכט די הרצליה־געביידע, האָב איך ניט פאַרפעלט זיך אָפּצושטעלן אין געדאַנק אויף דעם גרויסן אויפשריפט, וואָס איז געהאַנגען אויף דעם בולעטין־טאָוול, און וואָס האָט ווי באַפעלן: דבר עברית! רעד העברעאיש! און איך מוז זאָגן, אַז אין „הרצליה" האָב איך געהערט אַ היפּש ביסל העברעאיש רעדן. אויף איינעם פון מיינע באַזוכן, גראָד אין אַ זונטיק, ווען עס איז פאָרגעקומען די רעגיסטראַציע פאַר דעם פרי־לינג־זמן, האָב איך אין אָפיס פון רעגיסטראַר געהערט די מערסטע אַפּלי־קאַנטן, צווישן זיי פיל, פיל יונגע אינגלעך און מיידלעך, רעדן בלויז העב־רעאיש. די העברעאישע שפּראַך האָט געקלונגען נאַטירלעך אין דער אַט־מאָספערע פון דער הרצליה־שול, וואו אויף יעדן שריט האָבן זיך געזען אויפשריפטן אין העברעאיש, אַלץ מיט דעם צוועק צוצוגעוואוינען די אַמערי־קאַנער אידישע יוגנט צום נוצן העברעאיש אין טאָג־טעגלעכן לעבן.

אין דורכשניט האָט „הרצליה" אַרויסגעגעבן צוואַנציק לערער אַ יאָר. פון 1924 ביז 1954 — אין דרייסיק יאָר צייט — האָט דער העברעאישער לערער־סעמינאַר גראַדואירט אַרום זעקס הונדערט לערער. זינט 1921 ביז 1957 האָט הרצליה גראַדואירט אַרום 1900 סטודענטן פון איר האַי־סקול. עס איז אויך געשאַצט געוואָרן, אַז די לערער פון הרצליה (אַזוי האָט די פאַרוואַלטונג פון דעם העברעאישן לערער סעמינאַר ברייט אַנאָנסירט) זיינען געווען די דערציער פון אַרום 25 טויזנט קינדער אין פאַרשידענע שולן אין ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט. די מערסטע סטודענטן אין הרצליה זיינען געווען יונגע פרויען. די אויסרעכנונג איז געווען אַרום 70 פּראָצענט פרויען און דרייסיק פּראָצענט — מענער.

ווען הרצליה איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1921, האָבן זיך רעגיסט־רירט 35 סטודענטן. שפּעטער, ביז אַרום 1937, איז די סטודענטשאַפט יעדער יאָר געווען צווישן הונדערט און 150. אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט די יערלעכע צאָל דערגרייכט די העכסטע הויך — איבער 300. שפּעטער איז די צאָל עטוואָס געפאַלן און איז געווען יערלעך צווישן 250 און 275.

אינטערעסאַנט איז נאָך אַ פאַקט: ווען הרצליה איז געגרינדעט געוואָרן, איז די סטודענטשאַפט באַשטאַנען פון אַרום 90 פּראָצענט פרעמד־געבוירענע. שפּעטער האָט זיך דאָס בילד איבערגעדרייט: 90 פּראָצענט זיינען געווען געבוירענע אין אַמעריקע. צען פּראָצענט — געבוירן אין אויסלאַנד. וויכטיק איז אויך אָנצואווייזן, אַז אַ גאָר היפשער פּראָצענט זיינען געווען קינדער פון אַמעריקאַנער געבוירענע עלטערן.

זונטיק איז געווען דער וויכטיקסטער טאָג פון לערנען אין הרצליה. זונטיק, ווען די יוגנט איז פריי פון די רעגירונגס־האַי־סקולס און פון די קאַלעדזשעס, האָבן זיי זיך מער געקענט אָפּגעבן מיט זייערע אידישע שטודיומס. זונטיק איז די הרצליה־געביידע געווען פול מיט סטודענטן פון צען אינדערפרי ביז זעקס אין אָוונט. געלערנט האָבן זונטיק סיי די סטודענטן פון האַי־סקול, סיי די פון לערער סעמינאַר. פרייטיק און שבת איז די „הרצליה" געווען מערסטנס געשלאָסן פאַר לערנען. מאָנטיק, דינסטיק, מיטוואָך און דאָנערשטיק האָט מען געלערנט פון אַרום האַלב נאָך פיר ביז צען אין אָוונט. הרצליה האָט אויך געהאַט צוויי „עקסטרעמע" אָפּטיילונגען, ווילט זיך זאָגן. איינע — פאַר גאָר יונגע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דזשוניאָר האַי סקול" און די צווייטע — אַן „עדאַלט דיוויזשאָן", וואָס מיינט אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע, וואו מען האָט מערסטנס געלערנט העברעאיש שרייבן און לייענען. די דזשוניאָר האַי סקול איז געווען פאַר יונגע אָנפאַנגער, אַ מין צוגרייטונג צו דער רעגולערער מיטל־שול.

אויף מיין באַזוך אין הרצליה האָב איך געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיט דר. משה פיינשטיין, דער העברעאישער פּאָעט און פּעדאַגאָג, וועלכער איז געווען גרינדער און דיען פון הרצליה און פאַר יאָרן־לאַנג איינער פון די פירנדע העברעאישע קולטור־טוער אין אַמעריקע. די הרצליה איז מיט דער צייט געוואָרן מער ווי בלויז אַ העברעאישע הויכשול דאָ אין לאַנד. הרצליה איז געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע ווינקלען פון העברעאישער קולטור אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. אָט דער גאַנג איז געווען ווי אָנגעצייכנט פאַר הרצליה שוין בלויז צוליב די פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט פון סאַמע אָנהויב אָן אַרום דער דאָזיקער קערפּערשאַפט. צווישן זיי יוסף באַראָנדעס, סאָלאָמאָן לאַמפּאָרט, ראובן ברייניך, צבי הירש מאַס־ליאַנסקי, ישראל מ"ק, וויליאַם זאַלצמאַן, פּראָפ. חיים טשערנאָוויץ, באָריס מאַרגאָלין און אַ ריי אַנדערע. דער העברעאישער שרייבער און עסייאיסט, דניאל פּערסקי, וועטעראַן פון דער העברעאישער קולטור אין אַמעריקע, איז יאָרנלאַנג געווען פאַרבונדן מיט דעם הרצליה־אינסטיטוט. צווישן די

אַנדערע לערער אין הרצליה האָבן זיך געפונען אליעזר ליידיקער, באַוואוסטער תלמודיסט און מחבר, און דר. יצחק ברזילי, פאָרשער און שריפטשטעלער. די הרצליה האָט אויך פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק פון אַרום צוואַנציק טויזנט ביכער, צווישן זיי פיל זעלטענע עקזעמפּלאַרן. די ביבליאָטעק איז געווען אַ צענטער, וואָס האָט צוגעצויגן שרייבער און געלערנטע צו טאָן דאָרטן פאָרשונג אַרבעט.

זינט 1950 האָט דער בית מדרש למורים הרצליה אויך אָנגעפירט מיט אַ העברעאישן טעאַטער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „הבימה הקטנה — תיאטרון עברי". יעדן יאָר זיינען געגעבן געוואָרן אַרום צען פאָרשטעלונגען, וואָס זיינען באַזוכט געוואָרן פון דער העברעאיש־רעדנדיקער יוגנט.

אינטערעסאַנט איז אויך, אַז די „הרצליה" האָט אָנגעפירט מיט אַן אייגענער העברעאישער ראַדיאָ־סטאַנציע, וועמענס אָפיציעלער נאָמען, לויט די אותיות, איז געווען „עיטש־אַר־זי־על", וואָס מיינט: הרצל, טאַקע דער נאָמען פון גרינדער פון פּאָליטישן ציוניזם, וואָס איז אויך געווען דער נאָמען פון דער שול. די ראַדיאָ־סטאַנציע איז אין משך פון יאָרן אָנגעפירט געוואָרן פון דעם ענערגישן זון פון דיען פון הרצליה, מרבין פיינשטיין, וועלכער איז געווען רעגיסטראַר פון הרצליה און אויך אינסטרוקטאָר פון אידישער געשיכטע און פון דקדוק. די ראַדיאָ־סטאַנציע „ה־ר־צ־ל" האָט אויפגעפירט דראַמאַטישע און מוזיקאַלישע סקיצן, אָפּערעטעס, טרעף־פּראָגראַמען און פאַרשידענע אַרטיסטישע נומערן. אַלע פּראָגראַמען פון דער הרצליה־ראַדיאָ זיינען רעקאָרדירט געוואָרן און אייניקע פון זיי זיינען אויך שפּעטער אויפגעפירט געוואָרן אויף אַ ריי ראַדיאָ־סטאַנציעס פון ניו־יאָרק. אַ צאָל פּראָגראַמען האָט די אָפיציעלע ראַדיאָ פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג „וואָיס אָוו אַמעריקאַ" געבראָדקעסט צו פאַרשידענע לענדער איבער דער וועלט צו באַווייזן, ווי אַזוי די העברעאישע קולטור לעבט אין אַמעריקע. אויך די ראַדיאָ־סטאַנציע פון ישראל „קול ירושלים" האָט גענוצט אַ צאָל פּראָגראַמען פון דער הרצליה. אין די פּראָגראַמען האָבן זיך באַטייליקט סטודענטן, גראַדואירטע און אויך מיטגלידער פון פאַקולטעט.

די ערשטע היים פון דער הרצליה איז אין 1921 געווען אין צוויי קליינע צימערן אין דער „עדת ישראל", אויף 214 איסט בראָדוויי. צוליב איר שנעלן וואוקס איז די הרצליה געצוואונגען געווען אַריבערצוציין אין אַ גרעסערן לאָקאַל אויף נומער 40 קאַנאַל סטריט. אין 1928 איז די העברעאישע שול פאַר לערער אַריבער אויף 187 איסט בראָדוויי, כמעט טיר ביי טיר מיט דער רעדאַקציע פון „טאָג". דאָרט האָט זיך די הרצליה געפונען ביזן יאָר 1944,

ווען זי האָט זיך אַריבערגעצויגן אין איר אייגענער גרויסער געביידע ביי ריווערסאַיד דראַיוו. דאָס דאָזיקע אַריבערציען זיך איז געווען אין איינקלאַנג מיט דעם דראַנג פון די אידן פון דער איסט סאַיד אַרבערצוגיין אויף דער „וועסט סאַיד״, וואו עס האָבן זיך געהאַט קאָנצענטרירט אַ גאַנצע ריי וויכטיקע אידישע אינסטיטוציעס. אין איינעם פון אירע ביכלעך, וואָס הרצליה האָט אָפּגעדרוקט, האָט זיך געפונען אַ בילד, וואָס האָט באַוויזן, ווי אַזוי די סטודענטן האָבן געטאַנצט אין גאַס ביי דער געביידע אויף וועסט 91טע גאַס, ווען די שול האָט זיך אַריינגעצויגן אין איר אייגענעם נייעם בנין. די באַגייסטערונג פון די סטודענטן פאַר הרצליה איז געטיילט געוואָרן פון אַ גאַנצער ריי באַרימטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אָפּגעשטאַטעט אַ וויזיט אין דער דאָזיקער שול. צווישן זיי דר. חיים ווייצמאַן, חיים נחמן ביאַליק, נחום סאָקאָלאָוו, מנחם מענדל אוסישקין און אַ ריי אַנדערע.

טראָץ אַלע אירע גרויסע דערגרייכונגען, האָט הרצליה אָבער געהאַט, ווי עס פירט זיך אין לעבן, גאַנץ גרויסע אַנטוישונגען. די פירער פון הרצליה האָבן געטרוימט אויך צו שאַפן אַן עלעמענטאַרע שול פון דריי, פיר מאָל אַ וואָך לערנען און אויך אַ פולע טאָג־שול, אַ גאַנצע העברעאישע שולע, פון וואַנען די סטודענטן זאָלן קענען גלייך אַריבער אין דער האַי־סקול און אין לערער־סעמינאַר. אָבער דער דאָזיקער טרוים איז לײדער ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן.

דער גייסט אין הרצליה איז אַלע יאָרן געווען אַ טראַדיציאָנעלער. ווען איך האָב באַזוכט די אָפיסעס פון דער שול, האָב איך געזען סיי דר. משה פיינשטיין, סיי זיין זון, אַזוי אויך די סטודענטן אין קלאַסן און אין דער ביבליאָטעק, טראָגן יאַרמולקעס. די הרצליה זעלבסט האָט זיך געהאַלטן אַלס אַ שול, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צום טראַדיציאָנעל־אָרטאָדאָקסישן אידנ־טום, און האָט זיך באַרימט דערמיט, וואָס פיל פון אירע לערער זיינען געווען באַשעפטיקט אין ישיבות קטנות. אַ היפּשע צאָל פון די לערער, וואָס האָבן גראַדואירט פון הרצליה, זיינען געווען באַשעפטיקט אין תלמוד תורה׳ס, אין רעגירונגס־האַי־סקולס, וואו מען האָט געלערנט העברעאיש, אַלס פּרינציפּאַלס און אויך אַלס באַאמטע אין ביוראָס פון אידישער דערציאונג אין פאַרשידענע שטעט.

הרצליה האָט באַשעפטיקט אַרום פופצן לערער. אייניקע פון זיי זיינען אַליין שוין געווען גראַדואירטע פון הרצליה לערער־אינסטיטוט, אויסער דעם, וואָס זיי האָבן געהאַט שטודירט אויך אין אַנדערע שולן און אוניווערזיטעטן.

דער סערטיפיקאַט, וואָס אַ סטודענט האָט געקראָגן פון הרצליה ביים גראַ־דואירן אַלס לערער, איז אָנגענומען געוואָרן אַלס קרעדיט פון אַ ריי קאָ־לעדזשעס און אוניווערזיטעטן ביים קריגן אַ דאָקטאָראַט אַלס „בעטשלאָר אָוו אַרט" און „בעטשלאָר אָוו סייענס". באַזונדערס האָבן דאָס געטאָן די שולן



דער בנין פון דער „הרצליה" אין ניו יאָרק.

פון דערציאונג פון ניו־יאָרק אוניווערזיטעט און דער טיטשערס קאַלעדזש פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט.

די עלטער פון די סטודענטן אין דער הרצליה האַי־סקול, אַריינרעכנענדיק די דזשוניאָר האַי־סקול, איז געווען פון 12 יאָר ביז 21. אין לערער סעמינאַר

איז עס געווען פון 15 ביז 25. סיי אין האַי־סקול, סיי אין לערער־סעמינאַר, האָט מען געלערנט צו פיר יאָר. אַ סטודענט, וואָס איז געקומען אָבער פון אַ ישיבה קטנה, למשל, איז אַריין, געוויינלעך אין דריטן יאָר האַי־סקול. אין הרצליה לערער־סעמינאַר זיינען די פינף הויפּט־געגנשטאַנדן געווען: חומש, נביאים, תלמוד, מאָדערנע העברעאישע ליטעראַטור און אידישע געשיכטע. די גאַנצע פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון פופצן געגנשטאַנדן, אָבער די פינף אויבנדערמאָנטע לימודים האָבן פאַרנומען צוויי־דריטל צייט פון לערנען. דקדוק, לייענען העברעאישע ביכער און שרייבן וועגן די געלייענטע ווערק, זיינען געווען די צוויי אַנדערע וויכטיקסטע לימודים.

כמעט פון אָנהויב אָן פון זיין עקזיסטענץ האָט דער הרצליה לערער־סעמינאַר אַריינגעקראָגן 30 פּראָצענט פון זיין איינקונפט פון שכר לימוד. די אנדערע זיבעציק זיינען געקומען פון יערלעכן קאַמפּעין. דער שכר־לימוד איז געווען 150 דאָלער אַ יאָר אין האַי סקול און 250 דאָלער אַ יאָר אין לערער־סעמינאַר. אַ גאָר גרויסע צאָל סטודענטן האָבן געקראָגן טיילווייזע אָדער גאַנצע סקאָלערשיפּס.

צווערשט ביי איר גרינדונג און ביז הרצליה האָט זיך, אין 1944, אַריבער־געצויגן אויף דער 91טער גאַס, זיינען זיבעציק פּראָצענט פון די סטודענטן געקומען פון פאַרשידענע טיילן ברוקלין. נאָך דעם אַריבערציען זיך אין דער נייער היים, זיינען בלויז פערציק פּראָצענט פון די סטודענטן געקומען פון ברוקלין, איבער דרייסיק פּראָצענט פון מאַנהעטן און איבער 28 פּראָצענט פון די בראָנקס.

אין הרצליה האָט מען מיט די צוקונפטיקע דערציערס געלערנט אויך מאָלעריי, מוזיק און אַנדערע קונסטן, וואָס האָבן געקענט צונוץ קומען אין דעם סדר פון די לימודים אין אַ שול.

אין משך פון די צענדליקער יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון דער דאָזיקער היכשול האָבן אירע פירער און איבערגעגעבענע טוער געהאַט אַ סך שווערקייטן אויסצושטיין! שווערקייטן, וואָס זיינען ווי אַ „געוויינלעכע זאַך", ווען עס קומט צו אַ אידישן לער־אַנשטאַלט. הרצליה האָט אָבער מיט שטאָלץ זיך באַרימט מיט אירע דערגרייכונגען און בייטראָגן צום אידישן שול־וועזן, צום ציוניזם און צום העברעאישן קולטור־לעבן אין אַמעריקע, און איז באמת געווען אַ פּאַסנדער מאָנומענט אין אָנדענק פון דעם שאַפער פון פּאָליטישן ציוניזם, דר. טעאָדאָר הערצל!

## 44

# פון אַלע עקן וועלט קומען אידישע קינדער לערנען תורה אין ברוקלין

**אידישע קינדער פון די מערסטע לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע, פון אייראָפּע און אויך פון ישראל לערנען אין דער ישיבה תורה ודעת אין וויליאַמסבורג. — בחורים געבוירענע אין כינע און אינדיע לערנען תורה און רעדן אידיש. — די ישיבה האָט אַן עילויים קאָלאָניע אין ספּרינג וואַלי. — ווי אַזוי דער רעליגיעזער פירער הרב זאב גאָלד האָט זיך געבעטן ביי די אידן פון וויליאַמסבורג צו שיקן זייערע קינדער אין דער ישיבה. — דער איגוד הרבנים און דער פאַרבאַנד פון די גראַדואַירטע פון די פאַרשידענע שולן פון תורה ודעת.**

אַז איר שטייט אין אַ קאָרידאָר אין איינער פון די געביידעס פון דער ישיבה „תורה ודעת", מעגט איר זיין זיכער, אַז איר וועט צווישן די הונדערטער יונגעלייט פון פאַרשידענעם עלטער, דאָ זען כמעט אַלע סאָרטן אידן פון וואו נאָר די וועלט האָט אַן עק. איר זעט דאָ ישיבה בחורים פון פראַנקרייך און בעלגיע, פון איראַן און איראַק און פון כמעט אַלע, אַלע גרעסערע ישובים פון דרום און צענטראַל אַמעריקע, און אויב איר ווילט — טרעפט איר דאָ אפילו אַן אידן פון כינע און אינדיע, און שוין אָפּגערעדט, אַז איר זעט דאָ אידישע יונגעלייט פון כמעט אַלע 48 שטאַטן פון אַמעריקע און פיל פון זיי קומען אויך פון קאַנאַדע, און אַ היפּשע צאָל אויך פון מדינת ישראל.

אין מיין אויספאָרשונג וועגן דער אידישער יוגנט אין אַמעריקע, האָב איך, נאַטירלעך, געטראַכט, אַז אָט וועל איך אַריינגיין אין דער באַרימטער ישיבה און זיך באַקענען מיט דער „רוטינער, געוויינלעכער טעטיקייט" פון אָט דעם טראַדיציאָנעלן אָרטאָדאָקסישן אידישן לער־אַנשטאַלט. דאָס וואָס איך האָב אָבער געזען, האָט מיך שנעל איבערצייגט, אַז בלויז אין אַמעריקע און אפשר

טאַקע בלויז אין ניו־יאָרק, קען עס פּאַסירן, אַז מען זאָל זען, אָן עין הרע, אַזוי פיל אידישע קינדער, ממש פון אַלע עקן וועלט, און אַז זיי זאָלן אַלע זיין פּאַרטאָן טיף אין תורה, און זאָלן אויף דעם האַרטן אַמעריקאַנער באָדן אָנהאַלטן אַזוי אַנטשלאָסן און צו דער זעלבער צייט אויף אַזאַ נאַטירלעכן אופן, אמת טראַדיציאָנעלע אידישקייט. און איך מוז דאָ גלייך צוגעבן, היימישע אידישקייט, „ווי אין דער אַלטער היים", טראַדיציאָנעלע אידישקייט אויף אי־דיש. איך בין אַרומגעגאַנגען אין די קאָרידאָרן מיט הרב חיים אברהם שיינ־פעלד, וועלכער איז איינער פון די דריי פאַרוואַלטער פון דער גרויסער ישיבה, וואָס ציילט איבער פופצן הונדערט סטודענטן, און אָפּגעשטעלט עט־לעכע צענדליק ישיבה בחורים, און מיט זיי פאַרפירט אַ שמועס אין אידיש. יעדער איינער פון זיי האָט גערעדט אידיש אויף אַ נאַטירלעכן אופן. אַמערי־קאַנער געבוירענע יונגעלייט ניט בלויז פון ניו־יאָרק, נאָר אויך פון אַזעלכע שטעט ווי פּיטסבורג, דעטראָיט, קליוולאַנד, לאָס אַנדזשעלעס, זיי האָבן אַלע געענטפערט פריי אין אידיש און אַלע האָבן זיי געהאַט דעם זעלבן ענטפער, — זיי האָבן זיך אויסגעלערנט אידיש־ריידן טאַקע דאָ אין דער ישיבה, ביים לערנען אַ פּרשה חומש מיט רש"י און שפּעטער ביים לערנען אַ בלאַט גמרא. אינטערעסאַנט איז אויך דאָ צו דערציילן, אַז גאָר אַ סך ישיבה בחורים וואָס האָבן זעלטן גאָר געהערט אַ אידיש וואָרט, האָבן דאָ אין דער ישיבה „תורה ודעת", זיך געמוזט אויסלערנען אידיש, ווייל אויב ניט, וואָלטן זיי ניט געקענט אָנגיין מיט זייערע לימודים, וועלכע ווערן אַלע געפירט אויף אידיש, אַזוי ווי אַמאָל, „אויף יענער זייט ים".

אַזוי דערציילט מיר אַ יונגער ישיבה בחור — הערט און שטוינט — אַ געבוירענער אין כינע. זיין נאָמען איז ששון אברהם, אָדער אייברעהעם — דאָס איז זיין פאַמיליען־נאָמען. זיין פאָטער איז אַ געבוירענער פון אינדיע. זיין מוטער אָבער איז אַ געבוירענע פון אָדעס. די פאַמיליע וואוינט איצט אין ענגלאַנד. און ער — דער ישיבה־בחור, ער זעט אויס דראָטיק־אָריענטאַליש, אויך ער רעדט אידיש.

קרוב צו 200 סטודענטן פון עטלעכע צענדליק לענדער האָבן געלערנט אין „תורה ודעת" אין 1957. פון זיי אַרום 70 פון די לאַטיין אַמעריקאַנער לענדער. פון ישראל האָבן אין זעלבן יאָר געלערנט ביי 14 ישיבה בחורים.

הרב אברהם לייבוש ראַבינאָוויטש, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז איינער פון די הויפּט־פאַר־וואַלטער פון דער ישיבה. ער איז פול אומעטום, עס ברענט ביי אים ממש אונטער די הענט. ער קלערט מיר אויף, אַז פון אידיש מאַכט מען אין דער

ישיבה, נאַטירלעך, קיין ספּעציעלן וועזן ניט אַלס שפּראַך אָדער לימוד, אָבער ווי אַזוי קאָן זיין עפּעס אמת'ע תורה אָן אידיש? און וויסן דאַרפט איר, אַז אין אָט דער „ישיבה ומתיבתא תורה ודעת", וואָס געפינט זיך אין וויליאַמס־בורג, ברוקלין, לערנט מען תורה פון דעם ערשטן גראַד עלעמענטאַרע שול ביז מען קריגט סמיכה אויף רבנות, אָדער מען ווערט אַ פּרינציפּאַל פון אַ תלמוד תורה, אַ שוחט, אַ לערער א. א. וו.

אַ אינגעלע קומט אריין אין דער עלטער פון פינף יאָר און אין גאָר אַ סך פאַלן לערנט ער אין דער תורה ודעת ישיבה ביז ער איז שוין אַ יונגערמאַן אין די צוואַנציקער. אַ צאָל פון די גראַדואירטע פון אָט דער ישיבה זיינען טאַקע אויך פאַרבליבן דאָ אַלס לערער, פּרינציפּאַלס און דירעקטאָרן. צווישן אָט די דאָזיקע געפינט זיך טאַקע איינער פון די הויפּט פּרינציפּאַלס, הרב קווין, אַ געבוירענער אין ברוקלין, וועלכער שיינט מיט זיין הדרת פנים'־דיקער באָרד און וועלכער דערמאָנט אין די גאָר, גאָר פיינע, זיידענע יונגע־לייט פון אַמאָליקן פּוילן. אויסער דעם, וואָס ער איז אַ בן תורה, רעדט ער אויך, ווי געזאָגט, אַ נאַטירלעכן אידיש, וואָס איז שווער צו גלויבן, אַז דאָס איז אַ פּראָדוקט פון דעם אַמעריקאַנער קלימאַט. אויך הרב שיינפעלד, וועמען מיר האָבן פריער שוין דערמאָנט, און וועלכער איז אַ געבוירענער פון פילאַדעלפיע, האָט געקראָגן סמיכה אין דער ישיבה תורה ודעת. ער איז אויך אַ גראַדואיר־טער פון סיטי קאָלעדזש און ער רעדט אויך און פירט זיך אויך „ווי פון דער אַלטער היים" און דאָס שטערט אים גאָרנישט צו זיין גוטער אַמעריקאַניש־קייט. פּונקט פאַרקערט — עס העלפט נאָך אַרויס.

די ישיבה „תורה ודעת" פאַרנעמט פינף געביידעס. אין דער ערשטער געביידע — אויף 206 ווילסאָן סטריט, געפינט זיך די עלעמענטאַרע אָפּטיילונג. דאָ לערנען אידישע קינדער פון 6 ביז 14 יאָר. זיי לערנען דאָ סידור, חומש, רש"י, נ"ך, גמרא, תוספות, לשון קודש, אידישע געשיכטע. די קינדער גייען דאָ אויך דורך אַ פולע אַכט יאָריקע פּראָגראַם פון אַן ענגלישער עלעמנטאַ־רער שול. די ענגלישע לימודים שטייען דאָ אויף דער געהעריקער הויך. צוליב דעם וואָס דער פאַרלאַנג אַריינצוקומען אין דער ישיבה „תורה ודעת" איז גרויס ביז גאָר, האָט מען געמוזט שאַפן אַ „ישיבה־אַנעקס" מיט פּאַראַלעל קלאַסן פאַר די קינדער פון 6 ביז 14. די צוגאָב געביידע געפינט זיך אויף 505 בעדפאָרד עוועניו. די דאָזיקע שול האָט זיך אויך גערופן „מכינה", ווייל אין די לעצטע צוויי קלאַסן פון דער עלעמענטאַרער שול, פון דער ישיבה קטנה, האָט מען שוין געלערנט מער גמרא, שולחן ערוך און צוגעגרייט די תלמידים צו דער מתיבתא.

מיר קומען איצט אָן אין דער הויפּט־געביידע פון דער ישיבה „תורה ודעת״, אויף 141 סאוט דריטע גאַס, אין סאַמע האַרץ פון אידישן וויליאַמס־בורג, וואו עס בליט אַן אייגנאַרטיק טראַדיציאָנעל אידיש לעבן. דאָ אין דער פיר־גאָרנדיקער געביידע פון אַלטן סטיל, מיט טורעמס און טורעמלעך, ווי אַן אַלטערטימלעכע פעסטונג, געפינט זיך די מתיבתא און ענגלישע האַי סקול. דאָ לערנען שוין די דערוואַקסענע ישיבה בחורים. דאָ לערנט מען שוין תורה, תלמוד מיט מפרשים, דאָ ווערט געפירט אַ בית מדרש לרבנים. דאָ לערנט מען דינים און פוסקים. דאָ שמידט מען דעם אידישן געדאַנק און ווילן אין איינקלאַנג מיט דעם אַלטן אויסגעפּרובירטן אידישן סדר. אַ גאַר באַזונדערע אָפּטיילונג פאַרנעמט אין דער הויפּט געביידע דער מחנכים סעמינאַר, וואו עס ווערן צוגעגרייט לערער פאַר די תלמוד תורה׳ס און פאַר די אָרטאָדאָקסישע טאָג־שולן, פאַר די ישיבות קטנות.

דער בית מדרש עליון — דאָס איז די פערטע געביידע אָדער בעסער געזאָגט, געביידעס פון דער ישיבה. אָבער אָט די אָפּטיילונג געפינט זיך היפּש ווייט, אויסער דער שטאָט. דאָס איז די שוין באַרימטע ישיבה אין מאָנסי, ביי ספּרינג וואַלי, ניו יאָרק. דאָ זיצן על התורה ועבודה געקליבענע יונגע־לייט, וועלכע ווערן אויסגעהאַלטן מיט אַלעמען, כדי זיי זאָלן קענען אָנגיין מיט זייער לערנען אומגעשטערט. דאָס איז די „עילויים קאָלאָניע״ פון דער ישיבה „תורה ודעת״. קרוב צו 100 לערנער האָבן זיך דאָ געפונען.

די פינפטע געביידע איז דאָס פּלאַץ, וואו עס וואוינען איבער דריי הונדערט ישיבה בחורים, וועלכע קומען, ווי שוין אָנגעוויזן, מארבע פינות העולם, פון אַלע עקן וועלט. דער דאָזיקער בנין איז ספּעציעל אויפגעבויט געוואָרן פון דער ישיבה און קאָסט אַרום 400 טויזנט דאָלער. דאָ זענען דאָ דריי הונדערט מאָדערנע צימערן. פאַראַן אפילו אַ „רוף גאַרדן״, וואו די ישיבה בחורים קענען פאַרברענגען אין פאַרשידענע ספּאָרט־פאַרמעסטן. אינטערעסאַנט איז זיך צו באַקענען מיט דער „מאַמע״ פון די איבער דריי הונדערט סטודענטן פון אויסער ניו יאָרק, וועלכע וואוינען אין דער „דאָרמיטאָרי״ געביידע. די „מאַמע״ איז געווען דער צונאָמען פון אַ יונגערמאַן, וועמענס נאָמען איז משה ריוולין און ער איז אַ געבוירענער פון ריטשמאָנד, ווירדזשיניא. ער איז אין די דרייסיקער און טראָגט אַ פּעך שוואַרצע באָרד און אויף דעם וואויל אַמעריקאַנער שטייגער, האָט ער אַלעמאָל גרייט אַ וויץ. ער איז אַ גראַדואירטער טאַקע פון דער זעלבער „תורה ודעת״ און זיין אינגעלע האָט דאָ אויך געלערנט. האָט אָט דער יונגערמאַן פון דער סאוט, וועלכער רעדט אויך אַ פליסיקן אידיש, געהאַט די אויפגאַבע אַכטונג צו געבן אויף די חברה סטו־

דענטן 24 שעה אַ טאָג. ער גיט אַכטונג אויף אַלע זייערע ענינים: זעט זיי זאָלן שרייבן בריוו אַהיים, זעט אַז זיי זאָלן האָבן אַלעס נויטיקעס און טאָמער, חלילה, ווערט אַ קינד קראַנק, איז ווידער „די מאַמע", וואָס טראָגט, ווי געזאָגט אַ באָרד, שוואַרץ ווי קויל און האָט אַ פּאָר אויגן וואָס ברענען און איז צוגעלאָזן צו יעדן איינעם ווי אַן אמת׳ער חבר, ווי אַ טאַטע און אַ מאַמע



די הויפּט־געביידע פון ישיבה ומתיבתא תורה ודעת

צוזאַמען. און וויסן דאַרפט איר, אַז אַ היפּשע צאָל קינדער, באַזונדערס פון לאַ־טיין אמעריקע, קומען פון גאַנץ פאַרמעגלעכע היימען. עס בענקט זיך אָפּט. אָבער אידישע עלטערן פון מעקסיקע, אורוגוואַי, עקוואַדאָר, קובאַ, טשילי, האַיטי און פון אַנדערע לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, וואו עס זיינען נאָך ניטאָ קיין ישיבות, ווילן, אַז זייערע קינדער זאָלן קריגן אַן עכטע אָרטאָדאָקסישע אידישע דערציאונג. זיי שיקן פון זיך אַוועק די קינדער זייערע אויף יאָרן לאַנג. (שפּעטער איז ר׳ משה ריוולין באַשטימט געוואָרן אַלס אַן עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון ישיבה תורה ודעת).

אינטערעסאַנט ביז גאָר איז דאָ צו דערציילן, אַז די אידישע קינדער פון די לאַטיין־אַמעריקאַנער לענדער, וואָס לערנען אין דער „תורה ודעת"־ישיבה,

האָבן געגרינדעט זייערע אייגענע אָרגאַניזאַציע אונטערן נאָמען „אש דת“, צו פאַרשפּרייטן אידישקייט אין זייערע היים־לענדער.

מיר ברענגען אין אונזער בוך די פולע געשיכטע פון תורה ודעת, ווייל דוקא אָט דער דאָזיקער גרויסער תורה־אַנשטאַלט קען דינען אַלסביישפּיל פון דער שאַרפער ענדערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין אידישן לעבן אין אַמעריקע, וואָס עס איז שייך אידישער קינדער דערציאונג און תורה־אידישקייט. ווען די ישיבה תורה ודעת איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1918, האָבן גאָר ווינציק עלטערן געוואָלט שיקן זייערע קינדער אַהין לערנען. און איינער פון די גרינדער פון דער דאָזיקער ישיבה, הרב זאב גאָלד, ע״ה, באַרימטער פירער פון דער מזרחי און שפּעטער אָנפירער פון תורה־אָפּטייל פון דער אידישער אַגענטור, — האָט געמוזט גיין פון טיר צו טיר און אַפּעלירן צו די אידן פון דער געגנט, אַז זיי זאָלן איינשטימען און שיקן זייערע קינדער אין דער ישיבה. לויט ווי עס ווערט דערציילט, האָט הרב גאָלד מיטגענומען מיט זיך זיין זעקס־יאָריקן בן יחיד, משה׳לע, און אָנווייזנדיק אויף זיין קינד, געטענה׳ט אַזוי צו די וויליאַמסבורגער אידן: „זעט, ליבע עלטערן! דאָס קינד, וואָס איך האַלט דאָ מיט מיינע הענט, לעבן אייער טיר, איז מיין בן יחיד. איך האָב אים אויך זייער ליב, פּונקט ווי איר האָט ליב אייערע קינדער. פונדעסטוועגן האָב איך ניט קיין מורא אים צו שיקן אין דער ישיבה“.

און „מורא געהאַט“ האָבן די וויליאַמסבורגער אידן צו שיקן זייערע קינדער אין אַ ישיבה, ווייל זיי האָבן זיך געשראָקן, אַז אין דער ישיבה וועלן זייערע קינדער זיך קאַליע מאַכן זייער ענגלישן אַקצענט, חלילה...

און געדענקען דאַרף מען, אַז דאָס אַלץ האָט פּאַסירט קורץ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. צו יענער צייט איז די גייסטיקע אַטמאָספערע אין דער אַלגעמיינער אַמעריקע בכלל, און אין דער אידישער וועלט בפרט, געווען גאָר אַן אַנדערע. אָבער בלויז מיט איין דור שפּעטער — קורץ נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — איז וויליאַמסבורג פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם וועלט־צענטער פון חסידיזם, — און חסידישע ישיבות האָבן זיך געפונען כמעט אויף יעדער וויכטיקער גאַס פון וויליאַמסבורגער אידישן קוואַרטאַל. און אין דער צווישנצייט — פון 1918 ביז 1940 — איז ישיבה תורה ודעת פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינער פון די גרעסטע ישיבות אין דער גאַנצער מאָדערנער אידישער געשיכטע.

נאַטירלעך, עס טוט זיך ניט אַזוי לייכט, ווי עס רעדט זיך. און ישיבה תורה ודעת האָט דורכגעמאַכט פיל שוועריקייטן און פיל קריזיסן. און עס איז

געווען אין יאָר 1926, ווען די בעלי בתים, וואָס זיינען געשטאַנען ביים רודער פון דער קליינער ישיבה, האָבן איינגעלאַדן אַלס הויפּט־אָנפירער פון „תורה ודעת" הרב שרגא פייוול מענדעלאָוויץ, זצ"ל, וועלכער איז מיט זיין גרויס קענטעניש און שטאַרקער ענערגיע געווען פאַררעכנט אַלס איינער פון די בעסטע אָרגאַניזאַטאָרן, וואָס דאָס אָרטאָדאָקסישע אידנטום אין אַמעריקע האָט פאַרמאָגט. און אין יאָר 1928, צוויי יאָר נאָך זיין איבערנעמען דעם אַמט אַלס מנהל, האָט הרב מענדעלאָוויץ באַשלאָסן צו גרינדן די מתיבתא, וואָס דאָס מיינט די ישיבה האַי־סקול. און אַזוי אַרום, האָבנדיק שוין אי אַ ישיבה קטנה און אי אַ מתיבתא, האָט זיך פון תורה ודעת אַנטוויקלט דער בית מדרש גבוה, דער הויכער לער־אַנשטאַלט, וואו אַ צאָל פון די תלמידים בלייבן לערנען ביז זיי קריגן סמיכה.

לויט אַ באַריכט, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דעם „קאָונסיל אָוו דזשואיש פעדעריישאָנס", האָבן יעדעס יאָר געקראָגן סמיכה אין „תורה ודעת" פון 20 ביז 25 ישיבה בחורים; איבער צוואַנציק האָבן אויך געקראָגן דיפּלאָמעס אַלס רעליגיעזע העברעאישע לערער.

דער קורס אין די פאַרשידענע שולן פון תורה ודעת איז געווען ווי פאָלגט: 8 יאָר אין דער עלעמענטאַרער שול (ישיבה קטנה); 4 יאָר אין דער האַי־סקול (מתיבתא) און 6 יאָר אין דעם בית מדרש לרבנים. אין דעם רבנים סעמינאַר זיינען דורכשניטלעך געווען רעגיסטרירט אַרום 250 תלמידים. אין לערער אינסטיטוט — איבער 70. (די תלמידים, וואָס האָבן געענדיקט די מתיבתא און געבליבן לערנען אויף רב אָדער לערער, האָבן זייערע וועלטלעכע לימודים פאַרגעזעצט אין ברוקלין קאַלעדזש אָדער אין אַן אַנדער הויכן וועלטלעכן לער־אַנשטאַלט אין ניו־יאָרק).

דער פאַקולטעט פון ישיבה תורה ודעת איז באַשטאַנען פון איבער 100, צווישן זיי אַ צאָל אָנגעזעענע תלמידי חכמים און אויך אַ ריי אָנערקענטע לערער אין וועלטלעכן וויסן, וועלכע זיינען געווען באַשעפטיקט אין דער עלעמענטאַרער שול און אין די אַנדערע שולן פון תורה ודעת.

הרב גדליה שאָר, וועלכער איז אַליין געווען אַ מחונך פון דער מתיבתא און איינער פון אירע סאַמע ערשטע מוסמכים, איז דער מנהל פון מתיבתא תורה ודעת.

הרב יעקב קאַמענעצקי, איינער פון די גדולי הדור, איז דער הויפּט־ראש ישיבה. הרב קאַמענעצקי, אַ גרויסער מרביץ תורה און בעל מוסר, האָט געצויגן זיין גייסטיקע יניקה פון דער אַלטער סלאָבאָדקע.

הרב אַלעקסאַנדער לינטשנער איז דער פּרינציפּאַל פון דער מתיבתא

האַי־סקול. הרב לינטשנער איז אויך געווען אַ תלמיד פון תורה ודעת און אַן איידעם פון הרב מענדעלאָוויץ, זצ״ל, וועלכער איז געווען דער גרינדער פון דער מתיבתא.

איינער פון די מיטגלידער פון דעם פאַקולטעט פון תורה ודעת איז געווען הרב משה (מאָריס) שערער, עקזעקוטיווער וויצע־פּרעזידענט פון דער אגודת ישראל אין אַמעריקע. הרב שערער, איינער פון די אַקטיוויסטע אַמעריקאַנער געבוירענע קעמפער פאַר טראַדיציאָנעלער אידישקייט אין אַמעריקע, איז געווען אינסטרוקטאָר פון דרוש און „פּראַקטיקעל ראַביניקס״ אין תורה ודעת. הרב שערער איז געווען אויך דער רעדאַקטאָר פון דער מאָנאַטלעכער אויסגאַבע פון דער אגודת ישראל אין אידיש „דאָס אידישע וואָרט״.

„תורה ודעת״ האָט אויך זינט 1936 אויפגעהאַלטן אַ זומער קעמפּ, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „קעמפּ מתיבתא״ און האָט זיך געפונען אין פוירנדעיל, ניו־יאָרק. אַרום 400 ישיבה תלמידים האָבן דאָרט געקראָגן זייער זומער וואַקאַציע. די פיר הונדערט זיינען איינגעטיילט געווען אין דריי גרופּען, און יעדער גרופּע האָט פאַרבראַכט דריי וואָכן אין זומער־קעמפּ.

ישיבה תורה ודעת האָט אויך געהאָלפן שאַפן אַ ישיבה קטנה אין ירושלים, וואו עס לערנען עטלעכע הונדערט אינגלעך, סיי אידישע, סיי וועלטלעכע לימודים.

ישיבה ומתיבתא תורה ודעת, ענטפערנדיק אַלעמאָל אויף דעם רוף פון דער צייט, האָט אין 1957 אויך געעפנט אַן אָפּטיילונג, אַ ישיבה קטנה, אין פאַרעסט הילס, לאָנג איילענד, וואוהין גרויסע טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג פון ברוקלין און אַנדערע טיילן פון ניו־יאָרק האָבן זיך אַריבער־געצויגן. עס איז אויך געפּלאַנט געוואָרן צו עפענען אַ מתיבתא און אַן אָפּטיי־לונג פון בית מדרש לרבנים אין לאָנג איילענד.

צוויי אַלומנאַי גרופּען האָבן עקזיסטירט ביי דער ישיבה „תורה ודעת״. איינע פון זיי איז די ראַביניקל אַלייענס, וואָס דאָס איז דער איגוד הרבנים און די צווייטע איז די אַלומנאַי אַסאָסיאיישאָן.

די ראַביניקל אַלייענס אָדער איגוד הרבנים, וואָס באַשטייט מערסטנס פון רבנים, וואָס האָבן געקראָגן סמיכה אין תורה ודעת, האָט אַ מיטגלידער־שאַפט פון אַרום פיר הונדערט. די אַלייענס העלפט שאַפן נייע אָרטאָדאָקסישע קאָנגרעגעישאָנס, האַלט אָן אַן אָפּטיילונג צו געפינען שטעלעס פאַר אירע רבנים־מיטגלידער און פאַרעפנטלעכט פאַרשידענע מאַטעריאַלן פון אָרטאָ־

דאָקסישן כאַראַקטער. די מערסטע אויסגאַבן פון איגוד ווערן געדעקט פון ישיבת תורה ודעת.

די אַלומנאַי אַסאָסיאיישאָן, וואָס דאָס איז דער פאַרבאַנד פון די גראַ־דואירטע סטודענטן פון אַלע שולן פון תורה ודעת, האָט געציילט עטלעכע טויזנט מיטגלידער. דער פאַרבאַנד האָט אַרויסגעגעבן אַ חודשלעכן בולעטין און האָט געהאָלפן אין דער יערלעכער אַקציע צו שאַפן די נויטיקע פאָנדן פאַר תורה ודעת.



הרב יעקב קאַמענעצקי
הויפּט ראש־ישיבה פון ישיבה ומתיבתא תורה ודעת

אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע אין שייכות מיט דעם דראַמאַטישן וואוקס פון ישיבה תורה ודעת האָט אונז דערציילט מרס. בערניס (ברכה) עדעמס, די פרוי פון פירנדן אָרטאָדאָקסישן רב, טעאָדאָר (טוביה) ל. עדעמס, וועלכער איז אַליין געווען אַ מוסמך פון תורה ודעת. מרס. עדעמס, וועלכע איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אין דער וויליאַמסבורגער געגנט פון ברוקלין, געדענקט נאָך, ווען די „באַנקעטן" פון דער דאַן נאָך יונגער ישיבה פלעגן פאָרקומען אין הויז פון אירע עלטערן און אין די הייזער פון אַנדערע אידן, וועלכע

זיינען געווען אַקטיוו אַרום דער ישיבה זינט דער סאַמע גרינדונג פון באַ־רימטן לער־אַנשטאַלט. די דאָזיקע געשיכטע פון די ערשטע היימיש־געמאַכטע באַנקעטן ביז צו די באַנקעטן אין דעם אַריסטאָקראַטישן וואַלדאָרף אַסטאָריאַ האָטעל, וואָס ישיבה תורה ודעת פלעגט שפּעטער איינאָרדענען, איז אַ היפּשער מהלך און זאָגט עדות אויף אַ כאַראַקטעריסטישן אופן אויף דעם וואוקס און פאָרשריט פון ישיבה־וועזן אין אַמעריקע.

און אפילו אין אירע דעפיציטן האָט ישיבה תורה ודעת באַוויזן, אַז זי איז גרויס געשטיגן אין איר פאַרנעם. ווייל אין מערץ, 1957, איז די ישיבה אַרויסגעקומען מיט אַ גרויסן קול קורא, אַפּעלירנדיק פאַר אַ האַלבן מיליאָן דאָלער. עס איז געווען אַ גאָר ווייטער שפּאַן, פון יענע יאָרן, ווען די ישיבה איז אין יאָר 1918 געגרינדעט געוואָרן אויף 103 קיעפּ סטריט, ביז 1957, ווען תורה ודעת האָט געהאַט אַ בודזשעט פון איבער 700 טויזנט דאָלער אַ יאָר. און תורה ודעת, מוז מען אָנווייזן, איז געווען איינע פון יענע „אַלטמאָדישע" ישיבות, וואָס האָט אָנגעהאַלטן די הייליקע טראַדיציע פון צולאָזן לערנען תורה קינדער אויך פון אָרימע אידישע פאַמיליעס, אויך די בני עניים, און ניט בלויז די קינדער פון מיטלקלאַס אָדער די קינדער פון די רייכע...

די ישיבה „תורה ודעת" נויטיקט זיך נאַטירלעך אין מער געלט, ווי זי קריגט. דער וואַקסנדער דעפיציט קומט דערפון, וואָס די טעטיקייט פון דעם גרויסן לער־אַנשטאַלט ברייטערט זיך אויס פון יאָר צו יאָר. און פון שכר לימוד קומט אַריין בלויז 15 פּראָצענט. דאָס מיינט אַז יעדן יאָר מוז געשאַפן ווערן אַרום אַ האַלבן מיליאָן דאָלער. און וויסן דאַרף מען אויך, אַז אין דער ישיבה האָבן זיך געפונען אַ היפּשע צאָל פּליטים קינדער, צווישן זיי אַ צאָל פון אונגאַרן. די ישיבה האַלט זיי אויס ניט בלויז מיט לערנען, נאָר אויך מיט אַ וואוינונג, עסן און טרינקען, ווי אויך קליידונג און אויך קליין־געלט, פאַר אויסגאַבן.

אָט דאָס זיינען די וויכטיקסטע פּרטים פון דער געשיכטע און אַנט־וויקלונג פון תורה ודעת, די ישיבה, פון וועלכער עס האָבן אָנגעהויבן אַרויסצוקומען אַ גאַנצע ריי איינפלוסרייכע אַמעריקאַנער געבוירענע אָרטאָדאָקסישע רבנים. ישיבה תורה ודעת איז זיכער איינע פון די סאַמע צענטראַלע פעסטונגען פון אַ פולער, טראַדיציאָנעלער אידישקייט אין אַמעריקע.

# 45

# אידישער לערער־סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט — העכסטער וועלטלעכער לער־אַנשטאַלט אין אידיש

דער לערער־סעמינאַר האָט צוגעגרייט לערער פאַר די שולן פון אַרבעטער רינג, פאַרבאַנד און שלום עליכם פאָלק אינסטיטוט. — האָט אויך געהאַט אַ העברעאישן נאָמען „בית מדרש למורים". — 90 פראָצענט סטו־דענטן זיינען שוין אַמעריקאַנער געבוירענע. — אַ רב אויף דעם פאַקולטעט, וואָס האָט מיט די סטודענטן געלערנט משנה און אגדה. — לערער־סעמינאַר איז אין 1935 אָנערקענט געוואָרן פון ניו־יאָרק סטייט אַלס אַ קאַלעדזש. — פלאַן צו גרינדן חיים גרינבערג אינסטיטוט. — סעמינאַר — איינציקע שול אין אַמעריקע צו לערנען אידישע סטענאָגראַפיע. —

דער אידישער לערער־סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט איז געגרינדעט געוואָרן אין ניו־יאָרק אין 1918 דורך דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. צו יענער צייט האָבן די אַרבעטער־רינג שולן נאָך ניט עקזיסטירט און עס זיינען דאַן געווען בלויז עטלעכע פון די גאָר ערשטע שלום עליכם שולן. די פאָלקס־שולן פון אידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד האָבן שוין דאַן דערגרייכט די צאָל פון איבער צוואַנציק און עס האָט צו יענער צייט שוין אפילו עקזיסטירט אַ „פאַרבאַנד פון די אידישע פאָלקס־שולן" אונטער דער פאָרזיצערשאַפט פון דעם פיאָנער פון אַ וועלטלעכער אידישער דער־ציאונג אין אַמעריקע, יואל ענטין. דער געלערנטער דר. יהודה קויפמאַן איז גלייך ביים אָנהויב באַשטימט געוואָרן אַלס דירעקטאָר פון סעמינאַר,

וואָס איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן אַלס אַ העכערע אָוונט־שול. די פּראָגראַם איז באַשטאַנען פון לערנען 16 שעה אַ וואָך. פיר אָוונטן צו דריי שעה אַן אָוונט און 4 שעה זונטיק בייטאָג. צווישן די ערשטע לערער פון אידישן לערער־סעמינאַר זיינען געווען יואל ענטין, יודא א. יאַפע, א. ש. זאַקס, ב. צ. גאָלדבערג, דר. אַב. קאַספּע, חיים ליבערמאַן, לייבוש לערער, דר. יהודה קויפמאַן, חיים שויס, סיימאָן הירזדאַנסקי און אַנדערע. די ערשטע היים פון לערער־סעמינאַר איז געווען אין דער אידישער פאָלקס־שול, וואָס האָט זיך געפונען אויף לודלאָוו סטריט, אין האַרץ פון דער אידישער איסט סאַיד. 13 סטודענטן, 9 מענער און פיר פרויען, האָבן זיך געפונען אין דעם ערשטן קלאַס פון סעמינאַר ביי זיין סאַמע אָנהויב. שפּעטער האָט זיך דער סעמינאַר איבערגעצויגן אויף 293 איסט בראָדוויי.

אין דעם שול־אַלמאַנאַך, וואָס איז דערשינען אין יאָר 1935 אין פילאַ־דעלפיע, לכבוד דעם 15 יאָריקן יובילייַ פון די פילאַדעלפיער אַרבעטער־רינג שולן, און וואָס האָט געבראַכט באַשרייבונגען פון מאָדערנעם אידישן שול־וועזן איבער דער וועלט, האָט דער פרי־פאַרשטאָרבענער פירער פון די פאַרבאַנד־שולן ביז 1953, פנחס גינגאָלד, פאַרעפנטלעכט אַ לענגערע אָפּהאַנדלונג וועגן דעם אידישן לערער־סעמינאַר. גינגאָלד איז געווען פאַר־בונדן מיט דעם סעמינאַר איבער דרייסיק יאָר. ער דערציילט ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען אַ זייער קאָנסטרוקטיווער קאַמף כמעט באַלד ביים אָנפאַנג, וועגן דער לער־פּראָגראַם פון סעמינאַר. עס איז געווען אַ צד, וואָס האָט געוואָלט, אַז עס זאָל געלייגט ווערן מער געוויכט אויף אידיש, אידישע ליטעראַטור און וועלטלעכע לימודים. אַ צווייטער צד האָט פאַרלאַנגט מער תנ״ך, העברעאיש, ביבל פאַרשונג, תלמוד. אַ דריטער צד האָט זיך פאַר־מירט, פאַרשלאָגנדיק, אַז עס זאָל אויסגעברייטערט ווערן די גאַנצע פּראָגראַם מיט מער פּלאַץ פאַר אַלע לימודים — סיי אידישע, סיי העברעאישע. און עס איז טאַקע לטובת דער בעסערער אַנטוויקלונג פון סעמינאַר דערגרייכט געוואָרן אַ מין פשרה. מען האָט איינגעפירט אַ ברייטערע פּראָגראַם. אין דעם דאָזיקן קאַמף — דערציילט גינגאָלד — האָבן זיך דאָן באַטייליקט יואל ענטין, לייבוש לעהרער, ש. ניגער, ב. צ. גאָלדבערג, א. ש. זאַקס, דר. יהודה קויפמאַן, יעקב מילך, פנחס גינגאָלד, דר. י. א. מעריסאָן און אַ ריי אַנדערע לערער און טוער. אגב איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז ב. צ. גאָלדבערג איז געווען דער אַקטיווער דירעקטאָר פון לערער־סעמינאַר, נאָך דעם ווי דר. יהודה קויפמאַן איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ ישראל.

פנחס גינגאָלד, שרייבנדיק אין שול־אלמאַנאַך, דערציילט, אַז אין די

ערשטע 17 יאָר האָבן זיך געלערנט אין לערער־סעמינאַר אַרום צוויי טויזנט מענער און פרויען. די מערסטע סטודענטן זיינען געווען מענטשן, וואָס זיינען געקומען לערנען לשם לערנען, אין דער שול פון העכערע אידישע לימודים, וואָס איז גלייך, ביים סאַמע אָנהויב כמעט, געשאַפן געוואָרן ביים סעמינאַר.

גינגאָלד האָט ניט אָנגעגעבן קיין גענויע סטאַטיסטיק וועגן דער גרויסער מערהייט פון די איבער צוויי טויזנט. וועגן דעם, ווי אַזוי זיי האָבן אויס־געניצט פּראָפעסיאָנעל און געזעלשאַפטלעך דאָס וויסן, וואָס זיי האָבן געקראָגן אין סעמינאַר. ער האָט אָבער יאָ געגעבן אַ גענויען חשבון וועגן די לערער, וואָס האָבן אין משך פון די ערשטע זיבעצן יאָר גראַדואירט פון סעמינאַר. זייער צאָל איז 120. 58 מענער און 62 פרויען. 63 זיינען באַשעפטיקט געווען אַלס לערער, 29 האָבן נאָכן גראַדואירן אָנגענומען פאַרשידענע אַנדערע שטעלעס. זעקס זיינען אַוועק קיין אויסלאַנד. וועגן די איבעריקע 22 זיינען די פאַקטן געווען אומבאַקאַנט. גינגאָלד האָט אָבער דערציילט אַ גאָר אַנדער אינטערעסאַנטע זאַך. פון די סטודענטן, וועלכע האָבן אָנ־געהויבן צו שטודירן אויף לערער און האָבן ניט פאַרענדיקט דעם פולן קורס (דריי יאָר) זיינען אַרויסגעקומען מער לערער, ווי פון די גראַדואירטע.

אָט דאָס אַלץ און פיל מער וויכטיקע איינצלהייטן האָט אַרויסגעבראַכט פנחס גינגאָלד אין זיין אינטערעסאַנטער אַרבעט וועגן לערער סעמינאַר. צום סוף פון זיין אַרבעט אונטער אַ קעפּל „די צוקונפט פון אידישן לערער־סעמינאַר", דערציילט פּנחס גינגאָלד, אַז אין די ערשטע יאָרן פון דער עקזיסטענץ פון לערער סעמינאַר איז די צאָל סטודענטן, וואָס זיינען דער־צויגן געוואָרן אין אַמעריקע, געווען ניט מער ווי פינף פּראָצענט. אַרום 1935 האָט דער סעמינאַר שוין געהאַט אַרום 25 פּראָצענט סטודענטן, וואָס זיינען דערצויגן געוואָרן אין אַמעריקע.

מיר ווילן דאָ אונטערשטרייכן אַמעריקאַנער דערצויגענע. גינגאָלד האָט אין זיין אַרבעט אין 1935 ווי עס זעט אויס, ניט געוואַגט אפילו צו טרוימען, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען דער אידישער לערער סעמינאַר וועט קענען באַריכטן, אַז די גאָר גרויסע מערהייט פון זיינע סטודענטן וועלן זיין ניט בלויז אַמעריקאַנער דערצויגענע, נאָר טאַקע אַמעריקאַנער געבוירענע! און אַזאַ איז טאַקע געווען די לאַגע אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די רעגיסטראַציע אין לערער סעמינאַר איז געווען צווישן אַכציק און נײַנציק פּראָצענט הי־געבוירענע אָדער הי־דערצויגענע.

דער שרייבער פון די שורות האָט, נאַטירלעך, באַזוכט דעם לערער־סעמינאַר ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן אין זיין היים, אויף 154 איסט 70טע גאַס. עס איז געווען אין יאָר 1942, ווען דער סעמינאַר האָט זיך אַריינגעצויגן אין דער סאַמע אַריסטאָקראַטישסטער געגנט פון מאַנהעטן. (בלויז אַ פּאָר מינוטן גאַנג פון ישראל קאָנסולאַט אויף דער זעלבער גאַס). ביז 1942 האָט זיך דער סעמינאַר געפונען אויף 32 איסט 22טע גאַס, מאַנהעטן. די אייגענע היים פון סעמינאַר איז באַשטאַנען פון פינף גאָרן און האָט אַמאָל באַלאַנגט צו אַן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע פון די הויכע אַמעריקאַנער פּני.

עס איז געווען אין יאָר 1949, ווען די לערער קורסן, וואָס האָבן יאָרנלאַנג עקזיסטירט ביים אַרבעטער רינג אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דעם פּעדאַגאָג און דערציער זלמן יעפרויקין, האָבן זיך פאַראייניקט מיט דעם לערער סעמינאַר. דאָס איז געווען די צייט, ווען עס איז געשאַפן געוואָרן אַ מין פאַראייניקטער פראָנט אויף דעם אידיש־רעדנדיקן קולטור געביט. פיל מיטגעהאָלפן אין דער פאַראייניקונג האָט מאיר בראַון, וועלכער איז זינט 1941 געווען דער הויפּט־אָנפירער פון סעמינאַר.

די פאַראייניקונג האָט געבראַכט אַ פאַרגרעסערטע רעגיסטראַציע און אַ קאָנצענטרירונג פון די בעסטע פּעדאַגאָגישע כוחות אויף דער אידישער גאַס. זינט יענער צייט (1949) איז דער לערער סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט געשטעלט געוואָרן אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דר. פיליפּ פרידמאַן, אַ היסטאָריקער און לערער, וועלכער איז אין 1948 אַריבער־געקומען פון אייראָפּע. דר. פרידמאַן איז גלייך ביי זיין אָנקומען אויך באַשטימט געוואָרן אַלס אַ „ריסוירטש פעלאָו" פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט און זינט 1950 איז ער געוואָרן אַ לעקטאָר פון געשיכטע אין קאָלאָמביע. פיל בייגעטראָגן צו דער רעאָרגאַניזאַציע פון לערער סעמינאַר האָט דער קולטור־טוער מ. מענשל, וועלכער איז אין 1951 געוואָרן דער רעגיסטראַר און אַדמיניסטראַטיווער סעקרעטאַר פון הויכן אידישן לער־אַנשטאַלט.

אונטער דר. פרידמאַנ׳ס פירערשאַפט האָט דער לערער־סעמינאַר אָנגעהויבן אָנצונעמען אַ מער אַקאַדעמישן כאַראַקטער. די פאַרשידענע בולעטינען, פאַמפלעטן און קאַטאַלאָגן זיינען שוין אַרויסגעגעבן געוואָרן סיי אין ענגליש, סיי אין אידיש. עס איז איינגעפירט געוואָרן פיל מער סיסטעם און עס האָט זיך אין דעם גאַנצן אַרום פון סעמינאַר און פאָלקס אוניווערזיטעט געפילט מער פאַרטיפונג און בעסערע אָרגאַניזאַציע. דאָס איז נאַטירלעך אויך געווען אַן אויסדרוק פון דער צייט, ווען עס האָט זיך אין אַלגעמיין געפילט אַ טיפערער דראַנג צו אידישן אינהאַלט. אויך אפשר

דערפֿאַר, וואָס אַרום סעמינאַר זייַנען געווען פּאַראַייניקט די וויכטיקסטע כוחות סיי פון פּאַרבאַנד, סיי פון אַרבעטער רינג, ווי אויך פון שלום עליכם פֿאָלק אינסטיטוט. וויכטיק איז דאָ אונטערצושטרייכן, אַז דער קולטור־דעפּאַרטמענט פון דער אידישער אַגענטור, די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, האָט זיך אויך שטאַרק פּאַראינטערעסירט מיט דעם לערער־סעמינאַר און אין 1954 געמאָלדן אַ סובסידיע פון 10 טויזנט דאָלער.



די היים פון אידישן לערער־סעמינאַר און פֿאָלקס־אוניווערזיטעט אין מאַנהעטן.

אַ גאָר וויכטיקע געשעעניש אין דעם סעמינאַר׳ס געשיכטע איז געווען דער פּאַקט, וואָס אין אַפּריל, 1935, האָט דער סעמינאַר געקראָגן אַ טשאַרטער פון ניו יאָרק סטייט, וואָס האָט אים געגעבן די רעכט אַרויסצוגעבן אַקאַ־דעמישע טיטולן (דיגריס). אין דעם אָפיציעלן קאַטאַלאָג פון סעמינאַר איז געמאָלדן געוואָרן, אַז דער סעמינאַר האָט אָנגעהויבן צו מאַכן צוגרייטונגען, אַז דער קורס פון לערנען זאָל זיין פיר יאָר צייט, ווי אין אַלע קאַלעדזשעס,

כדי די גראַדואירטע זאָלן קענען קריגן די געהעריקע קרעדיטן, ווען זיי ווילן פאָרזעצן זייער שטודיום אין אַן אוניווערזיטעט, נאָכן ענדיקן דעם סעמינאַר.

אַ ספּעציעלער ביל איז פֿאַר דעם צוועק אַריינגעבראַכט געוואָרן און איז אָנגענומען געוואָרן דורך דער ניו־יאָרקער שטאַטן־לעגיסלאַטור אין אָלבאַני. עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן אין ניו־יאָרק אַ ספּעציעלער קאָמיטעט פון אַרום הונדערט פירנדע פּערזענלעכקייטן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע, צווישן זיי די וויכטיקסטע פיגורן פון דער אידיש־רעדנדיקער קולטור־וועלט. אין שפּיץ פון קאָמיטעט איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן ניט קיין אַנדערער ווי דר. אַלבערט איינשטיין אַליין. און עס איז אפשר גאַנץ פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס דער גאַנצער פּאַראַד איז אויפגעשפּילט גע־וואָרן אַרום דעם פאַקט, וואָס דער לערער־סעמינאַר פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג האָט געקראָגן די אָנערקענונג פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג אַלס אַ קאַלעדזש. דאָס איז געווען די העכסטע אָרגאַניזירטע אַקאַדעמישע דערגרייכונג פון דער וועלטלעכער אידישער קולטור אין אַמעריקע. אַן אייגענער קאַלעדזש. אַן אייגענער אוניווערזיטעט פאַר דעם פאָלק. אַן אייגענע הויכשול, וואו אידיש, וואו העברעאיש, זיינען די אָפיציעלע שפּראַכן. עס איז זיכער געווען אַ טריאומף און אַ דערגרייכונג פאַר דער אידישער קולטור אויף אידיש אין אַמעריקע. און פיל, פיל איז דערוואַרט געוואָרן פון אָט דער דאָזיקער דערהויבונג פון אידישן לערער סעמינאַר.

אָט וואָס פּנחס גינגאָלד האָט געשריבן אין 1935 אין פריער־דערמאָנטן „שול אַלמאַנאַך“: „עס ווערט געלייגט פיל האָפענונג אויף דער מעגלעכ־קייט, אַז דער סעמינאַר זאָל אינגיכן אָנערקענט ווערן אַלס דער ערשטער אידישער קאַלעדזש אין אַמעריקע, און אַ דאַנק די לעגאַלע רעכט, וואָס דער סעמינאַר וועט קריגן, וועט פאַרשטאַרקט ווערן זיין פּרעסטיזש צווישן דער אידישער יוגנט דאָ אין לאַנד“.

אָבער, ליידער, איז די נבואה ניט אינגאַנצן מקוים געוואָרן. דער לערער־סעמינאַר איז ניט פיל אויסגעברייטערט געוואָרן. אין משך פון זיין גאַנצער עקזיסטענץ האָט ער ניט צוגעצויגן דורכשניטלעך מער ווי צוויי הונדערט סטודענטן אַ יאָר. דאָ ווערן שוין אַריינגערעכנט סיי די לערער־קורסן, סיי דער אינסטיטוט פאַר אידישן וויסן, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פאָלקס אוניווערזיטעט.

מיט וואָס האָט זיך עס דערקלערט?

די בעסטע דערקלערונג איז אפשר געלעגן אין דעם פאַקט, וואָס דער לערער־סעמינאַר איז געווען אַ אידיש־וועלטלעכער לער־אַנשטאַלט, און די אַנטוויקלונג פון שול־וועזן ביי אידן אין אַמעריקע האָט באַוויזן, אַז די וועלטלעכע אידישע שול האָט פּראָפּאָרציאָנעל צוגעצויגן פּיל, פּיל ווייניקער תלמידים, ווי די אַזוי גערופענע רעליגיעזע. דאָס איז געווען אמת, וואָס עס איז שייך דעם לערער סעמינאַר און פאָלקס אוניווערזיטעט, אַלס אַ העכערע שול פון וויסן פאַר די ברייטע אידישע מאַסן. אין אָט דעם דאָזיקן הינזיכט, איז דער אָפּרוף ניט געווען ווי דערוואַרט. וואָס עס איז שייך אָבער דעם לערער סעמינאַר גופא, איז ער די גאַנצע צייט געגאַנגען מיט דעם זעלבן טעמפּאָ און פּראָפּאָרציאָנעל געבראַכט די זעלביקע רע־זולטאַטן, ווי דער לערער אינסטיטוט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, למשל, צי פון ישיבה־אוניווערזיטעט, אָדער די הרצליה אָדער איינער פון די אַנדערע אידישע לערער סעמינאַרן אין אַמעריקע.

דאָך אָבער, איז אין יאָר 1957 געמאַכט געוואָרן אַ גאָר שטאַרקע אָנשטרענגונג צו פאַרוואַנדלען דעם אידישן לערער־סעמינאַר „איין מאָל פאַר אַלע מאָל" אין אַן „אמת'ן" קאַלעדזש. זינט 1935, ווען דער ניו־יאָרק שטאַט האָט געגעבן די רעכט צום סעמינאַר צו ווערן אַ פאָרמעלער קאַלעדזש, זיינען שוין אַריבער מער ווי צוואַנציק יאָר, און קיין קאַלעדזש איז נאָך אַלץ ניט געווען. האָט מען דערפאַר באַשלאָסן צו מאַכן די אַלע העכסטע אָנשטרענגונגען, און עס איז אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ ווייט־גייענדיקער פּלאַן צו שאַפן ביים לערער־סעמינאַר אַן אינסטיטוט פאַר סאָציאַלע שטודיעס און פאַר סאָציאַלער דינסט (אינסטיטוט פאָר דזשואיש סאָשל סוירוויס ענד סטאָדיס). אַ טייל פון פּלאַן איז געווען אַ נאָמען צו געבן דער געפּלאַנטער אינסטיטוציע „חיים גרינבערג", אין אָנדענק פון דר. חיים גרינבערג, ע"ה, פירער פון די פועלי ציון, דענקער און שרייבער, וועלכער איז אַמאָל אויך געווען פּרעזידענט פון אידישן לערער־סעמינאַר.

עס איז אויך געפּלאַנט געוואָרן צו פאַרגרעסערן דעם אַקאַדעמישן פאַקולטעט פון סעמינאַר, צוציענדיק נאָך אַ צאָל אָנגעזעענע פּראָפעסאָרן, צו הויבן דעם סטאַנדאַרד פון לערנען, כדי די קרעדיטן, וואָס סטודענטן קריגן אין לערער־סעמינאַר, זאָלן אָנערקענט ווערן פון אַ גרעסערער צאָל קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן.

כדי דורכצופירן דעם נייעם פּלאַן האָט די פירערשאַפט געהאַלטן, אַז דער סעמינאַר נויטיקט זיך אין אַ ספּעציעלן פאָנד פון אַ האַלבן מיליאָן דאָלער. דאָס איז זיכער געווען אַן אַמביציעזער בודזשעט, ווען מען נעמט

אין אַכט, אַז אין די אידיש־וועלטלעכע קולטור־קרייזן איז טויזנט דאָלער געווען אַ גאָר גרויסע באַשטייערונג. אָבער עס איז גלייך געמאַכט געוואָרן אַ גוטער אָנהויב. עס איז געווען באמת אַ סענסאַציע אין די אידיש־קרייזן, ווען מען האָט געמאָלדן, אַז דריי אידן פון אידיש־סעקטאָר האָבן זיך באַשטייערט מיט זעכציק טויזנט דאָלער פאַרן אידישן לערער־סעמינאַר. די דאָזיקע דריי אידן זיינען געווען: משה שיוועך, פון דעטראָיט (25 טויזנט דאָלער); י. ה. אַבראַמסאָן, פון ניו־יאָרק (25 טויזנט דאָלער) און ה. גילדין, פון ניו־יאָרק (10 טויזנט דאָלער). די מעלדונג וועגן דעם גרויסן פּלאַן פון אידישן לערער־סעמינאַר איז אַרויסגעגעבן געוואָרן צו דער ברייטער עפנטלעכקייט אין יאַנואַר, 1957. און, ליידער, מוז דאָ געזאָגט ווערן, אַז קיין נייע, גרויסע באַשטייערער, וואָס זאָלן העלפן פאַרווירקלעכן דעם פּלאַן צו פאַרוואַנדלען דעם לערער־סעמינאַר אין אַ קאָלעדזש, האָבן זיך ניט אַזוי שנעל געוויזן, און דער גאַנצער פּלאַן האָט אָנגעהויבן היפּש אונטערצוהינקען.

אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן, אַז אַלס עקזעקוטיווער אָנפירער פון דער ספּאָנסאָר קאָמיטע צו פאַרוואַנדלען דעם סעמינאַר אין אַ קאָלעדזש, איז אָנגעשטעלט געוואָרן דער קאָנסערוואַטיווער ראַבאַי גרשון ווינער, וועלכער איז געווען דער גייסטיקער פירער פון דעם אידישן צענטער אין באָלדווין, אַ פאָרשטאָט פון ניו־יאָרק. ראַבאַי ווינער איז געווען אויך אַ גראַדואירטער פון די אידיש־וועלטלעכע שולן אין קאַנאַדע.

עס זעט אויך אויס, אַז די פירערשאַפט פון אידישן סעמינאַר האָט, אין גייסט פון דער צייט, אויך צוגעצויגן אַן אַנדער קאָנסערוואַטיוון רב, אַז ער זאָל ווערן דער נייער דירעקטאָר אָדער דיען. דאָס איז דר. הערמאַן כרמל, אַ געבוירענער אין טשעכאָסלאָוואַקיע, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1948. דר. כרמל האָט געלערנט אין אַ צאָל ישיבות אין טשעכאָ־סלאָוואַקיע, וואו ער האָט אויך געקראָגן סמיכה. ער האָט אויך געלערנט אין אַ פּאָר אוניווערזיטעטן אין טשעכיע און געקראָגן דעם טיטול פון דר. פילאָזאָפיע. אין אַמעריקע האָט דר. הערמאַן (צבי) כרמל דורכגעמאַכט אַ ספּעציעלן אינטענסיוון קורס פאַר ניי־געקומענע רבנים און ער האָט געהאַלטן אַ צאָל רבנישע שטעלעס אין אַ ריי קאָנסערוואַטיווע קאָנגרעגאַציעס. דר. כרמל איז געווען דער אָנפירער פון אידישן לערער־סעמינאַר נאָך דעם, ווי דר. פיליפּ פרידמאַן האָט זיך צוריקגעצויגן פון דעם אַמט.

דעם העכסטן אויפשוואונג האָט דער לערער סעמינאַר געהאַט אין יאָר 1950, באַלד נאָך דער פאַראייניקונג מיט די לערער־קורסן פון אַרבעטער־רינג. די צאָל רעגיסטרירטע סטודענטן האָט דאַן דערגרייכט 250. אין

1949 איז די צאָל געווען 165, פון וועלכע 90 פּראָצענט זיינען געווען אַמע־ריקאַנער געבוירענע. די דורכשניטלעכע עלטער פון די סטודענטן איז געווען פון 17 ביז 35. מיט דעם אָנקומען קיין אַמעריקע פון דער שארית הפליטה, האָט דער סעמינאַר צוגעקראָגן אַ געוויסע צייט אַ נייעם רע־זערוואואַר פאַר לערער־קאַנדידאַטן. שפּעטער אָבער איז די רעגיסטראַציע ווידער געפאַלן. אין יאָר 1957 האָבן זיך געהאַט רעגיסטרירט אַרום 130 סטודענטן. פון זיי האָבן ביי אַ דרייסיק שטודירט אויף לערער. אַ צאָל פון די רעגיסטרירטע האָבן שטודירט אין דעם אַזוי גערופענעם דזשוניאָר קאָלעדזש. דאָס זיינען מערסטנס געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין גענוגענדען וויסן אין די אידישע לימודים און זיי האָבן באַדאַרפט דורכמאַכן אַ ספּעציעלע צוגרייטונגס־פּראָגראַם. געוויינלעך האָט זיך פאַר־לאַנגט, אַז אַ צוקונפטיקער לערער זאָל האָבן דורכגעמאַכט אַ אידישע אָדער העברעאישע מיטל־שול.

עס איז געווען אַ געוויסע צייט, ווען מען האָט אין לערער־סעמינאַר אויך געלערנט אין די וואָכן־טעג אינמיטן טאָג. שפּעטער אָבער זיינען די דאָזיקע לער־שטונדן אויפגעגעבן געוואָרן צוליב עקאָנאָמיע, פּשוט, און דער אידישער לערער סעמינאַר און פאָלקס אוניווערזיטעט איז געוואָרן בלויז אַן אָוונט־שולע. אויסער זונטיק, ווען מען האָט, אין משך פון טאָג, געלערנט עטלעכע שעה צייט.

די אָפּטיילונגען פון סעמינאַר זיינען געווען:

1) לערער קורסן (דריי יאָר. שפּעטער געפּלאַנט פאַר פיר יאָר). פאַר אידיש־העברעאישע לערער — 16 שעה אַ וואָך. לערער בלויז אויף אידיש — אַ מינימום פון 10 שעה אַ וואָך.

2) שולע פאַר העכערן אידישן וויסן. פולער קורס — 16 שעה אַ וואָך. איינצעלנע אידישע לימודים — לויט דעם פאַרלאַנג פון סטודענט אין איינקלאַנג מיט זיין רעגיסטראַציע.

3) אינסטיטוטן און פאָרומס. פאַרשידענע לעקציעס וועגן אידישן לעבן אין אַמעריקע. אידישע אַרבעטער־באַוועגונג. ליטעראַטור. קונסט. אידישקייט. מדינת ישראל. אידישע ימים טובים און שבת. אַלץ אין איינ־קלאַנג מיט דעם, וויפל סטודענטן עס האָבן פאַרלאַנגט די אָדער יענע געגנשטאַנדן.

דער סעמינאַר האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ קורס פאַר קינדער־גאָרטן לערערינס. דער דורכשניט אויף די דאָזיקע קורסן איז געווען פון אַכט ביז צען תלמידות.

אויך ספּעציעלע קורסן אין אידישער סטענאָגראַפיע און מאַשין־שרייבן זיינען געגעבן געוואָרן אין אידישן לערער סעמינאַר, וועלכער איז אויף דעם דאָזיקן געביט געווען די איינציקע שול אין אַמעריקע. אידיש־סטענאָגראַפיע איז געלערנט געוואָרן אין סעמינאַר לויט דער אָנערקענטער פּיטמאַן־סיסטעם, מיט דעם צוועק, אַז אַ סטענאָגראַפיסטין אויף אידיש זאָל קענען אויפשרייבן אונטער אַ דיקטאַט פון 70 ביז הונדערט ווערטער אין אַ מינוט. צו שרייבן אויף אַ אידישער מאַשינקע איז געלערנט געוואָרן צו קריגן אַ שנעלקייט פון פערציק ביז 60 ווערטער אַ מינוט. אין ניו יאָרק איז יאָרנלאַנג געווען אַ היפּשע נאָכפראַגע אויף אָפיס־מיידלעך מיט קענטעניש פון אידישער סטענאָגראַפיע און מאַשין־שרייבן.

צווישן די פאַרשידענע לימודים אין לערער סעמינאַר זיינען געווען די היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון אידיש, אידישע דיקציע און רעטאָריק. די אַנטוויקלונג פון העברעאיש (פון דער תנ״ך שפּראַך ביז דעם מאָדערנעם העברעאיש). העברעאיש, דרייערליי קורסן (לייענען, שרייבן און רעדן). ענגליש (פאַר די ניי־אַריבערגעקומענע סטודענטן פון יענער זייט ים). געשיכטע פון דער אידישער ליטעראַטור. קלאַסישע און מאָדערנע. תנ״ך. משנה און אגדה. אינטערעסאַנט איז דאָ אָנצואווייזן, אַז דער לערער פון משנה און אגדה איז אין סעמינאַר געווען אַ רב.

אַ גאַנצע ריי געגנשטאַנדן זיינען געלערנט געוואָרן אין שייכות מיט פּעדאַגאָגיק. די סטודענטן האָבן אויף זייער קורס אויך באַזוכט פאַרשידענע מינים אידישע און העברעאישע שולן און אין די קלאַס־צימערן געלערנט און אָנגעפירט מיט פּראַקטישער אַרבעט אונטער דער אָבזערוואַציע פון געניטע אידישע און העברעאישע פּעדאַגאָגן, מיטגלידער פון פאַקולטעט פון לערער סעמינאַר. עס איז אויך געגעבן געוואָרן אַ קורס ווי אַזוי אָנצופירן מיט עקסטראַ־קוריקולאַרע אַקטיוויטעטן אין אידישע שולן: ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן קלובן צווישן די קינדער און צווישן די עלטערן, יום טוב פייערונגען, צוזאַמענפאָרן און אַ וו. אויך ווי אַזוי אָנצופירן מיט געזאַנג קלאַסן און ווי אַזוי זיך צו באַנוצן מיט דער קונסט פון צייכענען און מאַלעריי, אַלס אַ טייל פון דער שול־אַרבעט.

אַ באַזונדער אָפּטיילונג איז אָנגעפירט געוואָרן פאַר געשיכטע, סאָציאַלע וויסנשאַפטן און פילאָזאָפיע. די מאָדערנע אידישע געשיכטע און די געשיכטע פון די אידן אין אַמעריקע איז געלערנט געוואָרן. אויך אַ ריי געגנשטאַנדן אין שייכות מיט מדינת ישראל. דאָ מוז אויך אָנגעוויזן ווערן,

אַז אַ גרויסע צאָל אידישע סטודענטן פון מדינת ישראל האָבן זיך קאָנצענט־רירט אַרום דעם אידישן לערער־סעמינאַר, וואו זיי האָבן געהאַט זייער קלוב.

דער סעמינאַר האָט צווישן זיינע 15 גרויסע צימערן געהאַט איינגעאָרדנט אַ ספּעציעל ישראל־צימער און אין דער ביבליאָטעק, וואָס האָט פאַרמאָגט אַרום 16 טויזנט ביכער, איז געווען איינגעשלאָסן אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר ביכער, צייטונגען און זשורנאַלן פון מדינת ישראל. דער סעמינאַר האָט אויך געהאַט אַ צימער פאַר אידישער קונסט, אַ גרויס שטודיר־ און לייען־צימער און אַן אוידיטאָריום, וואו עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן פיל וויכטיקע און אינטערעסאַנטע קולטור־צוזאַמענקונפטן.

דער לערער סעמינאַר האָט געהאַט געשאַפן אַ ספּעציעלן סטיפּענדיע־פאָנד און אַ היפּשע צאָל סטודענטן האָבן געקראָגן פאַרשידענע סטיפּענדיעס מיט דעם צוועק צו פאַרלייכטערן זייער צוגרייטונג אַלס לערער. די נאָכ־פראַגע פאַר אידישע לערער איז אַלעמאָל געווען גרעסער ווי דער צושטעל. דער קריזיס אויף אידישע לערער איז אָבער געווען אַ טייל פון אַלגעמיינעם קריזיס אויף לערער אין אַמעריקע. אָבער דאָס איז שוין אַ גאָר אַנדער פראַגע.

עס איז אויך אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז צווישן די מענטשן, וואָס זיינען געקומען לערנען אין אידישן פאָלקס אוניווערזיטעט האָבן זיך אָפּט געפונען אויך ניט־אידן, וועלכע זיינען געווען, צוליב פאַרשידענע טעמים, פאַראינטערעסירט זיך צו לערנען די אידישע שפּראַך.

צום סוף איז וויכטיק אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט, אַז אַ היפּשע צאָל גראַדואירטע פון אידישן לערער סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט האָבן פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין אידישן און אַלגעמיינעם לעבן פון אַמע־ריקע און צוזאַמען מיט די אַנדערע גראַדואירטע, און אפילו ניט גראַדו־אירטע, האָבן זיי — יעדער אויף זיין אופן — פאַנאַנדערגעטראָגן די פרוכט פון אידישן וויסן, וואָס דער סעמינאַר האָט אין זיי פאַרפלאַנצט.

## 46

# העברעאיש און אידישע געשיכטע געלערנט אין הײַ־סקולס און קאַלעדזשעס פון ניו יאָרק און איבערן לאַנד

**אין ניו־יאָרק און אין 16 אַנדערע שטעט פון אַמעריקע האָט מען געלערנט העברעאיש אין די הײַ־סקולס. — די באַוועגונג צו לערנען העברעאיש אין הײַ־סקולס האָט זיך אָנגעהויבן אין 1929. — עס ווערט געשאַצט, אַז איבער 100 טויזנט סטודענטן זײַנען אין 28 יאָר דורכגעגאַנגען די קורסן פון העברעאיש און העברעאישער קולטור. — ספּעציעלע לערן־ביכער פון העברעאיש, אָן שום „רעליגיעזער באַאַרבונג" האָבן געמוזט צוגעגרייט ווערן. — דאָס איז דערפֿאַר, ווייל אין אַמעריקע איז די קירך אָפּגעטיילט פון שטאַט. — אַ צאָל אידישע הײַ־סקול פּרינציפּאַלס האָבן ניט געלאָזט איינפירן העברעאיש אין זייערע מיטלשולן. — קריסטלעכע פּרינציפּאַלס האָבן מערסטנס באַגריסט דאָס איינפירן פון דער „הייליקער שפּראַך". — ניו־יאָרק שטאָט רעגירונג האָט אויסגעגעבן אַ מיליאָן דאָלער אַ יאָר אויף העברעאיש אין הײַ־סקולס.**

אין איבער 69 הײַ־סקולס און אין עלף פאַרשידענע קאַלעדזשעס פון די פאַרשידענע טיילן פון דער גרויסער וועלט־שטאָט האָט מען געלערנט העברעאיש אַלס אַן אָפיציעלן לימוד פון דער אָפיציעלער לער־פּראָגראַם פון די דאָזיקע שולן. איבער 7000 סטודענטן האָבן אויפגענומען העברעאיש אַלס איינע פון די געגנשטאַנדן אין זייער העכערן שטודיום. אויסער העברעאיש אַלס שפּראַך איז מיט די דאָזיקע סטודענטן אויך געלערנט געוואָרן

העברעאישע ליטעראַטור, אידישע קולטור און די געשיכטע פון אידישן פאָלק. אַלע אויסגאַבן, וואָס זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם העברעאיש־לערנען זיינען געדעקט געוואָרן פון דער רעגירונג, פונקט ווי דאָס לערנען פון אַלע אַנדערע לימודים אין די האַי־סקולס און שטאַטישע קאָלעדזשעס. עס איז אויסגערעכנט געוואָרן, אַז די ניו־יאָרקער שטאַט־רעגירונג האָט אויס־געגעבן יעדעס יאָר אַרום אַ מיליאָן דאָלער צו לערנען אידישע קינדער די העברעאישע שפּראַך און העברעאישע קולטור.

כדי זיך גענויער צו באַקענען מיט די איינצלהייטן פון דער באַוועגונג איינצופירן העברעאיש אַלס לימוד אין די מיטל־שולן און קאָלעדזשעס פון אַמעריקע, האָבן מיר זיך געווענדעט צו מר. יהודה לאַפּסאָן, דירעקטאָר פון דעם העברעאישן קולטור־ראַט (היברו קאָלטשור קאונסיל), וואָס האָט עק־זיסטירט ביים אידישן דערציאונגס קאָמיטעט פון ניו־יאָרק. מיר האָבן באַזוכט מר. לאַפּסאָנ׳ען אַ פּאָר מאָל אין זיין אָפיס אין דער שמאָלער גע־ביידע אויף 1776 בראָדוויי, ביי דער 57טער גאַס, וואו עס האָבן זיך געפונען די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דערציאונגס קאָמיטעט און מיר האָבן אויסגעהערט דאָרט פאַרשידענע באַריכטן וועגן דער אַרבעט פון קריגן וואָס מער מיטל־שולן, וואָס זאָלן איינוויליקן איינצופירן העברעאיש אין זייער פּראָגראַם. אָבער איידער מיר גייען ווייטער, מוזן מיר דאָ פאַר אונזערע לייענער ווידערהאָלן אַ דערקלערונג, וואָס מר. לאַפּסאָן האָט פאַר אונז געמאַכט ביי איינעם פון אונזערע באַזוכן. די דערקלערונג איז זייער וויכטיק און איז ווי פאָלגט: דערפון, וואָס אַ אידישער סטודענט אָדער סטודענטקע האָט אויפגענומען אַ יאָר, צוויי אָדער דריי, העברעאיש אין האַי־סקול, האָט נאָך ניט געמיינט, אַז מען האָט באַדאַרפט דערוואַרטן אַז דער סטודענט האָט געמוזט אַרויסקומען אַ תלמיד חכם, אַ גאַנצער קענער. אַמבעסטן האָט מיר קלאָר געמאַכט מר. לאַפּסאָן אָט די דערקלערונג דער־מיט, וואָס ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז גאָר, גאָר ווינציק סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט פראַנצויזיש אָדער איטאַליעניש אָדער וועלכע ניט איז אַנדערע שפּראַך אין האַי־סקול זיינען אַרויסגעקומען „אמת׳ע" קענער פון דער שפּראַך, וואָס זיי האָבן געלערנט. עס זיינען נאַטירלעך, געווען אויסנאַמען. אָבער די מערהייט האָט געקראָגן בלויז אַ באַגריף פון דער שפּראַך.

אין פאַל פון העברעאיש מיט אידישע קינדער פון מיטל־שול עלטער איז עס אָבער געווען אַ היפּש ביסל אַנדערש. די אידישע קינדער, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן צום לערנען העברעאיש אַלס אַ „פרעמדע" שפּראַך, האָבן צו

העברעאיש געהאַט אַן „אייגן" געפיל און אַ וואַרעמע און ראָמאַנטישע באַ־ציאונג. באַזונדערס נאָך, זינט דעם אויפקום פון דער אידישער מדינה. און אויסער העברעאיש איז מיט אָט די סטודענטן אויך געלערנט געוואָרן אידישע געשיכטע און די געשיכטע פון אידישן פאָלק איז זיי איבערגעגעבן געוואָרן אין דער ענגלישער שפּראַך. אַזוי, אַז כאָטש אָט די טויזנטער אידישע סטו־דענטן, וואָס האָבן געלערנט העברעאיש אין די האַי־סקולס זיינען קיין שטאַרקע לייענער פון העברעאיש אפשר ניט געוואָרן, פונדעסטוועגן האָבן זיי, דורך דעם איינפיר פון העברעאיש אין די מיטל־שולן, געקראָגן אַ גאַנץ גוטע געלעגנהייט זיך צו באַקענען, אין משך פון די פאָרמאַטיווע האַי־סקול יאָרן, מיט אַ גאָר וויכטיקן טייל פון דער קולטור פון אידישן פאָלק.

דער קאַמף איינצופירן העברעאיש אין די האַי־סקולס פון ניו־יאָרק האָט זיך אָנגעהויבן סוף יאָר 1929. אָנגעפאַנגען האָט זיך די באַוועגונג מיט אַ באַשיידענעם עקספּערימענט אין בלויז צוויי האַי־סקולס אין ניו־יאָרק. מיט צען יאָר שפּעטער האָט מען שוין געלערנט העברעאיש אין 11 האַי־סקולס. און שפּעטער האָט די צאָל די דערגרייכט צו 69 אין ניו־יאָרק און נאָך 16 האַי־סקולס אין פאַרשידענע שטעט איבערן לאַנד. פון די 69 מיטל־שולן אין ניו־יאָרק זיינען 34 געווען דזשוניאָר האַי־סקולס און 35 סיניאָר האַי־סקולס. דאָס מיינט, אַז ווען אַ סטודענט פון אַ דזשוניאָר האַי־סקול איז אַריין אין דער סיניאָר האַי־סקול, האָט ער שוין געהאַט געלערנט איין יאָר, אָדער צוויי יאָר העברעאיש.

מר. לאַפּסאָן, וועלכער איז געווען אַ גראַדואירטער העברעאישער לערער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, איז פאַרבונדן געוואָרן מיט דער באַוועגונג פון „היברו אין האַי סקולס" זינט דעם סאַמע אָנהויב אָן. ער האָט געהאַט צו דערציילן וועגן די פאַרשידענע שוועריקייטן, וואָס זיינען באַגעגנט געוואָרן אין שייכות מיט אַריינציען וואָס מער האַי־סקולס צום לערנען העברעאיש. די מערסטע שוועריקייטן, אויף וועלכע די העברעאישע באַוועגונג אין האַי־סקולס האָט זיך אָנגעשלאָגן (אַן איבערראַשנדער פאַקט), זיינען פאַראור־זאַכט געוואָרן דורך אידישע פּרינציפּאַלס, וואָס האָבן זיך געשטעלט קעגן איינשליסן העברעאיש אין דער פּראָגראַם פון זייער האַי־סקול.

ווער זיינען עס געווען אָט די דאָזיקע האַי־סקול פּרינציפּאַלס? אין אַ אָפּהאַנדלונג, וואָס מר. לאַפּסאָן האָט געשריבן פאַר דעם „דזשואיש פראָנטיר" אין 1953, ווייזט ער אָן, אַז אָט די דאָזיקע האַי־סקול־פירער זיינען מערסטנס געווען אידישע קינדער פון דעם אַזוי גערופענעם „פאַרלוירענעם דור". דאָס זיינען געווען אַמעריקאַנער געבוירענע אידן פון דעם דור, וואָס האָט געקראָגן

אַ שוואַכע אָדער קיין שום אידישע דערציאונג. דאָס זיינען געווען מענטשן וועלכע האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ קאָמפּלעקס וועגן זייער אידישקייט, מורא האָבנדיק, אַז דורך דעם, וואָס זיי וועלן לאָזן איינפירן העברעאיש אין „זייער" סקול, וועלן זיי פאַרדעכטיקט ווערן אין ווער ווייסט וואָס־פאַר־אַ „פאַרברעכן". די דאָזיקע האַי־סקול פּרינציפּאַלס זיינען מערסטנס געווען איינגעשלאָסן אין זייערע דלת אמות און זיי האָבן, ווי עס זעט אויס, ניט



יהודה לאַפּסאָן

דירעקטאָר פון העברעאישן קולטור־ראַט ביים אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, וואָס פירט אָן מיט באַוועגונג פאַר העברעאיש אין מיטלשולן און קאַלעדזשעס.

געוואוסט, וואָס עס גייט אָן אין דער אַרומיקער וועלט, ווייזט אָן מר. לאַפּסאָן. פיל פון אָט די דאָזיקע פּרינציפּאַלס האָבן זיך געהאַלטן נאָך ביי די פאַר־עלטערטע באַגריפן פון אַ דערציאונגס־סיסטעם, וואָס איז געווען קעגן אַריינגעמען פרעמדע שפּראַכן. זיי האָבן געהאַלטן פון דער אַמעריקאַ־נער קולטור אַלס אַ שמעלץ־טאָפּ. זינט אָבער עס זיינען אָנגענומען געוואָרן די טעאָריעס פון גרויסן אַמעריקאַנער פילאָזאָף דזשאָן דיואי, אַז אַמעריקע איז מיט אירע פאַרשידענע פאָלקס־קולטורן פון פאַרשידענע לענדער און

קאָנטינענטן געגליכן צו אַן אָרקעסטער פון פאַרשידענע מוזיקער, וואָס האַרמאָנירן צווישן זיך, האָט זיך פאַרשפרייט די באַוועגונג פון דערמוטיקן די האַי־סקול־סטודענטן צו לערנען אַ „פרעמדע״ שפּראַך און מערסטנס דוקא די שפּראַך, וואָס האָט באַלאַנגט צו זייערע עלטערן אָדער באָבעס און זיידעס אין דער אַלטער היים. אַזוי אַרום האָבן פיל סטודענטן אין די האַי־סקולס פון אַמעריקע אָנגעהויבן צו לערנען פּויליש, איטאַליעניש, גריכיש אָדער אַן אַנדער שפּראַך, וואָס האָט אַ שייכות צו דער משפחה. די שפּראַכן, וואָס מען האָט מערסטנס געלערנט אין האַי־סקול זיינען געווען פראַנצויזיש, שפּאַניש אָדער דייטש. אָבער עס איז מיט דער צייט צוגעקומען אַ „נייע״ שפּראַך. די דאָזיקע „נייע״ שפּראַך, וואָס מען האָט איינגעפירט אין די האַי־סקולס פון אַמעריקע, און גאָר באַזונדערס אין ניו־יאָרק, איז געווען די טויזנטער־יאָרן „אַלטע״ העברעאישע שפּראַך. אינטערעסאַנט איז דאָ צו דערמאָנען, אַז גראַדע אַ היפּשע צאָל קריסטלעכע האַי־סקול פּרינציפּאַלס זיינען געווען באַגייסטערט פון געדאַנק איינצופירן העברעאיש אין זייערע שולן. אייניקע פון זיי האָבן אפילו געהאַלטן רעדעס פאַר זייערע סטודענטן, אַז זיי זאָלן זיך רעגיסטרירן צום לערנען די ביבל־שפּראַך, אַנדערע פּרינציפּאַלס האָבן פאַרעפנטלעכט אויפרופן וועגן דעם ענין. באַטירלעך, אַז עס איז געווען אַ היפּשע צאָל אידישע האַי־סקול פּירער, וואָס האָבן געהעריק אָפּגעשאַצט דעם ענין און האָבן געהאָלפן מיט אַלץ, וואָס זיי האָבן געקענט, איינצופירן העברעאיש אַלס אַ פולן לימוד אין זייערע לער־אַנשטאַלטן.

לויט אַ ספּעציעלער אויספאָרשונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין ניו־יאָרק און אומגעגנט איז העברעאיש געווען די דריטע שפּראַך, לויט דער צאָל האַי־סקולס, וואו מ׳האָט געלערנט „פרעמדע שפּראַכן״. אויפן ערשטן פּלאַץ איז געווען שפּאַניש. דערנאָך פראַנצויזיש און דערנאָך — העברעאיש.

ווי אַזוי איז אָנגעפירט געוואָרן די אַרבעט פון אַריינברענגען וואָס מער האַי־סקולס אין דער באַוועגונג צו לערנען העברעאיש?

איז דער ענטפער ווי פאָלגט:

דורך אויספאָרשן די פאַרשידענע געגנטן, וואו אידן וואוינען. דורך רעדן מיט די עלטערן און מיט די סטודענטן און דערנאָך ערשט פאַרהאַנדלען מיט די סקולס.

די אַרבעט איז מער אָדער ווייניקער צוגעגאַנגען ווי פאָלגט: אַ פאָרשטייער פון „היברו קאָלטשור קאונסיל״ ביי אידישן דערציאונגס קאָמיטעט

האָט אויסגעפונען, אַז אין דער אָדער יענער געגנט האָט זיך געפונען אַ האַי־סקול מיט אַ גרויסער צאָל אידישע סטודענטן. (אין ניו־יאָרק איז עס געווען ניט קיין גאָר שווערע זאַך אויסצוגעפינען). האָט מען זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אַ צאָל עלטערן. עס איז פאָרגעקומען איין מיטינג און נאָך אַ מיטינג און נאָך אַ מיטינג און עס האָט זיך געשאַפן דער אָנפאַנג פון אַ באַוועגונג. עס זיינען אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ גרעסערע אָדער קלענערע צאָל סטודענטן פאַר דעם צוועק. עס ווערן אָרגאַניזירט אַ צאָל „הויז פּאַרטיס" מיט געזאַנג און רעדעס וועגן דעם באַדייט פון העברעאיש. עס ווערט געשאַפן אַן איניציאַטיוו־גרופּע סיי צווישן די עלטערן, סיי צווישן די סטודענטן. אַ ווענדונג ווערט דאַן געמאַכט צו דער באַטרעפנדער שול און עס הויבט זיך אַזוי אַרום אָן דער פּראָצעס פון איינפירן העברעאיש אַלס לימוד. עס רעדט זיך, נאַטירלעך, פיל שנעלער, ווי עס טוט זיך. אָבער מיט פיל געדולד, „דיפּלאָמאַטיע" און דער עיקר, מוז מען זאָגן, מיט אויספּרובירטן אידעאַליזם מצד מר. לאַפּסאָן און זיינע מיטהעלפער איז נאָך אַ לענגערן אָדער קירצערן קאַמף ענדלעך איינגעפירט געוואָרן העברעאיש אין דער פּראָגראַם פון דער שול.

אָבער שוועריקייטן, באַזונדערס פון אָנפאַנג, זיינען געווען ניט בלויז אין שייכות מיט אַריינקריגן די האַי־סקולס. ווען מען האָט שוין, באַזונדערס ביים אָנפאַנג, געקראָגן אַ שול, און נאָך איינע, און נאָך איינע, האָט מען אויסגעפונען, אַז עס האָט געפעלט אַ געהעריקער קורס פון לימודים, וואָס זאָל זיך אַריינפּאַסן אין דער שול־פּראָגראַם. און „די הויפּט־צרה" מיט העברעאיש איז געווען, וואָס העברעאיש איז ביי אידן אַלעמאָל געווען פאַרבונדן מיט דעם רעליגיעזן לעבן און דאָ, — אין די אַמעריקאַנער האַי־סקולס — האָט העברעאיש געמוזט געלערנט ווערן אַלס אַ ריין־וועלטלעכער לימוד, אָן וועלכער עס איז צומישונג פון רעליגיעזן עלעמענט. דאָס איז צוליב דעם, וואָס די קירך איז אין אַמעריקע אָפּגעטיילט פון שטאַט און עס איז פאַרבאָטן צו לערנען רעליגיע אין די שולן, וואָס ווערן אויסגעהאַלטן פון דער רעגירונג.

די צווייטע שוועריקייט, וואָס איז באַגעגנט געוואָרן צום אָנפאַנג און אין משך פון די ערשטע יאָרן איז דאָס אויספעלן פון פּאַסנדע לערן־ביכער.

די דריטע שוועריקייט איז געווען דאָס קריגן אָנערקענטע, דיפּלאָמירטע לערער, וואָס זאָלן אָנפירן מיט די העברעאישע לימודים.

האָט אונז דערציילט מר. לאַפּסאָן, ווי אַזוי מען האָט אויסגעאַרבעט מיט דער הילף פון עקספּערטן אַ פּאַסנדע פּראָגראַם פון אַ „וועלטלעכן העברעאיש".

עס זיינען צוערשט געשאַפן געוואָרן געקליבענע העברעאישע טעקסטן פון פאַרשידענע עקזיסטירנדע און אויך נייע קוואַלן. די אַלע טעקסטן זיינען צוגעגרייט געוואָרן אין דער פאָרם פון מימיאָגראַפירטע בלעטער און העפטן. פינף יאָר צייט האָט מען אַזוי געלערנט פון אָט די מימיאָגראַפירטע ביכער. דערנאָך, אין 1935, איז דערשינען דאָס ערשטע לערן־בוך פאַר העברעאיש אין האַי־סקולס. און עס איז סימבאָליש — האָט מר. לאַפּסאָן אונטער־געשטראָכן — וואָס אָט דער דאָזיקער לערן־בוך איז אין זיין סאַמע ערשטער אויסגאַבע דערשינען אין ירושלים. זינט 1935 איז אָט דער דאָזיקער אָריגי־נעלער לערנבוך, וואָס איז גוטגעהייסען געוואָרן פון דערציאונגס אויטאָ־ריטעטן, דערשינען אין עטליכע אויסגאַבעס און איז פאַרקויפט געוואָרן אין איבער הונדערט טויזנט עקזעמפּלאַרן. עס איז שוין אין משך פון דעֶר צייט געשאַפן געוואָרן נאָך אַ בוך פאַר אָנפאַנגער אין העברעאיש און אַ גאַנצע ריי אַנדערע נויטיקע טעקסטן. דער ציל, וואָס די באַוועגונג פאַר העברעאיש אין די מיטלשולן האָט זיך געשטעלט, איז אַמבעסטן אויסגעדריקט געוואָרן אין דעם פאָלגנדן פונקט פון דער פּרינציפּן דערקלערונג: „אויסצולערנען די סטודענטן אַזויפיל העברעאיש, אַז זיי זאָלן האָבן אַ פאַרגעניגן פון לייענען די העברעאישע שפּראַך און אויך איינפלאַנצן אין זיי אַ פאַרשטענדיקונג פאַר דער העברעאישער קולטור און ציוויליזאַציע״.

דער קורס פון העברעאיש אין די דזשוניאָר־ און אין די סיניאָר־האַי־סקולס איז באַשטאַנען פון פיר יאָר. עס איז געלערנט געוואָרן אין דער ספרדישער אויסשפּראַך. דער קורס איז באַשטאַנען פון עטלעכע טויזנט העברעאישע פונדאַמענטאַלע ווערטער.

די עלטער פון די סטודענטן איז פון 13 ביז 17 יאָר מערסטנס. געווען אַ קליינע צאָל קריסטלעכע סטודענטן, וואָס האָבן זיך פאַרשריבן צום לערנען העברעאיש. אייניקע פון זיי האָבן זיך היפּש אויסגעצייכנט אין זייער שטו־דיום און אַ צאָל האָבן זיך שפּעטער דורכגעשריבן מיט זייערע לערער אין העברעאיש, כדי אָנצוהאַלטן דאָס געלערנטע און כדי אויך פּסיכאָלאָגיש צו באַווייזן, אַז אָט, זעט: מיר מיינען טאַקע ערנסט מיט דעם קענען „היברו״. געווען אויך אַ צאָל נעגער־סטודענטן וואָס האָבן אויפגענומען העברעאיש. דער שרייבער האָט געהאַט אַ געלעגנהייט מיט אייניקע פון זיי זיך צו באַקענען און זיי באַזוכן אויך אין זייערע הייזער.

וואָס עס איז שייך דער שוועריקייט מיט פּאַסנדע לערער איז אויך די דאָזיקע שטרויכלונג בייגעקומען געוואָרן, און עס זיינען ביי העברעאיש אין די האַי־סקולס באַשעפטיקט געוואָרן אַרום 90 לערער. די אַלע לערער האָבן

זיך געפונען אונטער דער אויפזיכט פון דער „באָארד אָוו עקזעמינערס" פון ניו־יאָרק און זיי האָבן געמוזט אַלע זיין קאַלעדזש־גראַדואירטע און האָבן אַ קאַלעדזש דיפּלאָמע. ספּעציעלע עקזאַמענס זיינען פון צייט צו צייט דורכ־געפירט געוואָרן פאַר נייע לערער. זיי האָבן אַלע געמוזט זיין לערער מיט „לאַיסענס" און זיי האָבן געלערנט אָפט אויך אין דער זעלבער האַי־סקול אַנדערע געגנשטאַנדן. אויך אין די זומער חדשים איז געווען אַ היפּשע נאָכפראַגע פאַר אַזעלכע העברעאישע לערער פון די פאַרשידענע העברעאיש־רעדנדע קעמפּס, וועלכע האָבן זיך געניוטיקט אין פּאַסנדע פירער און דערציער.

דאָס לערנען העברעאיש איז אויך אָנגעגאַנגען אין אַ פּאָר האַי־סקולס אויף אָוונט־קורסן. אויף די דאָזיקע קורסן האָט אין איניקע שולן דער פּראָ־צענט ניט־אידן געגרייכט אַ דריטל און אין אַ פּאָר שולן איז די צאָל קריסטלעכע סטודענטן געווען פּופּציק פּראָצענט.

אין יאָר 1954 האָט דער העברעאישער קולטור־ראַט פון אידישן דער־ציאונגס־קאָמיטעט פון ניו־יאָרק, צוזאַמען מיט דעם העברעאישן באַדינונגס קאָמיטעט פאַר אַמעריקאַנער מיטלשולן און קאַלעדזשעס, איינגעפירט אַ נייעם פּראָיעקט, וואָס איז באַשטאַנען אין שיקן אַ צאָל סטודענטן, וואָס לערנען העברעאיש אין די האַי־סקולס, אויף אַ באַזוך קיין ישראל. דער דאָזיקער „זומער סעמינאַר" האָט געדויערט 10 און האַלב וואָכן. אין 1954 זיינען געפאָרן 30 סטודענטן. אין 1955 — 55 סטודענטן און אין 1956 — 30. אין 1957 איז די צאָל געווען 35.

דער דאָזיקער פּראָיעקט איז אויך געשטיצט געוואָרן דורך דער אידישער אַגענטור. די צאָל בעלנים וואָלט געווען פיל גרעסער, מ'האָט אָבער געמוזט בלויז אויסקלייבן די בעסטע, ווייל די צאָל פּלעצער אויף די שיפן איז געווען היפּש באַגרענעצט אין די זומער־חדשים. לויט דעם זומער־סעמינאַר האָבן די סטודענטן באַזוכט אויך אַ ריי אידישע געמיינדעס אין אייראָפּע. קרוב צו 6 וואָכן האָבן זיי אָבער פאַרבראַכט אין ישראל, אין די קיבוצים און שטעט, איינזאַפּנדיק אין זיך די העברעאישע קולטור.

אויסער ניו־יאָרק איז אין 16 אַנדערע שטעט געלערנט געוואָרן העב־רעאיש אין די האַי־סקולס. צווישן אָט די שטעט האָבן זיך געפונען לאָס־אַנדזשעלעס, שיקאַגאָ, באָסטאָן, קליוולאַנד, באָפאַלאָ. אינטערעסאַנט איז אָנצואווייזן, אַז אין אַ צאָל שטעט, פּונקט ווי אין ניו־יאָרק, וואו עס איז אין איניקע האַי־סקולס צוערשט געווען אַ שטאַרקע קעגנערשאַפט צום איינ־פירן העברעאיש, האָט זיך שפּעטער די גאַנצע באַציאונג אַזוי געענדערט צום בעסערן, אַז די זעלבע מיטל־שולן זיינען געוואָרן די גרעסטע אָנהענגער

פון לערנען די העברעאישע שפּראַך און קולטור. אַ גרויסע הילף אין שאַפן אַן אמת׳ע באַגייסטערטע שטימונג פאַר דעם לערנען העברעאיש, זיינען געווען די ספּעציעלע קאָנצערטן פון פאָלקס־טענץ און געזאַנגען פון ישראל, וואָס זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פון צייט צו צייט דורך די סטודענטן אַלס אַ טייל פון די רעגולערע שול־אַסעמבלים, וואָס דאָס זיינען די וועכנטלעכע אָדער צוויי־וועכנטלעכע פייערלעכע פאַרזאַמלונגען פון אַלע סטודענטן. די דאָזיקע קאָנצערטן זיינען געווען אויך אַ גוט מיטל צו באַקענען די ניט־אידישע סטודענטן מיט מדינת ישראל און מיט דעם אידישן פאָלק אין אַלגעמיין. אָפטמאָל זיינען אויך געוויזן געוואָרן פילמען פון אידישן היימלאַנד. איניקע פון אָט די קאָנצערטן זיינען געווען אַזאַ גרויסער דערפאָלג, אַז מ׳האָט זיי געמוזט ווידערהאָלן אין די זעלבע סקולס. די ישראל קאָנצערטן אין די האַי־סקולס פון ניו־יאָרק, זיינען געווען צווישן די פּאָפּולערסטע און טויזנטער אידישע ווי ניט־אידישע סטודענטן האָבן אַרויסגעקוקט אויף זיי מיט אומגעדולד.

אַלס איינע פון די דערפאָלגרייכסטע אונטערנעמונגען אין דער געשיכטע פון די ניו־יאָרקער האַי־סקולס איז פאַררעכנט געוואָרן אַן אויסשטעלונג, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „דער ווידערגעבורט פון ישראל״. דאָס איז געווען אַן אויסשטעלונג, וואָס האָט באַוויזן די פאַרשידענע דערגרייכונגען און אויפטוען פון ישראל אין דער מאָדערנער צייט. עס זיינען געוויזן געוואָרן פאַרשידענע טיפּישע קליידער, וואָס זיינען דאָרט געטראָגן געוואָרן. פאַרשידענע מעטאַל־אויסאַרבעטונגען אין קופּער און אין זילבער און גאָלד. בילדער. סקולפּטורן און אַ סך אַנדערע חפצים. די דאָזיקע אויסשטעלונג איז אַרומגעפירט געוואָרן פון איין שול אין דער צווייטער און פאַרשידענע שולן האָבן געוואַרט אַ לאַנגע צייט אויף זייער „נעקסט״ אַריינצוקריגן צו זיך די אויסשטעלונג. די אויסשטעלונג איז אין משך פון עטלעכע יאָר שוין אַרומגעגאַנגען אַ היפּשע צאָל סקולס אין פאַרשידענע טיילן ניו־יאָרק. און וויכטיק איז צו באַמערקן, אַז די אויסשטעלונג איז אויך געווען אַ גאָר גרויסער דערפאָלג אין געגנטן, וואָס זיינען פאַררעכנט געווען אַלס כמעט אינגאַנצן ניט־אידישע.

לויט ווי מר. לאַפּסאָן האָט אויסגערעכנט, איז עס אויסגעקומען, אַז אין 28 יאָר, וואָס העברעאיש איז געלערנט געוואָרן אין די ניו־יאָרקער האַי־סקולס, האָבן איבער 100,000 סטודענטן אויפגענומען די קורסן פון דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור. דער אינטערעס, וואָס העברעאיש האָט אַרויסגערופן ביי די אידישע סטודענטן אין די האַי־סקולס, האָט געפירט

דערצו, אַז פיל פון זיי זאָלן אויך אין די קאָלעדזשעס פאָרזעצן דאָס שטודירן העברעאיש און די העברעאישע קולטור. מיט דעם דערקלערט זיך דער פאַקט, וואָס אין ניו־יאָרק אַליין האָבן זיך געפונען צוויי טויזנט סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט מאָדערנעם העברעאיש אין די שטאָטישע קאָלעדזשעס. עס האָט זיך אויך פאַרשטאַרקט דער אינטערעס ביי פיל האַי־סקול סטודענטן צו לערנען העברעאיש, כדי שפּעטער צו קריגן פאַר העברעאיש די נויטיקע שפּראַך־קרעדיטן אין קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן. פאַר דעם צוועק האָט מר. לאַפּסאָן צוזאַמענגעשטעלט אַ ביכל פון 80 זייטן, וואָס האָט אָנגעגעבן די נעמען און אַדרעסן פון איבער 1400 קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן פון אַלע 48 שטאַטן פון אַמעריקע, ווי אויך פון אַלאַסקאַ און האַוואַי, וואו עס איז געגעבן געוואָרן צו סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט העברעאיש אין די האַי־סקולס, די זעלבע קרעדיטן פאַר העברעאיש ווי פאַר לערנען פראַנצויזיש אָדער אַן אַנדער שפּראַך. אין יענע הויכשולן, וואָס האָבן פאַרלאַנגט פון זייערע סטודענטן, אַז זיי זאָלן קענען צוויי אַנדערע שפּראַכן אויסער ענגליש, איז העברעאיש אָנערקענט געוואָרן אַלס איינע פון די צוויי „אַנדערע" שפּראַכן. אויב עס איז פאַרלאַנגט געוואָרן בלויז איין „פרעמדע" שפּראַך, און דער סטו־דענט האָט געלערנט בלויז העברעאיש, האָט די הויכשול געגעבן אים די פולע שפּראַך קרעדיטן דערפאַר.

דאָס ביכל מיט די נעמען און אַדרעסן פון די 14 הונדערט קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער „היברו קאָלטשור סוירוויס קאָמיטע פאַר אַמעריקען האַי סקולס ענד קאָלעדזשעס", וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט דער באַוועגונג איינצופירן העברעאיש אין די האַי־סקולס איבערן לאַנד. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, געווען אַ שוועסטער אָרגאַניזאַציע פון דעם היברו קאָלטשור קאַונסיל, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גרופּע פאַראינטערעסירטע העברעאישע קולטור טוער. דער העברעאישער קול־טור־ראַט איז ביז דעם יאָר 1941 געספּאָנסערט געוואָרן פון דער ביוראָ פאַר אידישער דערציאונג און אויך פון דער געזעלשאַפט פאַר אידישער דערציאונג (דזשואיש עדיוקעישאָן אַסאָסיאיישאָן). דיביידע אָרגאַניזאַציעס זיינען זינט דאַן געוואָרן אַ טייל פון אידישן דערציאונגס קאָמיטעט. דער העברעאישער קולטור־ראַט האָט אַרויסגעשיקט אָפּטע אַפּילס איבערן לאַנד, אַז פאַראינטערעסירטע עלטערן אָדער סטודענטן, איינצלנע אָדער גרופּנווייז, זאָלן זיך ווענדן אויף דעם ניו־יאָרקער אַדרעס פאַר ראַט און טאַט אין שייכות מיט איינפירן העברעאיש אין די האַי־סקולס פון די באַ־טרעפנדע שטעט.

אינטערעסאַנט איז אויך צו באַריכטן וועגן די עקזאַמענס און פאַר־מעסטונגען, וואָס זיינען פון צייט צו צייט דורכגעפירט געוואָרן צווישן די סטודענטן פון העברעאיש אין ניו־יאָרק. עס זיינען ביי אַזעלכע פאַרמעסטונ־גען צוזאַמענגעבראַכט געוואָרן טויזנט און מער סטודענטן. עס איז דורכ־געפירט געוואָרן ביי דער דערעפענונג פון אַזעלכע אונטערנעמונגען אַ פייער־לעכע צערעמאָניע מיט פאַסנדע באַגריסונגען. עס זיינען אויך אויסגעטיילט געוואָרן גאַנץ פיינע פרייזן צו די סטודענטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט. אַזעלכע צוזאַמענקונפטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין די גרעסטע זאַלן פון שטאָט, ווי צום ביישפיל, אין האָל פון סיטי קאַלעדזש פון ניו יאָרק און ענלעכע. ביי איינעם אַזאַ צוזאַמענקונפט האָט פאַר די אידישע סטודענטן געהאַלטן אַ רעדע אין העברעאיש ניט קיין אַנדערער, ווי דר. טעאָדאָר הובנער, דירעקטאָר פאַר אויסלענדישע שפּראַכן ביי דער באָארד אָוו עדיו־קעישאָן אָוו די סיטי אָוו ניו־יאָרק. מר. הובנער איז ניט קיין איד. ער האָט אָבער פאַר די קינדער זיך באַרימט מיט דער ספּעציעלער „עין״ שפּילקע, וואָס ער האָט געקראָגן אַלס אויסגעצייכנטער סטודענט פון העברעאיש. (די „עין״ קומט פון דעם ערשטן אות פון דעם וואָרט „עברית״). די פּנימער ביי די אידישע סטודענטן האָבן געשיינט פון גרויס נחת, וואָס זייערער אַ קאָלעגע אין שטודירן העברעאיש, איז געווען ניט קיין אַנדערער ווי איינער פון די העכסטע באַאמטע פון דעם דערציאונגס דעפּאַרטמענט פון דער ניו־יאָרקער שטאָט־רעגירונג, וועלכער איז געווען אַ קריסט. יאָ! דאָס לערנען פון העברעאיש אין האַי־סקולס האָט אָנגעפילט מיט אידישן שטאָלץ די הערצער פון טויזנטער, צענדליקער טויזנטער אידישע סטודענטן פון ניו־יאָרק און אַנדערע שטעט פון אַמעריקע. און דאָס אַליין איז שוין אויך געווען אַ גאַנץ פיינער אויפטו!

# 47

# די מערסטע לערער פון העברעאיש אין אַמעריקאַנער קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן זיינען קריסטן

העברעאיש איז אַמאָל פאַררעכנט געוואָרן אַלס „אַ מוזז״ צווישן דעם העכערן קלאַס אַמעריקאַנער. — עס איז אַמאָל אויך געווען אַ ביל אין קאָנגרעס צו מאַכן העברעאיש פאַר דער אָפיציעלער שפּראַך פון אַמעריקע. — אַלט העברעאיש אין די קריסטלעכע טעאָלאָגישע סעמינאַרן. — העברעאיש אַלס די לעבעדיקע, מאָדערנע שפּראַך אין אַמעריקאַנער קאַלעדזשעס און אוניווערזי־טעטן. — די ספּעציעלע קאַטעדרע און גאַנצע אָפּטיילונג פאַר העברעאיש, העברעאישער קולטור און דערציאונג אין ניו־יאָרק אוניווערזיטעט. — די שותפות צווישן קאָלאָמביע אוניווערזיטעט און אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר צוצוגרייטן העברעאישע לערער. — דער פולער קורס פאַר העברעאישע לערער אין האָנטער קאַלעדזש. — שוואַכער אינטערעס צו פרעמדע שפּראַכן אין אַמעריקע. —

איבער 1400 קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן אין די פאַרשידנסטע טיילן פון די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע האָבן זינט 1938 באַשלאָסן צו אָנערקענען דעם לימוד פון מאָדערנעם העברעאיש אַלס איינע פון די לעבעדיקע שפּראַכן, פאַר וועלכע סטודענטן קריגן פולן קרעדיט אין זייערע שטודיומס. אין קרוב 250 העכערע לער־אַנשטאַלטן, קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן, ווערן געגעבן פאַרשידענע קורסן אין דער העברע־אישער שפּראַך. עס זיינען פאַראַן אין אַמעריקע אַרום 250 פּראָפעסאָרן

פון העברעאיש אין די העכערע לער־אַנשטאַלטן. די מאַיאָריטעט פון זיי (עס קלינגט ממש אומגלויבלעך, אָבער עס איז אַ פאַקט) זיינען דווקא ניט קיין אידן. יאָ, קריסטלעכע געלערנטע אין דער גרויסער מערהייט, פאַרנעמען זיך מיט דער פראָפעסיע פון לערנען די סטודענטן לשון קודש. מען מוז דאָ אָבער גלייך צוגעבן, אַז די לערער פון מאָדערנעם העברעאיש, אין קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן (אַרום 50 אין צאָל), זיינען אַלע אידן.

אָט די אַלע און פיל, פיל אַנדערע אינטערעסאַנטע פאַקטן אין שייכות מיט דעם לימוד פון דער העברעאישער שפּראַך אין אַמעריקע, האָב איך זיך דערוואוסט פון אַ לענגערן שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיט פּראָפעסאָר אברהם יצחק כ״ץ, פּראָפעסאָר פון העברעאישער קולטור און דערציאונג פון ניו יאָרק יוניוואָרסיטי, וועלכער איז מער באַוואוסט אונטער זיין אַמע־ריקאַניזירטן נאָמען פון אייברעהעם י. קאַטש. איך בין געזעסן מיט דעם יוגנטלעכן פּראָפעסאָר אין דעם „פאַקולטי קלאָב״ פון ניו יאָרק יוניוואָרסיטי, אויף 22 נאָרט וואַשינגטאָן סקווער, און אויסגעהערט די אינטערעסאַנטע פאַקטן וועגן דער באַוועגונג פון לערנען העברעאיש אין די העכערע דערציאונג־אַנשטאַלטן פון גרעסטן לאַנד אין דער וועלט, אין דער מעכטיקער און טומלדיקער אַמעריקע. און וויסן דאַרפט איר, אַז דר. אברהם קאַטש, וועלכער איז פאַרבונדן מיט דעם ניו יאָרק אוניווערזיטעט זינט 1934, איז אין משך פון די יאָרן אויסגעוואַקסן צו זיין אַן עקספּערט און אַ פּיאָנער און ממש „אַ דעראָבערער פון גאַנצע וועלטן״ אויף דעם געביט, צו וועלכן ער ווידמעט זיין גאַנצן וויסן און זיין גאַנצע ענערגיע, און דאָס איז: געווינען וואָס מער פּאָזיציעס פאַר העברעאיש אין דער העכסטער אַקאַדעמישער וועלט פון אַמע־ריקע. דר. אברהם קאַטש איז אויסער אַנפירער פון דעם גאַנצן דעפּאַרטמענט פאַר העברעאיש און העברעאישער קולטור און דערציאונג אין ניו־יאָרק יוני־וואָרסיטי, וואו עס לערנען אין די פאַרשידענע אָפּטיילונגען אַרום 38 טויזנט סטודענטן, פון וועלכע 43 פּראָצענט זיינען אידן, אויך דער פּאָרזיצער פון דער נאַציאָנאַלער אַסאָסיאַציע פון פּראָפעסאָרן פון העברעאיש, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1950. צוליב דעם, וואָס די מערסטע לערער פון העברעאיש אין די אַמעריקאַנער העכערע לער־אַנשטאַלטן זיינען קריסטן, זיינען די מערסטע מיטגלידער פון אָט דער געזעלשאַפט, נאַטירלעך, ניט־אידן. און אויף ווי ווייט די פאַרשפּרייטונג פון העברעאיש אין די העכערע לער־אַנשטאַלטן האָט געמאַכט פאָרשריט, קען מען זען פון די פאָלגנדיקע ציפער: אַרום 1938 האָבן בלויז צען העכערע שולן אָנערקענט דאָס לערנען פון העברעאיש אַלס אַ לימוד, פאַר וועלכן סטודענטן קענען קריגן אַקאַ־

דעמישן קרעדיט. אין 1957 אָבער זיינען אין אַמעריקע, ווי געזאָגט, געווען שוין איבער 1400 העכערע לער־אַנשטאַלטן, וואו העברעאיש האָט די זעלבע רעכט ווי אַנדערע שפּראַכן. אין 1938 איז ניט געווען אפילו קיין איין קאַלעדזש אָדער אוניווערזיטעט אין אַמעריקע, וואו מ׳האָט געלערנט מאָדערנעם העברעאיש, אין 1957 אָבער זיינען שוין געווען 43 הויכשולן, וואו העברעאיש, מאָדערנער העברעאיש, איז געלערנט געוואָרן.



דר. אברהם יצחק כ״ץ (קאַטש)
פּראָפעסאָר פון העברעאישער קולטור און דערציאונג
אין ניו־יאָרק אוניווערזיטעט.

פון די קרוב 250 הויכשולן אין אַמעריקע, וואו די העברעאישע שפּראַך איז איינגעפירט געוואָרן אַלס אַ לימוד, זיינען 196 געווען קריסטלעכע טעאָלאָגישע סעמינאַרן און „דיוויניטי סקולס״, וואו מען האָט געלערנט אַלט העברעאיש. אין דער דאָזיקער צאָל גייען אויך אַריין די אָפּטיילונגען פאַר סעמיטישע שפּראַכן ביי אַ ריי אוניווערזיטעטן, וואו מ׳האָט אויך געלערנט דעם אַלטן העברעאיש. אין די פּרעסביטעריאַנער און באַפּטיסטישע סעמינאַרן ווערט אַלט־העברעאיש געהאַלטן אַלס „אַ מוז״. אין די מערסטע קריסטלעכע לער־אַנשטאַלטן ווערט העברעאיש געלערנט אַלס מיטל צו דער־

קלערן פאַרשידענע לינגוויסטישע און ליטעראַרישע פּראָבלעמען, כדי בעסער צו פאַרשטיין דעם אַלטן טעסטאַמענט אין פאַרגלייך מיט דעם נייעם טעסטאַמענט.

לויט אַ שטודיום, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1957, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז פון איבער 13,500 סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט העברע־איש אין די הויכשולן פון אַמעריקע, האָבן צען טויזנט געלערנט אַלט־העברעאיש, פונקט ווי מען לערנט לאַטיין אָדער אַלט־גריכיש. 3,500 סטודענטן האָבן שוין געלערנט העברעאיש ווי אַ מאָדערנע, לעבעדיקע שפּראַך.

מאָדערנעם העברעאיש האָט מען אין 1957 געלערנט אין 21 קאָלעדזשעס, 18 אוניווערזיטעטן און אין פיר טעאָלאָגישע שולן. צווישן די אוניווערזיטעטן, וואו מ׳האָט געלערנט העברעאיש אַלס אַ לעבעדיקע שפּראַך האָבן זיך געפונען האַרוואַרד, קאָלאָמביע, ניו־יאָרק אוניווערזיטעט, דשאָנס האָפּקינס אוניווערזיטעט, בראַנדייס אוניווערזיטעט, טעמפּל יוניוואַירסיטי פון פילאַ־דעלפיע, די אוניווערזיטעטן פון מיאַמי, פלאָרידע; מערילענד, וויסקאָנסין, מינעסאָטאַ און אַ גאַנצע ריי אַנדערע.

דר. קאַטש ברענגט אויך אַרויס אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטן פאַקט אין שייכות צום לערנען פרעמדע שפּראַכן אין אַמעריקע. ער וויזט אָן, אַז אין אַלגעמיין איז דער אינטערעס צו אַנדערע שפּראַכן אָפּגעקילט געוואָרן אין אַמעריקע זינט דעם מיטן פון 19טן יאָרהונדערט, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די עפּאָכע פון וויסנשאַפט און טעכנאָלאָגיע. און דערמיט דער־קלערט זיך אויך דער פאַקט, וואָס אפילו נאָך דעם אויפקום פון מדינת ישראל איז דער אינטערעס צו העברעאיש ניט געוואַקסן אפילו צווישן אידן, ניט קוקנדיק דערויף, וואָס דער אינטערעס צו ישראל און צו אידישקייט אין אַלגעמיין האָט שטאַרק אויפגעוואַכט.

מיין שמועס מיט דר. אברהם קאַטש, וואָס איך האָב אָנגעהויבן אין דעם „פאַקולטי קלאָב״, האָבן מיר שפּעטער פאָרגעזעצט אין דעם „רע־ליגיעזן צענטער פון אוניווערזיטעט״, וואָס געפינט זיך אין אַ ספּעציעלער געביידע אויף נומער 2 נאָרט, וואַשינגטאָן סקווער. אין דער דאָזיקער גע־ביידע געפינען זיך די פאַרשידענע קלובן פון די פאַרשידענע רעליגיעזע גרופּן פון דער פאַרשידנאַרטיקער סטודענטנשאַפט פון איינעם פון די גרעסטע אוניווערזיטעטן אין דער וועלט, צווישן וועלכע עס געפינען זיך ממש „אַלע״ נאַציאָנאַליטעטן. אין דער דאָזיקער קאָלירפולער געביידע געפינט זיך עס אויך די גרויסע אידישע ביבליאָטעק, וואָס איז געשאַפן געוואָרן ביים ניו־יאָרק אוניווערזיטעט. די ווערטפולע ביכער קאָלעקציע, צווישן וועלכע עס

געפינען זיך אויך אַ היפּשע צאָל עקזעמפּלאַרן אין אידיש, ווערט געשאַצט אין אַ מיליאָן דאָלער. די ביבליאָטעק אַנטהאַלט די מיכאל מ. קאַפּלאַן קאָלעקציע פון אידישע מאַנוסקריפּטן, די ראָזענטאַל און מ״ק קאָלעקציעס פון מאָדערנער העבראַיקאַ און יודאַיקאַ און אַ ריי אַנדערע פּריוואַטע זאַמלונגען, וואָס זיינען געשענקט געוואָרן פון פאַרשידענע פּערזאָנען.

די ניו יאָרק יוניוואָירסיטי איז דער ערשטער אוניווערזיטעט אין גאַנצן לאַנד, וואו אַ סטודענט קען קריגן אַ דיפּלאָמע אַלס דאָקטאָר אין העברעאישער קולטור און דערציאונג. דער לערער קאַלעדזש ביי דער „ען־וואַי־יו״ איז דער ערשטער טיטשערס־קאַלעדזש אין לאַנד, וואו עס ווערט געגעבן אַ פולער קורס אין דער העברעאישער שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור. דאָס לערנען העברעאיש און העברעאישע קולטור אין נ. י. יוניוואָירסיטי איז איינ־געטיילט אויף פאָלגנדיקן אופן:

1) אַ פּעדאַגאָגישער קורס, וואָס גרייט צו לערער אין העבראַיש פאַר די האַי־סקולס און קאַלעדזשעס.

2) אַ העברעאישער קולטור קורס, וואָס גיט דעם סטודענט אַן אַל־געמיינע צוגרייטונג אין דער העברעאישער קולטור, וואָס קען צונוץ קומען דעם גראַדואירטן, וואָס וויל זיך ספּעציאַליזירן אַלס אַ „סאָשל וואָירקער״. געזעלשאַפטלעכער פּראָפעסיאָנעלער טוער אָדער פאַרוואַלטער פון אַ צענטער און אַזוי ווייטער.

3) אַ פּעדאַגאָגישע העברעאישע פּראָגראַם אין דעם דעפּאַרטמענט פאַר עלעמענטאַרער דערציאונג פאַר דער צוגרייטונג פון לערער פאַר די פולע טעגלעכע אידישע שולן, פאַר די ישיבות קטנות און, גאַנץ באַזונדערס, פאַר די קינדער־גאָרטנס.

אַז איר קוקט אַריין אין דער אינפאָרמאַציע ליטעראַטור פון ניו־יאָרק יוניוואָירסיטי אין שייכות מיט העברעאיש, זעט איר ווי פאַרשידנאַרטיק עס זיינען די געגנשטאַנדן, וואָס איר קענט דאָ לערנען. איר האָט דאָ אויסער, נאַטירלעך, רעדן און שרייבן און לייענען העברעאיש, אַזעלכע קורסן ווי אידישע מנהגים און טראַדיציעס; אַראַמייאיש און די אַנטוויקלונג פון תלמוד; משנה; די העברעאישע ליטעראַטור פון מיטאַלטער; דער קולטו־רעלער בייטראַג פון אידישן פאָלק; דאָס היינטצייטיקע אידישע לעבן און פיל, פיל אַנדערע געגנשטאַנדן.

אינטערעסאַנט איז זיך צו דערוויסן, אַז אַ גאָר גרויסער טייל פון די סטודענטן אין ניו יאָרק אוניווערזיטעט, וואָס לערנען אויף די העברעאישע קורסן זיינען דווקא מענטשן פון אַנדערע גלויבנס. אַזוי דערציילט מיר דר.

קאַטש, אַז אויף דעם קורס וועגן קולטור בייטראג פון אידישן פאָלק, אַ קורס, וואָס האָט זעכציק סטודענטן, זיינען 45 פון זיי גראַדע ניט קיין אידן. פאַראַן אויך פיל קריסטן, וואָס לערנען זיך העברעאיש. אַ היפשע צאָל נעגער סטו־דענטן זיינען פאַראינטערעסירט אין אידישע ענינים. און אינטערעסאַנט ביז גאָר איז אויך דער פאַקט, וואָס אַ גאַנצע ריי קריסטלעכע סטודענטן האָבן געקראָגן זייער דאָקטאָראַט אין דעם גרויסן ניו יאָרק יוניווערסיטי, שרייבנ־דיק אויף טעמעס וועגן אידן און אידישקייט. אַזוי, למשל, האָט דר. דזשיי. סטיפן בלור אָנגעשריבן אַ וויכטיקן טעזיס אונטער דעם טיטל „די דזשו אין דהי אַמעריקען דראַמאַ״. אײדא דזשיגעטס, פסיכיאַטרישע סאָציאַלע טוערין, אַ נעגערטע — שטודירנדיק אין דעם העברעאישן דעפּאַרטמענט פון ניו־יאָרק אוניווערזיטעט — האָט זיך אַזוי פאַראינטערעסירט אין אידישקייט, אַז זי האָט אפילו אָנגעשריבן אַ גאַנץ בוך אונטער דעם נאָמען „רעליגיע, דיעטע און געזונט ביי אידן״. מיס דזשיגעטס איז שפּעטער געפאָרן אויף אַ רייזע קיין ישראל און פאַרעפנטלעכט אַ בוך וועגן אידישן לאַנד. די נעגערישע שרייבערין, אַ קריסטין, האָט אויך שטודירט אין אידישן טעאָלאָ־גישן סעמינאַר. איינער פון די גראַדואירטע סטודענטן אין העברעאישע לימודים איז אויך געווען דער יאַפּאַנעזישער געלערנטער טאָיאָזאָ וו. נאַקאַראַי, וועלכער איז געוואָרן אַ לערער פון העברעאיש אין באָטלער אוניווערזיטעט, אין אינדיאַנאַפּאָליס. פּראָפעסאָר נאַקאַראַי איז אויך געווען איינער פון די מיטרעדאַקטאָרן פון דעם זשורנאַל „היברו אבסטראַקטס״, וואָס די נאַציאָנאַלע געזעלשאַפט פון פּראָפעסאָרן פון העברעאיש אין די אַמעריקאַנער הוכשולן האָט אַרויסגעגעבן. דער זשורנאַל — אין ענגליש — האָט זיך אָפּגעגעבן מיט געבן גענויע איבערזיכטן פון די פאַרשידענע נייע אויסגאַבן אין דער העברעאישער שפּראַך.

ביי דער ניו יאָרק יוניווערסיטי עקזיסטירט אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַ־ציע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „דזשואיש קאָלטשור פאונדעישאָן״, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין 1937 און וואָס גיט זיך אָפּ מיט דער פאַרשטאַרקונג פון דעם העברעאישן קולטור דעפּאַרטמענט ביים אוניווערזיטעט. אָט די פונדאַציע, וואָס ווערט געשטיצט אויך פון דרויסן דורך אַ גרופּע אָנגע־זעענע באַלעבאַטים, פריינט פון דער העברעאישער קולטור, האָט עס געפירט דערצו, אַז אין 1944 זאָל ביים לערער קאַלעדזש פון ניו־יאָרק אוניווער־זיטעט געשאַפן ווערן די פולע קאַטעדרע פאַר העברעאישער קולטור און דערציאונג. שפּעטער איז דורך דער זעלבער קולטור־פונדאַציע ביי דעם אוניווערזיטעט איינגעפירט געוואָרן דער „וואָירקשאָפּ אין איזראַעל לאַיף

ענד קאָלטשור", וואָס אויף היימישן אידיש מיינט עס, אַז אַ גרופּע סטודענטן, ביז 65 אין צאָל, פאָרן אַוועק קיין ישראל אויף זעקס וואָכן צייט, וואו זיי ווערן אַריינגעפירט אין דער העברעאישער שפּראַך און העברעאישער קולטור אויף אַ נאַטירלעכן אופן. צווישן די, וואָס פאָרן אויף אַזאַ קולטור־עקסקורסיע געפינען זיך אויך פּראָפעסאָרן, גייסטלעכע, שרייבער און א. וו. פאַראַן אַ היפּשע צאָל קריסטן צווישן זיי. דער ניו יאָרק אוניווערזיטעט פאַררעכנט אַזאַ רייזע אַלס אַ טייל פון קורס און די סטודענטן קריגן אַקאַדעמישע קרעדיטן דערפאַר. זיי קריגן די געהעריקע צאָל „פּאָינטס". צווישן די לעקטאָרן, וואָס זיינען אויפגעטראַטן פאַר אָט די סטודענטן אין ישראל איז אויך געווען פּרעמיער דוד בן גוריון און פיל אַנדערע שטאַטסלייט פון מדינת ישראל. אַזאַ רייזע קאָסט אָפּ דעם סטודענט איבער טויזנט דאָלער, פון וועלכע דער אוניווערזיטעט קריגט אַרום צען פּראָצענט אַלס שכר לימוד.

דר. קאַטש ווייזט מיר אָן אין אונזער שמועס, אַז דאָס איינפירן העברעאיש אין ניו יאָרק יוניווערסיטי האָט פיל בייגעטראָגן צו דער דערהויבונג פון דעם אידישן באַוואוסטזיין ביי דער סטודענטשאַפט אין דעם גרויסן ניו יאָרקער אוניווערזיטעט. ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די צאָל אידישע סטודענטן, וואָס נעמען אויף העברעאיש איז אפשר ניט אַזוי גרויס ווי געוואונשן, ווייסט מען אָבער דאָך, אַז יעדער סטודענט, ווען ער נעמט אין האַנט דעם אינפאָרמאַציע בוך פון „ען־וואַי־יו" און זעט, אַז צווישן אַלע אַנדערע געגנשטאַנדן פיגורירט אויך העברעאיש צוגלייך מיט אַנדערע געגנשטאַנדן, דערפילט ער אַ שטאָלץ און אַ דערהויבונג אין זיין אידישקייט. אין 1952 זיינען געווען 625 סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט אויף די אידישקייט קורסן אין ניו יאָרק יוניווערסיטי. 150 פון זיי ניט קיין אידן.

דר. קאַטש, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1908, איז אַריינגעטאָן מיט לייב און לעבן אין זיין אַרבעט. אויסער דעם, וואָס ער פירט אָן מיט דער העברעאישער קאַטעדרע, איז ער פאַרנומען אויך מיט שרייבן ביכער און פּאַמפלעטן וועגן דעם שטודירן העברעאיש אין די אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן. נאָך אין 17טן יאָרהונדערט, דערציילט אונז דר. קאַטש אין זיין בוך וועגן העברעאיש אין די אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן, האָט מען שוין געלערנט העברעאיש אין האַרוואַרד אוניווערזיטעט. אָנפאַנג 18טן יאָרהונדערט האָט מען אין יעיל אוניווערזיטעט אָנגעהויבן לערנען העברעאיש. אין די מערסטע אוניווערזיטעטן לערנט מען אָבער אַלט העברעאיש און די לערער זיינען, ווי געזאָגט, מערסטנס קריסטלעכע גייסטלעכע. דר. קאַטש האָט מיט העברעאיש און מיט דער העברעאישער קולטור צו טאָן אַ גאַנץ לעבן

לאַנג: ער איז אַ געבוירענער אין דער ליטע און איז אַ זון פון רב ראובן כ״ץ, דער רב הראשי פון פתח תקוה.

אין זיין בוך „די העברעאישע שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור אין די אַמעריקאַנער העכערע אינסטיטוציעס" דערציילט אונז דר. קאַטש, אַז די העברעאישע שפּראַך און די העברעאישע קולטור האָבן פאַרנומען אַ גאַר אַנגעזעען פּלאַץ אין די היכלע לער־אַנשטאַלטן צוליב דעם, וואָס אין 17טן, 18טן און טיילווייז אויך אין 19טן יאָרהונדערט, איז עס געווען פאַר־רעכנט צווישן די קריסטלעכע אַמעריקאַנער פון העכערן קלאַס כמעט אַלס „אַ מוז" דאָס זיין באַקאַנט מיט דער העברעאישער שפּראַך. ביי די פּוריטאַנער אין אַמעריקע איז העברעאיש פאַררעכנט געוואָרן אַלס „די מוטער פון אַלע שפּראַכן". דערפאַר איז עס אפשר אויך מעגלעך געווען, אַז געוויסע אַמע־ריקאַנער פירער זאָלן אַריינברענגען אַ ביל אין קאָנגרעס, אַז העברעאיש זאָל אָנגענומען ווערן אַלס די אָפיציעלע שפּראַך פון אַמעריקע נאָך דעם, ווי די קאָלאָניסטן האָבן איבערגעריסן מיט ענגלאַנד און געשאַפן די פאַראייניקטע שטאַטן. און טאַקע צוליב דער זעלבער באַציאונג און ליבע צום תנ״ך, איז עס דורך די גרינדער פון אַמעריקע אויסגעקריצט געוואָרן אויף דעם פרייהייט גלאָק אין פילאַדעלפיע דער פסוק פון ויקרא „וקראתם דרור בארץ לכל ישביה" (און איר זאָלט אויסרופן פרייהייט אין לאַנד פאַר אַלע אירע איינוואוינער). און דערמיט דערקלערט זיך אויך דער פאַקט, וואָס נאָך היינט צו טאָג האָבן די וויכטיקסטע אוניווערזיטעטן אין אַמעריקע הייליקע סימבאָלן פון דער תורה אויף זייערע אָפיציעלע עמבלעמען, געדרוקט אין העברעאיש. אַזוי, למשל, האָט דער קאָלאָמביע אוניווערזיטעט אויף זיין אָפיציעלן זיגל אויסגעקריצט „י׳ה׳ו׳ה" און „אורי אל"; יעיל אוניווערזיטעט האָט אויף זיין עמבלעם די ווערטער „אורים ותומים" און דאַרטמוטה אוניווערזיטעט האָט אויף זיין זיגל די ווערטער „אל שדי".

נעמענדיק די אַלע פאַקטן אין אַנבאַטראַכט, איז אפשר טאַקע גאָרנישט קיין וואונדער, וואָס העברעאיש ווערט אָנערקענט און אַריינגענומען אַלס לימוד אין די היכלע לער־אַנשטאַלטן פון אַמעריקע, פון איין עק לאַנד ביזן צווייטן.

און דערפאַר טאַקע האָט עס ניט גענומען גאָר לאַנג, און די גוטע אַרבעט, וואָס איז אָנגעהויבן געוואָרן אין די דרייסיקער יאָרן אין ניו יאָרק אוניווערזיטעט, ווי אויך דער באַדייטנדער דערפאָלג פון העברעאיש אין די האַי־סקולס, האָט שפּעטער אָנגעפאַנגען צו ברענגען פרוכט אויך אין אַ גאַנצער ריי אַנדערע אוניווערזיטעטן און קאָלעדזשעס. און אַזוי זעען מיר

טאַקע, ווי דער באַרימטער האָנטער קאַלעדזש פון ניו־יאָרק, האָט איינגע־פירט אַ פולן קורס אין דער העברעאישער שפּראַך און העברעאישער ליטע־ראַטור, כדי צו העלפן גראַדואירטע סטודענטן זיך ספּעציאַליזירן אַלס לערער פון העברעאיש אין די אַמעריקאַנער האַי־סקולס. אין האָנטער קאַלעדזש האָט מען געלערנט, צווישן אַנדערע לימודים, אויך תנ״ך, דעם רמב״ם, די השכלה־ליטעראַטור, אחד העם, און די מאָדערנע העברעאישע פּאָעזיע און פּראָזע. אַ סטודענט, וואָס האָט געענדיקט דעם העברעאישן קורס אין האָנטער קאַלעדזש, האָט געקראָגן אַ מעסטער אָוו אַרטס דיגרי. דער העברעאישער קורס איז צו די סטודענטן געגעבן געוואָרן דורך דעם האָנטער קאַלעדזש אינגאַנצן פריי, אַ דאַנק אַ ספּעציעלער סובסידיע, וואָס דער אוניווערזיטעט פון ניו־יאָרק סטייט האָט באַשטימט פאַר גראַדואירטע סטודענטן, וואָס ווילן זיך אָפּגעבן מיט לערעריי. אויסער דעם ספּעציעלן קורס פאַר צוקונפטיקע לערער, האָט האָנטער קאַלעדזש אויך געהאַט אַ גאַנצע אָפּטיילונג אין העב־רעאיש און העברעאישער קולטור. אויף די דאָזיקע קורסן האָט מען אויסער תנ״ך, אויך געלערנט אויסצוגן פון דער משנה, מדרש און גמרא.

אויך אין ברוקלין קאַלעדזש איז געגעבן געוואָרן אַ פולער קורס אין העברעאיש און אידישן וויסן, און אַ סטודענט האָט געקענט זיך ספּעציאַלי־זירן אין אידישע לימודים ביים קריגן אַ מעסטער׳ס דיגרי. אַלע לימודים אויף די העברעאישע קורסן פון דער „דיוויזשאָן אָוו גרעדיועיט סטאָדיס״ זיינען געלערנט געוואָרן אין העברעאיש. אין ברוקלין קאַלעדזש האָט אַ גראַדואירטער סטודענט זיך אויך געקענט ספּעציאַליזירן צו זיין אַ העברעאישער לערער.

אין דעם „קאַלעדזש אָוו ליבעראַל אַרטס ענד סייענס״ פון ברוקלין קאַלעדזש זיינען אויך געגעבן געוואָרן אינטענסיווע קורסן צו רעדן העב־רעאיש. אויף די קורסן פאַר העברעאישער לערעריי און אויך אויף די קורסן צום רעדן און לייענען פליסיק העברעאיש, זיינען אין ברוקלין קאַלעדזש אַריינגענומען געוואָרן בלויז אַזעלכע סטודענטן, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן באַ־זונדערע פעאיקייטן צו דער העברעאישער שפּראַך.

קאָלאָמביע אוניווערזיטעט האָט אויף דעם געביט פון העברעאישן און אפילו טראַדיציאָנעלן אידישן שטודיום געמאַכט אַ ביז גאָר וויכטיקן שריט, ווען עס איז אין 1953, געמאָלדן געוואָרן אַ געמיינזאַמער קורס פון קאָלאָמביא אוניווערזיטעט און אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. לויט די „ניו יאָרק טאַימס״ פון דעם 8טן מאַי, 1953, האָט געשריבן איז די דאָזיקע בשותפות׳דיקע פּראָג־ראַם געווען די איינציקע פון איר מין אין גאַנץ אַמעריקע. די אָפיציעלע מעלדונג, וואָס דער קאָלאָמביע אוניווערזיטעט האָט אַרויסגעגעבן יעדן יאָר

אין שייכות מיט דער דאָזיקער פּראָגראַם, האָט געזאָגט, אַז קאָלאָמביע׳ס „יודאַיקאַ שטודיעס פירן צו דער געמיינזאַמער דיפּלאָמע פון בעטשלאָר אָוו סייענס און בעטשלאָר אָוו רעלידזשאָס עדיוקעישאָן״. דאָס האָט געמיינט, אַז אַ סטודענט האָט געקענט לערנען אין איין־און־דער זעלבער צייט אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט און אין אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, ענדיקן אויף העברעאישן לערער און צו דער זעלבער צייט קריגן אויך אַ דיפּלאָמע פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. לויט דעם געמיינזאַמען אָפּמאַך האָבן סטודענטן פון קאָלאָמביע געקראָגן פון לערער אינסטיטוט פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר קרעדיט פאַר 60 פּונקטן פאַר די אַלגעמיינע לימודים, וואָס זיי האָבן געלערנט אין קאָלאָמביע, און קאָלאָמביע אוניווערזיטעט האָט געגעבן 64 פּונקטן קרעדיט פאַר די לימודים, וואָס די סטודענטן האָבן געלערנט אין סעמינאַר. אויסער דעם אַלעמען, האָט אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, נאַטיר־לעך, עקזיסטירט אַ גאַנץ רייכע אַלגעמיינע אָפּטיילונג פון העברעאיש, העברע־אישע ליטעראַטור, אידישע געשיכטע און אַלגעמיין אידיש וויסן.

אויך אין סיטי קאַלעדזש איז געגעבן געוואָרן אַ גאַנץ רייכער קורס פון דער העברעאישער שפּראַך און ליטעראַטור. אַ גאַנץ באַזונדערער קורס צו לערנען העברעאיש, שרייבן, לייענען און רעדן, איז געגעבן געוואָרן אין דער „בערנאַרד מ. באַרוך סקול אָוו ביזנעס״, וואָס האָט עקזיסטירט ביים סיטי קאַלעדזש.

אויך אין קווינס קאַלעדזש איז געגעבן געוואָרן אַ קורס אין העברעאיש און אין העברעאישער ליטעראַטור.

דער העברעאישער קולטור ראַט (היברו קאַלטשור קאונסיל), ביים אידישן דערציאונגס קאָמיטעט, האָט אָפּגעדרוקט טויזנטער קאָפּיעס פון די ספּעציעלע מעלדונגען פון די העברעאישע קורסן אין די פאַרשידענע קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן פון ניו־יאָרק און געצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון די סטודענטן, אַז פאַר דעם לערנען העברעאיש קען מען קריגן קרעדיט ביים באַקומען אַ גאַנצע ריי דיפּלאָמעס אין די מערסטע קאַלעדזשעס און אוניווער־זיטעטן אין אַמעריקע, וואָס האָבן, ווי שוין פריער געזאָגט, געגעבן פולע אָנערקענונג צו דער העברעאישער שפּראַך און העברעאישער קולטור.

העברעאיש, און די העברעאישע קולטור אַלס לימוד, אין אַ גאַנצער ריי פון די וויכטיקסטע קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן, איז זיכער געווען אַ וויכטיקע גייסטיקע פּאָזיציע, וואָס די אידן אין אַמעריקע האָבן דעראָבערט אינמיטן 20טן יאָרהונדערט!

## 48

# אידיש און אידישע ליטעראַטור אַלס לימוד אין אַ צאָל העכערע לער־אַנשטאַלטן פון אַמעריקע

אידיש אין סיטי קאַלעדזש פון ניו יאָרק און אין דער ניו סקול פאָר סאָשל ריסוירטש. — די אַטראַן־קאַטעדרע פאַר אידיש אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. —די אָוונט קורסן פון אידיש פאַר דערוואַקסענע אין ברוקלין קאַלעדזש. — אידיש אין בראַנדייס און ישיבה אוני־ווערזיטעטן. — אידיש אין אַ צאָל אַנדערע הויכשולן פון אַמעריקע.— שמועסן אין די אוניווערזיטעטן וועגן דער אידישער ליטעראַטור און אידישער פרעסע. — לעקציעס וועגן אידיש אויך אין די בני ברית הלל פאונדעישאָן־אָפּטיילונגען אין אַ ריי קאַלעדזשעס. — די פאַראייניקונג פון פּראָפעסאָרן פון אידיש אין די קאַלעדזשעס. — פאַרוואָס ניט אידיש אין האַי־סקולס ?

עס איז געווען אין סעפּטעמבער, 1947, ווען עס איז אין דעם סיטי קאַ־לעדזש אָוו ניו יאָרק, איינגעפירט געוואָרן די אידישע שפּראַך און אידישע ליטעראַטור אַלס אַ פולבאַרעכטיקטער לימוד. באַלד נאָך דער דאָזיקער געשעעניש, איז דער לימוד פון אידיש אויך איינגעפירט געוואָרן אין דעם קאַליפאָרניער אוניווערזיטעט אין לאָס אַנדזשעלעס און אויך אין דער „ניו סקול פאָר סאָשל ריסוירטש" אין ניו־יאָרק. אויך אין אוניווערזיטעט פון באָסטאָן האָט מען אָנגעהויבן צו לערנען אידיש. אין ברוקלין קאַלעדזש איז צו דער זעלבער צייט אויך איינגעפירט געוואָרן דאָס לערנען אידיש אויף די אָוונט־קורסן פאַר דערוואַקסענע. די העכסטע אנערקענונג אָבער האָט אין דער אַקאַדעמישער וועלט געקראָגן דאָס אידישע לשון און די אידישע ליטעראַטור, ווען עס איז אין יאָר 1952 געגרינדעט געוואָרן אין קאָלאָמביע

אוניווערזיטעט פון ניו־יאָרק, די קאַטעדרע פאַר דער אידישער שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור אויף דעם נאָמען פון דעם אידישן מעצענאַט און קולטור־טוער פרענק ז. אטראן, וועלכער איז אַוועק פון דער וועלט אַרום יענער צייט. די קרעדיטן, וואָס די סטודענטן קריגן ביים לערנען אידיש, ווערן אָנערקענט ביים אַרויסקריגן פאַרשידענע דאָקטאָר־דיפּלאָמעס.

כדי צו דערוויסן זיך מער איינצלהייטן וועגן דעם גאַנג פון דעם אידיש־לימוד אין די הויכשולן פון ניו־יאָרק, האָט דער שרייבער פון די שורות זיך געטראָפן מיט די פּראָפעסאָרן און לערער, וועלכע האָבן זיך באַשעפ־טיקט מיטן אָנפירן די דאָזיקע קורסן. מיר האָבן זיך געטראָפן מיט דר. מאַקס ווײַנרייך, וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע גרינדער און אָנפירער פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט נאָך אין ווילנע, און וועלכער איז אין ניו־יאָרק געוואָרן דער ערשטער פולער פּראָפעסאָר פון דער אידישער שפּראַך און ליטעראַטור, אין סיטי קאָלעדזש, וואָס האָט פאַר־מאָגט אַרום 35 טויזנט סטודענטן. מיר האָבן זיך באַגעגנט מיט דר. סאָל ליפּצין, וועלכער איז געווען דער אָנפירער פון דעם דעפּאַרטמענט פון גערמאַנישע שפּראַכן און וועלכער איז געווען דער הויפּט פאַראַנטוואָרט־לעכער דערפאַר, וואָס אידיש האָט דערגרייכט די מדרגה פון אַריינגענומען ווערן אַלס לימוד אין ניו יאָרק סיטי קאָלעדזש. מיר האָבן זיך אויך געטראָפן מיטן דיכטער און קריטיקער נ. ב. מינקאָוו, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט די קורסן פון אידיש און אידישער ליטעראַטור אין דער „ניו סקול פאָר סאָשל ריסוירטש״, וועלכע איז פאַררעכנט געוואָרן אַלס איינע פון די פיינסטע שולן פון העכערן וויסן אין גאַנצן לאַנד. און גאָר באַזונדערס זיינען מיר געווען פאַראינטערעסירט זיך צו טרעפן מיט דר. אוריאל ווײַנרייך, וועלכער האָט אין דער יונגער עלטער פון 26 יאָר איבערגענומען די פירערשאַפט פון אַ פולער קאַטעדרע פון אידיש אין דעם וועלט־באַרימטן קאָלאָמביע־אוניווערזיטעט. איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט דר. דזשין (יוכבד) יאָפען, אַ יונגע אידישע לערערין, וועלכע איז געקומען קיין אַמעריקע פון ווין פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה און האָט באַוויזן צו מאַכן אַ קאַריערע פון אָנפירן מיט די אידיש־קורסן אין ברוקלין קאָלעדזש. אידיש אַלס לימוד איז אויך איינגעפירט געוואָרן אין ישיבה־אוניווערזיטעט און אין בראַנדייס־אוניווערזיטעט.

אין מיין שמועס סיי מיט דר. ליפּצין, סיי מיט דר. מאַקס ווײַנרייך, האָב איך אויסגעפונען, אַז די דורכשניטלעכע צאָל סטודענטן אויף אַ קורס אין אידישער שפּראַך אָדער אידישער ליטעראַטור איז צווישן צען און

צוואַנציק. אַמאָל אויך עטוואָס ווייניקער ווי צען, אַמאָל מער. אַזוי איז אויך אין דער „ניו סקול" אָדער אין קאָלאָמביע. צען, פופצן סטודענטן, דאָס איז דער דורכשניטלעכער ציפער פאַר אַ „פרעמדער שפּראַך" אין די היכשולן. אויף די קורסן אין רוסיש אין קאָלאָמביע זיינען געקומען אַרום פופצן, צוואַנציק סטודענטן. אויך אויף דייטש אָדער אַנדערע שפּראַכן איז געווען די צאָל אַן ענלעכע. ענגליש, למשל, ציט אַ גרעסערן עולם. אויף אַ קורס וועגן שעקספּיר'ן האָבן געקענט קומען אַרום זעכציק סטודענטן. און דאָס איז געווען פאַררעכנט פאַר אַ גאַנץ גרויסער צאָל.

אידיש אין סיטי קאָלעדזש איז געווען פאַררעכנט אַלס אַ פולבאַ־רעכטיקטער געגנשטאַנד. דאָס מיינט, אַז סטודענטן פון די אידיש־קורסן האָבן געקענט קריגן קרעדיטן פאַר לערנען די אידישע שפּראַך. זיי האָבן געקענט אויפנעמען אידיש אַלס איינע פון די שפּראַכן, וואָס זיינען געלערנט געוואָרן אין סיטי קאָלעדזש. און אין קאַטאַלאָג פון דעם גרויסן שטאָטישן קאָלעדזש פון ניו יאָרק איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דאָס לערנען די אידישע שפּראַך און אידישע ליטעראַטור איז איינגעפירט געוואָרן פאַר אַזעלכע סטודענטן, וואָס ווילן זיך ספּעציאַליזירן אין אַ קאַריערע, וואָס האָט אַ שייכות צום אידישן לעבן אין אַמעריקע, ווי, למשל, לערער אין אידישע אָדער העברעאישע שולן אָדער ראַבאַיס. אַ גרויסע צאָל סטודענטן האָבן זיך אָנגעהויבן צו ווידמען צו דעם שטודיום פון דער אידישער ציוויליזאַציע, האָט אָנגעוויזן דער סיטי קאָלעדזש אין זיינער אַ ספּעציעלער מעלדונג. עס איז געלערנט געוואָרן העברעאיש און העברעאישע ליטעראַטור, אידישע געשיכטע, די אידישע שפּראַך און די אידישע ליטעראַטור. תנ"ך, פילאָזאָפיע און רעליגיע. (וועגן העברעאיש, העברעאישע ליטעראַטור און געשיכטע אין די קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן פון אַמעריקע, זע באַזונדער קאַפּיטל.)

אין דעם קאַטאַלאָג פון סיטי קאָלעדזש איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז עס איז געלערנט געוואָרן אידיש אויף צוויי מדרגות: עלעמענטאַרער אידיש: אַרויסרעדן ווערטער, פונדאַמענטאַלע כללים פון אידישער גראַמאַטיק, עלעמענ־טאַרע פראַזן, לייענען און איבונגען אין רעדן. העכערער אידיש: אַן אינטענסי־ווער קורס פאַר סטודענטן, וועלכע האָבן שוין געהאַט אַביסל וויסן אין אידיש און האָבן געוואָלט קענען לייענען און רעדן די שפּראַך. די דאָזיקעביידע קורסן זיינען אָנגעפירט געוואָרן טעגלעך, פינף מאָל אַ וואָך, דורך פּראָפ. מאַקס וויינרייך. ביי די לעקציעס פון די אידיש־קורסן זיינען אויך דיסקוטירט געוואָרן פראַגן פון אידישן געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן. עס זיינען פאָרגע־לייענט געוואָרן אויסצוגן פון דער אידישער ליטעראַטור און עס זיינען אָפט

אויך באַנוצט געוואָרן אין די קורסן אויסצוגן פון דער אידישער פּרעסע. עס איז אויך איינגעפירט געוואָרן אַן ערן־קורס אין אידיש פאַר אַזעלכע סטו־דענטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דערלערנען די אידישע שפּראַך. די בעסטע סטודענטן האָבן געקראָגן אַ יערלעכן פּרייז, וואָס איז באַשטימט געוואָרן דורך דעם אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

אין אָוונט, אויף די קורסן פאַר דערוואַקסענע אין סיטי קאַלעדזש, איז געלערנט געוואָרן אידיש פאַר אָנפאַנגער, פאַר מיטעלע און פאַר אַוואַנ־סירטע סטודענטן.

אַלס רעזולטאַט דערפון, וואָס אידיש איז געוואָרן אַ לימוד אין אַ צאָל הויכשולן פון ניו־יאָרק, האָט זיך אין 1947 געהאַט אָרגאַניזירט אַן אַקאַדעמישע אידיש־פאַראייניקונג, פון וועלכער פּראָפעסאָר ליפּצין איז גע־ווען פּרעזידענט און פּראָפ. פּסח מאַטענקאָ איז געווען סעקרעטאַר. די געזעלשאַפט האָט געהאַט אַרום צען, צוועלף מיטגלידער, צווישן זיי דר. מאַקס ווײַנרייך און זיין זון אוריאל, נ. ב. מינקאָוו, דר. נתן זיסקינד, כאַסיע קופּערמאַן, דר. דזשין יאָפען, הרב מאיר בלעך און אַ רייי אַנדערע.

אין דער ניו סקול פאַר סאָשל ריסוירטש האָט דער דיכטער נ. ב. מינקאָוו, וועלכער איז געווען אויך אַ פּראָפעסאָר אויף דעם פאַקולטעט פון פילאָזאָפיע אין דעם „קאָלעכיא איזראַעליטאַ" פון מעקסיקאָ, וואָס איז געווען אַ טייל פון נאַציאָנאַלן אויטאָנאָמען אוניווערזיטעט פון מעקסיקאָ, אָנגעפירט מיט אַ קורס וועגן דער אַלטער און נייער אידישער ליטעראַטור. אַ קורס איז באַשטאַנען פון פופצן לעקציעס. צוויי שעה אַ לעקציע. דאָס מיינט, אַז די סטודענטן, וואָס האָבן אויפגענומען דעם דאָזיקן קורס, האָבן אין אַ סעמעסטער געהאַט די געלעגנהייט דרייסיק שעה צייט זיך צוצוהערן צו צוגעגרייטע געשפּרעכן וועגן דער ליטעראַטור אויף אידיש. אַ פולער קורס איז באַשטאַנען פון זעקס יאָר צייט. די לעקציעס האָט מינקאָוו צוגעגרייט און געפירט אין דער ענגלישער שפּראַך. די סטודענטן האָבן געקראָגן קרעדיטן אין אַ באַשטימטער צאָל פונקטן ביים אויפנעמען אידישע ליטעראַטור אין דער „ניו סקול". מינקאָוו האָט געשאַצט, אַז יעדעס יאָר איז דער קורס וועגן דער אידישער ליטעראַטור אויפגענומען געוואָרן פון אַרום 50 סטודענטן.

נ. ב. מינקאָוו, וועלכער איז געווען אַ גראַדואירטער פון דער ניו־יאָרק לאָו סקול, די אַדוואָקאַטן־שולע פון ניו־יאָרק, האָט אויך געלייענט לעקציעס וועגן אידיש און אידישער ליטעראַטור אין ווײַן אוניווערזיטעט, פון דעט־ראָיט, מישיגען, און אין אוניווערזיטעט פון וויניפּעג, קאַנאַדע. אויך אין

אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר האָט ג. ב. מינקאָוו אַ געוויסע צייט אָנגע־פירט מיט אַ קורס אין אידיש. אין זיינע לעקציעס האָט מינקאָוו אויך באַרירט פראַגן פון אידישן טעאַטער און פון דער אידישער פרעסע. גאַנץ באַזונדערס האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם אויפקום פון דער מאָדערנער אידישער פראָזע און פאָעזיע אין אַמעריקע. צווישן די סטודענטן אויף מינקאָוו׳ס קורסן האָבן זיך געפונען אַ צאָל האַי־סקול לערער, וועלכע האָבן אויפגענומען אידישע ליטעראַטור, כדי זיך נעענטער צו באַקענען מיט פראַגן פון אידישן לעבן. די ניו־יאָרקער באָארד אָוו עדיוקעישאָן האָט פאַרלאַנגט פון די לערער אַז זיי זאָלן אויפנעמען געוויסע קורסן צו קריגן קרעדיטן פאַר „וואַכזאַמקייט״, וואָס האָט געמיינט צו זאָגן, אַז די לערער זיינען געווען פאַראינטערעסירט, אַקטיוו און „געדורשט״ נאָך נייעם וויסן. אין זיין געשפּרעך מיט מיר האָט מינקאָוו דערקלערט, אַז גאָר ווייניק פון זיינע סטודענטן האָבן געקענט רעדן אידיש. לייענען אידיש האָט קיינער פון זיי ניט געקענט. מינקאָוו׳ס קורס איז הויפּטזעכלעך באַשטאַנען פון אינפאָרמאַציע און דערקלערונגען אָדער אויפקלערונגען וועגן דער לי־טעראַטור אויף אידיש. צווישן מינקאָוו׳ס סטודענטן האָט זיך געפונען אַן איטאַליענישער שרייבער, וואָס איז געווען פאַראינטערעסירט אין אידיש ווי אין אַ ליטעראַטור פון אַ מינאָריטעט אין אַמעריקע. אויך אַ יאַפּאַנעזער איז געווען צווישן מינקאָוו׳ס סטודענטן און אַ דאַנק מינקאָוו׳ס אַ בריוו וועגן דער פליייסיקייט פון דעם יאַפּאַנעזער ביים לערנען אידישע ליטעראַטור, האָט דער דאָזיקער סטודענט געקראָגן אַ סקאָלערשיפּ אין האַרוואַרד אוניווער־זיטעט. אַ אידישער סטודענט, וואָס איז געקומען פון דייטשלאַנד קיין אַמעריקע, האָט געהאַט דערקלערט אין אַ בריוו, אַז אין מינקאָוו׳ס קורס פון אידישער ליטעראַטור האָט ער געקראָגן אינספּיראַציע פאַרן אידישן גלויבן.

אויף אַ גאָר הויכער מדרגה איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די אידישע שפּראַך אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, וואו עס זיינען געלערנט געוואָרן אַרום דרייסיק פאַרשידענע שפּראַכן. אין אַ ספּעציעלער מעלדונג האָט די פירערשאַפט פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט דערקלערט, אַז די אַטראַן קאַטעדרע איז געשאַפן געוואָרן אין דעם דעפּאַרטמענט פון אַלגעמיינער און קאָמ־פּאַראַטיווער לינגוויסטיק כדי צו לערנען די אידישע שפּראַך, ליטעראַטור און אידישע ליטעראַטור. די קאַטעדרע איז אָבער ניט באַגרעניצט בלויז צו איר הויפּט־ציל פון צוגרייטן ספּעציאַליסטן אין אידיש. די קאַטעדרע איז אויך געשאַפן געוואָרן, „כדי צו באַקענען סטודענטן פון אַלגעמיינער

קענטניש, פאַרגלייכבאַרער ליטעראַטור און קולטורעלער אַנטראָפּאָלאָגיע מיט די גרונט־פאַקטן, פּראָבלעמען און פאָרשונג־מאַטעריאַלן אויף דעם געביט פון אידיש".

די אידישע קורסן זיינען איינגעטיילט געוואָרן ווי פאָלגט:

1) אידישער פאָלקלאָר. 2) געשיכטע פון דער אידישער שפּראַך. 3) צוויי־שפּראַכיקייט ביי פאַרשידענע מינאָריטעטן אין אַמעריקע. ווי אַזוי איין שפּראַך ווירקט אויף דער צווייטער. די השפעה פון ענגליש אויף אידיש און פון אידיש אויף ענגליש. 4) אַ סעמינאַר אין אידיש פאַר גראַדואירטע. די דאָזיקע אַלע קורסן זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון דר. אוריאל ווײַנרייך, וועלכער פלעגט אין זיינע שמועסן מיט די סטודענטן פאַרלייענען אָפּט פון די ווערק פון די אידישע שרייבער און דיכטער. אין משך פון איין קורס האָט דער יונגער דר. ווײַנרייך געלייענט אַ סעריע לעקציעס וועגן שלום עליכם און פּרץ. אַן אַנדער סעריע זיינע איז אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט געווען געווידמעט צו דער מאָדערנער אידישער פּאָעזיע. ווערק פון ה. לייוויק, א. לעיעלעס־גלאַנץ, יעקב גלאַטשטיין, איציק מאַנגער, חיים גראַדע, א. סוצקעווער, קולבאַק, מנחם באריישאָ און אַ ריי אַנדערע אידישע דיכטער זיינען פאָרגעלייענט געוואָרן. דר. ווײַנרייך האָט זיינע לעקציעס געגעבן אין דער „פילאָזאָפיע געביידע", וואו עס זיינען געלערנט געוואָרן די מערסטע שפּראַכן אין דער סקול אָוו דזשענעראַל סטאָדיס פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. די שעה פון לערנען איז אָפט דיסקוטירט געוואָרן צווישן פּראָפעסאָר און סטודענטן און די צייט פלעגט באַשטימט ווערן אַזוי, אַז עס זאָל זיין וואָס באַקוועמער פאַר די תלמידים.

אויסער די קורסן פון דר. אוריאל ווײַנרייך זיינען אין קאָלאָמביע אָנגעפירט געוואָרן אָוונט־קורסן אין אידיש. דער לערער איז געווען חיים גינינגער. אידיש פאַר אָנפאַנגער, פאַר מיטעלע און אַוואַנסירטע סטודענטן. גינינגער האָט אויך געלייענט לעקציעס וועגן די אידישע קלאַסיקער שלום עליכם און י. ל. פּרץ. זיינע לעקציעס זיינען אַ גרויסע טייל באַשטאַנען פון אידיש רעדן, שרייבן און לייענען. ווײַנרייכ'ס לעקציעס זיינען געלייענט געוואָרן אין ענגליש וועגן אידיש. ביי זיינע לעקציעס וועגן דער אידישער פּאָעזיע פלעגט ווײַנרייך אָבער פיל לייענען אין אידישן אָריגינאַל און פאַרטייטשן פאַר די צוהערער זיינע.

די גרעסטע באַזוכערשאַפט, וואָס פּראָפעסאָר ווײַנרייך האָט געהאַט אויף זיינעם אַ קורס איז געווען וועגן דער צוויי־שפּראַכיקייט ביי פאַרשידענע מינאָריטעטן. די צאָל סטודענטן איז געווען פופצן. עס איז אין קאָלאָמביע

געגעבן געוואָרן אַ קורס אויך פון פאַרגלייכן שפּראַכן פון גערמאַנישן אָפּשטאַם, ווי ענגליש, דייטש און שוועדיש. אָדער אַ פאַרגלייך צווישן „דאָטש" (האָלענדיש), אידיש, דעניש און נאָרוועגיש. עס האָט זיך גע־ווענדט אין וואָס דער סטודענט איז געווען פאַראינטערעסירט. אויף די קורסן וועגן צוויי שפּראַכן און זייער קעגנזייטיקן איינפלוס (דר. אוריאל ווײַנרייכ׳ס לעקציעס זײַנען געווען וועגן אידיש און ענגליש) איז צווישן די




פאָטער און זון — פּראָפעסאָרן פון אידיש

דר. מאַקס ווײַנרײַך — פּראָפעסאָר פון אידיש אין סיטי קאַלעדזש אָוו ניו־יאָרק, און זײַן זון — דר. אוריאל ווײַנרײַך — פּראָפעסאָר פון אידיש אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט

סטודענטן געווען אַ היפּשער פּראָצענט ניט־אידן. אויך אויף די אַנדערע קורסן זײַנע פלעגט פון צייט צו צייט קומען אַ ניט־איד. צווישן די ניט־אידן פלעגט זיך טרעפן אַ זינגער פון אַ כאָר, וואָס האָט געוואָלט וויסן מער וועגן אידיש און אידישן פאָלקלאָר כדי צו פאַרשטיין בעסער דאָס אידישע ליד.

אין ברוקלין־קאַלעדזש, למשל, זײַנען אויף די אידיש־קורסן, וואָס זײַנען געגעבן געוואָרן אין דער „סקול פאָר עדאַלט עדיוקעישאָן" אין אָונט, געווען צווישן די סטודענטן אַ פּאָר קריסטן. איינער, אַן אַמעריקאַנער פון איטאַליע־נער אָפּשטאַמונג, האָט דערקלערט, אַז ער האָט געוואָלט קענען אידיש, ווײַל

ער האָט געפּלאַנט עפּעס אַ רייזע־ביוראָ אין אַ אידישער געגנט, ווייל ער דאַרף צוליב געשעפטס־מאָטיוון, קענען די אידישע שפּראַך. אַן אַמעריקאַנער אידיש מיידל האָט דערקלערט, אַז אַזוי ווי זי גייט אײַנגיכן חתונה האָבן, ווייל זי קענען בעסער אידיש, כדי צו קענען רעדן מיט אירע צוקונפטיקע שווער און שוויגער. די גרעסטע מערהייט אידישע סטודענטן זיינען געווען אַמעריקאַנער געבוירענע. פיל פון זיי, געוועזענע תלמידים פון די עלע־מענטאַרע אידישע שולן פון אַרבעטער רינג, פאַרבאַנד און פון שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוט. זעענדיק אַ קורס אין אידיש, האָט זיי אָנגענומען אַ חשק פאָרצוזעצן זייערע שטודיומס אין דער אידישער שפּראַך.

אין ניו־יאָרק סיטי־קאָלעדזש האָט זיך געמערקט אָט דער דאָזיקער טיפּ סטודענטן, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט אידיש פון די קינדער־שולן. אַרום די דאָרטיקע אידיש־קורסן האָט זיך אַזוי אַרום געשאַפן אויך אַ געזעלשאַפט פון סטודענטן, וואָס איז געווען באַוואוסט אַלס די „י. ל. פּרץ געזעלשאַפט פון סיטי קאָלעדזש". עס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אַ צאָל גרעסערע אונטער־נעמונגען. די קינסטלער פון אידישער דראַמע און פון אידישן ליד ווי מאָריס שוואַרץ, יעקב בן־עמי, סידאָר בעלאַרסקי, לאַזאַר וויינער, זיינען אויפגעטראָטן. עס זיינען געוויזן געוואָרן אַזעלכע וויכטיקע פילמען אין אידיש ווי „טוביה דער מילכיקער", „דער דיבוק", „גרינע פעלדער" און אַ צאָל אַנדערע. צו די אונטערנעמונגען פלעגן קומען איבער דריי הונדערט סטודענטן. עס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אויך אַ ביבליאָטעק פון אידישע ביכער. פיל קאָאָפּערירט מיט דער אָפּטיילונג אויף אידיש האָט די בני ברית הלל־פאַונדעישאָן, וואָס האָט אָנגעפירט אַן ענערגישע טעטיקייט אויף דעם קעמפּוס פון נ. י. סיטי־קאָלעדזש. די בני ברית הלל פאַונדעישאָן האָט דורך איר נאַציאָנאַלן אָפּיס אין אַלגעמיין געהאָלפן איינפירן לעקציעס וועגן דער אידישער שפּראַך און אידישער ליטעראַטור אין אַ באַדייטנדער צאָל אָפּ־טיילונגען אויף די קעמפּוסעס פון פאַרשידענע קאָלעדזשעס איבערן לאַנד.

אויך אין דער ניו סקול פאָר סאָשל ריסוירטש האָט זיך אַ געוויסע צייט געהאַט אָרגאַניזירט אַ קרייז סטודענטן אין שייכות מיט די קורסן פון אידישער ליטעראַטור. דער קרייז האָט געטראָגן דעם נאָמען „ליטעראַרי קלאָב" און האָט זיך צוליב פאַרשידענע טעכנישע סיבות אויפגעלייזט.

אינטערעסאַנט איז אָנצואווייזן, אַז לעקציעס וועגן אידיש און אידישער ליטעראַטור זיינען אַ צייט געלייענט געוואָרן אין דעם פּראָנצויזישן גלות־

אוניווערזיטעט אין ניו־יאָרק. דער לעקטאָר איז געווען דער אידישער פאָר־שער און געלערנטער דר. יהודה א. יאָפע.

צום לערנען אידיש אין די העכערע לער־אַנשטאַלטן איז באַנוצט גע־וואָרן אַ בוך פון דר. אוריאל ווײַנרײַך „קאָלעדזש אידיש", אַ בוך וועגן דער אידישער שפּראַך, אידיש לעבן און אידישער קולטור.

אין שייכות מיט דער אידישער קאַטעדרע אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, פלעגט די אַטראַן פונדאַציע געבן יעדן יאָר פינף־יערלעכע סטיפּענדיעס צו די בעסטע סטודענטן. דריי — פאַר אידיש און צוויי — פאַר אַלגעמיינער לינגוויסטיק. יעדע סטיפּענדיע האָט באַטראָפן צו 900 דאָלער. די סטי־פּענדיסטן האָבן באַדאַרפט אויפנעמען פיר אידיש־קורסן. יעדער קורס האָט באַטראָפן דריי פונקטן. און אַ סטיפּענדיסט האָט באַדאַרפט האָבן צוועלף פונקטן קרעדיט אין אידיש־לימודים. די אַטראַן פונדאַציע פלעגט געבן יעדן יאָר אַרום פופצן טויזנט דאָלער פאַרן אויפהאַלט פון דער אידיש־קאַטעדרע.

אין מאַי, 1957, איז געוואָרן פונקט 5 יאָר זינט עס איז געגרינדעט געוואָרן אין קאָלאָמביע די קאַטעדרע פון דער אידישער שפּראַך, ליטעראַטור און קולטור. ביי אַ ספּעציעלן פייערלעכן צוזאַמענקונפט האָבן די פירער פון אוניווערזיטעט געלויבט די אויפטוען פון דער אידיש־קאַטעדרע. ביי די גראַדואירונגען אין קאָלאָמביע אין יוני 1957, האָט אַ אידישע סטודענטקע געקראָגן אַ פּרייז פאַר אַן אַרבעט וועגן אברהם גאָלדפאַדנ'ס פיר סאָציאַלע קאָמעדיעס. דער דאָזיקער קאָלאָמביע־פּרייז איז געווען אויפן נאָמען פון דר. ב. האָפמאַן (צביון), פאַרשטאָרבענער אידישער פּובליציסט, וואָס איז געווען אַקטיוו ביים איינפירן די אידיש־קאַטעדרע. צוויי אַנדערע אידישע סטודענטן האָבן ביי דער זעלבער גראַדואירונג געקראָגן זייערע דיפּלאָמעס פאַר אַרבעטן וועגן דער אידישער ליטעראַטור און אידישער שפּראַך.

לויט ווי דר. סאָל ליפּצין, דר. מאַקס ווײַנרײַך און דר. אוריאל ווײַנרײַך האָבן מיר אָנגעוויזן, איז מיט דעם איינפיר פון אידיש אין סיטי־קאָלעדזש, אין קאָלאָמביע, אין ברוקלין קאָלעדזש און אין אַ ריי אַנדערע אוניווער־זיטעטן אין אַמעריקע און קאַנאַדע, געשאַפן געוואָרן אַ לעגאַלע באַזע צו פאָדערן, אַז אידיש זאָל איינגעפירט ווערן אויך אין די האַי סקולס. ווייל דער געזעץ זאָגט, אַז אויב אין אַ סיטי קאָלעדזש לערנט מען אַ געוויסע שפּראַך, האָט מען אַ רעכט צו פאָדערן, אַז די דאָזיקע שפּראַך זאָל אויך געלערנט ווערן אין האַי־סקול, כדי הייסט עס, די סטודענטן, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט אין דעם דאָזיקן לשון, זאָלן קענען פריער קריגן אַ געוויסע צוגרייטונג אין האַי־סקול און דערנאָך פאָרזעצן לערנען די זעלבע

שפּראַך, אויף אַ העכערן ניוואָ, אין דעם שטאַטישן קאַלעדזש. אָבער — ווי זאָגט דאָרט דאָס פאָלקס ווערטל: גיי רעד! כאַטש שריי חי וקים! אַז עס איז ניט געווען קיין אײן אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל עפּעס האָבן געטאָן אויף דעם דאָזיקן געביט! און אַז עס פאָדערן זיך מעשים און ניט בלויז קיין רייד, האָבן באַוויזן די העברעאישע עלעמענטן. זיי, די העברעער, האָבן געשאַפן אַן אָרגאַניזאַציע פאַר דעם צוועק און געהאַט אַ ספּעציעלן מענטשן מיט אַ גאַנצן סטאַף און אַפּעלירט און פּראָטעסטירט און געלאָפן און גערעדט און געטאָן! און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז זינט 1929, ווען די באַוועגונג פאַר העברעאיש אין די האַי־סקולס האָט זיך אָנגעהויבן, איז העברעאיש אַלס לימוד אײנגעפירט געוואָרן ביז 1957, אין 85 האַי־סקולס פון 17 פאַרשידענע שטעט אין אַמעריקע.

העברעאיש איז אויך געלערנט געוואָרן אין קרוב 250 קאַלעדזשעס, אוניווערזיטעטן און טעאָלאָגישע שולן. איבער 1400 קאַלעדזשעס און אוני־ווערזיטעטן איבער גאַנץ אַמעריקע האָבן אָנערקענט העברעאיש אַלס אַ געגנ־שטאַנד, פאַר וועלכע סטודענטן האָבן געקראָגן קרעדיט ביים מאַטריקולירן זיך.

נאַטירלעך, מען קען ניט פאַרגלייכן אין דעם הינזיכט אידיש צו העב־רעאיש. העברעאיש, די שפּראַך פון תנ״ך, איז געלערנט געוואָרן נאָך מיט הונדערטער יאָרן צוריק אין די אַמעריקאַנער אוניווערזיטעטן. דאָך אָבער, איינזעענדיק די וויכטיקע פּאָזיציע, וואָס אידיש האָט געקראָגן אין די אַקאַדע־מישע קרייזן, ווילט זיך זאָגן, אַז עס איז זיכער געווען מיט וואָס זיך צו פרייען! ווייל אידיש, אידישע ליטעראַטור, אידישער פאָלקלאָר אין קאָלאָמביע, אין סיטי קאַלעדזש, אין דער ניו סקול, איז געווען אַ גאָר גרויסע דערגרייכונג און אַ דערפרייאונג פאַר די אָנהענגער און ליבהאָבער פון אידיש, די שפּראַך פון די ברייטע אידישע מאַסן, וועלכע זיינען אַממערסטנס געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער הויכער מדרגה, צו וועלכער עס האָט דערגרייכט דער אידישער ישוב אין אַמעריקע, דער גרעסטער אידישער צענטער אין דער גאַנצער געשיכטע פון אידישן פאָלק! נאָך אַ באַווייז אויף דער הויכער דערגרייכונג פון אידיש אין די אַקאַדעמישע קרייזן פון אַמעריקע איז געווען דער פאַקט, וואָס אין 1957 איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַררופן אַ געמיינזאַמע וועלט־קאָנפערענץ פון אידיש־פאָרשונג אין אַמעריקע. די קאָנפערענץ איז געפּלאַנט געוואָרן אויף דער וואָך פון פּסח, 1958, אויף דער איניציאַטיוו פון דער אידיש־קאַטעדרע אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטי־טוט, פון דער אידיש־אָפּטיילונג אין סיטי קאַלעדזש פון ניו־יאָרק און פון דער אידיש־קאַטעדרע פון אוניווערזיטעט אין ירושלים.

## 49

# די הסתדרות עברית, די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פון דער העברעאישער קולטור אין אַמעריקע

**„הדואר" (די פּאָסט), די איינציקע וואָכנשריפט, וואָס אידן איבער דער גאַנצער וועלט האָבן געהאַט אויסער מדינת ישראל, איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער הסתדרות עברית. — באַדייטנדע צאָל העברעאישע שרייבער זיינען געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע. — אַרום דרייסיק טויזנט אידן זיינען געווען אַקטיוו פאַראינטערעסירט אין דער העברעאישער קולטור־באַוועגונג אין אַמעריקע. — די טעטיקייט צווישן די העברעאישע לערער און צווישן דער יוגנט.**

די הסתדרות עברית איז די אָפיציעלע אָרגאַניזאַציע פון די העברעער אָדער העברעאיסטן אין אַמעריקע. געגרינדעט געוואָרן איז די הסתדרות עברית אין יאָר 1917 אין ניו־יאָרק, ווען אויף דער אידישער גאַס אין אַמעריקע האָט געברענט און געפלאַקערט מיט פאַרשידענע באַוועגונגען, וואָס האָבן פאַרמאָגט אַ רייכע אידעאַליסטישע יוגנט. סאָציאַלע גערעכטיקייט איז געווען די פאָן, וואָס האָט געפלאַטערט איבער די קעפּ פון די יונגע אידישע אימיגראַנטישע מאַסן און אויך דער קאַמף אַרום דער „שפּראַכן פראַגע" האָט געשאַפן אַ סך הייס און בייז בלוט אין דעם גרויסן אידישן לעבן, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין פאַרמירן דאָן אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. צו יענער צייט האָבן געלעבט און געווירקט אַזעלכע אידישע פערזענלעכקייטן ווי שמריהו לעווין, ראובן ברייגין, חיים טשערנאָוויץ און זיי זיינען געווען צווישן די ערשטע פרעזידענטן פון דער הויפּט־העברעאישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. די רייען פון די העברעאיש־רעדנדע עלעמענטן

זייַנען אין אַמעריקע דאָן געווען גאַנץ שטאַרק, און עס איז אין יאָר 1922 אין ניו־יאָרק אויף פּריוואַטער איניציאַטיוו געגרינדעט געוואָרן אַ טעגלעכע צייטונג אין דער העברעאישער שפּראַך אונטער דעם נאָמען „הדואר", וואָס מיינט „די פּאָסט". ווי עס זעט אָבער אויס, איז דער העברעאישער טאָג־צייטונג, „פּאָסט", ניט באַשערט געווען לאַנג צו צירקולירן, און די הסתדרות עברית האָט איבערגענומען דעם „הדואר". די צייטונג האָט אַלס טעגלעכע אויסגאַבע עקזיסטירט ניט מער ווי פינף חדשים. אין 1923 איז דער „הדואר" ווידער אויפגעלעבט געוואָרן אַלס אַ וואָכנצייטונג, צוערשט אונטער אַ רע־דאַקציע־ראַט פון דריי און זינט 1924 אונטער דער אָנפירערשאַפט פון מנחם ריבאַלאָוו, וועלכער איז ביז זיין פּלוצימדיקן טויט, אין 1953, געווען דער הויפּט־אָנפירער פון דער העברעאישער באַוועגונג אין אַמעריקע. דער נייער רעדאַקטאָר פון „הדואר" איז געוואָרן מ. מייזלש, אַ העברעאישער שרייבער פון יונגערן דור און אַ טיפער אידישער דענקער. די הסתדרות עברית האָט זיך אַנטוויקלט אין משך פון יאָרן אין אַ באַוועגונג מיט פאַרשידענע צווייגן.

זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל האָט די העברעאישע שפּראַך געקראָגן אַ גאָר נייעם סטאַטוס ביי די אידן אין אַמעריקע, פּונקט ווי ביי די אידן אין אַנדערע לענדער, אַזוי אויך ביי דער גאַנצער וועלט אין אַלגעמיין. העברעאיש, וואָס איז ביי אידן אַלעמאָל אָנגערופן געוואָרן „לשון קודש", די הייליקע שפּראַך, האָט אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט באַוויזן דעם גרויסן נס צוריקצוקומען צו פולן לעבן אַלס די אָפיציעלע שפּראַך פון אַ ניי אויפגעקומענער מדינה. העברעאיש איז געוואָרן ווידער די שפּראַך פון אַ באַנייטן לאַנד, וואָס כאָטש קליין אין געאָגראַפישער טעריטאָריע, איז דאָס אידישע לאַנד אָבער גרויס, און מען מעג אפילו זאָגן מעכטיק אין גייסטיקן כח און היסטאָרישן פּרעסטיזש.

אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט איז דאָס קענען די העברעאישע שפּראַך געוואָרן ניט בלויז אַן ענין פאַר וואוילגעלערנטע באַלעבאַטישע אידישע יונגעלייט, לויט דעם שטייגער פון דער אַמאָליקער אידישער איב־טעליגענציע, נאָר עס איז געוואָרן אויך אַן ענין פון פּראַקטישקייט און טאָג־טעגלעכן נוץ. דאָס אַלץ האָט, נאַטירלעך, אַוועקגעשטעלט די באַוועגונג פון העברעאישער קולטור אין אַמעריקע אויף אַ גאַנץ אַנדער מדרגה. און זייער טרעפלעך איז עס טאַקע דערפאַר געווען דער אַנאַליז, וואָס עס האָט ביי אַ צוזאַמענקונפט געמאַכט דער אַמבאַסאַדאָר פון מדינת ישראל אין אַמעריקע, אבא איבען, ווען ער האָט אָנגעוויזן אויף דער ראָל, וואָס העברעאיש וועט דאַרפן שפּילן אין דער באַציאונג צווישן די אידן פון אַמעריקע און

ישראל. די אַנטשיידענע פראַגע איז: וואָס וועט זיין, ווען ישראל וועט שוין האָבן איינגעשטעלט איר פּאָליטישע אומאָפּהענגיקייט, אַזוי אַז זי וועט שוין ניט דאַרפן אָנקומען צו דעם אַמעריקאַנער אידנטום פאַר דער פאַרטיידיקונג פון איר פּאָליטישן סטאַטוס? וואָס וועט זיין, ווען ישראל׳ס פּראָדוקטיוויטעט וועט גרייכן אַזאַ מדרגה, אַז די באַציאונגען מיטן אַמעריקאַנער אידנטום וועלן מער ניט טראָגן דעם כאַראַקטער פון דעם, אַז ישראל נויטיקט זיך שטאַרק אין דער מאַטעריעלער הילף פון די אידן אין אַמעריקע? וואָס וועט דאַן זיין די קראַפט, וואָס וועט אונז פאַרבינדן? וואָס וועט דאַן זיין דער פאָדעם, דער אַזוי־גערופענער, פּראַקטישער פאָדעם, וואָס וועט האַלטן פאַר־בונדן די נייע דורות אַמעריקאַנער אידן מיט ישראל? וואָס וועט זיין דער פּראַקטישער שנור, דער גייסטיקער טאָג־טעגלעכער בונד? —

די רייד פון אַמבאַסאַדאָר איבען זיינען געווען זייער טרעפלעך. און דאָס לעבן אַליין, דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן האָט גערעדט מיט פיל דערפאַרונג און די פּראַקטישע אידישע יוגנט פון אַמעריקע פאַרשטייט גאַנץ גוט און שנעל אַזעלכע רייד. די אידייע פון קענען העברעאיש איז דערפאַר אין אַמעריקע געוואָרן אַן ענין פון זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט און פון לאָגישער נוץ. נאַטירלעך, מען דאַרף ניט מיינען, לאָמיר זאָגן, אַז אין די ערשטע צען יאָר נאָך דעם אויפקום פון ישראל האָט זיך „די גאַנצע" אַמעריקאַנער אידישע יוגנט אַוועקגעלאָזט לערנען העברעאיש אין מאַסן, אָבער אַ פאַקט איז, אַז טויזנטער און טויזנטער אידישע קינדער אין אַמעריקע האָבן זיך גאַנץ שנעל פאַראינטערעסירט מיט לערנען העברעאיש זינט דעם אויפקום פון דער אידישער מדינה. עס איז אַ פאַקט, אַז אין די ניו־יאָרקער האַי־סקולס איז העברעאיש געוואָרן איינע פון די פּאָפּולערסטע „פרעמדע שפּראַכן", וואָס סטודענטן האָבן אויפגענומען. עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז אין 28 יאָר, וואָס די באַוועגונג צו לערנען העברעאיש אין האַי־סקולס האָט עקזיסטירט, האָבן איבער 100 טויזנט אידישע סטודענטן שטודירט די העברעאישע שפּראַך. העברעאיש איז אויך געוואָרן אַן אָנערקענטער געגנ־שטאַנד אין אַרום 1,400 קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן פון אַמעריקע. (גענוי וועגן העברעאיש אין די אַמעריקאַנער האַי־סקולס און קאַלעדזשעס זע באַזונדער קאַפּיטל אין זעלבן באַנד).

אָבער מען מוז, נאַטירלעך, צוגעבן, אַז בלויז פון דעם לערנען העברע־איש אין די האַי־סקולס און קאַלעדזשעס וועלן קיין גענוג העברעאיש־רעדנדע אָדער אפילו העברעאיש־לייענענדיקע אידן ניט אַרויסקומען. אין אַמעריקע אָבער האָבן איבער 40 טויזנט אידישע קינדער געלערנט צו דער

זעלבער צייט אין ישיבות קטנות. אויך אין די העכערע אידישע לער־אַנשטאַלטן האָבן געלערנט טויזנטער אידישע יונגעלייט. און דאָס אַלץ צוזאַמען מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז דאָס וויסן פון העברעאיש האָט אויך געהאַט אַ גרויס פּראַקטיש נוצן און איז פּשוט אויך שוין פאַרבונדן געווען מיט דער פראַגע פון „מאַכן אַ לעבן״, האָט אין גאַנג פון די יאָרן געשאַפן אַ גאָר גרויסן אויסזיכט פאַר אַ וואַקסענדער מאַסע אידן אין אַמעריקע, וואָס זיינען פאַראינטערעסירט צו קענען העברעאיש. מיר מוזן דאָ אויך צוגעבן, אַז די וואַקסנדע צאָל דערפאָלגרייכע העברעאישע זומער־קעמפּס פאַר קינדער איז געווען אַ נייער, דערמוטיקנדער כח אין דער באַוועגונג צו פאַרשטאַרקן די העברעאישע קולטור־פּאָזיציעס אין אַמעריקאַנער אידנטום.

דאָס אַלץ אָבער, קען מען זאָגן, איז געווען „צוקונפטס מוזיק״! וואָס זיינען געווען די פאַקטן? ווי האָט עס געהאַלטן אין אַלגעמיין מיט העברעאיש אין אַמעריקע?

גייען מיר דערפאַר ווידער אַריבער צו דער אָפיציעלער אינסטאַנץ פון דער העברעאישער קולטור־באַוועגונג אין אַמעריקע, צו דער הסתדרות עברית, און מיר באַקענען זיך גענויער מיט אירע אויפטוען.

דער הויפּט־אויפטו פון דער הסתדרות עברית איז אַלץ באַשטאַנען אין דעם פאַקט, וואָס זי האָט באַוויזן די גאַנצע צייט אויפצוהאַלטן די וואָכן־צייטונג „הדואר״, וואָס האָט דערגרייכט אַ צירקולאַציע פון אַרום אַכט טויזנט עקזעמפּלאַרן. דער „הדואר״ איז געווען די איינציקע וויכטיקע פּעריאָדישע אויסגאַבע אין העברעאיש אין דער גאַנצער וועלט, אויסער מדינת ישראל. דער „הדואר״ האָט זינט 1931 אויך געהאַט אַ צוויי־וועכנטלעכע ביילאַגע פאַר קינדער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „הדואר לנוער״. די ביילאַגע איז באַשטאַנען פון פיר גרויסע זייטן, מיט נקודות, אילוסטרירט און געדרוקט אויף בעסער פּאַפּיר.

זינט 1941 האָט דער „הדואר״ אויך געהאַט אַ ספּעציעלע ביילאַגע פאַר יוגנטלעכע לייענער פון האי־סקול עלטער, אונטער דעם נאָמען „מוסף לקורא הצעיר״.

אינטערעסאַנט און וויכטיק ביז גאָר איז געווען דער פאַקט, וואָס ביט קוקנדיק דערויף, וואָס דער עולם העברעאישע לייענער איז געווען באַגרעניצט אין אַמעריקע, אין פאַרגלייך, למשל, מיט די הונדערטער טויזנטער אידן, וואָס האָבן געלייענט די פּרעסע אויף אידיש, פונדעסטוועגן זיינען שוין אויפגעוואַקסן אַ צאָל העברעאישע שרייבער אין אַמעריקע. און ווען מען גיט אַ טראַכט, דערוויסט מען זיך, אַז אַ היפּשע צאָל רבנים און ראַבאַיס, וועלכע האָבן

געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין דער גרויסער אַמעריקאַנער אידישער גע־מיינדע, זיינען שוין געווען הי־געבוירענע. און אַ צאָל פון אָט די ראַבאַיס זיינען געווען אָנגעזעענע שרייבער און פאָרשער ניט בלויז אין ענגליש, נאָר אויך אין העברעאיש. דערפאַר אפשר איז עס ניט געווען איבערטריבן דער שטאָלץ, וואָס די הסתדרות עברית האָט געהאַט צוליב דער אויסגאַבע „ניב״, וואָס מיינט „שפּראַך״, און וועלכע איז געווען באַשטימט ספּעציעל פאַר דער אַנטוויקלונג פון יונגע העברעאישע שרייבער אין אַמעריקע. די הסתדרות עברית האָט אויך געהאַט געשאַפן אַ קלוב פאַר יונגע העברעאישע שרייבער אין לאַנד.

די העברעאישע פעדעראַציע האָט אויך געהאַט איר אייגענעם ביכער־פאַרלאַג, אונטער דעם נאָמען „עוגן״ (אָגען), וואָס מיינט אין אידיש „דער אַנקער״. דורך דעם דאָזיקן פאַרלאַג האָט די הסתדרות עברית אַרויסגעגעבן איבער 200 פאַרשידענע ביכער פון וויסנשאַפטלעכן און ליטעראַרישן כאַראַקטער. אַ באַזונדער פאַרלאַג פאַר קינדער־ליטעראַטור אונטער דעם נאָמען „עוגן לילדים״ האָט אויך עקזיסטירט ביי דער הסתדרות. עס זיינען אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן אילוסטרירטע קורצע מעשה׳לעך פאַר קינדער אין דער פאָרם פון אַמעריקאַנער „קאָמיקס״. אויך קלאַנג־פילמען מיט לידער פאַר קינדער.

דער פאַרלאַג „עוגן״ האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלן יערלעכן זאַמלבוך „ספר השנה ליהודי אמריקה״. נאָך אַ שריפט — יעדע דריי מאָנאַטן — האָט די הסתדרות אַרויסגעגעבן אונטער דעם נאָמען „מבוע״ — דער קוואַל, דער פאָנטאַן.

די הסתדרות עברית האָט פאַרמאָגט אַרום זיבעציק חוגים, קרייזן פאַר העברעאישער קולטור־טעטיקייט איבערן לאַנד. דער נאַציאָנאַלער ראַט פון דער הסתדרות איז באַשטאַנען פון די פאָרזיצערס פון די דאָזיקע פאַרשידענע צווייגן. צווישן די אַקטיווע פירער פון דער הסתדרות עברית האָבן זיך געפונען דר. שמואל מירסקי, דר. ש. פעדערבוש, דר. יוסף טענענבוים, דר. משה דייוויס, דר. ש. בלומענפעלד, וויליאַם זאַלצמאַן, באָריס מאַרגאָלין, די שולזינגער ברידער, מ. ב. ניומאַן, ירחמיאל וויינגאַרטן און אַ ריי אַנדערע.

דער דעפּאַרטמענט פון קולטור און דערציאונג פון דער אידישער אַגענטור האָט קאָאָפּערירט מיט דער הסתדרות עברית אין זיינע פאַרשידענע טעטיקייטן און געגעבן אַ גרויסע יערלעכע סובסידיע פאַר דער דורכפירונג פון די פאַרשידענע פּראָיעקטן. דער אַגענטור׳ס סובסידיע צו דער הסתדרות עברית איז אין 1954 געווען 44 טויזנט מיט 500 דאָלער. פאַרן „הדואר״

אַליין האָט די אַגענטור בייגעטראָגן די סומע פון 15 טויזנט דאָלער. פאַר דער אָרגאַניזירונג פון העברעאישע קרייזן איבערן לאַנד — 10 טויזנט דאָלער.

אויך די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט קאָאָפּערירט מיט דער הסתדרות עברית ביי פאַרשידענע קולטור־פּראָיעקטן.

אין יאָר 1957 האָט די הסתדרות עברית זיך אַריינגעצויגן אין איר אייגענער היים, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי געביידעס, אויף 120 וועסט 16טע גאַס, ניט ווייט פון דער זעקסטער עוועניו, אין מאַנהעטן. דאָ האָבן זיך שוין אויך געפונען די רעדאַקציע פון „הדואר" און אויך די אָפּיסעס פון די „מסד"־קעמפּס. (אין משך פון לאַנגע יאָרן האָט זיך די הסתדרות עברית פריער געפונען אויף 165 וועסט 46טע גאַס, ביי בראָדוויי, אַ געביידע וואו עס האָבן געהאַט זייער היים אַ צאָל נאַציאָנאַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס).

די הסתדרות עברית איז אויך געשטאַנען אין נאָענטער פאַרבינדונג מיט דער העברעאישער לערער־פעדעראַציע — הסתדרות המורים העברים, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף איר איניציאַטיוו, און געגעבן אַ רעגלמעסיקע סובסידיע צו דעם העברעאישן לערער־זשורנאַל „שבילי החנוך" (די וועגן פון דערציאונג), וואָס איז דערשינען יעדע דריי חדשים. אין ניו־יאָרק אַליין זיינען געווען אַרום טויזנט העברעאישע לערער, פיל פון זיי אַמעריקאַנער געבוירענע. טויזנט לערער זיינען געווען אַ פיינער קולטור־כח פאַר דער הסתדרות ביי אַלע אירע פּראָיעקטן.

די הסתדרות עברית האָט אויך אָנגעפירט מיט העברעאישע קורסן פאַר דערוואַקסענע. די פאַרשידענע חוגים איבערן לאַנד זיינען דערמוטיקט געוואָרן איינצופירן רעגלמעסיקע אָוונט־קורסן צו לערנען די העברעאישע שפּראַך און העברעאישע קולטור. אינסטרוקציעס און פאַרשידענע רעקאָמענדאַציעס זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן, אַז די קורסן זאָלן אַוועקגעשטעלט ווערן אויף דער געהעריקער הויך. די הסתדרות האָט אויך אַרויסגעשיקט דורך דער פּאָסט לעקציעס אין העברעאיש. עס הייסט, אַז מען האָט געקענט לערנען העברעאיש אויף אַזוי גערופענע קאָרעספּאָנדענץ־קורסן. צווישן די סטודענטן האָבן זיך געפונען פיל אַמעריקאַנער געבוירענע ניט בלויז פון ערשטן דור, נאָר אויך פון צווייטן און דריטן דור. די הסתדרות האָט אויך דורכגעפירט גרעסערע אָוונטן פון העברעאישער קולטור און אָראָפּגעבראַכט וויכטיקע קולטור־שלוחים פון מדינת ישראל.

אַ גאָר דערפאָלגרייכע טעטיקייט האָט די הסתדרות עברית אַנטוויקלט אויף דעם געביט פון העברעאישע קעמפּס פאַר קינדער, באַוואוסט אונטער

דעם נאָמען „מסד". די קעמפּס זיינען געוואָרן אַ מוסטער אויף זייער געביט. (וועגן די „מסד"־קעמפּס, זע באַזונדער קאַפּיטל אין באַנד צוויי).

די הסתדרות עברית, אַלעמאַל פּאַראינטערעסירט אין קינדער דערציאונג מיט דעם טראָפּ אויף העברעאישער קולטור, האָט אויך זיך גענומען אויף די איניציאַטיוו צו שאַפן אַ ספּעציעלע קונסט־שול פאַר מוזיק און טאַנץ, אונטער




די היים פון דער הסתדרות עברית, די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע צו פאַרשפּרייטן די העברעאישע שפּראַך און העברעאישע קולטור אין אַמעריקע.

דעם נאָמען „בית ספר למוסיקה ולריקוד". קינדער אין עלטער פון 6 ביז 14 האָבן זיך געלערנט אידישע און ישראל־מוזיק און טענץ. דער איינפלוס פון ישראל אויף דער מוזיק אין אַלגעמיין איז געשטודירט געוואָרן אין דער דאָזיקער שולע.

די הסתדרות האָט אויך פון צייט צו צייט אָנגעפירט מיט אַ העברעאישן טעאַטער.

די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע אידישע אָרגאַניזאַציעס און אַלע פראַקציעס

פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און זייערע יוגנט־אָפּטיילונגען זיינען געשטאַ־נען נאָענט צו דער הסתדרות עברית אין איר פאַרצווייגטער אַרבעט.

עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז אַרום דרייסיק טויזנט אידן אין אַמעריקע זיינען אויף אַזאַ אָדער אַנדער אופן געווען אַקטיוו פאַראינטערעסירט אין דער העברעאישער קולטור־באַוועגונג אין אַמעריקע.

די הויפּט־דעמאָנסטראַציע פאַר דער העברעאישער קולטור אין אַמע־ריקע האָט די הסתדרות עברית דורכגעפירט יערלעך אין דער פאָרם פון אַ ספּעציעלן חודש־עברי, אַ חודש געווידמעט צו העברעאיש. פאַרזאַמלונגען זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין אידישע קאָמיוניטי און סינאַגאָגן צענטערס. אין די פאַרשידענע קינדער־שולן זיינען דורכגעפירט געוואָרן ספּעציעלע פייערונגען מיט רעדעס און שפּילן אין העברעאיש. אויף דער ראַדיאָ איז גערעדט געוואָרן און אין דער פּרעסע איז געשריבן געוואָרן וועגן די צילן און אויפגאַבן פון דער הסתדרות עברית. אין די שולן צווישן די קינדער זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן ספּעציעלע פּאָסט־מאַרקעס פון חודש עברי. קינ־דער זיינען גערופן געוואָרן זיך אָנצושליסן אַלס מיטגלידער פון יוגנט־אָפּטייל פון דער הסתדרות. אויסצייכענונגען זיינען געגעבן געוואָרן צו תלמידים פאַר פאַרקויפן וואָס מער מאַרקעס פון „חודש עברי". שבת זיינען אין פיל שולן געהאַלטן געוואָרן דרשות לכבוד דער הסתדרות עברית. ספּעציעלע אויסשטעלונגען זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן. מיט איין וואָרט, די הסתדרות עברית האָט אין דעם ספּעציעלן חודש געזוכט צו פאַראינטע־רעסירן וואָס מער אידן אין אַמעריקע אין דער העברעאישער קולטור. און כאָטש די רעזולטאַטן זיינען אַלץ ניט געווען גרויס גענוג, ווייל צו הנאה האָבן פון העברעאיש פאָדערט זיך ניט בלויז אַ באַשלוס, נאָר אויך טאַקע קענטניש — דאָך האָבן די פירער פון דער העברעאישער קולטור־באַוועגונג אין אַמעריקע זיך געפילט גאַנץ האָפּערדיק, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז דער מאָרגן, די צוקונפט, באַלאַנגט, אין אַ געוויסן הינזיכט, צו זיי!

# 50

# איווא אין ניו יאָרק איז געוואָרן וועלט צענטער צו זאַמלען מאַטעריאַלן פון אַלע אידישע ישובים

דער אידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט זיך ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה באַזעצט אין אַמעריקע. — מ'האָט זיך געהאַט געשראָקן, אַז די גרויסע אינסטיטוציע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע, וועט ניט קענען זיך איינבירגערן און שלאָגן וואָרצלען אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן. — ווי אַזוי דער איווא האָט זיך צוגעפּאַסט צו די נייע אומשטענדן און געוואָרן אַ הויכע אַקאַדעמישע פאָרשונג אינסטי־טוציע, וואָס גייט אַריבער די גרעניצן פון „בלויז אידיש". — דער אינטערעס פון דער אַמעריקאַנער געבוירענער און אַמעריקאַנער דערצויגענער אידישער אינטעליגענץ אין אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. — די פאַרשידענע פּראָיעקטן און אויפטוען פון איווא.
— איווא און מדינת ישראל.

דער אידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, וועלכער איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1925 אין ווילנע, אַלס די צענטראַלע און וויכטיקסטע אינסטיטוציע צו זאַמלען מאַטעריאַלן וועגן אידישן לעבן איבער דער גאַנצער וועלט, האָט זינט דעם אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה געפונען זיין שטענדיקע היים אין ניו יאָרק. מיט דעם באַזעצן זיך פון אינסטיטוט, וואָס איז געווען באַוואוסט אונטער דעם פאַרקירצטן נאָמען 'איווא" אין ניו יאָרק, האָט דאָס אַמעריקאַנער אידנטום צוגעקראָגן אַ גאָר וויכטיקע

אינסטיטוציע, וואָס האָט פֿאַרזיכערט פֿאַר דעם גרויסן אידישן ישוב אין אַמעריקע נאָך אַ פֿירנדע קולטור־פּאָזיציע פֿון אינטערנאַציאָנאַלן פֿאַרנעם.

דער אידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט איז געקומען קיין אַמע־ריקע ניט ווי אַ פֿרעמדער, ניט ווי אַן אומבאַקאַנטער. ווייל באַלד נאָך דעם, ווי דער אינסטיטוט איז געבוירן געוואָרן אין ווילנע, האָט זיך געגריב־דעט אין אַמעריקע, טאַקע אין ניו־יאָרק, דער אַמעריקאַנער אָפּטייל פֿון איווא. און כאָטש די אַמעריקאַנער אָפּטיילונג איז צוערשט אָרגאַניזירט געוואָרן מיט דעם צוועק צו שאַפֿן פֿאָנדן, כדי צו שטיצן דעם צענטראַלן אינסטיטוט אין ווילנע, האָט זיך אָבער מיט דער צייט אָרגאַניזירט אַ גאַנצע גרופּע פֿאָרשער אויך אין אַמעריקע, וועלכע האָט אָנגעהויבן צו טאָן איר אייגענע זאַמל־ און פֿאָרש־אַרבעט אויפֿן אָרט. ווען דער ווילנער איווא איז געקומען קיין ניו יאָרק אין 1939, האָט ער זיין ערשטע היים געהאַט אין דער געביידע פֿון „האַיאַס” אויף 425 לאַפֿאַיעט סטריט. אין דעצעמבער 1942 האָט דער איווא זיך אַריינגעצויגן אין זיין נייער אייגענער היים אויף 535 וועסט 123טע גאַס, אַ באַקוועמע און גוט צוגעפּאַסטע געביידע, וואָס דער באַרימטער פֿילאַנטראָפּ און געזעלשאַפֿטלעכער טוער, דזשעיקאָב שיף האָט ספּעציעל אויפֿגעבויט אין יאָר 1902 פֿאַרן אידישן טעאָלאָגישן סע־מינאַר. אין 1929 האָט דער סעמינאַר זיך אַריינגעצויגן אין זיין נייער היים אויף בראָדוויי און 122טע גאַס, און די געביידע אויף 535 וועסט 123טע גאַס איז אַ צייט לאַנג נאָך גענוצט געוואָרן אַלס די סינאַגאָגע פֿון סעמינאַר. פֿון 1942 ביז 1955 האָט דער אידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט זיך געפֿונען אין דער דאָזיקער באַקוועמער היים און איז געווען אַ שכן ניט בלויז פֿון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, נאָר פֿון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט, פֿון דער דזשוליאַרד סקול אָוו מיוזיק און פֿון אַ גאַנצע ריי אַנדערע אַמערי־קאַנער הויכע לער־אַנשטאַלטן. אין 1955 האָט מען אָבער אָנגעהויבן צו בויען אַ גרויסן קאָאָפּעראַטיוון הייזער־פּראָיעקט לעבן סעמינאַר און אַ גאַנצע ריי געביידעס, צווישן זיי די איוואָ־היים, זיינען אַרונטערגעריסן געוואָרן. האָט דער איוואָ דאַן פֿאַר דער סומע פֿון איבער פֿיר הונדערט טויזנט דאָלער, וואָס ער האָט געקראָגן פֿון דער ניו־יאָרקער שטאָט־רעגירונג פֿאַר זיין געביידע, געקויפֿט אַ נייע היים, וואָס האָט זיך געפֿונען אויף 1048 פֿינפֿטער עוועניו, ביי דער 86טער גאַס. די נייע היים פֿון איוואָ איז געווען די היים פֿון איינער פֿון די גרעסטע מיליאָנערסקע פֿאַמיליעס אין אַמעריקע, די וואַנדערבילטס. אין דער געגנט, וואו דער איוואָ האָט געפֿונען זיין דריטע היים אין אַמעריקע, האָבן זיך גרופּירט אין אַ שטח פֿון אַ

פאַר צענדליק בלאָק אַ גאַנצע ריי פון די וויכטיקסטע אידישע אינסטיטו־ציעס אין אַמעריקע, צווישן זיי: דער קאָנסולאַט פון מדינת ישראל, די אידישע אַגענטור, דער אַמעריקאַנער אידישער קאָנגרעס, דער אידישער קולטור קאָנגרעס, דער אידישער מוזיי, די אידישע צדקה פעדעראַציע, דער דזשאָינט, דער נאַציאָנאַל פאָנד, די הסתדרות, דער אידישער לערער־סעמינאַר.

טשיקאַווע איז דאָ אויך אָנצואווייזן, אַז אַלע דריי היימען, אין וועלכע דער איוואָ האָט זיך געפונען אין אַמעריקע, זיינען געבויט געוואָרן פון מיליאָנערן: די ערשטע היים, אין האַיאַס, איז געווען אין אַ געביידע, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון דעם מולטי־מיליאָנער דזשאַן דזשייקאָב אַסטאָר



די נייע היים פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט (איווא) אויף דער 5טער עוועניו און 86טער גאַס, אין ניו־יאָרק.

אַלס אַ ביבליאָטעק. די צווייטע היים פון „איוואָ" איז געווען אין אַ געביידע אויפגעבויט פון דעם אידישן מיליאָנער דזשעיקאָב שיף — און די דריטע היים איז געווען אין אַ געביידע אויפגעבויט פון די וואַנדערבילטס.

דער אידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט גלייך ביי זיין גרינדונג זיך געשטעלט אַלס זיין אויפגאַבע צו זאַמלען מאַטעריאַלן פון אידישן לעבן אומעטום; מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דעם סאָציאַלן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן מצב פון די פאַרשידענע אידישע ישובים. פאַר דעם דאָזיקן

צוועק און כדי די זאַמל־אַרבעט זאָל זיין וואָס גענויער און טיכטיקער, האָט דער איוואָ, גלייך ביי זיין אָנהויב אין ווילנע, אַויסגעשפּרייט אַזוי ווי אַ נעץ פון שנורן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון אַלע עקן וועלט צו דער צענטראַלע אין דער ליטע. דער שרייבער פון די שורות האָט אַלס יונגער בחור זיך באַטייליקט אין איינער אַזאַ אָפּטיילונג פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט פון דעם דאַן נאָך גאָר יונגען און נייעם אידישן ישוב אין האַוואַנאַ, קובאַ. און אַזוי האָט דער איוואָ געאַרבעט און האָט ביז דעם יאָר 1939 געהאַט אָפּטיילונגען, צווייגן, גרופּען אין אַרום דרייסיק לענדער. צווישן די ערשטע גרינדער און טוער פון איוואָ האָבן זיך געפונען נחום שטיף, אליהו טשעריקאָווער, יעקב לעשצינסקי, זלמן רייזין, מאַקס ווײַנרייך, אברהם גאָלאָמב, ברוך (טשאַרני) וולאַדעק, י. נ. שטיינבערג, נחמן מייזיל, עמנואל רינגלבלום, שלמה גילינסקי און אַנדערע פירנדע אידישע פּערזענלעכקייטן.

אין עהרן־פּרעזידיום פון „איוואָ״ האָבן זיך געפונען דר. אַלבערט איינשטיין, דר. זיגמונט פרויד, און אַ ריי אַנדערע וועלט־באַרימטע אידן.

אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען אַן איבעררייס, נאַטירלעך, אין דער אַלוועלטלעכער טעטיקייט פון איוואָ. אָבער גלייך ביים סוף פון קריג אין 1945, האָבן אַזוי ווי די ערשטע שוואַלבן אין אַ פרילינג, מיט די ערשטע פאַרבינדונגען, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרן, זיך אָנגעהויבן צו מעלדן די פאַרשידענע פריינט און געטרייע זאַמלער און טוער פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. און די צאָל האָט זיך אויסגעשפּרייט אַביסל ברייטער ווי פריער און דערגרייכט 36 לענדער.

אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט דער איוואָ אַריינגעקראָגן אַ גרויסע צאָל נייע קאָלעקציעס פון דאָקומענטן פון אידישן לעבן פון פאַרשידענעם סאָרט און די איוואָ אַרכיוון האָבן געציילט איבער צוויי מיליאָנען איינסן. עקספּערטן און פאָרשער האָבן געהאַלטן, אַז דער איוואָ האָט פאַרמאָגט דעם פולסטן רעקאָרד, דעם רייכסטן אַרכיוו, פון דעם מאָדערנעם אידישן לעבן איבער גאָר דער וועלט. אויסער דעם, האָט דער איוואָ פאַרמאָגט אַ ביבליאָטעק פון געקליבענע ביכער, וואָס האָט געגרייכט ביז איבער צוויי הונדערט טויזנט.

דער אידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט אין משך פון זיין עקזיסטענץ אַנטוויקלט אַן אַקטיווע פאָרשערישע טעטיקייט אויף די פאָלגנדע געביטן: געשיכטע, עקאָנאָמישע אויספאָרשונגען און סטאַטיסטיקעס, פילאָ־לאָגיע, סאָציאָלאָגיע, ליטעראַטור, פּסיכאָלאָגיע, דערציאונג און פאָלקלאָר. עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז אין זיינע פאַרשידענע פּובליקאַציעס, אין

בראָשור און בוך פאָרם, אַריינרעכענענדיק די אינפאָרמאַטיווע בולעטינען זיינע, האָט דער איוואָ אָפּגעדרוקט איבער פופציק טויזנט זייטן. דער איוואָ האָט אַרויסגעגעבן פיר מאָל אַ יאָר אַ ספּעציעלע פּעריאָדישע אויסגאַבע, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „ידיעות פון איוואָ", און איז באַשטאַנען פון זעכצן זייטן. אַכט זייטן אין אידיש און אַכט אין ענגליש. גלייך אויף גלייך. אויסער דעם האָט דער אינסטיטוט אויך אַרויסגעגעבן די „איוואָ בלעטער", אַ יאָר בוך, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט גרעסערע אַרבעטן. דער יאָר־בוך איז באַשטאַנען פון אַרום דריי ביז פיר הונדערט זייטן. פּאַראַלעל מיט דער אידישער אויסגאַבע פון יאָר־בוך איז דערשינען אויך אַן אויסגאַבע אין דער ענגלישער שפּראַך, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „איוואָ עניועל אָוו דזשואיש סאָשל סייענס". אין אַלגעמיין מוז דאָ אָנגעוויזן ווערן, אַז דער אידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט זיך אָנגעהויבן צו באַנוצן אויף אַ גאַנץ ברייטן אופן מיט דער ענגלישער שפּראַך. אפילו אין דעם ריין אידישן באַנד האָט דער איוואָ געפונען פאַר נויטיק איבערגעבן ניט בלויז דעם אינהאַלט־פאַרצייכניש אין ענגליש, נאָר אויך דעם אינהאַלט זעלבסט אין אַ קורצער פאָרם פון יעדן אַרטיקל באַזונדער אין ענגליש. מיר זאָגן דאָס ניט לגנאי, חלילה. מיר ווילן בלויז אָנווייזן אויף דעם פאַקט, אַז דער אידיש־וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט גאַנץ שנעל באַגריפן, אַז מען האָט שוין געמוזט אָנקומען צו ענגליש, כדי צו העלפן אויפהאַלטן אידיש אין אַמעריקע. אין ענגליש האָבן די איוואָ בלעטער אָנגעהויבן צו דערשיינען אין 1945.

דער אידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט, זינט ער האָט זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, האָט זיך יאָרנלאַנג אַרומגעטראָגן מיט אַ געדאַנק צו שאַפן אַ שולע פאַר אידישע סאָציאַלע טוער. דער פּלאַן איז באַשטאַנען צו שאַפן מיט דער צייט אַ היכשול, וואָס זאָל הייסן „איוואָ גרעדיועיט סקול פאָר סאָשל סטאָדיס".

עס איז געווען אין יאָר 1948, ווען דער שרייבער פון די שורות האָט געהאַט אַ לענגערן געשפּרעך מיט דעם דאַמאָלסדיקן וויסנשאַפטלעכן דירעקטאָר און איינעם פון די הויפּט־גרינדער פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט נאָך אין ווילנע, דר. מאַקס וויינרייך.

דר. וויינרייך האָט דאַן אַנטוויקלט פאַר מיר אַ פּלאַן, ווי אַזוי דער אינסטיטוט האָט בדעה צוצוציען אויף אַ גאַר ערנסטן שטייגער די אַמעריקאַנער אידישע יוגנט. אַרום איוואָ האָבן זיך צו יענער צייט געהאַט גרופּירט אַ צאָל אַמעריקאַנער אידישע יונגע סטודענטן. דער איוואָ האָט אויך דאַן

אָנגעפירט מיט יערלעכע לעקציע־סעריעס — יענעם יאָר, אין 1948 — איז די טעמע געווען „אידישע גייסטיקע געשיכטע זינט 1700“ — און די דאָזיקע לעקציעס פלעגן באַזוכט ווערן פון כמעט אויסשליסלעך אַמעריקאַנער גע־בוירענער אידישער יוגנט, וואָס האָט שטודירט אין פאַרשידענע קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן פון ניו יאָרק.

„אין משך פון די קומענדע 18 מאָנאַטן וועט ביים איוואָ דערעפנט ווערן אַ „גרעדיועיט סקול אָוו דזשואיש סאָשל סטאַדיס“, אַ הויכשול פאַר אידישע קאָלעדזש־סטודענטן, וואָס ווילן זיך ספּעציאַליזירן אויף דעם געביט פון סאָציאַלע אידישע וויסנשאַפטן, אידישע שפּראַך, געשיכטע און ליטע־ראַטור. די „גרעדיועיט שולע פון אידישע סאָציאַלע וויסנשאַפטן“ ביים איוואָ וועט אַרויסגעבן דיפּלאָמעס און יעדער גראַדואירטער וועט קריגן דעם טיטול „דאָקטאָר פון אידישע סאָציאַלע וויסנשאַפטן“. אַזוי האָט מיר דר. מאַקס ווײַנרײַך געהאַט דערקלערט אין יאַנואַר 1948.

אָבער זינט דאַמאָלט זיינען אַ סך וואַסערן פאַרלאָפן. די גרופּע קאָלעדזש־סטודענטן האָבן טאַקע גראַדואירט פון די קאָלעדזשעס און אוניווערזיטעטן און יעדער איינער פון זיי האָט אויף „עפּעס“ געענדיקט, אָבער קיין סטו־דענטן אין אַ שול פאַר אידישע סאָציאַלע וויסנשאַפטן ביים איוואָ זיינען זיי ניט געוואָרן, ווייל אַזאַ שול איז ניט געשאַפן געוואָרן. און ניט געשאַפן געוואָרן איז אַזאַ שול אפשר דערפאַר, ווייל עס זיינען ניט געווען גענוג בעלנים פאַר אַזאַ לער־אַנשטאַלט אויף דער אידישער שפּראַך. כאָטש עס האָט אין ניו יאָרק, פּונקט ווי אין די מערסטע אידישע צענטערן אין אַמעריקע, זיך אָנגעהויבן צו פילן אַ שטאַרקער דוחק אין גוט געשולטע פּראָפעסיאָנעלע אידישע טוער. דערצו נאָך האָט די פירערשאַפט פון דער איוואָ אויסגעפונען, אַז זי האָט גענוג אַרבעט און פּראָיעקטן דורכצופירן אָן זיך פאַרנעמען מיט אַ פּלאַן צו גרינדן אַ מין הויכשול, צו וועלכער מען דאַרף האָבן אַ סך כח און געלט. דער געדאַנק פון אַזאַ שול איז אָבער צוערשט געקומען אַלס רעזולטאַט פון דער אַספּיראַנטור, וואָס דער איוואָ האָט געהאַט איינגעפירט נאָך אין ווילנע אין יאָר 1935, כדי צוצוגרייטן נייע פּראָפעסיאָנעלע פאָרשער פון אידישן לעבן. אין 1937 איז געשאַפן געוואָרן אויך אַ צווייטע אָפּטיילונג פאַר אינגערע סטודענטן אויף דעם פאָרשערישן געביט. איבער הונדערט יונגע מענער און פרויען האָבן געקראָגן זייער שולונג אין די דאָזיקע גרופּען. די אינגערע גרופּע האָט זיך גערופן „פּראָ־אַספּיראַנטור“. אָבער דאָס אַלץ איז געווען אין ווילנע.

ווען דער איוואָ האָט זיך באַזעצט אין ניו יאָרק, האָט ער אין 1940

אָנגעהויבן פאָרצוזעצן די אַרבעט פון צוגרייטן נייע פאָרשער. די אַספּי־ראַנטור און פּראָ־אַספּיראַנטור פון ווילנע זיינען איבערגעפלאַנצט געוואָרן קיין אַמעריקע און צוגעפּאַסט געוואָרן צו די אַמעריקאַנער אומשטענדן, און עס האָט זיך ביסלעכווייז געשאַפן אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק יונגע פרויען און יונגע מענער, וועלכע האָבן אויפגענומען אַ צאָל קורסן. אַרום אָט דעם דאָזיקן פּראָיעקט האָט זיך עס אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען דער פּלאַן פאַר אַ „איוואָ גראַדויִיט סקול פאָר דזשוּאיש סאָשל סטאַדיס". ווי געזאָגט אָבער, איז פון דעם פּלאַן ווינציק וואָס געוואָרן.

אַ פריידיקע דערשיינונג איז אָבער געווען דער פאַקט, וואָס אין דער סאַמע ממשותדיקער אַרבעט גופא, אין דער פאַרוואַלטונג און אין די פאַר־שידענע פאָרשערישע אָפּטיילונגען פון איוואָ, האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אויך אייניקע אַמעריקאַנער געבוירענע טוער און פירער. און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, איז מען געוואָרן אַלץ מער איבערצייגט, אַז דער אידישער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט האָט אָנגעהויבן אַריינצוואַקסן אין דעם אַלגעמיינעם בילד פון אידישן לעבן אין אַמעריקע און אַרויס פון די ענגערע ראַמען, וואָס די אידיש רעדנדיקע וועלט האָט מיט זיך פאַר־געשטעלט. עס איז היפּש פיינלעך און עס טוט ווי צו שרייבן אַזעלכע ווערטער, ווען עס קומט צום „איוואָ", וואָס האָט מיט זיין גאַנצער עקזיסטענץ פון זיין סאַמע אָנהויב־אָן געדינט אַלס אַ מין דעמאָנסטראַציע פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז אָט זעט! מיר האָבן שוין אויך אויף אידיש אַ וויסנשאַפט־לעכן אינסטיטוט און דער נאָמען „איוואָ" איז אין משך פון יאָרן געוואָרן ווי אַ פאָן, אַ פאַקעל, וואָס די בויער, די פּאַטריאָטן פון דער אידישער קולטור אויף אידיש, האָבן הויך אויפגעהויבן אין אַלע ווינקלען פון אידישן לעבן איבער דער וועלט! אָבער — אין מיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אין דעם גרעסטן אידישן ישוב אין דער גאַנצער וועלט, וואו אידישקייט האָט אַלץ מער און מער אָנגעהויבן איבערצוגיין אויף ענגליש, און ענגליש האָט אָנגע־הויבן צו פאַרבייטן אידיש אין אַלע אינסטיטוציעס, האָט אויך דער איוואָ זיך, נאַטירלעך, אָנגעהויבן צוצופּאַסן צו די אומשטענדן. און עס איז דער־גאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט אפילו געפונען פאַר נויטיק „זיך פּלוצים צו כאַפּן", אַז אין די אַלע יאָרן פון איוואָ׳ס עקזיסטענץ איז דער ענגלישער נאָמען געווען, נעבעך, „אַ פאַרגרייזטער". דער איוואָ האָט איבער דרייסיק יאָר צייט, זיך גערופן אויף ענגליש „אידיש סייענטיפיק אינסטיטוט". דאָס וואָרט „אידיש" איז אַריינגעזעצט געוואָרן אין ענגלישן נאָמען ווי אַ דע־מאָנסטראַציע, ווי אַן אָנזאָג, אַ לאָזונג. האָט מען דאָס אַלץ „רעווידירט"

און דער נאָמען איז געוואָרן: „איוואָ — אינסטיטוט פאַר דזשואיש ריסוירטש". ביי מיין אָנפראַגע אין איוואָ וועגן דער דאָזיקער ענדערונג איז מיר אויפגעקלערט געוואָרן, אַז דער נייער נאָמען איז מער פּינקטליכער און דריקט אויך מער אויס אין ענגליש די ריכטיקע אויפגאַבן פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. איז דאָס אַלץ טאַקע אמת. אָבער דער אמת׳ער אמת איז געווען, אַז דער איוואָ האָט אויך דורך „רעווידירן" זיין נאָמען געמאַכט נאָך אַ שריט אין דער ריכטונג פון צופּאַסן זיך צו די נייע אומשטענדן. און אונטער די נייע אומשטענדן האָט דער איוואָ אָנגעהויבן צו ווערן אַ וויכטיקע אַקאַדעמישע אינסטיטוציע צו פאָרשן דאָס אידישע לעבן אין אַלגעמיין און ניט שטעלן דעם הויפּט טראָפּ אויף אידיש, ווי דאָס איז געווען דער הויפּט־ציל ביי דער גרינדונג אין ווילנע, אין יאָר 1925, ווען די אידישע קולטור אויף אידיש האָט נאָך דורכגעמאַכט דעם פּעריאָד פון בליאונג.

ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן איז מיר אויסגעקומען צו זיין אין איוואָ. וויפל מאָל? ווער קען זיי ציילן! אָבער פון צייט צו צייט איז מיר אין מיין שרייבערישער אַרבעט אויסגעקומען צו האָבן לענגערע געשפּרעכן מיט די פאַרשידענע אָנפירער פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. צווישן זיי, אויסער דר. וויינרייך, אויך מענדל עלקין, דר. שלמה נאָבעל, מאַרק יואווילער, פּנחס שוואַרץ, י. קליגסבערג, איזידאָר רובינשטיין, איינער פון די אַקטיוויסטע פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער. איך האָב אַלעמאָל געהאַט די געלעגנהייט אַריינצוקוקן, ווילט זיך זאָגן, הינטער די קוליסן פון איוואָ און זען פון דער נאָענט די פאַרשידענע פּראָיעקטן און פּלענער, וואָס זיינען פון צייט צו צייט דורכגעפירט געוואָרן. און מען מוז זאָגן: דער איוואָ האָט אַלעמאָל געהאַט פאַנטאַזיע און ברייטן פאַרנעם. און איינע אַזאַ אונטערנעמונג פון היסטאָרישער באַדייטונג איז געווען דער פּנקס הקהילות, וואָס דער איוואָ האָט זיך אונטערגענומען צו שאַפן צוזאַמען מיט מדינת ישראל. די ישראל־רעגירונג האָט פאַר דעם דאָזיקן צוועק פון פאַראייביקן דעם אָנדענק פון די טויזנטער אידישע קהילות, וועלכע זיינען חרוב געוואָרן דורך דעם נאַציזם, געשאַפן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „יד ושם". אַ ספּעציעלער געזעץ איז פאַר דעם צוועק אָנגענומען געוואָרן אין דער כנסת. דער פּנקס הקהילות איז געפּלאַנט געוואָרן אויף דרייסיק אָדער פערציק בענדער מיט דעם צוועק צו באַשרייבן אַרום צוואַנציק טויזנט אידישע ישובים, וואָס די נאַצישע מחבלים האָבן אומגעבראַכט. מצד ישראל זיינען אין דער געמיינזאַמער קאָמיסיע פון פּנקס הקהילות באַשטימט געוואָרן

דר. ישראל היילפּערין, ברוך צוקערמאַן און זלמן שזר. מצד דעם איוואָ — ש. ניגער, לייבוש לערער און מאַרק יואווילער. (ליידער האָט עס אינמיטן יאָר 1957 אָבער אָנגעהויבן אויסצוזען, אַז דער גראַנדיעזער פּראָיעקט פון פּנקס הקהילות וועט ניט דורכגעפירט ווערן. און די מערסטע שוועריקייטן זיינען דווקא געקומען פון דעם ישראל׳דיקן צד).

אויף דעם פּנקס הקהילות־פּראָיעקט האָבן געאַרבעט אין איוואָ אַ גאַנצע גרופּע אידישע שרייבער און פאָרשער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַציזם. זיי האָבן געאַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון די צוויי היסטאָריקער דר. יעקב שאַצקי און דר. פיליפּ פרידמאַן. דער איוואָ האָט באַוויזן צו שאַפן אַ קאַטאַלאָג פון צוואַנציק טויזנט אידישע ישובים אין די פאַרשידענע לענדער פון אייראָפּע און אויך זאַמלען די וויכטיקסטע מאַטעריאַלן וועגן דעם אומקום פון די 6 מיליאָן אידן.

דער „איוואָ״ האָט אויך אַרויסגעגעבן דר. מאַקס ווײַנרייכ׳ס בוך „היטלערס פּראָפעסאָרן״, וואָס איז באַנוצט געוואָרן אַלס אַ וויכטיקער דאָקומענט ביים נירענבערגער פּראָצעס קעגן די נאַצישע הויפּט־הענקער. דר. יעקב שאַצקי׳ס „געשיכטע פון אידן אין וואַרשע״ אין דריי בענד איז אויך אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דעם „איוואָ״.

נאָך אַ וויכטיקע אונטערנעמונג ביים איוואָ איז געווען דאָס שרייבן די געשיכטע פון דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן. אַרום צען מחברים האָבן געאַרבעט איבער דעם דאָזיקן ווערק, וואָס איז אויסגעפּלאַנט געוואָרן אויף דריי בענדער. די געשיכטע איז געשריבן געוואָרן אין דער ענגלישער שפּראַך און צווישן אירע רעדאַקטאָרן האָבן זיך געפונען אַ צאָל אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע יונגעלייט, וועלכע האָבן געהאַט הויכע עמטער אין דער אַרבעטער באַוועגונג פון אַמעריקע. דערצו נאָך זיינען זיי געשטאַנען נאָענט צו דער אַלגעמיינער אַרבעט פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט.

נאָך אַ גאָר גרויסע אונטערנעמונג, וואָס איז געפירט געוואָרן אונטער דעם אויפזיכט פון איוואָ, איז געווען דאָס שאַפן פון אַ גרויסן מאָנומענטאַלן אידישן ווערטערבוך. אַ צאָל שרייבער און זאַמלער האָבן עטלעכע יאָר כסדר געאַרבעט, אונטער דער רעדאַקציע פון יודל מאַרק, אויף דעם דאָזיקן וויכטיקן פּראָיעקט.

אַן אַנדער וויכטיקער אויפטו פון איוואָ איז געווען דאָס אַרויסגעבן פון נחום סטוטשקאָוו׳ס „אוצר פון דער אידישער שפּראַך״, אַ זאַמלונג פון ניט מער און ניט ווייניקער ווי 175 טויזנט ווערטער.

אַ צאָל פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון איוואָ האָבן אַלס אַ טייל פון זייער טעטיקייט אויך אַרויסגעגעבן ספּעציעלע אויסגאַבעס. אַזוי האָט די לינגוויסטישע אָפּטיילונג אַרויסגעגעבן דעם זשורנאַל „אידישע שפּראַך", אין וועלכן עס זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן פאַרשידענע טעאָרעטישע און פּראַקטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן אידיש. דער זשורנאַל, וואָס פלעגט דערשיינען פיר מאָל אַ יאָר, האָט זיך געפונען אונטער דער רעדאַקציע פון יודל מאַרק, וועלכער איז געווען איינער פון די ערשטע מיטאַרבעטער פון איוואָ נאָך פון ווילנע אָן. דער איוואָ האָט פון צייט צו צייט אויך אַרויס־געגעבן ספּעציעלע זאַמלביכער, טיטולירט „היסטאָרישע שריפטן" און „פילאָ־לאָגישע שריפטן".

ביים אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט האָט אויך עקזיסטירט אַ קרייז פון אידישער געשיכטע פאָרשונג. אויך אַ קלוב, וואָס האָט זיך אָפּגעגעבן מיט אידישן פאָלקלאָר, איז געווען אַקטיוו ביים איוואָ. דער דאָזיקער קלוב האָט אַרויסגעגעבן אַ זשורנאַל אונטער דעם נאָמען „אידישער פאָלקלאָר". אין דעם ערשטן נומער פון זשורנאַל איז אָנגעוויזן געוואָרן, אַז דער פאָלק־לאָר קלוב ביי איוואָ אויפן נאָמען י. ל. כהן האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע פאָרצוזעצן אין אַמעריקע די אַרבעט פון זאַמלען פאָלקס־שאַפונגען מכל המינים, וואָס איז ביזן יאָר 1940 אָנגעפירט געוואָרן אין ווילנע. די רעדאַקציע האָט אין אַן אַריינפיר וואָרט געזאָגט דאָס פאָלגנדע: „זינט דעם אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען פּאַקטיש קיין גרעסערע זאַמלונגען פון אידישן פאָלקלאָר ניט פּובליקירט געוואָרן. פון דעם אַרכיוו אין ווילנע — די רייכסטע אידישע פאָלקלאָר־קאָלעקציע — איז ווייניק וואָס געבליבן. דאָס רוב פון די זאַמלערס און די אַקטיווסטע פאָרשערס פון פאָלקלאָר זיינען אומגעקומען".

דערפאַר האָט די גרופּע ביים איוואָ באַשלאָסן אָנצוהויבן אַן אַקטיווע זאַמל־אַרבעט אין אין אַמעריקע ווייטער ציען דעם גאָלדענעם שנור פון איוואָ טעטיקייט אויך אויף דעם דאָזיקן געביט. צווישן די אַקטיווע טוער און זאַמלער זיינען געווען אַ צאָל אַמעריקאַנער געבוירענע און אַמעריקאַנער דערצויגענע יונגע מענער און פרויען.

אויסער פאָלקלאָר האָט דער איוואָ אָבער זיך גאַנץ באַזונדערס אָפּגעגעבן מיט זאַמלען פאַרשידענע מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו דער אַנט־וויקלונג פון גרויסן אידישן ישוב אין אַמעריקע זעלבסט. ווייל איינע פון די גרעסטע און וויכטיקסטע געשעענישן אין דער גאַנצער אידישער גע־שיכטע, איז דאָס אויפקומען פון אַמעריקאַנער אידנטום. און דער איוואָ

האָט אין זיינע זאַמלונגען געהאַט אַן אוצר מיט בריוו פון און צו אידישע פאַמיליעס אין אַמעריקע און אויך די אַרכיוון פון די פאַרשידענע אידישע אָרגאַניזאַציעס און לאַנדסמאַנשאַפטן, וואָס האָבן דערציילט די פאַרשידענע איינצלהייטן פון זייער אנטוויקלונג. אויסער דעם, האָט דער איוואָ געהאַט די גרעסטע קאָלעקציע פון אידישע צייטונגען און זשורנאַלן, וואָס זיינען דערשינען דאָ אין לאַנד. דערצו נאָך איז דער איוואָ מיט דער צייט געוואָרן דער אָפיציעלער אַדרעס, וואוהין קינדער און אייניקלעך פון אימיגראַנטישע פאַמיליעס פלעגן ברענגען ביכער, פאַמיליע אלבומען, בילדער, פאַרשידענע פאַפּירן אין אידיש אָדער העברעאיש, וואָס איז זיי געבליבן פון זייערע עלטערן. אין די דאָזיקע מאַטעריאַלן האָט דער איוואָ געהאַט ניט בלויז נאָך אַ פאָרשונגס־קוואַל, נאָר אויך אַ גוטע געלעגנהייט צו באַזאָרגן נייע אידישע ישובים מיט אידישע ביכער. אַזוי האָט דער איוואָ געשיקט ביכער־זאַמלונגען צו אַ צאָל ישובים אין לאַטיין־אַמעריקע און אויך קיין ישראל. אַ גרויסע צאָל אידישע שרייבער האָבן איבערגעגעבן צום איוואָ זייערע אַרכיוון און אויך פּערזענלעכע בריוו־קאָלעקציעס, וואָס זיי האָבן געזאַמלט אַ לעבן־לאַנג. אַ היפּשע צאָל פון די דאָזיקע שרייבער־קאָלעקציעס האָבן געקראָגן אַן אָנגעזעען אָרט אין אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. פיל פאָרשער און געלערנטע פלעגן קומען אין איוואָ זיך באַנוצן מיט די פאַרשידענע זאַמלונגען און קאָלעקציעס פאַר זייערע אַרבעטן.

זינט דער איוואָ האָט זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק איז די יערלעכע איוואָ קאָנפערענץ געוואָרן אַ פייערלעכע פאַרזאַמלונגס־געלעגנהייט פאַר דער אידיש־רעדנדיקער און אידיש־שעפערישער אינטעליגענץ. די יערלעכע קאָנפערענץ פלעגט געוויינלעך פאָרקומען אָנהויב יעדעס יאָר, אין יאַנואַר חודש, און פלעגט מערסטנס אָפּגעהאַלטן ווערן אין גרויסן מאָדערנעם אַסעמבלי־האָל פון האָנטער קאָלעדזש, אויף פּאַרק עוועניו און 69טער גאַס. צו דער דערעפענונג פלעגן געוויינלעך קומען אַרום צוויי טויזנט פּערזאָן אָדער מער און מען פלעגט דאָרט זען די פּני פון דער אידישער קולטור וועלט. דער גרויסער עולם פלעגט קומען טראָץ דעם, וואָס יעדעס יאָר איז די דערעפענונג באַשטאַנען פון אַן אָפענער פלענאַרער זיצונג בלויז פון רעפעראַטן, אָן קיין שום „פּאַרוויילונגס פּראָגראַם", אָן קיין שום קאָנצערט־נומערן. אַ גאַנצע ריי אָנגעזעענע אידישע שרייבער, זיינען געווען אַקטיוו אין דעם אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט, צווישן זיי: לייבוש לעהרער, ה. לייוויק, סאָלאָמאָן דינגאָל, דר. שלמה ביקל, ברוך שעפנער, משה שטאַרקמאַן. דער איוואָ פלעגט ביי יעדער קאָנפערענץ באַגריסן די אידישע שרייבער צו זייע־

רע יובילייען. די יערלעכע קאָנפערענץ פלעגט פייערלעך דערעפנט ווערן שבת אָוונט און פלעגט אָנהאַלטן זונטיק אַ גאַנצן טאָג אין אַ גרויסן ערשט־קלאַסיקן האָטעל, וואו עס איז אין משך פון טאָג אָפּגעהאַלטן געוואָרן די צווייטע פלענאַרע זיצונג. אין אָוונט פלעגט אָפּגעהאַלטן ווערן אַ באַנקעט, וואו עס פלעגט געלייענט ווערן אַ צענטראַלער רעפעראַט אויף אַן אַקטועלער טעמע. איינער אַ רעפעראַט אַזאַ איז געווען „די באַציאונגען צווישן ארץ ישראל און דעם אידישן ישוב אין אַמעריקע״. די יערלעכע קאָנפערענץ פלעגט אָנהאַלטן ביז דאָנערשטיק און פלעגט אָפּהאַלטן אַ געשלאָסענע זיצונג פון דירעקטאָרן־ראַט, אַ פלענאַרע זיצונג (אין אוידיטאָריום פון איוואָ), ביי וועלכער עס פלעגן אויסגעטיילט ווערן די פּרעמיעס פון יערלעכן עסייען קאָנטעסט. די קאָנפערענץ פלעגט אין דורכשניט אויסהערן אַרום צוואַנציק רעפעראַטן, אַלץ ערנסטע פאָרשונגען וועגן אידישן לעבן אין אַמעריקע און אויך פון יענער זייט ים און פלעגט זיך געווייגלעך פאַרענדיקן מיט אַ געשלאָסענער זיצונג פון וויסנשאַפטלעכן פלענום.

יאָ! דער איוואָ האָט זינט זיין באַזעצן זיך אין ניו־יאָרק ניט בלויז געשלאָגן וואָרצלען אין אַמעריקע גופא, נאָר האָט באַוויזן נאָך מער צו באַרייכערן און אויסשפּרייטן זיין פילזייטיקע טעטיקייט. מיר ווייזן אָן אויף דעם דאָזיקן פאַקט, ווייל אין דער שווערער אידישער טראַגעדיע פון די נאַצישע יאָרן, האָט מען געמיינט, אַז צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע גרויסע קרבנות און פאַרלוסטן אונזערע, וועט אויך דער אידישער וויסנשאַפטלע־כער אינסטיטוט אונטערגיין, חלילה. ווייל מ׳האָט געמיינט, אַז אין דער אַמעריקאַנער סביבה וועט די גרויסע אידישע אינסטיטוציע, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין גייסט פון ווילנע, ניט קענען געדייען.

און אָט וואָס עס האָט וועגן אָט דעם דאָזיקן אינטערעסאַנטן ענין (אין עדיטאָריעלע קאָמענטאַרן, טיטולירט „דער וועלט־כאַראַקטער פון איוואָ״) געשריבן דער „איוואָ״ זעלבסט אין די „ידיעות״ פון יוני 1952:

„ניט אַלע האָבן געגלויבט, אַז עס וועט זיך איינגעבן צו פאַרפלאַנצן דעם צענטראַלן שטאַם פון איוואָ אין ניו־יאָרק. טייל האָבן געמיינט, אַז סיי דאָס איינגעוואָרצלטע קרעפטיקע לעבן, סיי דער מאַרטירער־טויט פון אידישן מזרח אייראָפּע, וועט מאַכן פּסיכאָלאָגיש שווער, אַז אַן אַנדער אידי־שער ישוב זאָל אָנהויבן צו שפּילן אַ צענטראַלע וועלט־ראָלע אין דער פאָרשונג פון אידישן לעבן, ווי ווילנע האָט עס געטאָן.

„צום גליק האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ווילנער ירושה איז געווען גרויס בייצוקומען אפילו די דאָזיקע פּסיכאָלאָגישע מניעה. איצט איז דער

איוואָ אין ניו־יאָרק דער צענטער פון אַ גרויסער פאַרצווייגטער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וואָס נעמט אַרום אָפּטיילן, אָפּצווייגן און קאָמיטעטן ניט בלויז אין די גרעסערע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע, נאָך אויך אין אַזעלכע לענדער ווי אַרגענטינע, בראַזיל, אורוגוואַי, טשילי, מעקסיקאָ, קובאַ, די לענדער פון צענטראַל אַמעריקע, אויסטראַליע, דרום אַפריקע, ענגלאַנד, דענעמאַרק, בעלגיע, פראַנקרייך און ישראל.

„אַ חוץ דעם פאַרמאָגט דער איוואָ קאָרעספּאָנדענטן אין 36 לענדער, אויך אין אַזעלכע, וואו קיין איוואָ אָרגאַניזאַציעס זיינען ניטאָ. זיי זאַמלען פאַרשידענע מאַטעריאַלן און שיקן זיי צום צענטער אין ניו־יאָרק. דער איוואָ האָט קאָרעספּאָנדענטן אין אַזעלכע ווייטע און פאַרוואָרפענע ווינקלען ווי באָמביי און אַדען.

אַחוץ אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע דערגרייכן די איוואָ פובליקאַציעס אין 54 לענדער. 1890 אוניווערזיטעטן, פאָרשונג־געזעלשאַפטן, ביבליאָטעקן, רעגירונגס אַגענטורן, אידישע אָרגאַניזאַציעס, רבנים, גע־לערנטע און אידישע געזעלשאַפטלעכע פירער פון פאַרשידענע לענדער איבער דער וועלט האָבן אויף זייער בקשה באַקומען פריי צוגעשיקט איוואָ־פובליקאַציעס. אין די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע דערגרייכט די דאָזיקע צאָל ביז 2,127".

אָט דאָס איז די געשיכטע — אין אירע ראשי פרקים — פון איוואָ אין אַמעריקע. עס איז די געשיכטע פון דער וויכטיקסטער אידישער פאָרשונג־אינסטיטוציע אויף אידיש, וואָס האָט געפונען, טראָץ אַלע שוועריקייטן און שטרויכלונגען, אַ וואַרעמע היים אין אַמעריקע.

## 51

# אידישער קולטור קאָנגרעס איז געוואָרן צענטער פון שעפערישן לעבן אויף אידיש

**אַלוועלטלעכער אידישער קולטור קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרן מיט דעם צוועק צו פאַרשטאַרקן און צעמענטירן קולטור לעבן אויף אידיש נאָך דעם גרויסן אידישן חורבן אין די נאַצי יאָרן. — קולטור קאָנגרעס איז געוואָרן פירשפרעכער פון אידישן קולטור־וועזן אויף אידיש לגבי דעם אַלגעמיינעם אידישן לעבן אין אַמעריקע. — די אַרבעט פון קולטור קאָנגרעס אויפן געביט פון אידישער דערציאונג. — די געשיכטע פון דער יוגנט אָפּטיילונג, וואָס איז צערונען געוואָרן. — דאָס אַטראַן קולטור־הויז און דער פרענק ז. אַטראַן פאָנד פון איבער אַ מיליאָן דאָלער פאַר אידישער קולטור אויף אידיש. — הויז פאַר אידיש־שרייבער אין מדינת ישראל.**

דער אַלוועלטלעכער אידישער קולטור קאָנגרעס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1948 און האָט זיך גלייך פון אָנהויב אָן געשטעלט אַן אויפגאַבע צו ווערן די צענטראַלע קערפּערשאַפט פון דער אידיש־וועלטלעכער קולטור אויף דער אידישער שפּראַך ניט בלויז אין די פאַראייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע, נאָר פון אַ גאַנצער ריי לענדער פון פאַרשידענע קאָנטינענטן. די דערעפענונג פון ערשטן צוזאַמענפאָר פון קולטור קאָנגרעס אין סעפּטעמבער 1948 איז געווען אַ היסטאָרישע געשעעניש אויף דער אידישער גאַס, ווייל עס איז געווען צום ערשטן מאָל, זינט עס זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע אַ גאַנצע ריי אידישע שרייבער און דיכטער, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַציזם. ביי דעם ערשטן צוזאַמענקום האָט מען געקענט

זען, ווי אידישע שרייבער זיינען זיך געפּאַלן אויף די העלזער און געווײנט פון פרייד, וואָס מען האָט דערלעבט זיך צו זען ווידער, נאָך דעם ווי דער בעסטיאַלער נאַציזם איז באַזיגט געוואָרן.

דער אידישער קולטור קאָנגרעס האָט דערפאַר געהאַט אַ גלאָרייכן אָנהויב. און אָט דער דאָזיקער מאָמענט פון ווידער צונויפזאַמלען און צעמענטירן די שפּעריישע קרעפטן פון אידישן וואָרט, וואו נאָר זיי געפינען זיך, האָט אי געגעבן כח דעם קאָנגרעס, אי אַרויפגעלייגט אַ היפּש־שווערע משא אויף די יונגע פּלייצעס פון דער נייער קערפּערשאַפט. און מען קען ניט זאָגן, די ניי־געשאַפענע אידישע קולטור־אָרגאַניזאַציע האָט שוין דורכ־געמאַכט אַ היפּש ביסל קריזיסן, דאָך אָבער איז דער עקזאַמען — אפילו פון דעם שטאַנדפּונקט פון דער שאַרפסטער קריטיק — אויסגעהאַלטן געוואָרן, ווייל דער קולטור קאָנגרעס האָט באַוויזן צו ווערן דער צענטראַלער נערוו פון אַמעריקאַנער אידישן שול־וועזן אויף אידיש; דער צענטער פון שעפערישן אידישן וואָרט און דער אָפיציעלער אָנערקענטער אַדרעס פון אַלץ, וואָס האָט צו טאָן מיט דער אידישער קולטור אויף אידיש.

אָט דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געקענט דערגרייכט ווערן, ווייל פון סאַמע אָנהויב אָן איז די אידייע פון אַ מין פּאַראייניקטן פראָנט אויף דער אידישער קולטור גאַס פאַרטראַכט געוואָרן פון די צוויי וויכטיקסטע פּראָטערנאַלע באַוועגונגען פון מזרח־אייראָפּייער אידן אין אַמעריקע — דער אַרבעטער רינג און דער אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד. דערפאַר איז עס געווען נאַטירלעך, אַז אַלע גרעסערע אַרבעטער פאַראיינען, וואָס זיינען געשטאַנען נאָענט צום אַרבעטער רינג זאָלן זיך האָבן פאַראינטערעסירט מיט דער אידייע. אויך דער שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוט איז געווען צווישן די ערשטע אין דער ריי פון די אָרגאַניזאַטאָרן. אַזוי אַרום, אַז אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געלונגען צו שאַפן אַ נעענטערע מיטאַרבעטערשאַפט צווישן די הויפּט איינפלוסרייכע קרעפטן אויף דער אידיש־רעדנדיקער גאַס דאָ אין לאַנד.

צווישן די אָנפירער פון אַלוועלטלעכן אידישן קולטור קאָנגרעס האָבן זיך גלייך פון אָנהויב געפונען אַ גאַנצע ריי פון די וויכטיקסטע אידישע שרייבער און געזעלשאַפטלעכע פירער. דער ליטעראַטור קריטיקער ש. ניגער איז זינט דעם אָנהויב געווען דער פאָרזיצער פון וועלט־ראַט. דער דיכטער און דראַ־מאַטורג ה. לייוויק איז געווען דער פאָרזיצער פון דער עקזעקוטיווע. דער שרייבער און קולטור טוער יעקב פּאַט איז געווען דער פאָרזיצער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט. נ. כאַנין, גענעראַל סעקרעטאַר פון אַרבעטער

רינג און לואיס סיגאַל, גענעראַל סעקרעטאַר פון פאַרבאַנד, זיינען אויך געווען פון ערשטן טאָג אָן מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע. די ערשטע פיר יאָר פון דער עקזיסטענץ פון קולטור קאָנגרעס איז דער שרייבער און קולטור טוער פון אייראָפּע, פּנחס שוואַרץ, געווען דער עקזעקוטיווער סעקרעטאַר. זינט 1953 האָט דער פּעדאַגאָג און דערציאונגס־שרייבער ח. בעז פאַרנומען דעם דאָזיקן עקזעקוטיוון אַמט.

אַלס איינעם פון זיינע דערפאָלגרייכסטע אויפטוען אין זיינע ערשטע יאָרן האָט דער קולטור קאָנגרעס געהאַלטן די פּראָקלאַמירונג פון אַ יאָר געווידמעט צו דעם הונדערטסטן יובל זינט דעם געבורט פון דעם קלאַסיקער פון דער אידישער ליטעראַטור י. ל. פּרץ. פּרץ־פייערונגען פון אידישן קולטור קאָנגרעס זיינען פאָרגעקומען אין צענדליקער, צענדליקער שטעט איבער דער גאַנצער לענג און ברייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווי אויך אין קאַנאַדע, אַרגענטינע, מעקסיקאָ, קובאַ, אויסטראַליע, פראַנקרייך און אַ ריי אַנדערע לענדער. עס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן פּרץ־אויסשטעלונגען, פּרץ־פאַרשטעלונגען, ראַדיאָ פּראָגראַמען, פאָרומס, קאָנצערטן. אין דער גרעסטער אידישער קהילה אין דער וועלט, אין ניו יאָרק, האָט די שטאָט רעגירונג אויף דער איניציאַטיוו פון קולטור קאָנגרעס, אַ נאָמען געגעבן אַ טייל גאַס, אַ סקווער, אויף דער היסטאָרישער איסט־סאַיד אויף דעם נאָמען פון י. ל. פּרץ. טויזנטער אידישע שול־קינדער האָבן זיך אין יענעם זונטיק פרימאָרגן באַטייליקט אין דער איינדרוקספולער פייערונג. אין אַלגעמיין איז דאָס פּרץ־יאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איינעם פון די גרעסטע קולטור אַקטן, וואָס די אידישע קולטור־וועלט אין אַמעריקע האָט דורכגעפירט אין משך פון יאָרן.

דער קולטור קאָנגרעס האָט אויך דורכגעפירט גרויסע פייערונגען אין ניו־יאָרק און איבערן לאַנד צו דעם 40טן יאָרצייט פון שלום עליכם. דער קולטור קאָנגרעס האָט אויך געפירט אַן אינטענסיווע אַקציע איינצופירן דעם 19טן אַפּריל אַלס דעם טאָג, ווען עס דאַרפן דורכגעפירט ווערן יזכור־פאַרזאַמלונגען צום אָנדענק פון די 6 מיליאָן קדושים.

אַ וויכטיקע אונטערנעמונג צום צענטן יאָרצייט פון דעם אומגעקומענעם היסטאָריקער פון אידישן פאָלק, ש. דובנאָוו, איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן פון אידישן קולטור קאָנגרעס. אָנדענק־פייערונגען זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין אַמעריקע און אין אַ ריי אַנדערע אידישע ישובים. דער עיקר אָבער, דער קולטור קאָנגרעס־אָפּטייל פון אַמעריקע צוזאַמען מיט דעם קולטור קאָנגרעס־אָפּטייל פון אַרגענטינע האָבן זיך אונטערגענומען אַרויס־

צוגעבן אַ נייע פולע צען באַנד־אויסגאַבע פון דער דובנאָוו געשיכטע אין אידיש. און ווען די דאָזיקע אויסגאַבע איז דערשינען, איז זי באַגריסט געוואָרן אַלס איינער פון די גאָר וויכטיקסטע אויפטוען פון דער אידישער קולטור אויף אידיש בכלל און פון אידישן קולטור־קאָנגרעס בפרט. (די אָפּטיילונג פון אידישן קולטור־קאָנגרעס אין אַרגענטינע האָט אין אַלגעמיין אַנטוויקלט אַ ברייטע פאַרלאַגס־טעטיקייט און געגרינדעט אַ הויכשול פאַר אידיש צוזאַמען מיט דעם „איוואָ" און ה. ד. נאָמבערג שרייבער־פאַראיין).

דער קולטור־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק האָט אויך געשאַפן די ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק, אַ פאַרלאַג וואָס האָט זיך געשטעלט אַלס צוועק אַרויסצו־געבן איין־בענדיקע זאַמלונגען פון די ווערק פון אידישע שרייבער צו צוגענג־לעכע פרייזן.ביים קאָנגרעס זיינען אויך איינגעשטעלט געוואָרן אַ צאָל פּרעמיעס פאַר דער אידישער ליטעראַטור. ביז מאַי, 1957, האָט דער אידישער קולטור קאָנגרעס געהאַט אויסגעטיילט פּרעמיעס פאַר דער סומע פון 20,000 דאָלער צו איבער 80 שרייבער פון צען לענדער.

אין דער פּראָגראַם זיינער, וואָס דער אידישער קולטור קאָנגרעס האָט פאַרעפנטלעכט, האָבן זיך געפונען, צווישן אַנדערע, די פאָלגנדע פיר פּונקטן:

1) אַרויסגעבן זאַמלונגען פון ווערק פון אומגעקומענע אידישע שרייבער, דיכטער, קינסטלער און געלערנטע — זאַמלונגען, וואָס זאָלן האָבן אַ ווערט פאַר זיך אַליין און גלייכצייטיק זיין אַ דענקמאָל פאַר די קדושים.

2) פאַראייביקן אויף דור דורות די אידישע קדושה און גבורה אין דער צייט פון דער נאַצישער מלחמה קעגן אידישן פאָלק — דורך אויפזוכן, אויפ־זאַמלען און פאַרעפנטלעכן די דאָקומענטן פון דער טראַגישער צייט.

3) איבערדרוקן ווערק פון דער אידישער ליטעראַטור, וואָס זיינען פאַרברענט און פאַרניכטעט געוואָרן דורך די נאַציס.

4) מיטהעלפן דאָס אַרויסגעבן ווערק פון אידישע שרייבער און גע־לערנטע. ביז אין 1957 האָט דער קולטור קאָנגרעס געהאַט אַרויסגעגעבן 35 בענד, איינשליסנדיק די 10 בענד דובנאָוו־געשיכטע און 11 בענד געקלי־בענע ווערק פון אידישע שרייבער (ל. מ. שטיין פאָלקס־ביבליאָטעק).

צווישן די וויכטיקע סעריעס אידישע ביכער, וואָס דער קולטור־קאָנגרעס האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן, געפינען זיך דריי בענד „פון נאָענטן עבר", אונטער דער רעדאַקציע פון יעקב פּאַט. אויך אַן אַנטאָלאָגיע אין עטלעכע בענדער „דער אידישער געדאַנק אין דער מאָדערנער צייט", אונטער דער רעדאַקציע פון א. מענעס. דער ערשטער באַנד פון דער דאָזיקער סעריע איז דערשינען אין 1957. דער קולטור־קאָנגרעס האָט אויך איבערגענומען

די רעדאַקציע פון דעם עלטסטן אידישן זשורנאַל „די צוקונפט", וואָס האָט אין 1957 געפייערט זיין 65־יאָריקן יובל. ה. פופקאָ איז געווען דער פאַר־וואַלטער פון דער „צוקונפט". ביים קולטור־קאָנגרעס האָט אויך עקזיסטירט דער „ציקאָ"־פאַרלאַג (דער גרעסטער געזעלשאַפטלעכער ביכער־פאַרלאַג אויף אידיש) און די ביכער־צענטראַלע, וואָס האָט זיך געפונען אונטער דער פאַרוואַלטונג פון איסר גאָלדבערג.

אַלס רעזולטאַט פון דער ווענדונג פון דעם אידישן שרייבער־ און זשורנאַליסטן־פאַראיין אין ישראל, אונטערגעשריבן פון דוד פינסקי, אברהם סוצקעווער און מלך ראַוויטש און אַ ריי אַנדערע שרייבער, האָט דער קולטור קאָנגרעס אָנגעהויבן אַן אַקציע, כדי צו בויען אַן אייגענע היים פאַר דעם אידישן שרייבער און זשורנאַליסטן פאַראיין אין תל־אביב. דער קולטור־קאָנגרעס האָט אין 1957 אויך געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער מפא"י און אידישער אַגענטור אַרויסצוגעבן ביכער אין אידיש אין מדינת ישראל.

דער אידישער קולטור קאָנגרעס האָט אויך אָנגעפירט אַן אינטענסיווע אַקציע פון פּאָליטישן כאַראַקטער אין שייכות מיט די פאַרשוואונדענע אידישע שרייבער אין סאָוועט רוסלאַנד. דער קולטור קאָנגרעס האָט אינטערוועניִרט ביים סאָוועטישן אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, אויך גערופן אַ פּראָטעסט־פאַרזאַמלונג און אַרויסגעגעבן אַ דערקלערונג, אונטערגעשריבן פון 40 אַמעריקאַנער אינטעלעקטואַלן, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן צום אינטער־נאַציאָנאַלן וועלט צוזאַמענפאָר פון פּען קלוב אין לאָנדאָן.

דער קולטור קאָנגרעס, און דאָס איז געווען איינער פון זיינע וויכ־טיקסטע אויפטוען, האָט אין די ערשטע יאָרן פון זיין עקזיסטענץ דורכגעפירט איבער 150 וועכנטלעכע צוזאַמענקונפטן, וואו אידישע דיכטער האָבן פאָר־געלייענט פון זייערע נייעסטע שאַפונגען; מאַלער האָבן גערעדט וועגן זייערע מאַלערייען; מוזיקער האָבן גערעדט וועגן זייערע נייעסטע קאָמפּאָ־זיציעס. ענלעכעס האָבן אויך געטאָן אַ צאָל סקולפּטאָרן. די אַלע שבת־צו־נאַכט־צוזאַמענקונפטן זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין דעם אידישן מוזיי, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. אַ גרויסע צאָל ליטעראַרישע אָוונטן זיינען אויך פאָרגעקומען אין זאַל פון אידישן קולטור־קאָנגרעס גופא. דער קולטור־קאָנגרעס האָט צוזאַמען מיט דער הסתדרות עברית דורכגעפירט די יערלעכע פייערונגען פאַר די פּרעמירטע שרייבער פון לאַמעד פאָנד.

ביים קולטור קאָנגרעס האָט אויך עקזיסטירט אַ קונסט צענטער, וועלכער

האָט איינגעאָרדנט אַ גאַנצע ריי אויסשטעלונגען פון די בילדער פון אידישע מאַלער, סיי אין ניו־יאָרק, סיי אין אַ ריי אַנדערע שטעט.

דער קולטור קאָנגרעס אין ניו יאָרק האָט אויך דורכגעפירט אין משך פון יאָרן אַ וועכנטלעכע ראַדיאָ־פּראָגראַם אויף אידיש וועגן די וויכטיקסטע קולטור־ענינים אין דער אידישער וועלט. אַ גרויסע צאָל אידישע געסט פון אויסלאַנד האָבן זיך באַטייליקט אין די דאָזיקע ראַדיאָ־בראָדקעסטס, אָפּ־געבנדיק אַ גרוס פון אידישן לעבן אין זייערע לענדער. אין די ראַדיאָ פּראָגראַמען פון אידישן קולטור קאָנגרעס האָבן זיך אויך באַטייליקט די קינדער פון אַלע דריי אידישע שול־סיסטעמען אויף אידיש. דער אידישער שרייבער און פאָרשער, ל. שפּיזמאַן, וועלכער איז געווען דער דירעקטאָר פון פּרעסע־אָפּטייל ביים קולטור קאָנגרעס, האָט אָנגעפירט מיט דער וועכנט־לעכער ראַדיאָ־פּראָגראַם, וואָס איז געווען אַן „עפנטלעכע דינסט" פּראָגראַם פון דער ראַדיאָ „דאַבעליו־אי־ווי־די", די ראַדיאָ־סטאַנציע פון „פאָרווערטס". (איבער 450 ראַדיאָ־פּראָגראַמען זיינען דורכגעפירט געוואָרן ביז סוף 1957).

דער קולטור־קאָנגרעס האָט אויך אַנטוויקלט אַ היפּשע טעטיקייט אויפן געביט פון אידישער מוזיק. אין אָקטאָבער, 1949, איז אין ניו־יאָרק פאָר־געקומען אַ קאָנפערענץ פון כאָרן און דעם 26טן מאַי מערץ, 1950, איז דורכגעפירט געוואָרן אַ מוזיק־פעסטיוואַל מיטן אַנטייל פון איבער 400 זינגער פון 9 כאָרן פון 9 שטעט. איבער 2000 פּערזאָן האָבן בייגעוואוינט דעם איינדרוקספולן פעסטיוואַל פון אידישן ליד. דער קולטור־קאָנגרעס האָט אויך דורכגעפירט אַ ריי פאָלקס־קאָנצערטן פון אידישן געזאַנג.

דער בעסטער באַווייז, אַז עס איז דאָ אַ נויטבאַדערפטיקייט פאַר דעם אידישן קולטור קאָנגרעס האָט געקענט דינען די ערשטע נאַציאָנאַלע דער־ציאונגס אַסעמבלי, וואָס איז אין 1951 אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק. עס איז דאַן געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס דאָס שול־וועזן אויף אידיש איז געקומען פאַראייניקט און אָרגאַניזירט אויף אַזאַ אופן, ווי מען האָט עס קיינמאָל פריער ניט געזען. זינט דעמאָלט איז דער קולטור קאָנגרעס אנערקענט געוואָרן אַלס דער אָפיציעלער צענטראַלער פירשפּרעכער פון שול־וועזן אויף אידיש. אין דער דריי־יאָריקער אויספאָרשונג פון אידישער דערציאונג אין ניו־יאָרק, וואָס איז פולשטענדיק פאַרענדיקט געוואָרן אין 1957, האָט דער אידישער קולטור קאָנגרעס ווידער רעפּרעזענטירט די דריי אידישע שול־סיסטעמען.

דער קולטור קאָנגרעס האָט אויך איינגעפירט אַ יערלעכן עסייען־קאָנטעסט פאַר די קינדער פון די אידישע שולן. אַרום 150 קינדער

פון אַרום 70 שולן, האָבן זיך באַטייליקט אין דעם יערלעכן קאָנטעסט. יערלעכע פּרעמיעס פאַר דער סומע פון 500 דאָלער געגעבן פון יודל און שרה באָרנשטיין זיינען אויסגעטיילט געוואָרן. די ריכטער פון דעם עסייען־קאָנטעסט זיינען געקליבן געוואָרן פון דער מיטגלידערשאַפט פון אידישן פּען־קלוב.

אין 1954 האָט דער אידישער קולטור קאָנגרעס אָנגעהויבן אַ גרויסן פּראָיעקט: צו שאַפן אַ נייעם לעקסיקאָן פון דער אידישער ליטעראַטור. ווי באַוואוסט איז דער ערשטער גרויסער לעקסיקאָן פון אידישע שרייבער געשאַפן געוואָרן אין די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה דורך דעם באַרימטן ביבליאָגראַף און שרייבער זלמן רייזין, וועלכער איז אומגעקומען אין סאָוועט רוסלאַנד. פיל אידישע שרייבער זיינען צוגעקומען אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. פיל פון זיי זיינען אָבער אומגעקומען אין די בלוטיקע יאָרן פון נאַציזם. האָט דער קולטור קאָנגרעס באַשלאָסן דערפאַר צו שאַפן אַ נייעם גרויסן לעקסיקאָן. די פינאַנצן פאַר דעם דאָזיקן גרויסן פּראָיעקט זיינען געקומען פון די פאָנדן פון מאַטעריעלער פאַרגיטיקונג, וואָס מערב־דייטשלאַנד האָט באַשלאָסן צו צאָלן פאַר די מאַטעריעלע שאָדנס צו דעם אידישן פאָלק. די ערשטע צוויי רעדאַקטאָרן פון דעם גרויסן לעקסיקאָן פון אידישע שרייבער זיינען געווען ש. ניגער און דר. יעקב שאַצקי. זיי זיינען אָבער ביידע פּלוצים אַוועק פון דער וועלט. שפּעטער איז באַשטימט געוואָרן אַ רעדאַקציע־קאָלעגיע, וואָס איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדע שרייבער: אפרים אויערבאַך, ה. לייוויק, יעקב פּאַט, מלך ראַוויטש און ברוך שעפנער. משה שטאַרקמאַן איז געווען דער רעדאַקציע סעקרעטאַר פון לעקסיקאָן.

אַ צווייטער גרויסער פּראָיעקט, וואָס דער קולטור קאָנגרעס האָט אָנגעהויבן איז געווען די פּובליקאַציע פון אַן ענציקלאָפּעדיע פון אידישער דערציאונג. אַזאַ ווערק איז אויף אידיש פריער ניט געשאַפן געוואָרן און דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין צונויפזאַמלען אַלץ אין דער פּעדאַגאָגישער ליטעראַטור, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער דערציאונג פון אידישן קינד אומעטום, אין אַלע וועלט־טיילן. די דאָזיקע ענציקלאָפּעדיע איז רעדאַקטירט געוואָרן פון ה. בעז. דער ערשטער באַנד איז דערשינען אין 1957.

דער קולטור קאָנגרעס האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ פּעריאָדישע שריפט, טיטולירט „בלעטער פאַר אידישער דערציאונג״. דאָס איז געווען אַ זאַמלונג פון ערנסטע אַרבעטן אין שייכות מיט די פאַרשידענע געביטן פון אידישן

חינוך, געשריבן פאַר פּראָפעסיאָנאַלן און פאַר „סתם" לייענער מיט אַ גרינט־לעכן אינטערעס אין אידישער דערציאונג.

דער קולטור קאָנגרעס האָט אויך דורכגעפירט אַ ריי גרויסע פייערונגען צום 300 יאָריקן יובילעי פון אידישן לעבן אין אַמעריקע אין נאָמען פון אידיש־שעפערישן סעקטאָר.

דער קולטור קאָנגרעס האָט גלייך ביי זיין אָנהויב געהאַט געגרינדעט



דאָס אטראן קולטור־הויז, וואו עס געפינט זיך דער אַלוועלטלעכער אידישער קולטור־קאָנגרעס.

אַן אָפּטיילונג פאַר אידישער יוגנט. עס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אַרום צען פאָרומס אין „פרידאָם הויז", וואָס האָט זיך געפונען אויף ווסעט 41טע גאַס, און צו יעדן איינעם פון די דאָזיקע פאָרומס זיינען געקומען עטלעכע הונדערט מענטשן, פאַראינטערעסירטע אין אידישן קולטור־לעבן אויף אידיש. אין 1954 האָט שוין אָבער די יוגנט אָפּטיילונג מער ניט עקזיסטירט, ווייל די עטלעכע אינגערע טוער, וואָס האָבן זיך גרופּירט אַרום קולטור קאָנגרעס, זיינען געוואָרן פאַרהייראַטע יונגעלייט מיט אַ קינד אָדער צוויי, האָבן

געקראָגן מער דאגות פּרנסה, זיינען געווען באַשעפטיקט ביי וויכטיקע אַמטן, און דער עיקר אפשר — זיי זיינען שוין מער קיין יוגנטלעכע ניט געווען. זיי זיינען געוואָרן דערוואַקסענע. און קיין נייע יוגנט איז לײדער ניט צוגעקומען. אַזוי אַרום, אַז דער אידישער קולטור קאָנגרעס (עס קלינגט אפשר אַביסל פּאַטעטיש) איז געבליבן אָן אַ יוגנט אָפּטיילונג.

פאַרבייגייענדיק, ווילן מיר דאָ איבערגעבן אַ צאָל פאַקטן וועגן דער אינטערעסאַנטער פאַרגאַנגענהייט פון די עטלעכע יוגנט־גרופּען, וואָס האָבן זיך געהאַט גרופּירט אַרום אַלוועלטלעכן אידישן קולטור קאָנגרעס אין די ערשטע דריי יאָר פון זיין עקזיסטענץ. איינע פון די גרופּען איז געווען דער „קלוב פון דער אידישער יוגנט פון פוילן״. די פירער פון דער דאָזיקער גרופּע זיינען געווען די צוויי ברידער וויינרייך, זין פון ד״ר מאַקס וויינרייך, פון אידישן וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. איינער פון די וויינרייך־ברידער, אוריאל, איז שפּעטער געוואָרן פּראָפעסאָר פון אידיש און אידישער ליטע־ראַטור אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. דער אינגערער וויינרייך איז געוואָרן אַ וויסנשאַפטסמאַן. נאָך אַן אַקטיווער טוער פון דער גרופּע, אברהם בראָמ־בערג, איז געווען פאַרבונדן מיט דעם סטייט־דעפּאַרטמענט אין וואַשינגטאָן. יאָסל מלאָטעק, אויך פון דער גרופּע, איז געוואָרן אַ וויכטיקער באַאמטער אין דער אַרבעטער רינג שול־באַוועגונג פון ניו־יאָרק.

די צווייטע וויכטיקסטע גרופּע פון דער אידיש־יוגנט אין אַמעריקע איז געווען דער י. ל. פּרץ יוגנט קלוב פון פילאַדעלפיע. שיקל פישמאַן, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן אַ דאָקטאָר אין פּסיכאָלאָגיע און איז געווען פאַרבונדן אַלס פּסיכאָלאָגישער עקספּערט מיט דעם אידישן דערציאונגס־קאָמיטעט, איז געווען איינער פון די פירער פון דער דאָזיקער גרופּע. די פאַראייניקטע יוגנט־גרופּע האָט אַ צייט לאַנג אַרויסגעגעבן אַ גאַנץ געלונגענעם זשורנאַל „יוגנט־רוף״ מיט אַ סך נייע איינפאַלן און אידייען. אויך די יוגנט־גרופּע „יונגע שלום עליכמ׳ניקעס״ פון אידישן לערער־סעמינאַר און אויך גרופּען סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט אויף די אָוונט־קורסן פאַר אידיש אין אַ צאָל קאָלעדזשעס פון ניו יאָרק, זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דער יוגנט־אָפּטיילונג ביים אידישן קולטור קאָנגרעס. אָבער, לײדער, איז פון דער גאַנצער אָפּטיילונג גאָרניט ניט געוואָרן.

איינע פון די ליכטיקסטע דערשיינונגען זינט דעם אויפקום פון אידישן קולטור קאָנגרעס איז געווען „דאָס אטראַן קולטור הויז״, אין דער סאַמע אַריסטאָקראַטישער טייל פון ניו־יאָרק, אויף 25 איסט 78טע גאַס, ביי מעדיסאָן עוועניו. דאָס דאָזיקע הויז איז געשענקט געוואָרן צום קאָנגרעס פון דער



**פרענק ז. אַטראָן**

אינדוסטריאַליסט, וועלכער האָט געלאָזט אַ מיליאָן דאָלאַר פאַר אידישער קולטור אויף אידיש אין אַמעריקע.

(1952—1885)

אַטראַן פונדאַציע, אַ פּאָנד, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון פרענק אַטראַן, אַ פריינט פון דער אידישער קולטור.

פרענק ז. אַטראַן איז געקומען קיין אַמעריקע אַלס פליכטלינג, ראַטע־ווענדיק זיך פון נאַציזם. ער איז אָבער געקומען אַהער אַלס מיליאָנער. פרענק ז. אַטראַן איז געבוירן געוואָרן אין דעם שטעטל סמילע, קיעווער גובערניע, אין יאָר 1885. אַלס אינגל איז ער אַוועק קיין לאָדזש און האָט שפּעטער געלעבט אין בערלין, פּאַריז און בריסעל, בעלגיע. אַ פעטער זיינער איז אין לאָדזש געווען אַ טעקסטיל־פאַבריקאַנט, און דער יונגער אַטראַן איז שפּעטער אַריין אין די דאָזיקע געשעפטן. ער איז אָבער זיין גאַנץ לעבן פאַרבליבן נאָענט און געטריי צו דער אידישער אַרבעטער־באַוועגונג, צום „בונד" און צו דער אידישער וועלטלעכער קולטור אין אַלגעמיין. פאַר זיין טויט, אין יאָר 1952, האָט ער געלאָזט אַ פאָנד פון אַרום אַ מיליאָן דאָלער פאַר אידישער קולטור־אַרבעט אויף אידיש. פרענק ז. אַטראַן איז אַזוי אַרום געווען דער ערשטער גרעסטער נדבן צו געבן אַזאַ גרויסע סומע — אַ מיליאָן דאָלער — פאַר דער אידישער שפּראַך און אידישיסטישער קולטור.

לויט ווי עס ווערט איבערגעגעבן, איז עס געווען דער אָנגעזעענער פּובליציסט און קולטור־פירער, דר. ב. האָפמאַן (צביון) ע"ה, פון „פאָר־ווערטס", וועלכער איז געווען אַ גאָר נאָענטער פריינט פון פרענק ז. אַטראַן, און ער האָט עס צוגערעדט אַטראַנ'ען, אַז ער זאָל שאַפן דאָס אַטראַן קולטור־הויז און אויך די קאַטעדרע אויף אידיש אין קאָלאָמביע. צביון איז אויך געווען אַ מיטגליד אין דער אַטראַן פאַונדעישאָן, וואָס האָט פאַרוואַלטעט מיט דעם פיל־מיליאָניקן אַטראַן־פאַרמעגן, פון וועלכן דער איינקונפט איז באַ־שטימט געוואָרן פאַר פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע און קולטורעלע צוועקן. אין דעם דירעקטאָרן־ראַט פון דער אַטראַן־פאַונדעישאָן האָבן זיך געפונען דר. מאַקס וויינרייך; נאַטאַניעל מינקאָף; דר. אברהם סאַכאַר, אָנפירער פון בראַנדעיס אוניווערזיטעט; דר. מאַרקוס ד. קאָגעל, דיען פון דעם אַלבערט איינשטיין קאַלעדזש פאַר מעדיצין ביים ישיבה־אוניווערזיטעט; און ברוך שעפנער. צווישן די מיטגלידער פון דער פאַונדעישאָן האָבן זיך אויך געפונען רפאל אַבראַמאָוויטש און אברהם מענעס.

לויט דעם אָפּמאַך, וואָס איז געשלאָסן געוואָרן, וועט די אַטראַן־פונדאַציע דאַרפן אויסהאַלטן אין משך פון דרייסיק יאָר צייט די ספּעציעלע קאַטעדרע פאַר דער אידישער שפּראַך, אידישער ליטעראַטור און אידישער קולטור ביים קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. אַטראַן האָט פאַר זיין אַוועקגיין פון דער וועלט באַוויזן מיט נאָך אַ טאַט, אַז ער גלויבט אין דער וויטאַליטעט

און לעבנס־קראַפט פון דער אידישער קולטור אויף אידיש, ווען ער האָט פּאַר דער סומע פון 200 טויזנט דאָלער געקויפט דאָס גרויסע הויז אויף דער 78טער גאַס, ביי מעדיסאָן עוועניו, און עס פאַרוואַנדלט אין דער אָפיציעלער צענטראַלער היים פון דער אידישער קולטור אויף אידיש אין אַמעריקע.

עס האָט גענומען בלויז אַ קורצע צייט און דאָס אַטראַן קולטור הויז איז געוואָרן דער צענטער פון אידישן קולטור לעבן אויף אידיש אין גאַנץ אַמעריקע. דאָ, אין דעם הויז פון 5 גאָרן, זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן גאָר אָפטע אויסשטעלונגען פון די שאַפונגען פון אידישע מאַלער און סקולפּטאָרן. דער באַוואוסטער אידישער מאָלער, יצחק ליכטענשטיין, האָט אָנגעפירט מיט דעם קונסט־צענטער, וועלכער האָט איינגעאָרדנט די קונסט־אויסשטעלונגען. דער קולטור־קאָנגרעס האָט אויך, ווי שוין פריער אָנגעוויזן, געהאָלפן אין דער פאַרשפּרייטונג פון אידישן ליד, וואָס איז אין אַמעריקע דערהויבן געוואָרן צו אַ גאָר הויכער שטופע דורך די גרויסע אידישע מוזיקער און כאָר־דיריגענטן לעאָ ליאָוו, מיכל געלבאַרט, ה. לעפקאָוויץ, לאַזאַר וויינער, וולאַדימיר חפץ, ש. בוגאַטש און אַ ריי אַנדערע. לעאָ ליאָוו האָט זיך יאָרנ־לאַנג געווידמעט דעם אָנפירן די כאָרן פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און מיכל געלבאַרט האָט אָנגעפירט פאַר יאָרן און יאָרן מיט די כאָרן פון אַרבעטער רינג און פון א. ר. שולן. סיי ליאָוו און סיי געלבאַרט האָבן מיט זייערע טאַלאַנטן, צוזאַמען מיט די אַנדערע מוזיקער, באַרייכערט דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע דורך דערהויבן דאָס אידישע ליד.

דאָ, אין קולטור־קאָנגרעס, זיינען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן די וויכ־טיקסטע אונטערנעמונגען פון אַ גאַנצער ריי אידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס. דאָס דאָזיקע רייכע הויז איז אין אַלגעמיין געוואָרן די צענטראַלע היים פון אידישן קולטור־לעבן אויף אידיש, סיי אין פריידן, סיי אין ליידן.

דאָ, אין דעם אַטראַן קולטור־הויז, האָבן אויך געפונען זייער היים די אידישע ענציקלאָפּעדיע, די רעדאַקציע פון דער „צוקונפט", דער אידישער אַרבעטער קאָמיטעט און אַ ריי אַנדערע צענטראַלע אידישע אָפיסעס.

יאָ! דאָס אטראַן קולטור הויז איז אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געוואָרן דער הויפּט־צענטער פון אידישן שעפערישן וואָרט אין אַמעריקע און דער אָפיציעלער אַדרעס פון דער אידיש־קולטור אין דער גאַנצער וועלט.

## 52

# די צוויי קולטור־אָפּטיילונגען פון דער אידישער אַגענטור אין אַמעריקע

**אידישע אַגענטור האָט געשאַפן אין ניו־יאָרק איין אָפּטיילונג פאַר אַלגעמיינער העברעאישער קולטור און אַ צווייטע — פאַר תורה קולטור. — דער צוועק פון דער אַגענטור מיסיע איז צו פאַרשטאַרקן דעם גייסטיקן בונד צווישן די אידן אין אַמעריקע און ישראל. — אידישע סטודענטן פון אַמעריקע — אין ישראל און סטודענטן פון ישראל — אין אַמעריקע. — אַ חודש פאַר תורה און תורה־לעקציעס אויף דער ראַדיאָ. — די אויפלעבונג פון דער הקהל צערעמאָניע נאָך אַן איבער־רייס פון 1900 יאָר. — די חלוצישע אַרבעט. — די ראַדיאָ טעטיקייט פון דער אידישער אַגענטור אין אַמעריקע. — די צוגרייטונג פון העברעאישע לערער. — די הילף צו די פאַרשידענע קולטור־אינסטיטוציעס און צו די העברעאישע אויסגאַבן. — דער הערצל־אינסטיטוט און זיין רייכע קולטור־טעטיקייט.**

די אידישע אַגענטור, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1929, אין איינ־קלאַנג מיט דעם מאַנדאַט פון דער פעלקער־ליגע, צו אַנטוויקלען אַ נאַציאָנאַלע אידישע היים „אין פאַלעסטינע", האָט זינט 1950, אָנגעהויבן אַן אינטענסיווע העברעאישע קולטור טעטיקייט צווישן די אידן פון אַמעריקע און פון דער גאַנצער וועלט. צוויי ספּעציעלע קולטור־אָפּטיילונגען זיינען פאַר דעם דאָזיקן צוועק געשאַפן געוואָרן ביי דער אידישער אַגענטור אין אַמעריקע, וואָס האָט זיך געפונען אויף נומער 16 איסט 66טע גאַס, אין ניו־יאָרק.

איין אָפּטיילונג איז געווען פאַר אַלגעמיינער העברעאישער קולטור

און דערציאונג (המחלקה לחינוך ותרבות בגולה) און אַ צווייטע אָפּטיילונג איז געווען פאַר רעליגיעזער העברעאישער קולטור (המחלקה לחינוך ותרבות תורניים בגולה).

(אין 1958 איז אָפּגעקויפט געוואָרן אַ צוועלף שטאָקיקע געביידע אויף 515 פּאַרק עוועניו, ביי דער 60טער גאַס, און עס איז געפּלאַנט געוואָרן צו קאָנצענטרירן אַלע טעטיקייטן פון דער אידישער אַגענטור ווי אויך פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין אַמעריקע אין דער דאָזיקער געביידע.)

זלמן שזר, וועלכער איז געווען דער ערשטער מיניסטער פון קולטור און דערציאונג אין דעם ערשטן קאַבינעט פון מדינת ישראל, איז אין יאָר 1953 באַשטימט געוואָרן אין ירושלים אַלס דער הויפּט־אָנפירער פון דער אָפּטיילונג פאַר אַלגעמיינער קולטור־טעטיקייט פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע. שזר (געוועזענער זלמן רובאַשאָוו) האָט פאַרנומען דעם דאָזיקן אַמט נאָך דעם ווי דער אידישער דענקער און שריפטשטעלער, חיים גרינבערג, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אַרבעט, איז אַוועק פון דער וועלט. אָנפירער פון דער אָפּטיילונג פון תורה־קולטור איז ביז צו זיין פּלוצימדיקן טויט אין 1956, געווען דער מזרחי־פירער און אָראַטאָר זאב גאָלד. ביידע קולטור־פירער האָבן אין שייכות מיט דער דאָזיקער אַרבעט געמאַכט לענגערע טורס איבער די וויכטיקסטע אידישע געמיינדעס, שטודירנדיק דעם קולטור־מצב פון אַמעריקאַנער אידנטום מיט זייער צוועק צו פאַרשטאַרקן די גייסטיקע פאַרבינדונג צווישן די אידן פון אַמעריקע מיט דעם אידישן היים־לאַנד. די דאָזיקע פירער האָבן, נאַטירלעך, אויך באַזוכט די וויכטיקסטע אידישע ישובים אין אַנדערע וועלט־טיילן. אַזוי ווי אָבער דער צענטראַל־פּונקט פון אידישן לעבן, אויסער מדינת ישראל, געפינט זיך אין אַמעריקע, זיינען אין ניו־יאָרק איינגעאָרדנט געוואָרן, ווי געזאָגט, גאַנץ באַדייטענדע אָפּטיילונגען פאַר קולטורעלער טעטיקייט. די אַמעריקאַנער אָפּטיילונג פאַר אַלגעמיינער קולטור אויף העברעאיש איז אָנגעפירט געוואָרן זינט 1954 פון דר. שמואל מ. בלומענפעלד, אַ לאַנגיאָריקער פּעדאַגאָג, פאָרשער און קולטור־טוער, וועלכער האָט גראַדואירט אַלס ראַבאַי פון דער שולע פון דר. סטיפען וויז און אויך פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. מיט דער אָפּטיילונג פאַר תורה קולטור האָט אָנגעפירט זינט 1951 הרב צבי תבורי (טאַבאָרי), אַ מוסמך פון דער סלאָבאָדקער ישיבה, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1929. אין 1957 איז הרב מרדכי קירשבלום, מיטגליד פון דער אידישער אַגענטור, באַשטימט געוואָרן אַלס דער הויפּט אויפזעער פון דער אָפּטיילונג פאַר תורה־קולטור.

אין וואָס איז באַשטאַנען די אַרבעט פון דער אָפּטיילונג פאַר אַלגעמיינער העברעאישער קולטור און דערציאונג ביי דער אַגענטור אין אַמעריקע?

אין ברענגען צו אַ בעסערער פאַרשטענדיקונג פון די גייסטיקע בויטן צווישן די אידן פון אַמעריקע און ישראל, און אין צעמענטירן די גייסטיקע בריק פוןביידע גרויסע ישובים, פאַר דעם אייגענעם וואוילזיין זייערן און פאַר דעם וואוילזיין פון גאַנצן אידישן פאָלק.

ווי אַזוי האָט אַזאַ ציל געקענט דערגרייכט ווערן?

דורך לערנען. דורך זען און הערן.

זיינען פאַר דעם צוועק טאַקע איינגעאָרדנט געוואָרן יערלעכע באַזוכן פון אַמעריקאַנער סטודענטן און לערער אין ישראל. ווי באַוואוסט זיינען פון ישראל אויך קיין אַמעריקע געקומען אַ היפּשע צאָל סטודענטן און לערער. די צאָל אַמעריקאַנער אידישע סטודענטן, וואָס זיינען יערלעך געפאָרן אויף אַ באַזוך אין אידישן היימלאַנד, איז אין דורכשניט געווען 150. די צאָל לערער, אידישע, פון אַמעריקע קיין ישראל, איז אין דורכשניט געווען אַרום 50 יערלעך. הונדערט אידישע סטודענטן האָבן שטודירט אַ לענגערע צייט אין ישראל. אַ היפּשע צאָל פון זיי — קריגס־וועטעראַנען, וועמען די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט געהאָלפן שטודירן אין איינקלאַנג מיט דעם וועטעראַנען געזעץ.

צו דער זעלבער צייט האָבן זיך אין אַמעריקע געפונען איבער טויזנט אידישע סטודענטן פון ישראל. זיי האָבן שטודירט אַ לענגערע צייט. אַ קליינע צאָל פון זיי האָבן געלערנט אין פאַרשידענע ישיבות. די אַנדערע אין פאַר־שידענע קאַלעדזשעס און אוניווערזיטעטן.

גרופּעס סטודענטן, וואָס האָבן שטודירט העברעאיש אין די עפנטלעכע מיטל־שולן (פּאָבליק האַי־סקולס) פון ניו יאָרק, שיקאַגאָ, באָפאָלאָ, לאָנג־ביטש, לאורענס (לאָנג איילענד) און אַנדערע שטעט האָבן באַזוכט מדינת ישראל, וואו זיי האָבן דורכגעמאַכט אַ טור פון איבער צען וואָכן. זיי האָבן שטודירט אין ישראל העברעאיש, העברעאישע ליטעראַטור, געשיכטע און דאָס לאַנד זעלבסט. די „באָאַרד אָוו עדיוקעישאָן" (דערציאונגס־ראַט) פון ניו־יאָרק און פון אַלע אַנדערע שטעט, פון וועלכע די סטודענטן זיינען געקומען, זיינען געווען שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דער אונטערנעמונג, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט דער קאָאָפּעראַציע פון קולטור־דעפּאַרטמענט פון דער אידישער אַגענטור.

אַנדערע גרופּען זיינען באַשטאַנען פון אידישע סטודענטן, וועלכע האָבן שטודירט אויף העברעאישע לערער. די דאָזיקע סטודענטן זיינען געקומען

פון ישיבה־אוניווערזיטעט, פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, פון הרצליה לערער־סעמינאַר, פון קאָלעדזש פאַר העברעאישע לערער אין באָסטאָן און פון לערער־אינסטיטוט פון שיקאַגאָ. דער דאָזיקער סעמינאַר האָט געדויערט אַרום 6 חדשים. די צוקונפטיקע לערער האָבן אי געלערנט אין ישראל, אי זיך באַקאַנט מיט דער אידישער מדינה.



אַ גרופּע גראַדואירטע סטודענטן פון די העברעאישע לערער־אינסטיטוטן פון באָסטאָן און שיקאַגאָ פאָטאָגראַפירט אויף די טרעפּ פון דער צענטראַלער געביידע פון דער אידישער אַגענטור אין ניו־יאָרק, ערב זייער אָפּפאָרן אויף אַ לענגערן באַזוך קיין ישראל. אין דער אונטערשטער ריי ווערן געזען (רעכטס) הרב דר. שלמה ווינד און (לינקס) דר. שמואל מ. בלומענפעלד, אָנפירער פון דער העברעאישער קולטור־אָפּטיילונג פון דער אַגענטור אין אַמעריקע.

אויסער דעם זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרשידענע סעמינאַרן און קאָנפערענצן. איינע אַזאַ קאָנפערענץ, למשל, איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אונטער דער אויפזיכט פון דער נאַציאָנאַלער פעדעראַציע פון העברעאישע לערער

אין קאָאָפּעראַציע מיט דעם דעפּאַרטמענט פאַר קולטור און דערציאונג פון דער אידישער אַגענטור. די קאָנפערענץ, אין ניו־יאָרק, האָט געדויערט דריי טעג צייט און האָט באַהאַנדלט די פראַגע ווי אַזוי צו לערנען מיט די קינדער אין די אידישע שולן פון אַמעריקע די געשיכטע און צילן פון ציוניזם און וועגן מדינת ישראל.

חוץ דעם, וואָס עס זיינען געפאָרן קיין ישראל סטודענטן, וועלכע האָבן שטודירט העברעאיש, זיינען אויך געפאָרן אין רעגלמעסיקע זומער־עקסקורסיעס קיין ישראל, פּראָפעסאָרן, וואָס זיינען געווען לערער פון העברעאיש אין אַ ריי קאַלעדזשעס פון אַמעריקע. די פּראָפעסאָרן (אַ צאָל ניט־אידן צווישן זיי), פונקט ווי די סטודענטן, האָבן אין ישראל באַזוכט היס־טאָרישע פלעצער, זיך באַקאָנט מיט דעם קולטור־לעבן פון דער אידישער מדינה, און אויסגענוצט דעם באַזוך פאַר אַ געניויען שטודיום פון ישראל.

אַנדערע גרופּען זיינען באַשטאַנען פון אידישע דערציערס, פּרינציפּאַלס און לערער, פון פאַרשידענע טיילן אַמעריקע. די דאָזיקע טורן האָבן געווײנלעך געדויערט 6 וואָכן און זיינען געספּאָנסאָרט געוואָרן פון דער אַגענטור צוזאַמען מיט דער אַמעריקאַנער אַסאָסיאַציע פאַר אידישער דערציאונג.

איינער פון די הויפּט־פּראָיעקטן, וואָס דער דעפּאַרטמענט פאַר העברע־אישער קולטור האָט דורכגעפירט, איז געווען דער סעמינאַר־ישראל אינסטי־טוט, אַ גרויסע אונטערנעמונג וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין פעברואַר, 1952, בשותפות מיט דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר אין אַמעריקע. דער דאָזיקער פּראָיעקט איז באַשטימט געוואָרן מיט דעם צוועק צו שאַפן אַ גייסטיקע דערנעענטערונג צווישן אַמעריקע און ישראל. דער פּראָיעקט איז באַשטאַנען יערלעך פון אַ סעריע וועכנטלעכע לאָנטשאָן־צוזאַמענקונפטן, ביי וועלכע עס זיינען אויפגעטראָטן אָנגעזעענע פערזענלעכקייטן פון דער וועלט פון רעליגיע, וויסנשאַפט און קונסט. פאַר די לאָנטשאָן־סעסיעס, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן ביי געדעקטע טישן, מיטאָגצייט, זיינען 11 אינדערפרי דורכגעפירט געוואָרן לעקציעס אויף טעמעס פון דער ציוניסטישער באַוועגונג און אידישן פאָלק בכלל. סיי די לאָנטשאָן־רעפעראַטן, סיי די לעקציעס פאַר די לאָנטשאָנס, זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין בוך־פאָרם.

אין 1954 איז דורך דער אָפּטיילונג פאַר העברעאישער קולטור און דערציאונג אין ירושלים געגרינדעט געוואָרן דער חיים גרינבערג אינסטיטוט, מיט דעם צוועק צו געבן העברעאישע לערער פון דער גאַנצער וועלט אַ מעגלעכקייט דורכצוגיין אַ קורס פון עלף חדשים פון חכמת היהדות. דער דאָזיקער אינסטיטוט איז געגרינדעט געוואָרן אַלס אַ גייסטיקער מאָנומענט

נאָך דר. חיים גרינבערג, וועלכער איז געווען איינער פון די הויפּט־טעאָרע־טיקער פון די אויפגאַבן, וואָס די אידישע אַגענטור האָט זיך געשטעלט אין פאַרשטאַרקן דעם גייסטיקן בונד צווישן אידן פון אַלע וועלט־טיילן מיט מדינת ישראל. אַ ספּעציעלע געביידע איז אויפגעבויט געוואָרן אין ירושלים פאַר דעם חיים גרינבערג אינסטיטוט.




דר. לואיס (אליעזר ארי׳) פינקעלשטיין, קאַנצלער פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, און דר. חיים גרינבערג, אָנפירער פון קולטור־דעפּאַרטמענט פון דער אידישער אַגענטור, פאָטאָגראַפירט בעת דער גרינדונג פון סעמינאַר ישראל־אינסטיטוט אין אָנהויב 1952.

אויסער דעם, וואָס עס זיינען, מיט דער הילף פון דער אַגענטור, איינגעאָרדנט געוואָרן די פאַרשידענע רייזעס פון גאַנצע גרופּען קיין ישראל, זיינען דאָ, אין אַמעריקע גופא, מיט דער קאָאָפּעראַציע פון דער אידישער אַגענטור, דורכגעפירט געוואָרן אַ גאַנצע צאָל סעמינאַרן און אינסטיטוטן אין די זומער־חדשים, אַלץ מיט דעם צוועק צו פאַרשטאַרקן דאָס לערנען פון דער העברעאישער קולטור אין אַמעריקע.

אַ ספּעציעלער אינסטיטוט, אַ יערלעכע אונטערנעמונג, איז דורכגע־פירט געוואָרן פאַר די העברעאישע לערער פון פּאַסיפישן ברעג, אין לאָס־אַנדזשעלעס. איבער הונדערט לערער און פּרינציפּאַלס האָבן זיך באַטיי־

ליקט אַלס שטענדיקע מיטגלידער פון העברעאישן סעמינאַר, וואָס האָט געדויערט, געווײנלעך, צוויי וואָכן צייט.

דער קולטור־דעפּאַרטמענט פון דער אידישער אַגענטור האָט זיך אויך אַקטיוו באַטייליקט אין דער דערציערישער העברעאישער אַרבעט פון די מסד־קעמפּס זינט 1950. אין די מסד קעמפּס איז אָנגעפירט געוואָרן אַ ספּעציעלער זומער־אינסטיטוט, וואָס האָט געדויערט אַכט וואָכן צייט און האָט זיך געשטעלט די אויפגאַבע צוצוגרייטן יונגע העברעאישע פירער.

דער קולטור־דעפּאַרטמענט האָט אויך געשטיצט די אַרבעט פון דער הסתדרות עברית און גאַנץ באַזונדערס דעם „הדואר", די העברעאישע וואָכנ־צייטונג און אויך דעם „בצרון", דעם העברעאישן חודש־זשורנאַל האָט די אַגענטור אַרויסגעהאָלפן.

די אַגענטור האָט אויך געהאָלפן דורכפירן אַ ספּעציעלע העברעאישע קולטור וואָך מיט דער קאָאָפּעראַציע פון העברעאיש־רעדנדיקן אוסישקין־צווייג פון אידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד אין „אונזער קעמפּ", דאָס זומער־פּלאַץ פון פאַרבאַנד. די אַגענטור האָט אויך געשטיצט די טעטיקייט פון אידישן לערער־סעמינאַר.

דער קולטור־דעפּאַרטמענט פון דער אידישער אַגענטור האָט אויך געהאָלפן דעם ניו־יאָרקער העברעאישן לערער־אינסטיטוט „הרצליה" אָנ־צופירן דעם העברעאישן טעאַטער „הבימה הקטנה". אַ צאָל העברעאישע פּיעסן זיינען אויפגעפירט געוואָרן מיט דערפאָלג און עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז צען טויזנט צושויער זיינען געקומען זען דרייסיק אויפפירונגען אין דריי סעזאָנען.

דער קולטור־דעפּאַרטמענט ביי דער אידישער אַגענטור האָט פיל ביי־געטראָגן צו דעם איינפיר פון העברעאיש אין קאָלעדזשעס און אוניווערזי־טעטן, ווי אויך דורכצופירן עפנטלעכע לעקציעס וועגן דער העברעאישער קולטור און וועגן ישראל. צווישן די דאָזיקע אוניווערזיטעטן האָבן זיך געפונען קאָלאָמביע, האַרוואַרד, פּרינסטאָן, קוירנעל, ניו־יאָרק אוניווערזיטעט, ראָטגערס, טעמפּל, בראַנדייס און אַ ריי אַנדערע פון די באַרימטסטע אוניווער־זיטעטן אין אַמעריקע.

גאַנץ באַזונדערס האָט דער קולטור־דעפּאַרטמענט אויך אָנגעהויבן זיך אָפּצוגעבן מיט דערציאונג פאַר דערוואַקסענע, וואָס דאָס מיינט: אינפאָרמירן אַמעריקאַנער געבוירענע אידן וועגן אידישקייט און תורה.

דער קולטור־דעפּאַרטמענט האָט צוזאַמען מיט דער הסתדרות עברית אין אַמעריקע אָנגעפירט מיט דער באַוועגונג צו פאַראינטערעסירן וואָס

מער אַמעריקאַנער אידן, וואָס לערנען העברעאיש און תנ״ך, דורכצוגיין דעם „ירושלים־עקזאַמען״ און קריגן אַ סערטיפיקאַט פון העברעאישן אוניווערזיטעט פאַר העברעאיש־קענטעניש. דער דאָזיקער עקזאַמען איז איינגעפירט געוואָרן אין יאָר 1948.

די אָפּטיילונג פאַר אַלגעמיינער העברעאישער קולטור און דערציאונג ביי דער אידישער אַגענטור האָט אויך אַנטוויקלט אַ היפּשע פּאַרלאַגס־טעטיקייט און אַרויסגעגעבן אַ ריי וויכטיקע ווערק, צווישן זיי די אַנטאָלאָגיע פון אידישער מוזיק פון חמיה ווינאָווער און אַן אַנטאָלאָגיע פון דער מאָדערנער העברעאישער ליטעראַטור. אַ גאַנצע ריי דרוק־מאַטעריאַלן און פילמען, ווי אויך אַ וואַנט־צייטונג אין ענגליש, וועגן ישראל, זיינען פאַרשפּרייט געוואָרן דורך דער אידישער אַגענטור. אין אַלגעמיין קען מען זאָגן, אַז דער קולטור־דעפּאַרטמענט פון דער אידישער אַגענטור האָט פיל געהאָלפן אין דעם שווערן באַרג־אַרויף־קאַמף פון פאַרשפּרייטן די העברעאישע קולטור און העברעאישע שפּראַך צווישן די אידן אין אַמעריקע.

אין מאַי, 1957, האָט דער דעפּאַרטמענט פאַר קולטור און דערציאונג, צוזאַמען מיט דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפט פאַר אידישער דערציאונג, דורכגעפירט אַ ספּעציעלן צוזאַמענקונפט צו דיסקוטירן די פאַרשידענע פּראָבלעמען פון אידישן דערציאונג־וועזן. דר. שמואל מ. בלומענפעלד, אָנפירער פון דעם קולטור־דעפּאַרטמענט, האָט אין זיין רעדע געמאַכט אַ „שהחיינו״ ביים דערעפענען דעם צוזאַמענקונפט, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פרייטיק בייטאָג און זיך פאַרענדיקט זונטיק. די וויכטיקע אסיפה איז דורכגעפירט געוואָרן אין אַ האָטעל אין די ראַקאָוועיס און די דערציער, וואָס האָבן פאַר־טראָטן כמעט אַלע רעליגיעזע און וועלטלעכע גרופּירונגען, האָבן געדאַוונט בציבור פרייטיק צו־נאַכטס און שבת. עס איז גאַנץ באַזונדערס פיל גערעדט געוואָרן וועגן דעם אויפקום פון די פולע טאָג־שולן, די ישיבות קטנות, ביי די אידן אין אַמעריקע. שפּעטער איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ גאַנצער בוך מיט די אָפּהאַנדלונגען און דיסקוסיעס, וואָס זיינען געהערט געוואָרן ביי דעם דאָזיקן וויכטיקן סוף־וואָך צוזאַמענקונפט וועגן אידישן דערציאונגס־וועזן דאָ אין לאַנד.

דער קולטור־דעפּאַרטמענט ביי דער אידישער אַגענטור האָט אויך אַרויס־געגעבן אַ ריי אַנדערע אָפּהאַנדלונגען וועגן דעם וואוקס פון די טאָג־שולן ביי די אידן אין אַמעריקע. דער קולטור־דעפּאַרטמענט, אונטער דר. ש. בלומענפעלד׳ס אָנפירונג, האָט אויך אָנגעהויבן צו קאָאָפּערירן מיט די פאַרשידענע גרופּען אויף דער אידישער גאַס אין דער גרינדונג פון נייע שולן.

אין נאָוועמבער, 1957, האָט דער זעלבער דעפּאַרטמענט פאַר קולטור און דערציאונג ביי דער אידישער אַגענטור, דורכגעפירט צוזאַמען מיט דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע, אַ נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ וועגן העברעאישער דערציאונג בכלל און וועגן העברעאישע פולע טאָג־שולן בפרט. די דאָזיקע קאָנפערענץ איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון דר. עמנואל ניומאַן, פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע; דר. יוסף טענענבוים, פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע פאַר העברעאיש און העברעאישער קולטור ביי דער ציון־אָרגאַניזאַציע און דר. ש. בלומענפעלד, אַלס פאָרשטייער פון דער אידישער אַגענטור. הונדערטער אידישע דערציער האָבן זיך באַטייליקט אין דער דאָזיקער קאָנפערענץ.

---

דער דעפּאַרטמענט פאַר רעליגיעזער קולטור האָט געהאַט אַ גאָר באַזונדער געביט פאַר זיין טעטיקייט. ווייל ווי באַוואוסט, זיינען אין אַמעריקע אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אויפגעקומען אַ היפּשע צאָל אולטראַ־אָרטאָדאָקסישע ישיבות און אַ היפּשע צאָל חסידישע רביים האָבן אין ניו־יאָרק איינגעאָרדנט זייערע „הויפן", וואָס זיינען געווען אַרומגערינגלט פון טויזנטער חסידים. און אויב עס האָט זיך ערגיץ געפאָדערט, אַז די וויכטיקסטע ציוניסטישע קערפּערשאַפט אין אַמעריקע זאָל זוכן צו ווירקן און ברענגען צו אַ נענטערער צוזאַמענאַרבעט און בעסערער פאַרשטענדיקונג מיט מדינת ישראל, איז עס געווען דאָ, צווישן אַ גרויסן טייל חסידישע און שטרענג אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן. און דאָ איז די אַרבעט טאַקע באמת געווען אַ שווערע און טאַקע אַ נויטיקע ביז גאָר. ווייל אחדות איז אַלעמאָל אַ וועלקאָמענע זאַך! און צווישן די עקסטרעם און האַלב־עקסטרעם אָרטאָדאָקסישע עלעמענטן האָט זיך געפאָדערט באמת אַ קראַפט, וואָס זאָל זיי ענגער צוזאַמענברענגען מיט דער אידישער מדינה.

דער לאָזונג פון דעם דעפּאַרטמענט פאַר תורה־קולטור פון דער אידישער אַגענטור איז געווען: „צו פאַרשטאַרקן דעם תורה־גייסט צווישן די ציוניסטן און פאַרשטאַרקן דעם ציוניזם צווישן תורה־אידן". אין דעם דאָזיקן הינזיכט האָט די אַגענטור אויך ווי אָפּגעשפּיגלט דעם צושטאַנד, וואָס האָט געהערשט אין מדינת ישראל גופא.

אַלס אַ טייל פון דער גרויסער און גאָרנישט לייכטער אונטערנעמונג איז אין פעברואַר, 1952, אָנגעהויבן געוואָרן אַ ספּעציעלער חודש געווידמעט צו דער פאַרשטאַרקונג פון תורה־לערע אין אַמעריקע. דער חודש איז אָנגעהויבן געוואָרן פון דער אַגענטור׳ס תורה־דעפּאַרטמענט און פון דער הסתדרות

הרבנים אין אַמעריקע. הרב זאב גאָלד, ע״ה, איז דאָן ספּעציעל געקומען אַהער כדי צו באַגריסן גרויסע תורה־פאַרזאַמלונגען, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ניו־יאָרק, שיקאַגאָ, פילאַדעלפיע, קליוולאַנד, באָסטאָן, דעטראָיט, מיאַמי און אַנדערע שטעט. רבנים און ראַבאַיס איבער דעם גאַנצן לאַנד האָבן געהאַלטן דרשות, רופנדיק די אידן זיך צוריקצוקערן צו די אַלטע קוואַלן. אין פיל שטעט זיינען געשאַפן געוואָרן נייע חברה׳ס, נייע חוגים צום לערנען.

איינע פון די אינטערעסאַנטסטע אונטערנעמונגען פון תורה־דעפּאַרט־מענט איז געווען די אויפלעבונג פון דער הקהל צערעמאָניע, וואָס פלעגט אין דעם אידישן היימלאַנד דורכגעפירט ווערן צום סוף פון יעדע זיבן יאָר, חול המועד סוכות, דאָס זיבעטע יאָר איז געווען אַ יאָר פון רו פאַר די פעלדער פון ישראל, אַ יאָר פון שמיטה. דאַן פלעגט דאָס פאָלק זיך פאַרזאַמלען אין ירושלים און הערן דעם אידישן קעניג לייענען די תורה. די לעצטע הקהל צערעמאָניע איז דורכגעפירט געוואָרן פון קעניג אַגריפּאַ אין יאָר 42 פון דער איצטיקער צייט רעכענונג. אָבער נאָך 1900 יאָר איז די דאָזיקע טיף־מענטשלעכע צערעמאָניע פון לאָזן אפילו די ערד זיך אָפּרוען אויפ־געלעבט געוואָרן אין מדינת ישראל. אַן עולם פון טויזנטער און טויזנטער אידן האָט נאָך דעם לייענען די תורה מאַרשירט אין אַ פּראָצעסיע אַרום ירושלים און זיך אָפּגעשטעלט ביים הר ציון. אַרום צען טויזנט אידן האָבן דאַן באַזוכט דעם קבר פון דוד המלך.

אין אַמעריקע זיינען עטלעכע גרויסע הקהל־צערעמאָניעס דורכגעפירט געוואָרן אין פאַרשידענע אידישע קהילות. די גרעסטע פון זיי איז דורכ־געפירט געוואָרן סוכות, 1952, אין ישיבה־אוניווערזיטעט. 1200 תלמידים פון 19 ישיבות האָבן זיך פאַרזאַמלט און געהערט לייענען די תורה און אויך באַגריסונגען פון פאָרשטייער פון תורה־אָפּטייל פון דער אידישער אַגענטור און פון ישיבה־אוניווערזיטעט. אין דער אידישער פּרעסע איז פיל געשריבן געוואָרן וועגן דער אויפלעבונג פון דער דאָזיקער אַלטער אידישער טראַדיציע.

פונקט ווי די אָפּטיילונג פאַר אַלגעמיינער העברעאישער קולטור, אַזוי האָט אויך די אָפּטיילונג פון תורה־קולטור געאַרבעט דערפאַר, אַז וואָס מער אידישע סטודענטן און לערער פון אַמעריקע זאָלן פאָרן אויף אַ שטודיום־באַזוך קיין מדינת ישראל. אָבער מיט ישיבה־בחורים איז עס ניט געגאַנגען אַזוי לייכט, ווי מיט סטודענטן פון האַי־סקולס, אָדער מיט די סטודענטן פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, למשל, אָדער גאָר פון דעם ישיבה־אוניווערזיטעט. עס איז אָבער דאָך געלונגען דער תורה־אָפּטיילונג פון דער

אַגענטור צו שיקן קיין ישראל גרופּעס תלמידים פון פאַרשידענע ישיבות פון אַלטן אָרטאָדאָקסישן שניט. דער צוועק פון זייער רייזע? זיי זאָלן זיך אָנזאַפּן מיט דעם ציוניסטישן גייסט! די ישיבה־בחורים, מוסמכים, זיינען געפאָרן נאַטירלעך, אויך כדי צו לערנען און כדי זיך צו באַקענען מיט דעם לעבן אין אידישן היימלאַנד.

אויסער דעם, האָט דער תורה־דעפּאַרטמענט פון דער אַגענטור געשיקט גאַנץ באַזונדערס גרופּען סטודענטן פון ישיבה־אוניווערזיטעט. אין אַלגע־




אַ גרופּע רבנים מיט זייערע פרויען ווי אויך אייניקע לערער און ישיבה־סטודענטן ווערן דאָ געזען ביי אַן אל־על עראָפּלאַן, אָפּפליענדיק אויף אַ לענגערן באַזוך קיין ישראל אונטער דער אויפזיכט פון דער אַגענטור׳ס אָפּטיילונג פאַר תורה־קולטור. האַלטנדיק אַ ספר־תורה ווערט געזען הרב צבי טאַבאָרי, אָנפירער פון דער תורה־אָפּטיילונג. לעבן רב טאַבאָרי (לינקס) ווערט געזען הרב דוד טעלזנער, אַ מיטאַרבעטער פון תורה־קולטור דעפּאַרטמענט.

מיין קען מען זאָגן, אַז עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ מין גאָר נאָענטע פאַר־בינדונג צווישן דעם אָפּטייל פון תורה־קולטור מיט דעם ישיבה־אוניווערזי־טעט, פּונקט ווי דער אַלגעמיינער דעפּאַרטמענט פאַר קולטור און דערציאונג האָט גלייך פון אָנהויב אַנטוויקלט אַן ענגע פאַרבינדונג מיט דעם אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, צוערשט אונטער דער אָנפירערשאַפט פון דר. חיים

גרינבערג און שפּעטער אונטער דער אָנפירונג פון זלמן שזר. סיי חיים גרינבערג, סיי שזר, זיינען געשטאַנען נאָענט צום אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר. אויך דער צווייטער מיניסטער פון קולטור און דערציאונג אין דער ישראל־רעגירונג, דר. בן־ציון דינור, איז געווען נאָענט צום סעמינאַר. ווען ער איז געקומען אין 1954 קיין אַמעריקע, האָט ער זיך באַטייליקט אין דער דערעפענונג פון 66טן לערן־יאָר פון אידישן טעאָלאָגישן סעמינאַר, וואו ער האָט אויך געקראָגן אַן ערן־דאָקטאָראַט.



פון רעכטס צו לינקס: הרב דר. שמואל בעלקין, פּרעזידענט פון ישיבה־אוניווערזיטעט; אבא איבען, אַמבאַסאַדאָר פון ישראל אין אַמעריקע, און הרב דר. שמואל ק. מירסקי, הויפּט פון דער גראַדואיר־שולע פון ישיבת יצחק אלחנן. דאָס בילד איז גענומען געוואָרן ביי דער דערעפענונג פון ישראל־אינסטיטוט, וואָס די אידישע אַגענטור האָט געשאַפן צוזאַמען מיט דעם ישיבה־אוניווערזיטעט אין 1954.

דער ישיבה־אוניווערזיטעט, צוזאַמען מיט דער אַגענטור׳ס תורה־קולטור אָפּטייל האָבן, ציענדיק דעם שנור פון געמיינזאַמער טעטיקייט, אויך געשאַפן אַ מין בשותפותדיקן אינסטיטוט, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קורס לעקציעס „וועגן אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו ישראל". נאָך דעם

פאַרענדיקן דעם קורס האָבן די צוהערער געקראָגן אַ דיפּלאָמע פון דער ישיבה און פון דער אַגענטור.

דער ישראל־אינסטיטוט ביים ישיבה־אוניווערזיטעט איז אָנגעפירט גע־וואָרן פון הרב דר. שמואל ק. מירסקי, פּראָפעסאָר פון רבנישער ליטעראַטור. די לעקציעס ביים אינסטיטוט זיינען געגעבן געוואָרן אין צוויי סעסיעס (8 וואָכן יעדע סעסיע) אין משך פון אַקאַדעמישן יאָר. די לעקציעס (העברעאיש, תנ״ך, געשיכטע) זיינען געגעבן געוואָרן אין שטערן־קאַלעדזש, אויף לעק־סינגטאָן עוועניו און 35טע גאַס, מאַנהעטן.

דער תורה־אָפּטייל האָט אויך דורכגעפירט אַ צאָל סעמינאַרן אין משך פון דיווינטער און זומער־חדשים פאַר ישיבה־לערער און אויך פאַר פאַר־שידענע אַנדערע רעליגיעזע אידישע לערער.

די זומער־סעמינאַרן האָבן אין דורכשניט געדויערט צוויי וואָכן צייט. דאָס זיינען געווען צוזאַמענקונפטן, וואו יעדן טאָג, אין משך פון שעה׳ן און שעה׳ן, האָט מען געלערנט און דיסקוטירט.

דער תורה־אָפּטייל פון דער אידישער אַגענטור האָט אָנגעפירט אַ גאַנצע ריי טעטיקייטן אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב, דירעקטירט פון ירושלים. איינער אַזאַ פּראָיעקט איז באַשטאַנען פון אַן עסעי־קאָנטעסט צווישן אידישע סטודענטן איבער דער גאַנצער וועלט. די עסייען זיינען געווען אויף טעמעס וועגן ישראל. די אָפּטיילונג אין אַמעריקע האָט גע־אַרבעט דערפאַר, אַז וואָס מער יוגנטלעכע דאָ אין לאַנד זאָלן זיך באַטייליקן אין דעם קאָנטעסט. נאָך אַ וויכטיקער פּראָיעקט איז געווען אַ יערלעכע וועלט־קאָנפערענץ וועגן רעליגיעזער אידישער דערציאונג, וואָס איז אָפּ־געהאַלטן געוואָרן אין ירושלים. אין ירושלים האָט די תורה־אָפּטיילונג אויך אָנגעפירט מיט אַ ספּעציעלן סעמינאַר פאַר רעליגיעזע העברעאישע לערער פון דער גאַנצער וועלט. דער קורס אויפן סעמינאַר האָט געדויערט 14 חדשים. די תורה־אָפּטיילונג פון ניו־יאָרק האָט אויך אָנגעפירט אַ פּראָ־פּאַגאַנדע־טעטיקייט, אַז וואָס מער מחנכים פון אַמעריקע זאָלן פאָרן צום תורה־קאָנגרעס אין ירושלים. דער תורה־דעפּאַרטמענט האָט אויך דורכגע־פירט אין 1955 אַ יאָר געווידמעט דעם רמב״ם.

דער תורה־דעפּאַרטמענט ביי דער אידישער אַגענטור האָט אויך אַנט־וויקלט אַן אינטערעסאַנטע סיסטעם פון לערנען תורה מיט אידן אין אַמעריקע דורך דער ראַדיאָ. אין משך פון די ווינטער חדשים, יעדן זונטיק בייטאָג, איז געהערט געוואָרן אַ האַלבע שעה פון אַ מין מאָדערנער תורה שבעל פה. זייער פּאָפּולער איז געווען די סעריע וועגן די נביאים. עס איז געשאַצט

געוואָרן, אַז צענדליקער טויזנטער אידן אין ניו־יאָרק און אומגעגנט האָבן געהערט די דאָזיקע פּראָגראַמען.

נאָך אַן אינטערעסאַנטער פּראָיעקט פון תורה־אָפּטייל איז געווען אַ וועכנטלעכע סעריע דורך קאָרעספּאָנדענץ. עס איז יעדע וואָך אַרויסגעשיקט געוואָרן אַ „מימיאָגראַפירטע לעקציע" וועגן דער סדרה פון דער וואָך, סיי צו מחנכים, סיי צו סתם פאַראינטערעסירטע אידן. די לעקציעס זיינען געווען גאָר פּאָפּולער צווישן אַמעריקאַנער אידישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געשריבן צו דער אַגענטור, אַז די דאָזיקע וועכנטלעכע קאָרעספּאָנדענץ שטאַרקט זיי אין זייער אָפּגעריסנקייט פון אידישן לעבן אין די ווייטסטע טיילן פון דער וועלט.

די אָפּטיילונג פאַר תורה־קולטור האָט אויך אַרויסגעגעבן אַ ריי פּובליקאַציעס, ביכער, פילמען און פּאַנאָגראַף־פּלאַטן.

---

די קולטור טעטיקייט פון דער אידישער אַגענטור אין אַמעריקע אין די יאָרן זינט דעם אויפקום פון מדינת ישראל, איז געוואָרן איינע פון די הויפּט־פונדאַמענטאַלע זיילן אין דער בריק, וואָס האָט גייסטיק און פיזיש פאַרבונדן די צוויי הויפּט־ישובים אין דעם אידישן לעבן פון דעם דאָזיקן פּעריאָד. די פירער פון דער אידישער אַגענטור אין אַמעריקע זיינען געווען די פאָלגנדע פּערזענלעכקייטן: דר. נחום גאָלדמאַן, איינער פון די הויפּט־פיגורן אין אַלוועלטלעכן און אַמעריקאַנער ציוניזם, פּאָרזיצער; די עקזעקוטיווע מיטגלידער זיינען געווען: דר. עמנואל ניומאַן און דר. ישראל גאָלדשטיין, פירער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן; מרס. ראָוז ל. האַלפּרין, פירערין פון הדסה; לואיס סיגאַל, סעקרעטאַר פון אידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד און פירער פון די פּועלי ציון; און הרב מרדכי קירשבלום, אַ פירער פון דער מזרחי־באַוועגונג אין אַמעריקע. דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון דער אַגענטור איז געווען גאָטליב האַמער.

די אידישע אַגענטור האָט זיך אויך אָפּגעגעבן, דורך איר יוגנט און חלוץ־אָפּטיילונג, מיט שטיצן די הכשרה־פּראָיעקטן פון דער אידישער חלוצישער יוגנט אין אַמעריקע. די פאָלגנדע יוגנט־פּראָיעקטן זיינען געשטיצט געוואָרן: די בני עקיבא, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די חלוצישע יוגנט פון פּועל המזרחי; די בית"ר (רעוויזיאָניסטישע יוגנט); די הבונים (פּועלי ציון יוגנט); דער השומר הצעיר און החלוץ הצעיר. (וועגן די אַלע יוגנט־באַוועגונגען, זע באַזונדערע קאַפּיטלען — אין בוך צוויי). איבער

דרייסיק שליחים פון ישראל, מדריכים פאַר דער יוגנט, האָבן זיך געפונען יעדעס יאָר אין אַמעריקע און קאַנאַדע.

די אַגענטור האָט אויך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, אונטער דער לייטונג פון דר. עמנואל ניומאַן, אַן אָפּטיילונג צו פאַרשפּרייטן געקליבענע ביכער, וואָס האָבן באַהאַנדלט די וויכטיקסטע פּראָבלעמען אויף דער טאָג־אָרדענונג פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אומעטום.

די אָפּטיילונג פון „פּרעסע און אינפאָרמאַציע", אָנגעפירט פון דר. י. ל. טעלער, האָט אַנטוויקלט אַן אינטענסיווע טעטיקייט. גאַנץ באַזונדערס האָט די ראַדיאָ אָפּטיילונג פון דער אַגענטור געזוכט אַריינצודרינגען אין די ווייטסטע ווינקלען פון אידישן לעבן אין אַמעריקע. 155 ראַדיאָ־סטאַנציעס פון אַמעריקע און קאַנאַדע האָבן צעטראָגן דאָס וואָרט פון דער אידישער אַגענטור. אַ צאָל פּראָגראַמען זיינען אויך געווען אין אידיש.

פון איר צענטראַלע אין ניו־יאָרק, האָט די אידישע אַגענטור געגרייכט אויך אַ צאָל לענדער אין לאַטיין־אַמעריקע, וואוהין ספּעציעלע פאָרשטייער פלעגן קומען פון צייט צו צייט צו אָרגאַניזירן אַן אינטענסיווע קולטור־טעטיקייט. שטענדיקע קולטור־אָפּטיילונגען האָבן, צווישן אַנדערע, עקזיסטירט אין אַרגענטינע און בראַזיל. די קולטור־אָפּטיילונג פון דער אַגענטור אין ירושלים האָט אָנגעהאַלטן אָפּטיילונגען אויך אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, האָלאַנד, ווי אויך אין אַ גאַנצער ריי לענדער אין אַזיע און צפון אַפריקע. איינע פון די הויפּט־אויפגאַבן פון דער קולטור־אָפּטיילונג אין ירושלים איז געווען דאָס באַזאָרגן מיט לערער און ספרים די פאַרוואָרפענע אידישע ישובים אין די פאַרשידענע וועלט־טיילן.

## דער טעאָדאָר הערצל אינסטיטוט (מכון הרצל)

כדי צו קאָנצענטרירן און הויפּטזעכלעך כדי צו סטימולירן די העברעאישע קולטור אין ניו־יאָרק און אומגעגנט, האָט די אידישע אַגענטור צוזאַמען מיט דעם ציוניסטישן קאָונסיל אין אַמעריקע אָרגאַניזירט דעם הערצל־אינסטיטוט. דער דאָזיקער אינסטיטוט (מכון הרצל) איז לויט אַ פּלאַן פון דר. עמנואל ניומאַן, ציוניסטישער פירער פון אַמעריקע, געגרינדעט געוואָרן אין 1954, אין זעלבן יאָר, ווען די אידישע וועלט האָט געפּראַוועט דעם פופציקסטן יאָרצייט פון דעם גרינדער פון פּאָליטישן ציוניזם, דר. טעאָדאָר הערצל.

אין משך פון די ערשטע דריי יאָר פון זיין עקזיסטענץ האָט דער „הערצל אינסטיטוט", וואָס האָט זיך געפונען אויף 250 וועסט 57טע גאַס, אין סאַמע

צענטער פון ניו־יאָרק, אַנטוויקלט אַ באמת פילזייטיקע קולטור־טעטיקייט, אין איינקלאַנג מיט דער אָנגעצייכנטער פּראָגראַם. און די דאָזיקע פּראָגראַם איז באַשטאַנען אין אַנטוויקלען אַ ציוניסטישן צענטער פון דערציאונג פאַר דערוואַקסענע, וואו עס זאָלן באַהאַנדלט ווערן די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון אידישן לעבן סיי אין אַמעריקע, סיי אין אַנדערע לענדער. גאַנץ באַזונדערס זאָל דער טראָפּ געשטעלט ווערן אויף די פּראָבלעמען פון דעם מאָדערנעם ישראל. פּונקט אַזוי ווי די אַגענטור און דער ציון־קאָונסיל שליסן אין זיך איין די אינטערעסן פון אַלע ציוניסטישע גרופּירונגען, אַזוי האָט אויך דער הערצל אינסטיטוט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע אַרומצונעמען אַלע ציוניסטישע פראַקציעס און גרופּן. זיין טעטיקייט האָט דער הערצל־אינסטיטוט אַנטוויקלט אין דער פאָרם פון רעגולערע אָוונט־קורסן, לעקציעס, עפנטלעכע אָוונטן, פּעריאָדישע קאָנפערענצן וועגן געזעלשאַפטלעכע פראַגן, קאָנצערטן און קונסט־אויסשטעלונגען.

בלויז די טיטולן פון די פאַרשידנאַרטיקע לעקציע־סעריעס, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין משך פון איין סעזאָן, וועלן געבן דעם לייענער אַ גאַנץ גענוי בילד פון דער קאָלירפולער טעטיקייט פון הערצל־אינסטיטוט. אָט זיינען די נעמען פון די לעקציע־סעריעס: די וועלט פון די ספרדים (4 לעקציעס); דאָס אידישע לאַנד און דאָס אידישע פאָלק אין שפּיגל פון אונזער ליטעראַרישער ירושה (דריי לעקציעס); ישראל אין דער וועלט־פּאָליטיק (4 לעקציעס); פון אַלע עקן וועלט — אַ סעריע פון 4 לעקציעס וועגן אידישן לעבן אין פּערסיע, סיריע, עגיפּטן און יאַפּאַן; ווי אַזוי אַ פּסיכיאַטאָר זעט דעם גלות־אידן (דריי לעקציעס). אויסער דעם איז געגעבן געוואָרן אַ לאַנגע סעריע פון עטלעכע און דרייסיק לעקציעס וועגן די פאַרשידענע פאַזן פון לעבן אין ישראל, ווי: רעליגיע, העכערע בילדונג, ליטעראַטור, פּרעסע, מוזיק, מאַלעריי, היגיענע, געריכט־הייזער, די כנסת, פּאָסט און פּאָסט מאַרקעס אין ישראל, קריסטן אין ישראל און אַ. וו. אויסער דעם זיינען געגעבן געוואָרן לעקציע־סעריעס וועגן אידישן לעבן אין אַמעריקע, ווי, למשל, וועגן די פאַרשידענע רעליגיעזע גרופּירונגען דאָ אין לאַנד, די ווירקונג פון דער אידישער פּרעסע אין אַמעריקע, די אידישע טאָג־שול דאָ אין לאַנד און אַ. וו.

די מערסטע לעקציעס זיינען געווען אין ענגליש. עס זיינען אָבער דורכגעפירט געוואָרן גאַנץ אָפט גאַנצע פּראָגראַמען אין העברעאיש און פון צייט צו צייט זיינען אויך אויפגעטראָטן אין הערצל־אינסטיטוט רעדנער אויף דער אידישער שפּראַך. עס איז אויך דיסקוטירט געוואָרן די ראָלע פון דער

אידישער פּרעסע אין אַמעריקע און עס איז געווידמעט געוואָרן אין משך פון סעזאָן אַ ספּעציעלער צוזאַמענקונפט צו פּאָעזיע אויף דער אידישער שפּראַך.

דער הערצל־אינסטיטוט האָט אויך דורכגעפירט אַ סעריע מלוה־מלכה׳ס. איין סעריע מלוה־מלכה׳ס איז געווען טיטולירט „וואָס איך געדענק" און אַלס גאַסט־רעדנער זיינען איינגעלאַדן געוואָרן אידישע פּערזענלעכקייטן פון עלטערן דור און זיי האָבן איבערגעגעבן אינטערעסאַנטע און וויכטיקע פאַקטן פון אידישן לעבן אין אַמעריקע ביים אָנפאַנג פון 20טן יאָרהונדערט.

אויך אין משך פון טאָג — אינדערפרי און נאָכמיטאָג, פלעגן דורכגעפירט ווערן גאַנצע סעריעס לעקציעס, ווי אין ישראל־מוזיק, ישראל־טענץ. אַ קורס צו לערנען העברעאיש איז אויסער אין אָוונט, אויך געגעבן געוואָרן בייטאָג — דריי מאָל אַ וואָך — פון צוויי ביז פינף בייטאָג.

אויך פילם־סעריעס וועגן ישראל זיינען געוויזן געוואָרן פון צייט צו צייט. אויך אַ דראַמאַטישע גרופּע, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אויף פּאָר־לייענען די מאָדערנע העברעאישע ליטעראַטור, ווי אויך אויסצוגן פון תנ״ך, איז אָרגאַניזירט געוואָרן.

צווישן די גרויסע קאָנפערענצן, וואָס זיינען דורכגעפירט געוואָרן אין הערצל־אינסטיטוט אין 1957, זיינען געווען: 1) אַ קאָנפערענץ פון אידיש־ענגלישע שרייבער אין אַמעריקע און 2) אַ קאָנפערענץ וועגן דער געשיכטע פון ציוניזם אין אַמעריקע.

אויסער דעם אַלעמען האָט דער הערצל־אינסטיטוט אויך אָנגעפירט ספּעציעלע קורסן פאַר יוגנטלעכע אין קאָאָפּעראַציע מיט דעם מזרחי הצעיר, יאָנג דזשודעאַ, בני עקיבא און אַ ריי אַנדערע. דער הערצל־אינסטיטוט האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ ריי רייזנדע אויסשטעלונגען, ווי: 60 יאָר ציוניזם; הומאָר אין ישראל; דער הערצל־אינסטיטוט און זיינע אויפטועך און אַ. וו.

די אָנפירערשאַפט פון הערצל־אינסטיטוט איז באַשטאַנען פון די פאָלגנדע: ד״ר. עמנואל ניומאַן, פּרעזידענט; ד״ר. עמיל לעהמאַן (אַ גראַדואירטער פון וויען, אַ פּראָפעסאָר פון רעליגיע), דירעקטאָר; ד״ר. י. ל. טעלער, (פּאָליטישער סעקרעטאַר פון דער אַלוועלטלעכער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע), פּאָרזיצער פון פּלאַניר קאָמיטעט; ד״ר. יעקב י. האַרטשטיין (דיען פון דער גראַדואיר שול פון לאָנג איילענד אוניווערזיטעט), פאָרזיצער פון אַקאַדעמישן ראַט; ד״ר. רפאל פּטאי (העברעאישער געלערנטער און אָריענטאַליסט), דירעקטאָר פון פאָרשונג און דוד גאָלדבערג (שטודירט אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט

און אין ירושלים אוניווערזיטעט, זון פון אידישן היסטאָריקער רופוס לעאַרסי), רעגיסטראַר.

דער הערצל־אינסטיטוט האָט אויך אָנגעפירט מיט פאָרשונגס־אַרבעטן, באַזונדערס אין שייכות מיט דער געשיכטע און ווירקונג פון ציוניסטישן געדאַנק אויף דעם אַלגעמיינעם אידישן לעבן. דער פאָרש־דעפּאַרטמענט פון הערצל־אינסטיטוט האָט זיך געשטעלט אַלס אויפגאַבע צו געבן אינפאָר־מאַציע און אָנווייזונגען צו אוניווערזיטעט־סטודענטן, וועלכע גרייטן ספּעציעלע טעזיסן אין שייכות מיט ציוניזם, ישראל און אַ. וו. די פאָרשונגס־אָפּטיילונג



מרס. דאָלאַ בן יהודה־וויהיטמאַן, לערערין פון העברעאיש, ווערט געזען, געבנדיק אַ לעקציע אין דער העברעאישער שפּראַך צו אַ קלאַס אין הערצל־אינסטיטוט. דאָלאַ בן־יהודה איז אַ טאָכטער פון אליעזר בן־יהודה, דער פאָטער פון מאָדערנעם העברעאיש אין ארץ ישראל.

האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמלען מאַטעריאַלן, וואָס האָבן אַ שייכות צו ישראל און צו ציוניזם בכלל, און צום ציוניזם אין אַמעריקע בפרט. דער הערצל־אינסטיטוט האָט אויך געהאַט די אויפזיכט איבער דעם „ציוניסטישן אַרכיוו און ביבליאָטעק“, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן נאָך אין יאָר 1939 ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַמעריקע. דער הערצל־אינסטיטוט האָט אויך געפּלאַנט אַרויסצוגעבן אַ פולע געשיכטע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

דער שרייבער פון די שורות האָט דעם הערצל־אינסטיטוט באַזוכט ביי פאַרשידענע געלעגנהייטן, און עס מוז געזאָגט ווערן, אַז פאַר דער פאַר־העלטניסמעסיק קורצער צייט פון זיין עקזיסטענץ, האָט דער דאָזיקער אינסטי־טוט באמת אַנטוויקלט אַן עכט־פרוכטבאַרע טעטיקייט אין ניו־יאָרק, וואָס איז אין אַלגעמיין גאַנץ רייך אין גרויסע אידישע אינסטיטוציעס. דאָך אָבער מוז מען צוגעבן, אַז דעם הערצל־אינסטיטוט איז געלונגען אויף אַ גאַנץ באַזונדער אופן צו פאַראינטערעסירן די ברייטע אידישע מאַסן — סיי דער־וואַקסענע, סיי יוגנטלעכע — אין זיין פאַרשידנאַרטיקער טעטיקייט.

דער הערצל־אינסטיטוט איז זיכער געווען אַ פיינע דערגרייכונג פאַר דעם ציוניסטישן קאונסיל (פאַראייניקטער ראַט פון אַלע ציוניסטישע קער־פערשאַפטן). גאַנץ באַזונדערס אָבער איז דער הערצל־אינסטיטוט געווען דער אויסדרוק פון דער קולטור־טעטיקייט פון דער אידישער אַגענטור אין אַמעריקע, וועלכע האָט זיך געשטעלט אַלס איר ציל צו פאַרשטאַרקן אויף אַ רעאַליסטישן אופן דעם גייסטיקן בונד צווישן די אידן פון אַמעריקע און ישראל, ווי אויך צו באַרייכערן און פאַרטיפן אין אַלגעמיין דאָס אידישע קולטור־לעבן דאָ אין לאַנד גופא.

די וויכטיקסטע אידישע דערציער אין אַמעריקע זיינען אין דער דאָזיקער הויכער מיסיע פון דער אידישער אַגענטור געווען טיף פאַראינטערעסירט און זיינען געוואָרן ווי שותפים אין דער דאָזיקער פאַרצווייגטער דערציע־רישער אַרבעט.

# חסידים און ישיבות
# אין ניו יאָרק

פינפטער טייל



די חסידישע רביים, וואָס זיינען געקומען קיין אַמעריקע אין די יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. — דער וועלט־צענטער פון חסידישער אידישקייט אין וויליאַמסבורג און אַנדערע טיילן ברוקלין. — די גרויסע ישיבה באַוועגונג, וואָס די ליובאַוויטשער האָבן אָנגעהויבן. — די קלעצקער און מירער ישיבות אַריבערגעפלאַנצט אויף אַמעריקאַנער ערד.

## 53

# אַמעריקע איז געוואָרן דער צענטער פון חסידישער אידישקייט אין גאַנצער וועלט

**נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען קיין אַמעריקע אָנגעקומען די וויכטיקסטע חסידישע רביים פון אַ צאָל לענדער אין אייראָפּע. — זיי האָבן זיך באַזעצט אין וויליאַמסבורג, אין אַ פּאָר אַנדערע געגנטן פון ברוקלין, ווי אויך אין מאַנהעטן. — זיי זיינען ניט איינגעגאַנגען אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן און אָנשטאָט זיך צופּאַסן צו אַמעריקע, האָבן זיי גאָר צוגעפּאַסט אַמעריקע צו זיך. — זיי האָבן געשאַפן אַ גאַנצע ריי אינדוסטריעס פון אידישן כאַראַקטער. — זייערע ישיבות, בתי־מדרשים, שטיבלעך און קלויזן. — זייער ווירקונג אויף דעם אַלגעמיינעם אידישן לעבן דאָ אין לאַנד.**

די גרעסטע אָפּטימיסטן און שטאַרקסטע מאמינים אין דער אַנטוויקלונג פון אַ פול און עכט אידיש לעבן אין אַמעריקע וואָלטן אין זייער ווייטסטער פאַנטאַזיע קיינמאָל זיך ניט געקענט פאָרשטעלן, אַז אַמעריקע וועט ווען־עס־איז ווערן דער הויפּט־צענטער פון חסידישער אידישקייט און אַז עס וועלן אויף דער אַמעריקאַנער ערד דערצויגן ווערן חסידישע דורות, ווי אַמאָל אין „די גוטע צייטן" אין דער אַלטער היים. אַזוינס איז אָבער געשען אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס זיינען קיין אַמעריקע אָנגעקומען אַ גאַנצע ריי חסידישע רביים, מערסטנס פון אונגאַרן, רומעניע און גאַליציע. די דאָזיקע רביים האָבן אויף אַ העלדישן אופן באַוויזן זיך צו ראַטעווען צוזאַמען מיט אַ היפּשער צאָל פון זייערע תלמידים און זיי האָבן זיך כמעט אַלע באַזעצט אין איין געגנט פון ברוקלין, אין וויליאַמסבורג, וואו זיי האָבן גאַנץ שנעל ווי „איבערגענומען" אַ גאַנצן טייל פון דער געגנט

און זי פאַרוואַנדלט אין אַ פעסטונג פון חסידישער אידישקייט. עקספערטן אויף דעם דאָזיקן געביט האָבן אָפט אָנגעוויזן, אַז וויליאַמסבורג איז באמת געוואָרן דער צענטער פון חסידישער אידישקייט אין דער גאַנצער וועלט. עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז אין וויליאַמסבורג האָבן זיך באַזעצט אַרום פופציק רביים, צווישן זיי די סאַמע וויכטיקסטע פירער פון חסידישער אידישקייט אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. אַנדערע חסידישע רביים האָבן זיך באַזעצט אין אַנדערע געגנטן פון ברוקלין, ווי דאָס איז געווען דער פאַל מיט דעם ליובאַוויטשער רבי׳ן און אויך מיט דעם באָבאָווער רבי׳ן. אַ צאָל רביים האָבן אויך געוואוינט אין מאַנהעטן. אָבער דער צענטער פון חסידישער אידישקייט איז פאָרט געווען וויליאַמסבורג.

(עס איז געשאַצט געוואָרן, אַז אין ניו יאָרק און אין די אַרומיקע פאָר־שטעט האָבן זיך געפונען קרוב צו 200 חסידישע רביים און רבנים. אַ היפּשע צאָל פון זיי האָבן געהאַט אייגענע בתי מדרשים. אַ צאָל האָבן אָנגעפירט מיט היפש שטאַרקע „מנינים" און אַ צאָל פון זיי זיינען געווען פאַרבונדן מיט „פרעמדע" בתי מדרשים און שולן אַלס רבנים. די ניי־געקומענע רביים און רבנים האָבן אויך אָרגאַניזירט אַ הסתדרות האדמורי"ם און אַ התאחדות הרבנים.)

מיט דעם אָנקומען פון די חסידישע רביים און זייערע חסידים האָט דאָס אידישע לעבן אין ניו יאָרק צוגעקראָגן עפּעס גאָר אַ נייעם קאָליר. אויף דער איסט סאַיד און אויך אין אַנדערע געגנטן פון ניו יאָרק האָט איר גאַנץ אָפט אָנגעטראָפן אויף די דאָזיקע עקזאָטישע אידן מיט לאַנגע שיינע בערד און איר האָט געפילט, אַז עפּעס גאָר אַ נייער כח האָט אַריינגעשטראָמט אין דעם אַמעריקאַנער אידנטום. און אויב אפילו איר האָט ניט באַלד איינגעזען די אייביקע גרויסקייט פון אָט דעם סאָרט אידן, האָט איר אָבער געפילט אַז בלויז זייערע שיינע בערד אַליין האָבן בייגעטראָגן עפּעס גאָר וויכטיקס צום אַמעריקאַנער אידנטום, וואָס האָט אינמיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אָנגעהויבן צו ווערן כמעט איבגאַנצן הונדערט פּראָצענט אַמעריקאַנער געבוירן. איך אַליין — דער שרייבער פון די שורות — האָב אָפט געפילט, אַז ווען איך וואָלט געקענט, וואָלט איך געגעבן אַ גאָר גרויסע אויסצייכענונג צו די דאָזיקע הייליקע אידן בלויז פאַר זייערע שיינע בערד אַליין, וואָס זיינען ביי אונז אין אַמעריקע — אין קריטישן איבערגאַנגס־פעריאָד פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן — געוואָרן ווי אַן אַרויסרוף (עס ווילט זיך דאָ נוצן דאָס ענג־לישע וואָרט: טשאַלענדזש) צו אַסימילאַציע! יאָ! די שיינע אידישע בערד פון די חסידישע רביים און זייערע טויזנטער חסידים זיינען ממש ווי פון

דער השגחה אַליין אַריינגעשיקט געוואָרן אין דעם דאָזיקן היסטאָרישן מאָ־מענט צו די אידן אין אַמעריקע, ווי אַ מין סימבאָל און דערמאָנונג דערפון, אַז אידישקייט, אמת׳ע אידישקייט, טראַדיציאָנעלע, תמימות׳דיקע אידישקייט, איז אייביק!...

די חסידישע רביים האָבן, נאַטירלעך, געהאַט גרויסע פּאַרערער צווישן זייערע חסידים, און גאַנץ באַזונדערס צווישן דער חסידישער יוגנט, וועלכע האָבן ממש ווי פאַרגעטערט זייערע רביים. איז דערפאַר טאָקע אפשר אינטע־רעסאַנט צו דערציילן, אַז אין דער וויליאַמסבורגער געגנט האָט זיך אַנט־וויקלט אויך אַ פאָטאָגראַפישע סטודיע, אָנגעפירט פון עטלעכע געוועזענע ישיבה תלמידים, וואָס פלעגט דרוקן אַ גרויסע צאָל פאָטאָגראַפיעס פון די חסידישע רביים, סיי פערזענלעכע בילדער, סיי אויך גרופּן־בילדער פון חסידישן לעבן. און די חסידישע בחורים פלעגן קויפן די בילדער פון זייער באַליבטן רבי׳ן און זיך אַרומטראָגן מיטן בילד ווי די געוויינלעכע אַמעריקאַ־נער יוגנט טראָגט זיך אַרום מיט די בילדער פון אַ מואווי סטאַר, להבדיל. (די מערסטע בילדער אין אונזער אָפּטיילונג וועגן די חסידים און די חסידישע רביים זיינען גענומען געוואָרן פון זעלבן חסידישן פאָטאָגראַפער.)

אָבער די זעלבע וויליאַמסבורג, וועלכע האָט אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אויסגעזען ווי אַן עכט־חסידישע שטאָט, האָט אין איר אידישער געשיכטע געוואוסט צו דערציילן פון אַ צייט, ווען די דאָרטיקע אידן האָבן געמוזט קומען קיין מאַנהעטן האַלטן שבת, אויב זיי האָבן געוואָלט דאַווענען מיט אַ מנין. דאָס איז געווען אַרום מיטן פון 19טן יאָרהונדערט. צו יענער צייט איז נאָך קיין מנין אידן ניט געוועזן אין וויליאַמסבורג. פלעגן די פאָר טיף־רעליגיעזע אידן קומען פרייטיק אויף אַ שיפל קיין מאַנהעטן און פאַרבלייבן ביז מוצאי שבת אין ניו־יאָרק. אין 1846, דערציילט די געשיכטע, איז נאָך אַלץ ניט געווען קיין פולער מנין אידן אין וויליאַמסבורג. עס האָט געפעלט איינער. פלעגט מען ערב שבת ברענגען אַ צענטן, פון דער צווייטער זייט איסט ריווער, פון מאַנהעטן, און ער פלעגט פאַרבלייבן אין וויליאַמסבורג ביז מוצאי שבת. ערשט אין 1851, ווען די צאָל אידן האָט שוין געגרייכט קרוב צו צוואַנציק, איז גע־גרינדעט געוואָרן די ערשטע אידישע קהילה אין וויליאַמסבורג, אויף נאָרט סעקאָנד סטריט, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס מאַרסי עוועניו. יאָ, די זעלבע מאַרסי, וואָס איז אין מיטן צוואַנציקסטן יאָרהונדערט געוואָרן איינע פון די הויפּט־גאַסן פון חסידישער אידישקייט אין אַמעריקע!

ביז אין דער ערשטער וועלט מלחמה האָבן די רייכסטע אידן פון ברוקלין

גערואוינט אין וויליאַמסבורג. אויך דער ערשטער אידישער רעפאָרם טעמפּל אין גאַנץ ברוקלין איז אויפגעבויט געוואָרן אין וויליאַמסבורג.

די אידישע טייל פון וויליאַמסבורג האָט זיך אָנגעהויבן גאָר שטאַרק צו אַנטוויקלען, ווען עס איז אין יאָר 1903 געעפנט געוואָרן די וויליאַמסבורגער בריק. דעמאָלט האָבן אַ סך אידן פון דער איסט סאַיד זיך אַריבערגעצויגן אין דער דאָזיקער געגנט, וואָס איז אַמאָל געווען איינע פון די גאָר רייכע און אַריסטאָקראַטישע טיילן פון ברוקלין.

פון 1903 ביז די יאָרן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די אידישע טייל וויליאַמסבורג געהאַלטן אין בליען, אָבער מיט דעם אויפקום פון אינגערן דור, און אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָבן אַ היפּשע צאָל אידן זיך אַרויפגעאַרבעט, און אַ סך פאַמיליעס האָבן זיך אָנגעהויבן אַרויסצוציען אין די נייערע געגנטן פון קווינס און אַנדערע טיילן פון לאָנג איילענד, און עס האָט אויסגעזען, אַז וויליאַמסבורג גייט אונטער. קיין נייע געביידעס זיינען ניט צוגעבויט געוואָרן און אַלע סימנים האָבן געוויזן, אַז וויליאַמסבורג הויבט אָן ווערן אַ געגנט פון „סלאַמס", דאָס מיינט אַ געגנט פון האַלבע און גאַנצע חורבות.

אָבער גלייך נאָך דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ווי געשען אַ נס. וויליאַמסבורג איז ווי אויפגעריכט געוואָרן! עס האָבן זיך באַוויזן די חסידישע רביים מיט זייערע ישיבה בחורים און חסידים און ווי איבערנאַכט האָט די גאַנצע געגנט אָנגעהויבן צו ברויזן מיט נייעם לעבן. די איינוואוינער אַרום, ניט בלויז די ניט־אידישע, נאָר אפילו די אידישע — האָבן זיך געריבן די אויגן! וואָס קומט דאָ פאָר? — האָבן זיי זיך ווי געפרעגט! קיינער פריער איז ניט געווען געוואוינט צו זען אַזעלכע אידן מיט אַזעלכע מאַנטלען און קאַפּאָטעס און זשופּיצעס און שטריימלען! און אַזויפיל פרויען מיט שייטלען אויף די קעפּ! און אַזעלכע קינדערלעך, אַזעלכע קליינע אינגעלעך, מיט אַזעלכע גרויסע פאות! און די דאָזיקע אידן — דאָס האָט מען גלייך געקענט זען פון זייערע ערשטע טריט, וואָס זיי האָבן געשטעלט אויף דער אַמעריקאַנער ערד — זיינען געקומען קיין אַמעריקע נישט כדי צו מאַכן וועלכע עס איז קאָמפּראָמיסן! זיי זיינען געקומען און גלייך פון אָנהויב ווי דערקלערט, אַז זיי ווילן נישט טראַכטן אפילו וועגן צופּאַסן זיך צו אַמעריקע! אָנשטאָט דעם אָבער האָבן זיי גלייך אָנגעהויבן צופּאַסן אַמעריקע צו זיך. און אַז מען וויל קען מען עס זאָגן אפשר קלאָרער: די דאָזיקע אידן האָבן ווי דערקלערט, אַז זיי וועלן אַמעריקע צורו לאָזן און אַמעריקע זאָל זיי לאָזן צורו! יעדער וועט זיך, הייסט עס, גיין זיין אייגענעם וועג! און

אַזוי איז טאַקע געשען. גאַנץ שנעל האָבן די דאָזיקע אומקאָמפּראָמיסלעכע אידן אויפגעשטעלט זייערע געמיינדעס, געשאַפן זייערע ישיבות און אַנטוויקלט אַ גאַנצע ריי אינדוסטריעס. זיי האָבן ווי איבערגענומען אַ גאַנצע צאָל גאַסן און געמאַכט זייער אייגענעם שטייגער לעבן דאָמינירנד אין דער געגנט אַרום. און אַזעלכע שבתים און אַזעלכע ימים טובים, ווי אין חסידישן וויליאַמסבורג, און אַזעלכע שמחת־תורה טענץ ווי אין וויליאַמסבורג, האָבן די



Photo by Trainer Studio

אַ בילד, וואָס איז גענומען געוואָרן אויף די גאַסן פון וויליאַמסבורג, ווען דער וויזשניצער רבי האָט געכאַפּט אַ שפּאַציר אין דער באַגלייטונג פון אַ צאָל חסידים זיינע. גאָר אינטערעסאַנט איז דער פאַקט, וואָס די קליינע קינדער זיינען געווען פאַרקאָכט אין רבי׳ן, פּונקט ווי די דערוואקסענע.

אַמעריקאַנער אידן קיינמאָל פריער ניט געהאַט. און אַזעלכע חתונות, מיט אַן עולם פון צוויי און דריי טויזנט געסט, מיט דער באַטייליקונג פון צענדליקער רביים און רביצינס און מיט די אַלע מנהגים און פירעכצן פון אַמאָל, אַזעלכעס האָט אַמעריקע אויך נאָך קיינמאָל פריער ניט געזען...

און פּונקט ווי עס פירט זיך אין אַלגעמיין ביי די אידן אין אַמעריקע מיט ציפערן, ווען עס קומט צום אידישן לעבן, אַזוי האָט מען אויך אין וויליאַמסבורג ניט געוואוסט גענוי ווי גרויס עס איז געווען די צאָל חסידישע אידן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין דער דאָזיקער געגנט.

אַן אויספאָרשונג וועגן אידן אין וויליאַמסבורג איז דווקא יאָ געמאַכט געוואָרן דורך אַן איינוואוינער פון דער דאָזיקער געגנט זעלבסט. דאָס איז געווען דר. דזשאָרדזש (גרשון) קראַנצלער, וועלכער איז אַליין געווען אַ שרייבער אויף אידישע רעליגיעזע טעמעס און אַ דערציער פון אָרטאָדאָקסישן שול־וועזן אין אַמעריקע. דר. קראַנצלער האָט זיין אַרבעט וועגן וויליאַמס־בורג געשריבן אין דער פאָרם פון אַ דיסערטאַציע, פאַר וועלכער ער האָט געקראָגן דעם טיטול פון דאָקטאָר פילאָזאָף פון קאָלאָמביע אוניווערזיטעט. (דר. קראַנצלער האָט גאָר באַזונדערס אויך פיל געשריבן וועגן דעם ליובאַ־וויטשער רבי'ן און וועגן די אויפטוען פון די ליובאַוויטשער חסידים). דר. קראַנצלער'ס אויספאָרשונג, וואָס האָט אים גענומען צען יאָר צייט, איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אָנהויב 1955.

דר. קראַנצלער האָט אין זיין אויספאָרשונג, טיטולירט „די דזשואיש קאָמיוניטי אָוו וויליאַמסבורג", אָנגעוויזן, אַז איין וויכטיקע טייל פון דער געגנט, וואָס איז ווי דאָמינירט געוואָרן פון טיפן חסידישן לעבן, האָט פאַרנומען אַרום פופציק בלאָק. אַרום 16 טויזנט אידן האָבן דאָרט געוואוינט. אַרום אַ דריטל פון זיי זיינען געקומען אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. עטלעכע טויזנט אידן פון אונגאַרן האָבן געוואוינט אין דער זעלבער געגנט פון פריער. דערמיט דערקלערט זיך, וואָס די חסידים פון אונגאַרן, אָנקומענדיק קיין אַמעריקע נאָכן קריג, זיינען גלייך אַוועק קיין וויליאַמסבורג, וואו עס האָבן געוואוינט זייערע לאַנדסלייט. (סוף 1956 און אָנהויב 1957 זיינען צוגעקומען אַרום 500 נייע אידן פון אונגאַרן אַלס רעזולטאַט פון דעם אויפשטאַנד אין יענעם לאַנד).

ווען איך האָב אָנגעפרעגט ביי איינעם פון די הויפט־פירער פון אידישן וויליאַמסבורג, ווי גרויס ער דענקט עס איז די צאָל פון די חסידישע אידן אין דער וויליאַמסבורג געגנט, האָט ער מיר אָן שום קווענקלעניש געענט־פערט, אַז ער דענקט אַז די צאָל איז צווישן 25,000 און 30,000.

די חסידים זיינען געקומען און ניט בלויז געשאַפן ישיבות, נאָר זיי האָבן אויך געשאַפן גאַנצע „אינדוסטריעס פון אידישקייט". זיי האָבן געשאַפן צוערשט די דאָזיקע אינדוסטריעס פאַר זייער אייגענעם געברויך און שפּעטער אויך געפונען אַ ברייטערן מאַרק. די חסידישע אידן האָבן געשאַפן ווערק־שטאַטן און שפּעטער אויסצואַרבעטן שטריימלען, שייטלען, זיידענע קאַפּאָטעס. זיי האָבן אויך געשאַפן אַ גאַנצע אינדוסטריע פון איבערדרוקן ספרים און אויך פאַבריקן פון טליתים. אויסער דעם האָבן זיי אַנטוויקלט אַ האַנדל מיט אַ גאַנצער ריי פּראָדוקטן, וואָס איז געווען אונטער דער ספּעציעלער

אויפזיכט פון חסידישע משגיחים. די דאָזיקע פּראָדוקטן זיינען באַצייכנט געוואָרן אַלס „גלאַט כשר". די חסידים האָבן געעפנט זייערע אייגענע יאַטקעס, וואו מען האָט פאַרקויפט „גלאַט כשר" פלייש. אידן פון פאַרשידענע טיילן שטאָט פלעגן קומען קיין וויליאַמסבורג איינקויפן דאָס דאָזיקע פלייש. אויך פּאַר מילך און אַנדערע מילכיקע פּראָדוקטן האָבן די חסידים איינגעפירט זייער אייגענעם שטייגער. אין די בערג, אין די אידישע רעזאָרט געגנטן, האָבן זיך אויך געעפנט אַ צאָל זומער־פלעצער, האָטעלן און קעמפּס, וואו מ'האָט סערווירט „גלאַט כשר'ע" שפּייזן.

אָבער ניט בלויז די שפּייז־קראָמען און די פלייש געשעפטן זיינען אָנגעפירט געוואָרן פון חסידים, נאָר אפילו די באַרבער־שעפּער, די שערערס, זיינען אין וויליאַמסבורג געווען פון חסידישן מין. די דאָזיקע באַרבער פון וויליאַמסבורג וועלן ניט אָנרירן קיין פאה, חלילה, און זיי האָבן געוואוסט פון אַלע מנהגים און דינים, גאַנץ באַזונדערס, וואָס עס איז שייך זייער פאַך. און ניט בלויז האָבן די פאַרשידענע שפּייז־געשעפטן אין דער געגנט געהאַלטן פון שבת און געווען געשלאָסן פון פאַר־ליכט־בענטשן ביז מוצאי שבת, נאָר אפילו די גאַזאָלין סטאַנציעס אין דער געגנט האָבן אויך אָנגעהויבן צו ווערן שומרי שבת. די הויפּט גאַס פון דער חסידישער געגנט, בעדפאָרד עוועניו, וואו עס האָבן זיך געפונען אַ צאָל חסידישע ישיבות, האָט שבת אויסגעזען אַזוי ווי אַ פאַר'כשוף'טע גאַס, וואָס איז אַרויס ערגיץ פון אַ מעשהלע אין מיטלאַלטער, מיט רואיקע אויסגעוואַשענע אידן, אין אַטלעסנע קאַפּאָטעס, פיל פון זיי אין ווייסע הויכע זאָקן, און אַלץ איינגעטונקען אין תמימות'דיקן גלויבן, ווי אַמאָל, אַמאָל אין די פאַרצייטן...

אָבער מען דאַרף ניט מיינען, אַז די דאָזיקע אידן זיינען געווען עפּעס נאַאיווע, ניט פּראַקטישע מענטשעלעך. לויט ווי דר. קראַנצלער ווייזט אָן אין זיין אויספאָרשונג, האָבן די דאָזיקע חסידישע אידן געטאָן אַלעס מעגלעכעס, כדי צו ווערן קוואַליפיצירטע פאַכלייט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ניי־געקומענע חסידישע אידן האָבן געהאַט מער געשולטע אַרבעטער ווי אַנדערע אידישע גרופּען.

דר. קראַנצלער האָט אין זיין דיסערטאַציע אין קאָלאָמביע אוניווערזיטעט אָנגעוויזן אויף דעם אינטערעסאַנטן פאַקט, אַז געוויינלעך האַלטן די סאָציאָ־לאָגן און פאַרשידענע אַנדערע פאָרשער, אַז די עקאָנאָמיק, די פינאַנציעלע לאַגע, דעצידירט דעם גורל פון אַ מענטשלעכן ישוב. אין דעם פאַל אָבער פון וויליאַמסבורג האָבן די חסידים, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון זייערע

רביים, באַוויזן, אַז רעליגיע, גייסטיקייט, קען ענדערן דעם עקאָנאָמישן, דעםווירטשאַפטלעכן גאַנג פון אַ גאַנצער געגנט.

און כאָטש די חסידים זיינען געווען באַגרעניצט אין זייער צאָל, האָט אָבער זייער האַרטנעקיקע אַרבעט באַווירקט פיל טויזנטער אידן אַרום זיי און זיי זיינען געוואָרן מיט דער צייט אַ נייער שטאַרקער כח, וואָס האָט היפּש באַאיינפלוסט דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע. ווייל זייערע ישיבות, וואָס זיי האָבן געבויט איינע נאָך דער צווייטער, האָבן צוגעצויגן אויך פיל קינדער פון אַלט־געזעסענע פאַמיליעס, וועלכע וואָלטן אונטער „געוויינלעכע אומ־שטענדן" זייערע קינדער אין קיין חסידישע ישיבות ניט געשיקט. די חסידישע רביים מיט די טויזנטער נאָכפאָלגער זייערע האָבן אין אַלגעמיין פיל ביי־געטראָגן צו דער נייער אַטמאָספערע פון פאַרשטאַרקטער רעליגיעזער אידישקייט אין אַמעריקע.

לויט ווי דר. קראַנצלער האָט אין זיין דיסערטאַציע באַריכטעט, האָבן אין וויליאַמסבורג זיך געפונען פופצן ישיבות און פיר טאָג־שולן פאַר מיידלעך. אין די ישיבות, וואו עס האָבן געלערנט בלויז אינגלעך און אין די פיר שולן פאַר מיידלעך האָבן געלערנט איבער 4500 תלמידים און תלמידות. דאָס איז געווען כמעט פערצן פּראָצענט פון אַלע אידישע קינדער, וואָס זיינען גע־גאַנגען אין פולע אידישע טאָג־שולן אין אַמעריקע.

די אַלע ציפערן, וואָס מיר האָבן געבראַכט ביז איצט אין דעם דאָזיקן קאַפּיטל, ווי אויך אַלע ווייטערדיקע ציפערן אין זעלבן קאַפּיטל, באַציען זיך אויפן יאָר 1955, ווען דר. קראַנצלער האָט פאַרעפנטלעכט זיין אויספאָרשונג.

דר. קראַנצלער האָט אין זיין גענויער אויספאָרשונג אויך געמאַכט אַ שטודיום פון אַ ריי גאַסן און אויסגעפונען, אַז אין איין בלאָק, אין איין קוואַר־טאַל, וואו עס האָבן זיך געפונען עטלעכע הונדערט אידישע קינדער, זיינען בלויז דריי אינגלעך אַרומגעגאַנגען אָן יאַרמולקעס. עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז די אידישע קינדער אין וויליאַמסבורג, וואָס האָבן ניט געקראָגן קיין חסידישע דערציאונג, האָבן אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אַ מינדערוויכטי־קייט (אינפעריאָריטעט) קאָמפּלעקס.

די חסידישע געגנט אין וויליאַמסבורג האָט געהאַט זעכציק שולן, בתי מדרשים, קלויזן און שטיבלעך. בלויז צוויי קירכן זיינען געבליבן. עס זיינען געווען נאָך פיר קירכן אין דער זעלבער געגנט. זיינען צוויי פאַרוואַנדלט גע־וואָרן אין שולן און אַ דריטע איז געוואָרן אַ רעליגיעזע שול פאַר מיידלעך און די פערטע קירכן־געביידע האָט אויך געהאַלטן ביים איבערגענומען ווערן פון אידן.

אָבער, ווי געזאָגט, עס זיינען געווען אויך אַנדערע געגנטן אין גרויס ניו־יאָרק, וואו עס האָבן זיך באַזעצט די חסידישע רביים. אין ברוקלין, אויף איסטערן פּאַרקוויי, האָט דער ליובאַוויטשער רבי אויפגעשטעלט אַ גאַנצע „חסידישע מלוכה". דער ליובאַוויטשער רבי איז געווען דער ערשטער אָנצוהויבן דאָס קאַפּיטל פון איינגעפונדעוועטער חסידישער אידישקייט מיט גרויסע חסידישע ישיבות אין אַמעריקע. דער ליובאַוויטשער רבי האָט באַלאַנגט צו דער גרופּע וויכטיקע חסידישע פירער פון רוסישן אידנטום.



„ציצית, קאַפּאָטקעלעך, פּאה׳לעך..." — אָט פּונקט ווי אין דעם ליד פון נאַציאָנאַלן אידישן משורר חיים נחמן ביאַליק, וועגן די אידישע קינדערלעך „פון אַמאָל", אַזוי זעט מען איצט אין וויליאַמסבורג און אין אַנדערע טיילן ברוקלין, מאַסן אידישע קינדערלעך מיט פּאות „אַזוי לאַנג ווי צעפּ", זיצנדיק אין די קלאַס־צימערן פון די חסידישע ישיבות. דאָס בילד אויבן, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַלע חסידישע ישיבות, איז גענומען געוואָרן אין אַ ישיבה פון סאַטמאַרער רבי׳ן.

עס זיינען געווען די רביים פון אוקראַינע, וועלכע האָבן געבראַכט חסידישע אידישקייט קיין אַמעריקע אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער ערשטער חסידישער רבי זיך צו ראַטעווען פון צאַרישן רוסלאַנד פון אַמאָל איז געווען הרב מרדכי דוד טווערסקי, וועלכער איז געווען באַקאַנט

אַלס דער טאלנער רבי. עס זיינען געקומען אויך דער טשערנאָבילער און דער סאַדעגורער. עס האָט אָבער באַלד נאָכדעם אויסגעבראָכן די באָלשע־וויסטישע רעוואָלוציע און ווייניק חסידים פון אוקראַינע האָבן באַוויזן נאָכצופאָרן זייערע רביים.

עס זיינען אויך געקומען אַ צאָל רביים פון פוילן און גאַליציע אין די יאָרן צווישן ביידע וועלט־מלחמות, אָבער אַלץ ניט גענוג, כדי צו שאַפן אַ חסידישע אַטמאָספערע אין אַ גאַנצער געגנט. מיט דעם אָנקום אָבער פון די חסידישע רביים און טויזנטער פון זייערע תלמידים נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט זיך אין אַמעריקע געשאַפן אַ צענטער פון חסידישער אידישקייט, אַ צענטער, וואו די חסידישע רביים האָבן געקראָגן אַ זיכערע היים, פון וואַנען זיי האָבן געקענט באַאיינפלוסן חסידישע אידן ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר איבער דער גאַנצער וועלט.

און אידישקייט אין אַמעריקע, אין דעם פּעריאָד פון רעליגיעזער אויפ־לעבונג, האָט מיט דעם אָנקום פון די חסידישע רביים און זייערע טויזנטער תלמידים ווי אויך מיט דעם אָנקום פון אַ גאַנצער ריי וויכטיקע ישיבות און גרויסע לערנער צוגעקראָגן אַ נייעם שטאַרקן כח, אַ כח אָן קאָמפּראָמיסן, וואָס האָט ווי שטאָל און אייזן זיך אַריינגעגאָסן אין דעם סאַמע פונדאַמענט פון דעם גרויסן אידישן גייסטיקן בנין אויף דעם אַמעריקאַנער ערד.

54

# דער סאַטמאַרער רבי און די גרויסע חסידישע קהילה, וואָס ער האָט אויפגעבויט אין וויליאַמסבורג, ברוקלין

**אַ קהילה פון ניי־געקומענע, וואו יעדער דערוואַקסענער מאַן קען זיין אַ רב. — לערנען תורה — דער וויכטיקס־טער ציל אין לעבן. — ישיבה־בחורים נעמען זיך לערנען מלאכות, אַזוי שנעל ווי זיי ווערן חתנים. — דעם סאַטמאַרער רבינ'ם דרך פון ניט מאַכן קיין שום פשרות. — זיינע רייזעס קיין ישראל און די פאַרבינדונג מיט די נטורי קרתא. — די שבת, יום־טוב און שמחת תורה־פייערונגען, וואָס זיינען געוואָרן אַ שם דבר אין אַמעריקע. — די באַרימטע מקוה. — „דער זעלבער גאָט, וואָס איז געווען אין סאַטמאַר, איז דאָ אין אַמעריקע".**

אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, געפינט זיך אַ גאַנצע געמיינדע פון חסידישע אידן, ביי וועלכע דאָס לערנען תורה איז דער צענטראַלער פונקט פון זייער גאַנצער גייסטיקער עקזיסטענץ. זיי לערנען בייטאָג. זיי לערנען ביינאַכט. און יעדער איינער פון זייערע דערוואַקסענע מענער לערנט ביז דער חתונה אַזוי וויט, ביז ער קען קריגן סמיכה אויף רבנות, אָבער כמעט קיין איינער פון זיי ווערט ניט קיין רב. אַזוי שנעל ווי אַ יונגערמאַן פון אָט דער קהילה ווערט אַ חתן, שיקט אים די קהילה זיך אויסצולערנען אַ מלאכה. די מערסטע פון אָט די תורה־יונגעלייט זיינען געווען באַשעפטיקט אין די ניו יאָרקער נאָדל אינדוסטריען. פיל פון זיי האָבן געאַרבעט ביי קראַוואַטן און ביים מאַכן פאַסקעס (בעלטס). די שוסטערס און די סטאָליאַרס און די

שניידערס פון אָט דער נייער אידישער קהילה אין אַמעריקע, זיינען אַלע טיפע בני תורה. זיי טראָגן, אפילו די אינגסטע צווישן זיי, לאַנגע באָרד און פאות, זיי קליידן זיך — אַ גאַר גרויסע צאָל צווישן זיי — אין לאַנגע קאַפּאָטעס מיט גאַרטלען אַרומגעבונדן. זיי פירן זיך דאָ, אויף דער ערד פון אַמעריקע, פונקט אַזוי ווי זיי, זייערע עלטערן, זיידעס און עלטער־זיידעס, האָבן זיך געפירט אויף יענער זייט ים.

פון וואַנען זיינען געקומען די דאָזיקע תורה־אידן? ווי לאַנג איז עס, אַז זיי געפינען זיך דאָ צווישן אונז, אין אונזער סביבה און פאַרוואָס ווייסן מיר וועגן זיי נישט אַביסל מערער?

די דאָזיקע אידן זיינען געקומען מערסטנס פון אַלט־אונגאַרן. פון דער געגנט, וואָס האָט זיך גערופן טראַנסילוואַניע, און פון די קאַרפּאַטן בערג. זיי זיינען געקומען אַהער צו אונז קיין אַמעריקע נאָך דעם סוף פון קריג קעגן היטלער׳ן. זיי זיינען געקומען אַהער אויף דער אַמעריקאַנער ערד און אַריינגעבראַכט אַ נייעם שטאַרקן שטראָם פון דער אַלטער, אייביקער אידישקייט. אַ אידישקייט, וואָס ווייסט ניט און וויל ניט וויסן פון קיין שום קאָמפּראָמיסן. אַ אידישקייט, וואָס זאָגט: „דאָס זיינען מיר און דאָס ווילן מיר בלייבן״. — און זיי גייען זיך זייער אייגענעם וועג און זיי באַווייזן, אַז ווען מען וויל, קען מען אין אַמעריקע אויך זיין — און נאָך ווי! אמת׳ע, פרומע אידן!

איך האָב גערעדט מיט צענדליקער פון אָט־די אידן. איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע טעג אין זייער סביבה און צוקוקנדיק זיך, ווי זיי אַנטוויקלען זייער קהילה און ווי זיי פילן זיך אַזוי פריי און אומבאַגרעניצט, און ווי זיי גייען מאַסנווייז, אָן עין הרע, אַרום אין זייערע „אייגענע״ געגנטן פון ברוקלין און טיילווייז אויך אין מאַנהעטן, האָב איך ווי געוואָלט ווידער בענטשן און לויבן די גרויסע און גלאָרייכע אַמעריקע, וואו אַלץ, אַלץ איז מעגלעך! ווייל אָט זעען מיר, אַז אין אַמעריקע איז אויך מעגלעך פאַר טיף־רעליגיעזע אידן זיך צו אַנטוויקלען אויף אַזאַ שטייגער און מיט אַזאַ פאָרם אידישקייט, וואָס פאַר יאָרן און יאָרן זיינען מיר עס ניט געוואוינט געווען דאָ צו זען.

די ספּעציפישע קהילה, וועגן וועלכער מיר רעדן דאָ, איז די קהילה פון סאַטמאָרער רבי׳ן. די דאָזיקע קהילה איז באַשטאַנען פון אַרום 1200 משפחות און דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן פון דער געמיינדע איז קאָנצענטרירט געווען אַרום דער ישיבה און אַרום דעם גרויסן לער־אַנשטאַלט זייערן, וואָס האָט פאַרמאָגט עטלעכע אָפּטיילונגען אין פאַרשידענע טיילן ניו־יאָרק. דער צענטראַל פונקט פון די סאַטמאָרער חסידים איז אָבער

געלעגן אין דער וויליאַמסבורגער געגנט פון ברוקלין, וואָס איז זינט 1946, ווען די אידן פון די לאַגערן האָבן אָנגעהויבן צו קומען קיין אַמעריקע, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מין פעסטונג פון חסידישער אידישקייט.

„ישיבה ומתיבתא תורה ויראה" — אָט דאָס איז דער נאָמען פון דער תורה אינסטיטוציע, וואָס די סאַטמאַרער חסידים האָבן אויפגעבויט אין וויליאַמסבורג. ווען איך האָב די ישיבה באַזוכט, האָבן דאָרט געלערנט אַרום 70 דערוואַקסענע ישיבה־בחורים. די מערסטע פון זיי אָנגעטאָן אין שטריימלעך און קאַפּאָטעס. ביי פילע דערגרייכן די פאות כמעט ביז צו די אַקסלען.

אין דער צענטראַלער געביידע פון די סאַטמאַרער, אין דער מתיבתא, אויף 550 בעדפאָרד עוועניו, געפינען זיך אויך אַ קיך און עס־צימערן, ווי אויך אַ „דאָרמיטאָרי", וואו עס וואוינען די ישיבה־בחורים, וועלכע זיינען דורך דער סאַטמאַרער קהילה אויסגעהאַלטן געוואָרן מיט אַלץ און אַלעמען.

צו 4 יאָר הויבן די אינגלעך אָן צו גיין אין חדר אַריין. די סאַטמאַרער האָבן געהאַט אַן אָפּטיילונג אין דער קראַון האַיטס געגנט פון ברוקלין, אויף 1078 פּאַרק פּלעיס. אַן אָפּטיילונג האָבן זיי אויך געהאַט אויף דער איסט סאַיד, אין מאַנהעטן, אויף 632 איסט 5טע גאַס און אין באָראָ פּאַרק, ברוקלין.

רעדנדיק מיט די אָנפירער פון די סאַטמאַרער ישיבות, האָב איך זיך אויך דערוואוסט, אַז די ניו־יאָרקער שטאָט־רעגירונג איז היפּש באַהילפיק אי די סאַטמאַרער, אי אַלע אַנדערע חסידישע ישיבות, סיי מיט ספּעציעלע באָסעס, צו ברענגען און אָפּפירן די קינדער, סיי מיט סורפּלוס־שפּייזן, וואָס די רעגירונג גיט צו די פאַרשידענע פולע טאָג־שולן. דער אידישער דערציאונגס־קאָמיטעט פון ניו־יאָרק, וועלכער גיט יערלעכע סובסידיעס צו די פאַרשידענע ישיבות, העלפט די ישיבות צו קריגן פון דער רעגירונג די פאַרשידענע פּראָדוקטן און ספּעציעלע באַדינונגען.

וויכטיק איז דאָ אָנצואווייזן, אַז סיי די סאַטמאַרער, סיי די צעלימער, סיי די בית יעקב שולן אין דער זעלבער וויליאַמסבורגער געגנט, האָבן געהאַט היפּשע צרות מיט די געביידעס, אין וועלכע זיי האָבן זיך געפונען. די שטאָט־רעגירונג, וועלכע האָט זיך באַצויגן מיט דער טיפסטער סימפּאַטיע צו די אידישע פּליכטלינג־ישיבות, איז אָבער פון צייט צו צייט געווען ממש ווי געצוואונגען צו ווערן שטרענג, ווען אַ געביידע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען די אָדער יענע ישיבה, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס ניט פּאַסנד פאַר אַ קינדער־שול. אָפט איז אַזאַ געביידע שוין געווען צו אַלט און עס האָט ממש געשמעקט מיט לעבנס־געפאַר. האָט מען אויך פאַר דער דאָזיקער פּראָבלעם געפונען אַ לייזונג. אַזוי ווי גאַנצע טיילן פון וויליאַמסבורג האָבן

זיך געהאַלטן אין ענדערן צוליב דעם נייעם צענטראַלן שנעל־וועג, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן פון קווינס קיין ברוקלין, האָט די רעגירונג אויך אָנגעהויבן בויען אַ צאָל נייע געביידעס פאַר פּאַבליק־סקולס. איז מען געפאַלן אויף אַ קלוגער המצאה און מ׳האָט די פריערדיקע פּאַבליק־סקול־געביידעס איבערגעגעבן צו די ישיבות פון דער געגנט. אָדער מען האָט פאַרקויפט די געביידעס צו די ישיבות, אָדער מ׳האָט זיי פאַרדונגען פאַר אַ מאָנאַטלעכן אָפּצאָל. אָבער אַלץ בחצי חינם. און אַזוי זעען מיר טאַקע, ווי די סאַטמאָרער האָבן אין 1957 אַריינגעקראָגן אַ גאַנץ ריזיקן און גאַנץ פיינעם פּאַבליק־סקול־בנין פאַר איינער פון זייערע ישיבות.

די תלמוד תורה אָדער חדר אָדער גאָר עלעמענטאַרע שול זייערע, האָבן די סאַטמאָרער אָנגעהויבן אין 1946 מיט זעקס קינדער. אין יאָר 1957 האָט די אַלגעמיינע צאָל תלמידים שוין געגרייכט 1800. דער עקזעקוטיווער סעקרעטאַר פון דער גאַנצער סאַטמאָרער דערציאונגס סיסטעם, ר׳ ליפּא פרידמאַן, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז יעדעס יאָר זיינען צוגעקומען פון צוויי ביז דריי הונדערט קינדער אין זייערע ישיבות קטנות. 90 פּראָצענט פון די קינדער אין קינדערגאָרטן זיינען, נאַטירלעך, געווען שוין אַמעריקאַנער געבוירענע.

דער בנין פון דער וויכטיקסטער סאַטמאָרער ישיבה האָט זיך געפונען אויף 95 באָרום סטריט און געהאַט איבער 50 געראַמע קלאַס־צימערן. דער אַמעריקאַניזירטער נאָמען פון דער סאַטמאָרער ישיבה איז „יונייטעד טאַלמודיקעל אַקאַדעמי תורה ויראה״. די אָפּטיילונג פאַר מיידלעך אונטערן נאָמען „בית רחל״ האָט געציילט אַרום 700 מיידלעך. די סאַטמאָרער האָבן באַשעפטיקט 46 מלמדים און ראשי ישיבה, 29 לערער פאַר ענגליש און אַנדערע וועלטלעכע לימודים און 29 לערערינס.

אויסער די תלמוד תורה׳ס און ישיבות פאַרמאָגן די סאַטמאָרער, נאַטירלעך, זייער אייגענעם בית־מדרש, וואו דער רבי, אדמו״ר ר׳ יואל טייטלבוים שליט״א, האָט געדאַוונט מיט זיינע מקורבים און חסידים. דאָס בית־מדרש האָט זיך געפונען אין דער זעלביקער געביידע, וואו די סאַטמאָרער מתיבתא „תורה ויראה״, אויף 550 בעדפאָרד עוועניו, וואָס איז געוואָרן אַ באַרימטער אַדרעס ניט בלויז ביי די אידן אין אַמעריקע, נאָר אפילו אויך אין אַנדערע לענדער. און באַרימט איז דאָס סאַטמאָרער בית מדרש געוואָרן צוליב דעם אופן, ווי אַזוי דער סאַטמאָרער רבי און זיינע חסידים פלעגן פּראַווען שבת און יום טוב און, גאַנץ באַזונדערס, שמחת תורה. טויזנטער אידן פלעגן



Photo by Trainer Studio

האדמו״ר הרב ר׳ יואל טייטלבוים, שליט״א
דער סאַטמארער רבי

קומען פון אַלע עקן ניו־יאָרק צו זען, ווי אַזוי דער סאַטמאַרער רבי גייט צו די הקפות.

צו זען ווי אַזוי די סאַטמאַרער חסידים פרייען זיך מיט דער תורה, פלעגן קומען אויך אידן פון אַנדערע לענדער, וועלכע פלעגן אָפּט אויס־פּלאַנען זייער וויזיט אין ניו־יאָרק אויף אַזאַ אופן, אַז זיי זאָלן קענען אָנוועזנד זיין ביי דער שמחת תורה פייערונג. דער געדרענג אַרום דעם סאַטמאַרער בית־מדרש פלעגט זיין אַזוי גרויס אין דער נאַכט פון שמחת תורה, אַז די פּאָליציי פלעגט אָפּשליסן דעם טראַפיק אין דעם גאַנצן בלאָק, וואו די געביידע האָט זיך געפונען. די חסידים פלעגן טאַנצן אין די גאַסן און זינגען זייערע טראַדיציאָנעלע חסידישע געזאַנגען. דער מנהג פון סאַטמאַרער פלעגט זיין אָנצוהויבן די הקפות ערשט אַרום צוויי אַזייגער ביינאַכט און אָנגיין מיט דער שמחה ביז אַרום 6 פאַרטאָג. מיר ווילן דאָ ווידער זאָגן, ווי מיר האָבן שוין געזאָגט אין פריערדיקן קאַפּיטל: אַזעלכע שמחת־תורה פייע־רונגען האָבן אידן אין אַמעריקע זיכער קיינמאָל פריער ניט געזען.

„אונזער גאַנצער לעבנסגאַנג איז באַגרינדעט אויף דער תורה" — אַזוי האָט דערקלערט אין אַ לענגערן געשפּרעך מיט מיר דער סעקרעטאַר פון דער מתיבתא, וועלכער האָט מיך עטלעכע מאָל געבעטן, אַז איך זאָל זען נישט צו דערמאָנען זיין נאָמען, ווייל ער וויל ניט, עס איז קעגן זיין לעבנס־איינשטעל, אַז מען זאָל וועגן אים „שרייבן". אַזוי האָבן זיך זייערע עלטערן און אור־עלטערן געפירט אין אַלטן אונגאַרן. יעדער איד האָט געמוזט לערנען און טאַקע זיין אַ בן־תורה. דאָס לערנען האָט גאָרנישט ניט צו טאָן מיט דער פּרנסה. און דער זעלבער סעקרעטאַר האָט מיך גלייך צוגעפירט צו איינעם פון די באָס־טרייבער, וועלכע זיינען באַשעפטיקט געוואָרן פון דער תלמוד תורה און קינדערגאָרטן ביים ברענגען און אָפּפירן די אינגערע קינדער אַהיים. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ כמעט נאָך יונגער איד מיט לאַנגע באָרד און פאות און אין אַ קאַפּאָטע.

„אָט דער איד קען זיין אַ רב" — האָט צו מיר געזאָגט דער זעלבער סעקרעטאַר. און דער רעליגיעזער באָס־טרייבער האָט זיך אונטער זיין פעך־שוואַרצער באָרד ווי פאַררויטלט און באַשיידן אַרונטערגעלאָזט די אויגן זיינע.

געקומען איז דער סאַטמאַרער רבי, אדמו"ר ר' יואל טייטלבוים שליט"א, קיין אַמעריקע אין יאָר 1946. סאַטמאַר איז דער נאָמען פון אַ שטאָט, וואָס באַלאַנגט צו רומעניע און וועלכע האָט פריער, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, באַלאַנגט צו אַלט אונגאַרן. די ערשטע ישיבה

האָט דער סאַטמאַרער רבי געגרינדעט טאַקע אין סאַטמאַר, טראַנסילוואַניאַ, ביים אָנהויב פון 20טן יאָרהונדערט. נאָך אַ צאָל ישיבות אין פאַרשידענע שטעט פון אונגאַרן האָט דער סאַטמאַרער געגרינדעט אין די יאָרן ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה. אַ גאַר גרויסע צאָל פון דעם רבי׳נס חסידים זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס. ווי דורך אַ נס אָבער איז עס געלונגען אַרויסצוראַטעווען פון בערגען בעלזען לאַגער דעם סאַטמאַרער צוזאַמען מיט



ישיבה ומתיבתא תורה ויראה דסאַטמאַר — אַזוי לייענט זיך די שילד אויף דער געוועזענער פּאָבליק־סקול־געביידע, וואָס די ניו־יאָרקער שטאָט־רעגירונג האָט איבערגעגעבן צום סאַט־מאַרער רבי׳ן. אין דער דאָזיקער געביידע געפינט זיך איינע פון די הויפּט־ישיבות פון די סאַטמאַרער אין וויליאַמסבורג, ברוקלין.

אַרום טויזנט פון זיינע חסידים און תלמידים און זיי ברענגען קיין שווייצאַריע, וואו זיי זיינען געווען ביזן סוף פון דער מלחמה. אין 1945 איז דער סאַט־מאַרער אַוועק אויף אַ יאָר קיין ארץ ישראל, וואו ער האָט אָרגאַניזירט אַ גאַנצע צאָל ישיבות און תלמוד־תורה׳ס. (די סאַטמאַרער האָבן געשאַפן 15 לער־אַנשטאַלטן אין ארץ־ישראל). אין 1946 איז דער רבי אָנגעקומען קיין אַמעריקע, וואוהין עס האָבן אים נאָכגעפאָלגט הונדערטער פון זיינע תלמידים.

אַ היפּשע צאָל סאַטמאָרער חסידים זיינען געקומען קיין אַמעריקע נאָך פאַרן אויסברוך פון קריג קעגן היטלער׳ן. און עס זיינען טאַקע געווען אָט די דאָזיקע חסידים, וועלכע האָבן איינגעלאַדן זייער רבי׳ן צו קומען קיין אַמעריקע. אַ היפּשע צאָל פון רבי׳נס חסידים האָבן זיך געפונען אויך אין ארץ ישראל. די סאַטמאָרער זיינען געשטאַנען אין נאָענטער פאַר־בינדונג מיט די נטורי קרתא פון מאה שערים קוואַרטאַל אין ירושלים.

דער סאַטמאָרער רבי, וועלכער איז שוין געווען אַ בן שבעים, עד מאה ועשרים שנה, האָט געמאַכט עטלעכע רייזעס קיין ישראל, און יעדע רייזע זיינע האָט אַרויסגערופן אַ היפשן שטורעם אין דער רעליגיעזער און פּאָלי־טישער אידישער וועלט. איין רייזע אַזאַ האָט דער רבי געמאַכט אין שייכות מיט זיין קאַמף קעגן גיוס נשים. דער סאַטמאָרער איז געווען שטאַרק קעגן דעם, אַז מען זאָל אין ישראל נעמען פרויען אין מיליטער, אפילו ווען די פרויען האָבן בלויז באַשטימטע באַגרעניצטע אויפגאַבן. דער סאַטמאָרער, וועלכער האָט אָפן אָנגעפירט אַ קאַמף קעגן דער אידישער מדינה און איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער קעגנער פון ציוניזם, האָט אפילו פאַרבאָטן זיינע חסידים אין ישראל זיך צו באַטייליקן אין די וואַלן צו דער כנסת. פונקט ווי אַ גאַר גרויסער פּראָצענט רעליגיעזע אידן אין די ערשטע דריי, פיר צענדליק פון היינטיקן יאָרהונדערט, איז דער סאַטמאָרער רבי געווען אַ קעגנער פון שאַפן אַ אידישע מדינה „מיט די אייגענע הענט״. דעם סאַט־מאָרער רבי׳נס דרך אין חסידות איז געווען: ניט צו מאַכן קיין שום פּשרות! ווייל אָפּשוואַכן די אמונה אין ביאת המשיח, מיינט דערווייטערן די גאולה... אַזוי ווי די זיידעס אונזערע אַמאָל, אַזוי האָט דער סאַטמאָרער אַלץ געהאַלטן, אַז די אידן וועלן צוריקקריגן ארץ ישראל, ווען משיח וועט קומען. און פון דעם דאָזיקן שטאַנדפּונקט האָט דער סאַטמאָרער רבי בשום אופן אָפּ־טרעטן ניט געוואָלט...

די סאַטמאָרער האָבן אפילו דורכגעפירט עטלעכע שטורעמדיקע פּראָ־טעסט־דעמאָנסטראַציעס ביים ישראל־קאָנסולאַט אין ניו יאָרק.

דאָך אָבער — פונקט ווי אַלע שטורעמס שטילן זיך איין, אַזוי האָט אויך דער שטורעם אַרום דער שטעלונג פון די סאַטמאָרער זיך היפש איינגעשטילט, און אין יאַנואַר, 1958, האָט זיך פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז די סאַטמאָרער האָבן אָנגעהויבן צו בויען אַן אייגענעם קוואַרטאַל, אַ שכון אין בני ברק. לויט ווי דער באַריכט האָט געזאָגט, וועלן די ערשטע 50 משפחות באַשטיין פון סאַטמאָרער חסידים, וואָס געפינען זיך שוין פון פריער אין ישראל, ווי אויך פון סאַטמאָרער, וואָס וועלן מעגלעך קומען פון אַמעריקע. דער שכון וועט

הייסן „קרית יואל״, אויפן נאָמען פון סאַטמאַרער רבי׳ן ר׳ יואליש טייטלבוים, שליט״א. דער עיקר אָבער — די אַרבעט פון בויען און פאַרשטאַרקן תורה־אינסטיטוציעס אין אַמעריקע איז אָנגעגאַנגען מיט אַ פעסטן טעמפּאָ. אַזוי האָבן די סאַטמאַרער אויך שוין איינגעאָרדנט זייער אייגענעם קעמפּ, וואוהין עס קומען יעדן זומער איבער 600 קינדער. און איינע פון די וויכטיקסטע „אַקטיוויטעטן״, אפשר די סאַמע וויכטיקסטע אין דעם דאָזיקן קעמפּ, איז דאַוונען און לערנען



אַ גרופּע קינדער פון די אָנפאַנגער־קלאַסן, בעת זיי פאַרלאָזן די סאַטמאַרער ישיבה און זיינען גרייט צו פאָרן אַהיים אין די ספּעציעלע שול־באַסעס. אַ פּאָר ראשי־ישיבה ווערן געזען שטייענדיק לעבן באַס.

תורה. דעם רבי׳נס דרך, אַז מען טאָר ניט איינגיין אויף פּשרות, האָט זיך אויך באַצויגן אויף זיין אַלגעמיינעם קוק אויפן אידישן לעבן אין אַמעריקע. מען טאָר ניט איינגיין אויף פּשרות. דער זעלבער גאָט, וואָס איז אין סאַטמאַר, איז אויך אין אַמעריקע און אומעטום...

סוף 1957 איז דער סאַטמאַרער רבי אויך אַרויסגעקומען קעגן דעם, אַז מ׳זאָל לערנען העברעאיש אַלס שפּראַך מיט די קינדער. דער היינטיקער העברעאיש איז ניט הייליק און לשון קודש טאָר נישט ווערן קיין וואָכע־

דיקער ענין. לשון קודש איז בלויז פאַר לערנען תורה, האָט דער סאַטמאָרער גע׳טענה׳ט. דער סאַטמאָרער איז אויך אַרויסגעקומען קעגן לער־נען צופיל תורה מיט מיידלעך.

גאָר באַזונדערס שטאָלץ זיינען די סאַטמאַרער געווען אויף זייער מקוה, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם קעלער (בעיסמענט) פון דער צענטראַלער געביידע אויף 550 בעדפאָרד. דאָס איז געווען אַ מקוה, וואָס אַמעריקע האָט אַזעלכעס נאָך פריער זיכער ניט געזען. לויט ווי מ׳האָט באַריכטעט, האָט די דאָזיקע מקוה אָפּגעקאָסט איבער 75 טויזנט דאָלער. די וואַסער אין דער מקוה קומט פון אַ ספּעציעלן טיפן קוואַל, וואָס די סאַטמאָרער האָבן געלאָזט אויסגראָבן. די רערן זיינען געמאַכט פון ספּעציעלן פּלאַסטישן מאַטעריאַל, כדי די וואַסער, וואָס ווערט באַנוצט, זאָל זיין הונדערט פּראָצענט אין איינ־קלאַנג מיטן דין.

דער סעקרעטאַר פון סאַטמאָרער רבי׳ן האָט מיך גענומען אויף אַ מין ספּעציעלן טור איבער דער מקוה. דאָס איז געווען אין אַ שעה, ווען די גאַנצע באָד איז געווען געשלאָסן. דער סעקרעטאַר האָט מיך דורכגעפירט איבער די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פאַר מענער און פרויען. גאָר באַזונדערס שיין, כמעט לוקסוריעז און עכט מאָדערן, איז איינגעאָרדנט די פרויען־אָפּטיילונג. פאַראַן אפילו אַ מין „ביוטי פּאַרלאָר״, וואו די פרויען פוצן זיך צו, פאַרן אַרויסקומען פון דער באָד. פאַר די מענער איז פאַראַן אויך „אַן אויבערשטע באַנק״, וואו מען שמייסט זיך מיט די בעזימלעך, פונקט ווי אַמאָל אין דער אַלטער היים. פאַר די פרויען ווערט צעטיילט אַ ביכל פון 64 זייטלעך, געשריבן אין אַ גאַנץ פיינעם אידיש, טיטולירט „די אידישע פרוי״, מיט פאַרשידענע אָנווייזונגען. דאָס דאָזיקע ביכל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם ספּעציעלן טהרת המשפחה קאָמיטעט פון וויליאַמסבורג.

---

איך בין אַרויס פון דעם מרחץ. איך בין אַרויס פון דער מקוה. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט. עס האָט זיך היפּש געזשומעט אַרום דער הויפּט־ישיבה פון די סאַטמאָרער, וואוהין איך בין צוריק אַוועק אויף איינעם פון מיינע פעריאָדישע באַזוכן. הונדערטער קינדערלעך, די אינגעלעך — מיט פאות לאַנגע, די מיידעלעך — ווי די קליינע צנועות, אָבער אַלע שטיפעריש און פריילעך, זיינען געווען אויפן וועג אַהיים. דאָס איז געווען דער יונגער דור פון די סאַטמאָרער, אַ יונגער דור פון פולער תורה אידישקייט, וואָס האָט געפונען אַ זיכער ווינקל אויף דער אַמעריקאַנער ערד.

## 55

# דער קלויזנבורגער רבי און זיין פּאַרצווייגטע טעטיקייט אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל

די ערשטע צענטראַלע היים פון די קלויזנבורגער חסידים איז געווען אין אַ פּאַרלאַזענעם מואווי טעאַטער אין וויליאַמסבורג, ברוקלין. — דער אַמעריקאַנער געבוירע־נער חסיד פון דער מיטל־וועסט מיט דער לאַנגער באָרד. — דער פּלאַן פאַר אַ חסידיש שטעטל אין וויליאַמסבורג. — די ישיבות וואָס דער קלויזנבורגער האָט אויפגעבויט און אַ נאָמען געגעבן נאָך די עלף קינדער זיינע, וואָס די נאַצים האָבן אומגעבראַכט אין די גאַז־אויוונס. — דעם קלויזנבורגער'ס פריינטשאַפט מיט פּרעזידענט אייזנ־האַוער'ן, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד. — די קלויזנבורגער ישיבות אין קאַנאַדע און ישראל. — די נייע געביידעס פון געוועזענעם בית משה שפּיטאָל וואָס די קלויזנבורגער האָבן אָפּגעקויפט. — „קרית צאַנז" — דאָס חסידישע שטעטל, וואָס דער קלויזנבורגער האָט אויפגעבויט אין מדינת ישראל. —

אין אַן אַלטן, פאַרלאָזענעם מואווי־טעאַטער אויף נומער 131 לי עוועניו, אין סאַמע האַרץ פון דער וויליאַמסבורגער געגנט אין ברוקלין, האָט זיך געפונען דער בית־מדרש און די וואוינונג פון הרב יקותיאל יהודה שליט"א האַלבערשטאַם, באַוואוסט אַלס דער קלויזנבורגער רבי.

אויף דער טומלדיקער לי עוועניו, וואו עס געפינען זיך אַ היפּשע צאָל אידישע קראָמען, צווישן ווילסאָן, ראדני און קיעפּ סטריט, בין איך פאַרביי־געגאַנגען אַ געביידע, וואָס פון דער דרויסנדיקער זייט האָט זי ביי מיר ניט

אַרויסגערופן קיין שום אויפמערקזאַמקייט. קיין שילד אין דרויסן. קיין ברייטע טויערן. אַלץ איז באַשיידן און אָן קיין שום אויבנאויפיקע פּרעטענ־זיעס. ווען איך האָב אָבער אָן עפן געטאָן די אַלטע טיר פון דעם פאַר־לאָזענעם מואווי־טעאַטער, בין איך ווי איבערראַשט געוואָרן פון די קלאַנגען פון אַ גמרא ניגון, וואָס האָט זיך דערטראָגן צו מיר גלייך ווי אַ וואַרעמער „ברוך הבא". נאָך מער בין איך איבערראַשט געוואָרן, ווען איך האָב אין דער „לאָבי" פון געוועזענעם טעאַטער געזען זיצן אַ יונגען בחור ביי אַ לאַנגן טיש און לערנען תורה. דער בחור — אַ הויכער און זיין באָרד — אַ גאָר לאַנגע. איך האָב זיך גלייך דערוואוסט, אַז אָט דער דאָזיקער יונגערמאַן איז גאָר אַן אַמעריקאַנער געבוירענער. ער קומט פון דער מידל־וועסט. זיין פרוי איז אויך אַ הי־געבוי־רענע טאָכטער. ער איז אַ חסיד פון קלויזנבורגער רבי׳ן. דער אַמעריקאַנער יונגערמאַן, האָב איך זיך שפּעטער אויך דער־וואוסט, איז אַ גאָר פיינער מוזיקער. ער מאַכט אַ לעבן דערפון, וואָס ער פירט אָן מיט זיין אייגענער קאַפּעליע און שפּילט אויף חסידישע חתונות אין וויליאַמסבורג און אין אַנדערע געגנטן פון ניו־יאָרק. ער שפּילט בלויז אויף חתונות, וואו די מענער און פרויען זיצן באַזונדער. און חסידישע חתונות קומען, אָן עין הרע, פאַר אַ היפּש ביסל, זינט די טויזנטער ישיבה־בחורים זיינען אַלס פּליכטלינגע געקומען קיין אַמעריקע אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה.

עס איז געווען אין יאָר 1951 ווען די קלויזנבורגער חסידים מיט זייער רבי׳ן בראש האָבן אָפּגעקויפט די געביידע אויף 131 לי עוועניו און דעם גרויסן טעאַטער־זאַל פאַרוואַנדלט אין אַ לופטיקן און ליכטיקן בית־מדרש. דער קליינער באַלקאָן, וואָס איז דאָ געווען פון פריער, איז פאַרלענגערט און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווייבערישער שול. די פאָר צימערן, וואו עס האָט זיך געפונען דער אָפיס פון טעאַטער, זיינען איבערגעבויט געוואָרן אין אַ וואוינונג פאַרן רבי׳ן און זיין פאַמיליע. אויך אַ מקוה איז דאָ אויפגעבויט געוואָרן.

אָנגעקומען איז דער קלויזנבורגער רבי קיין אַמעריקע אין 1946. צו־זאַמען מיטן רבי׳ן אָדער כמעט צו דער זעלבער צייט, זיינען אויך אָנגעקומען אַרום דריי הונדערט ישיבה־בחורים, וואָס האָבן נאָך אין אייראָפּע געלערנט ביים קלויזנבורגער.

דער קלויזנבורגער רבי האָט אין זיין קהילה געציילט איבער 600 פאַמיליעס. אין די קלויזנבורגער ישיבות קטנות, וואָס זיינען געווען באַ־וואוסט אַלס „ישיבת יסודי התורה", האָבן געלערנט אַרום 850 תלמידים.



Photo by Trainer Studio

האדמו"ר הרב ר' יקותיאל יהודה האַלבערשטאַם, שליט"א
דער קלויזנבורגער רבי

אין דעם „כולל שארית הפליטה" האָבן געלערנט אַרום 100 עלטערע ישיבה־בחורים. די דאָזיקע לערנער זיינען באַצייכנט געוואָרן אויך מיט זייער ענגלישן טערמין „פאסט גרעדיועיטס". דער אָנפירער, דער מנהל פון אַלע קלויזנ־בורגער ישיבות אין ברוקלין, איז געווען הרב מנשה קליין, אַ יונגער רב און פאַרשער, וועלכער איז געווען דער ערשטער פון די דריי תלמידים, וואָס דער קלויזנבורגער רבי האָט געפונען אין די לאַגערן און מיט זיי געלערנט. דריי פון די קלויזנבורגער ישיבות קטנות האָבן זיך געפונען אין דריי פאַר־שידענע געגנטן פון ניו־יאָרק: אין וויליאַמסבורג און אין באָראָ פאַרק, ברוקלין, און איינע פון זיי אין די בראָנקס. די קלויזנבורגער האָבן אויך אָפּגעקויפט אַ זומער־קעמפּ, לעבן וואודרידזש, ניו־יאָרק, וואוהין זיי שיקן אַרום 300 קינדער אויף וואַקאַציע. די ערשטע דריי וואָכן ווערן געשיקט אינגלעך און די צווייטע דריי וואָכן — מיידלעך.

אין 1957 האָט דער קלויזנבורגער אויך געגרינדעט אַ בית חנה שול פאַר מיידלעך. די שול איז געווען אַ נאָמען נאָך אַ טאָכטער פון רבי'ן, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס. קרוב צו 300 מיידלעך האָבן דאָרט געלערנט.

דער קלויזנבורגער האָט געהאַלטן אַן אויג אויף דער אַמעריקאַנער יוגנט און אין דעם שמועס, וואָס כ'האָב געהאַט מיט דעם רבי'ן, האָט ער אונטער־געשטראָכן דעם פאַקט, אַז עס איז וויכטיק צו דערציען אין עכטער תורה־אידישקייט אויך די אידישע קינדער פון אַמעריקאַנער עלטערן. אידישקייט, עכטע אידישקייט, מוז ניט דוקא זיין באַגרעניצט פאַר די קינדער פון די ניי־געקומענע חסידים, נאָר אויך פאַר די אַמעריקאַנער, הייסט עס. דערמיט האָט זיך דערקלערט אפשר דער פאַקט, וואָס ביים סאַמע אַריינגאַנג פון בית־מדרש האָב איך געטראָפן דעם אַמעריקאַנער געבוירענעם לערנער. איך האָב זיך אויך דערוואוסט, אַז אַ גרויסער פּראָצענט קינדער אין די עלעמענטאַרע קלאַסן פון די קלויזנבורגער ישיבות זיינען שוין פון אַמעריקאַנער גע־בוירענע עלטערן.

דער קלויזנבורגער רבי, וועלכער איז געווען גוט אינפאָרמירט, וואו עס האָט געהאַלטן מיט תורה־אידישקייט ניט בלויז ביי אונז אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר אויך אין די לענדער פון לאַטיין־אַמעריקע, האָט אויסגעשפּרייט זיין איינפלוס אַזש ביז מעקסיקאָ, וואוהין ער האָט געשיקט דעם יונגען רב ר' שמואל קראַסני, וועלכער האָט געשאַפן אַ ישיבה אין מעקסיקאָ סיטי גופא. דער דאָזיקער יונגער רב איז אויך געווען אַן אַמעריקאַנער געבוירענער און זיין ערשטע אַרבעט איז באַשטאַנען אין צוגרייטן מעקסיקאַנער געבוירענע

אידישע יונגעלייט, וועלכע זאָלן מיט דער צייט קענען ווערן פּיאָנערן צו פאַרשפּרייטן תורה־אידישקייט אין די לענדער פון צענטראַל און דרום אַמע־ריקע דורך בויען אומעטום, וואו עס וועט זיך נאָר לאָזן, נייע ישיבות. אין דער קלויזנבורגער ישיבה אין מעקסיקאָ האָבן געלערנט אַרום 300 קינדער. אויך אין מאָנטרעאָל, קאַנאַדע איז געגרינדעט געוואָרן אַ קלויזנ־בורגער ישיבה, וואו עס האָבן געלערנט אַרום 300 קינדער.

הרב קראַסני האָט פיר יאָר צייט פאַרבראַכט אין מעקסיקאָ, אָנפירנדיק מיט דער דאָרטיקער קלויזנבורגער ישיבה. ליידער אָבער האָט די דאָזיקע ישיבה געמוזט געשלאָסן ווערן. ווען איך האָב אָנגעפרעגט ביי דער קלויזנ־בורגער פירערשאַפט, פאַרוואָס דאָס איז געשען, האָט מען מיר געענטפערט, ווי פאָלגט: „אין מעקסיקאָ האָבן זיך דערווייל נאָך ניט געוויזן קיין גוטע אויסזיכטן פאַר גוטע דיווידענדן". ווען איך האָב געבעטן, אַז מען זאָל מיר אַביסל מער אויפקלערן, וואָס דאָס מיינט, האָט מען מיר דערקלערט, אַז „דערווייל" איז נאָך ניט געקומען די צייט, אַז מען זאָל קענען אויפהאַלטן אין מעקסיקאָ אַ חסידישע ישיבה. די אַלגעמיינע און אויך די אידישע אַטמאָספערע איז אין מעקסיקאָ געווען די זעלבע, ווי אין די פאַראייניקטע שטאַטן מיט אַ פאָר צענדליק יאָר צוריק.

דער קלויזנבורגער, וועלכער איז געווען זייער אַן ענערגישער מענטש, האָט גענומען אַ טיפן פּערזענלעכן אינטערעס אין אַלע זיינע תלמידים און פונקט אַזוי ווי דער סאַטמאַרער און די אַנדערע חסידישע רביים, האָט ער געזאָרגט דערפאַר, אַז די ישיבה־בחורים זאָלן נאָך זייער חתונה קענען אַ פּאַך און זיין פאַרזאָרגט מיט חיונה פאַר זיך און זייערע משפּחות. דאָס אַלץ האָט געטאָן דער רבי דערפאַר, כדי די תורה־יונגעלייט זאָלן מיט אַ רואיקן קאָפּ קענען אויך נאָך דער חתונה לערנען און פירן אַ לעבן ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ חסידישן אידן. צווישן די קלויזנבורגער חסידים זיינען געווען אַ היפּש ביסל דימענט־שלייפער און אַרבעטער ביי פאַרשידענע נאָדל־פאַכן און אַ צאָל קליינע געשעפטס־לייט. אויך אַ פאָר צענדליק, וואָס האָבן גע־קראָגן סמיכה אויף רבנות. די ישיבה־בחורים האָבן געלערנט ביז דער חתונה און זיינען אויסגעהאַלטן געוואָרן מיט אַלץ און אַלעמען.

דער קלויזנבורגער רבי איז געווען באַוואוסט אונטער דעם דאָזיקן נאָמען, ווייל די שטאָט, וואו דער רבי האָט אָנגעפירט מיט זיין ישיבה, וואָס ער האָט געגרינדעט אַרום 1932, האָט זיך גערופן קלויזנבורג. די דאָזיקע שטאָט גע־פינט זיך אין אונגאַרן, אין דעם טייל, וואָס איז געווען באַוואוסט אַלס טראַנ־סילוואַניע אין די יאָרן פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה.

דער קלויזנבורגער רבי, וועלכער איז געבוירן געוואָרן אין דעם שטעטל רידניק, לעבן סאַנדז, אין 1902, איז געווען באַוואוסט אַלס דער רידניקער עילוי. אינטערעסאַנט איז דאָ צו דערציילן, אַז דער קלויזנבורגער רבי איז געווען אַן איידעם פון אַ ברודער פון סאַטמאַרער רבי׳ן.

גאָר, גאָר אַ סך האָט דער קלויזנבורגער רבי אויפגעטאָן אויף דעם געביט פון תורה־חינוך אין די לאַגערן. אין די לאַגערן האָט דער רבי געגרינדעט 10 ישיבות, אַ צאָל בית־יעקב שולן פאַר מיידלעך. געשאַפן אַ ספעציעלן פאָנד פאַר יונגעלייט צום לערנען תורה אין די לאַגערן גופא. געבויט אויך מקוה׳ס. געשאַפן חדרים אין די זעלבע לאַגערן פאַר אַרום 1500 קינדער. אַרום אַ פערטל מיליאָן דאָלער האָט דער רבי געזאַמלט פאַר אָט דעם צוועק, איז געשאַצט געוואָרן.

עס ווערט דערציילט, אַז אין איינעם פון די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, האָט דער קלויזנבורגער רבי זיך באַגעגנט מיט פּרעזידענט אייזנהאַוער׳ן, ווען אייזנהאַוער איז נאָך געווען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אַליאירטע אַרמייען אין אָקופּירטן דייטשלאַנד. דער קלויזנבורגער רבי האָט דאַן אויפגענומען גענעראַל אייזנהאַוער׳ן מיט אַ ספר־תורה אין די הענט. און ווען דער באַרימטער, מעכטיקער אַמעריקאַנער מיליטערישער פירער האָט געפרעגטביים רבי׳ן, אין נאַצי־לאַגער, וואָס ער וואָלט וועלן האָבן, האָט דער רבי גלייך געענטפערט:

„איך וואָלט זייער וועלן האָבן אַן אתרוג מיט אַ לולב".

די באַגעגניש איז פאָרגעקומען אַרום יום־כפור צייט, בלויז עטלעכע טעג פאַר סוכות. עס איז געווען ערשט נאָך דער באַפרייאונג און פון קיין אתרוג און לולב האָט קיינער ניט געטראַכט אפילו. אָבער דער קלויזנבורגער איז געווען שטאַרק באַזאָרגט דערפון, וואָס אידן וועלן דאַרפן פאַרוועגן סוכות אָן מקיים צו זיין די מצוה פון בענטשן אתרוג.

גענעראַל אייזנהאַוער הערנדיק, וואָס אַזוינס דער רבי בעט, איז געוואָרן שטאַרק איבערראַשט און היפּש גערירט פון דער בקשה. ער האָט ווי דערפילט, אַז ער שטייט פאַר אַ הייליקן מאַן. ווייל ווי אַנדערש קען עס זיין, אַז ווען ער — דער גרויסער גענעראַל — זאָגט צום אידן, וואָס איז נאָך אין לאַגער, אַז ער זאָל אים עפּעס בעטן און ער וועט זיין בקשה דערפילן און ער פאַרלאַנגט פון אים בלויז אַ לולב מיט אַן אתרוג? און גענעראַל אייזנהאַוער האָט גלייך באַפוילן, אַז מ׳זאָל שיקן אַ ספעציעלן עראָפּלאַן קיין איטאַליע און ברענגען אַן אתרוג פאַרן קלויזנבורגער רבי׳ן...

און זינט דעמאָלט, דערציילט מען, האָט זיך אַנטוויקלט אַ נאָענטע פריינטשאַפט צווישן רבי'ן און פּרעזידענט אייזנהאַוער. און עס ווערט איבערגעגעבן, אַז אייזנהאַוער האָט פיל געהאָלפן אין דעם, אַז דער קלויזנבורגער רבי זאָל מיט זיינע תלמידים קומען קיין אַמעריקע. און צווישן די דאָזיקע תלמידים געפינט זיך אויך הרב מנשה קליין, דער מנהל פון די קלויזנבורגער ישיבות, וועלכער איז אויך באַפריינדעט געוואָרן מיט אייזנהאַווער'ן.



פּרעזידענט דוואַיט דייוויד אייזנהאַוער פאָטאָגראַפירט אין וויליאַמסבורג מיט הרב מנשה קליין, דער מנהל פון די קלויזנבורגער ישיבות. דאָס בילד איז גענומען געוואָרן אין סעפּטעמבער, 1952, בעת אייזנהאַוער איז געלאָפן פאַר פּרעזידענט, און ער האָט אין זיין פּרעזידענטן־קאַמפּיין אויך באַזוכט די וויליאַמסבורגער געגנט. הרב מנשה קליין האָט ביי יענער געלעגנהייט איבערגעגעבן אייזנהאַווער'ן אַ מנורה אַלס מתנה. גענעראַל אייזנהאַוער איז באַפריינדעט געוואָרן מיט דעם קלויזנבורגער רבי'ן אין די נאַצישע לאַגערן און האָט אָנגעהאַלטן די דאָזיקע פריינטשאַפט אויך אַלע יאָרן אין ווייסן הויז.

אין אָנהויב יאָר 1958 איז הרב מנשה קליין אַרויסגעקומען מיט זיינעם אַ ספר, וואָס האָט איבערראַשט די לומדישע וועלט אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער. הרב קליין, קוים איבער דרייסיק יאָר אַלט, האָט זיך פאַרמאָסטן צו שאַפן אַ ווערק, וואָס זאָל זיין אַ פירוש אויף הלכות גדולות. דער הלכות גדולות, געשריבן מיט איבער צוועלף הונדערט יאָר צוריק, איז, אין אַ געוויסן זינען, געווען דער ערשטער שטויס אין דער ריכטונג פון

שולחן ערוך. נו, איז איצט געקומען דער יונגער רב קליין און שרייבט אַ פולן פירוש אויף די הלכות גדולות. דער ערשטער פרק איז אויף מסכת כתובות. הרב קליין האָט שוין אויך צוגעגרייט זיין פירוש אויף אַ צאָל אַנדערע מסכתות.

איך בין דורכגעגאַנגען אַ פּאָר ישיבות, וואָס זיינען אָנגעפירט געווען פון קלויזנבורגער רבי׳ן. אין מיין שטודיום און אין מיין באַקאַנטשאַפט מיט די קהילות פון די אַריבערגעקומענע רביים, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון נאַציזם, האָב איך ביי זיי קיין סך „נאַטירלעכע רייכטימער״ ניט געזען. ענג איז זיי געווען אין זייערע בנינים. די קינדערלעך האָבן געלערנט תורה ניט אין די סאַמע פּאַסנדסטע קלאַסן און חדרים, אפשר. אָבער איר האָט געפילט, אַז עס איז פאַראַן אַזויפיל גלויבן, אַזויפיל ליבע און עקשנות און אַזויפיל זיכערקייט אין דעם וואָס זיי טוען, אַז אַלע שוועריקייטן וואָס זיינען געשטאַנען אין וועג, האָבן כמעט גאָר קיין באַדייטונג ניט. און סיי דער ליובאַוויטשער רבי, סיי דער סאַטמאָרער רבי, סיי דער קלויזנבורגער, סיי דער באָבאָווער, סיי דער צעלימער, סיי דער סטאָלינער און אַלע אַנדערע חסידישע רביים, וואָס זיינען געקומען אַהער מיט דער „די־פּי״ אימיגראַציע, האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט אַ גייסטיקע רייכקייט, אַ רוחניות׳דיקע דערהויבנקייט, וועלכע איז דאָ ביי אונז אפשר קיינמאָל פריער נישט געזען געוואָרן, און פון וועלכער ניט בלויז די אידישע אַמעריקע, נאָר אויך די אַלגעמיינע אַמעריקע, קען פיל, פיל לערנען.

און וואָס עס איז געווען נאָך פיל צו באַוואונדערן און אין וועלכן עס איז געלעגן דער גרויסער כח פון אָט די דאָזיקע גייסטיקע אידישע פירער איז געווען דער פאַקט, וואָס זיי האָבן געוואוסט ווי אַזוי זיך אַרומצורינגלען מיט יוגנט. איר קומט אַריין צו אָט די רביים און איר זעט בלויז יונגע, יונגע מענטשן. עס איז אמת, אַז זיי טראָגן טאַקע בערד, אָבער איר געפינט פלוצים אויס, אַז דוקא מיט אַ באָרד קען אַ מענטש אָפּט אויסזען אינגער ווי אָן אַ באָרד. ווייל ווען איר קוקט זיך גוט צו, זעט איר די גייסטיקייט, איר פילט דעם גלויבן, וואָס שפרודלט פון אָט די יונגעלייט און זעלטן, זעלטן אַז איר זאָלט זען אַ צעקנייטשט פנים. די ישיבה־בחורים און די פאַרהייראַטע, זיי פילן און זיי ווייסן עס טאַקע בפועל ממש, אַז דער רבי וועט שוין אַלץ באַזאָרגן און אַז דער רבי וועט זיי געבן די ריכטיקע עצה און וועט זיי אָנ־ווייזן דעם ריכטיקן וועג. און אינטערעסאַנט ביז גאָר איז, ווי אַזוי אָט די רביים האָבן אָפּגעשאַצט די לאַגע און באַוואָרנט, אַז די ישיבה־בחורים זאָלן

זיך אין אַמעריקע ניט „פאַרלאָזן אויף נסים״ און זאָלן זיך אַלע ווי איינער אויסלערנען גוט־באַצאָלטע און בעסערע פאַכן און מלאכות.

גאָר טשיקאַווע, שוין אויף אַן אַנדער געביט, איז געווען דער זשורנאַל, וואָס די קלויזנבורגער ישיבה־בחורים האָבן אַרויסגעגעבן. לויט ווי דער סעקרעטאַר פון רבי׳ן, יעקב טאַוב, האָט מיר איבערגעגעבן, האָט דער זשור־נאַל אָנגעהויבן צו דערשיינען כדי צו געבן די לערנער אַ געלעגנהייט פאַר פּלפּול אויך דורך שרייבן אַרטיקלען. דער זשורנאַל, אַ חודש־אויסגאַבע, רופט



די הויפּט־געביידע פון בית משה שפּיטאַל, וואָס דער קלויזנבורגער רבי האָט אָפּגעקויפט פאַר דער צענטראַלער „ישיבת יסודי התורה״ אויף סטאַיוועסענט עוועניו, וויליאַמסבורג. אויך נאָך אַכט אַרומיקע געביידעס האָבן די קלויזנבורגער אָפּגעקויפט, כדי צו פאַרוואַנדלען זיי אין אַ גאַנצער קאָלאָניע פון קלויזנבורגער חסידים.

זיך „ירחון ישראל סבא״ און דרוקט אין אַ לומדישן העברעאיש פשט׳לעך, שאלות ותשובות און חדושי תורה. דעם זשורנאַל לייענט מען ניט, נאָר מען לערנט אים, זאָגט מיר ר׳ יעקב טאַוב.

מיין ערשטן באַזוך ביים קלויזנבורגער האָב איך געמאַכט אין יאָר 1953, אין מאַי חודש. זינט דאַן האָב איך פון צייט צו צייט אָפּגעשטאַטעט אַ וויזיט אין די קלויזנבורגער ישיבות, פאַרבייגעגאַנגען, זיך אָפּגעשטעלט און „אַריינ־

געקוקט״. אָבער די צייט שטייט ניט אויף איין אָרט און זיכער באַוועגן זיך אויך, און מען מוז זאָגן מיט היפּשער ענערגיע, די קלויזנבורגער. און אַזוי האָט פּאַסירט, אַז אין די ערשטע חדשים פון 1954, האָבן די קלויזנבורגער געשלאָסן אַ וויכטיקן קאָנטראַקט: זיי האָבן אָפּגעקויפט און איבערגענומען אַלע געביידעס (ניין אין צאָל) פון דעם בית משה האָספּיטאַל, וואָס האָט זיך געפונען אויף 52 סטאַיוועסענט עוועניו, אין וויליאַמסבורג, ברוקלין, און מיט דער דאָזיקער טראַנזאַקציע האָט זיך אָנגעהויבן ממש אַ ניי קאַפּיטל אין דער אַנטוויקלונג פון „קלויזנבורגער הויף״ אין ניו יאָרק. דער קלויזנ־בורגער רבי האָט, איינזעענדיק די גרויסע מעגלעכקייטן פון די 9 געביידעס, וואָס האָבן פאַרנומען אַ גאַנצן סקווער, פאַרטראַכט צו שאַפן אַ קלויזנבורגער שטעטל אין וויליאַמסבורג. דער פּלאַן איז באַשטאַנען אין באַזעצן אַ פּאָר צענדליק חסידישע פאַמיליעס אין אַ פּאָר פון די הייזער, וואָס די קלויזנבורגער האָבן אָפּגעקויפט. צו די קלויזנבורגער משפחות, וואָס וועלן וואוינען ביי דער ישיבה, וועלן צוקומען נאָך און נאָך משפחות און עס וועט זיך מיט דער צייט אַנטוויקלען אַ גאַנץ חסידיש שטעטל אין דעם דערבייאיקן אַרום. אָט דאָס איז געווען דער פּלאַן. די מערסטע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך באַ־זעצט אין די געביידעס, זיינען צוערשט געווען בלויז די אָנגעשטעלטע פון די קלויזנבורגער ישיבות.

דערווייל אָבער, האָט דער קלויזנבורגער רבי שוין איינגעאָרדנט די צענטראַלע ישיבה, וואָס ער האָט פון ערשטן טאָג אָן אָנגערופן „ישיבת שארית הפליטה״, אין דער נייער היים, אין געוועזענעם בית משה שפּיטאָל. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ בית־מדרש, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „מאיר משולם״, אַ נאָמען נאָך איינעם פון די 11 קינדער פון קלויזנבורגער רבי׳ן, וואָס די נאַציס האָבן אומגעבראַכט אין די גאַז־אויוונס. אויך אַ צאָל פון די קלויזנבורגער ישיבות האָבן געטראָגן די נעמען פון די אומגעבראַכטע עלף קינדער פון רבי׳ן. אויך אַ מקוה און אַ מנוחת זקנים, אַ היים פאַר עלטערע חסידים איז געשאַפן געוואָרן. (אַ צאָל פון די 9 געביידעס זיינען אָבער נאָך געשטאַנען ליידיק און פאַרלאָזן, ווען איך האָב באַזוכט די קלויזנבורגער אין יאַנואַר, 1958. די הויפּט־געביידע, ריזיק אין פאַרנעם, פינף גרויסע שטאָק, איז אויך ניט אויסגענוצט געוואָרן אינגאַנצן. די אויבערשטע צוויי פלאָרס זיינען נאָך אַלץ געווען פאַרנומען מיט האָספּיטאַל מאַשינען, אינסטרומענטן און כלערליי איינריכטונגען).

אין 1958 איז געמאָלדן געוואָרן אַז דער קלויזנבורגער רבי האָט אויך באַשלאָסן צו בויען אַ צאָל אַפּאַרטמענט הייזער פאַר זיינע חסידים. דאָס איז

געטאָן געוואָרן דערפאַר, ווייל די רעגירונג האָט באַשלאָסן אַרונטערצואוואַרפן די געביידעס פון אַ גאַנצער ריי גאַסן אין וויליאַמסבורג און בויען אַ ריי 18־שטאָקיקע הייזער. האָט דער קלויזנבורגער דערפאַר געשאַפן אַ פּלאַן צו בויען אייגענע 6־שטאָקיקע הייזער, כדי צו האַלטן זיינע חסידים צוזאַמען. סיי דער קלויזנבורגער, סיי דער סאַטמאַרער, סיי אַלע אַנדערע חסידישע רביים זיינען געווען באַזאָרגט צוליב די ענדערונגען אין דער געגנט. מ׳האָט זיך אַפילו געשראָקן, אַז עס זאָל חלילה ניט אָפּגעשוואַכט ווערן דער וויליאַמסבורגער חסידישער צענטער און אַז די פאַרשידענע רביים זאָלן זיך דאַרפן באַזעצן אין אַנדערע טיילן פון ניו־יאָרק.

דער קלויזנבורגער רבי האָט פון זיין היים אין ברוקלין געמאַכט עטלעכע רייזעס קיין ישראל, וואו ער האָט געהאַט טויזנטער חסידים און אָנהענגער. אין פרילינג, 1956, האָט דער קלויזנבורגער געמאָלדן זיין גרויסן פּלאַן צו בויען אַ חסידישע שטאָט, אַ חסידישן צענטער אין נתניה. דער דאָזיקער קוואַרטאַל איז אָנגערופן געוואָרן „קרית צאַנז״, אויפן נאָמען פון דער רבי׳שער דינאַסטיע, פון וועלכער דער קלויזנבורגער שטאַמט. ווען עס איז געלייגט געוואָרן דער גרונטשטיין פון „קרית צאַנז״, האָבן פון אַלע עקן פון אידישן הימלאַנד אָנגעהויבן שטראָמען טויזנטער חסידים קיין נתניה און זיי האָבן געטאַנצט אין די גאַסן, פרייענדיק זיך מיט דעם גרויסן נס, וואָס דער קלויזנבורגער איז פון אַמעריקע געקומען דורכפירן אַזאַ ריזיקע אונטער־נעמונג.

קרית צאַנז איז אויסגעפּלאַנט געוואָרן פאַר זעקס הונדערט וואוינונגען. עס איז דאָ גלייך שוין אויפגעשטעלט געוואָרן אַ ישיבה, וואָס טראָגט דעם נאָמען „ישיבת צאַנז, קרית צאַנז״. אויך אַ שול פאַר מיידלעך, וואָס טראָגט דעם נאָמען „בית יעקב הישן, קרית צאַנז״. אויך אַ בית־מדרש אונטער דעם נאָמען „שארית הפליטה, קרית צאַנז״, אויך אַ מקוה און אַ מרחץ זיינען דאָ אויפגעבויט געוואָרן. דער קלויזנבורגער האָט גלייך ביים גרינדן דאָס חסידישע שטעטל אין נתניה אויך איינזינען געהאַט צו שאַפן אַ צאָל אינדוסטריעס, פון וועלכע די חסידים זאָלן גלייך קענען ציען חיונה. צווישן די אינדוסטריען, וואָס זיינען געפּלאַנט געוואָרן, האָבן זיך, צווישן אַנדערע, געפונען אַ טעקסטיל פאַבריק און אַ דימענטן שלייפערײַ.

אויסער אין קרית צאַנז, נתניה, האָט דער קלויזנבורגער אויפגעשטעלט שארית הפליטה ישיבות אין צפת, כפר הנצחון און יאזור. נאָך ישיבות זיינען געפּלאַנט געוואָרן אין פאַרשידענע פּונקטן פון מדינת ישראל. אין ירושלים

האָבן די קלויזנבורגער אויפגעבויט דריי בית־יעקב שולן פאַר מיידלעך. אויך אין צפת האָט זיך געפונען אַ קלויזנבורגער שול פאַר מיידלעך.

אַלץ צוזאַמען האָבן די קלויזנבורגער פאַרמאָגט אַרום דרייסיק פאַרשי־דענע אינסטיטוציעס אין אַמעריקע און אין מדינת ישראל.

עס איז געווען דער פּלאַן פון קלויזנבורגער רבי'ן, אַז וואָס מער פון זיינע חסידים פון אַמעריקע זאָלן פאָרן זיך באַזעצן אין מדינת ישראל. די ערשטע גרופּע פון צען עולים איז אָפּגעפלויגן אין מאַי, 1957. אויך פון לאָנדאָן איז אָפּגעפאָרן אַ גרופּע קלויזנבורגער חסידים זיך צו באַזעצן אין אידישן היימלאַנד. עס איז געווען אויך דעם קלויזנבורגער'ס פּלאַן, אַז די ישיבה־בחורים, ווען זיי ווערן 16 יאָר אַלט, זאָלן אָפּפאָרן אויף אַ צוויי, דריי יאָר צו לערנען אין ישראל.

דער באַשלוס פון קלויזנבורגער אָנצוהויבן אַ רעליגיעזע עליה און אַנטוויקלען אַ חסידיש שטעטל אין אידישן היימלאַנד, באַזירט אויף מאָדער־נער אָרגאַניזאַציע און סיסטעם, האָט אַרויסגערופן גרויס פרייד ניט בלויז אין די חסידישע קרייזן, נאָר אויך אין די אַלגעמיינע קרייזן פון אידישן היימלאַנד. דער שוואונג און פאַרנעם פון קלויזנבורגער רבי'ן, דורכפירנדיק ריזיקע פּראָיעקטן סיי אין אַמעריקע, סיי אין ישראל, איז געווען נאָך אַ צייכן פון דעם אויפבלי פון די צוויי גרויסע אידישע ישובים, וואָס זיינען מיט יעדן יאָר געוואָרן אַלץ ענגער און פעסטער פאַרבונדן צווישן זיך.

## 56

# די ליובאַוויטשער זיינען געקומען קיין ניו יאָרק און האָבן אויסגעשפּרייט זייער טעטיקייט איבער דער גאַנצער וועלט

בעת דער צווייטער וועלט מלחמה האָט הרב יוסף יצחק זצ"ל שניאורסאָן אַריבערגעפירט די צענטראַלע פון ליובאַוויטשער חסידיזם קיין ניו יאָרק. — אין בלויז עטלעכע יאָר האָבן די ליובאַוויטשער אויפגעבויט אַ גאַנצע נעץ ישיבות אין אַמעריקע און קאַנאַדע און דערמיט אָנגעהויבן אַ נײַ קאַפּיטל אין אַמעריקאַנער אידישקייט. — דער גרויסער פאַרלאַג פון די ליובאַווי־טשער, וואָס גיט אַרויס מיליאָנען קאָפּיעס לערנביכער אין העברעאיש, אידיש, ענגליש, שפּאַניש און פראַנצוי־זיש. — די אָפּטיילונג פאַר אידישע פאַרמערס אין אַמעריקע. — די מסיבות שבת פאַר דער יוגנט. — די אַרבעט, וואָס דער ניו יאָרקער אָפּיס פון די ליובאַווי־טשער פירט אָן אין פראַנקרייך, בעלגיע, מאָראָקאָ, אויסטראַליע און, גאַנץ באַזונדערס, אין מדינת ישראל. — אַ ל"ג בעומר פאַראַד פון פינף טויזנט קינדער, וואָס שאַפט געשיכטע. —

דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב זיך געטראָפן מיט דעם יושב־ראש פון די ליובאַוויטשער ישיבות אין אַמעריקע, איז געווען אין פעברואַר חודש 1948, ווען עס איז געפייערט געוואָרן דער פופציק יאָריקער יובל זינט די ערשטע ליובאַוויטשער ישיבה איז געגרינדעט געוואָרן אין ליובאַוויטש, רוסלאַנד. געטראָפן האָב איך זיך מיט הרב שמרי׳ גוראריי׳ אויף 770 איסטערן פּאַרקוועי, אין ברוקלין, וואו דער פריערדיקער ליובאַוויטשער רבי,

אדמו״ר הרב יוסף יצחק זצ״ל שניאורסאָן, האָט באַלד נאָך זיין אָנקומען קיין אַמעריקע אין יאָר 1940 געגרינדעט די אַמעריקאַנער צענטראַלע פון דער ליובאַוויטשער דינאַסטיע. הרב גוראַרי׳, וועלכער איז געווען די רעכטע האַנט פון אדמו״ר הרב יוסף יצחק שניאורסאָן פאַר איבער 25 יאָר, האָט מיר דאַן איבערגעגעבן אַ סך איינצלהייטן וועגן דעם, ווי אַזוי דער ליובאַוויטשער רבי האָט גלייך ביי זיין אָנקומען קיין ניו־יאָרק, ראַטעווענדיק זיך פון נאַציזם, פאַרטראַכט צו גרינדן אַ גאַנצע נעץ פון ישיבות אין די וויכטיקסטע אידישע שטעט פון אַמעריקע און קאַנאַדע. באַלד נאָך זיין אָנקומען אַהער האָט דער ליובאַוויטשער רבי געלאָזט פאַררופן צו זיך אַ גרופּע אַמעריקאַנער געבוירענע יונגעלייט, וועלכע האָבן געהאַט געלערנט אין דער ליובאַוויטשער ישיבה פון אָטוואָצק, פוילן, און עס איז מיט דער גרעסטער שנעלקייט אָרגאַניזירט געוואָרן די „צענטראַלע ישיבה תומכי תמימים״, וועלכע איז געווען דער אָנהויב פון אַ גאַנצער ריי ישיבות און מתיבתא׳ס אין אַמעריקע. די אַרבעט איז צוגעגאַנגען מיט פיבערישער טעטיקייט, און עס האָט ניט גענומען לאַנג, און עס האָבן אין אַמעריקע און קאַנאַדע זיך שוין געפונען פופצן ליובאַוויטשער ישיבות, וואו עס האָבן געלערנט צווישן 3500 ביז פיר טויזנט ישיבה־בחורים. אַ גאָר גרויסער פּראָצענט פון די תלמידים זיינען געווען אַמעריקאַנער געבוירענע.

באַלד נאָך דעם, ווי עס איז געלייגט געוואָרן דער פונדאַמענט פאַר די ישיבות אין אַמעריקע, איז געשאַפן געוואָרן דער „מרכז לעניני חינוך״, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פאַרשידענע חינוך־פּראָבלעמען און אויך מיט אָנפירן דעם גרויסן קה״ת (קרני הוד תורה) פאַרלאַג, וואָס האָט געדרוקט פאַרשידענע לער־ביכער פאַר די פאַרשידענע תלמוד־תורה׳ס און ישיבות פון די ליובאַוויטשער. די דאָזיקע ביכער זיינען געווען ניט בלויז אין לשון קודש, נאָר אויך אין אידיש, ענגליש, פראַנצויזיש און שפּאַניש. אויך פאַרשידענע מינים אינפאָרמאַציע־ליטעראַטור איז געדרוקט געוואָרן און איז פאַרשפּרייט געוואָרן אין מיליאָנען קאָפּיעס. דער ליובאַוויטשער רבי, הרב יוסף יצחק זצ״ל, האָט אויך געגרינדעט די „מחנה ישראל, אינקאָרפּאָרעיטעד״, וועלכע איז געווען אַ קערפּערשאַפט, וואָס גיט זיך אָפּ מיט זוכן צו פאַרשטאַרקן אָרטאָדאָקסישע אידישקייט אין אַמעריקע אין אַלגעמיין. דער ליובאַוויטשער פאַרלאַג האָט אויך אַרויסגעגעבן פיל ספרים וועגן חסידות, חקירה, מוסר און הלכה. דער אָנפירער פון „מרכז לעניני חינוך״ איז געווען הרב ח. מ. א. חאָדאָקאָוו, וועלכער איז געווען אַ מיטגליד פון דערציאונגס מיניסטעריום אין דער רעגירונג פון לאַטוויע. הרב חאָדאָקאָוו, אַן איבער־



Photo by Trainer Studio

האדמו"ר הרב ר' יוסף יצחק זצ"ל שניאורסאָן (1880—1950)

דער ליובאַוויטשער רבי, וועלכער איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1940 און אָנגעהויבן די היסטאָרישע באַוועגונג פון גרינדן ישיבות דאָ אין לאַנד.

געגעבענער ליובאַוויטשער חסיד, איז אויך געווען אַ גאַר נאָענטער מיט־אַרבעטער פון אדמו״ר הרב יוסף יצחק זצ״ל שניאורסאָן.

גלייך נאָך זייער אָנקומען קיין אַמעריקע, ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די ליובאַוויטשער איינגעזעען, אַז דער חורבן פון גרויסן אידנטום אין אייראָפּע האָט געפירט דערצו, אַז אין אַמעריקע זאָל געשאַפן ווערן אַ נייער גרויסער תורה־צענטער. האָבן זיי דערפאַר אַריינגעלייגט אַלע כוחות זייערע אין בויען און שאַפן ישיבות דאָ אין לאַנד. ווי נאָר אָבער די מלחמה האָט זיך געענדיקט, האָבן די ליובאַוויטשער אָנגעהויבן אָנצופירן אַ פאַרצווייגטע טעטיקייט אין אַ גאַנצער ריי לענדער אין אייראָפּע, אַפריקע און אויך אין מדינת ישראל, כדי איינצושטעלן טראַדיציאָנעלע, חסידישע תורה־אַנשטאַלטן, וואו די קייט פון אייביקער אידישקייט זאָל ווייטער געצויגן ווערן.

פאַר דער דאָזיקער הייליקער אַרבעט אין פאַרשידענע וועלט־טיילן האָבן די ליובאַוויטשער געהאַט די הילף פון דזשאָינט. און עס האָט ניט גענומען לאַנג און די ליובאַוויטשער חסידים האָבן שוין געקענט באַריכטן וועגן אַ היפּש־פאַרצווייגטער טעטיקייט, וואָס זיי האָבן אַנטוויקלט אין פראַנקרייך, ענגלאַנד, בעלגיע, מאַראָקאָ, טוניס, אויסטראַליע, און אויך אין מדינת ישראל. צווישן די ליובאַוויטשער מוסדות האָבן זיך געפונען ישיבות און מתיבתא׳ס, ישיבות קטנות און אויך חדרים. אין פּאַריז איז נאָך אין 1945 איינגעאָרדנט געוואָרן אַ צענטראַלער אָפיס פון די ליובאַוויטשער, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון הרב בנימין גאָראָדעצקי, פערזענלעכער פאָרשטייער פון דעם ליובאַוויטשער רבי׳ן. אַ ליובאַוויטשער ישיבה און מתיבתא ווי אויך אַ ישיבה קטנה זיינען געגרינדעט געוואָרן אין ברינוא, לעבן פּאַריז, וואו עס האָבן געלערנט אַרום 140 תלמידים. אַ צאָל ליובאַוויטשער תלמוד תורה׳ס זיינען געשאַפן געוואָרן אין פּאַריז גופא און עס האָבן דאָרט געלערנט לימודי קודש אַרום 150 תלמידים. נאָך אַרום 200 תלמידים האָבן געלערנט אין תלמוד־תורה׳ס עטלעכע מאָל אַ וואָך. אַרום 250 קינדער האָבן געלערנט ביי ליובאַוויטשער מלמדים, וועלכע זיינען געגאַנגען צו די אידישע קינדער אין פּאַריז, אַהיים. חוץ דעם האָבן די ליובאַוויטשער געגרינדעט נאָך זעקס תלמוד־תורה׳ס אויסערהאַלב פּאַריז.

אין פּאַריז און אין מאָנטמאָראַנסי, לעבן פּאַריז, האָבן זיך געפונען צוויי ליובאַוויטשער בית רבקה שולעס פאַר מיידלעך.

מיר דערציילן דאָ וועגן דעם, ווי אַזוי די ליובאַוויטשער האָבן פאַר־שטאַרקט אידישקייט אין און אַרום פּאַריז, ווייל די ליובאַוויטשער אידישקייט

אין פראַנקרייך איז ענג געווען פאַרבונדן מיט דער ליובאַוויטשער טעטיקייט אין אַמעריקע. ווייל אַזוי שנעל ווי די ליובאַוויטשער האָבן זיך דאָ באַפעס־טיקט, האָבן זיי דורך אַמעריקע געשאַפן אַ ווייטערדיקע מעגלעכקייט אַנצוגיין מיט זייער בויערישער אַרבעט אויך אין אַנדערע לענדער. עס איז אַ פאַקט, אַז מיט דעם אָנקום פון ליובאַוויטשער רבי'ן קיין ניו יאָרק, האָט זיך דאָ אָנגעהויבן אַ נייע עפּאָכע אויף דעם געביט פון ישיבה־טעטיקייט. און נישט נאָר איז אַמעריקע אַן־און־פאַר־זיך געוואָרן אַ צענטער פון ישיבה־אידישקייט, נאָר אַמעריקע איז גאָר געוואָרן אַ צענטער פון וואַנען ישיבה־אידישקייט



הרב שמרי' גוראַרי'
יושב ראש ועד הפועל פון ליובאַוויטשער ישיבות אין אַמעריקע

האָט אָנגעהויבן אויך אַרויסצושטראָמען צו אַנדערע לענדער, אויף פאַרשידענע קאָנטינענטן. ווייל אַלץ, אַלץ, וואָס די ליובאַוויטשער האָבן אויפגעטאָן זינט 1940, איז געקומען און דירעקטירט געוואָרן פון דער צענטראַלע פון דער ליובאַוויטשער דינאַסטיע, וואָס האָט זיך געפונען אויף 770 איסטערן פּאַרקוויי, אין ברוקלין. אַזוי, למשל, האָט מיר דערציילט הרב גוראַרי', ווי אַזוי עס איז צושטאַנד געקומען דער פּלאַן צו גרינדן אין מדינת ישראל דעם כפר חב"ד,

אַ דאָרף אָדער אַ קיבוץ פון ליובאַוויטשער חסידים, וועלכע זיינען אַרויס־געראַטעוועט געוואָרן פון סאָוועט רוסלאַנד נאָך דער ענדע פון דער צווייטער וועלט־מלחמה. עס איז געווען דער ערשטער בילדונגס־מיניסטער פון ישראל, זלמן שזר, וועלכער האָט געהאָלפן די ליובאַוויטשער דורכפירן דעם פּלאַן פון שאַפן אַ ספּעציעל דאָרף, וואו די ליובאַוויטשער חסידים זאָלן האָבן זייער אייגן ווינקל אין אידישן היימלאַנד, וואו צו לערנען און וואו צו אַרבעטן. הרב גוראַרי׳ איז דאַן געפאָרן קיין ישראל מיט דער ספּעציעלער מיסיע איינצושטעלן דאָס דאָזיקע דאָרף. אין כפר חב״ד, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דער ליובאַוויטשער באַוועגונג „חכמה, בינה און דעת״, ווערט דער טאָג איינגעטיילט אין צווייען. אַ האַלבן טאָג אַרבעט מען און אַ האַלבן טאָג לערנט מען תורה. אַרום הונדערט משפּחות האָבן זיך געפונען אין דעם דאָזיקן חסידישן דאָרף פון תורה־אידישקייט. די ליובאַוויטשער האָבן געשאַפן ישיבות אין ירושלים, תל־אביב, לוד, ראשון לציון און אין אַ צאָל אַנדערע ערטער. די ערשטע ליובאַוויטשער ישיבה אין ארץ־ישראל איז געגרינדעט געוואָרן אין 1911.

גאָר באַזונדערס האָבן די ליובאַוויטשער אָנגעפירט אַ פאַרצווייגטע טעטי־קייט אין מאָראָקאָ, וואו דאָס אידישע לעבן איז געווען שטאַרק פאַרוואָרלאָזט און כמעט אינגאַנצן פאַרזען, געלאָזן אויף הפקר, מצד דער ברייטער אידישער עפנטלעכקייט. ישיבות ומתיבתות געגרינדעט פון די ליובאַוויטשער האָבן זיך געפונען אין די פאָלגנדע גרעסערע אידישע צענטערן פון מאָראָקאָ: קאַסאַבלאַנקאַ, מעקנעס און צעטרו, וואו עס האָבן זיך אויך געפונען בית־רבקה שולעס פאַר מיידלעך. ישיבות קטנות האָבן זיך געפונען אין פינף אַנדערע שטעט. אויסער דעם זיינען געווען תלמוד־תורה׳ס אין איבער זעכציק קלענערע שטעט און דערפער. איבער פיר טויזנט קינדער האָבן געלערנט אין די ליובאַוויטשער מוסדות אין מאָראָקאָ, וואו די ליובאַוויטשער טוער האָבן באמת געטאָן פּיאָנערן אַרבעט.

די פאַרשפּרייטע טעטיקייט פון די ליובאַוויטשער האָט אין אירע פאַר־שידענע לער־אַנשטאַלטן אַריינגעצויגן ביז אַרום צוועלף טויזנט אידישע קינדער און יונגעלייט, איז געשאַצט געוואָרן. אַרום פיר הונדערט לערער און ראשי־ישיבה זיינען טעטיק אין דער דאָזיקער חסידישער באַוועגונג צו פאַרשטאַרקן די פּאָזיציעס פון תורה־חינוך אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט.

די ליובאַוויטשער, וואוהין נאָר זיי זיינען געקומען, איז זיי נאָכגעגאַנגען זייער גרויסער יחוס פון איבער צוויי הונדערט יאָר פון כמעט כסדר׳דיקער

מסירות־נפש אַרבעט לטובת דעם אידישן כלל. דער גרינדער פון חב״ד־חסידיזם, הרב שניאור זלמן פון ליאַדי, זצ״ל, (אדמו״ר בעל התניא) איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1745. דער צווייטער דור ליובאַוויטשער, איז געווען הרב דובער (אדמו״ר האמצעי), וועלכער איז אויך גערופן געוואָרן „דער מיטעלער רבי״. דער דריטער דור איז געווען הרב מנחם מענדל (אדמו״ר הצמח צדק). דער פערטער דור — אדמו״ר רבי שמואל. דער פינפטער דור — אדמו״ר רבי שלום דובער. דער זעקסטער — אדמו״ר רבי יוסף יצחק שניאורסאָן. דער זיבעטער דור — אדמו״ר רבי מנחם מענדל שניאורסאָן. די לעצטע צוויי דורות ליובאַוויטשער — האָבן שוין באַוויזן צו באַפעסטיקן זיך אויף דער אַמעריקאַנער ערד. ווייל עס איז געווען אדמו״ר הרב יוסף יצחק, זצ״ל, וועלכער האָט אין 1940 אַריבערגעפירט די וועלט־צענטראַלע פון דער ליובאַוויטשער באַוועגונג קיין אַמעריקע. די פירערשאַפט האָט איבערגענומען זיין איידעם, הרב מנחם מענדל, ווען הרב יוסף יצחק איז נפטר געוואָרן. די זיבן דורות ליובאַוויטשער, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן און געלעבט אויף דער רוסישער ערד, האָבן געשפּילט אַ היסטאָרישע ראָל אין דער אַנטוויקלונג פון גרויסן רוסישן אידנטום. די ליובאַוויטשער רביים האָבן אפילו דערגרייכט ביז דעם צאַרישן הויף, ווען נויטיק, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פאַרטיידיקן די אינטערעסן פון אידישן פאָלק. די ליובאַוויטשער האָבן אַרויסגעוויזן גרויס העלדנמוט, שטעלנדיק זיך קעגן די פאַרשידענע גזירות אונטער דעם צאַרישן רעזשים און שפּעטער אויך אונטער דער סאָוועטישער הערשאַפט.

מיר האָבן דאָ אויסגערעכנט די זיבן דורות ליובאַוויטשער רביים און אָנגעוויזן אויף זייערע גרויסע פאַרדינסטן אין אַמאָליקן רוסלאַנד, כדי נאָך מער אונטערצושטרייכן ווי גרויס עס איז דער געווינס פון אַמעריקאַנער אידישן ישוב, וואָס האָט געהאַט די זכיה צו ווערן די נייע היים פון די ליובאַוויטשער רביים. דאָס באַזעצן זיך פון ליובאַוויטשער רבי׳ן דאָ אין לאַנד האָט אַריינגעשריבן אַ ניי גאָלדן קאַפּיטל אין דעם גייסטיקן לעבן פון אַמעריקאַנער אידנטום.

די ליובאַוויטשער ישיבות האָבן אין אַמעריקע זיך געפונען אין די פאָלגנדע שטעט: אין ברוקלין און אין בראָנקס, ניו יאָרק. אין פּיטסבורג, פּענסילווייניא. פּראָווידענס, ראוד איילענד. דאָרטשעסטער, וואוסטער און ספּרינגפילד — אַלע דריי אין מאַסאַטשוזעטס. שיקאַגאָ, אילינאָי. ניו הייווען, קאָנעטיקוט. ראָטשעסטער און באפאלאָ, ניו־יאָרק. נואַרק, ניו־דזשוירזי. פילאַדעלפיע, פּענסילווייניא. ברידזשפּאָרט, קאָנעטיקוט. אין מאָנטרעאַל

און קוויבעק, אין קאַנאַדע, געפינען זיך אויך ליובאַוויטשער ישיבות. די ישיבות אויסער ניו־יאָרק און מאַנטרעאל טראָגן דעם נאָמען „אחי תמימים".

עס איז זיכער איבעריק אָנצואווייזן אויף דעם פאַקט, אַז די גאַנצע טעטיקייט פון די ליובאַוויטשער, סיי אין ניו יאָרק, סיי איבער גאַנץ אַמע־ריקע, פונקט ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, איז געשטאַנען אונטער דער דירעקטער אויפזיכט פון „דעם נייעם" ליובאַוויטשער רבי'ן, אדמו"ר רבי מנחם מענדל, שליט"א, שניאורסאָן, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אַ סך ניי לעבן און אידעאַליזם אין דער וועלט־באַוועגונג פון די ליובאַוויטשער. זע — גענויעם געשפּרעך מיטן הרב מנחם מענדל שניאורסאָן אין ערשטן טייל פון זעלבן בוך, קאַפּיטל 4.

די מערסטע ליובאַוויטשער ישיבות האָבן אַריינגענומען קינדער פון פינף יאָר און די תלמידים האָבן אין אַ צאָל פון די ישיבות געקענט פאַר־בלייבן ביז זיי האָבן געקראָגן סמיכה אויף רבנות. אַלע וועלטלעכע געגנ־שטאַנדן, ווי די ענגלישע שפּראַך, אַריפמעטיק, ליטעראַטור און וויסנשאַפט, זיינען געלערנט געוואָרן לויט דער זעלבער פּראָגראַם ווי אין אַלע אַנדערע שולן פון אַמעריקע. די צענטראַלע ישיבה ומתיבתא „תומכי תמימים" ליובאַוויטש, אין ברוקלין, איז געגרינדעט געוואָרן אין מערץ, 1940, און איז געוועזן אַ סימבאָלישע פאָרזעצונג פון דער ערשטער ישיבה, וואָס איז גע־גרינדעט געוואָרן אין ליובאַוויטש, מאָגילאָווער גובערניע, ניט ווייט פון וויטעבסק. די ברוקלינער ישיבה האָט זיך געפונען אין דער געביידע פון געוועזענעם אַריסטאָקראַטישן „יוניטי קלאָב" אויף גרענט סקוועער אין ברוקלין. די דאָזיקע געביידע, פינף גאָרן הויך, האָט געהאַט פּלאַץ פאַר זיבן הונדערט סטודענטן. אין אַ ספּעציעלער אויסגאַבע, געווידמעט צו דער חנוכת הבית פון דער ישיבה־היים, איז געוויזן געוואָרן אַ בילד פון אַ פּרעכטיקן זאַל פאַר גימנאַסטיק. אונטער דער בילד איז געווען אַן אונטערשריפט: „דער גרעסטער ישיבה דזשים אין דער וועלט". וואָס דאָס מיינט, אַז די צענטראַלע „תומכי תמימים ישיבה דליובאַוויטש" אין ברוקלין האָט געהאַט דעם גרעסטן זאַל, וואו די ישיבה־בחורים האָבן געקענט זיך לערנען כלערליי ספּאָרטס און שפּילן. די אונטערשריפט האָט געזאָגט אפילו וועלכע „געימס". בעסקעט־באָל. וואלי באָל. בעיזבאָל און כל המינים ספּאָרטישע איבונגען. די באָארד אָוו עדיוקעישאָן האָט געפאָדערט פון אַלע ישיבות, פונקט ווי פון אַלע אַנדערע שולן, סיי פּריוואַטע, סיי פון דער רעגירונג, אַז ספּאָרט מוז שפּילן אַ וויכטיקע ראָל אין די לימודים, כדי ניט צו פאַרנאַכלעסיקן די פיזישע

אַנטוויקלונג פון דער יוגנט. אַזוי, אַז „ניט ווילנדיק" האָבן די ישיבה־בחורים אין אַמעריקע, געמוזט שפּילן באַל, פּונקט ווי אַלע אַנדערע יוגנטלעכע.

די ליובאַוויטשער רביים האָבן אין זייער געשיכטע פון איבער צוויי



די צענטראַלע ישיבה ומתיבתא תומכי תמימים פון די ליובאַוויטשער. אַמאָל האָט זיך אין דער דאָזיקער געביידע געפונען דער אַריסטאָקראַטישער „יוניטי קלאָב" פון ברוקלין.

הונדערט יאָר אַלעמאָל געהאַט געגוג הייסע חסידים, וואָס האָבן מעגלעך געמאַכט פאַר דער באַוועגונג אָנצופירן אירע טעטיקייטן. אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז ווען עס איז בויטיק געווען צו בויען ישיבות אין גרוזיע און בוכאַרע, האָט דער ליובאַוויטשער רבי געבויט ישיבות אין אַזעלכע

פונקטן ווי קוטאַאיס, סוכום, באַטום, טיפליס. ליובאַוויטשער ישיבות האָבן זיך געפונען אין פּאָלטאַווע, ראָסטאָוו־אויפן־דאָן, קרעמענטשוג, נעוועל. אין פּוילן האָבן זיך געפונען ליובאַוויטשער ישיבות אין וואַרשע, אָטוואָצק, לאָדזש, קאָלושין, כעלם און אַנדערע שטעט. ליובאַוויטשער ישיבות זיינען אויך געווען אין ווילנע און אין ריגע און צוויי אַנדערע שטעט אין לאַטוויע. דער רבי איז געפאָרן און די חסידים זיינען נאָכגעפאָרן. און אַמאָל איז געווען פאַרקערט. דער רבי איז געפאָרן אַהין, וואו אידן זיינען פאַרטריבן געוואָרן. דער עיקר איז — די ליובאַוויטשער פירערשאַפט האָט זיך פאַר גאָרניט ניט אָפּגעשטעלט און געצויגן דעם שנור פון אידישקייט אָן אַן אויפהער. און אַזוי האָט עס אויך פּאַסירט אין אַמעריקע. דער ליובאַ־וויטשער רבי אדמו״ר רבי יוסף יצחק זצ״ל שניאורסאָן איז אין 1940 געקומען קיין ניו־יאָרק אָרעם און צעבראָכן. עס האָט אים אָבער גענומען אַ גאַנץ קורצע צייט און מלכות ליובאַוויטש האָט ווידער געבליט. און דער בודזשעט פון די ליובאַוויטשער לער־אַנשטאַלטן אין אַמעריקע האָט אין אַמעריקע אין יאָר 1945, בלויז פינף יאָר נאָך דעם אָנקומען פון רבי'ן, באַטראָפן איבער אַ האַלבן מיליאָן דאָלער אַ יאָר!

און וויסן דאַרף מען, אַז די ליובאַוויטשער ישיבות זיינען געווען פיל אַנדערש אין הינזיכט פון שכר לימוד, ווי די גרעסטע טייל פון די ישיבות קטנות, וואָס זיינען אויפגעקומען אין אַמעריקע אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. אין די פאַרשידענע פּובליקאַציעס פון די ליובאַ־וויטשער האָט איר געקענט זען אַזאַ פּאַראַגראַף:

„שכר לימוד: רעגיסטראַציע אָפּצאָל און שכר לימוד ווי אויך דאָרמיטאָרי און דאַינינג־רום (עסן און שלאָפן), זיינען ניט פאַרפליכטנד און ווערן געצאָלט אויף אַ פּריוויליקן אופן. אָרעמע און נויט־באַדערפ־טיקע תלמידים ווערן אויסגעהאַלטן מיט אַלע באַדערפעניש פאַר אַ מינימום־אָפּצאָל און אין די מערסטע פאַלן — אינגאַנצן פריי״.

אַ היפּשע צאָל תלמידים ביי די ליובאַוויטשער זיינען געקומען פון לאַטיין־אַמעריקע און אַנדערע לענדער. געווען תלמידים אפילו פון אַזוי ווייט ווי אינדיע. אויך פון בראַזיל, קאָלאָמביע, קובא און אַנדערע לענדער.

די ליובאַוויטשער האָבן דאָ אין אַמעריקע אויך געגרינדעט „אַ פאַרמער'ס דעפּאַרטמענט״, וואָס אין אידיש מיינט עס, אַן אָפּטיילונג וואָס האָט צו טאָן מיט אידישע פאַרמער. אין דעם דאָזיקן הינזיכט, האָט דער ליובאַוויטשער רבי אין אַמעריקע נאָכגעפאָלגט דעם ביישפּיל פון זיין גאָט־זעליקן פאָטער, רבי שלום דובער (אדמו״ר מהרש״ב), וועלכער איז אַוועק פאַרשפּרייטן אידיש־

קײט צװישן „די בערג־אידן" פון קאַװקאַז, װען ער האָט זיך דערװאוסט, אַז זײ האָבן דאָרטן ניט קײן מדריכים און ניט קײן מחנכים און אַז די אידישע קינדער װאַקסן דאָרט אױף אָן קײן שום אידישער דערציאונג. דער ליובאַ־װיטשער רבי אדמו"ר שלום דובער (געבױרן אין 1860, נפטר געװאָרן אין 1920) האָט דאַן געמאַכט אַן אַלאַרם, אַז עס גײט אונטער אַ גאַנצער דור אידן, און עס האָט זיך דאַן אָנגעהױבן די אַקציע צו ברענגען אידישקײט צו די אידן אין די בערג. נאָכפאָלגנדיק דעם דאָזיקן בײשפּיל, האָט דער ליובאַ־



Photo by Trainer Studio

אַ טײל פון גרױסן עולם און אַ צאָל באַסעס, װאָס האָבן געבראַכט טױזנטער קינדער צום ליובאַװיטשער ל"ג בעומר פּאַראַד, װאָס איז אײנגעאָרדנט געװאָרן אונטערן אױפזיכט פון דעם מסיבות שבת דעפּאַרטמענט פון מרכז לעניני חנוך פון די ליובאַװיטשער ישיבות.

װיטשער רבי אין אַמעריקע געגרינדעט אַ ספּעציעלע אָפּטײלונג, װאָס איז באַשטאַנען אין ברענגען אידישקײט צו די אידן, װאָס װױנען אױף פאַרמס. ליובאַװיטשער פאָרשטײער זײנען אַרױסגעשיקט געװאָרן פון דער צענטראַלע אױף רעגלמעסיקע באַזוכן צו די אידישע פאַרמערס אין די שטאַטן פון ניו־יאָרק, ניו־דזשורזי, מאַסאַטשוזעטס, קאָנעטיקוט און אױך אין אַנדערע פּלע־צער. די ליובאַװיטשער האָבן געזוכט צו באַזאָרגן די פאַרמער מיט פאַרשידענע רעליגיעזע נױטװענדיקײטן און אַרױסגעהאָלפן זײ אין דער אידישער דער־ציאונג פון די קינדער.

דורך דעם אײנפלוס פון ליובאַװיטשער איז אין ניו־יאָרק אױך אײנגעפירט

געוואָרן די „רעליגיעזע שעה״, לויט וועלכער טויזנטער אידישע קינדער פון די פּאָבליק סקולס זיינען געוואָרן באַפרייט אויף אַ שעה אַ וואָך כדי צו לערנען רעליגיעזע לימודים. געוועזענע תלמידים פון די ליובאַוויטשער ישיבות האָבן אָנגעפירט מיט דער דאָזיקער אַרבעט. (גענוי וועגן דער רעלי־גיעזער שעה, זע קאַפּיטל 37 אין זעלבן בוך).

עס זיינען אויך געשאַפן געוואָרן אַ צאָל רעליגיעזע שולן פאַר מיידלעך אונטער דעם נאָמען „בית רבקה״ און „בית שרה״ שולן.

וואָס זיינען געווען די ווייטערדיקע פּלענער פון די ליובאַוויטשער אין אַמעריקע? די דאָזיקע פראַגע האָב איך געפרעגט ביי הרב גוראַרי׳ אויף איינעם פון מיינע באַזוכן, אויף 770 איסטערן פּאַרקוויי.

— בויען, ווייטער בויען. ישיבות, וואָס מער ישיבות!

אידישקייט האָט אַ גרויסע צוקונפט דאָ אין לאַנד, האָט דער ישיבה־פירער מיר געזאָגט. און ער האָט מיר דערמאָנט וועגן זיין ערשטן באַזוך אין אַמעריקע אין יאָר 1929 צוזאַמען מיט דעם ליובאַוויטשער רבי׳ן, אדמו״ר יוסף יצחק זצ״ל. וואָס פאַר אַן אונטערשיד אין צוגאַנג! וואָס פאַר אַן אונטער־שיד אין אַטמאָספערע! וואָס פאַר אַן ענדערונג צום בעסערן אין משך פון 25 יאָר! און עס קען נאָך זיין פיל, פיל בעסער! האָט הרב שמרי׳ גוראַרי׳ האָפערדיק אויסגערופן.

אָבער דער בעסטער ענטפער איז אפשר גאָר געווען דער ל״ג בעומר פּאַראַד, וואָס די ליובאַוויטשער האָבן דורכגעפירט אין פרילינג, 1957. דאָס איז געווען אַזאַ מין סאָרט פּאַראַד, וואָס ניו־יאָרק, סיי די אידישע, סיי די אַלגעמיינע, האָט נאָך אַזעלכעס פריער ניט געזען. אַרום פינף טויזנט קינ־דער האָבן זיך אין דעם דאָזיקן פּאַראַד באַטייליקט. די קינדער זיינען גע־בראַכט געוואָרן אין איבער 80 באַסעס פון פאַרשידענע טיילן ברוקלין און אויך פון אַ צאָל אַנדערע פּונקטן. דער פּאַראַד איז אָרגאַניזירט געוואָרן פון דעם „נעשאָנאַל קאָונסיל אָוו מסיבות שבת״, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון מרכז לעניני חינוך, פון די ליובאַוויטשער. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע איז באַשטאַנען פון יוגנטלעכע גרופּען, וואָס די ליובאַוויטשער האָבן פאַרזאַמלט יעדן שבת און מיט זיי גערעדט וועגן אידישקייט, אידישע ענינים, געזונגען חסידישע געזאַנגען און געטאַנצט חסידישע טענץ.

דער ליובאַוויטשער רבי, אדמו״ר מנחם מענדל שליט״א שניאורסאָן, האָט פאַר די פינף טויזנט קינדער געהאַלטן אַ פייערדיקע רעדע. דער רבי האָט גערעדט וועגן דער גרויסער שייכות, וואָס אידישע קינדערלעך האָבן צו אידישקייט בכלל און צו אידישע ימים־טובים בפרט. די קינדער האָבן

געטראָגן פאַרשידענע פּלאַקאַטן מיט פאַרשידענע אויפרופן, צווישן זיי די פאָלגנדע: „היט דעם שבת, וועט דער שבת היטן אייערע קינדער!״; „קויפט ניט שבת, קויפט אום פרייטיק!״. גרויס אויפמערקזאַמקייט האָט צו זיך צוגעצויגן אַ פּלאַקאַט מיט די דריי באַרימטע בוכשטאַבן אין ענגליש „עס־אָ־עס״. דאָס איז, ווי באַוואוסט, אַן אַלאַרם רוף, בעת אַ שיף גייט אונטער. אין דער נייער ליובאַוויטשער אויסטייטשונג מיינט עס: עס־אָ־עס: סעיוו אַוער סאַטער־דעי! — ראַטעוועט אונזער שבת.




Photo by Trainer Studio

דער ליובאַוויטשער רבי, האדמו״ר הרב ר׳ מנחם מענדל שניאורסאָן, שליט״א, ווערט דאָ געזען בעת ער באַגריסט אַ ל״ג בעומר פּאַראַד פון אַרום 5 טויזנט אידישע קינדער. אַן עולם ליובאַוויטשער חסידים און דער רבי ווערן געזען אויף די טרעפּ פון דער וועלט־צענטראַלע פון די ליובאַוויטשער, אויף 770 איסטערן פּאַרקוויי, ברוקלין, ניו־יאָרק.

ביי דעם ריזיקן ל״ג בעומר פּאַראַד האָבן די קינדער געזונגען חסידישע לידער און דער אָרקעסטער האָט געשפּילט אני מאמין... איך גלויב...

און דאָס דאָזיקע געזאַנג און דער גאַנצער ל״ג בעומר פּאַראַד זיינען אפשר געווען דער בעסטער ענטפער אויף דעם, וואוהין עס גייט דאָס אידנטום אין אַמעריקע און וואוהין די אויגן פון אַ גאַר היפּשער טייל אידישער יוגנט זיינען געווענדט..

צום אידישן גלויבן...

צו די אַלטע קוואַלן...

## 57

# סאָוועטיש־געבוירענע ליובאַוויטשער ישיבה בחורים זעצן פאָר קאַמף פאַר חסידישער אידישקייט אין ניו יאָרק

די מערסטע פון די דאָזיקע ישיבה בחורים זיינען געבוירן געוואָרן אין סאָוועט רוסלאַנד צען, צוועלף יאָר נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. — אַ פּאָר זיינען געבוירענע פון מאָסקווע. — זיי האָבן טראָץ די שווערע קאָמוניסטישע פאַרפאָלגונגען געקראָגן אַ פולע תורה דערציאונג אין אונטערערדישע ישיבות. — געהיימע מקוה'ס. — פיל פון די געראַטעוועטע סאָוועטישע לערנער האָבן געהאָלפן גרינדן ישיבות אין אַ צאָל לענדער. — אַ באַגעגעניש אין ניו יאָרק מיט די סאָוועטיש געבוירענע ליובאַוויטשער, וועלכע זיינען געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער צווייטער וועלט מלחמה.

אַז איר באַקענט זיך נעענטער מיט די פאַרשידענע אָרטאָדאָקסישע גרופּען צווישן די ניי־געקומענע אידן, וועלכע האָבן איינגעוואַנדערט קיין אַמעריקע אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, באַזונדערס נאָך ווען איר דערקענט נעענטער די פאַרשידענע חסידישע באַוועגונגען מיט זייערע רביים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק אין די לעצטע יאָרן, קענט איר זיך ניט העלפן און איר מוזט באַוואונדערן אָט דעם גרויסן געהיימען כח, דעם כח פון אייביקייט, וואָס ליגט פאַרקערפּערט אין אָט די דאָזיקע איינגעשפּאַרטע און האַרטנעקיקע אָנהאַלטער און פאַרשפּרייטער פון דער אַלטער, טראַדיציאָנעלער אומקאָמפּראָמיסלעכער תורה־טרייער אידישקייט.

גאָר באַזונדערס ווערט איר באַגייסטערט און באַהויכט ממש פון רוח־

הקודש, ווען איר קומט אין קאָנטאַקט מיט די ליובאַוויטשער חסידים, וועלכע האָבן באַוויזן, אַז זיי שטעלן זיך פאַר גאָרנישט נישט אָפּ אין זייער הייליקער מיסיע פון אָנהאַלטן די פּאָזיציעס פון פולער אידישקייט אפילו אונטער די סאַמע שווערסטע און ממש אוממעגלעכע אומשטענדן.

געהאַט אָט די דערפאַרונג האָב איך, ווען איך האָב אין פרילינג פון 1953 זיך באַגעגנט פּנים אל פּנים מיט אַ גרופּע יונגע ליובאַוויטשער ישיבה־בחורים, וועלכע זיינען געבוירן געוואָרן אין סאָוועט רוסלאַנד און וועלכע האָבן באַוויזן די ממש אומגלויבלעכע גבורה פון זיין יאָרנלאַנג ישיבה־בחורים אין רוסלאַנד, טראָץ דעם שטרענגען פאַרבאָט און די שווערע פאַר־פאָלגונגען פון דער סאָוועטישער מאַכט. איינער פון אָט די ישיבה־בחורים איז געווען אַ געבוירענער אין מאָסקווע גופא. אַ צווייטער איז געווען פון כאַרקאָוו. אַ דריטער — פון בערדיטשעוו. אַ פערטער פון אַ שטאָט ערגיץ ביים דאָן און גאָר אַנדערע זיינען געווען פון די פאַרשידנסטע געגנטן פון דער סאָוועטישער טעריטאָריע אין אַזיע. אָבער אַלע, אַלע זיינען זיי דער־צויגן געוואָרן אויף דעם עכט חסידישן אופן.

געקומען זיינען אָט די העראָאישע רעליגיעזע אידן פון סאָוועט רוסלאַנד קיין אַמעריקע אין די יאָרן פון 1947 און 1948. זיי האָבן זיך געראַטעוועט פון די קאָמוניסטישע פאַרפאָלגונגען, ווען די סאָוועטישע רעגירונג האָט דערלויבט אַרום 150 טויזנט אידן פון פוילן צו פאַרלאָזן די סאָוועטישע טעריטאָריע נאָך דעם, ווי די נאַציס זיינען באַזיגט געוואָרן דורך די אַליאירטע אַרמייען. האָבן זיך אַ היפּשע צאָל רוסיש־געבוירענע אידן אָנגעגעבן אַלס פּוילישע. און אַזוי אַרום האָבן זיך אויך געראַטעוועט הונדערטער ליובאַוויטשער חסידים, וועלכע האָבן טראָץ אַלע שוועריקייטן אָנגעהאַלטן אין געהיים ישיבות אין סאָוועט רוסלאַנד און געלערנט זייערע קינדער תורה און אידישקייט אין דער טראַדיציע פון ליובאַוויטשער רבי׳ן. האָב איך געהאַט אַ לענגערן שמועס מיט אַ פּאָר צענדליק פון אָט די ישיבה־בחורים, וועלכע געפינען זיך אין ניו־יאָרק און וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר איינע פון די גאָר אינטערעסאַנטע גרופּן אידן, וועלכע האָבן בלויז מיט דעם פאַקט פון זייער אָנקומען אַהער באַ־רייכערט דאָס אידישע לעבן אין אַמעריקע ביז גאָר. איך האָב גערעדט מיט אָט די יונגע אידן און זיך געריבן די אויגן און ממש מיינע אויערן ניט געגלויבט. אָט שטייט פאַר מיר אַ אידישער בחור. ער איז אין די פריע צוואַנציקער. ער שטייט פאַר מיר מיט די סימנים פון אַ יונג בערדל און מיט לאַנגע פּאות, אַן עכטער חסיד. ער רעדט צו מיר אין זיין פולער תמימותדיקייט און עפּעס — ווי פאַרשעמט און באַשיידן גיט ער

מיר איבער די וויכטיקסטע פּאַקטן פון זיין לעבן. יאָ, ער איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע. געבוירן געוואָרן צען, צוועלף יאָר נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע פון 1917. ער איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע, אָבער אין קיין סאָוועטישער רעגירונגס־שולע איז ער קיינמאָל ניט געגאַנגען. זיינע עלטערן האָבן אים אויסבאַהאַלטן די גאַנצע צייט. ער איז געווען ווי אַ נסתר, אַ פאַרבאָרגענער איד, פון די פריסטע יאָרן פון זיין קינדהייט, ווען ער האָט שוין באַדאַרפט גיין אין דער סאָוועטישער אַרבעטער שולע אַריין. פון זיין פריסטער קינדהייט האָט ער צוערשט געלערנט ביי אַ מלמד אין מאָסקווע, און דערנאָך איז ער אַריין אין אַ געהיימער ישיבה. אַזוי שנעל ווי די שכנים האָבן אָנגעהויבן צו פאַרדעכטיקן, האָט די פאַמיליע זיך אַריבערגעצויגן אין אַ צווייטער געגנט. און טאָמער האָבן „שוין אויסגעפּעלט" געגנטן, איז מען אַריבער אין אַן אַנדער גרויסער שטאָט און אָנגעגאַנגען מיט דעם לערנען. און אַלץ מיט דער הילף פון דער גוט־אָרגאַניזירטער אונטער־ערדישער רעלי־גיעזער באַוועגונג פון די ליובאַוויטשער חסידים.

אין מיין שמועס מיט אָט דער גרופּע „ניי־געקומענע" אידן, האָב איך אויך זיך געטראָפן מיט איינעם אַ סאָוועטישן אידישן בחור, וועלכער האָט פאַרבראַכט אַ היפּשע טייל פון זיינע יוגנט־יאָרן — טרעפט וואו? נישט ערגיץ אַנדערש, ווי אין לענינגראַד! יאָ, אויך אין לענינגראַד איז אָנגעפירט געוואָרן אַן אונטערערדישע ישיבה ביז אין די יאָרן פון דער נאַצישער איינ־וואַזיע. זינט 1941 ביז דער מפּלה פון די נאַצישע בעסטיעס, אין די יאָרן, וואָס סאָוועט רוסלאַנד האָט זיך באַטייליקט אין קריג קעגן היטלער'ן, האָט זיך די באַוועגונג פאַר תורה אידישקייט היפּש פאַרשטאַרקט. דאָס ווערט דערקלערט דערמיט, וואָס די סאָוועטישע פירערשאַפט איז געווען פאַרנומען מיט פיל וויכטיקערע ענינים, ווי אָנהאַלטן די סיסטעמאַטישע פאַרפאָלגונגען אויף יענע אידן, וועלכע האָבן טראָץ אַלע געפאַרן אָנגעפירט מיט אונטערערדישע ישיבות, כדי צו דערציען אידישע קינדער אין גייסט פון אייביקער אידישקייט.

איך האָב זיך אויך געטראָפן מיט אַ בחור, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַ שטאָט ביים דאָן. אַ בחור אין די צוואַנציקער. שאַרפע אויגן. לאַנגע וואָנצעס. אַ בחור מיט פיינע, כאַראַקטעריסטישע געזיכטס שטריכן. ער זעט אויס ווי אַן אַריסטאָקראַטישער רוס. זיינע אויגן גליען אָבער מיט דעם פייער פון נצח ישראל. איר קוקט אויף אים און עס דוכט זיך אייך, אַז דער פלאַם פון נר תמיד שלאָגט אַרויס פון זיינע שאַרפע אויגן. דער בחור פון נידעריקן, אָבער מאַסיוון געבוי, איז אַ שווייגער. עס קומט מיר אָן שווער אַרויסצוקריגן אַ וואָרט. איך דערוויס זיך אָבער אַביסל דירעקט פון אים,

אָבער מער פון זיינע חברים, ישיבה־בחורים, אַז אָט דער סאָוועטישער בחור איז אַליין געווען איינער פון די איינגערע אָנפירער פון דער אונטערערדישער רעליגיעזער אידישער באַוועגונג אין סאָוועט רוסלאַנד. יאָ, אָט דער בחור, וואָס שטייט פאַר מיר, און וועלכער איז געבוירן געוואָרן אַרום אַכט, ניין יאָר נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, אָט דער בחור איז אַרום־געפאָרן געהיים איבער די סאָוועטישע רעפּובליקן ביז אין יאָר 1946 און פאַרשפּרייט תורה־אידישקייט, איינשטעלנדיק אַלעמאָל זיין לעבן. איך קוק אויף אָט דעם יונגן בחור, איך קוק אויף אָט דער גאַנצער גרופּע און עס ווילט זיך מיר פאַלן צו זייערע פיס און זיי זאָגן:

ברידער מיינע, ברידער! איר קומט פון דעם לאַנד, וואו די מערסטע פון אונז אין די פרייע לענדער מיינען, אַז אידישקייט איז, חלילה, אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן! איר קומט און איר ברענגט אונז דעם לאַנג־דערוואַרטעטן גרוס, וואָס מיר דאַרפן יעדן טאָג ביי אייך אָפּנעמען אויפדאָסניי! אַ גרוס, וואָס באַווייזט, אַז אידישקייט איז אייביק; אַ גרוס, וואָס באַווייזט, אַז אידישקייט קען ניט באַזיגט ווערן און אַז אידישקייט גיט זיך ניט אונטער און קען ניט אָפּגעשטעלט ווערן אפילו פון אַזאַ פאַרניכטנדיקער, אומטאָלעראַנטער און איינזייטיקער מאַכט, ווי דאָס איז די סאָוועטישע רעגירונג! עס ווילט זיך מיר אַרומנעמען אָט די גאַנצע גרופּע סאָוועטישע יונגעלייט, וועלכע האָבן באַוויזן, אַז דאָס וואַפן פון אייביקער אידישקייט, דאָס וואַפן פון יהדות און תורה, קען ביישטיין, קען בייקומען — אפילו די קאָמוניסטישע גזירות.

און אָט זיצט פאַר מיר איינער פון די עלטערע אידן פון דער גרופּע. ער איז אַ איד פון כאַרקאָוו. אַ איד מיט אַ פעך־שוואַרצער באָרד. ער איז מסתמא אין די שפּעטע פערציקער. אפשר איינגער אָדער עלטער. אָבער ער איז אַ איד אַ בן־תורה און שטאַמט פון די אידישע קאָלאָניסטן אין כערסאָן. ער איז אַ איד אַ חסיד און אַזוי איז ער פאַרבליבן אַ חסיד זיין גאַנץ לעבן און זיך געפירט אַלס חסיד, ביז ער איז אין 1939 אַרעסטירט געוואָרן אויף דער קלאַגע פון פאַרשפּרייטן אידישקייט אין סאָוועט רוסלאַנד. אַרעסטירט געוואָרן איז ער, ווען עס איז אויף דער אוקראַינע אין דער נאַכט פון 7טן מערץ, 1939, דורכגעפירט געוואָרן אַ מאַסן־אַרעסט פון פאַרשידענע „פאַר־דעכטיקטע עלעמענטן", צווישן זיי אויך פיל קאָמוניסטישע טוער, וועלכע זיינען מיט אַ טאָג פריער געווען פון אויבנאָן און מיט אַ טאָג שפּעטער שוין געווען אויפן וועג אַראָפּ. טיף, טיף אַראָפּ! דער כאַרקאָווער ליובאַוויטשער חסיד, וואָס איז דאָ אין אַמעריקע זינט נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט צו דערציילן וועגן די לאַגערן, וואוהין ער איז פאַרשיקט געוואָרן.

לאַגערן מיט צענדליקער טויזנטער פאַר׳משפּט׳ע מענטשן אין די אוראַלער בערג. „קליינע לאַגערן״ פון „בלויז״ אַ פופציק, זעכציק טויזנט...

גערעדט האָב איך אויך מיט איינעם פון די ניי־געקומענע אידן, אַ ליובאַוויטשער חסיד, וואָס שטאַמט פון פּוילן. ער איז נאָך אַ יונגער ישיבה־בחור, וועלכער איז געווען צווישן די איבער 500 ישיבה־בחורים, וואָס די סאָוועטישע רעגירונג האָט דערלויבט צו פאָרן פון ווילנע דורך מאָסקווע און דורך וולאַדיוואָסטאָק קיין יאַפּאַן. די סאָוועטישע רעגירונג האָט געהאָלפן ראַטעווען אָט די אידן דורך געבן זיי ספּעציעלע טראַנזיט־וויזעס. האָט מיר אָט דער ישיבה־בחור פון ווילנע דערציילט, ווי אַזוי איניקע פון זיין גרופּע האָבן טראָץ דער סאָוועטישער וואַך באַוויזן זיך צו טרעפן מיט אַ פּאָר רעליגיעזע אידן פון מאָסקווע. דאָס איז געווען אין יאָר 1941. אַ צאָל פון די פּוילישע און ליטווישע ישיבה־בחורים זיינען געקומען אין דער מאָסקווער שול צו דאַווענען מנחה ומעריב. האָבן זיי, געבנדיק זיך סיגנאַלן מיט די סידורים און דורכוואַרפנדיק זיך מיט אַ וואָרטביים שפּרייזן הין און צוריק בעת׳ן דאַווענען, „אָפּגערעדט״ צווישן זיך זיך צו טרעפן אין דער מקוה, וואָס עקזיסטירט נאָך אין מאָסקווע ביי דער שול. אינטערעסאַנט איז דאָ אויך צו דערציילן, אַז די רעליגיעזע אידן אין סאָוועט רוסלאַנד האָבן ביז 1946 געהאַט נאָך אַ היפּשע צאָל מקוה׳ס, נאַטירלעך אויף אַ נישט לעגאַלן אופן. אַז איר ווילט, קענט איר זיי אָנרופן „אונטערערדישע מקוה׳ס״.

דאָס לערנען תורה געהיימערהייט אין סאָוועט רוסלאַנד ביז 1946 האָט, פאַרשטייט זיך, געפירט צו ניט ווייניק אַרעסטן. ווייל ווי פאָרזיכטיק מען זאָל ניט אָנגיין מיט דער הייליקער אַרבעט, פאַלט מען דאָך אַמאָל אַריין. און אַזוי זיינען אין בערדיטשעוו אין איין נאַכט אַרעסטירט געוואָרן 15 יונגע ישיבה־בחורים, אַ צאָל פון זיי כמעט נאָך קינדער. האָט מען די עלטערע פון זיי פאַרשיקט אין די לאַגערן, פונוואַנען אַ טייל פון זיי האָבן זיך „נאָך״ ניט צוריקגעקערט, די קינדער אָבער האָט מען באַשטראָפט דורך אַריינגעבן זיי אין די רעגירונגס קינדערהיימען פאַר „בעזפּריזאָרנע״. דאָס מיינט היימלאָזע. די דאָזיקע קינדער זיינען אָבער שפּעטער דורך פאַרשידענע קונצן אַרויסגעפירט געוואָרן פון די קינדערהיימען און מען האָט זיי צעשיקט געהיימערהייט אין פאַרשידענע שטעט, וואו זיי האָבן פאָרגעזעצט דאָס לערנען תורה. אַן ענלעכער פאַל איז אויך פאָרגעקומען אין גרוזיע, וואו אַ גרופּע פון צען ישיבה־בחורים איז אַרעסטירט געוואָרן.

און דאָך! — נאָך זייערע אַלע איבערלעבענישן, און נאָך זייער שווערן מאַרטירער־וועג אין משך פון צענדליקער יאָרן, האָבן די דאָזיקע ליובאַ־

וויטשער העלדן פון תורה, קומענדיק אין דער פרייער וועלט, זיך אַ נעם געטאָן ווייטער פאָרצוזעצן זייער הייליקע אַרבעט פון פאַרשטאַרקן די תורה־פּאָזיציעס אין די לענדער, וואוהין זיי האָבן זיך געראַטעוועט. אַזוי זיינען די ליובאַוויטשער חסידים, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט פון סאָוועט רוסלאַנד, געוווען די ערשטע צו גרינדן אַ ישיבה אין דער באַפרייטער אייראָפּע אין יאָר 1945, אין פּאַריז. אַ צווייטע ליובאַוויטשער ישיבה איז אין זעלבן יאָר געגרינדעט געוואָרן אין בריסל, בעלגיע. די געראַטעוועטע ליובאַוויטשער ישיבה־לייט האָבן באַלד נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה געגרינדעט אויך ישיבות אין די לאַגערן פון דייטשלאַנד, עסטרייך און טשעכאָסלאָוואַקיע. אַ ליובאַוויטשער ישיבה מיט אַרום אַכט הונדערט ישיבה־בחורים האָט עקזיס־טירט אין לאַגער פון פּאָקינג, ביי מינכען; אין שוועבישהאַל, ביי שטוטגאַרט, און אין די לאַגערן פון האַליין און שטייער, אין עסטרייך. די געראַטעוועטע ישיבה־לייט האָבן ניט בלויז אַליין געלערנט, נאָר געלערנט תורה אויך מיט אַנדערע. עס זיינען מיט דער הילף פון ליובאַוויטשער רבי׳ן פון ניו־יאָרק און מיט דער הילף פון דער פאַרשטאַרקטער ליובאַוויטשער באַוועגונג אין אַמעריקע געראַטעוועט געוואָרן אַרום צוויי טויזנט ליובאַוויטשער חסידים פון סאָוועט רוסלאַנד. זיי האָבן זיך באַזעצט אין אַ צאָל לענדער פון אייראָפּע, אין מדינת ישראל, אין מאַראָקאָ, טוניס, אין אויסטראַליע, אין קאַנאַדע, און, נאַטירלעך, אויך ביי אונז אין אַמעריקע, אין פאַרשידענע שטעט. הויפּט־זעכלעך אין ניו־יאָרק. און וואו נאָר די ליובאַוויטשער האָבן זיך באַזעצט, דאָרט זיינען אויפגעקומען שטאַרקע, גוט געפּלאַנטע ישיבות. וואו נאָר די ליובאַוויטשער האָבן געבויט זייערס אַ געצעלט, האָט מען אָנגעהויבן צו לערנען תורה!

## 58

# ישיבה אין וויליאַמסבורג אויפן נאָמען פון די ספרים פון אַ באַרימטן רב

**דאָס איז די „ישיבה ומתיבתא ערוגת הבשם" אין וויליאַמסבורג. — הרב לוי יצחק גרינוואַלד שליט"א (דער צעלימער רב), וואָס האָט אויפגעבויט די תורה־אינסטיטוציע אויפן נאָמען פון די ספרים, וואָס זיין פאָטער, ר' משה בן עמרם גרינוואַלד, זצ"ל, האָט פאַרפאַסט. — די וואַנדערונגען, וואָס די ישיבת ערוגת הבשם האָט דורכגעמאַכט אין וויליאַמסבורג. — אינגעלעך מיט פאות, וואָס ווילן ווערן דאָקטוירים. — קינדערלעך, געראַטעוועטע פון דער דיקטאַטור אין אונגאַרן. —**

„ערוגת הבשם" — דער דופט פון די בשמים, דאָס איז דער נאָמען פון אַ גאַנצער ריי אינסטיטוציעס, וואָס עס האָבן אויפגעבויט אין סאַמע האַרץ פון וויליאַמסבורג אַ גרופּע תלמידים און אָנהענגער פון צעלימער רב, אדמו"ר ר' לוי יצחק גרינוואַלד, שליט"א. אַז איר האָט גענומען אַ שפּאַציר אין דער געגנט פון בעדפאָרד עוועניו, וואָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, די „מעין סטריט", די צענטראַלע גאַס, פון דער חסידישער קאָלאָניע אין וויליאַמס־בורג, האָט איר עטלעכע מאָל אָנגעטראָפן אויף דעם אָריגינעלן און אַנדערש־דיקן נאָמען „ערוגת הבשם". צוערשט האָט איר אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסער שילד, אויף נומער 103 קיעפ סטריט, וואָס האָט אייך אָנגעזאָגט, אַז דאָ האָט זיך געפונען די ישיבה „ערוגת הבשם". שפּעטער האָט איר געזען אויף 212 פון דער זעלבער קיעפ סטריט אַ שילד, וואָס האָט אייך אָנגעזאָגט, אַז דאָ איז די מתיבתא, די האַי־סקול אונטער דעם זעלבן ערוגת הבשם נאָמען. נאָך שפּעטער האָט איר געזען אַ שילד, אויף 559 בעדפאָרד עוועניו, ניט



Photo by Trainer Studio

האדמו"ר הרב ר' לוי יצחק גרינוואַלד, שליט"א
דער צעלימער רבי

וויט פון טעילאָר סטריט, וואָס האָט געמאָלדן, אַז דאָ איז דאָס בית־מדרש פון ערוגת הבשם. דאָ האָט געוואוינט טאַקע דער צעלימער רב אויף דעם אויבערשטן גאָרן און דאָ דערביי אויך איז געווען נאָך אַ קליינע געביידע, וואו דער רב האָט אויפגעבויט אַ גאַנץ פיינעם מרחץ, מיט אַן עכט־מאָדערנער מקוה. אַ מקוה מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן. פאַר דעם צעלימער רב איז אפילו געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע פאַרבינדונג צווישןביידע געביידעס, פון אינעווייניק, כדי דאָס גיין אין מקוה אַריין זאָל אָנקומען דעם צעלימער אויף אַ באַקוועמערן אופן.

אויף מיין באַזוך ביי דער צעלימער געמיינדע האָב איך זיך גאָר באַ־זונדערס אָנגעפרעגט אין הויפּט־ביורא, וואָס אַזוינס דער נאָמען „ערוגת הבשם" מיינט פאַר די תלמידים און נאָכפאָלגער פון אָט דער דאָזיקער גרופּע לערנער און קעמפער פון טראַדיציאָנעלער אידישקייט? און די אויפקלערונג, וואָס איך האָב געקראָגן, באַציט זיך אויף דער גרויסער פאַר־ערונג, וואָס סיי דער זון, סיי די תלמידים פון אַ גרויסן רב פון אונגאַרן, האָבן אַרויסגעוויזן צו דעם אָנדענק פון זיינע גייסטיקע שאַפונגען, פון זיינע ספרים.

געווען אַ שטעטל אַזאַ מיט דעם נאָמען חוסט, אין דעם אַמאָליקן עסטרייך־אונגאַרן, האָט דאָרטן געלעבט אַ גרויסער רב מיט דעם נאָמען ר׳ משה בן עמרם גרינוואַלד. איז דער דאָזיקער רב געווען דער מחבר פון אַ גאַנצער ריי ספרים פון שאלות ותשובות. די דאָזיקע ספרים זיינען געוואָרן שטאַרק אָנגענומען ביי רב גרינוואַלד׳ס תלמידים. די ספרים האָבן געטראָגן דעם טיטול „ערוגת הבשם". מיט דער צייט האָבן די תלמידים אָנגעהויבן צו רופן זייער רבי׳ן אויפן נאָמען פון זיינע כתבים, אויפן נאָמען פון זיינע ספרים. ר׳ משה בן עמרם גרינוואַלד און „ערוגת הבשם" זיינען געוואָרן איינס, ווי עס פירט זיך ביי אידן מקדמונים. די חכמה, וואָס אַ לערנער לייגט אַריין אין זיין ווערק, ווערט ביי די רעליגיעזע אידן אויפגעהויבן ווי די פּאָן, די גייסטיקע פּאָן פון מחבר, און דאָס פאָלק קרוינט דעם שרייבער, דעם פאַרפאַסער, מיט דעם נייעם נאָמען. בלויז ביי אידן, ביים עם הספר, ביים פאָלק פון בוך, האָט אַזאַ שיינע טראַדיציע געקענט געשאַפן ווערן. און אָט זעען מיר טאַקע, אין דער צווייטער העלפט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, ווי אַ קהילה אידן, וואָס האָט זיך געראַטעוועט קיין אַמעריקע אין די יאָרן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט אויפגעהויבן די פּאָן פון די ספרים פון „ערוגת הבשם" און אידישע קינדער לערנען תורה אונטער דעם דאָזיקן סימבאָלישן באַנער.

ווער האָט אָנגעפירט מיט אָט דער דאָזיקער וויכטיקער תורה־אינסטי־

טוציע אין וויליאַמסבורג? הרב לוי יצחק גרינוואַלד, דער זון פון ערוגת הבשם, וועלכער איז אויך געווען באַקאַנט אַלס דער צעלימער רב. און צעלימער רב האָט מען אים גערופן דערפאַר, ווייל ר׳ לוי יצחק גרינוואַלד איז געווען רב אין דעם שטעטל צעלים, וואָס איז ניט ווייט פון ווין. געווען איז ער דאָרט רב ביז המן־היטלער האָט אָנגעהויבן זיין מאַרש אויף עסטרייך.



דער בנין, אין וועלכן עס געפינט זיך די ישיבה ומתיבתא ערוגת הבשם אין וויליאַמסבורג. פריער האָט זיך אין דער דאָזיקער געביידע, יאָרנלאַנג, געפונען די גרעסטע תלמוד־תורה פון דער זעלבער געגנט.

דאָן האָבן אַ גרופּע תלמידים אין אַמעריקע געראַטעוועט הרב גרינוואַלד׳ן און אים אַריבערגעבראַכט קיין ניו יאָרק.

און ווי עס פירט זיך ביי אָט די אומקאָמפּראָמיסלעכע קעמפער פון טראַדיציאָנעלער אידישקייט, האָט דער צעלימער רב, גלייך ביים אָנקומען קיין אַמעריקע, אָרגאַניזירט אַ באַוועגונג צו שאַפן אַ נייע ישיבה. און גע־רעדט און געטאָן. בעסער געזאָגט: פריער געטאָן און דערנאָך אפשר גערעדט. ווייל ביי אָט די דאָזיקע אידן גילט זיכער דער פסוק פון נעשה ונשמע. פריער טוט מען. מען פירט דורך. מען בויט און מען שאַפט. און דערנאָך ערשט הערט מען. און הערן, מעג מען זאָגן, האָבן אָט די אָרטאָדאָקסישע טוער געהערט בלויז שבחים, בלויז לויב, פאַר זייערע גרויסע

אויפטועז, אין אַזאַ קורצער צייט, וואָס זיי זיינען געווען דאָ אין לאַנד. שווער אָבער איז עס זיי אָנגעקומען. ווייל די פינאַנציעלע מיטלען, וואָס סיי די ערוגת הבשם, סיי די אַנדערע ישיבות פון דעם מין האָבן געהאַט, זיינען געווען זייער, זייער קליין. דאָך אָבער ווען איר זייט אַריינגעקומען צו זיי, האָט עס געאָטעמט מיט דעם פיבער פון פיאָנערישער שעפערישקייט. אויף יעדן שריט און טריט האָט איר געפילט די טיפע באַוואוסטזיניקייט, וואָס אָט די בויער פון עכטער אָרטאָדאָקסישער אידישקייט האָבן. זיי האָבן געוואוסט, אַז דער גורל האָט אַזוי געפירט, דאָס לעבן האָט זיך אַזוי אַנטוויקלט, אַז דאָ ביי אונז אין דער טומלדיקער אַמעריקע, זאָל אויפגעבויט ווערן אַ פעסטונג פון עכטער אָרטאָדאָקסישער אידישקייט, אָט אַזוי ווי אָט די אידישקייט האָט דורות־לאַנג עקזיסטירט ביי די אידן פון די קאַר־פאַטן־בערג, אין טראַנסילוואַניע, אין אונגאַרן און אין די אַנדערע לענדער אַרום.

אַ אינגעלע פון אַרום עלף יאָר האָט מיך צוגעפירט צו דער צעלימער ישיבה. עס איז גראָד געווען די צייט פון אַן הפסקה, ווען די קינדער זיינען געווען פריי אויף אַ האַלבער שעה צייט. דאַן בייטן זיך די תורה־לימודים פון דעם ערשטן טייל טאָג צו די ענגלישע לימודים דעם צווייטן טייל פון טאָג. דאָס אינגעלע איז געווען ערשט דריי יאָר אין לאַנד. ער האָט, נאַטיר־לעך, ווי דער שטייגער איז, געטראָגן פאות. די מערסטע אינגלעך פון דער ישיבה, האָבן ווי עס פירט זיך אין אַמעריקע, געשפילט באָל בעת דעם איבעררייס אין די לימודים. דאָס אינגל פון 11 יאָר האָט מיך געפירט צו דער ישיבה און איך האָב דערוויל מיט אים פאַרפירט אַ קורצן שמועס.

וואָס אַזונס ווילסטו, אינגעלע, זיין, ווען דו וועסט זיין אַ גרויסער ? — האָב איך אים געפרעגט מיט נייגעריקייט, דערוואַרטנדיק, נאַטירלעך, אַז ער וועט מיר זאָגן, אַז ער וויל זיין אַ רבי.

ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרן, ווען דאָס אינגעלע מיט די היפש לאַנגע פאות און גאָר קלוגן פנים האָט מיר שנעל געענטפערט, אַז ער וויל זיין אַ דאָקטאָר. און ער האָט דערביי גאַנץ שנעל צוגעגעבן, אַז ער וויל זיין אַ פוס־דאָקטאָר. און ער דערקלערט מיר אויך פאַרוואָס. אַלס רעזולטאַט פון די צרות, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט אין אייראָפּע, האָט ער שטאַרק געליטן אויף די פיסלעך אַלס קינד. נו, קלערט מיר אויף דאָס ישיבה־בחורל, וויל ער דערפאַר, ווען ער וועט אויסוואַקסן, זיין אַ פוס־דאָקטאָר, כדי צו העלפן דיליידנדע מענטשן.

אין דעם הויפט־אָפיס פון דער ישיבה האָב איך געהאַט אַ לענגערן

געשפּרעך מיט איינעם פון די מנהלים און פאַרוואַלטער, הרב יחזקאל רוטנער, וועלכער איז ביז אין דער צווייטער וועלט־מלחמה געווען רב אין דעם שטעטל שאַמקוט, טראַנסילוואַניע. שאַמקוט געפינט זיך ניט ווייט פון סאַטמאַר, קלויזנבורג, דייזש, אין דער געגנט פון זיבן־בירגען. נאָך דער באַפרייאונג איז רב רוטנער געווען רב אין אַ ריי פּליכטלינג־לאַגערן. רב רוטנער האָט מיר איבערגעגעבן, ווי אַזוי די ערוגת הבשם ישיבה האָט געהאַט אַ גרויסע צאָל יתומים צווישן אירע תלמידים. דאָס זיינען מערסטנס קינדער, וואָס דער צעלימער רב האָט באַוויזן דורך גרויסע אָפּפּערווילליקייטן צו ראַטעווען פון די לאַגערן. (הרב רוטנער איז שפּעטער אַוועק פון דער צעלימער ישיבה און געעפנט זיין אייגענעם בית־מדרש אין אַן אַנדער געגנט אין ברוקלין).

הרב יוסף דוב הכהן ליבערמאַן, אַן אָרטאָדאָקסישער מחנך און פּעדאַ־גאָג פאַר עטלעכע צענדליק יאָר אין וויליאַמסבורג, וועלכער איז געווען פאַרבונדן יאָרנלאַנג מיט דער ישיבה ערוגת הבשם, איז געווען דער מנהל רוחני פון דער ישיבה. אין אַ שמועס מיט מיר האָט ער מיר אויפגעקלערט, ווי אַזוי די ערוגת הבשם ישיבה האָט איינגעפירט אַ גוט אויספּרובירטע און דערפאָלגרייכע סיסטעם פון לערנען תורה מיט אידישע קינדער אין אַמעריקע. די סיסטעם איז אַ מעטאָד פון לערנען תורה ממדרגה למדרגה. די ערוגת הבשם האָט אַריינגענומען בלויז אינגלעך צום לערנען. די אינגסטע קינדער זיינען געווען פיר יאָר אַלט. דאָס ערשטע יאָר לערנען איז באַשטאַנען אין קענען גוט עברי. דאָס צווייטע יאָר — חומש, לויט דער סדרה פון דער וואָך. דאָס דריטע יאָר — רש״י, חומש מיט רש״י. דאָס פערטע יאָר — תנ״ך. די גאַנצע סדרה חומש יעדע וואָך. אַביסל משניות. דאָס פינפטע יאָר האָט מען אָנגעהויבן לערנען גמרא. אַזוי, אַז די ערוגת הבשם ישיבה האָט באַוויזן דעם אויפטו, אַז אַ אינגל צו ניין יאָר האָט שוין געלערנט טאַקע גמרא, און אַ „בחור פון צען, עלף יאָר" האָט שוין געקענט לערנען אַ בלאַט און אַ האַלב גמרא מיט תוספות. צו דער זעלבער צייט האָט מען געלערנט, ווי שוין געזאָגט, אויך די ענגלישע לימודים.

פונקט ווי אַ צאָל אַנדערע נייע ישיבות, וואָס זיינען אויפגעקומען אין די יאָרן פון נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען די גרעסטעטע חסידישע אידן פון די לאַגערן האָבן זיך באַזעצט דאָ צווישן אונז, אַזוי האָט אויך די ערוגת הבשם ישיבה געהאַט שוועריקייטן מיט אירע געביידעס. די נייע ישיבות האָבן זיך מערסטנס ניט געפונען אין קיין פּאַסנדע בנינים. דאָס רוב זיינען דאָס געביידעס, וואָס זיינען פריער געווען פּריוואַטע היימען און

מ׳האָט זיי פאַרוואַנדלט אין שולן. די אַמעריקאַנער רעגירונג וויל אָבער האָבן פאַר די קינדער זיכערע און באַקוועמע לער־אַנשטאַלטן. קריגט מען געריכט־באַפעלן; די לאָקאַלע מאַכט רופט די ישיבה־פירערשאַפט אין גע־ריכט. און די פירערשאַפט פון די ערוגת הבשם לער־אַנשטאַלטן האָבן באַ־דאַרפט זוכן מיטלען פאַר נייע פאַנדן צו געפינען אַ בעסערע היים.

די ערוגת הבשם לער־אַנשטאַלטן האָבן גאַנץ אָפט אַפעלירט צו דער ברייטער עפנטלעכקייט אין ניו־יאָרק דורך דער אידישער פרעסע, אַז מען זאָל זיי העלפן צו שאַפן אַ פאָנד פאַר אַ זיכערער היים. אין יאָר 1953 האָט די רעגירונג געצוואונגען דער ישיבה צו פאַרלאָזן איר הויפט־געביידע אויף 103 קיעפ סטריט. עס האָט ניט גענומען לאַנג און די ערוגת הבשם האָט זיך אַריבערגעצויגן אין דעם בנין, וואו עס האָט זיך געפונען יאָרנלאַנג די גרויסע בית־יעקב שול פאַר מיידלעך, אויף 253 דיוויזשאָן עוועניו. אָבער עס איז געווען אַ צייטווייליקע היים. ווייל אַ היפשע צאָל בנינים אין דער געגנט פון וויליאַמסבורג, וואו עס האָט זיך אַנטוויקלט דער קוואַרטאַל פון די חסידישע אידן, זיינען געווען אין אַ גאָר שלעכטן צושטאַנד. פיל פון די די געביידעס האָבן געמוזט אויך אַרונטערגעריסן ווערן, ווייל עס איז דאָרט געבויט געוואָרן אַ שנעלער וועג, וואָס האָט פאַרבונדן ברוקלין און קווינס. ענדלעך אָבער איז דער ישיבה ומתיבתא ערוגת הבשם געלונגען צו קויפן אַ גאַנץ גרויסע געביידע אויף נומער 310 סאַוט ערשטע גאַס, ראָג ראַדני, אין סאַמע האַרץ פון וויליאַמסבורג. די געביידע איז געווען פון דריי גאָרן, האָט זיך געפונען אין אַ גאַנץ גוטן צושטאַנד און איז געווען איינע פון די בעסערע און מער מאָדערנע אין דער געגנט, וואָס איז מערסטנס באַשטאַנען פון אַלטמאָדישע בנינים.

אויף 135 סאַוט 9טע גאַס האָבן די צעלימער געהאַט אַ היפשע געביידע, וואו עס האָבן זיך געפונען די מתיבתא און אויך די „דאָרמיטאָרי״. אין דער מתיבתא האָבן געלערנט אַרום 120 תלמידים. אין דער „דאָרמיטאָרי״ האָבן געוואוינט די ישיבה־בחורים, וואָס זיינען געקומען פון פאַרשידענע שטעט פון אַמעריקע און קאַנאַדע. די ערוגת הבשם האָט אויך געהאַט אייגענע באָסעס אָפצופירן אַהיים די קינדער, וואָס וואוינען ווייטער פון דער ישיבה. די צע־לימער ישיבה האָט באַשעפטיקט עטלעכע און דרייסיק לערער פאַר די אידי־שע און ענגלישע לימודים און צוויי פרינציפאַלס.

(אין 1957 האָט די ישיבה ערוגת הבשם אָפּגעקויפט אַ זומער־פּלאַץ פאַר קינדער, קעמפּ קול רינה, וואָס האָט זיך געפונען אין ליווינגסטאָן מענאָר, ביי ליבערטי, ניו־יאָרק.)

ווען מיר האָבן באַזוכט די ישיבה ומתיבתא ערוגת הבשם אין יאַ־נואַר, 1957, האָבן מיר געהאַט אַ געשפּרעך מיט הרב דוד גרינוואַלד, אַ פּלימעניק פון צעלימער רבי׳ן, הרב לוי יצחק גרינוואַלד, שליט״א. הרב דוד גרינוואַלד איז געווען דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון די צעלימער ישיבות.

מיר זיינען דורכגעגאַנגען כמעט אַלע קלאַס־צימערן פון דער נייער היים פון דער ישיבה אויף 310 סאַוט ערשטע גאַס, און מיר האָבן זיך דערוואוסט אַ גאַר אינטערעסאַנטע געשיכטע אין שייכות מיט דער דאָזיגער געביידע, וועלכע איז ספּעציעל געבויט געוואָרן אַלס אַ שול פאַר קינדער. אין דעם דאָזיקן בנין האָט זיך אין משך פון צענדליקער יאָרן געפונען די גרויסע וויליאַמסבורגער תלמוד־תורה, וואָס איז געווען באַוואוסט אַלס די „היברו סקול אָוו וויליאַמסבורג״. דאָ האָבן געלערנט אַרום 500 קינדער, יעדן טאָג פון פיר ביז אַכט אין אָוונט און אין די זונטיקס פון 9 פרי ביז איינס בייטאָג. די תלמוד־תורה האָט אָבער אָנגעהויבן גיין באַרג אַראָפּ, אויך אין וויליאַמסבורג, און די פולע טאָג־שול, די ישיבה קטנה, האָט אָנגעהויבן צו פאַרנעמען איר פּלאַץ. (די וויליאַמסבורגער תלמוד־תורה האָט אין 1957 זיך אַריבערגעצויגן אין אַ נייער היים). ביי אונזער באַזוך אין דער ישיבה קטנה פון ערוגת הבשם האָבן דאָרטן געלערנט איבער 400 קינדער.

צווישן די תלמידים אין ערוגת הבשם האָבן זיך אויך געפונען אַ צאָל קינדער, וואָס האָבן צוזאַמען מיט זייערע חסידישע עלטערן זיך געראַטעוועט פון דער קאָמוניסטישער דיקטאַטור אין אונגאַרן, בעת דעם אויפשטאַנד אין אָקטאָבער, 1956. אַ צאָל פון די געראַטעוועטע זיינען שוין געווען געבוירענע אונטער דעם קאָמוניסטישן רעזשים. מ׳האָט מיט די מערסטע פון די דאָזיקע קינדער געמוזט אָנהויבן צו לערנען אידישקייט פון „סאַמע אָנהויב אָן״. זיי האָבן אַלע אָבער געפילט, אַז כאָטש זיי זיינען אַנטלאָפן פון זייער געבורטסלאַנד, אין אונגאַרן, זיינען זיי אָבער ענדלעך אָנגעקומען אין זייער אמת׳ער היים, אין וויליאַמסבורג, וואו חסידישע אידישקייט האָט זיך צעבליט אין דער פולסטער פרייהייט און זיכערקייט.

אין אַ גוטער שעה! האָט יעדער איינער, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו ערוגת הבשם, געפילט ווי צו זאָגן סיי פון נאָענט, סיי פון וויטן. ווייל די ישיבה־לייט און פיל פון די תלמידים פון ערוגת הבשם האָבן שוין געהאַט גענוג געוואַנדערט אין זייער לעבן. עס האָט זיך געוואָלט האָפן, אַז ענדלעך, ענדלעך, האָבן זיי געפונען אַ גוטע, זיכערע היים אויף לאַנגע יאָרן!

## 59

# דער באָבאָווער רבי און די קהילה, וואָס ער האָט אויפגעבויט אין קראַון האַיטס, ברוקלין

**באָבאָווער רבי, אדמו"ר ר' שלמה האַלבערשטאַם שליט"א, וועמענס ישיבה עס האָט זיך צוערשט געפונען אויף דער וועסט סאַיד, אין מאַנהעטן, און וועלכער האָט שפּעטער זיך אַריבערגעצויגן קיין ברוקלין. — זיינע הונדערטער חסידים זיינען מיט אים מיטגעגאַנגען און געשאַפן אַ נייעם חסידישן צענטער אין אַ געגנט, וואָס האָט געהאַלטן אין ווערן אינגאַנצן אויס אידיש. — די פּאַד־שולן, וואָס דער רבי האָט געהאַט געשאַפן כדי אויסצולערנען זיינע תלמידים אַ מלאכה. — ווי אַזוי דער באָבאָווער רבי האָט אָנגעפירט זיין רעטונגס־אַרבעט, פאַרשטעלנדיק זיך אַלס פּאָליאַק און איטאַליענער. — זיין גרויסע בליענדע ישיבה און זיינע פּלענער אויף דער צוקונפט.**

אַ פּאַראַד, אַ פייערלעכער פּאַראַד, איז אין איינעם אַ זונטיק בייטאָג אין סעפטעמבער חודש, 1954, דורכגעפירט געוואָרן אין דער אידישער געגנט פון קראַון האַיטס, אין ברוקלין, צו דער געלעגנהייט, וואָס דער באָבאָווער רבי, אדמו"ר ר' שלמה האַלבערשטאַם שליט"א, האָט זיך צוזאַמען מיט זיין ישיבה, מיט זיין בית־מדרש און זיינע תלמידים, אַריבערגעצויגן אין דער נייער היים, אויף 176־178 און 184 ברוקלין עוועניו. צום פּאַראַד איז געקומען אַן עולם פון איבער טויזנט חסידים, פאַרערער און פריינט, פון נאָענט און פון ווייט, און אויך סתם אידן פון פּאַרק פּלעיס, פולטאָן עוועניו, איסטערן פּאַרקוועי און פון די אַנדערע אַרומיקע גאַסן. ביי דער איינדרוקס־פולער פייערונג איז דורך איינעם פון די בעלי־בתים, אַ גרויסער חסיד פון



Photo by Trainer Studio

האדמו״ר הרב ר׳ שלמה האַלבערשטאַם, שליט״א

דער באָבאָווער רבי

באָבאָווער, אַריינגעגעבן געוואָרן אַ ספר־תורה אין דער שול פון דער באָבאָווער ישיבה „בני ציון".

געטראָפן האָב איך זיך צום ערשטן מאָל מיט דעם באָבאָווער רבי'ן, אין מאַי 1953, ווען די גאַנצע באָבאָווער קהילה האָט זיך נאָך געפונען אין מאַנהעטן, אויף נומער 133־135 וועסט 85טע גאַס, ניט ווייט פון צענטראַל פּאַרק וועסט. דאָ איז געווען די ישיבה, דאָס בית־מדרש, אַ גוט־איינגע־אָרדנטער קינדערגאָרטן און אויך — ניט צו פאַרגעסן — אַ מקוה, וואָס האָט זיך געפונען כמעט ביי יעדער איינער פון די ניי־אויפגעקומענע חסידישע קהילות אין ניו־יאָרק. דאָ האָבן זיך אויך געפונען די פּאַך־שולן, וואָס דער באָבאָווער האָט איינגעאָרדנט פאַר זיינע תלמידים גלייך ביי זיין אָנקומען קיין אַמעריקע.

מיטן באָבאָווער רבי'ן, וועלכער איז געווען אַן אמת'ער הדרת פּנים, האָב איך זיך געטראָפן אין זיין חדר מיוחד, וואָס איז געווען אַ מוסטער מיט זיין אָרדענונג, ציכטיקייט און באַשיידענער איינשטעלונג. זיין הויכע איידעלע געשטאַלט און זיין פיינע רביישע קליידונג און זיין אופן פון רעדן האָבן געמאַכט דעם טיפסטן איינדרוק אויף דעם באַזוכער. און ווען איר האָט זיך נאָך דערוואוסט די צרות און די אומגליקן, וואָס דער באָבאָווער רבי האָט דורכגעמאַכט, און ווי אַזוי ער האָט איבערגעקליגט די נאַצישע מחבלים און זיך געראַטעוועט מיט אַ גרויסער צאָל תלמידים זיינע, דאַן האָט איר ערשט דערפילט, אַז איר האָט צו טאָן מיט איינעם פון די ליכטיקסטע פערזענלעכקייטן פון חסידישן אידנטום פון נאָך די מלחמה יאָרן.

אין די אומגליקלעכע יאָרן פון המן־היטלער'ס מאַרש איבער די לענדער פון מזרח־אייראָפּע איז דער באָבאָווער געלאָפן פון פּוילן קיין טשעכיע, פון טשעכיע שפּעטער קיין אונגאַרן, און דערנאָך קיין רומעניע. אָבער ניט אַלס רבי איז דער באָבאָווער געלאָפן. נאָר פאַרשטעלט אַלס אַ פּאָליאַק מיט אַ פּוילישן נאָמען און אַ פּוילישן פּאַספּאָרט. און שפּעטער אויך אַלס דייטש און גאָר שפּעטער אַלס איטאַליענער. דער רבי האָט גערעדטביידע שפּראַכן, סיי דייטש, סיי פּויליש, ווי אַ געבוירענער און זיין שיינער אויסזען האָט אים געהאָלפן זייער שטאַרק אין דורכפירן דערפאָלגרייך זיין מיסיע אין דער אונטערגרונט און ראַטעווען אַ גרויסע צאָל אידישע קינדער פון אַ זיכערן טויט. ווען דער באָבאָווער האָט זיך פאַרשטעלט אַלס פּאָליאַק, האָט ער אויסגעזען ווי אַן עכטער פּוילישער אַריסטאָקראַטישער בחור. און ווען ער האָט זיך אָנגעגעבן אַלס איטאַליענער, האָט ער מיט זיינע פיינע געזיכט־שטריכן אויסגעזען ווי איינער פון די שענסטע און פיינסטע איטאַליענער.

איך האָב געזען אייניקע בילדער פון באָבאָווער רבי'ן, אָפּגעראַזירט דאָס גאַנצע פּנים ווי אַ פּאָליאַק און אַ צווייט בילד אַלס איטאַליענער, אַרומגעשאָרן אין סטיל פון די איטאַליענישע געפּוצטע יונגע־לייט. קוקנדיק אויף די דאָזיקע טשיקאַווע בילדער האָב איך ווידעראַמאָל נאָך מער געמוזט באַ־וואונדערן אָט די גרויסע האַרטנעקיקע אידישע פּערזענלעכקייט, וועלכע האָט באַוויזן דורכצולעבן אַזויפיל און אַרויסקומען אַזוי געלייטערט און אַזוי געשטאַרקט.

דער באָבאָווער, האָב איך זיך דערוואוסט, האָט יאָרנלאַנג אָנגעפירט מיט אַ גאַנצער סיסטעם פון ראַטעווען אידן פון די נאַציס. ער האָט זיך אַ צייט לאַנג באַנוצט מיט אַ „טראָק", אַ לאַסט־וואַגן, וואָס פלעגט צושטעלן באַהייצונגס־מאַטעריאַל, קוילן, צו דעם נאַצישן מיליטער. דער טראָק האָט





צוויי פון די געביידעס פון דער באָבאָווער ישיבה אויף ברוקלין עוועניו, אין ברוקלין, נ. י.

אָבער געהאַט אַ דאָפּלטע דנאָ, וואו עס פלעגן באַהאַלטן ווערן אַ היפּשע צאָל אידישע קינדער און דערוואַקסענע. דער באָבאָווער האָט געהאַט אַ גאַנצע גרופּע טשעכישע, און שפּעטער אויך רומענישע פּויערים, וועלכע האָבן אים אַרויסגעהאָלפן אין דער רעטונגס־אַרבעט. ווען דער יונגער מאַסאַריק איז אַלס הויפּט־פירער פון טשעכיע באַלד נאָך דער מלחמה געקומען קיין אַמעריקע, האָט דער באָבאָווער רבי מיט אים איבערגעשיקט אַ טייערע מתנה צו דעם דאָרף ביי דער טשעכישער גרעניץ, וואָס האָט געהאָלפן ראַטעווען אַ גרויסע צאָל אידן, טאַקע מיט דער הילף פון זעלבן וואָגן, וואָס פלעגט אַריבערפאָרן די גרעניץ היין און צוריק.

אַז איר האָט גערעדט מיט דעם באָבאָווער און געהערט די איינצלהייטן

וועגן דעם, ווי אַזוי ער האָט פּערזענלעך געהאָלפן זיינע תלמידים זיך איינאָרדענען און זיך צופּאַסן צו די אַמעריקאַנער אומשטענדן, האָט איר געהאַט דעם איינדרוק, אַז דאָס רעדט צו אייך אַ טאַטע, אַ פֿאָטער, וואָס נעמט זיך צום האַרצן אַלע פּראָבלעמען פון זיינע זין און טעכטער. עס איז געווען דער באָבאָווער, וועלכער האָט געשאַפן דאָ אין אַמעריקע אַמקלאָרסטן די פאָרמולע פון קאָמבינירן תורה און מלאכה, לערנען און אַרבעט, כדי מען זאָל קענען לערנען תורה אומגעשטערט. עס איז געווען דער באָבאָווער, וועלכער האָט אויף אַ גוט אָרגאַניזירטן אופן געזוכט צופּאַסן די פּרנסות פון דער אַמעריקאַנער עקאָנאָמיק צו דער מענטאַליטעט, צו דעם גייסטיקן באַנעם פון די ניי־געקומענע חסידישע בחורים, וואָס זיינען געוואוינט צו זיצן על התורה ועל העבודה.

אין דער אַלטער היים האָט זיך עס געפירט, אַז ווען אַ בחור איז אַוועק אין דער ישיבה, האָט מען געוואוסט, אַז עס וועט זיך שוין געפינען אַ בעל־הבית, וועלכער וועט אַריינעמען צו זיך אָט דעם ישיבה־בחור אַלס אַן איידעם און במילא וועט דאָס נייע חסידישע „באַלעבעסל" זיך אַריינפּאַסן אין דער עקאָנאָמישער אומגעבונג.

דאָ אין אַמעריקע איז די לאַגע אָבער גאָר אַנדערש. עס מוזן געשאַפן ווערן די פּאַסנדע עקאָנאָמישע אומשטענדן, וואָס זאָלן קענען זיין אַן ענטפער צו די נויטן פון די ישיבה־בחורים, וועלכע לערנען תורה ביז זיי ווערן חתנים און אַזוי שנעל ווי עס דערנעענטערט זיך די צייט, וואָס אַ ישיבה־בחור מוז אָנהויבן צו קלערן וועגן אַ ווייב און קינדער, דאַן דאַרף ערשט געשאַפן ווערן פאַר אים אַ פּאַסנדע פּרנסה. דערפאַר האָט דער באָבאָווער רבי געהאַט פאַרטראַכט אַ פּלאַן פון אַ גאַנצער צאָל מלאכות, וואָס האָבן מיט זייערע ספּעציעלע איידעלע אייגנשאַפטן געקענט אַפּעלירן צו די שאַרפע מוחות פון די ישיבה־בחורים. צווישן אָט די מלאכות האָבן זיך געפונען זייגערמאַכעריי, דימענט־שלייפעריי, אַרבעט ביי פוטער־מאַנטלען און אַ צאָל אַנדערע פאַכן.

גאָר אינטערעסאַנט איז אויך דער פאַקט, אַז אין אַ געוויסער צייט האָט דער באָבאָווער אויך געהאַט איינגעאָרדנט אין ברוקלין אַ היפּשן „פאָר־שאָפּ", וואו חסידישע בחורים האָבן זיך געלערנט די איידעלע אָבער גאַנץ קאָסטבאַרע מלאכה פון מאַכן פוטערלעך פאַר „פאָר־קאוטס", פוטער־מאַנטלען. וואו נעמט מען אָבער פוטער צו לאָזן „גרינע בחורים" צו שניידן און זיך לערנען „אויף יענעמס באָרד שערן"? האָבן זיך די באָבאָווער דערוואוסט, אַז די לאָפּקעס פון די לעמעלעך, די אַזוי גערופענע „פּוירזשיען פּאָוס", ווערן

פאַררעכנט פאַר אַ מין אָפּשניצלעך און מען קען זיי קויפן שפּאָט ביליק. נו, האָבן זיך די באָבאָווער אַוועקגעלאָזט צו לערנען די פוטערוואַרג־מלאכה, „פאָריערײַ”, אויף דעם שווערן וועג. פון די שעפּסענע פּיסלעך האָבן זיי אָנגעהויבן צוזאַמענצושטיקעווען גאַנצע שטיקער פוטער און אַזוי אויף דעם שווערן וועג זײַנען אַ היפּשע צאָל באָבאָווער ישיבה־בחורים געוואָרן פאָריער, אַרבעטער ביי פוטערוואַרג, און אייניקע האָבן ביי דעם דאָזיקן פאַך געמאַכט אַ גאַנץ פיין לעבן. אַ גאַנצע גרופּע באָבאָווער ישיבה־בחורים זײַנען פון „געווײַנלעכע פאָריער” אַוועק צו מינק, מאַרדער (דער טייערסטער פוטער פאַר פרויען־מאַנטלען אין אַמעריקע) און זיי האָבן שוין אַזוי אַרום באַלאַנגט צו דער „אַריסטאָקראַטיע” פון פוטער־פאַך.

„אַ בחור, וואָס האָט געלערנט אַ תוספות׳ל, קוקט אַביסל טיפער וואו אין פסוק שטייט!” — אַזוי האָט צו מיר אַ זאָג געטאָן דער באָבאָווער, שעפּנדיק נחת דערפון, וואָס זײַנע בחורים און יונגעלייט האָבן זיך אויסגעטויגט, דאַנקען גאָט, צו ביזנעס. אייניקע פון די באָבאָווער יונגעלייט האָבן אין דריי, פיר יאָר צייט אויך באַוויזן צו זיין אַ היפּשער דערפאָלג אויף דעם געביט פון בעקערײַ.

דער באָבאָווער רבי האָט געשענקט אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט צו דער אויסשולונג פון זײַנע תלמידים אויף דעם פאַך־געביט, ווייל ער האָט גאַנץ שנעל באַגריפן, אַז כדי צו האָבן לעבן זיך און אַרום זיך זײַנע תלמידים אויף „מאָרגן”, דאַרף ער „היינט” אויסקעמפן פאַר זיי עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, וואו דער חסידישער, עכט־אָרטאָדאָקסישער איד זאָל ניט דאַרפן, חלילה, פאַלן אַ קרבן פון די עקאָנאָמישע אומשטענדן. דערצו דאַרף מען אויך געדענקען, אַז אין אַלגעמיין איז אין דער מאָדערנער צייט געוואָרן לייכטער דאָס אָפּהיטן שבת פאַר גוט־געשולטע אַרבעטער, ווייל כמעט אַלע שעפּער און פאַבריקן האָבן געאַרבעט פינף טעג אַ וואָך. שבת איז צוזאַמען מיט זונטיק געוואָרן אַ רו־טאָג כמעט פאַר אַלע אַרבעטער פון לאַנד.

אויף דעם געביט פון קאָמבינירן תורה און מלאכה איז דער באָבאָווער רבי געווען איינער פון די וויכטיקסטע פּיאָנערן צווישן די חסידישע רביים אין אַמעריקע.

דער עיקר איז אָבער ביי די באָבאָווער, נאַטירלעך, געווען די ישיבה. די באָבאָווער ישיבה איז נאָך אָנגעהויבן געוואָרן פון ערשטן באָבאָווער, הרב בן ציון האַלבערשטאַם, זצ״ל, אין יאָר 1912, וועלכער האָט געהאָלפן גרינדן „באָבאָווער ישיבות” אין איבער פערציק שטעט און שטעטלעך אין מערב־גאַליציע. באָבאָווער ישיבות האָבן זיך געפונען אין קראָקע, טורנע,

סאַנדז, ביאַלע, ביליץ, מישלעניץ, גריבעוו, גאָרליץ, זאַקליטשין, קשאַנאָוו, לימאַנאָוו, אַמסאַנע, סוכע, יאָדאָנאָוו און אַ ריי אַנדערע שטעטלעך. אויך אין אוישוויץ, דאָס אידיש שטעטעלע, וואָס די נאַציס, ימח שמם, האָבן שפּעטער פאַרוואַנדלט אין אַ גיהנום פאַר מיליאָנען אידישע נפשות, האָבן זיך געהאַט געפונען צוויי באָבאָווער ישיבות און דריי באָבאָווער בתי־מדרשים.

דער באָבאָווער רבי און די באָבאָווער חסידים זיינען שטענדיק געווען באַרימט מיט זייערע שיינע ניגונים. הרב בן ציון האַלבערשטאַם, זצ״ל, וועלכער איז אומגעקומען אין לעמבערג על קידוש השם, אין דער עלטער פון 68 יאָר, איז געווען אַ גרויסער בעל מנגן, און האָט פאַרפאַסט הונדערטער „באָבאָווער ניגונים״, וואָס ווערן נאָך היינט צו טאָג געזונגען. די באָבאָווער ישיבה אין גאַליציע פלעגט האָבן אַ גרויסן כאָר, וואָס פלעגט זינגען שבתים און ימים־טובים.

אין דער „באָבאָווער ישיבה״ אין באָבאָוו, וואָס האָט זיך געפונען אַרום צוויי און האַלב שעה רייזע פון קראָקע, פלעגן לערנען אַרום 300 בחורים, אַ צאָל תלמידים זיינען געקומען פון דייטשלאַנד און אויך פון אַמעריקע. אין דעם שטעטל באָבאָוו האָבן געוואוינט עטלעכע הונדערט אידישע משפחות.

עס זיינען אויך געווען הונדערטער באָבאָווער תלמידים אין ישראל, וואו דער באָבאָווער רבי האָט איינגעאָרדנט צוויי ישיבות. הרב שלמה האַלבער־שטאַם האָט אויך געהאַט אויסגעפּלאַנט אַ גאַנצע ריי אַנדערע פּראָיעקטן אין מדינת ישראל.

אין דער נייער היים פון דער באָבאָווער ישיבה, אין דער קראַון האַיטס־געגנט פון ברוקלין, האָב איך אָפּגעשטאַט עטלעכע באַזוכן. און איך מוז זאָגן, אַז די נייע היים פון באָבאָווער רבי׳ן האָט מיר פאַרשאַפט היפּשן פאַרגעניגן. עס איז געווען אַן אמת׳ער נחת רוח צו זען, ווי דער „באָבאָווער הויף״ האָט זיך, קיין עין הרע, אויסגעשפּרייט דאָ אין משך פון בלויז עטלעכע געציילטע יאָר. אָנשטאָט די פריערדיקע צוויי ענגע בנינים אויף דער וועסט סאַיד, אין מאַנהעטן, האָבן די באָבאָווער שוין פאַרמאָגט צוויי גרויסע בנינים, און אויך אַ גרויס בית־מדרש, וואָס האָט זיך געפונען אויפן גרויסן הויף. איינער פון די צוויי בנינים — אויף 176־178 ברוקלין עוועניו — אַ גאַנץ גרויסע געביידע — איז יאָרנלאַנג געווען אַ פּריוואַטע שול פאַר קינדער פון רייכע פאַמיליעס. די גאַנצע געגנט, וואו די באָבאָווער ישיבה האָט זיך געפונען — אַ ברייטע עוועניו — האָט נאָך געטראָגן סימנים פון איר אַמאָליקער אַריסטאָקראַטישקייט. שיינע, גרויסע געביידעס, מיט גרויסע שיינע לאָנקעס, בלומען און בושעס. גלייך איבערן וועג פון דער באָבאָווער

ישיבה האָט זיך געפונען אַ גאַנץ גרויסע, איינדרוקספולע געביידע, וואָס איז געווען אַ שטאָטישער מוזיי פאַר קינדער.

די גאַנצע געגנט אַרום — אַ בלאָק פון איסטערן פּאַרקוועי — האָט אָבער אָנגעהויבן אָנצונעמען אַן אַנדער כאַראַקטער. די גאַסן, וואָס זיינען אין משך פון עטלעכע צענדליק יאָר ערב דער ערשטער וועלט־מלחמה און ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, כמעט אינגאַנצן געווען באַזעצט פון אידן, האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקריגן אַ נייעם סאָרט שכנים. פיל נעגערישע פאַמיליעס און אויך פּאָרטאָריקאַנער אימיגראַנטן — האָבן אָנגעהויבן צו באַזעצן זיך אין דער געגנט. פיל אידישע פאַמיליעס, די אַלט־געזעסענע, האָבן אָנגעהויבן אַריבערצוציען זיך אין די ניי־געשאַפענע אידישע קהילות אין לאָנג איילענד און אין וועסטשעסטער און סאָפאָלק קאונטיס. מיטן אַריינציען זיך אָבער פון דעם באָבאָווער רבי׳ן, האָבן עטלעכע בלאָק פון ברוקלין עוועניו און אויך פון די אַרומיקע גאַסן, אָנגעהויבן צוריקצוקריגן דאָס פריעריקע „אידישע פּנים״ זייערס. ווייל פיל פון די באָבאָווער חסידים האָבן אָנגעהויבן זיך צו באַזעצן נאָענט פון זייער רבי׳ן.

אין משך פון די עטלעכע יאָר, וואָס דער באָבאָווער האָט איינגעאָרדנט זיין קהילה, האָבן פיל פון די פריעריקע דערוואַקסענע ישיבה־בחורים זיך שוין געהאַט אויסגעלערנט אַ גוטע מלאכה, טאַקע מערסטנס אין דער פאַך־שול, וואָס דער באָבאָווער האָט איינגעאָרדנט, און די מערסטע פון זיי האָבן שוין אויך באַוויזן צו הייראַטן און ווערן אומאָפּהענגיקע באַלעבעסלעך, מיט אייגענע ווייב און קינדער. און זיי האָבן — אין די מערסטע פאַלן — זיך טאַקע באַזעצט, ווי געזאָגט, ניט ווייט פון דעם רבי׳ן. אַזוי אַרום, אַז פיל הייזער אַרום דער באָבאָווער ישיבה זיינען ווידער איבערגענומען געוואָרן דורך יונגע אידישע פאַמיליעס, מיט טומלענדיקע אידישע קינדערלעך, און די גאַסן זיינען ווידער געוואָרן ווי אַ טייל פון אַ אידישער נאַכבאַרשאַפט. ענלעכעס האָט אויך פּאַסירט מיט די גאַסן אַרום דער וועלט־צענטראַלע פון די ליובאַוויטשער ישיבות — אויף 770 איסטערן פּאַרקוועי — וואָס האָט זיך געפונען אינגאַנצן עטלעכע בלאָק פון דעם באָבאָווער רבינ׳ס ישיבה.

דער שרייבער פון די שורות האָט אויף זיינע באַזוכן ביי די באָבאָווער זיך גאַנץ אָפט געטראָפן מיט הרב אהרן טייטלבוים, שליט״א, וועלכער איז געווען דער סעקרעטאַר און הויפּט־אַרויסהעלפער ביים באָבאָווער רבי׳ן, ווי אויך דער מנהל פון דער באָבאָווער ישיבה. הרב אהרן טייטלבוים איז געווען אַ קאָזין פון סאַטמאַרער רבי׳ן, אדמו״ר ר׳ יואל טייטלבוים, שליט״א.

ווען דער באָבאָווער רבי איז אין 1946 געקומען קיין אַמעריקע, האָט

ער שוין דאָ געטראָפן הרב טייטלבוים׳ען, וועלכער האָט זיך דאָ שוין געפונען זינט 1938. (הרב טייטלבוים איז געווען אין זיין יוגנט אַ תלמיד ביים באָבאָווער רבינ׳ס פאָטער, אין גאַליציע). און ווען דער רבי האָט געגרינדעט דעם פדיון שבויים קאָמיטעט, כדי אַריבערצוברענגען קיין אַמעריקע די לעבנגעבליבענע באָבאָווער יונגעלייט, האָט הרב טייטלבוים פיל אַרויסגעהאָלפן אין דער דאָזיקער אַרבעט.

הרב טייטלבוים האָט מיר איבערגעגעבן פיל איינצלהייטן וועגן דער באָבאָווער ישיבה בני ציון אין ברוקלין, וואָס האָט שוין געציילט אַרום 500 קינדער, כן ירבו. די עלטסטע תלמידים זיינען געווען עלף־יאָריקע. יעדן יאָר איז צוגעקומען אַ נייער קלאַס. דאָס מיינט, אַז די ישיבה האָט נאָך געהאַלטן אינמיטן פון איר אַנטוויקלונגס־פּראָצעס.

אין איין נאָכמיטאָג, ווען איך בין געקומען אין דער צייט, ווען די לימודים האַלטן אין פאַרענדיקט ווערן, האָב איך געטראָפן פינף גרויסע אויטאָבוסן וואַרטן אויף די קינדער, כדי זיי אָפּצופירן אַהיים. אַ היפּשע צאָל קינדער זיינען געקומען פון בּאָראָ פּאַרק און איסט ניו־יאָרק, אַ היפּשער מהלך פון קראַון האַיטס. אויסער די פינף באַסעס, האָט די באָבאָווער ישיבה זיך אויך באַנוצט מיט אַ צאָל סטיישאָן וואָגנס צו ברענגען און אָפּפירן די קינדער אַהיים.

די באָבאָווער ישיבה האָט באַשעפטיקט אַרום 35 לערער, פון וועלכע 15 זיינען געווען פאַרבונדן מיט דעם דעפּאַרטמענט פון ענגלישע לימודים. 20 זיינען געווען מלמדים פון לימודי קודש. פיל פון די קינדער אין דער באָבאָווער ישיבה זיינען שוין געווען אַמעריקאַנער געבוירענע. אָבער פון קיין גבירישע היימען זיינען זיי ניט געקומען און די מערסטע תלמידים האָבן כמעט אינ־גאַנצן קיין שכר לימוד ניט געצאָלט. ווען אַ קינד האָט געצאָלט 15 דאָלער אַ חודש, איז דאָס שוין געווען גאָר אַ סך. דאָס האָט, נאַטירלעך, איינגעשלאָסן דאָס לערנען און אויך אַ הייסן לאָנטש יעדן טאָג, ווי אויך דאָס ברענגען און אָפּפירן דאָס קינד אַהיים.

אין דער באָבאָווער ישיבה האָט מען די לימודי קודש געלערנט ביז דריי בייטאָג — אין די עלטערע קלאַסן און ביז צוויי בייטאָג — אין די קלענערע קלאַסן. די וועלטלעכע לימודים האָט מען געלערנט אין די איבעריקע שטונדן פון טאָג — ביז פיר אָדער פינף פאַרנאַכט. פרייטיק האָט מען געלערנט אַ האַלבן טאָג. זונטיק — אַ גאַנצן טאָג. בלויז אינגלעך האָבן געלערנט אין דער באָבאָווער ישיבה. צוערשט, ווען דער באָבאָווער האָט געהאַט זיין ישיבה אין מאַנהעטן, האָט זיך ביי דער ישיבה געפונען אַ קינדער־גאָרטן, סיי פאַר אינגלעך, סיי פאַר מיידלעך.

אין דער באָבאָווער ישיבה, אין ברוקלין, האָבן אויך געלערנט אַרום 25 דערוואַקסענע בחורים. אָבער קיין פאַך־שול האָט דער באָבאָווער שוין מער ניט אָנגעהאַלטן. פשוט דערפאַר, ווייל די מערסטע דערוואַקסענע תלמידים פון באָבאָווער האָבן שוין זיך געהאַט איינגעאָרדנט און, ווי געזאָגט, שוין געהאַט זייערע אייגענע פאַמיליעס. אַ צאָל פון די מאַשינען, וואָס דער באָבאָווער האָט געהאַט, זיינען אַוועקגעגעבן געוואָרן צו באָבאָווער תלמידים, ווען זיי האָבן איינגעאָרדנט זייערע אייגענע פאַבריקן אָדער ווערקשטאַטן. דער באָבאָווער האָט אָבער זיך אַלץ נאָך אַרומגעטראָגן מיט אַ פּלאַן פון אויפבויען, מעגלעך, אַ גרעסערע פאַך־שול פאַר די תלמידים פון דער ישיבה קטנה, ווען די קינדער וועלן אונטערוואַקסן. אויך אַ מתיבתא פאַר די תלמידים, ווען זיי וועלן גראַדואירן פון דער ישיבה קטנה, איז געפּלאַנט געוואָרן. פאַר דעם דאָזיקן צוועק איז אָפּגעקויפט געוואָרן אַ שטיק לאַנד אויף דער דערבייאיקער פאַרק פלעיס גאַס, וואָס האָט זיך געגרעניצט מיט דער ישיבה.

דער באָבאָווער האָט שוין אויך איינגעהאַנדלט אַ זומער־קעמפּ, וואָס האָט זיך געפונען אין פערנדעיל, ניו־יאָרק. דער קעמפּ, אונטערן נאָמען „שלוה" (רו), איז געעפנט געוואָרן אין זומער פון 1957.

די קהילה האָט, לויט ווי עס איז באַריכטעט געוואָרן, שוין געציילט אַרום 400 פאַמיליעס. דאָס באָבאָווער בית־מדרש איז יעדן שבת און יום־טוב געווען נאַטירלעך, געפּאַקט. און שמחת תורה איז דאָס באָבאָווער בית־מדרש געווען איבערגעפּאַקט — און דער געדרענג איז געווען אויסערגעוויינלעך ביז גאָר. פונקט ווי ביים סאַטמאַרער רבי'ן, פונקט ווי ביים ליובאַוויטשער רבי'ן, אַזוי איז אויך דעם באָבאָווער רבינ'ס שמחת תורה פייערונג און דאָס פראַווען הקפות געוואָרן אַ שם דבר אין ניו־יאָרק. אַמעריקאַנער געבוירענע יונגעלייט, מענער און פרויען פון פאַרשידענע טיילן ניו־יאָרק, און אויך אידן פון אַנדערע שטעט און אפילו אַנדערע לענדער, זיינען געקומען זען, ווי אַזוי דער באָבאָווער רבי פראַוועט די הקפות, וואָס פלעגן זיך פאַרציען ממש ביזן העלן טאָג אַריין.

אָט אַזוי האָט דער באָבאָווער רבי, אדמו"ר ר' שלמה האַלבערשטאַם, שליט"א, וועלכער האָט באַוויזן גרויסע העלדישקייטן ביים איבערלעבן דעם נאַציזם, געפונען אַ זיכערע און וואַרעמע היים אין ברוקלין. דאָ האָט ער, צוזאַמען מיט זיין וואַקסענדער צאָל חסידים, באַוויזן אין אַ גאַנץ קורצער צייט, בייצוטראָגן אויף זיין אייגנאַרטיקן שטייגער, פיל קאָליר און אינהאַלט צום בליענדיקן לעבן פון ברוקלין, וואָס איז דער גרעסטער אידישער צענטער ניט בלויז אין אַמעריקע, נאָר אין דער גאַנצער וועלט.

## 60

# אַ באַזוך אין דער נייטרער ישיבה, וואָס האָט זיך געפונען אויף אַ מיליאָנערסקען גוט אין מאַונט קיסקאָ, נ. י.

דער גוט פון אַרום 240 אַקער לאַנד האָט אין אָנהויב יאָרהונדערט באַלאַנגט צו איינער פון די סאַמע אַריסטאָקראַטישסטע פאַמיליעס אין ניו יאָרק. — איבער 70 באַדינער פלעגן דאָרט זיין באַשעפטיקט. — אַ זעלטענער גאָרטן מיט אַ מאַרמאָרנעם „סווימינג־פול". — דער גוט איז געווען ווי אַ פּאַרלאָזטער פּאַלאַץ, וואָס איז געבראַכט געוואָרן צוריק צום לעבן פון אַ „פּרינץ פון תורה". — דער פּלאַן צו שאַפן אַ קאָלאָניע פון תורה־אידן־פאַרמער אין מאַונט קיסקאָ. — אַ הינער און מילך פאַרם און אַ דרוקעריי. — דער קאַמף, וואָס שכנים פון רייכער געגנט האָבן געפירט קעגן דער ישיבה.

דער גרויסער "סטעישאָן וואָגן" האָט זיך געיאָגט איבער דעם ברייטן שאָסיי־וועג, וואָס פירט פון מאַונט קיסקאָ דירעקט קיין ניו־יאָרק. ביי דעם רעדל איז געזעסן אַ הויך געבויטער, ברייט ביינ‌יקער ישיבה־בחור, מיט אַ יאַרמולקע אויפן קאָפּ. לעבן אים איז געזעסן הרב ר׳ מיכאל דוב ווייס־מאַנדל, דער אָנפירער פון דער ישיבה־פאַרם, וואָס געפינט זיך אויף אַ געוועזענעם מיליאָנערסקן מאַיאָנטעק דריי מייל אַרויס פון דעם שטעטל מאַונט קיסקאָ אין ניו־יאָרק סטייט. דער ישיבה־בחור, שלמה פּאָלאַק, האָט געטריבן די מאַשין מיט גרויס געניטקייט און האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט. איך, דער שרייבער פון די שורות, בין געווען דער דריטער פּאַסאַזשיר אין דער גרויסער מאַשין, וואָס איז געווען דאָס

אייגנטום פון דער אידישער פאַרם־ישיבה. געפאָרן זיינען מיר צוריק קיין ניו־יאָרק. איך — נאָך מיינעם אַ לענגערן באַזוך אין דער פאַרם־ישיבה און הרב ווייסמאַנדל איז געפאָרן קיין ברוקלין, וואו עס האָט, אויף 208 מאַרסי עוועניו, אין דער וויליאַמסבורג געגנט, זיך געפונען דער ניו־יאָרקער אָפיס פון דער מאַונט־קיסקאָ ישיבה. הרב ווייסמאַנדל האָט מיר, פאָרנדיק אַזוי קיין ניו־יאָרק, געגעבן אַ מין רייזנדע אינטערוויו וועגן די צילן, אויפגאַבן און פּראָבלעמען פון דעם ממש היסטאָרישן ישיבה־פּראָיעקט, וואָס ער האָט אָנגעהויבן אין 1946 צו שאַפן אַ גרויסע פאַרם־ישיבה, וואו די ישיבה־



די הויפּט־געביידע אויפן מאַיאָנטעק אין מאַונט־קיסקאָ, די היים פון דער נייטרער ישיבה

בחורים זאָלן לערנען ביז דער חתונה, און ווען די צייט וועט קומען און זיי וועלן ווערן באַלעבאַטים און שאַפן זיך אייגענע פאַמיליעס, וועלן זיי זיך באַזעצן אויף פאַרמס אַרום דער ישיבה, און שאַפן אַזוי אַרום אַ גאַנץ שטעטל, אַ גאַנצע קאָלאָניע פון אידישע לערנער, בני תורה. (ווען הרב ווייסמאַנדל איז אין 1946 אָנגעקומען קיין אַמעריקע, האָט ער די נייטרער ישיבה צו־ערשט באַזעצט אין סאָמערוויל, ניו דזשוירזי. די ישיבה האָט זיך דאָרטן גע־פונען פון דעצעמבער, 1946, ביז פּסח, 1948).

אַ גאַנצע גרופּע בחורים האָבן מיך באַגעגנט ביי דעם ברייטן צופאַר צו דעם הויפּט־בנין פון דער ישיבה אין מאַונט קיסקאָ. אויף דעם חסידישן

שטייגער זייערן האָבן זיי מיר אָפּגעגעבן שלום עליכם, באַגריסנדיק מיך שטיל מיט אַ „שלום עליכם, ר׳ אָשר!“

איינער פון די עלטסטע ישיבה־בחורים (איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, אַז ער איז אַרום 22 יאָר אַלט, זיין נאָמען איז יצחק קראַוס) האָט זיך אונטערגענומען די גאָר־ניט־לייכטע עובדא פון ווייזן מיר אַלע אינטערעסאַנטע פּלעצער פון דער גרויסער פאַרם, אויף וועלכער די ישיבה האָט זיך געפונען. און איך וויל אייך זאָגן, אַז איך בין גאָר שטאַרק מיד געוואָרן, נאָך דעם ווי מיר זיינען דורכגעגאַנגען די מערסטע וויכטיקע פּונקטן פון דער אומגעבונג. און וויסן דאַרפט איר, אַז די ישיבה־פאַרם האָט פאַרנומען אַ גוט, וואָס האָט זיך אויסגעשפּרייט אויף אַרום 240 אַקער לאַנד. און ניט אומזיסט הייסט די גאַנצע געגנט „מאַונט קיסקאָ“. דאָס איז דער באַרג פון קיסקאָ, וואָס געפינט זיך אַרום 40 מייל ווייט פון ניו־יאָרק.

דער מאַיאָנטעק, וואָס די ישיבה האָט אָפּגעקויפט פאַר אַרום הונדערט טויזנט דאָלער מיט דער הילף פון אַ פּאָר אידישע מנדבים, אמת׳ע מתן־בסתר׳ניקעס, איז אין אָנפאַנג פון איצטיקן יאָרהונדערט אויפגעבויט געוואָרן פון דער ברוסטער פאַמיליע, איינע פון די רייכסטע אַמעריקאַנער משפחות, וואָס זיינען געווען צווישן דער פירנדער מיליאָנערסקער אַריסטאָקראַטיע פון יענער צייט און האָבן באַלאַנגט צום זעלבן הויכן קרייז, ווי די ראָקפעלערס, אַסטאָרס און וואַנדערבילטס. איר קענט זיך פאָרשטעלן ווי גרויס דער גוט איז, אַז די פאַמיליע, וואָס האָט דאָרט געוואוינט, האָט זיך באַנוצט מיט אַרום זיבעציק, אַכציק באַדינערס. דער מיליאָנער, וואָס האָט דאָרט פאַרבראַכט זיינע יאָרן, האָט ניט בלויז געהאַט אַן אייגן פעלד צום שפּילן גאָלף אין אַ שיין וועטער, נאָר ער האָט אויפגעבויט אַ היפּשן „גאָלף־קאָרס“ אין דער פאַרם פון אַ געביידע, כדי צו קענען שפּילן אין רעגן און שניי. דער מיליאָנער וואָס האָט געבויט דעם גוט האָט, אויף פאַרשידענע בערג אין זיין מאַיאָנטעק, אויפגעשטעלט פאַרשידענע אַרכיטעקטאָרישע באַצירונגען אין גריכישן און רוימישן סטיל פון אַמאָל, און פאַרפלאַנצט ספּעציעלע בלומען גערטנער און זעלטענע פלאַנצונגען אוןביימער. אויב דאָס אַלץ איז נאָך ווייניק, האָט דער גביר אויפגעבויט אַ גראַנדיעזן באַסיין צום שווימען (סווימינג פּול), וואָס האָט נאָך היפּשע יאָרן פאַרלאָזנקייט, נאָך אַלץ ניט פאַרלוירן זיין פּראַכט. אין דער גלאַנץ־פּעריאָדע איז דער ברוסטער עסטייט געווען אַ שם דבר אין דער גאַנצער געגנט.

און אַזוי איז זיך די צייט געגאַנגען און פון דעם אַמאָליקן פריילעכן מאַיאָנטעק איז געוואָרן כמעט ווי אַ פאַרלאָזענע קרעטשמע. פּוסט זיינען



Photo by Trainer Studio

הרב ר' מיכאל דוב ווייסמאנדל, זצ"ל (1957—1903)

גרינדער און ראש־ישיבה פון דער ישיבה־פּאַרם אין מאַונט קיסקאָ, ניו־יאָרק

געשטאַנען די געביידעס, וועלכע האָבן געזען פיל פּראַכטפולע בעלער און פאַרנומען די שענסטע מוזיק און די שענסטע געזאַנגען, ווייל די ברוסטער פאַמיליע איז געווען אַמאָל איינע פון די הויפּט־פירער פון דער מעטראָ־פּאָליטאַן אָפּערע. די וועגן, די פּראַכטפול־באַצירטע אַלייען, מיט כלערליי זעלטענע אָריענטאַלישע פלאַנצן אוןביימער האָבן געהאַלטן אין פאַרוואַקסן ווערן, פּונקט אַזוי ווי אין דעם שיינעם מעשה׳לע מיט דער פּרינצעסין, וואָס איז אַנטשלאָפן געוואָרן אויף הונדערט יאָר. אָבער אַביסל אַנדערש ווי אין יענעם מעשה׳לע מיט דער פּרינצעסין, איז אין דער פאַרלאָזטער קרעטשמע פון מאַונט־קיסקאָ געקומען אַ רב פון נייטרא, אַ רב מיט אַ פעך־שוואַרצער באָרד און גליענדע אויגן. און געברענט האָט אין דעם דאָזיקן רב די אייביקע אידישע עקשנות און דער נר תמיד פון אידישן לערנען, דער אייבי־קער פלאַם פון תורה. און דער נאָמען פון אָט דעם רב פון דעם שטעטל נייטרא, וואָס ליגט ניט ווייט פון בראַטיסלאַוואַ (אַמאָליקע פּרעשבורג), איז אויף אידישן אידיש מיכל בער ווייסמאַנדל. און אויף דעם ווייסן פערד פון אידישער ווילנסקראַפט איז ער אַריינגעפאָרן אין דער סאַמע אַריסטאָקראַ־טישער געגנט פון ניו־יאָרק סטייט, וואו עס האָבן געוואוינט אַ היפּשע צאָל מיליאָנערן, אידישע און ניט־אידישע, און ער האָט באַשלאָסן, אַז דאָ, דאָ איז דער פּלאַץ! דאָ אין מאַונט־קיסקאָ, דאָ, וואו עס ליגט אַ גרויס שטיק לאַנד, וואָס קיינער, קיינער האָט אין משך פון יאָרן ניט געוואָלט אָנקוקן אפילו, דאָ וועט ער אויפבויען זיין אויסגעטרוימטע ישיבה און דורכפירן זיין גראַנדיעזן פּלאַן. ער וועט בויען אַ גאַנצע קאָלאָניע פאַר די 75 ישיבה־בחורים, וואָס ער האָט מיט גרויס מסירת נפש באַוויזן אַרויסצוראַטעווען פון אונטער די נעגל פון די נאַצישע מערדערס. (שפּעטער זיינען צוגעקומען איבער דרייסיק אַמעריקאַנער געבוירענע ישיבה־בחורים). און וויסן דאַרפט איר, אַז הרב ווייסמאַנדל איז שוין אַליין געווען אויפן וועג צו פאַרניכטעט ווערן. ער איז שוין געווען אויפן טויטן־באַן. ער האָט אָבער באַוויזן דורכ־צוקריכן דורך אַ רער, וואָס האָט געדינט אַלס ווענטילאַטאָר צו איינעם פון די וואַגאָנען, און זיך ראַטעווען. הרב ווייסמאַנדל האָט אין די נאַצי־יאָרן פאַרלוירן זיין פרוי און קינדער, זיינע טאַטע־מאַמע, זיינע שוועסטער און ברידער. ער איז נאָך דעם אַנטלויפן פון טויטן־באַן אַוועק אין הינטערגרונט און אָנגעהויבן צו פירן אַ רעליגיעזע אונטערערדישע באַוועגונג קעגן די נאַציס. (עס זיינען שפּעטער באַוואוסט געוואָרן ממש לעגענדאַרע פאַקטן, ווי אַזוי הרב ווייסמאַנדל האָט באַוויזן צו ראַטעווען אַ גרויסע צאָל אידן אין סלאָוואַקיע פון נאַצישן אומקום. הרב ווייסמאַנדל איז געווען דער ערשטער

צו לאָזן וויסן דער אידישער עפנטלעכקייט, הויפּטזעכלעך די אידן אין אַמעריקע, וועגן דעם גרויסן חורבן, וואָס די נאַציס ברענגען אויפן איי־דישן פאָלק.) 400 ישיבה־בחורים זיינען געוועזן אין דער אָריגינעלער נייטרער ישיבה. זיי אַלע זיינען געוועזן אויפן וועג צום טויט. הרב ווייס־מאַנדל האָט, ווי געזאָגט, באַוויזן צו ראַטעווען 75 און זיי ברענגען קיין אַמעריקע. געראַטעוועט האָט זיך אויך הרב שלום משה אונגאַר, דער זון פון ערשטן רב פון נייטרא, הרב שמואל דוד אונגאַר, זצ״ל, וועלכער איז אומגעקומען אין די יאָרן פון נאַציזם. דער יונגער רב ר׳ שלום משה אונגאַר איז געוואָרן דער אָנפירער פון דער נייטרער קהילה, וואָס איז באַשטאַנען פון איבער 300 פאַמיליעס (לאַנדסלייט פון נייטרא), פיל פון וועלכע זיינען אָנגעקומען קיין אַמעריקע נאָך פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

יאָ! דער פאַרלאָזענער מאַיאָנטעק פון מאַונט־קיסקאָ האָט אויפגעלעבט. ווען אָבער די אַריסטאָקראַטישע שכנים האָבן דערזעען, ווער עס האָט זיך אַריינגעצויגן און ווען זיי האָבן דערזעען די ישיבה־בחורים מיט די פאות און טלית קטנ׳ס, האָבן זיי אָנגעהויבן אַ ביטערן קאַמף קעגן דער ישיבה. מיט כלערליי אויסריידן האָבן זיי געשלעפּט די פירער פון דער ישיבה אין געריכט אַריין און זיי האָבן אפילו געהאַט דערפירט דערצו, אַז דאָס געריכט זאָל קאָנפיסקירן דעם גאַנצן מאַיאָנטעק פאַר שטייערן, וואָס זיינען אין משך פון יאָרן פריער ניט באַצאָלט געוואָרן. די ענגלישע צייטונגען פון דער געגנט האָבן געשריבן עדיטאָריעלס וועגן קאַמף. עס זיינען פאָרגעקומען גרויסע עפנטלעכע פאַרהערן, ביי וועלכע הרב ווייסמאַנדל האָט מיטן גרויסן פייער פון זיין גלויבן געוואונען כמעט אַלע צושויער אויף זיין זייט. איך האָב גערעדט מיט אַ צאָל אינגערע אַמעריקאַנער געבוירענע אידן פון מאַונט־קיסקאָ און זיי האָבן אַלע שטאָלצירט מיט די אַרויסטריטן פון הרב ווייס־מאַנדל אין לאָקאַלן געריכט. אפילו די ניט־אידן האָבן אין הרב ווייסמאַנדל דערזעען אַ מענטש פון העכערן מין. „ער איז אַ געטלעכער מענטש״ — האָבן אייניקע קריסטן מיר געזאָגט, רעדנדיק כמעט ווי מיט אונטערדריקטע שטימען פון גרויס פאַרערונג. אין דער זעלבער געגנט איז אָבער געווען אויך אַ גרויסע קאַטוילישע אינסטיטוציע אויפן זעלבן פאַרנעם, ווי די ישיבה־פאַרם, און קיינער האָט די קאַטוילישע אינסטיטוציע ניט געטשעפּעט. און די קאַטוילישע אינסטיטוציע איז אַלס רעליגיעזער אַנשטאַלט געווען פריי פון שטייערן. אויך די ישיבה־פאַרם איז געווען באַפרייט פון די שטייערן. דער געריכט האָט אָבער געמאָנט שטייערן פאַר די יאָרן נאָך איידער די ישיבה האָט געקויפט דעם גוט. עס הייסט, אַז דער מאַיאָנטעק איז געווען

שולדיק און אַזוי ווי דאָס גוט האָט געהאַט אַ נייעם אייגנטימער, האָט די ישיבה באַדאַרפט צאָלן דעם חוב. און ווען איך בין געפאָרן מיט הרב ווייס־מאַנדל קיין ניו־יאָרק, איז ער טאַקע געווען פאַרטאָן און פאַר׳דאגה׳ט וועגן שאַפן די נויטיקע 20 טויזנט דאָלער פאַר אָט די דאָזיקע שטייערן.

די פירער פון דער נייטרער ישיבה האָבן זיך פאַר גאָרנישט ניט אָפּ־געשטעלט. זיי האָבן זיך אויך ניט אָפּגעשטעלט, ווען עס איז צוליב לעגאַלע דריידלעך אויך אָפּגעשניטן געוואָרן די עלעקטריק פון דער גאַנצער ישיבה און פון דער פאַרם. האָבן זיי געלערנט און געאַרבעט אָן עלעקטריציטעט. ווייל אידן האָבן טויזנטער יאָרן געלערנט תורה אָן עלעקטרישער באַלייכטונג. עס האָט זיי אויך אויסגעפעלט אַ צייט לאַנג וואַסער, האָבן זיי דערפאַר באַ־שלאָסן צו גראָבן אַן אייגענעם ברונעם. און אינטערעסאַנט איז דאָ צו דער־ציילן, אַז ניט קיין אַנדערער ווי דער אַמעריקאַנער טעאַטראַל בילי ראוז, וועלכער האָט געהאַט זיין מאַיאָנטעק אין דער זעלבער געגנט, האָט געשאַפן אַ פאָנד פון צען טויזנט דאָלער צו גראָבן דעם ברונעם פאַר דער ישיבה. אויך ניט־אידישע פראָמינענטע שכנים האָבן זיך פאַראינטערעסירט אין דער ישיבה, אַרום וועלכער עס האָבן זיך געשאַפן פאַר׳שידענע צדדים אין דער גאַנצער געגנט.

אין מיין עקסקורסיע איבער דעם גוט האָב איך געזען די הינער־פאַרם, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן פון אַ פּאָר פאַמיליעס, געוועזענע תלמידים פון דער ישיבה. איך האָב אויך געזען די טויזנטער ווייסע „לעגהאָרן״־הינער און די פולע קוישן און עמערס מיט אייער, די „פּראָדוקציע״ פון אַ פּרי־מאָרגן. (איך האָב אויך געזען די אייגענע דרוקעריי, וואָס די ישיבה האָט איינגעאָרדנט). איך האָב געזען די קי און די קעלבלעך, דער אָנהויב פון אַ מילך־פאַרם. די פאַרמער־פאַמיליעס האָבן געוואוינט שוין דאָ אויפן גוט פון דער נייטרער ישיבה. די ישיבה־בחורים האָבן, לויט אַן איינגעשטעלטער אָרדענונג, געאַרבעט אַרום די הינער און די קי — יעדער איינער לויט זיין ריי, געוויסע שעה׳ן און באַשטימטע טעג פון דער וואָך. אויסער די 3 פאַרמער־פאַ־מיליעס האָבן זיך געפונען 9 משפחות אין דעם הויפּט־בנין, וואָס איז געווען דער פּאַלאַץ פון דער מיליאָנערסקער ברוסטער־פאַמיליע. דאָס הויז איז באַשטאַנען פון דריי גאָרן און פון אַרום 50 צימערן. דאָ האָבן זיך געפונען דער נייטרער רב, הרב אונגאַר און דער ראש־ישיבה, הרב ווייסמאַנדל. דער משגיח ר׳ יונה פּאָרסט, אַ גרויסער בן־תורה. דריי ראשי־ישיבה און איין מלמד פאַר דעם נייעם דור. אויך דער קוכער, אַ געוועזענער ישיבה־בחור און אַן אויפפּאַסער, אַן אויפהאַלטער פון דער געביידע. צוזאַמען — 9 משפחות. יעדער מיט אַ

פרוי און קינדער. און ווען איך בין צוגעקומען צו דער הויפט־געביידע פון דער ישיבה, וואָס האָט אינווייניק אַ גרויסן זאַל מיט שיין געדרייטע טרעפּ, האָב איך געהערט ניט בלויז דעם געזאַנג פון תורה, נאָר אויך דעם פריי־לעכן, מונטערן קלאַנג פון קינדערשע שטימעלעך. דאָס זיינען געווען די צענדליקער אינגלעך און מיידלעך, וואָס זיינען שוין געבוירן געוואָרן אויף דער גרויסער פאַרם, זיכער דער שענסטער אידישער פּראָדוקט, וואָס די


ישיבה־בחור גיט אַכטונג אויף די הינער


מעלקנדיק די קי פון דער ישיבה־פאַרם


די הויפּט־אַקטיוויטעט אין דער ישיבה — אין לערנען תורה בייטאָג און ביינאַכט.


ישיבה־בחור זעצט אַ כתב־יד אין דרוקעריי פון דער נייטרער ישיבה.

4 בילדער, וואָס שטעלן פאָר די פאַרשידענע אַקטיוויטעטן אויף דער ישיבה־פאַרם אין מאונט־קיסקאָ.

ישיבה־פאַרם סעטלעמענט האָט געקענט אַרויסגעבן. איינער פון די פלענער פון די נייטרער איז געווען דאָס בויען פון אַ נייער צענטראַלער געביידע אויף דער פאַרם־ישיבה, ווייל עס האָט, בלי עין הרע, אָנגעהויבן צו ווערן ענג פאַר דעם וואַקסנדן יונגען תורה־ישוב.

פון אַ באַוואַקסענעם באַרג ניט ווייט פון הויפּט־בנין האָב איך פון ווייטנס ווידער געזען דעם אַמאָל רייכן שווים־באַסעין פון מאַיאָנטעק. פאַרנאַכט־צו כאַפּן דאָרטן אַ שווים די ישיבה־בחורים, נאָך אַ לאַנגן טאָג לערנען. אַ שטיק וואַלד איז אויסגעהאַקט דערביי און בענק צעשטעלט אין שאָטן פון די ביימער און די יונגע בחורים לערנען איבער טישן תורה. אין דער באַ־גלייטונג פון גמרא־ניגון און אין ליכט פון אייביקן אויסדויער פון די אידישע תורה־קעמפער, זיינען די אַלע שוועריקייטן, וואָס די שונאים האָבן זיי גע־לייגט אין וועג, געווען בלויז ביטערלעכע עפּיזאָדן אין דעם רינג פון אַ גלאָרייכער קייט פון אידישער חכמה און אמונה. די ישיבה אין מאַונט־קיסקאָ, ניו־יאָרק, איז געווען אַ גאָלדענער רינג אין דער קייט פון עכטער אידישקייט אין אַמעריקע אויפן שויס פון דער נאַטור.

---

מיין ערשטע באַגעגעניש מיט הרב מיכאל דוב ווייסמאַנדל איז געווען אין יולי, 1953. די יאָרן זיינען געלאָפן און איך האָב פון נאָענט און ווייט נאָכגעפאָלגט די אַנטוויקלונג פון דער נייטרער ישיבה אין מאַונט קיסקאָ, לעבן ניו יאָרק. און ווען איך זאָג — מאַונט קיסקאָ, מיין איך שוין במילא — די הערצאישע אַרבעט פון הרב ווייסמאַנדל. איך האָב אָפט אויך געלייענט גענויע באַריכטן וועגן די כסדר׳דיקע שוועריקייטן, וואָס דער וואונדערלעכער רב האָט אַלץ געהאַט ביים פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון זיין באַליבטער ישיבה. אָבער אָט פלוצים האָב איך זיך דערוואוסט דורך אַ באַריכט פון הרב ניסן גאָרדאָן, מיין קאָלעגע פון „טאָג־מאָרגן זשורנאַל״, אַז הרב ווייס־מאַנדל איז געפערלעך קראַנק. אין יולי, 1957, האָט ניסן גאָרדאָן באַזוכט הרב ווייסמאַנדל׳ען אין דער ישיבה אין מאַונט קיסקאָ און געטראָפן אים אַ שווער־קראַנקן, נאָך אַ האַרץ אַטאַקע. אַן אָקסידזשען טאַנק איז געשטאַנען לעבן רב׳ס בעט און הרב ווייסמאַנדל פלעגט פון צייט־צו־צייט איינאָטעמען דעם זויער־שטאָף פון טאַנק. איך האָב גערעדט מיט הרב יוסף בראָדי, דער עקזעקוטיווער דירעקטאָר פון דעם ניו יאָרקער אָפיס פון דער מאַונט קיסקאָ ישיבה, און ער האָט מיר דערציילט, אַז טראָץ זיין שווערער קראַנקייט, האָט הרב מיכאל דוב ווייסמאַנדל נאָך אַלץ פאָרגעזעצט זיין טעגלעכן שיעור. יעדן טאָג פלעגן זיך פאַרזאַמלען אַרום צוואַנציק, דרייסיק ישיבה־בחורים

ביים קראַנקען בעט פון הרב ווייסמאַנדל, און הערן תורה פון זייער באַליבטן רבי׳ן און פירער.

אָבער דער געזונט־צושטאַנד פון הרב ווייסמאַנדל איז אַלץ געוואָרן ער־גער און ערגער. די שווערע לאַסט פון זאָרגן פאַר דער סאַמע עקזיסטענץ פון דער ישיבה, האָט צעבראָכן דעם ריזיקן דעמב פון נייטרע. דער נייטרער רב האָט אָבער נאָך אַלץ באַוויזן דורכצופירן די יערלעכע פייערלעכע מלוה מלכה פאַר זיין באַליבטער ישיבה. און קורץ נאָכדעם, דעם 29טן נאָוועמבער, 1957, האָט הרב מיכאל דוב ווייסמאַנדל אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם. עס איז געווען אין אַ דאָנערשטיק אָוונט: מ׳האָט אפילו ניט געקענט אויף אַ ריכטיקן אופן מעלדן וועגן דעם פלוצימדיקן טויט פון גרויסן רב. און פריי־טיק, ניין אינדערפרי, איז דורכגעפירט געוואָרן די לוויה פון הרב ווייס־מאַנדל, זצ״ל, פון דער ווינער שול אין וויליאַמסבורג, וואָס געפינט זיך אויף דיוויזשאָן עוועניו און ראָבלינג סטריט. צווישן די, וואָס האָבן מספיד געווען דעם גרויסן נפטר, האָט זיך געפונען דער סאַטמאַרער רבי, וועלכער האָט אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געוויין. דער סאַטמאַרער רבי, אדמו״ר ר׳ יואל טייטלבוים, שליט״א, איז געווען נאָענט באַקאַנט מיט דער הצלה אַרבעט פון הרב ווייסמאַנדל און ער האָט אין אַלגעמיין שטאַרק געהאַלטן פון נייטרער רב.

ווען הרב ווייסמאַנדל איז אין דער עלטער פון 54 יאָר אַזוי פלוצים אַוועק פון דער וועלט, האָט ער איבערגעלאָזט אַ רביצין און 6 יתומים, דעם אינגסטן צווישן זיי — אַ אינגעלע פון בלויז עטלעכע חדשים. פאַר׳יתומ׳ט זיינען אָבער געבליבן ניט בלויז זיינע אייגענע 6 קינדער, נאָר אויך אַלע זיינע ישיבה־בחורים און מאַסן אידן, וועמען ער האָט געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט פון די נאַצישע מערדער. פאַר׳יתומ׳ט זיינען אויך געוואָרן די אַלע, וואָס האָבן געקענט הרב ווייסמאַנדל פון דער נאָענט. און די אַלע וואָס האָבן אים געקענט, האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז הרב מיכאל דוב ווייסמאַנדל, זצ״ל, איז געווען איינער פון די מאַגנעטישסטע אידישע פערזענלעכקייטן פון היינטיקן דור.

---

וואָס וועט זיין ווייטער מיט דער ישיבה אין מאַונט קיסקאָ? — האָב איך געפרעגט עטלעכע חדשים נאָך הרב ווייסמאַנדל׳ס פטירה ביי דער פי־רערשאַפט פון דער נייטרער ישיבה.

און דער ענטפער איז געווען: מיר וועלן ווייטער אָנגיין מיט דער אַרבעט מיט נאָך מער אַנטשלאָסנקייט און אויסדויער. אַלע טוער, אַלע בויער, אַלע ישיבה־בחורים און אַלע אָנצאָליקע פריינט, וואָס הרב מיכאל בער ווייסמאַנדל

האָט געלאָזט, האָבן זיך נאָך זיין אַוועקגיין נאָך מער פאַראייניקט, כדי צו צעמענטירן און פאַרזיכערן די עקזיסטענץ פון דער נייטרער ישיבה, וואָס וועט דינען ווי אַ לעבעדיקער גייסטיקער אָנדענק נאָך דעם גרויסן רב. הרב שלום משה אונגאַר, שליט״א, האָט זיך געשטעלט אין שפּיץ פון דעם גאַנצן פּראָיעקט און אַלס דער גייסטיקער מנהיג פון דער נייטרער קהילה גענומען אויף זיך די שווערע פליכט אָנצוגיין ווייטער מיט דער אַרבעט פון בויען אַ גרויסע ישיבה, צוזאַמען מיט אַ פאַרם און אייגענע ווערקשטאַטן, וואו די לערנער זאָלן אי לערנען תורה, אי זיין פאַרזיכערט מיט אַ פיזישער עקזיס־טענץ אונטער דעם פרייען הימל פון דער פרייער אַמעריקע.

---

און איצט — צום סוף פון דעם דאָזיקן קאַפּיטל — ווילן מיר דאָ ברענגען אַ צאָל אינטערעסאַנטע פאַקטן פון דער געשיכטע פון דער „נייטרער ישיבה״. הרב שמואל דוד הלוי אונגאַר, זצ״ל, האָט געגרינדעט די דאָזיקע ישיבה אַרום 1906 אין קראָמפּאַך, לעבן קאַשאַ, אין טשעכאָסלאָוואַקיע. שפּעטער, אין יאָר 1918, איז הרב ש. ד. אונגאַר אַריבער קיין טירנוי, לעבן פּרעשבורג, און אויך די ישיבה איז מיטגעגאַנגען אַהין. אין 1932 איז די ישיבה אַריבער קיין נייטרע (אַ שטעטל מיט אַ אידישער באַפעלקערונג פון אַרום 6 טויזנט) און פון דאַנען שטאַמט עס דער נאָמען „נייטרער ישיבה״. הרב שמואל דוד הלוי אונגאַר, זצ״ל, וועלכער איז געווען דער נשיא הרבנים פון סלאָוואַקיי, האָט אָנגעפירט מיט דער ישיבה זיינער אויף אַן אונטערערדישן אופן אונטער די נאַציס, ביז אין דער לעצטער מינוט, און איז אין ט׳ אדר, תש״ה (1945), אויסגעגאַנגען אין וואַלד פון הונגער, אַרומגערינגלט מיט זיינע געטרייע תלמי־דים. די נייטרער ישיבה איז געווען איינע פון די לעצטע ישיבות אין אייראָפּע אָנצופירן מיט איר טעטיקייט, טראָץ די שווערע פאַרפאָלגונגען מצד די נאַצישע מערדער.

הרב מיכאל דוב ווייסמאַנדל, זצ״ל, איז געווען איינער פון די ערשטע און געטרייסטע תלמידים פון הרב שמואל דוד הלוי אונגאַר, נאָך זינט 1918. אָבער סיי הרב ש. ד. אונגאַר און סיי הרב ווייסמאַנדל זיינען שוין אויפן עולם האמת. און די נייטרער ישיבה איז אַריבער אונטער דער פירערשאַפט פון דעם אינגערן נייטרער רב, ר׳ שלום משה אונגאַר, שליט״א, וועלכער האָט פאַר זיך אַ גרויסע טראַדיציע — האַלטן הויך די פאָן פון ישיבה דנייטראַ און האַלטן הויך די פאָן פון די צוויי גדולים פון זיין משפּחה!

## 61

# דער בית מדרש גבוה — די קלעצקער ישיבה — איבערגעפלאַנצט אויף אַמעריקאַנער ערד

**הרב הגאון ר׳ אהרן קאָטלער (דער קלעצקער רב), וועלכער האָט געגרינדעט דעם בית מדרש גבוה אין לעיקוואוד, ניו דזשוירזי, נים ווייט פון ניו יאָרק. — ישיבה בחורים, וואָס האָבן געענדיקט לערנען אין די פאַרשידענע ישיבות אין אַמעריקע, זיינען געפאָרן לערנען יאָרנלאַנג ביי רב קאָטלער. — 25 פּראָצענט פון די לערנער זיינען געווען פאַרהייראַטע, און דער בית מדרש גבוה האָט אויסגעהאַלטן זיי מיט ווייב און קינדער, כדי זיי זאָלן קענען רואיק לערנען. — אַמעריקאַנער געבוירענע לערנער, וואָס זעען אוים ווי אַטלעטן און לערנען יאָרנלאַנג תורה לשמה.**

איינגעהילט צווישן געדיכטע בוימער, אַזוי ווי אין אַ וואַלד, שטייט אין דער שטילסטער טייל פון דער גאָר שטילער און רואיקער רעזאָרט־שטאָט לעיקוואוד, די באַרימטע תורה־אינסטיטוציע פאַר דעם העכסטן אידישן לערנען — דער בית מדרש גבוה. בית מדרש גבוה — ווי אַזוי זעצט מען אָט דעם דאָזיקן נאָמען איבער אויף אידישן אידיש? דער הויכער בית מדרש?! עס וועט ניט קלינגען ריכטיק און אויך ניט פינקטלעך! בית מדרש גבוה — דאָס איז אַ מין העכערע סאָרט ישיבה און אויף דעם וועלטלעכן לשון קען מען זאָגן, אַז אָט די תורה־אינסטיטוציע טראָגט דעם כאַראַקטער פון אַן אוניווערזיטעט, וואו אַלץ מיט אַנאַנדער איז קאָנצענטרירט אַרום טיפן און העכערן לערנען.

איך האָב פאַרבראַכט עטלעכע שעה צייט, לאַנגע, אינטערעסאַנטע שעה׳ן,

אין אָט דעם לערן־אַנשטאַלט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין דעם באַרימטן שטעטל פון ניו דזשוירזי סטייט אין 1943 און האָט גאַנץ שנעל זיך קונה־שם געווען, ממש באַרימט געוואָרן, אין דער אידישער וועלט. איך האָב געדאַוונט מנחה מיט די לערנער פון דעם בית מדרש גבוה. איך בין בייגעווען בעת מען האָט געלערנט מוסר. שפּעטער האָבן מיך די לערנער אויך איינגעלאַדן צו עסן אָוונט־ברויט מיט זיי און מיר האָבן אַלע צוזאַמען, אַרום טיש, געפירט אַ היימישן, ניט אָפיציעלן, שמועס וועגן פאַרשידענע אידישע פראַגן און וועגן דעם שטאַרקן אינטערעס צו תורה־אידישקייט, וואָס מערקט זיך אין אַמעריקע.

אין בית מדרש גבוה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פון איינעם פון די גרעסטע גאונים פון 20טן יאָרהונדערט, הרב הגאון ר׳ אהרן קאָטלער, וועלכער איז געווען דער ראש־ישיבה פון קלעצק, האָב איך געהאַט לענגערע גע־שפּרעכן מיט אַ גרויסער צאָל פון די לערנער. כמעט אַלע ווי איינער האָבן זיי מיר אָנגעוויזן אויף דעם פאַקט, אַז „דאָ אין בית מדרש גבוה״ לערנט יעדער איינער בלויז כדי צו פאַרטיפן זיך אין דער תורה. אין בית מדרש פון לעיקוואוד איז מען ניט געקומען כדי צו קריגן סמיכה. מיט אַזעלכע „קלייניקייטן״ האָט מען זיך דאָ ניט פאַרנומען. אַהערצו קומט מען בלויז לערנען. און לערנען טאַקע פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. און מען דאַרף זיך אויך ניט זאָרגן ווי לאַנג איינער לערנט. און ווען מיר זאָגן „ווי לאַנג״, מיינט מען דאָ ניט אין זיבען פון טעג, וואָכן אָדער חדשים, אַהערצו איז מען געקומען לערנען אויף יאָרן. און אייניקע פון די לערנער זיינען שוין געזעסן אַזוי פינף, זעקס און נאָך מער יאָר. „מען זיצט און מען לערנט״. אַזוי כסדר. און קומען לערנען אין לעיקוואוד, זיינען געקומען די בעסטע און געקליבנסטע ישיבה־בחורים פון אַלע טיילן אַמעריקע און אויך קאַנאַדע. עס זיינען געקומען אויך בחורים פון אַנדערע לענדער. און, נאַטירלעך, אויך בחורים און יונגעלייט פון צווישן די ניי־געקומענע, די געראַטעוועטע אידן פון אייראָפּע.

עס זיינען געווען צווישן די לערנער אין בית מדרש גבוה עטלעכע צענדליק פאַרהייראַטע יונגעלייט. די מערסטע פון זיי האָבן טאַקע חתונה געהאַט שוין נאָכדעם, ווי זיי האָבן געלערנט אין דער ישיבה. זיינען זיי שוין געווען באַלעבעסלעך פאַר זיך און דער היוכער תורה־אַנשטאַלט האָט אויסגעהאַלטן די דאָזיקע יונגע משפחות, די דאָזיקע לערנער־פאַמיליעס. די ישיבה האָט געצאָלט אָט די דאָזיקע יונגעלייט אַ וועכנטלעכן געהאַלט, פּראָפּאָרציאָנעל צו דער צאָל קינדער, וואָס די פאַמיליע האָט פאַרמאָגט; אַלץ דערפאַר,



Photo by Trainer Studio

הרב ר׳ אהרן קאָטלער
דער קלעצקער רב
ראש ישיבה פון בית מדרש גבוה פון לעיקוואוד, ניו־דזשוירזי

אַז אָט די דאָזיקע טאַלאַנטירטע יונגעלייט זאָלן קענען ווייטער, אָן דאגות פּרנסה, זיצן און לערנען.

די צאָל לערנער, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם לעיקוואודער בית מדרש, האָט געגרייכט ביז 160. ווען איך האָב באַזוכט דעם בית מדרש גבוה אין יאָר 1953, איז די צאָל תלמידים דאָרט געווען 80. 5 יאָר שפּעטער, אָנהויב 1958, איז די צאָל לערנער געווען צוויי מאָל אַזוי גרויס. 160! 40 יונגעלייט האָבן געלערנט אין כולל. דאָס מיינט, אַז די פערציק זיינען געווען שוין פאַרהייראַטע, מיט פאַמיליעס, און די ישיבה האָט זיי אויסגע־האַלטן מיט אַלעם גרייטן. 120 האָבן געלערנט און געוואוינט אין דעם בית מדרש גבוה. אַלע לערנער האָבן פריער געהאַט געלערנט, יעדער איינער, אין אַ פאַרשידענער ישיבה. די גרעסטע צאָל פון זיי זיינען גע־ווען אַמעריקאַנער געבוירענע יונגעלייט. אַ היפּשע טייל פון זיי פון ניו־יאָרק. אייניקע צווישן זיי האָבן אויסגעזען ווי די דורכשניטלעכע אַמע־ריקאַנער אידישע סטודענטן, וואָס וואָלטן געקענט לייכט אָנגענומען ווערן אַלס סטודענטן פון קאָלאָמביע אָדער פון אַן אַנדער אוניווערזיטעט. געווען צווישן די אַמעריקאַנער אויך אייניקע, וואָס האָבן געטראָגן באָרד און פּאות, אָבער אַ גאָר היפּשע צאָל האָבן אפילו אויפן פּנים אויסגעזען ווי אַמעריקאַנער דורכשניטלעכע שטודירנדע יונגעלייט: דאָס איז דערפאַר וואָס פיל בחורים, אויך אין אַנדערע ישיבות, האָבן גענוצט די מאָדערנסטע מעטאָדן פון באַ־זייטיקן די האָר פון פּנים אויף אַזאַ אופן, אַז עס זאָל ניט זיין קעגן דין.

אָט שטייט פאַר מיר אַ בחור פון שיקאַגאָ. אַן אינטעליגענטער, אַן עכט־אינטערעסאַנטער בחור. איך וואָלט אים אָנגענומען פאַר אַ סטודענט פון מעדיצין אָדער אַן אַנדער פּראָפעסיע. ער דערציילט מיר, אַז זיין גאַנץ לעבן לאַנג לערנט ער תורה. ער האָט געלערנט אין אַ שיקאַגער ישיבה. שפּעטער אין באַלטימאָר. און איצט אין לעיקוואוד. און אָט איז אַ בחור פון סעינט לואיס. אויך ער האָט געלערנט אין שיקאַגאָ. שפּעטער איז ער אָנגעקומען אין דער ישיבה תורה ודעת אין ברוקלין. ווען ער איז אַרויס פון דאָרט איז ער אָנגעקומען צום לעיקוואודער בית מדרש. און אָט איז אַ בחור פון ירושלים. ער לערנט תורה אין אַמעריקע. שוין עטלעכע יאָר. געלערנט אין פאַרשידענע ישיבות. איצט איז ער דאָ, שוין אַ פּאָר יאָר. און אַזוי כסדר. אַ בחור פון פּיטסבורג. אַ בחור פון קאַליפאָרניע. אַ יונגערמאַן פון קאַנאַדע. פון דעטראָיט. פון פּראָווידענס, ראָוד איילענד. אַ פּאָר פון די בראָנקס. אייניקע פון ברוקלין. און אָט זיינען עטלעכע פון דער ניו־יאָרקער איסט סאַיד. און אַלע צוזאַמען

זיינען זיי ווי איין גרויסע פאַמיליע, וואָס איז פאַראייניקט אין איין גרויסן, געמיינזאַמען ענין: לערנען, לערנען און ווידער לערנען!

אין דעם ביכעלע, וואָס איז פּרעכטיק אַרויסגעגעבן געוואָרן און וואָס האָט באַשריבן די צילן און אויפגאַבן פון לערן־אַנשטאַלט, ווערט אין דער ענגלישער טייל דער בית מדרש גבוה אָנגערופן „עי פּאָסט גרעדיועיט סקול פאָר עדוואַנסד סטאַדיס". דאָס הייסט, אַ שול פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן שוין גראַדואירט פון אַ הויך־שול, און ווילן זיך אַלס צוגאָב פאַרנעמען מיט העכערע, אַוואַנסירטע לימודים. אין דעם העברעאישן טייל פון ביכל האָבן זיך געפונען צוויי זייטלעך, אונטערגעשריבן פון ראש־ישיבה הרב ר' אהרן קאָטלער זעלבסט, מיט דער דערקלערונג, אַז דער הויפּט־ציל פון בית־מדרש איז „צו פאַרטיפן און אויסברייטערן דאָס לערנען פון דער הייליקער תורה אין אַמעריקע".

אין דעם ביכל, וואָס איז איינגעבונדן אין בלויע טאָוועלעך, און וואָס איז געווען באַצירט מיט אַ בילד פון דער הויפּט־געביידע פון בית־מדרש, וואָס האָט זיך געפונען אויף 617 זעקסטע גאָס, ביי פאָרעסט עוועניו, לעיקוואוד, איז אויך דערקלערט געוואָרן, אַז אַ היפּשע צאָל פון די לערנער פון בית־מדרש גבוה האָבן שוין פאַרנומען וויכטיקע פּאָזיציעס אין אַמעריקאַנער אידישן לעבן. אייניקע זיינען געוואָרן פירער פון וויכטיקע ישיבות אין פאַרשידענע שטעט אין אַמעריקע. אַנדערע האָבן פאַרנומען אָנגעזעענע רבנישע פּאָזיציעס.

דער משגיח פון בית מדרש גבוה איז געווען הרב נתן וואַכטפאָגעל. עס זיינען געווען נאָך אַ פּאָר רבנים, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט קליינע גרופּן לערנער, מערסטנס די אינגערע צווישן זיי. הרב קאָטלער, וועמענס שטענדיקע היים איז געווען אין ברוקלין, ניו־יאָרק, האָט יאָרנלאַנג געזאָגט אין בית מדרש צוויי שיעורים אַ וואָך. מאָנטיק מיטאָג־צייט און שבת פון 5 ביז 6:15 פאַרנאַכט. דאָס לערנען איז געפירט געוואָרן אין גרופּן און אויך באַזונדער. עס זיינען אויך געפירט געוואָרן לענגערע וויכוחים.

ר' שניאור קאָטלער, אַ זון פון רב אהרן קאָטלער, איז געווען איינער פון די רבנים, וואָס האָט אָנגעפירט מיט אַ גרופּע, מיט אַ חברותא, געקליבענע תלמידים. דער יונגערער קאָטלער האָט די גאַנצע צייט געוואוינט מיט זיין פאַמיליע אין לעיקוואוד.

(אין מיין שמועס וואָס איך האָב געהאַט מיט דעם יונגען רב קאָטלער האָט ער מיר דערציילט, ווי ער האָט געלערנט צוערשט ביי זיין פאָטער

און דערנאָך ביי זיין באַרימטן זיידן, הרב ר׳ איסר זלמן מעלצער, ווען ער האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל.)

די הויפּט־געביידע פון בית מדרש גבוה, אויף דער 6טער גאַס און פאָרעסט עוועניו, איז מיט יאָרן צוריק געווען אַ האָטעל. האָבן אַ גרופּע פאַראינטערעסירטע באַלעבאַטים דעם דאָזיקן האָטעל אָפּגעקויפט און אים פאַרוואַנדלט אין אַ היים פאַר תורה. פון גרויסן עס־זאַל פון האָטעל איז געמאַכט געוואָרן אַ פּלאַץ צום דאַוונען און דאָ טאַקע זיינען געזעסן פיל פון די לערנער און געלערנט. אַן ארון קודש איז דער סאַמע צענטראַלער פונקט, און שטענדערס, אַזוי ווי אין אַ שול אין דער אַלטער היים, האָבן געדינט די ישיבה־בחורים סיי צום לערנען, סיי צום דאַוונען. אַז איר זענט אָנוועזנד געווען בעת אַ מנחה ומעריב, האָט איר געזען אין דעם אופן פון דאַוונען ווי פאַרטיפט אין אידישקייט עס זיינען געווען אָט די דערוואַקסענע אידישע קינדער. און מען דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז די מערסטע פון זיי זיינען געווען אַמעריקאַנער געבוירענע! אייניקע פון זיי שאָקלען זיך און שאָקלען זיך און עס דוכט זיך, אַז זיי קענען גאָרנישט און ווילן אפשר גאָרנישט פאַרענדיקן די שמונה עשרה...

עס איז געווען נאָך אַ צווייטע געביידע, וואָס איז געווען אַ טייל פון דער ישיבה און וואָס האָט זיך געפונען טיף פאַרבאַהאַלטן צווישן ביימער, פונקט איבערן וועג. אין דער דאָזיקער געביידע האָבן זיך געפונען די קיך און די עס־צימערן, ווי אויך, אויבן, די שלאָף־צימערן. די דאָזיקע געביידע איז געווען אַ פּריוואַטער עסטייט, אַ פּריוואַטער גוט און איז אָפּגעקויפט געוואָרן אַלס אַ טייל פון דער באַרימטער אידישער תורה־אינסטיטוציע.

עס איז אויך אָפּגעקויפט געוואָרן נאָך אַ דריטע געביידע, ניט ווייט אויף מעדיסאָן עוועניו, פאַר נאָך אַ „דאָרמיטאָרי" פאַר די ישיבה־בחורים. אויסער דעם, האָט מען שוין צוגעגרייט אַ פּלאַן צו בויען נאָך אַ בנין לעבן די צוויי אייגענע געביידעס פון בית מדרש.

אין לעיקוואוד, וואָס איז געוואוינט פון יאָרן און יאָרן צו זען טיף־רעליגיעזע אידן, וועלכע קומען אין די פאַרשידענע כשר׳ע האָטעלן אויף אָפּרו אָדער גאָר צו אַ קאָנוועגשאָן, האָבן זיך די לערנער פון בית מדרש גבוה פונדעסטוועגן גאַנץ שטאַרק אָנגעזען. מען האָט געזען די באַבערדלטע יונגעלייט, אָפט מיט קאַפּאָטעס, אָפט מיט די ארבע כנפות אַביסל אַרויס־דרויסן. מען האָט זיי געזען אויך מיט זייערע יונגע ווייבלעך. אייניקע פון זיי האָבן שוין געהאַט צו דריי און פיר קינדערלעך. עס איז אויסגעוואַקסן אַרום אַ גאַנצע קאָלאָניע פון יונגע תורה־אידן. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן

אַ ספּעציעלער חדר פאַר די קינדער פון די ישיבה־פאַמיליעס. און די, פאַר יאָרנלאַנג, אידישע לעיקוואוד האָט געפילט פיל, פיל אידישער, און אַ היפּש ביסל פאַרטיפטער דורך דעם פאַקט, וואָס הרב ר׳ אהרן קאָטלער האָט אויס־געקליבן דאָס דאָזיקע איינגענעמע און רואיקע רעזאָרט־שטעטל פאַר דער היים פון היוכן תורה־אַנשטאַלט, וואָס האָט געטראָגן דעם פיין־קלינגענדן נאָמען „בית מדרש גבוה״.

אין אַן אינטערעסאַנטער אַרבעט, וואָס דער באַוואוסטער אָרטאָדאָקסישער שרייבער און פאָרשער דר. הלל זיידמאַן, האָט פאַרעפנטלעכט אין דעם העב־



די הויפּט־געביידע פון בית מדרש גבוה אין לעיקוואוד, ניו־דזשוירזי

רעאישן זאַמל־בוך „מוסדות תורה באירופה בבנינם ובחורבנם״, רעדאַקטירט פון שמואל ק. מירסקי, און אַרויסגעגעבן פון דער הסתדרות העברית באמריקה, ווערט איבערגעגעבן מיט פיל איינצלהייטן די דראַמאַטישע געשיכטע פון דער ישיבה פון סלוצק און פון קלעצק, פון וועלכער דער איצטיקער בית־מדרש גבוה פון לעיקוואוד, ניו־דזשוירזי, איז אַ מין המשך.

די ישיבה פון סלוצק, מינסקער גובערניע, וואָס איז שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס די קלעצקער ישיבה, איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1897 דורך הרב ר׳ איסר זלמן מעלצער, וועלכער איז געווען איינער פון די באַרימטסטע תלמידים פון דער וואָלאָזשינער ישיבה און איינער פון די באַ־ליבטסטע תלמידים פון רבי נפתלי צבי יהודה בערלין (הנצי״ב) און רבי חיים סאָלאָווייטשיק. ר׳ איסר זלמן מעלצער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר

1870 אין דעם שטעטעלע מיר און ער האָט טאַקע צוערשט געלערנט אין דער מירער ישיבה. ער האָט אויך געלערנט אין דער ישיבה פון ראַדין. אין וואָלאָזשין האָט הרב מעלצער געלערנט צוזאַמען מיט רבי משה מרדכי עפשטיין, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דער אָנפירער פון דער סלאָבאָדקער ישיבה און אויך פון דער ישיבה אין חברון, ווי אויך מיט רבי אברהם יצחק הכהן קוק, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער רב ראשי פון ארץ ישראל.

אין יאָר 1897 איז הרב איסר זלמן מעלצער געוואָרן דער אָנפירער פון דער ישיבת „עץ חיים" פון סלוצק, און ער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון דעם דאָזיקן באַרימטן תורה־אַנשטאַלט ביז 1920, ווען עס איז, אונטער דער סאָוועטן־מאַכט, געוואָרן אוממעגלעך אָנצוגיין ווייטער מיט דער ישיבה־טעטיקייט. און עס איז דאַן באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער יונגער איידעם פון הרב מעלצער, הרב אהרן קאָטלער, זאָל אַריבערפאָרן מיט דער גרעסטער טייל פון דער סלוצקער ישיבה אין דעם שטעטעלע קלעצק, וואָס האָט באַלאַנגט צו פּוילן און איז געווען נאָענט פון דער סאָוועטישער גרעניץ. און אַזוי אַרום איז די ישיבה פון סלוצק שפּעטער באַרימט געוואָרן אַלס די קלעצקער ישיבה. און דער ערשטער גרינדער פון דער ישיבה, רבי איסר זלמן מעלצער, איז אין 1925 עולה געווען קיין ארץ ישראל, וואו ער איז ביז זיין פּטירה, אין יאָר תשי"ד, געווען פאַרבונדן מיט דער ישיבה „עץ חיים" אין ירושלים.

אונטער דער אָנפירערשאַפט פון הרב אהרן קאָטלער איז די קלעצקער ישיבה גאַנץ שנעל געוואַקסן און איז מיט דער צאָל תלמידים אירע (260 אין צאָל) געווען די צווייטע גרעסטע נאָך דער מירער ישיבה. ר' אהרן קאָטלער, וועלכער איז געבוירן אין 1892, האָט געלערנט אין דער סלאָבאָד־קער ישיבה „כנסת ישראל" און אין יאָר 1911 איז ער געקומען לערנען אין סלוצק, וואו ער איז גאַנץ שנעל געוואָרן די רעכטע האַנט פון רבי איסר זלמן מעלצער.

שפּעטער, ווען הרב קאָטלער איז געוואָרן דער ראש־הישיבה פון קלעצק, האָט ער מיט זיין ענערגישער טעטיקייט אין דער אגודת ישראל אָנגעהויבן פאַררעכנט צו ווערן אַלס איינער פון די הויפּט־אָנפירער פון אָרטאָדאָקסישן אידנטום אין פּוילן און ליטע. הרב אהרן קאָטלער איז געווען איינער פון די גרינדער פון דעם ועד הישיבות אין ווילנע, צוזאַמען מיט דעם „חפץ־חיים", רבי חיים עוזר גראָדזענסקי און רבי אלחנן וואַסערמאַן.

הרב אהרן קאָטלער האָט אין די דרייסיקער יאָרן אויך געמאַכט אַ לענגערע רייזע קיין אַמעריקע און זיך באַקאַנט פּערזענלעך מיט אַ צאָל פירנדע רבנים און אויך מיט די ספּעציפישע אומשטענדן פון אידישן

לעבן דאָ אין לאַנד. אַזוי אַרום, אַז ווען עס איז געקומען די צייט איבער־צופלאַנצן די קלעצקער ישיבה אויף דעם אַמעריקאַנער באָדן, האָט הרב אהרן קאָטלער שוין, אין אַ געוויסן זינען, געוואוסט אין פאָראויס, וואו ערגיץ אַ טיר עפנט זיך. מיר נוצן דאָ דעם דאָזיקן פאָלקסטימלעכן אויס־דרוק „וואו ערגיץ אַ טיר עפנט זיך" אויך אויף אַ סימבאָלישן אופן, ווייל מיט אַריבערברענגען קיין אַמעריקע די קלעצקער ישיבה, האָט הרב הגאון ר' אהרן קאָטלער געעפנט אַ גאָר אייגנאַרטיקע טיר פאַר אַמעריקאַנער אידן צו לערנען תורה. לערנען תורה אין דעם היסטאָרישן נוסח פון סאַלאַנט, וואָלאָזשין און סלאָבאָדקע.

62

# מירער ישיבה, געגרינדעט אין 1817 אין דעם שטעטעלע מיר, האָט איינגעאָרדנט איר נייע היים אין ניו יאָרק

מירער ישיבה אין ברוקלין איז געוואָרן אַ וויכטיקע צענטראַלע צו פאַרשפּרייטן אידישקייט ניט בלויז אין די פאַראייניקטע שטאַטן, נאָר אין אַ צאָל אַנדערע לענדער אין פאַרשידענע וועלט־טיילן. — די דראַמאַטישע געשיכטע ווי אַזוי די מירער ישיבה האָט דורך סיביר און יאַפּאַן זיך געראַטעוועט קיין אַמעריקע. — פיל אַמעריקאַנער געבוירענע קאַלעדזש־סטודענטן האָבן געלערנט אין דער מירער ישיבה אין ברוקלין. — די מאָדערנע היים פון די מירער. — אַ געשיכטע מיט טעלעוויזיע און בעיסבאָל אין שייכות צו אידישקייט אין אַמעריקע. — הרב אברהם קאַלמאַנאָוויץ, פירער פון דער מירער ישיבה, גרייכט ביז מאָרגנטאַו, גענעראַל אייזנהאַוער און וואַטיקאַן אין דער העלדישער אַקציע צו ראַטעווען די מירער ישיבה אין די נאַצי־יאָרן. — הונדערטער געוועזענע מירער תלמידים פאַרנעמען פירנדע פּאָזיציעס אין גייסטיקן אידישן לעבן פון אַמעריקע. —

אַלס איינער פון די בעסטעביישפּילן פון דער גרויסער צופּאַסונגס־קראַפט פון די ניי־געקומענע „ישיבה־אידן" אין אַמעריקע קען דינען די מירער ישיבה, וועלכע האָט מיט איר איבערמענטשלעכן העלדנמוט שוין איינגעשריבן ממש גלאָררייכע בלעטער אין דער מאָדערנער אידישער געשיכטע. דער אופן, ווי אַזוי די איבער 500 מירער ישיבה־בחורים האָבן געוואַנדערט דורך

סאָוועט־רוסלאַנד איבער סיביר קיין יאַפּאַן און כינע, און דערנאָך ערשט קיין אַמעריקע, דאָ צו אונז אין ניו־יאָרק, איז איינע פון די פאַנטאַסטישע בלעטער אין דער ניסימדיקער וואַנדערונג פון די נאָך־מלחמה יאָרן. וועגן דעם אָבער וועלן מיר דערציילן גאַנץ געַנוי שפּעטער. וועגן וואָס מיר ווילן דאָ דערציילן גאָר באַזונדערס אָבער, איז וועגן דער גרויסער ישיבה, וואָס די דאָזיקע ניי־געקומענע אידן האָבן אין איינע פינף יאָר צייט זינט זייער קומען קיין אַמעריקע באַוויזן אויפצובויען אין ניו־יאָרק. און אויב דאָס איז נאָך געווען ווייניק, האָבן די מירער ישיבה־לייט גאַנץ שנעל באַוויזן אַריינ־צוציען אין זייערע ספערן אַ גאָר גרויסע צאָל אַמעריקאַנער געבוירענע



דער צענטראַלער בנין, וואָס די מירער ישיבה האָט אין אַ גאָר קורצער צייט באַוויזן אויפצובויען פאַר זיך אין ברוקלין, ניו־יאָרק.

יונגעלייט, גאָר פיל פון זיי קאָלעדזש־סטודענטן, וועלכע לערנען אַ מינימום פון אַכט שעה אַ טאָג תורה. דאָס הייסט, אַז ניט נאָר האָבן די מירער ישיבה־לייט באַוויזן צו באַפעסטיקן דאָ אין אַמעריקע זייערע אייגענע פּאָזיציעס און זיך איינאָרדענען אַן־און־פאַר־זיך, נאָר זיי האָבן אין איינע פינף, זעקס יאָר, באַוויזן צו באַווירקן הונדערטער אַמעריקאַנער געבוירענע יונגעלייט.

איך האָב אָפּגעשטאַט אַ ספּעציעלן וויזיט אין דער נייער היים פון דער מירער ישיבה, אויף 1795 אָשען פּאַרקוועי, אין ברוקלין. דערוואַרט האָב איך צו טרעפן אַ געוויינלעך הויז, אַ גרעסערס אָדער אַ קלענערס, וואָס איז פון די ישיבה־לייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ לערן־אַנשטאַלט. איך האָב דער־

וואָרט צו טרעפן אַ געביידע, וואו די ניי־געקומענע אידן־לערנער געפינען זיך נישט אין דער גרעסטער באַקוועמלעכקייט, ווי עס איז מערסטנס געווען דער שטייגער ביט נאָר מיט די ישיבות פון די ניי־געקומענע אידן, נאָר אויך מיט פיל אידישע לערן־אַנשטאַלטן פון די גאָר אַלט־געזעסענע. ווי איבערראַשט בין איך אָבער געוואָרן, ווען איך האָב געטראָפן אַ נייע, פּרעכטיקע געביידע, וואָס איז געבויט געוואָרן מיט אַזאַ רחבות און שיינקייט, וואָס פיל רייכע „אַלט־געזעסענע״ דערציאונגס־אַנשטאַלטן וואָלטן זיך קיין בעסערע היימען גאָרנישט געקענט ווינטשן. איך בין דורכגעגאַנגען אויף דעם צווייטן גאָרן אַ לאַנגען קאָרידאָר, וואָס פירט צו די פאַרשידענע קלאַסצימערן, וועלכע געפינען זיך פון ביידע זייטן. צום סוף פון קאָרידאָר האָב איך דערזען אַ ברייט פענסטער. איך האָב אַ קוק געטאָן אַרונטער און די איבעררּאַשונג מיינע איז געווען ממש ניט צום באַשרייבן. פאַר מיינע אויגן האָט זיך געעפנט אַ בילד פון אַ ליכטיקן, מאָדערנעם, ריזיקן זאַל, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט יונגעלייט, ביי אַ הונדערט אין צאָל, און אַלע ווי איינער האָבן זיי זיך געשאָקלט איבער די גמרא׳ס. דאָס ברייטע פענסטער איז געווען פאַרמאַכט, האָב איך ניט געקענט הערן דאָס געזאַנג, וואָס האָט זיך געטראָגן ביים לערנען. איך בין אָבער באַלד אַרונטער פון צווייטן גאָרן און געפונען מיין וועג צו דעם בית־מדרש, וואָס איז געווען געבויט אַזוי, אַז עס האָט פאַרנומען די גאַנצע הויך פון דער געביידע, די פאַר גאָרן און דעם קעלער, דעם „בעיסמענט״, אַריינגערעכנט. די שעה איז געווען אַ פאַרנאַכטיקע, און יעדער פון די בחורים האָט געלערנט, הייסט עס, פאַר זיך. די גמרא׳ס זיינען געווען פאַרשידענע און די גרופּעס ישיבה־בחורים — פאַרשידנאַרטיקע.

אַ לענגערן שמועס וועגן דער ישיבה און וועגן די מירער ישיבה־לייט אין אַלגעמיין האָב איך געהאַט מיט דעם ישיבה־משגיח הרב צבי פעלדמאַן, וועלכער האָט מיר דערקלערט, אַז די מירער ישיבה נעמט אַריין ישיבה־בחורים, וועלכע קענען שוין לערנען אַ בלאַט גמרא פון פריער. אין דער מירער ישיבה הויבט מען אָן פון גמרא מיט תוספות. אַ היפּשע צאָל פון די מירער ישיבה־לייט האָבן שוין געקראָגן סמיכה אויף רבנות.

דער מירער ראש ישיבה, דער פאַטריאַרכאַלער רבּ אברהם קאַלמאַנאָוויץ, האָט זיך בעת מיין ערשטן באַזוך אין באַרימטן לער־אַנשטאַלט, געפונען אויף אַ לענגערער רייזע אין מאַראָקאָ, אַפריקע, וואו עס זיינען אונטער דער פירערשאַפט און השפעה פון מירער רב געשאַפן געוואָרן אַ צאָל ישיבות. מירער ישיבות זיינען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן אין טאַנזשיר און איראַן.

זינט די מירער ישיבה איז געקומען קיין אַמעריקע זיינען אַרום 150 ישיבה־לייט צעשיקט געוואָרן קיין אַרגענטינע, מעקסיקע, בראַזיל, אורוגוואַי, פראַנקרייך און אַ ריי לענדער אין צפון אַפריקע, וואו זיי האָבן געשאַפן לאָקאַלע ישיבות, כדי צו פאַרשפרייטן אידישקייט דאָרטן, וואו עס איז דאָ אַ געפאַר, אַז דער קוואַל פון תורה און חכמה זאָל, חלילה, פאַרטריקנט ווערן. די מירער ישיבה, וועלכע האָט געפונען אַ זיכערע היים דאָ ביי אונז אין ניו־יאָרק, האָט אָנגעפירט אַ ברייטע רעטונגס־טעטיקייט פון ישיבה־בחורים. אַזוי איז דעם מירער רב אויך געלונגען צו ראַטעווען אַ היפּשע צאָל ישיבה־בחורים, ספרדישע יונגעלייט, פון אַ לאַגער אין מאַראָקאָ, און זיי ברענגען אַהער, קיין אַמעריקע. די מירער האָבן שפּעטער איינגעאָרדנט אַ ספּעציעלע אָפּטיילונג פאַר די ספרדישע יונגעלייט. די דאָזיקע ישיבה־בחורים זיינען נאָכן קריגן סמיכה, צוריקגעשיקט געוואָרן אין די לענדער פון צפון אַפריקע, וואו זיי האָבן אָנגעפירט מיט ישיבות. אייניקע פון זיי זיינען געבליבן אין אַמעריקע אַלס פירער פון די היגע ספרדישע אידישע געמיינדעס.

אין אויגוסט, 1957, האָט די מירער ישיבה „אַרונטערגעבראַכט" קיין אַמעריקע אַ גרופּע פון 24 תלמידים פון די פאָלגנדע לענדער: 17 פון עגיפּטן, 8 פון מאַראָקאָ און איינער פון סיריע.

אַ היפּשע צאָל ישיבה־בחורים, וואָס זיינען גלייך נאָך דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה אָנגעקומען קיין אַמעריקע פון שאַנכאַי, האָבן זיך איינגעאָרדנט יעדער איינער פאַר זיך. זיי האָבן אין אַמעריקע געשאַפן אייגענע פאַמיליעס און זיי האָבן פאַר זייערע אייגענע קינדער אויסגעפלאַנט אַ מירער ישיבה קטנה, אַ מין גרעסער חדר און אויך אַ קינדערגאָרטן, פאַר דעם קליינוואַרג, וואָס וואַקסט אויף אַלס אַ וויכטיקער טייל פון דער „מירער קאָלאָניע", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן צו שאַפן אין די גאַסן אַרום זיבעצן, אַכצן און ניינצן הונדערט פון אָשען פּאַרקוועי, אַ געגנט, וואָס איז ניט ווייט פון די קינגס האַיוועי סטאַנציעס פון צוויי סאָבוועי ליניעס. אינטערעסאַנט איז אויך צו באַמערקן, אַז אַ היפּשע צאָל יונגוואַרג, קינדער פון אַמעריקאַנער געבוירענע אידישע פאַמיליעס, וועלכע האָבן געוואוינט אין דער געגנט, האָבן זיך אָנגעהויבן, ווי פון זיך אַליין „צו קלעפּן" צו דער מירער ישיבה. באַזונדערס איז עס געוואָרן אַזוי זינט די נייע געביידע איז דערעפנט געוואָרן אין דעצעמבער, 1952. אָט די יונגוואַרג, אינגלעך ביז אין דער עלטער פון 15, 16 יאָר, זיינען געקומען יעדן שבת בייטאָג אויף שלוש סעודות אין דעם מירער בית־מדרש. מ'האָט געזונגען מיט זיי שבת'דיקע ניגונים און מען האָט זיי דערציילט אינטערעסאַנטע געשיכטעס. מ'האָט

מיט דער יוגנט אויך געכאַפּט אַ לעבעדיקן טאַנץ. אַ היפּשע צאָל פון אָט די יונגע „וואָלונטירן פאַר אידישקייט" זיינען גאַנץ שנעל געוואָרן תלמידים אין פאַרשידענע ישיבות קטנות.

גאָר, גאָר אינטערעסאַנט איז געווען דער פאַקט, וואָס אַרום 20 פּראָצענט פון די אַמעריקאַנער געבוירענע ישיבה־בחורים, וואָס האָבן געלערנט אין דער מירער ישיבה, זיינען געווען קאָלעדזש־סטודענטן. אַזוי ווי אָבער עס איז אַ געזעץ אין דער מירער ישיבה, אַז פון 9 פרי ביז 5 פאַרנאַכט מוז אַ ישיבה־בחור כסדר לערנען תורה, זיינען די דאָזיקע בחורים געגאַנגען אין אָוונט אין קאָלעדזש. אַ גרויסע צאָל פון זיי האָבן געלערנט טאַקע אין דעם ברוקלין־קאָלעדזש און זיי האָבן אויפגענומען פאַרשידענע קורסן, וואָס וועט זיי אַרויסהעלפן אין דער אַרבעט אַלס אָנפירער פון ישיבות, געזעלשאַפטלעכע פירער און אויך טאַקע אין רבנות אפשר. אַזוי אַרום וועלן אין אַמעריקע אויך צוקומען רבנים פון דער מירער ישיבה מיט אַ העכערער קאָלעדזש־דערציאונג אַלס צוגאָב.

איינער פון די סאַמע אינטערעסאַנטסטע ישיבה־בחורים, וואָס איך האָב געזען ביי די מירער, איז געווען אַ יונג בחורל, אַרום פופצן יאָר אַלט. געגאַנגען איז ער אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער אַטלעסענער קאַפּאָטע, וואָס האָט דערגרייכט ביז דער פּאָדלאָגע. אַ היטל האָט ער אויך געטראָגן אַ חסידיש. אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. די הויפּט־זאַך איז די פאות. אַזעלכע פאות, ווי ביי דעם בחורל אויף אָשען פּאַרקוועי, אין ברוקלין, האָב איך אפילו אין גאַנץ וויליאַמסבורג ניט געזען. די פאות ביי דעם בחורל זיינען געווען ווי צוויי לאַנגע, געדיכטע צעפּ. מיין איבערראַשונג איז אָבער געווען פיל גרעסער, ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אַז אָט דער ישיבה־בחור איז אַ געבוירענער אין אַמעריקע טאַקע, און קומען איז ער געקומען פון בראַיטאָן ביעטש, וואו ער איז דערצויגן געוואָרן ביי אַ פאָטער אַ חסידישן אידן, וועלכער פאַרנעמט זיך מיט זייגערמאַכעריי. איך האָב אַ רעד געטאָן מיטן בחורל און ער רעדט אַן ענגליש, ווי יעדער אַמעריקאַנער געבוירן אידיש אינגל. פריי, אָן אַן אַקצענט. און אין איינקלאַנג מיט זיינע 15 יאָר, איז אָט דער בחורל מיט די לאַנגע פאות, געווען אַ גאָר שטיפערישער בחורל, און ער האָט געזאָגט חכמות און געווען קוועקזילבערדיק שנעל. „אַ גוטער לערנער" — אַזוי האָט מען מיר געזאָגט וועגן אים.

אַ צווייטע איבערראַשונג אין דער מירער ישיבה איז פאַר מיר געווען אַן אַנדער יונג בחורל, וואָס האָט אויסגעזען ווי יעדער אַמעריקאַנער אידיש קינד. זיין יוגנט האָט מיך אָבער פאַרכאַפּט. כאָטש ער איז געווען היפּש



הרב אברהם קאַלמאָנאָוויץ
דער מירער ראש ישיבה

געוואַקסן און גוט אַנטוויקלט, האָט ער אָבער אויסגעזען נאָך אַזוי קינדיש און צאַרט. ער איז אָבער געווען 14 יאָר אַלט און געלערנט שוין יאָרנלאַנג גמרא און איז געווען איינער פון די בעסטע ישיבה־בחורים, האָט מיר דער ישיבה־משגיח דערקלערט.

יאָ, פאַראַן שאַרפע קעפּ ביי די מירער אין זייער ישיבה, וואָס טראָגט אין ענגליש דעם נאָמען „מירער ישיבה סענטראַל אינסטיטוט".

ווען איך האָב באַזוכט די מירער ישיבה ביי אַ פּאָר אַנדערע געלעגנהייטן, האָב איך שוין אין פאָראויס געמאַכט זיכער, אַז איך זאָל זיך טרעפן מיט הרב אברהם קאַלמאַנאָוויץ, וועמענס נאָמען איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ מין לעגענדאַרישן רום. הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט מיט זיין הויכער געשטאַלט און ברייטער פּאַטריאַרכאַלישער באָרד, געמאַכט ממש אַ מאַיעסטעטישן איינדרוק. אָבער ניט זיין אויסזען בלויז, נאָר די אויפטוען זיינע, אין פאַרבינדונג מיט דער רעטונג פון דער מירער ישיבה, האָבן אַרויסגערופן גרויס וואונדער ביי דער ברייטער אידישער און אַלגעמיינער עפנטלעכקייט אין אַמעריקע. הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט פאַראינטערעסירט אין דער רעטונג פון די איבער 500 ישיבה־בחורים, הויכע לייט פון דער אַמעריקאַנער רעגירונג און מען דערציילט, אַז ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין פּיקוח נפש, איז ער שבת, אינמיטן דער נאַכט געקומען צו לויפן אין אַ טעקסי צום הויז פון הענרי מאָרגענטאַו, דזשוניאָר, וועלכער איז געווען צו יענער צייט סעקרעטערי אָוו די טרעזשורי (פינאַנץ מיניסטער) אין פּרעזידענט רוזוועלט'ס קאַבינעט און געבעטן רחמים פאַר די ישיבה־בחורים. הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט אפילו געקראָגן די הילף פון דעם וואַטיקאַן אין רוים און ער האָט דערגרייכט אין די יאָרן פון קריג ביז דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון די אַליאירטע אַרמייען, גענעראַל דוואַיט ד. אייזענהאַוער, כדי צו ראַטעווען די אידישע יוגנט. עס איז בויטיק געווען הילף, שנעלע הילף! ווייל די איבער 500 ישיבה־בחורים פון מיר, האָבן געדאַרפט דורכפאָרן דורך סאָוועט־רוסלאַנד, דורך סיביר, קיין יאַפּאַן. און עס האָט זיך געפאָדערט געלט, אַ סך געלט און אַלץ אין אַמעריקאַנער דאָלאַרן. מען האָט באַדאַרפט געלט צו קויפן די סאָוועטישע וויזעס, מען האָט געדאַרפט געלט שפּעטער אויסצוקויפן אַ צאָל פון די ישיבה־בחורים פון אַרעסט. די ישיבה־בחורים זיינען געפאָרן אַרום זעכצן טויזנט מייל. זיי זיינען אָנגעקומען קיין קאָבע, יאַפּאַן, און ווען דער קריג צווישן אַמעריקע און יאַפּאַן האָט אויסגעבראָכן, אין 1941, האָט די יאַפּאַנער רעגירונג אינטערנירט די מירער ישיבה־בחורים, זיי איינגעשפּאַרט אין אַ געטאָ אין שאַנכאַי, וואו זיי זיינען פאַרבליבן פינף יאָר צייט. די יונגע לערנער

וואָלטן זיכער געווען אומגעקומען, אָבער עס איז געלונגען הרב קאַלמאַנאָוויטש׳ן צו שאַפֿן זיין „אייגענע אונטערגרונט" און דורך כלערליי קונציקע און ריזיקאַלישע אופנים איז געשיקט געוואָרן די גאַנצע צייט הילף פון אַמעריקע צו דער מירער ישיבה אין שאַנכאַי. די העלדישע לערנער האָבן אפילו באַוויזן אין דער שאַנכאַיער געטאָ צו שאַפֿן אַן אייגענע דרוקעריי, נוצנדיק שווערע שטיינער פאַר אַ דרוק און פרעס־מאַשין, און זיי האָבן אַזוי אַרום אָפּגעדרוקט 38 טויזנט ספרים.

און ענדלעך, נאָך דער ענדע פון קריג אין וויטן מזרח, זיינען די מירער לערנער געבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע, וואו זיי האָבן געפונען זייער נייע און זיכערע היים. און די באַרימטע מירער ישיבה האָט אָנגעהויבן אויף דער אַמעריקאַנער ערד וויטער פאָרצוזעצן איר הייליקע אַרבעט, וואָס איז אין יאָר 1817 אָנגעהויבן געוואָרן אין דעם קליינעם שטעטעלע מיר, לעבן באַראַנאָוויטש, מינסקער גובערניע, ווייסרוסלאַנד. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז דאָס שטעטל מיר אַריבער צו פוילן. די מירער ישיבה האָט געהאַט אַ שם איבער דער גאַנצער וועלט און אידישע יונגעלייט פון פיל לענדער פלעגן פאָרן קיין מיר לערנען. אויך אַ צאָל בחורים פון אַמעריקע האָבן געלערנט אין מיר צווישןביידע וועלט־מלחמות, ווען די ישיבה האָט דורכגעמאַכט איר גרעסטן גלאַנץ פעריאָד. ווען די מירער ישיבה איז ענדלעך אין 1946 געבראַכט געוואָרן קיין ניו־יאָרק האָט זי דאָ געטראָפן אַ צאָל אייגענע, אידישע אַמעריקאַנער יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך געפילט שטענדיק אַלס אַ טייל פון דער גרויסער מירער משפחה.

איך בין געזעסן און גערעדט מיט הרב קאַלמאַנאָוויץ, וועלכער איז זינט 1925 געווען ענג פאַרבונדן מיט דער ישיבה און וועלכער איז געשטאַנען ביי איר זייט, טאַקע ווי אַ געטרייער טאַטע שטייט ביי דער זייט פון זיינע קינדער. הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט מיר דערציילט וועגן די גרויסע שוועריקייטן, וואָס די מירער ישיבה האָט געהאַט דורכצומאַכן אין אַמעריקע. עס קאָסט אַ סך געזונט, מען דאַרף אַוועקלייגן דאָס האַרץ — האָט זיך פאַר מיר באַקלאָגט דער פאַטריאַרך פון מיר! אָבער ער האָט גלייך ווי חרטה געקראָגן אויף זיין שווערלעכן טאָן און זיך ווי צוריקגעכאַפּט, אויסדריקנדיק האָפענונג אַז דער אויבערשטער וועט העלפן. עס איז געווען שווער, זייער שווער! אָבער די אַמעריקאַנער אידן זיינען, טראָץ אַלע שוועריקייטן, שטאַרק פאַראינטערעסירט אין דעם אויפבוי און אויפהאַלט פון ישיבות. לייכט אָבער איז עס ניט געווען, באַזונדערס פאַר יענע טוער און פירער, וועלכע האָבן אַריינגעלייגט זייער גאַנץ האַרץ און זייער גאַנצע נשמה אין דער הייליקער אַרבעט.

אָבער וואָס איך וויל דאָ דערציילן איז וועגן דעם, ווי אַזוי אַזאַ איד ווי הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט ריכטיק פאַרשטאַנען די אַמעריקאַנער סיטואַציע. זיצנדיק אַזוי מיט הרב קאַלמאַנאָוויצ׳ן (ער איז דאַן גראַדע געווען שטאַרק פאַרנומען ביים אָרגאַניזירן אַ באַנקעט לטובת דעם ישיבה קאַמפּעין), האָב איך אים אַ פרעג געטאָן אַזוי: „וואָס דענקט איר, הרב קאַלמאַנאָוויץ, פון דער מירער ישיבה אין ברוקלין וועלן טאַקע אַרויסקומען אַזעלכע לערנער ווי פון דער מירער ישיבה פון אַמאָליקן מיר?" הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן און מיט אַן ערנסטן שמייכל געענטפערט: „נו, און וואו איז טעלעוויזשאַן?! און ראַדיאָ און בייסבאָל?! מען מוז דאָס אַלץ נעמען אין זינען!" דאָך אָבער האָט הרב קאַלמאַנאָוויץ געהאַלטן, אַז „יאָ, עס זיינען שוין דאָ און עס וועלן נאָך זיין גרויסע אידישע לערנער אין אַמעריקע".

די מירער ישיבה איז געווען באַרימט אַלס אַ מוסר ישיבה. עס האָט דאָרט געהערשט דער ליטווישער דרך אין לערנען. ווען איך האָב אַ פרעג געטאָן הרב קאַלמאַנאָוויצ׳ן, אַז ער זאָל מיר קורץ און שאַרף דערקלערן אין וואָס אַזוינס עס באַשטייט די אַנדערשדיקייט פון דער מירער ישיבה, האָט ער מיר געזאָגט: די מירער ישיבה האָט אויסגעאַרבעט איר אייגענעם וועג, עס איז דער „מירער דרך". עס איז יראת שמים, מידות טובות, דרך ארץ.

און דערפאַר טאַקע האָט אפשר הרב קאַלמאַנאָוויץ מיר אָנגעוויזן, אַז ביי די מירער איז טראָגן פּאות „ניט קיין גאָר גרויסער יחוס". הרב קאַלמאַ־נאָוויץ האָט דערמיט געמיינט די באַשרייבונג מיינע פון דעם בחור׳ל פון בראַיטאָן ביטש מיט די „לענגסטע פּאות", וואָס מיר איז אויסגעקומען צו זען.

דאָס איז אַן אויסנאַמס־פאַל, האָט מען מיר אָנגעוויזן אין דער מירער ישיבה. פּונקט פאַרקערט! די מירער ישיבה־בחורים האַלטן פון קליידן זיך מאָדערנע און זיי ווילן מיט זייער אויסזען ניט זיין קיין יוצא מן הכלל. דער עיקר איז ביי די מירער — תורה, פאַרטיפן זיך, שאַרפן דעם מח, עפּעס מחדש זיין און הויפּטזעכלעך — צוגרייטן וואָס מער אידן־קענער, אידן־למדנים. און דערפאַר טאַקע האָט הרב קאַלמאַנאָוויץ גאַנץ באַזונדערס פאַר מיר אונטערגעשטראָכן דעם פאַקט, וואָס הונדערטער געוועזענע תלמידים פון דער מירער ישיבה פאַרנעמען אָנגעזעענע פּאָזיציעס אין אידישן לעבן פון אַמעריקע. לויט ווי הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט געהאַלטן, זיינען אַרום 500 מירער תלמידים באַשעפטיקט אַלס רבנים אָדער אַלס ראשי ישיבה און אַלס מנהלים

און לערער אין די ישיבות קטנות און ישיבות גדולות אין אַמעריקע. הרב דר. שמואל בעלקין, פּרעזידענט פון ישיבה־אוניווערזיטעט, איז אַ געוועזענער מירער תלמיד. אַזוי אויך די רבנים שאַצקיס, פּאָטער און זון, אין זעלבן ישיבה־אוניווערזיטעט. אויך הרב ראובן גראַזאָווסקי און הרב ר׳ ישראל דושאָוויץ, ז״ל, זיינען געווען מירער תלמידים. אין ישיבה ומתיבתא תורה ודעת האָבן זיך געפונען צווישן די לערער 14 תלמידים פון מיר. אין ישיבת ר׳ יצחק אלחנן האָבן זיך געפונען 16 געוועזענע מירער.

און די מירער ישיבה, שאַפנדיק איר היים אין ברוקלין, איז געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע צענטערן צו פאַרשפּרייטן תורה איבער דער גאַנצער וועלט, אַריינרעכענענדיק אויך מדינת ישראל. ווייל אויך אין אידישן היימלאַנד האָט די מירער ישיבה אָנגעהאַלטן אַן אָפּטיילונג. די מירער ישיבה האָט אויך גענומען אַ טיפן אינטערעס צו פאַרשפּרייטן תורה־אידישקייט אין די אידישע ישובים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די אַראַבישע לענדער. הרב קאַלמאַנאָוויץ האָט געהאָלפן שאַפן חדרים און תלמוד־תורה׳ס פאַר טויזנטער אידישע קינדער אין מיטל־מזרח. די דאָזיקע אַרבעט איז געטאָן געוואָרן אין פאַרבינדונג מיט דער אָרגאַניזאַציע „אוצר התורה״, וואָס איז געווען אַ ספּעציעלע קערפּערשאַפט, וואָס האָט זיך געזאָרגט פאַר דער גרינדונג פון אידישע שולן אין מיטל־מזרח און איז אויפגעהאַלטן געוואָרן פון אַ צאָל רייכע אידן אין אַמעריקע, וואָס זיינען געקומען פון די אַראַבישע לענדער.

אָט אַזוי זעען מיר, ווי די מירער ישיבה האָט געפונען אַ היים אין אַמעריקע און האָט דאָ אין אַ גאַנץ קורצער צייט געשאַפן אַ צענטראַלע, פון וואַנען שטראַלן פון דער אייביקער אידישער זון האָבן געגרייכט אין די ווייטסטע ווינקלען פון אידישן לעבן איבער דער גאַנצער וועלט.

# ביבליאָגראַפיע

## געשיכטע, ענציקלאָפּעדיעס און אַנדערע האַנט־ביכער

אידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד (1910—1946) געשיכטע און דערגרייכונגען, זאַמלבוך. ניו־יאָרק, 1946.

אידישע לאַנדסמאַנשאַפטן פון ניו יאָרק, צוגעגרייט דורך דער אידישער שרייבער־גרופּע אויפן פעדעראַלן שרייבער־פּראָיעקט, אַרויסגעגעבן פון י. ל. פּרץ שרייבער־פאַראיין. ניו־יאָרק, 1938.

אַלגעמיינע ענציקלאָפּעדיע, אידן „ד״, אידן „ה״. ניו־יאָרק, 1950, 1957.

געשיכטע פון דער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג אין צפון אַמעריקע, צוויי בענד. ניו־יאָרק, 1955.

דובנאָוו, שמעון, די אידישע געשיכטע. ניו־יאָרק, 1930.

דובנאָוו, שמעון, וועלט־געשיכטע פון אידישן פאָלק, אין צען בענד, אַלוועלטלעכער אידישער קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק און בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, 1948—1956.

דערציאונגס ענציקלאָפּעדיע, אַרויסגעגעבן פון אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־קאָנגרעס; ה. בעז, רעדאַקטאָר. ניו־יאָרק, 1957.

זאַקס, א. ש., די געשיכטע פון אַרבעטער־רינג. ניו־יאָרק, 1925.

פּיעטרושקא, דר. שמחה, אידישע פאָלקס־ענציקלאָפּעדיע, צוויי בענדער. ניו־יאָרק—מאָנ־טרעאָל, 1949.

שארפשטיין, צבי, תולדות החינוך בישראל בדורות האחרונים, שלשה כרכים. ניו־יורק, 1947.

ABELOW, SAMUEL P., *History of Brooklyn Jewry,* Brooklyn, N. Y., 1937.

*American Jews—Their Lives and Achievements.* A Contemporary Biographical Record, New York, 1947.

BARON, SALO WITTMAYER, *A Social and Religious History of the Jews,* Philadelphia, 1952.

*Encyclopedia of Modern Education.* The Philosophical Library of New York, New York, 1943.

GRAETZ, HEINRICH, *A History of the Jews,* Philadelphia, 1951.

GRAYZEL, SOLOMON, *A History of the Jews.* From the Babylonian Exile to the end of World War II, Philadelphia, 1947.

*Jewish Communal Register of New York City.* Edited and published by the Kehillah, New York, 1917-18.

*Jewish Education Register and Directory,* 1951, Judah Pilch, Editor. American Association for Jewish Education, New York.

*The Jewish Encyclopedia,* Funk and Wagnalls Co., New York and London, 1903.

Jewish Encyclopedic Handbooks. *The Jewish People* (Past and Present) Volume I, New York, 1946.

*The Jews: Their History, Culture and Religion.* Edited by Dr. Louis Finkelstein, Vol. I and II, New York, 1949.

*New York Learns.* A Guide to the Educational Facilities of the Metropolis, New York, 1939.

POSTAL, BERNARD and KOPPMAN, LIONEL. *A Jewish Tourist Guide to the U. S.,* Philadelphia, 1954.

ROSTEN, LEO. *A Guide to the Religions of America.* New York, 1955.

*Universal Jewish Encyclopedia.* An authoritative and popular presentation of Jews and Judaism since the earliest times. New York, 1948.

WAXMAN, MEYER S., *A History of Jewish Literature.* New York, 1947.

*Who's Who in American Jewry,* New York, 1926.

*Who's Who in American Jewry,* New York, 1938-39.

*Who's Who in World Jewry.* A Biographical Dictionary of outstanding Jews, New York, 1955.

WIERNIK, PETER. *History of the Jews in America,* New York, 1931.

## אַלגעמיינע ווערק וועגן: אידישער דערציאונג, שול־באַוועגונגען, לער־אינסטיטוציעס, רעליגיעזע און קולטור־פּראָבלעמען

בובליק, גדליה, דער סך־הכל אין אַמעריקאַנער אידנטום, אַן איבערבליק אויף די ריכטונגען אין אידנטום און דער צושטייער פון אידישקייט אין אַמעריקע. ניו־יאָרק, 1927.

בעז, ה., שפּראַך און דערציאונג; בילדונגס־קאָמיטעט פון אַרבעטער־רינג. ניו־יאָרק, 1950.

דייוויס, משה, דרכי היהדות באמריקה, תל־אביב, 1953.

דייוויס, משה, יהדות אמריקה בהתפתחותה (תולדות האסכולה ההיסטורית במאה התשע־עשרה). ניו־יורק, 1951.

החינוך והתרבות העברית באירופה בין שתי מלחמות העולם, בעריכת דר. צבי שארפשטיין; הוצאת „עגן", ההסתדרות עברית באמריקה. ניו־יורק, 1957.

ליבערמאַן, חיים, די אידישע דערציאונג אין אַמעריקע. ניו־יאָרק, 1916.

ליפשיץ, י. י., אונזער בוך (אַ לער־בוך פאַר אידיש), אַרויסגעגעבן פון די ליובאַוויטשער'ס „מרכז לעניני חינוך". ברוקלין, נ. י., 1946.

לעהרער, לייבוש, פּסיכאָלאָגיע און דערציאונג. ניו־יאָרק, 1937.

לעווין, יעקב, מעשיות און לעגענדעס פון דער אידישער געשיכטע; היברו פּאָבלישינג קאָמפּאַני, ניו־יאָרק, 1928.

לעשצינסקי, יעקב, דאָס נאַציאָנאַלע פּנים פון גלות־אידנטום. בוענאָס איירעס, 1955.

לעשצינסקי, יעקב, וואוהין גייען מיר? (אידישע וואַנדערונגען אַמאָל און היינט). ניו־יאָרק, 1944.

מוסדות תורה באירופה בבנינם ובחורבנם, בעריכת שמואל ק. מירסקי. ניו־יורק, 1956; הוצאת „עגן", על־ידי ההסתדרות עברית באמריקה.

ניגער, ש., אין קאַמף פאַר אַ נייער דערציאונג; די אַרבעטער־רינג־שולן, זייער אָפּשטאַם, אַנטוויקלונג, וואוקס און איצטיקער צושטאַנד (1919—1939). ניו־יאָרק, 1940.

ניגער, ש., די צווייִשפּראַכיקייט פון אונדזער ליטעראַטור. ניו־יאָרק, 1941.

סימאָן, שלמה, תוך אידישקייט. בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, 1954.

ספר היובל של אגודת המורים העברים בניו־יורק וסביבותיה, נערך בידי צבי שארפ־שטיין. ניו־יורק, 1944.

פנחס גינגאָלד בוך, אַ זאַמלונג פון זיינע כתבים און אָפּהאַנדלונגען וועגן זיין פערזענלעכקייט. ניו־יאָרק, 1955.

פילאַדעלפיער אידישע אַנשטאַלטן און זייערע פירער, יאָרבוך, רעדאַקטירט פון יוד לאַמעד מאַלאַמוט. פילאַדעלפיע, 1942־1943.

פריהמאַן, מאָזעס, פופציק יאָר פון אידישן לעבן אין פילאַדעלפיע. פילאַדעלפיע, 1934.

שול אַלמאַנאַך (די אידישע מאָדערנע שול אויף דער וועלט), אַרויסגעגעבן פון צענטראַל־קאָמיטעט פון די אַרבעטער־רינג־שולן. פילאַדעלפיע, 1935.

שערמאַן, ב., אידן און אַנדערע עטנישע גרופּעס אין די פאַראייניקטע שטאַטן. ניו־יאָרק, 1948.

AGUS, JACOB B., *Guidepost in American Judaism.* An analysis of current trends in Jewish thought, New York, 1954.

*An American Synagogue for Today and Tomorrow.* A Guide Book to Synagogue Design and Construction, *Peter Blake, Editor.* The Union of American Hebrew Congregations, New York, 1954.

*Approaches to Group Understanding.* A Symposium, Edited by Lyman Bryson, Louis Finkelstein, R. M. MacIver, New York.

BAMBERGER, BERNARD *J., The Story of Judaism,* New York, 1957.

BARON, SALO W., *The Jewish Community.* 3 Volumes, Philadelphia, 1942.

CHIPKIN, ISRAEL S., *Jewish Education in the United States at the Mid-Century,* New York, 1951.

COHEN, ISRAEL, *Contemporary Jewry.* A Survey of Social, Cultural, Economic and Political Conditions, London, 1950.

DUCKAT, WALTER. *Opportunities in Jewish Religious Vocations,* New York, 1952.

DUKER, ABRAHAM G. *Emerging Culture Patterns in American Jews,* New York, 1950.

DUSHKIN, ALEXANDER M. *Jewish Education in New York City,* New York, 1918.

EDIDIN, BEN. *Jewish Community Life in America,* New York, 1947.

ELBOGEN, ISMAR. *A Century of Jewish Life,* Philadelphia, 1944.

ENGELMAN, URIAH ZEVI. *Hebrew Education in America.* Problems and Solutions, New York City, 1947.

FRIEDMAN, LEE M. *Pilgrims in a New Land,* Philadelphia, 1948.

GAMORAN, EMANUEL. *Changing Conceptions in Jewish Education,* New York, 1924.

————*Survey of* 125 *Religious Schools.* Union of American Hebrew Congregations, Cincinnati, 1925.

GANNES, ABRAHAM P. *Central Community Agencies for Jewish Education,* Philadelphia, 1954.

GINZBERG, ELI. *Agenda for American Jews.* Columbia University, New York, 1950.

GORDIS, ROBERT. *Conservative Judaism,* New York, 1945.

————*Judaism in the Modern Age,* New York, 1955.

GRINSTEIN, HYMAN B. *The Rise of the Jewish Community of New York,* 1654-1860, Philadelphia, 1945.

*Hebrew for College Entrance.* Directory of Colleges and Universities accepting Hebrew for Admission, Edited by Judah Lapson, New York, April, 1953.

HERBERG, WILL. *Judaism and Modern Man.* An interpretation of Jewish Religion, Philadelphia, 1951.

HERTZ, RABBI RICHARD C. *The Education of the Jewish Child.* A Study of 200 Reform Jewish Religious Schools, New York, 1953.

HESHEL, ABRAHAM JOSHUA. *A Philosophy of Religion,* Philadelphia, 1951.

HOLISHER, DESIDER. *The Synagogue and its People,* New York, 1955.

HUGHES, RUPERT. *The Real New York,* London-New York, 1904.

*The Jewish Theological Seminary of America.* (Semi-Centennial Volume). Edited by Cyrus Adler, New York, 1939.

*The Jews.* Social Pattern of an American Group. Edited by Marshall Sklare, New York, 1958.

KALLEN, HORACE M. *"Of Them Which Say They are Jews."* Edited by Judah Pilch, New York, 1954.

KAPLAN, MORDECAI M. *The Future of the American Jew,* New York, 1948.

KAPLAN, M. M. *Judaism as a Civilization,* New York, 1934.

KAPLAN, MORDECAI M. *Needed: A New Zionism,* New York, 1955.

KATSH, ABRAHAM I. *Hebraic Foundation of American Democracy,* New York.

KATSH, DR. ABRAHAM I. *Hebrew Language, Literature and Culture in American Institutions of Higher Learning,* New York, 1950.

LEISER, JOSEPH. *American Judaism.* (The Religion and Religious Institutions of the Jews in the United States), New York, 1925.

LEVINGER, ELMA EHRLICH. *Jewish Festivals in the Religious Schools,* Cincinnati, 1923.

LEVINGER, RABBI LEE J. *A History of the Jews in the United States,* Cincinnati, 1932.

LIPTZIN, SOL. *Generation of Decision. Jewish Rejuvenation in America,* New York, 1958.

MARCUS, JACOB RADER. *Memoirs of American Jews* 1775-1865. (Three Volumes), Philadelphia, 1955.

MORIAS, HENRY SAMUEL. *Eminent Israelites of the Nineteenth Century,* Philadelphia, 1880.

PESTALOZZI, HEINRICH. *Education of Man,* New York, 1951.

PILCH, JUDAH. *Jewish Life in our Time,* New York, 1943.

ROBACK, A. A. *The Story of Yiddish Literature,* New York, 1940.

SCHERMERHORN, R. A. *These our People.* (Minorities in American Culture), Boston, 1949.

SKLARE, MARSHALL. *Conservative Judaism.* An American Jewish Movement, Glencoe, Illinois, 1955.

SKLARE, MARSHALL and VOSK, MARK. *The Riverton Study.* How Jews look at Themselves and their Neighbors. American Jewish Committee, New York, 1957.

STEINBERG, MILTON. *The Making of the Modern Jew,* Indianapolis, 1933.

WEINRYB, BERNARD D. *Jewish Vocational Education,* New York, 1948.

WEISS-ROSMARIN, TRUDE. *Jewish Survival,* New York, 1949.

# פאַרשידענע מאַטעריאַלן: בראָשורן, אינפאָרמאַציע־ביכלעך, קאַטאַלאָגן, באַריכטען, אויספאָרשונגען, אַרויסגעגעבן פון נאַציאָנאַלע באַוועגונגען, אינסטיטוציעס, ישיבות א. א. וו.

אידישע דערציאונג, פּנחס גינגאָלד פאַרלאַג ביים צענטראַל־קאָמיטעט פון די אידישע פאָלק־שולן. ניו־יאָרק, מאַי, 1954.

די אידישע פּרוי, אַנטהאַלט אַ קורצן איבערבליק און אויפקלערונג איבער דער יסודות׳דיקער פליכט פון דער אידישער פרוי לגבי ג״ט און לגבי איר מאַן און קינדער; צוזאַמענגע־שטעלט און אַדורכגעטראַכט פון באַרימטע רבנישע פּערזענלעכקייטן. אַרויסגעגעבער: טהרת המשפחה קאָמיטעט פון וויליאַמסבורג, ניו־יאָרק, 1951.

באַריכט פון ניו יאָרקער שולן קאָמיטעט צו דער שולן־קאָנפערענץ פון דער ציון אַרבע־טער־באַוועגונג. ניו־יאָרק, יוני, 1956.

בלעטער פאַר אידישער דערציאונג, אַרויסגעגעבן פון וועלט־צענטער פאַר דער אידישער שול ביים אַלוועלטלעכן אידישן קולטור־קאָנגרעס. ניו־יאָרק, 1957.

דין וחשבון לועידה הארצית של ההסתדרות העברית באמריקה, אטלנטיק סיטי, סיון, תשי״ד.

הישיבה והישוב, הישיבה מנייטרא אשר במאונט קיסקא.

הצעה לתכנית לימודים לישיבות, ערוכה בידי דר. אברהם איגוס, ועד החינוך החרדי של המזרחי. ניו־יורק.

וועלט צענטער פאַר דער אידישער שול, אידישער קולטור־קאָנגרעס, בולעטין נומער 4. ניו־יאָרק, יאַנואַר, 1946.

ידיעות, המחלקה לחינוך ותרבות תורניים בגולה של ההסתדרות הציונית העולמית. ירושלים, ניסן, תשי״ג.

ידיעות המרכז של הסתדרות המורים העברים באמריקה. ניו־יורק, 1956.

ישיבת תורה ודעת ומתיבתא, סאוועניר־בוך צום 37טן יובל־באַנקעט. ניו־יאָרק, 1955.

ישיבת תורה ודעת ומתיבתא, יאָרבוך, 39טער יובל. ניו־יאָרק, 1957.

דעם ליובאַוויטשער רבינס פּליטים אָפּים אין פּאַריז, דערקלערונג. ניו־יאָרק, מאַי, 1955.

נתיבות לחינוך ותרבות תורניים בתפוצות, המחלקה לחינוך ותרבות תורניים של ההסתדרות הציונית העולמית. ירושלים.

סעמינאַר ידיעות, אַרויסגעגעבן פון אידישן לערער־סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט. ניו־יאָרק, 1954, 1956, 1957.

דער סעמינאַריסט, אַרויסגעגעבן פון די סטודענטן פון אידישן לערער־סעמינאַר און פאָלקס־אוניווערזיטעט. ניו־יאָרק, 1954.

פּרדס התמים, קובץ יוצא לאור על־ידי תלמידי ישיבת „תומכי תמימים ליובאוויטש״. לוד, ישראל, 1954.

פראַגן און ענטפערס וועגן די אידישע פּראָגרעסיווע קינדער־שולן, אַרויסגעגעבן פון קאָמי־טעט פאַר פּראָגרעסיווער אידישער דערציאונג. ניו־יאָרק, 1951.

קוריקולום פון די שלום עליכם פאָלקשלן, שלום עליכם פאָלק־אינסטיטוט. ניו־יאָרק.

שמועסן מיט קינדער (מאָנאַטס־העפט, צוועלפטער יאָרגאַנג), אַרויסגעגעבן פון ליובאַווי־טשער „מרכז לעניני חינוך״. ברוקלין, נ. י., יוני, 1953.

תומכי תמימים ליובאוויטש, זאַמלבוך צום חנוכת הבית פון דער צענטראַלער ליובאַ־
וויטשער ישיבה. ניו־יאָרק, מאַי, 1946.

*Aims and Principles of the Jewish Folk Schools,* New York.

*An Approach to American Judaism.* A Statement of the American Council for Judaism, San Francisco, May, 1953.

BARON, SALO W. *The Jewish Community and Jewish Education.* Am. Assn. for Jewish Education, New York, 1948.

BETH JACOB SCHOOLS. *Souvenir Book, 8th Anniversary,* New York.

BETH MEDRASH GOVOHA. *History and Objectives,* Lakewood, N. J.

BLUMENFIELD, SAMUEL M. *Israel and the American Jew.* A design for Cultural Interdependence. College of Jewish Studies, Chicago, Ill.

————*A Mid-Century of Jewish Education, Retrospect and Prospect.* Am. Assn. for Jewish Education, New York, 1950.

*Breaking the Sound Barrier.* Lexington School for the Deaf (85th year), Annual Report, New York, 1951-52.

BREVIS, ANNA BEAR. *Jewish Education Begins at Home.* A Pamphlet Series for Jewish Parents. United Synagogue Commission on Jewish Education, New York, 1954.

*Budgeting and Financing of Central Agencies for Jewish Education,* 1948. (Part I and II). American Association for Jewish Education, New York, 1949.

*Catalog for the School, Synagogue, Home.* Books, Audio-Visual Aids, Program Guides and other materials (110 pages). Union of American Hebrew Congregations, New York.

CHABAD - LUBAVITCH. *Outlines of Social and Communal Work.* (History of the Chabad Movement), Brooklyn, N. Y.

*Code of Practice for Jewish Schools.* For the guidance of Hebrew Schools in New York City in regulating the relations between teachers and schools. Jewish Education Committee of New York, March, 1952.

*Curriculum of the* I. L. PERETZ *Schools of the Workmen's Circle.* Educational Department of the Workmen's Circle, June, 1952, New York.

DAVIS, RABBI DANIEL L. *How to Become a Jew.* Statement for prospective Converts to Judaism.

*All-Day Schools in the United States.* American Assn. for Jewish Education, New York, 1949.

*Day Schools in the United States and Canada.* Directory of Yeshiva All-Day Schools, Torah Umesorah, New York, 1954, 1956, 1957.

DUKER, ABRAHAM G. *Jewish Survival in the World Today.* Hadassah Education Series, New York, 1941.

*Economic Status of Jewish Educational Personnel.* American Association for Jewish Education, New York, 1956.

EISENBERG, DR. AZRIEL. *Dear Parents.* 20 messages on Jewish Education.

————*Objectives and Methods of Teaching Hebrew,* New York, 1949.

EISENDRATH, RABBI MAURICE. *Decade of Progress.* Report of the President of the Union of American Hebrew Congregations, New York, October, 1953, New York.

